# דער וועג

## The Detroit Jewish Daily

The only Jewish Paper Printed in Michigan

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

347-49 HASTINGS STREET
Telephone Main 3715

Published and distributed under permit No. 789 authorosed by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General.

DETROIT, MICH., Tuesday, June 1st 1920 Vol. 2, No 91

דינסטאג, דזשון 1, 1920

PRICE 2c.


# „רויטע" פארנעהמען וויכטיגע פערסישע שטאדט

## מעיאר הייסט ניט צאהלען קיין פעיר אהן טרענספעיר

מעיאר קאוזענס האט נעכטען ארויס־געגעבען אן ערקלעהרונג, אז דער באַ־שלוס פון דער די. יו. אר. אפצושאפען טרענספערס, וואס וועט פאראורזאכען א העכערונג אין קאר פעיר פון 10 ביז 15 סענט, איז א דירעקטע איבער־טרעטונג פון געזעץ און א האנדלונג צו וועלכער די היגע בירגער דארפען ניט צושטימען.

און ער האט פארגעזעצט:

די אפשאפונג פון טראנספערס וועט איינברענגען דער קאמפאני א פאר־גרעסערטע הכנסה פון $5,600,000 א יאהר. דאס איז פונקט מיט דריי מיליאן דאלאר מעהר ווי די קאמפאני אליין זאגט, אז זי דארף, אום נאכצוקומען די פארלאנגטע וויידזש־העכערונג פון איה־רע ארבייטער.

די קאר פאהרער זאלען דארום זיך אנזאגען צו צאהלען דאפעלטע פעירס. זאלען זיי ניט צאהלען קיין פעירס ביז זיי קריגען א טראנספער. און אויב זיי קריגען ניט קיין טראנספער, זאלען זיי ניט צאהלען קיין פעיר, ביז זיי וועלען האבען געטראנספערט אויף דער נעקסטער קאר, וואס ענדיגט זייער רייזע צו דעם באשטימטען פלאץ.

דאס ארויסגעבען פון טרענספערס איז ניט קיין פריווילעגיע, וואס די קאמפא־ני גיט צו די בירגער, נאר א פאר־פליכטונג. מיט איהר ערקלעהרונג, אז זי הערט אויף צו געבען טראנספערס, ברעכט זי דאס געזעץ. די קאמפאני האט ניט קיין רעכט אפצושאפען טרענ־ספערס ווען עס גלוסט זיך איהר. דאס פובליקום איז יעצט געשטעלט געווארען אין א לאגע, ווען עס מוז איין מאל פאר אלע מאל פעסטגעשטעלט ווערען ווער איז דער בעל הבית איבער די דעטראיטער גאסען — דאס פובליקום, אדער די „די. יו. אר"?

ווייטער האט דער מעיאר קאוזענס געזאגט, אז נאר דער קאונסיל אליין דארף איצט באשטימען, אויב די קאר קאמפאני האט א רעכט צו ברעכען דאס געזעץ.

דער קאונסיל וועט היינט 10:30 הא־בען א מיטינג. דער פרעזידענט פון קאונסיל, מר. לאדוש, האט זיך נעכטען ענטזאגט צו געבען אירגענד וועלכער פאראויסזאגונגען וועגען דעם, וואס דער קאונסיל האט בדעה צו טאן.

### סטרייק דערוויל פארמידען

די באאמטע פון דער קאר ארבייטער יוניאן האבען נעכטען ארויסגעגעבען א סטייטמענט, אז מיט דעם וואס די קאמ־פאני האט איינגעוויליגט צו העכערען זייערע וויידזשעס פון דעם 15טען יוני אן, ווערט דערוויל פארמידען א סטרייק. זיי ערקלעהרען אבער, אז זיי וועלען שטעהן פאר זייערע פאדערונגען, ניט אכטענדיג וואס עס זאל זיך אויס־לאזען פון דעם בכוך צווישען דער קאמ־פאניע און דער שטאדט.

קאנסטאנטינאפאל, מאי 31. — די היגע פערסישע לעגאציע האט פארעפענטליכט, 7־טאג'ינער וואפענשטילשטאנד צווישען נומען רעשט, א וויכטיגע שטאדט אין פערסיען, 16 מייל פונ'ם פארט ענזעלי און 150 מייל פון דער הויפט־שטאדט, טע העראן.

פון טיפליס ווערט געמאלדען, אז דער 7־טאג'יגער וואפענשטילשטאנד צווישען דער גרוזישער און ארזעבארדזשענער רע־פובליקען איז אפגעבראכען געווארען, נאך די ערשטע 4 טעג, ווי ער איז ארין אין קראפט.

די לאגע אין קאווקאז איז זעהר פאר־שארפט געווארען; דער איינפלוס פון דער מאסקווער רעגירונג פיהלט זיך דארט זעהר שטארק.

### רוסישע באלשעוויקעס ווילען שיקען ארמעע צו העלפען טערקישע נאציאנאליסטען?

די קאנסטאנטינאפאל'ער נאציאנא־ליסטען האבען ערהאלטען א ידיעה פון דעם נאציאנאליסטישען הויפטקאמאנדיר אין ערזערום, זאגענדיג אז די רוסישע באלשעוויקעס האבען איהם צוגעזאגט צו צושיקען 2 דיוויזיעס קיין ערזערום דורך דער פערסישער טעריטאריע. די אויסלענדישע מיליטערישע באאבאכטער גלויבען אבער ניט אין דער ריכטיגקייט פון דיזער ידיעה.

די פראנצויזען האבען לעצטען 20טען מאי געלאנדעט 2 טויזענט סאלדאטען וועלכע וועלען העלפען דער ענגלישער ארמיי.

## טערקישע רעבעלען גרייטען זיך צו אטאקירען קאנסטאנטינאפאל

### רעבעלען שטארק אין קליין אזיען. — קעמאל פאשא ענט־זאגט אמנעסטיע־אנבאט. — גריכען פארנעהמען בולגא־רישע שטעדט. — טערקישע צייטונגען געגען אונטער־שרייבען פריעדענס־טריטי.

נענה, מאי 30. — טערקישע נאציאנאליסטישע טרופען, ארום 70,000 אין צאהל, קאנצענטרי־רען זיך ארום קאנסטאנטינאפאל צו אטאקירען די שטאדט, לויט אינפאר־מאציע, וואס עס איז דא ערהאלטען געווארען פון איטאליענישע קוועלען. די ראזיגע טרופען קאנצענטרירען זיך ביי איזמעאידא, אויף דעם מארמאר־ים, אונ־טער דער קאמאנדע פון קעמאל פאשא.

עס ווערט ערקלעהרט, אז קעמאל פא־שא פלאנט נאר אין קורצען אנצופאנ־גען אן אפענסיווע געגען דעם סול־טאנ'ס טרופען. ער האט ענטזאגט אן אמנעסטיע־אנבאט, וואס איז צו איהם געמאכט געווארען פון קאנסטאנטינא־פאל.

די נאציאנאליסטען רעקרוטירען אויך פרישע טרופען אין קליין אזיען. מוסטא־פא קעמאל שטעהט אין ענגער פאר־בינדונג מיט ענווער פאשא און מיט דער נייער טערקיש־באלשעוויסטישער רעגירונג פון גרועבארדזשאן.

עס ווערט אויך ערקלעהרט, אז זיי האבען לעצטענס געקראגען א סך וואפען און אמוניציע פון די רוסישע באלשעווי־קעס.

### גריכען פארנעהמען דעדעאגאטש

אטהענס, גריכענלאנד, מאי 27. — גריכישע טרופען האבען פארנומען די בולגארישע שטעדט דעדעאגאטש און גומורדזשינא, לויט אן אפיציעלען בא־ריכט, וואס איז דא היינט ארויסגעגע־בען געווארען.

### טערקען פארלאנגען פון פרי־דענס קאנפערענץ צייט ביז דעם 11טען יולי

פאריז, מאי 30. — די טערקישע שלום דעלעגאציע האט אריינגעשיקט א נאטע צו דער פרידענס קאנפערענץ, פארלאנגענדיג, אז די צייט פון זייער ענטפער צו די אליירטע אין באצוג צו דער פרידענס־טריטי, זאל פארלענגערט ווערען ביז דעם 11טען יולי.

### טערקישע צייטונגען געגען דער טריטי אין איצטיגער פארם

קאנסטאנטינאפאל, מאי 27. — עס ווערט ערווארטעט, אז דער פולער טעקסט פון דער פרידענס־טריטי זאל גרייכען קאנסטאנטינאפאל די טעג.

אלע טערקישע צייטונגען זיינען איינ־שטימיג, אז קיין טערקישע רעגירונג וועט ניט וואגען אונטערצושרייבען די טריטי אהן מאדיפיצירונגען.

דער גרענד וויזיר דאמאד פעריד פאשא איז יעצט שטארק פארנומען אין אויפנעהמען דעלעגאציעס, פון פארשיע־דענע טערקישע ריכטונגען, וועלכע פאר־לאנגען, אז די פריעדענס טריטי זאל ניט אונטערגעשריבען ווערען ביז די פאראגראפען וועגען טהרייס און סמירנא וועלען ניט געענדערט ווערען.

צוליעב דעם, וואס די טריטי איז נאך ביז יעצט ניט ערהאלטען געווארען אין קאנסטאנטינאפאל, גלויבט מען אין די היגע רעגירונגס קרייזען, אז די עליירטע וועלען באוויליגען נאך דרייסיג טעג, אום די טערקישע רעגירונג זאל קענען גרינדליך באטראכטען, וואס פאר א שטעלונג זי זאל נעהמען.

## 2,000 מענשען געבליבען היים־לאז פון קענעדע'ר וואלד־פייער

סט. דזשאהן, ניו־בראנזוויק, מאי 30. — קריב צוויי טויזענד איינוואהנער פון סט. קענטעס, נ. ב., זיינען זונטאג אווענט געבליבען היימלאז, אלס רעזול־טאט פון א וואלד פייער, וואס האט פארוואנדעלט דיעזען ווילעדזש אין א ש[?]. דער פארלוסט פון אייגענטום ווערט געשאצט צווישען $750,000 און $100,000.

דער וואלד פייער האט אין קראון לענדס, רעסטיגאש קאונטי, פאר די לעצטע 10 טעג, א שטארקער ווינד האט דעם פייער געבראכט צו די לאמבער מיל יארדס פון דזש. א. מיטשעל און פון דארטען האט דער פייער די[?] ערגרייכט סט. קענטען.

דער פייער האט זיך פארשפרייט מיט א א [?]קייט, אז עס איז געווען אומ־מעגליך איהם צו נעהמען אונטער קאנ־טראל. עס זיינען אפגעברענט געווארען 65 וואוינונגען, דריי מילען, צוויי האט[?]לען.

טעלע, דער קענעדיען נעישאנאל רייל־וועי סטיישאן, די פראווינשיעל בענק און פיעלע געשעפטס פלעצער.

רעליעף טריינס זיינען ארויסגעשיקט געווארען פון סט. לעאנארדס און קעמפ־בעלטאן.

[?] פארלוסט אין היימען און [?]ייגענטימער, איז אויך א [?]עהילצען אוועק מיט'ן רויך.

האליפאקס, נ. ס. מאי 30. — דער לאנגלאנדער ווילעדזש, פון נא־ווא סקאטיא, איז אין גאנצען חרוב געווארען פון דעם וואלד פייער, וואס האט אהין היינט דערגרייכט. עס זיינען פארברענט געווארען 41 געביידעס, אריינגערעכענט פיער קלויסטערס, א סקוהל, און א פובליק האל. איבער פער־ציג פאמיליעס זיינען געבליבען היימ־לאז.

## באנדיט געשאסען פון פאליסמאן.

וואלטער פריוע, 21 יאהר אלט, האט נעכטען ארום 4 א זייגער באגינען אריינגעכאפט א קויל אין רעכטען פוס פון פאטראלמאן דזשאזעף בוהלער'ס רע־וואלווער, נאך דעם ווי ער מיט זיינעם א גוטען ברודער האבען מיט רעוואל־ווערען זיך גענגגעשטעלט דעם אפי־סער, ווען ער האט זיי געוואלט ארעס־טירען.

פאטראלמאן בוהלער האט די צוויי יונגע לייטער געכאפט גנב'ענדיג אין אן אלעע הינטער דעם קאנטינענטאל טעאטער פלענט.

ווען ער האט זיי באפוילען אויפ־צוהויבען די הענט, האבען די חברה־לייט ארויסגעכאפט רעוואלווערען און אנגעשטעלט געגען איהם. דער פאט־ראלמאן האט גלייך אויסגעשאסען און געטראפען פרייז'ען. דער אנדערער איז אנטלאפען.

פריזע איז צוגענומען געווארען אין רעסיווינג האספיטאל, וואו ער איז רע־דזשיסטרירט געווארען אונטער א קלאגע פון רויבען באוואפענטער היוו. די פאלי־ציי האט געקראגען דעם נאמען און אד־רעס פון דעם אנדער באנדיט און זיין ארעסט איז איצט א זיכערע זאך.

### לאקאמאטיוו ארבייטער אין שיקאגא ארויס אין פרא־טעסט סטרייק.

שיקאגא, מאי 31. — ארום 150 לאקאמאטיוו ארבייטער פון דער שיקאגא דזשאקסאן ריילראוד, זיינען ארויס אין סטרייק אויס פרא־טעסט געגען דער לייבאר באארד, וואס זי האט ענטזאגט א פארהער צו זייער פארשטעהער.

דיילראוד באאמטע ערקלעהרען, אז די ארבייט געהט אן ווי געוועהנליך, חאטש דער סטרייק האט עטוואס אפגע־שטעלט דעם פראכט פארקעהר.

זונטאג אבענט, האבען גנבים אויפ־געבראכען א פענסטער אין דער שנייד־דערשאפ פון מיש און שראוצער, 975 גראטיאט סט., און האבען ארויסגע־גנב'עט וואארע אויף דעם ווערטה פון $6,000.

## ענגלישע רעגירונג וועט ערמוטיגען אידישע עמיגראציע קיין א"י

לאנדאן. — הערבערט סעמיועל וועט אין גיבען אפפאהרען נא ארץ ישראל און וועט איבערנעהמען זיין אמט אלס האיקאָ־מיסשאנער.

מר. סעמיועל'ס אנקומען אין ארץ ישראל וועט באצייכענען דעם אנפאנג פון דעם ענגלישען מאנדאט איבער ארץ ישראל. דער נייער ראט וואס וועט רע־גירען ארץ ישראל אנשטאט דער איצ־טיגער מיליטערישער אדמיניסטראציע וועט באשטעהן פון א מוסולמאנישען פרעזידענט, א אידישען וויצע פרעזי־דענט און פון זעקס מיטגליעדער: צוויי אידען, צוויי מוסולמאנער און צוויי קריסטען.

דערביי ווערט אויך אנגעוויזען, אז וועהרענד עס איז אמת, אז ענגלאנד איז געגען איינפיהרען א הערשאפט פון דער מינאריטעט, איז זי אבער פעסט באשלאסען, אז ארץ ישראל זאל ווערען א היים פאר דעם אידישען פאלק און אז אידישע אימיגראציע אהין זאל ער־מוטיגט ווערען, כדי אידען זאלען קענען קריגען א מאיאריטעט.

### שלאגט פאר אידישען מיניס־טעריום פאר ארץ ישראל

דער היגער „דיילי עקספרעס" פיהרט אן א זעהר שטארקען קאמפיין, אז עס זאל באשטימט ווערען א ספעציעלער מיניסטעריום, וואס זאל זיך באשעפ־טיגען מיט די אנגעלעגנהייטען פון דעם נאהענטען מזרח. פאלעסטינא אריינגערעכענט. פיעלע מיטגליעדער פון דעם פארלאמענט האבען צוגעשיקט צו לאיד דזשארדזש'ן בריעף אונטערשטי־צענדיג דעם פלאן.

### ענגלישע רעאקציאנערע פרע־סע אויפגעבראכט איבער קראסינ'ס וויזיט אין לאנדאן

לאנדאן, מאי 31. — גרעגאָרי קראסין, דער באלשעוויסטי־שער האנדעלס מיניסטער און פארשטע־הער פון די רוסישע קאאפעראטיווע גע־זעלשאפטען, האט מיט זיין אנקומען קיין לאנדאן אויפגעבראכט די היגע פינסטע־רע פרעסע. די „מארנינג פאסט" פאלט יעדען טאג אן אויף קראסינ'ען און די „טיימס" באמיהט זיך צו באווייזען, דאס קראסין קען ניט רעדען אין נא־מען פון די רוסישע קאאפעראטיווען, ווייל די סאוויעטען רעגירונג האט זיי דאך איבערגענומען אונטער איהר רשות, און דארום — טענה'ט די צייטונג — איז קראסין דער פארשטעהער פון לע־נין און ער קען אונטערהאנדלען נאר אין לענינ'ס נאמען.

עס איז אבער באשטימט, דאס לארד קורזאן, דער ענגלישער אויסערען מי־ניסטער, און מעגליך אויך לאיד דזשארדזש, וועלען האבען א געשפרעך מיט קראסינ'ען. די ענגלישע רעגירונג באהויפטעט, דאס די אלע אליאירטע רעגירונגען זענען פאראינטערעסירט אין די פארשטעהענדע אונטערהאנדלונגען מיט קראסינ'ען.

די אנפאלען פון דער קאנסערוואטיווער פרעסע אויף דער ענגלישער רעגירונג, צוליעב קראסינ'ס באזוך אין לאנדאן פארשטארקט ביי אלעמען די מיינונג, אז די רעגירונג וועט באנייען קאמערצי־יעלע פארהעלטענישען מיט סאוויעטען רוסלאנד. אין געוויסע קרייזען גלויבט מען, דאס די ענגלישע פארשטעהער וועלען געוויס ניט דורכלאזען די געלע־גענהייט אמוועניגסטענס צו דיסקוטירען מיט איהם די פראגע פון באנייען אנ־דערע באציהונגען, אויסער האנדעל.

## נו־יארקער לייבאר־פארטי שיעור צושפאלטען צוליעב פראהיבישאן

סענעקטעדי, נ. י. מאי 31. — דער נעכטיגער זיצונג פון דער קאנווענ־שאן פון דער ניו־יארק'ער סטייט לייבאר פארטיי, איז שיער ניט געקומען צו א שפאלטונג איבער דער פראגע פון פראָ־היבישאן. די פלאטפארם קאמיטע האט אריינגעטראגען א רעקאמענדאציע, אי־בערצולאזען די פראגע פון פראהיבישאן צו די לאקאלען, וועלכע זאלען זיין פריי צו באשטימען וועגען איהר. די פרויען דעלעגאטען האבען אויפגעהויבען א שטורם פון פראטעסטען. די זיצונג איז דאן איבערגעריסען געווארען. ווען זי האט זיך צוריק אנגעפאנגען האט די קאמיטע איהר רעקאמענדאציע איבער געביטען אויף דעם, וואס די פראגע פון פראהיבי־שאן זאל איבערגעגעבען ווערען צו א רע־פערענדום. דיזער פארשלאג איז איינ־שטימיג אנגענומען געווארען. מרס. מאוד שווארץ פון ניו־יארק, האט אין פארלויף פון דער דעבאטע ערקלעהרט: „מיר פרוי־ען גיבען אייך נאטיס, דאס אויב איהר וועט פארוואנדלען אונזער פארטיי אין א „שנאפס פארטיי", וועלען מיר נעמען צוריק צורציהען זיך".

[?] אויף געווארען אויפ'ן טיקעט מיט ראזע שנייד־דערמאן, פון ניו־יארק, איז נאמינירט גע־ווארען, אלס יונייטעד סטייטס סענאטאר, און מרס. וו. דזש. פינק — אלס סטייט קאנטראלער.

די קאנווענשאן האט אנגענומען א רע־זאלוציע, וואו די רעגירונג ווערט אויפגע־פאדערט „ניט צו שטיצען פוילען, אדער אירגענד וועלכע אנדערע לאנד, וואס פאלט אן אויף רוסלאנד", און זי זאל גלייך באנייען האנדעלס באציהונגען מיט רוס־לאנד; און אז די רעגירונג פון די פאר־אייניגטע שטאטען זאל אנערקענען די אירישע רעפובליק".

### צוויי פרויען זענען ארויפגעשטעלט

## שיסעריי צווישען פאלים און באנדיטען

לעצטען זונטאג ביינאכט איז אויף וואוט ערמאן עוועניו און פארד סט. וועמט פאר־געקומען א שיסעריי צווישען די צוויי פאליסלייט, דזשאהן מולקאהי און סער־דזשענט דייוויד בלערט פון ווייענוואוד סטיישאן און באנדיטען, וואס זיינען גע־פאהרען אין א גרויסער טורינג קאר.

און נאכדעם ווי ביידע צדדים האבען עטליכע מאל אויסגעשאסען, איז דער אויטאמאביל אנטלאפען און די פאליס־לייט האבען פארלוירען יעדע סליאד צו זיי.

## רעגירונגס־דאקטאר ארעסטירט אויף דער קלאגע פון שכרות.

דר. מארגאן פארקער, דער קאראנער פון וועין קאונטי, איז לעצטען זונטאג ארעסטירט געווארען אויף דער קלאגע, אז ער האט שכור'ערהייט געטריבען אן אטאמאביל.

פאטראלמאן פרעד סטאמפער, וועלכער האט אריינגעבראכט די קלאגע, דער־צעהלט, אז דר. פארקער'ס אטאמאביל האט עטליכע מאל זיך צוקלאפט מיט אנדערע אטאמאבילים אינ'ם געגענד פון וואודווארד און קאלאמביא, און ווען ער איז באפוילען געווארען זיך אפצו־שטעלען, איז ער שיער ניט איבערגע־פאהרען דעם פאטראלמאן.

נאך א געיעג איבער פיער בלאקס, איז דער שכור'ער דאקטאר ארעסטירט געווארען אין סענטראל סטיישאן און ווילט א ז א"י, א פאר שטונדען ארום באר שא, פרייט געווארען אויף דעם פארלאנג פון רעפיוטי קאראנער, סעמיועל ס. מיט בטאחה.

## 17,784 צירקולאציע פון דעם גאולה־נומער „וועג"

פאר די לעזער פון „וועג" וועט זיין זעהר אינטערעסאנט צו וויסען, אז היי־טיגען זונטאג האט זיך דער „וועג" פארקויפט אין 17,784 נומערן. די ציי־טונג איז צוכאפט געווארען פון די סטענדס אזוי שנעל ווי זי האט זיך באוויזען. א סך סטענדקיפערס דערצעה־לען, אז ווען זיי זאלען געווען האבען צוויי מאל אזוי פיעל צייטונגען, וואל־טען זיי אויך געווען פארקויפט.

דא ווייזט, אז „דער וועג" ווערט דער פולס פון דער היגער אידישער גאס. דאס איז דערפאר, ווייל דער „וועג" איז א הונדערט פראצענט א י ד י ש ע צייטונג און שטעהט מיט הארץ און נשמה פאר אלעם וואס איז הייליג און טייער ביים אידישען פאלק; פאר אלעם וואס איז נאהענט צום אידישען הארץ.

דעם געשווארענעם סטייטמענט ווע־לען די לעזער געפינען אויף זייט 5.

## ערקלעהרט, אז באלשעוויקעס וועלען פארנעהמען ווארשא

בערלין. — דר. האלמהאוזען, דייט־שער אונטערן מיניסטער פאר אויסער־ליכע אנגעלעגנהייטען, האט נעכטען ערקלעהרט, אז די באלשעוויקעס הא־בען אפזיכטליך פארגארט די פאליאקען נאך קיעוו, כדי זיי אפצושניידען פון זייערע אמוניציאנס לאגערן. ער האט אויך געזאגט, אז די באלשעוויקעס הא־בען אנגעזאמעלט א גרויסע ארמעע [?] און ווילנא צו פארכאפען די באהן נאך ווארשא, וועהרענד די פאליאקען זיינען פאר־נומען אין אוקראינע. האלמהאוזען איז מיט דער מיינונג, אז די באלשעוויקעס וועלען נעהמען ווארשא.

# CLASSIFIED

**באקאנטמאכונג**

**די סילווער לעדער קא.** 578 רושאָז. קעמפאָ, קויפט פארשידענע זארטען לעדער און אימיטיישאָן לעדער, אויך אלטע לעדער און ראָבער בעלטינג. ספעציעל זענען מיר פאראינטערעסירט אין ניוע סעלאלאיד סקרעפ; מיר צאָה־לען 65 סענט א פונט.
**פארגעסט נים** אונזער טעלעפאָן נומער: מעלראָוז 4610.

# Real Estate

**לענדלאָרדס און פראָפערטי אייגענטימער**

לאָזט זיך נים נארען, זייט פארזיכטיג בעפאר איהר קויפט סעמענטענע גאר־בערדוש אדער אש־רעסעפטיקאל, דיטראָיט קאָנקריט מאַסופעקטשורט רעאינסטאלד רעסעפטיקעלס. די צעמענט איז געמישט מיט וויער, ווערט נעוואר צופאלען, וועט זיך נים שפאלטען פון פראָסט. מיר גאראַנטירען ביליגער אין פרייז, בעס־טע אין קוואליטי. **ה. מ. קאָפמאן**, 206 האַנקאָק איסט. טעלעפאָן מעלראָוז 3595 ון. טשערי 1473. פרייע אינ־סטאלייאשאן.

**בעקאנטמאכונג**

רחל־רייטשל בת משה שרעבניק, 1506 מישיגען עוו. — און 762 וועסט גרענד בולווארד, לאָז וויסען צו די ביסט ווילינ צו נעהמען אויך א אידי־שען גט בר"ת.
איך בין בערייט זיך צו פארלאָזען אויף מענשען אדער אויף הרב איזענ־מאן.

א. האָכמאן,
440 קלינטאן.

**צום פארקויפען** 8 רום הויז אין 226 קינג סט לעבען בוביען, פול בייסמענט מיט פוירנים, לאָט 33־120 פרייז $8850 מיט $3000 איינצאָה־לען רענט $65 א מאָנאט. מען קען גלייך אריין מופען.
מר. שפיגעלמאן · נארטוויי כ. 1279 (1

**טוראָווער אונטערשטיצונגס פעראיין**

אלע מעמבערס זיינען געבעטען צו קומען **זונטאג, דעם 30טען מאי**, אין טוראָווער שוהל, 152 איליגאיז סט. פון שוהל וועלען מיר מארטשען מיט אונזער אייגענעם בענד מוזיק צו דעם פלאץ פון דעם גאולה פאראר.
מיט גרוס,
די קאָמיטע.
30)

**דושאסאָף קעמפאָ פּראָפּערטיעס**
100 ביי 60. וועל פארקויפען ביליג. מאכט אייער אָפפער. שיסטארסקי און אדראן, 1304 שעין סט.
30)

**מר. בינעסמאן!**
זענט איהר פאראינטערעסירט?
**א בארגעין**
שעין סטריט ביזנעס פראָפערטי. מוז זאָפארט פארקויפט ווערען, מיר פאהרען נאך יוראָפ. שיסטארסקי און ארדאן.
1304 שעין סטריט.
30)

VIENNA SAUSAGE MFG. CO.
Hygeia Beef Sausage
1215-1217 S. HALSTED ST. CHICAGO.

אונזערע
**דעטראָיטער אגענטען**
זיינען
**דזשיי לעפקאָווסקי און סאָנס**
**בראָדוויי מארקעט**

**צום דעטראָיטער פובליקום!**

יעדער אייגער דאָרף וויסען: אז אייגען זיינען די אייהעלסטע ארגאנען אין דעם מענשליכען קערפער. ווען איהר ליידעט פון אירגענד וועלכע קאָפּ־שמערצען אדער נערוועזיטעט, דאן געהט צו אן ערנסטען, עהרליכען אפטאָמעטריסט, ער וועט אייך פּראָווידען און וויסענשאפטליך צופאסען די נויטיגע ברילען.

בי ריכטיג צוגעפאסטע ברילען וועט זיך ערלייזען פון אלע אייערע טראָבעלס.
געהט צו אייער גוט באקאנטען
**Frosh O. D.**
**אפטאָמעטריסט**
אין 204 קלינג'ס בילדינג וועלכע געפינט זיך אין 308 הייסטינגס סט. קענטאַ־בע עהרליך'ס דושולערי סטאר.

**פערזאָנען געזוכט**

ז י י ד ע ע ה ר ל י ך ' ס קינדער פון ביעלי, בעסאראביע, ווערען גע־זוכט פון פאולין קירע, זייער טאנטע. ווער עס ווייס פון זיי איז געבעטען צו לאָזען וויסען אין „וועג".
30)

**6 רום פלעט** צום פארדינגען אין 212 קירבי. נאכפרעגען 228 שערידען.

**צום פארקויפען** 4 פעמיליע פלעט צו 6 רומס מיט סעפערעט פוירנעסעס ניער הייסטינגס, 262—264 קירבי. נאכפרעגען 328 שערידען עווניו. א בארגיין פאר דעם ריכטיגען פערזאָן.
30)

**דר. לאָגרי, דענטיסט**

מאכט באקאנט צום ווערטהען פובליקום דאס ער האט ערעפענט די דענטאל אפיס פון דעם פארשטארבענעם
**דר. שליסעל**
אויף 617 הייסטינגס, נעבען עליאָט.

# פארד קארס און אנדערע קאר

קומט און קלייבט אויס פון אונזער גרויסען סטאָק. מיר קויפען פאר קעש און פאר־קויפען אויף לאנגע טערמינען

**Maurice W. Fox Co.**
**Boulevard Near Oakla**

**א בארגעין אין א פיאנאָ!**
א וואונדערבארע שטארקע פיאנאָ איינגעמאכט טאָן, כמעט ניי. ווערט $600.00. צו פארקויפען פאר $250.00 נאכפרעגען 1359 מעקלעללען עוו. מר. שוללער, טעל. לינקאָלן 1603.
2)

**קאפלאן'ס בארגיין סטאָר**
483 הייסטינגס סטריט

קענט איהר קויפען אלעס פון די בעסטע נעגרע ליינס:

קאמפליט דרעס גודס ליין פון סילקס וואָלענס און קאָטאָן גודס. פערשידענע פענסי ארטיקלען ווי, בעד ספרעדס, קויר טענס; טייבעל קאַווערס; שעטס או סקארפס. קאמפליט ליין אין ליידיס־פעג־סי אנדערוועהר און קארסעטס. מענ־ס פארנישינגס און אנדערוועהר.

**ספעשעל! ספעשעל!**
א גרויסער אסארטמענט אין וואָלענס פאר מענער און בויס סוטס און קאָוטס.
א קאמפליט ליין פון מיילאר און דרעס־מייקערס טרימינגס.

**עס איז געזאמעלט** געוואָרען ביי א ברית ביי מר. הערדי וואלקאָווער, $21.50 פאר די מלחמה ליידענדע אידען. די געלד איז איבערגעגעבען געוואָרען צום „וועג" דאס איבערצושיקען צו דער פיפעלס רעליעף קויך. מר. ה. פעלדשטיין.
30)

**יהודה ליב האכמאן**

440 לינקאָלן. איך, דיין פרוי רחל, לאָז דיר וויסען, דאס איך בין גרייט א־ע טאג צו נעהמען פון דיר גט. קיין געלד פאר א גט קען איך נים צאָהלען.

**פארלאנגט א באָי**

צו לערנען די פרינטינג ביזנעס. גוט באצאָהלט אין דער צייט פון דער לעה־רע. זיך צו מעלדען צו מר. יפה, אין אפיס פון „וועג", פון 9 ביז 11 אין דער פריה.

צו פארקויפען
**א קענדי סטאָר**
אין אוקלענד
בעסטען אידישען געגענד
נאכפרעגען אין באקס 81 „דער וועג".

**א טיילאָר שאָפ**
גוט איינגעטרייעטע סטאָר. קען געקויפט ווערען זעהר ביליג. נאכפרעגען אין „וועג" באקס 63.

**צו פארקויפען**
א דעירי און גראָסערי סטאָר. אין בעסטען אידישען לאָקיישאן. נים פיעל געלד נויטיג. זיך נאכפרעגען אויפ'ן פלאץ. 1170 הייסטינגס סטריט.
2)

**א קארנער אין אוקלענד עוו. צו פארקויפען**

5 סטאָרס און 5 פלעטס בריק בילדינג אין רעכטען אידישען געגענד. איינ־קונפט $9000.00 יעהרליך. פרייז $80,000.00. איינצאָהלונג $30,000.00. גרינגע טוירמס. נאכפרעגען אין „וועג" באקס 90.

**א דריי גודס סטאָר צו פארקוי־פען אין א גוטען געגענד**
גאראנטירט א לעבען צו מאכען. אורזא־כע ערקלעהרט צו די אינטערעסירטע פערזאָן. נאכפרעגען אין „וועג" באקס נומער 97.

**שניידער פארלאנגט**

אין א סעקאנד הענד סטאָר. שבת נים ארבייטען. 1391 מישיגען לעבען דער 29טער סטריט.
3)

**פארלאנגט א פרוי**

אדער א מיידעל זי זאָל קענען פיק־סען אין א סעקאנד הענד סטאָר. זיך מעלדען אין 1391 מישיגען ניער דער 25טער סטריט.
3)

**רום פארלאנגט**

אנשטענדיער יונגערמאן זוכט א רום אין געגענד נים ווייט פון הייסטינגס סט. נאכפרעגען באקס 25 דער „וועג".

א
קלאסיפייעד
אדווערטייזמענט
אין
אייער
צייטונג
דער
„וועג"
ברענגט
גוטע
רעזולטאטען.

אראבישע פיהרער האבען זיך גע־ווענדעט מיט א בקשה צום פאפסט, אז ער זאָל זיך פאר זיי אננעהמען און נים דערלאָזען גרינדען א יודענשטאט אין פאלעסטינא.
אז מחמר וויל זיי נים העלפען, פּראָבירען זיי יעזוסען, אבער כל זמן דער „אלטער" לעבט נאך, איז א גרויסע פראגע, אויב ער וועט זיין שטו־מעל־היים אפגעבען אפילו צום אייגע־נעם זוהן.
* * *
אדעסא איז שוין ווידער נים ביי די אוקראינישע, און די באלשעוויקעס זענען צוריק דארטען די בעלי בתים.
יענע שטאָדט בייט איהרע בעלי בתים כמעט דריי מאָל א טאָג, און זי קען נאך אליין נים באשטימען וועל־כען בעל הבית זי זאָל אויסקלייבען; עס איז אפנים די זעלבע לייכטזיניגע אדעס ווי געוועזען.
* * *

**מאָרשען־פּיקטשור אָפּערייטארס**
לערנט זיך פאר
לייכטע און ריינע ארבייט, קורצע שטונ־דען, גוטע וויידושעס. קוואליפיקיישאן גאראנטירט.
**Movie Operator's School**
**33 Sproat St**
מאָנטאג, מיטוואָך און פרייטאג: 7:30 אבענד.

**גיט** אייערע קינדער א מאדערנע אידי־שע ערציהונג שיקט זיי אין דער מענ־דעלע פאלקס שולע 204 איסט הענ־קאָק. עס ווערען געעפענט נייע קלאַ־סען פאר אנפאנגערס, אויך שולער פיר די העכערע קלאסען, און שולע לע־רענט מען אידיש העברעאיש. געשיכ־טע און לעגענדען, די שולע איז אפען יעדען טאָג פון 4 ביז 7 זונטאג פון 9 ביז 12.30

— באקאנטמאכונג —
**רעוו. א. קאצער**
וואס איז רעקאמענדירט פאר'ן
בעסטען
**מוהל**
זייט די לעצטע 20 יאהר
האט געמופט פון 263 פארנסווארט
אין
140 מידרורי, קאר. בראש
טעלעפאָן: מארקעט 827

**סער אליוער לאדוש איז געדעבט**

די ליגע פון נאציאָנען האט רעפער־שירט צו פרעזידענט ווילסאָן, פאר־לאנגענדיג פון איהם אז ער זאָל צו־זאמענרופען א מיטינג פון דער ליגע, אזוי שנעל ווי מעגליך.
אבי די אפיקורסים גלויבען נישט, אז מתים קענען רעדען און קאָמוני־קירען מיט אונזער וועלט..
* * *

**רעוו. ל. ד. רייכלין**
**פון אהבת אחים שוהל**
(אייקלאנד)
נעהמט אן **סדור קדושין** און אנדערע שמחות מיט די בעסטע עופרידענהייט.
511 קעמעראן עוועניו
טעל. העמלאק 1130 ראבעליו

**שעלטער'ס דראָג סטאָר**
477 הייסטינגס סט.
טעלעפאָן טשערי 5763
פרעסקריפשאנס פארפערטיגט מיט די גרעסטע פינקטליכקייט
צו יעדער צייט

וועלט איהר אייערע
**שלעסער, שלאָסלען קארפענ־טער זענגע, טולס און אנדערע ארבייט**
גוט געמאכט און גאראנטירט?
טו קומט צו
**מ. ד א מ נ י ט ץ**
245 מאנטקאלם סט.

**ווארע ביליג פאר סטאָר־קי־פערס און פעדלערס**
ספעציעלע פרייזען פאר ריטיילערס
**מאקס ראזינסקי**
353־355 הייסטינגס, קאר. קאלומביא

# מט. קלעמענס

**זייט געזונט**



אין פארברענגט אייער זומער וואקיי־שאָן אין מאונט קלעמענס, און אז שוין אין מאונט קלעמענס וועט איהר סטאפען אין

**Elkins Hotel**

100 רומס. דיינינג רום פאר 300 לייט. א רפואה פאר קראנקע, א פאר־גענוגען פאר געזונטע.



ס'ניט נעדרונגען אז איהר מוזט האָ־בען טויזענדער צו זיין אין מט. קלע־מענס

# ניו ווילא האטעל

וועט אייך רעכענען $25 א וואך און איהר וועט הנאה האבען. אלע רומס קאָנעקטעד מיט א פעסערדוש צו די פלאַזא בעדער. שרייבט נאך איינצעל־הייטען צום פראָפּראַיעטאר ה. קראוז.

# ריווערסייד האטעל

(געגענעבער פארק ענעקס)
מט. קלעמענס. אינגאנצען רעמאָ־דעלירט, עפענט זיך 1טען מאי.
150 רומס, דיינינג רום פאר 300. דאס אידעלסטע פלאץ פאר געזונטע ווי פאר קראנקע. שרייבט נאך איינצעלהיי־טען.

**Riverside Hotel**
**Mt. Clemens, Mich.**



# אלבאני האטעל

אין מט. קלעמענס, האט א נאמען פאר די לעצטע 20 יאהר אונטער דעם זעל־בען מענעדזשמענט.
מיר בעטען אונזערע קאסטימער און פריינד צו קומען באצייטענס. אידער דער סעזאָן איז אין פולען גאנג, כדי מיר זאָלען זיי קענען געבען בעסערע בא־האנדלונג. שרייבט צו
**ב. מאסקאָוויץ**

**אייער פארלארענע געזונט**



קריגט איהר צוריק, ווען איהר זענט אין מאונט קלעמענס און סטאפט אין

# גלענוואוד האטעל

קאָנעקטעד מיט די בארימטע אלימ־פיא בעדער. שעהן, לופטיג, ליכטיג. פרישע שפייזען, מעסיגע פרייזען. א ספעשעל לאָנטש און דעליקאטעסען סטאָר, קאָנעקטעד מיט די גלענוואוד. שרייבט נאך אויסקונפטע צו א. מאראַ־סקי.

**לעזט דעם „וועג"**

# אטאמאביל עקסידענט האספיטאל
# אטאמאביל אייגענטימער



ווען אן עקסידענט טרעפט מ'ט אייער קאר, ברענגט דאס צו אונז. מיר וועלען די קאר ווידער ניי מאכען.

פריימס, באדים, עקסעלס, פענ־דערס ווערען אויסגעגלייכט, געוועלדעט; געמאכט ווי נייע און געענאמעלד.

**רעדיאטארס פעריכט און איבערגעדילט אויך עקסטענדזשעט**

**Michigan Radiator & Fender**
**Repair Co.**

723, 725 & 727 John R. St. — Glendale 7576

# א גרויסער אויספארקויף

**ס'ייל פאנגט־אן מאנטאג**

איך מאך באקאנט צום געהערטען פובליקום פון דעטראָיט דאס איך מוז אויספארקויפען מיין גאנצען סטאָק

**קרעקערי, אלומינום, גראניטווער און פענסי טשייני**

**אלעס, אלעס**, מוז פארקויפט ווערען אין דער קורצער צייט פון היינט ביז דעם 1־טען דזשולי. מיין ליסס געהט אויס און מיין געזונט ערלויבט מיר נים מעהר צו שטעהן אין ביזנעס, דע־ם מוז אלעס פארקויפט ווערען צו די ביליגסטע פרייזען.
קומט וואס שנעלער פאר די בארגיינס. אלעס ווערט פארקויפט פאר א האלב פרייז.
**מ. ב. שאפירא**, 511 הייסטינגס סטריט, ביטווין אלפרעד און ברוסטער
זאגט אייערע פריינד וועגען דעם גרויסען סייל.

# געלט קיין אייראפא

דער זיכערסטער און בעסטער וועג צו שיקען געלד צו אייערע קרובים קיין יוראָפ איז דורך דער

# פיפעלס רעליעף

וועלכע איז א ברענטש פון דער דזשוינט דיסט. קאמיטע.
די געלד ווערט געשיקט אין דאלארס.

פיפעלס רעליעף קאמיטע
490 הייסטינגס סטריט
קעדילאק, 2061

# אויסקינפטע פריי

זעהר גערען געגעבען איבער פאלגענדע ענינים: פאספארטען. ווי צו שיקען געלד אין אייראפא. ווי אזוי אריבערצופרענגען אייערע פאמיליעס. וועגען די רעכט פון לענדלארד און טענענטס. וועגען לאנד קאָנטראקטס. מארטגעדזשעס. טעקסעס. און זא ווייטער.

**ווי צו ווערען א בירגער**

וואו און ווי אזוי צו לערנען ענגליש. סאלדאטען פענסיע. ליבערטי באנדס באנוסעס. אינשורענס און נאטוראליזיישאן.

**The Free Information Bureau**
**Detroit Board Of Commerce**

# ראזענפעלד'ס רוסישע טערקישע באד

פאר אלע וועלכע זוכען ריינליכקייט און גוטע באהאנדלונג.

30 מארבעל וואנעס — 2 כשרה מקוואות
טאָוער בעטהס — פרייע קאָטס אויף צום רוהען

16 פריוואט רומס פאר יענע וועלכע ווילען נעכטיגען.

א פראכטפולער לאנטש קאונטער מיט פרישע עסענווארג און געטראנקע צו יעדער צייט.

שווין פאר פרויען יעדען מיטוואך, מיט דער מיטווירקונג פון אן עקספערט מאסאוישנסטקע.

1846 אלפרעד סטריט, ניער אנטאָין, טעלעפאָן טשערי 6190 ראבליו.

**דר. ה. סטאריקאָף**
**ד ע נ ט י ס ט**
דער פלאץ פאר גוטע ארבייט גוטע באהאנדלונג — ליבעראלע פרייזען.
490 הייסטינגס סטריט

**Reliable Store Fixture Co.**

מיר האבען א גרויסען אויסוואהל פון אלערהאנד סטאָר פיקסטשורס, וואָל קייסעס, שאָו קיסעס, אייז באקסעס, קאונטארס, שעלווס, סקיילס, רעדזשיסטערס, נייע און געניוזטע. פרייזען מעסיגע. ארענטליכע באהאנד־לונג. 2 סטאָרס.

**רעלייבל סטאָר פיקסטשור קא.**
305 גראַטיאָט עוועניו
טעל. קאדילאק 2445
277 מישיגאן עוועניו
טעל. קאדילאק 4924 עס.

**דער בעסטער מוהל אין שטאָט**
**און מסדר קידושין**
**חזן דוד גאָלדען**



אין 248 איסט האי סטריט
טעלעפאָן מעין 4420

# דער גאולה פאראד און "דער וועג"

אויב איטיצער אין דעטראיט האט נאך געצווייפעלט אין דער וויכטיג-
קייט פון א אידישער טעגליכער צייטונג אין דעטראיט, האט ער דאס איינ-
געזעהן אין דעם טאג פון גאולה פאראד.

## דער וועג

האט באמת געגעבען דעם טאן און געפיהרט דעם וועג צום
גאולה פאראד.

## דער וועג

האט געהאלטען אינפארמירט אלע ארגאניזאציאנען, ווען און
ווי אזוי דער פאראד וועט דורכגעפיהרט ווערען.

## דער וועג

האט געוועקט דעטראיטער אידען און די ארויסגעבראכט
אין גאס אריין.

## דער וועג

**האט אין דעם טאג פון פאראד געדרוקט 17,784 קאפיעס.**

דאס איז דער היינטיגער געשוואוירענער סטייטמענט פון צירקולאציאנס דעפארטמענט.

אויב איהר זענט א דעטראיטער איד, קענט איהר ניט אויסקומען אהן א "וועג" אלע טאג.

## דער וועג

וועט אייך אויך ווייטער דינען אלע אידישע שטאדטישע אינטערעסען. אלע קהל'ישע
אנשטאלטען. עס איז אין אייערע אינטערעסען צו זעהן, אייער שכן זאל זיין א לעזער

## פון "וועג"

# דער וועג פאבלישינג קאמפאני

אין די איינציגע אידישע טעג. ליכע צייטונג אין דעטראיט.

**347 Hastings St.** **Main 3715**

# דער וועג
**THE DETROIT JEWISH DAILY**

Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY, INC.
347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715
J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.
B. I. GOLDSTEIN, Editor
(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)
Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.


# א גן עדן, וואס איז געווארען א גיהנום

דער וואס איז נישט געווען, באטש א קליין שטיקעלע צייט, אין אונגארן, וועט דעם פועל יוצא פון אונזער היינטיגען לייט־ארטיקעל נישט פארטייטשען אזוי ווי דער לעזער, וואס האט א ידיעה וועגען אונגארן און וועגען דעם מצב פון די אידען אין יענעם לאנד.

די דאזיגע אידען, וואס האבען א ידיעה וועגען אונגארן האבען נאך דעם פאלען פון בעלא קון זיך געריבען די אויגען און נישט געגלייבט, אז דאס וואס מען שרייבט וועגען די רציחות אין אונגארן זאל זיין אמת.

עס געדענקט זיך אונז א פאל, אין אנהויב פון דער קריעג, אין יאהר 1914 האבען מיר א געלעגענהייט געהאט צו ריידען מיט א אידישע פאמיליע, וואס איז שוין א יאהר צעהן פון אונגארן. מיר האבען דעם אידען געפרעגט, ווארום ער איז נישט געווארען קיין אמעריקאנער בירגער און ער האט אונז אנגעקוקט, ווי גלייך מיר וואלטען איהם געפרעגט א קינדערישע קלאץ־קשיא. דעם אידען האט זיך נישט געלעגט אויפ׳ן שכל, אז ער, אן אונגארישער געבוירענער איד, זאל איינמאל פאר אלע מאל אפשניידען פון זיין געבורטסלאנד, אדער „פאטערלאנד״.

אונגארן — וויפיעל האבען מיר, רוסישע אידען, מקנא געווען די אונגארישע אידען, וועלכע זיינען פריי פון גזירות, פון פאגראמען, פון עפענטליכער באליידיגונג און ניקאלייעוושטשינא;

אמת טאקע, זיי האבען באצאהלט צו פיעל און צו טייער, ווארים די אידען אין אונגארן, זאלען זיי אונז פארגעבען, זיינען געווען מעהר מאדיארען, ווי די מאדיארען אליין; זיי האבען נישט נאר נישט געוואלט הערען פון נאציאנאלע באוועגונגען, נאר זיי האבען יעדעס נאציאנאלע באוועגונג באקעמפט דורך כל ערליי מיטלען.

אבער פארט האבען זיך די אונגארישע אידען געפיהלט זיכער אין זייער לאנד.

אין ערגיץ נישט האט מען אין דעם ווינקעל פון די אסימילאטארען אונז אנגעוויזען אויף די אונגארישע אידען, אלס א ענטפער און לייזונג פון דער אידען־פראגע.

אין אונגארן האבען אידען פארנומען הויכע רעגירונגס שטעלעס; פארר־אנטווארטליכע פאסטענס האט מען די אידען אנפערטרויעט; אין פארלאמענט זיינען געזעסען א סך אידען און אומעטום האט דער אונגארישער איד זיך געפיהלט זיכער און היימיש.

„אט איז אונזער ארץ ישראל!״ — האבען פיעלע אונגארישע אידען אנגעוויזען אויף זייער מדינה.

און איצט?

עס כאפט א שרעק אן, ווען מען דערמאהנט זיך אז פון דעם גאנצען נחת האט זיך, אין איין הרף עין, אויסגעראזט א ים מיט צרה, אומגליק און שרעקליכע בלוטבעדער.

דארף מען נאר מיט׳ן אויג דורכלויפען דאס ארטיקעל געדרוקט אין דיזער צייטונג לעצטען פרייטאג אונטער׳ן נאמען „דאס נייע אונגארן און די אידען״, און מען קען זיך לייכט מאכען דעם גרויסען בראך, וואס עס האט געטראפען אונזערע ברידער אין דעם לאנד פון די מאדיארען.

דער שרייבער פון דעם דאזיגען ארטיקעל דערמאהנט אפילו יא, אז אויך אין דער „גאלדענער צייט״, ווען די אידען האבען גענאסען אלע פרייהייטען און פאלשטענדיגע עמאנסיפאציע; אפילו אין יענער צייט ווען די אידען האבען באטראכט אונגארן, אלס זייער ארץ ישראל — אפילו דעמאלט האט דער אנטיסעמיטיזם געלויערט אין דער פינסטערניש.

און וואס דאס דער שרייבער נישט דערמאהנט, וואלטען מיר עס אויך געוואוסט. ווייל באך די הוזארען, די פרידריכס און די אנדערע באנדיטען, ווי זיי הייסען דארט נישט, ארויסגעשפרונגען פון אונטער דער ערד; זיי האבען זיך דא ערצויגען אין דעם מאדיארענלאנד.

פון דער העלער הויט שפרינגען נישט ארויס קיין מאסען שחיטות און קיין רוצחים.

דער אנטיסעמיטיזם — אויב מאסען שחיטות קען גאר מיט אזא נאמען אנגערופען ווערען — האט נישט געלויערט, ווי דער שרייבער דריקט זיך אויס, ערגיץ אין דער פינסטערניש. ער האט מן הסתם געלויערט אויך אין דער ליכטיג, ער האט זיך אריינגעפרעסען אין די ביינער פון די ווילדע מאדיארען און האט זיך מיט בעסטיאליטעט ארויסגעריסען ביי דער ערשטער בעסטער געלעגענהייט.

נישט מעהר, די דארטיגע אידען האבען זיך געמאכט „בלא ידע״, ווי האבען פארקוקט; זיי האבען, מסתמא, נישט איין מאל אראפגעשלונגען א פאר־

מען האט זיך געמאכט נישט זעהענדיג און נישט הערענדיג, אט ווי דאס גיפטענדע קויל פון אנטיסעמיטיזם.

טרעפט נישט זעלטען אויך אין די רייהען פון די אמעריקאנער, ענגלישע אדער אנדערע אסימילאטארען.

און עס דארף קלאהר זיין פאר־דעם לעזער, אז עס ווערט צעריסען אונזער הארץ אויף דעם גורל פון אונזערע ברידער אין אונגארן! — אז ביי יעדער ידיעה פון אונגארן און די דארטיגע שחיטות אויף אידען בלוטעט אונזער הארץ און עס צאפעלט זיך אונזער נשמה. בודאי וואלטען מיר פון דעם דאזיגען אומגליק נישט באדארפט אצינד גראד, אין דעם סאמען ברען פון דעם גיהנום אין אונגארן, ארויסברענגען א מוסר השכל.

אבער דער מוסר השכל איז אזוי פון־אויבען־אויף׳דיג, אזוי בולט, אז אפילו א אינגעל קען איהם אנזעהן: אט די אידען אין אונגארן, וועלכע האבען אויסגעמיעדען די נאציאנאלע ארבייטען אין גלות — יענעם טייל אידען אין אונגארן, מיינען מיר, וואס איז געווען מעהר אונגאריש, ווי אפילו די מאדיארען גופא — אט די אידען נויטיגען זיך איצט, נישט ווייניגער ווי די אוקראינער אידען אין א מקום מקלט; זיי מוזען אמשנעלסטען ארויסגעראטעוועט ווערען פון דעם לאנד, וועלכען זיי האבען אמאל באטראכט פאר א גן עדן און היינט — פאר א מורא׳דיגען און שידערליכען גיהנום.

ליידער, ליידער ווערט פאר די אונגארישע אידען גענומען אזוי ווייניג, אזוי ווייניג.

זיי האבען כמעט דאס אייגענע מזל וואס די פאראומגליקטע אידען אין אוקראינע.

# שפריצען

## זויערע ווייטרויבען

נאכדעם ווי די פאליאקען קריגען קלעפ און ווערען ארויסגעטריבען פון אוקראינע, ערקלעהרען זיי, אז זיי האבען לכתחילה נישט געמיינט צו פארכאפען אוקראינישע טעריטאריע.

דער אלטער פאבעל מיט׳ן פוקס: די ווייטרויבען זענען זויער...

* * *

## ניי און אלט

א בארימטער גענעראל זאגט פאר, אז אין צעהן יאהר ארום וועט אויסברעכען א נייע מלחמה.

א נייע? און די אלטע האט שוין רען איפגעהערט?

* * *

## זיי וועלען שפילען א ראליע

א טעלעגראמע פון לאנדאן דערצעהלט אז דער בארימטער אקטיאר סענגאוו פון מאסקווער קונסט טעאטער און דער בארימטער אקטיאר אקימאוו פון קייזערליכען אפערא הויז האבען באשלאסען אפצופאהרען קיין אמעריקא און דא שפיעלען אידיש טעאטער.

אזעלכע בארימטהייטען וועלען ביי אידען זיכער שפיעלען א ראליע.

* * *

## זיי דארף מען ארויפזעצען

א סך הויכע דייטשע בעאמטע זענען ארונטערגעזעצט געווארען.

ווער רען זאל ארונטערגעזעצט ווערען? נידעריגע בעאמטע קענען דאך נישט ארונטערגעזעצט ווערען, ווייל זיי זענען גענוג נידעריג.

* * *

## מעקסיקאנער בירגערשאפט

קאראנזא, דער פרעזידענט פון מעקסיקא, איז דערשאסען געווארען און אויף זיין ארט איז באשטימט געווארען אן אנדער פרעזידענט. אט אזוי געהען צו וואהלען אין מעקסיקא.

אז מ׳ווערט א מעקסיקאנער בירגער באקומט מען — נישט קיין שטים־רעכט, נאר שיס־רעכט.

* * *

## ריכטיג, דר. נארדוי.

**מאקס נארדוי ערקלעהרט אין „ניו יארק אמעריקאן״ אז אין ארץ ישראל וועט נישט קענען און נישט טארען זיין קיין סאציאליזם — ווייל אין אידישען שטאט וועט הערשען א גערעכטע — סאציאליסטישע ארדנונג.**

צוליעב דער זעלבער אורזאך קען מען אין א פוילען פלעשעל קיין אסער נישט אריינגיסען — ווייל עס איז שוין פול מיט וואסער...

* * *

## אזעלכע קבצנים!

די לוסק קאמיטע, וועלכע „זוכט״ איצט די אורזאך פון יקרות, האט ענטדעקט אן ארימע פרוי, וואס האט געקויפט א פיאנא פאר 900 דאלער. די ארימע לייט זענען, אלזא, שולדיג אין יקרות, ווייל זיי פארגינען זיך צו צאהלען אזעלכע פרייזען.

טאקע שרעקליך! שטעלט זיך פאר: אן ארימע פרוי, וואס פארמאגט נישט קיין סענט ביי דער נשמה, זאל אויסגעבען 900 דאלאר קעש פאר א פיאנא.

די „ענטדעקונג״ דערמאהנט מיך אן דער קאמישער פראגע: ווען אן ארימאן, א קבצן פארלירט א מיליאן דאלאר און איהר געפינט עס — דארף מען איהם דעם מיליאן ומקעהרען, צי נישט...

* * *

## טאקע פארוואס נישט?

אייגענטימער פון שיקאגאר קאפע־הייזער און טאנץ זאלען האבען איינגעפיהרט ספעציעלע „טשעקדרומס״ פאר קארסעטען, וואו די פרויען זאלען קענען אויסטאן זייערע קארסעטען, כדי צו קענען באקוועמער עסען און טאנצען.

באלד וועט מען אויך מסתמא איינפיהרען ספעציעלע „טשעקדרומס״ פאר קינסטליכע ביוסטען און אנדערע קינסטליכע שעהנהייטס־מיטלען, וואס געוויסע פרויען באנוצען...

* * *

## „ער״ און פרידען.

אויך אין קאנגרעס איז אנגענומען געווארען די נאקס פרידענס־ רעזאלוציע וואס איז שוין פריהער אנגענומען געווארען אין סענאט. אבער פרעזידענט ווילסאן וויל די רעזאלוציע נים אונטערשרייבען.

ווי באוואוסט איז ווילסאן „געלאפען״ אלס פרידענס מלאך און זיך דעם טיקעט איז ער ערוועהלט געווארען. היינט ווי קומט א פרידענס פרעזידענט אונטערצושרייבען א פרידען?

# א גרוס פון ארץ ישראל

געבראכט פון
דר. סאלא פול

ארבייט פון דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע רעארגאניזירט אלע אינסטיטוציעס. די גרויסע הילף קו מט פון לייה־קאסעס. — נאך שטיצע אין קאנסטרוקטיווע ארבייט נויטיג. — אראבישע באפעלקערונג אין גרונד פריעדליך. — גרויסע אימיגראציע ווארט פאר די טויערען פון פאלעסטינא. — דאס לאנד האט א וואונדערבארע צוקונפט. — אמעריקאנער ענערגיע נייטיג צום פאלעסטינער אידעאליזם.

„ווען די שטיצע וואס ארץ ישראל קריעגט פון די אמעריקאנער אידען זאל זיין גרוים גענוג, וואלטען אלע אינסטיטוציעס דארטען געקענט אויפגעהאלטען ווערען אין דער גרעסטער ארדנונג, און דאס עקאנאמישע לעבען פון די אידען אין ארץ ישראל וואלט ביסלעכווייז אויפגעבויט געווארען פון זיך אליין. פאלעסטינא אלס א אידיש לאנד האט א וואונדערבארע צוקונפט, אבער מען מוז זעהן, אז די גוואלדיגע אימיגראציע, וואס שטעהט פאר די טויערען פון פאלעסטינא זאל נישט פארפלייצען דאס לאנד מיט אמאל״.

דאס איז דער גרוס, וואס דר. דע סאלא פול, דער פארטרעטער פון דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע אין פאלעסטינא, האט עקשט געבראכט פון דארטען.

דר. פול איז געקומען קיין פאלעסטינא אלס אויפזעהער פון דער הילפס־ארבייט אין מערץ 1919, ווען די ארבייט איז שוין איבערגענומען געווארען פון דער ציוניסטישער קאמיטע און עך האט געזוכט צו ברענגען איינקייט סיי אין די זאמלונגען פאר פאלעסטינא, אזוי אויך אין דער פארטיילונג פון דער שטיצע פאר איינצעלנע אינסטיטוציעס.

דער געדאנק פון דער הילפס קאמיטע איז געוועזען איבערצונעהמען וואס מעהר אינסטיטוציעס אזוי, אז זיי זאלען נישט דארפען מעהר ארויסשיקען קיין משולחים אויף וועלכע עס געהט אוועק א היבשער פראצענט פון די געלדער. וואס זיי זאמלען, און עס זאל אויך אפגעשאפט ווערען די סיסטעם פון ארויסשיקען בעטעל־בריעף, מיט וועלכע געוויסע פאלעסטינער אינסטיטוציעס פלעגען פארפלייצען

אלע אידישע קהילות אין דער וועלט. אין גרעסטען טייל איז דאס דער קאמיטע געלונגען. וואס ווייטער געהט איינער אונטער דער אויפזיכט פון דער קאמיטע אין א גרעסערע צאהל אינסטיטוציעס, און די אונצופרידענהייט, וואס האט געהערשט צווישען זיי מיט א צייט צוריק, איז פארשוואונדען. נאך מיט א יאהר צוריק האט מען געקענט הערען פון פארשיעדענע ישיבות און תלמוד תורה׳ס אז מען באהאנדעלט זיי נישט גערעכט. אזעלכע טענות קען מען שוין יעצט מעהר נישט הערען. די פארטיילונג פון דער שטיצע געהט אן אויף א דעמאקראטישען אופן. עס זענען דא קאמיטעס פון בעלי בתים, וועלכע באשטימען אליין, וויפיעל שטיצע עס זאל געגעבען ווערען פאר יעדער אינסטיטוציע, און אויב אין די אינסטיטוציעס פיהלט זיך דאך א מאנגעל, וויסען שוין איצט די אידען דארטען, אז דאס איז נישט די שולד פון דער קאמיטע; זי שאפט זיך מיט אזוי פיעל געלד, וויפיעל זי האט, און ווען אמעריקא זאל שיקען מעהר הילף, וואלט קיין מניעה נישט געווען צו געבען יעדער אינסטיטוציע אזוי פיעל, וויפיעל זי דארף האבען זיך אויפצוהאלטען און ענטוויקלען.

וואס פאר א ענדערונגען עס זענען אריינגעבראכט געווארען אין די אינסטיטוציעס, קען באוויזען דער ביישפיעל מיט דעם בלינדען אינסטיטוט, וועלכער איז געווען אין גאנצען חרוב און די 40 בלינדע אידישע קינדער זענען פשוט אויסגעגאנגען פון הונגער. ביז היינטיגען טאג זעהען די קינדער אויס פריש און לעבעדיג און די ענטוויקלונג פון אינסטיטוט געהט אן אזוי, ווי נישט פריהער ביז איצט.

אבער נאך נישט אלע פאלעסטינער אינסטיטוציעס איז שוין געלונגען איבערצונעהמען אונטער דער אויפזיכט פון דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע. ווען די קאמיטע נעהמט איבער א אינסטיטוציע, זוכט זי קודם כל אוועקשטעלען זי אויף א סאניטארען באדען און איינפיהרען מענשליכע באהאנדלונג, ווי עס ווערט פארשטאנען פון קאמערנע מענשען. עס זענען אבער נאך דא איינצעלנע אינסטיטוציעס — דערצעהלט דר. פול — וועלכע זענען נישט מסכים איינצוגעהן אויף די דאזיגע פאדערונגען, און ביי וועלכע די צורה איז נישט מעהר ווי א מיטעל פאר אזעלכע צוועקען. איינ־

(שלוס אויף זייטע 5)

אלע אינ־

# די גרויסע צייט

פון א. אלמי (עליאש)

„מיר לעבען אין א גרויסער צייט״ — אט דעם שפרוך הער איך אהן אויפהער אין די לעצטע עטליכע יאהר; ס׳סטראשעט מיט איהם דער רעדנער פון דער טריבונע אראפ; ס׳קאקעטירט מיט איהם דער צייטונגס־ שרייבער; ס׳באנוצט זיך מיט איהם דער פארטיי־ מאן, און עס חנ׳דלען זיך מיט איהם די פאליטיקער.

„א גרויסע צייט! א גרויסע צייט!״ און דער פשוט׳ער, נישט געהובעלטער, נישט פרעטענציעזער מענש פון א גאנץ יאהר פיהלט זיך עפעס שולדיג און פארלוירען, הערענדיג טאג און נאכט דעם שפרוך, וואס איז געבוירען געווארען אין בלוט און פייער פון א משוגענער וועלט; כסדר טענה׳עט מען אין איהם ארייז, אז ער פארשטעהט נישט די גרויסע צייט, אז ער איז עפעס שולדיג דער מענשהייט און אז ער דארף אפצאהלען אפשר א טויזענט חובות דער איצטיגער צייט דערפאר, וואס זי איז גרוים — נאר ער ווייסט, געבאך, נישט וואס צו טאן, דער פשוט׳ער מענש.

קריצט מען פון אלע זייטען די ציינער און מען טופעט די פיס און מ׳טייטעלט אויף איהם די פינגער: נאט זעהט א באשעפעניש, וואס קען נישט פארשטעהן די גרויסקייט פון דער גרויסער צייט; און ער, דער פארלוירענער מיטעלמענש, צווייפעלט קיין מינוט נישט, אז די צייט איז, ווירקליך, גרוים; ער גלויבט אויפ׳ן ווארט דעם שרייבער און דעם רעדנער און דעם פאליטיקער, אבער ער ווייסט בשום אופן נישט ווי אזוי גענוג יוצא צו זיין פאר דער גרויסער צייט מיט איהרע גרויסע פארשטעהער...

ווער איז דעם דורכשניטסמענש, וואס קען זיך נישט אריענטירען און דער וואזשנער מליצה פון די גרויסע צייט פארשטעהער; נאר נישט בעסער איז דעם דיכטער, דעם קינסטלער. אויך צו איהם האט מען כסדר טענות, אז ער באגרייפט נישט די גרויסע צייט, און אלץ וואס ער שאפט, מעסט מען מיט דעם ארשין פון דער „גרויסער צייט״. האט זיין ווערק נישט צו טאן מיט דער מלחמה, מיט די צעריסענע גלידער פון סאלדאטען, מיט חרוב׳ע שטעדט און נאך אזעלכע בלוט־ פארגליווערדע זאכען, פארקרימט זיך דער טריבון פון דער גרויסער צייט: עט! דער דאזיגער קינסטלער איז אויסער דער גרויסער צייט, ער פארשטעהט זי נישט. זי איז איהם פרעמד. סטיימש, אין מיטען אזא גרויסער צייט — ליעבע, בענקשאפט, שטימונגען, ריין־סובּיעקטיווע נשמה־ פארטיעפונגען! דאס מיינט דאך... אז דער קינסטלער איז קליינליך, אז ער איז נים אימשטאנד אויפצופאסען דאס גרויסקייט פון דער גרויסער צייט. מעטערלינק איז אין ליכט פון דער גרויסער צייט — נו, ווייל מעטערלינק פארנעהמט זיך אין אזא גרויסער צייט מיט מיסטיציזם, מיט ספיריטיזם, קריכט אין די הימלען און שפיעלט זיך מיט שאטענס; ער איז אויסער דער גרויסער צייט — און דערפאר נאר׳איש.

„מיר לעבען אין א גרויסער צייט!״





מרס. פוקס האט זיך אמאל בערידמט אז זי קינדערט צופיעל.

„וויפיעל קינדער ברענגסט דו אויף דער וועלט אויף אמאל? האט זי געפרעגט די לייביכע.״

„בלויז איינס״, האט די לייביכע געענטפערט — „אבער ס׳איז א לייב!״

**מוראדס קאסטען 20 סענט א באקס פון 10 — אבער זיי זיינען מוראדס!**

מוראדס וואלטען געקאסט ביליגער ווען זיי זאלען נים ענטהאלטען קיין פולע 100% טערקישען טאבאק פון דעם ריינסטען און בעסטען וואס וואקסט — אדער ווען מיר זאלען געבען פראסטערען טערקישען טאבאק.

אבער זיי וואלטען נים געווען קיין מוראדס, זיי וואלטען בלויז געווען פוקסען!

„אורטהיילט אליין — !״

מיר מאכען אויסערקזאם צו די 20 מוראדס אין בלעך באקסעס

Anargyros

פאבריקאנטען פון העכסטע קלאס טערקישע און עגיפטישע ציגארעטען אין דער וועלט.

# אין א ווינקעל פון דעטראיט

ראמאן פון ב. איסאיעוויטש

(פארטזעצונג)

(נייגצעהנטעס קאפיטעל)

דייווידאוו׳ס איבערראשונג.

יזען דער ריכטער פארבשטיין האט זיך באפרייעט פון געריכטס זאל און אריין אין דעם פריוואט צימער, האט ער גלייך אנגעקלינגען.

א פאליסמאן איז אריין.

— שיק מיר דייווידאוו׳ן.

אליין האט זיך פארבשטיין אראפגע-לאזט אין א גרויסען גוייך געבעטען שטול, האט זיך געריבען דעם שטערן געשויבערט די ווייסע האאר פון קאפ, האט זיך געגראבען אין דעם אגלעהן פון שטוהל און זיך געקירעוועט אין אלע זייטען.

אין א מינוט ארום האט ער זיך פון שטוהל אויפגעכאפט און אנגעהויבען גע-שווינד צו מארשירען איבער׳ן צימער.

— אזא סקאנדאל! אזא סקאנדאל...

באלד האט אימיצער אויף דער טהיר אנגעקלאפט.

— אריין!

דער פאליסמאן האט אן עפען געטאן די טיר.

— יור האנאר, מעקלין איז אוועק רופען דייווידאוו׳ן אין קאנצעלאריע, אוג טען.

— אין הימעלס ווילען, רוף איהם הייך׳ן טעלעפאן.

— גערופען.

— נו?

— ער איז פארנומען.

— טייוואלים.. גוט.. גוט!

ער איז אליין צו צום טעלעפאן.

— שוקט דייווידאוו׳ן צום טעלעפאן.

— יעס, יור האנאר. דייווידאוו רעדט.

— צי ווילט איהר נישט, מיין ליעבער הערר דייווידאוו איך זאל אליין אראפ-געהן אייך ארויפרופען, הא? וואס איז דאס פאר א שטיק?

דייווידאוו איז ארויפגעפלויגען ווי א פערםס׳מער.

ער האט זיך גענומען ענטשולדיגען, אבער פארבשטיין האט איהם נישט גע-לאזט ריידען.

— זאגט בעסער, ווי אזוי האט איהר דאס מיידעל ארעסטירט.

דייווידאוו האט איהם דערצעהלט, אז ער האט דערקענט, אז זי איז א גאסענ-מיידעל.

— ווי? — איז דער ריכטער געגעבען א שפרונג צוריק, ווי מען וואלט איהם מיט פייער אפגעשפריצט — ווי האסטו געזאגט? דו קענסט זי? הייסט עס אז זי איז א גאסען מיידעל?

— ניין, נישט איך קען זי. האב איך געזאגט, יור האנאר, נור כ׳האב דערקענט אז זי איז אזא.

— ווי אזוי זשע האסטו דאס דער-קענט?

דייווידאוו דערצעהלט איהם, אז ער האט עס ראשית, דערקענט אן איהר הוקד, ער איז זיך שוין א מבין אויף דער חברה.. ושנית האט ער באמערקט, אז זי רופט די מענער אין גאס, שטעלט זיי אפ און — —

— וואס האט זי דיר געזאגט ווען דו האסט זי ארעסטירט? — האט פארב-שטיין געפרעגט שוין אביסעל ווייכער.

— זי האט גארנישט געזאגט, זי —

— ווי? — איז ווידער פארבשטיין געווארען א צעשראקענער — גארנישט געזאגט? הייסט עס, אז —

— זי איז — — יור האנאר —

אבער דער ריכטער האט נישט גע-הערט, ער איז געבליבען שטעהן א צע-מישטער, האט א ווארף געטאן מיט׳ן קאפ און מיט ביידע הענט זיך א כאפ געטאן ביים פנים און איז צו צו דער שטוהל און זיך אין איהר א ווארף גע-טאן.

דייווידאוו האט פארשטאנען אז דער רוטאריש איז מיט דעם מיידעל נישט גאר פרעמד.

עס האט נאך ניט געטראפען, אז א ריכטער זאל מיט איהם מאכען חקירות ודרישות — וועגען א גאסענמיידעל וואס ווערט ארעסטירט.. זי איז דאך נישט זיין ערשטע ארעסטאנטקע..

און ווער שמועסט שוין פארבשטיין, וועלכער ווערט פאררעכענט פאר דעם שטרענגסטען מאראליסט. אין אזעלכע פראצעסען איז ער שטרענגער איידער אלע אנדערע ריכטער..

וואס זשע גאר פלוצים האט ער איהם איצט גענומען אויפ׳ן פארהער? און וואס איז ער אזוי צעקאכט און צומישט? וואס איז ער אזוי נערוועז און אויפגע-רעגט?

—

זיין אויג, דאס אויג פון א דעטעקטיוו האט באלד אנגעהויבען צו זעהן פאר זיך עפעס א סקאנדאלכען. ער האט זיך גענומען דערטראכטען כל ערליי מעשיות וואס האבען שוין אמאל געטראפען, וואס מען האט פאר ריכטער׳ נעבראכט אויפ-כע מיידלעך פון דער גאס, מיט וועלכע אליין זיי, די ריכטער, זענען גוט באקאנט געווען..

פארבשטיין האט זיך פלוצים א הויב געטאן איז צו צו׳ן איהם און האט איהם ביי די לאצען א כאפ געטאן און מיט פערצעמטע ציינער איהם א זאג געטאן גלייך אין פנים אריין: — „איז דא עפעס פאראן אן אנדער אורזאכע ווארום דו האסט זי ארעסטירט? זאג! ענטפער!“ און איהם גענומען טרייסלען מיט „דעם גאנצען כח.

דייווידאוו איז געווארען א פארצא-פעלטער. אה, ניין — האבען די מחשבות גענומען צעוואפען זיינע פריהערדיגע פלענער — אה ניין. מיט דעם פאל איז עפעס א גאנצער ענין פארמישט. און דער דעטעקטיוו־מח האט גענומען אר-בייטען ביי דייווידאוו׳ן: וואס פארט האט דאס מיידעל פאר א קרובה׳שאפט מיט דעם ריכטער. ווען פארבשטיין זאל קענען דאס מיידעל און זאל זיך פיהלען אן עפעס א חטא, וואלט ער מיט איהם נישט געטרייסעלט און וואלט איהם ניט געשראקען און נישט געדראהעט צו׳ן איהם מיט די קולאקעס..

— איך וויל וויסען, דייווידאוו — געשריען — וואס זי האט דיר געזאגט בעת דו האסט זי ארעסטירט?

(פארטזעצונג פאלגט)

# א גרוס פון ארץ ישראל

(שלוס פון פיידזש 4)

סטיטוציעס מיט אזא פיהרונג און באַ-האנדלונג מוז זיך די קאמיטע אפזאגען איבערצונעהמען, און זיי בלייבען באַ-זונדער. אבער די צאהל זייערע איז אומ-באדייטענד אין פארגלייך מיט די אלע, וועלכע באקומען שטיצע פון דער קאמי-טע.

## לייה קאסעס און קאנסטרוקטיווע הילף

די גרעסטע ענדערונג וואס איז פאר-געקומען אין דער הילפס־ארבייט, איז די איינפיהרונג פון די לייה־קאסעס, וועלכע גיבען די פאלעסטינער אידען די גרעסטע נוצען. עס איז אונמעגליך זיך פארצושטעלען, ווי אזוי פיעל חרוב׳ע הייזער פון דער מלחמה וואלטען גע-קענט אויפגעבויט ווערען, אדער ווי אזוי פיעל אידען וואלטען געקענט קומען צו זיך נאכ׳ן פאגראם, ווען נישט די לייה-קאסעס. און עס מוז דא גלייך געזאגט ווערען, אז די קופות מלוה זענען אמת׳ע לייהקאסעס, און נישט קיין נדבות־גע-בענדע אינסטיטוציעס, ווייל די הלואות ווערען ווירקליך אויסגעצאהלט און אזוי ארום קענען די קאסעס אנפיהרען זייער ארבייט כסדר, נישט אויפשעפענדיג זיך.

אויך מיט די געלדער פון די לייה-קאסעס פארוואלטען קאמיטעס פון בעלי-בתים, וועלכע באשליסען אין יעדען פאל ווי גרויס א הלואה קען און דארף געגע-בען ווערען. יעדער איינער וואס קומט לייהען געלד, מוז האבען צוויי אפרעע, וואס זאלען פאר איהם גאראנטירען. גע-וועהנליך ווערט פארשטאנען, אז די גא-ראנטארס זענען רייכע אדער פארמעגלי-כע מענשען, ביי וועלכע מען קאן איינ-מאהנען דאס געלד, אויב דער שולדיגער באצאהלט עס נישט אפ אין צייט. דארטען איז עס אבער אונמעגליך. קיין רייכע אידען זענען אין ארץ ישראל נישטא, און די גאראנטארען זענען דעריבער מענ-שען פון זעלבען שטאנד, די זעלבע ארי-מע לייט, וואס קומען ערוב זיין איינער פאר דעם אנדערען.

די לייהקאסעס פיהרען אן א באַ-שטענדיגע אויפבויענדע ארבייט, אבער באזונדערס שטארק האט זיך געפיהלט זייער נוצליכקייט נאך אזעלכע קאטאס-טראפעס, ווי דער שטורם (אדער דער פאגראם), ווען עס איז אויף הלואות אויסגעגעבען געווארען א סומע פון אי-בער 50.000 פונט (ארום 200.000 דא-לאר). ווען נישט די דאזיגע הילף, קען מען זיך נישט פארשטעלען ווי שלעכט די לאגע וואלט געווען.

אבער די פאלעסטינער אידען ערווארטען פון אמעריקא נישט נאר געלט, אבער אויך רויהע מאטעריאלען און געצייג, וואס זאלען זיי געבען א מעגליכקייט צו באשאפען א מארק און באשעפטיגונג פאר די ארבייטסלאזע און אויפבויען זייער עקאנאמיש לעבען. אויף דעם געביט איז נאך וועניג וואס געטאן געווארען, און דאס דארף זיין איינע פון די וויכ-טיגסטע ארבייטען סיי איצט, סיי שפע-טער, ווען די טויערן פון פאלעסטינא וועלען זיך עפענען פאר דער גרויסער אידישער אימיגראציע, וואס איז גרייט אנצוקומען.

## יקרות און דער געלד קורס

נישט קוקענדיג אויף דעם, וואס די מלחמה איז שוין לאנג פארביי, ווערט דער יקרות אין ארץ ישראל אלץ גרעסער און דער קורס פון געלד, וואס איז זעהר נישט באשטענדיג, פארגרעסערט נאך מעהר די נויט.

א בילד פון דעם צושטאנד, וואס דער יקרות ברענגט אין ארץ ישראל קען גע-בען דער פארגאנגענער פסח.

מיר האבען אויף פסח געבעטען ביי דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע א סומע פון 6000 פונט — דערצעהלט דר. פול — און מיר האבען דאס געלד געקראגען. אויסגערעכענט האבען מיר, אז דאס וועט זיין נויטיג לויט דעם, וואס עס האט אונז געקאסט דער פסח מיט א יאהר צוריק. אבער צו דער צייט וואס מען האט באדארפט איינקויפען מעהל אויף מצה, איז דער פרייז געשטי-גען פון 18 — 20 פיאסטער א ראטל (6 פונט) ביז 26 פיאסטער א ראטעל. אנשטאט צו געבען יעדען א ראטעל מיט א פיערטעל מצות אויף פסח, האבען מיר געמוזט געבען בלויז א ראטעל, און אנ-שטאט צו געבען די מצות צו די ארימ-סטע איינגאנצען אומזיסט, האבען מיר ביי זיי אויך געמוזט פאדערען א קליינעם געצאהלט. דער עולם האט שטארק גע-פיהלט דעם מאנגעל, בפרט נאך ווען איניגע זענען אזוי הונגעריג געווען, אז זיי האבען די מצה אויפגעגעסען א וואך פאר פסח און זענען אויף יום טוב גע-בליבען מיט גאר נישט.

איך האב וועגען דעם יקרות — דער-צעהלט מר. פול — געמאלדען דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע און ערשט קומענדיג אהער זיך דערוואוסט אז די קאמיטע האט דערפאר באשטימט א ספעציעלע סומע פון 200.000 דא-לאר.

## דער פאגראם און די ארבישע באפעלקערונג

ווי שוין געזאגט, האט די לייה קאסע נאכ׳ן פאגראם ארויסגעגעבען הלואות אויף א סומע פון 50.000 פונט. א גענויע אויפפארשונג און באריכט וועגען אלע שאדענס פון פאגראם ווערט ערשט צו-געגרייט, און עס איז קלאהר, אז עס וועט זיך פאדערען א באדייטענדע סומע אויפצובויען צוריק די הייזער און אינ-סטיטוציעס, וואס זענען אין פאגראם חרוב געווארען.

אלס ביישפיעל קען דיענען די ישיבה תורת חיים. אויפ׳ן צווייטען טאג פון פאגראם האט מען אונז געמאלדען, אז די ישיבה, וואס האט זיך געפונען אין אן ארבישען דיסטריקט אין דער אל-טער שטאדט נעבען דמשק׳ער טויער, איז פאגראמירט געווארען. מיר זענען געקומען און געפונען די פענסטער און טיהרען צובראכען, די מעבעל צעשמע-טערט, די פעדערען פון די קישענס און פערינעס ארויסגעלאזט, אזוי. אז מען האט געשפרייזט ביז איבער די קני אין פעדערען. מיר האבען געמאלדען דער מיליטערישער פארוואלטונג, אז די פרוי-ען און קינדער זענען אין געפאהר און דערוויל צוגענומען זיי פון דארטען. ווי אויך דאס ביסעל זילבערווארג, ווי כתרי תורה, חנוכה לאמפען און אנדערע זאכען. אויפ׳ן דריטען טאג זענען געקומען ארא-בער און האבען דאס הויז אונטערגע-צונדען. אין פייער זענען אומגעקומען אלע ספרים, דאס גאנצע פארמעגען פון די פאמיליעס פון ווינאגראד און עפ-שטיין, וועלכע זענען געווען די פארוואל-טער פון דער ישיבה, און אלץ. וואס דארט האט זיך געפונען. תורת חיים און די צווייטע גרעסטע ישיבה אין ירושלים און דארט לערנען 95 תלמידים.

אבער מיט דעם איצטיגען פאגראם איז אויך אוועק די שרעק פאר עהנליכע געשעהנישען אין דער צוקונפט. נישט קוקענדיג אויף אלץ, וואס ווערט געמאל-דען וועגען דער שנאה פון די אראבער, איז די ארבישע באפעלקערונג זעהר א פריעדליכע און שטילע. און מען וואלט פון איהר נישט געקענט ערווארטען קיין שלעכטס, ווען נישט די העצעריי פון געוויסע ארבישע קרייזען, וועלכע האבען מורא צו פארליערען דעם פאר שקלאפטען ארבייטער אין דעם אראבער, ווען אין לאנד זאל זיך אנטוויקלען א שטארקעס עקאנאמיש לעבען. אבער די לעצטע געשעהנישען האבען פאלקאם דיסקרעדיטירט די דאזיגע אויפהעצער, און עס איז זיכער, אז אידען וועלען זיך קענען אויפ׳ן פריעדליכסטען וועג איינ לעבען מיט דער דארטיגער באפעלקערונג.

## די קומענדע אימיגראציע און די צוקונפט

ביי היינטיגען טאג איז נאך די אימי-גראציע קיין פאלעסטינא קליין, און די פשוט׳ע סבה דערפאר איז, וואס די טויערען פון לאנד זענען נאך דערוויל פארשלאסען. אידען כאפען זיך דערוויל אריין אין קליינע גרופען, און אין סאמע טאג פון פאגראם איז קיין ירושלים אנגע-קומען א גרופע פון 40 איינגעוואנדערטע אידען. אבער עס פיהלט זיך, אז הינטער די טויערען שטעהט א געוואלדיגע אימי-גראציע, און ווי נאר טערקיי וועט אונ-טערשרייבען דעם פריעדענס אפמאך און די טויערען וועלען געעפענט ווערען, וועלען אידען אין די צעהנדליגער טוי-זענטער אנהויבען צו שטראמען קיין ארץ ישראל.

עס פארשטעהט זיך, אז א צו גרויסע איינוואנדערונג אויף אלע מאל וואלט געקענט ברענגען צו א קאטאסטראפע, און די עמיגראציע וועט מוזען באגרע-נעצט ווערען. אויב די באגרענעצונג וועט זיין אויף 50.000 א יאהר, אדער אויף וועניגער, אדער אויף מעהר — דאס ווענדעט זיך אן דעם כאראקטער פון דער אימיגראציע, ווען עס וועלען קומען מענ-שען מיט געלד, וואס וועלען קענען באַ-שעפטיגען אנדערע, וועט נאטירליך, לייכטער זיין צו עפענען די טויערען פאר א גרעסערער צאהל, אז נישט וועט אויס קומען צו שאפען באשעפטיגונג פאר די איינגעוואנדערטע דורך די מיטלען, וואס דאס וועלט אידענטום וועט געבען, און ווי שוין געזאגט, מוז דא אנגעהן א קאנסטרוקטיווע הילפס ארבייט אויף דעם ברייטסטען מאסשטאב, און די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע וועט שפיעלען נישט קיין קליינע ראלע אין דער ארבייט.

אבער דעם איז זיכער, אז פאלעסטינא אלס א אידיש לאנד האט פאר זיך א וואונדערבארע צוקונפט, זי האט אלע מעגליכקייטען זיך צו ענטוויקלען אגרי קולטורעל, קאמערציעל, אינדוסטריעל און אויסער דעם, טאר מען נישט פארגעסען די ספעציעלע, אידישע אזוי צו זאגען גייסטיגע אינדוסטריע, ווי רעליגיעזע אר טיקלען, קונסט זאכען, ביכער — די אינ-דוסטריע, וואס וועט אין ירושלים זיך ענטוויקלען אם שטארקסטען.

## אחדות און ענערגיע

איך קען אין מיין גרוס ניט אויס מיידען צו באמערקען — האט געזאגט דר. פול — די מערקווירדיגע אחדות וואס האט געהערשט צווישען אלע אי-דישע פארטייען ווען איך בין אפגעפאה-רען. פארטייען האבען דארטע קוים עקזיסטירט. פון די רעליגיעזסטע אידען ביז די לינקע האבען אלע געארבייט צוזאמען, געליטען און געקעמפט צוזא-מען און זיי קעמפען. אויך ווייטער אין דעם גייסט פון איינגקייט. דער פאגראם האט אפגעווישט די גרענעצען צווישען פארטייען און אלע ליידען ערשט און קעמפען צוזאמען.

מע טאר אויך נישט פארגעסען די בייזשטייערונג פון אמעריקא אין פערזענ ליכער דיענסט, ווי מיט דעם מעדיקאל יוניט און אנדערע אופנים פון ארבייט. דער אמעריקאנער איד האט אין פאלעס טינא אריינגעבראכט סיסטעם און מעטא דען פון ארבייט, און וואס ווייטער, איבערצייגט מען זיך אין פאלעסטינא אלץ מעהר, ווי שטארק נויטיג עס איז די אמעריקאנער ענערגיע צום פאלעס טינער אידעאליזם.

—

ווען דער מענש הערט אויף צו צאה-לען זיינע חובות צו גאט, פארלירט ער אויך זיין קרעדיט ביי לייט.

* * *

# דעטראיט אויף דער לינקער זייט

פון ישראלי

אונגעהייער גרויס איז דער וואונדער, וואס מאדאם עקספלואטאציע באווייזט טאג־איין טאג־אוים; איהרע וועגען צו עקספלואטירען דעם קבצן זיינען אזעל-כע קונציגע, אזעלכע אונטערארדישע, אז ווי עס זאל אייך ניט וועה טאן, מוזט איהר באוואונדערען דעם מערק-ווירדיגען סיסטעמאטישען, חזיר־פיסער-כשר׳דיגען „טריק“...

אנקענגען וואס דאס איז צו רייד גע-קומען?

אט אנטקענגען דעם פאקום וואס עס שפיעלט זיך איצטער אפ ביי אונז אין דעטראיט מיט דער געפלאנטער העכער-רונג פון דער קאר־פעיר.

הערט א מעשה!

די „די יו אר“ אנגעשטעלטע ווילען גרעסערע שבירות.

די הוספה ווילען זיי ניט פון מיר, ניט פון אייך און אפילו ניט פון אונ-זער שטאדט, נאר פון דער קאמפאניע, פאר וועלכער זיי ארבייטען.

וואס זשע טוט אבער מאדאם עקס-פלואטאציע?

זי זאגט צו דער די יו אר אזוי:

— רוף וואס שנעלער דיינע ארביי-טער צו א קאנפערענץ און גיב זיי נאך א היבשען מינימום; און דער נאך געה אוועק צום עולם און רייס פון איהם ארויס א מאקסימום...

און דער „טריק“ האט זיך אנגעפאנ-גען: קודם כל איז די „די יו אר“ אוועק צום סיטי קאונסיל, ער זאל למען השם וואס שנעלער באשטימען 6 סענט פעיר, מחמת איהרע ארבייטער, נעבעך, מוזען קריגען א הוספה...

האט זיך דער קאונסיל תחלת גע-קנייטשט דעם שטערן, זיך ניט געקענט געבען קיין עצה. אוזאבע: דער פרעזי-דענט פון קאונסיל, מר. לאדזש און קאונסילמאן ברעדלי, זיינען — ווייס איין גאט פאר וואס? — דוקא ניט פיינדליך געשטימט געווען דער קאר-קאמפאני. מען קען זאגען: זייערע באַ-ציהונגען זיינען פ ר י י נ ד ל י ך...

הכלל, דער קאונסיל האט פון אנ-פאנג באשלאסען, אז זיין אויפגאבע איז זיך ניט אפצוגעבען מיט אזעלכע נאר-רישקייטען; עס איז א דאנק גאט פא-ראן א רייליוועי קאמישאן.

און די זאך וואלט שוין געגאנגען „ווי-געשמירט“, ווען... ווען ניט מעיאר קאר-נס מיט זיין „מיוניסיפאל אונערשיפ“.

עס איז טאקע נאר זכות־אבות, וואס מעיאר קאזענס האט חשבונות מיט דער די יו אר. ווען ניט זיינע חשבונות, וואלט שוין יעצט א „ראיד“ אויף דער „פארטינט“ קליאטשע געקאסט 6 סענט...

און — הערט איהר וואס איך וועל אייך זאגען: איך בין נאך יעצט אויך ניט שטארק זיכער, אויב קאר־פעיר וועט בלייבען פינף סענט. עפעס איז דא, פארשטעהט איהר מיך, ניט גלאַ-טיג. אפילו אז מעיאר קאזענס זאל זיין אויסגערעכט מיט זיין ערקלעהרונג, אז די ארבייטער מיט דער קאמפאניע האבען געמאכט א „קאנספיראציע“ גע-גען עולם, בלייבט נאך אלץ דער פאקט, אז די „די יו אר“ וועט ניט האבען קיין שטארקען חשק צו געבען איהרע ארבייטער א הוספה פון איהר אייגענער קעשענע. אזעלכע נארישקייטען זיינען נאך־ארבייטס־געבער ניט באגאנגען זינט די וועלט שטעהט און עס זעהן זיך דאַ-רום גרויסע שאנסען פאר׳ן קאונסיל־פרעזידענט לאדזש, עס זאל איהם געלינ-גען אויסצוקעמפען דעם קאמף פון דער קאר קאמפאניע.

—

און אפשר וואלט טאקע גאר ניט גע-ווען אזוי קרום, מיר זאלען אנפאנגען צאהלען העכערע קאר־פעיר. עס קען זיין, אז דעמאלט וועט זיך אפשר יע-דער קבצן בעסער לוינען איינצוקויפען אן ערשט־קלאסיגען „ריא“, אדער א „קעדילאק“, און די „פארטינט“ קליאט-שע וועט האבען א געלעגענהייט אבי-סעל זיך אפצורוהען אויף די עלטערע יאהרען...

נאך אלעמען זיינען די מעהרסטע פאהרער אויף די קארס די קבצנים. די רייכע קענען זיך אויסקומען אין גאנצען אהן די קארס פון דער די יו אר. זיי האבען אייגענע.

דערפון לערנען מיר, אז די רייכע זיינען אין דעם הינזיכט פיעל עקאנא-מישער פון די קבצנים. זיי זיינען בכלל זעהר עקאנאמיש און דערפאר, משמעות, זיינען זיי רייך.

אלס ביישפיעל, אויף ווי ווייט עס גרייכט די עקאנאמיע פון די רייכע, וועל איך אייך עפעס דערצעהלען:

אנומעלטען האב איך מיר געמאכט א שפאציר אינ׳ם אפטאון געגענד פון וועסט דעטראיט. האב איך אויסגעפונ-נען, אז די רייכע שפארען אין א סך, א סך זאכען.

למשל — נעהמט אזא אומנוצליכע זאך ווי „קלאוז ליינס“, וועלכע „באַ-ציערען“ כמעט יעדעם הויז אין דער איסט סייד — ארום די רייכע הייזער קענט איהר דעם דאזיגען „ציערונג“ ניט געפינען. ניטא — און שוין! עס מאכט אויף אייך אן איינדרוק אז ביי די רייכע וואשט מען ניט קיין וועש.

— מען געהט ביי זיי, ווייזט אוים, שטענדיג אין איין העמד...

נאך א זאך: איך בין אויסגעגאנגען דעם גאנצען געגענד וואו די רייכע וואוינען און איך האב ניט געפונען קיין איין גראסעריע, קיין איין סארע-סטענדעל, קיין איין פרוכט־סטארקע, אפילו ניט א פושקארט... דאס באַ-ווייזט אייך, אז די רייכע עסען פשוט ניט... זיי האלטען אין איין שפארען און שפארען...

און דערפאר איז ביי זיי אזא מזל-ברכה; דער רבונו של עולם אליין זעהט ווי צו און זיי מקנא זיין הייסט — זינדיגען געגען גאט...

יא, גאט אליין איז מיט די רייכע.

איך האב עס באשיינפערלעך געזעהן אויף מיין שפאציר איבער וועסט דע-טראיט.

איך האב געזעהן, אז, אפילו זייער פריהלינג איז שעהנער ווי אונזערער... גלויבט איהר עס, צי ניין?

און עס איז מיר איינגעפאלען, אז דער רבונו של עולם האט ביי זיך צוויי ערליי קארטען פריהלינגס: אן ערשטען סארט און א צווייטען. פון פריהלינג נומער 1 צעבליהען זיך אלע-ערליי בלומען און בוימער באציערען זיך מיט שמעקעדיגע ליילאקס; דער גאנצער געגענד קריגט דעם אנבליק פון א בלומען־גארטען, פאראייניגט מיט דאס שעהנסטע אין ארכיטעקטור און טעכניק; איהר זעהט באשיינפערליך א פערפעקטע פארשידענארטיגקייט, וואס איז געקומען פון א פאראייניגונג צווי-שען נאטור און קולטור.

אט דאס איז פריהלינג נומער 1, וואס באווייזט זיך נאר אין דער וועסט, וואו די רייכע וואוינען...

אבער פריהלינג נומער 2 איז א גאנץ אנדער פריהלינג. פון איהם צעבליהען זיך ניט קיינע בלומען. עס עפענען זיך בלויז אויף די „קנאספען“ פון די סמעטניקעס און די גאנצע איסט סייד ווערט באבלומט מיט באנאנא שאלעכץ, סארדין־קעסטלעך, אלטע פעדערען, אהן א שיעור פארשמירטע קינדערלעך און נאך אזעלכע זאכען...

יא, דער רבונו של עולם האט צוויי-ערליי פריהלינגס. איינעם שיקט ער אראפ אין דעם אפטאון געגענד פון וועסט־דעטראיט און דעם צווייטען — אין דעם דאון טאון געגענד פון איסט דעטראיט, וואו אידען און, להבדיל, ני-גערס וואוינען...

גאט אליין איז מיט די רייכע...

דאס איז, ווי שוין געזאגט, דערפאר, ווייל זיי זיינען עקאנאמיש...

אפילו אין דער פאדערונג פון דער די יו אר פאר זעקס סענט פעיר, האט איהר אויך פאר זיך א מוסטער, ווי אזוי רייכע מענשען האלטען ניט פון פאנאנדערווארפען זיך... זי זאגט צו איהרע ארבייטער: „איהר ווילט גרע-סערע שבירות? יא, איהר וועט עס קריגען; אבער ניט ביי מיר... די קבצנים זיינען סאיווי גרויסע פאר-שווענדער, טא זאלען זיי צאהלען!“...

און — איך קען אייך פארזיכערען, אז זיי וועלען צאהלען, אט די קבצנים די פארשווענדער...

אויב ניט היינט, אי זמארגען!...

# ווארום איז זי איפערזיכטיג?

מיסעס בערשעווסקי האט זעהר א שלעכטע טבע; זי איז זעהר איפערזיכ-טיג. זי איז געווען איפערזיכטיג אויף בערשעווסקי׳ן אין דער צייט ווען זיי זענען חתן־כלה געווען, אבער דאס איז אן אנדער געשיכטע. זי איז אויף איהם איפערזיכטיג זינט זיי האבען חתונה געהאט, אבער בערשעווסקי׳ן הויבט עס נים אן צו ימערען און ער אטענדעט זיין ארבייט פון דער אינשורענס קאמ-פאניע וואו ער איז אנגעשטעלט, אין א באזונדער אפיס מיט א פריוואט טייפ-רייטערקע, א שעהנע טייפרייטערקע. פון רעסטווענען האט זיך מר. בערשעווסקי בעטראכט אלס איין אנשטענדיגער פאַ-מיליען מאן, און זי די טייפרייטערקע אלס איין אנשטענדיגע מיידעל, וועלכע דארף זוכען איהר גליק און גלייבען, און עס זענען פאגליך צווישען זיי קיינע ליעבעס־ פארהעלטניסע פארגעקומען..

מרס. בערשעווסקי׳ן איז אבער די גאנצע געשיכטע נים געפעלען, זי ווייס אז ווען זי זאל ניט געווען זיין שעהן, וואלט מר. בערשעווסקי אויף איהר זיך ניט געווען אומגעקוקט. דען דאנקענג נאר דער שעהנהייט, קען א פרוי מא-כען יעדען מאן ער זאל פאר איהר קניען און אוועקשענקען זיין הארץ. „דאס — וועלכע — האט זי ביי זיך געטראכט — קען דאך טרעפען מיט דער טייפרייטער-קע און איהר מאן? טא ווי אזוי זאל מען ניט זיין איפערזיכטיג?“ און מרס. בער-שעווסקי איז געווארען איפערזיכטיגער מיט יעדער מינוט, שטונדע און טאג. און וואס מעהר זי האט דערפון געטראכט, אלץ מעהר האט זי אנגעהויבען ליעבען איהר מאן, און אלץ מעהר האט געוואק-סען און איהר די מורא טאמער וועט ער אוועקשענקען זיין ליעבע צו דער טייפ-רייטערקע.

די טייפרייטערקע האט מרס. בער-שעווסקי נים געקאנט, זי האט איין מאל געהערט איהר מאן דערצעהלען פון איהר אז זי איז זעהר א שעהנע, שטילע, אנ-שטענדיגע מיידעל. זייט דאן רוהט זי נים, ענדליך האט זי באשלאסען א קוק צו טאן אויף דער טייפרייטערקע. אבער ביז זי האט זיך אויסגעריכט צו געהן, איז איהר מאן אהיים געקומען און אנגעזאגט די בשורה אז ער האט זיין טייפרייטערקע „געסעקט“. ער האט א נייע צוגענומען, ידען די אלטע האט זיך לעצטענס צופיל אנגעהויבען פוצען ביים שפיגעל. אלע מאל פלעגט זי צולויפען צום שפיגעל און פאלגליך פארנאכלע-סיגט איהר ארבייט.

— איז זי א ברונעטקע, בערשעווסקי — האט די ווייב געפרעגט.

— איך האב אפילו ניט אכטונג גע-געבען ווי זי זעהט אוים, מיין טהייע-רע — איז געווען דער ענטפער פון דעם מאן. — איך דענק אז זי איז א שווארצינקע.

מרס. בערשעווסקי איז א בלאנדינ-קע.

דאס איז געווען אין א דיענסטאג. פרייטאג מארגענס איז מרס. בערשעוו-סקי אויסגעוואקסען אין איהר מאן׳ס אפיס. בערשעווסקי איז דארט ניט גע-ווען. א יונגע מיידעל, א הויכע, א ברונ-נעטקע מיט שווארצע גרויסע אויגען און מיט רויטע ליפען, איז געזעסען נעבען טייפרייטער. מרס. בערשעווסקי האט זיך אפגערופען:

— איך בין מרס. בערשעווסקי. עס ווייזט אוים אז איהר זייט מר. בער-שעווסקי׳ס נייע טייפרייטערקע?

— יעס, — האט די יונגע מיידעל געענטפערט.

— ווי גלייכט איהר אייער נייע שטע-לע מיין טהייערע?

די יונגע מיידעל האט אויפגעצויגען איהרע אקסלען.

— וואס, איהר גלייכט ניט?

— א, ניט געפעהרליך.

— מר. בערשעווסקי דיקטירט אזוי שנעל, און אזוי פיעל, אז איך ווער צו-מישט. ער סמוקט שטענדיג א סיגאר, און קען דארום ניט ארויסרעדען ריכ-טיג וואס ער וויל זאגען. חוץ דעם האב איך מאנגעס מאל אזוי פיעל ארבייט, אז איך ווער פערטיג שפעטער ווי א האלבע שטונדע ווי איך דארף ארבייטען. איך בין אזוי מיעד אבענדס ווען איך קום אהיים, אז איך האב קיין כח

(שלוס אויף פיידזש 6)

State of Michigan
County of Wayne

Harry Becker, of the City of Detroit, County of Wayne and State of Michigan, being first duly sworn, deposes and says that he is the circulation manager of "Der Weg" Publishing Company, a Jewish Daily printed in the city of Detroit.

Deponent further says that the paid circulation on Sunday, May 30th, 1920, was 17,784.

Deponent further says not.

HARRY BECKER,

Subscribed and sworn before me this 31st day of May, A. D. 1920.

MORTIMER J. LISS,
Notary Public, Wayne County, Mich.
My Commission ex. July 28th, 1920

Der Weg

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט
ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער
וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד
[illegible]ם אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715.

# א תשובה

פון ב. י. ג—ן

איך האב אמאל אויף דיעזען פלאץ געשריבען אן ארטיקעל, א מין אנקלאגע אויף יענע פרויען, וואס פארגעסען באלד נאך דער חתונה אן זייער מיי־דעלשאפט. זיי פארגעסען ווי זיי פלעגען זיך אמאל פוצען, פארגעסען זאגאר מיט וואס פאר א שפראך זיי פלעגען רייזען צום חתן, אדער געליעבטען.

נאך דער חתונה בייטען זיי זיך איינגאנצען אום.

נישט זיי פיהרען זיך ווי מיידעלוויז נישט זיי קליידען זיך פינקטליך, ניט זיי היטען זייער טואלעט און פריזור ווי מיידעלוויז און נישט אפילו רייזען זיי און האלטען זיך אין דער אנגעוועהנהייט פון זייערע מאנען אויף אזא שטייגער ווי מיי־דעלוויין.

[illegible]

פיעלע פון אזעלכע פרויען זאגען: „איך בין שוין געפעלען געווארען". אנ־דערע זאגען: „ווייסיך", איך דארף דאך שוין קיינעם נישט געפעלען ווערען".

דאס איז א טעות.

צו געפעלען ווערען דעם מאן, וועלכען מען האט שוין צוגעבונדען צו זיך מיט חופה וקדושין איז מעהר וויכטיג ווי צו געפעלען ווערען דעם חתן.

און א מאן מעג ער שוין אפילו זיין פארבונדען מיט חופה וקדושין און שוין אפילו האבען א קינד, אדער צוויי, קאן ער אבער מעהר פארגעניגען צו טרעפען דאס ווייב אנגעטאן ווי געהעריג, און הערען זי רײדען שעהן און עדעל, ווי ווען ער טרעפט זי אן אומגעוואשענע, א ניט־פארקעמטע און ווען זי רעדט צו איהם, ווי מען רעדט צו א היימישען משרת.

זיינען אבער נישט אלע פרויען גלייך.

שרייבט מיר איצט איין פרוי, וועלכע חתמ'עט זיך „די פארצווייפעלטע לעזערין מרס. מ. ס." אז זי איז שוין זיבען יאהר פארהייראט, אז זי האט שוין דריי זעהר שעהנע קינדער און פונדעסטוועגען באקומט איהר נישט דאס לעבען. נאר דערפאר וואס זי בענקט נאך קאמפלימענטען דערפאר וואס זי האט נישט פונ'ם מאן קיין לאסקעס, ער קוקט זעהר וועניג אויף איהר, ווייס נישט ווען זי טוט אן א ניי קלייד, וואס עס פאסט איהר און וואס עס פאסט איהר נישט. מיט איין ווארט: ער איז גלייכגילטיג צו איהר. ער מישט זיך נישט, גלייך ער וואלט א פרעמד־ער געווען.

און די מרס. מ. ס. איז פארצווייפעלט.

איהר מאן „מאכט א שעהן לעבען" — שרייבט זי — דאס הייסט ער פאר־דיענט מסתמא ניט שלעכט. אבער נישט דאס איז ביי איהר דער עיקר. ווען זי זעהט ווי אנדערע חבר'טעס ווערען געצערטעלט, ווען זי הערט אז איהרע פריינדינס באקו־מען קאמפלימענטען פון זייערע מאנען און זי — נישט. פאלט איהר דאס אייגענע לעבען שווער און מיזעראבעל.

און באטש איך אליין האב, ווי אויבען געשריבען, ניט איין מאל שוין באַ־מערקט אז דאס לעבען נאך דער חתונה דארף זיין א פארטזעצונג פון כלה'ווייז, בין איך אבסאלוט ניט איינשטימיג מיט איהר, אז זי האט וואס צו פארצווייפלען, ווייל זי אליין גיט צו אין איהר בריעף, אז אזוי איז איהר מאן געווען אויך פאר דער חתונה.

און זאל דער לעזער נישט מיינען, אז פאר דער חתונה האט ער זי נישט ליעב געהאט.

אדרבה, ער האט זי — שרייבט מרס. מ. ס. — אזוי ליעב געהאט, אז ער האט זאגאר געזאגט, דאס אויב זי וועט איהם אנטזאגען „וועט ער זעלבסטמארד באגעהען".

האט ער זי, אלזא, ליעב געהאט חתן־ווייז.

אבער ער איז פון נאטור אזא.

חתן'ווייז אפילו האט ער זי נישט געצערטעלט, קיין קאמפלימענטען נישט געמאכט; זיך וועניג געקימערט וועגען איהר טואלעט, ניט דערצעהלט איהר אלע גאל פון זיינע געפיהלען צו איהר און — אויספיהרענדיג מיט איהרע אייגענע ווערטער — „ער פלעגט קומען צו מיר ארויסגעהן מיט מיר פאר א וואק, אדער צו א שאו, צוריק אפפיהרען אהיים, אט גאר ווי א פריינער באקאנטע".

אזוי איז עס געווען חתן'ווייז.

טא צו וואס די פארצווייפלונג איצטער, זיבען יאהר נאך דער חתונה, ווען עס זיינען שוין דא דריי קינדערלעך?

דעמאלט, מיט זיבען יאהר צוריק, האט זי צייט געהאט זיך צו פאר־טראכטען אויף איהר צוקונפטיגען לעבען.

איצטער איז עס שוין ראבט זיך א ביסעל צו שפעט.

און נאך עטוואס:

עס איז פארדראסיג און אפשר צום פרצווייפעלט ווערען, ווען מען ווייס, אז דער מאן האט זיך ערשט מיט א פאר יאהר, חתן'ווייז באצויגען מיט ליעבע, צערטליכקייט און דזשענטעלמאניש און נאך דער חתונה איז ער געווארען גלייכ־גילטיג.

עס פארדריסט און אין דער זעלבער צייט בענקט זיך נאך יענער שעהנער צייט.

עס לויפט ווידער דורך א פארצווייפעלטער געדאנק, און אפשר האט ער מעהר נישט ליעב, ווי אמאל? און אפשר האט ער גאר קיינמאל נישט ליעב געהאט?

ביי דער מרס. מ. ס. איז דאס נישט דער פאל.

איהר מאן האט אזא נאטור, אזוי איז ער געווען און אזוי איז ער.

ער האט זי ליעב געהאט חתן'ווייז און אויך איצט.

ער האט איהר דעמאלט נישט געמאכט קיין קאמפלימענטען, האט זי דעמאלט נישט געצערטעלט און ער טוט עס אויך איצטער נישט.

איז דארום נישטא קיין אורזאכע פארצווייפעלט צו זיין.

אמת טאקע אז יעדע פרוי וואלט געקענט איהר מאן איבערצואנדערשען, אבער זי דארף האבען פעהיגקייט דערצו.

אויב מרס. מ. ס. קען דאס נישט, איז דאך קיינעם נישט צו באשולדיגען; אין דעם אלענפאלס דארף זי ניט פארצווייפלען.

האט זי זיך מיידעלווייז באגנוגענט מיט בלויז שטילע ליעבע, דארף זי זיך איצטער אוודאי באגנוגען.

# גרויסע הונגער אין וועלט געשיכטע

פון ר. קראס

איצט, ווען אין אזוי פיעל לענדער אויף דער וועלט הערשט הונגער, פשוט־ער, עלעמענטארער הונגער נאך ברויט, דערמאנט מען זיך ניט ווילענדיג אן די אזוי פיעל באוואוסטע געשיכטען פון הונגער פארצייטענס, און עס ווילט זיך זיי פארגלייכען מיט'ן איצטיגען. דעם עולם איז דערפאר אינטערעסאנט זיך צו דערוויסען וועגען די גרויסע הונגערס, וועלכע זיינען באוואוסט פון דער היסטאריע.

דער ערשטער הונגער, פון וועלכען די געשיכטע דערצעהלט, איז דער, וועגען וועלכען עס דערצעהלט אונז די באוואוסטע עגיפטישע הונגער־מצבה, אויסגעשניצט פון גראניט, און אויסגעפונען אויף דעם אינזעל סאהאאל, ביי דעם ערשטען קאטאראקט אויפ'ן טייך נילוס, אין דעם אוראלטען עגיפטען.

ניט אלע געלערנטע האבען די זעלבע מיינונג וועגען דער אלטקייט פון דעם דערמאנטען מאנומענט. נאר עס זיינען דא באווייזע, דאס זי איז פארבליבען פון די צייטען פון טשעסער, דאס הייסט, קרוב צו צוויי טויזענד יאהר פאר דער צייט פון אברהם אבינו.

זינט יענעם הונגער זיינען אוועק מעהר פון צוויי טויזענד יאהר ביז דער צייט, ווען יוסף איז געקומען זיין א הערשער אין דעם זעלבען מצרים. דאמאלט, ווען יוסף איז דארט אנגעקומען, האט אין עגיפטען געהערשט א דינאס־טיע פון די היקסען, א סעמיטישער שבט, וואס זייער פרעה, זייער מלך, איז געווען פריינדליך צו די קינדער פון יעקב, וועלכע זיינען אויך פון זיין ראַ־סע, סעמיטען. יוסף, ווערט דערצעהלט, האט זיך דאן גענומען צו'ן גרייטען תבואה אויף די זיבען מאגערע יאהרען, די הונגער יאהרען, וועלכע ער האט איינ־געזעהן, וועלען באלד קומען און וועלען טרייבען זיין אלטען טאטען און זיינע ברידער פון לאנד כנען, צו זוכען שפייז אין דעם פטום־באַרען טאל פון נילוס.

דער הונגער אין יוסף'ס צייטען איז אזוי באוואוסט, ניט אזוי דערפאר, וואס ער איז געווען פיעל שטארקער ווי אנדערע, שפעטערדיגע, נאר ווייל ער האט אויף דער מענשהייט געמאכט א שטארקערען איינדרוק דורך דעם, וואס די תורה דערצעהלט וועגען איהם אזוי פיעל און ער האט שטארק געווירקט אויף דער פאנטאזיע פון דער געבילדע־טער מענשהייט און ער ערשיינט נאך זיינט פאר אונז אין א ראמאנטישען ליכט.

אין די ערשטע יאהרען פון דער רוי־מישער אימפעריע איז דער הונגער דארט געווען אן אפטער גאסט. אוי־גוסטוס צעזאר, וועלכער איז שפעטער דורך די הונגעריגע פלעבעיער פראקלא־מירט געווארען אלס דיקטאטאר, איז געווען א מין פארצייטיגער הואווער. אין דעם יאהר 23 בעפאר דער היינ־טיגער צייט־רעכנונג, ווען דער טייך טיבער האט פארפלייצט און אנגעטאן פיעל שאדען, האט ער ארויסגעשיקט שיפען אין ווייטע לענדער, געבראכט שפייז און פארהיט דאס לאנד פון א גרויסען הונגער.

די ניין יאהר צווישען די יאהרען 79 און 88 נאך דער היינטיגער צייט־רעכנונג, זיינען געווען שרעקליכע פאר דער גאנצער דאמאלטיגער איטאליען, צו־ליעב דער טרוקעניש און דעם הונגער צעהן טויזענד מענשען זיינען געשטאר־בען אין איין טאג אין דער שטאדט רוים. אלס א צוגאב איז שפעטער נאך געקומען ערדציטערניש און וואולקאני־שע אויסברוכען, פון וועלכע די צוויי גרויסע, בליהענדע שטעדט, הערקולנ־אום און פאמפעי, זיינען איינגאנצען פארשאטען געווארען מיט וואולקאנישע אש און לאווא. סיריען און אפריקא האבען גלייך דאן אויך געליטען פון מגפות און הונגער.

אין דעם צעהנטען, עלפטען און צוועלפטען יאהרהונדערט זיינען פארגע־קומען א ריי הונגער־יאהרען אין מצרים, דעמאלט אונטער דער הערשאפט פון די מאכמעדאנער. די באפעלקערונג [illegible] לאנד איז געפאלען אין יעדער הינ־[illegible] אזוי ניעדעריג, ווי מען קאן זיך [illegible] פארשטעלען. יעדע עהנליכקייט צו [illegible]מאלע, געוועהנליכע מענשען איז פארפאלען געווארען און עס האט גע־הערשט די מאראל פון דער ווילדער חיה.

אין יאהר 967 איז דער נילוס גע־בליבען זעהר נידעריג, און פאר מצרים, [illegible]עמעס פעלדער עם ווערען באוואסערט דורך דער פארפלייצונג פון טייך נילוס, און ניט דורך רעגען, האט דאס געמיינט אן אומגערעטעניש. זעקס הונדערט טוי־זענד מענשען זיינען יענעם יאהר אויס־געשטארבען אין און ארום פוסטאט. [illegible]אווהאר, דער מאכמעדאנישער יוסף, האט לעבען דער חרוב־געווארענער פוס־טאט אויסגעבויט די איצטיגע קאהירא, און האט גלייך אנגענומען מיטלען צו [illegible] דעם הונגעריגען עולם. דער

כאליף מאאוז האט אפילו געפרואווט צו שיקען שיפען, אום צו ברענגען תבואה, אבער די פרייזען זיינען אלץ געבליבען צו הויך. גאוואהאר, דער דא־מאלסטיגער שפייז דיקטאטאר, איז גע־ווארען אומגעדולדיג איבער'ן צענערען און ער האט באפוילען ארויסצופיהרען די דאמאלטיגע פראפיטירע, די מיל־נער און די שפייז הענדלער און זיי געשמיסען אין מיטען מארק.

ענגלאנד האט געליטען פון הונגער נאך זינט די לעצטע צייטען. אין אכ־טען יאהרהונדערט האט א שטארקע אומגערעטעניש אין ענגלאנד און איר־לאנד געטריבען מענשען צו קאניבאליזם (מענשענפרעסעריי). צווישען די יאהרען 1005 און 1076 האט געהערשט נאך א שרעקליכער הונגער, אזא הונגער, „וואס מענשען געדענקען גאר ניט".

אין די צייטען פון הענרי דעם דריטען זיינען געווען צוויי הונגערס, פאר וועלכע די ענגלישע רעגירונג איז שולדיג געווען. אין יאהר 1235 זיינען 20,000 מענשען געשטארבען אין לאנדאן אליין. נאר די צוויי יאהר, נאך 1257, זיינען געווען נאך ערגער, און אין גאנץ ענגלאנד איז דאמאלס קיין ערד ניט איבערגעבליבען.

אויסער אפשר די לעצטע וועלט־מלחמה, איז קיין גרעסערער אומגליק ניט באפאלען מערב אייראפא, ווי די אזוי גערופענע שווארצע מגפה (אדער שווארצער טויט, טשומא) און דער הונגער דער נאך, אין מיטען פון דעם פערצעהנטען יאהרהונדערט, פון וועלכען מענשען זיינען געפאלען ווי פליגען. אנ־דערע שאצען, אז א פערטעל, און אנ־דערע, אז דריי פערטעל פון דער גאנצער באפעלקערונג פון מערב אייראפא איז אומגעקומען פאר יענע 10 יאהר. יע־דענפאלס ניט וועניגער פון צוואנציג מיליאן מענשען.

אין די צייטען פון די קרייצצוגען, האט פראנקרייך שטארק געליטען פון הונגער און מגפות. אין די דריי קרייצ־צוגען האבען מעהר פון אלעמען געלי־טען די קריסטליכע ארמעען, וועלכע האבען אומזיסט געפרואווט אפצונעהמען ארץ ישראל פון איהרע בעלי־בתים, די מאכמעדאנער, ווי די צווייטע באפעלקע־רונג. אין די דריי לעצטע מאנאטען פון דעם יאהר 1097 (אין דער צייט פון דעם ערשטען קרייצצוג) זיינען אומגעקומען הונדערט טויזענד נפשות דורך מגפות און הונגער אליין.

אירלאנד האט אלמאל זעהר פיעל געליטען, און דער הונגער איז דארט אויך געווען אן אפטער גאסט. שוין אין יאהר 963 איז דארט געווען אזא שטארקער הונגער, אז עלטערן, דער־צעהלט מען, פלעגען פארקויפען זייערע קינדער, כדי פאר'ן געלט צו קויפען שפייז. דריי הונגער־יאהרען זיינען באַ־וואוסט, ווען די פויערים זיינען געטרי־בען געווארען צו קאניבאליזם.

## די גרויסע צייט

(שלום פון פיידוש 4)

דו זעהסט פאר זיך חרוב'ע שטעדט; דו זעהסט פאר זיך פיעל [illegible] קברים; דו זעהסט פאר זיך מיליאנען הונגערענדע, פארצווייפעלטע מענשען — און דו פרעגסט: איז דאס די גרויסע צייט?

עס ליעגט פאר דיר א הויפען האפ־נונגען; עס וואלגערן זיך אין מיסט וואולגארע צעטראטענע פרינציפען, מיט וועלכע מ'האט עטליכע יאהר גענארט די שאף; [illegible] קלינגט אין דיינע אויערען א חוצפה'דיג געלעכטער איבער דיינע שעהנסטע חלומות, און דו זיפצט: איז דאס די גרויסע צייט?

אייראפא קארטשעט זיך אין די קאנ־וואולסיעס פון הונגער; אין אמעריקא בר־שעוועט די רעאקציע; פעלקער ליעגען באשפיגענע, גוסס'דיגע; אלע בייזע רוחות און שווארצע משחיתים זענען ארוים פון זייערע באהעלטעגישען און זיך אוועקגעלאזט אין א ווילדען טריאומ־[illegible]ענדען טאנץ; און דו קרעכצט: איז דאס די גרויסע צייט?

אידיש בלוט גיסט זיך טייכענווייז; די דעניקינס און פעטלוראס שמירען זייערע רעדער מיט אידיש בלוט און מארך; הפקר איז אידיש האב און גוטס, הפקר פאר די רויבער און מערדער; אידי־שע טעכטער ווערען געשענדעט און דער־ווארגען; און א פארצווייפעלטע שטים שרייט אין דיר: איז דאס די גרויסע צייט?

איז אפשר די צייט גרויס דערמיט, וואס פוילען איז געווארען אומאפהענגיג — צו אונטערדריקען און צעטרעטען די קלענערע פעלקער אין איהרע גרענעצען; וואס די טשעכען און די [illegible] סלאווען און די אנדערע קליינע פעלקערלעך האבען געקראגען גרויסע אפעטיטען און עסען זיך איינע קים די אנדערע?

איז אפשר די צייט גרויס דערמיט, וואס אלערליי נארגישטען, שרייער, טומלער, מליצה־זאגער, ליגנערס, אוואנטור־יסטען און משוגעים זענען ארויפגע־שוואומען אויף דער אויבערפלעך פון לעבען?

— איז אפשר די צייט גרויס דערמיט, וואס אלץ, וואס איז באמת שעהן, אי־דעל, דערהאבען, גייסטרייך — ווערט דערשטיקט, אומגעבראכט?

ניין, מיר לעבען נישט אין א גרוי־סער צייט; ס'איז א צייט, ווען אלע מיאוסקייטען, נידעריגע לײדענשאפטען, קליינליכקייטען און טיזועלישע אינסטינ־קטען, וואס זענען יאהרען לאנג געווען פארדעקט אונטער'ן מאנטעל פון ציוויליזאציע און קולטור, האבען זיך מיט איין מאל ארויסגעוויזען אין זייער גאנ־צער העסליכער נאקעטקייט.

אפשר לעבען מיר ערב א גרויסער צייט. דער באדען איז צעגראבען, דורכ־געאקערט מיט מענשליך בלוט, דורכגע־ווארעמט מיט מענשליכע ביינער — און א נייע, גרויסע צייט וועט, מעגליך, אויפ־געהן פון די רואינען.

אפשר... אפשר... נישטא קיין נביאים היינט; אבער די איצטיגע צייט איז ניט קיין גרויסע, נישט ווערט, אז דער קינסטלער זאל זיך מיט איהר אפגעבען; נישט ווערט אפילו אז דער מיטלמענש זאל זיך צוליעב איהר באאומרוהיגען.

א מיאוסע, טרויעריגע צייט. נישט כדאי, אז א מעטערלינק זאל אפטרעטען פון זיין מיסטיציזם, פון זיין ספיריטיזם צוליעב איהר; און בכלל — איז עפעס דער קינסטלער א צייט־מענש? איז דער קינסטלער א רעפארטער, וואס דארף איינכאפען די לעצטע ווארימע נייעס און זיי איבערגעבען פאר פאר דעם הויכ־געשעצטען פובליקום? דארף דער קינסט־לער דען דינען דעם נידעריגען עולם, וואס וויל וויסען דעם דיכטער'ס מיי־נונג וועגען יעדער פאסירונג?

דער קינסטלער, דער אמת'ער קינסט־לער, איז נישט קיינעמ'ס דיענער; ער דארף פריהער פאר אלץ דיענען זיך אליין. דער קינסטלער איז נישט דער צייט'ס משרת און ער דארף זי נישט די־נען, נישט סערווירען איהר טיש, בפרט, ווען דער טיש איז אנגעשטעלט מיט שמוציגע כלים.

אייביג זענען די סודות פון דער אומ־ענדליכקייט; אייביג זענען די פראבלע־מען פון לעבען און טויט; אייביג זענען די רעטעניגשען פון גאט און מענש, און זיי זענען איבער דער צייט, בפרט פון אזא צייט.

לאזט צורוה מיט אייער „גרויסער צייט".

## ווארום זי איז אייפערזיכטיג

(שלום פון זיידוש 5)

ניט צו עסען און קען אויך ניט שלא־פען! ניין, דער דזשאב געפעהלט מיר ניט אזוי שטארק. מעגליך ווען איך וועל זיך איינארבייטען וועט מיר זיין גרינ־גער. [illegible]

— א, געוויס, — האט מרס. בער־שעווסקי געזאגט צווישען די ציינער. — מר. בערשעווסקי נעהמט צו צו דער אר־בייט בלויז שעהנע מיידלאך. עס ווייזט אויס אז איך געפעהל שוין איהם נישט און ווען ער באקענט זיך גוט מיט זיי, גלייכען זיי צו ארבייטען פאר איהם.

זי האט אפגעקעהרט אן א זייט און געטומעלט: — „ווער ווייס, וויפיעל קי־שען ער האט איהר שוין געגעבען".

זי האט געשאפט מוט, און ווייטער געזאגט צום מיידעל מיט דעם געדאנק טאמער וועט זי פארט אויסגעפינען ביי איהר צו זי ליעבט שוין איהר מאן.

— איך האף, אז איהר וועט זיך דא איינארבייטען, און עטליכע טעג ארום וועט אייך זיין גרינגער די ארבייט. איך בין זיכער אז דאס פלאץ וועט אייך גע־פעלען. זייט ניט מוטלאז, מיין טהייע־רע, איהר וועט זיין צופריעדען!

ווען בערשעווסקי איז אנגעקומען האט די פרוי אזוי געארבייט, אז די טייפרייטערקע זאל ארויסגעהן פון אפיס.

— ווי געפעהלט דיר די נייע מיידעל? — האט זי איהם געפרעגט.

— איך קען נאך פארלויפיג גארנים זאגען וועגען איהר. דערווייליע איז ניט גוט. זי האט א שווערען קאפ, און גע־דענקט ניט אויף א האאר.

— בערשעווסקי, מיר שיינט אז זי איז א מיידעל, א ברילאנט!

אין פינף מינוט ארום, איז די פרוי געהאט אוועקגעגאנגען און ער, בער־שעווסקי מיט זיין טייפרייטערקע זענען געבליבען אליין.

— אייער ווייב גלייכט מיך, איך בין זיכער — האט די טייפרייטערקע גע־זאגט צו מר. בערשעווסקי, — איך ווייס אבער ניט פאר וואס זי זאל אויף מיך זיין אייפערזיכטיג.

— אסור, אויב איך ווייס — האט בערשעווסקי געזאגט — זי האט קיין אורזאכע דאצו. מיר וועלען היינט צוזאַ־מען האבען סאפער אין רעסטאראן און מיר וועלען שוין רעדען דאריבער.

J. Lanskey
Tailor

אויב איהר ווילט קריגען
גוטע פאראנטווארטליכע ארבייט, דאן קומט צו 105 טיארער סטריט.
מיר קליינען, פרעסען און רעפארירען לײדיעס און דזשענטס גארמענטס.




## לאנדסמאנשאפטען פארגרעסערען פינף מיליאן דאלאר פאר קאנסטרוקטיווער הילף

געמיינשאפטליכע טעטיגקייט ענטוויקעלט זיך צווישען דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע און לאנדסמאנשאפטען פאר קאנסטרוקטיווע הילף אין פארשיעדענע לענדער.

דער פינף מיליאן דאלאר־פאנד, וואס די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע האט באשטימט פאר רעקאנסטרוקטיווע הילפס־ארבייט אין די מלחמה־לענדער, הויבט אן ביסלעכווייז פארגרעסערט צו ווערען דורך באדייטענדע סומען געלד, וואס די לאנדסמאנשאפטען טראגען אריין פאר דעם זעלבען מין הילף אין זיי־ערע שטעדט, און די דאזיגע ארבייט זעהט אויס צו האבען די גרעסטע שאנ־סען צו ברענגען א פאראייניגטע טעטיג־קייט פון לאנדסמאנשאפטען מיט דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע.

א ספעציעלע קאמיטע, וואס זאל פאר־וואלטען מיט דעם פינף מיליאן דאלאר פאנד איז שוין באשטימט געווארען און די קאמיטע האלט אין אויסארבייטען א רייהע פלענער פון קאנסטרוקטיווער הילף. דעם ערשטען פלאן צווישען די פלע־נער פארנעהמט די שטיצע פאר לייה־קאסעס, וועלכע עקזיסטירען שוין אין די מלחמה־לענדער און וועלכע דארפען ערשט געעפענט ווערען. און דער דאָ־זיגער פלאן האט געוואונען די פולע אנ־ערקענונג פון די לאנדסמאנשאפטען, וועלכע זיינען גרייט בייצושטייערען אויך זייערע געלדער פאר דעם צוועק.

פון די ערשטע לאנדסמאנשאפטען, וועלכע זענען געקומען צו דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע מיט דער בא־רייטקייט איבערצוגעבען זייערע געלדער, זענען געווען די פראסקוראווער מיט $7000, די וויניצער מיט $3500, די פרו־ושאנער מיט $3500, דאן די לובארער לוצקער און אנדערע, און עס איז אויס־געארבייט געווארען א פלאן פון געמיינ־שאפטליכער ארבייט, וועלכער זאל פאל־קאם צופריעדענשטעלען ביידע צדדים. דאס געלד פון דער לאנדסמאנשאפט ווערט אין יעדער שטאדט איבערגעגע־בען צו דעם הילפס־קאמיטע, צו וועלכען די היגע לאנדסמאנשאפט האט דאס רעכט צוצוגעבען אזעלכע פערזאנען וועלכע זיי האלטען פאר נויטיג, און אט דער געמיינשאפטליכער קאמיטעט וועט פארוואלטען סיי מיט דער אלגעמיינער הילפס־ארבייט, אזוי אויך מיט רעקאנס־טרוקטיווער הילף. דאס געלד אבער פון דער לאנדסמאנשאפט וועט געהן אויסשליסליך פאר רעקאנסטרוקטיווע הילף, און אויף וויפיעל דאס געלד אליין וועט זיין צו־וועניג, וועט די געהעריגע אינסטיטוציע קריגען די איבעריגע נויטיגע סומע פון דעם פינף מיליאן דאלאר פאנד.

אין פאל פון פראסקוראוו, צ. ב., ווע־גען די $7000 באשטימט געווארען פאר א לייה־קאסע, און לויט דער פארערונג פון דער לאנדסמאנשאפט זענען צום דאר־טיגען קאמיטעט צוגעגעבען געווארען אלס מיטגליעדער דר. אשר זעבצער און דר. איסאק [illegible]. דער קאמיטעט צוזא־מען מיט די צוויי פארשטעהער וועט פארוואלטען מיט אלע געלדער און אויס־נאהמע, און אויף וויפיעל די $7000 וועלען גלייך איצט אדער שפעטער נישט צו־פריעדענשטעלען די באדערפנישען פון דער לייה־קאסע, וועט דער קאמיטעט פאר־דערען די איבעריגע נויטיגע סומע פון דעם פינף מיליאן דאלאר פאנד.

דער דאזיגער פלאן האט פאלקאם צו־פריעדענגעשטעלט די לאנדסמאנשאפ־טען און די צאהל פון די, וואס קומען זיך פאראייניגען מיט דער דזשאינט דיס־טריביושאן קאמיטע אין דער רעקאנ־סטרוקטיווע ארבייט, ווערט גרעסער מיט יעדען טאג. א גענויע ליסטע פון די אלע לאנדסמאנשאפטען און די סומע, וואס זיי טראגען אריין, וועט מיט דער צייט פארעפענטליכט ווערען.

אויסער דעם באנוצען זיך איינינע לאנדסמאנשאפטען מיט דער מעגליכקייט צו שיקען שפייז אין זייערע שטעדט דורך דער דזשאינט דיסטריביושאן קא־מיטע און קויפען איין קופאנען פאר בא־דייטענדע סומען. צווישען אנדערע האט די וויניצער לאנדסמאנשאפט א־וועקגעשיקט שפייז פאר $1500 און די [illegible]ער פאר $1250.

## שפייז זאפאסען אין אוקראינע

דער אינטערנאציאנאלער אגריקולטור אינסטיטוט פון רוים באריכטעט, אז די גערעטעניש פון ווייץ אין אוקראי־נע פאר יאהר 1919 איז געווען 340 מיליאן בושעל, מיט 70 מיליאן מעהר ווי אין פריהערדיגען יאהר. פאר דער מלחמה איז אין אוקראינע געוואקסען 40 פראצענט פון גאר דער תבואה פון אייראפעאישען רוסלאנד.

דערזעלבער אינסטיטוט שאצט אויך אז אין דעם קובאנער געגענד אליין גע־פינט זיך איבעריגע 16 מיליאן בושעל ווייץ און 13 מיליאן בושעל גערשטען.

## א פאראדנע לויה

נעכטען איז געווען די לויה פון מר. שמאי סטעפין, פון 175 אירינאיי, עטל־בער איז דורך א סבה פון אן אטאמא־ביל געטויטעט געווארען אום פרייטאג ביי טאג. דער עקסידענט האט געטרא־פען ווען ער איז געשטאנען נעבען זיין אייגענער מאשין און א צווייטער אטא־מאביל האט צוליעב אונפארזיכטיגקייט איהם צוגעדריקט אין די אינערליכע גלידער פון זיין קערפער, ווי עס האט געוויזען זיין אפעריישאן אין גרייס האספיטאל. ער איז געשטארבען זונטאג פריה און מאנטאג צוועלף אוהר איז ער געטראגען געווארען דורך די ברידער פון זיין לארזש, וועלכע ער האט גע־גרינדעט, און וועלכע רופט זיך אויף זיין נאמען „סעמיועל סטעפין לארזש", א ברענטש פון דעם „ברית שלום" אר־דען, אויך דורך די מעמבערס פון „בית דוד" שוהל, וואו ער איז געווען א מעמבער און וויים פרעזידענט. די אלע היגע זעקס ברענטשעס פון דעם ארדען ברית שלום זיינען מיט געגאנגען צו זיין לויה. ביי דער שוהל בני יוסף אנשי רוזשין, זיינע לאנדסלייט, האט מען זיך אפגעשטעלט און געמאכט אן הזכרה. מען האט איהם געטראגען ביז בית דוד שוהל וואו דער רב פון דער שוהל, הרב ר' יחזקאל איישישקין האט איהם מספיד געווען. און זעהענדיג, אז די שוהל איז איבערפולט מיט מענער און פרויען, האט ער אויסגענוצט די געלע־גענהייט און האט געמאכט אן אפיעל פאר דעם „גאולה פאנד". עס איז געזאמעלט געווארען נאהענט צו צוויי הונדערט דאלאר. דער חזן פון שוהל האט געמאכט הזכרות און נאמען פון אלע זיינע מיטמענשען. דער פארשטאר־בענער איז אלט געווען 47 יאהר. ער לאזט איבער א פרוי מיט פיער קינדער, אויך אן אייגענע נאמען דורך דעם ברענטש פון זיין לארזש וועלכען ער האט געגרינדעט און רופט זיך אויף זיין נאמען.

* * *

גאר די צדקה אנשטאלטען האלטען מיר אוים פאר די רייכע. די ארימע זיינען קיינעם גאר ניט שולדיג אויסער

The only Jewish Paper Printed in Michigan

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

# דער וועג

The Detroit Jewish Daily

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

347-49 HASTINGS STREET
Telephone Main 3716

Published and distributed under permit No. 750 authorised by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General.

PRICE 2c. — DETROIT, MICH., Wednesday, June 2nd 1920 Vol. 2, No 92 — מיטוואך, דושן 2, 1920

# סאוויעטען עפענען האנדעלס - אפיס אין לאנדאן

לאנדאן, יוני 1 — די צייטונג „איווניגג סטענדערד" מעלדעט, דאס אלס רעזולטאט פון דער געכטיגער קאנפערענץ צווישען דעם ענגלישען קאבינעט און גריגארי קראסין, דעם באלשעוויסטישען האנדעלס קאמיסאר, איז דער סאוויעטען רעגירונג ערלויבט געווארען איינצופיהרען צענטראלע האנדעלס-אפיס אין לאנדאן.

אין דיזען אפיס, גיט איבער די צייטונג, וועט ארגאניזירט ווערען דער מאטעריאלען אויסטויש מיט ענגלישע סוחרים.

קיים פון קאמערציעלען אויסטויש מיט סאוויעטען רוסלאנד. זיי וועלען אבער ניט נעהמען קיין אנטייל אין קיין פאליטישע דיסקוסיעס. דיזע ערקלעהרונג איז געכטען געמאכט געווארען אין דעם אויסערען מיניסטעריום. פראנקרייך, ווערט ערקלעהרט, איז נאך אלץ געגען פאליטישע אונטערהאנדלונגען מיט די באלשעוויקעס און, אויסערדעם, איז זי ענטשלאסען וועגען דער פראגע פון רוסישען גאלד-רעזערוו און וועגען די רוסישע הלואות, וואס זיינען געמאכט געווארען אין פראנקרייך.

## מאסקווא גיט צו ניעדערלאגע לעבען קיעוו און מעלדעט זיעג אין צענטער-פראנט

לאנדאן, יוני 1.—

אן אפיציעלער באריכט, וועלכער איז נעכטען דורכ'ן דראטלאזען טעלעגראף ארויסגעגעבען געווארען פון מאסקווא און איז היינט דא ערהאלטען געווארען מעלדעט, אז די רוסישע סאוויעטען ארמעע, וועלכע קעמפט געגען די פאליאקען און אוקראינער אויף דעם פראנט לעבען דרום פון קיעוו, האט זיך צוריקגעצויגען צו נייע פאזיציעס, נאכדעם, ווי זיי איז אויסגעקומען צו שלאגען זיך מיט דעם שונא'ס פיעל גרעסערע טרופען.

די טעלעגראמע מעלדעט ווייטער, אז פיעלע דערפער אין דער שכנות פון מאלאדעטשנא, צו דרום און מערב פון מינסק, וועלכע די סאוויעטען טרופען האבען לעצטען שבת פארלאזען, זענען נאך א העפטיגען שלאכט צוריק פארנומען געווארען, און דער שלאכט ווערט פארטגעזעצט.

דער באריכט גיט איבער, אז אין דעם זלאטשיק-מאזיר געגענד, אין דעם צענטער פון אקטיווען פראנט, ווערט דער שלאכט פארטגעזעצט צום גונסטען די רוסען לעבען דער באהן סטאנציע, וואס איז 10 מייל מערב פון רעטשיצא.

## טראצקי און ברוסילאוו לייקענען אפ מיליטערישען אויפשטאנד

בערלין, מאי 31.—

אויף דער אנפראגע ... [illegible] נייעס אגענטור ניוס ... [illegible] ריכטיגקייט פון ... [illegible], אז גענעראל ברוסילאוו האט פאראורזאכט א מיליטערישען אויפשטאנד געגען דער מאסקווער רעגירונג, האבען טראצקי און גענעראל ברוסילאוו צוזאמען געענטפערט אפלייקענדיג דעם פאלשען קלאנג, וואס איז פון געוויסע קוועלען פארשפרייט געווארען.

די פראגע און דער ענטפער זיינען געווען דורך דעם דראטלאזען טעלעגראף.

## „פריי מויערער" אין אונגארן

קאפענהאגען, יוני 1.—

אויף דעם גרונד, וואס אפילו אידער עדר קריעג האט אויסגעבראכען זענען די „פרייע מויערער" געווען רעוואלוציאנערע ארגאניזאציאנען, האט די אונגארישע רעגירונג אויפגעלייזט אלע זייערע לאדושען און זייער געלט קאנפיסקירט פאר „הומאניטארישע צוועקען".

## דענישע סאציאליסטען פאר א רעפובליק

קאפענהאגען, יוני 1.—

די סאציאליסטען, די צווייטע גרויסע פארטיי אין דענישען פארלאמענט, האבען באשלאסען צו אמענדירען די קאנסטיטוציע פון דענמארק, מיט דעם ציעל צו פארוואנדלען די קעניגרייך אין א רעפובליק מיט אן ערוועהלטען פרעזידענט.

## ענגלישער קאבינעט קאנפערירט מיט סאוויעטען פארטרעטער אין נאמען פון העכסטען ראט

לאנדאן, יוני 1.—

נעכטען האט דער ענגלישער קאבינעט אפגעהאלטען א קאנפערענץ מיט 2 פארטרעטער פון דער סאוויעטען רעגירונג אין דער אפיציעלער וואוינונג פון ענגלישען פרעמיער.

די קאנפערענץ האט געדויערט א שטונדע מיט א פערטעל. די פאלגענדע אפיציעלע ערקלעהרונג איז גלייך פארעפענטליכט געווארען:

„א קאנפערענץ איז פארגעקומען אין 10 דאוינינג סט. צווישען פרעמיער לאיד דזשארדזש, מר. באנאר לאו, לארד קורזאן, סער ראבערט האָרן און מר. הארמסווארט (געהילפס מיניסטער פון אויסערן) פארטרעטענדיג די ענגלישע רעגירונג און גרעגארי קראסין און קלישקא פון דער סאוויעטען רעגירונג. פארלויפיג איז אפגעהאלטען געווארען א דיסקוסיע וועגען דער פראגע פון באנייען קאמערציעלע באציהונגען צווישען רוסלאנד און מערב-איראפא".

מר. קראס'ן האט זיך ענטזאגט צו רעדען צו צייטונגס-לייט.

מיטגליעדער פון דעם ענגלישען פארלאמענט האבען בדעה היינט צו מאכען אנפראגעס ביי דער רעגירונג וועגען דעם ענטגילטיגען צוועק און וועגען דעם פארטשרים אין די פארהאנדלונגען מיט גריגארי קראסין, סאוויעט-רוסלאנד'ס האנדעלס מיניסטער.

אפיציעל ווערט ניט אנגעגעבען, דאס דער אבזיכט פון די אונטערהאנדלונגען איז אויסצונוצען זיי פאר א פאליטישען שלום.

## אוקראינער „דיפלאמאטישע-מיסיע" פראטעסטירט

די היגע אוקראינישע „דיפלאמאטישע מיסיע" האט צוגעשיקט צו פרעמיער לאיד דזשארדזש א פראטעסט, וועלכער זאל איבערגעשיקט ווערען צום העכסטען עקאנאמישען ראט, פאדערענדיג פאר אוקראינע א פראפארציאנעלען חלק פון דעם גאלד, מיט וועלכען קראסין שלאגט פאר צו באצאהלען פאר די סחורות, אין וועלכע סאוויעטען רוסלאנד נויטיגט זיך.

דער פראטעסט ערקלעהרט, אז עס איז אמת, דאס די מאסקווער רעגירונג האט גאלד פון רוסישען שטאטסבאנק און דעם רעזערוו, וואס איז געווען אין קרעמעל. אבער, טענה'ען די אוקראינישע דיפלאמאטען, אוקראינע האט זיך פארפליכטעט צו צאהלען פראפארציאנעל די צארישע חובות און דאדורך אוקראינע באקומען א טייל פון דעם רוסישען גאלד.

## פראנצויזישע פינאנסירען וועלען זיך טרעפען מיט קראסין

פאריז, יוני 1.—

פראנצויזישע עקספערטען פון פינאנס און עקאנאמיק וועלען זיך באגעגענען מיט גרינארי קראסין אין לאנדאן מיט דעם צוועק צו דיסקוטירען די מעגליכ-[keit]...

# די. יו.ר. גיט ווידער טרענספערס

ווי מיר געהן צום פרעס איז באקאנט געווארען, דאס אלס רעזולטאט פון דעם פארהער פאר ריכטער אי. וו. דזשיין וועגען דער אפליקאציע פון אן אינדזשאנקשאן געגען דער די. יו. אר. איז אן אפמאך געשלאסען געווארען, לויט וועלכען די קאר קאמפאני וועט צוריקציהען איהר באפעהל וועגען ניט ארויסגעבען טרענספערס, און אז א פארהער וועגען דעם גאנצען סכסוך זאל פארקומען דאנערשטאג פריה, וואו די שטאדט וועט פארלעגען די פאקטען און די קאמפאני איהרע טענות.

נעכטען ביי טאג האט קלארענס ע. ווילקאקס, דער קארפארייישאן לאיער, ארייגעגעבען אן אפליקאציע וועגען אן אינדזשאנקשאן, מיט וועלכע צו צווינגען די היגע קאר קא. ארויסצוגעבען טרענספערס אויף די פינגרי-ליניעס און די נייע קאר ליניעס, וועלכע זענען געבויט געווארען אויף דעם "טאג-צו-טאג" אפמאך.

אויסער דעם האט מר. ווילקאקס געבעטען דעם געריכט צו באפעהלען דער די. יו. אר. צו פארקויפען 8 טיקעטס פאר 25 סענט אויף די פינגרי-ליניעס, ווי דאס איז באשטימט געווארען דורכ'ן "פרענטשאיז."

צוליעב דעם, וואס אין די געריכטען איז איצט איינגעפיהרט געווארען די נייע זומער צייט, לויט וועלכער די זיצונגען קומען פאר פון 9 אין דער פריה ביז איינס בייטאג, וועט דער פארהער וועגען אינדזשאנקשאן פארקומען היינט (מיטוואך) אין דער פריה.

טרענספער און די ארביטריישאן קאמיטע האט פארלאנגט געוויסע ביכער פון דער די. יו. אר האט די קאר קא. בעסער צוריק געצויגען איהר פארלאנג פון א סענט פאר א טרענספער, איידער צו באווייזען איהרע ביכער ביכער.

ער האט כאראקטעריזירט די קאמפאני, שטענדיג געווען אונעהרליך און איז איצט אלס אן אונעהרליכע, זאגענדיג, דאס זי איז אויך אונעהרליך דורך דעם, ווס זי ענטזאגט זיך צו געבען טרענספערס און פארלאנגט א 6 סענטיגען פעיר, א ניט סטראשעט זי דער שטאדט מיט א סטרייק.

קאונסילמאן סיימאנס שלאגט דאן פאר צו באפאלמעכטיגען דעם קארפארייישאן לאיער ... [illegible] א. ר. דיזער פארשלאג פאר אויער ארויסצינעהמען אן אינדזשאנקשאן ווערט אנגענומען איינשטימיג.

### דער עולם דינגט זיך, אבער צאהלט פעיר אהן טרענספערס

די קאמפאני האט מאנטאג אנגעזאגט

די קאנדוקטארס און מאטארלייט, דאס אויב אימיצער וועט זיך ענטזאגען צו צאהלען פעיר אהן א טרענספער, זאלען זיי פאלהאלטען די קאר און ווייטער ניט פאהרען.

די ארבייטער, וועמען ס'קומט אויס צו „נעהמען" צוויי אדער דריי קארס, אום צו קומען פון זייערע וואוינונגען צו זייערע פעקטאריעס האבען געמוזט צאהלען א באזונדערען פעיר אויף יעדע קאר. ס'זענען פארגעקומען גאנץ היציגע דעבאטען, אבער ערנסטע צוזאמענשטויסען זענען לעת עתה פארמיעדען געווארען.

דר. אינלטשעס, פאליציי קאמישיאנער, האט לויט דער אנווייזונג פונ'ם קארפארייישאן לאיער, צושטעלט ספעציעלע פאליסלייט אויף די טרענספער-פונקטען, אנזאגענדיג זיי צו פארצייכנען די נומערען פון קאנדוקטארען און מאטארלייט, וועלכע האבען ניט געוואלט ארויסגעבען קיינע טרענספערס.

## קאונסיל באפאלמעכטיגט קארפארייישאן לאיער צו פארלאנגען אינדזשאנקשאן

מעיאר קאוזענס און מר. ווילקאקס זענען ערשיענען פאר דעם סיטי קאונסיל נעכטען אין דער פריה און האבען פארלאנגט, אז דער קאונסיל זאל ערלויבען דעם קארפארייישאן לאיער צו ווענדען זיך אין געריכט וועגען דעם באשלוס פון דער די. יו. אר. ניט ארויסצוגעבען קיינע טרענספערס. מר. ווילקאקס האט דערצעהלט דעם קאונסיל אז פרעזידענט ברוקס פון דער די. יו. אר. האט אליין צוגעגעבען, אז דער איצטיגער שריט פון דער קאמפאניע איז ניט געזעצ[ליך]. מר. ווילקאקס האט ווייטער ערקלעהרט, אז ס'וואלט דער שטאדט און דער קאר קאמפאני גענומען מעהר ניט ווי 24 שטונדען צו ערדייכען אירגענד וועלכען אפמאך, ווען די קאמפאניע וואלט גאראנטירט, אז זי וועט דיזען אפמאך ניט אויסנוצען געגען דער שטאדט, אום צו ערווערבען פאר זיך אייביגע רעכטע אויף די היגע גאסען. פארשטעהט זיך, האט ער געזאגט, די איינציגע גאראנטיע, וואס די קאמפאניע קען געבען, איז דאס וואס זי זאל צוריקציהען איהרע קלאגעס געגען דער שטאדט, קלאגעס, וועלכע זענען געבויט אויף עהנליכע אפמאכען.

ער האט דאן ערקלעהרט, אז דער בעסטער מיטעל איז צו שליכטען דיזען סכסוך דורכ'ן געריכט, וואו די שטאדט-אינטערעסען וועלען פארהיט ווערען אמבעסטען.

מעיאר ווייזט אן אונגערעכטיגקייט פון די. יו. אר. באשלוס.

מעיאר קאוזענס, פארלאנגענדיג אז מר. ווילקאקס זאל באפאלמעכטיגט ווערען צו ווענדען זיך אין געריכט, האט געזאגט, אז דער איצטיגער באשלוס פון דער קאר קא. איז ניט עהרליך, ווייל דער גאנצער לאסט פאלט נאר אויף א 25—30 פראצענט קאר פאהרער. ווייטער, וועט די קאמפאניע דורך דעם באקומען 5 מיליאן דאלאר א יאהר, אין דער צייט, וואס זי אליין האט ערקלעהרט, אז דאס אויסצאהלען די ארבייטער דעם געהעכערטען געהאלט וועט איהר קאסטען וונגעפעהר רום $2,600,000.

דער מעיאר האט דעם קאונסיל דערמאנט, דם ווען מיט א יאהר צוריק האט די קאר קא. פארלאנגט א סענט פאר א

# 6 שווער פערוואונדעט אין עקסידענט

אלס רעזולטאט פון די עקסידענטען זיינען לעצטען מאנטאג פינף פערזאן זיינען לעצטע מאנטאג, 6 פערזאן זיינען ארעסטירט געווארען.

דער ערנסטער עקסידענט האט פאסירט 5:45 פארנאכט אויף לייסענדער סטריט און טרינוואוד עוועניו, ווען אן אטאמאביל האט זיך אנגעשלאגען אין א האמילטאן סטריט קאר.

פיער פערזאן זיינען פארוואונדעט געווארען. זיי זיינען: ערנסט שווארץ, 20 יאהר אלט, און ק. שווארץ, 53 יאהר אלט, ביידע פון 62 פעטערסאן עוועניו; מרס. מעקינע, 21 יאהר אלט, און גראווער קארבין, 30 יאהר אלט, פון 26 לייסענדער סטריט.

די פארוואונדעטע זענען צוגענומען געווארען אין א קריטישען צושטאנד אין גרייס האספיטאל. די אורזאכע פון דעם עקסידענט ווערט אונטערזוכט.

מרס. פ. שנור, 27 יאהר אלט, פון 135 מייפעל וואוד עוועניו, איז מאנטאג פארנאכט אראפ פון א קאר, און ניט אפווארטענדיג ביז די קאר זאל אנפאנגען ווייטער גהן, האט זי פון הינטער דער קאר געמאכט א פרווך אריבערצוגעהען די גאס. דערווייל איז אנגעקומען א צווייטע קאר און מרס. שנור איז שווער פארוואונדעט געווארען. זי איז זאוועקגעפיהרט געווארען אין פראווידענס האספיטאל.

רעי מעקנייל, 20 יאהר אלט, פון 99 ערמאנד פלייס, איז ערנסט פארוואונדעט געווארען, ווען זיין אטאמאביל האט זיך אנגעשטויסען אין א צווייטען אטאמאביל אויף סעקאנד בולעווארד און בעג סטריט. די צווייטע קאר איז געטריבען געווארען דורך מענועל גאטסמען, פון 2908 וואודוואורד עוועניו. מעקנייל איז דורך דעם צוזאמענשטויס ארויסגעווארפען געווארען פון זיין אטאמאביל אויף 60 פוס.

אסיסטענט פראסעקיוטאר, וויליאם קווין, האט גראדע בייגעוואוינט דיעזען עקסידענט און ער האט אוועקגעפיהרט גאטסמענ'ען אין בעטון סטיישאן און איהם דארט ארעסטירט.

## צוויי רעוואלווער דועלען צווישען פאליצי און באנדיטען

נאך א לאנגען גייעג דורך די גאסען און אלעען לעבען טראמבאל סטיישאן, האט זיך צוויי דעטעקטיוס, מאנטאג אוונט, איינגעגעבען צו פארהאלטען 3 פארדעכטיגטע באנדיטען.

צווישען די דעטעקטיווס און די ארעסטירטע איז פארגעקומען א רעוואלווער שיסעריי, אבער גליקליכערווייזע, איז קיינער ניט פארוואונדעט געווארען.

די ארעסטירטע זענען: אייזיק פרידמען, 30 יאהר אלט; אלבערט וויליאמס, 23 יאהר אלט, און דייוויד קריסטיע, 24 יאהר אלט; זיי וואוינען אלע אויף 209 סופיריאר סטריט. זיי ווערען אנגעקלאגט אויף באוואפענטער רויבעריי.

א פאליציי סקוואד האט נעכטען אין דער פריה באמערקט, ווי צוויי גנבים מאכען א פרווך צו בארויבען א טיילער שאפ אויף 829 ספרינגפיעלד עוו. די פאליציי האט מיט איהר אנקומען איבערראשט די גנבים, אין דער צייט, ווען זיי האבען שוין דעם שלאס פון שאפ אויפגעבראכען. א רעוואלווער דועל איז דאן פארגעקומען צווישען דער פאליציי און די גנבים.

ווי פאליציי דערצעהלט, האט זי באמערקט, ווי איינער פון די גנבים איז געפאלען, נאר מיט דער הילף פון זיין „חבר" האט זיך איהם איינגעגעבען צו צולויפען צו אן אטאמאביל, וועלכער האט אויף זיי געווארט און זיי זיינען דאן פארשוואונדען. פאליציי האט אויף דעם פלאץ געפונען בלוט פלעקען.

# ארץ ישראל אלס גלענצענדער ביישפיעל

### א מוסר השכל פאר דעטראיט און פאר אלע אידען פון אמעריקא

א קייבעל דעפעשע פון ארץ ישראל האט געבראכט די פאלגענדע נייעס:

„פרייטאג, 28טען מאי. — די אידען פון ארץ ישראל האבען די וואך אפגעהאלטען א גאולה-וואך, צו זאמלען געלד פאר די אויפריכטונג פון ארץ ישראל. אלע קלאסען אידען אהן אונטערשיעד האבען זיך באטייליגט. איינפאכע ארבייטער האבען זיך פארפליכטעט אוועקצוגעבען יעדערער זיין פארדיענסט פון א מאנאט. די קאלאניסטען האבען אוועקגעגעבען אכט טויזענד דונאם לאנד פאר נייע סעטלערס. די לעהרער פון די פארשיעדענע שולען האבען זיך פארפליכטעט בייצוטראגען דריי טויזענד פונט, אן ערך צוועלף טויזענד דאלאר. פרויען האבען געבראכט זייערע צירונג, און קליינע קינדער זייערע אפגעשפארטע פענעס. די אידען פון יפו האבען אויף זיך גענומען א התחיבות פון צוואנציג טויזענד פונט, אן ערך אכציג טויזענד דאלאר. בסך הכל ווערט ערווארטעט, אז ארץ ישראל זאל געבען צום פאלעסטינא רעסטארייישאן פונד הונדערט טויזענד פונט, אן ערך פיער הונדערט טויזענד דאלאר".

איצטער קומט דער מוסר השכל פאר דעטראיט.

אין גאנץ ארץ ישראל געפינען זיך איצטער עטוואס מעהר אלס הונדערט טויזענד אידען — העכסטענס איין דריטעל מעהר אלס אין דעטראיט.

איין הונדערט געקליבענע דעטראיטער אידען פארמאגען מעהר אלס די הונדערט טויזענד איהען אין ארץ ישראל.

ווי פיעל, א שטייגער, וואלטען דעטראיטער אידען געדארפט געבען פאר דער אויפבויאונג פון ארץ ישראל, ווען זיי זאלען אראפנעהמען א מוסר השכל פון די אידען פון ארץ ישראל?

דעטראיטער אידען ווערען געבעטען בייצוטראגען א פערטעל מיליאן דאלאר. ביז איצטער איז פון א קליינע גרופע פארמעגליכע אידען צוגעזאגט געווארען אבוט פינף און פערציג טויזענד דאלאר. די גרויסע מאסען אידען פון דעטראיט, די שולען, די סאסייעטיס, און די גרויס צאהל מיטעלע בעלי-בתים האבען זיך נאך ניט אפגערופען.

און ביי דעם טויער פון ארץ ישראל שטעהן הונדערטע טויזענדע אידען פון איירא פא און ווארטען אז ארץ ישראל זאל זיי אויפנעהמען. עס פאדערען זיך מיליאנען צו צוגרייטען דאס לאנד פאר זיי.

אויף וואס ווארטען דעטראיטער אידען?

ווער קען זיך בלייבען גלייכגילטיג צו דעם אפיעל פון ציון אין דיזען העכסטען אויגענבליק און זיך אנרופען מיט דעם נאמען איד?

זאלען זיך די אידען פון דעטראיט אפרופען.

זאלען זיי ניט ווארטען ביז מען וועט קומען צו זיי. עס איז זייער ציון אזוי גוט ווי פון יעדען אנדערען אידען.

זאל יעדער אריינשיקען זיין קאנטריביושאן צום טשערמאן פון דער דעטראיטער קאמיטע, מר. פרעד מ. באטצעל, 1012 יוניאן טראסט בילדינג, אדער צום טרעזשורער מר. כ. זאקהיים, 1128 מאדזשעסטיק בילדינג.

ציוניסטישע ביורא פון דעטראיט 852 טשיימבער אוו קאמערס בילדינג.

## פאליטישע נייעס בקיצור

### וויל אמעריקא'ס הילף אין אומקעהרען אונגארישע געפאנגענע פון רוסלאנד

בודאפעסט, יוני 1.—

געוועזענער פרעמיער הוזאר וועט אין קורצען אפפאהרען קיין אמעריקא, אום צו קריגען דארט הילף אין צוריקבריינגען די אונגארישע געפאנגענע פון רוסלאנד.

גראף טעלעקי, דער אונגארישער אויסערען מיניסטער, האט ערקלעהרט, דאס זינט אדמיראל קאלטשאק איז אראפגעזעצט געווארען איז קיין זאך ניט באוואוסט וועגען די אונגארישע געפאנגענע, וועלכע האבען זיך געפונען אין דעם נעגענד פון באיקאל.

### גראף קארא'לי געזוכט אויף מערדער קלאגע

בודאפעסט, מאי 31. —

דער קאמענדאנט פון מיליטערישען טריבונאל האט ארויסגעגעבען א באפעהל צו ארעסטירען גראף מיכאאיל קאראלי, דעם געוועזענעם צייטווייליגען פרעזידענט פון אונגארן. גראף קאראלי, וועלכער האט איבערגעגעבען די רעגירונגס מאכט צו בעלא קון, ווערט איצט באשולדיגט, אז ער האט אויפגעהעצט צו מארד (?) און ער האט געארבייט געגען די אינטערעסען פון נאציאנאלער פארטיידיגונג.

### טשעכען פארלאנגען נייע פלעביסציט קאמיסיע

פראג, יוני 1.—

אויף א פארזאמלונג פון אלע טשעכישע פארטייען איז אנגענומען געווארען א רעזאלוציע, וועלכע פאדערט אויף די איצטיגע פלעביסציט קאמיסיע אין דעם טעשען געגענד זאל ארונטערגעזעצט ווערען, צוליעב דעם וואס זי איז אונאויסגעהאלטען ... [illegible] די ארטיגע באדינגונגען און איז פארטייאיש צו פוילען. די זעלבע קאמיסיע ווערט אויך באשולדיגט אין דער רעזאלוציע פאר די בלוטפארגיסונג און אומרוהען, וואס קומען דארט פאר.

### יאפאן בעט ענגלאנד צו באנייען זייער בונד

טאקיא, יוני 1.—

דער קאבינעט האט באשלאסען צו פארהאנדלען מיט ענגלאנד וועגען באנייען דעם ענגליש יאפאנעזישען בונד. באטש איינינגע פונקטען פון דיעזען בונד וועלען מוזען מאדיפיצירט ווערען אין איינקלאנג מיט דער נאציאנען ליגע, וועלען אבער די הויפט פרינציפען בלייבען די זעלבע.

Public Library
Detroit

## CLASSIFIED

### באקאנטמאכונג

די סילווער לעדער קא., 578 דושאז. קעמפא, קויפט פארשיידענע וארטען לעדער און אימיטיישאן לעדער, אויך אלטע לעדער און ראבער בעלטינג. ספעציעל זענען מיר פאראינטערעסירט אין נייע סעלאליד סקרעפ; מיר צאה־לען 65 סענט א פונט.

**פארגעסט ניט** אונזער טעלעפאן נומער: מעלראוז 4610.

## Real Estate

### לענדלאהדס און פראפערטי אייגענטימער

לאזט זיך ניט נארען, זייט פארזיכטיג בעפאר איהר קויפט סעמענטענע גאר־בעדזש אדער אש־רעסעפטיקאל, דיטראיט קאנקריט מאניופעקטשורט ריאינסטאלד רעסעפטיקעלס. די צעמענט איז געמישט מיט וויער, ווערט נעווער צופאלען, וועט זיך ניט שפאלטען פון פראסט. מיר גאראנטירען בילינער איז פרייז, בעס־טע אין קוואליטי. ה. מ. קאפמאן, 296 האנקאק איסט. טעלעפאן מעלראוז 3595 וו. טשעררי 1473. פרייע אינ־סטאליישאן.

### בעקאנטמאכונג

דיר, רחל־רייטשל בת משה שרעבניק. 1506 מישיגען עוו. — און 762 וועסט גרענד בולווארד, לאז וויסען צו די ביסט ווילינ צו נעהמען אויך א אידי־שען גט כד"ת.

איך בין בערייט זיך צו פארלאזען אויף מענשען אדער אויף הרב אייזענ־מאן.

א. האכמאן,
440 קלינטאן.

### איך קויף

און איך ליעס אייער פראפערטי. מיינע קאסטאמערס ווארטען. דזשאנסען, 196 גרייטיאט עווניו, 2טען פלאר. טעל. מעין 4229. (6-4-2—6)

### פארלאנגט

א מיידעל אין א גראסערי סטאר. נאכפרעגען 374 האלברוק עוועניו, קאר. קאראניע. (3

**6 רום פלעט** צום פאררענטען אין 212 קוירבי. נאכפרעגען 228 שערידען.

### דר. לאנדי, דענטיסט

מאכט באקאנט צום ווערטהען פובליקום דאס ער האט ערעפענט די דענטאל אפיס פון דעם פארשטארבענעם

**דר. שליסעל**

אויף 617 הייסטינגס, נעבען עליאט.

### יהודה ליב האכמאן

440 לינקאלן. איך, דיין פרוי רחל, לאז דיר וויסען, דאס איך בין גרייט אי"ע טאג צו נעהמען פון דיר גט. קיין געלד פאר א גט קען איך ניט צאהלען.

### פארלאנגט א באי

צו לערנען די פרינטינג ביזנעס. גוט באצאהלט אין דער צייט פון דער לעה־רע. זיך צו מעלדען צו מר. יפה, אין אפיס פון „וועג", פון 9 ביז 11 אין דער פריה.

TELEPHONE CANAL 199
VIENNA SAUSAGE MFG. Co.
CELEBRATED VIENNA PURE Hygeia Beef Sausages
CORNED, PICKLED BEEF, TONGUES, ETC.
U. S. INSPECTION ESTABLISHMENT 199
1215-1217 S. HALSTED ST. CHICAGO.

אונזערע
**דעטראיטער אגענטען**
זיינען
**דזשיי לעפקאווסקי און סאגס**
**בראדווי מארקעט**

### צום דעטראיטער פובליקום!

יעדער איינער דארף וויסען: אז אויגען זיינען די איידעלסטע ארגאנען אין דעם מענשליכען קערפער. ווען איהר ליידעט פון אירגענד וועלכע קאפ־שמערצען אדער נערוועזיטעט, דאן געהט צו אן ערנסטען, עהרליכען אפטאמעטריסט ער וועט אייך פארזיכטיג און וויסענשאפטליך צופאסען די נויטיגע ברילען.

די ריכטיג צוגעפאסטע ברילען וועט אייך ערלייזען פון אלע אייערע טראבעלס. נעהמט צו אייער גוט־באקאנטען

**Frosh O. D.**
**אפטאמעטריסט**

אין 204 קלינג"ס בילדינג וועלכע געפינט זיך אין 308 הייסטינגס סט. קעגענאיבע עהרליך"ס דזשועלרי סטאר.

---

## פערלאנגט און געזוכט

צוויי אדער דריי ליינס אין „וועג" ברענגט אייך די בעסטע רעזול־טאטען.

**דער פרייז איז ביליג און דער נוצען פון גרויס וויכטיגקייט.**

צו פארקויפען
**א קענדי סטאר**
אין אוקלענד
בעסטען אידישען נעגענד
נאכפרעגען אין באקס 81 „דער וועג".

### א טיילאר שאפ

גוט איינגעטרייטע סטאר. קען געקויפט ווערען זעהר ביליג. נאכפרעגען אין „וועג" באקס 63.

### צו פארקויפען

א דעירי און גראסערי סטאר. אין בעסטען אידישען לאקיישאן. ניט פיעל געלד נויטיג. זיך נאכפרעגען אויפ'ן פלאץ, 1170 הייסטינגס סטריט.

# פארד קארס און אנדערע קאר

קומט און קלייבט אויס פון אונזער גרויסען סטאק. מיר קויפען פאר קעש און פאר־קויפען אויף לאנגע טערמינען

**Maurice W. Fox Co.**
**Boulevard Near Oakla**

### א בארגעין אין א פיאנא!

א וואונדערבארע שטארקע פיאנא אויסנאהמער טאן, כמעט ניי. ווערט $600.00. צו פארקויפען פאר $250.00. נאכפרעגען 1359 מעקלעללען עוו. מר. שוללער, טעל. לינקאלן 1603. (2

### קאפלאן'ס בארגיין סטאר

483 הייסטינגס סטריט

קענט איהר קויפען אלעס פון די פאל־גענדע ליינס:

קאמפליט דרעס גודס ליין פון סילקס, יאלענס און קאטין גודס. פערשיעדענע פענסי ארטיקלען ווי, בעד ספרעדס, קויר־טענס; טייבעל קאווערס; שעטס און סקארפס. קאמפליט ליין אין ליידיס פענ־סי אנדערוועהר און קארסעטס. מענס פארנישינגס און אהנדערוועהר.

**ספעשעל! ספעשעל!**

א גרויסער אסארטמענט אין וואלענס פאר מענער און בויעס סוטס און קאוטס א קאמפליט ליין פון טיילאר און דרעס מייקערס טרימינגס.

# דר. ה. סטאריקאף
**דענטיסט**

דער פלאץ פאר גוטע ארבייט גוטע בעהאנדלונג — ליבעראלע פרייזען.
490 הייסטינגס סטריט

## Reliable Store Fixture Co.

מיר האבען א גרויסען אויסוואהל פון אלערהאנד סטאר פיקסטשורס, וואל קייסעס, שאו קייסעס, אייז באקסעס, קאונטארס, שעלווס, סייפס, סקיילס רעדזשיסטערס, נייע און געווזטע. פרייזען מעסיגע. ארענזשלמענט בעהאנד־לונג. 2 סטארס.

**רעלייבל סטאר פיקטשור קא**
305 גרעשיאט עוועניו
טעל. קאדילאק 2445
277 מישיגאן עוועניו
טעל. קאדילאק 4924 עס.

### דער בעסטער מוהל אין שטאט און מסדר קידושין
# חזן דוד גאלדען



אין 248 איסט האי סטריט
טעלעפאן, מעין 4420

---

### א קארנער אין אוקלענד עוו. צו פארקויפען

5 סטארס און 5 פלעטס בריק בילדינג אין רעכטען אידישען נעגענד. איינ־קונפט $9000.00 יעהרליך. פרייז $80,000.00. איינצאהלונג $30,000.00 גרינגע טוירמס. נאכפרעגען אין „וועג" באקס 90.

### א דריי גודס סטאר צו פארקויפען אין א גוטען נעגענד

גאראנטירט א לעבען צו מאכען. אורזא־כע ערקלעהרט צו די אינטערעסירטע פערזאן. נאכפרעגען אין „וועג" באקס נומער 97.

### שניידער פארלאנגט

אין א סעקאנד הענד סטאר. שבת ניט ארבייטען. 1391 מישיגען לעבען דער 29טער סטריט. (3

### פארלאנגט א פרוי

אדער א מיידעל זי זאל קענען פיק־סען אין א סעקאנד הענד סטאר. זיך מעלדען אין 1391 מישיגען ניער דער 29טער סטריט. (3

### רום פארלאנגט

אנשטענדיגער יונגערמאן זוכט א רום אין נעגענד ניט ווייט פון הייסטינגס סט. נאכפרעגען באקס 25 דער „וועג".

**א קלאסיפייעד אדווערטייזמענט אין „יעזער צייטונג דער „וועג" ברענגט גוטע רעזולטאטען.**

### די קוויטירונג פון די דאנעישאנס צום פינסקער ראיאנער רעליעף

פון מארטש 21טען ביז מאי 16טען 1920

| | |
|---|---|
| הערדי גלאספער | $25.00 |
| פרענק האפמאן | $25.00 |
| וויל. רובין | $17.00 |
| דר. לאובע | $10.00 |
| י. פילאט | $10.00 |
| י. שעוויטש | $10.00 |
| י. פערטשיק | $5.00 |
| י. אנושעוויטש | $5.00 |
| מרס. ה. לעווין | $2.50 |
| ה. קאזלאוו | $1.50 |
| וויסמאן | $1.50 |
| וויל. שווארטץ | $1.00 |
| מרס. ס. לעווין | $1.00 |
| מרס. ס. זארענקין | $1.00 |
| מרס. א. בערנשטיין | 75 |

דאנעישאנס צום מאסענפארזאמלונג מאי 16טען 1920

| | |
|---|---|
| ראזען און זילבערמאן | $50.00 |
| לעווין בראס. | $50.00 |
| שווארץ בראס. | $03.00 |
| מרס. ד. האפמאן | $25.00 |
| פערטשיק און מישקין | $02.00 |
| אהרן גראס | $11.00 |
| וויל. רובין | $10.00 |
| י. ראלניס | $10.00 |
| מ. טעמקין | $10.00 |
| י. נאטליעב | $10.00 |
| מ. שווארטץ | $5.00 |
| י. שערמאן | $5.00 |
| אייזענבערג | $5.00 |
| א. קאהען | $5.00 |
| דזשעק לעווין | $5.00 |
| מ. בורשטיין | $5.00 |
| ס. פעלדמאן | $5.00 |
| בעללא באסעוויטש | $5.00 |
| מרס. ראזע באסעוויטש | $5.00 |
| סאפע זארענקין | $5.00 |
| העניע בערנשטיין | $5.00 |
| ה. בעקענשטיין | $5.00 |
| פערע אלטערמאן | $5.00 |
| ה. קאטליעב | $5.00 |
| סאניע ברענמאן | $5.00 |

| | |
|---|---|
| מארים טוקעל | $5.00 |
| ב. קאהען | $5.00 |
| סעם דווארקין | $5.00 |
| פעריל טאלקאווסקי | $3.00 |
| מרס. חנה סילווערמאן | $3.00 |
| אהרן ווינשטיין | $3.00 |
| סיליע סטרוסקי | $2.00 |
| מ. פרידמאן | $2.00 |
| ה. מוראווטשיק | $2.00 |
| סארקין | $2.00 |
| רובנסקי | $2.00 |
| מארים נאלד | 7.5 |

מיט הילפס גרוס
אי. די מיטלען!

א פארזיגער דאקטאר האט שוין וויע־יער געפונען א מיטעל געגען פליגען. שוין פאראן באלד מעהר מיטלען צו פליגען ווי פליגען. "פארקעהרט" — און דאס איז דאס גרעסטע וואונדער! — וואס מעהר מיטלען עס ווערען ענט־דעקט, אלץ מעהר פליגען ווערען.

### מואשען־פיקטשור אפערייטארס

לערנט זיך פאר זיכטע און ריינע ארבייט. קורצע שטונ־דען, גוטע ווירדזשעם קוואליפיקיישאן גאראנטירט.

**Movie Operator's School**
**33 Sproat St**

מאנטאג, מיטוואך און פרייטאג 7:30 אבענד.

**גיט** אייערע קינדער א מאדערנע אידי־שע ערציהונג שיקט זיי אין דער מענ־דעלע פאלקס שולע 204 איסט הענ־קאק. עס ווערען געעפענט נייע קלא־סען פאר אנפאנגערס, אויך שילער פיר די העכערע קלאסען, אין שולע לע־רענט מען אידיש העברעאיש. געשיכ־טע און לענגעדען, די שולע איז אפען יעדען טאג פון 4 ביז 7 זונטאג פון 9 ביז 12.30

### — באקאנטמאכונג —
**רעוו. א. קאצער**
וואס איז רעקאמענדירט פאר'ן בעסטען
**מוהל**
זייט די לעצטע 20 יאהר
האט געמופט פון 263 פארנסווארט
אין
140 מידלורי, קאר. בראש
טעלעפאן: מארקעט 827

---

### שטראף אויפ'ן פונט.

צוויי אראבישע פאנאטשטשיקעס אין ירושלים זענען פאראורטיילט געווא־רען צו צוויי יאהר טורמע און 20 פונט שטראף.

20 פונט שטראף? דאס איז צו גרינג פאר זיי. אזעלכע פאנאטיקער מאכער וואלטען געדארפט קריגען שטראף אויפ'ן גוף און ניט אויפ'ן פונט.

**רעוו. ל. ד. רייכלין**
**פון אהבת אחים שוהל**
(אוקלאנד)
נעהמט אן **סדור קדושין**
און אנדערע שמחות מי"ט די בעסטע
צופרידענהייט.
511 קעמעראן עוועניו
טעל. העמלאק 1130 דאבעליו

## שעלמער'ס דראג סטאר

477 הייסטינגס סט.
טעלעפאן, טשערי 5763
פרעסקריפשאנס פארפערטיגט מיט די גרעסטע פינקטליכקייט
צו יעדער צייט

וועלט איהר אייערע גלעזער, שליסלען קארפענ־טער זעגען, טולס און אנדערע ארבייט
גוט געמאכט און גאראנטירט?
טו קומט צו
**מ. דאמניטץ**
245 מאנטקאלםסט.

**ווארע ביליג פאר סטאר־קי־פערס און פעדלערס**
ספעציעלע פרייזען פאר ריטיילערס
**מאקס ראזינסקי**
353-355 הייסטינגס, קאר. קאלומביא

# א גרויסער אויספארקויף
**מייל פאנגט אן מאנטאג.**

איך מאך באקאנט צום געהערטען פובליקום פון דעטראיט דאס איך מוז אויספארקויפען מיין גאנצען סטאק

## קרעקערי, אלומינום, גראניטווער און פענסי טשיינ

**אלעס, אלעס**, מוז פארדויפט ווערען אין דער קורצער צייט פון היינט ביז דעם 1טען דזשולי. מיין ליסט געהט אויס און מיין געזונט ערלויבט מיר ניט מעהר צו שטעהן אין ביזנעס, דעריבער מוז אלעס פארקויפט ווערען צו די בילינסטע פרייזען.

קומט וואס שנעלער פאר די בארגיינס. אלעס ווערט פארקויפט פאר א האלב פרייז.

**מ. ב. שאפירא**, 511 הייסטינגס סטריט, ביטווין אלפרעד און ברוסטער

זאגט אייערע פריינד וועגען דעם גרויסען סייל.

## געלט קיין אייראפא

דער זיכערסטער און בעסטער וועג צו שיקען געלד צו אייערע קרובים קיין יוראפ איז דורך דער

## פיפעלס רעליעף

וועלכע איז א בראנטש פון דער דזשוינט דיסט. קאמיטע.
די געלד ווערט געשיקט אין דאלארס.

**פיפעלס רעליעף קאמיטע**
490 הייסטינגס סטריט
קעדילאק 2061

---

# אטאמאביל עקסידענט האספיטאל
# אטאמאביל אייגענטימער



ווען אן עקסידענט טרעפט מיט אייער קאר, ברענגט דאס צו אונז. מיר וועלען די קאר ווידער ניי מאכען.

פריימס, באדיס, עקסעלס, פענ־דערס ווערען אויסגעגלייכט, געוועלדעט, געמאכט ווי נייע און געגעמעלד.

## רעדיאייטארס פעריכט און איבערגעדילט אויך עקססטענדזשעס

**Michigan Radiator & Fender Repair Co.**

723, 725 & 727 John R. St. — Glendale 7576

# אויסקינפטע פריי

וועגען גערען נעגעבען איבער פאלגענדע ענינים: פאספארטען, ווי צו שיקען געלד אין אייראפא, ווי אזוי אריבערצוברענגען אייערע פאמיליעס, וועגען די רעכט פון לענדלארד און טענענטס, וועגען לאנד קאנטראקטען, מארטגעדזשעס, טעקסעס, און אזוי ווייטער.

## ווי צו ווערען א בירגער

וואו און ווי אזוי צו לערנען ענגליש, סאלדאטען פענסיע, ליבערטי באנדס באנוסעס, אינשורענס און נאטוראליזיישאן.

**The Free Information Bureau**
**Detroit Board Of Commerce**

# ראזענפעלד'ס
# רוסישע טערקישע באד

פאר אלע וועלכע זוכען ריינליכקייט און גוטע באהאנדלונג.

30 **מארבעל וואנעס** — 2 **כשרה מקוואות**
**שאור בעטהס** — **פרייע קאטס אויף צום רוהען**

16 פריוואט רומס פאר יענינע וועלכע ווילען נעכטיגען.

א פראבטפולער לאנטש קאנטער מיט פרישע עסענוואהרג און געטראנקע צו יעדער צייט.

שוויץ פאר פרויען יעדען מיטוואך, פון דער מיטווירקונג פון אן עקספערט מאסאזשיסטקע.

1846 אלפרעד סטריט, נ"ער אנטאין, טעלעפאן טשערי 0180 ראבינ.

---

# מט. קלעמענס
## זייט געזונט



און פארברענגט אייער זומער וואקיי־שאן אין מאונט קלעמענס, און אז שוין אין מאונט קלעמענס. וועט איהר סטאפען אין

## Elkins Hotel

100 רומס. דיינינג רום פאר 300 לייט. א רפואה פאר קראנקע, א פאר־גענ־גען פאר געזונטע.



ס'ניט נעדרונגען אז איהר מוזט האבען טויזענדער צו זיין אין מט. קלע־מענס

# ניו ווילא האטעל

וועט אייך רעכענען $25 א וואך און איהר וועט הנאה האבען. אלע רומס קאנעקטעד מיט א פעסעדוש צו די פלאזא בעדער. שרייבט נאך איינצעל־הייטען צום פראפראיעטאר ה. קראוז.

# ריווערסייד האטעל
(געוועזענער פארק ענעקס)

**מט. קלעמענס**, איינגאנצען רעמא־רעלירט, עפענט זיך 1טען מאי.

150 רומס, דיינינג רום פאר 300. דאס איידעלסטע פלאץ פאר געזונטע ווי פאר קראנקע. שרייבט נאך איינצעלהיי־טען.

**Riverside Hotel**
**Mt. Clemens, Mich.**



# אלבאני האטעל

אין מט. קלעמענס, האט א נאמען פאר די לעצטע 20 יאהר אונטער דעם זעל־בען מענעדזשמענט.

מיר בעטען אונזערע קאסטימער און פריינד צו קומען באצייטענס איידער דער סעזאן איז אין פולען גאנג, כדי מיר זאלען זיי קענען געבען בעסערע בא־האנדלונג. שרייבט צו

**ב. מאסקאוויץ**

# אייער פארלארענע געזונט



קריגט איהר צוריק, ווען איהר זענט אין מאונט קלעמענס און סטאפט אין

# גלענוואוד האטעל

קאנעקטעד מיט די בארימטע אלימ־פיא בעדער. שעהן, ליכטיג, לופטיג. פרישע שפייזען, מעסיגע פרייזען, א ספעשעל לאנטש און דעליקאטעסען סטאר. קאנעקטעד מיט די גלענוואוד. שרייבט נאך אויסקינפטע צו א. מאדאר־סקי.

# לעזט דעם „וועג"

# דער וועג

THE DETROIT JEWISH DAILY

Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by DER WEG PUBLISHING COMPANY, INC.

347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715

J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.

B. I. GOLDSTEIN, Editor

(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)

Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50


## פארברעכער כוואליע אין דעטראיט

לייענט איהר די אפטיילונג אויף דער ערשטער זייט פון „וועג“ מיט דעם נאמען „אויף די דעטראיטער גאסען“?

אויב איהר לייענט נישט די אפטיילונג קען מען אייך אויך נישט באשולדיגען, וואריום זי איז מאנאטאן.

ווען איהר וואלט איצט א מאל טאן א נומער „וועג“ און ווארפען אייער בליק אויף דער דאזיגער אפטיילונג און איבערלייענען די ערשטע צוויי, דריי שטיקלעך נייעס, פארשטעהט איהר שוין, אז דער אינהאלט פון די אנדערע, די ווייטערע שטיקלעך נייעסען, זענען דיזעלבע, נישט מעהר, וואס די נעמען פון די גאסען און פון די מענשען ווערען זיין אנדערע.

האט פאר דער מלחמה האבען אידישע צייטונגען אין ווארשוי איינגעפיהרט אן אפטיילונג אונטער'ן קעפעל: „באנדיטיזם“.

אנשטאט אונזער אפטיילונג זאל הייסען „אויף די דעטראיטער גאסען“ וואלט געפאסט, אז עס זאל טראגען דעם נאמען „באנדיטיזם“.

עולם כמעט אין גאנצען איז דער קאלום פארנומען מיט רויבעריי, פארברעכען, אבהאלט, גנבה, אנפאל, און נאר אפט אויך מערדעריי.

און עס מאכט א שלעכטען איינדרוק אויפ'ן לעזער און בפרט אויף די יעניגע, וואס האבען זיך נאך נישט איינגעלעבט אין דיזער באנדיטען ספערע, און וועלכער עס ווערט הערשטיקט אונזער שטאדט.

און געפרעגט האבען מיר אונזערע נייעס שרייבער, צו געפינען זיי נישט קיין אנדערע, מעהר, צו אפילו וועניגער וויכטיגע נאר פון אן אנדער אינהאלט. האבען זיי אונז געענטפערט, אז פאר די מעהר וויכטיגע פאסירונגען אין אונזער שטאדט, געבען זיי אפ ספעציעלען פלאץ און מאכען פאר זיי ספעציעלע „קעפלעך“. די רובריק אבער פון דעם באנדיטיזם איז, לײדער, אזא גרויסע, אז ווען פארנעהמען מיט זיי ספעציעלען פלאץ און באזונדערע „קעפלעך“ וואלטען זיי פארנומען אינגאנצען די צייטונג.

און דאס איז אן אמת.

די שטאדט טרינקט זיך אין כוואליעס פון פארברעכען. און דער שטראם פון פארברעכען איז אזוי גרויס, דאס צומאל באפאלט א פחד נישט נאר דעם פרעמדען, נאר אפילו דעם היימישען איינוואוינער.

געוועזען צייטען ווען דער שרייבער פון דיזע צײלען, ביי זיין אנקומען אהער, האט זיך געהיט נישט צו געהן אין דער שפעטער שעה פון דער נאכט.

אין אייראפע זענען דא נישט וועניג פאראן, אפילו צווישען די תושבים.

ווארום דער אמת איז דאך, אז די שרעק איז נישט פון די עטליכע דאלאר וואס מען וועט אויסליידיגען פון די קעשענעס, נישט עס פאלט דער פחד, ווייל מען וועט פון ווערטפאלע חפצים בארויבט ווערען, די מורא איז פשוט פאר די לעבען וואס די באנדיטען האלטען נישט, ווען זיי „באארבייטען“ דעם „קאסטימער“.

דאס איז ביי זיי א מין „ספא מיבא“ פאר די עטליכע דאלאר, וואס איהר האט פארארבייטעט פון זייערטוועגען.

נאך ערגער איז דאס מזל פון די, וועלכע ווערען באפאלען פון באנדיטען אין ביי וועלכע, נאך א גענויער „בדיקה“, מען געפינט וועניג, אדער, חלילה, גארנישט אין די קעשענעס.

אזא קרבן איז מסתמא נישט קיין גביר, נאר אז ער האט די חוצפה צו באלאנגען צו קבצנים, טײלט מען איהם איין מורא'דיגע קלעפ.

יושר, מענשליכקייט, און נאך אזעלכע שאלות קען מען נאטירליך, נישט פרעגען ביי געוויסע, האלדאפניקעס און באנדיטען.

און אזוי איז שוין די באפעלקערונג טעראריזירט, אז זי גלויבט באמונה שלמה, דאס אנדערש איז עס קיין מאל נישט געווען און אנדערש וועט שוין נישט זיין דא, אין דעטראיט.

דערצו קומט נאך צו פון צייט צו צייט א פאר שורות אין דער מאנאטאנער אפטיילונג פון „באנדיטיזם“, אדער „אויף די דעטראיטער גאסען“, וואס איז שוין אין אמת'ן פיקאנט און ווארפט ארויס א העברעישען העלען פונק אין די בסדר'דיגע און ארצאיינענדיגע מעשיות פון רויב, גנבה און באפאלעריי.

מיר מיינען די ידיעות וועגען פאליצייסטען, וואס ווערען אנגעקלאגט אדער ארעסטירט, אלס באנדיטען און האלדאפניקעס.

אט האבען מיר דאך ערשט נישט לאנג געהערט פון א פאר פאליצייסטען, (פאליסליים), וואס זענען ארעסטירט געווארען, לויפענדיג איבער מיינען עזענוי אין אן אויטאמאביל; אט האבען מיר ערשט געלייענט פון א פאליצייסטען, וועלכער איז ארעסטירט געווארען אויף דער טראגע פון רויב, פון האלד אפ.

אזעלכע נייעסען ווארפען פשוט א מרה שחורה.

א גייסטליכער אין מאנטרעאל, קאנאדא, מר. האדט, האט אנומעלטען פארעפענטליכט א קליין ביכעל, אין וועלכען ער באשולדיגט די דארטיגע פאליציי, אז זיי האבען א חלק אין דעם ווייסען שקלאפען האנדעל, וואס איז פארשפרייט אין יענער שטאדט.

זיין באשולדיגונג איז געווען גענוג קלאר, גענוג שארף, און מען האט געמיינט, אז די דארטיגע פאליציי וועט זיך פיהרען אזוי באליידיגט און אזוי אנגעגריפען, אז זי וועט דעם דערמאהנטען פרעדיגער אנקלאגען אין געריכט, אדער על כל פנים, אויספאדערן, אז ער זאל זיינע ווערטער צוריקציהען, אדער אנווייזען פאקטען.

אבער קיין איינס פון דעם אלעמען האט נישט פאסירט.

די פאליציי אדמיניסטראציע האט אנגערוקט — ווי מען זאגט — א טויבע היטער און זיך געמאכט נישט הערענדיג און נישט זעהענדיג.

זי האט אפילו נישט געענטפערט יענע, וועלכע האבען איהר אויפמערקזאם געמאכט אויף רעוו. האדט'ס שווערע און אפענע באשולדיגונג.

קען בכן מעגליך זיין, אז רעוו. האדט זאל נישט האבען איבערטריבען, ווען ער איז ארויס מיט אזא אנקלאגע, און פאליציי בעאמטע, קען עס בכן זיין, האבען א חלק אין דעם מורא'דיגסטען פארברעכען פון ווייסען שקלאפען האנדעל.

מאנטרעאל איז נישט אזוי ווייט פון דעטראיט. און אויב מיר באשולדיגען נישט די היגע פאליציי אין אזא פארברעכען און אויב מיר ווילען, חלילה, נישט זאגען, אז אלע פאליציי בעאמטע זענען אדער דארפען זיין פאראנטווארט-ליך פאר א פאר פארשיידענע שאלות, פאר א פאר לומפען, נעהמען מיר זיך אבער ערפאר דאס רעכט צו זאגען, אז עס זענען פיעלע בירגער אין אונזער שטאדט, וואס האבען לחלוטין קיין אמונה נישט און קיין ברעקעל בטחון אין דער פאליציי; דיזע בירגער האלטען אפנים יא פאראנטווארטליך דעם רוב פאר דעם יחיד און קוקען מיט אונציטרוי, און צומאל טאקע מיט חשד, אויף דער היגער פאליציי אונטער וועמעס נאז עס ווערען אפגעטאן שודערליכע מעשים בכל יום ויום, און נישט נאר ווערט עס נישט בעסער, נאר, אדרבה, מיט איטליכען חודש פארמעהרען זיך די פארברעכענס און דער שטראם פון רויב און מארד פארפלייצט ממש די שטאדט.

איז אבער שוין גאר קיין הילף נישטא?

וועגען דעם וועט כדאי זיין באזונדער צו שרייבען.

## שפריצען

### ס'גלויבט זיך נישט

אין מעקסיקא, שמועסט מען, איז שוין ווידער א רעוואלוציע, שוין ווידער א פרעזידענט נעלינטשט.

מאלע, וואס מ'זאגט! עס גלויבט זיך גארנישט, אז אין אזא פריעדליך און רוהיג לאנד זאל קענען פארקומען אזעלכע זאכען.

* * *

### זיי דארפען זיך בייטען

צווישען אונזער יוסטיץ דעפארט מענט און ליבאר דעפארטמענט געהט אן אן אונאויפהערליכער שטרייט. מיטשעל פאלמער, דער יוסטיץ מיניסטער, האלט זיך ביי ס'זייניגע, אז מ'דארף די ראדיקאלען אהן רחמנות עולי מין השורש זיין, און דער ארבייטס מיניסטער ווילסאן מיט זיין געהילף, פאסט, האלטען אז מ'דארף נישט אנווענדען אזעלכע שטרענגע, רעאקציאנערע מיטלען.

דערווייל האט פאלמער א שווערע ארבייט: ער האלט אין איין ארעסטירען און פארפאלגען ראדיקאלען. עס וואלט דערפאר געווען א פלאן, אז מיטשעל פאלמער זאל ווערען ארבייטס מיניסטער, ווייל — ער ארבייט, נעבעך, זעהר און זעהר שווער...

* * *

### וואס ווייטער אלץ ערגער

עס הייסט, אז די פאליאקען זענען נאך אלץ אין קיעוו. מילא, דאס איז גארנישט. דעניקין איז געווען עטליכע מאל אין קיעוו — און וואו איז ער יעצט? יודעניטש איז געווען אין קיעוו שוין אפילו זעהר נאהענט פון פעטראגראד — און וואו איז ער יעצט? מיר אליין (הקבר'ל) זענען שוין געווען א זעקס, אדער מעהר מאל אין קיעוו — און וואו זענען מיר יעצט?

אבער די פאליאקען האבען פריערדיגע קעפ און לערנען גארנישט פון פרעמדער ערפארונג. זיי קריכען אלץ ווייטער און וואס ווייטער זיי קריכען, אלץ גרעסער וועט זיין זייער מפלה, ווייל וואס מעהר טעריטאריע זיי פארכאפען, אלץ פון מעהר טעריטאריע וועט מען זיי ארויסטרייבען...

* * *

### אקסען

דאס שפאנישע קעניגליכע פאר האט ביי'געוואוינט אן אקסען קאמפף, וועמעס איינגאהמע איז באשטימט געווען פאר'ן ראטען קרייץ.

עס איז ווי אמאל: אין די צייטונגען איז שוין עטליכע מאל דערצעהלט געווארען, אז דער שפאנישער קעניג שלאגט זיך אפט ארום מיט זיין אידענע — און ווער האט זיך דאן אינטערעסירט מיט דעם? — אקסען! און איצט האט דאס קעניגליכע פאר געווארט זעהן ווי אמעריקאנער „רעד קראס“, אז ער זיך באגראבען די ליגע פון נאציאנען.

אבי מיר האבען ביז איצט געמיינט, אקסען ראנגלען זיך.

* * *

### א ביבלישע ארדנונג

סטוארט סעמועלס האט ערקלעהרט, אז די אידישע ארדנונג אין פאלעסטינא וועט זיין באזירט אויפ'ן תנ"ך.

שש-שש! דאס מיינט נישט מעהר און נישט וועניגער ווי א קאמוניסטישע ארדנונג. דאס ביבעלישע לעבענדע ענגלאנד זאל זיך הערויסען, אז מיר נעהמען דארט איינפיהרען אזא ארדנונג, קען זי זיך נאך דערשרעקען...

* * *

### נישט וועה

פון לאנדאן קומען בשורה קלאנגען, אז די נייע אדמיניסטראציע פון ארץ ישראל וועט זיין א אידישע.

עס וועט זיין נישט שווער פאר ענגלאנד דאס דורכפיהרען. אזוי ווי די יעצטיגע פאלעסטינער אדמיניסטראציע איז אן אנטי אידישע, וועט זי בלויז דארטען אפמעקען דעם „אנטי“ און עס וועט בלייבען — „אידישע“.

## טרויעריגע וויצען

פון א. אלמי (עליאש).

פון אלע שרעקליכע, בלוט-פארגליוועדענדע מלחמה-באשרייבונגען, מיט וועלכע איך האב זיך אנגעלעזען אין די לעצטע עטליכע יאהר, האט זיך מיר אין זכרון פארגעהאלטען אזא מלחמה-קארעספאנדענט אמשארפסטען ארייננעשניטען אין מיין זכרון:

„א שעהנער, ווייסער ווינטערטאג איז געווען. דאס קליינע שטעטעל האט נאר וואס איבערגעלעבט א שראפנעל. די זאנאנגען האבען שוין נעשווינגען, און די איינוואוינער זיינען לאנגזאם אינגעציגוויז ארויסגעקראכען פון זייערע נארעס און באהעלטנישען.

די קינדער האבען זיך ארויסגעלאזט אין די גאסען, זיך פרעהען מיט דער ווייסער וועלט, מיט'ן פראסט, מיט'ן שניי. נאר אט האבען זיי אין שניי אנטדעקט דעם קערפער פון א געהרגעטען סאלדאט. קיינגווארג האט זיך איבערגעקוקט, דאן דעם טויטען צוגעשלעפט צום וואנט, אוועק אויף דער צווייטער זייט גאס און גענומען ציליען ווען אין מת אריין שניי-קוילען, ביז עס וואלט נים דער קערפער פון א מענש געווען, נאר א שניי-פיגור.“

כ'האב עס געלעזען אין די חיים איז מיר נערינגערט געווארען. א מת! — דאס איז דאך גענוג אנגעצויגענע פאר א שרעק און א פינסטערע מורא אויף די פרעהליכסטע קינדער און זיי צערשטערען דעם לייכטען קינדערישען עמים. אבער די מלחמה האט דאס דאזיגע געפיהל פון קינד אין קיין אייקגערויבט. דער טויט איז א שפיעל געווארען. דאס מענשליכע לעבען א הפקר-זאך.

דאס שרעקליכסטע איז, ווען דאס איבערגעוועהנליכע ווערט נעוועהנליך, ווען דאס אומנאטירליכע ווערט נאטירליך.

דאס אפשטארבען פון א געפיהל אין מענשען, איז שטענדיג א סימפטאם פון אן ענדערונג, פון אן איבערבייט אין מענשליכען לעבען. לעשט זיך, למשל, אין אונז אוים דאס ערגעטישע געפיהל, ווייסען מיר, אז מיר ווערען אלט און קאלט, אינגערליך אלט. אזוי איז עס מיט אלע אנדערע געפיהלען. און מען ווערט דאס געפיהל פון שרעקליכקייט, שטארבט אין אונז אפ און מיר קענען איבער דעם לאכען פריידען, איז עס א סימן פון ענטארטונג, פון אימפאטענץ בנוגע די יסורים פון זיך און פון אנדערע.

ווי לאנג מיר קענען נאך רעגירען אויף יסורים, ווי לאנג מיר פיהלען נאך וועהטאג און מיר באגרייפען וואס שרעקליכקייט איז, קענען מיר נאך האפען ווען עס איז געהיילט צו ווערען פון דעם וועהטאג, פון דער קראנקער וואונד. אבער הערען מיר אויף צו פיהלען און באגרייפען וועהטאג, שטארבען אין אונז אפ די עמפינדונגס-פעהיגקייטען, — ווערען מיר האפנונגסלאז, ווערען מיר א פאראליזירטער קערפער און מיר ווערען זיך אונטער די שמייזן פון די בייטשען פיהלען „ווי דער וואלד אין ברויז“.

עטליכע וויצען אין די אידישע צייטונגען האבען מיך געבראכט צו אזעלכע געדאנקען.

דאס זיינען וויצען וועגען פאגראמען, וועגען אידישע ערענד אין אוקראינע און אין פוילען. א קאלטער שווייס האט מיך באנאפען לעזענדיג די דאזיגע וויצען און איך האב זיך מיט שרעק געפרעגט: שטארבט טאקע אין אונז אפ דער געפיהל פאר שרעקליכקייט? ווערען מיר אימפאטענט צו אונזערע לײדען?

אין א ווארשעווער צייטונג לעז איך אין דער הומאריסטישער אפטיילונג אזא מין „וויץ“, אין דער פארם פון א טעלעגראמע:

„האצעפלאן. פון אוקראיניש-באלשעוויסטישען פראנט. אין קאמף צווישען די פעטלוראווצעס און דער רויטער ארמעע זענען גע'הרג'עט געווארען 200 אידען, 1000 אידען צעראבירט און 1500 אידען פארוואונדעט“.

וואס דער וויץ איז דא, פארשטעה איך בכלל נים. אבער דער „הומאריסט“ וואס האט דאס אנגעשריבען, איז דאך אייגען געווען א וויץ. ער האט דאך נאצוועלען ארויסצופיהרען א געלעכטער איבער דעם שוידערליכען גורל פון די אידען אין אוקראינע און אין פוילען, וועלכע ווערען צעריבען צווישען די מיהלשטיינער פון צוויי שטרייטענדע ארמעען.

און א ניו יארקער אידישער צייטונג מאכט א „הומאריסט“ א פאראדיע אויף א ליעד פון א יונגען דיכטער. א גאנץ אומשולדיגע טעמע. מיר ער אבער דארטען אריינפלעכטען דעם אידישען עלענד אין מזרח-אייראפא: —

„נאכט און אויגען, נאכט און אויגען!

ווי א ווילכער איז געפויגען,

דארטען ווייט א דעקעמבריינגען...

און די קינדער אין אוקראינע

האבען נאר יעט וואס צו זויגען.

און די נאכט איז טויב און שטום,

בום!“

און דאן אביסער ווייטער: —

„אויגען, בויגען,

רעקעמבויגען,

מיידלעך דארטען,

ווייס אין פוילען,

געהען געבעך

אום אין הוילען,

בום!

און די נאכט איז

טויב און שטום.

בום!“

דאס זיינען בלויז צוויי „וויצען“ פון א היפש ביסעל „הומאר“ פון דעם סארט, וואס מיר באגעגענען די לעצטע צייט אין דער אידישער פרעסע פון בײדע זייטען ים. דאס נאכטע אידישע אומגליק, פאגראמען, אידישע נויט, די קינדער, וואס האבען נים וואס צו זויגען, די מיידלעך, וואס האבען נים קיין קלייד אויפ'ן לייב — דאס אלץ איז געווארען א וויץ, א שרעקליכער, טרויעריגער וויץ.

עס איז דא אזא זאך ווי „לאכען מיט יאמשטערקעס“ און א גדול, דאכט זיך, נאפאלעאן דער ערשטער, האט געזאגט, אז „פון דאס טראגישע ביז דעם לעכערליכען איז בלויז איין שריט“. אבער דאס איז געררעדט געווארען וועגען דער טראגיקאמעדיע פון דעם טאגטעגליכען לעבען, ווען עס איז אין נארמאלען גאנג. נאר בעת מענשען קארטשען זיך פאר דיינע אויגען אין די מורא'דיגסטע יסורים, אין די שרעקליכסטע קאנוואלסיעס — דאן זיך אוועקשטעלען זאגען וויצען! דאן מאכען שפאס — דאס איז דאך דאס שרעקליכסטע פון אלע שרעקליכקייטען.

מיך שרעקען די דאזיגע „וויצען“. איך זעה אין זיי א געפעהרליכען סימפטאם פון א קומענדער אפאטיע צו די יסורים פון אנדערע און פון זיך; פון אן אימפאטענץ בנוגע אונזער גאנצע מארטיראלאגיע.

טרויעריגע וויצען.

## א קריסטליכע שרייבערין וועגען ארץ ישראל

2.

דעם אנדערען טאג זיינען מיר געקומען קיין ירושלים.

עס איז געווען פרייטאג נאכמיטאג.

דעם זעלבען טאג זיינען מיר שוין געגאנגען אויסקוקען די שטאדט. א בייגערדע האט אונז געפיהרט און געוויזען אין די ירושלים'ער גאסען.

צו ערשט — צו דער כותל המערבי.

אט יענע לענגדראישאידישע וואנט, ביי וועלכער עס ליגט אויסגעשפרייט די הערצער פון יענע אידען, וועלכע זייען טויזענדע מייל ווייט פון איהר.

דער פינסטערע, ארימע און אונרייגע גאסען און געסלעך) געהן מיר דורך, זיי האט נאר אזא עלענדקייט און ארימקייט, נים געזעהן אין ערגעץ.

די כותל המערבי איז זא טייל פון שטאדט מויער. איהרע שטיינער — אלע פון הורדוס'עס צייטען.

די וואנט שטעהט געבען א קליין און פיערעקיג שטיבעל. אויף די וואנט זיינען אויסגעצייכנט העברעאישע אויפשריפטען. ביים באדען זיצען, אדער ליגען א צעהן פרויען, ארומגעהולט מיט פארשיעדענפארביגע שאלען אדער טיכלעך. זיי בעטען, דאווגען און וויינען.

אט קומט פלוצים צו א מחנה ענגלענדער. ווי א שורה גענג, אזוי האבען זיי זיך צוגערוקט צום כותל המערבי. זייער עלטסטער מאכט א סימן, וועלכער צייגט זיי אלס אנזאגונג, אז מען דארף זיך אפשטעלען. זיי שטעלען זיך אפ, עפעס זאגט ער זיי, וואס עס איז נים מעגליך צו כאפען. מען הערט נאר ווי ער ענדיגט מיט דעם איינעם ווארט: „אלקיים“...

אין א מינוט ארום קעהרען זיי זיך אום צוריק.

אט די דאזיגע סצענע האט אונז צעשטערט די שטימונג און האט פארגראבערט דעם גאנצען איינדרוק. זייגען מיר באלד פון דארטען אויך אוועק און עקשט צוריקגעקומען פארנאכט, ווען די מאנסביקען קומען זיך אהין צונויף מקבל שבת צו זיין.

אין דער צייט ווען די ירושלים'ער אידען זאגען זייערע תפלות ביי דער כותל המערבי אום פרייטאג, עסט מען שוין אין די רעסטאראנען און אין די האטעלען. האבען מיר דארום, א קליינע גרופע געסט, זיך ארויסגעזונדערט פון דעם האטעל, אהן א וועגווייזער און מיר זיינען גלייך אוועק צו דער כותל המערבי.

מיר האבען זיך פון ווייטען אפגעשטעלט און געזעהן, ווי א ריהע אידען, אלטע און גרויע, פיערע מיט פאראדנע בארדיגע לאנגע ווייסע בערד, שטעהן ביי דער וואנט. זייערע פנים'ער מיט א הייליגען געפיהל באצויגען און זייערע אלטע אויגען לייכטען און בליצען מיט אזוי פיער יונגער און מיט אזוי פיעל פייערדיקקייט.

דא סריט פון זיי איז געקליידעט מיט לאנגע זיידענע קאפאטעס, ארומגענומען מיט ברייטע, שווארצע גארטלען, סאמעטענע שיך פארשיעדענפארביגע און הארינגע שטריימלעך.

הינטער זי שטעהן די יונגע לייט. אייניגע מיט רויטע קליינע בערדלעך, פארברענגטע פנים'ער פון דער זון, זיי טראגען שוין סאמעטענע קאטוען.

נעבען זיי שטעהט יונגוואַרג. דאס רוב איינגעמאגערטע איינגלעך, מיט אומרוהיגע אויגען. פיערע פון זיי אייראפעאיש געקליידעט און מאנכע אויך מיט ווערישע יארמולקעס, רויטע מיט שווארצע קאטעסען.

באלד דערהערט זיך א שטימע פון איינעם, וואס ווערט באגלייט מיט א געוויין. עס גערויערט א רגע און די גאנצע ארומיגע געגענד ווערט פול מיט געוויין...

דאס געוויין אי רירהרענד, הארצרייסענד.

א ציטער געהט איבער איבער אונזערע לייבער. א רעליגיעזער און רחמנות דיגער ציטער איז דאס.

די זקנים שאקלען זיך פרום, בויגען זיך זייערע אלטע רוקענס און זייגען הפלה מיט גרויס כונה און מיט ביטערע טרעהרען. זיי שפרייטען אויס זייערע הענט און טולען זייערע שטערענס צו דער קאלטער עלענדער שטיינערנער און הייליגער וואנט.

אט אזוי האב איך זוכה געווען צו זעהן עטוואס אין מיין לעבען, וואס איז פול מיט הארציגען אמת, עלעמענטאר ריכטיג, נישט געפארבט. נאר ריינעם, ריינעם אמת.

אויפ'ן פלאץ האט זיך מיר צוזרשט ארויסגעוויזען, אז אפשר איז דאס ביילד נים אזוי פאסיג, נים פיין גענוג אויגי-צוזעהן די תפלות טרעהרען רייסענדע בקשות וועגען א שטאדט וואס איז שוין לאנג א פרעמדע געווארען, וועגען א בית המקדש וואס איז שוין צויי טויזענד יאהר חרוב ונחרב געווארען, וועגען א היכל וועלכענס חורבן עס איז שוין לאנג א לעגענדע. אבער, גאט מיינער, די מענשען וויינען דאך מיט טרעהרען, מיט אמת'ע טרעהרען!

חסידים, ספרדים און אשכנזים צוזאמענגעקומען זיך פון ארבע פנות, צוזאמענגעקומען זיך אום איינצילעבען זיך אין זייער פאלקס אומגליק און אין זייער אייגענעם עלענד — זיי זשע קענען בשעת מעשה רעדען צי איז פאסיג אזא אדער אנדער תפלה, צי נים?!

דאס מעהרסטע וויינען די אלטע, וואס האט מען זיך שנעל דערוואוסט ... הארט ביי דער וואנט.

צווישען די יונגערע זיינען שוין פאראן אזעלכע וואס קענען זיך באהערשען.

דאס יונגוואַרג אבער האט שוין גאר געמוהמעלט דאס דאווענען און בגנבה איבער ווייטע סדורים אריבערגעקוקט צו אונז.

ווי געזאגט, זיינען מיר געשטאנען א גרופע רייזענדע און צוגעקוקט די גאנצע סצענע.

מיר האבען הוכט זיך קיינעם נים געזאגט ווער מיר זיינען, אבער אין ירושלים דארפט נים זאגען אלעמען ווער איהר זענט, מען וועט שוין געוואויר ווערען.

אויך פון מיר און מיינע באגלייטער...

## אין דער מזרחי באוועגונג

די מזרחי ארבייט אין דער פראווינץ מאכט גרויסע פארשריט. דער קאמפיין פאר'ן קרן ארץ ישראל ווערט ענערגיש אנגעפיהרט, מאססמיטינגען און פארזאמלונגען ווערען אפגעהאלטען מיט גרויס ערפאלג. גרויסע סומען ווערען געזאמעלט אויפ'ן ארט און עס ווערען געבילדעט קאמיטעס, כדי אנצוגעהן מיט דער ארבייט אויף ווייטער.

פאר דער לעצטער צייט זיינען אפגעהאלטען געווארען אזעלכע מיטינגען אין פאלגענדע שטעדט. פון זיי זיינען ווערט דערמאהנט צו ווערען פאלגענדע:

הערריסבורג: א זעהר גרויסער און וויכטיגער מאססמיטינג איז אפגעהאלטען געווארען אין הערריסבורג. עס האבען גערעדט: דער רב פון שטאדט, הרב זילבער וועלכער איז געווען טשערמאן, הרב ראזענבערג, איינע פון די פיהרער פון די „אגודת הרבנים“ הרב לעווענטאל, איינער פון די פיהרער פון מזרחי און הרב מאיר ברלין, פרעזידענט פון די מזרחי ארגאניזאציע. די רעדנער האבען שטארק באגייסטערט דעם עולם און א סומע פון איבער צוויי טויזענט דאלאר איז געזאמעלט געווארען אויפ'ן פלאץ, עס זיינען אויך געגרינדעט געווארען קאמפיין קאמיטעס וועלכע וועלען זעהן זאמלען פיעל גרעסערע סומען פיר דעם קרן ארץ ישראל.

פאסייק, נ. דז. אן ערפאלגרייכער מיטינג איז אפגעהאלטען געווארען אין פאסייק, נ. דז. פאסייק האט זוכה געווען צו האבען אלס גאסט אויף דיזען מיטינג הרב אבראמאוויץ פון סט. לואיס, וועלכער האט דארט געווילט שבת און זונטאג. ביי דיזען מיטינג האט אויך גערעדט רבי קאבלענץ פון נ. י. הרב אבראמאוויץ'ס רעדע האט ארויסגערופען גרויס באגייסטערונג און דער עולם האט זיך גיוארעם אפגערופען אויף זיין אפיעל פאר'ן קרן ארץ ישראל. די ווערטער פון רבי קאבלענץ האבען אויך געמאכט א שטארקען איינדרוק אויפ'ן עולם. רעוו. צימערמאן, מנהל חת"ת איז ווערט דערמאהנט צו ווערען אלס איינער וואס האט זיך מתעסק געווען אין דער ארבייט פרי דער מיטינג זאל זיין אן ערפאלג.

אין קאלאמבוס אהייא איז לעצטענס אפגעהאלטען געווארען א מיטינג וועלכען הרב פעלקאוויץ פון קענטאן און הרב מאיר ברלין האבען אדרעסירט. אויף זייערע באגייסטערטע רעדעס האט זיך דער עולם אפגערופען מיט זעהר גרויסע נדבות פאר דעם קרן ארץ ישראל און אויך ווייטער וועט דער קאמפיין אין קאלאמבוס אנגעהן מיט פולען מאכט.

אין דזשורזי סיטי איז אפגעהאלטען געווארען א מאססמיטינג וועלכען הרב מאיר ברלין האט אדרעסירט. ער האט ערוועקט די הערצער ביי דעם עולם און געפאדערט דאס זיי זאלען נים פארנאכלעסיגען די הייליגע ארבייט וואס עס דארף געטאן ווערען. ער האט שטארק באגייסטערט זיינע צוהערער און דער מיטינג האט געבראכט גוטע רעזולטאטען.

אין פילאדעלפיא זיינען געגעבען געווא-

(שלוס אויף זייטע 5)

# אין א ווינקעל פון דעטראיט

ראמאן פון ב. איסאיעוויטש

(פארטזעצונג)

— זי האט נישט געזאגט גארנישט ווייל — — —

— ווייל וואס? זאג! רעד! שווייג נישט!

— ווייל זי איז אין חלשות געפאלען...

— ווארום זשע האסטו מיר פריהער נישט געזאגט, ווארום הא?

— איהר האט זיך נישט געלאזט ריידען — האט שוין דייווידאוו מיט מורא געזאגט.

ער האט שוין דערפיהלט, אז דא האט ער אנגעארבייט א חתונה... ווער ווייס? אפשר זי איז א מיידעל פון זייגעס א פאליטישען ארויסהעלפער. און אפשר — — אפשר איז טאקע אמת וואס דא מיידעל זאגט, אז זי איז א גאסט געווען אין א הויז און האט פארבלאנ-דזשעט... ער וואלט זיך באדארפט באַ-טראכטען פאר שאנדע, ווען דאס זאל אמת זיין..

— דערצעהלט זשע, ווי אזוי איז זי חלשות געבליבען. דערצעהלט אבער אקוראט, פינקטליך און פערדעד מיר ניט די ציינער אז איך האב דיך נישט גע-לאזט ריידען. געהערט?

גענאגט האט דאס דער ריכטער מיט אזא פייער און מיט אזוי פיעל כעס, אז דייווידאוו האט זיך געשראקען, אז ער זאל דא פשוט נישט ארייכקריגען א פאר קלעפ... דער דזשאדזש האט איהם אריינגעקוקט אין די אויגען מיט אזא שנאה און ער האט געקענט איהם אלע מאל געהויבען קולאקעס, אז דייווידאוו האט געפיהלט דאס עס האלט גארנישט ווייט פון פעטש...

ער האט מיט דער גרעסטער פארזיכ-טיגקייט דערצעהלט אלצדינג ווי אזוי ער האט זי געזעהן צוגעהן צו א שאופער פון דערען, צו א דריטען, צו ענדע — צו אן אן אויטאמאביל, נאכדעם צו'ן אן אנ-עלטערען מאן, ווי ער האט יעדען פון זיי געפרעגט, וואס זי האט געוואלט, ווי אלע האבען איהם קיין דייטליכען ענטפער ניט געגעבען; ווי ער האט זי נאכדעם אפגעשטעלט אין א טונקעל באלויכטען געסעל; ווי זי איז אנטלאפען פון איהם און נאכדעם אנידערגעפאלען. ער האט נאכדעם צוגערופען אן אויטאמאביל און האט זי אפגעפיהרט אין פאליססטאצי-אן. ער האט זי געוואלט אריינטראגען אין דער אפטיילונג וואו אזעלכע ארעס-טאנטקעס ליגען, נור די מיסעס ברוס-טער האט געזאגט אז יענע אפטיילונג איז שוין במילא פארפולט זאל מען זי בעסער אריינטראגען צו איהר אין צי-מער. מען האט אריינגערופען דעם טור-מע פעלדשער ער האט איהר געהייסען לאזען רוהען ביז זי וועט זיך איבערשלאָ-פען. די מיסעס ברוסטער האט זי אויס-געטאן. זי האט נאכדעם ארומגעזוכט איהרע זאכען און האט גארנישט געפו-נען, בלויז א קליין ברעלאקעל איינ-געפאסט אין דעם די ביבעל און א פאר אדרעסען פון דאקטוירים, שפיטאלען און סאניטאריום.

דייווידאוו האט אויך דערצעהלט אז קומענדיג אין דער פריה האט איהם די מיסעס ברוסטער איבערגעגעבען ווי דאס מיידעל האט פון פארטאג אן דערארבייט מעשים, האט געשריען, געליארעמט, זיך די האהר פון קאפ געריסען און אז זי האט דערצעהלט וועגען א קראנקער שוועסטער, און אז זי איז עתיד צו נאסטגעווען און ארויסגעהענדיג האט זי פארבלאנדזשעט. א מאהלער האט זי גע-רופען און זי האט נישט געקענט פון דארטען אהיים, טרעפען און אז — —

— שיק מיר אריין באלד די מיסעס ברוסטער — האט דער ריכטער איהם איבערגעשלאגען — ניין, קום צוריק מיט איהר צוזאמען.

דעם ריכטערס באפעהל איז מאמענ-טאל ערפילט געווארען.

די מיסעס ברוסטער האט אויף דעם פארלאנג פון'ם ריכטער איבערדערצעהלט אלעס, אויספיהרליך, פון דער ערשטער מינוט, זינט דאס מיידעל איז צו איהר אין צימער אריינגעבראכט געווארען; ווי זי זעהט אויס צו זיין אן ארענטליכע מיי-דעל, ווי זי שרעקט זיך פאר די אנדערע נאסענטיידלעך וואס זייגען מיט איהר אין איינעם, ווי זי זיצט אין הוילער צי-טערניש...

— האט איהר, מיסעס ברוסטער — האט דער ריכטער זי איבערגעפרעגט — געהייסען אריינטראגען צו זיך דאס מיי-דעל, ווייל איהר, אלס פראקטישע פרוי, האט דערקענט אז דאס מיידעל איז אנ-שטענדיג, הא? האב איך אייך ריכטיג פארשטאנען?

— יעס, יור האנאר — האט די מי-סעס ברוסטער געענטפערט.

דער ריכטער האט מיט רוגזה א קוק געטאן אויף דייווידאוו'ען...

(ניינצעמטע קאפיטאל)

**א בייזער פלאן.**

איז וואס טוט מען איצט? — האט א מחשבה געגעבען דעם ריכטער פארבשטיין.

ער קען איצט ענדיגען די שלאכט צווי-שען איהם און דזשאזעף'ן אין איינע פאר מינוט.

אמת טאקע אז דאס מיידעל — מרים — האט געזאגט דער מאדאם פארב-שטיין, אז מעהר וועט זי מיט דזשא-זעף'ן זיך נישט באגעגנען. ווי אזוי זשע קען מען זיך באווארענען? און ווי איז אז דזשאזעף וועט פון הויז אוועק — אז דזשאזעף וועט א קאמף פאפיהרען?

דער געדאנק האט איהם געשראקען.

ער איז געווען געפאסט אויף אלעס, אבי נישט צו דערלאזען צו א סקאנדאל. דאס טאר נישט געשעהן!

זיינע שונאים זוכען אונטער דער ערד עפעס א סקאנדאל ביי איהם. זיי קוקען ארויס אז עפעס א צווייפעלהאפטע גע-שעהעניש זאל פאסירען ביי איהם אין שטוב. מען וואלט עס דעמאלט צופויקט אין אלע בלעטער, מען וואלט דאס אויף אלע קארנערס מודיע געווען דער וועלט. און יעדער קליינינקייט וואלט מען מיט ליגענס, מיט שקרים וכזבים פארדאָ-פעלט, פארדרייפאכט, פארצעהנפאכט. מ'וואלט איהם אויך זיין נאמען און אפשר זיין גאנצע קאריערע פארשמוצט...

ניין, דערצו טאר ער ניט דערלאזען. דזשאזעף וועט נישט און זאל נישט דער פיהרען צו א סקאנדאל... טאמער שפארט ער זיך איין, אז דווקא וויל ער דאס מיידעל וועט ער זיך אונטערגעבען

— אזוי האט פארבשטיין געהאט בא-שלאסען — מילא, ער וועט לאזען דעם זוהן פייערען א זיגע איבער איהם.

די ערשטע מינוט, ווען ער האט נור דערהערט פון דזשאזעף'ס ליעבע, האט ער ביי זיך אפגעמאכט, אז אין דער עפענטליכקייט טאר די זאך נישט ארויסקומען. בכלל טאר פון דער שטוב קיין זאך נישט ארויסקומען אין דער עפענטליכקייט... דאס פריוואטע לעבען פון די פארבשטיינס טאר נישט אריינ-געצויגען ווערען אין דער סענזאציאנע-לער פרעסע. אלעס מוז אין הויז געשליכ-טעט ווערען.

קעמפען געגען דזשאזעף'ן, קעמפען מיט אלע מיטלען. שטרענגע און שארפע — דאס יא!

אבער — אין הויז.

פון איבער דעם דאך טאר קיין זאך נישט ארויסגעלאזט ווערע. פארבשטיין דארף זיינע שונאים נישט געבען קיין פתחון פה אויף צו באריידען איהם.

באלד אבער האבען איהם אנדערע זארג ארומגענומען;

ווי זשע וועט דאז זיין, ווען ער גיט זיך אונטער און דזשאזעף זיעגט? דאן איז דאך דער סקאנדאל נישט קלענער וואס וועט די וועלט, וואס וועלען זיינע פיינד זאגען: —

דער ריכטער פארבשטיין איז זיך משדך מיט — — — מיט וועמען?

(פארטזעצונג פאלגט)

## אין דער מזרחי באוועגונג

(שלום פון פיורזש 4)

רען א רעסעפשאן פון אלע דארטיגע אגודת אין עהרע פון הרב מאיר ברלין וועלכער האט זיך נאך א 4 מאנאטליכע רייזע צוריקגעקעהרט פון דער אמסטער-דאמער קאנפערענץ און וועלכער האט אויך באזוכט פוילען, א. ז. וו. וועגען מזרחי אנגעלעגנהייטען. דער רעסעפשאן איז געווען ביי הרב לעווענטהאל אין הויז וועלכער האט באגריסט הרב ברלין מיט א ווארמען "ברוך הבא". הרב ברלין האט געהאלטען זעהר א שארפע רעדע און אלס א רעזולטאט איז אויפ'ן ארט געזאמעלט געווארען גרויסע סומען פיר דעם קרן ארץ ישראל און באשלאסען אז אלע פילאדעלפיער מזרחים זאלען אר-בייטען מיט פאראייניגטע כחות און ענער גיש פיר דעם אויבענדערמאהנטען פאנד.

אין מאנטרעאל איז אפגעהאלטען גע-ווארען אן ערפאלגרייכען מיטינג אויף וועלכען הרב סאדאווסקי פון ראטשעסטער איז געווען דער גאסט. אין ריטשמאנד ווא. איז אויך אפגעהאלטען געווארען א גרויסער מאסמיטינג. הרב מארקוס, דער רב פון שטאדט איז געווען טשערמאן און לאיער אייזיס אלען פון נויארק איז געווען דער גאסט און עס איז איהם גע-לונגען צו זאמלען גרויסע סומען פאר דעם קרן ארץ ישראל.

מר. אפרים קאפלאן האט אדרעסירט א מאססמיטינג אין נוארק, נ. דז. און א היבשע סומע איז געזאמעלט געווארען פאר דעם פאנד. מר. בערנשטיין פון נוארק איז געווען טשערמאן.

שטארקע טעטיגקייט פאר'ן מזרחי קרן ארץ ישראל ווערט אנגעפיהרט אין קענטאן אהא. אויף א מיטינג וואס איז דארט אפגעהאלטען געווארען נים לאנג צוריק איז געזאמעלט געווארען, דורך דעם גלענצענדען אפיעל פון הרב אפרים עפשטיין פון שיקאגא, וועלכער איז אויך געווען א דעלעגאט צום אמסטערדאמער קאנפערענץ, קרוב $4000 פאר דעם קרן ארץ ישראל אין הבטחות און מזומן. עס האבען גערעדט די דארטיגע רבנים פעל-קאוויץ און שפירא.

אין קענזעס סיטי איז אויף א מיטינג וועלכער איז אדרעסירט געווארען פון הרב זאב גאלד פון נ. ה. געזאמעלט געווארען איבער $1000 פאר דעם קרן ארץ ישראל חוץ די פריהערדיגע סומען וואס איז דארט געזאמעלט געווארען, הרב גאלד איז באוואוסט צו יעדען ציוניסט און יעדען מזרחי בפרט, אלס א באגייסטער-טער רעדנער און אלס אייגער, וועלכער איז איבערגעגעבען צום מזרחי בלב ונפש הרב גאלד האט אויך ווערזוכט לויסוויל, קיי. און מיט די הילף פון די דארטיגע רבנים האט זיך געגרינדעט אן אגודה און עס איז אויך געזאמעלט געווארען סומען פאר דעם קרן ארץ ישראל.

אין ניו פארט ניוס, איז אפגעהאלטען א מאססענמיטינג וועלכע איז אדרעסירט געווארען פון הרב ראם פון סיראקיוז, נ. י. דורך אן אפיעל איז געזאמעלט געווארען איבער $1000 פאר דעם קרן ארץ ישראל.

אין סטעמפארד קאנ. האט הרב קאב-לענץ אדרעסירט א מאססמיטינג און עס איז געזאמעלט געווארען סומען פאר דעם קרן ארץ ישראל און אויך געבילדעט א קאמפיין קאמיטע וועלכע וועט אויפ-מאהנען די געלדער און זאמלען גרעסערע סומען פאר דעם פאנד.

אין באסטאן מאס. האט הער יונגער רעדנער מר. יהודא גארדאן אדרעסירט א פרייען פארזאמלונג אין וועלכען ער האט ערקלעהרט די מזרחי אידעאלען און דיזער מיטינג האט געבראכט גוטע רעזולטאטען.

אין סט. לואיס איז לעצטענס אפגעהאל-טען געווארען א קאנפערענץ פון זעהר פראמינענטע בעלי-בתים אויף וועלכער הרב זאב גאלד פון ניו יארק, דער באוואוס-טער רעדנער און איבערגעגעבענער מזרחי איז געווען פארזיצענדער. הרב גאלד האט זעהר שטארק משפיע געווען אויף די קאנפערירטע דורך זיין גלענצענדע רעדע און עס איז איהם געלונגען צו גרינ-דען א קאמפיין קאמיטע פון זעהר פראמי-נענטע און אנגעזעהענע בעלי בתים וועל-כע וועלען זעהן ערמוטיגען די סט. לואיס-ער מזרחים צו זאמלען גרויסע סומען פיר דעם מזרחי קרן ארץ ישראל. אלס א רע-זולטאט פון דיזען קאנפערענץ און אלס אן אנפאנג פיר ווייטערדיגע ארבייט האבען די קאנפערירטע מנדב געווען קרוב $4000 פאר דעם אויבענדערמאהנטען פאנד.

# די אידען אין פינלאנד

א פערזאן וואס איז געקומען פון פינ-לאנד קיין פאריז, האט איבערגעגעבען א מיטארבייטער פון "יעווריסקאיא טרי-בונא" איניגע ידיעות וועגען די אידען אין פינלאנד. דער אינפארמאטאר דער-צעהלט אז די לאגע פון די פינלענדישע אידען, וועלכע איז, ווי באקאנט, ביז נאך דער לעצטער צייט געווען זעהר א טרויעריגע, האט זיך לעצטענס ראדיקאל געביטען צום גוטען. די אידען וועלכע זענען געבוירען געווארען אין פינלאנד, אדער וועלכע האבען זיך דארט נאטוראלי-זירט, געניסען איצט אבסאלוט פון אלע רעכט פון פינלענדישע בירגער. דער אנ-טיסעמיטיזם לאזט זיך נאר פוהלען אביסעל בלויז אין דער פרעסע, און דאס אויך נאר אין דער אפיציעלער. אבער גיט געגען אלע אידען ווערט געפיהרט די העצע, נאר בלויז געגען די רוסישע. מען געפינט אויף זיי אלערליי חטאים, איבערהויפט ווארפט מען ארויף אויף זיי די שולד פאר דער שפעקולאציע מיט דער וואלוטע, אבער מעהרסטענטיילס ווייזען זיך ארויס די אלע באשולדיגונגען, אלס פאלשע.

די באציהונג פון די רוסישע אנטלאָ-פענע צו די אידישע איז זעהר נישט קיין גוטע. די סבות דערפון זענען פאר-שיעדענע.

קודם — די געוועהנליכע. מען גיסט אויס אויף די אידען דעם כעס פאר אלע צרות און מען באשולדיגט זיי אין באל-שעוויזם. צווייטענס — די אידען גע-פינען זיך לפי ערך אין א בעסערער מא-טעריעלער לאגע ווי די רוסען, ווייל זיי פארנעהמען זיך מיט ארבייט און פאר-דיענען אויף לעבען. דריטענס דאס, וואס די אידען האבען רעכט איבערצופאהרען פון איין ארט אויף דעם צווייטען און די רוסען ניט. דאס אליין רופט ארויס גע-גען זיי קנאה. דאס וואס די אידען האַ-בען יא רעכט צו פאהרען פון איין שטאט אין דער צווייטער, ערקלעהרט זיך דורכ-דעם, וואס דאס רוב אידען זיינען פון זוקהאינא. ליטע עסטלאנד און פוילען און דער אויבענדערמאהנטער פארבאט איז חל נור געגען רוסישע אונטערטאנען דאס הייסט אזעלכע וואס שטאמען פון די רוסישע גובערניעס.

אבער ניט קוקענדיג אויף די שלעכ-טע באציהונגען מצד די רוסען, זענען די אידען פיגרעסטווענען במעט דער איינ-ציגער עלעמענט וואס טוט עפעס כדי צו פארלייכטערן די שווערע לאגע פון די רוסישע אנטלאפענע. לויט דער אי ניציאטיווע פון אידען, איז געשאפען גע-ווארען א פינאנציעלער קאָאָפעראטיוו, וועל-כער האט פארגאנדערגעגעבען א סך באַ-טענדע הלואות צו כמעט בלויז רוסען (95 פראצענט). אזוי ארום האבען, א דאנק דער אידישער איניציאטיוו באקומען שטיצע מאסען גוטבארעדפטיגע רוסען, אנהויבענדיג פון גרויספירשטען און ענ-דיגענדיג מיט די קלענסטע טשינאווניק-לאך.

ווען יודעניטש איז געשטאנען ביי די טויערען פון פעטערבורג און די שטאדט האט א יאדרע טאג געזאלט פאלען איז אין וויבארג געגרינדעט געווארען א רוי-טער קרייץ צו העלפען דער פעטערבורגער באפעלקערונג, און די ערשטע, אפשר טאַ-קע די איינציגע ארגאנאטארען דערפון זע-נען געווען אידען.

נאך א ביישפיעל:

א קורצע צייט פאר זיין טויט האט לעאניד אנדריעוו זיך געפונען אין א זעהר שלעכטער מאטעריעלער לאגע. גע-האלפען האבען איהם בלויז אידען. ווען אנדרעיעוו איז געשטארבען האט זיין פא מיליע געהאט 20 מארק און נאר א דאנק אידישער מיה איז געלונגען איהם צו מאכען א לויה, ווי ער האט פארדיענט אפילו די אנטיילנעהמער אין זיין לויה זענען געווען כמעט בלויז אידען. אנד-ריעווס פאמיליע ווערט ער היום אויסגע-האלטען נור דורך אידען. זי וואוינט אויך ביי אידען.

דער אינפארמאטאר באצייכענט דאס אלץ ניט אלס א באזונדערען פרדיענסט אסער דאס באווייזט דאך, אז די פינ-לענדישע אידען אינטערעסירען זיך ניט בלויז מיט זייערע געשעפטען און אז די אנטלאפענע רוסען וואלטען, על פי גוט בארארפט העצען געגען די אידען.

---

**א פארטעגענ געפונען אין תנ"ך.**

איז געקומען צו א קריזיס דורך דעם, וואס די געשעפטען זענען געגאנגען שלעכט אין דער צייט פון מלחמה. ער איז געווען איינגעטונקט אין חובות און האט אויספארקויפט די הויז ווירטשאפט אום צו צאהלען חובות. אין אן אלטען שרייב טיש, פון וועלכען ער האט אויס געליידיגט אלטע פאפירען בעפאר דער טיש איז פון הויז ארויסגעטראגען גע-ווארען, האט ער געפונען א פארזינעל-טען בריעף. ער האט עס אויפגעעפענט און האט דערקענט די האנדשריפט פון זיין פאטער. וועלכער איז געשטארבען מיט 20 יאהר צוריק. אין בריעף שרייבט דער פאטער צום זוהן און ראט איהם צו זיין גוט און פרום. ווען אין נויט, שרייבט דער פאטער, ווענדע זיך צו די ביבל און דארטען וועסטו אימער גע-פינען טרייסט. דער בריעף איז דעם סוחר געווארען אויפפאלענד. ער האט גענומען די פאמיליע ביבל, וועלכע ער האט ניט געעפענט זינט דער פאטער איז געשטארבען און איז געווען איבערראשט צו געפינען צווישען די בלעטער 50 טויזענד פונט אין בייק און ענגלאנד נאטעס, וואס דער פאטער האט באהאלטען בע-פאר זיין טויט און האט פאר איהם אנ-געגרייט א פאנד ער זאל האבען אין א צייט פון א קריזיס. די סומע איז געווען גענוג אפצוהאלטען אלע חובות און צוריק-אנפאנגען ביזנעס.

# לאנדסלייט

(א נאכענדבילדער)

פון צלה שאטענבערג

א יונגער מאן אין א וועלור הוט און א מאנטעל קרייצט דורך ראטגער'ס סקוועער.

איינער אין שטייפען דורבי היטעל און א רויטען קארוואט שרייט איהם נאך:

— סעי מיסטער! מיסטער! וואס לויפט איהר אזוי? איילט זיך נישט! לאנדסמאן.

— ווער זייט איהר? איך קען אייך נישט.

— הא, זאלען מיר אזוי ביידע לע-בען ווי איהר זייט מיינער א לאנדס-מאן! איך קען שווערען אין „קארט".

—לאכט דער מיט דעם וועלור הוט:

— אבער דאך, ווער זייגט איהר?

— זייגט איהר נישט אמאל א בריסקער?

— היינט אין שוין מעהר אויף דער וועלט קיין בריסק נישטא.

— יא, די מלחמה... אבער דו ביזט דאך אברהם בער'ס דעם גבאי'ס אן איינקעל „איינטשיר"?

— אודאי. אין ווער . . .

— איך בין חיה הינדעס זונדעל. געדענקסט מיר נישט איך האב אמאל אפגעשארען גיטלען דעם בלאנדען צאפ אין נאס, מיט א שער, דערפאר וואס זי האט מיט מיר ניט געוואלט טאנצען אויף מיין שוועסטער'ס חתונה.

—יא, יא. איך געדענק — שמיי-בעלט דער מיט דעם וועלור הוט

— דא חיים איך אייבי. אייבי קאטיז, און ווי רופט מען דיר דא?

— אזוי ווי אין דער היים.

גארנישט געביטען דעם נאמען? און וואס טוסטו דא? פון וואס מאכסטו א לעבען?

— איך בין א שרייבער.

— דו, א שרייבער! — חידוש'ט זיך אייבי — דו, א שרייבער? אט די מעשיות מיט די האמטנען און די אר-טיקלען אין די נייעס, אט דאס איז דיין ארבייט? ביי דעם ארבייטסטו?

— ניט אל שרייב איך. אן אר-טיקעל, א ליעד, אן ערצעהלונג, דאס שרייב איך.

— — אזוי? און ווי אזוי האסטו דיך אויסגעלערנט די ארבייט? א פריינד, א לאנדסמאן אימיצער האט דיך דאס אויסגעלערנט?

— שרייבען קומט פון זיך אליין, און וואס טוסטו?

— איך האב זיך אויסגעלערנט ארבייטען ביי „אמברעלאס". די הענט-לעך מאך איך.

— לאנג פיין.

— יא, איך בין אבער נישט צו-פריעדען. א גאנצען טאג אין שאפ, און דער פארמאן בייזערט זיך טאמער איז נישט אזוי, ווייסטו וואס איך וואלט געוואלט? ביזט דאך א לאנדסמאן, לע-רען מיר אויס דיין ארבייט. ס'מוז זיין גרינגער צו שרייבען ווי ארבייטען אין שאפ. איך ווייס נישט, ווי מיר איז נישט איינגעפאלען, בעסער צו ווערען א שרייבער איידער אן „אמברעלא מיי-קער". נישקשה איך וועל זיך אויסלער-נען. אין אמעריקא איז נישטא, זיך נישט אויסלערנען. יעדער איינער מוז דא אדצדינג קענען! אזא לאנד איז עס...

— נו, פרוביר און שרייב! — לאכט דער שרייבער.

— אט נעה איך טאקע און וועל קויפען א נייעם טינטער טינט, נייע פעדער און א בוך און זעץ מיר אוועק אנשרייבען א מעשה, וואו וואהנסטו? איך וועל קומען צו דיר דאס איבערליי-ענען און נאכדעם וואס טוט מען דער-מיט? מ'טראגט עס אין אין צייטונג?

— יא, אייבי, מ'טראגט עס אריין אין א צייטונג.

— און מ'דרוקט עס גלייך אפ?

— ווי אמאל. אמאל דרוקט מען עס נישט. עס דארף געפעלען ווערען דעם רעדאקטאר.

— אה, דארטען איז אויך דא א „באס"? דארף מען זעהן אז ס'זאל זיין א יוניאן.

אייבי, לאז מיך אפ, איך וויל עסען איך שטארב.

— גוט, גו, וועלען מיר זיך זעהן ביי דיר אין דער חיים, וועלען מיר שוין שמועסען איבער אלץ אין דער וועלט.

— גודבאי, אייבי.

— גודבאי, יאנקעל, מארגען אין


# יאקאב פ. אדלער

דער קעניג פון דער אידישער ביהנע

פאר דריי פארשטעלונגען

— אין —

# ניו דעטראיט אפערא הויז

פרייטאג, שבת און זונטאג

4-טען, 5-טען און 6-טען דזשון

צוזאמען מיט אן ערשטע קלאסע נויארק פערסאנאל

אין איינע פון שענסטע פיעסען וואו דער גרויסער

אדלער קען אמשטארקסטען ארויסברענגען זיין

גרויסען טאלאנט

טיקעטס צו באקומען אין גארדאנ'ס בוך סטאר, 541 הייסטינגס

און אין באקס אפיס.



# אין פרינטינג שאפ פון „וועג"

פון א קארטעל

ביז

א גרויסע צייטונג

פון א הענדביל

ביז

גרויסע בוך

ווערט געמאכט שנעל, גוט און צו מעסיגע פרייזען

Der Weg

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט
ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער
וועג פאבלישינג קאמפאני. אינקארפארייטעד
...ט אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715.

# שידוכים

פון ב. י. ג—ן

איהר וועט אפטמאל הערען פון די האלב אומוויסענדע אדער ווי זיי רופען זיך ליטעראריש: די האלב געבילדעטע מיידלעך, זיך באקלאגען אויף די מיינונגען וואס הערשען ביי אידען וועגען דער פרוי.

די דאזיגע מיידלעך האבען געהערט אז ביי אידען מאכט מען א ברכה "שלא עשני אשה" און פון עהנליכע אזעלכע קליינע קאמפלימענטען האבען זיי געהערט און געהען דערום מיט דעם גאנג, אז די קריסטען זענען די אמת'ע דזשענטעלליים. איבערהויפט דענקען יענע פרויען אזוי וועגען די ענגלישע, וועלכע האבען אזעלכע שעהנע פראזען, ווי „לאַדיס פירסט" וואס נעהמען אראפ דאס היטעל קומענדיג אין א געזעלשאפט פון פרויען, און וועלכע רויבערען ניט אין אזא געזעלשאפט, און וועלכע טרעטען אפ דאס פלאץ פאר א „ליידי".

דער אמת אבער איז, אז די ענגלענדער זענען גאר גרויסע דזשענטעל-לייט מיט'ן מויל, אין טעאריע. אבער ניט אין פראקטיק. און מעהרערע-מאל זענען זיי אין טעאריע אויך ביטערע געגנער פון דעם שעהנעם געשלעכט.

עס איז גענוג אנצעווייזען א פאר פאקטען מכח דעם און זיך איבער-ציינגען, אז דאס איז ניט גלאט קיין השערה.

ווען מען האט געפרעגט דעם סיר דזשאהן מאר: וואס פאר א פרוי דארף א בחור זיך אויסקלייבען, האט ער געענטפערט פאלגענדעס:

„איך וואלט צוזאמענגענומען די אלע פרויען פון וועלכע מען וויל איינע נעהמען, און וואלט זיי אריינגעווארפען אין א זאק מיט שלאנגען, צווישען זיי וואלט איך אויך אריינגעווארפען איין אאל-פיש (א פיש, עהנליך צו א שלאנג) איצט וואלט איך געהייסען דעם מאן אריינטאן די האנד אין זאק. ווען עס וואלט איהם שפיעלען די הצלחה וואלט ער ארויסגענומען דעם אאל-פיש; אבער ס'איז מעהר זיכער, אז ער וואלט ארויסגעהמען א שלאנג, אויב ער וואלט אויס-פייעט ארויסצוכאפען די האנד, איידער ער ווערט צוביסען."

מעהר ציניש וועגען דעם אויסוואהל פון א פרוי האט קיינער ניט גע-רעדט.

אבער איז דאס אמת?

איך גלויב ניט אויב עס געפינט זיך איינער צווישען די לעזער וואס זאל דענקען, אז דאס איז אמת.

אוודאי זענען פאראן אויסנאהמען.

---

קיין אומגליקען קען קיינער ניט אויסמיידען. ביי דער גרעסטער פאר-זיכטיגקייט קען א מענש קראנק ווערען, פארלירען זיין פארמעגען און אנדערע צופעלע קענען קומען, וואס זאל אויסלעשען דאס ליכט פון זיין פרייד, פונדעסט-וועגען אבי נאר מען איז ניט פארבלענדעט. און מען לאזט זיך ניט פיהרען פון בלויז די געפיהלען און מען קען ביים אויסוועהלען זיך א פרוי באנוצען אויך דעם שכל הישר, איז מען זיכער פאר א שלאנגען-ביס.

די ליעבע — זאגט מען — איז בלינד. דאס איז אמת! דארפען טאקע דערום די פארליעבטע פארזיכטיג זיין און זיך ניט לאזען געהן בלינדערהייד אויף א מסוכנ'עם וועג. א פארליעבטער מוז באנוצען ניט נאר זיינע געפיהלען נאר אויך זיין מח.

דער אינסטינקט אין מענשען פיהרט אן א ביטערען קאמפף מיט'ן פאר-שטאנד אין די טעג ווען מיר זענען פארליעבט. אבער אין די העכסטע גראדען פון ליעבע קען דער קלוגער פארליעבטער נעגאשינן באאיינפלוסט ווערען פונ'ם שכל.

אויב מיר קענען זיך צוהערען צום הארץ בנוגע דער צייט, אדער די יאהרען, ווען צו הייראטען, דארפען מיר אבער זיכער מעהר אויספאלגען דעם שכל בנוגע דער פראגע מיט וועמען צו הייראטען.

עס זענען פאראן כל ערליי שטערונגען ביים אויסוועהלען זיך א פרוי. די גרעסטע שטערונג איז די צושפליטערונג פון דער געזעלשאפט אויף פארשיע-דענע „קליקעס" און קלאסען. און מענשען פון איין קלאס האבען ניט קיין צו-טריי צו די מענשען פון אנאנדער קלאס.

עס פאסירט ניט זעלטע וואס דורך אזא אדער אנדער צופאל זאל א מאן, אדער א בחור פון איין בראד פארבלאנדזשעט ווערען צו אן אנדער גראד מענ-שען און דוקא דארטען זאל ער געפינען זיין באשערטע.

דאס זעלבע טרעפט פארקעהרט, אז א מיידעל זאל זיך פארליעבען אין אזעלכען וואס שטעהט אין דער געזעלשאפט העכער, אדער נידעריגער פון איהר און מיט דעם דאזיגען מאן, זאל זי איהרע יאהרען אפלעבען גליקליך און צופריע-דען.

מעהר אבער זעהט זיך אן די שטערונג ווען מען קומט אין א העכערער, אדער נידעריגערער געזעלשאפט און מען קען זיך מיט איהר ניט איינלעבען אזוי גיך. אין דוקא דא האט ער, אדער זי, געפונען א פאסינען שידוך. זי, אדער ער, וואלטען מיט'ן נאנצען הארצען זיך געלאזט פאנגען פון דעם געפיהל; זיי וואלטען זייער געפיהל געלאזט פונאנדערדרייסען זיך: זיי וואלטען זיך פארליעבט אן דער פערזאן מיט אלע פיבערן פון זייער נשמה, אבער — — —

מען איז ניט פארגעשטעלט געווארען, מען איז ניט "אינטראדיוסד" געווארען, מען איז ניט דורכגעגאנגען די צערעמאניעלע עטיקעטע.

און אין אונזערע מקומות איז עס ממש א סאציאלער פארברעכען פאר א בחור און ווער שמועסט שוין פאר א מיידעל אנצוהויבען ריידען צו א זעלכען, מיט וועלכען מען האט זי ניט באקאנט אפיציעל, מיט דער פולער צערעמאניע.

א מיידעל וועט זיך באין אופן ניט ערלויבען אפצוטאן אזא זינד, באַ-געהן אזא שווערען פארברעכען קעגען דער אנגענומענער עטיקעטע.

און וויפיעל הערצער און לעבענס ווערען צעבראכען איבער אזעלכע נארישקייטען?

---

# באריכט פון חיבור האספי-טאל אססאסיאיישאן

א מיטינג פון די באארד אוו דירעקט-טארס פון חיבור האספיטאל אסס'ן, דאנערשטאג אבענד, דעם 27-טען מאי, אונ-טער'ן פארזיץ פון מר. טאמארין.

די „ארכיטעקטאר קאמיטע" באריכ-טעט דאס זיי האבען נאכגעזוכט איי-נעם פון די בעסטע ארכיטעקטארס אויס-צוארבייטען א פלאן פאר א אידישען האס-פיטאל בילדונג מיט אלע מאדערנע איינ-ריכטונגען וואס זענען נויטיג אין א האס-פיטאל, און די ארבייט געהט אן אין פולען גאנג, און עס וועט נעהמען א קורצע צייט ביז דער „פלען" וועט גע-מאכט ווערען.

אויך זעהר א גינסטיגען רעפארט איז אפגעגעבען געווארען ביי די „מעמבער-שיפ קאמיטע" וועלכער לויטעט, דאס מר. ס. זאמרוויס דער איינציגער אנגע-שטעלטער קאלעקטאר פאר'ן חיבור האספיטאל אסס'ן, ווערט אויפגענומען פון יעדערען מיט פריינדליכקייט. און צו וועמען ער האט זיך געווענדעט האט זיך קיינער ניט ענטזאגט צו ווערען א מעמ-בער פון חיבור האספיטאל אסס'ן. און מעמבערס קומען אריין אין די הונדער-טער יעדע וואך. וכן ירבו. אז ווי דעם אופן ווי דעטראיטער אידען האבען זיך אפגערופען און נאך די גרויסע באגייס-טערונג וואס הערשט איבעראל פאר דער באוועגונג, איז צו ערווארטען אז נאך דיעזען יאהר זאל די חיבור האספיטאל אסס'ן האבען אמווייניגסטנע א מעמבער-שיפ פון 10 טויזענד.

די באריכטען האבען ארויסגערופען גרויס ענטוזיאזם ביי אלע אנוועזענדע.

עס איז אנגענומען געווארען איינינע רעזאלוציעס בנוגע דער ווייטערדיגער טע-טיגקייט און עס איז ערקלעהרט געווא-רען, דאס איצט ווען דער האספיטאל באוועגונג האט דערגרייכט אלע קלאסען אידען פון דעטראיט, און אנגענומען אז דער האספיטאל באוועגונג איז א פאלקס אונטערנעהמונג, און אזוי ווי די אדמי-ניסטראציע איז פון אלעמען אנערקענט און אנפערטרויט געווארען טארען מיר זיך ערלויבען אז דיעזער ענטוזיאזם זאל פארלארען געהן. מיר מוזען איהם פאר-וואנדלען אין א קוואל פון ענערגיע פאר דער אויפבויאונג פון א אידישען האס-פיטאל. און גלייך ווי דער „פלען" וועט פארטיג ווערען און גוט געהייסען ווע-רען פון אלעמען זאל מען גלייך אנפאנ-גען בויען דעם אידישען האספיטאל.

עס איז באשלאסען געווארען איינ-שטימיג דאס אזוי שנעל ווי דער „פלען" פאר דעם האספיטאל בילדינג וועט פאר-טיג ווערען זאל פארופען ווערען א גרויסע מאססענפארזאמלונג פון אלע דע-טראיטער אידען, פארצולייגען פאר זיי דעם „פלען" פון דעם בנין און ווייטער-דיגע טעטיגקייט. צו דיעזען צוועק איז ערוועהלט געווארען א קאמיטע צו נעה-מען א פאסענדען האלל און מאכען אראנזשמענטס דאס דער מאסמיטינג זאל האבען א גרויסען ערפאלג.

אלע זענען געבעטען צו וואטשען די אנאנסמענט אין דער אידישע פרעסע ווען און וואו דער מאסמיטינג וועט אפ-געהאלטען ווערען.

עס איז אויך פארגעבערכט געווארען פלענער און פארשידענע מיטלען ווי אזוי צו שאפען די רויסע סומע געלד וועלכע עס איז נויטיג אויפצובויען דעם האספיטאל. און עס איז באשלאסען גע-ווארען דאס פארקויפיג זאל א קאמיטע ערוועהלט ווערען אויסצוגעפינען און אויסארבייטען פלענער ארויסצוגעבען „שערס" צו פארקויפען. פאלגענדע זע-נען אין דער קאמיטע: מר. קאטצין און מר. קאץ.

אז עס איז צו ערווארטען אז אונ-זערע אידען וועלען ניט בלייבען גלייכ-גילטיג און העלפען אין דער גרויסער אונטערנעהמונג. און דאס אלעס קען לייכט געטאן ווערען. ווען עס איז דא דער ווילען און א שטארקער פארלאנג דער-צו — און ווייל די ארבייט פון די אד-מיניסטראציע פון חיבור האספיטאל אסס'ן ווערט געטאן עהרליך און אויפ-ריכטיג מיט א געפיהל פון פאראנט-ווארטליכקייט און מיט א וואונש צו לייסטען גרויסען דיענסט די אידישע דעטראיטער באפעלקערונג איז ניטא קיין אורזאך ווארום מען זאל ניט קענען שוין אנפאנגען בויען א אידישען האספיטאל.

זענט איהר שוין א מעמבער פון דער חיבור האספיטאל אסס'ן? אידען! טהוט אייער פפליכט! שליסט זיך אן אין דער האספיטאל באוועגונג — און אם אין עכשיו אימתי?

זייט פון די ערשטע צו שטעלען דעם פונדאמענט. קויפט א ציגעל פאר דעם אידישען האספיטאל.

פאר'ן חיבור האספיטאל אסס'ן,
איזידאר ליפמאן סעקרעטאר.

---

# א גרוס פון די ליטווישע שטעדטלעך

ס'געהען ישועות אויף אידען — אין א סך שטעדטלעך זיינען זיי שוין נעקר-מען.

פון איוויע שרייבט מען:

ביז גאר ניט לאנג האט אין איוויע געהערשט כמעט א „צאריזם". איז איי-נער געווען א תקיף אדער א שמוכלער אדער א מקורב צום רב — איז ער שוין במילא געווארען א גאנצער קנאקער און האט געפיהרט דאס גאנצע שטעדטעל פאר'ן נאז. די איוויער דעמאקראטיע האט ניט אויפגעהערט פראטעסטירען וועגען די זעלבסטהערשער און פארבא-טער פון דער מאכט. אבער די קהלות, געשרייען און טענות פון די ברייטע מאססען האבען אויף די רעדעל-פיהרער קיין שום רושם געמאכט, און די קהל'שע ענינים פון אונזער שטעד-טעל זיינען ביז פאריגען חודש געלעגען אין די הענט פון איקען-תקיפים, וועלכע האבען געבאלאבאטעוועט, ווי דאס הארץ זייערעס האט געגלוסט.

אבער, לאזט זיך אויס, אז די וועלט איז ניט הפקר און דעמאקראטיע קאן מען מיט דער האנט ניט אוועקמאכען. די יונגער צוזאמען מיט די ברייטע אלקסמאסען אין איוויע האבען אזוי לאנג אגיטירט און אויפגעקלעהרט די באפעלקערונג, ביז אלע זיינען געווארען באוואוסטזיניג, און ס'האט אויסגעקלי-בען א קהלה אויף אמת'ע דעמאקרא-טישע יסודות. די וואהלען, שרייבט ער קארעספאנדענט, זיינען געווען אויף אזוי פיעל דעמאקראטיש, אז אפילו ווייבער האבען זיך באטייליגט אין קאמף און ס'האט געהאלטען דעריבער, אז אין דער איוויער קהלה זאל אריינ-פאלען א אישה. דאס האט זיך ניט איינגעגעבען צוליעב דעם בלאק פון די איוויער קלעריקאלען מיט די קליינביר-גער. אבער דער נצחון איז פונדעסטווע-גען זעהר גרויס, ווארים ערשטענס האט עזיעגט דער פרינציפ פון דעמאקרא-טיע וועגען אלגעמיינע, גלייכע, גע-היימע, דירעקטע וואהלען...

מעהר גאהרגייסט, אבער די איוויער באפעלקערונג איז מלא-שמחה און ס'אנטוויקעלט שוין א ענערגישע אגי-טאציע צו א נייער קהלה, וואו דער נצחון וועט זיין א פאלקאמענער...

א צווייטע שטעדטעל — ווארנאוועס הייסט זי, דארטען איז גאר ליהודים! ער קארעספאנדענט פארזיכערט, אז גאר געזונט מיט א פאר פעסטע רגלים צום לויפען — אי זמען שוין אין ווארא-נאווע פארזארגט מיט פרנסה בשפע. דער עיקר דארף מען קענען געשווינד לויפען, ווארים ווער ס'ברענגט פריהער די סחורה אדער די זאלץ אדער ווייס-ציין אויף תכריכים יענער פאקט דעם טעמטעם פארדינסטעל און לויפט ווייטער. מלחמת אויף סחורה זיינען וארן בעלנים אויף יענער ...ט פראנט און אויף תכריכים טאקע אין דער איי-גענער סביבה.

פון סחורה ביז תכריכים איז אבער פאראן א גרויסע נפקא-מינה. פון דעם ערשטען ארטיקעל ווערען געהאלפען נאר די בריות, נאר די פלינקע אידען, נאר די מוצלחים, וואס קאנען דאס אריבער-פעקלען, וואו מען דארף, און פון דעם ווייטען מין, ווערט געהאלפען דער גאנ-צער כלל-ישראל פון ווארנאווע, ווארים די מעשה דערפון איז בקיצור אזוי: אין ווארנאווע שטארבט מען פאר די לעצטע חדשים פון כל המינים עפידע-מיעס און חולאת'ן איינס און צוויי. מען קרענקט הי און — היות קיין דאק-טאר איז ניטא — נעהמט מען אוועק אויפ'ן עולם האמת אפילו אהן ווידוי. מען זאגט, אפילו, אז די גאנצע מחלה איז א קאפיקע ניט ווערט. א גרויסע אך דאס איז א א „שפאנקע"! אבער אבי מען שטארבט דערפון אויף אן אמת ס'איז נאך קיינער צוריק לעבעדיג ניט געווארען....

אודאי, איז דער עניך-שטארבען אן אומגליק, ווארים וואס איז די פעולה פון די גליקען און פון דער סריה-שאפט רים דעם סיאראן; או קיינער איז ניט באווארענט מיט'ן טאג און מ'וויסט ניט, וואס הינטערן פלייצע טוט זיך? עס איז דאך רעכט, אז היינט מען נתעשר — קורח'ס אוצרות מען אן, און אויף מארגען קומט די שפאנישע קרענק און...

איז דאס טאקע גאר קיין מעלה ניט. אבער ווער ווייסט דאס ניט, אז דער איבערשטער שיקט די רפואה פאר דער מכה? טאקע ניט גוט אפצוטראגען זיך אויפ'ן עולם-האמת פון אזא נארישער קרענק און נאך דאן, ווען לעבען וואלט מען געקענט: סאכארין...

נאר וואס פאר א ווערדע האט דער יחיד קעגען דעם כללה און פאר כלל-ישראל איז דערפון בפירוש ארויסגעקו-מען א טובה.

לאזט זיך אויס, אז די שפאנקע שא-נעוועט קיינעם ניט — זי האט די שליטה אויף גוים און. די דערפער אויך, און די גוים האבען זיך איינגערערט, אז ערשטענס רופט מען אן די מחלה „פייר-סאכאוויקע" און צווייטענס, אז זיי זיי-נען געשטראפט געווארען מיט אט דער פייסאכאוויקע צוליעב זייער זינד קע-גען פאלק ישראל אין די פריליכע טעג פון פאר-איאהרען פסח, ווען זיי הא-בען געגעבען קלעפ און גע'לקח'נט פון די אידישע קראמען.

דער סוף איז: די פויערים זיינען גע-ווארען גרויסע בעלי-תשובות, און א סך טראגען אפ שטילערהייט די גע'לקח'נטע חפצים . . .

קלאהר ווי דער טאג ישועות אויף אידען!

(ווילנער „טאג)

---

# פינף מיליאן דאלאר פאנד באגייסטערט אייראפעאי-שע אידען

פון דר. יוליוס גאלדמאן, איהר אייר-ראפעאישען דירעקטאר, וועלכער איז עטליכע טעג צוריק געוועזען אין ווארשא, האט די דזשאינט דיסטריביר-...ט ווערטשאן קאמיטע געבעטען געקראגען פאלגענ-דע קייבעל:

ווארשא, מאי 21. — דער פינף מי-ליאן דאלאר פאנד, וועלכען איהר האט באשטימט פאר רעקאנסטרוקטיווע אר-בייט, האט ארויסגערופען די באגייס-טערונג פון אייערע אייראפעאישע פאר-טרעטער, וועלכע דריקען אייך אויס זיי-ער הערצליכסטען דאנק. עס ווערט גע-עפענט דערמיט א נייע פעלד פאר וויכ-טיגע אויסמיידן. אייער באשלוס איז געקומען אין א מאמענט, ווען מיר זע-נען טיעף געריהרט פון דער מעגליכקייט אנצוהייבען וויכטיגע ארבייט און ברענ-גען הילף צו די אידען אין אוקראינא. מיר זענען אונטערזעטיגט אין אונזערע אפעטיטען אזוי ווי דער אפגאט מולך און מיר באטראכטען דעם פינף מיליאן דאל-אר פאנד אלס בלויז אן אנפאנג פון א פיעל גרעסערער פרייגיביגקייט פון די אמעריקאנער אידען אין דער צוקונפט.

---

MURAD

דער טערקישער סיגארעט




מרס. פוקס האט זיך בעריהמט אז זי קינדעלט צופיעל.

"וויפיעל קינדער ברענגסט דו אויף דער וועלט אויף אמאל?" האט זי געפרעגט די לייביבע.

"בלויז איינס", האט די לייביבע געענטפערט —"אבער ס'איז א לייב!"

מוראדס קאסטען 20 סענט א באקס פון 10 — אבער זיי זיינען מוראד'ס!

מוראדס וואלטען געקאסט ביליגער ווען זיי וואלטען ג ט ענטהאלטען קיין פולע 100% טערקישען טאבאק פון דעם ריינסטען און בעסטען וואס וואקסט—אדער ווען מיר זאלען געבען פראסטערען טערקישען טאבאק.

אבער זיי וואלטען ניט געווען קיין מוראדס—זיי וואל-טען בלויז געוועזען בוקסען!

"אורטהיילט אליין—!"

מאנופעקטשורערס פון העכסטען סארט טערקישע און עגיפטישע סיגארעטס אין דער וועלט.

Anargyros

מיר מאכען אויפמערקזאם צו די 20 מוראדס אין בלעך באקסעס.

---



# ווייא שלאפט אייער בייבי?

יעהער בייבי דארף שלאפען גוט! וייל א שטילער, רוהיגער שלאף איז א צייכען פון גוטע געזונדהייט. אויב אייער בייבי וויינט ביי נאכט — אויב די בייבי איז אומרוהיג און נערוועז איז עס וואהרשיינליך די שפייז וואס פארשאפט דעם טראבעל. אויב איהר קענט ניט זייגען אייער בייבי, דארף אייער מילך איז ניט געזונד פאר דער בייבי, זוכט

Borden's
EAGLE BRAND
(CONDENSED MILK)

די שפייז וואס האט ערצויגען מעהר בייביס און געמאכט פון זיי שטארקע און געזונדע מענער און פרויען, ווי אלע אנדערע פערפערטיגטע שפייזען צוזאמענגענומען. געלויבט און רעקאמענדירט פון גרויסע דאקטוירים.

שיקט אונז דעם קופאן היינט און איהר וועט קריגען איני-סטרוקציאנען ווי צו שפייזען א בייבי, געדרוקט אין אידיש. איהר וועט אויך קריגען אונזער "בייבי בוך" וואס האלט פיער און פופציג פיידזשעס און ערקלערט אייך ווי צו האל-טען אייער בייבי געזונד און שטארק.

די הויכע קוואליטי, די שטענדיגע עהנליכקייט און די עקאנאמי פון איגעל בראנד מאכט עס אלס די בעסטע פיר קאכען באקען און פיר'ן טיש געברויך. עס מאכט די הויזווייטהען פריי פון זארגען פיר'ן צוקער מאנגעל. ווייסער דעם וואס עס קאסט פיעל ביליגער. קויפט א קען היינט און יוזט עס פיר אלע זאכען וואו איהר יוזט געוועהנליך מילך און צוקער. טרייעט עס אין רייס פודינג.

צו בעקומען אין יעדען גוטען דראג אדער גראסערי סטאר דער ליבעל און נאמען איז אייער גאראנטי.

The Borden Company
108 HUDSON STREET
NEW YORK

שניידט אויס דיעזען קופאן, מארקט וועלכען בוכער איהר ווילט און מיילט היינט.

Mrs. ..........
Street ..........
City ..........
State ..........

בייבי וועלפייער בוך.
רעסיפי בוך
10




עסטאבלירט 1857

אנדערע באָרדען פראדוקטען:
באָרדען'ס מילך טשאקאלאד
באָרדען'ס איוופארייטעד מילך.
באָרדען'ס מאלטעד מילך
באָרדען'ס האנדענסד קאווע

---

J. Lanskey
Tailor

איב איהר ווילט קריגען

גוטע פאראנטווארטליכע ארבייט דאן קומט צו 105 טיאדאר סטריט.

מיר קלינען, פרעסען און רעמאדלען לײדיעס און דזשענטס גארמענטס.




A Vacation Trip That Satisfies

THE summertime will soon be here and with it the joys of a vacation trip. Where are you going? The Great Lakes is the mecca for particular and experienced travelers on business and pleasure trips. The D. & C. Line steamers embody all the qualities of speed, safety and comfort, the freedom of the decks, the cool refreshing lake breezes. D. & C. a Service Guarantee.

Daily Service May 1st between Detroit and Buffalo. Leave 6:00 P. M. Arrive destination 9:00 A. M.

Daily Service April 1st between Detroit and Cleveland. Leave 11:00 P. M. Arrive destination 6:15 A. M.

MACKINAC ISLAND

Service June 14th to Sept. 14th. 3 trips per week June 14th to July 1st. July 1st to Sept. 14th, 6 trips per week.

Between Detroit and Buffalo Use Your Rail Tickets

Send 2c Stamp for Illustrated pamphlet and map of Great Lakes. Address L. G. LEWIS, G. P. A., Detroit, Mich.

DETROIT & CLEVELAND NAVIGATION CO.
A. A. SCHANTZ, President and General Manager.
J. T. McMILLAN, Vice-President.

---

# פארניטשור סטאר אוקשאן

דאנערשטאג, אם 3טען דזשון

10 אין דער פריה, אין

275 גרינוואוד עוועניו

דער גאנצער סטאק פון א סעקאנד-הענד פורניטשור סטאר, וועט פאר-קויפט ווערען פאר אקשאן אהן רעזערוו. דער סטאק ענטהאלט: בעטען, דרעסערס, א סינגער נעה-מאשין, מאט-אצען, קישענס, קאלדרעס, אויוועגס, דעסקס, טישען, טשעירס, ראקערס, בופעטען, רעוועגפארטס, סאטיעס, שפיגלען, פרוימס און הונדערטער אלערע ארטיקלען וואס פארנעהמען צופיעל פלאץ צום ארויסצושרייבען.

אויך א גרויסען
דעליווערי טראק

אין גוטען צושטאנד. אלעס מוז פארקויפט ווערען. קומט פאר פריה און פאר-ליערט ניט דעם סייל

Ben Friedman Auctioner Cad 2580

# CLASSIFIED

## באקאנטמאכונג

**די סילווער לעדער קא.** 578 דושאז. קעמפאן, קויפט פארשידענע זארטען לעדער און אימיטיישאן לעדער, אויך אלטע לעדער און ראבער בעלטינג. ספעציעל זענען מיר פאראינטערעסירט אין נייע סעלאלאיד סקרעפ; מיר צאהלען 65 סענט א פונט. **פארגעסט ניט** אונזער טעלעפאן נומער: מעלראז 4610.

# Real Estate

## לענדלארדס און פראפערטי אייגענטימער

לאזט זיך ניט נארען, זייט פארזיכטיג בעפאר איהר קויפט סעמענטענע נארד בעדוס אדער אשרעסעפטיקאל, דיטראיט קאנקריט מאניופעקטשורט רייאינסטאלד רעסעפטיקעלס. די צעמענט איז געמישט מיט וויער, ווערט נעווער צופאלען, וועט זיך ניט שפאלטען פון פראסט. מיר גאראנטירען בילינער אין פרייז, בעסטע אין קוואליטי. **ה. מ. קאפפמאן,** 296 האנקאק איסט. טעלעפאן מעלראז 3595 וו. טשעררי 1473. פרייע אינסטאליישאן.

## בעקאנטמאכונג

דיר, רחלדיטשל בת משה שרעבניק, 1506 מישיגען עוו. — און 762 וועסט גרענד בולווארד, לאז וויסען צי דו ביסט ווילינג צו נעהמען איך א אידישען גט כד"ת.

איך בין בערייט זיך צו פארלאשען אויף מענשען אדער אויף הרב אייזענמאן.

א. האכמאן,
440 קלינטאן.

## איך קויף

און איך ליעס אייער פראפערטי. מיינע קאסטאמערס ווארטען. ראשאנסאן, 196 גרוישאט עוועניו, 2טען פלאר. טעל. מעין 4229.
6-4-2—6)

## פארלאנגט

א מיידעל אין א גראסערי סטאר. נאכפרעגען 374 האלברוק עוועניו, קאר. קארמאניע.
3)

**6 רום פלעט** צום פאררענטען אין 212 קוירבי. נאכפרעגען 228 שערידען.

## דר. לאנדי, דענטיסט

מאכט באקאנט צום ווערטהען פובליקום דאס ער האט עפענט די דענטאל אפיס פון דעם פארשטארבענעם

**דר. שליסעל**

אויף 617 הייסטינגס, נעבען עליאט.

## יהודה ליב האכמאן

440 לינקאלן. איך, דיין פרוי רחל, לאז דיר וויסען, דאס איך בין גרייט אלע טאג צו נעהמען פון דיר גט. קיין געלד פאר א גט קען איך ניט צאהלען.

## פארלאגט א באי

צו לערנען די פרינטינג ביזנעס. גוט באצאהלט אין דער צייט פון דער לערע. זיך צו מעלדען צו מר. יפה, אין אפיס פון „וועג", פון 9 ביז 11 אין דער פריה.

TELEPHONE CANAL

VIENNA SAUSAGE MFG. CO.
1215-1217 S. HALSTED ST. CHICAGO

אונזערע
**דעטראיטער אגענטען**
זיינען
**דזשיי לעפקאווסקי און סאנס בראדווי מארקעט**

## צום דעטראיטער פובליקום!

יעדער איינער דארף וויסען: אז אויגען זיינען די איידעלסטע ארגאנען אין דעם מענשליכען קערפער. ווען איהר ליידעט פון אירגענד וועלכע קאפשמערצען אדער נערוועזיטעט, ראן געהט צו אן ערנסטען, עהרליכען אפטאמעטריסט, ער וועט אייך פארזיכטיג און וויסענשאפטליך צופאסען די ריכטיגע ברילען.

די ריכטיג צוגעפאסטע ברילען וועט זיך ערלייזען פון אלע אייערע טראבעלס. געהט צו אייער גוט באקאנטען

**Frosh O. D.**
**אפטאמעטריסט**

אין 204 קלינג"ס בילדינג וועלכע געפינט זיך אין 308 הייסטינגס סט. קעגנאיבער עהרליך"ס דזשועלרי סטאר.

# פערלאנגט און געזוכט

**צוויי אדער דריי ליינס אין „וועג" ברענגט אייך די בעסטע רעזולטאטען.**

**דער פרייז איז בילינ און די נוצען פון גרויס וויכטיגקייט.**

צו פארקויפען
**א קענדי סטאר**
אין אוקלענד
בעסטען אידישען געגענד
נאכפרעגען אין באקס 81 „דער וועג".

## צו פארקויפען

א באיג, ראבער טייערס, 4 סיטס, אין גוטען צושטאנד. פרייז $35.00 פרעגען: גלענדייל 1379.—798 פארטה עוועניו, נעבען קענפיעלד.

## צו פארקויפען

א דעירי און גראסערי סטאר, אין בעסטען אידישען לאקיישאן, ניט פיעל קאנקורענץ. זיך נאכפרעגען אויפ'ן פלאץ. 1170 הייסטינגס סטריט.

# פארד קארס און אנדערע קאר

קומט און קלייבט אויס פון אונזער גרויסען סטאק. מיר קויפען פאר קעש און פארקויפען אויף לאנגע טערמינען

**Maurice W. Fox Co.**
**Boulevard Near Oakla**

## א בארגעין אין א פיאנא!

א וואונדערבארע שטארקע פיאנא איינגאהמער טאן, כמעט ניי. ווערט $600.00. צו פארקויפען פאר $250.00 נאכפרעגען 1359 בעקלעלען עוו. מר. שוללער, טעל. לינקאלן 1603.
2)

## קאפלאן'ס בארגיין סטאר

483 הייסטינגס סטריט

קענט איהר קויפען אלעס פון די פאלגענדע ליינס:

קאמפליט דרעס גודס ליין פון סילקס, וואלענס און קאטין גודס. פערשידענע פענסי ארטיקלען ווי, בעד ספרעדס, קוירטענס; טייבעל קאווערס; שעמס און סקארפס. קאמפליט ליין אין ליידיס פענסי אנדערוועהר און קארסעטס. מענער פארנישינגס און אנדערוועהר.

**ספעשעל! ספעשעל!**

**א גרויסער אסארטמענט אין וואלענס פאר מענער און בייעס סוטס און קאוטס.**
**א קאמפליט ליין פון טיילאר און דרעסמייקערס טרימינגס.**

# דר. ה. סטאריקאף
**דענטיסט**

דער פלאץ פאר גוטע ארבייט גוטע בעהאנדלונג — ליבעראלע פרייזען.

490 **הייסטינגס סטריט**

## Reliable Store Fixture Co.

מיר האבען א גרויסען אויסוואהל פון ערגעהאנד סטאר פיקסטשורס, וואל קייסעס, שאו קייסעס, אייז באקסעס, קאונטארס, שעלווס, סייפס, סקיילס רעדזשיסטערס. נייע און געוויסטע. פרייזען מעסיגע. ארענזשמענטס בעהאנדלונג. 2 סטארס.

רעלייבל סטאר פיקטשור קא
308 גרעשאט עוועניו
טעל. קאדילאק 2445
277 מישיגאן עוועניו
טעל. קאדילאק 4924 עס

## דער בעסטער מוהל אין שטאט און מסדר קידושין
# חזן דוד גאלדען



אין 248 **איסט האי סטריט**
טעלעפאן מעין 4420

## א קארנער אין אוקלענד עוו. צו פארקויפען

5 סטארס און 5 פלעטס בריק בילדינג אין רעכטען אידישען געגענד. איינקונפט $9000.00 יעהרליך. פרייז $80,000.00. איינצאהלונג $30,000.00 גרינגע טוירמס. נאכפרעגען אין „וועג" באקס 90.

## א דריי גודס סטאר צו פארקויפען אין א גוטען געגענד

גאראנטירט א לעבען צו מאכען. אורזאכע ערקלעהרט צו די אינטערעסירטע פערזאן. נאכפרעגען אין „וועג" באקס נומער 97.

## שניידער פארלאנגט

אין א סעקאנד הענד סטאר. שבת גוט ארבייטען. 1391 מישיגען לעבען דער 29טער סטריט.
3)

## פארלאנגט א פרוי

אדער א מיידעל וועלכע זאל קענען פיקסען אין א סעקאנד הענד סטאר. זיך מעלדען אין 1391 מישיגען נייער דער 29מער סטריט.
3)

## א טיילאר שאפ

מיט איינגעטרייטע סטאר. קען געקויפט ווערען זעהר בילינ. נאכפרעגען אין „וועג" באקס 63.

## שמש און א גוטען מלמד פארלאנגט

בעלדען זיך אין תפארת ישראל שוהל, 575 קעמערען עוועניו, פון 7 ביז 8 אין אווענד.
6)

## בעקערי און קאפע-הויז צו פארקויפען

זיכער צו מאכען געלד. עס איז א בארגיין, 275 מישיגען עוועניו. בעסטע לאקיישאן.
9)

## דרום-מזרח קאר. לינקאלן און פארעסט

פיער פעמילי טערעס. 7 רומס אין יעדען אפארטמענט. גוטע איינגאהמע. קינע ליעסעס. פרייז $24,500.00. איינצאהלען $10,500. וועל אננעהמען גוטע לאנד-קאנטראקטס. פרעגען עדשקאמב, 105 איוועגהאו עוועניו. טעל. גארפיעלד 55 „עס".
4)

## דער נאציאנאל - קאאפעראטיווער פארבאנד אין איטאליען

פאר דער צייט פון קריעג האט די רעגירונג אין איטאליען געהאלטען אין איהרע הענט דעם איינקויף און די פארטיילונג פון שפייז איבער'ן גאנצען לאנד. איצט האט די רעגירונג געביטען איהר שטעלונג און זי זוכט צו ליקווידירען די דאזיגע ארבייט און איבערגעבען צו געוויסע צענטראלע און לאקאלע ארגאניזאציעס, וועלכע זענען פאר דעם צוועק ארגאניזירט געווארען, כאטש די רעגירונג קאנטראלירט נאך די פרייזען און די אלגעמיינע אלע ווענען איינקויף און אימפארט.

בהסכם מיט דעם איז ארגאניזירט געווארען אזא קערפערשאפט, וועלכע רופט זיך „דער נאציאנאלער קאאפעראטיווער פארבאנד פאר אימפארט", וועלכער זאל זארגען פאר דעם אימפארט פון מילך פראדוקטען, פעטס, זוירפלייש און אנדערע שפייז ארטיקלען, וויפיעל עס וועט נויטיג זיין, אונטער'ן אויפזיכט פון דער רעגירונג. דער דאזיגער פארבאנד וועט דירעקט דורך פריוואטע פירמעס, איינקויפען פראדוקטען, וועט זיי האלטען אין שפייכלערס, פאבריצירען פארשידענע אחורות פון זיי, און זיי פארטיילען. ער קען אויך אונטערנעהמען עקספארט און אז. וו.

געזעלשאפטליכע ארגאניזאציעס, קאאפעראטיווען און זייער גלייבען קענען שיקען דעלעגאטען אלס מעמבערס פון פארבאנד. די הויפטקווארטירן פון דעם פארבאנד געפינען זיך אין רוים און דער פארבאנד האט אויך בראנטשעס אין אנדערע שטעדט אין אין אויסלאנד. דער קאפיטאל, מיט וועלכען ער הויבט אן זיין ארבייט, איז צעהן מיליאן לירע און נארמאלע צייטען איז דאס קנאפע צוויי מיליאן דאלאר). פון די פראפיטען פון דעם געשעפט וועלען צוואנציג פראצענט געהן אין א רעזערוו פאנד, און ניט מעהר פון פינף פראצענט צו צאהלען אויפ'ן אינוועסטעטען קאפיטאל. פון דעם געלד וואס וועט איבערבלייבען ווערט 5 פראצענט באשטימט צום באארד און דירעקטארס, 5 פראצענט פאר'ן פערסאנאל און 85 פראצענט וועט איבערגעגעבען ווערען צו דער רעגירונג, וועלכע וועט, לויט דער איינזעהעניש פון די דירעקטארס, דאס צעטיילען צו קאאפעראטיווע ארגאניזאציעס וואס פארנעהמען זיך מיט צושטעלען און פארטיילען שפייז, כדי איינצופיהרען אין זיי געוויסע טעכנישע פארבעסערונגען.

## קעש רעדזשיסטערס

**נעשאנאלס, אלערליי סטיילס.**

— געקויפט און פארקויפט —

**DETROIT USED CASH REGISTER CO.**

66 Froadway — Cadilac 5112

## מאשין-פיקטשור אפרייטארס

לערענט זיך פאר לייכטע און ריינע ארבייט, קורצע שטונדען, גוטע ווייזשעס קוואליפיקיישאן גאראנטירט.

**Movie Operator's School**
**33 Sproat St**

מאנטאג, מיטוואך און פרייטאג 7:30 אבענד.

**גיט** אייערע קינדער א מאדערנע אידישע ערציהונג שיקט זיי אין דער מענדעלע פאלקס שולע 204 איסט הענקאק. עס ווערען געעפענט נייע קלאסען פאר אנפאנגערס, אויך שיקט פיר די העכערע קלאסען, און שולע לערנט מען אידיש העברעאיש. געשיכטע און לענגעדען, די שולע איז אפען יעדען טאג פון 4 ביז 7 זונטאג פון 9 ביז 12.30

## — באקאנטמאכונג —

**רעוו. א. קאצער**
וואס איז רעקאמענדירט פאר'ן בעסטען
**מוהל**
זייט די לעצטע 20 יאהר
האט געמופט פון 263 פארנסווארט אין
140 מערבורי, קאר. בראש
טעלעפאן: מארקעט 827

## שטראף אויפ'ן פונט.

צוויי אראבישע פאגראמשטשיקעס אין ירושלים זענען פאראורטיילט געווארען צו צוויי יאהר טורמע און 20 פונט שטראף.

20 פונט שטראף? דאס איז צו גרינג פאר זיי. אזעלכע פאגראמען מאכער אלטען געראפט קריגען שטראף אויפ'ן פונט און נישט אויפ'ן פונט.

**רעוו. ל. ד. רייכלין**
פון אהבת אחים שוהל
(אייראנ)
זוהמס א סדור קדושין
און אנדערע שמחות מיט די בעסטע
ציירעמאניעס
511 קעמערען עוועניו
טעל. העמלאק 1130 ראבעלוו

# שעכטער'ס דראג סטאר

477 **הייסטינגס סט.**

טעלעפאן, טשעררי 5763

פרעסקריפשאנס פארפערטיגט מיט די גרעסטע פינקטליכקייט

צו יעדער צייט

ווילט איהר אייערע
ביליגער, שלישלען קארפענטער זעגען, טולס אין אנדערע
**ארבייט**
גוט געמאכט און גאראנטירט?
טו קומט צו
**מ. דאמניטץ**
245 מאנטקאלמסט.

**ווארע בילינ פאר סטאר-קיפערס און פעדלערס**
ספעציעלע פרייזען פאר ריטיילערס
**מאקס ראזינסקי**
353-355 הייסטינגס, קאר. קאלומביא

# א גרויסער אויספארקויף

סייל פאנגט אן מאנטאג

איך מאך באקאנט צום געהערטען פובליקום פון דעטראיט דאס איך מוז אויספארקויפען מיין גאנצען סטאק

## קראקערי, אלומינום, גראניטווער און פענסי טשייני

**אלעס, אלעס,** מוז פארדויפט ווערען אין דער קורצער צייט פון היינט ביז דעם 1טען דזשולי. מיין ליס נעהמט אויס און מיין געזונט ערלויבט מיר ניט מעהר צו שטעהן אין ביזנעס, דעריבער מוז אלעס פארקויפט ווערען צו די בילינסטע פרייזען.

קומט וואס שנעלער פאר די בארגיינס. אלעס ווערט פארקויפט פאר א האלב פרייז.

**מ. ב. שאפירא,** 511 הייסטינגס סטריט, ביטווין אלפרעד און ברוסטער

זאגט אייערע פריינד וועגען דעם גרויסען סייל.

# געלט קיין אייראפא

דער זיכערסטער און בעסטער וועג צו שיקען געלד צו אייערע קרובים קיין יוראפ איז דורך דער

# פיפעלס רעליעף

וועלכע איז א בראנטש פון דער דזשוינט דיסט. קאמיטע.
די געלד ווערט געשיקט אין דאלארס.

**פיפעלס רעליעף קאמיטע**

490 **הייסטינגס סטריט**

קעדילאק 2061

# מט. קלעמענס

## זייט געזונט



און פארברענגט אייער זומער וואקיישאן אין מאונט קלעמענס, און אז שוין אין מאונט קלעמענס וועט איהר סטאפען אין

# Elkins Hotel

100 רומס. דיינינג רום פאר 300 לייט. א רפואה פאר קראנקע, א פאר-גניגען פאר געזונטע.



ס'ניט געדרונגען אז איהר מוזט האבען טוייזענדער צו זיין אין מט. קלעמענס

# ניו ווילא האטעל

וועט אייך רעכענען $25 א וואך און איהר וועט הנאה האבען. אלע רומס קאנעקטעד מיט א פעסערדוש צו די פלאזא בעדער. שרייבט נאך איינצעלהייטען צום פראפרייעטאר ה. קראוז.

## ריווערסייד האטעל

(געצעזונער פארק ענעקס)

**מט. קלעמענס,** איינגאנצען רעמארעלירט, עפענט זיך 1טען מאי, 150 רומס, דיינינג רום פאר 300. דאס אידעלסטע פלאץ פאר געזונטע ווי פאר קראנקע. שרייבט נאך איינצעלהייטען,

# Riverside Hotel
**Mt. Clemens, Mich.**



# אלבאני האטעל

אין מט. קלעמענס, האט א נאמען פאר די לעצטע 20 יאהר אונטער דעם זעלבען מענעדזשמענט.

מיר בעטען אונזערע קאסטומער און פריינד צו קומען באציייטענס. איידער דער סעזאן איז אין פולען גאנג, כדי מיר זאלען זיי קענען געבען בעסערע באהאנדלונג. שרייבט צו

**ב. מאסקאוויץ**

## אייער פארלארענע געזונט



קריגט איהר צוריק, ווען איהר זענט אין מאונט קלעמענס און סטאפט אין

# גלענוואוד האטעל

קאנעקטעד מיט די בארימטע אלימפיא בעדער. שעהן, ליכטיג, לופטיג. פרישע שפייזען, מעסיגע פרייזען. א ספעשעל לאנטש און דעליקאטעסען סטאר, קאנעקטעד מיט די גלענוואוד. שרייבט נאך אויסקינפטע צו א. מארארסקי.

# לעזט דעם „וועג"

# אטאמאביל עקסידענט האספיטאל
# אטאמאביל אייגענטימער

ווען אן עקסידענט טרעפט מיט אייער קאר, ברענגט דאס צו אונז. מיר וועלען די קאר ווידער ניי מאכען.

פריימס, באדיס, עקסעלס, פענדערס ווערען אויסגעגלייכט, געוועלדעט, געמאכט ווי נייע און געענאמעלד.

**רעדיאיטארס פעריכט און איבערגעדילט אויך עקסטשענדזשעט**

**Michigan Radiator & Fender Repair Co.**

723, 725 & 727 John R. St. — Glendale 7576

# אויסקינפטע פריי

זעהר געהרען געגעבען איבער פאלגענדע ענינים: פאספארטען, ווי צו שיקען געלד אין אייראפא, ווי אזוי אריבערצוברענגען אייערע פאמיליעס, וועגען די רעכט פון לענדלארד און טענענטס, וועגען לאנד קאנטראקטען, מארטגעדזשעס, טעקסעס, און אז ווייטער.

## ווי צו ווערען א בירגער

וואו און ווי אזוי צו לערנען ענגליש, סאלדאטען פענסיע, ליבערטי באנדס נאטיסעס, אינשורענס און נאטוראליזיישאן.

**The Free Information Bureau**
**Detroit Board Of Commerce**

# ראזענפעלד'ס רוסישע טערקישע באד

פאר אלע וועלכע זוכען ריינליכקייט און גוטע באהאנדלונג.

30 מארבעל וואנעס — 2 כשרה מקוואות
זאזה בעטעס — פרייע קאטס אויף צום רוהען

10 פריוואט רומס פאר יעניגע וועלכע ווילען געטטינגען.

א פראכטפולער לאנטש קאנטער מיט פרישע עסענווארג און געטראנקע צו יעדער צייט.

שווייס פאר פרויען יעדען מיטוואך, מיט דער מיטווירקונג פון אן עקספערט מאסאזשיסטקע.

1846 אלפרעד סטריט, נ"ע אנטאין, טעלעפאן טשעררי 6190 ראבלוו.

# א צייטונג פאר אלע דעטראיטער אידען

## דער „וועג“

איז געגרינדעט געווארען מיט דעם צוועק, צו שאפען א טריבונע, אן עפענטליכע מיינונג אין לעבען פון די דעטראיט-ער אידען. אלע קלאסען, שיכטען און ריכטונגען פון הינען אידענטום האבען א טייל אין „וועג“. — אזוי פיהלט די פארוואלטונג. — דער „וועג“ שטעהט אפען פאר אלע אידען פון דעטראיט. קומט און נעהמט אן אנטייל אין די אינ-ערעסען פון שטאדט, אין די אינטערעסען פון אונזער קהלה. לאזט הערען אייער שטימע דורך דעם „וועג“.

## דער וועג

שטעהט אימער בערייט צו העלפען יעדע ווירדיגע אונטערנעהמונג און וועט שטיצען מיט ראטה און טהאט יעדע זאך וואס קען ברענגען נוצען די שטאדט.

## דער וועג

איז א צייטונג וואס איז ניט קאנטראלירט פון קיין ספעציע-לע פארטיי און קיין ספעציע-לע קלאס.

## דער וועג

גיט אלע אידען גלייכע רעכטע: ברענגט אריין אייערע בא-ריכטען, נאטיצען א. א. וו. עס וועט געדרוקט ווערען פריי.

## דער וועג

שטעהט פאר די שעהנסטע אידישע האפנונגען און ער עפענט זיינע קאלומנס פאר אלע נאציאנאלע אידישע ארגאניזאציעס, ניט אכטענדיג, צו וואס פאר א פראקציע אין ציוניזם זיי זאלען ניט באלאנגען.

## דער וועג

איז דער מיטעל צו האלטען דעם עולם אינפארמירט וועגען אלע שטאדטישע אנגעלע-גענהייטען. זייט א לעזער און באנוצט אייך מיט די פריווילעגיעס.

## פון „וועג“

# דער וועג פאבלישינג קאמפאני

איז די איינציגע אידישע טעג ליכע צייטונג אין דעטראיט.

**Main 3715**

**347 Hastings St.**

# אין א ווינקעל פון דעטראיט

ראמאן פון ב. איסאיעוויטש

(פארטזעצונג)

יא, מיט וועמען?

דארף מען נאך א גרעסערע סקאנדאל?

עס קען זיין אז דאס מיידעל מיינט ערנסט. זי האט געזעהן, אז דזשאזעף איז צו רייך פאר איהר, א אהן א שווערען קאמף וועט דאס די אך נישט אריבער־געהן. האט זי דערום געזאגט דער מאדאם פארבשטיין, אז זי וועט דזשאזעף׳ן אויפ־געבען —

ווען דזשאזעף וועט אבער קומען, וועט צוטרעטען צו איהר, וועט איהר נעהמען איינרעדען, בעטען, פארזאגען גליקען — — וועט אויך דעמאלט דאס מיידעל האלטען ווארט?

איצט קען ער דאס באווארענען!

אין זיין האנד איז איצט מרים.

ווייל ער, קען ער זי בלויז מיט איין טאג ארעסט פער׳משפט׳ען און — זי איז פאר דזשאזעף׳ן טויט..

וועט ער דאך נישט חתונה האבען מיט א גאסענמיידעל...

ווער זשע ווייסט צו וואלט דאס איהם נישט געקאסט אמאל טהייערער?

ווער זשע ווייס וואס עס קען פאסי־רען?

דזשאזעף איז א שטילער, א געזעצ־טער בחור, ער איז אבער מיט א שטאר־קען נישט בויגיגען כאראקטער. ער קען אויסנעפינען... ער וועט איהר מעהר גלוי־בען.. קען ער זי דאך.

איינרעדען דזשאזעף׳ן, אז דאס מיי־דעל וועלכעס ער ליעבט און מיט וועמען ער האט שוין חדשים פארבראכט. דאס מיידעל, וועלכעס זעהט אויס אזוי שטרענג און בעשיידען צו זיין —, אז דאס מיידעל איז אן אויסגעלאסענע....

ניין, דזשאזעף און קיין שום אנדער פארשטענדיגער יונגער מאן וועט דאס נישט גלויבען.

ער קען גלויבען אז זי האט איהם אפ־גענארט, אז זי איז זיין געלד אויסען, אז זי האט בדעה געהאט זיין צוקונפט, די קאריערע, די מתנות..

א יונגעמאן קען מען אריינווארפען א חשד אז זיין מיידעל האט ליעב אן אנדערען, אז זי איז א פאלשע, א ליגנערין.

אבער אז זיין געליעבטע, איבער וועל־כער ער ציטערט און פלאטערט אזוי, איז גאר א גאסענפרוי — אה, ניין, דזשאזעף וועט דאס נישט גלויבען!

ווער ווייס צו דאס מיידעל אליין וועט דעמאלט נישט זוכען נקמה אין איהם...

אפשר האט זי גאר דזשאזעף׳ס בריעף?

ווי געזעצט דזשאזעף זאל נישט זיין, איז ער דאך פארט א קינסטלער, א סענ־טימענטאלער, מסתמא. האט ער איהר אפשר בריעף געשריעבען. זי קען בריע־פע בריעף — — מיט אזעלכע בריעף קען זי איינגאנצען זיין נאמען מיט קוים און מיט שמוץ באווארפען..

א שעהנע מיידעל איז זי דאך פארט..

און ווען אפילו זי האט נישט קיין שום בריעף ווייזשע קען מען א מיידעלס נא־מען רואינירען?

ניין.. אזוי נידעריג וועט דער ריכטער פארבשטיין מיט דעם גרויען קאפ נישט פאלען.

ער איז א ריכטער, נישט אום אויס־צונוצען די מאכט פאר זיין טובה ווע־גען.

אדרבה, אט דער איצטיגער פאל האט איהם נאר די אויגען געעפענט. ער זעהט שוין איצט ווי אזוי מען ארעס־טירט לייכטזיניג. ער זעהט שוין די פע־היגקייטען פון די דעטעקטיוום.

יא, ער זעהט אציגד פאר זיך גאנץ בולט ווי די זאך איז פארגעקומען, ווי דער ארעסט איז צוגעגאנגען. שעהנע פאראנרקעס..

ער האט געהערט פון דער מיסעס ברוסטער דעם מיידעלס טענות. און ער גלויבט דעם מיידעל א סך מעהר, איידער דעם שפיאן...

אז ער זעהט דאך דעם גאנצען ענין אזוי קלאהר, אזוי קלאהר..

א גרינגע.. נו. ווי האט זי געזאלט ווי־סען דעם וועג? א „נעלער" וועט אויך נישט טרעפען פון זיין הויז ביז טשערי סטריט נישט פרעגענדיג. סיידען ווען ער איז גוט היימיש אין שטאדט, איז גוט באקאנט מיט די גאסען.

האט זי געפרעגט א פאר מענשען, ווי זשע רעדט אנדערש?

זי איז צעטראגען געווען.. געזוכט... איהר קליידונג גאבלעסיג צעשראקען — איז זי אויך געווען. נו, האט מען גע־קענט זי חושד זיין...

אוודאי האט זי באדארפט אזוי אויס־זעהן.

נאך אזא אבענד. נאך אזא קאטאס־טראפע.. צומישט, צושראקען. געלאפען גאס אין, גאס אויס — —

עס איז דאך פאר איהר א קאטאס־טראפע, פונקט דאס איז פאר דזשא־זעף׳ן..

און ווי איז עס איהם גאר אויף׳ן זי־נען ארויף אז ער זאל דעם נאמען פון א מיידעל פעראומרייניגען; פארגוואלטי־גען דאס געזעץ. זיין געוויסען באפלע־קען.

— נאט, וואס איז מיט מיר! וואו בין איך דאס?

פלוצים האט ער זיך אפגעשטעלט אין מיטען צימער. פערמאכט די אויגען און דעם שטערען פערקנייטשט..

— ארויסשיקען זי פון לאנד!

דאס קען ער.. א גרינגע..

קיין אומגליק איז דאך נישט. ער וועט זי פערזארגען.. זי וועט דאס אפשר פאר א גליק באטראכטען... דאס איז א פלאן.

ער פלעכט צונויף די פינגער ווארפט זיי אויף דעם נאקען און שפאנט אזוי הין און צוריק איבער דעם צימער.

יא, דאס איז א פלאן..

אהיים שיקען זי.. מען קען זי מיט דער שוועסטער אפשיקען אהיים..

ער זעצט זיך אנידער אויף א ברעג טיש, כאפט ארום די קניה פון לינקען פוס מיט ביידע הענט און פערזינקט ווידער אין מחשבות: —

און ווי, אז ער זאל עס מיט איהר אפמאכען בשתיקה?

ער וועט זי ארייגרופען טאקע אהער אין דעם צימער, וועט איהר זאגען מיט׳ן הארבען ווארט, אז איצט איז זי ביי איהם אין האנד, און — —

יא, דאס וועט זיין עכט אמעריקאנ־גיש: — „האו מאטש?". ער וועט איהר געבען א געוויסע סומע — —

און אפשר איז זי גאר מעהר ווי דאס נישט אויסען געווען?

אן ארים מיידעל, א בלומען פערקויפערין. האט זיך מישב געווען זי וועט אריינבאקומען א פאר הונדערט, אדער א טויזענט דאלאר און — —

ס׳קען זעהר גוט געמאהלט זיין...

בלעקמייל!.. א טאג טעגליכע פאסי־רונג אין אמעריקא.

סע פאסט פאר איהם נישט אזעלכע סחרים צו מאכען, נישט דער ריכטער פארבשטיין דארף מאכען אזעלכע גע שעפטען.. נור — —

יא, דאס איז א פלאן! האו מאטש? און — — — —

אראפ פון מארק! פטור געווארען.

ער וועט זי איבערגעבען טאקע אט דעם דייווידאוו׳ען און ער וועט זי שוין בעשטאטען. ער וועט זי שוין ארויס משלח׳ן פון דאנען...

ער האט נאך געטראכט א ווייל און דאן אנגעקלונגען.

— דייווידאוו׳ען אהער.

ווען דייווידאוו איז אריין, איז ער געווען בלאס ווי קאלך און האט זיך גע־טרייסעלט ווי גלייך ער וואלט געהאט קדחת.

דער ריכטער האט אויף איהם א קוק געטאן און זעהענדיג זיין צעמישטקייט, האט ער דאס אנגענומען אז דייווידאוו שרעקט זיך מסתמא פאר איהם. ער האט דאך איהם פריהער אזוי גראב און אזוי שטרענג בעהאנדעלט.

האט ער זיך געמאכט נישט וויסענ־דיג און א זאג געטאן אין דעם איינע־נעם שטרענגען, ריכטערישען טאן, ווי ער איז עס תמיד געוועהנט.

— איך געה ענדיגען די פערהאנדלונ־גען פון די ווייטערע פראצעסען. פיהר אריין אהער דאס מיידעל. פארשטעהסט דאך, אז מען קען זי נישט פראצעסירען. נישטא קיין גענוגענדע אורזאכען און...

— יעס, יור האנאר — —

(פארטזעצונג פאלגט)

## ווי אזוי די קאמוניסטען אין רוסלאנד באקעמפען ציוניזם

(שלוס פון פיידזש 4)

רע אנדעלאגען, די ציוניסטען, א רעטונג אין לאגער פון דער אלוועלט־ליכער קאנטר־רעוואלוציע, וועלכע איז פארנומען מיט׳ן דערשטיקען די ראטען־מאכט, מיט׳ן דערשטיקען די סאציאלע רעוואלוציע ביי זיך און אומעטום, וואו זי פלאקערט זיך פאנאנדער".

ענדיגענדיג מיט דער פראוואקאציע, אז די ציוניסטישע באוועגונג איז א קאנטר־רעוואלוציאנערע און „אונטער־דריקט איבעראל די פאנאנדערפלאקע־רענדער רעוואלוציע (?), פאדערען די שרייבער פון דעם טעלעגראפישען פרא־טעסט אויף די ארבייטער פון דער גאנ־צער וועלט, אז זיי זאלען זוכען צו באקעמפען דעם ציוניזם, פארגעסענדיג דערביי, אז אין די רייהען פון דער ציוניסטישער באוועגונג שטעהען א גאר גרויסע צאהל אידישע ארבייטער, וועל־כע זיינען תמיד באריט אויפצונעהמען יעדען קאמף פאר׳ן ציוניזם. די פאר־שימעלטע אידישע פראזאלאגען אין רוסלאנד, — וועלכע זיינען נאך ניט ארויסגעקראכען פון די העמדלעך פון באנאליטעט, — מאכען זיך ניט וועהן די נייע ערשיינונגען אין דעם אונזער מיינעם אזוי ווי אין דעם אידישען לעבען, וואס זיינען פארגעקומען אין די לעצטע עטליכע יאהר. זיי האבען גע־לעבט און לעבען נאך איצט אין א פארשימעלטער אטמאספערע אין וועל־כער עס דרינגט קיינמאל ניט אריין קיין פרישע לופט פון די לעבענס־ער־שיינונגען ביי די פעלקער פון דער וועלט.

מען וואלט זיי אבער דאס אלץ גע־קענט מוחל זיין, ווען זיי וואלטען זיך ניט אזוי אפט באנוצט מיט אזעלכע שמוציגע מיטלען ווי מיט פראוואקאצ־יע געגען זייער פארטיי געגנער. אפילו אין קאמף פאר דער רעוואלוציע דארף מען זיך דאך אויך ניט באנוצען מיט וואפען, וועלכע ווארפען א מיאוס׳ען פלעק אויף די קעמפער. ביי אונז אידען איז דאס אבער שוין אן אלטע ערשיי־נונג:. ווערען אידען פאטריאטען פון א געוויסער אנשויאונג, שטייגען זיי אריבער אלע גרענ׳יצען...

דעם וועלכען ביישפיעל ווייזען אונז די אידישע סאציאלע רעוואלוציאנערען, ווען מען האט ניט קיין אנדערע וואפען, איז פראוואקאציע ווירקליך איינע פון די בעסטע מיטלען צו באקעמפען דעם געגנער...


# אין פרינטינג שאפ פון „וועג"

פון א קארטעל

ביז

א גרויסע צייטונג

פון א הענדביל

ביז

גרויסע בוך

ווערט געמאכט שנעל, גוט און צו מעסיגע פרייזען


# דער אייביגער, אייביגער קאמף

פון מוסטעלא

### פארטוגעזער אידען, דייטשע יהודים און רוסישע אידען. 1.

די ערשטע אידען אין ניו יארק זיינען געווען פארטוגעזישע אנוסים, אדער מא־ראנען. זיי האבען פון זיך ארונטערגע־ווארפען דאס אויפגעצוואונגענע קריסטענ־טום און ווידער געווארען אידען.

זייער אידישקייט איז אבער געלאפען צו אן עקסטרעם. זיי זיינען געווען פאנא־טיש פרום. אין זייער פרומקייט זיינען זיי געווען זאגאר אינטאלעראנט. זיי הא־בען דערמאהנט אן די שפאנישע אידען פון האלאנד וואס האבען מחרים געווען אוריאל אקאסטא און ברוך דע שפינאזא.

די אידישע איינוואנדערונג, אין אנ־פאנג איז ניט געווען זעהר קיין גרויסע. דאך פלעגען קומען אידען פון דייטשלאנד, אידען פון פראנקרייך און אידען פון הא־לאנד. די דאזיגע געצעהלטע איינוואנדע־רער האבען מיטגעבראכט צוביסלעך פריי־ען גייסט, טאלעראנץ און מאדערניזמוס. מיט שווערע מיה האבען זיי געווירקט אויף דער פארטוגעזיש־אידישע געמיינדע, אבער די ווירקונג איז ניט געווען פון גרוי־סער באדייטונג.

אין דער צייט פון דער רעוואלוציאן גע־געגען ענגלאנד האט אנגעהויבען צו בלאזען א לופט פון פרייהייט, א לופט פון גלייכ־הייט און די רעליגיאן האט אנגעהויבען באטראכט צו ווערען אלס א פריוואט זאך. דאס האט מען געהאט צו פארדאנקען טהאמאס פעין, דזשעפערסאן וכדומה.

די פארטוגעזישע אידישע געמיינדע האט דערזעהן אביסעל ליכט און אנגע־פאנגען זיך צו אמעריקאניזירען אין דעם דעמאלסטיגען זינען פון ווארט.

עס זיינען נאך ביי זיי פארבליבען זי־טען פון דער פארגאנגענהייט. זייער קהלה־לעבען איז געווען, מעהר אדער ווייניגער, א מאדעל פון דער רוימיש־קאטוילישע קיר־כע; דער רב אדער זעלען־פארזארגער איז געווען א סטריקטער רעליגיעזער פארשטע־הער, וואס האט מיט וועלט־זאכען ניט געהאט וואס צו טאן. זיי האבען פראקטי־צירט אפגעזונדערטקייט ניטווייניגער ווי די רוסישע אידען אין דער רוסישער טשערטא.

דאן האבען אנגעפאנגען אהער צו קו־מען אידען פון דייטשלאנד; זיי זיינען גע־קומען אין גרעסערע צאהלען ווי פריהער. די דאזיגע דייטשע אידען האבען מיטגע־בראכט דעם גייסט פון משה מענדעלזאהן און זיינע תלמידים; זיי האבען אויך מיט־געבראכט דעם גייסט פון דייטשלאנד, וואס איז געווען א גאנצער ווידערשפרוך צו דעם גייסט פון פארטוגאל.

אמת, אלע זיינען געווען אידען. אבער די פארטוגעזישע אידען, ניט וויסענדיג, האבען זיי ענטהאלטען אין זיך פון דעם רוימיש־קאטוילישען גייסט, און די דייט־שע אידען פון דעם פראטעסטאנטישען גייסט. די ערשטע, די פארטוגעזען, זיינען געווען שמאלץ, צוריקגעצויגען און אולט־רא־קאנסערוואטיוו; די לעצטע, די דייט־שען, זיינען געווען דעמאקראטיש, פריי אין זייערע באוועגונגען און מאדערן.

געקומען זיינען די דייטשע אידען, לכתחילה, אין די פארטוגעזישע שוהלען, געטראפען האבען זיי דעם נוסח ספרד. גע־בראכט האבען זיי דעם נוסח אשכנז. גע־ווען איז דאס א קלייניגקייט. אבער א קליינער סכסוך האט שוין אנגעפאנגען. דאן זיינען געקומען גלאט רעפארמירטע דייטשע אידען. זיי האבען באהויפטעט, אז זיי ווייסען מעהר, פארשטעהן מעהר. זיי האבען גערעדט מיט א קאמישען דייטשען אקצענט. די פארטוגעזען האבען, אין אנ־פאנג, געלאכט פון זיי שפעטער זיינען זיי געווארען אין כעס.

אידען האבען אין די פאראייניגטע שטאאטען, אימער געשפיעלט א באדייטענדע ראלע, זייט דער צייט פון דער רע־וואלוציאן. די דייטשע אידען האבען אנ־געהויבען זיך צו מישען אין פאליטיק. די פארטוגעזען האבען באהויפטעט, אז זיי קריכען צו ווייט; און זיי טאן וואס מען באדארף ניט און מיט זייער „דייטשער ארגאנגץ" וועלען זיי שאדען דעם אידענ־טום אין אמעריקא.

אן אפענער קאמף האט אויסגעבראכען און עס איז געווארען א פראגע פון „דהי סאררוואיוועל אוו דהי פיטעסט" — דער פעהיגער זאל איבערלעבען.

די דייטשע אידען האבען געזיעגט.

עס וועט פאר אונז זיין אינטערעסאנט צו וויסען ווי אזוי און ווען זיי האבען גע־זיעגט.

יענער ערשטער דור דייטשע אידען, וועלכע האבען גערעדט א שלעכטעם ענג־ליש און געווען מעהר דייטש ווי עפעס אנדערש האבען ניט געקענט זיעגען. די פארטוגעזישע אידען האבען זיי איבעראל אריבערגעשטיגען. געזיעגט האט דער דור וואס איז אמעריקאניזירט געווארען און אויסגעמישט דייטשע קולטור מיט אמע־ריקאניזמוס.

„מה שאירע ליעקב אירע ליוסף!" וואס עס האט פאסירט מיט די דייטשע יאנ־קעלעך פאסירט איצטער מיט די רוסיש־עסטרייכיש־רומענישע יאסעלעך. פונקט ווי יענע האבען געשטרעבט אריבער צו שטייגען די פארטוגעזישע אידען, אזוי שטרעבען דיעזע צו האטאנירען די דייט־שע אידען און ווערען די ווארטפיהרער.

די נייע איינגעוואנדערטע אידען, פון רוסלאנד, עסטרייך און רומעניען, זיינען באדעכטיגט דערצו: זיי זיינען באדייטענד מעהר אין צאהל, זיי באזיצען גענוג ביל־דונג, זיי האבען גענוג פעהיגקייט און זייענדיג די פאסענדסטע, דארפען זיי שטעהן אין דער שפיצע.

פון דעם אנפאנג „אכציגער" יאהרען, פון פאריגען יאהר־הונדערט, קעמפען די פריש־איינגעוואנדערטע זייער ציעל און כאטש זיי שטעהען נעהנטער ווי אמאל פונדערסטוועגען זיינען זיי נאך אלץ ווייט דערפון.

וואס איז די אורזאכע? ווארום געהוי־ערט עס אזוי לאנג?

די אורזאכע איז א פיעל וויכטיגערע ווי יענע פון אמאליגע דייטשע אידען. די אמאליגע דייטשע אידען זיינען געקומען פון דייטשלאנד און די איצטיגע אידען קומען פון רוסלאנד, עסטרייך און רומעני־ען, דריי לענדער פון געדיכטער פינסטער־ניש, פון א תוהו־ובוהו — און זיי, הנ א־דען אליין, ניט ערצויגען אין פארלאמענ־טאריזמוס, זיינען זיי אזוי מאכטלאז ווי זיי זיינען ציעללאז.

אין א שטאדט ווי ניו יארק וועט איהר, למשל, געפינען צוואנציג גרופען איינגע־וואנדערטע אידען, און יעדע גרופע וויל אנדערש; איהר וועט אין דער גרופע גופא טרעפען אן אנדערע גרופירונג. איהר וועט געפינען מענשען פון הויכער אינ־טעליגענץ שטעהן פון ווייטען און ברואים וואס קענען בלויז שרייען און ליארמען אלס פיהרער.

אמאל דאכט זיך איך אויס, אז פון דעם געשריי און טומעל הערט איהר עפעס אין וואונש, אין פערלאנג, אבער ווען איהר הערט זיך צו בעסער, דאן ערפאהרט איהר, אז דאס איז בלויז געווען א טעות. צוואנציג גרופען האבען צוואנציג פאר־לאנגען און יעדער פארלאנג באזונדער איז ניט קלאר, ניט דייטליך.

זייט מענשען עקזיסטירען, זייט לע־בען, זייט נאציאנען שפיעלען א ראלע, האט קיינער נאך ניט געזעהן אזוי פיעל „איסטען" ווי די איינגעוואנדערטע אידען אין אמעריקא האבען.

איהר פאנגט אן מיט דער רעליגיא; אויף דער איסט סייד פון ניו יארק וועט איהר געפינען ארטהאדאקסען, האלב־ארט־האדאקסען, חסידים, מתנגדים, שטרענג פרומע, און אזעלכע וואס געהן שבת אין שוהל און רויכערען א סיגארעטעל נאך מיטאג. אלע לעבען צוזאמען, אלע בילדען איין גרופע. דאן טרעפט איהר טהעאיס־טען, אטהעאיסטען פריידענקער, סאציא־ליסטען, אינטערנאציאנאליסטען, אנאר־כיסטען, נאציאנאליסטען, טעריטאריא־כיסטען, נאציאנאליסטען, טעריטאריא־אונמעגליך זיי אויסצורעכנען.

איהר ווייסט בלויז, אז יעדער שרייט און וואס ער פארלאנגט איז ער אליין ניט קלאר דאריבער.

עס איז אן אינטערעסאנטע פעריאדע, אבער דער איינגעוואנדערטער איד קען נאך ניט אריבערשטייגען אום צו ווערען דער פיהרער. ער איז נאך ניט אמעריקא־נער גענוג אין דיעזער באציהונג. זיין זוהן וועט עס ערשט ווערען.

מיט די דייטשע אידען איז געווען גע־נוג דער ערשטער דור. אבער מיט אונזערע אידען וועלען מיר ווארשיינליך מוזען ווא־רטען אויפ׳ן צווייטען דור. דער איינפלוס פון רוסלאנד, עסטרייך און רומעניען איז א פיעל שטארקערער ווי דער איינפלוס אמאל, בלויז פון דייטשלאנד. מיר מוזען פון זיך אפטרייסלען דעם שטויב פון דער אלטער וועלט, דאן ערשט קענען מיר הא־פען צו ווערען די ווארט־פיהרער.

# קייזערליכע ליעבע

כמעט יעדע ארימע מיידעל איז מקנא א פרינצעסין. זי שטעלט זיך פאר אז, „א פרינצעסין מוז זיין זעהר גליקליך". אין דער אמת׳ן אבער איז עס א גרויסער טעות. פיעלע פרינצעסינס זיינען גאר מקנא די ארימע מיידלאך, וועלכע האבען א רעכט אויף זייערע איינענע הערצער און קענען חתונה האבען מיט וועמען זיי ליעבען; וועהרענד די פרינצעסינס מוזען דערשטיקען די אידעלסטע געפיהלען און הייראטען טיטולירטע מענער וועמען זיי האסען.

די אונגליקליכע ליעבע פון פרינצעסין וויקטאריא לואיז, איינציגע טאכטער פון דעם געוועזענעם קייזער, צו דעם יונגען גראף האבענהויזען, א יונגער אפיציער אין דער קייזערליכער ארמיי, איז דער בעסטער באווייז ווי אונגליקליך פרינצע־סינס זיינען.

דער קייזער האט ערפאהרען אז זיין טאכטער און דער יונגער אפיציער זיינען פארליעבט. און האט אויף גיך, מיט שטורם גענומען אויסלעשען די ברענענדע ליעבע פון ביידענס הערצער מיט דעם וואס ער האט איהר פאשפארט אין סיינט מאריץ און איהם האט ער ענטזאגט פון דער ארמיי.

אט אזוי קוקט מען אויף ליעבע. די הייליגסטע און ריינסטע געפיהלען אין א קייזערליכען הויף. א פרינצעסין טאר ניט הייראטען וועמען זי ליעבט נאר דעם, וועמען זי האסט. א פרינצעסין טאר ניט געניסען קיין גליק וואס קומט פון הארצען; זי קען נאר געניסען געבלאזטען כבוד און געפעלשטע עטיקעטע.

איוואן נארדיני, א באריהמטער רוסי־שער מאהלער, האט באשריבען אין א מאגאזין א פאסירונג וועלכע ער האט ביי־געוואוינט צווישען דיזע אונגליקליכע פאר־על.

— צופעלינער ווייזע, ערצעהלט נאר־דיני. — האב איך די עהרע געהאט באקאנט צו ווערען מיט דעם יונגען גראף האבענהויזען. ווען איך האב איהם געוויזען מיין אלבום מיט פארשידענע טיי־ערע בילדער, האט ער מיר געבעטען איך זאל אויך מאהלען א בילד פון איהם און

(שלוס אויף פיידזש 6)


# יאקאב פ. אדלער

דער קעניג פון דער אידישער ביהנע

פאר דריי פארשטעלונגען

— אין —

## ניו דעטראיט אפערא הויז

פרייטאג, שבת און זונטאג

4טען, 5טען און 6טען [illegible]

צוזאמען מיט ערשטע קלאסע נויארק פערזאנאל

אין איינע פון שענסטע פיעסען וואו דער גרויסער

אדלער קען אמשטארקסטען ארויסברענגען זיין

גרויסען טאלאנט

טיקעטס צו באקומען אין גארא׳ס בוך סטאר, 541 הייסטינגס

און אין באקס אפיס.

Der Weg

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט
ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער
וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד
...ט אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715.

# א נייע פראבלעמע

פון ב. י. ג—ן

איך געדענק נישט אקוראט, נאר ווי מיר דאכט זיך האב איך שוין אמאל באריהרט די פראגע פון פארהייראטע ארבייטער פרויען. דאס הייסט, אי פרויען זאלען נאך דער חתונה ארבייטען, ביי דער וועלכער ארבייט, ביי וועלכע זיי זענען געווען באשעפטיגט מיידעלווייז.

דאס איז א מאדערנע פראבלעמע, א נייע.

זי איז מיט דעם אנקומען פון דער מלחמה ארויסגעשוואומען: זאל א פארהייראטע פרוי יא, אדער נישט פארטזעצען איהר פראפעסיע, איהר באשעפ־טיגונג פון פאר דער הייראט.

די דאזיגע פראבלעמע באריהרט מיסס נ. ב. ל. אין איהרע בריעף אין רעדאקציע.

„איך וואלט געוואלט הערען פון אייך — שרייבט זי — אן ענטפער, אדער א מיינונג וועגען פאלגענדער פראגע:

„איך בין פאר'קנס'ט־צו א יונגען מאן. מיר האבען זיך ליעב איינס ס'אנדערע. שטעלט זיך פאר אז מיט א פאר וואכען צוריק האט עס געהאלטען דערביי אז ער זאל אפלאזען דעם שידוך, נאר דערפאר ווייל איך האב זיך איינ־גע'עקשנ'ט, אז כאטש א פאר יאהר נאך אונזער חתונה זאל איך פארטזעצען מיין פראפעסיאנעלע ארבייט — א[ן] ארבייט וועלכע איך האב ליעב און איז מיר טייער.

„ער אבער האט שארף געענטפערט, אז עס וואלט פאר איהם געווען די גרעסטע שאנדע, און אויך פאר זיין משפחה, אז זיין ווייב זאל געהן ארבייטען נאך דער חתונה.

„איך האב נאכדעם מיט גוטען מיט איהם איינגע'טענה'ט אז איצט, ווען עס איז אזא יקרות, וואלט יעדער איינער, מאן אדער פרוי באדארפט ארבייטען, און ווער שמועסט שוין אז איך האב ליעב מיין ארבייט.

„עראיז אבער געבליבען ענטשלאסען, אז דאס איז באליידיגענד פאר א פארהיידאטען מאן און אז ער וואלט אפילו דעם שידוך אפגעלאזט, ווען ער זאל וויסען, אז ער וועט נישט אויסווירקען, אז איך זאל איהם פאלגען.

„דענקט איהר — פרעגט צו ענדע מיס נ. ב. ל. — אז עס איז טאקע א באליידיגונג, אדער א שאנדע פאר א מאן ווען זיין פרוי זעצט פאר איהר באשעפ־טיגונג פון מיידעלוויז? איז עס דען נישט ראטזאם אז איטליכע פרוי זאל אויס־נוצען איהרע פעהיגקייטען און באהילפיג זיין איהר מאן? וואלט דען די פרוי זיך נישט געפיהלט מעהר צופריעדען?"

עס איז א פראגע וואס לאזט זיך נישט פארענטפערען מיט אן אלגעמיי־נער תשובה.

עס זיינען פאראן אורזאכען וואס קאנען בארעכטיגען דעם „יא" און דעם „ניין".

ווען מען זאגט אז דאס פאמיליען לעבען איז א מין שותפות אויף אויפצו־בויען א היים, דאן קאן דער מאן זאגען אז ער שטעלט זיך צופריעדען מיט דער ארבייט פון דער פרוי אין דער היים, איהר איפזיכט איבער'ן באלעבאטישקייט איז גענוג פאר איהם.

דאס איז אלטמאדיש. ער האלט פון דעם „כבודה בת מלך פנימה" — די פרוי דארף זיין א היים־זיצערין. עס איז אין דעם אלטמאדישקייט פאראן א סך שעהנעס, פאעטישעס.

אבער די היינטיגע, די מעהר מאדערנע פרוי וויל נישט דאס פאעטישע, איז מוחל דאס שעהנקייט, די אידיליע, זי וויל גלייכע רעכט — ארויינרעכענדיג אויך די רעכט פון מאכען א לעבען פאר זיך און נישט אנקומען צום מאן'ס לאסקעס.

די פרוי, וועלכע איז באשעפטיגט ביי א געוויסע פראפעסיע, אדער וועלכע איז תמיד געווען געוועהנט צו פאדיענען פון איהר איינענער ארבייט און זיין אינדעפענדענט און קענען קויפען וואס זי וויל, און זיך מאכען אדער קליידען ווי איהר געפעלט, וועט טאן איהרע וועלכע הישע [?] ארבייט און וועט ניט וועלען זיין אפהענגיג אפילו פון דעם מאן, וועמען זי האט ליעב; זי פיהלט זיך נישט אזוי פריי ווען זי דארף אנקומען און זיין אפהענגיג פון'ם מאן'ס פאר־דיענסטען.

און עס איז אבסאלוט לעבעדליך דאס צו באטראכטען פאר א בזיון, אדער אפלאזען דערפאר א שידוך.

דא איז אבער אן אנדער פראגע פאראן.

ווען א פרוי פארלאזט איהר היים און געהט ארבייטען דארף זי איבער־לאזען אימיצען אויף איהר פלאץ. זי דארף האבען נישט נאר א דיענסטמיידעל, נאר טאקע א פולע ווירטהין, און דאס איז היינט שווער צו קריגען.

אויב אבער א פרוי קריגט יא אזא מענשען, אויף וועמען זי קען איבער־לאזען איהר ווירטשאפט און אפשר אייך איהר קינד, דאן זעה איך נישט קיין אורזאכע ווארום זאל זי דוקא זיצען און ארויסקוקען אויף דעם „פעי דעי" און באקומען איינגעצאהלט דעם מאן'ס פארדיענסטען.

אמת טאקע, אז אזוי איז עס נישט אנגענומען, אונזערע טאטעס האבען זיך אזוי נישט געפיהרט, אונזערע מאמעס האבען נישט געארבייט.

אבער מיר טוען דען מיט אלעס נאך אונזערע עלטערען? — הלמאי האבען אונזערע מאמעס מיידעלוויז אויך נישט געוואוסט פון קיין פאבריקען?

אלענפאלס איז דאס בפירוש קיין בזיון נישט. און אוודאי איז עס א לע־כערליכע, ארוזאכע פאר אפלאזען א שידוך.

# הומאר און וויץ

## א טייערע ירושה

בעני: — בעריל דרייקאפ'ס קינדער רייסען זיך נאך אלץ פאר דעם טאטען'ס ירושה.

מעני — וואס האט דער טאטע אי־בערגעלאזען? עפעס א גרויסען פארמע־געגעס?

בעני — דריי גאלון מיט צוויי קווארט.

זעליג ווייצמאן

## גרינע און רויטע

זרח — זאג מיר ברוך, פארוואס פארפאלגט סענאטאר לאסק אזוי שטארק די „רויטע" און די „גרינע". וואס פאר א שייכות האבען רויטע מיט גרינע?

ברוך — זיי זענען איין פלאג.

זרח — פון וואנען ווייסטו עס?

ברוך — עס איז א מפורש'ער פסוק. עס שטעהט „והיה הנגע ירקרק או אדמדם" — די קרעץ וועט זיין גרין אדער רויט.

* * *

## אן אנשטענדיגער מענש

קאסטאמער — (צום פאטאגראפער באטראכטענדיג זיין סעמפעל) — איך האב דאך געטראגען א וואטש און טשיין — פאר וואס האט איהר זיי מיר ניט ארונטערגענומען?

פאטאגראפער (בייז) — וואס מיינט איהר מיסטער? איהר האט עפעס צו טאן מיט א גנב? איהר האט צו טאן מיט אן אנשטענדיגען מענשען.

סעם בלאומאן

* * *

## א רחמנות אויפ'ן יצר הרע

דער יצר הרע האט זיך געטראפען מיט'ן דלות.

— ווי געהט'ס דיר, פריינד, אין דער נייער מדינה? — האט געפרעגט דער יצר הרע דעם דלות.

— זעהר גוט, — האט געענטפערט דער דלות — אין דער אלטער היים האב איך נור איינגעפוגען אין אלטע פערלאזענע וואהנונגען, מיט צעבראכע־נע מעבעל, ביי קבצנים וועלכע פלעגען אונטער־פאסטען א פאר מאל א וואך, און איך פלעג אליין אויך דארען, אבער אין דיזער לאנד, האט זיך מיין מזל גע ענדערט, איך האב זיך יעצט אריינגע־כאפט אין די שעהנע סטים היטעד פלעטס, מיט די גרויסע רענט, מיט נייע קאסטבארע פארניטשור, דארטען גלייכט מען גוט אריינצולעבען און איך בין זיך נישט מחיה. וואס מעהר געלד זיי ספענ־[ד]ען און וואס גרעסער דער יקרות איז אלץ גרעסער און שטארקער ווער איך. איך קריג שטיצע פון די לענדלארדס, פון צוקער טראסט, פון קלאדהינג טראסט און פון אנדערע טראסטען. זיי העלפען מיר רעגירען אין טויזענדע הייזער, כ'לע איך בין זעהר צופריעדען.

— און ווי געהט עס דיר, פריינד? — האט געפרעגט דער דלות דעם יצר הרע.

— אח, זעהר ניט גוט! — האט גע־ויפצט דער יצר הרע. — אין דער אל־טער וועלט האב איך געמאכט א לעבען פון צורעדען די מענשען צו טאן עבירות, אבער אין דיזער לאנד האב איך מיין פראקטיס איינגאנצען פארלארען. אין די־זען לאנד האבען זיך די מענשען אויף אזוי פיעל געענדערט, אז זינדיגען איז שוין ביי זיי א צווייטע נאטור, און ווען איך קום צו איינעם אנרעדען איהם צו טאן אן עבירה, געפין איך אויס אז ער האט עס שוין לאנג אפגעטאן אהן מיר.

דוד דעניעל.

* * *

## אין געריכט

ריכטער (צום עדות) — זענט איהר פערהייראט?

עדות — יא.

ריכטער — זייט ווען?

עדות — זייט צוויי וואכען.

ריכטער — און איהר האט שוין א געשוואלענע באק?

עדות — דאס האב איך נאך פון מיין ערשטע פרוי.

א. וו. טאלצעס.

* * *

## א גוטער תירוץ

בעריל — לייה מיר צעהן דאלאר אויף איין מינוט.

שמעריל — נור אויף איין מינוט דארפסטו זיי האבען?

בעריל — נור אויף איין מינוט.

שמעריל — טו ווארט זשע איבער די מינוט און דאן וועסטו שוין זיי ניט דארפען.

א. וו. טאלצעס

# סעמיאן פעטליורא

איינער פון די פערזאנען, וועלכע ווע־רען איצט אזוי פיעל דערמאנט, ווען מען רעדט און מען שרייבט וועגען רוסלאנד, פוילען און אוקראינע, איז אהן צווייפעל סעמיאן פעטליורא, ווי מען רופט איהם די לעצטע צייט.

פעטליורא איז געווען דער הויפט־קאמאנדיר פון די אוקראינישע ארמעען און באנדעס און איז געווען דער הער־שער איבער א לאנד, וואס איז פונקט אזוי גרויס ווי פראנקרייך און איטאלי־ען צוזאמענגענומען.

אלע רעדען וועגען איהם. אלע אידען שילטען איהם. אבער גענוי ווער ער איז און וואס ער איז געווען, איידער ער איז אזוי טרויעריג באריהמט גע־ווארען — ווייסען ניט פיעל.

אן אינטערעסאנטע כאראקטעריסטיק פון איהם האט געבראכט די פאריזער צייטונג „עקלעיר", און מיר גיבען זי דא איבער.

סעמיאן פעטליורא איז געבארען גע־ווארען אין אן ארימער קאזאקען־פא־מיליע אין אוקראינע אין יאהר 1979 און איז איצט 41 יאהר אלט. ווען פעטליורא איז ארויס אויף דעם פעלד פון לעבען און טעטיגקייט, האט ניקא־לאי מיט זיין גאנצער פינסטערער מאכט געהערשט איבער רוסלאנד און אוקרא־ינע, און זיין ווילדער דעספאטיזם האט דערגרייכט די העכסטע מדרגה.

פעטליורא איז געווען אן אויסערגע־וועהנליך פעהיג אינגעל, און ניט קו־קענדיג אויף דעם, וואס פאר די אוק־ראינער פויערים זענען די העכערע לעהר־אנשטאלטען געווען פארמאכט, איז עס דאך געלונגען זיך אריינצו־שאפען אין דער טעאלאגישער אקאדעמי־ע, אום צו שטודירען אויף גלח.

זייענדיג אין דער טעאלאגישער אקא־דעמיע, האט פעטליורא ארגאניזירט זיינע חברים סטודענטען אין א גרופע צו שטודירען די אוקראינישע ליטער־ראטור און פאלקס־דיכטונג. אזא פאר־ברעכען האבען איהם ניקאלאי'ס טשי־נאווניקעס ניט געקענט פארגעבען, און ער איז אויסגעשלאסען געווארען פון דער אקאדעמיע, און ביי איהם איז אוועקגענומען געווארען דאס רעכט אנצו־נעמען אין וועלכען עס איז אנדערען אוניווערזיטעט פון רוסלאנד.

אין יענער צייט האט פעטליורא אנ־געהויבען א קאמף געגען דער רוסי־שער טיראניי און איז געווארען א וואונ־דערבארער אגיטאטאר און פראפעסיא־נעלער רעוואלוציאנער. ער איז אוועק אויף קאווקאז צו די קובאנער קאזאקען און האט דארטען אונטער א פאלשען נאמען, אנגעהויבען צו ארבייטען פאר דער קאאפעראטיווער באוועגונג צווישען קאזאקען.

שפעטער איז ער אוועק קיין מאסקווא און געווארען א זשורנאליסט, ער האט אנגעהויבען צו שרייבען און איז גע־ווארען רעדאקטאר פון דעם זשורנאל „אוקראינסקאיע אבאזרעניע".

ווען דער זשורנאל איז פארמאכט געווארען, האט זיך פעטליורא ווי־דער אפגעגעבען מיט קאאפעראטיווען און איז געווארען א פיהרער אין דעם זעמסטוואס־אויז (פארבאנד פון די פראווינציעלע פארזאמלונגען), וועלכער האט געהאט א סך צו טאן און צו־זאמענשטעלען שפייז פאר די סאלדאטען און פאר דער באפעלקערונג, און האט דא־דורך ערהאלטען אפילו פון ניקאלאי'ס טיראנען א סך מעהר פרייהייט, ווי עס איז ניט פריהער.

ווען די רעוואלוציע פון 1917 האט אויסגעבראכען און האט געזיגט, איז פעטליורא אויסגעקליבען געווארען אלס פרעזידענט פון דעם קאמיטעט, וועל־כער האט געהאט צו ארגאניזירען דעם קאנגרעס פון די סאלדאטען־ראטען.

זיין הויפט־ציעל איז דעמאלט געווען צוזאמענצוזאמלען אלע אוקראינער סאלדאטען אין אוקראינע און צו פאר־טיידיגען אוקראינע פון די רוסישע אימפעריאליסטען, וועלכע האבען גע־וואלט פארכאפען דאס לאנד. אין יענער צייט האט ער אויך באשלאסען צו גרינדען די ערשטע פראוויזארישע רע־גירונג פון אוקראינע. ער האט ערשט אנערקענט א שארפען ווידערשטאנד אי פון קערענסקי'ן, אי פון די סאציאליס־טען, אי פון די רעאקציאנערען פון אלע לאנדער. אלע זענען געווען געגען דער סעפאראטיסטישער באוועגונג, וועל־כע האט זיך דאן אנגעהויבען אין אוקראינע.

אין יענער צייט האט אבער דער באל־שעוויזם באקומען די איבערהאנד אין רוסלאנד און באלשעוויקעס האבען אי־בערגענומען די רעגירונג. פעטליורא האט, איידער דאס איז געשעהן, געבעטען, מען זאל איבערלאזען די פארטיי־דיגונג פון אוקראינע צו די אוקראי־נער סאלדאטען אליין. קערענסקי האט דאס ניט געוואלט און האט פארלוירען אין פעטליורא'ן א פריינד. און איז באלד טאקע ארויס פון דער סצענע, איבערלאזענדיג דעם רודער פון דער רוסישער רעגירונג צו לענין און טראצ־קי.

אין דעם אלגעמיינעם אויפשטאנד אין אוקראינע, וועלכער האט נאכגעפאלגט נאך דעם אונטערשרייבען פון דעם ווא־פענשטילשטאנד צווישען דייטשלאנד און די קאאליציע, האט פעטליורא מיט זיינע אוקראינער סאלדאטען פארטרי־בען די דייטשען און זייער קאמאנדיר סקאראפאדסקי'ן און פעטליורא איז גע־ווארען דער דיקטאטאר פון אוקראינע און דער הויפט־קאמאנדיר פון די אוק־ראינישע סאלדאטען־באנדעס, און איז געווארען די לעגענדארע, די אמסייסטען באוואונדערטע פיגור פון אוקראינע פון איין זייט און די פארשאלטענע פון דער אנדערער זייט. ער איז געווארען דער העלד פון די אוקראינער און די קללה פון די אידען אין אוקראינע.

פעטליורא האלט זיך פאר א קאריזאר. ווען ער האט איינגענומען צום ערשטען מאל קיעוו, האט ער ער־קלעהרט, אז ער וועט האלטען ארדנונג, געבען אלעמען פאלשטענדיגע פרייהייט און גערעכטיגקייט. אבער אין דערזעל־בער צייט האט ער ערקלעהרט, אז ער וועט באקעמפען די באלשעוויקעס פונקט ווי די רעאקציאנערען.

אין יענער צייט האבען זיך טאקע אנגעהויבען די פאגראמען, די בלוטיגע שחיטות אויף די אידען פון אוקראי־נע. אבער וועגען דעם שווייגט דער שרייבער פון פעטליורא'ס ביאגראפיע. איהם לוינט זיך מן הסתם ניט צו דער־צעהלען וועגען די שוידערליכע פאג־ראמען, וואס פעטליורא'ס סאלדאטען האבען געמאכט איבער גאנץ אוקראינע. די געשיכטע וועט דעם אמת ניט פאר־שווייגען און דעם בלוטיגען פלעק וועט פעטליורא פון זיך שוין קיינמאל ניט קענען אפוואשען.

## קייזערליכע ליבע

(שלום פון פיודיש 5)

זיין געליעבטע ... א זעהר פאעטישער פאזע.

— מיר האבען אפגערעדט זיך צו טרע־פען אין א פארק הינטער פאטסדאם.

— ווען איך בין געקומען אויף דעם באשטימטען ארט האב איך מיר געפונען ווי פארלארען. דער פלאץ האט פארגע־שטעלט זעהר היסטאריש. דאס גאנצע אומגעבונג האט ערצעהלט סצענעס פון אלטערטום.

— דער אפיציער און זיין געליעבטע וועלכע ער האט פאר מיר פארגעשטעלט אלס מיס וועהיטהויז זיינען געווען פאר־קליידעט אין אלט גריכישע קאסטיומען. די בילדער וועלכע איך האב פון זיי ארונטער גענומען האט פארגעשטעלט א ליעבענדע פאר פון די גאנץ אלטע צייטען.

— איך האב אבער געהאט א פארדאכט אויף דער מיידעל אז זי איז אזוי פיעל קייזערליכעס בלוט, און אום זיך צו איבערצייגען האב איך, נאך מיין פאראב־שיידונג פון זיי, זיך באהאלטען הינטער א בוש און האב זיי שפיאנירט.

— איך האב געזעהן ווי דער גראף געהט אפ אליין. קוקט זיך ארום אין אלע זייטען, איז זעהר נערוועז און טוט שרעקן, דאן קומט ער צוריק. גיט א פייף און לאזט זיך געהן מיט האסטיגע טריט אויף דעם וועג וואס פיהרט צו בערלין. די פרויליין זיך גוט ארומקוקענדיג אויף אלע זייטען, איז אויך נערוועז און מען דערקענט אויף איהר אז זי האט פאר אימיצען מורא. דאן אז זי איבערצייגט זיך אז קיינער וויזט זיך ניט, געהט זי מיט האסטיגע טריט צו דעם וועג וואס פיהרט קיין פאטסדאם. איך בין ארויס פון מיין באהעלטעניש און בין פון דער־ווייטענס איהר נאכגעגאנגען. זי האט זיך אפגעשטעלט נעבען אן אויטאמאביל וועלכען א פאליסמאן האט געהיט, דאן איז זי אריין אין דעם אויטאמאביל און אין פולער שנעלקייט איז זי ווי א בליץ פארשוואונדען געווארען.

— דער פארדאכט אין מיר האט זיך נאך מעהר איינגעלאזט, איך בין צו צום פאליסמאן און איהם געפרעגט ווער די־זע פרויליין איז.

— ווייסט איהר ניט ווער דיזע פריי־ליין איז? האט מיר דער פאליסמאן מיט פארוואונדערונג אנגעקוקט. דאס איז דאך די פרינצעסין לואיז.

— ערשט יעצט האב איך פארשטאנען אז מיין פארדאכט איז ניט געווען א טעות.

— און אז דאס יונגע פארעל וועט אנטליפען און מען וועט געפינען דאס בילד וועט מען מיך נאך ארינשלעפען אלס אמיטהעלפער! האב איך בי זיך גע־טראכט. איך האב זעהר גוט געוואלט שא־דען טאן מיין קאריערע, און דארום האב איך באשלאסען צו רעדען מיט'ן גראף און איהם ערקלעהרען אז איך קען דאס בילד ניט ענדיגען.

— איך בין אוועק צו איהם און איהם מיטגעטיילט דעם צוועק פון מיין בזמען.

— ווען דער גראף האט דאס דערהערט איז ער געווארן א פארציטערטער. אבער ווען איך האב איהם פארזיכערט אז ער דארף זיך פאר מיר ניט שרעקען האט ער, נאכדעם ווי איך האב איהם געגעבען מיין עהרען ווארט, פאר מיר זיך מודה געווען אז ער און די פרינצעסין זיינען שטערב־ליך פארליבט.

— זייער ליבע האט זיך אנגעהויבען אונטער די עלטערן'ס אויגען. דען זיי־ענדיג אין דער קייזערליכער ארמיי האט ער אפט געמוזט אריינגעהן אין פארק וואו ער און די פרינצעסין האבען זיך געטראפען.

— דער גראף האט מיר דערצעהלט אז זיי פארשטעהען ביידע פון זייער אומ־גליקליכע ליעבע נאר זיי ליעבען זיך אזוי געטריי אז זיי זענען באשלאסען צו אנט־לויפען נאך אמעריקא און אין אמעריקא הייראטען און לעבען ווי איינפאכע ביר־גער.

# בריעף אין רעדאקציע

ווערטהער הער רעדאקטאר פון „וועג"!

אין אייער אויסגאבע פון 28טען מאי איז געווען אנאנסירט, אז עס האט זיך געגרינדעט א קאמיטע וועגען שבת פראגע. איך וויל דא איבערגעבען איינ־גע איינצעלהייטען פון דעם מיטינג, וואו די פראגע פון שבת איז באהאנדעלט געווארען.

דעם 24טען מאי איז אין עליאט סטריט תלמוד תורה אפגעהאלטען גע־ווארען א זיץ באזוכטער מיטינג פון פארשידענע בעלי בתים וועגען דער שבת־פראגע. מיר האבען דארט ערוועהלט אפיסערס און פאלגענדע זענען ער־וועהלט געווארען: מר. ווייסוואסער — פרעזידענט; מר. ענרי — וויס פרעז.; לעווין — טרעזשורער; און מר. מע־טערסאן — סעקרעטארי. א קאמיטע איז באשטימט געווארען ארויסצובאקומען א טשארטער. אין דער קאמיטע זענען אריין: מר. ענרי, מר. פרידמאן און מר. סאבאלאוו. עס איז באשלאסען געווארען צו פארופען א מיטינג אויף דעם 7טען דזשון, ... אוהר אווענט אין עליאט סטריט תלמוד תורה.

מיר בעטען יעדען איינעם, וועמען עס איז ליעב און הייליג דער שבת, דאס ער זאל זיך אנשליסען אן דער חברה „שומרי שבת". דיוס איז איין דאלאר א יאהר. מיר האבען אויף דעם ערשטען מיטינג באקומען 30 מיטגליע־דער.

עס איז אויף דעם מיטינג באשלא־סען געווארען צו דאנקען דעם „וועג" פאר זיין העלפען אונז גרינדען די חברה „שומרי שבת".

האפענדיג, אז איהר וועט דרוקען מיין בריעף, דאנק איך אייך פאראויס,

שלמה זאמדוויס,

טשערמאן פון ערשטען מיטינג.

# לעזט וועט איהר וויסען!

## צום דעטראיטער אידישען פובליקום

אזוי ווי דער חסד של אמת עקזיס־טירט שוין פיער יאהר, און צו פאר־דאנקען דעם דעטראיטער אידישען פוב־ליקום מיט דער טיפטיגער ארבייט פון אונזערע אפיסערס, האט די הייליגע אינסטיטושאן ערציעלט דעם גרעס־טען ערפאלג. מיר האבען דערגרייכט דאס וואס די שטאדט האט זיך גענוי־טיגט צו האבען. יעדער איד ווייס וואס די באדייטונג פון חסד של אמת מיינט און וואס דער אינסטיטושאן האט אויפ־געטאן פאר די ארימע און עלענדע.

שטאלצירענדיג מיט אונזער ארבייט, האבען [illegible] אן איינענע סעמעטערי פון 13 אקער לאנד, ארומגעצוימט מיט א שעהנעם פענס, א הויז מיט א דזשע־נטאר אויף דער סעמעטערי, א הויז פאר א שוהל און אן אפיס אין 66 [illegible] סטריט, א טהרה־הויז, א פונעראל מאשין מיט א גאראדזש, אויך האבען מיר געארדערט א גרויסע מאשין פאר 30 פעסענדזשערס, וועלכער וועט פארטיג זיין אין א מאנאט.

דארום האבען מיר באשלאסען צו פייערן א „יאהרעס־פעסט" פון אונ־זער 4 יעהריגען עקזיסטענז און צו ארגאנזירען א מאס־מיטינג, וועלכער וועט שטאטפינדען זונטאג, דעם 6טען דזשון, 1920, אום 5 אוהר נאכמיטאג, אין אוטאפיא האלל, קארנער חיי און הייסטינגס, צו וועלכער איהר זייט העפליכסט איינגעלאדען.

מיר פארזיכערען אייך, שוועסטער און ברידער, אז מיר וועלען זיך פיין אמוזירען, און מיר האפען אז קיינער וועט ניט פארפעהלען צו קומען פייערן מיט אונז דעם גרויסען יום־טוב.

פאלגענדער פראגראם וועט דורכגע־פיהרט ווערען: א) פארלעזען דעם אל־געמיינעם באריכט פון חסד של אמת; ב) אלע דעטראיטער רבנים און פיעל אנדערע גוטע רעדנער וועלען אדרעסי־רען; ג) גוטע זינגער וועלען זינגען אי־דישע פאלקס ליעדער; ד) רעפרעש־מענטס; ה) מיוזיק און טאנץ פון 9 ביז 12.

מיט חסד של אמת גרוס.

די אראנזשמענט קאמיטע.

נ. ב.: די שוועסטער זענען געבעטען מיטצוברענגען קעיקס. נאטירליך, ווען עס מאנגעלט זיי ניט דער טייערער ארטיקעל וואס רופט זיך צוקער.

## א ריכטיגער באוויז

גימפעל — פון וואנען איז געדרונגען אז עס זענען דא מענשען אויפ'ן שטערען מארס?

בייניש — עס זענען טאקע ניטא דארטען קיין מענשען.

גימפעל — און איך זאג עס איז יא דא מענשען אויפ'ן שטערען מארס, א באוויז דערצו האב איך, אז נעכטען האב איך מחקש געווען די לבנה און מיר א מיידעל איינגעפאלען אין קאפ.

דייווידזאן בן ספר.

J. Lanskey
Tailor

אויב איהר ווילט קריגען

גוטע פאראנטווארטליכע ארבייט דאן קומט צו 105 טיאדאר סטריט.

מיר קלינען, פרעשען און רעמאדלען לײדיעס און דזשענטס גארמענטס.




פארניטשור סטאר אוקשאן

דאנערשטאג, דעם 3טען דזשון

10 אין דער פריה, אין

275 גרינוואוד עוועניו

דער גאנצער סטאק פון א סעקאנד־העגד פוירניטשור סטאר, וועט פאר־זיכט ווערען פער אקשאן אהן רעזערווס. דער סטאק ענטהאלט: בעטען, דרעסערס, א סינגער נעה־מאשין, מאט־אצעס, קיישענס, קאלדרעס, אוויוגס, עסקס, טישען, טשעירס, ראקערס, בופעטען, רעזערזש־פאָרטס, סאטיעס, שפיגלען, פריימס און הונדערטער אנדערע ארטיקלען וואס פארנעהמען צופיעל פלאץ צום ארויסצושרייבען.

אויך א גרויסען דעליווערי טראק

אין גוטען צושטאנד. אלעס מוז פארקויפט ווערען. קומט פאר פריה און פאר־ליערט ניט דעם טייל

Ben Friedman Auctioner Cad 2580

# CLASSIFIED

## באקאנטמאכונג

**די סילווער לעדער קא.** 578 רוזשאן. קעמפאו, קויפט פארשידענע זארטען לעדער און אימיטיישאן לעדער, אויך אלטע לעדער און ראבער בעלטינג. ספעציעל ווענן מיר פאראינטערעסירט אין נייע סעלאלאיד סקרעפ; מיר צאהלען 65 סענט א פונט.

**פארגעסט ניט** אונזער טעלעפאן נומער: מעלראוז 4610.

# Real Estate

## לענדלארדס און פראפערטי אייגענטימער

לאזט זיך ניט נארען, זייט פארזיכטיג בעפאר איהר קויפט סעמענטענע נאר בעדוש' אדער אשדעסעפטיקאל, דיטראיט קאנקריט מאנופעקטשורט רייאינסטאלד רעסעפטיקעלס. די צעמענט איז געמישט מיט נייער, ווערט געווער צופאלען, וועט זיך ניט שפאלטען פון פראסט. מיר גאראנטירען ביליגער אין פרייז, בעסטע אין קוואליטי. **ה. מ. קאפמאן**, 296 האנקאק איסט. טעלעפאן מעלראוז 3595 וו. טשערי 1473. פרייע אינ־סטאליישאן.

### איך קויף

און איך ליעס אייער פראפערטי. מיינע קאסטאמערס ווארטען. רוישאנסען, 196 גרייטאט עווענ., 2טע פלאר. טעל. מעין 4239 (6-4-2—6)

### פארלאנגט

א מיידעל אין א גראסערי סטאר. נאכפרעגען 374 האלברוק עווענו, קאר. קאראניע. 3)

### דר. לאנדי, דענטיסט

מאכט באקאנט צום ווערטהען פובליקום דאס ער האט ערעפענט די דענטאל אפיס פון דעם פארשטארבענעם

**דר. שליסעל**

אויף 617 הייסטינגס, נעבען עליאט.

### דיר. רחל־רייטשעל בת משה שרעבניק

1506 מישיגען עווענו וועסט גרענד בולווארד, און 1522 שיען סטריט. ווענען דיין אנטווארט דורך דעם „וועג" דאס דו אסט ניט קיין געלד צו צאהלען פאר א גט כר"ת.

מיט צוויי מאנאטען בעפאר ווען דו האסט דוקר קאורט באקומען א דיוואָרס, האסטו מיר 10,000 דאלאר אויסגע־בראכט. פון דעם האסטו 3,000 דאלאר קעש גענומען, אויסער מיינע דושועלרי און דיימאנדס, און די מיט דיין רייכע פאמיליע האט איהר די געלד.

און יעצט אויב דו דארפסט א גט, וויל איך צווייפעל צי דו האסט דיך געשיידט מיט דיין ערשטען מאן. איך בין נאך בערייט זיך צו פארלאזען אויף מענשען אדער אויף הרב אייזענמאן.

א. האבמאן,
440 לינקאלן עווענו.

### פארלאנגט א באי

צו לערנען די פרינטינג ביזנעס. גוט באצאהלט אין דער צייט פון דער לעהרע. זיך צו מעלדען צו מר. יפה, אין אפיס פון „וועג", פון 9 ביז 11 אין דער פריה.

TELEPHONE CANAL 

VIENNA SAUSAGE MFG. CO.
CELEBRATED VIENNA PURE Hygeia Beef Sausages
SMOKED & PICKLED BEEF TONGUES ETC.
1215-1217 S. HALSTED ST. CHICAGO

אונזערע
## דעטראיטער אגענטען
זיינען
**דזשיי לעפקאווסקי און סאם בראדווי מארקעט**

### צום דעטראיטער פובליקום!

יעדער איינער דארף וויסען: אז אויגען זיינען די איידעלסטע ארגאנען אין דעם מענשליכען קערפער. ווען איהר ליידעט פון אירגענד וועלכע קאפ־שמערצען אדער נערוועזיטעט, ראן נעהט צו אן ערנסטען, עהרליכען אפטאמעטריסט, ער וועט אייך יארזיכטיג און וויסענשאפטליך צופאסען די נויטיגע ברילען.

ר. ריבסיג צופאסטע ברילען וועט ... פון אויגען ... בעלס.

Fro...

## פערלאנגט און געזוכט

צוויי־ארער דריי לינעס אין „וועג" ברענגט אייך די בעסטע רעזול־טאטען.

**דער פרייז איז ביליג און די נוצען פון גרויס וויכטיגקייט.**

### אידישע פרוי

פארלאנגט צו טאן הויזארבייט און פיהרען א כשר'ע קיך. קליינע פאמיליע. פרעגען יוסף סופר, 255 מערבורי עוו. קער און סעלעער. 7)

צו פארקויפען
### א קענדי סטאר
אין אוקלענד
בעסטען אידישען געגענד
נאכפרעגען אין באקס 81 „דער וועג".

### צו פארקויפען

א באיג, ראבער טייערס, 4 סיטס, אין גוטען צושטאנד. פרייז $35.00. פרעגען: גלענדייל 1379—798 פארטה עווענו, נעבען קענפיעלד.

### צו פארקויפען

א דעילי און גראסערי סטאר. אין בעסטען אידישען לאקיישאן. ניט פיעל געלד נויטיג. זיך נאכפרעגען אויפ'ן פלאץ. 1170 הייסטינגס סטריט.

# פארד קארס און אנדערע קאר

קומט און קלייבט אויס פון אונזער גרויסען סטאק. מיר קויפען פאר קעש און פאר־קויפען אויף לאנגע טערמינען

**Maurice W. Fox Co.**
**Boulevard Near Oakla**

### קאפלאן'ס בארגין סטאר

483 הייסטינגס סטריט

קענט איהר קויפען אלעס פון די פאל נעגרע לייגס:

קאמפלים דרעס גודס ליין פון סילקס וואלענס און קאטין גודס. פערשידענע פענסי ארטיקלען ווי, בעד ספרעדס, קויר טענס; טייבעל קאווערס; שעמס אי סקארפס. קאמפלים ליין אין ליידיס פענ סי אנדערוועער און קארסעטס, מענס פארנישינגס און אהנדערוועהר.

**ספעשעל! ספעשעל!**

א גרויסער אסארטמענט אין וואלענס פאר מענער און בויעס סוטס און קאוטס. א קאמפלים ליין פון טיילאר און דרעס־מייקערס טרימינגס.

# דר, ה. סטאריקאף
## דענטיסט

דער פלאץ פאר גוטע ארבייט גוטע בעהאנדלונג — ליבעראלע פרייזען.

490 הייסטינגס סטריט

### Reliable Store Fixture Co.

מיר האבען א גרויסען אויסוואהל פון אלערהאנד סטאר פיקסטשורס, וואל קייסעס, שאו קייסעס, אייז באקסעס, קאנטארס, שעלווס, סייפס, סקיילס רעדזשיסטערס, נייע און געניוצטע. פרייזען מעסיגע. ארענטליכע בעהאנד־לונג. 2 סטארס.

**רעלייבל סטאר פיקסטשור קא**
305 גרעשיאט עווענו
טעל. קאדילאק 2445
277 מישיגאן עווענו
טעל. קאדילאק 4924 עס.

### דער בעסטער מוהל אין שטאט און מסדר קידושין
## חזן דוד גאלדען



אין 248 איסט האי סטריט
טעלעפאן, מעין 4420

### א קארנער אין אוקלענד עוו. צו פארקויפען

5 סטארס און 5 פלעטס בריק בילדינג אין רעכטען אידישען געגענד. איינ־קונפט $9000.00 יעהרליך. פרייז $80,000.00. איינצאהלונג $30,000.00. גרינגע טוירמס. נאכפרעגען אין „וועג" באקס 90.

### א דריי גודס סטאר צו פארקויפען אין א גוטען געגענד

גאראנטירט א לעבען צו מאכען. אורזאכע ערקלעהרט צו די אינטערעסירטע פערזאן. נאכפרעגען אין „וועג" באקס נומער 97.

### א מארדעטע

פוירנישד רום צו פארדענטען פאר א סינגעלמאן, ביי אן אנשטענדיגע קאפעל אין 211 עריאט סט. ביי מר. פרידמאן. 7)

### א טיילאר שאפ

גוט איינגעטרייעטע סטאר. קען געקויפט ווערען זעהר ביליג. נאכפרעגען אין „וועג" באקס 63.

### שמש און א גוטען מלמד פארלאנגט

מעלדען זיך אין תפארת ישראל שוהל, 575 קעמערען עווענו, פון 7 ביז 8 אין אווענד. 6)

### בעקארי און קאפע־הויז צו פארקויפען

זיכער צו מאכען געלד. עס איז א בארגין. 275 מישיגען עווענו. בעסטע לאקיישאן. 9)

### דרום־מזרח קאר. לינקאלן און פארעסט

פיער פעמילי טערעס, 7 רומס אין יעדען אפארטמענט. גוטע איינגאהמע. קיינע ליעסעס. פרייז $24,500.00. איינ־צאהלען $10,500. וועל אננעהמען גוטע לאנד־קאנטראקטס. פרעגען ערשקאמב, 165 אייוועגהאו עווענו. טעל. נארטפיעלד 559 „עם". 4)

### „דער פאל פון בבל"

„דער פאל פון בבל" אין ארקעסטרא האל ווערט אויך פארגעשטעלט קומענ־דע וואך.

דאס איז ד. וו. גריפיטה'ס א דריי מיליאן דאלאר פראדוקציע. די גרעסטע און שענסטע וואס עס איז ווען געווי־זען געווארען אין דעטראיט.

דורך דער צייט וואס דאס בילד ווערט דא געוויזען האט עס געבראכען אלע רעקארדס פון די גרעסטע בילדער וואס זיינען דא געוויזען געווארען.

דאס בילד „דער פאל פון בבל" ווערט געשפיעלט פון 125,000 מענער און פרויען, אלע ערשטע קלאסע קינסטלער. עס ווערען געוויזען 7,500 פערד, 4 טאנצענדע מיידלעך. מיט איין ווארט, דאס איז עטוואס וואס וועט בלייבען אין דער געשיכטע פון די פילמס.

די בארימטע טענצערין נאדיא פון די זיעגפיעלד פאליעס אין דער פאזו־לאוו באלעט וועט ווייטער אויפטרעטען אין די היסטארישע טענץ, באזונדערס אין דעם טעמפעל טאנץ „קאבראס טויט". *)

### פארערט סאוועטע „אינ־טערווענשאן" אין מעקסיקא

וואשינגטאן, יוני 1.—
די סענאט־קאמיטע איבער אויסלענ־דישע ענינים האט געכטען רעקאמענ־דירט, דאס אין פאל די נייע כחות, וועל־כע שטעלען איצט צוזאמען די מעקס־קאנער רעגירונג, וועלען זיך ארויסווייזען פאר אונפעהיג אדער אונוויליג צו עטאבלירען א פעסטע רעגירונג, זאל די רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאטען זיך מיליטעריש אריינמישען אין מעק־סיקא.

די קאמיטע רעקאמענדירט ווייטער, דאס אויב א פעסטע רעגירונג וועט איינגעשטעלט ווערען אין מעקסיקא, זאל זי קריגען די פולע אנערקענונג און אויך פינאנציעלע שטיצע. אבער די אנערקענונג זאל ניט געגעבען ווערען, סיידען פריהער זאל אונטערגעשריבען ווערען אן אפמאך צווישען די צוויי רעגירונגען.

# אטאמאביל עקסידענט האספיטאל
# אטאמאביל אייגענטימער

ווען אן עקסידענט טרעפט מיט אייער קאר, ברענגט דאס צו אונז. מיר וועלען די קאר ווידער ניי מאכען.

פריימס, באדים, עקסעלס, פענ־דערס ווערען אויסגעגלייכט, געוועלדעט, געמאכט ווי נייע און געעגאמעלד.

**רעדיאיטארס פעריכט און איבערגעדילט אויך עקסטענדזשעס**

**Michigan Radiator & Fender Repair Co.**
723, 725 & 727 John R. St. Glendale 7576

# אויסקינפטע פריי

זעהר גערן געגעבען איבער פאלגענדע ענינים: פאספארטען. ווי צו שיקען געלד אין אייראפא. ווי אזוי אריבערצוברענגען אייערע פאמיליעס. וועגען די רעכט פון לענדלארד און טענענטס. וועגען לאנד קאנטראקטען. מארטגעדזשעס, טעקסעס, און אזא ווייטער.

### ווי צו ווערען א בירגער

וואו און ווי אזוי צו לערנען ענגליש. סאלדאטען פענסיע. ליבערטי באנדס באנוסעס, אינשורענס און נאטוראליזיישאן.

**The Free Information Bureau**
**Detroit Board Of Commerce**

# ראזענפעלד,ס רוסישע טערקישע באד

פאר אלע וועלכע זוכען ריינליכקייט און גוטע באהאנדלונג.

| | |
|---|---|
| 30 מארבעל וואנעס | 2 כשרה מקוואות |
| טאור בעטהם | פרייע קאטס אויף צום רוהען |

16 פריוואט רומס פאר יעניגע וועלכע ווילען נעכטיגען.

א פראכטפולער לאנטש קאנטער מיט פרישע עסענווארג און געטראנקע צו יעדער צייט.

שווים פאר פרויען יעדען מיטוואך, מיט דער מיטווירקונג פון אן עקספערט מאסאזשיסטקע.

1846 אלפרעד סטריט, נ׳ער אנטאין, טעלעפאן טשערי 6190 האבליג.

### א נייעס אין מאנט קלעמענס
## צוויי כשר'ע דעליקאטעסען סטארס
אין מאנט קלעמענס

**B. & M. DELICATTESSEN**
**58 N. Gratiot**
**and 46 Cass Avenue**

אלערליי לאנטשעס און געטראנקען. באזוכט אונז ווען איהר זייט אין מאנט קלעמענס.

### קעש רעדזשיסטערס
**נעשאנאלס, אלערליי סטיילס.**
— געקויפט און פארקויפט —

**DETROIT USED CASH REGISTER CO.**
66 Broadway — Cadilac 5112

### מאושען־פיקטשור אפערייטארס

לערענט זיך פאר לייכטע און ריינע ארבייט, קורצע שטונ־דען, גוטע וויידזשעס קוואליפיקיישאן גאראנטירט.

**Movie Operator's School**
**33 Sproat St**

מאנטאג, מיטוואך און פרייטאג: 7:30 אבענד.

**גיט** אייערע קינדער א מאדערנע אידי־שע ערציהונג. שיקט זיי אין דער מענ־דעלע פאלקס־שולע 204 איסט הענ־קאק. עס ווערען געעפענט נייע קלא־סען פאר אנפאנגערס, אויך שילער פיר די העכערע קלאסען, און שולע לע־רענט מען אידיש, העברעאיש, געשיכ־טע און לענדערן. די שולע איז אפען יעדען טאג פון 4 ביז 7 זונטאג פון 9 ביז 12.30

— באקאנטמאכונג —
**רעוו. א. קאצער**
וואס איז רעקאמענדירט פאר'ן בעסטען
**מוהל**
זייט די לעצטע 20 יאהר
האט געמויפט פון 263 פארנסווארט
אין
140 מערקורי, קאר. בראש
טעלעפאן: מארקעט 827

### פיטסבורג כשר האטעל
אין מאנט קלעמענס

נעבען דער צו פלאזא בעטה הויז. מיר בעהאנדלען אייך ראיעל און רעכנען ניט טייער. ווארטעט פאר אונזער פאר־טרעטער ביים סטיישאן.

### רעוו. ל. ה. רייכלין
### פון אהבת אחים שוהל
(אוקלאנד)
נעהמט אן **סדור קדושין**
און אנדערע שמחות מיט די בעסטע עופרידענהייט.

511 קעמעראן עווענו
טעל. העמלאק 1130 ראבעליו

# שעכטער'ס דראג סטאר

467 הייסטינגס סט.
טעלעפאן: טשערי 5763
פרעסקריפשאנס פארפערטיגט מיט די גרעסטע פינקטליכקייט
צו יעדער צייט

ווילט איהר אייערע
**שלעסער, שליסלען קארפענ־טער זעגען, טולס און אנדערע ארבייט**
גוט געמאכט און גאראנטירט?
טו קומט צו
**מ. דאמניטץ**
245 מאנטקאלםסט.

### ווארע ביליג פאר סטאר־קי־פערס און פעדלערס

ספעציעלע פרייזען פאר ריטיילערס
**מאקס ראזינסקי**
353־355 הייסטינגס, קאר. קאלומביא

# א גרויסער אויספארקויף
### סייל פאנגט אן מאנטאג

איך מאך באקאנט צום געהערטען פובליקום פון דעטראיט דאס איך מוז אויספארקויפען מיין גאנצען סטאק

## קראקערי, אלומינום, גראניטווער און פענסי טשייני

**אלעס, אלעס,** מוז פארקויפט ווערען אין דער קורצער צייט פון היינט ביז דעם 1טען דזשולי, מיין ליס געהט אויס און מיין געזונט ערלויבט מיר ניט מעהר צו שטעהן אין ביזנעס, דעריבער מוז אלעס פארקויפט ווערען צו די ביליגסטע פרייזען.

קומט וואס שנעלער פאר די בארגיינס. אלעס ווערט פארקויפט פאר א האלב פרייז.

**מ. ב. שאפירא**, 511 הייסטינגס סטריט, ביטווין אלפרעד און ברוסטער

זאגט אייערע פריינד וועגען דעם גרויסען סייל.

# געלט קיין אייראפא

דער זיכערסטער און בעסטער וועג צו שיקען געלד צו אייערע קרובים קיין אייראפא איז דורך דער

## פיפעלס רעליעף

וועלכע איז א בראנטש פון דער דזשוינט דיסט. קאמיטע.
די געלד ווערט געשיקט אין דאלארס.

**פיפעלס רעליעף קאמיטע**

490 הייסטינגס סטריט

קעדילאק 2061

# מט. קלעמענס

### זייט געזונט



און פארברענגט אייער זומער וואקיי־שאן אין מאונט קלעמענס, און אז שוין אין מאונט קלעמענס וועט איהר סטאפען אין

**Elkin's Hotel**

100 רומס. דיינינג רום פאר 300 לייט. א רפואה פאר קראנקע, א פאר־גניגען פאר געזונטע.



ס'ניט נעדרונגען אז איהר מוזט האָבען טויזענדער צו זיין אין מט. קלע־מענס

# ניו ווילא האטעל

וועט אייך רעכענען $25 א וואך און איהר וועט הנאה האבען. אלע רומס קאנעקטעד מיט א פעסערוש צו די פלאזא בעדער. שרייבט נאך איינצעל־הייטען צום פראפרייעטאר ה. קראוז.

# ריווערסייד האטעל

(נעווזינגער פארק ענעקס)
מט. קלעמענס, איינגאנגען רעמא־דעלירט, עפענט זיך 1טען מאי.
150 רומס, דיינינג רום פאר 300. דאס אידעלסטע פלאץ פאר געזונטע ווי פאר קראנקע. שרייבט נאך איינצעלהיי־טען,

**Riverside Hotel**
**Mt. Clemens, Mich.**



# אלבאני האטעל

אין מט. קלעמענס, האט א נאמען פאר די לעצטע 20 יאהר אונטער דעם זעל־בען מענעדזשמענט.

מיר בעטען אונזערע קאסטומער און פריינד צו קומען באצייטענס אידער דער סעזאן איז אין פולען גאנג, כדי מיר זאלען זיי קענען געבען בעסערע בא־האנדלונג. שרייבט צו

**ב. מאסקאוויץ**

## אייער פארלארענע געזונט



קריגט איהר צוריק, ווען איהר זענט אין מאונט קלעמענס און סטאפט אין

# גלענוואוד האטעל

קאנעקטעד מיט די בארימטע אלומי־פיא בעדער. שעהן, ליכטיג, לופטיג. פרישע שפייזען, מעסיגע פרייזען. א ספעציעל לאנטש און דעליקאטעסען סטאר, קאנעקטעד מיט די גלענוואוד. שרייבט נאך אויסקינפטע צו א. מאדאר־סקי.

# לעזט דעם „וועג"

# סאסייעטים, שוהלען און ארגאניזאציאנען
## אויפמערקזאם

# דער וועג

איז אייער צייטונג, און אלס אועלכע איז „דער וועג" מוכן ומזומן צו לייסטען יעדע נויטיגע הילפע צו יעדער אר־גאניזאציאן און צו יעדער געלעגענהייט. — אויב איהר האט עפעס פון וויכטיגקייט, ברייננט עס אריין. — אויב איהר דענקט אז „דער וועג" קען אויס געבעסערט ווערען, קומט אריין אין אפיס אדער שיקט אריין ביי מעיל און מיר וועלען אייער מיינונג שענקען די נויטיגע אויפמערקזאמקייט. — אויב אייער סאסייעטי, אדער שוהל האט געהאט א וויכטיגען מיטינג, אויב אייער פאראיין אדער ארגאניזאציאן האט באשטימט עטוואס פון וויכטיגקייט פאר דער גאנ־צער שטאדט און אלגעמיין, ברייננגט אריין דעם רעפארט און „דער וועג" וועט דאס דרוקען. — אויב עטוואס געהט און אין אייער נאכבארשאפט וואס דארף געענדערט ווערן, דאן לאזט הערען אייער שטימע דורך די קאלומנס פון „וועג". — געדענקט אז „דער וועג"

## איז אייער צייטונג

# דער וועג פאבלישינג קאמפאני

איז די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין דעטראיט.

**347 Hastings St.** **Main 3715**

# אין א ווינקעל פון דעטראיט

ראמאן פון ב. איסאיעוויטש

(פארטזעצונג)

— וואס יעס?

— נישטא קיין אורזאכען. איך האב ערשט — —

אלזא גוט — האט איהם דער ריכטער מיט א׳ביין איבערגעשלאגען — ביז איך וועל אליין דאס מיידעל נישט אויספרעגען זאלסטו מיט איהר קיינע שמועסען נישט מאכען. פיהס זי ארייך אהער און זיי ביים טיר, ביז איך וועל פערטיג ווערען מיט די היינטיגע פראצעסען, געהערט?

— יעס, יור האנאר, געהערט.

(צוואנציגסטעס קאפיטעל)

אין פארבשטיין׳ס פריוואטען קאבינעט

וועו דער ריכטער פארבשטיין האט אפגעפערטיגט דאס געריכט מיט די פרא...

צי וועט ער איהר גלויבען?

און ווי וועט זיין אז דער ריכטער איז פונקט אזוי „גוט" און פונקט אזוי „בריימהארציג" ווי אט דער דייווידאוו מיט דער דערבי העט און מיט די ציניש׳ע בליקען און מיט דעם איראנישען שמייכעלע?

און ווי וועט זיין — — אה — — ווי זי האט מורא דעם געדאנק ארויפצוברענגען — ווי וועט זיין ווען ער געפינט זי, חלילה, פאר שולדיג — —

עס לויפט איהר איבער א גרויל איבער׳ן לייב: מרים ה׳ זלמן׳קע דעם רב׳ס וועט פאראורטיילט ווערען פאר — — ארומשלעפען זיך איבער די גאסען פאר זיין א גאסענפרוי — — —

אה, זי וועט דאס נישט איבערטראגען! זי וועט...

אלעמען און פון איטליכען און אט איז איין רערעלע איבערגעדרעהט געווארען און אלץ איז ארויפגעפלויגען בארג ארפ... אלעס איז פערגיבטעט...

ווי האט חנה פארבראכט די פארגאנגענע נאכט?

מסתמא די גאנצע שטארט ארומגעלאפען.

אומגליקליכע שוועסטער! נישט באשערט געווען איהר א טראפען נחת...

אט — און זי וועט פאהרען אויף...

...

ס׳וועט זי, אן אומשולדיג, ריין מיידעל פאראורטיילט ווערען פון אן אטע ריקאנער ריכטער, נישט ווענינער גרוי זאם מסתמא ווי דער ריכטער פארבשטיין, וועט געשטעמפעלט ווערען פאר אן אויסגעלאסענער, פאר אן ארומשלעפער...

(פארזעצונג פאלגט)

# א בריוועל צום רעדאקטאר

פון ישראלי

האכגעשעצטער רעדאקטאר!

איך בעט אייך איהר זאלט אזוי גוט און פרום זיין און מיר לאזען אנעקסירען אזוי פיעל טעריטאריע אין אייער ווערטער צייטונג פאר מיין בריוועל וויפיעל ס׳וועט זיך מיר און מיין טייערען פרייטר וועצעל פארגלוסטען.

פארגעסט נים, ווערטער רעדאקטאר, איך בעט נים ביי אייך קיין טובה, ווייל היינט בעט מען בכלל קיין טובות נים. איך וויל נאר, איהר זאלט מיר העלפען ווי ווייט מעגליך אנצוהאלטען דעם פרידען צווישען מיר און מיינע גרויסע אפעטיטען, צו פארכאפען וואס מעהר קאלומס אין אייער ווערטער צייטונג, אין דער פרידען דיקטירט; אז איהר זאלט מיר „לעמאנגעשעס" אפגעבען דעם סאמע אנגעזעהנסטען פלאץ אין אייער פייפער, אז נים — איז אוים פרידען!...

דאס האט איהר זיך אן אולטימאטומ׳על און איצט קומט ס׳בריוועל, וואס הויבט זיך אן מיט׳ די זעהר אריגינעלע ווערטער;

— האכגעשעצטער רעדאקטאר.

אזוי ווי ס׳דארף אייך זיין באוואוסט געהט אן אין אונזער וועלט א באוועגונג...

...

טען זיי אביסעל אפגעוואשט מיט׳ן זינגען פאר פרעהליכערע צייטען, ווייל זיי וואלטען געזעהן, ווי אזוי אין דער סאמע פראכטיגקייט פון׳ם האר׳ם וועלט, לויפען ארום אינוואלידען אויף שטעלצעס, אלע צעבלוטיגטע צעריסענע, קיין איין גאנץ גלעד, קיין איין ריינע נשמה, און איטליכער פון די דאזיגע אינוואלידען אויף שטעלצעס, שרייט — „איך בין דער ליעבלינג פון גאט; גאט איז מיט מיר! א סימן? גאנצע טייכען בלוט, אייגענס און פרעמדעס, צו מיין קרעדיט... און גאט האט ליעב בלוט. — אזוי האבען געגלויבט די בארבארען, אזוי די קאניבאלען און אזוי גלויב איך!"...

א, ווען מלאכים זאלען באטש שטיקלאך מענשען זיין, וואלטען זיי דאס אלעס געהערט, אלעס געוואוסט און ווינציגער באזונגען די פראכטיגקייט פון׳ם האר׳ם וועלט...

ווייל דאס שעהנע לעבען איז אין די הימלען און אויף דער ערד באוועגט זיך בלוין; עפעס וויל מען, עפעס זוכט מען, נאך עפעס בענקט מען — אבער יעדער איינער וויל דעם „עפעס" פאר זיך, בלוין פאר זיך, און דער דאזיגער „עפעס" ליגט פארבארגען ערגיין וואו אין די הימלען אנגעגרייט פאר יענעם טאג ווען די אינוואלידען וועלען פון די שטעלצעס ארונטער און וועלען גאנצע מענשען ווערען; און ווען זיי וועלען אין יענעמס וואונדער ווערהאג דערפיהלען, און פאראייניגטערהייד שטעלען זייערע פאדערונגען צום הער גאט — אט דעמאלט זענען זיי זיכער מיט א זיג.

פליעז, דיער עדיטאר! לאזט דאס וויסען דער וועלט דורך אייער ווערטער צייטונג!....

# לוקסוס און באלשעוויזם

די רייכע וועלבע וויסען יעצט פון קיין אנדער ארבייט נים ווי באדען זיך אין...

...

— פרעגט מר. דילאן — שווערע קעמפע קומען פאר אין סיבור, בלוט פליסט אין פוילען, איקראינע און קאווקאז.

„דער פראלעטאריאט זעהט אט דיעזע פארשווענדעריי, קען ער רוהיג בלייבען פאר דעם? קען ער רוהיג זיין ווען ביי איהם ברויט צו זאט איז א לוקסוס און דארטען טרינקט מען וויין פון א פאנטאפעל פון אן איינגעלאסענער אקטריסע.

„קען דער צוריקגעקעהרטער סאלדאט רוהיג זיין ווען ער זעהט וועלכע פארשווענדעריי? פארגעסט נים! די סאלדאטען האבען געארבייט ביים פריערגעם טיש, פרעגט ער:

„צי וועלען אט די אלע באמיהונגען, צי וועלען אט די אלע קרבנות ברענגען די געווינשטע רעזולטאטען?

און ער ענטפערט:

„ווער ווייס! עס ווייזט נים אויס אז פריעדען זאל אויף דער וועלט קומען אזוי שנעל, אויב די מלחמה וועט זיך ענדיגען צווישען פאלק און פאלק, וועט זיך אבער אנפאנגען די מלחמה צווישען קלאס און קלאס און שולדיג וועלען זיין נאך די רייכע פוסט און פאסטניקעס.

(שלוס אויף פייזש 6)

# צוויי־ערגייי ראמאנען

פון ל. קעניג

אין דער מלחמה־ליטעראטור ווארפען זיך אין די אויגען צוויי־ערליי סארטען ראמאנען.

איינער איז ערשינען צוזאמען מיט דער איצטיגער קריעג, ווען דאס קולטורעלע און מענשליכע וואס האט פאראייניגט אלע אייראפעאישע נאציאנען, איז פארשוואונדען געווארען.

און דער צווייטער סארט ראמאן, ווערט ערשט איצט געבוירען, איצט, ווען דער העלישער שלום־פייער, פאנגט אן צו גוסען, ארויסווארפענדיג אין פארצווייפלונג די לעצטע פיידינגע צונגען...

דאס אויפפלאקערן פון דעם האס צווישען מענשען און פעלקער און האס צאנקען פון דעם האס שילדערט זיך אין די צוויי ערליי ראמאנען, און באטש פון דעם ריין קינסטלערישען שטאנדפונקט, האט אט דער מבול פון מלחמה־...

סבות, האט פאר דער איצטיגער וועלט־קריעג געהערש א שטיקעל אסימילאציע צווישען די אייראפעאישע נאציאנען. פון איין זייט דער האנדעל און דער פארפאלקאמטער פארקעהר פון לאנד צו לאנד; פון דער צווייטער זייט די קונסט און ליטעראטור און אנדערע גייסטיגע שאפונגען, וועלכע זיינען דאך טראץ זייער לאקאל־נאציאנאלען אונטערגרונד, אוניווערסאל און פארשטענדליך פאר יעדען וואס קען נאר פארשטעהן.

אויך די פארשיעדענע ניוועלירענדיגע אידעען, האבען דערצו געהאלפען און א דאנק די אלע אויבענגערמאנטע פאקטארען, האבען זיך אין אייראפא ביז דער איצטיגער קריעג געמעהרט די פארשיעדענע געמישטע שדוכים צווישען דייטשען און פראנצויזען, ענגלענדער און דייטשען און אזוי ווייטער. עס האט...

...


# וואַרט ניט ביז וואַנען די באַרד און העלט וועט אייך צווינגען צו קויפען א רעסעפּטיקאַל קויפט דאס גלייך אליין

# קאנקריט

גארבעדזש און אש רעסעפּטיקאלס

מאַניופעקטשורד ביי די

## האוטאן סעמענט באקס קא.

820 לאפאיעט עוו. קאר. 21טע סטר.







אונזערע באקסעס זיינען ביליגער און בעסער פון אלע אנדערע באקסעס געמאכט אין דעטראיט. מיר האלטען אונזערע רעספּטיקאלס דיזענפעקטעט אזוי אז קיין שום ריח קען זיך פון זיי נים דערטראגען און דאס איז די אורזאך וואס זיי ציהען נים צו קיין פליגען און מיקראבען.

## פרעגט אייער שכן וועלכער האט שוין אזא רעסעטיקאל

אייער נעקסטען ארדער פיר א סעמענט גארבעדזש ארער אש באקס באשטעלט ביי אונז און דערביי. וועט איהר סייווען פון 3 ביז 15 דאל. אויף אייער ארדער.

פעקטארי

## 820 לאפאיעט עוו

טעל. וועסט 2082.

אונזער רעספּטיקאלס זיינען אונטער דער אויפזיכט פון דער באארד אוו העלט

אגענטען

## יאפעפאן טאגערט

994 ענטווין סט.

טעל. נארטוויי 4194

וואַרט ניט ביז וואנען די באַרד אוו העלט וועט אייך צווינגען צו קויפען דעם סארט גא רבעדזש באקס. קויפט דאס באַ ציימענס און פערמידט טראבעל.





אונזערע ספּעשעל מאשינען סייווען ארבייט.

אונזערע איבערגעבילדעטע מאשינען סייווען געלד.

## קויפט פון מאנופעקטשורער און סייווט דעם ריטייל פראפיט.

מיר פארקויפען די בעסטע אין דער ליין פון נעה מאשינען פאר יעדער סטיטשינג אפּערישאן. א חוץ די נייע און ספּעשעל נעה מאשינען פארקויפען מיר א ביסעל אפּגעיוזטע מאשינען. דאס גיט אייך א געלעגענהייט צום סייווען פיעל געלד דערביי!

A. C. Payer

119 E. Jefferson

טעלעפאן: טשערי 1813

# Der Weg

די איינציגע אידישע װעכענטליכע צייטונג איז מישיגאן סטייט
ערשיינט יעדען פרייטאג אויסער שבת, דורך דער
וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפאריוטעד
אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715.


## זעלבסט קאנטראל

פון ב. י. ג—ן

ווען מען האט געפרעגט א באשולדיג־טען אין מאניטאבא, ווארום ער האט גע'הרג'עט זיין קאנקורענט־אין־ליעבע, האט ער געענטפערט, אז ער האט זיך ניט געקענט קאנטראלירען. עס האט אויפגעקאכט אין איהם דאס בלוט און ער איז ניט אימשטאנד געווען צו דענ־קען וועגען די רעזולטאטען פון זיינע מעשים.

און דאס איז ניט אינגאנצען ריכטיג.

פאראן שטארקע כחות פון דער נא־טור, רויה און ברוטאל זיינען זיי און פונדעסטוועגען קען מען זיי קאנטרא־לירען אבי נאר מען וויל דענקען, אבי נאר מען באנוצט דעם ווילען און דעם באגעהר צו צוהערען זיך צו דעם פאר־שטאנד.

דארף מען מעהר רויהע נאטור ווי די דאמפף־שיף איז, אדער ווי עס איז דער לאקאמאטיוו — געוואלדיגע קרעפ־טען זיינען דאס, וואס ווען מען זאל זיי לאזען פליהען אהן שכל, וואלטען זיי געקענט חרוב מאכען הונדערטער און טויזענדער מענשליכע לעבענס. קומט אבער די דאזיגע קראפט אריין אין די הענט פון א מענשען, וואס דענקט, ארבייט ער מיט זיי לטובת די מענ־שען, לטובת דער וועלט.

דאמפף איז א געפעהרליכע זאך. ווען א קאפיטאן זאל ניט וועלען צוהערען זיך צו זיין שכל, בעת ער פראוועט מיט דעם דאמפף, וואלט ער טויזענ־דער מענשען לעבענס צוריסען און אומגעבראכט.

דעם מענשענ'ס גוף איז ענליך צו יענעם לאקאמאטיוו; דער שכל, דער פארשטאנד, דער גייסט אין דעם מענ־שען — דאס איז דער קאפיטאן.

ווען עס ווערט קאליע א שריפעל און דער קאפיטאן פארנאכלעסיגט דאס, און דער קאפיטאן פארנאגלעסיגט דאס, ווערט די שיף וואס אמאל אלץ ער־גער און ערגער, עס נעהמט אזוי וויים, אז די מאשין אינגאנצען, ווערט רואי־ ווען עס פאסירט נאכדע מאן אומגליק, נירט.

איז עס צו באשולדיגען ניט די שיף, ניט דעם ים, ניט די כוואליעס און אפילו ניט די מאטראזען, נאר דעם הויפט אנפיהרער, דעם קאפיטאן, ווע־מען מיר קענען אנרופען, אלס דער קאפ פון דער שיף.

דאס אייגענע איז אויך מיט דעם מענשליכען קערפער.

ווען א מענש פארנאכלעסיגט איין שריפעלע פון זיין קערפער, וואס איז קאליע געווארען; ווען, לאמיר זאגען, א מענש א כעסן האלט זיך ניט אין האנד און רעגירט ניט איבער זיך און פארלאזט ריזען געפיהל אזוי לאנג ביז ער גראבט אונטער דעם מענשען אינ־גאנצען — איז דא ניט צו באשולדיגען די הענט, די פיס, אדער דעם רוקען, שולדיג איז דער קאפ, דער שכל.

און אזוי איז עס ניט דווקא מיט די געפיהלען, דאס אייגענע קען אויך געזאגט ווערען ווען א מענש פארנאכ־לעסיגט א פיזישען פעהלער און דער דאזיגער פעהלער ברענגט שפעטער אום דעם גאנצען גוף.

אין דעם מענשען ליגט א פארבאר־גענער כח, מיט וועלכען און דורך וועלכען דער מענש קען מיט זיך אליין טאן וואס ער וויל.

דאס שלעכטיגקייט איז, וואס דאס רוב מענשען לערנען אלץ און אלעס, ווייסען אפשר אלץ און אלעס. זיי לער־נען אבער ניט און ווייסען ניט, ווי אזוי צו רעגירען מיט דעם דאזיגען כח, וואס ליגט אין זיי.

זיי זיינען די קאפיטאנען איבער זיך אליין, אבער זיי ווייסען ניט נאכצו־קומען די פליכטען פון קאפיטאנען און זיי קענען ניט די מאשין, וואס איז זיי אנפארטרויעט.

פאראן צייטען, ווען דעם מענשען גלוסט זיך עפעס צו טאן, אדער ערגיץ צו געהן. דער שכל באגרייפט, אז דער דאזיגער גאנג, אדער די דאזיגע עובדה, וועט ברענגען שאדען איהם אליין, אדער אימיצען אנדערש, און עס באפעהלט דאמאלט דער שכל דעם מענ־שען אפצוהאלטען זיך פון דער דאזיגער עובדה, אדער גאנג. די פיס, די הענד פאלגען.

אט דיזער משל קען באמת פארגליכען ווערען מיט א מאשין. דאס גלוסטעניש איז ווי א כוואליע, דאס בלוט אין דעם מענשען איז א מין רוישיגע כוואליע, דער דאמפף. דער קערפער מיט אלע זיינע גליעדער — דאס איז די מאשין. זאל מען איבערלאזען דעם קערפער צו דעם כח פון בלוט, איז דאס ווי מען וואלט איבערגעלאזט אהן א קאנ־טראליע די מאשין צו דער בלינדער קראפט פון דעם דאמפף, אדער צו די רוישיגע ווילדע כוואליעס פון דעם ים.

קומט אבער דער פארשטאנד און פיהרט זיך מיט דעם מענשען ווי א קאפיטאן.

זיינען די כוואליעס צו שטורמיג, פיהרט ער די שיף פארזיכטיגער.

און וואס מעהר שטורמיג עס איז דער ים און וואס די געפאהר איז גרעסער, אלץ שווערער ארבייט דער קאפיטאן און אלץ מעהר דערפיהלט ער זיין פאראנטווארטליכקייט און אלץ מעהר ווענדט ער אן זיין קענטניש ווי אזוי בייצוקומען אלע נסיונות.

מען פרעגט ניט דעם קאפיטאן אויף דין וחשבון, ווען ער פיהרט אריבער א שיף אויף א שטיל און רוהיג טיי־בער; מען האלט איהם אבער פאר־אנטווארטליך, ווען מען געטרויעט איהם אן א שיף אויף א רוישיגען ים, מיט ווילדע כוואליעס.

ווען א מענש לעבט זיך אין לוקסוס, האט אלע באקוועמליכקייטען און מעג־ליכקייטען צו לעבען שטיל און פיין, און וועט ניט און דארף ניט מורא האבען צו באגעהן א גוואלדטאט, אדער א פארברעכען — אזא מענש דארף ניט אנווענדען זיינע גייסטיגע קרעפ־טען אויף צו קאנטראלירען זיך.

זאל אבער דער מענש זיין אונטער־ווארפען אונטער ניט גינסטיגע אומ־שטענדען; זאל איהם דאס מזל שטעלען צו נסיונות; ארומרינגלען איהם מיט א רוישיגען ים פון צופעלע, — דאמאלט מוז דער מענש קענען זיין מאשין, וואס איהם איז אנפארטרויעט, ער מוז אנ־ווענדען זיין גאנצען שכל די מאשין אריבערצופיהרען בשלום.

קען ער דאס ניט, איז ער ווי יענער קאפיטאן פאראנטווארטליך פאר זיין לייכטזין און ווערט געבראכט צום גע־ריכט און דאס געריכט באשטראפט איהם און צו מאל איז די שטראף א שווערע.

יא, א שווערע, אבער אויך א פאר־דיענטע.

## לוקסוס און באלשעוויזם

(שלום פון פּאריז 4)

זעלנער האבען פיער יאהר אין דער מלחמה געפלאגט זיך, זיי האבען אבער גוטע עסען כאטש געהאט, זיי האבען געהאט ברויט גענוג, מילך, צוקער, קאפע אייער און צייטענווייז אויך ווין.

יעצט קומענדיג אהיים, ערקלעהרט איהם זיין פרוי אז די אלע זאכען זענען ניט פאר זיין קעשענע.

מיט דריי יאהר צוריק האט פלייש געקאסט א פראנק מיט 30 סענטימס א פונט, יעצט 5 און זעקס פראנק א פונט, פוטער קאסט יעצט 10 פראנק א פונט אנשטאט 1 פראנק פאר דער מלחמה און אזוי איז אלעס.

די ענדע פון דער מלחמה האט א סך ארבייטער פון די פאבריקען ארויסגע־ווארפען, און זיי הונגערען. זיי געהען ארום. אין די גאסען און זעהען ווי די רייכע שארלאטאנעווען, און דאס ניט די בעסטע באלשעוויסטישע אגיטאציע פאר זיי.

„העלדען וועלכע זענען געקומען פון שלאכטפעלד, נאך דעם ווי זיי האבען די וועלט דעמאקראטיע געראטעוועט, געפינען יעצט אויס, אז פאר זייער מאטערניש און בלוט באצאהלט מען זיי מיט טייערע פרייזען, מיט הויכע שינדעריי, מיט א פארברעכערישען לעבען פון זייערע אונטערדריקער. זיי, די סאלדאטען האבען פאר'ן טויט קיין מורא ניט. זיי הייבען אן אומרוהיג צו ווערען און וועה וועט זיין צו די רייכע, ווען דיזע סאל־דאטען וועלען שטארק אויפגערעגט ווע־רען. זיי ווערען שוין ברוגז. זיי קען מען ניט פארדרעהען די קעפ, מיט געהיימע טריטים, זיי קען מען ניט זאט מאכען מיט פארשלאסענע טירען פון דער קאנ־פערענץ, זיי ערווארטען אז דער שלום־אפמאך זאל מיט אן אמת ברענגען גליק דער מענשהייט, יושר אויף דער וועלט. וועט מען דאס ניט ברענגען וועלען די סאלדאטען אליין ברענגען..

## האט איהר שוין אייער חלק אין ציון?

### העלפט איהר בויען ציון זייט איהר א זוהן צו אייער פאלק.

כל ישראל איז געשטעלט אויף דער פראבע ווער עס העלפט בויען דאס אידי־שע לאנד דער איז א געטרייער איד. „אל תקרא בניך אלא בוניך" — נאר דער וואס בויט דער איז א איד.

דערפאר טאר זיך קיינער ניט ארויס־מאכען פון דעם הייליגען חוב בייצו־שטייערן, לויט זיינע העכסטע כחות צום בנין פון ארץ ישראל.

ווען דער נס פון א פרייער ארץ־ישראל אלס היימלאנד פאר אידען טרעפט אין דער צייט פון אונזערע זיידעס, וועלכע זיינען געווען ווארעמערע אידען, וואלטען זיי אוועקגעגעבען אלץ וואס זיי האבען פארמאגט. לאמיר־זשע ניט פארשעמען די פארגאנגענע דורות און געבען פאר דעם בנין ארץ ישראל לכל הפחות נאך אונזער מעגליכקייט.

לעצטען זונטאג, נאך דעם גרויסען פא־ראד, איז אפגעהאלטען געווארען אין דער שערי צדק שוהל א מאסמיטינג אונטער דעם פארזיץ פון רבי א. ב. הערשמאן. ביי דעם מאסמיטינג זיינען געפאלען ביי־טרעגע צום בנין ציון פון פאלגענדע פער־זאנען.

| | |
|---|---|
| וועטסמאן און שפירא | $500.00 |
| מייקיל קרעלל | $500.00 |
| וויליאם לאנדאן | $500.00 |
| לואיס דייוויס | $200.00 |
| פיליפ דזשייקאבי | $200.00 |
| בענדזש. גאלדבערג | $200.00 |
| סיסטערס אוו זייאן | $150.00 |
| ע. לייטסטאן | $100.00 |
| א. לאטט | $100.00 |
| א. ווייגבערג | $100.00 |
| מארים ראזענשטיין | $100.00 |
| אפפעלבוים בראדערס | $100.00 |
| ק. בארנעט | $50.00 |
| מרס. א. בראנד | $50.00 |
| פ. קושנער | $50.00 |
| ס. ק. סלאבין | $50.00 |
| העררי גרעוונין | $50.00 |
| מ. עהרמאן | $50.00 |
| העררי גאלדין | $50.00 |
| ל. גאלדבערג | $50.00 |
| ב. ליהער | $50.00 |
| ע. זאקסע | $50.00 |
| י. מ. סעלטצער | $50.00 |
| דזשייקאב וויינגארדען | $50.00 |
| מ. בירגער | $50.00 |
| וו. סינגער | $50.00 |
| מרס. דזשיי קאפמאן | $50.00 |
| מרס. ז. עהרליך | $50.00 |
| ר. נעלסאן | $50.00 |
| יאנג דזשודיא | $38.00 |
| וויליאם ווייו | $25.00 |
| ס. ביען | $25.00 |
| ל. ליפסיטץ | $25.00 |
| ב. אייזאקס | $25.00 |
| ה. ד. פלאיער | $25.00 |
| ל. ראפאעל | $25.00 |
| י. הארוויטץ | $25.00 |
| מ. טשייקין | $25.00 |
| וו. קאדושין | $25.00 |
| א. סידאווסקי | $25.00 |
| היימאן לענצער | $25.00 |
| מר. מ. נעלסאן | $25.00 |
| בעסי בארנעט | $25.00 |
| מ. בירנשטיין | $10.00 |
| דזשאז. שפינעלמאן | $10.00 |
| ב. פרומין | $10.00 |
| מ. מילער | $10.00 |
| סאל. עדעלמאן | $10.00 |
| ג. קראל | $10.00 |
| דזשייקאב בערי | $500 |
| העגרי קאהן | $5.00 |
| איזר. פריעדמאן | $5.00 |
| סעם בילעוויטש | $5.00 |
| שאול הירש | $5.00 |
| מ. קאסס | $5.00 |
| מארים אייזען | $5.00 |
| ס. ה. צעטנער | $1.00 |

די ליסטע צוזאמען מיט די פריהעריגע ליסטען וואס זיינען געדרוקט געווארען אין „וועג" ברייגנען דעם סך הכל פון אלע ביי טרעגע פון דעטראיט פאר דעם גאולה־פאנד צו פינף און פערציג טויזענד דאלאר.

אויב דעטראיטער אידען זאלען האר־יאחר טאן זייער גאנצע פליכט, דארפען זיי צוזאמענברייגנען די סומע פון א פערטיל מיליאן דאלאר.

די צייט דרינגט, און צעהנדליגע טוי־זענדע פון אונזערע ברידער שטעהן בייט מויער פון ארץ ישראל. דאס לאנד מוז צוגעגרייט ווערען פאר זיי. זאל דאס די־

בעד יעדער איד זיך צואיילען און אריינ־שיקען זיין בייטראג צום טרעזשורער, מר. ב. ח. זאקהיים, 1128 מארשעסטיק בילדינג, אדער צום טשערמאן פון רעס־טארייזשאן פאנד, מר. פרעד מ. באטצעל, 1012 יוניאן טראסט בילדינג.

## צווי ערליי ראמאנען

(שלום פון פּאריז 5)

האבען עס באמערקט די שונד־ראמא־ניסטען און זיי זינגען שוין נייע ליע־דער...

א נייער סארט ראמאן, ווערט לעצ־טענס געבוירען. א ראמאן, וועלכער שונדעוועט שוין ניט דעם האס נאר דעם פריעדען און די ברודערליבקייט צווישען מענשען און פעלקער.

און אט דעם שפאגעל נייעם סארט ראמאנען, וועלכע פאנגען ערשט אן צו בליהען, שילדערט מען פאר אייך ווי א געפאנגענער פראנצויזישער סאל־דאט פארליעבט זיך אין א דייטשער בארמהערציגער שוועסטער... און פאר־קעהרט... שלום טראגט זיך אין דער לופט, האבען די שונד שרייבער שוין באצייטענס דעם שלום ארייגעווארפען אין די הערצער פון זייערע העלדען. און אזא פביקרע לאקריץ־זיסקייט פליעסט פון זייערע געשיקטע פעדערן. די יוצרות האבען זיך געביטען. די שונד־ליטעראטור האט געביטען דעם פראנט... נאר סימפאטיש איז דאס.

דערווייל טוען זיי עס זעהר פארזיכ־טיג און אויך נאר אין דער לינקער סאציאליסטישער פרעסע. די עקספיינד־ליכע העלדען פון דעם נייעם סארט ראמאנען, זיינען אויסערגעוועהנליכע אין זייער כאראקטער. דער דייטש איז בעסער און פיינער פון אלע אנדערע דייטשען... און דער העלד, אדער העלדין, וואס פארליעבט זיך, שלאגט זיך נאך צוזאמען מיט'ן שרייבער טויזענד מאל על חטא...

ביסלעכווייז. דערווייל: מלחמה־לער נעהן נאך אן.


### הרב יוסף תאומים

וועט שפרעכען אין בית אברהם שוהל ויינדער סטריט, שבת 5.30 נ. מ.

### יהודה ליב האכמאן

440 לינקאלן. איך, דיין פרוי רחל, לאז דיר וויסען, דאס איך בין גרייט אלע טאג צו נעהמען פון דיר גט. קיין געלד פאר א גט קען איך ניט צאהלען.

### זעקס אפארטמענטס

אויף גארפיעלד, נעבען ט. ענטווין
איינצאהלען פינף טויזענד דאלאר.

### פיער פאמילי הויז

אויף סט. ענטווין, נעבען קענפיעלד.
איינצאהלען פיער טויזענד דאלאר.
פרעגען מעלראז 5033. אפיס 186 קענ־פיעלד איסט.




A Vacation Trip That Satisfies

THE summertime will soon be here and with it the joys of a vacation trip. Where are you going? The Great Lakes is the mecca for particular and experienced travelers on business and pleasure trips. The D. & C. Line Steamers embody all the qualities of speed, safety and comfort, the freedom of the decks, the cool refreshing lake breezes. D. & C. a Service Guarantee.

Daily Service May 1st between Detroit and Buffalo. Leave 6:00 P. M. Arrive destination 9:00 A. M.

Daily Service April 1st between Detroit and Cleveland. Leave 11:00 P. M. Arrive destination 6:15 A. M.

MACKINAC ISLAND

Service June 14th to Sept. 14th. 3 trips per week June 11th to July 1st. July 1st to Sept. 14th, 6 trips per week.

Between Detroit and Buffalo Use Your Rail Tickets

Send 2c Stamp for Illustrated pamphlet and map of Great Lakes. Address L. G. LEWIS, G. P. A., Detroit, Mich.

DETROIT & CLEVELAND NAVIGATION CO.
A. A. SCHANTZ, President and General Manager.
J. T. McMILLAN, Vice-President.

## מט. קלעמענס בעדער

דאס שטארקסטע מינעראל וואסער א דער וועלט איז

## Fountain Bath House

א אידישער קור־ארט פאר רומאטיזם, נערוויזיטעט א. ז. וו. אונזער פאונ־טען בעטה הויז איז די ערשטע און איינציגסטע. באהאנדלונג די בעסטע, שרייבט נאך אינפארמאציאנען צו בעקערמאן און סאוויצקי.

# MURAD

דער טערקישער סיגארעט




מרס. פוקס האט זיך אמאל בערידמט אז זי קינדערלט צופיעל.

„וויפיעל קינדער ברענגסט דו אויף דער וועלט אויף אמאל? האט זי געפרעגט די לייביכע."

„בלויז איינס", האט די לייביכע געענטפערט — „אבער ס'איז א לייב!"

— מוראדס קאסטען 20 סענט א באקס פון 10 — אבער זיי זיינען מוראדס!

מוראדס וואלטען געקאסט ביליגער ווען זיי זאלען ניט ענטהאל־טען קיין פולע 100% טערקישען טאבאק פון דעם ריינסטען און בעס־טען וואס וואקסט — אדער ווען מיר זאלען געבען פראסטערען טער־קישען טאבאק.

אבער זיי וואלטען ניט געווען קיין מוראדס, זיי וואלטען בלויז געווען פוקסען!

„אורטהיילט אליין — !"

Anargyros

## ניו דעטראיט אפערא הויז

פרייטאג, שבת אבענד, און זונטאג מאטיני און אבענד

4טען 5טען און 6טען דזשון

דער קעניג פון דער אידישער ביהנע

# יאקאב פ. אדלער

אין א נייע קונסטראלע אלס דר. עדעלמאן

— אין —

# דאס געזעץ פון לעבען

צוזאמען מיט אן ערשטע ק אסע קינסטלער אנסאמבעל

די גוט באקאנטע דראמאטיסטען בעלא גודינסקי; דער בעליעבטסטער אידישער קאמיקער בערנארד בערנשטיין; די יונגע טאלאנטפאלע טאכטער פון גרויסען אדלער, מיס סטעלא אדלער; די חנ'עוודיגע לעבעדיגע סוברעטין מיס בעסי וויסמאן; מאני ווילענסקי; מיס אידא קעסלער און דזשייקאב קאהן.

„דאס געזעץ פון לעבען" איז א שעהנע לעבענס בילד אין וועלכער דער גרויסער איד־ישער ביהנע קינסטלער ווייזט ארויס זיין גרויסען טאלאנט און דער אמת גרויסער פ־ערסאנאל פון געקליבענע ארטיסטען צייכענען זיך אויס אין זייערע ראלען.

און אין באקס אפיס פון טהעאטער

טיקעטס צו באקומען אין גארדאן'ס בוך סטאר, 541 הייסטינגס סט.

$2,50, $2,00 ,$1.50 $1, 75c 50c

# CLASSIFIED

**באקאנטמאכונג**

**די סילווער לעדער קא. 578**

דזשאז. קעמפא, קויפט פארשידענע זארטען לעדער און אימיטיישאן לעדער, אויך אלטע לעדער און ראבער בעלטינג. ספעציעל זענען מיר פאראינטערעסירט אין גייע סעלאלאיד סקרעפ; מיר צאהלען 65 סענט א פונט.

**פארגעסט ניט** אונזער טעלעפאן נומער: מעלראוז 4610.

# Real Estate

**לענדלארדס און פראפערטי אייגענטימער**

לאזט זיך ניט נארען, זייט פארזיכטיג בעפאר איהר קויפט סעמענטענע נארבערזש אדער אשדרעסעפטיקאל, דיטראים קאנקריט מאנופעקטשורט רי־אינסטאלד רעסעפטיקעלס. די צעמענט איז געמישט מיט ווייער, ווערט נעוועד צופאלען, ווערט זיך ניט שפאלטען פון פראסט. מיר גאראנטירען ביליגער אין פרייז, בעסטע אין קוואליטי. **ה. מ. קאפמאן,** 296 האנקאק איסט. טעלעפאן מעלראוז 3595 וו. טשעררי 1473. פרייע אינסטאלליישאן.

**איך קויף**

און איך ליעס אייער פראפערטי. מיינע קאסטאמערס ווארטען. דזשאנסאן, 196 גרייטיאט עוועניו, 2טען פלאר. טעל. מעין 4229.
6-4-2—6)

**א גרויסער בארגיין**

א גוט איינגעפיקסטען וואודוואָרקינג שאפ. קאמפליט מאשינעריע. 2 יאהר ליס. מוז גלייך פארקויפט ווערען. פרעגען אין „וועג“ באקס 75
8)

**דר. לאנדי, דענטיסט**

מאכט באקאנט צום ווערטהען פובליקום דאס ער האט ערעפענט די דענטאל אפיס פון דעם פארשטארבענעם

**דר. שליסעל**

אויף 617 הייסטינגס, נעבען עליאט.

**דיר, רחל־רייטשעל בת משה שרעבניק**

1506 מישיגען עוועניו וועסט גרענד בולווארד, אין 1522 שיען סטריט.

ווענען דיין אנטווארט דורך דעם „וועג“ דאס דו אסט ניט קיין געלד צו צאהלען פאר א גט בר"ת.

מיט צוויי מאנאטען בעפאר ווען דו האט דורך קאורט באקומען א דיוואָרס, האסטו מיר 10,000 דאלאר אויסגעבראכט, פון דעם האסטו 3,000 דאלאר קעש גענומען, אויסער מיינע דזשועלערי און דיימאנדס, און די מיט דיין רייכע פאמיליע האט איהר די געלד.

און יעצט אויב דו דארפסט א גט, וויל איך צוויפעל צי דו האסט דיך געשיידט מיט דיין ערשטען מאן. איך בין נאך בערייט זיך צו פארלאזען אויף מענשען אדער אויף הרב אייזענמאן.

א. האכמאן,
440 לינקאלן עוועניו.

**פארלאנגט א באי**

צו לערנען די פרינטינג ביזנעס. גוט באצאהלט אין דער צייט פון דער לעהרע. זיך צו מעלדען צו מר. יפה, אין אפיס פון „וועג“, פון 9 ביז 11 אין דער פריה.

TELEPHONE CANAL 188

VIENNA SAUSAGE MFG. CO. — Hygeia Beef Sausages — 1215-1217 S. HALSTED ST. CHICAGO

אונזערע
**דעטראיטער אגענטען**
זיינען
**דזשיי לעפקאווסקי און סאנס בראדוויי מארקעט**

**צום דעטראיטער פובליקום!**

יעדער איינער דארף וויסען: אז אויגען זיינען די אײדעלסטע ארגאנען אין דעם מענשליכען קערפער. ווען איהר ליידעט פון אירגענד וועלכע קאפ־שמערצען אדער נערוועזיטעט, ראן גערט צו אן ערנסטען, עהרליכען אפטאמעטריסט, ער גיעט אייך פארזיכטיג און וויסענשאפטליך צופאסען די ניטיגע ברילען.

ריכטיג צוגעפאסטע ברילען וועט זיך ערלייזען פון אלע אייערע טראבעלס. קומט צו אייער גוט באקאנטען

**Frosh O. D.**
**אפטאמעטריסט**

אין 204 קלינג"ס בילדינג וועלכע געפינט זיך אין 308 הייסטינגס סט. קעגענאיבער פרידמאן"ס דזשועלערי סטאר.

---

# פערלאנגט און געזוכט

צוויי אדער דריי ליינס אין „וועג“ ברענגט אייך די בעסטע רעזולטאטען.

דער פרייז איז ביליג און די נוצען פון גרויס וויכטיגקייט.

**אידישע פרוי**

פארלאנגט צו טאן הויזארבייט און פיהרען א כשר'ע קיך. קליינע פאמיליע. פרעגען יוסף סופר, 255 מערבורי עוו. קער אוו סעלצער.
7)

צו פארקויפען
**א קענדי סטאר**
אין אוקלענד
בעסטען אידישען געגענד
נאכפרעגען אין באקס 81 „דער וועג“.

**א בעקערי**

מיט אלע טולס און טאמאביל צוזאמען מיט דעם בילדינג צו פארקויפען. א גרויסער בארגעין. געפינט זיך אין א גוטען לאקיישאן. נאכפרעגען אין 1415 טשען סטריט, מר. טישקין.

**צו פארקויפען**

א דעירי און גראסערי סטאר. אין בעסטען אידישען לאקיישאן. ניט פיעל געלד נויטיג. זיך נאכפרעגען אויפ'ן פלאץ. 1170 הייסטינגס סטריט.

# פארד קארס און אנדערע קאר

קומט און קלייבט אויס פון אונזער גרויסען סטאק. מיר קויפען פאר קעש און פארקויפען אויף לאנגע טערמינען

**Maurice W. Fox Co.**
**Boulevard Near Oakla**

**קאפלאן'ס בארגיין סטאר**

483 הייסטינגס סטריט

קענט איהר קויפען אלעס פון די פאל נענדע ליינס:

קאמפליט דרעס גודס ליין פון סילקס וואלענס און קאטון גודס. פערשידענע פענסי ארטיקלען ווי, בעד ספרעדס, קוירטענס; טייבעל קאווערס; שעמס און סקארפס. קאמפליט ליין אין ליידיס פענסי אנדערוועהר און קארסעטס. מענס פארנישינגס און אנדערוועהר.

**ספעשעל! ספעשעל!**

א גרויסער אסארטמענט אין וואלענס פאר מענער און בא־יס סוטס און קאוטס. א קאמפליט ליין פון טיילאר און דרעס מייקערס טרימינגס.

**דר.**
**ה. סטאריקאף**
**דענטיסט**

דער פלאץ פאר גוטע ארבייט גוטע בעהאנדלונג — ליבעראלע פרייזען.

490 הייסטינגס סטריט

**Reliable Store Fixture Co.**

מיר האבען א גרויסען אויסוואהל פון אלערהאנד סטאר פיקסטשורס, וואל קייסעס, שאו קייסעס, אייז באקסעס, קאנטארס, שעלווס, סייפס, סקיילס רעדזשיסטערס, נייע און געוזטע. פרייזען מעסיגע. ארענטליכע בעהאנדלונג. 2 סטאקס.

**רעלייבל סטאר פיקטשור קא**

305 גרעשיאט עוועניו
טעל. קאדילאק 2445
277 מישיגאן עוועניו
טעל. קאדילאק 4924 עם.

**דער בעסטער מוהל אין שטאט און מסדר קדושין**
**חזן דוד גאלדען**



אין 248 איסט האי סטריט
טעלעפאן, מעין 4420

---

**א קארנער אין אוקלענד עוו. צו פארקויפען**

5 סטארס און 5 פלעטס בריק בילדינג אין רעכטען אידישען געגענד. איינקונפט $9000.00 יעהרליך. פרייז $80,000.00. איינצאהלונג $30,000.00; גרינגע טיירמס. נאכפרעגען אין „וועג“ באקס 90.

**א דריי גודס סטאר צו פארקויפען אין א גוטען געגענד**

גאראנטירט א לעבען צו מאכען. אורזאכע ערקלעהרט צו די אינטערעסירטע פערזאן. נאכפרעגען אין „וועג“ באקס נומער 97.

**א מאדערנע**

פורנישד רום צו פארדענטען פאר א סינגעלמאן, ביי אן אנשטענדיגע קאפעל אין 211 עליאט סט. ביי מר. פרידמאן.
7)

**שמש און א גוטען מלמד פארלאנגט**

מעלדען זיך אין תפארת ישראל שוהל, 575 קעמערען עוועניו, פון 7 ביז 8 אין אווענד.
6)

**בעקערי און קאפע־הויז צו פארקויפען**

זיכער צו מאכען געלד. עס איז א בארגיין. 275 מישיגען עוועניו. בעסטע לאקיישאן.
9)

**פארלארען**

א גרין, גאלד ווריסט וואטש מיט אינישיעלס אין ניו דעטראיט אפערא הויז, פרייטאג אווענט. א ריוואָרד צו דער פארטיי וואס וועט דאס ברייגען צו מרס. אברוסי, 200 קאהעלען עוו. אדער 148 וועהן סט., טעלעפאן סידער 1909 וו., אדער טשערי 3769.

**א טיילאר שאפ**

גוט איינגעטרייטע סטאר. קען געקויפט ווערען זעהר ביליג. נאכפרעגען אין „וועג“ באקס 63.

**רעוו. ל. ד. רייבלין**

**פון אהבת אחים שוהל**

(אוקלאנד)

נעמט א' **סדור קדושין**

און אנדערע ישמחות מיט די בעסטע עופרידענהייט.

511 **קעמעראן עוועניו**
טעל. העמלאק 1180 ראבעליו

# איר קענט שיקען געלט צו אייערע קרובים

דורך דער

**Bank of Detroit**

א. זינגער מענעדזשער
הייסטינגס סטריט ברענטש

**C. W. Kotcher. Lumber Co.**

**ברעטער, אלערליי צו יעדער צייט**

ביליגע פרייזען און גוטע בעהאנדלונג דאס איז אונזער סוקסעס

Cor. Gratiot and St. Aubin Aves.

Melrose-3490

**ראזענפעלד'ס**
**רוסישע טערקישע באד**

פאר אלע וועלכע זוכען ריינליכקייט און גוטע באהאנדלונג.

30 מארבעל וואנעס — 2 כשרה מקוואות
טאור בעטהס — פרייע קאטס אויף צום רוהען

16 פריוואט רומס פאר יענע וועלכע ווילען נעכטיגען.

א פראכטפולער לאנטש קאנטער מיט פרישע עסענווארג און געטראנקע צו יעדער צייט.

שוויץ פאר פרויען יעדען מיטוואך, מיט דער פיטווירקונג פון א'ן עקספערט מאסאזשיסטקע.

1846 אלפרעד סטריט, נ'ער אנטאין, טעלעפאן טשערי 6190 האבליס.

---

**אוקלאנדער אידען**
פיקסען זייערע
**ציינער**
ביי
**D. H. Goodman**
**דענטיסט**
געמופט פון 427 וואודוואָרד
737 אוקלאנד עוו.

**קעש רעדזשיסטערס**

נעשאנאלס, אלערליי סטיילס.
— געקויפט און פארקויפט —
**DETROIT USED CASH REGISTER CO.**
66 Broadway — Cadilac 5112

**מאושען־פיקטשור אפערייטארס**

לערנט זיך פאר לייכטע און ריינע ארבייט, קורצע שטונדען, גוטע ווירדזשעס קוואליפיקיישאן גאראנטירט.

**Movie Operator's School**
**33 Sproat St**

מאנטאג, מיטוואך און פרייטאג: 7:30 אבענד.

**גיט** אייערע קינדער א מאדערנע אידישע ערציהונג שיקט זיי אין דער מענדעלע סאלאס שולע 204 איסט הענקאק. עס ווערען געעפענט נייע קלאסען פאר אנפאנגערס, אויך שילער פיר די העכערע קלאסען, אין שולע לערנט מען אידיש העברעאיש. געשיכטע און לעגענדען, די שולע איז אפען יעדען טאג פון 4 ביז 7 זונטאג פון 9 ביז 12.30

**— באקאנטמאכונג —**
**רעוו. א. קאצער**
וואס איז רעקאמענדירט פאר'ן בעסטען
**מוהל**
זייט די לעצטע 20 יאהר
האט געמופט פון 263 פארנסווארט
אין
140 מערכורי, קאר. בראש
טעלעפאן: מארקעט 827

---

# מט. קלעמענס

**פיטסבורג כשר האטעל**

אין מאנט קלעמענס

נעקסט דאר צו פלאזא בעטה הויז.

מיר באהאנדלען אייך ראיעל און ערכנען ניט טייער. וואשט פאר אונזער פארטרעטער ביים טריישאן.

א נייעס אין מאנט קלעמענס
**צוויי כשר'ע דעליקאטעסען סטארס**
אין מאנט קלעמענס

**B. & M. DELICATTESSEN**
**58 N. Gratiot**
**and 46 Cass Avenue**

אלערליי לאנטשעס און געטראנקען באזוכט אונז ווען איהר זייט אין מאנט קלעמענס.

**שעכטער'ס דראג סטאר**

477 הייסטינגס סט.

טעלעפאן, טשערי 5763

פרעסקריפשאנס פארפערטיגט מיט די גרעסטע פינקטליכקייט

צו יעדער צייט

ווילט איהר אייערע
**שלעסער, שליסלען קארפענטער זעגען, טולס און אנדערע ארבייט**
גוט געמאכט און גאראנטירט?
טו קומט צו
**מ. דאמניטץ**
245 מאנטקאלם סט.

**ווארע ביליג פאר סטאר־קיפערס און פעדלערס**

ספעציעלע פרייזען פאר ריטיילערס

**מאקס ראזינסקי**

353-355 הייסטינגס, קאר. קאלומביא

# א גרויסער אויספארקויף

סייל פאנגט אן מאנטאג

איך מאך באקאנט צום געהערטען פובליקום פון דעטראיט דאס איך מוז אויספארקויפען מיין גאנצען סטאק

**קרעקערי, אלומינום, גראניטווער און פענסי טשיינע**

**אלעס, אלעס,** מוז פארדויפט ווערען אין דער קורצער צייט פון היינט ביז דעם 1־טען דזשולי. מיין ליסס נעהט אויס און מיין געזונט ערלויבט מיר ניט מעהר צו שטעהן אין ביזנעס, דערום מוז אלעס פארקויפט ווערען צו די ביליגסטע פרייזען.

קומט וואס שנעלער פאר די בארגיינס. אלעס ווערט פארקויפט פאר א האלב פרייז.

**מ. ב. שאפירא,** 511 הייסטינגס סטרים, ביטווין אלפרעד און ברוסטער

זאגט אייערע פריינד וועגען דעם גרויסען סייל.

**געלט קיין אייראפא**

דער זיכערסטער און בעסטער וועג צו שיקען געלד צו אייערע קרובים קיין יוראפ איז דורך דער

**פיפעלס רעליעף**

וועלכע איז א ברענטש פון דער דזשוינט דיסט. קאמיטע.

די געלד ווערט געשיקט אין דאלארס.

**פיפעלס רעליעף קאמיטע**

490 הייסטינגס סטריט

קעדילאק, 2061

---

**זייט געזונט**



און פארברענגט אייער זומער וואקיישאן אין מאונט קלעמענס, און אז שוין אין מאונט קלעמענס וועט איהר סטאפען אין

**Elkins Hotel**

100 רומס. דיינינג רום פאר 300 לייט. א רפואה פאר קראנקע, א פארגעניגען פאר געזונטע.



ס'ניט נעדרונגען אז איהר מוזט האבען טויזענדער צו זיין אין מט. קלעמענס

**ניו ווילא האטעל**

וועט אייך רעכנען $25 א וואך און איהר וועט הנאה האבען. אלע רומס קאנעקטעד מיט א פעסעדוש צו די פלאזא בעדער. שרייבט נאך אייגצעלהייטען צום פראפרייעטאר ה. קראוז.

**ריווערסייד האטעל**

(געוועזענער פארק ענעקס)

**מט. קלעמענס,** אינגאנצען רעמאדעלירט, עפענט זיך 1־טען מאי,

150 רומס, דייניגג רום פאר 300. דאס אידעלסטע פלאץ פאר געזונטע ווי פאר קראנקע. שרייבט נאך איינצעלהייטען.

**Riverside Hotel**
**Mt. Clemens, Mich.**



**אלבאני האטעל**

אין מט. קלעמענס, האט א נאמען פאר די לעצטע 20 יאהר אונטער דעם זעלבען מענעדזשמענט.

מיר בעטען אונזערע קאסטימער און פריינד צו קומען באצייטענס אײדער דער סעזאן איז אין פולען גאנג, כדי מיר זאלען זיי קענען געבען בעסערע באהאנדלונג. שרייבט צו

**ב. מאסקאוויץ**

**אייער פארלארענע געזונט**



קריגט איהר צוריק, ווען איהר זענט אין מאונט קלעמענס און סטאפט אין

**גלענוואוד האטעל**

קאנעקטעד מיט די בארימטע אלימפיא בעדער. שעהן, ליכטיג, לופטיג. פרישע שפייזען, מעסיגע פרייזען. א ספעשעל לאנטש און דעליקאטעסען סטאר, קאנעקטעד מיט די גלענוואוד. שרייבט נאך אויסקינפטע צו א. מאדארסקי.

# לעזט דעם „וועג“

דער וועג
THE DETROIT JEWISH DAILY
Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY. INC.
147-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715
J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.
B. I. GOLDSTEIN, Editor
(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)
Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.

# פראנקרייך'ס ניי - אלטער קאמף

א לאנד נעהט נישט אונטער, פון מלחמה, נאר ווען דער נאטירליכע צוגאוואקס שטעלט זיך אפ.

די רוימער און די גריכען זיינען געקומען צו אונטערגאנג דורך פאר־שידענע טעמים און סיבות. די הויפט סיבה איז אבער געווען דער נאטיר־ליכער "צוגאוואקס וועלכער האט זיך אפגעשטעלט.

נאך מיט יאהרען צוריק פאר דער מלחמה האט פראנקרייך זיך געווארנט פאר אט דעם היסטארישען אמת; עמיל זאלא און אנדערע, מעהר אדער אפילו ווענינער פאטריאטישע, שריפטשטעלער און געלעהרטע האבען געווארנט די פראנ־צויזישע נאציע, אז זי זאל ערנסט זיך פארטראכטען אויף דער פראגע פון נאטירליכען צוגאוואקס; נאך מיט יאהרען פאר דער מלחמה האבען די רעגיערער און די פראנצוי־זישע געלעהרטע געזוכט די סיבות, ווארום די באפעלקערונג וואקסט נישט און אויך געזוכט מיטלען, ווי אזוי די געפאהר, וואס ווערט געדראהעט פון פארקלענערטער קינדער־ראטע, צו פארמיידען.

עס איז אבער געקומען די מלחמה און דאן דער שלום.

אין בייזע עפאכען איז פראנקרייך געווען צו פיעל טרוד און האט זיך נישט געקענט אפגעבען מיט דער פראגע פון געבורטס־קאנטראל, נישט קוקענדיג דעראויף, וואס דאס איז פאר איהר אפשר אזוי וויכטיג און אזוי געפעהרליך, ווי דער באלשעוויזם.

און נאך איצט איז פראנקרייך אזוי פארנומען מיט איהרע אימפעריאליסטישע צוועקען, אז זי קען זיך נישט פארנעמען מיט „וויכטיגע" ענינים.

אבער אט הערט זיך, אז פראנקרייך געהמט איצט זוכען מיטלען, ווי אזוי צו פארגרעסערן איהר באפעלקערונג, און אז א ספעציעלע אפטיילונג אין דער פראנ־צויזישער רעגירונג װעט האבען די אויפגאבע אונטערצוזוכען די אורזאכען פון די פאר־קלענערטע געבורטען און אויך זוכען מיטלען, ווי אזוי צו באזייטיגען זיי.

עס קען זיין, אז באמת איז וויכטיג אויסצוגעפינען די סיבות אין פראנקרייך. מיר, דא אין אמעריקא, וועלען אויף א היבשען מהלך ווייט פון פראנקרייך, און פארט גלויבט זיך אונז אז די אורזאכען פון פארקלענערטען קינדער־געבורט זיינען אזוי באוואוסט, אז זוכען זיי, און בפרט'שוין גרינדען ספעציעלע רעגירונגס דע־פארטמענטען צוליעב דעם, זעהט אויס ווי א שפיעל אין קאץ און מויז.

ווער ווייס זיי נישט, די סיבות?

עס קען זיין, אז עס זיינען פאראן א סך סיבות, אבער די הויפט סיבות, וואס כאפען ארום די מעהרהייט, דארף מען נישט זוכען. אין פראנקרייך און אין אמערי־קא זיינען זיי באקאנט צו אלעמען, אפילו צו אזעלכע, וואס חלום'ען נישט אמאל צו ווערען לאנדס־רעגירער.

עס זיינען פאראן צוויי וויכטיגע אורזאכען, וואס פיהרען צו געבורטס קאנט־ראל, צו פארקלענערטע קינדער־ראטען: — די ערשטע איז דער יקרות. פארפאלקען האבען מורא צו נעהמען אויף זיך דעם יאך פון א גרויסער פאמיליע. דאס איז א ריין עקאנאמישע אורזאכע. און מען קען זי אויך באזייטיגען, אויב נאר די רעגירונג איז אויפריכטיג אין איהר ווילען צו לייזען די פראגע אויף א ראדיקאלען שטייגער.

ווארים דערמיט וואס מען פארשפארט אין פריזאן די וואס געבען ארויס מיטלען אדער אגיטירען קעגען געבורטס קאנטראל, האט מען נאך די פראגע ווייט ניט געלייזט. אויב עס וועט פארבאטען זיין עפענטליך צו רעדען וועגען דעם, וועט מען דערפון רעדען באהאלטענערהייט.

און עס איז פאראן א צווייטע אורזאכע, וואס פיהרט צו פארקלענערטע געבורטען און דאס זיינען די פוסט און פאסניקעס, די רייכע מה יעשה'ניקעס וואס ווילען פשוט נישט האבען דעם „טראבעל" פון קינדער; זיי קענען געפינען, און געפינען טאקע, אנדערע פארגעניגענס.

עס זיינען פאראן, ווי געזאגט פריהער, אזעלכע וואס האבען מורא צו נעהמען אויף זיך די משא כבדה פון א גרויסער פאמיליע; זיי רעכענען אויס; אז זייערע פארדיענסטען וועלען זיי נישט קלעקען אויף מפרנס צו זיין א גרויסע פאמיליע, אז זיי וועלען נישט זיין אימשטאנד, מיט זייערע פארדיענסטען צו געבען זייערע קינדער א פאסיגע ערציהונג.

דיזע מענשען, באטש זייער צאהל איז נישט קליין איז זי אבער ווייט נישט אזוי גרויס; ווי די צאהל פון גאנע רייכע פוסט און פאסניקעס, וואס יאגען זיך נאך לוקסוס, נאך פארשיעדענע פארגעניגענס, וואס ווערען צעשטערט צוליעב קינדער.

אויב צו די ערשטע זיינען פאראן מיטלען, ווי אין פראנקרייך, אזוי אויך דא אין אמעריקא, איז אבער פאר די לעצטע, אויף וויפיעל אונז דאכט זיך, קיין שום מיטעל און קיין שום תרופה נישטא.

האט די פראנצויזישע רעגירונג אין זינען צו לייזען די פראגע פון פאר־קלענערטען געבורט, וועט זי זיך מוזען אפזאגען פון א סך אמביציעס, מיט וועלכע זי איז רייך געווארען פון זינט זי איז געווארען די זיגרייכע נקמה נעהמערין; זי וועט מוזען זיך אפזאגען, צום אלעם ערשטען, פון איהרע אימפעריאליסטישע אמביציעס און זיך ערנסט נעהמען פאר ריקאנסטרוקציע און צו פארקלענערן דעם יקרות.

ם אאיאא

זי וועט דערמיט גרייכען די ערשטע, די וועלכע האבען קליינע פאמיליעס אויס עקאנאמישע סיבות.

די אנדערע אבער וועט זי גרייכען נאר דעמאלט ווען זי וועט זיי פארוואנד־לען אין דער מדרגה פון די ערשטע ד. ה. זי וועט מוזען איננאנצען אפשאפען די ארדנונג וועלכע הודעט און פארמעהרט די צאהל פון פה יעשה'ניקעס, פון פוסטע פלעזשור זוכער, חוליאנקע מאכערס.

עס פארשטעהט זיך, אז די פראנצויזישע רעגירונג וועלכע הוט איצטער אזוי שטרענג אפ די אינטערעסען פון איהרע רייכע בירגער און וועלכע האט אין דער שלום פעריאדע זיך אויסגעצייכענט מיט איהר שטארקער שטיצע פאר איהרע רייכע פארגעניגען־זוכער, וועט זיכער נישט אנגעהמען אזעלכע שטרענגע מיטלען צוליעב אזא „קליינינקייט" קען מען מאכע דעם גאנצען ענין נישט נעהמען אזוי ערנסט, ווי עס ווילען מאכען דעם איינדרוק די פראנצויזישע רעגירונגס פיהרער.

דער גאנצער דעפארטמענט וועט אדער זיך אויפלייזען, אדער ער וועט זיך שפיעלען, ווי קליינע קינדער, אין באהעלטעניש: מען וועט זוכען זאכען וואס אלע וועלען זעהן, וואו זיי שטעהן.

עס וועלען אויך נישט העלפען די מתנות און די פאטריאטישע שירים ותשבחות, וואס דער דעפארטמענט וועט זינגען צו יענע, וואס האבען אדער וועלען האבען א סך קינדער.

די טענדענץ פון די רייכע לויידיגגעהער מוז מיט'ן שורש אויסגעווארצעלט ווערען אין די ארימע, אדער ווענינער פארמעגליכע מוזען פארזיכערט ווערען מיט מעגליכקייטען אויף צו קענען מפרנס זיין זייערע גרויסע פאמיליעס.

דאס איז אן אמת אין פראנקרייך.

דאס איז אויך אן אמת פאר אלע אנדערע לענדער, וואס ליידען פון דיזער טענדענץ.

# די לאגע פון די אידען אין טשעכא־סלאוואקיע

(אן ארטיקעל וואס איז ערשינען אין דעם העברעאישען זשורנאל „העולם")

פון א. דיימאנט

די טשעכען און סלאוואקען, וועלכע זיינען פאראייניגט געווארען איצט אין איין לאנד, אונטערשיידען זיך אייניגע פון די אנדערע אין כאראקטער, ענטוויקלונג און שפראך, און אזוי אונטערשיידען זיך אויך די אידען פון טשעכיע (בעהמען) פון די אידען פון סלאוואקיע. די אידען אין בעהמען קענען זיך רעכענען פאר א טייל פון די עלטסטע איינוואהנער פון לאנד. דאס צייגט די אלטע פראגער שוהל וועמעס פונדאמענט איז געלעגט געווארען לויט דער מיינונג פון אייניגע, אין א הונדערט יאהר נאך דעם חורבן פון צווייטען בית המקדש. דער פראגער בית־עולם איז אויך זעהר אלט, און מען געפינט דארטען מצבות פון פערצעהנטען יאהרהונדערט. אבער די אייראפעאישע אומגעבונג, צווישען וועלכער די אידען הבען זיך געפונען, האט געווירקט אויף זיי אז זיי זאלען ווערען אייראפעאיש. די אידען זיינען דא מעהר אדער ווייניגער אסימילירט. זיי רעדען דא ווי די קריסטען און זיי אונטערשיידען זיך ניט פון די קריסטען ניט אין דער שפראך און ניט אין דער קולטור. די איינציגע צרה פאר די אידען איז דא געווען די שטענדיגע נאציאנאלע קריגערייען וואס דא איז אנגעגאנגען צווישען די דייטשען און די טשעכען: אי די דייטשען אי די טשעכען האבען פארלאנגט פון די אידען פאראייניגונג מיט זיי, כדי צו פארגרעסערן זייערע אייגענע צאהלען.

די מייסטע אידען אין בעהמען זיינען געשטאנען פיעל נעהנטער צו די דייטשען אין זייער אויפפיהרונג. און אויסערדעם זיינען דאך דייטשען געווען די הערשענדע נאציאן און אלס אזעלכע, האט זי געקענט אויסאיבען אויף די אידען א פיעל שטארקערן אסימילירענדען איינפלוס איידער די טשעכען. און אזוי איז ענטשטאנען מיט דער צייט פאר די בעהמישע אידען די נאציאנאלע פראגע. ערקלעהרען זיך איין מאל אין איינינקייט מיט די דייטשען און נאך א מאל אין איינינקייט מיט די טשעכען איז דאך געווען פאר די אידען אונמעגליך, ווייל אזא זאך האט דאך געמוזט ארויסרופען געגען זיי די שנאה פון איין צד אדער פון דעם אנדערען צד. נו, האבען זיי באשלאסען, אז די בעסטע זאך פאר זיי איז צו ערווערבען דאס רעכט אויף ארויסצוטרעטען אלס א באזונדערע נאציאנאליטעט. מיר דארפען ערקלעהרען איין מאל פאר אלע מאל, האבען די אידען געזאגט, אז מיר זיינען ניט קיין דייטשען און ניט קיין טשעכען, נאר אידען, וועלען מיר פטור ווערען פון דער קאנקורענץ וואס געהט אן צוליעב אונז. עס איז לייכט צו זעהן פון דעם, אז דער נאציאנאליזם ביי די אידען פון בעהמען איז געבארען געווארען ניט פון אן אינערליכער אנערקענונג נאר פון נויט, און ער איז פארבליבען דערפאר אויך ביז היינט ניט מעהר און ניט ווייניגער ווי א זאך פון פארם.

גאנץ אנדערש איז אבער אין סלאוואקיע. די דארטיגע אידען זיינען כמעט פון דעם זעלבען טיפ ווי די אידען פון גאליציען, און זיי זיינען ווייניג ענהליך צו די איבעריגע אידען פון דער פריהערער אונגארן (סלאוואקיע, ווי באקאנט, איז געווען ביז ניט לאנג צוריק א טייל פון אונגארן). אין בודאפעסט, למשל, די אידען צעהלען ארום דריי הונדערט טויזענד נפשות, זיינען נאר ארום פופציג טויזענד פון זיי ארטאדאקסען און די איבעריגע זיינען כמעט אסימילירט. דאגעגען אבער זיינען די אידען פון פרעסבורג, וועלכע איז דער גייסטיגער צענטער פאר דעם סלאוואקישען אידענטום, גלייך צו די אידען פון די מיטעלע [...]יישע שטעדט. זיי רעדען אידיש און [...]ינען אין זייער גרעסטער צאהל ארטאדאקסיש געזונען. אין דיזער ארטאדאקסישער שטאדט איז עס אויסגערופען געווארען אמאל א חרם אויף משה מענדעלסאן, און דער רב פון שטאדט, וועלכער איז געווען דער אויפטוער פון חרם, האט ארומגעצוימט די סלאוואקיער אידען מיט א וואנד פון אפגעזונדערטקייט דורך וועלכען קיין אייראפעאישער ווינד זאל ניט קענען דורכבלאזען. די ארטאדאקסיש־חסידישע פרעסבורג איז געווארען דער מוסטער פאר אלע סלאוואקישע אידען און אזוי האבען מיר געזעהן נאך ביז מיט אייניגע יאהר צוריק, ווי גאנצע באהנען מיט חסידים פלעגען זיך לאזען פון סלאוואקישע שטעדט נאך וויצניץ, בוקאווינא, אום אפצושטאטען א וויזיט ביי דעם דארטיגען רבי'ן. איצט איז עס געווארען גאנץ אנדערש, ווייל בוקאווינא געהערט שוין צו רומעניען און עס איז זעהר שווער אריבערציהען די גרעניץ.

די אידען פון בעהמען און די אידען פון סלאוואקיע זיינען פאראייניגט געווארען איצט אין איין פאליטישען קערפער. אויסערליכע אורזאכען האבען זיי געצוואונגען דאצו, אבער די פאראייניגונג איז ניט קיין ארגאנישע. די באדערפנישען און די שטרעבונגען אין טשעכיע זיינען אנדערש ווי די באדערפנישען און שטרעבונגען אין סלאוואקיע. קיין פראגע פון די לאגע פון די אידען אין טשעכא־סלאוואקיע [...]אישער גלייכבארעכטיגונג איז אין טשעכא סלאוואקיע כמעט ניטא, ווייל די רעגירונג איז זעהר ליבעראל און מאכט ניט קיין אונטערשיד צווישען איין נאציאנאליטעט און דער אנדערער, הייסט עס אז די נויטווענדיגקייט וואס עס עקזיסטירט פיליכט פאר אידען אין אנדערע לענדער צו פאראייניגען זיך פעסט כדי צו באשיצען זייערע פאליטישע רעכטע, איז אין טשעכא־סלאוואקיע ניטא, און אויך עקאנאמישע אורזאכען צווינגען דא ניט די אידען פון פארשידענע לאנדען אויפצוטרעטען אלס א באזונדערע איינהייט; געוועהנליך דער עקאנאמישער צושטאנד אין גאנץ טשעכא סלאוואקיע איז א טרויעריגער, ווייל די מלחמה האט געמאכט א תל פון אלעס, אבער פון דיזער צרה ליידען דא אלע גלייך — די גויים פונקט אזוי ווי די אידען, צווישען דער קריסטליכער באפעלקערונג אין טשעכא־סלאוואקיע זיינען פאראן געוועהנליך אויך אנטיסעמיטען. זייער איינפלוס איז אבער ניט [...] גרויס אויף צו ברענגען די אידען פיעל שאדען. אזוי איז אין טשעכא סלאוואקיע ניט געקומען צו קיין באיקאט אויף אידען אדער צו קיינע אנדערע אפענע אדער פארשטעלטע פארפאלגונגען אויף זיי, ניט קוקענדיג אויף קיינע אנטיסעמיטישע העצעס.

די וויכטיגסטע פראגע איז דא איצט די נאציאנאלע און באזונדערס, די קולטורעלע, און אין דער באציהונג צו דיזער פראגע מערקט זיך א גרויסער אונטערשייד צווישען די אידען פון טשעכא און די אידען פון סלאוואקיע. פאר די אידען פון טשעכא איז וויכטיג נאר די אויסערליכע „אפיציעלע" אנערקענונג פון א אידישער נאציאנאליטעט, ווייל אזא אנערקענונג גיט זיי די מעגליכקייט צו בלייבען נייטראל אין די נאציאנאלע ריי־קריגען צווישען די דייטשען און די טשעכען. ווען איינער פון דיזע צוויי צדדים קומט אנצו צום טשעכישען אידען מיט א טענה, אז „די מוזט שטעהן מיט מיר" קען איהם דער איד ענטפערן: איך געהער צו א באזונדערער אידישער נאציאנאליטעט און [...] „שטעהן" פאר זיך אליין, אמת. פאר די טשעכישע אידען שטעהט נאך פאר א גרויסע ארבייט אין דעם פרט פון ענדערן זייער דייטשע קולטור אויף א טשעכישע, (די טשעכישע אידען זיינען אין דער צייט פון עסטרייכער הערשאפט איבער בעהמען געווען קולטורעל דייטשען); אבער דאס וועט צוגעהן ביי זיי וואהרשיינליך אהן שום עקסטרא אנשטרענגונגען, אין דער נעקסטער אידישער דור אין טשעכיע וועט שוין זיין וואהרשיינליך טשעכיש. די אידישע שפראך האט ביי דעם טשעכישען אידען קיין מאל ניט געהאט קיין ווערט, און די שפראך, די דייטשע אויף וועלכער ער האט גערעדט, איז ביי איהם ניט אזוי טייער, אז ער זאל דארפען מאכען א קאמף צוליעב איהר. ער וועט איהר ניכער [...] אויסבייטען דערפאר אויף טשעכיש און פטור ווערען פון א טראבעל.

אנדערש איז אבער די לאגע מיט די אידען פון סלאוואקיע; זיי רעדען שוין אויף זייער באזונדערער שפראך, אידיש, און האלטען נאך דאצו פון דער אלטער רעליגיעזער ערציהונג, דאס מאכט פאר זיי כמעט אונמעגליך צו שיקען זייערע קינדער אין דיזעלבע שולען פון די קריסטען פון לאנד; איבערדעם, שטעהט דער איד פון סלאוואקיע פיעל העכער אין דעם פרט פון פעהיגקייט ווי דער געוועהנליכער פראסטער סלאוואק און דאפון איז געדרונגען, אז אפילו צוליעב איינפאכע פעדאגאגישע טעמים איז נויטיג אז די אידישע קינדער וועלכע זיינען געוועהנליך זעהר פעהיגע, זאלען ניט דארפען לערנען צוזאמען מיט די ווענינער־פעהיגע סלאוואקישע קינדער. דאס האט געפיהרט צו דעם אז די אידישע דעלעגאציע אין פאריז האט געפאדערט פון דער שלום קאנפערענץ, אז אין דעם שלום אפמאך מיט טשעכא־סלאוואקיע זאל אריינגעשטעלט ווערען א פונקט וועגען באזונדערע שולען פאר אידישע קינדער, די פארטרעטער פון דער טשעכא־סלאוואקישער רעפובליק האבען אבער געקוקט אויף דעם מיט אונצופרידענהייט. זיי האבען גע'טענה'ט צו די אידישע דעלעגאטען, אז צווערשט איז נויטיג צו וויסען, וואס די מאיאריטעט פון די טשעכא סלאוואקישע אידען דענקען וועגען דעם און, צווייטענס, איז איבערהויפט אן אונרעכט, וואס אידישע דעלעגאטען פארעסען די פיינקייט, וואס טשעכא־סלאוואקיע האט ארויסגעצייגט שטענדיג געגען די אידישע באפעלקערונג, און זיי פארלאנגען איצט פון דער רעגירונג אין פראג אזעלכע גאראנטיען פאר אידישע רעכטע ווי מען פארלאנגט פון א. רעגירונג, וואס קען פארדעכטיגט ווערען אין אנטיסעמיטיזם. די פארטרעטער פון טשעכא־סלאוואקיע האבען ווייטער גע'טענה'ט, אז עס וועט בעסער זיין פאר די אידען אין [...]נעם לאנד אויב זיי וועלען ניט זוכ[ען] קיין גאראנטיען פאר זייערע רעכטע [אין] אינטערנאציאנאלע אפמאכען און זיי [וועלען] זיך פארלאזען אויף דעם יושר [פון] דער קריסטליכער באפעלקערונג פון לא[נד] ווי אויך אויף דעם יושר פון דער פר[א]גער רעגירונג.

אין דער אמת דארף געזאגט ווערען [...] די פראגער רעגירונג איז ווירקליך זעהר ליבעראלע און אז דער פרעזידענט מא[סא]ריק, וועלכער איז איינער פון די גרעס[טע] פארטיידיגער פון נאציאנאלע רעכטע [...] ניט דערלאזען, אז די אידען זאל געש[עהן] אן אונרעכט. ווי די זאך איז פא[ר]לויפיג, זיינען די הויפט פארטרע[...]טער פון דעם טשעכא־סלאוואק[י]שען אידענטום אין פאריז און א[...] אין פראג געקומען פון דעם לאנגער פו[ן] טשעכישע אידען. וועלכע זיינען [...] שטארק מרקה וועגען באזונדערע איד[ישע] קולטורעלע רעכטע און זיי האבען גע[...] נאר גרויסע הנחות אויף דיזען געביט. [ע]ס איז קיין ספק ניט, אז זייער כונה איז [...]ווען גוט, ווייל זיי זיינען איבערצייגט [...] זייער וועג וועט ברענגען צופרידענ[הייט] פאר אלעמען. וואס איז נאך אבער [...]רעסטוועגען, א גרויסער צווייפעל; עס [...] מעגליך אלזא, אז די אידישע נאציאנ[אלע] פראגע, אזוי ווייט ווי זי איז נוגע צ[ו] [די] אידען פון סלאוואקיע, איז בלויז א[וועקגע]לעגט געווארען אויף א ווייל. אבער [...] [ג]עלייזט געווארען, די סלאוואקיער א[ידען] פאנגען שוין אן איינצוטליך צו באגרי[פען] אז זיי קענען זיך אויף זייערע ברידע[ר אין] טשעכיע ניט פיעל פארלאזען און זיי [...]נען אן אליין צו טאן וואס זיי קענען [...] דער אויסקעמפפונג. פון קולטורעלע [...]שע רעכטע אין דער ווירקליכקייט.

# פרינצעסינס



(פעליטאן)
פון יאש

די פרינצעסינס זענען איצט אין א שלעכטער לאגע צוליעב די געפאלענע טראהנען און צעריסענקייט צווישען די פעלקער, האבען זיי נישט מיט וועמען חתונה צו האבען. נישטא פאר זיי קיין חתנים.

נישט גוט צו זיין,
נישט גוט צו זיין,
אצונדער
א פרינצעסין
נישטא פר זיי,
קיין חתן — וועה!
זיי ווערען איצט
פארזעסען.

נישט גוט אצונד,
נישט גוט אצונד,
איך וואלט נישט
קיינעם ראטען! —
צו האבען איצט,
צו האבען איצט,
א מלך
פאר א טאטען.

עס וויינען שטיל,
עס וויינען שטיל,
די ארימע
פרינצעסינס:
„וואס טויג עס אונז
דער לוקסוס נאר,
און אלע
גוטע עסענס?

„א קעניגרייך,
„א קעניגרייך,
מיר גיבען
פאר א חתן;
מיר וואלטען איהם
מיט ליכט און גאלד,
מיט וויין און פרייד
באגאסען".
אוי, שוועסטערן,
אוי, שוועסטערן,
דאס איז נישט
גלאט א פראזע:
ס'איז ביטער די
פרינצעסינס איצט,
ס'איז פינסטער
זייער מזל.

איהר מיידלעך, איהר,
א, ארימע,
וואס שוויצען
אין פאבריקען,
וואס מוזען זיך
אין וואוינונגען
אין פינסטערע
נאר שטיקען —

נישט ווייגט אצינד
אויף אייער פיין,
אויף אייער
פוסטען מאגען:
קומט זיך, צונויף
צוזאמען די
פרינצעסינס
צו באקלאגען.

א, איך איז וואויל,
א, איך איז גוט —
איהר זענט נישט
קיין פרינצעסינס:
חתנים האט איהר
„פלענטי" דאך —
די ליעבע
גיט איך „לעסאנס"...

זייט גליקליך איצט,
זייט שטאלץ אצינד —
איהר זענט נישט
קיין בת־מלכה!
פאר איך איז גוט
דער קרענקליכער,
דער אונטערבינגלער
צאלקע.

דער „קאטער" וואלף
איז אייער פרינץ,
א [...]עלער
בן־מלך:
ס'איז יונה לאקש
א גוטער יונג
און געצעל
מאכט איך פרעהליך.

יא, איינער ניסט,
דער צווייטער הוסט,
דער דריטער
ווארפט מיט וויצען;
דער פערטער קרעכצט,
און אלע
אלע שוויצען.

וואס דארפט איהר מעהר,
וואס טויג איך מעהר?
בת־מלכות
דארפען קלאגען:
נאר איך איז גוט,
איהר האט דאך בלויז
צו זינגען און צו זאגען.

די איינע' זארג,
וואס טהוט אצינד
די הערצער איי'רע
פרעסען:
איז — וואס וועט זיין
אצינדער — וועה!
מיט — געבעך!
די פרינצעסין?

איהר שרעקט זיך איצט,
איהר ציטערט איצט, —
און קוקט צו די
„נאראנים", —
א, טאטער — וועה!
או, כאפען „זיי"
אייך אויס'עט
די חתנים!...

די שניידערלעך,
די שוסטערלעך,
זיי נעהמען זיך
שוין בלאזען...
(און איינער האט
זיין כלה נאר
באצייטענס שוין
פארלאזען..)

זיי טראכטען זיך:
אויב ס'קריגען נישט
קיין מאנען
די בת־מלכות, —
נו, פרוען זיי
דאך נעהמען איצט
די בערעלס
און די צאלקעס.

עס קענען ביז
דעם גראהען צאפ
נישט זיצען
די פרינצעסינס;
און ס'מאקעווען
די שניידערלעך
באצייטענס
פון די עסענס!...

# שטעהט אויף און בויט דאס אידישע לאנד

## א ווארט אין דער צייט צו די אידען פון דעטראיט.

א שרעקליכע פעריאדע, די שרעקליכסטע אין זיין געשיכטע, האט דאס אידישע פאלק דורכגעלעבט אין משך פון די לעצטע פינף מלחמה־יאהרען. הונדערטע טויזענדע היימען זיינען צרשטערט געווארען, הונדערטע טויזענדע מענער, פרויען און קינדערלעך זיינען פארטריבען געווארען פון זייערע פלעצער, און וואלגערן זיך ארום, ניט האבענדיג וואו זיך אמינצוטאן, וואו זייער קאפ אוועקצולייגען. ניט נאר האבען זיי געליטען פון דעם אריינדרינגענדען שונא, נאר זיינען אויך אין מאנכע לענדער פארפאלגט געווארען פון די רעגירונגען, וועלכע וואלטען זיי געדארפט שיצען.

און מיט דער ענדע פון דער מלחמה האבען זיך די אידישע ליידען ניט נור ניט פארקלענערט, נור פיעל פארגרעסערט. גלייך ווי דאס פוילישע פאלק האט זיך ערקלעהרט אלס זעלבסשטענדיג, האט זי איהר באפרייאונגס־שמחה געפראוועט מיט פאגראמען אויף די אונבאשיצטע אידען. אין פיעלע שטעדט און שטעדטלעך האבען די צובושעוועטע מיליאנעס געבאדען זיך אין אידישען בלוט, האבען געראובט און געפלינדערט, האבען צושטערט און פארניכטעט אלעס, וואס איז געקומען אונטער זייערע הענד פון אידישען האב און גוטס. דאס [...]ליבע, אויף נאך א גרעסערען מאס[שטאב] האט פאסירט אין דער אוקראינע, הונדערטע טויזענדע אידען זיינען געפאלען קרבנות פון די פרייהייטס־שבור'טע מערדער.

און אפילו אין די לענדער פון [...] אייראפא, וואו קיין פאגראמען [...] ניט פארגעקומען, איז די לאגע פו[ן] [די] אידען אויך זעהר ניט קיין פרעה[ליכע]. אין רוסלאנד, וואו די אידען זיינע[ן] [גע]ווען סוחרים און קליינע האנדווע[רקער] זיינען זיי יעצט בארויבט פון [זייערע] פרנסות, זייער עקאנאמישע לאגע [איז] ווייט ניט קיין געזיכערטע, נאך [...] איז זייער גייסטיגע לאגע, ווייל זיי [...] בארויבט פון דער מעגליכ[קייט] פארטצוזעצען זייער אלטען טראד[יציא]נעלען לעבען.

אויך די אידען, וועלכע געפינען [זיך] יעצט אין די ניי־אויפגעקומענע [...]טען, מאכען דורך דעם זעלבען פר[...] פון ליידען און צרות. אין ליטא, באמש אויפ'ן פאפיער איז די אידע[ן] [גע]געבען געווארען אלע רעכט צוגלייך [מיט] די איבעריגע איינוואוינער, איז [אין] די ווירקליכקייט א גאנץ אנדערע. [דער] איד איז איינגאנצען אפהענגיג פון [דעם] גוטען ווילען פון דער רעגירונג, או[ן] אן אנדער ווינטעל א ביאז טאן, די אידען קענען מעגליך דורכמאכ[ען] [...]

(שלוס אויף פיירוש 6)

# דער וועג
THE DETROIT JEWISH DAILY

Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY, INC.
147-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715
J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.
B. I. GOLDSTEIN, Editor
(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)
Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.


# פראנקרייך'ס נייע - אלטער קאמף

א לאנד נעהט נישט אונטער, פון מלחמה, נאר ווען דער נאטירליכע צוואוקס שטעלט זיך אפ.

די רוימער און די גריכען זיינען געקומען צו אונטערגאנג דורך פארשיעדענע טעמים און סיבות. די הויפט סיבה איז אבער געווען דער נאטירליכער "צוואוקס וועלכער האט זיך אפגעשטעלט.

נאך מיט יאהרען צוריק פאר דער מלחמה האט פראנקרייך זיך געזארגט פאר אט דעם היסטארישען אמת; עמיל זאלא און אנדערע, מעהר אדער אפילו ווייניגער פאטריאטישע, שריפטשטעלער און געלעהרטע האבען געווארענט די פראנצויזישע נאציע, אז זי זאל ערנסט זיך פארטראכטען אויף דער פראגע פון נאטירליכען צוואוקס; נאך מיט יאהרען פאר דער מלחמה האבען די רעגיערער און די פראנצויזישע געלעהרטע געזוכט די סיבות, ווארום די באפעלקערונג וואקסט נישט און אויך געזוכט מיטלען, ווי אזוי די געפאהר, וואס ווערט געדראהעט פון פארקלענערטער קינדערראטע, צו פארמיידען.

עס איז אבער געקומען די מלחמה און דאן דער שלום.

אין ביידע עפאכען איז פראנקרייך געווען צו פיעל טרוד און האט זיך נישט געקענט אפגעבען מיט דער פראגע פון געבורטס-קאנטראל, נישט קוקענדיג דעראויף, וואס דאס איז פאר איהר אפשר אזוי וויכטיג און אזוי געפעהרליך, ווי דער באלשעוויזם.

און נאך איצט איז פראנקרייך אזוי פארנומען מיט איהרע אימפעריאליסטישע צוועקען, אז זי קען זיך נישט פאראינטערעסירען מיט „וויטיגע" ענינים.

אבער אט הערט זיך, אז פראנקרייך געהמט איצט זוכען מיטלען, ווי אזוי צו פארגרעסערען איהר באפעלקערונג, און אז א ספעציעלע אפטיילונג אין דער פראנצויזישער רעגירונג וועט האבען די אויפגאבע אונטערצוזוכען די אורזאכען פון די פארקלענערטע געבורטען און אויך זוכען מיטלען, ווי אזוי צו באזייטיגען זיי.

עס קען זיין, אז באמת איז וויכטיג אויסצוגעפינען די סיבות אין פראנקרייך. מיר, דא אין אמעריקא, זעגען אויף א היבשען מהלך ווייט פון פראנקרייך, און פארט גלויבט זיך אונז אז די אורזאכען פון פארקלענערטען קינדער-געבורט זיינען אזוי באוואוסט, אז זוכען זיי, און בפרט שוין גרינדען ספעציעלע רעגירונגס דעפארטמענטען צוליעב דעם, זעהט אויס ווי א שפיעל אין קאץ און מויז.

ווער ווייס זיי נישט, די סיבות?

עס קען זיין, אז עס זיינען פאראן א סך סיבות, אבער די הויפט סיבות, וואס באפען ארום די מעהרהייט, דארף מען נישט זוכען. אין פראנקרייך און אין אמעריקא זיינען זיי באקאנט צו אלעמען, אפילו צו אזעלכע, וואס חלום'ן נישט אמאל צו ווערען לאנדס-רעגיערער.

עס זיינען פאראן צוויי וויכטיגע אורזאכען, וואס פיהרען צו געבורטס קאנטראל, צו פארקלענערטע קינדערראטען: די ערשטע איז דער יקרות. פארפאלקען האבען מורא צו נעהמען אויף זיך דעם יאך פון א גרויסער פאמיליע. דאס איז א ריין עקאנאמישע אורזאכע. און מען קען זי אויך באזייטיגען, אויב נאר די רעגירונג איז אויפריכטיג און איהר ווילען צו לייזען די פראגע אויף א ראדיקאלען שטייגער.

ווארים דעהמיט וואס מען פארשפארט אין פריזאן די וואס געבען ארויס מיטלען אדער אגיטירען קעגען געבורטס קאנטראל, האט מען נאך די פראגע ווייט ניט געלייזט. אויב עס וועט פארבאטען זיין עפענטליך צו ריידען וועגען דעם, וועט מען דערפון ריידען בהאהלטענערהייט.

און עס איז פאראן א צווייטע אורזאכע, וואס פיהרט צו פארקלענערטע געבורטען און דאס זיינען די פוסט און פאסניקעס, די רייכע מה יעשה'ניקעס וואס ווילען פשוט נישט האבען דעם „טראבעל" פון קינדער; זיי קענען געפינען, און געפינען טאקע, אנדערע פארגעניגענס.

עס זיינען פאראן, ווי געזאגט פריהער, אזעלכע וואס האבען מורא צו נעהמען אויף זיך די משא כבדה פון א גרויסער פאמיליע; זיי רעכנען אויס; אז זייערע פארדיענסטען וועלען זיי נישט קלעקען אויף מפרנס צו זיין א גרויסע פאמיליע, אז זיי וועלען נישט זיין אימשטאנד, מיט זייערע פארדיענסטען צו געבען זייערע קינדער א פאסיגע ערציהונג.

דיזע מענשען, כאטש זייער צאהל איז נישט קליין איז זי אבער ווייט נישט אזוי גרויס, ווי די צאהל פון געגע רייכע פוסט און פאסניקעס, וואס יאגען זיך נאך לוקסוס, נאך פארשיעדענע פארגעניגענס, וואס ווערען צעשטערט צוליעב קינדער.

אויב צו די ערשטע זיינען פאראן מיטלען, ווי אין פראנקרייך, אזוי אויך דא אין אמעריקא, איז אבער פאר די לעצטע, אויף וויעפיעל אונז דאכט זיך, קיין שום מיטעל און קיין שום תרופה נישטא.

האט די פראנצויזישע רעגירונג אין זינען צו לייזען די פראגע פון פארקלענערטע געבורט, וועט זי זיך מוזען אפזאגען פון א סך אמביציעס, מיט וועלכע זי איז רייך געווארען פון זינט זי איז געווארען די זיעגרייכע נאציע נעהמענדיג; זי וועט מוזען זיך אפזאגען, צום אלעם ערשטען, פון איהרע אימפעריאליסטישע אמביציעס און זיך ערנסט נעהמען פאר ריקאנסטרוקציע און צו פארקלענערען דעם יקרות.

ס אאאא

זי וועט דערמיט גרייכען די ערשטע, די וועלכע האבען קליינע פאמיליעס אויס עקאנאמישע סיבות.

די אנדערע אבער וועט זי גרייכען נאר דעמאלט ווען זי וועט זיי פארוואנדלען אין דער מדרגה פון די ערשטע ד. ה. זי וועט מוזען איינגאנצען אפשאפען די ארדנונג וועלכע דולדעט און פארמעהרט די צאהל פון מה יעשה'ניקעס, פון פוסטע פלעזשור זוכער, הוליאנקע מאכערס.

עס פארשטעהט זיך, אז די פראנצויזישע רעגירונג וועלכע היט איצטער אזוי שטרענג אפ די אינטערעסען פון איהרע רייכע בירגער און וועלכע האט אין דער שלום פעריאדע זיך אויסגעצייכענט מיט איהר שטארקער שטיצע פאר איהרע רייכע פארגעניגען-זוכער, וועט זיכער נישט אננעהמען אזעלכע שטרענגע מיטלען צוליעב אזא „קלייניגקייט" קען מען טאקע דעם גאנצען ענין נישט נעהמען אזוי ערנסט, ווי עס ווילען מאכען דעם איינדרוק די פראנצויזישע רעגירונגס פיהרער.

דער גאנצער דעפארטמענט וועט אדער זיך אויפלייזען, אדער ער וועט זיך שפיעלען, ווי קליינע קינדער, אין באהעלטעניש: מען וועט זוכען זאכען וואס אלע וועלען זעהן, וואו זיי שטעהן.

עס וועלען אויך נישט העלפען די מתנות און די פאטריאטישע שירים ותשבחות, וואס דער דעפארטמענט וועט זינגען צו יענע וואס האבען אדער וועלען האבען א סך קינדער.

די מעגליכקייט פון די רייכע לייזיגגעהער מוז מיט'ן שורש אויסגעווארצעלט ווערען און די ארימע, אדער ווייניגער פארמעגליכע מוזען פארזיכערט ווערען מיט מעגליכקייטען אויף צו קענען מפרנס זיין זייערע גרויסע פאמיליעס.

דאס איז אן אמת אין פראנקרייך.

דאס איז אויך אן אמת פאר אלע אנדערע לענדער, וואס ליידען פון יעזער טענדענץ.

# די לאגע פון די אידען אין טשעכא-סלאוואקיע

(אן ארטיקעל וואס איז ערשינען אין דעם העברעאישען זשורנאל „העולם")

פון א. דיימאנט

די טשעכען און סלאוואקען, וועלכע זיינען פאראייניגט געווארען איצט אין איין לאנד, אונטערשיידען זיך איינע פון די אנדערע אין כאראקטער, ענטוויקלונג און שפראך, און אזוי אונטערשיידען זיך אויך די אידען פון טשעכיע (בעהמען) פון די אידען פון סלאוואקיע. די אידען אין בעהמען קענען זיך רעכענען פאר א טייל פון די עלטסטע איינוואהנער פון לאנד. דאס ציינט די אלטע פראגער שוהל וועמעס פונדאמענט איז געלעגט געווארען לויט דער מיינונג פון אייניגע, אין א הונדערט יאהר נאך דעם חורבן פון צווייטען בית המקדש. דער פראגער בית-עולם איז אויך זעהר אלט, און מען געפינט דארטען מצבות פון פערצעהנטען יאהרהונדערט. אבער די אייראפאאישע אומגעבונג, צווישען וועלכער די אידען הבען זיך געפונען, האט געווירקט אויף זיי אז זיי זאלען ווערען אייראפעאיש. די אידען זיינען דא מעהר אדער ווייניגער אסימילירט. זיי ריידען דא ווי די קריסטען און זיי אונטערשיידען זיך נים פון די קריסטען ניט אין דער שפראך און ניט אין דער קולטור. די איינציגע צרה פאר די אידען איז דא געווען די שטענדיגע נאציאנאלע קריגערייען וואס דא איז אנגעגאנגען צווישען די דייטשען און די טשעכען: אי די דייטשען אי די טשעכען האבען פארלאנגט פון די אידען פאראייניגונג מיט זיי, כדי צו פארגרעסערען זייערע איינענע צאהלען.

די מייסטע אידען אין בעהמען זיינען געשטאנען פיעל נעהנטער צו די דייטשען אין זייער אויפפיהרונג. און אויסערדעם זיינען דאך דייטשען געווען די הערשענדע נאציאן און אלס אזעלכע, האט זי געקענט אויסאיבען אויף די אידען א פיעל שטארקערען אסימילירענדען איינפלוס איידער די טשעכען. און אזוי איז ענטשטאנען מיט דער צייט פאר די בעהמישע אידען די נאציאנאלע פראגע. ערקלעהרען זיך איין מאל אין איינקלאנג מיט די דייטשען און נאך א מאל אין איינקלאנג מיט די טשעכען איז דאך געווען פאר די אידען אונמעגליך, ווייל אזא זאך האט דאך געמוזט ארויסרופען געגען זיי די שנאה פון איין צד אדער פון דער דעם אנדערען צד. נו, האבען זיי באשלאסען, אז די בעסטע זאך פאר זיי איז צו ערווערבען דאס רעכט אויף ארויסצוטרעטען אלס א באזונדערע נאציאנאליטעט. מיר דארפען ערקלעהרען איין מאל פאר אלע מאל, האבען די אידען געזאגט, אז מיר זיינען ניט קיין דייטשען און ניט קיין טשעכען, נאר אידען, וועלען מיר פטור ווערען פון דער קאנקורענץ וואס נעהמט אן צוליעב אונז. עס איז לייכט צו זעהן פון דעם, אז דער נאציאנאליזם ביי די אידען פון בעהמען איז געבארען געווארען ניט פון אן אינערליכער אנערקענונג נאר פון נויט, און ער איז פארבליבען דערפאר אויך ביז היינט ניט מעהר און ניט ווייניגער ווי א זאפפון פארם.

גאנץ אנדערש איז אבער אין סלאוואקיע. די דארטיגע אידען זיינען כמעט פון דעם זעלבען טיפ ווי די אידען פון גאליציען, און זיי זיינען ווייניג עהנליך צו די איבעריגע אידען פון דער פריהערדיגער אונגארן (סלאוואקיע, ווי באקאנט, איז געווען ביז ניט לאנג צוריק א טייל פון אונגארן), אין בודאפעסט, למשל, די אידען צעהלען ארום דריי הונדערט טויזענד נפשות, זיינען נאר ארום פופציג טויזענד פון זיי ארטאדאקסען און די איבעריגע זיינען כמעט אסימילירטע. דאגעגען אבער זיינען די אידען פון פרעסבורג, וועלכע איז דער גייסטיגער צענטער פאר דעם סלאווישען אידענטום, גלייך צו די אידען פון די מיטעלע [illegible] שטעדט. זיי ריידען אידיש און זיינען אין זייער גרעסטער צאהל ארטאדאקסיש געזונען. אין דיזער ארטאדאקסישער שטאדט איז עס אויסגערופען געווארען אמאל א חרם אויף משה מענדעלסאן, און דער רב פון שטאדט, וועלכער איז געווען דער אויפטוער פון חרם, האט ארומגעצוימט די סלאוואקער אידען מיט א וואנד פון אפגעזונדערט קייט דורך וועלכען קיין אייראפעאישער ווינד זאל ניט קענען דורכבלאזען. די ארטאדאקסיש-חסידישע פרעסבורג איז געווארען דער מוסטער פאר אלע סלאוואקישע אידען און אזוי האבען מיר געזעהן נאך ביז מיט אייניגע יאהר צוריק, ווי גאנצע באהנען מיט חסידים פלעגען זיך לאזען פון סלאוואקישע שטעדט נאך ווישניץ, בוקאווינא, אום אפצושטאטען א וויזיט ביי דעם דארטיגען רבי'ן. איצט איז עס געווארען גאנץ אנדערש, ווייל בוקאווינא געהערט שוין צו רומעניען און עס איז זעהר שווער אריבערצוגעהן די סגרעניץ.

די אידען פון בעהמען און די אידען פון סלאוואקיע זיינען פאראייניגט געווארען איצט אין איין פאליטישען קערפער. אויסערליכע אורזאכען האבען זיי גע צוואונגען דאצו, אבער די פאראייניגונג איז ניט קיין ארגאנישע. די באדערפנישען און די שטרעבונגען אין טשעכיע זיינען אנדערש ווי די באדערפנישען און שטרעבונגען אין סלאוואקיע. קיין פראגע פון די לאגע פון די אידען אין טשעכא סלאוואקיע - אידישער גלייכבארעכטיגונג איז אין טשעכא סלאוואקיע כמעט נישטא, ווייל די רעגירונג איז זעהר ליבעראל און מאכט ניט קיין אונטערשייד צווישען אין נאציאנאליטעט און דער אנדערער, הייסט עס אז די נויטווענדיגקייט וואס עס עקזיסטירט פיליכט פאר אידען אין אנדערע לענדער צו פאראייניגען זיך פעסט כדי צו באשיצען זייערע פאליטישע רעכטע, איז אין טשעכא-סלאוואקיע נישטא, און אויך עקאנאמישע אורזאכען צווינגען דא ניט די אידען פון פארשיעדענע לאנדערען אויפצוטרעטען אלס א באזונדערע איינהייט; געוועהנליך דער עקאנאמישער צושטאנד אין גאנץ טשעכא סלאוואקיע איז א טרויעריגער, ווייל די מלחמה האט געמאכט א תל פון אלעס, אבער פון דיזער צרה ליידען דא אלע גלייך — די גוים פונקט אזוי ווי די אידען. צווישען דער קריסטליכער באפעלקערונג אין טשעכא-סלאוואקיע זיינען פאראן געוועהנליך אויך אנטיסעמיטען. יעדער איינפלוס איז אבער ניט גענוג גרויס אויף צו ברענגען די אידען פיעל שאדען. אזוי איז אין טשעכא סלאוואקיע ניט געקומען צו קיין באיקאט אויף אידען אדער צו קיינע אנדערע אפענע אדער פארשטעלטע פארפאלגונגען

אויף זיי, ניט קוקענדיג אויף קיינע אנטיסעמיטישע העצעס.

די וויכטיגסטע פראגע איז דא איצט די נאציאנאלע און באזונדערס די קולטורעלע, און אין דער באציהונג צו דיזער פראגע מערקט זיך א גרויסער אונטערשיעד צווישען די אידען פון טשעכא און די אידען פון סלאוואקיע. פאר די אידען פון טשעכא איז וויכטיג נאר די אויסערליכע „אפיציעלע" אנערקענונג פון א אידישער נאציאנאליטעט, ווייל אזא אנערקענונג גיט זיי די מעגליכקייט צו בלייבען נייטראל אין די נאציאנאלע ריוואליטעטען צווישען די דייטשען און די טשעכען. ווען איינער פון דיזע צוויי צדדים קומט אנצו צום טשעכישען אידען מיט א טענה, אז „דו מוזט שטעהן מיט מיר" קען איהם דער איד ענטפערן: איך געהער צו א באזונדערער אידישער נאציאנאליטעט און מעג „שטעהן" פאר זיך אליין. אמת, פאר די טשעכישע אידען שטעהט נאך פאר א גרויסע ארבייט אין דעם פרט פון ענדערען זייער דייטשע קולטור אויף א טשעכישע, (די טשעכישע אידען זיינען אין דער צייט פון עסטרייכער הערשאפט איבער בעהמען געווען קולטורעל דייטשען); אבער דאס וועט צוגעהן ביי זיי וואהרשיינליך אהן שום עקסטרא אנשטרענגונגען, און דער נעקסטער אידישער דור אין טשעכיע וועט שוין זיין וואהרשיינליך טשעכיש, די אידישע שפראך האט ביי דעם טשעכישען אידען קיין מאל ניט געהאט קיין ווערט, און די שפראך, די דייטשע אויף וועלכער ער האט גערעדט, איז ביי איהם ניט אזוי טייער, אז ער זאל דארפען מאכען א קאפף צוליעב איהר. ער וועט איהר ניבער שנעל אויסבייטען דערפאר אויף טשעכיש און פטור ווערען פון א טראבעל.

אנדערש איז אבער די לאגע מיט די אידען פון סלאוואקיע; זיי רעדען שוין אויף זייער באזונדערער שפראך, אידיש, און האלטען נאך דאצו פון דער אלטער רעליגיעזער ערציהונג, דאס מאכט פאר זיי כמעט אונמעגליך צו שיקען זייערע קינדער אין דיזעלבע שולען פון די קריסטען פון לאנד; אויסערדעם, שטעהט דער איד פון סלאוואקיע פיעל העכער אין דעם פרט פון פעהיגקייט ווי דער געוועהנליכער פראסטער סלאוואק און דאפען איז נעדרונגען, אז אפילו צוליעב איינפאכע פעראגאגישע טעמים איז נויטיג אז די אידישע קינדער וועלכע זיינען געוועהנליך וועהר פעהיגע, זאלען ניט דארפען לערנען צוזאמען מיט די ווענינער-פעהיגע סלאוואקישע קינדער. דאס האט געפיהרט צו דעם אז די אידישע דעלעגאציע אין פאריז האט געפאדערט פון דער שלום קאנפערענץ, אז אין דעם שלום אפמאך מיט טשעכא-סלאוואקיע זאל אריינגעשטעלט ווערען א פונקט וועגען באזונדערע שולען פאר אידישע קינדער. די פארטרעטער פון דער טשעכא-סלאוואקישער רעפובליק האבען אבער נעקוקט אויף דעם מיט אונצופרידענהייט. זיי האבען גע'טענה'ט צו די אידישע רעלעגאטען, אז צוערשט איז נויטיג צו ווייסען, וואס די מאיאריטעט פון די טשעכא סלאוואקישע אידען רעקען וועגען דעם און צווייטענס, איז איבערהויפט אן אונרעכט, וואס אידישע רעלעגאטען פארנעמען די פיינקייט, וואס טשעכא-סלאוואקיע האט ארויסגעצייגט שטענדיג געגען די אידישע באפעלקערונג, און זיי פארלאנגען איצט פון דער רעגירונג אין פראג אזעלכע גאראנטיען פאר אידישע רעכטע ווי מען פארלאנגט פון א רעגירונג, וואס קען פארדעכטיגט ווערען אין אנטיסעמיטיזם. די פארטרעטער פון טשעכא-סלאוואקיע האבען ווייטער גע'טענה'ט, אז עס

וועט בעסער זיין פאר די אידען אין [illegible] נעם לאנד אויב זיי וועלען נאט זוכען קיין גאראנטיען פאר זייערע רעכטע דורך איטערנאציאנאלע אפמאכען און זיי וועלען זיך פארלאזען אויף דעם יושר פון דער קריסטליכער באפעלקערונג פון לאנד ווי אויך אויף דעם יושר פון דער [illegible] נער רעגירונג.

און דער אמת דארף געזאגט ווערען די פראגער רעגירונג איז ווירקליך זעהר ליבעראל און אז דער פרעזידענט מאזאריק, וועלכער איז איינער פון די גרעסטע פארטיידיגער פון נאציאנאלע רעכטע וועט ניט דערלאזען, אז די אידען זאל געשעהן אן אונרעכט. ווי די זאך איז פאלויפיג, זיינען די הויפט - פארטרעטער פון דעם טשעכא - סלאוואקישען אידענטום אין פאריז און אין פראג געקומען פון דעם לאגער פון טשעכישע אידען, וועלכע זיינען שטארק מדקדק וועגען באזונדערע אידישע קולטורעלע רעכטע און זיי האבען געמאכט נאר גרויסע הנחות אויף דיזען געביט. עס איז קיין ספק ניט, אז זייער כוונה איז ווען גוט, ווייל זיי זיינען איבערצייגט זייער וועג וועט ברענגען צופרידענהייט פאר אלעמען. וואס איז נאך אבער דערסטוענען, א גרויסער צווייפעל; עס מעגליך אלזא, אז די אידישע נאציאנאלע פראגע, אזוי ווייט ווי זי איז נוגע צו די אידען פון סלאוואקיע, איז בלויז א לעגנט געווארען אויף א ווייל, אבער געלייזט געווארען, די סלאוואקיער אידען פאנגען שוין אן איינגעטליך צו באגרייפען, אז זיי קענען זיך אויף זייערע ברידער טשעכיע ניט פיעל פארלאזען און זיי מוזען אן אליין צו טאן וואס זיי קענען פאר דער אויסקעמפונג פון קולטורעלע [illegible] רעכטע אין דער ווירקליכקייט.

# פרינצעסינס

(פעליטאן)

פון יאש

די פרינצעסינס זעגען איצט אין
א שלעכטער לאגע צוליעב די
געפאלענע טראהנען און צערי־
סענקייט צווישען די פעלקער,
האבען זיי נישט מיט וועמען
חתונה צו האבען. נישטא מאר
זיי קיין חתנים.

נישט גוט צו זיין,
נישט גוט צו זיין,
אצונדער
א פרינצעסין
נישטא פר זיי,
קיין חתן — וועה!
זיי ווערען איצט
פארזעסען.

נישט גוט אצונד,
נישט גוט אצונד,
איך וואלט נישט
קיינעם [illegible]! —
צו האבען איצט,
צו האבען איצט,
א מלך
פאר א טאטען.

עס וויינען שטיל,
עס וויינען שטיל,
די ארימע
פרינצעסינס:
„וואס טויג עס אונז
דער לוקסוס נאר,
און אלע
גוטע עסענס?

„א קעניגרייך,
„א קעניגרייך,
מיר גיבען
פאר א חתן;
מ'ליר וואלטען איהם
מיט ליבע און נאלה,
מיט ווייך און פרייד
באגאסען".
אוי, שוועסטערן,
אוי, שוועסטערן,
דאס איז נישט
גלאט א פראזעל:
ס'איז ביטער די
פרינצעסינס איצט
ס'איז פינסטער
זייער מזל.

איהר מיידלעך, איהר,
א, ארימע,
וואס שוויצען
אין פאבריקען,
וואס מוזען זיך
אין וואוינונגען

אין פינסטערע
נאר שטיקען —

נישט וויינט אצינד
אויף אייער פיין,
אויף אייער
פוסטען מאגען:
קומט זיך צונויף
צוזאמען די
פרינצעסינס
צו באקלאגען.

א, אייך איז וואויל,
א, אייך איז גוט —
איהר זענט נישט
קיין פרינצעסינס:
חתנים האט איהר
„פלענטי" דאך —
די ליעבע
גיט אייך „לעסאנס"...

זייט גליקליך איצט,
זייט שטאלץ אצינד —
איהר זענט נישט
קיין בת-מלכה!
פאר אייך איז גוט
דער קרענקליכער
דער אונטערביגלער
צאלקע.

דער „קאטער" וואלט
איז אייער פרינץ,
א [illegible]עלער
בן-מלך:
ס'איז יונה לאקיש
א גוטער יונג
און נעצעל
מאכט אייך פרעהליך.

יא, איינער ניסט,
דער צווייטער הוסט,
דער דריטער
ווארפט מיט וויצען;
דער פערטער קרעכצט,
און אלע
אלע שוויצען.

וואס דארפט איהר מעהר,
וואס טויג אייך מעהר?
בת-מלכות
דארפען קלאגען:
נאר אייך איז גוט,
איהר האט דאך בלויז
צו זינגען און צו זאגען.

די איינע' זארג,
וואס טהוט אצינד
די, הערצער אייע'רע
פרעסען:

איז — וואס וועט זיין
אצינדער — וועה!
מיט — געבעך!
די פרינצעסין?

איהר שרעקט זיך איצט,
איהר ציטערט איצט, —
און קוקט צו די
„גראפים", —
א, טאטער — וועה!
אוי, כאפען „זיי"
אייך אויס'עט
די חתנים!...

די שניידערלעך,
די שוסטערלעך,
זיי נעהמען זיך
שוין בלאזען...
(און איינער האט
זיין כלה נאר

[illegible]
נישט וויצען
די פרינצעסינס;
און ס'מאקעווען
די שניידערלעך
באצייטענס
פון די עסענס!...

# שטעהט אויף און בויט דאס אידישע לאנד

## א ווארט אין דער צייט צו די אידען פון דעטראיט.

א שרעקליכע פעריאדע, די שרעקליכסטע אין זיין געשיכטע, האט דאס אידישע פאלק דורכגעלעבט אין משך פון די לעצטע פינף מלחמה-יאהרען. הונדערטע טויזענדע היימען זיינען צושטערט געווארען, הונדערטע טויזענדע מענער, פרויען און קינדערלעך זיינען פארטריבען געווארען פון זייערע פעלדער, און וואלגערען זיך ארום, ניט האבענדיג וואו זיך איינצוטאן, וואו זייער קאפ אוועקצולייגען. ניט נאר האבען זיי געליטען פון דעם אריינדרינגענדען שונא, נאר זיינען אויך אין מאנכע לענדער פארפאלגט געווארען פון די רעגירונגען, וועלכע וואלטען זיי געדארפט שיצען.

און מיט דער ענדע פון דער מלחמה האבען זיך די אידישע ליידען ניט נור ניט פארקלענערט, נור פיעל פארגרעסערט. גלייך ווי דאס פוילישע פאלק האט זיך ערקלעהרט אלס זעלבסטשטענדיג, האט זי איהר באפרייאונגס-שמחה געפראוועט מיט פאגראמען אויף די אומבאשיצטע אידען. אין פיעלע שטעדט און שטעדטלעך האבען די צובושעוועטע בילינאגעס געבאדען זיך אין אידישען בלוט, האבען גערויבט און געפלינדערט, האבען צושטערט און פארניכטעט אלעס, וואס איז געקומען אונטער זייערע הענד

פון אידישען האב און גוטס דאס ליבע, אויף נאך א גרעסערען מאסשטאב האט פאסירט אין דער אוקראינע, הונדערטע טויזענדע אידען זיינען געפאלען קרבנות פון די פרייהייטס-שכור'טע מערדער.

און אפילו אין די לענדער פון [illegible] אייראפא, וואו קיין פאגראמען [illegible] ניט פארגעקומען, איז די לאגע פון אידען אויך זעהר ניט קיין פרעהליכע. אין רוסלאנד, וואו די אידען זיינען ווען סוחרים און קליינע האנדלער זיינען זיי יעצט בארויבט פון זייערע פרנסות, זייער עקאנאמישע לאגע ווייט ניט קיין געזונטע, נאך [illegible] אין זייער גייסטיגע לאגע, ווייל זיי זיינען בארויבט פון דער מעגליכקייט פארטצוזעצען זייער אלטען טראדיציאנעלען לעבען.

אויך די אידען, וועלכע געפינען זיך יעצט אין די נייאויפגעקומענע [illegible] טען, מאכען דורך דעם זעלבען [illegible] פון ליידען און צרות. אין ליטא, כאטש אויפ'ן פאפיער איז די אידען געגעבען געווארען אלע רעכט צוגלייך די איבעריגע איינוואהנער, אין די ווירקליכקייט א גאנץ אנדערע. איך איז איינגאנצען אפהענגיג פון גוטען ווילען פון דער רעגירונג, און אן אנדער ווינטעל א ביאז טאן, די אידען קענען מעגליך דורכמאכען

(שלוס אויף פירטע 6)

# אין א ווינקעל פון דעטראָיט

ראָמאַן פון ב. איסאַיעוויטש

(פאָרטזעצונג)

פערין, פאַר אַ נאַסענפּרוי און — גאָר־ נישט?

לית דין ולית דיין, ווי?

זי כאַפּט זיך מיט ביידע הענט פאַר'ן קאָפּ, פערגלאָצט די אויגען צו דער סטעליע און עס מורמלען עפּעס איהרע ליפּען... אינסטינקטיוו באַוועגען זיי זיך די ליפּען, אַ געבעט, אַ תפלה פון אַן אומגליקליכער, פון אַן עלענדער פון אַ פאַרלוירענער...

— אין הילף! — זיי, זיי זאָלען זיך מיהען.

איהרע זכות אבות זאָלען איהר ביי־ שטעהן.

קיין אנדער הילף זעהט זי נישט.

...

איז באַגאַנגען אין איהר לעבען, פאַר וואָס קומט זי דאָס איצט אָפּ.

זי פאַרבריכט די הענט. אויף איהר פּנים ציהט זיך אריבער אַ מורא'דיגע פאַרצווייפלונג: —

— „גאָט דו גרויסער, וואָרום, וואָרום?

זי וויל נישט נאָכקלעהרען נאָך גאָטס מעשים. זי וועט אננעהמען פאַר ד'עב... אָבער זאָל דאָס זיין אַן אָפּקו־ מעניש.. אפשר איז זי אַליין נישט ווערט קיין רחמנות פון די הימלען, איז צוליעב חנה'ן. אזא אונבאהאָלפען קינד. אזוי שוואַך... ווער וויים וואָס מיט איהר קומט איצט פאָר?

---

אין אזא מצב האָט מרים פאַר־ בראַכט אין דעם פּריוואַטען צימער פון געריכטס זאַל.

ביי דער טיר פון דער אנדערער זייט ...

...

בעל, דער שילד פון זיין פּאָליציאַי־ שער פּראָפעסיע, האָט ער איהם אַ פּרעג געטאָן שטרענג:

— וואָס האָט געבעטען אבענד פון דיר געוואָלט דאָס מיידעל?

— וואָסער מיידעל? — איז דער־ אויטאָמאַביל טרייבער געוואָרען צו־ מישט.

— הער, דו, — איז דיוויזאָן אריין אין זיין ראָליע — איך האָב נעכטען מיט דיר קיין צייט נישט גע־ האַט צו מאַכען געשעפטען, ווייל איך האָב דאָס מיידעל נישט געוואָלט אָפּ־ לאָזען פון אויג, אויב אָבער דו ענט־ פערסט מיר נישט באַלד אויף אַלעס, וואָס איך פרעג דיך, ווערסטו מאָמענ־ טאַל ארעסטירט.

— אַ, דאָס ביסטו דער, וואָס האָט מיך נעכטען געפרעגט? כ'האָב דיך ניט דערקענט...

...

(שלוס אויף פּייז 6)

# אין שינעל

פון ז. סעגאַלאָוויטש

1

## „סלאָוועסנאַסט"

„סלאָוועסנאַסט" און די טעאָריע פון וועלנעריי, דעם טאָג וואָס מען פלעגט זיך פאַרנעהמען ביי אונז מיט דער טע־ אָריע, איז געווען אַ גיהנום. אַ צעהנד־ ליג סאָלדאַטען פלעגען דאַן געהן שלאָ־ פען מיט אונטערגעקלאַפּטע אויגען, מיט געשוואָלענע באַקען, שוין נישט רעכענע־ דיג אַנדערע טרוקענע קלעפּ.

עס הויבט זיך אָן:

— שעוועטשוק!

שעוועטשוק גיט אַ שפּרונג אויף ציהט זיך אויס הויבט אויף די האַנד אונ־ טער'ן קאַזירעק און גלאָצט און פינ־ טעלט מיט די אויגען.

— זאָג מיר קראַסאָוועשיק מיינער

— טשטאָ טאַקאָיע דיסציפּלינאַ?

בי שעוועטשוקען געהמט די אונטער־ ...

...

עס אַלץ שווערער געוואָרען און די בלאָ טע האָט גענומען וואַקסען פלאַסטענ־ ווייז.

וואַשען...

אויפ'ן הויף פון קאַזאַרמע זענען גע־ שטאַנען פעסער מיט וואַסער מיט אַ קענ־ דעל, פלעגט יעדער פון די סאָלדאַטען אריינרוקען דעם קאָפּ אין פאַס און שווענקען, שווענקען, איך פלעג נ פון אזא וואַסער אנטלויפען...

מען האָט עס גערופט פאַרוועהרען, דער זוואָרני האָט אנגעזאָגט, אז מען וועט כאַפּען וואַשענדיג זיך אין פאַס, וועט מען אריינגיסען אַ קענדעל וואַסער אין קאַרק אריין אויפ'ן פראָסט..

נאָר דאָס האָט אויך נישט געהאָל־ פען...

יאָ, וועגען מיין קישען; שפּעטער ווען די פרייהייט איז געקומען, פלעג איך שוין געהן שלאָפען אין אַ האָטעל און ...

...

וואָס שטעהט און דאַווענט און רעדט אויס דאָס האַרץ פאַר'ן הימעל.

פאַר'ן הימעל, ווייל מענשען זענען דאָ נאָך שטומער..

(לאָדזשער טאַגעבלאַט)

## א זעלטענהייט

אין די היינטיגע צייטען, ווען יעדע־ רער איינער זוכט נאָר צו מאַכען וואָס מעהר געלד און מען קוקט ניט אויף דעם עולם, איז טאַקע אַ זעלטענהייט ווען עס געפינט זיך אַ ביזנעס מאַן וואָס זאָל זיין צופריעדען צו מאַכען אַ קלענערען פּראָפיט אבי די קאַסטאָ־ מער זאָלען זיין צופריעדען. אזא מאַן האָט זיך געפונען אין דעטראָיט. מר. אליהו פּאָליאַקאָף, וועלכער איז שוין לאַנג באַקאַנט אלס שונא פון הויכע פּרייזען, האָט זיך ארומגעזעהן, אז עס ...

...

## ביי די שנאָרער

...

## ערקלעהרונג

...

## שלאָגען די שוינער

...


# איינלאַדונג

## פון דער שוהל נוסח האר"י ז"ל

ברידער און שוועסטער!

מיר בעטען אייך זעהר העפליך צו קומען צו דער **שמחה**

פון לייגען אַ קאָרנער שטיין פיר אונזער שוהל **נוסח האר"י**

**226 אלפרעד סטריט**

וועלכע וועט שטאַטפינדען **זונטאג, פ' שלח, 6-טען דזשון**

2 אוהר נאָכמיטאָג, מיט גרויס פּרייד און פּראַכט.

מיר האָבען אַראַנזשירט אַ שעהנעם בענד מוזיק.

די היגע רבנים און רעדנער וועלען אַדרעסירען.

קומט אין מאַססען איהר וועט האָבען אַ שמחה של מצוה און אַ קערפּערליכען און גייסטיגען פאַרגעניגען.

אַכטונגספאָל,

**מאיר אליהו בעליאַווסקי**

פּרעז. פון שוהל נוסח האר"י

The only Jewish Paper Printed in Michigan

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

# דער וועג

The Detroit Jewish Daily

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

347-49 HASTINGS STREET
Telephone Main 3715

Published and distributed under permit No. 759 authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson

מאנטאג, דזשון 7, 1920.

DETROIT, MICH., Monday, June 7th 1920 Vol. 2, No 96

PRICE 2c.

# פאליאקען ליידען גרויסע מפלה נעבען קיעוו

לאנדאן, יוני 5. — פאליאקען האבען געליטען שרעקליכע פארלוסטען נאך א שטארקער באלשעוויסטישער אטאקע אין דרום פון בעלאטערסקיעוו, 50 מייל סאוט-וועסט פון קיעוו, לויט אן אפיציעלען סטייטמענט, וואס די מאסקווער רעגירונג האט נעכטען ארויסגעגעבען. עס ווערט גלייכצייטיג געמעלדעט, אז די סאוויעט טרופען האבען געמאכט וויכטיגע פארשריט ביי פילע אנדערע פונקטען.

## פאליאקען זאגען אויך אז זיי זיעגען

ווארשא, יוני 5. — אין דעם צפון טייל פון דעם פראנט האבען פוילישע און אוקראינישע טרופען איבערגענומען די אפענסיווע און פארטריבען דעם שונא אויף 18 מייל, לויט אן אפיציעלען סטייטמענט ארויסגעגעבען פון דער פוילישער הויפט קווארטיר.

## סאוויעטען רעגירונג שטימט איין אפצוגעבען ווילנא צו ליטא

לאנדאן, יוני 5. — די ליטווישע דעלעגאציע אין מאסקווע, וועלכע פיהרט אן שלום-פארהאנדלונגען מיט סאוויעט רוסלאנד, האט געלאזט וויסען דער ליטווישער דעלעגאציע פון דאנען, אז די מאסקווער רעגירונג האט איינגעשטימט, אז די הויפט-שטאדט פון ליטא איז ווילנא, און ווערט דארום פון דער באלשעוויסטישער רעגירונג אנערקענט ווערען אלס אזעלכע.

## יאפאנעזער פארנעהמען ניקאלאיעווסק

וואשינגטאן, יוני 5. — צום סטייט דעפארטמענט איז אנגעקומען א באריכט, דאס די יאפאנעזישע טרופען האבען פארנומען ניקאלאיעווסק, סיביר. די יאפאנעזישע טרופען זיינען געשיקט געווארען אהין מיט איינגע וואכען צוריק, נאך אן אויפשטאנד אין יענער שטאדט, וואו א יאפאנעזישער קאנסול צוזאמען מיט עטליכע יאפאנעזישע בירגער, זיינען דער'הרג'עט געווארען.

## נארוועגיען וויליג אנצופאנגען האנדעל מיט סאוועט-רוסלאנד

קריסטיאנא, יוני 5. — די נארוועגישע רעגירונג האט מיט דער גוטהייסונג פון פארלאמענט אינפארמירט דער רוסישער רעגירונג, אז נארוועגען איז וויליג אנצופאנגען האנדעלס באציהונגען מיט רוסלאנד זאפארט. עס ווערט אבער גלייכצייטיג ערקלעהרט, אז נארוועגען וועט פונדעסטוועגען אפיציעל ניט אנערקענען די סאוויעטען אלס די „געזעצליכע רוסישע רעגירונג".

# איטאליענישע רעוואלוציאנערע פיהרער אפגעפאהרען קיין רוסלאנד זיך צו בעראטען מיט לענינ'ען

ערב-רעוואלוציע אין איטאליען. — ארבייטער באוועגונג פיעל שטארקער פון דער בורזשואזיע. — אלע סטרייקס זיינען פון פאליטישען כאראקטער. — ארבייטער ארגאניזירען זייערע קרעפטען אום צו זיין גרייט ווען דער פאסענדער מאמענט וועט קומען. — ארבייטער קאנפיסקירען ערד און פעקטארים.

רוים, יוני 5. — פיהרער פון דער סאציאליסטישער פארטיי און פון דער רעוואלוציאנערער ארבייטער ארגאניזאציע פון איטאליען, זיינען לעצטע וואך אפגעפאהרען נאך רוסלאנד, זיך צו בעראטען מיט לענינ'ען, ווי אזוי צו רעארגאניזירען יענע רעוואלוציאנערע קרעפטען, וועלכע זיינען אפגעשוואכט געווארען, א דאנק די „זיידענע הענדשקעס" פון פרעמיער ניטי, וועלכער האט געמאכט איינגע קאנצעסיעס צו די ראדיקאלען פון לאנד. די סאציאליסטען גלויבען, אז לעניו וועט קענען אנווייזען א טאקטיק, ווי אזוי ארייינצוברענגען א פאלשטענדיגע איינגקייט אין די רייהען פון דער ארבייטער באוועגונג.

איטאליען איז ערב א רעוואלוציאנערע איבערקערעניש. איהר אלגעמיינע עקאנאמישע און פינאנציעלע לאגע איז פיעל אונגעשטרענגטער ווי אין פראנקרייך. די ארבייטער ארגאניזאציעס זיינען שטארקער און ראדיקאלער און די קאנסערוואטיווע עלעמענטען — ווענינער רייך און האבען א פיעל קלענערע אמביציע צו קעמפפען פאר זייערע קלאסען אינטערעסען, ווי די בורזשואזיע אין פראנקרייך.

ערפאלגרייכער סאבאטאזש איז אויך פראקטיצירט געווארען פון די אייזענבאהן ארבייטער, אמוניציע ארבייטער און האפען ארבייטער, וועלכע האבען געבראכט דערצו, אז אלע זאפאסען, וואס זיינען פאבריצירט געווארען פאר די ארמעען, וועלכע שלאגען זיך מיט סאוויעט רוסלאנד, האבען ניט געקענט גרייכען דעם געציעלטען פלאץ.

די ארבייטער ארגאניזאציעס אין איטאליען זיינען די שטארקסטע אין דער וועלט. די אלגעמיינע ארבייטער קאנפעדעראציע, וועלכע פאדערט א סאוויעט-רעזשים, האט אין 1918 געצעהלט בלויז 250,000 מיטגליעדער און ביי דער ענדע פון 1919 איז די מיטגליעדערשאפט געשטיגען ביז 1,250,000. יעצט צעהלט דיעזע ארגאניזאציע ביז 2,000,000 מיטגליעדער. א[...] דעם זיינען 500,000 ארבייטער ארגאניזירט אין די אנארכיסטישע און סינדיקאליסטישע יוניאנס. די רויטע קאאפעראטיווע געזעלשאפט צעהלט צווישען 3 און 4 מיליאן מיטגליעדער.

די רעוואלוציאנערען גלויבען, דאס אין פאל עס זאל קומען צו א פארזיכערונג צווישען זייערע ארגאניזאציעס, קענען זיי אין א מאמענט פון אויפרעגונג ערפאלגרייך דורכפיהרען א קאמוניסטישע רעוואלוציע. אלעס וואס עס פעהלט זיי נאך ביז יעצט איז — איינגקייט און דער „אויפגערעגטער מאמענט". ווי אזוי דאס צו דערגרייכען, וועט אהן צווייפעל דיסקוטירט ווערען אין מאסקווע.

פרעמיער ניטי, האט געטאן אלעס, וואס ער האט נאר געקענט, אום צו לעשען דעם צארן פון די רעוואלוציאנערע ארבייטער. ער האט באשטימט א קאנטראל איבער די פרייזען פון לעבענס-מיטעל און האט געמאכט פארזיכערונגס געזעצע און אנגענומען א פריינדליכע פאליסי אין באצוג צו רוסלאנד. מיט זיין „זיידענע הענדשקעס פאליסי" איז איהם ווירקליך געלונגען פאר א צייט ארייינצוברענגען א געוויסע פארלעגענהייט אין מאנכע וועניגער רעוואלוציאנערע מחות פון דער ארבייטער באוועגונג. איצט קענען שוין די פריהערדיגע קאנצעסיעס מעהר ניט גילטען. די לופט פון איטאליען איז אנגעפילט מיט רעוואלוציע.

## פארלארענע קינדער — לאך האבען זיך אפגעפונען

וואנעטא און בארטעטא קוהנעמונד, די צוויי קליינע מיידעלעך וואס „דער וועג" האט נעכטען געמאלדען אלס פארלארענע, האבען זיך נעכטען געפונען ווען זייער אנקעל, קארל האזבאך האט אפגערופען די פאליציי און געמאלדען דאס די קינדער געפינען זיך ביי איהם.

מיט די צוויי קינדערלאך איז פארבונדען א גאנצע טראגעדיע. אין 1918 איז זייער פאטער געשטארבען און לעצטע וואך האט די מוטער זייערע אפגעשיקט די קינדער צו זייער באבען, און פרייטאג האט די באבע געפיהרט די קינדערלאך אויף דעם סעמעטערי „ווויזיטען" זייער פאטער'ס קבר צוריקפאהרענדיג פון סעמעטערי, האט די אלטע באבע ארויפגעזעצט די צוויי קינדער אויף די קאר און איידער זי האט האט צייט אליין ארויף צו געהן, איז די קאר אוועק.

דעם אדרעס פון זייער באבען האבען זיי ניט געוואוסט, אבער זיי האבען געדענקט דעם אדרעס פון זייער אנקעל, מר. האזבאך.

דערווייל האט זיך געבאך די פאליציי פון דעטראיט און אומגעגענד אנגעמאטערט גאנצע 24 שטונדען זוכענדיג, און צום סוף האבען זיי געמעגט פערשפארען זייער טרחה, ווייל א פרוי אויף דער קאר האט זיך אין די קינדער אינטערעסירט און זי האט געמאלדען צו מר. האזבאך וועגען זיי. מרס. האזבאך וואלט וועלען די קינדער האלטען ביי זיך, אבער די באבע זאגט אז זי וועט ניט דערלאזען אז איהר זוהן'ס קינדער זאלען זיך וואלגערן אין דער פרעמד.

## הי[...] באלעבאטים ווילען אינדזשאנקשאן געגען סטרייק

בעאמטע פון לאקאל יוניאנס, נו. 98 און 636, ביידע פון דעטראיט ווי אויך די ידנייטער אסס'ן אף פלאמבערס און סטימפיטערס אף יונייטעד סטייטס און קאנאדא וועלען מוזען ערשיינען פאר דזשאדזש דזשעין היינט און בעקעמפפען אן אינדזשאנקשאן וואס ווערט געגען זיי פערלאנגט ביי די דעטראיט אסס'ן אף סאניטארי און היטינג קאנטרקאטארס.

די מאסטער פלאמבערס ווילען פארוועהרען די ארבייטען פון סטרייקען און פיקעטען דעם עמפלאימענט אפיס פון די מאסטער פלאמבערס אססאסיאיישאן.

דער סטרייק געהט שוין זייט דעם ערשטען מאי און די ארבייטס-געבער, אין זייער פערלאנג פיר אן אינדזשאנקשאן, טענה'ען אז די ארבייטער האבען קיין רעכט צו פיקעטען ווייל דער סטרייק איז ניט פארמאל ערקלעהרט געווארען.

צווישען 800 און 900 זיינען „אראפ" פון זייערע דזשאבס דעם ערשטען מאי און די קאמפאני באקלאגט זיך אז די יוניאן לאזט קיינעם ניט געהן ארבייטען אויף די יוניאן דזשאבס.

יעצט וועט דזשאדזש דארפען באשליסען צו מען מעג מען סטרייקען אהן א הכשר אדער מען דארף פריהער האבען „פארמאלע ערלויבניס".

## גרויסע נערעטעניש ערווארטעט אינגארן — מעלדעט בודאפעסט

בודאפעסט, יוני 5. — די אונגארישע באפעלקערונג האפט, אז אויף די פעלדער פון לאנד וועט היינטיגעס יאהר זיין א גרויס נערעטעניש. אלע סמנים ווייזען אויף דעם [...]

אין פארלויף פון לעצטע יאהר האבען באוואפענטע ארבייטער פארכאפט טויזענדער פארמס און פילע פעקטארים, וועלכע ווערען באארבייט און אפערירט אונטער דער רויטער פאהן און וועלכע אנערקענען פאקטיש ניט די אויטאריטעט פון דער איצטיגער רעגירונג ערשט נאך א קאמפראמיס מצד דער רעגירונג, צו פארדאנקען די „זיידענע הענדשקעס" פון פרעמיער ניטי, וועלכער גלויבט ניט, אז מיט געוואלד קען מען אפשטעלען רעוואלוציעס. האבען די ראזיגע מעשים פון די ארבייטער אנגענומען א פעוואדאליזאלען כאראקטער און עס איז געווארען בכלל א געוועהנליכע זאך.

די צאהל פון סטרייקס איז גרעסער ווי אין איינגער וועלכען לאנד פון אייראפא. די צאהל פון סטרייקערס גרייכט אין מיליאנען. לעצטען סעפטעמבער האבען פיער הונדערט טויזענד ארבייטער געסטרייקט אין דער מעטאל און טעקסטיל טריידס אליין. סטרייקס זיינען פארגעקומען אין יעדער אינדוסטריע און אין יעדער רעגירונגס דעפארטמענט, ארייינגערעכענט אייזענבאהנען און פאסט. דיעזע אלע סטרייקס טראגען א פאליטישען כאראקטער און דער ארעסט פון איין יוניאן באאמטען אי זגענוג אודזאכע, אז עס זאל אויסברעכען א גענעראל סטרייק אין א גאנצער שטאדט.

אויסער סטרייקס פראקטיצירען די ארבייטער אין איטאליען א געוויסע פארם פון סאבאטאזש, אדער אבסטרוקציאניזם. קיין אייגענטום ווערט ניט צושטערט. די ארבייטער ענטזאגען זיך בלויז אויסצופאלגען די רעגלען פון מעכאנישער פינקטליכקייט. די ווירקונג פון אזא אבסטרוקציאניזם איז שרעקליך. דאס איז לעצטענס פראקטיצירט געווארען פון די פאסט און טעלעגראף ארבייטער און פאראורזאכט די ארגאניזאציע פון דעם ניטי קאבינעט.

# באפעלקערונג אין פוילען ערנעהרט זיך מיט גראז

## געוועזענער קאנסול אין ווארשא ברענגט א שרעקליכען גרוס פון פוילען.

פאנטיאק, יוני 5. — הענרי מקברייד, וועלכער איז געווען אמעריקאנישער קאנסול אין ווארשא פאר די לעצטע ניין מאנאטען, איז די טעג צוזאמען מיט זיין פרוי אנגעקומען קיין פאנטיאק פאר א וויזיט.

מר. מעקברייד דערצעהלט, דאס צוויי הונדערט טויזענד מענשען אין פוילען שטעהן גרייט אויסצואוואנדערען קיין אמעריקא, אזוי שנעל ווי זיי וועלען נאר קריגען אן ערלויבעניש.

„פוילען האט שרעקליך געליטען פון דער מלחמה — האט מר. מעקברייד געזאגט — די באפאלענדע טרופען האבען צושטערט אלע מאשינען פון לאנד. קאטאן, וואלעבערייי איז געווען דער הויפט געשעפט פון פוילען. איצט פיהלט זיך א געוואלדיגער קאטאן-מאנגעל אין פוילען און דאס מיינט, אז דער הויפט פרנסה-קוואל האט זיך אויסגעשעפט.

די נויט פון די פוילישע פויערים איז אומבאשרייבליך ווען איהר פאהרט דורך פוילישע וועלדער קענט איהר אנטרעפען צושראקענע מענשען זיך ארומדרעהנדיג ארום די בויערער ווי ווילדע חיות. איהר קענט זעהן ווי קינדער פון 5 און 6 יאהר נעהען ארום אויף אלע פיער; זייערע פיסלאך זיינען ניט ענטוויקעלט און קוקען אוים ווי פרימיטיווע מענשעלעך. דאס איז דער רעזולטאט פון ערנעהרען זיך אויסשליסליך מיט גראז. דאס גראז ווערט אויסגעבריהט, צוהאקט און צוזאמענגעמישט אין א מין גראז-קאשע.

„צו פארדאנקען דעם פאקט וואס דער אמעריקאנישער געלט-קורס איז אזוי הויך אין פארגלייך מיט'ן פוילישען מארק, איז געשעפט צווישען אמעריקא און פוילען א זאך פון דער אוממעגליכקייט. אן אמעריקאנער דאלאר, וועלכער איז אמאל געווען פיער פוילישע מארק, איז איצט ווערט 200 מארק. פאר דער מלחמה האט אן ארבייטער געקריגען 50 סענט א טאג און היינט ווען ער קריגט אן אונגעהייער גרויסע סומע, קען אבער דאס געלט קויפען ווענינער ווי העלפט, וואס זיינע 50 סענט האבען פריהער געקויפט".

# פראהיבישאן אפיסער צו'הרג'עט פון שנאפס שמוגלער אויף א דאמפף שיפעל

דזשיימס מעקייב, אן אגענט פון רעוועניו דעפארטמענט, וועלכער וואכט ביים קענעדער גרענעץ, מען זאל ניט אריינשמוגלען דעם ביטערען טראפען אהער פון קענעדע, איז לעצטען פרייטאג ביינאכט געשטאנען אויף זיין פאסטען און פלוצלונג האט ער דערזעהן א שיפעל מיט צוויי מענשען פאהרענדיג צו דער אמעריקאנישער זייט. ער איז צוגעפאהרען צום שיפעל און זעהענדיג, אז זיי פיהרען מיט זיך שנאפס האט ער געמאכט א פארזוך זיי צו ארעסטירען.

און ווען ער האט שוין איינעם געהאלטען ביי זיך אין שיפעל גרייט צו ארעסטירען, האט דער צווייטער איהם אטאקירט פון הינטען. דאס געשלעג האט אנגעהאלטען א נעוויסע צייט און דער אפיסער האט זיך אליין געוועהרט, ביז איינער פון די חברה'לייט האט איהם דערלאנגט מיט א שארפען ראנד פון א וועסלע איבער'ן קאפ און ער איז אנידערגעפאלען באוואוסטלאז.

ווען ער איז צו זיך געקומען האט ער זיך געכאפט, אז זיין מאטאר איז אבטזיכטליך געשעדיגט געווארען פון די חברה'לייט-אזוי, אז ער האט ניט געקענט צו פאהרען צום ברעג. ער האט מיט א וועסלע געטרייבען צוטרייבען די שיפעל צו א ברעג און עס איז איהם קוים מיט צרות געלונגען צו דערשלאגען זיך צו פארד סיטי, א צובלוטיגטער, א צוקאליעטשעטער פון קלעפ.

ער האט זיך ארייינגעכאפט צו א דאקטאר אין פארד סיטי, וואו ער האט געקראגען א שטיקעל מעדיצינישע באהאנדלונג און שפעטער איז ער אפגעפיהרט געווארען א היים קיין דעטראיט.

מעקייב האט נאך פונדעסטוועגען זיין האפנונג ניט פארלארען. ער איז איבערצייגט, אז די חברה וועלען זיך פון זיינע הענד ניט ארויסדרעהען.

## דריי ברידער ארעסטירט אלס געלד - פאבריקאנטען

דער ארעסט אין ניו יארק פון א געוויסען ראבערט א. קאטשילי, אויף דער קלאגע פון מאכען פאלשע אסיגנאציעס, האט געפיהרט צו דעם ארעסט פון זיינע צוויי ברידער דא אין דעטראיט און איצט האט די פאליציי די גאנצע „גענג" אין איהרע הענד.

ראבערט קאטשילי, וועלכער איז ארעסטירט געווארען אין אן אפארטמענט אויף אמסטערדאם עוועניו, ניו יארק, האט אין זיין רום געהאט נאכגעמאכט פינף דאלארדיגע נעשאנאל בענק נאוטס, $1 זילבער סערטיפיקייטס און $1 פעדעראל רעזערוו נאוטס.

זיינע צוויי ברידער זיינען ארעסטירט געווארען אין זייער רום אויף 339 לאפאיעט בולווארד, וואו די פאליציי האט געפונען 265 פינף דאלארדיגע נאוטס צוזאמען מיט אן אויטאמאטישען רעוואלווער און א „בלעקדזשעק".

רזשאסעף ה' פאלמא, דער הויפט פון דער יונייטעד סטייטס סיקרעט סערוויס, מישיגאן דיסטריקט, וועלכער איז פאראנטווארטליך פאר דיעזען ווינקעל ארעסט, גלויבט, אז די חברה האבען פאבריצירט ניט ווענינער ווי 400 פון די פינף דאלארדיגע נאוטס.

## וואל סטריט וועט אויף קעש אז דזשאהנסאן וועט קריגען רעפובליקאנישע נאמינישאן

ניו יארק, יוני 5. — אויף וואל סטריט וועט מען זיך וואגען אויף קעש, אז היראם דזשאהנסאן וועט נאמינירט ווערען אלס קאנדידאט פאר פרעזידענט אויף דער רעפובליקאנישע פארטיי.

וואוד און לאודען זיינען די איינציגע צוויי קאנדידאטען נאך דזשאהנסאן, אויף וועלכע פאליטישע געמבלער געהט מען זיך אונטער צו וועטען.

פארשטעהט זיך, אז „פאטריאטען" וועטען זיך פאר די אנדערע קאנדידאטען אויך, אבער אומבאדייטענד אין פארגלייך מיט די געמבלער אויף די ערשטע דריי.

# קאנגרעס געשלאסען, פרעזידענט וועטאירט נאך 3 בילס

וואשינגטאן, יוני 5. — דער 66-טער קאנגרעס האט זיך היינט 4 אזייגער געשלאסען. אין דער זעלבער צייט האט זיך אויך געשלאסען דער סענאט.

בלויז איין ביל, אויף וועלכען די רעפובליקאנישע פיהרער האבען געגלויבט, אז ער וועט דורכגעהן איז דורכגעפאלען. דאס איז געווען דער ביל צו באשאפען א רעגירונגס-בודזשעט.

מיט א שטונדע שפעטער נאך דעם ווי ביידע הייזער האבען זיך געשלאסען, האט דער פרעזידענט אנאנסירט, דאס ער האט באשלאסען ניט אונטערצושרייבען דריי אנגענומענע בילס. — דעם וואסער-קראפט ביל, די רעזאלוציע אפצושאפען אלע מלחמה-געזעצע, מיט דער אויסנאהם פון דעם „לעווער ענד טריידינג וויטה דהי ענעמי עקט", און א 3-טער ביל וועגען צייטווייליגע [...]ער.

[...] אורזאך פאר'ן וועטאירען די [...] בילס, האט דער פרעזידענט אנגעגעבען, אז ער האט ניט געהאט גענוג צייט זיי צו באטראכטען.

דער בודזשעט ביל, וועלכער איז לעצטען פרייטאג וועטאירט געווארען פון פרעזידענט ווילסאן, איז נאך אמאל דורכגעגאנגען אין קאנגרעס, אבער אין סענאט איז ער דורכגעפאלען.

די סעסיע פון איצטיגען קאנגרעס האט זיך געשלאסען נאך א לאנגען פאליטישען קאמף וואס וועט נאך זיכער פארטגעזעצט ווערען אין קומענדען קאמפיין פאר פרעזידענט וואהלען.

דער קאנגרעס וועט זיך ווידער עפענען דעם 6-טען דעצעמבער.

## אויפמערקזאם

אלע אידען וואס וואהנען אין היילאנד פארק קענען יעצט באקומען דעם „וועג" אין בוטשער שאפ, 152 וויקטאר עוועניו.

## פופצעהנער קאמיטע

די מעמבערס פון דער 15-ער קאמיטע זיינען געבעטען צו קומען צו א וויכטיגען מיטינג, דינסטאג אווענט, אין אפיס פון „וועג".

## צו די אידישע מוטערס!

זונטאג, דעם 13טען דזשון, וועלען אין „שערי צדק" שוהל צוזאמענקומען די אידישע פרויליינס צו באטייליגען זיך אין בלומען-טאג. די אידישע מוטערס ווערען דארום אויפגעפאדערט, צו שיקען זייערע טעכטער צו העלפען אין דער נאבעלער ארבייט.

## מאסמיטינג אין בית אברהם שוהל

היינט אבענד וועט שטאטפינדען א גרויסער מאס-מיטינג אין מנן אברהם שוהל 194 פארנסווארטה סט., ביי דיזען מיטינג דארפען אנוועזענד זיין דעלעגאטען פון אלע סאסייטען און לאדזשען ווייל ביי דיעזען מיטינג וועלען גענומען ווערען שריטע צו העלפען אריבער ברענגען די פאראונגליקטע פון יענער זייט ים אויף ווי וויים עס איז נאר מעגליך, איינגע שיפסקארטען זיינען שוין ארוים געשיקט געווארען און די סאסייטע וועלכע געהט אונטער דעם נאמען „די יוראפייען דזשואיש ווימען וועלפעיר ארגאניזיישאן אף דעטראיט" מיט דער הילפע מיט לאיערס, ..גרערם, וואס טוט אלע געזעצליכע ארבייט אונענטגעלטליך, האט זיי שוין פילע גוטע ארבייט געטאן.

דעטראיט וועט זיך געווים ארויפען, אזוי ווי דעטראיט'ער אידען טאען אימער ווען עס האנדעלט זיך צו העלפען אין א נאבעלער ארבייט.

# מט. קלעמענס

## מט. קלעמענס בעדער

דאס שטארקסטע מינעראל וואסער א ; דער וועלט איז

## Fountain Bath House

א אידישער קור-ארט פאר רומאטיזם, נערוויזיטעט א. ז. וו. אונזער פאונטען בעטה הויז איז די ערשטע און אריגינעלסטע. באהאנדלונג די בעסטע שרייבט נאך אינצעלהייטען צו בעקערמאן און סאוויצקי.

### פיטסבורג כשר האטעל

אין מאנט קלעמענס

נעקסט דאר צו פלאזא בעטה הויז. מיר באהאנדלען אייך ראיעל און ערבנען ניט טייער. וואטשט פאר אונזער פארטרעטער ביים סטיישאן.



ס'ניט נעדרונגען אז איהר מוזט האבען טויזענדער צו זיין אין מט. קלעמענס

### ניו ווילא האטעל

וועט אייך רעכענען $25 א וואך און איהר וועט הנאה האבען. אלע רומס קאנעקטעד מיט א פעסעדוש צו די פלאזא בעדער. שרייבט נאך אינצעלהייטען צום פראפריעטאר ה. קראוז.

### ריווערסייד האטעל

(נעוועזענער פארק ענעקס)

מט. קלעמענס, אינגאנצען רעמאדעלירט, עפענט זיך 1-טען מאי, 150 רומס, דיינינג רום פאר 300. דאס אידעלסטע פלאץ פאר געזונטע ווי פאר קראנקע. שרייבט נאך אינצעלהייטען.

**Riverside Hotel**
**Mt. Clemens, Mich.**



### אלבאני האטעל

אין מט. קלעמענס, האט א נאמען פאר די לעצטע 20 יאהר אונטער דעם זעלבען מענעדזשמענט.

מיר בעטען אונזערע קאסטומער און פריינד צו קומען באצייטענס. איידער דער סעזאן איז אין פולען גאנג, כדי מיר זאלען זיי קענען געבען בעסערע באהאנדלונג. שרייבט צו

ב. מאסקאוויץ

### אייער פארלארענע געזונט



קריגט איהר צוריק, ווען איהר זענט אין מאונט קלעמענס און סטאפט אין

### גלענוואוד האטעל

קאנעקטעד מיט די בארימטע אלימפיא בעדער. שעהן, ליכטיג, לופטיג. פרישע שפייזען, מעסיגע פרייזען. א ספעשעל לאנטש און דעליקאטעסען סטאר, קאנעקטעד מיט די גלענוואוד. שרייבט נאך אינפארמאציע צו א. מארגאליס.

## לעזט דעם „וועג"

---

### ווייט געזונט



און פארברענגט אייער זומער וואקיישאן אין מאונט קלעמענס, און אז שוין אין מאונט קלעמענס, וועט איהר סטאפען אין

## Elkins Hotel

100 רומס. דיינינג רום פאר 300 לייט. א רפואה פאר קראנקע, א פארגעניגען פאר געזונטע.

א נייעס אין מאנט קלעמענס

### צוויי כשר'ע דעליקאטעסען סטארס

אין מאנט קלעמענס

**B. & M. DELICATTESSEN**
**58 N. Gratiot**
**and 46 Cass Avenue**

אלערליי לאנטשעס און געטראנקען. באזוכט אונז ווען איהר זייט אין מאנט קלעמענס.

---

ווילט איהר אייערע

**שלעסער, שליסלען קארפענטער זעגען, טולס און אנדערע ארבייט**

גוט געמאכט און גארענטירט? טו קומט צו

מ. דאמניטץ

246 מאנטקאלם סט.

---

### אוקלאנדער אידען

פיסטען זייערע

## ציינער

ביי

## Dr. H. Goodman

דענטיסט

געמופט פון 427 וואודוואָרד

737 אוקלאנד עוו.

---

### קעש רעדזשיסטערס

נעשאנאלס, אלערליי סטיילס.

— געקויפט און פארקויפט —

**DETROIT USED CASH REGISTER CO.**

66 Broadway — Cadilac 5112

---

### מאושען-פיקטשור אפרייטארס

לערענט זיך פאר

לייכטע און ריינע ארבייט, קורצע שטונדען, גוטע ווידזשעס קוואליפיקיישאן גאראנטירט.

**Movie Operator's School**
**33 Sproat St**

מאנטאג, מיטוואך און פרייטאג: 7:30 אבענד.

---

גיט אייערע קינדער א מאדערנע אידישע ערציהונג שיקט זיי אין דער מענדעלע פאלקס שולע 204 איסט הענקאק. עס ווערען געעפענט נייע קלאסען פאר אנפאנגערס, אויך שילער פיר די העכערע קלאסען, און שולע לערנט מען אידיש העברעאיש. געשיכטע און לענגעדן, די שולע איז אפען יעדען טאג פון 4 ביז 7, זונטאג פון 9 ביז 12.30

---

— באקאנטמאכונג —

רעוו. א. קאצער

וואס איז רעקאמענדירט פאר'ן בעסטען

**מוהל**

זייט די לעצטע 20 יאהר

האט געמופט פון 263 פארנסווארט אין

140 מערבורי, קאר. בראש

טעלעפאן: מארקעט 827

---

## א גרויסער אויספארקויף

ביי'ל פאנגט אן מאנטאג

איך מאך באקאנט צום געהערטען פובליקום פון דעטראיט דאס איך מוז אויספארקויפען מיין גאנצען סטאק

### קרעקערי, אלומינום, גראניטוועער און פענסי טשייני

אלעס, אלעס, מוז פארקויפט ווערען אין דער קורצער צייט פון היינט ביז דעם 1-טען דזשולי. מיין ליסס נעהט אויס און מיין געזונט ערלויבט מיר ניט מעהר צו שטעהן אין ביזנעס, דערום מוז אלעס פארקויפט ווערען צו די בילינגסטע פרייזען.

קומט וואס שנעלער פאר די בארגיינס. אלעס ווערט פארקויפט פאר א האלב פרייז.

מ. ב. שאפירא, 511 הייסטינגס סטריט, ביטווין אלפרעד און ברוסטער

זאגט אייערע פריינד וועגען דעם גרויסען סייל.

---

### געלט קיין אייראפא

דער זיכערסטער און בעסטער וועג צו שיקען געלד צו אייערע קרובים קיין יוראפ איז דורך דער

### פיפעלס רעליעף

וועלכע איז א בראנטש פון דער דזשוינט דיסט. קאמיטע.

די געלד ווערט געשיקט אין דאלארס.

פיפעלס רעליעף קאמיטע

490 הייסטינגס סטריט

טעריאַה. 2061

---

### פארלארען

א גרין גאלד ווריסט וואטש מיט אינישיעלס אין ניו דעטראיט אפערא הויז, פרייטאג אווענט. א ריוואַרד צו דער פארטיי וואס וועט דאס ברייננען צו מרס. אפרוסי, 2006 קאהעלען עוו. אדער 148 וועהן סט. טעלעפאן סידער 1909 וו. אדער טשערי 3769.

---

### א טיילאר שאפ

גוט איינגעריכטעטע סטאר. קען געקויפט ווערען זעהר בילינג. נאכפרעגען אין „וועג" באקס 63.

---

### רעוו. ל. ד. רייכלין

פון אהבת אחים שוהל (אוקלאנד)

נעהמט אן סדור קדושין

און אנדערע שמחות מיט די בעסטע עווידענהייט.

511 קענטראן עווענין

טעל. העמלאק 1130 ראבעליו

---

## J. Lanskey Tailor

### אויב איהר ווילט קריגען

גוטע פארגטווארטליכע ארבייט דאן קומט צו 105 מיאמי סטריט.

מיר קלינען, פרעסען און רעמארען לעידיעס און דזשענטס גארמענטס.

---

### א בריעף פון ביאליסטאק

אין רעדאקציע פון „וועג" איז געבליבען אנגעקומען א בריעף פון ביאליסטאק, פאר מר. ס. לעווענסאן.

---

### ווארע בילינג פאר סטאר-קיפערס און פעדלערס

ספעציעלע פרייזען פאר ריטיילערס

מאקס ראזינסקי

353-355 הייסטינגס, קאר. קאלומביא

---

## שעבטער'ס דראג סטאר

477 הייסטינגס ס.

טשערי 5763

[illegible]

---

### א קארנער אין אוקלענד עוו. צו פארקויפען

5 סטארס און 5 פלעטס בריק בילדינג אין רעכטען אידישען געגענד. איינקונפט $9000.00 יעהרליך. פרייז $80,000.00. איינצאהלונג $30,000.00. גרינגע טוירמס. נאכפרעגען אין „וועג" באקס 90.

---

### א מארדערטע

מיבלירט רום צו פארדינגען פאר א סינגעלמאן, ביי אן אנשטענדיגע פאמיליע אין 211 עליאט סט. ביי מר. פרידמאן. 7)

---

### שמש און א גוטען מלמד פארלאנגט

מעלדען זיך אין תפארת ישראל שוהל, 575 קעמערען עוועניו, פון 7 ביז 8 אין אווענד. 6)

---

### רעכענט איהר דאס א בארגיין

א בילדינג, 22 ביי 100 סטאר, צוויי טער פלאר האט 7 רומס מיט אלע איינריכטונגען, קען געקויפט ווערען פאר 14,000 דאלאר. באצאהלען $3,000. עס קען פארדונגען ווערען פאר $200 א מאנאט. דיזער אפער וועט ניט לאנג האלטען, ווייל דער אייגענטימער פארלאזט דאס לאנד. דער קויפער וועט זעהר גוט מאכען.

### סאליד בריק סטאר

מיט 4 פיער רומס אויף קאנניף. $11,000. צאהלונגען לויט דעם קויפער'ס מעגליכקייטען. יעצט ווערט עס געהאלטען פון א דראגיסט.

### א פראפערטי

אויף טשין סטריט. הויז פון 11 רומס. פרייז $10,000. אלע איינריכטונגען. אין ביזנעס סעקשאן. א מציאה.

### סאליד בריק

אויף טשין סט. בעסטע ביזנעס סעקשאן, 7 ליווינג רומס. $13,900. באצאהלען $5,000. איהר קענט זיך ניט דורכפאלען.

### מאונט עליאט

2 פאמילי הויז, 7 רומס. גראסערי סטאר, גרויסער גארדוש. אלע אימפרואוומענטס. $17,000 באצאהלען $4,000. אויב איהר זייט אינטערעסירט וועט זיך לוינען איהר זאלט עס קומען אנקוקען. אלע ריזע פראפערטיס זיינען אין א שטארק באוועסטען פוילישען סעקשאן.

וואלטער וויערסקי,

1418 טשין סטריט. טעל. מעלראוז 1360. רעזידענץ מעלראוז 158 דושיי.

---

### פיקניק גראונדס

צו פארדענטען אין א שעהנעם פלאץ מיט א דענס פלאר. אויף דעם 7 מייל ראוד, ניער ווינדזאָר, מיט הארפער עווענין, דזשאהן עסעקס רדאגס וסלחמי סענטער ליין קאר. צו פרעגען 1618 מעקסוויל עווענין, דזשאהן עמעט

---

### זעקס אפארטמענטס

אויף גארפיעלד, נעבען ט. ענטווין איינצאהלען פינ טויזענד דאלאר.

### פיער פאמילי הויז

אויף סט. ענטווין, נעבען קענפיעלד. איינצאהלען פיער טויזענד דאלאר. פרעגען מעלראוז 5033. אפיס 186 קענפיעלד איסט.

---

## איר קענט שיקען געלט

## צו אייערע קרובים

דורך דער

## Bank of Detroit

א. דלער מענעדזשער

הייסטינגס סטריט בראנטש:

---

## ראזענפעלד'ס רוסישע טערקישע באד

פאר אלע וועלכע זוכען ריינליכקייט און גוטע באהאנדלונג.

30 מארבעל וואנעס — 2 כשרה מקוואות

שאור בעטהם — פרייע קאטס אויף צום רוהען

16 פריוואט רומס פאר יענגע וועלכע ווילען נעכטיגען.

א פראכטפולער לאנטש. קאנטער מיט פרישע עסענווארג און געטראנקע צו יעדער צייט.

שווימ פאר פרויען יעדען מיטוואך, מיט דער מיטווירקונג פון אן עקספערט מאסאזשיסטקע.

1846 אלפרעד סטריט, ניער אנטאין, טעלעפאן טשערי 6190 ראבליג.

---

## פערלאנגט און געזוכט

צוויי אדער דריי ליינס אין „וועג" ברענגט אייך די בעסטע רעזולטאטען.

דער פרייז איז בילינג און די נוצען פון גרויס וויכטיגקייט.

### אידישע פרוי

פארלאנגט צו טאן הויזארבייט און פיהרען א כשר'ע קיך. קליינע פאמיליע. פרעגען יוסף סופר, 255 מערבורי עוו. קער און סעלצער. 7)

---

### בעקערי און קאפע-הויז צו פארקויפען

זיכער צו מאכען געלד. עס איז א בארגיין. 275 מישיגען עווענין. בעסטע לאקיישאן. 9)

---

### א בעקערי

מיט אלע טולס און מאשינעל צו זאמען מיט דעם בילדינג צו פארקויפען. א גרויסער בארגען. געפינט זיך אין א גוטען לאקיישאן. נאכפרעגען אין 1415 טשעין סטריט, מר. טישקין.

### צו פארקויפען

א דעירי און גראסערי סטאר. אין בעסטען אידישען לאקיישאן. ניט פיעל געלד נויטיג. זיך נאכפרעגען אויפ'ן פלאץ. 1170 הייסטינגס סטריט.

---

## פארד קארס און אנדערע קאר

קומט און קלייבט אויס פון אונזער גרויסען סטאק. מיר קויפען פאר קעש און פארקויפען אויף לאנגע טערמינען

**Maurice W. Fox Co.**
**Boulevard Near Oakla**

קאפלאָוו'ס בארגיין סטאר

183 הייסטינגס סטריט

קענט איהר קויפען אלעס פון די פאל נעגרע ליינס:

קאמפלים דרעס גודס ליין פון סילקס, וואלענס און קאטאן גודס. פערשידענע פענסי ארטיקלען ווי, בעד ספרעדס, קוילטס; טייבעל קאווערס; שאלס און שארפס. קאמפליטע ליין אין לעידיס און אנדערוועהר און קארסעטס. מענס פארנישינגס און אנדערוועהר.

**ספעשעל!**

א גרויסער אסארטמענט אין וואלענס פאר מענער און בייס סוטס און קאוטס. א קאמפליטע ליין פון טיילאר און דרעסמייקערס טרימינגס.

---

## דר. ה. סטאריקאף

דענטיסט

דער פלאץ פאר גוטע ארבייט, גוטע בעהאנדלונג — ליבעראלע פרייזען.

490 הייסטינגס סטריט

---

**Reliable Store Fixture Co.**

מיר האבען א גרויסען אויסוואהל פון אלערהאנד סטאר פיקסטשורס, וואל קייסעס, שאו קייסעס, אייז באקסעס, קאונטערס, שעלוועס, סייפס, סקיילס רעדזשיסטערס, נייע און געניוזטע. פרייזען מעסיגע. ארענטליכע בעהאנדלונג. 2 סטארס.

### רעלייבל סטאר פיקטשור קא

305 גרעשיאט עווענין

טעל. קאדילאק 2445

277 מישיגאן עווענין

טעל. קאדילאק 4924 עס.

---

### דער בעסטער מוהל אין שטאט און מסדר קידושין

### חזן דוד גאָלדען



אין 248 איסט האי סטריט

טעלעפאן סען 4420

---

## CLASSIFIED

### באקאנטמאכונג

די סילווער לעדער קא. 678 ריוואל. קעמפא, קויפט פערשידענע זארטען לעדער און אימיטיישאן לעדער, אויך אלטע לעדער און ראבער בעלטינג. ספעציעל זענען מיר פאראינטערעסירט אין נייע סעלאלאיד סקרעפ; מיר צאהלען 65 סענט א פונט.

פארגעסט ניט אונזער טעלעפאן נומער: מעלראוז 4610.

## Real Estate

### לענדלארדס און פראפערטי אייגענטימער

לאזט זיך ניט נארען, זייט פארזיכטיג בעפאר איהר קויפט סעמענטענע גארבעדזש אדער אשרעספטיקאל, ריטראיט קאנקרים מאנופעקטשורט ריאינסטאלד רעספעקטיקעלס. די צעמענט איז געמישט מיט וואייער, ווערט נעזוער צופאלען, וועט זיך ניט שפאלטען פון פראסט. מיר גאראנטירען בילינגער אין פרייז, בעסטע אין קוואליטי. ה. מ. קאפפמאן, 296 קאנקאק איסט. טעלעפאן מעלראוז 3595 וו. טשערי 1478. פרייע אינסטאליישאן.

### איך קויף

און איך ליעס אייער פראפערטי. מיינע קאסטאמערס ווארטען. דזשאנסאן; 196 גרייטשיאט עווענין, 2טען פלאר. טעל. מעין 4229 (6-4-2—6)

### א גרויסער בארגיין

א גוט איינגעפיקסטען וואודווארקינג שאפ. קאמפלים מאשינעריע. 2 יאהר ליס. מוז גלייך פארקויפט ווערען. פרעגען אין „וועג" באקס 75 8)

### דר.-לאנדי, דענטיסט

מאכט באקאנט צום ווערטהען פובליקום דאס ער האט ערעפענט די דענטאל אפיס פון דעם פארשטארבענעם

### דר. שליסעל

אויף 617 הייסטינגס, נעבען עליאט.

### דיר, רחל-דייטשעל בת משה שרעבניק

1506 מישיגען עווענין, וועסט גרענד בולווארד, אין 1522 שיען סטריט.

וועגען דיין אנטווארט. דורך דעם „וועג" דאס דו אסט ניט קיין נעלך צו צאהלען פאר א גט כד"ת.

מיט צוויי מאנאטען בעפאר ווען דו האסט דורך קאורט באקומען א דיוואָרס, האסטו מיר 10,000 דאלאר אויסגעבראכט, פון דעם האסטו 3,000 דאלאר קעש גענומען, אויסער מיינע דזשועלרי און דיימאנדס, און די מיט דיין רייכע פאמיליע האט איהר די נעלד.

און יעצט אויב דו דארפסט א גט, ווייל איך צווייפעל צי דו האסט דיך געשיידט מיט דיין ערשטען מאן. איך בין נאך בערייט זיך צו פארלאזען אויף מענשען אבער אויף הרב אייזענמאן.

א. האכמאן

440 לינקאָלן עווענין.

### פארלאנגט א באי

צו לערנען די פרינטינג ביזנעס. גוט באצאהלט אין דער צייט פון דער לעהרע. זיך צו מעלדען צו מר. יפה, אין אפיס פון „וועג". פון 9 ביז 11 אין דער פריה.

---

TELEPHONE CANAL 188

VIENNA SAUSAGE MFG. CO.
CELEBRATED VIENNA PURE Hygeia Beef Sausages
CORNED & PICKLED BEEF, TONGUES ETC.
1215-1217 S. HALSTED ST. CHICAGO.

אונזערע

דעטראיטער אגענטען

זיינען

דזשוי לעפקאווסקי און סאגס בראדוויי מארקעט

---

### צום דעטראיטער פובליקום!

יעדער אייגער דארף וויסען: אז אייגען זיינען די אידעלסטע ארגאנען אין דעם מענשליכען קערפער. ווען איהר ליידעט פון אויגענ וועלכע קאפשמערצען אדער נערוועזיטעט, דאן נעהט צו אן ערנסטען, עהרליכען אפטאמעטריסט, ער וועט אייך פארזיכטיג און וויסענשאפטליך צופאסען די נויטיגע ברילען.

ריכטיג צוגעפאסטע ברילען וועט זיך ערלייזען פון אלע אייערע טראבעלס. נעהם צו אייער גוט באקאנטען

**Frosh O. D.**

אפטאמעטריסט

אין 204 קלינג'ס בילדינג וועלכע געפינט זיך אין 308 הייסטינגס סט. קעגענאיבער הירליך'ס דזשועלרי סטאר.

# סאסייעטיס, שוהלען און ארגאניזאציאנען אויפמערקזאם

# דער וועג

איז אייער צייטונג. און אלס אזעלכע איז „דער וועג" מוכן ומזומן צו לייסטען יעדע נויטיגע הילפע צו יעדער אר־גאניזאציאן און צו יעדער געלעגענהייט. — אויב איהר האט עפעס פון וויכטיגקייט, ברייננט עס אריין. — אויב איהר דענקט אז „דער וועג" קען אים געבעסערט ווערען, קומט אריין אין אפיס אדער שיקט אריין ביי מעיל און מיר וועלען אייער מיינונג שענקען די נויטיגע אויפמערקזאמקייט. — אויב אייער סאסייעטי, אדער שוהל האט געהאט א וויכטיגען מיטינג, אויב אייער פאראיין אדער ארגאניזאציאן האט באשטימט עטוואס פון וויכטיגקייט פאר דער גאנ־צער שטאדט אין אלגעמיין, ברייננט אריין דעם רעפארט אין „דער וועג" וועט דאס דרוקען. — אויב עטוואס געהט אן אין אייער נאכבארשאפט וואס דארף געענדערט ווערן, דאן לאזט הערען אייער שטימע דורך די קאלומנס פון „וועג". — געדענקט אז „דער וועג"

---

## איז אייער צייטונג

# דער וועג פאבלישינג קאמפאני

איז די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין דעטראיט.

**347 Hastings St.** **Main 3715**

דער וועג
THE DETROIT JEWISH DAILY
Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY, INC.
347-49 Hastings St. Detroit, Mich. Main 3715
J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.
B. I. GOLDSTEIN, Editor
(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)
Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.

# פאליטישע דיסאנאנסען פון וואשינגטאן

דער שארפער ארויסטריט פון פרעזידענט ווילסאן געגען דעם איצטיגען קאנגרעס, וועלכען ער באשולדיגט אין „אומקאמפעטענץ" און אין „פאליטישער איבערגעשפיצטקייט" — לערענט אונז צוויי זאכען.

ערשטענס — אז דער גאנצער רעגירונגס־„ארקעסטער" אין וואשינגטאן איז צוזאמענגעשטעלט געגען אלע כללים פון הארמאניע און מעהר ווי פאליטישע דיסאנאנסען און פארטיי „דיסקארדס" קען מען פון איהם ניט ערווארטען. דער הויפט קאפעל־מייסטער, פרעזידענט ווילסאן, וועלכער איז ניט בלויז א דעמאקראטישער פרעזידענט נאר כמעט א פארטיי פאר זיך אליין — האט מיט זיך א רעפובליקאנישע „קאפעליע", וועלכע איז געטריי צו זיך און שפיעלט א האפנונגס־ליעד, אז אין די קומענדע פרעזידענטשאפטס־וואהלען וועט זייער פארטיי פארכאפען די גאנצע מאכט א ליעד וואס איז פארשטעהט זיך געגען ווילסאנ'ס געשמאק.

דאס איז א קאמף, אין וועלכען עס זיינען פארוויקעלט צוויי פיינדליכע פארטיי־כחות; געפיהרט ווערט דער קאמף אויף פארטיי־ליניעס און דער עולם שפיעלט דא בלויז די ראליע פון א „האכגעשעצטען פובליקום", וואס איז גוואלדיג נייגעריג צו וויסען, ווער עס וועט קריגען דעם „נאק אוט" אין נעקסטען „ראונד"...

צווייטענס — עפעס איז דא פויל אין שטאט „דענמארק" מיט דער דעמאקראטיע. ממה נפשך, איז דער איצטיגער קאנגרעס ערוועהלט פון פאלק, לויט אלע דינים פון „פאלקס־הערשאפט", דאן ווארום זאל פרעזידענט ווילסאן, וועלכער איז פיעלע מאל באטיטעלט געווארען אלס דער „טשעמפיאן, דער „כהן הגדול" פון דעמאקראטיע, זיך געגענשטעלען דעם ווילען פון פאלקס־פארטרעטער? דער פרעזידענט רעכנט, אז דער קאנגרעס האט ניט געטאן זיין פליכט הודבעם, וואס ער האט ניט ראטיפיצירט דן שלום־טריטי, נו, רעכנען די פארטרעטער פון פאלק", וועלכע זיינען אין דער „געבענשטער מאיאריטעט", אז זיי האבען יא געטאן זייער פליכט — דוקא הודבעם, וואס זיי הבען ניט ראטיפיצירט די טריטי און האבען נאך א סך זאכען ניט געטאן... דער פרעזידענט ווארפט אויף נאך יעולות דעם קאנגרעס די גרעסטע עולה — דער קאנגרעס האט גאר ניט געטאן, אום צו פארקלענערן דעם יקרות. נאטירליך קען קיינער ניט קומען שטרייטען מיט'ן פרעזידענט און זאגען, אז דער קאנגרעס האט יא עפעס געטאן געגען יקרות. עס איז קיין סוד ניט, אז דער קאנגרעס האט א סך נויטיגע זאכען ניט געטאן און זעהר פיעל אומנויטיגע זאכען יא געטאן....

די צרה איז אבער, וואס עס זיינען פאראן פארשיעדענע מיינונגען וועגען „נויטיג" און „אומנויטיג" וועגען „גוט" און „שלעכט".

עס זיינען היינט צו טאג פאראן זעהר א סך מענשען, וואס רעכנען, אז אויך פרעזידענט ווילסאן האט א סך נויטיגע זאכען ניט געטאן... דערויף לעבען מיר דאך עפעס אין א דעמאקראטישער ארדנונג, וואו עס איז, לויט דער קאנסטיטוציע, ערלויבט צו דענקען....

און מען דארף אויך ניט פארגעסען, אז אויסער מיינונגען און באגריפען שפיעלען היינטיגע צייטען א גרויסע — אויב ניט די גרעסטע — ראליע אינטערעסען און פערזענליכע אמביציע, און אינטערעסען זיינען, א דאנק גאט, פאראן פארשיעדענע, פונקט ווי עס גיבען פארשיעדענע אמביציעס. און ווען די פארשיעדענע' היפוכ'דיגע עלעמענטען קומען זיך צוזאמען אין דעם קאך־קעסעל פון דער דעמאקראטיע, ווערט פון דער ערגסטער זאך א בורלעסק פון בודעל־פאליטיק, פארטיי־קאמף און פאליטישען „באסיזם".

עס איז בלויז נענג צו ווארפען אן אויג אויף דעם איצטיגען, נעיעג פון די פארשיעדענע פרעזידענט־קאנדידאטען, אויף די באשולדיגונגען, וואס איין פאליטישער „באס" מאכט אויף דעם צווייטען; ווי אזוי איין קאנדידאט זוכט דעם צווייטען אריבערצושרייען, מיט דעם געדאנק צו פארטומלען דעם עולם — און מען קען זיך גלייך איבערציינען, וואס פאר א בורלעסק די פאליטישענס האבען געמאכט פון דער ערגסט געמיינטער דעמאקראטיע פון אונזער לאנד.

ווי קען מען ערווארטען פון קאנגרעס, ער זאל באקעמפען די פראפיטירער און פארקלענערען דעם יקרות, אין דער צייט ווען דער פראפיטירער און דער יקרות־מאכער איז גאנץ אפט דער פינאנסיר פון דעם אדער יענעם פאליטישען קאמפיין! ווי קען מען ערווארטען, אז אונזערע „פאלקס־פארטרעטער" זאלען אין זינען האבען די אינטערעסען פון פאלק, אין דער צייט, ווען די פערזענליכע אמביציע פון דעם אדער יענעם ערוועהלטען פארטרעטער דיקטירט, ער זאל זיך שטעלען אין דינסט אזעלכע אינטערעסען, וואס געהען להיפוך די אינטערעסען פון פאלק!.

פרעזידענט ווילסאן, אלס באנער־טרעגער פון דער דעמאקראטישער פארטיי וואלט זיך מסתמא צופריעדענגעשטעלט, ווען ביידע הייזער זאלען אנשטאט רעפובליקאניש, ווערען דעמאקראטיש. דאן וואלטען, פארשטעהט זיך, די מוזיקאנטען געשפיעלט ווי דער רבי וואלט געהייסען און אין וואשינגטאן וואלט דער רעגירונגס־„ארקעסטער" געשפיעלט „פאליטיקס" לויט א געוויסער פארטיי־הארמאניע.

פאר'ן גרויסען עולם, אבער איז עס אלץ איינס. און אז מען וויל קען מען זאגען: שוין בעסער אזוי! זאל גרילצען אין וואשינגטאן און א דאנק אט די דיסאנאנסען פון פאליטישער צעריסענקייט, וועט אפשר דער עולם פארט זיך ארומזעהן, אז יעדער איינער פון אונזער איצטיגער רעגירונגס־מאשין האט שטארק אין זינען זיך און זיין פארטיי; אבער אז איהם, דער הויפט מחותן, פארגעסט מען, גלייך ווי ער וואלט גאר ניט עקזיסטירט...

# אידיש אראבישע פערספעקטיוון

פון דר. ב. גיטלין

# אין קאמף מיט מאסקיטאס

פון ישראלי

# שאנד...

פון ארטור עסעלין

גאט!
דו האסט אין דיין פורעם מיך באשאפען,
אזא שעהנעם, שטאלצען קאָ אויף מיינע שולטערן,
באקרוינט מיט לאקען שווארצע, זיידענע,
מיינע אויגען דרינגען דורך די הימלען דיינע,
ווי די לאטוס בלומען זיינען מיינע באקען,
הויך און בלייך —
און טראגען דער לבנה'ס צאַרטער עהנליכקייט.
און אין מיין הארצען — די מעפעניש פון ים'ען,
יעדער צייט'ס, און רויט'ס אונענדליכקייט,
איך שנייד דורך, רייס דורך
די אייביג רינענדע נעבלען
מיט מיין ווערען זיך.
און צעריסענע מיסטעריע, פון טעג און נעכט
האס לאקען מיך!...

נאר ווען מיין מחשבה גרייכט צו דיין לויטערקייט
דערזעה איך ערשט די אברים מיינע
פון דיר אבגעווענדעטע,
ווי ביי א חיה — שטייפע, העסליכע...
וואס קאכען זיך אין בלוט פון מיינע אדערן
אין גלוטה פון תאוה'ס אומבאהאלפענקייט
פארשעהם איך זיך!
שעהם איך זיך...

# אין א ווינקעל פון דעטראיט

ראמאן פון ב. [illegible]סאיעוויטש

(פארטזעצונג)

(איין און צוואנציגסטעס קאפיטעל)

## אין דער קלעם

אזוי זענען אלע דריי געזעסען פער־זארגט און פארדאגה'ט און געווארט אויף פארבשטיין'ען, ווען ער וועט זיך שוין אב"פטר'ן פון זיין ריכטערשיפט.

ווען פארבשטיין האט אן עפען גע־טאן די טיר, האט זיך מרים'ען ווי עפעס אין הירצען אפגעריסען: שוין אט — און דאס גרויזאמסטע וועט געשעהן... דער קלימאקס קומט!...

ווען זי האט א קעהר געטאן דעם קאפ און דערזעהן פאר זיך פארב־שטיין'ען, האט זי מיט בײדע הענט זיך א כאפ געטאן און פערשטעלט דאס געזיכט, ארויסשרייענדיג דאס איינע ווארט: — „אך"

זי האט זיך געראבען מיט'ן גאנצען גוף אין איהר שטוהל און האט מורא געהאט דעם קאפ פון די הענט אויפ־צוהויבען.

דער ריכטער פארבשטיין איז צוגע־גאנגען צו איהר שטוהל, האט געקוקט א ווײלע, האט עפעס געוואלט זאגען, האט אבער חרטה געקראגען און האט זיך אין זיין שטוהל אוועקגעזעצט.

— נו — האט ער נאך א מינוט שווײ־גען א מורמעל געטאן.

מרים האט זיך נישט גערוהרט. זי איז אין דער איינענער פאזע געזעסען.

— נו, מיס — — —

ער האט די ווערטער ארויסגעצויגען, נאר פאמעליך.

מע'האט פאמעליך די הענט פון'ם פנים אראפגענומען, זי האט אבער דעם קאפ נישט אויפגעהויבען.

— איך גלויב אז איצט וועט איהר מיר שוין אויסהערען? — האט דער ריכטער פארבשטיין אין איינציגער ווערטער זיך געווענדעט צו מערי'ן.

מערי האט נישט געענפערט.

— אזוי איז דאס, אלזא — האט ער ווייטער אין צוצויגענע ווערטער, קאלט און הארט געזאגט — איז פארט אפנים באשערט אז איהר זאלט מ ו ז ע ן ענטפערען אויף מיינע פראגען.

דאס ווארט „מוזען" האט ער שטארק באטאנט.

מערי האט געשוויגען און טיעפער אראפגעבויגען דעם קאפ. זי איז יעצט געווען צונויפגעקנוילט און צוזאמענגע־שרומפען פון שאנדע און וועהטאג.

אזוי איז עס. ער, דזשאזעף'ס פאטער וועט איצט איהר ריכטער זיין . . . אויף אזא אומגליק האט זי זיך שוין ניט געריכט. אזוי פיעל בזיון. אזוי פיעל וועהטאג זאל זי ליידען. איצט וועט ער זיך אן איהר נוקם זיין... אין זיין האנד ליגענט יעצט איהר עהרע, איהר לעבען, איהר פריי־הייט און... חנה.

ער וועט זיך איצט מיט איהר אפרעכ־נענען!

מרים האט געקענט א סך ליידען, א סך דולדען, א סך מוחל זיין און א סך פארשווייגען.

עס איז געווען שווער זי פון געדולד ארויסצוברענגען. עס איז שווער זי אין כעס אריינברענגען. נאר אז זעם געלונ־גען אויסצוען אין איהר אנציעדען דעם כעס, איז זי איינגאנצען א פארענדערטע געווארען.

אין די מינוטען פון כעס האט זי זיך נישט פארלוירען, זי פלעגט נישט מאכען קיין סצענעס, קיין סקאנדאלען. דערפאר גיפטיג און בייסענד. שטעכענדיג און שארף פלעגען איהרע ווערטער דעמאלט ארומכאפען און זי איז אין אזעלכע מי־נוטען געווען גרייט פארניכטעט צו ווער־רען, נור נישט אונטערצוגעבען זיך.

אט האט דאס פאסירט:

ווען דער ריכטער פארבשטיין האט זיך אזוי פאמעליכען גערערט צו איהר, איז איהר פלוצלים ארויף אויף'ן זינען א שווינדליכער, שרעקעדיגער גע־דאנק: — און אפשר האט דער דזשאזעף אליין אונטערגעשיקט דעם שפיאן, אז ער זאל זי ארעסטירען? אפשר האט ער אליין די נעץ אויסגעשפרייט? — ער אליין וויל דאס דעם בלבול מאכען אויף איהר — — — ווער ווייס עס. אמע־ריקא, פאליטיק, כאבאר, שווינדעל...

האט זי זיך א ריהר געטאן און מיט פחד א קוק געטאן אויף איהר מערדער.

זי האט איהם גלייך אין פנים אריין געקוקט.

זי האט לכתחלה גארנישט געמערקט אין זיין געזיכט. איהרע אויגען זיינען געווען ווילד, ווי ביי א וואהנזיניגען.

פארבשטיין האט זיך יט באוועגט.

זי האט געקוקט אויף איהם א מינוט פון איהרע אויגען איז די ווילדקייט פאר־שוואונדען, זי האט ביסלעכווייז זיך באַ־רוהיגט און אנגעהויבען זיך מיט מערקזאמער איהם צו באגרייפען.

זי האט אן איהם נישט געזעהן די אפענע שנאה און די צורייצטקייט פון דעם טיגער ווען ער האלט דעם קרבן צווישען זיינע לאפעס.

אדרבה זי האט געזעהן ווי ער אליין איז צומישט, נידערגעשלאגען עפעס; זיי־נע גרויע מילד־ווייסע האר צושויבערט און זיינע ליפען ציטערען.

מרים האט זיך פאמעליך אויפגע־שטעלט. האט זיך אנגעשפארט אן דעם אנלעהן פון שטוהל.

— איהר קענט זיצען, פריילין — האט פארבשטיין איהר געזאגט אין אן ערעלען טאן.

— ניין, היינט בין איך קיין גאסט נישט, נור אן ארעסטאנט — האט מרים שיער נישט פאנאנדערוויינענדיג געזאגט.

פארבשטיין האט זיך אויפגעהויבען פון שטוהל, איז צוגעגאנגען צו איהר, האט זי ביים האנד אנגענומען, זי צוריק אוועק־געזעצט און דאן ווייטער גענומען רייד־דען אין צוצויגענע ווערטער, הארט און קאלט.

— פריילין, דא בין איך ווירקליך א ריכטער. אין בעסטען פאל קען איך אייך טאן די טובה און אנטער דעם אויסריד פון אן ערשטען מאל אייך באפרייען.

— ווי? — — —

— לאזט מיר ענדיגען. איך וויל אבער, אז איהר זאלט, לאמיר זאגען — — —

ער האט אפגעהאקט אין מיטען, האט זיך פארטראכט א ווײלע און דאן פלוצים א זאג געטאן שארף און קורץ.

מיסס, איך וויל, אז איהר זאלט אונ־טער פיער און צוואנציג שעה ארויספאה־רען פון דאנען. איך קען אייך ארויסשי־קען, אבער איך וויל דאס נישט טאן. פאהרט אהיים אויף אן עהרענהאפטען שטייגער.

מרים האט זיך געפרובירט אויפשטע־לען, אבער ער האט זי זעהר העפליך אנ־געריהרט אויף'ן אקסעל און פארטגע־זעצט:—

„איהר האט נאך דא א שוועסטער. איך פארזארג אייך מיט אלעם וואס איהר דארפט און נאך א פאאר דאלאר מזומן און פאהרט אהיים".

— דאס הייסט? — האט מרים א פרעג געטאן.

— דאס הייסט, אז איך וויל נישט משפט'ן דאס מיידעל צו וועלכער מיין זוהן האט זיך גע'שדכנ'ט. איך וויל אייך נישט צווינגען דורך פאליציי ארויסצו־פאהרען, נור איך וועל אייך אויף אן אנשטענדיגען אופן פון דאנען אהיים שי־קען און קיינער וועט קיין שום זאך נישט פארדעכטיגען, פארשטאנען?

מרים האט געשוויגען א רגע.

— און ווי, אז איך וועל זיך ענטזא־גען פון דער דאזיגער געפעליגקייט?

— דאן... געוועהנליך בין איך נישט מחויב אייך צו זאגען וואס איך קען, אדער מ ו ז, אייגענטליך טאן, אלס ריכטער...

(פארטזעצונג פאלגט)

## וואַרפט ניט אוועק קיין ברויט!

אין אלע צייטען איז א שאד ארויס־צוואווארפען ברויט. בפרט איצט, ווען דער יקרות איז אויף אלעס אזוי גרויס. ווען מען דערמאנט זיך נאך דערצו, אז אין א סך טיילען פון דער וועלט שטארבען איצט מענשען פאר א טרו־קען שטיקעל ברויט, אי זאודאי אן עברה אוועקצוווארפען, אפילו א קליין שטיקעל ברויט.

די געוועהנליכע מעטאדע אויסצונו־צען אלטגעבאקענעם ברויט איז, צו מאכען טאוסט פון איהם. דאס איז אבער פאר קיין פאל ניט דער איינ־ציגער מיטעל. מען קען, צום ביישפיעל, נעהמען ברויט, וועלכער איז נאר טייל־ווייז הארט, און דאס אריינשטעלען פאר עטליכע מינוט אין זעהר א הייסען אויווען, ווערט דאס ברויט א סך ווייכער, ווייל די היץ טרייבט די פייכט־קייט פון ברויט אריין טיעפער אינעווייניג, אין דעם ברויט אריין. אזעלכע איבערגעווארעמטע ברויט איז אפילו ניט אזוי ווייך ווי פריש ברויט, אבער ע איז גאנץ אפעטיטליך. ווען א לאַ־בען ברויט איז שוין אלט איז דאס גלייכסטע אפצושניידען פון דעם א טייל וועלכע מען דארף פאר'ן מאלצייט, און א ווײלע איידער מען וועט זיך עסען, עס צו ווארעמען פאר א פאר מינוט אין אויווען.

אן אנדער עצה איז „צוויי מאל גע־באקענע ברויט". ד. ה., מען צושניידט ברויט אין פעניצלעך, מען צולעגט דאס אין א פאן און מען טריקענט דאס אויף דעם אויווען אזוי לאנג, ביז עס ווערט פאמעלעך ברוינליך און מירביג (ברעקעלדיג, קריספ). אויב מען וויל, קען מען נאך אט דעם דאס געבאקע־נע ברויט (אין סוכארעס פארם) צו־שטויסען און דאס געברויכען אלס א גרייטען ברעקפעסט סיריעל.

די קליינע שטיקלעך ברויט, געפרייעט אין אויל, וועלכע ווערען געברויכט אין סופ און ווערען אנגערופען „קרוטאנס", קענען אויך געמאכט ווערען אויף אזא אופן. מען פרעגלט עס אין „סיפען" אויל אדער אין א פאן. מען קען אויך מאכען סופ מיט דין־צושטויסען ברויט.

יעדע הויז פרוי קען אויסגעפינען אין א קאכבוך ווי אזוי צו מאכען פאר־שיעדענע ברויט־דישעס, ווי ברויט־פודינג און ז. וו. אנשטאט קארן־סטארטש אדער מעהל צו מאכען די סופ דיקער. אדער פאר סאוס און גרייווי, קען מען געברויכען דאס ווייכע פון דעם ברויט. בעקער געברויכען אפט אלטגעבאקענע אדער געטריקענטע ברויט ווען זיי מאכען „פענסי" ברויט אדער קייקס, און בעלהבית'טעס וואלטען זיך געראטען פון זיי אפלערנען.

# דער גאולה פאראד אין הימעל

(פאנטאזיע *)

פון הרב יוסף תאומים

את הארץ אשר נשבעתי להם, לכם לא נאמר אלא להם, מכאן לתחיית המתים, מן התורה (סנהדרין צ').

---

אז ישיר משה, שר לא נאמר אלא ישיר, מכאן לתחיית המתים מן התורה. (סנהדרין צ"א).

---

אין הימעל איז ששון ושמחה; עס איז א יום־טוב ביי דער פמליא של מעלה; די כרובים זאגען הלל מיט די הימלישע מלאכים; די שרפים גייען אין קאראהאד — עס איז געקומען דער זמן הגאולה פאר דעם אידישען פאלק און פאר דער שכינתא בגלותא.

און גאט רופט צו ירמיהו הנביא:

ירמיהו! געה שנעל, וועק אויף די אבות, אברהם יצחק ויעקב, זאג זיי אן די בשורה, אז עס איז שוין געקומען דער קץ הגאולה. זאלען זיי אויפשטעהן פון זייערע קברים און געהן צוזאמען מיט זייערע קינדער צו זייער לאנד.

זאגט ירמיה:

הימלישער פאטער! אני הגבר ראה עני — מיינע אויגען זיינען נאך פייכט פון די חורבן טרעהן. מיין שטימע איז הייזעריג פון די קלאג־ליעדער. שיק בעסער דעם נביא פון „נחמו נחמו עמי", ער קען אזוי שעהן טרייסטען. זיין שטימע וועט הערליך קלינגען ביים אנ־זאגען די גרויסע בשורה.

שטימע פון גאט:

ניין, ירמיה. דו, וואס דו האסט אויפ־געוועקט די אבות אין דער צייט פון חורבן ירושלים, קענען זיי שוין דיין קול, זאלסטו דארום אויך זיין דער מבשר טוב.

ירמיה געהט צו דער מערת המכפלה און רופט:

— אבות העולם, שטעהט אויף פון אייערע קברים, אייערע קינדער, דאס אידישע פאלק ווארט אויף אייך!

שטימע פון די אבות:

— דיין קול איז עס ירמיה? אודאי שוין א נייער חורבן אויף אונזערע קינדער; ווייסט דו דען ניט, אז זייט דו האסט אונז אויפגעוועקט ביים חורבן ירושלים האבען זיך אונזערע אויגען נאך ניט צוגעמאכט, און מיר זעהן דעם חורבן מיט דעם גלות, וועלכער ציהט זיך פון דאמאלס אן אהן אן אויפהער?

ירמיה:

— ניין, הייליגע אבות, יום בשורה היום הזה, דאס גלות האט זיך שוין געענדיגט; עס איז שוין געקומען דער זמן גאולה און אייערע קינדער געהן שוין צוריק צו זייער לאנד.

די אבות שטעהן אויף פון זייערע קברים און מארשירען צום הייליגען לאנד און ירמיה געהט צום שפת הירדן און רופט:

— בן־עמרם! בן־עמרם!

(עס הערט זיך די שטים פון משה רבנו).

משה:

— איז דאס דיין קול, ירמיה? דו וועקסט מיך שוין ווידער פון מיין רו־היגען שלאף?

ירמיהו:

— געדענקסטו ניט, רעיא מהימנא, ווען דו ביסט געקומען ביים חורבן ירושלים צו דיין פאלק ישראל, האסטו זיי געטרייסט, זאגענדיג: העלפען קען איך אייך ניט אין אייער צרה, שכבר נגזרה גזרה, נאר ווען המקום יחזיר אתכם, ווען גאט וועט צוריק ברענגען, וועלען איך ווייטער זיין אייער רועה נאמן, און יעצט זאלסטו וויסען, משה, עס איז שוין געקומען דער קץ. שטעה אויף פון דיין קבר און פיהר דיין פאלק צו זייער לאנד!

(משה שטעהט אויף פון זיין קבר און געהענדיג דערזעהט ער פון דערווייטענס די אבות).

משה:

— זעה נאר דארטען דעם זיידען אברהם, געדענקסטו דאמאלס ביים חורבן ירושלים, ווי אלט ער האט אויסגעזעהן,

— די אויגען פארוויינט, די האר פון קאפ אויסגעפליקט, די קליידער צעריסען

— און יעצט, דאס פנים שיינט, די אויגען לייכטען, די קליידער שטראהלען מזיו השכינה: אך, ווי יונג ער זעהט יעצט אויס!

משה געהט ווייטער. קומט צו צו די אבות. שטעלט זיך אוועק אין רייהע פון דעם גאולה־מארש און זינגט די שירה פון דער גאולה. אלע מארשירען אין פאראד.

זייערע אויערען דערהערען זיסע טע־נער פון א הארף, און זיי פרעגען פאר־וואונדערט: ווער שפיעלט עס דארטען די זיסע מעלאדיען?

עס קומט צו נאהענט צו זיי דוד בן ישי מיט דער הארף אין זיין האנד, מפזז ומכרכר, טאנצט און שפיעלט און זינגט צום טאקט: „אדדם עד בית אלקים בקול רנה ותודה המון חוגג".

און דער גאולה־מארש ווערט לוסטי־גער, פרעהליכער...

זיי הויבען אויף זייערע אויגען און דערזעהן: ער קומט צופליהען אויף פייערדיגע פערד, דאס פנים איינגע־הילט אין א מאנטעל, מיט א לעדערנעם גארטעל ארומגעבונדען, און זיי דער־קענען איהם און פרעגען:

— מה לך פה אליהו? וואס טוסטו דא, אליהו?

אליהו:

— ווייסט איהר דען ניט, אז עס קומט דער גרויסער, פירכטליכער, געט־ליכער טאג, פאר וועלכען גאט האט גע־זאגט: „הנה אנכי שולח לכם את אליה הנביא לפני בוא יום ה' הגדול והנורא"?

אלע צוזאמען:

— יא, מיר ווייסען, מיר ווייסען, און מיר געהן דעם גאולה־מארש. קום אויך מיט אונז!...

אליהו:

— איהר מוזט ווארטען. איך געה ברענגען נאך איינעם צו מארשירען מיט אייך דעם גאולה־מארש.

אלע בלייבען שטעהן, ווארטענדיג אויף דעם נייעם אורח.

אליהו קומט צוריק. פיהרט ביי דער האנד א דייטש אין קורצע בגדים, מיט אן אייראפעאישען אויסזעהן.

אליהו:

— איך שטעל אייך פאר איינעם פון אייערע קינדער. זיין נאמען איז — טהעאדאר...

די אבות אין ערשטוינונג:

— וואס? אונזער קינד טהעאדאר? ניין, אונמעגליך. מיר קענען ניט אזא נאמען. מיר קענען ניט אזא צורה.

אין א ווינקעל שטעהט דער נביא ישעיה. ער באטראכט די קאמישע סצענע און לאכט, און זאגט: „כי אברהם לא ידענו וישראל לא יכירנו, אתה ה' אבינו" אברהם און יעקב דערקענען ניט זייערע קינדער אין גלות. אבער גאט איז זייער פאטער.

אליהו (צו די אבות):

— זיבער דערקענט איהר ניט אייע־רע קינדער פון גלות. דארויף האט מיך גאט געשיקט איך זאל זיין „והשיב לב אבות אל בנים ולב בנים אל אבותם".

די אבות (צו אליהו):

— דו ביזט נאר דער שלום־מאכער, און וואו איז אונזער קינד אהרן, דער רודף־שלום?

אליהו:

— ווייל אהרן וועט אויך ניט דער־קענען אייערע קינדער פון גלות. זיי האבען פארלוירען די אידישע צורה. אבער איך, וואס איך בין צווישען זיי תמיד אין אלע צייטען, איך האב געזעהן דעם ענטוויקלונגס־פראצעס פון איין דור צום צווייטען און איך האב געזעהן די ווירקונג פון דעם גלות אויף זיי בארצות גלותם, בין איך אין דער לאגע צו זאגען צו אייך און צו אלע אידען פון די אלטע דורות: שעהמט אייך ניט מיט די קינדער פון נייעם דור! אבוואהל זייער אידישע צורה איז פארענדערט, אבער דאס „לב בנים" איז עהנליך „אל אבותם". זיי האבען אמת טרייע אידי־שע הערצער, און איך שטעל אייך פאר א קינד פון נייעם דור, וועלכער האט זיך מקריב געווען פאר דער תשועת ישראל. זיין נאמען איז — טהעאדאר הערצל!

יעקב און יצחק נעהמען אן הערצל'ען ביי דער האנד און זיי זאגען:

— ביזט א גוט געטריי קינד ביי אונז. געה מיט אונז צוזאמען אין גאולה־מארש...

און זיי מארשען מיט שנעלע טריט, שפרייזען איבער חורבות, טרעטען אויף קליינע בערגלעך. קענטיג אלטע קברים באוואקסען מיט גראז, און זיי פרעגען:

— ווער זיינען די אלטע קברים?

אליהו הנביא ענטפערט:

— דאס זיינען די קברים פון די אלטע מעכטיגע וועלט־הערשער, וועלכע האבען געבראכט דעם חורבן אויף אייע־רע קינדער, און האבען זיי געטריבען אין גלות.

עס דערהערט זיך די שטימע פון גאט:

— יא, איבער די חורבות פון זייערע מחריבים, איבער די קברים פון זייערע פארפאלגער מארשירען אייערע קינדער צו אייער לאנד...

און אלע זאגען אין כאהר:

— איבער די חורבות פון זייערע מחריבים, איבער די קברים פון זייערע פארפאלגער מארשירען אונזערע קינדער צו אונזער לאנד.

און זיי מארשירען מיט שנעלע טריט דעם גאולה־מארש. די מוטער רחל מיט מרים בילדען די פרויען גרופע אין מארש. מיט זיי מארשירט די מחנה נביאים, זינגענדיג אין כאהר: „קול צופיך נשאו קול יחדו ירננו" און אונטער זיי מארשירט דאס גאנצע אידישע פאלק מיט פאראד און די מלאכי השרת אפ־לאדירען זיי: „ושבו בנים לגבולם, ושבו בנים לגבולם".

און א בת־קול אין הימעל ענטפערט:

— ושבו בנים לגבולם ובאו ציון ברנה!

*) אויסצוג פון א רעדע אין „שערי צדק" שוהל אין טאג פון גאולה־פאראד.

# פארשיעדענע בעריכטען פון אמע־ריקאנישען רויטען קרייץ

### בארבארשעפער אין רוסלאנד

מען זעהט איצט אין רוסלאנד א נייע ערשיינונג: אלע שערען זיך קורץ אדער גאלען אפ די פון קאפ. און טוט מען אין דער צייט, ווען ווענען די בערד קימערט מען זיך גאנץ ווייניג, און מען טראגט זיי אזוילאנג ווי זיי וואקסען נאר, — א זאך וועלכע שטימט ניט אין גאנצען מיט'ן גע־שמאק פו די אמעריקאנער אין אזוינע זאכען...

די סיבה דערפון איז וואס מען האט מורא פאר טיפוס; ווייל, ווי באוואוסט הויפטזעכליך פאראורזאכט דורך לויז, און ווייל זייף איז זעהר ווייניג פאראן אין רוסלאנד, איז אפגאלען דעם קאפ זעהר א גוטער פארהיטונגס־מיטעל פערזיען אפילו שערען זיך די האר זעהר קורץ.

די אמעריקאנער מיטגלידער פונם רוי־טען קרייץ, ווען זיי זענען געווען מיט דעניקינס ארמייען אין דרום־רוסלאנד, האבען זיך שטארק געוואונדערט, דערזעה־ענדיג די דארטיגע בארבארשעפער. פון אלע אמאליגע לוקסוס־זאכען איז דארטען קיין זאך ניט איבערגעבליבען. שוין פינף יאהר ווי די בארבערס האבען ניט איינגע־קויפט קיין נייע אינסטרומענטען און האר־בען קיין זאך ביי זיך ניט באנייט. קיין גרויס פארגעניגען קאן מען אין [illegible] זיך אויך ניט געפינען, ווייל [illegible] פען זיך דעם פנים ווערט קיין אנדער זאך ניט גיניצט, ווי פשוט'ער זייף, וואס ווערט ביי אונז געברויכט ביים סקראבען פלארס, און דער גאלמעסער (רייזארס) זענען נאך ערצי אלטע און שטומפיגע.

### זענפט באנדאזשען אויף פרישע וואונדען

אידער דער אמעריקאנער רויטער קרייץ האט געבראכט מיט זיך באנדאזשען און אנדערע סופלייס אין דרום־רוסלאנד, פלעגען די מעדישקעס פון דעניקינס ארמיי באנוצען זענעפט־פלאסטערס אויף די וואונדען. א קאזאק, ווען ער פלעגט קריי־גען א שניט פון א שווערד אויפן ארעם פלעגט ער ארונטער פון זיין פערד ארויס־נעמען זענעפט פון זיין קעשענע דאס נאס מאכען מיט א ביסעל שמוציגע וואס־סער, מאכען א „באנדאזש", עס צולעגען אויף זיין וואונד און זיך אוועקרייטען ווייטער. איין וועהטאג פאטוויכט דעם צווייטען. דער דאזיגער מיטעל איז גע־ווען זעהר פארשפרייט און פיעל סאלדא־טען פלעגען עס אנווענדען, ווייל קיין אנ־דערע זענען ניט געווען.

---

### א הלואה פון 25 מיליאן צו ליטא

א גרויסער ענגלישע באנק האט זיך אונטערנומען צו אנטלייען ליטא א סומע פון 5 מיליאן פונט (25 מיליאן דאלאר) אין גאלד. די הלואה ווערט געדעקט דורך א קאנצעסיע פון 400.000 העקטאר וואלד אין ליטא.

---

א באאמטער פון דעפארטמענט און דזשאסטיס האט ערקלעהרט אז די פרייזען פון צוקער דא אין לאנד ווערען כמעט אין גאנצען קאנטראלירט פון די פרייזען אויף רויהען צוקער אין קובא. די אמעריקאנער דילערס קומט הארט אויס צו קאנקורירען מיט ענגלישע פירמעס, וועלכע באטען הויכע פרייזען. אין גאר־אלע צייטען פלעגט ענגלאנד קויפען 80% פון איהר צוקער (2 מיליאן טאן) אין אייראפא, גרעסטענטיילס רוסישע בוריקעס־צוקער, וועלכע זי קאן איצט ניט קריגען און זי מוז אנקומען צו קיובא.

---

### האנדעל און אינדוסטריע

לויט די ידיעות פון דער יונייטעד סטייטס ביורא פון איינלענדישען און אויס־לענדישען האנדעל, איז דער אמעריקאנער עקספארט פאר'ן מאנאט אפריל געפאלען 31טען מאי; פאר דעם ענגלישען פונט אויף 135 מיליאן דאלאר און דער אימ־פארט קיין אמעריקא אויף 30 מיליאן דא־לאר. [illegible]


# MURAD

דער טערקישער סיגארעט




מרס. פוקס האט זיך אמאל בעריהמט אז זי קינדערלט צופיעל.

„וויפיעל קינדער ברענגסט דו אויף דער וועלט אויף אמאל? האט זי געפרעגט די לייביכע."

„בלויז איינס", האט די לייביכע געענטפערט — „אבער ס'איז א לייב!"

**מוראדס קאסטען 20 סענט א באקס פון 10 — אבער זיי זיינען מוראדס!**

מוראדס וואלטען געקאסט ביליגער ווען זיי זאלען ניט ענטהאל־טען קיין פולע 100% טערקישען טאבאק פון דעם ריינסטען און בעס־טען וואס וואקסט — אדער ווען מיר זאלען געבען פראסטערען טער־קישען טאבאק.

אבער זיי וואלטען ניט געווען קיין מוראדס, זיי וואלטען בלויז געווען פוקסען!

„אורטהיילט אליין — !"

מיר מאכען אויסטערקזאם צו די [illegible] מוראדס אין בלעך באקסעס — Anargyros — [illegible]

# מט. קלעמענס

## מט. קלעמענס בעדער

דאס שטארקסטע מינעראל וואסער אין דער וועלט אין

## Fountain Bath House

א אידישער קור-ארט פאר רומאטיזם, נערוויזיטעט א. ז. וו. אונזער פאונ־טעין בעטה הויז איז די ערשטע און ארינינעלסטע. באהאנדלונג די בעסטו שרייבט נאך אינצעלהייטען צו בעקערמאן און סאוויצקי.

### פיטסבורג כשר האטעל

אין מאנט קלעמענס
נעקסט דאר צו פלאזא בעטה הויז.
מיר באהאנדלען אייך ראיעל און רעכנען
ניט טייער. וואטשט פאר אונזער פאר־
טרעטער ביים סטיישאן.



ס'ניט נערדונגען אז איהר מוזט האב
בען טויזענדער צו זיין אין מט. קלע
מענס

### ניו ווילא האטעל

וועט אייך רעכנען $25 א וואך און
איהר וועט הנאה האבען. אלע רומס
קאנעקטעד מיט א פעסערוש צו די
פלאזא בעדער. שרייבט נאך אינצעל
הייטען צום פראפראיעטאר ה. קראוז.

### ריווערסייד האטעל

(געוועזענער פארק ענעקס)
מט. קלעמענס, איינגאנצען רעמא־
דעלירט, עפענט זיך 1־טען מאי,
150 רומס, דייניגג רום פאר 300.
דאס אידעלסטע פלאץ פאר געזונטע ווי
פאר קראנקע. שרייבט נאך אינצעלהיי־
טען.

**Riverside Hotel**
**Mt. Clemens, Mich.**



### אלבאני האטעל

אין מט. קלעמענס, האט א נאמען פאר
די לעצטע 20 יאהר אונטער דעם וועל־
בען מענעדזשמענט.
מיר בעטען אונזערע קאסטימער און
פריינד צו קומען באזייטענס איידער
דער סעזאן איז אין פולען גאנג, כדי מיר
זאלען זיי קענען געבען בעסערע בא־
האנדלונג. שרייבט צו
ב. מאסקאוויץ.

### אייער פארלארענע געזונט



קריגט איהר צוריק, ווען איהר זענט
אין סאונט קלעמענס און סטאפט אין

### גלענוואוד האטעל

קאנעקטעד מיט די בארימטע אלימ־
פיא בעדער. שעהן, ליכטיג, לופטיג.
פרישע שפייזען, מעסיגע פרייזען. א
ספעציעל לאנטש און דעליקאטעסען
סטאר. קאנעקטעד מיט די גלענוואוד.
שרייבט נאך אויסקינפטע צו א. מאדאר־
סקי.

### לעזט דעם „וועג"

### זייט געזונט



און פארברענגט אייער זומער וואקיי־
שאן אין מאונט קלעמענס, און אז שוין
אין מאונט קלעמענס וועט איהר סטאפען
אין

## Elkins Hotel

100 רומס. דיינינג רום פאר 300
לייט. א רפואה פאל קראנקע, א פאר
גענינען פאר געזונטע.

א נייעס אין מאנט קלעמענס
צוויי כשר'ע
דעליקאטעסען סטארס
אין מאנט קלעמענס
**B. & M. DELICATTESSEN**
**58 N. Gratiot**
**and 46 Cass Avenue**
אלערליי לאנטשעס און געטראנקען.
באזוכט אונז ווען איהר זייט אין
מ א נ ט ק ל ע מ ע נ ס.

ווילט איהר אייערע
שלעסער, שליסלען קארפענ־
טער זענען, טולס און אנדערע
ארבייט
גוט געמאכט און גאראנטירט?
טו קומט צו
מ. ד א מ נ י ט ץ
245 מאנטקאלםסט.

אוקלאנדער אידען
פיקסען זייערע
### ציינער
ביי
**D. H. Goodman**
דענטיסט
נעמופט פון 427 וואודוואד
737 אוקלאנד עוו.

### קעש רעדזשיסטערס
נעשאנאלס, אלערליי סטיילס.
— געקויפט און פארקויפט —
**DETROIT USED CASH REGISTER CO.**
**66 Broadway** **Cadilac 5112**

### מאושען-פיקטשור אפרייטארס
לערענט זיך פאר
לייכטע און ריינע ארבייט, קורצע שטונ־
דען, נוטע וויהזשעס קוואליפיקיישאן
גאראנטירט.
**Movie Operator's School**
**33 Sproat St**
מאנטאג, מיטוואך און פרייטאג
7:30 אבענר.

ניט אייערע קינדער א מאדערנע אידי־
שע ערציהונג שיקט זיי אין דער מענ־
דעלע פאלקס שולע 204 איסט_הענ־
קאק. עס ווערען געעפענט נייע קלאר־
סען פאר אנפאנגערס, אויך שולער פיר
די העבערע קלאסען, אין שולע לע־
רענט מען אידיש העברעאיש, געשיכ־
טע און לענגרען, די שולע איז אפען
יעדען טאג פון 4 ביז 7 זונטאג פון 9
ביז 12.30

— באקאנטמאכונג —
רעוו. א. קאצער
וואס איז רעקאמענדירט פאר'ן
בעסטען
מוהל
זייט די לעצטע 20 יאהר
האט געמופט פון 263 פארנסווארט
אין
140 מינדזורי, קאר. בראש
טעלעפאן: מארקעט 827

### א קארנער אין אוקלענד עוו. צו פארקויפען

5 סטארס און 5 פלעטס בריק בילדינג
אין רעכטען אידישען נעגענד. איינ־
קונפט $9000.00 יעהרליך. פרייז
$80,000 איינצאהלונג $30,000.00
ריינגע טוירמס. נאכפרעגען אין „וועג"
באקס 90.

### פיקניק גראונדס

צו פארדינגען אין א שעהנעם פלאץ
מיט א רענגס פלאר. אויף דעם 7 מייל
ראוד, ניער וויינדען, מיט תארפער
עוועניו, דזשאהן עסעקסתזרדאנם וסלהמי
סענטער ליין קאר. צו פרעגען 1618
מעקסוויל עווניו, דזשאהן עמעט

### א טיילאר שאפ

גוט איינגעטרייטע סטאר.
קען געקויפט ווערען זעהר ביליג.
נאכפרעגען אין „וועג" באקס 63.

רעוו. ל. ה. רייכלין
פון אהבת אחים שוהל
(אוקלאנד)
נעהמט א' סדור קדושין
אין אנדערע שמחות מיט די בעסטע
עופירענהייט.
511 קעמעראן עוועניו
טעל. העמלאק 1130 ראבעליו

## J. Lanskey Tailor

איב איהר ווילט קריגען
גוטע פארגטוואורטליכע ארבייט האן
קומט צו 105 טיאדאר סטריט.
מיר קלינען, פרעאען און רעמאדלען
ליידיעס און דזשענטס גארמענטס.

### א בריעף פון ביאליסטאק

אין רעדאקציע פון „וועג" איז נעכ־
טען אנגעקומען א בריעף פון ביאליס־
טאק, פאר מר. ס. לעווענסאן.

### וואדע ביליג פאר סטאר-קי־פערס און פעדלערס

ספעציעלע פרייזען פאר ריטיילערס
מאקס ראזינסקי
353-355 הייסטינגס, קאר. קאלומביא

## Real Estate

### לענדלארדס און פראפערטי אייגענטימער

לאזט זיך ניט נארען, זייט פארזיכטיג
בעפאר איהר קויפט סעמענטענע גאר־
בעדזש אדער א שרעפסעפטיקאל, ריטראיט
קאנקריט מאנופעקטשורט. די אינסטאלד
רעסעפטיקעלס. די צעמענט איז געמישט
מיט וואייער, ווערט נעווער צופאלען, וועט
זיך ניט שפאלטען פון פראסט. מיר
גאראנטירען ביליגער אין פרייז, בעס־
טע אין קוואליטי. **ה. מ. קאפפמאן,**
296 האנקאק איסט. טעלעפאן מעלראוז
3595 וו. טשעררי 1473. פרייע אינ־
סטאליישאן.

### איך קויף

און איך ליעס אייער פראפערטי.
מיינע קאסטאמערס ווארטען.
דזשאנסען, 196 גרייאט עוועניו,
2טען פלאר. טעל. מעין 4229
(6—2-4-6)

### סטאר און פלעט צו פארקויפען

צווייטער פלאר. 8 רומס (4 בעד
רומס און באטה, פענטרי און עטטיק),
ערשטער פלאר, סטאר און פיער רומס
(צוויי רומס און באטה) גרויסער ביים־
מענט און בארן. קארנער לאט. 30 ביי
... פרייז $14,500. קליינע איינצאה־
לונגען און גרינגע טוירמס. נאכפרעגען:
קאספער האפפמאן, ברענטש 1547
הארפער סטריט, טעלעפאן לינקאלן
1890, אדער לינקאלן 1494 עם.

### רעיל עסטייט ספעשעלס

צוויי קארנער סטארס און לאט אויף
מישיגאן עוועניו וועסט סייד, אין פעק־
טארי דיסטריקט. פרייז $48,000. איינ־
צאהלען $25,000. דאס איבעריגע לייכ־
טע אפצאהלונג.

### א גרויסע סטאר

40 ביי 20 פיס, אויף מישיגאן עוו.
גוט פאר עני ביזנעס. דער פלאץ איז
ווערט פון $65,000 ביז $70,100. וועל
פארקויפען פאר $58,000. איינצאה־
לען $37,000. דאס איבעריגע מיט לייכ־
טע אפצאהלונגען.

### א בריק סטאר

גוט פאר עני ביזנעס. וועל פארקוי־
פען פאר $17,500. איינצאהלען
$12,500. מוז פארקויפט ווערען וויל
אייגענטימער פאהרט נאך יוראפ.

### א גרויסע סטאר

די אויבענדערמאנטע פלעצער געפי־
נען זיך אין וועסט סייד פעקטארי דיס־
טריקט. נאכפרעגען: א. דושי, בורעק,
83 פרי סטריט, אדער דושיי פ. קלי־
מאוסקי, 247 — 35טע סטריט. ריעל
עסטייט בראקערס.

### וועקס אפארטמענטס

אויף נארפיעלד, נעבען ט. ענטווין
איינצאהלען פינף טויזענד דאלאר.
פיער פאמילי הויז
אויף סט. ענטווין, נעבען קענפיעלד.
איינצאהלען פיער טויזענד דאלאר.
פרעגען מעלראוז 5033. אפיס 186 קעני־
פיעלד איסט.

### שעכטער'ס דראג סטאר

477 הייסטינגס סט.
טעלעפאן, טשעררי 5763
פרעסקריפשאנס פארפערטיגט מיט
די גרעסטע פינקטליכקייט
צו יעדער צייט

### פערלאנגט און געזוכט

צוויי אדער דריי ליינס אין „וועג"
ברענגט אייך די בעסטע רעזול־
טאטען.

דער פרייז איז ביליג און די
נוצען פון גרויס ווינטיגקייט.

### א גרויסער בארגיין

א גוט איינגעפיקסטע וואודווארקינג
שאפ. קאמפלעט מאשינעריע. 2 יאהר
ליס. מוז גלייך פארקויפט ווערען. פרע־
גען אין „וועג" באקס 75 (8

### בעקארי און קאפע-הויז צו פארקויפען

זיכער צו מאכען געלד. עס איז א
בארגיין. 275 מישיגען עוועניו. בעסטע
לאקיישאן (9

### א בעקערי

מיט אלע טולס און טאטאביל צו־
זאמען שט דעם בילדינג צו פארקויפען.
א גרויסער בארגען. געפינט זיך אין
א גוטען לאקיישאן. נאכפרעגען אין
1415 טשעין סטריט, מר. טישקין.

### צו פארקויפען

א רעדי און גראסערי סטאר. אין
בעסטען אידישען לאקיישאן. ניט פיעל
געלד נויטיג. זיך נאכפרעגען אויפ'ן
פלאץ. 1170 הייסטינגס סטריט.

## פארד קארס און אנדערע קאר

קומט און קלייבט אויס פון
אונזער גרויסען סטאק. מיר
קויפען פאר קעש און פאר־
קויפען אויף לאנגע
טערמינען

**Maurice W. Fox Co.**
**Boulevard Near Oakla**

### קאפלאן'ס בארגיין סטאר

483 הייסטינגס סטריט
לענט איהר קויפען אלעם פון די פאל
גענדע ליינס:
קאמפליט דרעס גודס ליין פון סילקס,
וואלענס און קאטין גודס. פערשיעדענע
נאטנס ארטיקלען ווי, בעד ספרעדס, קווילט
מענס; טייבעל קאווערס; שעטס און
טאוועלס. קאמפליט ליין אין ליידיס פעני־
סי אנדערוועהר און סאקסעס. מענ־
פארנישינגס און אנדערוועהר.

### ספעשעל! ספעשעל

א גרויסער אסארטמענט אין וואלענס
פאר מענער און בייעס סוטס און קאוטס
א קאמפליט ליין פון טיילאר און דרעס־
מייקערס טרימינגס.

דר.
### ה. סטאריקאף
ד ע נ ט י ס ט
דער פלאץ פאר גוטע ארבייט
גוטע בעהאנדלונג — ליבעראלע
פרייזען.
490 הייסטינגס סטריט

**Reliable Store Fixture Co.**
מיר האבען א גרויסען אויסוואהל פון
אלערהאנד סטאר פיקסטשורס, וואל
קייסעס, שאו קייסעס, אייז באקסעס,
קאונטארס, שעלווס, סייפס, סקיילס
רעדזשיסטערס, נייע און געניוצטע.
פרייזען מעסיגע. ארענטליכע בעהאנד־
לונג. 2 סטארס.
רעלייבל סטאר פיקטשור קא
205 גרעשיאט עוועניו
טעל. קאדילאק 2445
277 מישיגאן עוועניו
טעל. קאדילאק 4924 עם.

דער בעסטער מוהל און שטאט
און מסדר קידושין
ר' דוד גאלדען



248 איסט האי סטריט
טעלעפאן מעין 4420

## CLASSIFIED

### פערלאנגט א באי

צו לערנען די פרינטינג ביזנעס. גוט
באצאהלט אין דער צייט פון דער לעה־
רע. זיך צו מעלדען צו מר. יפה, אין
אפיס פון „וועג", פון 9 ביז 11 אין
דער פריה.

### צו פארקויפען

8 פוס מארבל סארא פאונטען
צוזאמען מיט א בעק באר, אלו־וואארע
און אז. וו. רויסער בארגין, מוז פאר־
קויפט ווערען, ווייל איך ברויך דעם
פלאץ. נאכפרעגען, בענעמאן, 982
בוביען קארנער ווארען.
9

### פערזענליכעס

א פרוי, א גרושה, 37 יאהר אלט,
א גוטע ווירטין און אויך ביזנעס פעהיג
האט דריי קינדער. זוכט א באקאנט־
שאפט מיט א מיטעליעהריגען מאן,
וועלכער איז אין ביזנעס אדער א גוטער
ארבייטער. צוועק חתונה. אדרעסירט:
„דער „וועג", באקס 50, דעטראיט, מיש.

### פ א ר ל א ר ע ן

א גרין גאלד ווריסט וואטש
מיט אינישיעלס אין
ניו דעטראיט אפערא הויז.
פרייטאג אווענט. א ריוואהרד
צו דער פארטיי וואס וועט
דאס ברייגגען צו מרס. אפרוס.
2006 קאהלען עוו. אדער 148
וועהן סט. טעלעפאן סידער
1909 וו. אדער טשערי 3769.

### באקאנטמאכונג

די סילווער לעדער קא. 578
רושאן. קעמפא, קויפט פארשיעדענע
זארטען לעדער און אימיטיישאן לעדער,
אויך אלטע לעדער און ראבער בעלטינג.
ספעציעל זענען מיר פאראינטערעסירט
אין נייע סעלאלאיד סקרעפ; מיר צאה־
לען 65 סענט א פונט.
פארגעסט ניט אונזער טעלעפאן
נומער: מעלראוז 4610.

### דר. לאנדי, דענטיסט

מאכט באקאנט צום ווערטהען פובליקום
דאס ער האט ערעפענט די דענטאל
אפיס פון דעם פארשטארבענעם

### דר. שליסעל

אויף 617 הייסטינגס, נעבען עליאט.

### דיר, רחל־רייטשעל בת משה שרעבניק

1506 מישיגען עוועניו וועסט גרענד
בולוואהר, אין 1522 שיען סטריט.
וועגען דיין אנטווארט דורך דעם
„וועג" דאס דו אסט ניט קיין געלד צו
צאהלען פאר א גט כר"ת.
מיט צוויי מאנאטען בעפאר ווען דו
האסט דורך קארט באקומען א דיוואָרס,
האסטו מיר 10,000 דאלאר אויסגע־
בראכט, פון דעם האסטו 3,000 דאלאר
קעש גענומען, אויסער מיינע דזשועלרי
און דיימאנדס, און דו מיט דיין רייכע
פאמיליע האט איהר די געלד.
און יעצט אויב דו דארפסט א גט,
ווייל איך צווייפעל צו דו האסט דיך
געשיידט מיט דיין ערשטען מאן. איך
בין נאך בערייט זיך צו פארלאזען אויף
בענשען אדער אויף הרב. אייזענמאן.
א. האכמאן,
440 לינקאלן עוועניו.

VIENNA SAUSAGE MFG. CO.
1215-1217 S. HALSTED ST. CHICAGO

אונזערע
דעטראיטער אגענטען
זיינען
דזשיי לעפקאווסקי און סאנס
בראדוויי מארקעט

### צום דעטראיטער פובליקום!

יעדער איינער דארף וויסען: אז אויגען
זיינען די אידעלסטע ארגאנען אין דעם
מענשליכען קערפער. ווען איהר ליידעט
פון אויגענער וועלכע קאפ־שמערצען אדער
נערוועזיטעט, דאן נעהם צו אן ערנסטען
ערהליכען אפטאמעטריסט, ער וועט אייך
פארזיכטיג און וויסענשאפטליך צופאסען
די נויטיגע ברילען.

ריכטיג צוגעפאסטע ברילען וועט
אייך עהלייזען פון אלע אייערע טראבעלס.
קומט צו אייער גוט באקאנטען

**Frosh O. D.**
אפטאמעטריסט
אין 204 קלינג'ס בילדינג וועלכע געפינט
זיך אין 308 הייסטינגס סט. קעגנעבער
קלינג'ס רושולערי סטאר.

## אויסקינפטע פריי

זעהר גערען געגעבען איבער פאלגענדע ענינים: פאספארטען. ווי צו
שיקען געלד אין אייראפא. ווי אזוי אריבערצוברענגען אייערע פאמיליעס.
וועגען די רעכט פון לענדלארד און טענענטס. וועגען לאנד קאנטראקטען.
מארטגעדזשעס. טעקסעס. און זא ווייטער.

### ווי צו ווערען א בירגער

וואו און ווי אזוי צו לערנען ענגליש. סאלדאטען פענסיע. ליבערטי באנדס
באנוסעס. אינשורענס און נאטוראליזיישאן.

**The Free Information Bureau**
**Detroit Board Of Commerce**

## איר קענט שיקען געלט

## צו אייערע קרובים

דורך דער

## Bank of Detroit

א. זיגלער מענעדזשער
הייסטינגס סטריט בראנטש:

### געלט קיין אייראפא

דער זיכערסטער און בעסטער
וועג צו שיקען געלד צו אייערע
קרובים קיין יורופ איז דורך
דער

### פיפעלס רעליעף

וועלכע איז א בראנטש פון דער
דזשוינט דיסט. קאמיטע.
די געלד ווערט געשיקט אין
דאלארס.

פיפעלס רעליעף קאמיטע
490 הייסטינגס סטריט
טשערי. 2061

## ראזענפעלד'ס רוסישע טערקישע באד

פאר אלע וועלכע זוכען ריינליכקייט און גוטע באהאנדלונג.
30 מארבעל וואנעס — 2 כשרה מקוואות
שאוער בעטהס — פרייע קאטס אויף צום רוהען
10 פריוואט רומס פאר יענינע וועלכע ווילען נעכטיגען.
א פראכטפולער לאנטש קאונטער מיט פרישע עסענווארג און געטראנקע
צו יעדער צייט.
שוויץ פאר פרויען יעדען מיטוואך, ימים דער מיטווירקונג פון אן עקספערט
מאסאזשיסטקע.
1846 אלפרעד סטריט, ג'ען אנטאין, טעלעפאן טשערי 6190 דאבליו.

# סאסייעטים, שוהלען און ארגאניזאציאנען אויפמערקזאם

# דער וועג

איז אייער צייטונג, און אלס אזעלכע איז „דער וועג“ מוכן ומזומן צו לייסטען יעדע נויטיגע הילפע צו יעדער אר־גאניזאציאן און צו יעדער געלעגענהייט. — אויב איהר האט עפעס פון וויכטיגקייט, ברייננט עס אריין. — אויב איהר רעכנעט אז „דער וועג“ קען איס געבעסערט ווערען, קומט אריין אין אפיס אדער שיקט אריין ביי מעיל און מיר וועלען אייער מיינונג שענקען די נויטיגע אויפמערקזאמקייט. — אויב אייער סאסייעטי, אדער שוהל האט געהאט א וויכטיגען מיטינג, אויב אייער פאראיין אדער ארגאניזאציאן האט באשטימט עטוואס פון וויכטיגקייט פאר דער גאנ־צער שטאדט און אלגעמיין, בריינגט אריין דעם רעפארט און „דער וועג“ וועט דאס דרוקען. — אויב עטוואס געהט אן אין אייער נאכבארשאפט וואס דארף געענדערט ווערען, דאן לאזט הערען אייער שטימע דורך די קאלומנס פון „וועג“. — געדענקט אז „דער וועג“

## איז אייער צייטונג

## דער וועג פאבלישינג קאמפאני

אין די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין דעטראיט.

**347 Hastings St.** **Main 3715**

# אין א ווינקעל פון דעטראיט

ראמאן פון ב. איסאיעוויטש

(פארטזעצונג)

— איהר ווילט דורכאוים אז איך זאל זיצען און איהר זאלט שטעהן פאר מיר? — האט מערי און אנדער טאן אנגענומען, א פרייען, ווי מען רעדט צו א מענשען מיט וועמען מען איז שוין זייט לאנג היימיש.

— גוט, איך וועל זיך אויך זעצען.

מרים האט אויסגעווארט, ביז ער האט זיך געזעצט, דאן האט זי זיך צו זיין זייט אויסגעקירעוועט [?], האט זיך אנגענומען מיט מוט און געזאגט:

— הערר פארבשטיין, איהר הערט איך רוף אייך נישט מיט אייער טיטול, איהר ווערט דאך מיר ענטשולדיגען, נישט אפשר?

— אה, געווים, געווים.

— עס איז אנגענעהמער מיט אייך אצינד אזוי צו רעדען. איך פארשטעה אפילו צו גוט, אז הינטער אייער גוט פריינדשאפט צו מיר, שטעקט דא אויך אייערע אייגענע פערזענליכע נוצען, מסתמא האט איהר זיך אייער אויסרעכנונג. איהר האט גוט אויסגעחשבונ'ט צו דער עסק, די „ביזנעס" לוינען זיך אייך, אדער נישט.

— אה, געווים, איך לייקען דאס גאר נים.

— אה, ניין, קיין שום פראקטישער אמעריקאנער וועט זיך נישט שעהמען מודה צו זיין, אז טועגדיג אימיצען א טובה, האט ער זיך און זיינע אייגענע אינטערעסען אין זינען. פאליטיק...

— וועלל, וועלל — איז פארבשטיין געווארען אביסעלע אומרוהיג, פארשטעהענדיג דעם שטאך.

— וועלל, וועלל — האט מרים געזאגט — קענט איהר נישט אפענהערציג זיין און מיר ארויסזאגען פראנק און פריי וואס איהר זענט אויסען? וואס פאר אן אינטערעס האט איהר מיך משלח צו זיין מיט דער שוועסטער פון אמעריקא.

— דאס, יא, ב'קען עס אייך זאגען. איהר פארשטעהט. איך מיין, אז הממ... נו, דאס איז פארשטענדליך.. קיין אייראפא, קיין רוסלאנד, אדער גאליציע, וועט דאך אייך דושא־

זעף נישט נאכפאהרען.

— און ווי אז איך וועל אייך זאגען, אויף עהרען ווארט, אז איך מיט דושאזעף'ן וועל אייביג קיין פאר ניט זיין, וועט דאס אייך בארוהיגען?

— איז דאך מיין פלאן א זיכערער.. עהרען ווארט.. נו, איך טאר נישט האב נישט קיין אורזאכע צו צווייפלען אין אייער עהרען ווארט. נור האט איהר דאך ערשט, נור וואס אליין געזאגט, אז אין אמעריקא איז מען פראקטיש..

— איך בין דאך נישט קיין אמעריקאנערין.

— איך בין דאך יא אבער! — האט דער דושאדזש שוין שטרענגער אביסעל א זאג געגעבען.

— מר. פארבשטיין — האט מרים געזאגט ווייך — ארויסשיקען מיך פון האנען צו אויף אזא אדער אנדער אופן איז ביי מיר אלץ איינס.. עס איז ערנידעריגונג.

— הערט פריילין — האט פארבשטיין געזאגט אלץ אין א שטרענגערען טאן — אויב איהר וועט נישט ארויספאהרען, וועט מען אייך ארויסשיקען! איך האב נאך נעכטען אין הויז ביי מיר מיט אייך געוואלט שמועסען ביזנעס, נאך ביי מיר אין הויז האב איך געוואלט פרעגען פאר וואס א פרייז איהר זענט גרייט אויפצוגעבען דושאזעף'ן. איך ווייס אז אייערע לייט זוכען אזעלכע געשעפטען —

— אלזא האו מאטש? רעדט!

מרים איז געווארען א פערצאפעלטע פון כעס און פעדרוס. אזוי נאך קויפען וויל ער זי.. און זי האט א געשריי געטאן:

— יור האנאר! פאר קיין שום געלד אין דער וועלט! נישט פאר א מיליאן! אויב דושאזעף וועט מיך וועלען, וועט אייך איצטער קיין גאנצער אוצר נישט העלפען.

— מים — האט פארבשטיין זיך א כאפ געטאן פון שטוהל און עפעס געוואלט זאגען, אבער מרים האט זיך גלייך מיט איהם פון איהר שטוהל אויפגעכאפט און פונקט אנטקעגען איהם, איבער'ן טיש זיך אויסגעבויגען און שארף געזאגט:

— איך בין מיעד און ערשעפט. איך האב מיט אייך קיין כח צו ריידען איך האב פון נעכטען פריה אין מיין מויל נישט געהאט.

פארבשטיין איז ווייכער געווארען. האט אנגעקלונגען.

א פאליסמאן איז אריין. ניט דער ריכטער, נישט מרים האבען איהם א ווארט געזאגט.

— נו, וואס ווילט איהר זאל מען אייך ארויפברענגען? — האט דער ריכטער געפרעגט.

— א פאר פרוכט.

מרים האט זיך געכאפט, אז זי האט נישט ביי זיך איהר רידיקול.

דער ריכטער האט אבער נישט געווארט אויף איהר, האט ארויסגענומען א מטבע, דערלאנגט דעם פאליסמאן און געהייסען איהם באלד ארויפטראגען פרוכט.

דער פאליסמאן איז נור ארויס, זענען איהם באלד באפאלען דייוועדאוו און די מיסעס ברוסטער:

— וואס איז עס דארטען? וואס שרייט מען, ווער שרייט?

— איך ווייס ניט. דער דושאדזש האט מיר געהייסען קויפען פרוכט פאר דעם מיידעל — און דערביי א שעלמישען וואונק געטאן צו דייוועדאוו'ן

— געפעהלט דיר אונזער דושאדזש?

ביי דייוועדאוו'ן און ביי דער מיסעס ברוסטער איז דאס געווען א רעטעניש — ווי הייסט פארבשטיין זאל זיך פארשפארען מיט א מיידעל און מיט איהר פארפיהרען ויכוחים און נאך א מיידעל וואס איז ארעסטירט. פאר אפשטעלען מענער אין גאס — און וואס שרייט זי נאך?

א מאדנע רעטעניש.

ווען דער פאליסמאן האט געבראכט די פרוכט, האט ער מערי'ן געטראפען אויף איהר פריהערדיגען פלאץ. דער ריכטער איז ארומגעגאנגען איבער דעם קאבינעט הין און צוריק און אומרוהיגער און אויפגערעגטער.

— א גלאז וואסער, פליעז — האט מערי געזאגט דעם פאליסמאן, נאכדעם ווי זי האט איהם באדאנקט פאר די פרוכט.

(פארטזעצונג פאלגט)

# אידישע נייעס פון אלע וועלט טיילען

### פיש וועלכע עקספלאדירען

די רוסען אין סיביר באטראכטען די באיקאל אזערא אין מזרח סיביר אלס א היילינע זאך. זיי גלויבען אז די אזערא אליין און די ארומיגע לענדער זענען הייליג און פול מיט איבערנאטירליכע ערשיינונגען. יעדע קלייניגקייט ווערט אויסגעטייטשט אלס אן אויסערגעוועהנליכע זאך, א גרויסער שטיין וואס ליגט אין וואסער רופט ארויס דעם גרעסטען רעספעקט, און עס ווערט דערצעהלט אז ווען דער שטיין וואלט פון זיין ארט געריהרט געווארען וואלט די אזערא פארפלייצט די גאנצע וועלט.

די באיקאל אזערא איז אבער אין דער אמת'ן פול מיט זאנדערבארע זאכען. איינע פון זיי איז א געוויסער פיש, וועלכע געפינען זיך גאנץ טיעף אין וואסער ווען מען נעהמט זיי ארויס פון זייער טיעפעניש וואו דער שווערער דרוק פון וואסער איז מעהר ניטא, עקספלאדירען זיי.

### קיעוו, אדעס, ווארשא

קיין ווארשא איז אנגעקומען פון אדעס א מיטארבייטער פון דרום רוסלאנדישען קאאפעראטיווען פארבאנד, וועלכער איז אנטלאפען פון קיעוו, ווען די באלשעוויקעס זענען דעם לעצטען מאל אריין אין שטאדט.

פון קיעוו, דערצעהלט ער זענען אנטלאפען נישט ווייניגער ווי 30.000 מאן פון פארשיעדענע פראפעסיעס, וועלכע האבען נישט געקאנט אויסהאלטען דאס לעבען אונטער דער הערשאפט פון די באלשעוויקעס.

מיט א טאג פריהער פאר'ן פארנעהמען קיעוו דורך די באלשעוויקעס איז אין דעם נישט לעגאלען „קאמוניסט" געדרוקט געווען א רשימה פון מענשען, וועלכע וועלען דערשאסען ווערען נאכ'ן פארנעהמען די שטאדט. אין דער רשימה זענען אנגעוויזען געווען נישט ווייניג אידען. ווי נאר די שטאדט איז פארנומען געווארען דורך דער רויטער ארמיי האבען זיך אנגעהויבען מאסען רויבערייען און שיסערייען. אויף'ן אנדערען טאג בין איך צופוס ארויסגעגאנגען פון שטאדט און אוועקגעגאנגען אויף'ן פאסטאווער וועג.

איך בין דורכגעגאנגען א סך אוקראינישע דערפער וואס געפינען זיך יעצט אונטער דער הערשאפט פון די באלשעוויקעס. אלע פויערים ביז איינעם זענען געגען די באלשעוויקעס. ווען דעניקין וואלט נישט פיהרען אזא רעאקציאנערע פאליטיק, וואלט ער זיך איינגעהאלטען. די רעגירונג וואס וועט פארפעסטיגען דאס רעכט פון דעם פויער אויף דער ערד, וועט נישט רעקווירירען ביי איהם מיט געוואלט די תבואה און וועט איהם פארטיידיגען פון די רויבערייען, וועט זיך איינהאלטען.

די אנטלאפענע האבען די פויערים אויפגענומען זעהר ווארים און גארנישט גענומען פאר'ן איבערנעכטיגען.

די שטאדט האבען די פויערים זעהר פיינט. די שטאדט — איז אן ארט פון פוילע נפשות! פרעסען און זויפען און ארבייטען נישט.

קיין אנטיסעמיטיזם האט ה. נ. נישט באמערקט. די פויערים מישען נישט צוזאמען די באלשעוויקעס מיט אידען. עס זענען דא „פארשיעדענע אידען" זאגען זיי.

דאס פויערטום אינטערעסירט זיך זעהר ווייניג מיט דער פאליטיק: מען וויל עס זאל ווערען אן ארדנונג. דעם צאריזם וויל מען ניט.

פון ראזדיעלנאיא איז ה. נ. געפאהרען מיט דער באהן ביז אדעס. אין אדעס איז דעמאלס (נאוועמבער) שוין געווען אומרוהיג. די רעגירונג האט נישט איינמאל צוגעזאגט אז זי וועט נישט אפגעבען די שטאדט, אבער דאס איינגעהמען קיעוו דורך דער רויטער ארמיי האט געמאכט אויף אלעמען זעהר א שלעכטען איינדרוק אז מען האט שוין ניט געגלויבט די פארזיכערונגען פון דער רעגירונג. מען האט שוין אנגעהויבען לויפען פון שטאדט.

דאס פאלען פון קיעוו האט גארנישט געווירקט אויף דער רעגירונג און זי האט אלץ געפיהרט די זעלבע רעאקציאנערע פאליטיק. בשעת די וואהלען צו דער שטאדט דומא האט די רעגירונג אויסגעמעקט פון די „ספיסקעס" די קאנדידאטען פון דעם דעמאקראטישען בלאק, איבערהויפט די סאציאליסטען און אזוי האט די רעגירונג דורכגעפיהרט אין דער מעהרהייט די פארשטעהער פון „בירזשעוואי־ טיאנסקי בלאק". אין וועלכען עס זענען אריין בלויז שווארץ־מאה'דיגע. וועגען אידישען לעבען אין אדעס דערצעהלט ה. נ. אז די עקאנאמישע לאגע פון די אידען אין אדעס איז נישט קיין שלעכטע, זיי מאכען גוטע געשעפטען און קיינע באגרענצונגען זענען נישטא פאר זיי. די לאגע אבער פון די פאגראם־ געליטענע וואס זענען אין גרויסער צאהל אנטלאפען קיין אדעס (אפיציעל ביז 10.000 מאן) איז זעהר א שלעכטע. מען האט שוין אנגעהויבען ארויסשיקען זיי אויף די ערטער, אבער דער אנגריף פון די באלשעוויקעס האט צושטערט דעם פלאן פון דער עוואקואציע.

צווישען די פאגראם־ געליטענע האט זיך אנגעהויבען א שרעקליכע עפידעמיע פון פלעקען טיפוס. די טויט פאלען זענען בזונדער גרויס צווישען קינדער.

מיט דער לאגע פון די אונגליקליכע פאגראם געליטענע אידען האבען זיך פאר אינטערעסירט אויך די רוסישע דעמאקראטישע עלעמענטען וועלכע האבען גענומען אן אנטייל אין צוזאמענקלייבען געלט און קליידער פאר די אידען.

פון אדעס איז ה. נ. ארויסגעפאהרען דעם 21טען יאנואר אין קאנסטאנטינאפאל, וואו ער האט פארבראכט א פאר וואכען און פון דארט איז ער ארויסגעפאהרען קיין ווארשא וואוהין ער איז אנגעקומען דעם 12טען פעברואר.

### עס פעהלט זיי ליעבע

די טערקישע נאציאנאליסטען סטראשען, אז אויב די עליירטע וועלען זיך דוקא עקשנ'ען צו פארניכטען טערקיי, וועלען זיי מאכען א תל פון דער קריסטליכער באפעלקערונג אין טערקיי.

אבער אזא זאך גלויבט זיך נישט. ווי־קומען מאהמעדאנער צו פאגראמען. אז אין מאהמעדאניזם איז נישטא קיין קריסטליכע ליעבע?...

* * *

### א באגריסונג פון אויבען־אראפ

דער פרעזידענט פון כינא האט גראטולירט דער ציוניסטישער ארגאניזאציע אין ענגלאנד פאר איהר ערפאלג אין סאן רעמא.

# פאלקס לעגענדען זענען די אוקראינער פאגראמען פון יאהר ת"ח

פון ש. אנ—סקי

שוין באלד דריי הונדערט יאהר זענען אוועק זינט די שרעקליכע יאהרען „ת"ח ות"ט" ווען אידיש בלוט אין אוקראינע האט זיך געגאסען ווי וואסער, נאר די לעגענדען וואס זענען געווען פארבונדען מיט יענער צייט לעבען נאך איצט אויך צווישען דער אידישער באפעלקערונג פון וואהלין און פאדאליע. עס איז דארט ניטא קיין ארט אויף וועלכען עס איז נים פארגאסען געווארען קיין אידיש בלוט, עס איז דארט ניטא קיין היסטארישער בנין, קיין מצבה פון א וועלכען עס איז הייליגען מענשען, וואס זאלען ניט האבען ארום זיך א לעגענדע אין צוזאמענהאנג מיט די פאגראמען. דער קליינער טייכעל, וואס פליסט ביי דער שטעדטעל פאלאנא, הייסט „ריעזניקא", (פון ווארט ריעזאט, קוילען אין רוסיש) אין דער לעגענדע ווערט דערצעהלט, אז דער נאמען פון דעם טייכעל קומט פון דעם פיהרער פון די פאגראמשטשיקעס, קריוואנאס האט דא אפגעטונקט זיין מעסער נאכדעם ווי ער האט געקוילעט די אידען און די פאליאקען פון דער שטעדטעל. אויף יעדען בית־עולם זענען מצבות וועלכע דערצעהלען פון דעם מסירות נפש פון העלדישע אידען.

די שטעדטעל אוליק רעכענט זיך פאר דעם וואהן ארט פון דעם באריהמטען גאון טז" און היינט צייגען די אידען אן אויף איינעם פון די טורמעס אין דעם פאלאץ פון דעם פירסט ראדזוויל, וואו דער טז" זאל האבען געהאלטען קאנפערענצען צוזאמען מיט די פריינד און ראטגעבער פון פירסט ראדזוויל. ווען דער פיהרער פון די פאגראמשטשיקעס, כמעלניצקי, איז צוגעקומען נאהענט צו אוליק — דערצעהלט די לעגענדע — האט ראדזוויל געהערט אין חלום די ווערטער „וגנותי על העיר הזאת למעני ולמען דוד עבדי". דער פירסט האט ניט געוואוסט די בעדייטונג פון די ווערטער, נאר די גלחים פון זיין פאלאץ האבען איהם געזאגט, וואס זיי מיינען און האבען נאך צוגעלענט אז די ווערטער „למען דוד עבדי" באציהען זיך אויף דעם טז". דער פירסט האט געשיקט גלייך רו־פען צו זיך דעם טז" און דיעזער האט איהם פארזיכערט אז כמעלניצקי וועט אין שטאדט ניט אריינקומען. און אזוי איז טאקע געווען. כמעלניצקי מיט זיינע באנדעס האבען זיך שטארק דערשראקען פון דעם שאס פון א הילצערנער הארמאט וואס איז געשטאנען פון פויז [?] ווענען אין ראדזיווילס פאלאץ און זיי זענען אנטלאפען פון די טויערען פון שטאדט נאך שנעלער ווי זיי זענען געקומען.

נאך אן אינטערעסאנטע לעגענדע באציהט זיך אויף דער שטאדט ליודע־פאל [?]. ווען כמעלניצקי איז צוגעקומען נאהענט צו דער שטאדט האבען די אידען, וועלכע האבען געוואוסט אז דאס מיינט פאר זיי א זיכערער טויט, זיך פארזאמעלט אין בית המדרש און געוויינט און געקלאגט, אז גאט זאל זיי ראטעווען. אין שטאדט איז געווען דאן א איד וועלכער איז געווען פאררעכענט פאר אן עם־הארץ נאר וועלכער איז געווען באמת פון די ל"ו צדקים... האט דיעזער איד געזאגט צו די אנדערע אידען אזוי: — „מיר דארפען ניט וויינען און קלאגען, נאר פרעהען זיך און דאנקען גאט וואס ער האט אונז געגעבען די געלעגענהייט צו אפפערען זיך פאר איהם. לאמיר אלזא, געהן אהיים און אפוואשען זיך און אנטאן אונזערע יום־טוב'דיגע קליידער און איבער דיזע קליידער אונזערע תכריכים. און אזוי וועלען מיר ארויסגעהן אין גאס און טאנצען און זינגען כדי אז ווען דער אויסוואורף וועט אנקומען וועט ער זעהן אז ביי אונז איז נאר א שמחה צו שטארבען און נהרג'עט צו ווערען".

די אידען האבען אזוי געטאן. און ווען כמעלניצקי איז אנגעקומען אין שטאדט און געזעהן ווי אידען טאנצען און זינגען אין זייערע תכריכים, האט ער געמיינט, ביי זיך, אז דאס זענען מתים און ער איז גלייך אוועק אין גרויס שרעק צוזאמען מיט זיינע באנדעס. די גאנצע אידישע קהלה איז אויף אזא אופן געראטעוועט געווארען, נאר דער איד, דער „נסתר" איז אני־ [?] דערגעפאלען פון גרויס שמחה און איז געשטארבען. די קהלה האט איהם באגראבען אויף דעם ארט וואו ער איז געפאלען און האט אוועקגעשטעלט אויף זיין קבר א גרויסע מצבה. דער שטיין שטעהט נאך ביז דעם היינטיגען טאג און די אידען פון שטעדטעל זענען זיך נוהג צו קומען טאנצען ארום איהם אלע שמחת תורה.

לעגענדעס וואס זענען פארבונדען מיט שטיינער זענען פאראן גאר א סך. אזוי צום ביישפיעל דערצעהלען די אידען פון דער שטעדטעל פאלאנא אז ווען דער פאגראמשטשיק קריוואנאס האט אויסגעשלאכטעט אלע אידען פון שטעדטעל איז זיין מעסער געווארען טעמפ און ער האט ניט געהאט מיט וואס אנצושארפען איהם: האט איהם איינער פון זיינע מכשפים געגעבען אן עצה אז ער זאל אנשארפען דעם מעסער אן די אידישע מצבות. איז ער אוועק אויפ'ן אידישען בית עולם, האט אויסגעזוכט דארטען א פיינע מצבה און גענומען שארפען דעם מעסער, נאר צו זיין גרויסער איבערראשונג האט ער דערזעהן אז דער שטיין נעהמט זינקען אין דער ערד. האט קריוואנאס גערופען אלע זיינע קאזאקען זיי זאלען צוריק ארויסשלעפען דעם שטיין, נאר זיי האבען עס בשום אופן ניט געקענט טאן; קריוואנאס האט נאכדעם פרובירט ארויסשלעפען די מצבה מיט זיבען פאר אקסען, אבער דאס איז אויך געווען אומזיסט..

אויפ'ן בית עולם געפינט זיך א מצבה וועלכע איז איינגעזונקען ביז העלפט אין דער ערד און וועלכע האט א גלאטען זייט, און פון דעם האט זיך עס גענומען די לעגענדע.

נאך לעגענדעס זענען פאראן וועגען שטיינער וואס האבען נים איינגעזונקען נאר פארקעהרט, וואס האבען ארויסגעשפראצט פלוצלונג, אזוי ווערט דערצעהלט צווישען די אידען פון וואהלין און פאדאליע פאלגענדעס: כמעלניצקיס מוטער איז געווען א גרויסע מכשפה, האט זי געזאגט צו איהר זוהן אז אויב עס וועט זיך איהם איינגעבען אריינצושטופען אין וואסער דעם גרויסען שטיין וואס געפינט זיך ביים טייך וואס פליסט ביי דער שטאדט פאהארבישטשע וועט ער באזיגען די גאנצע וועלט, און פארניכטען אלע אידען. האט כמעלניצקי צוזאמענגערופען אלע זיינע קאזאקען און גענומען שטופען מיט זיי דעם שטיין. זיי האבען איהם שוין געריהרט פון ארט און עס האט שוין געהאלטען נאך נאהענט פון דעם אז ער זאל ארייננעקייקעלט ווערען אין טייך, נאר גאר פלוצלונג איז כמעלניצקי מיט זיינע העלפער אפגעטראטען פון דעם ארט און איז אוועק אין שענק נעהמען א ביסעל בראנפען. ווען זיי זענען צוריקגעקומען אין א ווייל ארום האבען זיי שוין געפונען ווי נעבען דעם אפגערוקטען שטיין האט אויסגעשפראצט נאך א שטיין און האט אונטערשטיצט אויף אזא אופן דעם ערשטען. כמעלניצקי, מיט זיינע העלפער, האבען זיך געמאטערט און געמאטערט ארייננושטופען דעם שטיין אין טייך, נאר זיי האבען איהם ניט געקענט מעהר א ריהר טאן.

ביי דעם ברעג טייך פון פאהארבישטשע קען מען נאך איצט אויך זעהן צוויי שטיינער אנגעשפארט איינע אויף די אנדערע און פון דעם האט זיך גענומען די לעגענדע.

אין דער איצטיגער מורא'דיגער קאטאסטראפע פון דעם אוקראינער אידענטום שאפען מיר פראטעסטען, מעמאראנדומס און אנדערע זאכען. עס איז אבער א גרויסער צווייפעל צו מיר וועטלען שאפען לעגענדעס.

(ענטנומען פון „העולם")

## פארגיפטעטע אליום (מאסלינעס)

די לעצטע מאנאטען זענען געשטארבען עטליכע מענשען אין קענטאן, דעטראיט, מעמפיס, ברוקלין און אנדערע שטעדט נאכדעם ווי זיי האבען געגעסען פאר'סס'טע אליווען (מאסלינעס), איצט קומט א באריכט פון מילוואקי, אז דער קאורט האט דארטען געאורדערט צו פארניכטען א שיפמענט פון רייפע אליווען דערפאר, וואס לויט דער אויספארשונג פון דער יוניווערסיטעט סטייטס ביורא און קעמיסטרי זענען זיי געווען פארגיפטעטע. די אליווס זענען געווען געפאקט אין גלעזערנע סלאיען און האבען אויף זיך געהאט לייבעלס מיט אזעלכע אויפשריפטען: „סופרים קווערטס, קוואליטי קאליפארניא רייפ אליווס", געפאקט דורך דער קורטיס קארפאריישאן, לאנג ביטש, קאליפארניא. די אויספארשונג האט באוויזען, אז די אליווען זענען געווען האלב־צעפוילט און ווען מען האט געגעבען ים־חזירים צו עסען אליווען פון דריי פארשידענע קעסטלאך זענען זיי אלע גע'פגר'ט.

א נעטיגע אויספארשונג האט אויך באוויזען פארוואס די מאסלינעס זענען געווען פאר'סס'טע: מען האט זיי ניט סטערעלליזירט ווי געהעריג און ניט אכטונג געגעבען ביים פאקען. ווען מען האלט זיי לאנג אפ אין געזאלצען וואסער, ווערען זיי צונעפוילט; עס איז פיעל בעסער ווען מען סטערילייזירט זיי ווען זיי זענען נאך פריש פון די בוימער. אויסערדעם, ווען מען פאקט די אליווס אין גלעזערנע סלאיעס, ניט אין בלעכענע קענס, האט מען מורא זיי צו דערהיצען אין קאכענדיג וואסער, טאמער וועט דאס גלאז פלאצען. און זיי בלייבען אזוי איבער ניט סטעריליזירט. די מורא איז אן אומזיסטיגע.

פארגיפטעט ווערען די אליווען דורך אזא מין טאקסין וואס ענטוויקעלט זיך א (סם) אין א פארפוילטען קערפער, וואס א געוויסער מיקראב, וועלכער ווערט אנגערופען „באציליס באטולינוס", ארבייט פון זיך אוים, און די פרוכט הויבט פון דעם אן צו פוילען. אין אלע פאלען, האט מען די פארגיפטעטע אליווען געקענט דערשפירען נאכ'ן שלעכטען ריח נאך פון צעפוילקייט און אויך ווען מען האט זיי פארזוכט. באטש ניט יעדע פארדארבענע שפייז איז גיפטיג — דאך ווען מען שפירט, אז א געוויסע שפייז איז עפעס ניט מיט אלעמען, זאל מען זי שוין בעסער ניט עסען. ווען עס איז פאראן א צווייפעל זאל מען עס יעדענפאלס אפקאכען פריהער איידער עס ווערט געגעסען.

ביז אהער האט מען אין אלע פאלען פון פארגיפטעטע אליווען דאס געקענט אויסגעפינען נאכ'ן גערוך נאך און נאכ'ן אויסזעהן. דאך קאן מען זיך דערויף אליין ניט פארלאזען און מען מוז זיי מעהר היטען.

די פעדעראלע רעגירונגס־באאמטע טוען אלץ וואס דאס געזעץ ערלויבט זיי צו באווארענען דעם עולם פון פארדארבענע שפייז, און זיי האבען שוין פארכאפט און פארניכטעט פיעל שפייז־ארטיקלען, וועלכע זענען שעדליך פאר'ן געזונד. זיי האבען אבער רעכט צו טון אזוינס אין פאזיטיווע, זיכערע פאלען, און ניט אין צווייפעלהאפטע. אויסערדעם, איז דאך פיזיש אוממעגליך צו עפענען מיליאנען קאסטענעס מיט געקענטע שפייז אום דאס אלץ צו אונטערזוכען. פאר דער פעדעראלער רעגירונג איז דעריבער אוממעגליך איינגאנצען איבערצוהיטען דעם עולם.

און דאס פובליקום דארף זיך ווענען [?] אלץ אינטערעסירען און זיין געניג פארזיכטיג.

די פעדעראלע באאמטע האבען פארגעשלאגען די פירמעס, וואס פאקען און שיקען ארוים די רייפע אליווס, זיי זאלען צוריקציהען פון פארקויף יענע סחורה, וועלכע איז ניט סטעריליזירט געווארען ווי געהעריג. באטש די רעגירונג קאן זיי דערצו ניט צווינגען, דאך ווערט געהאפט אז זיי וועלען דאס אליין טאן, צוליעב די אייגענע ביזנעס־אינטערעסען.

וועגען פארגיפטעטע אליווס דורך „באצילוס באטילינוס" דארף מען אויך געדענקען, אז דאס איז זעהר א זעלטענע ערשיינונג, און פאסירט פארהעלטניסמעסיג גאנץ זעלטען.

# צו מיינע ברידער אין אמעריקא

(צום 7טען יעהרליכען בלומען־טאג פון אידישע נאציאנאל־פאנד, יוני 13טען)

פון מ. אוסישקין

א פאלק פון רוחניות איז דאס פאלק ישראל. שוין פערציג יאהר ווי ער איז צוגעטרעטען צו דער קאלאניזאציע פון ארץ ישראל. ער האט סוף כל סוף איינגעזעהן, אז א פאלק לעבט ניט אהן אן ערד־פונדאמענט. אבער ער האט זיך נאך ניט אויסגעהיילט פון זיין איינזייטיגער רוחניות. אין דעם משך פון פערציג יאהר האבען זיינע פארטרעטער אפגעהאלטען עלף וועלט־קאנגרעסען, צוזאמענגעפאהרען אין קאנפערענצען אהן א צאהל אין אלע לענדער פון דער וועלט; האבען געהאלטען רעדעס אהן א ברעג; האבען געשאפען א גרויסע ציוניסט־ישע ליטעראטור כמעט אין אלע לשונות; אבער דעם עיקר האבען זיי פארגעסען: זיי האבען די „גאולת הארץ", די ערד, דעם פונדאמענט אין זינען ניט געהאט! ביז היינט האבען מיר אויסגעלייזט ניט מעהר ווי צוויי פראצענט פון אונזער לאנד. דער „עם חכם ונבון", דאס דאזיגע פראקטישע פאלק האט ניט פארשטאנען דעם פשוט'ען אמת, וועלכען אונזערע אור־זיידעס [?], די חכמי התלמוד האבען שוין פארשטאנען: „אין אונאה לקרקעות" — ביים קויף פון ערד קען מען זיך קיינמאל ניט אפנארען. און אין דער צייט וואס מיר האבען גערעדט און זיך מתוכח געווען, איז דער פרייז פון ערד אין ארץ ישראל געשטיגען צו אזא הויך, אז מיר האבען דורך דעם פארלארען בלי גוזמא הונדערטער מיליאנען.

מען מוז איינמאל פאר אלעמאל פארשטעהן, אז אלע דעקלאראציעס פון די רעגירונגען פון אונזער טובה ווענען און אלע פאליטישע רעכטע וועלען קיינמאל קיין ממשות ניט האבען, אויב מיר וועלען די ערד — דעם פונדאמענט ניט האבען אונטער אונזערע פיס. און אויך דאס דארף מען פארשטעהן: מיר מוזען אריין אין אונזער לאנד מיט א שטארקער ליעבע צו איהר און אפגעבען אלץ וואס מיר פארמאגען פאר יעדען שפאן ערד. „מעשי אבות סימן לבנים". דער פאטער פון אונזער אומה אברהם אבינו האט באצאהלט פאר דער ערשטער אחוזה אין ארץ ישראל — אין חברון — א שעהנע מטבע: פיער הונדערט זילבערנע שקלים.

ארץ ישראל וועט זיך אין די נאהענטע יאהרען ענטוויקלען פאליטיש, עקאנאמיש און קולטורעל מיט א גרויסער געשווינדקייט; די גרויסע בריטישע פאהן איז א גאראנטיע פאר דער דאזיגער ענטוויקלונג. און מיט יעדען יאהר וועט אלץ שווערער און טייערער ווערען אויסצולייזען אונזער ערד. „אם לא עכשו אימתי" — אויב ניט איצטער — ווען דען? און אויב ניט מיר אליין דורך אונזערע נאציאנאל פאנד, דעם קרן קימת לישראל, ווען דען?

דאס אידענטום פון דער גאנצער וועלט און באזונדערס פון אמעריקא, ענגלאנד און איהרע קאלאניעס מוז פארשטעהן וואס דער ערנסטער היסטארישער מאמענט פאדערט. דאס אידישע פאלק מוז געבען דעם נאציאנאל פאנד די גרעסטע געלד מיטלען, וועלכע זיינען נויטיג אויסצולייזען אונזער ערד וואס גיכער.

„נחלתנו נהפכה לזרים" — אונזער נחלה איז איבערגעגאנגען אין פרעמדע הענד — דאס איז די פורטבארסטע קללה וואס ליגט אויף אונז. עס איז געקומען די צייט, אז אונזער נחלה זאל צוריק ווערען אונזערע. דאס איז אפהענגיג פון אונז און נאר פון אונז.

ירושלים, ניסן, התר"פ.

## כל קורא צו אלע ראסיינער לאנדסלייט!

(קאוונער גובערניע)

א הערצרייסענדען גרוס האבען מיר ... מיט א יאמערליכען אפיעל ווענדען זיי זיך צו אונז ראסיינער, וויערע לאנדסלייט אין אמעריקא, אז מיר זאלען אויף זיי רחמנות האבען און העלפען זיי אין זייער גרויסען יאמערליכען אומגליק.

די ראסיינער לאנדסלייט האבען זיך גלייך ארגאניזירט אין א רעליעף קאמיטע מיט'ן נאמען „די ראסיינער רעליעף קאמיטע". מיר האבען אוועקגעשיקט 30,000 מארק אין ראסיין. די קליינע סומע איז גארנים קעגען דעם גרויסען נויט. דאריבער האבען מיר באשלאסען צו רייזען $50,000, דאמיט זיי געבען די מעגליכקייט צו ווערען זעלבסטשטענדיג, און ניט דארפען אנקומען יעדען טאג צו צדקה.

מיר ווענדען זיך צו אלע ראסיינער לאנדסלייט אין אמעריקא נאך דאניישאנס, און איהר זאלט העלפען אונז רייזען דעם פאנד. מאכט מיטינגען, גרינדעט רעליעף סאסייעטיס, פיר דעם צוועק, ביי אייך אין שטאדט; באזוכט אייערע לאנדסלייט און קריגט ביי זיי דאניישאנס און שיקט די געלד צום טרעזשורער פון דער ראסיינער רעליעף קאמיטע.

יעדער איינער וועט קריגען פאר זיין דאניישאן א רעסיט פון הויפט אפיס מיט'ן זיגעל פון ראסיינער רעליעף־קאמיטע.

אין נאמען פון די עקזעקוטיוו באארד פון ראסיינער רעליעף־קאמיטע:

ישראל י. וואלף, טשערמאן פון פרעס קאמיטע.

פראפעסאר סטוארט מ. לעוואנטאוו האנ. טשערמאן.

אל. זאלצבערג, טרעזשורער. 1107 פארעסט עוועניו, ניו יארק סיטי.

נ. ב.: אלע דאניישאנס און בענעפיטס ווי אויך אויסגאבען וועלען פארעפענטליכט ווערען אין די אידישע צייטונגען.

### מיר ווייסען עס...

פראנקרייך וויל נאך אלץ פועל'ן ביי ענגלאנד אז זי זאל נישט שליסען קיין אפמאך מיט רוסלאנד.

יא — מיר ווייסען דאס שוין פון פריהער, אז פראנקרייך וויל — פוילען..

The only Jewish Paper Printed in Michigan

# דער וועג

The Detroit Jewish Daily

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

347-49 HASTINGS STREET
Telephone Main 3715

Published and distributed under permit No. 1?? authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, p[ostmaster general.]"

PRICE 2c. DETROIT, MICH., Tehursday, June 10th 1920 Vol. 2, No 99 דאנערשטאג, דושון 10, 1920

# קאר קאמפאני גיט זיך אונטער צו מעיאר קאוזענס

„דאס איז ניט קיין קינדישקייט פון מעיאר, נאר א שטיק באטרוג פון דער קאמפאניע."

ווען ביידע צדדים זיינען פארטיג געווארען מיט זייערע „קאמפלימענטען", האט דער ריכטער אליין גענומען דאס ווארט און האט ערקלערט, אז אויף ווי ווייט ער ווייס, זיינען די פינף־סענטיגע סטריפס ניט קיין טייל פון דעם אגרימענט".

„איב אזוי, האט מר. סטיווענס געזאגט, וועט די קאמפאניע צוריקציהען די „סטריפס".

הייסט עס, אז עס איז שוין וויטער שלום צווישען דער „די יו אר" און דער שטאדט אדמיניסטראציע. הלואי אויף לאנג, א. טאטעניו!...

די „די יו אר" האט געבעטען „קאפיטולירט צום אולטימאטום, וואס מעיאר קאוזענס האט לעצטען דינסטאג ארויסגעגעבען און האט באשלאסען צוריקציהען די פינף־טיקעס „סטריפס" פאר דריי'ן סענט, צוליעב וועלכע דער גאנצער סכסוך איז ארויס.

דאס אונטערגעבען זיך פון דער קאמפאניע איז געקומען נאך א שטיקעל זכוח. אין הישאדוש רנשינ'ס קאורט, ארום 2:30 בייטאג, דער לאיער פון דער קאמפאניע, מר. סטיווענזאן האט גע'טענה'ט, אז דער געשריי פונ'ם מעיאר געגען די פינף־טיקעטס „סטריפס" איז ניט מעהר ווי א „שטיק קינדישקייט".

אויף דעם האט מר. ווילקאקס, דער שטאדט לאיער, געענטפערט:

## פאגראמען אין וויען און בודאפעסט

וויען, יוני 9. — גרויסע אנטיסעמיטישע דעמאנסטראציעס האבען אויסגעבראכען אין וויען געכטען ביינאכט. באנדעס צוזאמענגעשטעלט הויפטזעכליך פון סטודענטען, האבען געשלאגען יעדען אידען, וואס זיי האבען געטראפען אין גאס בי צעווילדעטע באנדעס האבען זיך אויך געריסען אין קאפעע - הייזער צו זוכען אידען און ווען האט זיי ניט ארייגעלאזען, האבען זיי צעבראכען די שויבען. עס ווערט געמעלדעט, דאס סאלדאטען און פאליצ'י האבען די צעווילדעטע סטודענטען ניט געקאנט־ליך ארייגרייסען אין אידישע הייזער, און דאדורך פארמידען פוגראמען, אבער פונדעסטוועגען, האבען זיי ווייזט אויס, ניט געפונען פאר נויטיג צו ארעסטירען די פאגראמשטשיקעס, וועלכע האבען געבישעוועט א גאנצע נאכט און געשלאגען מכות רצח יעדען אידען, וואס איז זיי נאר צו דער האנט געקומען.

"וואסער" און מעהר שיטען זאמד אין די אויגען קען שוין יעצט די אונגארישע רעגירונג ניט. מיט א נאכט פריהער איידער דער לעצטער, פרייט־צאפעלדיגער פאגראם האט אויסגעבראכען, האבען לויט בעריכטען אין בודאפעסט געהאט אויסגעבראכען גרויסע אנטיסעמיטישע דעמאנסטראציעס שרייענדיג: „נידער מיט די אידען" און פאגראמשטשיקעס זיינען באפאלען יעדען אידען און געשלאגען אהן רחמנות. דאס איז וואהרשיינליך געוועזען דער פאר־שפיעל פון דעם בלוטיגען פאגראם פון וועלכען דער אויסערן מיניסטעריום אין פראנקרייך האט ערפאהרען.

אין יענעם באריכט איז פאראויסגעזאגט געווארען, אז דעם 4־טען יוני, דעם טאג ווען אונגארן האט אונטערגעשריבען די פרידענס טריטי, וועט אויסברעכען נאך א גרעסערע פאגראם. אלזא ווי עס איז צו זעהן פון דעם לעצטען באריכט האט עס טאקע פונקט אזוי פאסירט. די אונגארישע כוליגאנעס האבען דעם צארן געגען די אליאירטע געשטילט דורך א פאגראם אויף די שוצלאזע, אומבאוואפענטע אידען.

### מאסען אידען דערהרג'עט אין בודאפעסטער פאגראם

פאריז, יוני 8. — לויט ידיעות, וואס זיינען אנגעקומען צו מיניסטעריום פון אויסערליכע אנגעלעגענהייטען, האט דעם 4־טען יוני אויסגעבראכען א שרעקליכער פאגראם אין בודאפעסט. לויט דיעזען באריכט, האט איין פרזאן געזעהן, ווי 12 אידען זיינען אויף א גרויזאמען אופן דערהרג'עט געווארען.

דער פאגראם, מעלדעט וויטער דער באריכט, האט אנגעהאלטען איינינע טעג. די צאהל געטויטעטע איז זעהר גרויס.

אין פארלויף פון די לעצטע עטליכע מאנאטען האט עס אין איין אנקומען באריכטען פון אנטיסעמיטישע אויסברוכען אין אונגארן און די אונגארישע רעגירונג האלט עס אינאיין אפלייקענען. אבער „דער אמת שווימט ארויף ווי בויאיל אויפ'ן

### רעזשיצא אין גרויס נויט; קריעגט שטיצע

די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע האט געכטען געקראגען פון איהר אייראפעאישען דירעקטאר דר. יוליוס גאלדמאן פאלגענדע קייבעל:

פאריז, יוני 5. — דער קאמיטעט אין ליבאו, מעלדעט, אז פון די 6800 אידען אין רעזשיצא, לאטוויא, זענען איבער 3000 אין גרויס דחקות און עס איז נויטיג באלדיגע הילף. דער קאמיטעט איז באפאלמעכטיגט געווארען צו געבען שטיצע פאר רעזשיצא פון די 50-000 דאלאר, וואס זענען באשטימט געווארען פאר לאטוויא.

## פעדלערס אויפגעבראכט געגען געפלאנטען לייסענס געזעץ

קארל ג. שייפעל, וועלכער פארטרעט 700 פעדלערס, איז לעצטען דינסטאג ערשיענען פאר'ן סיטי קאונסיל מיט א פראטעסט געגען דעם נייעם פעדלער לייסענס־געזעץ, וואס דער קאונסיל האט בדעה דורכצופיהרען.

מר. שייפעל האט ספעציעל פראטעסטירט געגען דעם פאראגראף, וואס לויט וועט, אז פעדלערס און קליינהענדלער מוזען זיי צאלען בירגער. ער האט אנגעוויזען, אז אזא געזעץ וועט אוועקנעהמען די פרנסה פון 90 פראצענט פעדלערס.

מר. לאדוויג, דער טשערמאן פון קאונסיל, האט אבער ערקלעהרט, אז עס זיינען דא זעהר קליינע שאנסען אויס־צושטרייכען דעם סדאזיגען פאראגראף, ווייל אין פארלויף פון דער דיסקוסיאן לעצטען מאנטאג ביים קאונסיל מיטינג איז דער פונקט אמענדירט געווארען. אריגינעל האט ער זיך געלייענט, אז נאר פולע בירגער האבען א רעכט צו קריגען פעדלער לייסענס און דער אמענדמענט לויטעט: בירגער, אהער אזעלכע וואס האבען ערשטע פאפירען.

מען ערוואַרטעט, אז אן עפענטליכער פאריהער וועגען דיעזען געזעץ זאל פארקומען פרייטאג אין דער פריה.

### האט ליעב זיין פרוים שוועסטער וויל ער א גט

קומען צו געהן מא[...]ב, פערי און עמא לעפיקין אי[...]ס האספער'ס קאורט און מ'[...]

פאר וואס [...]זען?

טענה'ט [...]ערט:

„ווען [...]בען געהייראט אין 1912 אין עמא [...] אן אדרויס. אבער שפעטער האט זי זיך גענומען פריינדלען מיט א יונגען מאן, וועלכער טראגט דעם שעהנעם נאמען גאי פלאנקעט און —

— דער שפיין איז —

ער וויל א גט.

יא ער וויל א גט! ער האט אליין געזעהן, ווי זיין ווייבעל איז געזעסען מיט יענעם יונגען מאן אין פאלמאר פארק און ...

רופט זיך אפעט דאס ווייבעלע:

„אה, אה, — איז דאס א ליגנער!"...

און דערצעהלט א גאנץ אנדער מעשה:

זי האט א שוועסטער, אן אינגערע, א שעהנערע פון איהר, וויל ס'געמאנדעל זי אפ'גט'ן כדי צו קענען הייראטען מיט איהר שוועסטער.

קען זיך דער דזשאדוש קיין עצה ניט געבען און האט באשלאסען, אז ער מוז פריהער אביסעלע איבערטראכטען, כדי אייסצוגעפינען ווער פון זיי ביידען עס זאגט א גרעסערן ליגען.

### וויכטיג פאר די סובסקרייבער פון „וועג"

די יעניגע פון אונזערע סובסקרייבער, וועלכע האבען לעצטענס געביטען זייערע וואהנונגען זענען געבעטען אמישנעלסטען אונז לאזען וויסען זייערע נייע אדרעסען, כדי ס'זאל ניט זיין קיין אפהאלט אין דעליווערען צו זיי די צייטונג.

Public Library [stamp]

## 11 טויטע, 22 פארוואונדעטע אין א באהן צוזאמענשטויס

סקענעקטעדי, נ. י., יוני 9. — היינט גאנץ פריה איז פיער מייל פון דאנען פאסגעקומען א באהן צוזאמענשטויס, פון וועלכען 11 פערזאן זענען דערהרג'עט געווארען און 21 פארוואונדעט. דער אומגליק האט פאסירט ווען אן עקספרעס צוג איז ארויף אויף א שטעהענדען פאסאזשיר צוג.

די אלע גע'הרג'עטע האבען זיך געפונען אויפ'ן פאסאזשיר צוג, וועלכער איז געגאנגען פון באפאלא קיין ניו יארק. ער האט געהאט צוויי פולמאן קארס. די לעצטע קאר מיט 12 שלאפענדע פאסאזשירען, איז גענצליך צושטערט געווארען. דער צוג האט זיך געהאט אפגעשטעלט, ווייל עס איז עפעס קאליע געווארען דער לאקאמאטיוו. איידער דער צוזאמענשטויס איז פארגעקומען, האט דער פייערמאן פון דעם עקספרעס צוג נאך צייט געהאט ארויפצושפרינגען פון לאקאמאטיוו. דער אינזשיניר אבער איז דערהרג'עט געווארען.

ניו יארק, יוני 9. —

די באאמטע פון דער ניו יארק סענטראל האבען ערקלעהרט, אז מארטין האיל, דער דערהרג'עטער אינזשיניר פון דעם עקספרעס צוג, וואו איז ארויף אויף דעם פאסאזשיר צוג לעבען סקענעקטעדי, האט פארזעהן דריי סיגנאלען, וואס זענען איהם געגעבען געווארען. די סיגנאלען זענען נאכ'ן צוזאמענשטויס אונטערזוכט געווארען און זיי האבען געצייגט ריכטיג. נאר דער אינזשיניר האט אויף זיי, צוליעב אן אונבאוואוסטער אורזאכע, נישט געשענקט קיין אויפמערקזאמקייט.

## דייטשע רעגירונג שיקט אריין איהר רעזיגנאציע

בערלין, יוני 9. — די רעגירונג האט נעכטען ארייגעשיקט איהר רעזיגנאציע צו פרעזידענט עבערט. דער פרעזידענט האט אבער גע'פועל'ט ביי דער רעגירונג אנצוהאלטען דעם אמט ציטווייליג, ביז דער רעזולטאט פון די זונטאג'דיגע וואהלען צום רייכסטאג וועט קלאהר ווערען.

ער האט געבעטען דעם קאנצלער, דאס שריטע זאלען אנגענומען ווערען, דאס דער רייכסטאג זאל וואס גיכער צונויפגערופען ווערען.

לויט באריכטען, וואס זענען דערוייל אנגעקומען פון 350 דיסטריקטען, האט די קאאליציע, וואס שטעלט צוזאמען די איצטיגע רעגירונג, ערוועהלט 156 דעפוטאטען. די קאאליציע באשטעהט פון מעהרהייטס סאציאליסטען, צענטריסטען (קאטוילישע פארטיי) און דעמאקראטען.

די קאנסערוואטיווע אפאזיציע האט ערוועהלט 83 מיטגליעדער. די אונאפהענגיגע סאציאליסטען האבען גע[ה]אט א גרויסען זיעג, ערוועהלענדיג 57 מיטגליעדער.

די קאמוניסטען זענען דערווייל זיכער מיט צוויי פלעצער אין רייכסטאג. די ערוועהלטע קאמוניסטען זענען: פריץ העקערט און די באוואוסטע קלארא צעטקין.

### ארטור עסעלין אין דעטראיט

ארטור עסעלין, איינער פון די טאלאנטפולע יונגע אידישע דיכטער, איז איצט א גאסט אין אונזער דעטראיט.

עסעלין איז גוט באקאנט צו אונזערע לעזער דורך זיינע לידער וואס דרוקען זיך אין „וועג" פון צייט צו צייט. ער וועט דא פארברענגען איינינע טעג צווישען זיינע פריינד און באקאנטע.

### ראזעטא קאהן אין מאונט קלעמענס

מאדאם ראזעטא קאהן, וועלכע איז גוט באקאנט צום דעטראיטער אידישען עולם, שפיעלט יעצט אין מאונט קלעמענס איינינע גאסטראלען, אין פיפעלס אמיוזמענט פארק.

מאדאם ראזעטא קאהן'ס ערשטער אויפטריט אין מאונט קלעמענס וועט פארקומען קומענדען זונטאג.

זונטאג דעם 27טען יוני וועט זי אויפטרעטען אין „א מוטערס הארץ". דער פראפיט געהט פאר'ן דעטראיטער בית יתומים.

אין קורצען, וועט אין „וועג" ערשיינען אן אפהאנדלונג איבער דיעזער באריהמטער שוישפיעלערין, געשריבען פון אונזער רעדאקטאר, ב. י. גאלדשטיין.

### דרום און צפון כינא אין א פארשטענדניש

שאנגאי, יוני 9. — א קלאהר־באשטימטע פארשטענדניש וועגען די שלום באדינגונגען צווישען דרום און צפון כינא איז ערדרייכט געווארען. די שלום דעלעגאטען זענען דא געווען פאר די לעצטע נייו מאנאטען, אבער איצט מיט א פאר טעג צוריק האבען זיי זיך צום ערשטען מאל צונויפגעקומען אויף א קאנפערענץ.

## גאמפערס שטעלט פאדערונגען צו רעפובליקאנישער קאנווענשאן

שיקאגא, יוני 9. — סעמועל גאמפערס, פרעזידענט פון אמעריקאן פעדערעישאן אוו לייבאר, איז היינט ערשיענען פאר'ן רעפובליקאנער קאנווענשאן און געפאדערט פאר דער רעזאלוציאנס קאמיטע פון דער פארטיי, אז די ארבייטער זאלען האבען דאס רעכט צו סטרייקען און אנצופיהרען זייערע פארהאנדלונגען מיט די ארבייטסגעבער אהן דער אריינמישונג פון דער רעגירונג. גאמפערס האט עס געפאדערט, באטש דער אינדוסטריעלער פונקט אין דער רעפובליקאנער פלאטפארמע וועט, לויט א פארשטענדניש, ניט אנגענומען דעם קענזעס'ער אינדוסטריעלען אקט, וועלכער גאווערנער עלען האט צוגעגרייט.

ריקאן פעדעריישאן אוו לייבאר געמאכט פאלגענדען סטייטמענט:

„א געזעץ, וואס באציעהט צו מאכען סטרייקס אומגעזעצליך, אדער צו צווינגען דעם לוין־ארבייטער איבערצוגעבען זיינע טענות אדער זיינע האפנונגען צו די געריכטען אדער צו דער רעגירונג, — אזא געזעץ איז געגען די רעכטע פון דעם לוין־ארבייטער, אזא געזעץ וואלט געמיינט אינדוסטריעלע קנעכטשאפט".

צווישען אנדערע פאדערונגען, וואס גאמפערס האט געמאכט, איז אויך דא איינע געגען דעם „עספ'אניז'ש עקט", לויט וועלכען די פרייהייט פון רעדע, פרעס און פארזאמלונג איז באשרענקט.

### גאמפערס געגען פרייער אימיגראציע

גאמפערס האט אין נאמען פון דער אמעריקאן פעדעריישאן אוו לייבאר געפאדערט צו באשרענקען דעם שטראם פון אימיגראציע, לויט דער מעגליכקייט פון אמעריקא צו אמעריקאניזירען די אימיגראנטען. אימיגראציע זאל אינגאנצען פארבאטען זיין אין א צ'יט פון ארבייטסלאזיגקייט.

א צווייטע פאדערונג איז געווען צו באקעמפען גלייך דעם יקרות און די פראפיטירער.

גאמפערס איז אהער אנגעקומען מיט א ספעציעלער קאמיטע פון דער מאנט־רעאלער קאנווענשאן.

אין איהר פראטעסט געגען באשרענקען דאס רעכט פון דעם ארבייטער צו סטרייקען, האט די קאמיטע פון דער אמעריקאן

### „טרוקענע" פאדערען פעסטע שטעלונג

מר. וויהלער פון דער אנטי־סאלון ליג האט אייפגעפאדערט די רעזאלוציאנס קאמיטע אנצונעהמען א פעסטע שטעלונג דורכצופיהרען די טרוקענע געזעצען, זאגענדיג אז די דעמאקראטישע פארטיי וועט עס אויך מוזען טאן.

### פרייען פאדערען ארגאניזירונג רוסישע בלאקאדע

צווישען די פרויען־קאמיטעטען וואס זענען ערשיענען פאר דער רעזאלוציאנס קאמיטע איז אויך געווען א קאמיטע וועלכע האט געפאדערט, אז די רוסישע בלאקאדע זאל ארגאניזירט [?] גענומען ווערען. דיזע קאמיטע איז באשטאנען פון ליוסי ברענעם, דר. לאוועט און מיס גרייס עבאט.

## מוטער און טאכטער גט'ן זיך מיט'ן זעלבען מאן

א מערקווירדיגע געשיכטע האט פאסירט לעצטען דינסטאג אין היגען סוירקיט קאורט. א מיידעל, וועלכע האט נאך לויט דעם געזעץ, ניט דערגרייכט צו דער עלטער פון הייראט, איז אפגעגט געווארען מיטן זעלבען מאן, מיט וועלכען איהר מוטער האט זיך גע'גט מיט איינינע יאהר צוריק.

די דאזיגע מערקווירדיגע קייס איז געפיהרט געווארען פון גלעדיס מ. וועיל געגען סעמיועל רוש. וועיל אין דזשאדזש מאנדעל'ס קאורט. דאס פארעל האט געהייראט דעם 28טען מאי, 1918 און לויט די באווייזע, האט מר. וועיל פארלאזען זיין יונג ווייבעל און האט פון דאמאלט אן זיך ענטזאגט אויסצוהאלטען זי און איהר קינד.

די הויפט עדות זאגערין אין דיעזער קייס געגען דעם מאן, איז געווען די מוטער פון דער יונגער ווייבעל, מרס. ט. וועיל. ווען זי האט געהייראט מיט איהר טאכטער'ס מאן, איז זי שוין געווען אן אלמנה. זי האט איהם אפגע'גט אויף דער באשולדיגונג, אז ער מאכט חנ'דלעך צו איהר טאכטער, און אזוי שנעל ווי די מאמע האט זיך נאך גע'גט מיט איהר שטיעף־טאטע, האט דאס טעכטערל מיט איהם חתונה געהאט.

יעצט האט די מאמע, פארשטעהט זיך, א נקמה גען איהר טעכטערל, גע'גט מיט איהר שטיעף־טאטע, האט א צעהנטען צו קאנקורירען מיט איהר מאמען אין ליעבע...

## זעלבסט מארד פון יונג מיידעל א רעטעניש פאר היעגער פאליצי

בערנארד פאסטער, א זעלטען שעהן מיידעל, 24 יאהר אלט האט לעצטען דינסטאג באגאנגען זעלבסט מארד דורך גאז אין איהר היים, 32 שארלאט עוו.

דעטעקטיווס טריען יעצט צו געפונען די אורזאכע, וואס האט דאס מיידעל געטריבען זיך צו נעהמען דאס לעבען, אבער זייער מיה איז פארלוי'פיג אומזיסט אלין וואס מען ווייסט איז, אז מאנטאג אווענט איז זי „אויסגעגאנגען" מיט א יונגען מאן און אויף מארגען פריה האט מען זי געפונען טויט אין איהר רום.

דער יונגער מאן, מיט וועלכען דאס מיידעל איז געווען שפאצירען איז געווען אויפגעטראגען צו דער פאליצי, וואו מען האט איהם געפרעגט איינינע פראגען. ער האט ערקלעהרט, אז קיין זאך איז צווישען זיי מאנטאג אווענט ניט פארגעקומען אזוינס, וואס האט געקענט זיין באליידיגען טריבען צו זעלבסטמארד. אנגעשטעלטע פון א דאון טאון אפיס, וואו דאס מיידעל האט געארבייט, דערצעהלען, אז זי איז מאנטאג א גאנצען טאג געווען פאלשטענדיג נארמאל און גאנץ אויפגעלעגט.

די היגע פאליצי האט דארום גאר ניט קיין ליכטע אויפגאבע צו דערגרונטעווען דעם סוד פון דיזען זעלבסט־מארד. דעם מיידעל'ס מוטער, מרס. קערי פאסטער, איז אפגעפאהרען קיין באסטאן מיט איינינע טעג פריהער און דאס מיידעל איז איבערגעבליבען אליין אין הויז. איהר בעליעבטער דערצעהלט, אז זי האט זיך גאנץ אפט פאר איהם פארטרויעט, דאס זי האט שרעקליכע פאמיליען טראבעל. איהר פאטער איז אין א סאניטאריום און איהר מוטער פלעגט זעלטען זיין אין הויז. זי פלעגט שטענדיג זיין ביזי מיט פארשידענע געשעפטען.

פריינד און באקאנטע פון'ם פארטרי דערצעהלען אבער אן אנדער געשיכטע: אז לעצטענס איז צווישען זיי פארגעקומען א געוויסע מיספארשטענדניש, וואס איז פיליכט געווען די אורזאכע פון איהר שרעקליכער טאט.

ווי די מעשה זאל אבער ניט זיין דערווייל בלייבט די זאך א רעטעניש און די פאליצי איז ביזי מיט וויטערדיגע איהראויספארשונגען.

## קיידאן פערטיידיגט שווערע שטראף פאר באנדיטען.

אויף א פארזאמלונג פון דער „סיטיזענס ליג", דינסטאג אווענט, האט דער אידישער דזשאדזש, הערי קיידאן, ערקלעהרט, ווארים ער איז אזוי שטרענג אין זיין באשטראפען די קרימינעלע פארברעכער, וועלכע ווערען פארגעבראכט פאר איהם. די אורזאכע איז, — האט ער געזאגט, — וואס אין דער קרימינעלער וועלט פון דעטראיט עקזיסטירען „אויסערגעוועהנליכע באדינגונגען".

ריכטער קיידאן האט זיך אפגעשטעלט אין אויך ניט קיין גרויס פארגעניגען צו פארשיקען א מענשען אויף 15 אדער 20 יאהר געפענגעניש. אבער די איצטיגע באדינגונגען אין דעטראיט פאדערען, אז אזעלכע שווערע שטראפען זאלען געגעבען ווערען, האט ער געזאגט, כדי צו מאכען די היגע קרימינעלע סיטואציע קלעהרער.

ריכטער קיידאן האט צום סוף געזאגט פאלגענדעס:

„איך דענק, אז דיעזע שווערע באשטראפונגען, וועלען האבען א ראדיקאלע ווירקונג אויף די היגע פארברעכער, און אז אין קורצען וועל איך זיין אימשטאנד צו געבען גרינגערע שטראפען".

### קארוזא'ס הויז בארויבט פון ציערונג אויף א האלבען מיליאן דאלאר

איסט העמפטאן, נ. י., יוני 9. — גנבים האבען לעצטע נאכט זיך אריינגעכאפט אין ענריקא קארוזא'ס וואוינונג און זענען פארשוואונדען געווארען מיט ציערונג אויף דעם ווערט פון $500,000. מרס. קארוזא האט ענטדעקט די גנבה, ווען זי האט זיך אויפגעכאפט דורכ'ן קלינגען פונ'ם „בורגלער אלארם", וואס האט פאראייניגט איהר צימער מיט דעם ארט וואו די ציערונג האט זיך געפונען.

זי איז גלייך מיט איהרע באדיענער אריין אין צימער, אבער די גנבים האבען זיך שוין געהאט אפגעטראגען מיט די ציערונג.

מר. קארוזא געפינט זיך איצט אין האוואנא אויף א קאנצערט טור.

### אויטאמאביל פון היגען בריטישען קאנסיל הרג'עט א מענש

פרענק גאסטין, 38 יאהר אלט, איז געשטארבען אין רעסיווינג האספיטאל פון די וואונדען וואס ער האט געקראגען ווען ער איז איבערגעפאהרען געווארען פון אן אויטאמאביל, וועלכער באלאנגט צו האווארד גרייווס דעדעריטה, בריטישער קאנסיל אין דעטראיט.

פאסירט האט דער עקסידענט אויף מישיגען עוועניו, צווישען דער 28טער און 29טער סטריט.

# CLASSIFIED

### מיידלעך פארלאנגט

צוויי מיידלעך לויידיעס. נעמעס אויס־ קוקן. אין עלטער פון 20 ביז 25 יאהר. אין א דזשענט פוירנישינג סטאר. גוטע סאלארי און סטעדי פאזיציאן צו די ריכטיגע פערזאנען.
בייטס סורפלאס סופליי סטאר
144 בייטס סטריט.
12)

### מר. ביזנעסמאן!

וואָרום טוט איהר ניט ווי אלע פאר־ שטענדיגע ביזנעסלייטע טהאָן? אויב איהר מוזט צוליעב וועלכע עס איז אור־ זאכע פארקויפען אייערע ביזנעס, װאָרט נישט פיעל —

### מאכט אן אקשען

און איהר וועט קריגען די געלד אין קעש דעם זעלבען טאג. רופט אָפּ דעם באקאנטער אקשעניער —

### בען פרידמאן

ער וועט אייך זיכער צופריעדענשטעל־ לען. רעזידענץ 220 בענטאן סטריט. טעלעפאן קעדילאק 2580.

### צו פארקויפען

די זעהר גוטע איינזיקריעם פארלאר אין די פאונטעין באד הויז, אין מאונט קלעמענס. טוט זעהר גוטע ביזנעס. שרייבט אדער פרעגט נאך אויף מ. א. בעקערמאן, מאונט קלעמענס, מיש.
11)

### סטאר צו פארקויפען

אין 698 בוביען סטריט. קעש ביזנעס. בילינע רענט. גוטער לאקיישאן. אייגנ־ טימער פאהרט צוריק נאך יורעפ. קומט און זעהט עס שנעל. פרייז פאר ניכען פארקויף $1,200.00.
12)

### צו פארקויפען

א קענדי סטאר. א גוטען לאקעשאן. זיכער צו מאכען א שעהנעם לעבען. אורזאכע קען ניט אטענדען אליין. נאכ־ פרעגען 1973 ראסעל.
17)

### צו פארקויפען

8 פוס מארבל סארא פאונטעין צוזאמען מיט א בעק באר, אלז־וואארע און אז. וו. גרויסער בארגעין. מוז פאר־ קויפט ווערען, ווייל איך ברויך דעם פלאץ. נאכפרעגען, בענטאן 982 ביכיען קארנער וואהבען.

### פ א ר ל א ר ע ן

א גרין גאלד וריסט וואטש מיט איניציאלס אין ניו דעטראיט אפערא הויז, פרייטאג אווענט. א ריוואָרד צו דער פארטיי וואס וועט דאס ברענגען צו מרס. אפרוסי, 2006 קאהלען עוו. אדער 148 הייקן סט. טעלעפאן סידער 1909 וו. אדער טשערי 3769.

### באקאנטמאכונג

די סילווער לעדער קא. 578 רוסאן. קעמפא, קויפט פארשיעדענע וארטען לעדער און אימיטיישאן לעדער, אויך אלטע לעדער און ראבער בעלטינג. ספעציעל זענען מיר פאראינטערעסירט אין נייע סעללאליד סקרעפ; מיר צאהלען 65 סענט א פונט.
פארגעסט ניט אונזער טעלעפאן נומער: מעלראָוז 4610.

איינגעץ
דעטראיטער אגענטען
זיינען
דזשוי לעפקאווסקי און סאם בראדווי מארקעט

### צום דעטראיטער פובליקום!

יעדער איינער דארף וויסען: אז אייגען זיינען די איידעלסטע ארגאנען אין דעם מענשליכען קערפער. ועון איהר ליידעט פון אירגענד וועלכע קאפּשמערצען אדער נערוועזיטעט, דאן נעהמט צו אן ערנסטען ערהליכען אפטאמעטריסט, ער וועט אייך פארזיכערן און ווייסענשאפטליך צופאסען נייטיגע ברילען.

אונזערע ביגעפאסטע ברילען וועט די ערייזען פון אלע אייערע טראבעלס. קומט צו אייער גוט באקאנטען

**Frosh O. D.**
**אפטאמעטריסט**

אין 204 קלינג'ס בילדינג וועלכע געפינט זיך אין 308 הייסטינגס סט. קענעדא בע איהליד'ס דזשועלערי סטאר.

### פערלאנגט און געזוכט

צוויי אדער דריי ליינס אין „וועג" ברענגט אייך די בעסטע רעזול־ טאטען.

### א בעקערי

מיט אלע טולס און אטאמאביל צו־ זאמען מיט דעם בילדינג צו פארקויפען. א גרויסער בארגעין. געפינט זיך אין א גוטען לאקיישאן. נאכפרעגען אין 1415 טשעין סטריט, מר. טישקין.

### די ליבערטי
### וועט וואש לאונדרי

פארלאנגט א דרייווער. מוז קענען ריידען פויליש. זאל האבען זיין איי־ גענע מאשין און מיר וועלען פוירנישען א פארטינען ראוט. נאר דער ריכטיגער פערזאן זאל זיך מעלדען. פרעגען 374 קאסטער עוועניו.
13)

## Real Estate
### לענדלארדס און פראפערטי אייגענטימער

לאזט זיך ניט נארען; זייט פארזיכטיג בעפאר איהר קויפט סעמענטענע נאר־ בעדוש אדער אש־רעספעפטיקאל, דיטראיט קאנקריט מאניופעקטשורט ריזאינסטאלד רעסעפטיקלס. די צעמענט איז געמישט מיט ווייער, ווערט נעווער צופאלען, וועט זיך ניט שפאלטען פון פראסט. מיר גאראנטירען ביליגער אין פרייז, בעס־ טע אין קוואליטי. ה. מ. קאפפמאן, 296 האנקאק איסט. טעלעפאן מעלראָוז 3593 וו. טשערי 1473. פרייע איינ־ סטאליישאן.

### צו פארקויפען

א צוויי פאמיליע פלעט פול בייסמענט מיט צוויי פוירנעסעס. פרייז $11,000 איינצאהלען $3,000. אין 311 רעלמאר עוו. נאכפרעגען אייגענטימער אפסטערז.
13)

### סטאר און פלעט
צו פארקויפען.

צוויטער פראה. 8 רומס (4 בעד רומס און באטה, פענטרי און עטטיק), ערשטער פלאר, סטאר און פיער רומס (צוויי רומס און באטה). גרויסער בייס־ מענט און בארן, קארנער לאט. 30 ביי 95. פרייז $14,500. קליינע איינצאה־ לונגען און גרינגע טירמס. נאכפרעגען: קאספער האפפמאן, ברענטש 1547 הארפער סטריט, טעלעפאן לינקאלן 1896, אדער לינקאלן 1494 עם.

### רעיל עסטייט ספעשעלס

צוויי קארנער סטארס און לאט אויף מישיגאן עוועניו וועסט סייד, אין פעק־ טארי דיסטריקט. פרייז $48,000. איינ־ צאהלען $25,000. דאס איבעריגע לייב־ טע אפצאהלונג.

### א גרויסע סטאר

40 ביי 20 פיס, אויף מישיגאן עוו. גוט פאר עני ביזנעס. דער פלאץ איז ווערט פון $65,000 ביז $70,100. וועל סאקריפייסען פאר $58,000. איינצאה־ לען $37,000. דאס איבעריגע מיט לייב־ טע אפצאהלונגען.

### א בריק סטאר

גוט פאר עני ביזנעס. וועל סאקרי־ פייסען פאר $17,500. איינצאהלען $12,500. מוז פארקויפט ווערען ווייל אייגענטימער פאהרט נאך יורעפ.

### א גרויסע סטאר

די אויבענערמאנטע פלעצער געפי־ נען זיך אין וועסט סייד פעקטארי דיס־ טריקט. נאכפרעגען: א. דזשי. בורעק, 83 פרי סטריט. אדער דזשי פ. קלי־ מאווסקי, 247 — 35טע סטריט. רעיל עסטייט בראקערס.

### דער בעסטער מוהל אין שטאט
### און מסדר קידושין
### חזן דוד גאלדען



אין 484 איסט האי סטריט
טעלעפאן סעין 4420

### רעוו. ל. ד. רייכלין
### פון אהבת אחים שוהל
(אוקלאנד)
נעהמט אן סדור קדושין
און אנדערע שמחות מיט די בעסטע
צופרידענהייט.
511 קעמערא עוועניו
טעל. העמלאק 1130 דאבעליו

ביזנעס
איז גוט
אויף הייסטינגס
סטריט

### מאדערן דעליקאטעסען סטאר
473 הייסטינגס סטריט
טעלעפאן טשערי 6169 וו.
ה. האלסקין, פראפּ.

איך וועל אייך אנשרייבען אייערע
אדווערטייזינג
וועט עס אייך ברענגען
רעזולטאטען
י. ל. מאלאמוט מעין 3715

קויפט די בעסטע
שרייב טינט
אין דער וועלט
פון בושע'ס אינק קא.
186 בענטאן סט. דעטראיט, מיש.

### מאיעווסקי און כהנ'ס
דזשענטס פארנישינגס
באיס קלאדינג און העטס
528 הייסטינגס סטריט
טעלעפאן: טשערי 7867

### ליעבערוויץ בראס.
פיטען
ש י ך
פאר דער גאנצער פאמיליע
524 הייסטינגס סטריט

### שיפמאנ'ס
דזשענטס פוירנישינגס
605 הייסטינגס סטריט
צווישען בענטאן און עליאט
האט א שם צווישען מבינים

### דזשייקאב וועקסלער
שרייבט אינשורענס פון
דעטראיט לייף־אינשורענס
272 קווינבי — נארטוועי 2554 דאבליו

Y. H. P. A.
### רעסטאראנט און לאנטש.
האפמאן בראס. און זלאטניק
הייסטינגס קאר. ברידי
אפען טאג און נאכט

### עקסטרא

הארדוועיר סטאר צו פארקויפען
1169 סט. אבין סטריט
ביזנעס עסטאבלישד פאר 10 יאהר.
וועל פארקויפען ביליג צום שנעלען קויפער. נאכפרעגען מר. מאקאססקי.

### צו פארקויפען

8 פוס מארבל סארא פאונטעין צוזאמען מיט א בעק באר, אלזוואארע און אז. וו. גרויסער בארגעין. מוז פאר־ קויפט ווערען, ווייל איך ברויך דעם פלאץ. נאכפרעגען, בענטאן 982, בוב־ יען קארנער וואַרען.

### בעקערי און קאפע הויז
### צו פארקויפען

זיכער צו מאכען געלד. עס איז א בארגעין. 275 מישיגען עוועניו. בעסטע לאקיישאן.

### אין פארנישד רום

פארלאנגט ביי איין אנשטענדיגע פא־ מיליע, אין 575 בראש, טעלעפאן קע־ דילאק 1663 דזשי. מרס. מילער.

### א קארנער אין אוקלענד עוו.
### צו פארקויפען

5 סטארס און 5 פלעטס בריק בילדינג אין רעכטען אידישען געגענד. איינ־ נעמט $9000.00 יעהרליך. פרייז $80,000.00. איינצאהלונג $30,000.00. גרינגע טירמס. נאכפרעגען אין „וועג" באקס 90.

### העברעאישער לעהרער פון ארץ

ישראל. ווער עס וויל זיך לערנען לשון הקודש, זאל זיך ווענדען 2139 האסטעל סטריט. יצחק לוכטן

### סעקאנד פוירנישור סטאר

צו פארקויפען. ביליג רענט. א ליעס פאר א לאנגע צייט. איך בין געצוואונ־ גען צו פארלאזען די שטאדט. א באר־ גען פאר דעם שנעלען קויפער, פרעגט 514 גרייטיאט עוועניו.
15)

### פיקניק גראונדס

צו פארגענטען אין א שעהנעם פלאץ מיט א דענס פלאר. אויף דעם 7 מייל ראוד, ניער וויינדען, מיט הארפער סענטער ליין קאר. צו פרעגען 1618 מעקסוועל עוועניו, דזשאהן עמעט

### פערזענליכעס

א פרוי, א גרושה, 37 יאהר אלט, א גוטע ווירטען און אויך ביזנעס פעהיג האט דריי קינדער. זוכט א באקאנט־ שאפט מיט א מיטעליעהריגען מאן, וועלכער איז אין ביזנעס אדער א גוטער ארבייטער. צוועק הייראטה. אדרעסירט: „דער וועג", באקס 50, דעטראיט, מיש.

# אונזער אידישע ביזנעס דירעקטארי

אידען פון ארומיגע שטעדט
וועסטערן טאקינג מאשין קא.
493 הייסטינגס סטריט, ניער אלפרעד
אידישע אויך רעקארדס אין אלע
שפראכען. אפען אווענטען און זונטאגס

### ראזען'ס בעקערי
ברויט און פענסי קייקס
408 הייסטינגס סטריט
צו מיר קומט מען פון אלע טיילען שטאט

### דזש. ראטנער'ס
דזשענטס פארנישינג און קעפּס
584 הייסטינגס סטריט
מיר שטעלען אייך צופריעדען
מיט סטייל און פרייזען

קויפט הערינג ביי דער
### מישיגאן הערינג סופליי קא.
ה. מילער, 435 הייסטינגס סטריט
פראבירט די נייע שמאלץ און
מאטיעס הערינג

### באהעמיען רהיי בעקערי
ניינטען קארן, פראפּרייעטאר
515 הייסטינגס סטריט
א פולע ליין קייק, חלה און ברויט

### קאהן בראס. און מייערסאן
דער רעסטאראנט וואו מען עסט זיגגענ־ דיג א גאנצע וואך. דער עיקר שבת און זונטאג (שנאָרער למשל). 630 הייסטינגס

### נארע ביליג פאר סטאר־קי־ פערס און פעדלערס
ספעציעלע פרייזען פאר ריטיילערס
מאקס ראזינסקי
353־355 הייסטינגס, קאר. קאלומביא

### טייכער'ס הארדוועיר
768 הייסטינגס סטריט
אפולע ליין בילדערס סופלאיס
אלומינום, פיינטס א. ז. וו.
ארדערס דעליווערט איבעראל

## J. Lanskey Tailor
### איבע איהר ווילט קרינגען
גוטע פארנטווארטליכע ארבייט דאן קומט צו 105 טיאדאר סטריט.
מיר קלינען, פרעסען און רעמאדלען לאידיעס און דזשענטס גארמענטס.

דער פלאץ פאר גוטע ארבייט
גוטע בעהאנדלונג — ליבעראלע
פרייזען.
### דר. ה. סטאריקאף
ד ע נ ט י ס ט
480 הייסטינגס סטריט

קעש רעדזשיסטערס
עשאנאלס, אלערליי סטיילס.
— געקויפט און פארקויפט —
**DETROIT USEDCASH REGISTER CO.**
**66 Broadway Cadilac 5112**

### דר. לאנדי, דענטיסט
מאכט באקאנט צום ווערטהען פובליקום דאס ער האט ערעפענט די דענטאל אפיס פון דעם פארשטארבענעם
### דר. שליסעל
אויף 617 הייסטינגס, נעבען עליאט.

### אוקלאנדער אידען
פיסען וייערע
### ציינער
ביי
**D. H. Goodman**
### דענטיסט
נעמיפט פון 427 וואודוואר
737 אוקלאנד עוו.

### שעכטער'ס
### דראג סטאר
477 הייסטינגס סט.
טעלעפאן טשערי 5763
פריסקריפּשאנס פארפערטיגט מיט די גרעסטע פינקטליכקייט
צו יעדער צייט

בוסט הייסטינגס
סטריט.
ס'איז א סגולה
צו פרנסה

פאר גוטע ארטיסטישע בילדער איז
ר ע ק א מ ע נ ד י ר ט
א. קעלערמאן, פאטאגראף
490 הייסטינגס סטריט

ווילט איהר עסען פרישע שפייז
ק ו י פ ט
### דזשוי לאבאר'ס
פוטער און אייער
378½ הייסטינגס סטריט

יוטאפיא האל (אפסטערז)
### י ו ט א פ י א
### אייז קרים פארלאר
398 הייסטינגס סטריט
א. פאול, פראפּ.

### מאקס ראזענבערג'ס פאר שאפ
האלסייל און ריטייל, ריפּערינג און רימאדלינג צו מעסיגע פרייזען
484 הייסטינגס סטריט
טשערי 7701

### גאלדבערגס כשר רעסטאראנט
391 הייסטינגס סטריט
פרישע שפייזען פאר געוועהנליכע פריי־ זען. קומט און איבערצייגט אייך

### ה. פלאטקינ'ס בוך סטאר
(געוועזענער אוצעניקס)
אידישע ביכער, ספרים, טליתים
פאר די מעסיגסטע פרייזען
455 הייסטינגס סטריט, קאר. ארעלייר.

### קרעמער'ס הארדוועיר
278 קענפיעלד
מעלראָוז 1732 „עם"
ראיעלע באהאנדלונג. מעסיגע פרייזען

**McCAREY'S**
### טייר ריפייר שאפ
667½ הייסטינגס סטריט
ווארפט ניט אוועק קיין אלטע טיירס

## Reliable Store Fixture Co.

מיר האבען א גרויסען אויסוואהל פון ארעהאנד סטאר פיקסטשורס, וואל קייסעס, שאו קייסעס, אייז באקסעס, קאונטערס, שעלווס, שייפס, סקיילס, רעדזשיסטערס, נייע און געיוזטע. פרייזען מעסיגע. ערענטליכע בעהאנד־ לונג. 2 סטארס.
רעליעבל סטאר פיקטשור קא.
305 גרעשיאט עוועניו
טעל. קאדילאק 2445
277 מישיגאן עוועניו
טעל. קאדילאק 4924 עם.

### מאשינען־קינאָ אפּערייטארס
לערענט זיך פאר
ליבטע און ריינע ארבייט, קורצע שטונ־ דען, גוטע ווירדעשעס קוואליפיקיישאן גאראנטירט.

**Movie Operator's School**
**33 Sproat St**
מאנטאג, מיטוואך און פרייטאג
7:30 אבענד.

גיט אייער קינדער א מאדערנע אידי־ שע ערציהונג שיקט זיי אין דער מעני־ רעלע פאלקס שולע 204 איסט הענ־ קאק. עס ווערען געעפענט נייע קלא־ סען פאר אנפאנגערס, אויך שולער פיר די העכערע קלאסען, אין שולע לע־ רענט מען אידיש העבראאיש. געשיכ־ טע און לענגענדען, די שולע איז אפע־ יעדען טאג פון 4 ביז 7 זונטאג פון 9 ביז 12.30

— באקאנטמאכונג —
### רעוו. א. קאצער
וואס איז רעקאמענדירט פאר'ן
בעסטען
### מוהל.
זיינט די לעצטע 20 יאהר
האט געמופט פון 263 פארנסווארט
אין
140 מיידערי, קאר. בראש
טעלעפאן: מארקעט 827

ווילט איהר אייערע
שלעסער, שליסלען קארפענ־ טער זעגען, טולס און אנדערע
ארבייט
גוט געמאכט און גאראנטירט?
סו קומט צו
### מ. ראמניטץ
245 מאנטקאלסט.

# Mt. Clemens

דער בעסטער האטעל
א י ז ד ע ר
## פאונטעין האטעל
כשר

100 שעהנסטע רומס. גרעסטע דיינינג רום. נעבען דער פאונטעין בעטה הויז. פרייז $25 רום און בארד. די קאר פון דעטראיט ברענגט אייך צו אונזער טיר, ועון איהר זאגט צום קאנדוקטאר אז איהר ווילט סטאפען נעבען „פאונטעין". שיקט א פאסטעל קארד. ווען איהר ווילט וויסען איינצעל־ הייטען צו
סעם מארינאוו, פראפּ.

דאס שטרקסטע מינעראל וואסער אין דער וועלט איז די
## פאונטעין בעטה הויז

אונטער א אידישער מענעדזש־ מענט. קומט און ווערט קורירט פון רומאטיזם, נערווען־קראנק־ הייטען א. ז. וו. אונזער פאונ־ טען בעטה הויז איז די ערשטע און אריגינעלסטע ווי אויך די איינציגע אידישע.

בעסטע באהאנדלונג גא־ ראנטירט.

שרייבט צו די
**FOUNTAIN BATH HOUSE**
**Cor. Gratiot & Clinton,**
**Mt. Clemens, Mich.**

### דעטראיט כשר הויז

רומס און כשר'ע מיעלס צו מעסיגע פרייזען
ל. נאווענד, פראפּ.
142 נ. גרעשיאט, מט. קלעמענס
נעבען דער פאונטען בעטה הויז
קאר סטאפט ביים טהיר

### אטלאנטיק כשר הויז
### מאונט קלעמענס

פאר $25 א וואך גיבען מיר אייך א פיינע רום מיט עסען. די פאונטען באד איז נעבען הויז. שרייבט א פאסטעל קארד צו דער אטלאנטיק.



ס'ניט נעדרונגען אז איהר מוזט האבען טייזענדער צו זיין אין מט. קלע מענס

## ניו ווילא האטעל

וועט אייך רעכענען $25 א וואך און איהר וועט הנאה האבען. אלע רומס קאנעקטעד מיט א פעסערדוש צו די פלאזא בעדער. שרייבט נאך איינצעל־ הייטען צום פראפּרייעטאר ה. קראוז.

## אייער פארלארענע געזונט



קריגט איהר צוריק, ווען איהר זענט אין מאונט קלעמענס און סטאפט אין

## גלענוואוד האטעל

קאנעקטעד מיט די בארימטע אלימ־ פיא בעדער. שעהן, ליכטיג, לופטיג. פרישע שפייזען, מעסיגע פרייזען. א ספעשעל לאנטש און דעליקאטעסען סטאר, קאנעקטעד מיט די גלענוואוד. שרייבט נאך אינפארמאציע צו א. מאראר־ סקי.

א נייעס אין מאנט קלעמענס
### צוויי כשר'ע
### דעליקאטעסען סטארס
אין מאנט קלעמענס
**B. & M. DELICATTESSEN**
**58 N. Gratiot**
**and 46 Cass Avenue**
אלערליי לאנטשעס און געטראנקען. באזוכט אונז ווען איהר זיים אין
מ א נ ט ק ל ע מ ע נ ס

### קליוולאנד כשר
### האטעל און רעסטוראנט

מרס. סערע זעמלאקאווסקי און לינא בעקערמאן
97 קלינטאן סטריט
מאונט קלעמענס

בעסטע סירוויס, ביליגע פרייזען. נעבען נעבען באדינג פלאץ. אפען א גאנץ יאהר. שרייבט א פאסטעל קארד.

## זייט געזונט



און פארברענגט אייער זומער וואקיי־ שאן אין מאונט קלעמענס, און אז שוין אין מאונט קלעמענס וועט איהר סטאפען אין

## Elkins Hotel

100 רומס. דיינינג רום פאר 300 לייט. א רפואה פאר קראנקע, א פאר גניגען פאר געזונטע.

### פיטסבורג כשר האטעל
אין מאנט קלעמענס

נעקסט דאר צו פלאזא בעטה הויז. מיר באהאנדלען אייך ראיעל און רעכנען ניט טייער. וואטשט פאר אונזער פאר־ טרעטער ביים סטיישאן.



## אלבאני האטעל

אין מט. קלעמענס, האט א נאמען פאר די לעצטע 20 יאהר אונטער דעם זעל־ בען מענעדזשמענט.
מיר בעטען אונזערע קאסטומער און פריינד צו קומען באצייטענס אויבער דער סעזאן איז אין פולען גאנג, כדי מיר זאלען זיי קענען געבען בעסערע בא־ האנדלונג. שרייבט צו
ב. מאסקאוויץ

## ריווערסייד האטעל

(געוועזענער פארק ענעקס)
מט. קלעמענס, איננאנצען רעמאָ־ דעלירט, עפענט זיך 1־טען מאי, 150 רומס, דיינינג רום פאר 300. דאס איידעלסטע פלאץ פאר געזונטע ווי פאר קראנקע. שרייבט נאך איינצעלהיי־ טען.

## Riverside Hotel
**Mt. Clemens, Mich.**

# סאסייעטיס, שוהלען און ארגאניזאציאנען אויפמערקזאם

# דער וועג

אין אייער ציימונג, און אלס אזעלכע איז „דער וועג" מוכן ומזומן צו לייסטען אידע נויטיגע הילפע צו יעדער אר-גאניזאציאן און צו יעדער געלעגענהייט. — אויב איהר האט עפעס פון וויכטיגקייט, ברייננט עס אריין. — אויב איהר דענקט אז „דער וועג" קען אים געבעסערט ווערען, קומט אריין אין אפיס אדער שיקט אריין ביי מעיל און מיר וועלען אייער מיינונג שענקען די נויטיגע אויפמערקזאמקייט. — אויב אייער סאסייעטי, אדער שוהל האט געהאט א וויכטיגען מיטינג, אויב אייער פאראיין אדער ארגאניזאציאן האט באשטימט עטוואס פון וויכטיגקייט פאר דער גאנ-צער שטאדט און אלגעמיין, ברייננט אריין דעם רעפארט און „דער וועג" וועט דאס דרוקען. — אויב עטוואס געהט אז און אייער נאכבארשאפט וואס דארף געענדערט ווערן, דאן לאזט הערען אייער שטימע דורך די קאלומנס פון „וועג". — געדענקט אז „דער וועג"

## איז אייער צייטונג.


# דער וועג פאבלישינג קאמפאני

איז די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין דעטראיט.

Main 3715

347 Hastings St.

# אין א ווינקעל פון דעטראיט

ראמאן פון ב. איסאיעוויטש

(פארטזעצונג)

ערשט ביי די לעצטע ווערטער האט ער זיך אויסגעקירעוועט צו איהר מיט'ן פנים און אויף איהר א גיפטיגען בליק געטאן און דאן מיט א פארשעמטען מיל א ברוגז געטאן:

— ווײַ!

מרים האט גלייך געקוקט אויף איהם און האט מיט מיט ווייטער געזאגט:

— יא, גרויסער הערר, איך וועל אייך פונקט אזוי פיעל בלוט פארצאפען.

— מיינט איהר דען, אז איך קען ניט דערצעהלען פאר'ן געריכט אט דעם גאנצען שמועס וואס מיר האבען דא גע־האט?

— איך האב דאך גאר געמיינט אז אפשר איז עס נאר דא'א דאס געריכט הויז. ווען איהר האט מיר אבער גע־בען אנצוהערעניש אז דאס געריכט איז נישט דא מיינט דאך דאס א געריכט מיט מענשען, מיט אדוואקאטען, רע־פארטערס, נייגעריגע... פאר יענעם גע־ריכט וועל איך ווארט פאר ווארט אי־בער געבען ווי איהר האט געוואלט מא־כען מיט מיר געשעפט פאר א פאאר דאלאר, ווי איהר האט מיך געסטראשעט אם די עפעל מיט די מאראנצען, וועלען עדות זיין. דער פאליסמאן, איהר אליין, גרויסער הערר וועט עדות זאגען, אז איך זאג אמת —

פארבשטיין איז אויפגעשפרונגען פון שטוהל.

— אזא מיידעל ביסטו? — האט ער זי מיט שרעק געפרעגט.

— יא הערר פארבשטיין. אט אזא מיידעל בין איך. מיינט איהר אז איך וועל זיך לאזען דא, אין דעם צימערעל צוטרעטען ווי א ווארים און איך וועל זיך אפילו נישט וועהרען?...

פארבשטיין האט דערפיהלט די גאנ־צע ערנסטקייט פון דער זאך.

און אז זי וועט טאקע האלטען ווארט? איז איהם ארויף א געדאנק.

דאס וואלט דאך געווען א מורא'דיגער סקאנדאל!

— און איהר האט מיר דאך ערשט געוואלט איינרעדען — האט פארב־שטיין גיפטיג געזאגט — אז איהר ווייסט אפילו נישט וואס אזוינס א גע־ריכט איז. פונדעסטוועגען האט איהר פארשטאנען דעם פאליסמאן ארייננצו־ציהען און פארשטאנען ווי אזוי צו פאר־נארען מיך אז איך זאל אייך מיט פרוכט מכבד זיין, כדי נאכדעם צו האבען א בייטש אויף מיר. אזוי הייסט דאס זענט איהר א פשוט'ע —

מרים איז געגעבען א שפרונג אויף.

— איהר זאלט נישט וואגען מעהר א ווארט צו זאגען. איך האב נישט אין זינען געהאט אפילו אפצונארען. עס האט זיך אזוי אויסגעלאזט, לכתחלה האב איך געמיינט צו נעהמען א פרוכט. זעהענ־דיג אז איך האב קיין געלד נישט, האב איך זיך געשעהמט צוריקצושיקען דעם פאליסמאן. איהר האט געקויפט און איך האב באשלאסען פון אייך אפילו קיין פרוכט נישט צו נעהמען. איך האב אפילו א גלאז טהעע נישט געוואלט טרינקען אין דער פריה. איך וויל נישט געדענקען אז איך האב געקאסט דער אמעריקאנער רעגירונג וואס א גלאז טהע האט די ווערט. בלויז א גלאז וואסער האב איך זיך ערלויבט צו טרינקען. דאס האט מיר מיין מזל דערפיהרט אז איך זאל גאר אויסקלעהרען, אז איך קען אויסנוצען אונזער גאנצען שמועס געגען אייך אליין.

פארבשטיין האט זיך אראפגעלאזט אין זיין שטוהל, א באקעמפטער, א אויפגערעגטער.

אויף אזא צרה האט ער זיך גאר ניט גערעכט.

עס איז איהם אויס'ן זינען נישט גע־קומען, אז אט דאס „גרינע" דערשראָ־קענע מיידעל, וואס ער האט געמיינט, אז זי וועט איצט זיין אזוי נאכגעביג, אז זי וועט איצט טאן אלעס ווי ער וועט איהר דיקטירען — אט דאס קליינ־שטעדטעלדיגע מיידעל האלט נאר איהם אין די הענט, און, אז ער וועט נאר מוזען טהאן, וואס זי וועט פאר־לאנגען.

(צווייי און צוואנציגסטעס קאפיטעל)

### היימי מארגאלים

ניימאן האט דעם אין דערפריה, ווען ער האט דערהערט פון מרים'ס ניט א־היים קומען, ניט געוואוסט. ער איז א צוטר־מעלטער געווארען אין לכתחלה. שפע־טער אבער איז איהם באשערט געווען גערן דער העלד צו ווערען. ער האט פאר אלע אידם'ס בארוהיגט חנה'ן, האט זי איינ־געמיינט; איהר פארזיכערט, אז ס'מעג זיך זיין וואס עס יואל, וועט ער ביז מיטאג צייט אויסגעפינען וואו מרים איז. זאל זי נור האבען געדולד און זאל זי זיין רוהיג. ווארים אנדערש וועט ער נישט קענען מיט א לויטערען מח זיך אנשטרענגען.

אבער חנה איז אליין אן אנדערע גע־ווארען. אהן ניימאן'ס רייד, אהן זיינע בטחות.

זי האט זיך מאמענטאל אנגעטאן, זיך אפגעוואשען און פארקעמט. און מען האט געזעהן אז זי באהערשט אין זיך איהר שרעק.

איהר געזיכט איז געווען בלאס, די אויגען צושראקען, אבער זי האט זיך נישט פארלוירען. מרים'ס נישט אהיים קומען האט זיך איהר געמאהלען נישט אזוי אלס אומגליק, ווי אלס א צופאל, א געשעהעניש, וואס מען וועט מוזען באקעמפפען און זי איז באשלאסען גע־ווען צו ארבייטען און צו קעמפפען.

נישט אנדערש מען האט מרים'ען געקידנעפט — אזוי האט חנה'ן א פינ־סטערע מחשבה געפיקט אין מח — און איצט דארף מען זוכען ארבייטען, שווער קעמפפען ביז מען וועט זי ארויס ראטעווען.

האט זי דערום פארשטאנען אז ניי־מאן איז גערעכט: מען דארף זיין רוהיג נור נישט צומישט.

אבער אז זי זאל בלייבען א מינוט אין הויז אהן ניימאנ'ען דאס האט זי באין אופן נישט געוואלט.

— אה, ניין, ניימאן. איך לאז אייך נישט אפ. איך געה מיט מיט אייך.

ניימאן האט צו ערשט זי געבעטען פארט צו בלייבען אין דר'היים, אבער ווען זי האט שוין גענומען ריידען מיט אן אקטאווע העכער און באפעהלעריש, האט ער פארשטאנען, אז עס איז גליי־כער מיט איהר נישט צו שפארען זיך אצינד. ער האט אויך איינגעזעהן אז ביי חנה'ן איז אין מח א גאנצע רעוואלוציע פארגעקומען; אז זי איז אן אנדערע גע־ווארען.

זענען זיי ביידע ארויס פון הויז און באלד אוועק אין — דער אידישער רע־דאקציע.

ביי ניימאנען איז אויסגעקומען, אז וואס עס זאל נישט פאסירען, איז אדער מען ווייס פון דעם באלד אין די רעדאק־ציעס, אדער מען וועט איהם דארטען זאגען, וואס ער דארף טאן, על כל פנים ווייס מען דארטען מסתמא וואוהין מען דארף זיך ווענדען אין אזעלכע פאלען.

אין דער רעדאקציע וואוהין ער קומט אפט און וואו ער איז מעהר היימיש איז נאך קיינער נישט געווען. נור א דע־זשורנער רעפארטער איז געזעסען אויס־געבויגען אויף דער שרייב־שטוהל, די פיס פארוואַרפען אויף דעם שרייב־טיש און האט געדרעמעלט.

ווען יענער האט דערזעהן ניימאנען איז ער ברוגז געווארען:

— וואס? וואס פאר א בייזע איי־לעניש אויף דיר, יט קאטער? זעה נור איך בעט דיר, ווארום ביסטו נישט גע־קומען פריהער מיט א פאר שעה, וואס'ז דיינע א סקיצע נעהט היינט ארייין אין דרוק?

ניימאנ'ען האט נישט געפאסט אזא ברוך הבא פאר חנה'ן אין דר־אויגען, האט ער געצוואונגענערהייד א לאך גע־טאן: — געה שוין געה, און היין רוה ארויין. געה שלאף ווייטער. איך דארף נוצען דעם טעלעפאן. א נייטיגער ענין. פארשטעהסט? א מיידעל פארפאלען גע־ווארען..

— א וואס? — איז דער רעפארטער באלד געווארען וואכעדיג. ווי א חיה וואס האט דערשמעקט בלוט — א מייד־על פארפאלען געווארען? וואס שווייג־סטו תכשיט מיינער? זעה, נוה, וואס —

ער האט עפעס נאך געוואלט זאגען, האט ער אבער דערזעהן חנה'ן, וועלכע איז ביז איצט געשטאנען פון ווייטענס און נישט געהערט די שמועסען.

---

דער רעפארטער, היימי מארגאלים, א געבוירענער אין ניו יארק, ערצויגען אויף דער אידישער איסט סייד פון ניו יארק, איז געווען א לעבעדיגער בחור'ל. פון יענע חברה־לייט, וואס אומעדום זענען זיי פול, אומעדום שטעקען זיי ארייין די נאז. אלעס וויסען זיי, מיט אלעמען זענען זיי חבר־לאפ; איטליכען איהרצען זיי נישט און קיינער איהרצט זיי ניט; אלעמען קענען זיי און איטליכער קען זיי; האבען פאר קיינעם קיין דרך ארץ נישט און קיינער האט פאר זיי קיין ברעקעל דרך ארץ. קענען אנשפארען ביי פראמינענטסטע פערזענליכקייטען און מען קען פון זיי קיינמאל נישט פטור ווערען.

היימי — אזוי האט מען איהם גערופען.

אז ער האט אויך א צווייטען נאמען, דערפון האט קיינער נישט געוואלט וויסען.

איטליכען רופט מען דאך אין אמעריקא אויף דעם צווייטען נאמען. אפילו דעם ארימסטען פעדלער בחור'ל וועט מען רופען מיט דעם טיטול „מיסטער": מיסטער אזוי און אזוי. נור א רוף טאן היימי'ן „מיסטער מארגאלים" וואלט עפעס אויסגעקוקט לעפיש. דער נאמען היימי און דאס ווארט „מיסטער" זענען געווען צוויי פארשיעדענע באגריפען.

עס זענען אפשר דא איין מנין, אדער העכסטענס צוויי מנינים מענשען אין דעם גאנצען גרויסען און ריזיגען ניו־יארק, וועמען היימי וועט זאגען „מיס־טער". און אפילו דעם, וועמען ער רופט שוין יא „מיסטער" איז עס אויך מעהר מיט שפאס: — „סעי מיסטער קעשיר, אפשר וואלט איהר נישט געווען קיין דבר־אחר און געגעבען אן ארוועגס'ל? — אדער — „מיסטער עדיטאר, זייט אזוי פריינדליך און זאגט אייער סיטי עדיטאר, אז — ער זאל אייך פאלגען א גאנג און געבען א לויף אויף א מינוט קעלע מיט'ן קאפ אין דר'ערד און מיט די פיס אויפ'ן הימעל"...

דאס ווארט „מיסטער" איז ביי היי־מי'ן תמיד ארויסגעקומען מיט א טאן פון איראניע, פון א וויץ, אהן א וויץ, א שטעכווערטעל, א קיבעץ אדער איראָ־ניע האט היימי נישט גערעדט. אפילו צום גרעסטען און פראמינענטסטען מענ־שען האט ער אנדערש ניט גערעדט.

און פונדעסטוועגען האבען איהם אלע ליעב געהאט. קיינער האט זיך מיט איהם נישט געוואלט אנהויבען. זיינע באקאנטע האבען נישט געוואלט ארייג־פאלען צו'ן איהם אין מויל אריין און די וואס האבען איהם ווייניגער געקענט, האבען איהם ליעב באקומען.

אמעריקא האט ליעב א דרייסטען, א מוטיגען חברה מאן, וואס קען צוטרע־טען דורך פארשיעדענע אופנים צו וועל־מען ער דארף און זאל נישט נתפעל ווע־רען פאר קיינעם, ניט אראפפאלען ביי זיך, ניט בטל ווערען.

(פארטזעצונג פאלגט)

# דער איבעריגער

(ערצעהלונג)

פון מרים קארפילאוו



די ערשטע זאך וואס ער האט זיך פון זיינע קינדער יאהרען גוט געקענט דערמאהנען איז געווען ווי זיין טאטע־מאמע האבען זיך געשלאגען.

דאס איז זעהר אינטערעסאנט גע־ווען. די מאמע, באטש זי איז א סך שוואכער פון דעם טאטען געווען, האט איהם דאך בעסער געגעבען. און דאס איז געווען דערפאר וואס זי האט זיך נישט מיט די הענט געשלאגען. נאר מיט וואס נישט איז וואס איז איהר צום האנד געקומען...

דער סוף צו וועלכע זיי האבען זיך דערשלאגען איז געווען א טרויעריגער:

איינמאל איז די מאמע צו צו די קינ־דער מיט א געוויין, איבער א [illegible]־טען, צוגעקומען און זיי אנגעזאגט אז זיי האבען שוין מעהר קיין טאטען ניט. ער האט זי מיט זיי איבערגעלאזען און איז אליין אין ערגעץ אנטלאפען גע־ווארען.

די קינדער האבען די בשורה ווי קינדער אויפגענומען. זיי האבען אראפ צו דער ערד געקוקט, און מיט די פיס אין דיל ארייינגעהאקט. דאן האט די מאמע איהם, דעם קלענסטען, דעם אי־בעריגען, ארומגענומען, און געזאגט, אז זיי וועלען פאר הונגער אויסגעהן. ניטא ווער ס'זאל זיי געבען צום לעבען. זייער שפייזער, זאל ער שוין צוריק ניט קו־מען, אי פון זיי אוועק — אז געהן זאל ער צו זי ווייס!...

ער, דער איבעריגער, האט ביי זיך ניט געקענט פועל'ן, דער מאמען צו העל־פען וויינען, ס'איז איהם שווער געווען צו פארגעסען וואס זי האט ווענען איהם מיט א קורצער צייט צוריק געזאגט אז ער האט גאר ניט געדארפט געבוירען ווערען. ער איז גאר אן איבעריגע זאך געווען. ס'נאר באשערט געווען ס'זאל נאך אן איבעריגער מויל צו די פריהער־דיגע צוקומען.

זיין מויל איז דערמיט שולדיג גע־ווען, וואס דאס האט פאר איינס עסען געוואלט. אבער ער האט זיי, די עסען געבער זיינע, פון זיין זייט געקענט באשולדיגען וואס זיי האבען איהם עסען קיינמאל צו זאט ניט געגעבען.

נאך אלעמען איז איהם זעהר קאמיש אויסגעקומען צו הערען אז א טאטע זאל אנטלויפען. עפעס אזוי ווי א אינגעל פון חדר. און די מאמע אויך; פריהער אז ער איז דא געווען, האט זי איהם צו אבציג שווארץ יאהרען געהייסען געהן, און איצט, אז ער איז אוועק — וויינט זי.

די מאמע איז אין גיכען קראנק גע־ווארען און געשטארבען. דא האבען זיך גוטע שכנים די ארימע יתומים גענומען פארזארגען.

די עלטערע האט מען זיך צו לערנען אן ארבייט אויף צוויייענדיגע טערמינען (ווייל זיי האבען קיין געלד ניט געהאט צוצוצאהלען) אפגעגעבען. דעם אינגסטען דעם איבעריגען, — אזוי ווי ער איז נאך גאר קליין געווען — אויף אן אונ־באשטימטע צייט, מיט דעם אויסרייד מ'זאל איהם אין תלמוד תורה לאזען געהן, און שוכען און קליידען. —

די וואס האבען איהם צו זיך ארייינ־גענומען האבען געהאט אייגענע קינדער געהאט. אבער ער האט זיך ביי זיי גע־פיהלט היימיש; ער איז ביי זיי ווי א אין דערהיים ביי זיך געווען אן איבער־ריגער..

ווען ער איז אויסגעוואקסען און איז צום שכל געקומען האט ער אין אמערי־קא פארוואלט פאקלען. זיין בעל הבית, וועלכער איז שוין מיט איין פוס אויפ'ן וועג צו אמעריקא געשטאנען, האט פאר איהם פון קהל עטליכע רובעל אויפגע־מאכט און איהם מיטגענומען.

אין אמעריקא, ווען זיי זענען געקו־מען האבען זיי זיך געמוז'ט צושיידען. דער בעל הבית אליין איז דא אן אר־בייטער (אין א שאפ) געווארען.

דער איבעריגער האט זיך ווי אן אי־בעריגער אויך אין אמעריקא געפיהלט און האט כסדר געבענקט נאך איטיצען וואס — — — זאל נאך איהם בענקען.

ערשט דא האט ער זיין גרויסען עלענד דערפיהלט און האט זיך אלץ געזוכט צו ווערען, ווי א פארלאזען קינד צו באליעב־טע עלטערן צוצוקלעפען.

איינער, וואס האט מיט איהם אין שאפ געארבייט, האט איהם איינמאל צוגעזאגט צו זיינעם אן אנקעל נעהמען. ער'ה א געהייבענער מענש אזא. איז א טאכטער האט ער, וואס אז איטיצער זאל איהר געפעלען ווערען, וועט ער, דער געוויסער אנקעל, ניט קוקען אויף יחוס, און איהם פאר אן איידים נעהמען.

---

נאכדעם ווי דער איבעריגער איז ביי זיין באקאנטען'ס אנקעל אין הויז געווען, איז ער גאר אן אנדער מענש גע־ווארען. די פריינדליכקייט, די ליעבשאפט מיט וועלכע זיי, די הויזגע, האבען זיך צו איהם באנומען, האבען איהם אים איבעריגען זיך געמאכט צו פיהלען. עלטערן, שוועסטער און ברידער האט ער פאר זיך מיט אמאל געפינען! ער איז גליקליך געווארען.

דאס איינציגע וואס האט זיין גליק געשטערט איז געווען זי, די טאכטער צוליעב וועלכער ער וואלט געקענט — אויב ער זאל נאר איהר געפעלען — זייער אמת'ער זוהן ווערען. זי האט זיך צו איהם בלויז מיט אייך זייט געקערט. מיט איין אויג געקוקט, און שוין זעהר געשוויגען.

די עלטערען איהרע האבען איהם גע־זאגט דאס זי איז זעהר א שעמעוודיגע, וועט זיך נאר קענען האלטען היימיש מיט יענעם ווער ס'וועט מיט איהר חתונה האבען. אויב ער האט עפעס אזא געדאנק ווענען איהר, איז זאל ער זיך ניט שעהמען און זאגען, זיי וועלען שוין זעהן אז זי זאל איהם וועלען, ווארים ער געפעלט זיי.

ער איז זייער איידים געווארען. זיי אליין האבען איהם מיט איהר אין סי־טי האל גענומען און צוריק אהיים אלס געזעצליכע מאן און ווייב געבראכט צו־פיהרען.

עס האט איהם לאנג ניט גענומען און ער האט אויסגעפונען וואס פאר א וויסטע קאליקע זיין ווייב איז: זי האט זעהר שטארק געשטאמעלט. א ווארט אויסצורייידען האט ביי איהר אן אייביג קיים גענומען. איין אויג איז ביי איהר געווען אן אריינגעשטעלטע, א גלעזער־נע, יפיער פינגער פון איין האנד צו־נויפגעוואקסען. דערצו האט זי געהאט שרעקעניש. איהר דערשרעקען זיך פאר א יעדער קלייניגקייט פלעגט איהם אי־בערשרעקען. און א קרום ווארט אדער א בייזען בליק האט זי ניט געטארט קריי־גען. אויב יא, האט זי א טבע געהאט א פאל צו טאן און חלש'ן.

איהרע עלטערנ'ס ליעבע צו איהם איז גלייך נאך דער חתונה אפגעקיהלט געווארען. זיי האבען איהם גלייך גע־לאזט פיהלען דאס ער איז ביי זיי אן איבעריגער. זי אויך...

ווען ער האט זיי אויף איהרע פעה־לערען אייפמערקזאם געמאכט, האבען זיי איהם אויסגעלאכט: געוואלט פריהער זעהן. איצט איז פארפאלען, ס'אמע־ריקא.

ער האט באשלאסען צו איהר, זיין אונגליקליכע קאליקע, אפעלירען. זי זאל איהם פריי לאזען. איז ווי זי האט עס דערהערט האט זי מיט איהר האנד וואס מיט די צונויפגעוואקסענע פינגער א מאך געטאן, זיך אויף דער ערד געווארפען, די האנד אויסגעלונקען, זיך די גלעזערנע אויג צעבראכען און אוועקגע־חלשט..

אויסער זיך פאר שרעק זי זאל ניט אוועקשטארבען און מ'זאל איהם דערנאך אין איהר טויט באשולדיגען, האט ער זיך זי גענומען ראטעווען.

זי אפגעראטעוועט, האט ער איהר פארזיכערט אז ער וועט שוין מעהר צו איהר אזוי — ווי ער האט גערעדט — ניט רעדען. ער וועט זיין גוט...

ער איז געווען גוט. איהר אויף אלץ וואס זי האט באדארפט געלד געגעבען. איהר קיין שלעכט ווארט ניט געזאגט. קיין בייזען קוק ניט געטאן. נאר איינ־מאל ביינאכט, ווען אלע זענען שטארק געשלאפען, האט ער זיך שטיל פון דער הויז ארויסגערוקט...

אן איבעריגער, איז ער צוריק פון זיי. אין דער וועלט ארייין, אוועקגעגאנגען.

---

## א בייזע בייזבאל

פון לאנדאן ווערט ווידער אמאל פאר זיכערט, אז דער מיליטערישער גובערנא־טאר פון פאלעסטינא, גענעראל באלס, וועלכער איז נישט איבעריג פריינדליך צו אידען, וועט באלד אראפגעזעצט ווע־רען און אן אנדער גובערנאטאר וועט בא־שטימט ווערען אויף זיין פלאץ.

ענגלאנד, וועלכע האט זעהר ליעב בייזבאלס און פוס־באלס, מעג טאקע נאס שנעלער פטור ווערען פון באלס, וואס טרעפט אידען אין הארץ ארייין.

האבענדיג ערפאהרונג פון די בינעזי־שע לאנדריי טיקעטס קענען מיר נישט פארשטעהן ווי אזוי מען האט איבערגעלע־זען די באגליסונג פון דעם פראנצויזישען פרעזידענט..

* * *


## פארד קארס און אנדערע קאר

קומט און קלייבט אויס פון אונזער גרויסען סטאק. מיר קויפען פאר קעש און פאר־קויפען אויף לאנגע טערמינען

**Maurice W. Fox Co.**
**Boulevard nr. Oakland**

## קאפלאנ'ס בארגיין סטאר

483 הייסטינגס סטריט

קענט איהר קויפען אלעס פון די פאל־גענדע ליינס:

קאמפליט דרעס גודס ליין פון סילקס, וואלענס און קאטין גודס. פערשיעדענע זענסי ארטיקלען ווי, בעד ספרעדס, קויר־טענס; טייבעל קאווערס; שעמס און סקארפס. קאמפליט ליין אין ליידיס פענ־סי אנדערוועהר און קארסעטס. מענס פארנישינגס און אנדערוועהר.

**ספעשעל! ספעשעל!**

א גרויסער אסארטמענט אין וואלענס פאר מענער אין ביימיס סוטס און קאוטס. א קאמפליט ליין פון סיילאר און דרעסד טייג גודס טרימינגס.

## אייער זומער וואקיישאן

וועט אייך בעסער באקומען ווען איהר וועט טראגען די ריכטיגע אויגען גלעזער





אין אלגעמיין דארפט איהר אלע מאל עקזאמענירען אייערע אויגען ביי דעם

**LOU GOLDBERG**
**245 Griswold St.**

דעטראיטער אויגען ספעציאליסט רעדזשיסטרירטן אפטאמעטריסט און מאנופעקטשורינג אפטישען.

אויגען עקזאמענירט ביי אפוינטמענט אויך זונטאג

מיר שיקען צו אייך אהיים נאך די גלעזער און ריפיירען. דעליווערי פריי.

# גרויסע איבעראשונג

פיר אוקלאנדער פובליקום

דער וועלט בארימטער חזן און זעלטענער דאווענער

# א. ל. רוטמאן

וועט דאווענען מיט זיין גרויסארטיגען כאהר

פרייטאג אווענט פ' קרח און שבת פריה
דעם 11טען און 12טען דושון
אין דער גרויסער

## אהבת אחים שוהל

קאר. דעלמאר און וועסטמינסטער

גאנץ דעטראיט ווייס ווער חזן רוטמאן איז און אלע וואס האבען איהם געהערט זיינען ענטציקט פון זיין זאגען. יעצט האבען די אידען פון אקלאנדער געגענד א גלעג־גענהייט צו געניעסען א וואל־טענעם ענג רוחני.

## טיקעטס 50 סענט און $1.00

טיקעטס צו באקומען ביים פרעזידענט פון שוהל, א. שוריץ, אין דארדוועיר סטאר, קאר. א קלאגד און פילאדעלפיא. — ביי מר. קופער אין דראג סטאר, קאר. גודווין און וועסטמי־ניסטער. — און אלע טאג אין שוהל פון 4 ביז 9 אוהר נ. מ. ביי מר. ליפשיץ.

## ניו דעטראיט אפערא הויז

דירעקט פון דעם
אידישען ארט טעאטער
פון ניו יארק

פרייטאג אווענט און זונטאג מאטינע
(דושן 11טען און 13טען)

## שמשון און דלילה

טראגי־קאמעדיע פון סווען לאנגע

שבת אווענט און זונטאג אבענט
(דושן דעם 12טען און 13טען)

## גרינע פעלדער

ראמאנטישע אידיליע אין דריי אקטען
פון פרץ הירשביין

רעזשיסירט פון יעקב בן־עמי
אנטראקט מוזיק פון פ. הירשביין

מיט די פאלגענדע שוישפילער:

חנה אפעל, יעקב בן־עמי, יחיאל גאלדשמידט, סאניא גורסקאיא, מישא נער־מאן, דבורה וויסמאן, לאזאר פריעד, גרשון רובין, העניעטא שניצער, און איזאדאר עלגראד סטידוש מענעדזשער.

# אויפמערקזאם

די פרוכט פעדלערס איד סאסייטי

פון דעטראיט, מישיגען
פארופען אין

# מאסס־מיטינג

פאר מעמבערס און ניט מעמבערס אויף

## דאנערשטאג אווענד, דושון 10

7 אוהר

אין לייבאר לייסעום

62 ליווינגסטאן סטריט

עס איז די פליכט פון יעדען פעדלער צו קומען צום מי־טינג און זיינען א פעטישאן דאס מיר פראטעסטירען גע־גען מאכען אזעלכע געזעצע, וועלכע וועלען פאקטיש ביי אונז אפצונעהמען צו פעדלען אויף ברויט פאר אונזערע פאמיליעס. אינזער לאיער און די קאמיטע וועלען אייך ער־קלעהרען אלעס. פארגעסט ניט צו קומען צום מיטינג ווייל עס איז אין אייערע אינטערעסען צו קומען אין מאססען.

מיט גרוס,

די קאמיטע.

# Der Weg

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט

ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער

וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד

אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715.


## קינסטלער און דיכטער אין זייער פארהייראטען לעבען

פון ב. י. ג—ן

פאראן באריהמטע ליעבעס. דורך א זא אדער אנדער אורזאכע איז די ליעבע פון דער פון דעם, אדער יענעם „גדול" באריהמט און באוואוסט געווארען אין דער וועלט. איבערהויפט טאקע ווערען דערצעהלט כל ערליי געשיכטעס מכח די ליעבעס פון די גרויסע שריפטשטעלער, דענקער און ארטיסטען.

די פאעטען, זאגט מען, זיינען גרויסע קינסטלער אין דעם ענין פון ליעבען. זיי זיינען נאגים אין דעם „פאך". איינציגע פון זיי — און די זיינען, דוכט מיר, די מעהרהייט — זיינען ניט קאנווענציאנעל אין זייערע ליעבעס אנגעלעגענהייטען. זיי זיינען מוחל אין דער עפענטליכער אנגענומענער מיינונג און אפטמאל אויך אין דער מאראל.

עס זענען אבער אויך פאראן ניט וועניג רוהיגע פאעטען, איבערהויפט זיינען די ענגלאנדערשע פאעטען רוהיג, אנגלאזאקסיש און מאראליסטען.

און זיי, די לעצטע, די רוהיגע און מאראל'אגענדע פאעטען אין ענגלאנד זיינען אדרבה, שטארק ברוגז אויף זייערע קאלעגען, וואס מאכען זיך א שלעכטען נאמען ביי דער געזעלשאפט. זיי אליין זיינען, פארשטעהט זיך, זעהר נאבעל און ווען זיי זיינען ברוגז אויף זייערע קאלעגען איז דאס ניט צום אויסלאכען.

אנאטאל פראנס, דער פראנצויזישער ליטעראַרישער נאוו האט אמאל אפגעזיי־דעלט זיינע חברים די מאראליסטען. ער האט זיי צוזאמענגעפארט מיט א באנדע זונדיגע, בעל עבירה'ניקעס וואס טוען אפ כל הרשעות שבעולם הינטער די קוליסען פון דער געזעלשאפט און נאכדעם קומען זיי ארויס מיט א „חזיר פיסעל כשר" און פרעדיגען מאראל.

אנדערע זיינען שוין גלאט אפגעפאד־רענע זינדער, וואס האבען אויף די עלטערע יאהרען זיך גענומען א ניי מיטעל ווי זיך באליעבט צו מאכען ביי די מאסען מיט פרעדיגען ריינקייט און בית אני־טירען פאר מאראלע פיהרונגען, וועלכע די געזעלשאפט דיקטירט.

ניט דאס און ניט דאס אנדערע קען געזאגט ווערען אויף די ענגלישע מאראליסטען. ווען וואָרדסוואָרטה האט געשרי־בען קאנווענציאנעל און איז געווען ברוגז אויף די מאראל - ברעכער, האט ער פריער זיך אליין געפיהרט ריין און אהן א ברעקעלע זינד.

„מענשען פאראומגליקען ניט זייערע פאמיליעס, דערפאר וואס זיי זיינען געניאל" — האט ער תמיד גע־זאגט — „א געניאלער מה און אז ער האבען הארץ זעהט און פיהלט דאס שעהנקייט פון דעם פאמיליען בונד און צערייסט עס ניט".

און אליין ער איז געווען דער מוסטער מיט זיך אליין האט ער געקענט א ביי־שפיעל געבען.

מיס מארטעניו איז געווען זיינע א שכנה. זי באשרייבט ווי גליקליך ער האט זיין פאמיליע לעבען געפיהרט. זי דער־צעהלט:

„זיי האבען אויסגעזעהן ניט ווי מאן און ווייב, נאר ווי א פארליעבטעס פארל. זיי האבען איינס דאס אנדערע אזוי מיטגעפיהלט און האבען זיך איינער דעם צווייטען אזוי פיעל אויפ־מערקזאם געשענקט. ווי דאס איז נאר ביי פארליעבטע צו זעהן".

אויף בראונינג'ס אומקלאהרער, אפט־מאל אומפארשטענדליכער און אומדייט־ליכער פאעזיע האט וואָרדסוואָרטה גע־זאגט ביי דער געלעגענהייט ווען בראונינג איז נעגאנגען חתונה האבען מיט מיס בארעט: „איך האף אז זיי וועלען זיך פארשטעהן איינס דאס אנדערע". און זיכער האט די מיס. בראונינג נעדענקט אז זי פארשטעהט איהר מאן, ווארים זי האט געשריבען צו א פריינד: „קיינער פארשטעהט איהם ניט אזוי פינקטליך ווי איך. איך בין ניט מיט איהם נאר און איהם און איך הער זיין יעדען אטעהם־צוג".

איך האב אמאל געשריבען, אז איך וואלט ניט געראטען קיין שום פרוי חתונה צו האבען מיט א קינסטלער, מיט א שרייבער, א פאעט וכדומה. קען מען אבער די פערזאן, איך מיין די פרוי, דאן איז לייכטער צו זאגען אויב זי מעג אדער מאר ניט הייראטען מיט אזא טיפ ווי בראונינג איז געווען.

אלי פליינר פון דער מיס בערעט הא־

בען ערוואַרטעט אז זי זאל זיך נאך דער חתונה ענטווישען און זאל באדויערען וואר־רום זי האט זיך ניט נעפאלגט און חתונה געהאט מיט דעם באריהמטען פאעט. אויסגעלאזט האט זיך פארקעהרט, זי האט געפיהרט א גליקליכע לעבען מיט בראו־נינג'ען.

אין זיין ביאגראפיע געפינען מיר פאל־גענדע שורות, וואס ענטדעקען דעם סוד דערפון:

„די טיעפע הארציגע ליעבע, די פיעלזייטיגקייט פון אינטעלעקטועלער סימפאטיע האט געקענט אנהאלטען זייער פאמיליען בונד אין די שעהנ־סטע פארמען ביז צום סוף. זי האט ניט געבראכט קיין שום אפפער קיין שום קרבנות. עס האט זיך אלצדינג ביי איהר געטאן אהן א שום צוואנג אדער נויט. עס וואלט געווען אן אומ־רעכט, ניט צו זאגען אז דאס זעלבע איז געווען אויך מיט איהם".

דער אנדערער גרויסער קינסטלער, טע־ניסאן, איז געווען אן אויסנאהמע מיט זיין ארט פיהרען זיין פאמיליען לעבען.

אין יאהר 1850 האט טעניסאן חתונה געהאט מיט מיס עמילי סעלוואוד, א טאכ־טער פון אן אדוואקאט. צוויי יאהר האבען זיי געוואוינט אין טוויקענהעם און ווער ס'איז צו איהם געקומען האט זיך ניט געקענט אפלויבען פון זייער גליקליכען פאמיליען לעבען.

אין אמעריקא זיינען לאנגפעלא און איער באריהמט געווען אלס גוטע מאנען.

### די געזעצען וועגען עמיגרא־ציע קיין אמעריקא

דאס פאלגענדע איז אן ערקלעהרונג פון די עקזיסטירענדע געזעצען וועגען עמיגרירען קיין אמעריקא, וועלכע די פעדעראלע ביורא פון אימיגריישאן גיט ארויס פאר אלגעמיינער אינפארמאציע:

1. יעדער איינער וואס וויל פאהרען קיין אמעריקא, דארף ערשטענס, קריגען א פאספארט פון דער רעגירונג פון זיין לאנד, און אצינד'ער פאהרט בעדארף ער נאך קריגען אויף זיין פאס א וויזא פון'ם דארטיגען אמעריקאנישען קאנסול. עס איז נויטיג צו געדענקען, אז די ביו־רא אוו אימיגריישאן קאן קיינעם ניט בא־הילפיג זיין אין קריגען א פאס, אדער זיך מישתדל זיין פאר א שיף־קאמפאני. די זאל עמיצען נעהמען אויף איהרע א שיף אלס א פאסאזשיר. און די איר־זאכע דערפון איז, וואס שפעטער, ווען דער געוועזענער אימיגראנט קומט אן און אן אמעריקאנער פארט און עס פאסירט, אז ער ווערט ניט אריינגעלאזען אין לאנד, און די שיפסקאמפאני עלול זיין אזא פאל אימציקהרען דעם פאסאזשיר אין איהם אפצאהלען פאר דער שפעטער. ווען די ביורא נעהמט זיך אונטער עפים פאר א פראספעקטיווען אימיגראנט, קאן עס לעמאלט זיין אז זי נעהמט אויף זיך ארויף אויך אן אומ־ענגליכע פאראנטווארטליכקייט.

אלץ, וואס האט צו טאן מיט פאס־פארטען דארף אויפגענומען ווערען מיט עס טשיף פון וויזא אפיס, דיפארטמענט אוו סטעיט, קאנטראל, דעפארטמענט אוו סטייט, וואשינגטאן, ד. ק.

2. מען קאן אן אימיגראנט ניט געבען אין פאראויס קיין ערלויבניש צו פאהרען. איידער ער קומט אן אין אן אמעריקאנער פארט, ווייל דאן ערשט נאך, ניט שפעטער ווערט ווערען איהם באשלאסען, דאס רעכט איהם אריינצו־לאזען, אדער ניין, נעהערט איננאנצען צו די אימיגראציאנס־אינספעקטארס פון יענעם פארט, וועלכע אונטערזוכען יעדען אנגעקומענעם און באשטימען וועגען איהם. ביי אין דעם פאל, ווען אן אפיעל ווערט נעבראכט צו א ספעציעלער אויספארשונגס באורד, און די לעצטע זאגט איהם אפ, — ערשט דעמאלט קומט דער סעקרעטארי אוו לייבאר אריין אין זיין יורידיקציע און ער האט ערשט דעמאלט צו זאגען וועגען דער קייס.

די געזעצען ערלויבען ניט קיין שום באגרים אדער אנדערע גאראנטיעס פאר אן אימיגראנט איידער יענער ווערט אויס־געהערט אין פארט. קיין שום בלאנקען ווערען אויך ניט ארויסגעגעבען אין פאר־אויס, ווען מען וויל עמיצען אריבערברענ־גען.

עס איז אויך ניטא קיין באשטימטע סומע געלט, וואס אן אימיגראנט דארף

האבען מיט זיך ברי מען זאל איהם אריינ־לאזען. — ער דארף האבען גענוג אויף צו לעבען ביז דער צייט ווען ער קריגט ארבייט, אעדר, און פאל ער דארף פאה־רען ווייטער פון דעם פארט, וואו ער איז אנגעקומען, — מוז ער אויך האבען געלט אויף א טיקעט די געזעצען מאכען קיין שום אונטערשיעד ניט וועגען די פארשיע־דענע לענדער פון וואנען די אימיגראנטען קומען.

3. אן אימיגראנט, אפילו ווען ער האט שוין נעהאט די ערשטע פייפערס, ווען ער פאהרט אוועק און קומט דערנאך צוריק, — ווערט ער עקזאמינירט גלייך מיט אלע אימיגראנטען און ער מוז אויך צאהלען דעם לאפּ־טעקס. און אימיג־ראנט, וועלכער וויל אוועקפאהרען, דארף ער זיך ניט ווענדען נאך אן ערלויבניש צו דער ביורא אוו אימיגריישאן, ער דארף אבער פריהער אפצאהלען דעם אינקאם־טעקס וואס עס קומט פון איהם.

4. די אימיגראציאנס־געזעצען זענען שייך צו קינדער אונטער 16 יאהר, וועלכע ... ביז זייערע מינדעריעריגע קינ־דער (סיידען די קינדער זענען געבארען ... ווערען איידער די עלטערן האבען גע־קראגען זייערע בירגער פאפירען). אמע־ריקאנער בירגער ווערען אריינגעלאזען פריי ווען זיי באווייזען ברויז אז זיי זע־נען דאס, וואס זיי באהויפטען, אז זיי ענען. איינער וואס האט נאר ערקלעהרט אז ער איז ווילינג צו ווערען אן אמעריקא־נער בירגער (ד. ה. ער האט ארויסגענומען זיינע ערשטע פייפערס) ווערט, ווי גע־זאגט, באטראכט גלייך ווי אן אייליען.

5. קינדער אונטער 16 יאהר, וועלכע פאהרען ניט צו זייערע עלטערן, אדער עלטערע קומען אליין, קאנען, לויט דער דירה פון דאס סעקרעטערי אוו לייבאר, יא אריינגעלאזען ווערען אין ניט אריינ־געלאזען ווערען. ווען מען לאזט זיי יא אריין, מוזען געוויסע זיין פון גוטען נעלטנט, מוזען קומען צו נאהענטע קרובים וועלכע זענען גרייט זיי אויסצוהאלטען, אדער צו לייט וועלכע ווילען ... ביז 16 יאהר מוזען זיי אויך געהן צו סקוהל, און זאלען ניט טאן קיין אר־בייט וועלכע איז ניט צוגעפאסט פאר זיי. ... אדער איידער מען לאזט זיי אריין, ... וועט באריכטעט אז אזא קינדער על־... דערען געפינען זיך אין אמעריקא, ווערט דאס קינד געהאלטען ביז זייערע עלטערן אונזען הערען פון זיך.

6. לייט געזעץ נאך ווערען אלס קאנ־טראקטירטע ארבייטער געהאלטען אזוי־נע, וואס „מען האט זיי צוגעזאגט, אוי־... שעה, ארויסגעהאלפען אדער באאיינפלוסט צו פאהרען אהער, דורך דעם, וואס מען האט זיי פארזעלגט אדער פארשפראכען באשעפטיגונג, סיי די פארשפרעכונגען זענען גענוען ריכטיגע אדער פאלשע, אדער ווען איינ'ן גייען פון געשריבענע, מינדליכע אדער געדרוקטע אפמאכען, סיי ווען זענען זיי אויסגע־... פארשטאנענע איינ־... זיי קומען אהער טאן וועלכע ניט ... ארבייט" (סעקשאן 3). און איינ־... זענען נאר יענע, וועלכע קומען ... אונטער די פאלגענדע באשעפ־טיגונגען, אויב זיי קאנען דאס באווייזען נעהערינג:

א. פראפעסיאנעלע אקטיארען;

ב. פראפעסיאנעלע קינסטלער און אר־טיסטען;

ג. פראפעסיאנעלע לעקטשורער;

ד. פראפעסיאנעלע זינגער;

ה. פראפעסיאנעלע נייערס (ד. ה. געלערנטע ניידערס, וועלכע האבען דיפלאמען פון אנערקענטע נייער־סקוהלס אין האספיטעלער).

ו. גייסטליכע (רבנים, רעווערענדס) פון וועלכער גלויבען עס איז.

ז. פראפעסארען פון קאלעדזשעס און סעמינארען.

ח. געלעהרטע, אנערקענטע וויסענ־שאפטסלייט.

ט. „היוז־דינערשאפט" (אזוינע ווי קאָ־מערדינער, לאקייען, דינסטען).

י. געוויסע קוואליפיצירטע ארבייטער וועלכע מען קאן נישט קריגען אין לאנד און מען מוז זיי, לויט א באַ־זונדערע ערלויבניש פונם סעקרעטערי אוו לייבאר, ברענגען פון אויסלאנד.

יא. פערזאנען וועלכע זענען אנגע־שטעלט ביי אויסשטעלונג און ירידים, וועלכע זענען אויטאריזירט דורכ'ן קאנגרעס.

7. אימיגראנטען, מיידלאך וועלכע קומען אהער חתונה האבען, וועלען ניט באפרייט ווערען אזוי לאנג, ביז די אימיג־ראציאנס־באאמטע וועלען ניט זיין פול־שטענדיג איבערצייגט, אז די מיידלאך וועלען אפגעהיט און גוט באהאנדעלט ווערען ביז דער חתונה.

8. אלע אימיגראנטען איבער 16 יאהר, וועלכע קענען ניט לעזען ענגליש אדער אן אנדער שפראך, אידיש אדער העברע־איש אריינגערעכענט, ווערען קיין אמע־ריקא ניט אריינגעלאזען, מיט דער אוס־נאהמע פון די פאלגענדע:

א. פערזאנען, וואס זענען פיזיש אום־פעהיג צו לערנען.

ב. א ווייב, א מוטער, א באבע, א ניט פארהייראטע אדער א געגט'ע טאכ־טער, אויך א פאטער אדער א זיידע וועל־כע זענען איבער 55 יאהר אלט, קאנען אריבערקומען אהער צו אמעריקאנער בירגער, און צו אימיגראנטען וועלכע זענען דא געזעצליך אנגעקומען. אויך אן אי־מיגראנט, וועלכער איז אליין קוואלי־פיצירט אריינגעלאזט צו ווערען אין לאנד, איז ערלויבט מיט זיך מיטצוברענגען די אויבענדערמאנטע.

ג. פערזאנען, וועלכע קומען קיין אמע־ריקא, ווייל מען האט זיי אין זייער פריה־ערדיגער לאנד פארפאלגט רעליגיעז.

ד. פערזאנען, וועלכע האבען דא שוין נעהאט געוואוינט נאכדעם ווי זיי זענען דא געזעצליך אריינגעלאזט געווא־רען, זענען אפגעווען 5 יאהר בסך־הכל, אזוינע קענען קומען צוריק אין 6 מאנאטען נאכדעם, ווי זיי זענען אוועקגעפאהרען, זאלען זיי אריינגעלאזט.

ה. פערזאנען, וועלכע פאהרען בלויז דורך, דורך די פאראייניגטע שטאטען.

ו. פערזאנען, וועלכע זענען דא גע־זעצליך געקומען און דענאך פאהרען זיי דורך, דורך א לאנד, וואס גרענעצט זיך מיט די פאראייניגטע שטאטען. די צייט וועלכע ער איז ערלויבט צו בלייבען אין דער שכנות'דיגער לאנד איז באגרעניצט צו 60 טעג. איינער קאן קומען און אוועקפאהרען דורך דעם'זעלבען אמעריקאנישען פארט און דאך מעג ער הייסען א דורכפאהרער.

ז. פערזאנען, וועלכע זענען באשעפ־טיגט ביי באזארגען און אויסשטעלונגען, וועלכע זענען אויטאריזירט דורכ'ן קאנגרעס.

ח. פערזאנען, און וועלכע מען קאן זיך זיכער זענען, זענען פטור פון אויסער־לערנען, אז זייער בילדונגס־צושטאנד דערפט צו ווערען צו זיי קענען לייענען.

ט. ווען דער פראספעקטיווער אימיג־ראנט האט קרובים אין אמעריקא, וועלכע זענען אין א גינסטיגער לאגע, קאנען די לעצטע איהם באהילפיג זיין אין זיין ענ־זאמען דורך ארויסשיקען אום באאמטען פון פארט, וואו זייער קרוב דארף אנקו־מען, אן אפידייוויט אדער אנדערע באווייזען, וועלכע זאלען זיין איבערצייגענד וועגען זייער פאראנטווארטליכקייט. אין אמען פינם אימיגראנט און פון דער שיף, וועלען פאל דארף אנגעגעבען ווערען דער נויף די דאטע ווען די שיף דארף אנקו־מען, אניט וויל דער אפידייוויט זיין פון גאנץ קנאפען נוצען פאר די באאמטע.

א. קאמינעץ,

אמיסאנער דזשענעראל און אימיגריישאן.

## באַריכטען

### פרובט פעדלערס איך אסס'ן

א ספעשעל מיטינג איז אפגעהאלטען געווארען זונטאג אווענט, דעם 6טען דזשון אין לייבאר לייסעאום ביי די פרובט פעדלערס אייד סאסייעטי אף דעטראיט. פיעלע וויכטיגע פראגען זיינען פארהאנדעלט געווארען, אויך איז באשלאסען געווארען צו רופען א מאס־מאנסען פארזאמלונג פון אלע פרובט־בעד־לערס, צו פראטעסטירען נעגען די פאר־ארדנונג געזעצען וואס מען געהט יעצט מאכען דאס קיין פעדלער וועט אויף קיין פאל נישט קענען מאכען קיין לע־בען. אויך איז באשלאסען געווארען צו שטיצען די אידישע קאנסאמפטיוו הע־ליעף אף קאלאראדא מיט ... דאלאר.

מיט פריינדליכען גרוס

. ראבינאוויטש, סעק.

נ. ב.: דער נעקסטער מיטינג וועט זיין דעם 20טען דזשון, 1920.

### איבער דריי הונדערט דאלאר געזאמעלט אין עלקינס האטעל

אויף דעם אפיעל פון רעוו. קירשטיין אין עלקינס האטעל, מט. קלעמענס, איז געזאמעלט געווארען $301.67 פאר דעם נייש'נאל ארפאן אסיילום פון ניו יארק. א דאנק קומט אויך מר. עלקינס פאר זיין ווארעמע מיטווירקונג און די הילף וואס ער האט געלייסטעט אין זאמלען די דאנייששאנס.

### קוויטירונג פון אידיש נאציא־נאלען בית יתומים

52 סט. מארקס פלייס, ניו יארק

פאלגענדע גוטהערציגע מענשען הא־בען ביינעשטייערט צו די הייליגע אר־בייט פון אונזער פארטרעטער, רעוו. ראובן קירשטיין אין דעטראיט, מיש. זלמן מאשקאוויטש, $10; דוד הורוויץ, $5; משה וויינגארטען, $10; יוסף וויינ־גארטען, $5; יוסף גרובער, $5; ...ם. סטופסטעקער, $1; שואל ראבינאוויטש, $3; דעטראיט סיטי לאדזש, $11; י. מאהר, $3; מישיגען פראגרעסיוו לאדזש, $10; י. ב. גענדעלמאן, $5; ג. בארים, $5; ח. בלאנדי, $1; י. ווינקאווסקי, $2; ב. מייסלער, $1; ב. פלאשניס, $1; ב. לים, $1; מענדעל קעסלער, $2; מ. נאפטאלי, $2; ח. זילבערשטיין, $3; ס. ניטעלמאן, $1; משה הייכהארן, $1; ב. סיל, $1; ס. קאליטש, $3; ב. סיזער, $2; א. שוהלמאן, $1; י. שטערען, $2; מ. ל. לעווים, $5. — טאטאל $102,00.

מיר בעטען די אלע וועלכע האבען מנדר געווען אין בית דוד און בית אברהם שוהלען זאלען אריינברענגען די נדרים אין די שוהלען. בזכות זה אבי היתומים ודיין אלמנות יברך אתכם בשפע ברכה והצלחה בכל מעשי ידיכם.

ליא לערנער,

פרעזידענט פון איד. נאצ. בית יתומים, 52 סט. מארקס פלייס, ניו יארק סיטי.

### דער קאמפיין צו מאכען נייע מעמבערס פאר די פאראייניג־טע תלמוד תורה'ס האלט אין פולען גאנג

די פאלגענדע נייע מעמבערס זיינען אריינגעבראכט געווארען אין אפיס פון ווילקינס סטריט תלמוד תורה:

| | |
|---|---|
| נורמאן בראס | $100.00 |
| מאיר פרענסקי | 100.00 |
| דזשוליוס שטיינבערג | 50.00 |
| האראלד סמילאנסקי | 50.00 |
| ב. קרעלל | 50.00 |
| י. ל. שיינמאן | 50.00 |
| ה. גוראוויץ | 25.00 |
| דזש. מילער | 25.00 |
| ליא פראנק | 25.00 |
| ש. קאטלער | 25.00 |
| פיטער קאפלאן | 25.00 |
| ש. בערנער | 25.00 |
| ב. דזשייקאב | 25.00 |
| סיילעם כהן | 25.00 |
| זואלף קאפלאן | 25.00 |

### די שנאָרער אסס'ן

דער געוועהנליכער פארזאמלונג פון דער שנארער אסס'ן וועט היינטיגען זונטאג אלוענד ניט פארקומען צוליעב דעם וואס אלע אונזערע מיטגלידער געהן מקבל פנים זיין די קינסטלער גרופע פון'ם „ניעו אידישען טעאטער".

מיט פרייד באגריסען מיר דעם רע־זשיסער ה' יעקב בן עמי צוזאמען מיט ... קינסטלער געזעלשאפט פאר זייער אמת'ער איבערגעבענהייט צום בע־סערען שפיעלען. ווי אויך פאר דעם ערנסטען אויסוואהל פון פיעסען.

אז אבוואהל אונזער הייניגער פאר־זאמלונג איז פאר אונז פון גרויס וויכטיג־קייט. דענקען מיר אבער אז — צו זע־הען די ראמאנטישע פאלקס אידיליע „גרינע פעלדער" פון אונזער אלעמענס ליעבען און צארטען פרץ הירשביין איז נאך מעהר וויכטיג.

אדם זעלבע קען אייך געזאגט ווערען וועגען דאס אמת פאעטישע ווערק „שמשון און דלילה" פון סווען לאנגע.

אונזער הארציגסטע באגריסונג צו די דראמאטורגען און קינסטלער.

די שנארער.

### פארטרעט דעם פארלאג אידיש

א. פארקער, דער פארטרעטער פון פארלאג אידיש, איז געקומען אין דעט־ראיט, צו פארטיילען די צווייטע סעריע פון י. ל. פרץ'ס שריפטען וואס דער פארלאג גיט איצט ארויס.

א. פארקער טיילט אויך מיט די אבאנענטען, אז עס איז איצט שוין ארויס דער צווייטער טייל פון זאראטוסטרא און די אבאנענטען באקומען עס פריי יעדען אווענט אין פיפלס




רעליעף אפיס אדער אין 541 הייסטינגס סטריט.

### זינא פערלאוו

געוואוינט מיט איהר שוועסטער דר. פערגאן אויף פאלמער עוועניו, ווערט געזוכט פון ארטור עסעלין.

### רעטראיטער וואס ווערען גע־זוכט פון זייערע קרובים אין אייראפא

זעליג און שיינע מאלקעס, גאוואָ־מאסקוויע, 6—11, זוכט מר. ז. מאל־קעס, 240 גרענד סטריט, דעטראיט, מיש.

חיה ווייסמאן און קינדער זוכען מר. נ. ווייסמאן, 357 יוקליד עוועניו, דעטראיט, מיש.

פרוי מירקע גוז און קינדער, פון סארני, גריסען זייער מאן און פאטער פסח גוז, ביי מר. פערלשטיין, 463 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש.

פאר מעהר אויסקינפטע וועגען די אויסגערעכנטע פערזאנען, זיך ווענדען צו מיס י. מאלאקאף, פער אדרעס: ציוניסטישע ארגאניזאציע פון אמעריקא, 55 פינפטע עוועניו, ניו יארק.


## גראָסערי אקשאַן

פרייטאג, דזשון 11־טען אום 10 אזייגער פריה שארפ.

538 אנטאיין סטריט

דער גאנצער סטאק סטייפעל גראסעריעס, זא ווי צוקער, קאפפע און א. וו. — פיינע פיקסטשורס, זא ווי א נייער פליי'ש רעפרידזשערייטאר, סקיילס, דיספלעי קאונטערס, קעש רעדזשיסטערס, א. א. וו. קומט פריה ווייל דער סייל וועט זיך אנפאנגען פינקטליך און אלעס מוז פערקויפט ווערען.

בען פריעדמאן,

אקשיאנער.

טעלעפאן, קעדיללעק 2580.

אדווערטייזט אין „וועג".

## ז. ג איז ארויס פון דרוק

דער ערשטער באנד

פון דער

## אלגעמיינע איליוסטרירטע ענציקלאפעדיע

ער ענטהאלט

500 זייטען צו צוויי קאלומנען יעדע זייט, ארערע
1000 קאלומנען קליינע, קלאר געדרוקטע שריפט, מיט
225 אילוסטראציעס, אין טעקסט און גאנצע זייטען
1271 גרויסע און קליינע א טיקעל — אין
10 צאל גרויס
6½ צאל ברייט
2 צאל דיק, און וועגט איבער
3 פונט געוויכט.

די אויסשטאטונג איז א פראכט, שענער פון איינענד וועלכען ווערק וואס איז ביז יעצט ערשיענען אויף דעם אידיש־ליטערארישען מארק.

אלע, וואס האבען די ענציקלאפעדיע באשטעלט, זיינען געבעטען אונז אריינצושיקען זייערע אדרעסען, כדי מיר זאלען זיכער זיין, אז זיי וואו נען נאך וואו זיי האבען פריהער געוואוינט.

די וואס האבען די ענציקלאפעדיע נאכניט באשטעלט זיינען גע־בעטען צו פערלאנגען דעם פראספעקט בחנם.

דער פרייז איז היינט:

סובסקרייבערס $45 פאר די 10 בענד.
איינצעלנע בענד צו $5.50 א באנד.
סובסקריפשאן אויסצוצאהלען אין 3 יאהר צייט.

שרייבט צו

The Advanced Encyclopedia Inc

216 East 14th St — New York, City

## ראזענפעלד'ס רוסישע טערקישע באָד

פאר אלע וועלכע זוכען ריינליכקייט און גוטע באהאנדלונג.

30 מארבעל וואנעס — 2 כשרה מקוואות

שאור בעטהס — פרייע קאסט אויף צום רוהען

16 פריוואט רומס פאר יענינע וועלכע ווילען נעכטיגען.

א פראכטפולער לאנטש קאונטער מיט פרישע עסענווארג און געטראנקע צו יעדער צייט.

שווים פאר פרויען יעדען מיטוואך, מיט דער מיטווירקונג פון אן עקספערט מאסאזשיסטקע.

1846 אלפרעד סטריט, ניער אנטאין, טעלעפאן טשערי 6190 ראבליו.

## געלט קיין אייראפא

דער זיכערסטער און בעסטער וועג צו שיקען געלד צו אייערע קרובים קיין יוראפ איז דורך דער

## פיפעלס רעליעף

וועלכע איז א ברענטש פון דער דזשוינט דיסט. קאמיטע.

די געלד ווערט געשיקט אין דאלארס.

פיפעלס רעליעף קאמיטע

490 הייסטינגס סטריט

קעדילאק, 2061

# CLASSIFIED

## מיידלעך פארלאנגט

צוויי סיילס ליידיס. נעמעם אויס־זעהן. אין עלטער פון 20 ביז 25 יאהר. אין א דזשענט פוירנישינג סטאר. גוטע סאלארי און סטעדי פאזיציאן צו די אסגעדע פערזאנען.
-ייטס סורפלאס סופליי סטאר
144 בייטס סטריט.
12)

## צו פארקויפען

די זעהר גוטע אייזקריעם פארלאר אין די פאונטעין באר הויז, אין מאונט קלעמענס. טוט זעהר גוטע ביזנעס. שרייבט אדער פרעגט נאך אויף מ. א. בעקערמאן, מאונט קלעמענס, מיש.
11)

## סטאר צו פארקויפען

אין 698 בוביען סטריט. קעש ביזנעס. ביליגע רענט. גוטער לאקיישאן. איינגע־ט מער פאהרט צוריק נאך יוראפ. קומט און זעהט עס שנעל. פרייז פאר גיכען זארקויף. $1,200.00
12)

## צו פארקויפען

א קענדי סטאר. א גוטען סעקשאן. זיכער צו מאכען א שעהנעם לעבען. אורזאכע קען ניט אטענדען אליין. נאכ־פרעגען 1973½ ראסעל.
17)

## צו פארקויפען

8 פוס מארבל סאדא פאונטעין צוזאמען מיט א בעק באר, אלז־וואארע און אז. וו. גרויסער בארגעין. מוז פאר־קויפט ווערען, ווייל איך ברויך דעם פלאץ. נאכפרעגען, בענעטאן, 982 בוביען קארנער ווארען.

די יוניווערסאל לאנד
קאנטראקט קא.
האט גענומען דער אפיס פון 9-928
טשיימבער אוו קאמערס בילדינג
צו
204 הארשעם בילדינג
קארנער סטייט און גריסוואלד

## באקאנטמאכונג

די סילווער לעדער קא. 578
-שאז. קעמפא, קויפט פארשיעדענע -טען לעדער און אימיטיישאן לעדער, -יך אלטע לעדער און ראבער בעלטינג. ספעציעל זענען מיר פאראינטערעסירט אין נייע סעלולאיד סקרעפ; מיר צאהלען 65 סענט א פונט.
פארגעסט ניט אונזער טעלעפאן
-ממער: מעלראוו 4610.

אינזער׳ע
רעטראיטער אגענטען
זיינען
-זשיי לעפקאווסקי און סאנס
בראדוויי מארקעט

## צום דעטראיטער פובליקום!

-ער איינער דארף וויסען: אז אויגען -ינען די איידעלסטע ארגאנען אין דעם מענשליכען קערפער. ווען איהר ליידעט -ון אירגענד וועלכע קאפ־שמערצען אדער -ערוועזיטעט, דאן גיהט צו אן ערנסטען, ערליכען אפטאמעטריסט, ער וועט אייך פרייזבטיג און וויסענשאפטליך צופאסען -י נויטיגע ברילען.

ריכטיג צוגעפאסטע ברילען וועט -יך ערלייזען פון אלע אייערע טראבעלס. נעהמט צו אייער גוט באקאנטען

**Frosh O. D.**
אפטאמעטריסט

אין 204 קלינג׳ס בילדינג וועלכע געפינט -יך אין 308 הייסטינגס סט. קעגענאיבע -רליך׳ס דזשועלרי סטאר.

## פערלאנגט און געזוכט

צוויי אדער דריי ליינס אין „וועג״ ברענגט אייך די בעסטע רעזול־טאטען.

## א בעקערי

מיט אלע טולס און אטאמאביל צו־זאמען מיט דעם בילדינג צו פארקויפען. א גרויסער בארגעין. געפינט זיך אין א גוטען לאקיישאן. נאכפרעגען אין 1415 משיען סטריט, מר. מישקין.

## די ליבערטי
## וועט וואש לאנדרי

פאלאנגט א דרייווער. מוז קענען ריידען פויליש. זאל האבען זיין אייגענע מאשין און מיר וועלען פוירנישען א פארטינגן ראוט. נאר דער ריכטיגער פערזאן זאל זיך מעלדען. פרעגען 374 קאסטער עווניו.
13)

# Real Estate
## לענדלארדס און פראפערטי אייגענטימער

לאזט זיך ניט נארען, זייט פארזיכטיג בעפאר איהר קויפט סעמענטענע נאר־בערדוש אדער אשירעספעקטיגעל, דיטראיט קאנקרעט מאניופעקטשורט רייאינסטאלער רעספעקטיקעלס. די צעמענט איז געמישט מיט ווייט ווערט נעווער צופאלען, וועט זיך ניט שפאלטען פון פראסט. מיר גאראנטירען בילינער אין פרייז, בעס־טע אין קוואליטי. ה. מ. קאפמאן, 296 האנקאק איסט. טעלעפאן מעלראוו 3595 וו. טשערי 1473. פרייז איינ־סטאליישאן.

## צו פארקויפען

א צוויי פאמיליע פלעט פול בייסמענט מיט צוויי פוירנעסעס. פרייז $11,000 איינצאהלען $3,000. אין 311 דעלמאר עוו. נאכפרעגען אייגענטימער אפסטערז.
13)

## סטאר און פלעט
צו פארקויפען

צווייטער פלאר. 8 רומס (4 בער רומס און באטה, פענטרי און עטטיס), ערשטער פלאר, סטאר און פיער רומס (צוויי רומס און באטה) גרויסער בייס־מענט און בארן. קארנער לאט. 30 ביי 95. פרייז $14,500. קליינע איינצאה־לונגען און גרינגע טוירמס. נאכפרעגען: קאספער האפמאן, ברענטש 1547 הארפער סטריט, טעלעפאן לינקאלן 1890, אדער לינקאלן 1494 עס.

## פאר רענט
ביזנעס

### נייע סטארס

קאר. שייהן און טראמבלי. נייע מא־דערנע סטארס. פיין לאקיישאן. — מאססעט, מעין 4579. — 932 דיים באנק בילדינג.

## פאר רענט
ביזנעס

### אפיסעס

נייער בילדינג. קאר. לייהן און טרעמבלי. 7 צוויי־רום סוויטס און גרויסע ווייטינג רום. אויסגעצייכנע־טער לאקיישאן פאר דענטיסטען. — מאססעט — מעין 5479. — 932 דיים באנק בילדינג.

## צו פארקויפען
ביזנעס

### פראפערטי

550 מעק עווניו. 30 פוס מיט 6 רום קאטעדזש. לאט קומט ארויס אויף צוויי סטריטען. פאר $6,000.00 קענט איהר דאס קויפען איינצאהלען $1,000 — מאססעט. מעין 5479 932 דיים באנק בילדינג.

## צו פארדענטען

2 רומס פאר אן אפיס אין בעסטען אידישען לאקיישאן. פראנט הייסטינגס סטריט. זיך פרעגען ביי מרס. פיק, 1253 הייסטינגס סטריט.
14)

## פוירנישד רום

פאר א פרוי אין א אידישער פאמיליע. נאכפרעגען הוללאראוויטס, 240 קלעיר־מאנט עוו.
11)

# אונזער אידישע ביזנעס דירעקטארי

ביזנעס
איז גוט
אויף הייסטינגס
סטריט

### מארערן דעליקאטעסען סטאר
473 הייסטינגס סטריט
טעלעפאן טשערי 6169 וו.
ה. האלסקין, פראפ.

איך וועל אייך אנשרייבען אייערע
### אדווערטייזינג
גוטע עס אייך ברענגען
### רעזולטאטען
י. ל. מאלאמוט — מעין 3715

קומט די בעסטע
### שרייב טינט
אין דער וועלט
### פון בושע׳ס אינק קא.
186 בענטאן סט. — דעטראיט, מיש.

### מאיעווסקי און קאהען׳ס
דזשענטס פארנישינגס
באיס קלאדינג און העטס
528 הייסטינגס סטריט
טעלעפאן: טשערי 7867

### ליעבערוויץ בראס.
פיטען
### ש י ך
פאר דער גאנצער פאמיליע
524 הייסטינגס סטריט

### שיפמאן׳ס
דזשענטס פוירנישינגס
605 הייסטינגס סטריט
צווישען בענטאן און עליאט
האט א שם צווישען מבינים

### דזשייקאב וועקסלער
שרייבט אינשורענס פון
### דעטראיט לייף-אינשורענס
272 קוירבי. — נארטוועי 2554 דאבליו.

### פילאדעלפיא
הרעס און דריי גודס הויז
671 הייסטינגס סטריט
אומת׳ע בארגיינס צו יעדער צייט
טעלעפאן: טשערי 6131

Y. H. P. A.
### רעסטאראנט און לאנטש
האפמאן בראס. און זלאטניק
הייסטינגס קאר. ברידזי
אפען טאג און נאכט

### עקסטרא

הארדוועיר סטאר צו פארקויפען. 1169 סט. אבין סטריט ביזנעס עסטאבלישד פאר 10 יאהר. וועל פארקויפען ביליג. צום שנעלען קויפער. נאכפרעגען מר. מאקאסקי.

### צו פארקויפען

8 פוס מארבל סאדא פאונטעין צוזאמען מיט א בעק באר, אלז־וואארע און אז. וו. גרויסער בארגעין. מוז פאר־קויפט ווערען, ווייל איך ברויך דעם פלאץ. נאכפרעגען, בענטאן, 982 בוביען קארנער ווארען.

### בעקערי און קאפע הויז
### צו פארקויפען

זיכער צו מאכען געלד. עס איז א בארגעין. 275 מישיגען עווניו. בעסטע לאקיישאן.

### איין פארנישד רום

פארדענטען ביי איין אנשטענדיגע פא־מיליע, אין 575 בראש, טעלעפאן קע־דילאק 1663 דזשיי. מרס. מילער.

### א קארנער אין אוקלענד עוו.
### צו פארקויפען

5 סטארס און 5 פלעטס בריק בילדינג אין רעכטען אידישען נעגענד. איינ־קונפט $9600.00 יעהרליך. פרייז 00־$80,000. איינצאהלונג $30,000.00 גרינגע טוירמס. נאכפרעגען אין „וועג״ באקס 90.

### פיקניק גראונדס

צו פארדענטען אין א שעהנעם פלאץ מיט א דענס פלאר. אויף דעם 7 מייל ראוד, ניער וויינדען, מיט הארפער סענטער ליין קאר. צו פרעגען 1618 מעקסוויל עווניו, דזשאהן עמעט.

### פערזענליכעס

א פרוי, א גרושה, 37 יאהר אלט, א גוטע ווירטען און אויך ביזנעס פעהיג האט דריי קינדער. זוכט א באקאנט־שאפט מיט א מיטעליעהריגען מאן, וועלכער איז אין ביזנעס אדער א גוטער ארבייטער. צוועק היראטה. אדרעסירט: דער „וועג״, באקס 60, דעטראיט, מיש.

אידען פון ארומיגע שטעדט
### וועסטערן טאקינג מאשין קא.
493 הייסטינגס סטריט, ניער אלפרעד
אידישע אויך רעקארדס אין אלע
שפראכען. אפען אווענטען און זונטאגס

### ראזען׳ס בעקערי
ברויט און פענסי קייקס
408 הייסטינגס סטריט
צו מיר קומט מען פון אלע טיילען שטאט

### דזש. ראטנער׳ס
דזשענטס פארנישינג און קעפס
584 הייסטינגס סטריט
מיר שטעלען אייך צופריעדען
מיט סטייל און פרייזען

קויפט הערינג ביי דער
### מישיגאן הערינג סופליי קא.
ר. מילער, 435 הייסטינגס סטריט
פרובירט די נייע שמאלץ און
מאטשעס הערינג

### באהעמיען רהיי בעקערי
נייטען קארן, פראפרייעטאר
515 הייסטינגס סטריט
א פולע ליין קייק, חלה און ברויט

### קאהן בראס. און מייערסאן
דער רעסטאראנט וואו מען עסט זוננענ־דיג א גאנצע וואך. דער עיקר שבת און זונטאג (שנארער למשל). 630 הייסטינגס

### ווארע ביליג פאר סטאר־קי־פערס און פעדלערס
ספעציעלע פרייזען פאר ריטיילערס
### מאקס ראזינסקי
353-355 הייסטינגס, קאר. קאלומביא

### ס י י נ ס
ארטיסטיש און ניט טייער
ה. ר א ט ה ב ע ר ג
302 הענקאק

### טייכער׳ס הארדוועיר
768 הייסטינגס סטריט
אפולע ליין בילדערס סופלאיס
אלומינום, פיינטס א. ז. וו.
ארדערס דעליווערט איבעראל

### העבראאישער לעהרער
פון ארץ ישראל
ווער עס וויל זיך לערנען לשון הקודש
זאל זיך ווענדען צו
### יצחק לוכטן
**2139 Russel St.**

### צו פארדענטען

א סטאר אויף 2484 וואודוואארד עוו. גרויסע סטאר און בייסמענט. א 3 יאהר ליעס. פרעגען אין אפיס פון מעלאני—קעמוובעלל, 504 פרי פרעסס בילדינג. טעלעפאן טשערי 1195.
13)

### פ א ר ל א ר ע ן

א גרין גאלד ווריסט וואטש מיט אינישיעלס אין ניו דעטראיט אפערא הויז, פרייטאג אוונט. א ריוואורד צו דער פארטיי וואס וועט דאס ברייגגען צו מרס. אפרוסי, 2006 קאהעלען עוו. אדער 148 וועהן סט., טעלעפאן סידער 1909 וו., אדער טשערי 3769.

דער פלאץ פאר גוטע ארבייט
גוטע בעהאנדלונג — ליבעראלע
פרייזען.
## דר.
## ה. סטאריקאף
ד ע נ ט י ס ט
490 הייסטינגס סטריט

### דר. לאנדי, דענטיסט
מאכט באקאנט צום ווערטהען פובליקום
דאס ער האט ערעפענט די דענטאל
אפיס פון דעם פארשטארבענעם
### דר. שליסעל
אויף 617 הייסטינגס, נעבען עליאט.

### אוקלאנדער אידען
פיכסען זייערע
## צייהן
ביי
**Dr. H. Goodman**
דענטיסט
נעמפס פון 427 וואודוואארד
787 אוקלאנד עוו.

בוסט הייסטינגס
סטריט.
ס׳איז א סגולה
צו פרנסה

פאר גוטע ארטיסטישע בילדער איז
ר ע ק א מ ע נ ד י ר ט
### א. קעלערמאן, פאטאגראף
490 הייסטינגס סטריט

### ווילט איהר עסען פרישע שפייז
ק ו י פ ט
### דזשיי לאכאר׳ס
פוטער און אייער
378½ הייסטינגס סטריט

יוטאפיא האל (אפסטערז)
### י ו ט א פ י א
### אייז קרים פארלאר
338 הייסטינגס סטריט
א. פאול, פראפ.

### מאקס ראזענבערג׳ס פאר שאפ
האלסייל און ריטייל, ריפיירינג און רימאדלינג צו מעסיגע פרייזען
484 הייסטינגס סטריט
טשערי 7701

### גאלדבערגס כשר רעסטאראנט
391 הייסטינגס סטריט
פרישע שפייזען פאר געוועהנליכע פריי־זען. קומט און איבערציינט אייך

### ת. פלאטקין׳ס בוך סטאר
(נעוועזענער אוצעניק ס)
אידישע ביכער, ספרים, טליתים
פאר די מעסיגסטע פרייזען
455 הייסטינגס סטריט, קאר. ארעליי.

### קרעמער׳ס הארדוועיר
278 קענפיעלד
מעלראוו 1732 „עם״
ראיעלע באהאנדלונג. מעסיגע פרייזען

**McCAREY'S**
### טייר ריפייר שאפ
667½ הייסטינגס סטריט
ווארפט ניט אוועק קיין אלטע טיירס

### פאקסט סטייל דרעסעס
מ י ל ע ר ב ר א ס.
קלאוקס, סקוירטס, וויסטס
רעדי טו ווער
264 הייסטינגס סט. — מעלראוו 6108

### פארלאנגט

פינף קלוגע סיילסלייטע. פול טיים אדער פארט טיים. קומט און זעהט מיך. אוהך וועט פארדיענען ג ר ו י ס ע ס ג ע ל ד. בען פארקס, 1702 ריעל עסטייט עקסטשיינדזש בילדינג. ביי טאג אדער אין אווענד.
15)

**Reliable Store Fixture Co.**

מיר האבען א גרויסען אויסוואהל פון אלערהאנד סטאר פיקסטשורס, וואל קייסעס, שאו קייסעס, אייז באקסעס, קאנטארס, שעלווס, סייפס, סקיילס עדזשיסטערס. נייע און געניוזטע. פרייזען מעסיגע. ארענטליכע בעהאנד־לונג. 2 סטארס.
### רעלייבל סטאר פיקטשור קא
305 גרעשיאט עווענין
טעל. קאדילאק 2445
277 מישיגאן עווניו
טעל. קאדילאק 4924 עס.

### מאושען-פיקטשור אפרייטארס
לערענט זיך פאר
לייכטע און ריינע ארבייט, קורצע שטונ־דען, גוטע יווידזשעם קוואליפיקיישאן גאראנטירט.
**Movie Operator's School**
**33 Sproat St**
מאנטאג, מיטוואך און פרייטאג
7:30 אבענד.

### סעקאנד פוירניטשור סטאר

צו פארקויפען. ביליג רענט. א ליעס אויף א לאנגע צייט. איך בין געצוואונ־גען צו פארלאזען די שטאדט. א באר־געין פאר דעם שנעלען קויפער. פרעגט 594 גרישיאט עווניו.
15)

גיט אייערע קינדער א מאדערנע אידי־שע ערציהונג שיקט זיי אין דער מענ־דעלע פאלקס שולע 204 איסט הענ־קאק. עס ווערען נעעפענט נייע קלא־סען פאר אנפאנגערס, אויך שילער פיר די העכערע קלאסען, אין שולע לע רענט מען אידיש העברעאיש. געשיכ־טע און לענגענדען, די שולע איז אפען יעדען טאג פון 4 ביז 7 זונטאג פון 9 ביז 12.30

# Mt. Clemens

דער בעסטער האטעל
א י ז ד ע ר
## פאונטעין האטעל
כשר

100 שעהנסטע רומס. גרעסטע דיינינג רום. נעבען דער פאונטעין בעטה הויז. פרייז $25 רום און בארד. די קאר פון דעטראיט ברענגט אייך צו אונזער טיר, ווען איהר זאגט צום קאנדוקטאר אז איהר ווילט סטאפען נעבען „פאונטעין״. שיקט א פאסטעל קארד. ווען איהר ווילט וויסען איינצעל־הייטען צו

סעם מארינאוו, פראפ.

דאס שטארקסטע מינעראל וואסער אין דער וועלט איז די
## פאונטעין בעטה הויז

אונטער א אידישער מענעדזש־מענט. קומט און ווערט קורירט פון רומאטיזם, נערווען-קראנק־הייטען א. ז. וו. אונזער פאונ־טען בעטה הויז איז די ערשטע און אריגינעלסטע ווי אויך די איינציגע אידישע.



בעסטע באהאנדלונג גא־ראנטירט.
שרייבט צו די
FOUNTAIN BATH HOUSE
Cor. Gratiot & Clinton,
Mt. Clemens, Mich.

### דעטראיט כשר הויז

רומס און כשר׳ע מיעלס צו מעסיגע פרייזען

ל. נאווענד, פראפ.
142 נ. גרעשיאט, מט. קלעמענס

נעבען דער פאונטען בעטה הויז
קאר סטאפט ביים טהיר

## קליוולאנד כשר האטעל און רעסטוראנט
מרס. סערע זעמלאקאווסקי
און לינא בעקערמאן
97 קלינטאן סטריט
מאונט קלעמענס

בעסטע סוירווים, ביליגע פרייזען. נעבען בעסטען באדינג פלאץ. אפען א גאנץ יאהר. שרייבט א פאסטעל קארד.

### אטלאנטיק כשר הויז
### מאונט קלעמענס

פאר $25 א וואך גיבען מיר אייך א פיינע רום מיט עסען. די פאונטען באר איז נעבען הויז. שרייבט א פאסטעל קארד צו דער אטלאנטיק.

## זייט געזונט



און פארברענגט אייער זומער וואקיי־שאן אין מאונט קלעמענס, און אז שוין אין מאונט קלעמענס וועט איהר סטאפען אין

# Elkins Hotel

100 רומס. דיינינג רום פאר 300 לייט. א רפואה פאר קראנקע, א פאר־גניגען פאר געזונטע.



ס׳גיט נעדרונגען אז איהר מוזט האב־בען טויזענדער צו זיין אין מט. קלע־מענס

## ניו ווילא האטעל

וועט אייך רעכענען $25 א וואך און איהר וועט הנאה האבען. אלע רומס קאנעקטעד מיט א פעסעדוש צו די פלאזא בעדער. שרייבט נאך איינצעל־הייטען צום פראפרייעטאר ה. קראוז.

### פיטסבורג כשר האטעל
אין מאנט קלעמענס

נעקסט דאר צו פלאזא בעטה הויז. מיר באהאנדלען אייך ראיעל און רעכנען ניט טייער. וואטשט פאר אונזער פאר־טרעטער ביים סטיישאן.

## אייער פארלארענע געזונט



קריגט איהר צוריק, ווען איהר זענט אין מאונט קלעמענס און סטאפט אין

## גלענוואוד האטעל

קאנעקטעד מיט די בארימטע אלימ־פיא בעדער. שעהן, ליכטיג, לופטיג. פרישע שפייזען, מעסיגע פרייזען. א ספעשעל לאנטש און דעליקאטעסען סטאר, קאנעקטעד מיט די גלענוואוד. שרייבט נאך אויסקינפטע צו א. מארדער־סקי.



## אלבאני האטעל

אין מט. קלעמענס, האט א נאמען פאר די לעצטע 20 יאהר אונטער דעם זעל־בען מענעדזשמענט.
מיר בעטען אונזערע קאסטימער און פריינד צו קומען באצייטענס איידער דער סעזאן איז אין פולען גאנג, כדי מיר זאלען זיי קענען געבען בעסערע בא־האנדלונג. שרייבט צו
ב. מאסקאוויץ

## ריווערסייד האטעל
(נעוועזענער פארק ענעקס)

מט. קלעמענס, איננאנצען רעמאָ־דעלירט, עפענט זיך 1־טען מאי. 150 רומס, דיינינג רום פאר 300. דאס איידעלסטע פלאץ פאר געזונטע ווי פאר קראנקע. שרייבט נאך איינצעלהייטען.

**Riverside Hotel**
**Mt.-Clemens, Mich.**

א נייעס אין מאנט קלעמענס
צווי כשר׳ע
### דעליקאטעסען סטארס
אין מאנט קלעמענס

**B. & M. DELICATTESSEN**
**58 N. Gratiot**
**and 46 Cass Avenue**

אלערליי לאנטשעס און געטראנקען. באזוכט אונז ווען איהר זייט אין מ א נ ט ק ל ע מ ע נ ס

# די אומרוהיגסטע טעג אין אדעס

אין דער „יעווריסקאיא טריבונא" ווערט איבערגעגעבן א זעהר טרויעריגער גערוס פון אידישע היימלאזע וואס זענען ערשט געקומען פון אדעס.

„פאר דער לעצטער עוואקואירונג — דערצעהלען די היימלאזע — האט אין אדעס אנגעהויבען צו הערשען א שרעקליכע אומרוהיגקייט. אויף די גאסען, אויפ'ן בולוואר און אין שטאדטישען גארטען איז אפען אנגעגאנגען אן איבערטענסיווע פאגראם־אגיטאציע. אין שטאדט ראט, וואו 80 פראצענט פון די ראטמאנער האבען אנגעהערט צו דעם „קריסטליכען בלאק" האט דאס ווארט „זשיד" ניט אויפגעהערט באנוצט צו ווערען.

פאטריאטישע ארגאניזאציעס האבען געהאלטען אין איין וואקסען און די אידישע באפעלקערונג האט מיט גרויס הארץ קלאפעניש געווארט אויף א פאגראם. מען האט געזעהן ווי א שרעקליכער פאגראם ווערט צוגעגרייט אפען, פאר אלעמען אין די אויגען; און די „פאטריאטען" האבען זיך באריהמט אז דאס מאל וועלען זיי פון אלע אידען פון אדעס פטור ווערען אויף איינמאל.

אין אייניגע געגענדען האט מען אנגעהויבען צו געפינען טאג־טעגליך אידישע הרוגים... און וואס א טאג אלץ מעהר.

און עס האט זיך אנגעפאנגען ווי אין קיעוו א „מאטערניש דורך פחד" אין 6־5 שטאקיגע הייזער מיט הונדערטער איינוואוינער האבען זיך געהערט, ווי עס איז נאר פינסטער געווארען, שרעקליכע יללות, קרעכצען, קוויטשע־רייען. דאס האבען געקרעכצט די אידישע איינוואוינער, דאס האבען געקוויטשעט אידישע פרויען און קינדער, וועלכע פלעגען אויסגעשאכטען ווערען פון די „רוסישע פאטריאטען" דעניקינס אנהענגער. איבערהויפט האבען זעהר שטארק געליטען די ארימע אידישע איינוואוינער פון דער מאלדאוואנקא, דארט האט מען אויסגעקוילעט פיעל אידען. גאנצע הויפען מיט אידען זענען צושטערט געווארען.

קיין הילף האט מען פון קיינעם ניט געקענט קריגען. דער הויפט קאמאנדיר פון דרום רוסלאנד איז געווען גענעראל שילינג, און ער האט איבערגעגעבען די הערשאפט איבער דער שטאדט צו פאלקאוניק סטעסעל, דעם זוהן פון באריהמטען פארטיידיגער פון פארט־ארטור.

סטעסעל האט אבער קיין צייט נישט געהאט צו פארהיטען די אידישע באפעלקערונג פון אדעס — 200 טויזענד נפשות.

ער איז געווען שטארק באשעפטיגט מיט איין זאך, פון קיעוו איז אנגעקומען א ידיעה, אז די באלשעוויקעס אנערקענען ניט די „דאנער" און וואלונטירען־געלדער און די אדעסער געשעפטען האבען זיך ענטזאגט דאס געלט צו נעהמען, און אזוי ווי עס איז אין אדעס קיין אנדער געלט ניט געווען, האט מען די געשעפטען אנגעהויבען צושליסען אייגע נאך די אנדערע, און עס איז אויסגעקומען, אז אין איין טאג זענען אלע אדעסער געשעפטען געווארען געשלאסען. האט סטעסעל ארויסגעגעבען א באפעהל אז אויב מען וועט די געשעפטען תיכף ניט עפענען, וועט ער יעדען איינגענטימער אויפהענגען אויף דער טיר פון זיין געשעפט. דאס האט געהאלפען, מען האט די געשעפטען געעפענט, אבער זא זעהען געווען ליידיג.

אין די טעג האט ברויט געקאסט 30 רובעל א פונט, און עס איז ניט געווען וואו צו קויפען. עס האט אויסגעפעהלט וואסער און ליכט. די וואסערלייטונג און עלעקטרישע סטאנציע האבען אויפגעהערט צו פונקציאנירען, ווייל זיי האבען קיין קוילען אדער האלץ ניט געהאט — עס איז אויך ניט געווען קיין נאפט. די באפעלקערונג איז געזעסען אין די הייזער און געליטען פון שרעקליכע קעלט. פון פחד פאר פאגראמען און מורא פאר די באלשעוויקעס.

יעדען טאג פלעגט ערשיינען אן אפיציעלע ערקלעהרונג פון גענעראל שילינג אז „אלץ איז רוהיג" אבער עס איז געווען זעהר ווייט פון רוהיג.

נאר באלד ס'איז פארגעקומען אין טאג ווען די באלשעוויקעס האבען באדארפט אריינקומען, לאזט זיך ניט באשרייבען. מענשען זענען ארומגעלאפען איבער די גאסען ווי די משוגעים, אויף די קניע זענען זיי ארומגעקראכען און זיך געבעטען ביי יעדען מאטראס מען זאל זיי צולאזען צו די שיפען און דערפאר געשטופט אין די הענט אריין גאנצע פעקלעך מיט געלט.

וואס פאר א געלטער מען האט געצאהלט פאר'ן אנטלויפען פון אדעס, קען מען זעהן דערפון, דאס פאר א דריטען קלאס בילעט אויף דער שיף „פאלאצקי" פון טריעסטער לאיד האט די אדמיניסטראציע גענומען 500 טויזענד רובל.

און פיעלע פאלען האבען געטראפען, דאס מען האט באצאהלט מיליאנען רובל פאר פאמיליעס און נאכהער האבען די מאטראסען די פאמיליעס אריינגעווארפען אין וואסער און פארקויפט צו אנדערע די פלעצער.

און אפילו בעת מען איז שוין אוועק האט מען אויף דער שיף אויך באגזל'ט און באגנבעט. די מאנשאפט פון „פאלאצקי" האט זיך נאכהער אין קאנסטאנטינאפאל באריהמט, אז זיי האבען אוועקגענומען פון די אידישע פאסאזשירען איבער 100 מיליאן רובל, און פון אייניגע — זייערע לעצטע קליידער אוועקגענומען.

אויף דער שיף „גרענואר" איז געלונגען צו אנטלויפען א גרעסערע צאהל אידען. נאר אין באספאר איז אויף דער שיף אויסגעגאנגען די קוילען און אן אנדער שיף האט זיי געמוזט שלעפען.

אין דער צייט איז פארגעקומען א שרעקליכער שטורם און דער בוקסיר־שטריק איז איבערגעריסען געווארען. 5 טעג נאכאנאנד האט די שיף ארומגעשליידערט אויפ'ן באספאר, די גרעסטע טייל פון די אידישע פאסאזשירען זענען משוגע געווארען פאר שרעק. א טייל האבען זיך צוגעקיהלט און ליגען אין די קאנסטאנטינאפאלער שפיטאלען.

אין א קורצער צייט ארום זענען די באלשעוויקעס אריין אין אדעס.

(„אידישע ציטונג").




אונזערע ספעשעל מאשינען סייווען ארבייט.

אונזערע איבערגעבילדעטע מאשינען סייווען געלד.

## קויפט פון מאנופעקטשורער און סייווט דעם ריטייל פראפיט.

מיר פארקויפען די בעסטע אין דער ליין פון נעה מאשינען פאר יעדער סטיטשינג אפערישאן, א חוץ די נייע און ספעשעל נעה מאשינען פארקויפען מיר א ביסעל אפגעיוזטע מאשינען. דאס גיט אייך א געלעגענהייט צום סייווען פיעל געלד הערביי!

A. C. Payer

19 E. Jefferson — טעלעפאן: טשערי 1813


מושב זקנים, בית יתומים, חסד של אמת. און אויך שנעל וועלען מיר האבען א אידישען האספיטאל און אויך אנדערע קלענערע אינסטיטוציאנען.

אבער אזא אינסטיטוציאן פעהלט און מען מוז דאס שאפען. אן אינסטיטוציאן וואס זאל פראטעקטען דעם אידישען נאמען און די אידישע באפעלקערונג פון דעטראיט, אז עס זאל נישט קומען צו קיין חלול השם. איך מיין, אז עס זאל זיך גרינדען א בית דין, אדער „אדוויזארי באארד", וועלכע זאל זיין צוזאמענגעשטעלט פון רבנים, ביזנעס־לייטע און ארבייטער, אז וואס פאר א סכסוך עס מאכט זיך אין שטאדט צווישען איין קאנגרעגיישאן און א צווייטער, אדער איין ארגאניזאציע מיט א צווייטע, זאגאר איין איד מיט דעם אנדערען, זאל דאס פארקומען בעפאר דעם בית דין און נישט ברויכען צו געהן אין די הויכע פענסטער און צו מאכען דעם אידישען נאמען צו שאנד.

די לעצטע צייט האבען מיר געהאט א וויכטיגע אידישע קייס, וועלכע איז געבראכט געווארען אין קאורט און די שטאדט האט זעהר פיעל געקאכט דערמיט. אויך האבען מיר געהאט א קייס וועגען א שוחט, וואס איז ארעסטירט געווארען איבער א קלייניגקייט און דער טריעל איז פארגעקומען אום שבת. אויך יעצט האבען מיר א סכסוך צווישען קאנגרעגיישאנס, וואס וועט פארגעבראכט ווערען אין קאורט. עס איז זיכער אז א מנין אידען וועלען מוזען שווערען און געוויס וועט דאס ניט פארשאפען קיין כבוד צום אידישען נאמען בכלל און אונז דעטראיטער אידען בפרט. אויך האט יעצט פאסירט, אז א אידישער לענדלארד האט ארויסגעשטעלט זיין אידישען טענענט איבער א קלייניגקייט, וואס עס וואלט געקענט געסעטעלט ווערען און עס זאל נישט קומען צו אונמענשליכע האנדלונג. נאך הונדערטע פעלע וואלט דער אינסטיטוציאן פארהיטען פון חלול השם, ווען עס זאל עקזיסטירען.

האפענדיג אז איהר וועט לאזען דרוקען מיין בריעף אין אייער ווערטהע צייטונג פארבלייב איך מיט דרך ארץ,

רעוו. דוד גאלדען.

די גרעסטע ארבייט פאר אויפבויאונג פון ארץ ישראל אלס א אידישע לאנד. דערצו איז אבער נויטיג מיליאנען און צעהנדליגע מיליאנען פון דאלאר.

מיר, מזרחי חברים, און שוהל אידען זיינען געוויס מחויב פאר אלעס וואס האט צו טאן מיט ארץ ישראל און פאר אויסקויפען די לאנד פון פרעמדע הענד, בפרט צו טאן דאס בעסטע און דאס גרעסטע. צוליעב דעם, אפעלירען מיר אין דעם נאמען פון דער מזרחי בפרט און שוהל אידען בכלל, אנצושטרענגען אלע זייערע כחות אין דעם בלומען טאג, וועלכע וועט ווערען אפגעהאלטען פאר דעם נאציאנאל פאנד, זונטאג, כ"ז סיון (13 יוני), סיי דורך געלד זאמלען און סיי דורך געלד געבען.

זאלען מיר אלע באווייזען, אז די לעצטע געשעהענישען באריהרען אונז אויף אן אמת און מיר זיינען בערייט צו העלפען דעם אויפבוי פון ארץ ישראל.

מיר האפען, אז דער בלומען טאג וועט ברענגען דעם ערווארטעטען ערפאלג און מיר וועלען ווערען נעהנטער צו א גאולה שלמה במהרה בימינו.

בכבוד רב ובברכת ציון,

מאיר ברלין.

## באריכט פון דער דעטראיט־ער פיפעלס רעליעף.

פאלגענדע געלדער זיינען אריינגעבראכט געווארען אין אפיס פון דעטראיטער פיפעלס רעליעף, 490 הייסטינגס סטריט.

פון א תנאים ביי מר קאווען, מיט מיסס ביילים פון 321 פרעדריק סט. געזאמעלט דורך דזש. קויפמאן — $23.00

פון א ברית ביי מר. מעקס לעוויט פון 1772 קעמפבעל עוו., דורך אלעקס לעוויט — — — $40.25

דאנעישאן פון מר. גינזבורג — 122 טהיאדאר — $15.00

דאנעישאן פון מרס. פעני באיארסקי, פון גרענד רעפיסר געבראכט געווארען אין אפיס דורך מר. בלעק — $2.00

אויף א פארטי ביי מר. גיטעלמאן, געזאמעלט דורך בען עקער און הערדי מוורסקי — — — $15.00

אויף א ברית ביי מר. דזש. קראל 271 ווארען, געזאמעלט דורך מיסס סיידי נייאמאן 271 ווארען עוו., — $13.35

אויף א חתונה ביי מר. יעקב פינעס און איידא סענדלער 268 ברייהי סט., געזאמעלט דורך ב. גארדאן — $60.00

אויף א חתונה ביי מר. שוירגען 85 הענדרי סט., געזאמעלט דורך דזש. נייאמאן — — — — — $34.00

## טאקע מאדנע.

זאגט אליין, איז דאס נישט מאדנע? פאר סימפאטיזירען מיט די באלשעוויקעס ווערט מען ארויסגעשיקט פון אמעריקא און פון ענגלאנד און פון אלע „פרייע, דעמאקראטישע לענדער" —

אין דערזעלבער צייט נעהמט מען אויף מיט אפענע ארעמס דעם באלשעוויסטישען האנדעלס מיניסטער קראסין — אין סאמע לאנדאן, און די פיינסטע ענגלישע דיפלאמאטען און רעגירונגס לייט האלטען מיט איהם א קאנפערענצן.

אך, וואס פאר א משוגענע וועלט!


# אטאמאביל עקסידענט האספיטאל אטאמאביל אייגענטימער



ווען אן עקסידענט טרעפט מיט אייער קאר, ברענגט דאס צו אונז. מיר וועלען די קאר ווידער ניי מאכען.

פריימס, באדים, עקסעלס, פענדערס ווערען אויסגעגלייכט, געוועלדעט, געמאכט ווי נייע און גענאמעלד.

## רעדיאייטארס פעריכט און איבערגעדילט אויך עקסטענדזשעס

**Michigan Radiator & Fender Repair Co.**

723, 725 & 727 John R. St. — Glendale 7576


## אויפרוף פון מזרחי וועגען נאציאנאל פאנד.

ברידער און שוועסטער:—

יעצט איז געוויס קיין צייט ניט צו באווייזען די נויטיגקייט פון דעם אידישען נאציאנאל פאנד, פון וועלכען עס ווערט געקויפט ערד אין ארץ ישראל, אלס אייגענטום פון דעם גאנצען אידישען פאלק. אלע זעהן יעצט איין, מעהר ווי שטענדיג, ווי וויכטיג עס פאר אונז צו האבען ווי שנעל עס איז מעגליך וואס מעהר ערד אין אונזער הייליגען לאנד און וועלכע זאל געהערען צום כלל ישראל.

עס איז געקומען די צייט, אז דער אידישער נאציאנאל פאנד זאל טאן

# בריעף אין רעדאקציע

## וויל נאך א ציון דיסטריקט

ווערטהער הערר רעדאקטאר: —

ערלויבט מיר א שטיקעל פלאץ אין אייער ווערטהע צייטונג אייך אויפמערקזאם צו מאכען אויף א פאקט, וואס וואלט פיעל געהאלפען צו פארשפרייטען דעם ציוניסטישען געדאנק אין דעטראיט. נעמליך, אז איהר זאלט אנווענדען אייער גלענצענדע פעדער, וואס האט אויף אזוי פיעל געהאלפען אויסצובעסערן און אויפצובויען זאכען, (מיט וועלכע דעטראיט מעג שטאלצירען) צו דעם געדאנק פון א שטארקער ציוניסטישער טעטיגקייט אויף דער אידישער גאס פון דעטראיט. עס איז געקומען די צייט, אז עס זאל געגרינדעט ווערען נאך א ציוניסטישער דיסטריקט אויף דער אידישער גאס. די אורזאכען זיינען ווי פאלגט: 1) אין דעטראיט איז דא גענוג פלאץ פאר צוויי דיסטריקטען; 2) דער דיסטריקט וואס עקזיסטירט יעצט איז צו קאלט, אזוי ווי איהר האט זיך אויסגעשפראכען אין אייערע עדיטאריעלס, און איז אן ענגליש שפרעכענדער, ערגעץ מיט אן אפיס דאון טאון. אט דאס זענען גענוג אורזאכען אז נאך א ציוניסטישער דיסטריקט זאל געגרינדעט ווערען אויף דער אידישער גאס, מיט א אידיש־שפרעכענדען עלעמענט. און לויט איך האב געהאט א צושריפט פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע פון ניו יארק, זיינען זיי גיט געגען אזא פלאן.

איך האף, אז איהר וועט דאס נעהמען אין אכט און אייער ארבייט וועט געקרוינט ווערען מיט ערפאלג.

מיט דרך ארץ,

ג. ראזענבערג.

## וועגען גרינדען א בית דין אין דעטראיט

ווערטהער רעדאקטאר:—

איך בעט אייך אזוי גוט זיין און לאזען דרוקען דיעזען בריעף אין אייער ווערטהע צייטונג, וועגען זעהר א נויטיע אינסטיטוציאן וואס מען דארף שאפען אין אונזער שטאדט דעטראיט.

אמת. מיר האבען דא, גאט זיי דאנק, זעהר וויכטיגע אנשטאלטען און מיר מעגען מיט זיי זיין שטאלץ. מיר האבען מאהערנע תלמודי תורה, הכנסת אורחים


וואס ניט ביז וואנען די באארד אף העלטה וועט אייך צווינגען צו קויפען אזא רעסעפטיקאל. קויפט דאס גלייך אליין.




# קאנקריט
## גארבעדזש און אש רע־סעפטיקאלס

מאנופעקטשורד ביי די

## האוטאן סעמענט באקס קא.

820 לאפאיעט עוו. קאר. 21טע סטר.




פרייז ליסט פון גארבעדזש רעסעפטיקאלס

| | |
|---|---|
| 1 פאמיליע באקס, 20 גאלאן | $12.00 |
| 2 פאמיליע באקס, 40 גאלאן | $18.00 |
| 4 פאמיליע באקס, 80 גאלאן | $28.00 |
| אפארטמענט באקסעס, 110 גאלאן | $35.00 |

# ע ג ט אייער שכן וועלכער האט שוין אזא רעסעפטיקאל

אייער נעקסטען ארדער פיר א סעמענט גארבעדזש אדער אש באקס באשטעלט ביי אונז און דערביי וועט איהר סייווען פון 3 ביז 15 דאל. אויף אייער ארדער.

פעקטארי: **820 לאפאיעט עוו** טעל. וועסט 2982.

אונזער רעסעפטיקאלס זיינען אונטער דער אויפזיכט פון דער באארד אוו העלט

הויפט אפיס: **וו. ה. טאגערט** 994 ענטווין סט. טעל. נארטוויי 4194

ווארט ניט ביז וואנען די באארד אוו העלט וועט אייך צווינגען צו קויפען דעם סארט גארבעדזש באקס. קויפט דאס באצייטענס און פערמיידט טראבעל.



# אין פרינטינג שאפ פון „וועג"

פון א קארטעל

ביז

א גרויסע צייטונג

פון א הענדביל

ביז

גרויסע בוך

ווערט געמאכט שנעל, גוט און צו מעסיגע פרייזען

דער וועג

THE DETROIT JEWISH DAILY

Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY. INC.

347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715.

J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.

B. I. GOLDSTEIN, Editor

(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)

Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.

# „אונזער" פארד

עס איז „אונזער'ס" פארד. פארד דער גרויסער פינאנסיר פון אונזער דעטראיט, וואו ער האט זיך באריהמט געמאכט נישט נאר מיט זיין אייגענעם ערפאלג, נאר האט אויך א גרויסען, אויב נישט דעם גרעסטען חלק אין דעם ערפאלג פון אונזער שטאדט אין אלגעמיין.

די שטאדט איז אין משך פון די לעצטע עטליכע יאהר געוואקסען; אפשר נישט נארמאל און נישט אין ארדנונג. אבער פון דעם וואוקס פון דער שטאדט האבען נאר פיעלע געמאכט גרויסע קאפיטאלען. און דאס ווערט פארשריבען אויף דעם חשבון פון פארד'ן.

פארד האט שוין נישט איין מאל פאראורזאכט סענזאצ'ע.

פארד האט שוין ארויסגערופען סענזאציעס אין דער קאפיטאליסטישער וועלט, אין דער פאליטישער און אפילו דיפלאמאטישער וועלט און איצט — אין דער אידישער וועלט.

פארד איז אצינד אויך אין אונזער אידיש וועלטעל אריין מיט א סענזאציע; ער האט זיך אריינגעשיפט מיט איינער פון זיינע באריהמטע שלום שיפען.

אבער דאס מאל פיהרט זיין שיף ווייט נישט קיין שלום געפעק. ניכער — קר'עגס מאטעריאל.

פארד דער רודף שלום'ניק, וועלכער האט זיך געריסען אין די וועלטען מיט אן עק'שנות פון א דאן קיכאט, האט זיך איצט אריינגעזעצט אין א שיף פון שנאה, האט אוועקגעזעצט אלס קאפיטאן א מענשען, וואס פארפיהרט איהם אויף פעלדער וואו עס שטעהן אזעלכע, מיט וועלכע מיר וואלטען באין אופן נישט וועלען פארבינדען פארד'ס נאמען.

שולגין, פיכנא, קרושעוואן און — פארד.. עס איז נישט לכבוד! עס איז בכלל נישטא אין זיינע רעקארדען קיין סימן פון חבר'שאפט מיט אזעלכע צוררי ישראל.

און פארט איז פארד מיט ז'ין וואכענבלאט ווייט נישט אוועק פון יענע אנטיסעמיטען, וואס האבען געבילט אין דורך זייער בילען פאראורזאכט בלוט בעדער און מאסען שחיטות.

אמת דער ארטיקעל אין פארד'ס זשורנאל איז אנגעשריבען געווארען מיט א טאן פון וויסענשאפט, אין א זעהר שעהנער ליטערארישער פארמע און מיט אן אנשטעל פון תמימות.

דאס האט מען דאך אבער געקענט זאגען אויך אין מענשיקאוו'ס אנטי־סעמיטישע אנפאלען; אויך די מערהסטע אנדערע ליטערארישע אנטיסעמיטען זיינען פעהיג שעהן און ליטערארי'ש צו שרייבען; זיי זענען אויך פעהיג צו מאכען א נאאיווען אנשטעל אזוי, אז מען קען מיינען דאס זיי זיינען — ווי מען זאגט א ווערטעל — גאט די נשמה שולדיג.

דער ארטיקעל אין פארד'ס זשורנאל איז נאך אלעמען א פארביסענער אנ־גריף אויף אידען און געשריבען דערצו פון א מענשען, וואס אדער ער ווייס נישט קיין אמת'ע פאקטען, אדער ער מאכט זיך אומוויסענדיג, און אפשר טוט ער עס נאר בביון.

אזוי למשל נעהמט ער ארו'ס פון דעם דייטשען געלעהרטען פראפעסאר זאמבארט'ס בוך די טרוקענע חסרונות און באשולדיגונגען או'ף אידען און מאכט זיך נישט וויסענדיג אויף די אורזאכען וואס האבען די אידען געטריבען צו אזעלכע חסרונות; ער פארגעסט זיך אויך אויף די מעלות, וואס פראפעסאר זאמבארד רעכענט אויס.

עס וואלט שוין צייט געווען אז אלע אנטיסעמיטען זאלען מודה זיין אז אום צו זיין אנטיסעמ'טען פאדערט זיך נישט זיי זאלען ארויסקומען מיט ראיות צו די באשולדיגונגען אויף אידען. ווארים אויף יעדער ראיה וואס זיי ברענגען קען מען באווייזען אנדערע ראיות, וואס זאלען צונישט מאכען זייערע. און די געברענגטע ראיות דארף מען גארנישט זוכען ווייט, נאר ביי די אנטיסעמיטען גופא. ווארים דאס וואס איז ביי די אנטיסעמיטען א מעלה איז ביים צווייטען א חסרון. קומט למשל איין שונא ישראל און שרייט אז אידען זיינען שנארערס, אז זיי זיינען שמוציג, אז זיי זיינען קארגע, קומט א צווייטער און שרייט אז אידען זיינען פארשווענ־דערס, אז זיי פוצען זיך אין דיימאנדען און אין בריליאנטען, אז זיי געבען אוים זייערע פארדינסטען אויף לוקסוס.

קומט איינער. און זאגט אז אידען זיינען קאפיטאליסטען, אויסבויטער, פראפיטירערס, קומט א צווייטער און הי'סט אונז האסען און רודף'ן, ווייל מיר זיינען סאציאליסטען, אנארכיסטען און באלשעוויקעס.

און יעדער איינער פון דיזער חברה ברענגט ראיות און פאקטען; יעדער האט זיך זיינע ביי'שפיעלע; ער רופט אן נעמען פון אידישע קאפיטאליסטען, פונקט ווי דער צווייטער רופט אן נעמען פון אידישע אנארכיסטען.

ווען מען וויל צוקלאפען און פארניכטען די ראיות פון איין שונא ישראל, דארף מען נאר זיך נישט אנשטרענגען צו זוכען באווייזע ערגיץ אנדערש. עס איז גענוג א בלעטער צו טאן די טענות פון אן אנדער אנטיסעמיט וועלכער ברענגט אנ־דערע באווייזע פאר זיינע אנפאלען און מיט ד'עזע קען מען זיך פארטיידיגען קעגען דעם ערשטען.

און עס איז דאך קלאהר אז נישט נאר ביי אונז נאר ביי יעדער נאציאן, ביי יעדער אומה ולשון קען מען געפונען כל ערליי פאלשע און ארענטליכע מענשען, כל ערליי עקספלואטאטארס און קעמפער פאר גערעכטיגקייט.

מיר האבען מיאוס'ע לענדלארד'ס און האבען אויך אידישע איניציאטארס וואס קעמפען מיט דיזע לענדלארדס; מיר האבען אזעווס און האבען אויך גערשונים; מיר האבען רויטשילד'ס און בראלסקים און האבען אויך קוהן'ס און טראצקים; מיר האבען פארביסענע פאבריקאנטען און האבען אויך א גאמפערס וואס קעמפט מיט זיי. מיר האבען אזעלכע מענשען און אלע אנדערע נאציעס האבען זיי; מען קען אונז נישט האלטען פאראנטווארטליך פאר די גענגסטערס, פונקט ווי מען דארף אונז נישט בלאמירען פאר די קאפיטאליסטען, אדער אנארכיסטען

מיר זענען א נאציאן. און יעדער נאציאן האט זיך איהרע מעלות און איהרע חסרונות.

קומען די פארשידענע אנטיסעמיטען און זוכען אויס די סאמע ערגסטע, אום אונז צו רודפ'ן און אום אונז צו באפאלען.

און צו דעם גאנצען כאר פון דיזע נפשות איז איצט צוגעקומען „אונזער" פארד'ס זשורנאל.

עס פארדריסט. ווארים נאך אלעמען האט פארד, דער ליבעראל און רודף שלום'ניק, נישט באדארפט דערלאזען אז זיין נאמען זאל פארבונדען ווערען מיט די פארהאסטע נעמען פון די אידישע שונאים.

# ארץ ישראל דארף זיין גוף און נשמה

(איבערזעצט פון „העולם")
פון הרב חיים טשערנאוויץ

פאראן אזעלכע וואס זאגען: „גיט אונז ארץ ישראל אונטער אלע אומשטענ־דען, אן ארץ ישראל אדער אין גאנצען אפ'קורסים אדער אין גאנצען חסידים, מיט דיזער תורה אדער א צווייטער, אבי מיר זאלען האבען א לאנד". דאס שלאגווארט פון אט־די איז: זאל דאס פאלק ישראל ווערען ווי אלע פעלקער. אבער זיי פארגעסען אן דער גרויסער הלכה, אז ווען מיר וואלטען וועלען הא־בען שרפת נשמה אבי דעם גוף צו דער־האלטען האבען מיר פאר דעם געהאט פיעלע וועגען און אלע טויערען זענען פאר אונז געווען אפען. אויב ארץ ישראל זאל פאר אונז זיין נישט מעהר ווי א „שעהנער טויט", צו וואס די גאנצע טרחה? אויב מיר וועלען ארץ ישראל — מיינען מיר נאר צו ראטעווען די נ'שמה פון פאלק פון אונטערגאנג, אט די נשמה, וואס אין גלות איז זי צערי־סען און צעבראכען און האט אהן א לאנד קיין האפנונג נים. מען זאגט אונז: מיר דארפען נאר זארגען פאר עולם הזה, און פאר עולם הבא זאלען זיך אונזערע קינדער נאך אונז זארגען. אבער דער כלל „האבות אכלו בוסר ושני בנים תקהינה", איז א נאטור כלל: יעדער דור איז פאראנטווארטליך נים נאר פאר זיך אליין נאר אויך פאר אלע קומענדע דורות. האט א מענש געטאן איין עבירה אדער געמאכט איין שלעכ־טען שריט, האט ער זיך פארשולדיגט פאר ז'ין קינד און קינד'ס קינד ביז'ן סוף פון אלע דורות. אונזער דור וועל־כער האט פארגאסען אומשולדיג בלוט און געבראכט אן אומנויטיגען ברידער קריעג, איז פאראנטווארטליך פאר זיין בלוט און דאס בלוט פון זיינע קינדער און פאר פיעלע דורות נאך איהם ביז דאס לעבען וועט זיין צוריק נארמאל. דער דור פון חורבן וואס האט געהאט שנאת חנם און וואס אין זי'נע ימי איז דער שטאאט חרוב געווארען, האט אונז פאראורזאכט א פינסטערען ביטערען גלות אין משך פון צוויי טויזענט יאהר, און מיר לי'דען זייערע זינד! איין שלעכ־טען שריט וואס מיר וועלען מאכען, ווער ווייס וו'פיעל שלעכטס עס קען ברייגען די דורות נאך אונז. נישט פאר זיך אליין זענען מיר פאראנטווארטליך נאר אויך פאר אונזערע קינדער. מיר דארפען טאן די גאנצע ארבייט אליין, נישט לא־זענדיג אלס ירושה קיין לאסט פאר אונ־זערע קינדער נאך אונז, איך גלויב אין דעם גרויסען, שטארקען כח פון אונזער דור און איך שעץ און פארעהר זיין גבורה. ער האט ארויסגעוויזען גרויס־קייט און התעוררות אהן א שיעור און מעגליך אז אין פיעלע דורות פאר איהם און נאך איהם איז אזא דור נישט גע־ווען.

אזא ערשיינונג קען מען זעהן אין דער געשיכטע פון אלע פעלקער: טיילמאל שלאפען אפ פיעלע דורות אין א שווערען שלאף און ווייזען נים קיינע סימנים פון לעבען און נאציאנאלער באַ־וועגונג. און פלוצים שטעהט אויף איין דור, א ריעזען־דור וואס שטארקט זיך ווי א לייב און וואכט אויף ווי א לעמד־פערט און ברעכט אוים אין א מאכט און קראפט ווי א וואולקאן מיט דעם גאנצען פייער וואס איז געווען פאר־בארגען אין דעם פאלק פאר טויזענדער יאהרען. און אט דער איינציגער דור איז מ'כה פיעלע דורות נאך איהם, וועלכע עסען די פרוכט פון יענעם גרויסען דור.

ווען א פאלק דערוועקט זיך צו וועלכע נעזונטע נאציאנאלע שטרעבונג וואס איז אין איהם געווען פארבארגען און ער ערדייכט זי און ער פיהלט זיך שוין באפרידיגט, איז עס דאס אומ־גליקליכסטע צווי'שען פעלקער, ווי'ל שטרעבען איז לעבען און ווער עס שטרעבט נים, לעבט נישט. איך בין זיך מודה ומתודה, ווען איך זעה דעם „גייעם דור" אין ארץ ישראל, די „שלמים" אונ־זערע, ווי מ'איז געוואוינט זיי צו רופען, ד' צופרידענהייט די מנוחה און רוהיג־קייט אין זייער הארץ, זייער אפאטיע און שטרעבונגסלאזיגקייט און זייער אי־נערליכע קאמפפלאזיגקייט — פיהל איך טי'למאל ווי זיך אומצוקעהרען אין גלות אריין, צו די צובראכענע און צו־לאמיטע. קוקענדיג אויף דיזע יונגע לייט פרעג איך זיך נישט ווילענדיג: „אויף זיי האפען מיר דאס?" וועט דאס פון זיי ישראל געהאלפען ווערען? וואו זענען די „גדולים"? די יונגע לייט וואס זענען ארוים פון די ארץ ישראל שולען. עס איז קיין צווייפעל נישט אז אין דעם איז שולדיג די שלעכטע ערציהונג, אן ערציהונג מ'ט א פארם אהן אינהאלט, אין וועלכער עס האבען זיך איינגעליעבט אונזערע ערציהער, און ערציהונג פון לעערקייט און פוסטקייט.

מעגליך אז עס איז דא נאך א טעם דערפאר, א פארבארגענער טעם פון דער געשיכטע, אונזער דור האט ארויסגעגע־בען פיעלע גדולים אין גייסט און מעשים, און ענטדעקט פיעלע געהיימע כחות, וואס זענען געווען באהאלטען אין שוים פון דער אומה פאר פיעלע דורות. אזא מעכטיגע אויסברעכונג און אזא וואונדערבארע גבורה ווי עס האט גע־וויזען אונזער דור, געדענקט נישט אונ־זער געשיכטע, אזא קראפט און אויס־דויער, אין אזא גרויסער מאס ווערט נישט ווידערהאלט אין יעדען דור.

אויך מיר האבען געמוזט צוזאמענ־נעהמען אלע מעגליכע כחות וואס זע־נען אונז נאך געבליעבען, אום זיך צו ראטעווען פון אונטערגאנג און פון דעם שרעקליכען תהום וואס האט געלויערט אויף אונז, אונז איינצושלינגען לעבע־דיגע.

אין פארלויף פון אלע פעריאדען פון גלות, האבען מיר נישט דורכגעמאכט אזא קריזיס ווי דער אין אונזער פעריא־דע. מיר האבען דערגרייכט צום ש'יד־וועג, וואו מיר קענען נים געהן נישט פארווערטס און נישט ריקווערטס. און מיר קענען נישט, נישט לעבען און נים שטארבען. מיר קענען זיך דאך אפ'לו נישט אסימילירען, אפילו ווען מיר זא־לען וועלען, און ווי'ל מיר זענען געקומען „צווי'שען די גרענעצען" האבען מיר צו־זאמענגענומען אלע אונזערע איבערגע־בליבענע כחות און אונזער נאציאנאלער שטאלץ האט זיך ביי אונז ערוועקט מיט זיין גאנצער קראפט אום ארויסצוקומען פון דער ענגשאפט און זיך אויסברעכען א נייעם וועג אין לעבען.

פון דער קנעכטשאפט גופא איז ארויסגעקומען ד' פרייהייט, ווייל ווען נישט די אייראפעאישע קולטור וועלכע רייסט אונז ווי א גיפט וואלטען מיר נישט געווען אונטערוואַרפען צו קנעכט־שאפט, און ווען נים זי וואלטען מיר קיין כח נישט געהאט זיך צו באפרייען, ווי'ל אהן די כלי־זין פון דער אייראפעאישער קולטור וואלטען מיר נישט געווען ער־רייכט דאס וואס מיר האבען איצט ער־רייכט, דורך דעם גרויסען דראנג פון דער אידישער קולטור וואס האלט אונז און דער א'ראפעאישער קולטור וואס מיר האלטען ז', איז געבוירען געווארען די אויסברעכונג פון די כחות פון אונזער דור און דער כח פון יהדות האט גע־זיגט. און דערפאר זאג איך: עס איז אין אונז ערוואכט געווארען אזא שטארקע נאציאנאלע קראפט דארפען מיר זיך מיט איהר באנוצען און אנט־פלעקען אלע פארבארגענהייטען א'ן אונז, נישט לאזענדיג נאר פאר אונזערע קינדער נאך אונז, ווייל ווער ווייס אויב דער קומענדער דור וועט זיין פעהיג פאר גרויסע שאפונגען, אונזער דור האט אנ־געפאנגען דעם בנין און ער מוז איהם פארפערטיגען.

און נישט בלויז דעם גוף מוזען מיר ראטעווען, נאר אויך ד' נשמה מיט איהם. דורך דער ערראבערונג פון ארץ ישראל איז נאך די ארבייט נישט פאר־פערטיג געווארען, דאס איז נישט מעהר ווי א גוטער אנפאנג.

די וואס ווילען אוועקשטעלען דעם גאנצען קיום פון אידענטהום אויפ'ן לאנד און אויף דער שפראך, זעהען נישט מעהר אינוועניג. דאס לאנד און ד' שפראך זענען נישט מעהר ווי די ארומצאמונג פון דעם פאלק, וואס בא־שטימען זיינע גרענעצען און תחומים, אבער נישט דאס פאלק זעלבסט. די זע־נען בלויז א צוגרייטונג פאר דער צורה וואס דאס פאלק זאל אננעהמען, אבער זיי זענען נישט די צורה זעלבסט. דאס איז נישט דאס אינוועניגסטע. דאס פאס אבער נישט דער וויין.

די וואס זאגען: זאל דאס א'דישע פאלק זיין ווי אלע פעלקער מאכען א טעות אין דעם הויפט מהות פון אידענ־טום. דיזער מהות איז א וועלט ער־שיינונג וואס האט נים זיין גלייכען ביי קיין אומה ולשון. עס איז נאך נ'ט געשריבען געווארען די פילאזאפיע פון דער אידישער געשיכטע און דעם פלאץ וואס זי האט פארנומען אין דער וועלט געשיכטע. דאס אידענטום האט נאך נים געזאגט זיין לעצט ווארט; מיר קענען נישט פאראו'סזעהן די גרויסע גייסטיגע ווענדונג וואס דאס אידענטום וועט מחדש זיין; איך גלויב אז מיר וועלען נאך ארויסגעבען נביאים, דיכטער און געלעהרטע, וועלכע וועלען באאיינפלוסען די גאנצע וועלט מיט זייער רוח הקודש, און וואס אין זייער ליכט וועלען פעלקער געהן.

מען קען פארשטעהן דעם געשר"י: גיט אונז ארץ ישראל אונטער אלע אומשטענדען. מיר ווילען ראטעווען דעם גוף. עס איז א געשריי וואס קומט פון יסורים פון גלות און פון דעם צאפלען פון גוף און נשמה. דער וואס ראטעוועט זיך פון פייער קימערט זיך נישט אן זיינע כלים, אבער וואס זאל טאן דער מענש, ווען דאס פייער האט פארכאפט אלע עקען פון הויז און ער האט נישט דורך וואו צו אנטלויפען? דערווייל איז אונזער עקזיסטענץ אין געפאהר, און אז מיר וועלען קומען בלויז ראטעווען דעם גוף וועט אפילו די קליינע רעטונג אויך נישט געלינגען. אויב מיר וועלען זיין א נידער'גע, געפאלענע און מבוזה־דיגע אומה, א קליין געשיצט פאלק צווי־שען פעלקער, א מין נייע אלבאניען, וועלען מיר נישט זיין געזיכערט געגען פאגראמען אפילו אויף אונזער אייגע־נער ערד. לו'ט אונזער שטאנד צווישען די פעלקער קענען מיר זיך נישט פארלא־זען אויף אונזער שווערד און אונזער פאלק וויל נישט לעבען אויף דער שווערד, וואי אז מיר זאלען נאך פיעלע דורות זיין אזוי פיזי'ש שטארק ווי בעלגיען אין אונזער צייט, און דאך א'ז זי נים גע־ווען שטארק גענוג, אין צייט פון איהר נויט בייצוקומען דעם שונא וואס איז געווען שטארקער פון איהר. אמת, די שטארקייט פון א פאלק איז זיין פיזי־שער כח, אבער זיין גרו'סקייט איז דער גייסטיגער כח. אונזער שטאנד צווישען די פעלקער, ווען מיר וועלען זיך באזע־צען אויף אונזער ערד וועט זיין אפהענ־גיג נאר אן אונזער גייסטיגער קראפט און אן די ווערטען וואס מיר וועלען שאפען, אלס א פאלק פון גייסט. נישט ז'ין שטארק ווילען מיר: זיין גרויס! און גרויס קענען מיר ווערען באלד. מיר ווילען נישט זיי זאלען אונז לאזען אויף אונזער ערד אוים „רחמנות", נאר אוים דרך ארץ, כדי די גרויסע וועלט זאל אנערקענען אונזערע מאראלישע קראפט און אונזער באזונדערען גייסט. און די די ענטוויקלונג פון אונזערע גייסט'גע כחות דארפען מיר נישט פארנאכלעסי־גען אפילו אויף איין שעה. אלעס וואס מיר שאפען דארט דארף זיין א שאפונג פון דעם גוף און נשמה צוזאמען, און נישט בבחינת שרפת נשמה אבי דער גוף זאל בלייבען.

# די קינסטלער געזעלשאפט

פון ב. י. גאלדשטיין



הענריעטא ג. שניצער

איך האב שוין געלעגענהייט געהאט צו זעהן ד' טרופע וואס קומט אהער אויף א פאר גאסטראלען פון דעם ניו־יארק'ער אידישען קונסט טעאטער; איך האב זיי גע־זעהן אין ביידע דראמעס וואס ווערען דא אויפגעפיהרט אין דעם „ניו דעטראיט אפערא הויז", ווי'ל איך דערום די לעזער באקאנט מאכען מיט די געסט.

צו ערשט וועגען דער מאדאם שנ'צער.

צו ערשט וועגען איהר, ווייל זי האט גענוג באצאהלט מיט צער און יסורים ביז זי איז צוגעקומען צו דער ביהנע.

און נאך איצט ליידט זי.

מען פארגינט איהר נישט וואס אט ערשט איז זי פאר אן אמאטאר'ן פאר־רעכענט געווען און שוין איז זי א „סטאר" געווארען; ערשט האט מען אין די יוניאן לאקאלס זיך שטארק מתוכח געווען צו זאל מען איהר ערלויבען צו פאררופען זיך אלס אקטריסע, אדער זי זאל פארבלייבען אקטריסא אהן ערלויבעניש פון דער יוניאן.

און פלוצלינג איז זי שוין א „סטאר".

דער אמת איז, אז זי איז עס נישט.

די סטאר סיסטעמע, פארשטעהן מיר, ערלויבט נישט קיין גרעסערע טאלאנטען, אדער בעסערע ראלען. עס האט בלוי'ז איין מאל פאסירט און ערשט איצט, אין דעם לעצטען סעזאן, ווען בארים טאמא־שעווסקי האט געשפיעלט אויף איין ביה־נע מיט א גרעסערען און טאלאנטפאלערען אקטיאר — מיט דעם ערשט פארשטאר־בענעם דוד קעסלער — ביז איצט וואלט ער זיך אזא לוקסוס נישט ערלויבט.

די מאדאם שניצער האט אבער אין איהר אייגען טעאטער געשפיעלט אונטער אנדערע, גרעסערע אקטיארען און אקטע־ריסעס און אויך אין קלענערע ראלען.

אויב זי שפיעלט איצטער סטאר־ראלען איז דאס נישט ווייל זי קלויבט פאר זיך אוים א סטאר ראלע, נאר ווייל א דאנק איהרע ביהנע פעהיגקייטען פארוואנדעלט זיך איהר ראלע אין א סטאר ראלע. יעדער אקטיאר וואס האט באמת טאלאנט, קען זיין ראלע אין א גרויסער ראלע פארוואנדלען.

אט האבען מ'ר דא געזעהן „זאץ"ן אין „דעם רבין'ס ניגון". זיין ראלע איז נישט קיין גרויסע. ער איז נישט אזוי אפט אויף דער ביהנע ווי די אנדערע. און וואלט ער אפילו נאך וועני'גער געווען און וואלט ער נאר דאס איינע ליעדעלע „איך בענק [illegible]ים" געזונגען, וואלט ער די קלענסטע אומבאדייטענדע ראלע געווען אין א וויכטיגער און גרויסער ראלע פאר־וואנדעלט. דערצו וואלט איהם שוין זי'ן טאלאנט און פעהיגקייט ארויסגעהאלפען.

עהנליכעס קען מען אויך זאגען וועגען דער מאדאם שניצער.

זי האט א סך ביהנע פעהיגקייטען. אין „די גרינע פעלדער" דערמאהנט זי זעהר פיעל אן ציליע אדלער, אבער פארט טראגט זי אריין א סך פערזענליכקייט, אייגענאר־טיגקייט. זי האט אן אייגענעם וועג און מיט דער צייט וועט זי איהם זיכער בולט'ער דערזעהן.

דערווייל איז מאדאם שניצער נאך ניי אויף דער אידישער ביהנע; אויב דא אדער דארט מערקט זיך רויהקייט אדער וועניג איבונג איז דאס איהר צו פאר־געבען, וויסענדיג אז ערשט געצעהלטע חדשים שפיעלט זי אויף דער אידישער ביהנע; זי האט נאך נישט גענוג טעכניק און וואלט זיך באדארפט אפגעבען מעהר מיט דער פילאזאפיע פון דראמא. עס שטערט איהר נאך אין מאנכע שטעלען איהר נישט ווייכע שטימע.

דאס זיינען אבער אלץ זאכען און שטערונגען. וואס זי וועט מיט דער צייט באקעמפען.

די אידישע ביהנע האט דערווייל מיט דעם אנקום פון מאדאם שניצער געוואונען א דראמאטישע קראפט, מיט וועלכער זי מעג שטאלצירען.

דער צושויער וואס וועט בייוואהנען די צוויי פארשטעלונגען פון דער טרופע פון דעם קינסט טעאטער, וועט מודה זיין אז מיר טרייבען לחלוטין נישט איבער ווען מיר זאגען, אז זי איז א גרויס געווינס פאר דער אידישער דראמאטישער קונסט.



יעקב בן עמי

צום היגען עולם איז בן עמי נישט קיין פנים חדשות. ער האט שוין געהאט א געלעגענהייט איין מאל דא אויפצוטרע־טען אין אסיף דימאוו'ס א קאמעדיע „דער געדונגענער חתן".

אבער פון דעמאלט ביז היינט איז בן עמי א סך געוואקסען און זיין טאלאנט האט זיך נאכמעהר ענטוויקעלט.

בן עמי ווערט אין די אינטעליגענטע קרייזען פאר א ליעבלינג געהאלטען. און מיט באדויערען רעדט מען איצט אין די־זעלבע קרייזען פון דעם וואס בן עמי פאר־לאזט די אידישע ביהנע און געהט צו די גויים.

איין קליינע נחמה איז אבער פאראן, וואס אלע דענקען אז ער וועט לאנג זיך נישט האלטען אויף דער אמעריקאנער ביה־נע און וועט ווידער זיך אומקעהרען צו די אידען, וועלכע ווייסען איהם ווי צו שעצען.

בן עמי וועט אויף דעם ענגלישען סטיידזש אויפטרעטען אין „שמשון און דלילה". און דערפאר טאקע בין איך נישט אזוי אפטימיסטיש ווי די אנדערע, ווארים איך מיין אז אין „שמשון און דלילה" וועט בן עמי האבען דעם גרעסטען ערפאלג און עס וועט לאנג האלטען זיין ערפאלג אין דעם אמעריקאנער טעאטער קרייז.

אין „שמשון און דלילה" איז בן עמי דער פעטער קראנבאך, וועלכען סוען לאנגע האט געמאהלען.

די וועלכע האבען שוין בן עמי'ן גע־זעהן שפיעלען וועלען זיכער אנגענעהם איבעראשט זיין פון זיין ראלע אלס פעטער קראנבאך.

געוועזן מאמענטען ווען איך האב פאר־געסען, אז דאס שטעהט פאר מיר א שוי־שפיעלער. איך האב געזעהן דעם פאעט, וואס איז משוגע פארליעבט אין זיין קונסט און אין זיין פארפיהרערישער פרוי.

איהר זעהט פאר זיך א שמשון, נאטיר־ליך נישט אין רויהער קראפט, נאר אין גייסט.

מען זאגט אמאל אויף איינעם, אז זיין גייסט קוקט אראפ פון איהם. אויף בן עמי אלס שמשון מעג מען דאס זאגען. ווארום נישט זעהט איהר פאר זיך דעם פאעט, נאר די פאעזיע מיט אלע איהרע קאפריזען און צארטקייט, נשמה'דיגקייט.

## סאניא גורסקא

די טרופע, וואס קומט אהער, איז נישט אומזיסט אזוי באליעבט ביי דעם ניו יארקער טעאטער עולם. עס האבען זיך קאנצענטרירט אלע יונגע טאלאנ־טען ווי מר. רובין, פריעד, גאלדשמיט, מאדאם אפעל און אנדערע.

צוזאמען מיט זיי איז אויך פאראן די יונגע אקטריסע מאדאם גורסקא, וועלכע איז געקומען פון רוסלאנד קיין אמעריקא מיט א רעפוטאציע פון א גוטע שוישפיעלערין.

קוקט מען זיך צו צום ארט שפיעלען פון דער מאדאם גורסקא, זעהט מען, אז זי פארשטעהט אויסגעצייכענט ווי אזוי צו שפיעלען. זי פיהלט די פאר־אנטווארטליכקייט פון איהר ראלע און פיהרט זי דורך מיט אלע דקדוקים.

זי פארשטעהט איהר ראלע אין די „גרינע פעלדער"; זי האט זיך אריינגעלעבט אין דעם טיפ וואס זי שאפט און ברענגט ארוים בולט. זי פארשטעהט יעדען קנייטש און פאלד פון דער נשמה פון דעם דארפס מיידעל, די פארגרעבטע און אומוויסענדע און אזוי זעהט זי אויך דער צושויער.

מאדאם גורסקא איז אן אינטעליגענ־טע פרוי (זי איז די פרוי פון דעם שריפטשטעלער „הליטוואק") און איז גוט בעהאווענט אין דער קונסט פון שוישפיעלעריי און סצענישער פרייד.

די קלענסטע ראלע פיהרט זי דורך געטריי און מיט דער גרעסטער אויפ־מערקזאמקייט.

וועגען די אנדערע שוישפיעלער — אן אנדערש מאל.

## הילצערנע שיך

צוליעב דער טייערקייט אויף שיך גע־הען דא אריין אין מאדע הילצערנע שיך וועלכע ווערען איצט פאבריצירט אין אלע טיילען פון לאנד.

ווי געוועהנליך איז צו ערווארטען, אז באלד ווי די מאדע וועט פארשפרייט ווע־רען וועט האלץ שטייגען אין פרייז, אזוי הויך, אז מיר וועלען מיט אונזערע הילצערנע שיך נים קענען ארויסקלעטערן.

# Der Weg

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג איז מישיגאן סטייט
ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת. דורך דער
וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד

אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715.


## דיענסטען

פון ב. י. ג—ן

צווישען אלע אנדערע „דוחק'ס" איז פאראן אויך א דוחק אויף דיענסט־מיידלעך. אין גאנץ אמעריקא לאזט זיך שטארק פיהלען מיט דער דאזיגער דוחק. מעהר, נעוועהנליך, פיהלט מען איהם אין די רייכע הייזער, וואו די באלע־באסטעס קענען נישט, אדער ווילען נישט און אפשר שטעהט זיי טאקע נישט אן צו פארנעהמען זיך מיט דער רייכער באלעבאטישקייט, מיט קיכען און פיעלע פאטראוועס.

טוט פלוצים דער אויבערשטער א נס און עס גיבען זיך א יאווע דיענסט־מיידלעך אין אלע גרויסע שטעדט אין אמעריקא.

פון וואנען עס האט זיך פלוצים גע־עפענט א טויער פון הילף פאר די רייכע סאלאן־דאמען, איז שווער געווען צו וויסען. אבער עס האט זיך נאר קיינער נישט געקימערט דערפאר. וועמען ארט עס פון וואנען זיי האבען זיך געיאוועט. דע־פאקטא — זיי זענען דא!

האט א רייכע לידי, פון דער אזוי גערופענער „פיער הונדערט", אויפגענר מען א דיענסט. דאס מיידעל האט גע־האט צופיעל ארבייט פאר איין מענ־שען און געבעטען אן ארויסהעלפערין. די מאדאם האט איהר ענטזאגט. נישט האבענדיג קיין אנדער ברירה, האט דאס מיידעל געמוזט בלייבען אויף די אלטע קאנדיציעס.

ווען די מאדאם איז אויף א קאנ־צערט, האט די דיענסט איבערגעלאזט די קיך און דאס באלעבאטישקייט און איז ארויס אין נאך אפצוזוכען א דענטיסט. „עס טוט איהר וועה א צאהן" — האט זי געזאגט דעם „באט־לער" (הויז דינער).

זי איז אוועק און מעהר נישט גע־קומען.

האט מען זיך גענומען ארומקוקען אין שטוב און הערזעהן, אז עס פעהלט דאס צייגונג, וואס טרעפט אן לערך צוויי טויזענד דאלאר. א גליק וואס די וויכטיגסטע שטיקלעך צירונג האט די מאדאם געטראגען צום קאנצערט.

אין א פאר טעג ארום ערהאלט די לידי א ידיעה בריוועלע פון דער דיענסט, וואס לייענט זיך ווי יענעם אידישעם ווערטעל — „אז מען גיט נישט יעקב'ן, גיט מען עשו'ן" — אז איהר האט נישט געוואלט דינגען נאך אן ארויסהעלפער, האב איך געמוזט טוען די ארבייט פאר צווייען; באצאהלען אנשטענדיג ווי פאר צוויי, וועט איהר דאך נישט וועלען, נון האב איך אליין גענומען".

אין א פאר וואכען שפעטער:

איינע א רייכע דאמע רופט אפ דער בא'גנב'עטער לידי דורכ'ן טעלעפאן און פרעגט זי, צי עס איז איהר באקאנט א דיענסט־מיידעל מיט'ן נאמען דזשעני טיילאר. די לידי ענטפערט, אז ביי איהר האט אמאל אזא מיידעל גע־דיענט, זעהר אן אנשטענדיג און ערענ־טליך מיידעל.

געהט וויטער אוועק א פאר וואכען און צו דער בא'גנב'עטער לידי קומט אריין א דעטעקטיוו און פרעגט זי, וואס פאר א שייכות זי האט מיט דזשעני טיילאר. און עס שטעלט זיך ארויס, אז דער דעטעקטיוו ווארפט א חשד אויף דער רייכער, מיליאנערסקער לידי. ווארים די דאזיגע דזשעני טיי־לאר האט בא'גנב'עט יענע דאמע אויף א ריזיגער סומע געלד און צירונג און קליידער. און אזוי ווי זי האט געגעבען רעקאמענדאציע פאר דער גנב'־טע, איז עס איינס פון די ביידע: אדער זי האט א חלק אין דער גנבה, אדער זי מוז טראגען די אחריות פון דער רעקאמענדאציע.

עס איז געווארען א קאכעניש און א מומלעניש.

נאך א חקירה ודרישה האט מען אויס־געפונען, אז די דזשעני טיילאר איז טאקע געווען א דיענסט ביי דער רייכער לידי, אז זי איז טאקע געווען אן ערענטליך מיידעל און איצט אליין א בעל־הבית, איהר מאן איז געווען אויף די שלאכטפעלדער און איז, צוויי מאל פארוואונדעט געווארען.

די גנב'טע אבער — איז א מיט־גליעד פון א גאנצער בנופיא דיענסטען, וואס מען האט ארגאניזירט צו דעם צוועק צו בא'גנב'ענען יענע רייכע דא־מען, וואס ווילען זיך נישט באגעהן אהן קיין דיענסטען.

די גנב'טע, וואס איז אנגעקומען אויף דער רעקאמענדאציע, רעכענט מען, אז דאס איז די זעלבע, וואס איז אוועק צום דענטיסט און פארגעסען דעם אד־רעס צוריקצוקומען.

אבער אויך אהן איהר זיינען פאראן גענוג אנדערע באלעבאסטעס, וואס זיינען באשווינדעלט געווארען אויף אזא אופן.

וואלט נאך דאס נישט געווען אזוי וויכטיג וועגען דעם א גאנצען ארטי־קעל, צו שרייבען, ווען דיעזע גנב'טעס זאלען נישט זיין אזוי נעמיין און פאר־דארבען, צו שפיעלען די זעלבע מיאוס'ע און פארברעכערישע קאמעדיעס אויך מוזען האבען אמאל א דיענסט, ארויס־מיט די ארימערע באלעבאסטעס, וואס צוהעלפען זיך פון שווערער ארבייט.

א סך געוועהנליכע באלעבאסטעס, וואס האבען קוים א צוויי רינגלעך, אדער איין פאר אויערינגלעך זיינען אויך בא'גנב'עט געווארען אין פיעלע שטעדט אין אמעריקא פון דער ארגאניזירטער באנדע.

עס איז רעכט געווען אז ביי א שוואנגערע ארימע פרוי, וואס האט א דיענסט צוגענומען אויף עטליכע וואכען ביז נאכ'ן געבוירען דאס קינד, האט מען צוגע'גנב'עט אפילו די צי־כען פון די קישענס.

די בעסטע רעקאמענדאציע פאר א דיענסט, איז די עמפלאימענט ביורא, וועלכע איז, מעהרערע מאל, אינגאנצען פאראנטווארטליך פאר די צוגעשיקטע דינסטען און לעבינס, וועגען וועלכע זיי מוזען האבען גוטע און אויספיהרליכע אינפארמאציע.

## א פאר ווערטער וועגען חזן רוטמאן

פון פ נ ח ס י. י פ ה

וועגען דער טעמא פון אידישע מוזיק און חזנים איז שוין פיעלעס געשרי־בען געווארען. דאך דער פאקט אליין דאס יעדער שרייבער גיט אן אנדער מיינונג וועגען דעם, דאס מאכט אונז דענקען, דאס אין גאנצען אומגערעכט איז קיין איינער נים. יעדער שרייבער ברענגט באווייזע און איבערצייגט אז נאר ער איז גערעכט. און ווען מען לעזט פארזיכטיג דורך די אלע פאר־שיעדענע מיינונגען, מוזען מיר קומען צום שלום, אז איינענטליך קריסטא־ליזירט זיך די גאנצע פראגע אין דעם פונקט, צי איז דא אזא זאך ווי אידישע מוזיק, אדער צי עקזיסטירט נאר אזא מין זאך איינגאנצען.

איינינע מאדערנע שרייבער און קרי־טיקער ווילען האבען, אז עס איז דא אזעלצע מוזיקאלישע קלאנגען וואס טראַ־גען א ספעציעלען „אידישען" כאראק־טער. די אידישע מוזיקער פון דער אל־טער שוהלע, און דארונטער אויך דער גארשטארבענער מוזיקאלישער גדול, חזן א. ש. פריעדמאן, דיעזע אלטע ריעזען זאגען, אז „אידיש" איז נאר די „סקאר־באווע" נגונים, ווי צום ביישפיעל, כל־נדרי, קדיש, אבות, נעילה א. א. וו. אלעס אנדערע — זאגען דיעזע קינסט־לער — איז גענומען פון ניט־אידישע קוועלען.

דער שרייבער פון דיעזע צייל מיינט חלילה ניט צו ווידערשפרעכען די מיי־נונג פון די מוזיקאלישע גדולים. אבער דאך שטעלט זיך די פראגע, פאר וואס האט דער איד פארט הנאה ווען א חזן זינגט א וואלאך'על אדער א צי־גיינע'על?

אורטיילענדיג נאך דער מיינונג פון אידישען פאלק און נאך זיין געשמאק, מוז מען זאגען, אז נאר דאס איז אי־דיש, וועלכעס דאס פאלק אנערקענט אלס אזעלכעס. אויב א חזן זינגט א וואלאך'על, ווייסט דער עולם אז ענט־נומען איז דאס פון אן אנדער נאציאן, אבער עס וועגט זיך וועגען פיעל אן דעם חזן.

ביי מאנכע חזנים קומט דער זעלבער נגון ארויס אהן א שום אידישען טעם דאגעגען האבען מיר חזנים, וואס קענען געהמען דעם איינפאכסטען נגון און באפוצען דאס שעהן מיט „אידישע" טרימינגס — גיסען אריין אביסעלע אי־דישע נעפיהל — און דאן וועט שוין דער איד באלד דערקענען דאס זייניגע און לאנג ניט טראכטענדיג וועט ער באלד געבען זיין מיינונג — „עכט אידיש".

פון די עטליכע עכט אידישע דאווענערס וואס געפינען זיך אין אמעריקא, האט דעטראיט אויך איהר חלק. און צווישען אלע גוטע חזנים רעכענט זיך חזן א. ל. רוטמאן" אלס איינער פון די לעצטע מוזיקאלישע גרויסע חזנים.

חזן רוטמאן איז באוואוסט צו א גאנצער וועלט אידען מיט זיין אנגע־נעהמער שטימע, רייכע קאלאראטור און זיסען אידישען דאווענען. דעטראיט מעג שטאלצירען מיט דעם, וואס חזן רוטמאן פארוויילט אין דיעזער שטאדט.

חזן רוטמאן איז דער חזן אין דער מאנטקאלם סטריט שוהל, און היינטי־גען שבת פרשת שלח וועט ער מיט זיין כאהר זיין א גאסט אין דער אהבת אחים שוהל, קאר. דעלמאר און וועסט מינסטער.

אום ריכטיג אפצושאצען די אמת'ע ווערדע פון חזן רוטמאן, מוז מען איהם הערען א סך מאל, ווייל חזן רוטמאן איז ווי א „מעין המתגבר" אן אונער־שעפליכער קוואל און וואס מעהר מען הערט איהם, אלץ מעהר קומט מען צום באשלוס, אז אויב עס איז דא אזא זאך וואס הייסט „אידישע מוזיק", דאן איז עס געשאפען טאקע נאר דורך חזנים, וואס ווייסען ווי אזוי אנצוריה־רען די אידישע סטרונע און דעם אי־דענס צוועהטאגטע הארץ.

## א לעבעדיגער גרוס פון דער אלטער היים

(פון א געשפרעך פון אונזער פארטרע־טער מיט דער פאמיליע וואורשטיין, וואס זיינען די טעג געקומען פון גראדנא)

קיין דעטראיט זיינען איצט אנגע־קומען א מוטער מיט א זוהן און צוויי טעכטער, וואורשטיין. געקומען זיינען זיי צו זייערע פריינד, ראזען, אין 102 הענקאק עוועניו. א פארטרעטער פון „וועג" האט געהאט א געשפרעך מיט די נייע אנגעקומענע און מיר גיבען איבער דיעזען געשפרעך פאר די לע־זער פון „וועג".

די וואורשטיינס זיינען געווען צוויי חדשים אין וועג. די רייזע האבען זיי געמאכט דורך דייטשלאנד, האלאנד מיט דער האלאנד אמעריקאן ליין.

אונזער פארטרעטער איז געווען ניי־גיריג צו וויסען וועגען דער טעטיגקייט פון די אידישע געזעלשאפטען אין דייטשלאנד, ווי ווייט זיי קומען צו הילף די אידישע עמ'גראנטען און דאס איז דער ענטפער וואס ער האט באקומען:

ביז דאנציג איז ניטא קיין שום אי־דישע טעטיגקייט און דער אידישער עמי־גראנט פיהלט זעהר שטארק די עלענד וואס די רייזע פארשאפט. אין דאנציג אבער, א דאנק דעם לארטיגען ראבינער עקזיסטירט אן עמיגראציאנס געזעל־שאפט, וואס טוט זעהר לויבענסווערטע ארבייט פאר די עמיגראנטען. מען באר־זארגט גלייך יעדען עמיגראנט מיט עסען, מיט טעע, מיט א געלעגער און מיט וואס נאר עס איז מעגליך. אן עהנליכע געזעלשאפט האט זיך יעצט געגרינדעט אין ראטערדאם, האלאנד. די געזעלשאפט טראגט מאנטיפיאר'ס נאמען און טוט אויך גאנץ גוטע ארבייט.

אין וועג ליידען איצט די עמיגראנטען מעהר ווי אימער פון שווערע אימי־גראציאנס געזעצען. מען מוז קענען לע־זען און יעדער עמיגראנט וואס קען קיין שפראך ניט ווערט אפגעשטעלט און די האלאנד אמעריקאן ליין מוז דעם עמיגראנט אויסלערנען לעזען. אנ־דערש קען זי איהם אויפ'ן שיף ניט ארויפנעהמען.

דער פארטרעטער פון „וועג" האט אבער מעהר ווי אלעס געוואלט וויסען ווי עס לעבט זיך די אידען אין פוילען. און דארויף האט ער באקומען א תשובה, אז „די פאליאקען האבען זיך שוין מעהר אדער ווייניגער איינגעארדענט. די פוילישע רעגירונג געפינט באשעפ־טיגונג און ים אליין ארבייט צו די פאליאקען ביי יעדער געלעגענהייט. דער־פאר אבער שטויסט די רעגירונג ארויס יעדען אידען פון רעגירונגס שטעלען. זי קימערט זיך ניט וועגען אידישע אר־בייטסלאזיגקייט און אונטערדריקט אי־דען ביי יעדער געלעגענהייט".

— פון וואס פארט לעבען אידען אין גראדנא? — האט אונזער פארטרעטער געוואלט וויסען.

— פון עסען — האט זיך אווער־שטיין געוויצעלט. — דאס הייסט, אויב זיי שטארבען ניט פון הונגער, לעבען זיי... עס הויבט זיך אן צוריק א שטי־קעל האנדעל און אידען זיינען די קאָ־מערציעלע פארמיטלער. אידען געפינען אויס וואו עס איז דא אביסעל סחורה און זיי טראנספארטירען דאס אריבער. עס איז א מין מאדערנע מעקלעריי אדער אגענטסטווא. איינינע כאפען זיך אריין אלס באדראטשיקעס. אבער די גרויסע מאסען לעבען מייסטענס פון די פאר דאלאר וואס קרובים שיקען פון אמע־ריקא.

א גרויסע הילף זיינען איצט פאר די אידען די קאאפעראטיווע געזעל־שאפטען. ערשטענס איז קיין אנדער אי־דישער טעטיגקייט כמעט ניט ערלויבט. אונטער דעם מאנטעל פון קאאפערא־טיווע קומט אויס צו ארבייטען אויף אלערליי געביעטען. אויסער דעם זיינען די קאאפעראטיוון א גרויסע שטיצע פאר אידען.

אין גראדנא זיינען פאראן א סך ציוניסטען. מייסטענס די קינדער פון רייכע עלטערען. פאראן א קלאס אויפ־געקומענע נגידים, דאס זיינען „קריעגס־געווינער". מענשען וואס זיינען רייך געווארען א דאנק דער מלחמה. דאס איז א מין „אלרייטניק".

די אידישע ערצ'הונג, די שולען, די תלמוד־תורה, ווערען געשטיצט פון דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע. בכלל איז דער פוילישער שרעק פיעל ערגער ווי דער מלחמה שרעק. די פוילישע ווירטשאפט איז א טוואס גרויליכעס טוואס שוידערליכעס, וואס ס'לאזט זיך ניט שילדערען.

אן אינטערעסאנטען פאקט האט מען דעם שרייבער דערצעהלט וועגען א אי־דישער מיהל, וואו עס האט אויסגע־בראכען א שרפה און הונדערט וואגאן קארן איז אוועק מיט'ן פייער. מען האט געוואוסט, אז די שרפה האט פאר־אורזאכט א פאלאק, דורך זיין נאכלעסיג־קייט. פונדעסטוועגען האט די פוילישע רעגירונג זיך ניט געשעהמט צו מאכען טישען בלבול.

פון דער שרפה א אידיש־באלשעוויס־ וואס אנבאלאנגט פאגראם שרעק, לע־בען דאס די אידען אריבער יעדען טאג. באזונדערס זונטאגס און חגאות, ווען די פאלאקען הניבען אן געהן אין די קאסטיאלען אזוי שנעל ווי די גלעקער הויבען אן צו קלינגען, ווערט די לופט פול מיט פאגראם שרעק.

אן אינטערעסאנטען פאל, וואס זי האט אויף איהר רייזע צוגעזעהן אין ווארשא, דערצעהלט רבקה וואורשטיין, איינע פון די מיידלעך וואס זיינען איצט אנגע־קומען.

זי און נאך עטליכע פאסאזשירען האבען באשטיגען א טראמוויי. אין דער זעלבער צייט איז אויך ארויף אן אל־טער איד, שוין זיכער איבער זעכציג. אין טראמוויי איז געשטאנען א פוי־לישער סאלדאט מיט א ביקס אין האנד און פלוצלינג איז דער אלטער דעם סאלדאט ניט געפעלען געווארען און ער האט איהם אנגעהויבען טרייבען פון טראמוויי, אנשטעלענדיג אויף איהם די ביקס.

דער איד האט זיך געבעטען דאס דער סאלדאט זאל איהם לאזען אין טראמ־וויי ביז דער טראמוויי וועט זיך אפ־שטעלען ביי א ראג גאס. אבער דער פוילישער סאלדאט האט געסטראשעט צו שיסען, און קוים מיט צרות איז דער איד מיט סכנת נפשות אראפגע־שפרונגען פון טראמוויי איידער זי האט זיך אפגעשטעלט און זיך געראטעוועט מיט'ן לעבען.

די זעלבע מיידעל דערצעהלט, אז די קליידער און אנדערע ארטיקלען זיי־נען זעהר ניט ריכטיג פארטיילט גע־ווארען. דאס רוב זיינען זיי זאכען אריינגעפאלען צו די „קאמיטעטשיקעס", מייסטענס בגילע אידען.

די דאזיגע „קהל'שע קליאמקעס" האָ־בען געמאכט „יד אחת" מיט די טרעגער — א באקאנטע גנבים באנדע — אין גראדנא.

נאך יעדען מאל, וואס א טראנספארט איז אנגעקומען, האט דער קאמיטעט מודיע געווען, אז עס איז געשעהן א גנבה, און נאך יעדער גנבה האט מען אויף די „קאמיטעטשיקעס" באמערקט אמעריקאנער קליידער... און אזוי ארום איז צו די ארימע לייט כמעט גאר נישט אנגעקומען...

א גרויסע שטיצע פאר טראדנא איז די שערעשעווסקי פאפיראסען פאבריק, וואס איז פארוואנדעלט געווארען אין א קאאפעראטיווע. די דאזיגע פאבריק צאהלט די העכסטע שכירות און עקסט־רא דיווידענדען און בכלל באזארגט זי איהרע מיטגליעדער מיט אלע נויטיגע לעבענס מיטלען.

קיין אידישע ליטעראטור איז ניטא היינט אין רוסלאנד. זייער איינציגע האפנונג איז — אמעריקא. עס איז אלעמען גוט באקאנט דער פאקט, אז אין אמעריקא האט אויפגעבליהט די אידישע ליטעראטור און אלע ערווארטען אז אמעריקא זאל אויך זארגען פאר די רוסישע אידען וואס דורשטען נאך א גוטען בוך.

אין גראדנא פלעגט ערשיינען א צייטונג „נאשא אוטרא" אין דריי שפרא־כען: אידיש, רוסיש און פויליש. היינט צו טאג איז די אידישע און רוסישע אפטיילונג אפגעשטעלט.

עס געהען ארויס צוויי פוילישע צייטונ־גען: „רזשעטשניק" און „עכא". די לעצ־טע איז א ריין אנטיסעמיטיש בלאט וואס גיסט פעך און שוועבעל אויף אלעם וואס איז אידיש.

דער „היינט" און „מאמענט" איז זעהר גוט פארשפרייט איבעראל און טיילווייז אויך די איבעריגע זשורנאלען.

שטארק פארביטערט זיינען די ארי־בערגעקומענע געגען עליס איילאנד. עס איז גענוג אז עס זאל דארט ניט גע־פונען ווערען אימיצענס א נאגעל און מען צושיידט פאמיליען און מען האלט אפ מענשען וואכען לאנג ווי אין א טורמע.

איבערהויפט איז שווער פאר די אי־מיגראנטען, וועמענס קרובים וואוינען ניט אין ניו יארק, און די הילף פון דער אידישער אימיגראציאנס געזעל־שאפט איז זעהר ניט קיין ממשות'דיגע, און דאס פאראורזאכט שרעקליכע יסורים צו די אימיגראנטען, וואס נאך דעם וואס זיי האבען שוין דורכגעמאכט אלע שבעה מדורי גיהנם אויף דער רייזע, הויבט זיך ערשט אויף דאס ניי אן פאר זיי א גיהנם אין עלים איילאנד.

## די פוילישע אמעריקאנישע שיף אגענטור פאר'ן קאורט.

אן אינטערעסאנטע קייס, וועלכע ווייזט ווי אזוי געוויסע שיף־אידזשענסים זוכען צו באשווינדלען די עמיגראנטען וואס פאהרען איצט אהיים, איז פארגעבראכט געווארען פאר'ן מעדזשיסטריט קאורט. איינער, לודוויג בערנארז, האט אנגע־קלאגט די פוילישע סטימשיפ אידזשענסי אז זי האט בײ איהם אויסגענארט געלד. די געשיכטע איז געווען אזא:

לודוויג בערנארז מיט נאך צוויי חברים זיי'נע האבען דעם 17־טען נאוועמ. 1919 ערהאלטען פון דער דערמאנטער פוילישער אגענטור א בריעף, וואו זי פארשפרעכט צו קריגען פאר זיי פאספארטען און שיפס־קארטען, אויב יעדער פון זיי וועט איינ־צאהלען 15 דאלאר. זיי האבען געפאלגט און האבען אריינגעשיקט דאס געלד, 47 דאלאר אין גאנצען. האבענדיג אזא זאגזיכערונג, זענען זיי דעם 2־טען פעב. אלע דריי געקומען צו פאהרען פאר דעם צוועק אין ניו־יארק. געקומען אויפ'ן פלאץ, דערצעהלט מען זיי, אז דער פוי־לישער קאנסול נעהמט איצט ניט אן קיין אפליקיישאנס און אז זיי וועלען מוזען ווארטען ביז דעם 16־טען פעב. דערפאר וואס די קאמפאני האט ניט געהאלטען ווארט, האבען די דריי געפאדערט צוריק די אפליקיישאנס מיט זייער געלד. מען האט זיי צוריק אפגעגעבען די אפליקיי־שאנס, אבער ניט דאס געלד.

דאן זענען די דריי אוועק און אנגעגע־בען אין קאורט געגען דער דערמאנטער אידזשענסי די קייס איז פארגענומען געווא־רען דעם 12־טען אפריל און דעם 19־טען וועט דער קאורט ארויסגעבען זיין פסק־דין.

## פערזענליכעס


ריפיינד ביזנעסמאן. 35 יאהרע. פאן גוטען אויסזעהן אונד גוטהערציג. געביל־דעט אין איינינע שפראכען. פערלאנגט צו קארעספאנדירען מיט אלמנה אדער עלטערע מיידעל זאל זיין, פערמעגליך אונד גוטהערציג. אדרעסירט באקס 25. דער וועג.





## די שנארער אסקא

דער געוועהנליכער פארזאמלונג פון דער שנארער אסק'ן וועט היינטיגען זונטאג אוועגד ניט פארקומען צוליעב דעם וואס אלע אונזערע מיטגלידער געהן מקבל פנים זיין די קינסטלער גרופע פונ'ם „נייעם אידישען טעאטער".

מיט פרייד באגריסען מיר דעם רעזשיסער ה' יעקב בן עמי צוזאמען מיט דער גאנצער קינסטלער געזעלשאפט פאר זייער אמת'ער איבערגעבענהייט צום בע־סערען שפיעלען. ווי אויך פאר דעם ערנסטען אויסוואהל פון פיעסען.

און אבוואהל אונזער היינטיגער פאר־זאמלונג איז פאר אונז פון גרויס וויכטיג־קייט. דענקען מיר אבער אז — צו זע־הען די ראמאנטישע פאלקס אידיליע „גרינע פעלדער" פון אונזער אלעמענס ליעבען און צארטען פריץ הירשביין איז נאך מעהר וויכטיג.

דאס זעלבע קען אויך געזאגט ווערען וועגען דאס אמת פאעטישע ווערק „שמשון און דלילה" פון סווען לאנגע.

אונזער הארציגסטע באגריסונג צו די דראמאטורגען און קינסטלער.

די שנארער.


## גראסערי אקשאן

פרייטאג, דזשון 11־טען אום 10 אוהר פריה שארפ.

538 אנטאיין סטריט

דער גאנצער סטאק סטייפעל גראסעריעס, זא ווי צוקער, קאפפע און א. וו. — פיינע פיקסטשורס, זא ווי א נייער פאליש רעפרידזשערייטאר, סקיילס, דיספלעי קאונטערס, קעש רעדזשיסטערס, א. א. וו. קומט פריה ווייל דער סייל וועט זיך אנפאנגען פינקטליך און אלעס מוז פערקויפט ווערען.

סעם פריעדמאן, אקשיאנער.

טעלעפאן, קעדיללעק 2580.

קאנגרעגיישאן בית אברהם

235 ווינדער סטריט.

מאכט באקאנט די מעמבערס און דעם וועלטהען פובליקום אז שבת פרשה שלח (דען 12־טען דזשאן) וועט דאווענען א באריהמטער חזן מיט א כאהר

גרינבערג פרעז.

# עס איז ארוים פון דרוק

ד ע ר ע ר ש ט ע ר ב א נ ד.

פון דער

## אלגעמיינע איקוסטרירטע ענציקלאפעדיע

ער ענטהאלט

500 זייטען צו צוויי קאלומנען יעדע זייט, אדער
1000 קאלומנען קליינע, קלאהרע געדרוקטע שריפט, מיט
225 אילוסטראציעס, אין טעקסט און גאנצע זייטען
1271 גרויסע און קליינע ארטיקעל. — א'ן

10 צאל גרויס
$6\frac{1}{2}$ צאל ברייט
2 צאל דיק, און וועגט איבער
3 פונט געוויכט.

די אויסשטאטונג איז א פראכט, שעהנער פון אירגענד וועלכען ווערק וואס איז ביז יעצט ערשיענען אויף דעם אידיש־ליטעראַרישען מארק.

אלע, וואס האבען די ענציקלאפעדיע באשטעלט, זיינען געבעטען אונז אריינצושיקען זייערע אדרעסען, כבדי מיר זאלען זיכער זיין, אז זיי וואוינען נאך וואו זיי האבען פריהער געוואוינט.

די וואס האבען די ענציקלאפעדיע נאכניט באשטעלט זיינען גע־בעטען צו פערלאנגען דעם פראספעקטוס בחנם.

דער פרייז איז היינט:

סובסקרייבערס $45 פאר די 10 בענד.
איינצעלנע בענד צו $5.50 א באנד.

סובסקריפשאן אויסצוצאהלען אין 3 יאהר צייט.

שרייבט צו

The Advanced Encyclopedia Inc

216 East 14th St — New York, City

# ראזענפעלד'ס רוסישע טערקישע באד

פאר אלע וועלכע זוכען ריינליכקייט און גוטע באהאנדלונג.

30 מארבעל וואנעס — 2 כשרה מקוואות

שאור בעטהס — פרייע קאטס אויף צום רוהען

16 פריוואט רומס פאר יענינע וועלכע ווילען נעכטיגען.

א פראכטפולער לאנטש קאנטער מיט פרישע, עסענווארג און געטראנקע צו יעדער צייט.

שוויץ פאר פרויען יעדען מיטוואך, מיט דער מיטווירקונג פון אן עקספערט מאסאזשיסטקע.

1846 אלפרעד סטריט, נ.ע. אנטאין, טעלעפאן טשערי 6190 ראבליי.

# געלט קיין אייראפא

דער זיכערסטע און בעסטער וועג צו שיקען געלד צו אייערע קרובים קיין יוראפ איז דורך דער

# פיפעלס רעליעף

וועלכע איז א ברענטש פון דער דזשוינט דיסט. קאמיטע.

די געלד ווערט געשיקט אין דאלארס.

פיפעלס רעליעף קאמיטע

490 הייסטינגס סטריט

טעל. 2061 טשערילאס.

The only Jewish Paper Printed in Michigan

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

# דער וועג

The Detroit Jewish Daily

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

347-49 HASTINGS STREET
Telephone Main 3718

Published and distributed under permit No. 1?? authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General.

PRICE 3c. — DETROIT, MICH., Sunday, June 13th 1920 Vol. 2, No 101 — זונטאג, דזשון 13 1920

# רעפובליקאנער קאנווענשאן נאמינירט סענאטאר הארדינג אלס פרעזידענט קאנדידאט

שיקאגא, יוני 12. — סענאטאר ווארען דזש. הארדינג פון אהייא איז דורך דער נאציאנאלער קאנווענשאן נאמינירט געווארען אלס רעפובליקאנער פרעזידענט קאנדידאט.

### נאמינאציע ענטשיידען אויף צעהנטען באלאט

ארום פיער א זייגער, נאך א צוויי שטונדיגע, אונטערנעהמונג, וועלכע איז פארגעקומען נאך דעם אכטען באלאט, האט זיך די נאציאנאלע קאנווענשאן פון די רעפובליקאנער צוריק אנגעפאנגען. דער לעצטער באלאט פאר דער אונטערברעכונג האט געגעבען די פיהרער פאלגענדע צאהל שטימען: וואוד 299, הארדינג 133½, דזשאנסאן 87.

הארדינג, וועלכער האט פארנומען דעם דריטען פלאץ אויף דעם אכטען באלאט, האט אויף ניינטען, נאך דער אונטערברעכונג נעקראגען די גרעסטע צאהל שטימען נעמליך, 374½, דורכדעם וואס גאווערנער לאודען האט באפרייט זיינע פריינד.

אויך האט גאווערנער ספראול פון פעלסילווייניע באפרייט זיינע 75 דעלעגאטען נאך דעם ניינטען באלאט האט גאווערנער לאודען זיך צוריקגעצויגען באפרייענדיג אלע זיינע דעלעגאטען. דאן איז שוין געווארען פארשטענדליך, אז דער צעהנטער באלאט וועט ענטשיידען צו גונסטען הארדינג און אזוי איז עס טאקע געווען.

### ווער איז סענאטאר הארדינג?

ווארען דזש. הארדינג, דער רעפובליקאנער פרעזידענט קאנדידאט איז געבוירען געווארען אויף א פארם, לעבען דארף בלומינג גראוו, אהייא, דעם 2־טען נאוועמבער 1865. זיין פאטער דזשארדזש הארדינג איז געווען א קאונטי דאקטאר, וועמענס אורעלטערען זענען אריבערגעקומען פון סקאטלאנד. פון זיין מוטערס צד שטאמט דער רעפובליקאנישער פרעזידענט קאנדידאט פון א האלענדישער פאמיליע וואן קוירק.

ביז 14 יאהר, האט סענאטאר הארדינג פארבראכט מיט זיינע עלטערען אויף דער פארם. דאן איז ער אנגעקומען אין סענטראל קאלעדזש פון איבריע. זייענדיג דער רעדאקטאר פון דער קאלעדזש צייטונג, האט דער יונגער הארדינג ארויסגעוויזען טאלאנט אלס זשורנאליסט. זייענדיג ניט רייך, איז ער געצוואונגען געווען פיעל מאל צו פארלאזען דעם קאלעדזש אום צו פארדינען געלד. ער האט פיעל פארשיעדענע ארבייטען געטאן. ער האט געשניטען קארן אויף די פעלדער, ער האט געארבייט ביים אויסגראבען א נייע אייזענבאהן ליניע, געווען לעהרער צו 17 יאהר אין א דיסטריקט סקוהל, און געשפיעלט אין א טרומייטען־ארקעסטער.

ער האט דערנאך געארבייט אין דער דארפישער דרוקעריי, וואו ער איז מיט דע[illegible] צייט געווארען ערפאהרענער „זעצער" און שפעטער א „לייגאטייפער". ער איז א גוטער „פרעסמאן" און אלס „קאמפאזיטאר" איז ער איינער פון די גלענצענדסטע.

ווען סענאטאר הארדינג איז אלט געווארען 19 יאהר, איז זיין פאטער אריבערגעקומען מיט זיין פאמיליע קיין מעריאן, אהייא, און אין א קורצער צייט דערנאך האט דר. הארדינג אפגעקויפט פאר זיין זוהן ווארען די צייטונג „סטאר".

אין דיעזער צייטונג האט סענאטאר הארדינג געטאן אלערליי ארבייטען.

היינט צו טאג אבער איז סענאטאר הארדינג פארמוגערן מיט פיעל גרויסע אונטערנעהמונגען. ער איז א דירעקטאר פון א באנק און פון פיעל אנדערע גרויסע געשעפטס הייזער.

מר. הארדינג איז אין פאליטישען לעבען גאנץ יאנג אריינגעטראטען. ער איז צוויי טערמינען געווען סענאטאר אין דער אהייא'ר לעגיסלייטשור און איין טערמין אלס ליוטענאנט גאווערנער. אין 1914 איז ער ע[illegible] געווארען אלס סענאטאר [illegible] מיט א מעהר[illegible] טויזענד שטימען. אין [illegible] איז ער א מיטגליעד פון דער [illegible] איבער אויסלענדישע אנגעלעגענהייטען.

# גאמפערס וועט בעקעמפען רעפובליקאנער פארטיי

מאנטרעאל, יוני 12. — פרעזידענט סעמיועל גאמפערס און וויס פרעזידענט וואל, האבען אין זייער באריכט צו דער קאנווענשאן פון דער אמעריקאן פעדערייש'ן אוו לייבאר פארדאמט די רעפובליקאנער פלאטפארם. דער באריכט איז אנגענומען געווארען מיט גרויס באגייסטערונג. מר. גאמפערס איז פיעל אפלאדירט געווארען צוליעב זיין קריטיק אויף דער רעפובליקאנער פארטיי.

„די רעפובליקאנער קאנווענשאן האט זיך אפגעקעהרט פון די ארבייטער, — האט מר. גאמפערס געזאגט, — די רעפובליקאנער פלאטפארם איז חוצפה'דיג און איהר פארטיידיגונג פון דעם ארבייטערס שונאים און זי באצוועקט צו ערווערבען פאר זיי נייע פריווילעגיעס".

מר. גאמפערס האט אנגעוויזען, אז די רעפובליקאנער פלאטפארם איגנארירט דעם פראפיטירער און האט ניט ארויסגעשטעלט קיינע מיטלען מיט וועלכע צו באקעמפען דעם יקרות.

דער פונקט וועגען מעקסיקא אין דער פלאטפארם ווערט באשולדיגט פון מר. גאמפערס אז „ער שטרעבט אונטערצוגראבען די זעלבסטשטענדיגקייט פון דעם מעקסיקאנער פאלק און וויל איבערגעבען צו דער רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאאטען דאס רעכט צו האלטען ארדנונג אין מעקסיקא".

דער באריכט ווייזט ווייטער אן, אז די רעפובליקאנער פארטיי „פארלייקענט די ארבייטער דאס געזעצליכע רעכט פון אויפהערען ארבייטען".

די קאנווענשאן האט אנגענומען א רעזאלוציע, וואס פאדערט, אז דער קאנגרעס פון די פאראייניגטע שטאאטען זאל אונטערזוכען די גרויזאמקייטען, וואס ווערען באגאנגען געגען די קוילען־גרעבער אין וועסט ווירדזשיניא דורך די „קוילען־אינטערעסען".

מר. וואל, וויס פרעזידענט פון דער פעדערייש'ן, האט ערקלעהרט, דאס ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס די קאנווענשאן ווערט אפגעהאלטען אויף'ן ענגלישען באדען, וועט דאך די רעזאלוציע וועגען איירלאנד פארגעבראכט ווערען פאר די דעלעגאטען.

מר. דזשיימס סימפסאן פון טאראנטא, וויס פרעזידענט פון קענעדער טריידס און לייבאר קאנגרעס, האט זיך אויסגעדריקט, אז אויב די אמעריקאן פעדערייש'ן אוו לייבאר וויל דיסקוטירען די איירישע פראגע קען קיינער איהר דעם ניט שטערען. ער צווייפעלט אבער אויב די קאנווענשאן וועט זיך ארויסזאגען פאר אן איירישער רעפובליק.

צווישען די דעלעגאטען פיהלט זיך א שטארקע שטימונג פאר גרינדען אן ארבייטער פארטיי. אבער די, וועלכע שטעהען נאהענט צו מר. גאמפערס'ן פארזיכערען, אז דער דורכפאל פון דער ארבייטער דעלעגאציע אין שיקאגא ביי דער רעפובליקאנער קאנווענשאן, וועט ניט האבען קיין ווירקונג אויף דער אונפארטייאיש־פאליטישער פראגראם, און אז עס איז ניטא קיין שום מעגליכקייט ארויסצושטעלען אן ארבייטער פארטיי דיעזען יאהר.

# אטאמאביל גנבים וועלען שווער באשטראפט ווערען

ריכטער ארטור טאטל האט פרייטאג מודיע געווען אן אטאמאביל גנב, אז די „מארע אין באשטראפען איז איצט אן אנדערע" און ער האט טאקע גלייך געהאלטען מארט באשטראפענדיג אטאמאביל גנבים מיט טורמע פון 13 מאנאטען ביז 4 יאהר.

„דער מנהג פון ברענגען אטאמאביל גנבים אין געריכט אום'מוסר'ען זיי אביסעל און זיי אפלאזען, איז א זאך פון דער פארגאנגענהייט", האט ריכטער טאטל געזאגט, „דאס איז ביז איצט געווען אזא „סטייל", אבער פון איצט אן וועט עס שוין מעהר ניט פאסירען".

לויט ארטור ל. בארקיי, הויפט פון יוסטיץ־דעפארטמענט ביורא אין דעטראיט, האט זיך דער פאליציי איינגעגעבען צו ארעסטירען דעם אנפיהרער פון א באנדע אטאמאביל גנבים. דער ארעסטירטער איז סטענלי רעלאנג, אדער ווי ער פלעגט זיך רופען סטענלי קאלינס און דזשעק קאלינס.

טאמאס ווילקאקס, אגענט פון יוסטיץ דעפארטמענט, האט לעצטען פרייטאג עדות געזאגט, אז רעלאנג איז פארמישט אין פיעלע גנבות פון אטאמאבילען. ווילקאקס האט דערצעהלט, אז מען האט שוין אין רעלאנג'ס וואוינונג געפונען אן עלעקטרישע מאשין מיט וועלכער ער פלעגט אראפרייבען די נומערען פון די לייסענס און א מאשין, וועלכע פלעגט אפשטעמפלען נייע נומערען.

רעלאנג איז פארהאלטען געווארען אונטער 15 טויזענד דאלאר בייל.

ראבערט דיקסאן איז געפונען געווארען שולדיג אין גנב'ענען אן אטאמאביל פון א שיקאגא'ר גאראדזש און איהם געבראכט צו פיהרען אין דעטראיט. ער איז פאר'משפט געווארען צו פיער יאהר אין ליווענווארט. נאך אנדערע צוויי אטאמאביל גנבים זענען פאראורטיילט געווארען צו 18 מאנאטען טורמע.

### שיסט אין אנטלויפענדען אטאמאביל גנב

פרייטאג פארנאכט האט דזשארדזש ארערט, 36 גלענדייל עוו. געמעלדען פאליציי, אז זיין אטאמאביל איז גע־גנב'עט געווארען פון וואשינגטאן בולווארד. מיט איינציגע שטונדען שפעטער האבען דריי דעטעקטיווס באמערקט לעבען פארט סטריט און וואטערמאן עוו. דריי יונגע לייט פאהרענדיג אין אטאמאביל, וועלכער האט זיך זיי אויסגעוויזען צו זיין מר. ארערט'ס.

די דריי יונגע לייט האבען דערשמעקט, אז עס איז עפעס ניט גלאטיג מיט די דעטעקטיווס און האבען אנגעפאנגען צו מאכען פליטה. ווען די דעטעקטיווס האבען זיי נאכגעיאגט, זענען זיי ארונטערגעשפרונגען פון אטאמאביל און זיך געלאזען לויפען. דאן האבען די דעטעקטיווס איינעם מאל אויסגעשאסען אין דער לופטען. ווען זיי האבען זיך אלץ נאך ניט אפגעשטעלט, האט איין דעטעקטיוו אויסגעשאסען אין איינעם פון די אנטלאפענע. זיין נאמען איז אלבערט דייוויס, 21 יאהר אלט, פון 337 לענסינג סטריט. צוזאמען מיט דייוויס'ען איז אויך ארעסטירט געווארען לעסטער וויליאמס, 20 יאהר אלט. דעם דריטען האט זיך איינגעגעבען צו אנטלויפען.

### צוויי באנדיטען קריגען פון צעהן ביז צוואנציג יאהר

פרעד ווארנער און דזשאזעף בוק, וועלכע זיינען לעצטען דאנערשטאג געפונען געווארען שולדיג אין רויבעריי, זיינען פרייטאג פון ריכטער קיידאן פאר'משפט געווארען פון 10 ביז 20 יאהר פריזאן, מיט א רעקאמענדאציע פאר 15 יאהר.

עס איז באוויזען געווארען, אז דיעזע צוויי יונגע לייט האבען זיך אריינגעריסען אין הויז פון עמיל מענגער, אויף קאנקארד עוו. און האבען צוגענומען א רעוואלווער, א דיימאנד רינג און א געוויסע סומע געלד.

עס איז אינטערעסאנט צו וויסען אז ביז היינט האט שוין ריכטער קיידאן אין נייעם מיוניסיפאל קאורט פאר'משפט 19 באנדיטען און יעדער פון זיי איז הארט באשטראפט געווארען.

### איטאליענישע סאציאליסטען ענטזאגען זיך אריינצוטרעטען אין מיניסטעריען קאבינעט

לאנדאן, יוני 12. — סיניאר דזשיאליטי, וועלכער איז אנפארטרויעט געווארען מיט דעם צוזאמענשטעלען דעם איטאליענישען מיניסטעריען קאבינעט, האט פארגעלעגט די סאציאליסטען צו פארמירען א קאאליציאנס רעגירונג וועמענס אויסערען פאליטיק וועט זיך ווייניג אונטערשיידען פון דער דאזיגער פון דער לעצטער רעגירונג. די סאציאליסטען, ווערט באריכטעט, האבען זיך ענטזאגט אנצונעהמען דיעזען פארשלאג.

### איטאליענישער פארטרעטער אין לאנדאנער קאנפערענץ מיט קראסינ'ען וועט זיין אויסערען מיניסטער

פאריז, יוני 12. — לויט צייטונגס באריכטען פון רוים, וועלען פיעל געוועזענע מיניסטארען פארנעהמען וויכטיגע עמטער אין נייעם קאבינעט. די צייטונגען באשטעטיגען דעם באריכט, אז גראף קארלא זפארזא וועלכער איז איצט דער איטאליענישער פארטרעטער אויף דער קאנפערענץ צווישען די אליאירטע דעלעגאטען און גריגארי קראסין, וועט פארנעהמען דעם אמט פון אויסערען מיניסטער.

# 2 קונסט פיעסעו היינט אין ניו דעטראיט אפערא הויז

די וואס האבען געהאט דאס פארגעניגען לעצטען פרייטאג אווענט אנוועזענד צו זיין אין ניו אפערא הויז, וואו עס איז צום ערשטען מאל אויפגעפיהרט געווארען די גרויסע מייסטערווערק „שמשון און דלילה" פון סוועטאנגע; און די וואס האבען נעכטען געזעהן דאס אויפפיהרען פון פרץ הירשביין'ס דראמאטישע אידיליע „גרינע פעלדער", יענע האבען זיך איבערצייגט, וואס פאר א ריזיגע קראפט עס ליגט אין אמת'ער קונסט און אין אמת'ע קינסטלער.

דאס איז ווירקליך געווען א דערפרישונג פאר אלע ליעבהאבער פון שעהנקייט. מיט דער גרעסטער באגייסטערונג זיינען די קינסטלער אפלאדירט געווארען און פיעלע האבען אפען צוגעגעבען, אז אזוינס האבען זיי נאך ניט געזעהן.

היינט וועלען די דאזיגע קינסטלער אויפפיהרען די לעצטע צוויי פארשטעלונגען אין דעטראיט. בייטאג וועט געשפיעלט ווערען „שמשון און דלילה" און אין אווענט — „גרינע פעלדער".

עס איז אמת, אז עס איז היינט יעהר־היים. אבער מען דארף ניט פארגעסען, אז אזוינס ווערט ניט געזעהן אלע מאנטאג און דאנערשטאג. עס איז פשוט א גייסטיגע דערקוויקונג צו זעהן בן־עמי'ן שפיעלען. ניט אומזיסט הערט זיך, אז די ענגלישע ביהנע כאפט איהם שוין פון אונז צו. — זיי פארגינען אונז ניט, ווייזט אויס...

און אויסער בן־עמי'ן איז דער גאנצער פערזאנאל א געקליבענער פון עכטע קינסטלער, וועלכע באנעהמען זיך צו זייער קונסט מיט אזא יראת הכבוד, אז איהר פארגעסט דאס איהר געפינט זיך אין טעאטער. איהר ווערט אריבערגעטראגען אין אן אנדער וועלט.

אלזא נאך אמאל: היינט בייטאג ווערט געשפיעלט „שמשון און דלילה" און אין אווענט — „גרינע פעלדער". דאס איז די לעצטע געלעגענהייט צו זעהן דיעזע קינסטלער אין דעטראיט.

### טוראוו'ער רעליעף שיקט א שליח קיין אייראפא

דער היגער טוראוו'ער רעליעף האט באשלאסען צו שיקען א ספעציעלען שליח קיין אייראפא, וועלכער וועט באזוכען ניט נאר טוראוו, נאר אויך די ארומיגע שטעטלאך.

מר. בעני ברענמאן איז ערוועהלט געווארען צו זיין דער ספעציעלער שליח.

# אלענבי גיט 1,000 פונט צום גאולה פאנד

לאנדאן, יוני 11. — פון א פריוואטען בריעף, וואס איז אנגעקומען פון ירושלים, האט מען זיך דערוואוסט, אז גענעראל אלענבי האט ביינעשטייערט א סומע פון טויזענד פונט צו דער זאמלונג פאר דעם גאולה פונד.

### הערבערט סעמיועל האפנונגספול וועגען דער צוקונפט פון ארץ ישראל

ניו יארק, יוני 11. — פון א קייבעל דעפעשע, וואס איז אנגעקומען אין היגען „מארגען זשורנאל" ווערט געמעלדעט, דאס הערבערט סעמיועל האט אדרעסירט א מיטינג פון דער ענגלישער פאלעסטינא קאמיטע, זאגענדיג, דאס ער ווייס, אז זיין אויפגאבע אין ארץ ישראל וועט זיין א שווערע, אבער ער איז פול מיט האפנונג וועגען דער צוקונפט פון יענעם לאנד.

דער מיטינג איז פארגעקומען אין פארלאמענט געביידע, אונטער דעם פארזיץ פון געוועזענעם פרעמיער אסקוויטה און איז געווען זעהר גוט באזוכט פון פראמינענטע ענגלישע פאליטיקער און שטאאטסמענער.

גלייכצייטיג ווערט אויך געמעלדעט, דאס קעניג דזשארדזש האט באעהרט קעפטיין אלעקסאנדער אראנסאן מיט אן אויסצייכענונגס ארדען פאר זיין בראווער דיענסט אין דער ענגלישער ארמעע, וואס האט באליעגט די טערקען ביי ארץ ישראל.

# גענג פון 6 יונגע אינגלעך באשטראפט פאר רויבען סקולס

6 יונגע אינגלעך האבען זיך לעצטען פרייטאג אין דזשוועניל קאורט מודה געווען, אז זיי האבען בארויבט ניט מעהר און ניט ווייניגער ווי 15 פאבליק סקוהלס און איינינע קלויסטער קלאבס.

אין קאורט איז געווען לעבעדיג. עס זענען זיך צוזאמענגעקומען טאטעס און מאמעס, זיידעס און באבעס און אנקעלס פון די באיס און פון דער אנדערער זייט איז געשטאנען א סקאדראן פון סקוהל־פרינציפאלס, טיטשער און פראבייישאן אפיסערס.

די ערשטע „ארמעע" האט, פארשטעהט זיך, פארלאנגט, אז מען זאל די באיס באגנאדיגען, אבער די צווייטע האט געוואלדעוועט, אז זיי דארפען קריגען אייביגע קאטארגע און נאך ערגער.

אינטערעסאנט זיינען די נעמען פון די דאזיגע בחורים'לעך. איינער הייסט „ביג טאני", א צווייטער — „ליטל טאני"; איינער „ביג דזשאו", א צווייטער — „ליטל דזשאו". בלויז די איבעריגע צוויי האבען ניט קיין טיטול. זיי הייסען שוט אלבערט און עדווארד.

די באיס האבען געגאסען מיט קראקאדיל־טרעהרען און זיך געבעטען, אז מעהר וועלען זיי שוין אזעלכע זאכען ניט טאן, אבער דזשאדזש קאמאנד איז געווען ענטשלאסען אויפצולייזען די דאזיגע גענג. האט ער עס געמאכט אזוי:

די עלטערע דריי האט ער אוועקגעשיקט אין דער אינדאסטריעל סקוהל, אין לאנסינג און די איבעריגע „טראיקע" האט ער געשטעלט אונטער פראבייישאן.

# רויבער פון אידישען סטאר־קיפער געפונען שולדיג

וויליאם ברייען, אדער דזשאן דזשאן ראוני, איז לעצטען פרייטאג געפונען געווארען שולדיג אין דזשאדזש קיידאנ'ס קאורט אין רויבעריי זייענדיג באוואפענט און איז צוגענומען געווארען אין קאונטי דזשייל, וואו ער וועט ווארטען אויף זיין שטראף.

ברייען (אדער ראוני) ווערט צוזאמען מיט נאך צוויי באשולדיגט, אז זיי האבען דעם 22־טען אפריל געמאכט א „האלדאפ" אויף מאיר אפעלבוים, אין זיין סטאר, 370 קלעי סט. און האבען גערויבט $400 פון קאסע. ברייען איז געכאפט געווארען פון א קראוד, באלד נאך דעם אנפאל און ער איז איבערגעגעבען געווארען צו דער פאליציי. ער האט פאר דער פאליציי איבערגעגעבען די נעמען פון די אנדערע צוויי מאלדיטען, אבער ביז היינט האט נאך די פאליציי צו זיי ניט געפונען קיין סליאד.

די דאזיגע געשיכטע האט פאסירט לעצטען דאנערשטאג אווענט.

### אידישע סקוהל־מיידעל ווארפט זיך ארונטער פון צווייטען פלאר

נאכדעם ווי זי האט געקראגען געשלאגען פון איהר מוטער מיט א וואלגער־האלץ און א צוואג, ווען דער פאטער וועט אהיים קומען וועט זי קריגען נאך מעהר קלעפ, האט זיך ראזע אנראנאוויטש, א סקוהל־מיידעל, 14 יאהר אלט, פון 302 אלפרעד סטריט, ארונטערגעווארפען פון צווייטען פלאר און זי ליגט יעצט אין גרייס האספיטאל אין א קריטישען צושטאנד.

### צו טשעטשעהאוויצער לאנדסלייט

פרויקע, אברהם ריקעלס, איז דא אנגעקומען פון ניו־יארק פון טשעטשעהאוויץ. ווימש האט דער רעליעף באקומען 60 בריעף. די וועלכע וואלטען זיך געוואלט זעהן מיט פרויקע'ן קענען איהם טרעפען אין 1020 שעין סט. אדער איהם אפרופען ביים טעלעפאן טעלראס 338. ער פארט היינט אוועק צוריק קיין ניו־יארק.

# CLASSIFIED

## מיידלעך פארלאנגט

צוויי סיילס לידיעס. נעטעס אויסזעהן. אין עלטער פון 20 ביז 25 יאהר. אין א ראשענס פוירנישינג סטאר. גוטע סאלארי און סטעדי פאזיציאן צו די פאסענדע פערזאנען.
ביים סורפלאס סופליי סטאר
144 ביים סטריט.
12)

## סטאר צו פארקויפען

אין 698 בוכיען סטריט. קעש ביזנעס. ביליגע רענט. גוטער לאקיישאן. אייגענטימער פאהרט צוריק נאך יורעפ. קומט און זעהט עס שנעל. פרייז פאר גיכען פארקויף $1,200.00.
12)

## צו פארקויפען

א קענדי סטאר. א גוטען ביזנעס. זיכער צו מאכען א שעהנעם לעבען. אורזאכע קען נים אטענדען אליין. נאכפרעגען 1978½ ראסעל.
17)

## צו פארקויפען

8 פוס מארבל סאדא פאונטען צוזאמען מיט א בעק באר, אלז-וואארע און אז. וו. גרויסער בארגעין. מוז פארקויפט ווערען, ווייל איך ברויך דעם פלאץ. נאכפרעגען, בענעטאן, 982 בוביען סטריט.

## פערזענליכעס

א פרוי, א גרושה, 37 יאהר אלט, א גוטע ווירטען און אויך ביזנעס פעהיג האט דריי קינדער, זוכט א באקאנטשאפט מיט א מיטעליעהריגען מאן, וועלכער איז אין ביזנעס אדער א גוטער ארבייטער. צוועק היראטה. אדרעסירט: דער „וועג", באקס 50, דעטראיט, מיש.

## צו פארקויפען

א גוט איינגעטרייטע דושולערי סטאר אין א גוטען געגענד. גוט פיר $125.00 א וואך פראפיט. ביליגע רענט און א גוטען ליעס. נאכפרעגען 146 הייסטינגס סט.
(18)

## פארלאנגט

א העברעאישען לעהרער פיר פריוואט לעקסאנס מעלדען באקס 32.
(14)

## צו פארקויפען

קאנפעקשיאנערי די בעסטע ביזנעס אין דער נאכבארשאפט, די סטאר און דער בילדינג און די סטאק מיט א 3 קאר גאראדזש אלעס מוז פארקויפט ווערען פרייז פיר גיכען פארקויף $9.750 נאכפרעגען 1406 סקאטטען. טעלעפאן וואלנאט 2160 ראבליו.
(13)

## פארלאנגט

פאר א צוויי וואכען א סיעמסטרעס וואס איז עקספּיריענסד אויף א פאור מאשין. נאכפרעגען עמפלאימענט אפיס פון מישיגען סטייט טעלעפאן קא. 185 קעסס עוועניו.
13)

## באקאנטמאכונג

די סילווער לעדער קא. 578 דושאז. קעמפא, קויפט פארשידענע זארטען לעדער און אימיטיישאן לעדער, אויך אלטע לעדער און ראבער בעלטינג. ספּעציעל זענען מיר פאראינטערעסירט אין נייע סעלאלאיד סקרעפ; מיר צאהלען 65 סענט א פונט.
פארגעסט ניט אונזער טעלעפאן נומער: מעלראוז 4610.

TELEPHONE CANAL

VIENNA SAUSAGE MFG. Co.

1215-1217 S. HALSTED ST. CHICAGO.

אונזער דעטראיטער אגענטען זיינען
דזשיי לעפקאווסקי און סאנס
בראדוויי מארקעט

## צום דעטראיטער פובליקום!

יעדער איינער דארף וויסען: אז אויגען זיינען די איידעלסטע ארגאנען אין דעם מענשליכען קערפּער. ווען איהר ליידעט פון אירגענד וועלכע קאפּ־שמערצען אדער נערוועזיטעט, דאן געהט צו אן ערנסטען, עהרליכען אפּטאמעטריסט, ער וועט אייך עקזאמינירען און וויסענשאפטליך צופּאסען די ריכטיגע ברילען.

ריכטיג צוגעפּאסטע ברילען וועט אייך באפרייען פון אלע אייערע טראבּעלס. נערט צו אייער גוט באקאנטען

**Frosh O. D.**
אפּטאמעטריסט

אין 204 קלינג'ס בילדינג וועלכע געפינט זיך אין 308 הייסטינגס סט. קעגענאיבער הערליך'ס דזשועלרי סטאר.

## פערלאנגט און געזוכט

צוויי אדער דריי ליינס אין „וועג" ברענגט אייך די בעסטע רעזולטאטען.

## א בעקערי

מיט אלע טולס און אטאמאביל צוזאמען מיט דעם בילדינג צו פארקויפען. א מויסער בארגעין. געפינט זיך אין א גוטען לאקיישאן. נאכפרעגען אין 1415 טשעין סטריט, מר. טישקין.

## די ליבערטי וועט וואש לאונדרי

פאלאנגט א דרייווער. מוז קענען ריידען פויליש. זאל האבען זיין איינענע מאשין און מיר וועלען פוירנישען א פארטוגען ראוט. נאר דער ריכטיגער פערזאן זאל זיך מעלדען. פרעגען 374 קאסטער עוועניו.
13)

# Real Estate

## לענדלארדס און פראפערטי איינענטימער

לאזט זיך ניט נארען, זיים פארזיכטיג בעפאר איהר קויפט סעמענטענע נאר בעדוש אדער אשירעפעפטיקאל, דיטראיט קאנקרים מאנופעקטשורט רי־אינסטאלד רעסעפטיקעלס. די צעמענט איז געמישט מיט ווייער, ווערט נעוועד צופאלען, וועט זיך ניט שפאלטען פון פראסט. מיר גאראנטירען ביליגער אין פרייז, בעסטע אין קוואליטי. ה. מ. קאפפמאן, 296 האנקאק איסט. טעלעפאן מעלראוז 3595 וו. טשערי 1473. פרייע אינסטאליישאן.

## צו פארקויפען

א צוויי פאמיליע פלעט פול בייסמענט מיט צוויי פוירנעסעס. פרייז $11,000. איינצאהלען $3,000. אין 311 דעלמאר עוו. נאכפרעגען איינענטימער אפסטערז.
13)

## סטאר און פלעט צו פארקויפען

צווייטער פלאר. 8 רומס (4 בעדרומס און באטה, פענטרי און עטטיס), ערשטער פלאר, סטאר און פיער רומס (צוויי רומס און באטה) גרויסער בייסמענט און בארן. קארנער לאט. 30 ביי 95. פרייז $14,500. קליינע איינצאהלונגען און גרינגע טורמס. נאכפרעגען: קאספער האפפמאן ברענטש 1547 הארפער סטריט, טעלעפאן לינקאלן 1890, אדער לינקאלן 1494 עם.

## צו פאררענטען

2 רומס פאר אן אפיס אין בעסטען אידישען לאקיישאן. פראנט הייסטינגס סטריט. זיך פרעגען ביי מרס. פיק, 1253 הייסטינגס סטריט.
14)

## צו פאררענטען

די בעסטע דאבעל סטאר אויף אוקלאנד נייער ווערסטמינסטער צוזאמען מיט א 7 רום הויז, גוט פיר א קענדי ביזנעס. אם בעסטען צונעפאסט פיר אן אייס־קרים פארלאר רופט העמלאק 6127 194 ענגעלוואוד
(14)

## צו פאררענטען

א סטאר זעהר גוט פיר א שוה רעפייר שאפ, די איינציגע אין דער גאנצער נאכבארשאפט. נאכפרעגען 194 ענגעלוואוד עוועניו. טעל. העמלאק 6127
(14)

דער בעסטער מוהל און שטאט און מסדר קידושין
חזן דוד גאלדען



אין 248 איסט האי סטריט
טעלעפאן, מעין 4420

## פארד קארס און אנדערע קאר

קומט און קליבט אויס פון אונזער גרויסען סטאק. מיר קויפען פאר קעש און פארקויפען אויף לאנגע טערמינען

**Maurice W. Fox Co.**
**Boulevard nr. Oakland**

# אונזער אידישע ביזנעס דירעקטארי

בוסט הייסטינגס סטריט. ס'איז א סגולה צו פרנסה

ביזנעס איז גוט אויף הייסטינגס סטריט

פאר גוטע ארטיסטישע בילדער און רעקאמענדירט
א. קעלערמאן, פאטאגראף
490 הייסטינגס סטריט

### דוילט איהר עסען פרישע שפייז
קויפט
דזשיי לאכאר'ס
פוטער און אייער
378½ הייסטינגס סטריט

### יוטאפּיא האל (אפּסטערז)
יוטאפּיא
אייז קרים פארלאר
368 הייסטינגס סטריט
א. פאול, פראפ.

### מאקס ראזענבערג'ס פאר שאפּ
האלסייל און ריטייל, ריפּיירינג און רימאדלינג צו מעסיגע פרייזען
484 הייסטינגס סטריט
טשערי 7701

### גאלדבערגס כשר רעסטאראנט
891 הייסטינגס סטריט
פרישע שפּייזען פאר געוועהנליכע פרייזען. קומט און איבערצייגט אייך

### ה. פלאטקין'ס בוך סטאר
(געוועזענער אוצניק'ס)
אידישע ביכער, ספרים, טליתים פאר די מעסיגסטע פרייזען
455 הייסטינגס סטריט, קאר. ארעליי.

### קרעמער'ס הארדוועיר
278 קענפיעלד
מעלראוז 1732 „עם"
ראיעלע באהאנדלונג. מעסיגע פרייזען

### McCAREY'S
טייר ריפּייר שאפּ
667½ הייסטינגס סטריט
ווארפט ניט אוועק קיין אלטע טיירס

### פיינסטע סטייל דרעסעס
מיללער בראס.
קלאוקס, סקוירטס, ווייסטס
רעדי טו וועהר
264 הייסטינגס סט. — מעלראוז 6108

### פארלאנגט
פינף קלוגע סיילסלייטע. פול טיים אדער פארט טיים. קומט און זעהט מיך. איהר וועט פארדיענען גרויסעס געלד. בען פארקס, 1702 ריעל עסטייט עקסטשיינדזש בילדינג. ביי טאג אדער אין אווענד.
15)

### Reliable Store Fixture Co.
מיר האבען א גרויסען אויסוואהל פון אלערהאנד סטאר פיקסטשורס, וואל קייסעס, שאו קייסעס, אייז באקסעס, קאונטארס, שעלוועס, סייפס, סקיילס רעדזשיסטערס, נייע און געיוזטע. פרייזען מעסיגע. ארענטליכע בעהאנדלונג. 2 סטארס.
רעלייבל סטאר פיקטשור קא
305 גרעשיאט עווענוי
טעל. קאדילאק 2445
277 מישיגאן עוועניו
טעל. קאדילאק 4924 עם.

### מאושען־פיקטשור אפּערייטאר'ס
לערענט זיך פאר לייכטע און ריינע ארבייט, קורצע שטונדען, גוטע יוירדשעס קוואליפיקיישאן גאראנטירט.
**Movie Operator's School**
**33 Sproat St**
מאנטאג, מיטוואך און פרייטאג: 7:30 אבענד.

### סעקאנד פוירנישור סטאר
צו פארקויפען. ביליג רענט. א ליעס אויף א לאנגע צייט. איך בין געצוואונגען צו פארלאזען די שטאדט. א בארגעין פאר דעם שנעלען קויפער. פרעגט 594 גרייש'אט עוועניו.
15)

ניט אייערע קינדער א מאדערנע אידישע ערציהונג שיקט זיי אין דער מענדעלע פאלקס שולע 204 איסט הענקאק. עס ווערען געעפענט נייע קלאסען פאר אנפאנגערס; אויך שילער פיר די העכערע קלאסען. אין שולע לערענט מען אידיש העברעאיש. געשיכטע און לענענדען, די שולע איז אפען יעדען טאג פון 4 ביז 7 זונטאג פון 9 ביז 12.30

### אידען פון די ארומיגע שטעדט
קויפען פון די
וועסטערן טאקינג מאשין קא.
443 הייסטינגס, נייער אלפרעד. אידישע אויך רעקארדס אין אלע שפּראכען.

### ראזען'ס בעקערי
ברויט און פענסי קייקס
408 הייסטינגס סטריט
צו מיר קומט מען פון אלע טיילען שטאט

### דזש. ראטנער'ס
דזשענטס פארנישינג און קעפּס
584 הייסטינגס סטריט
מיר שטעלען אייך צופרידען מיט סטייל און פרייזען

קויפט הערינג ביי דער
### מישיגאן הערינג סופליי קא.
ר. מילער, 435 הייסטינגס סטריט
פרובירט די נייע שמאלץ און מאטשעס הערינג

### באהעמיען רוהיי בעקערי
נייטען קארן, פראפּרייעטאר
515 הייסטינגס סטריט
א פולע ליין קייק, חלה און ברויט

### קאהן בראס. און מייערסאן
דער רעסטאראנט וואו מען עסט זונטאג א גאנצע וואך. דער עיקר שבת און זונטאג (שנאדער למשל). 630 הייסטינגס

### ווארע ביליג פאר סטאר־קיפערס און פעדלערס
ספּעציעלע פרייזען פאר ריטיילערס
מאקס ראזינסקי
353-355 הייסטינגס, קאר. קאלומביא

### סיינס
ארטיסטיש און ניט טייער
ה. ראטהבערג
302 הענקאק

### טייכער'ס הארדוועיר
768 הייסטינגס סטריט
אפולע ליין בילדערס סופלאיס אלומינום, פיינטס א. ז. וו.
ארדערס דעליווערט איבעראל

### מאדערנע מענשען
קויפען זייערע שיך אין
מאדערן שוה סטאר
603 הייסטינגס סטריט

### העברעאישער לעהרער
פון ארץ ישראל
ווער עס וויל זיך לערנען לשון הקודש זאל זיך ווענדען צו
יצחק לוכטן
2139 Russel St.

### צו פאררענטען
א סטאר אויף 2484 וואודוואורד עוו. גרויסע סטאר און בייסמענט. א 3 יאהר ליעס. פרעגען אין אפיס פון מעלאני—קעמובעלל, 504 פרי פרעסס בילדינג. טעלעפאן טשערי 1195.
13)

רער פלאץ פאר גוטע ארבייט. גוטע בעהאנדלונג — ליבעראלע פרייזען.
# דר. ה. סטאריקאף
### דענטיסט
490 הייסטינגס סטריט

### דר. לאנדי, דענטיסט
מאכט באקאנט צום ווערטהען פובליקום דאס ער האט ערעפענט די דענטאל אפיס פון דעם פארשטארבענעם
דר. שליסעל
אויף 617 הייסטינגס, נעבען עליאט.

### אוקלאנדער אידען
פיקסען זייערע
### ציהן
ביי
**Dr. H. Goodmen**
דענטיסט
נעמופּט פון 427 וואודוואורד
737 אוקלאנד עוו.

### מארען דעליקאטעסען סטאר
473 הייסטינגס סטריט
טעלעפאן טשערי 6169 וו.
ה. האלסקין, פראפ.

איך וועל אייך אנשרייבען אייערע
### אדווערטייזינג
וועט עס אייך ברענגען
### רעזולטאטען
י. ל. מאלאמוט — מעין 3715

קויפט די בעסטע
### שרייב טינט
אין דער וועלט
פון בושע'ס אינק קא.
186 בענטאן סט. דעטראיט, מיש.

### מאיעווסקי און קאהען'ס
דזשענטס פארנישינגס
באיס קלאדינג און העטס
528 הייסטינגס סטריט
טעלעפאן: טשערי 7867

### ליעבערמאן'ס בראס.
פיטען
שיך
פאר דער גאנצער פאמיליע
524 הייסטינגס סטריט

### שיפמאן'ס
דזשענטס פוירנישינגס
605 הייסטינגס סטריט
צווישען בענטאן און עליאט
האט א שם צווישען מבינים

### דזשייקאב וועקסלער
שרייבט אינשורענס פון
דעטראיט לייף־אינשורענס
272 קורבי. — גארטוועי 2554 ראבליו.

### פילאדעלפיא
דרעס און דריי גודס הויז
671 הייסטינגס סטריט
איטא'ע בארגיינס צו יעדער צייט
טעלעפאן: טשערי 6131

### Y. H. P. A.
### רעסטאראנט און לאנטש
האפמאן בראס. און זלאטניק
הייסטינגס קאר. ברידי
אפען טאג און נאכט

### מ. האכבערג'ס
דזשענטס פארנישינג סטאר
532 הייסטינגס סטריט
וועט אייך האלטען אין סטייל און שפארען געלד

### בעקערי און קאפע הויז צו פארקויפען
זיכער צו מאכען געלד. עס איז א בארגעין. 275 מישיגען עוועניו. בעסטע לאקיישאן.

### פיקניק גראונדס
צו פארדינגען אין א שעהנעם פלאץ מיט א רענגס פלאר. אויף דעם 7 מייל ראוד, ניער וויינדען, מיט הארפער סענטער ליין קאר. צו פרעגען 1618 מעקסוויל עוועניו, דזשאהן עסעט

### דזשאז. ר. ליעמאן
און
### מארטימאר דזשיי ליסס
לאיערס
מאכען בעקאנט צום ווערטהען פובליקום, דאס זיי האבען געמופט זייערע אפיסעס פון 9-928 טשיימבער אוו קאמערס בילדינג
צו
204 האדשעס בילדינג
קארנער סטייט און גריסוואלד

### קאפלאן'ס בארגיין סטאר
483 הייסטינגס סטריט
קענט איהר קויפען אלעס פון די פאר נענערע לייגס:

קאמפּלים דרעס גודס ליין פון סילקס, וואלענס און קאטאן גודס. פארשידענע זענכי ארטיקלען ווי, בעד ספרעדס, קוירטענס; טייבעל קאווערס; שעטס און סקארפס. קאמפּלים ליין אין ליידים מענזי אנדערוועהר און קארסעטס. מענער פארנישינגס און אהנדערוועהר.

ספּעשעל! ספּעשעל
א גרויסער אסארטמענט אין וואלענס פאר מענער און בייס סוטס און קאוטס א קאמפּלים ליין פון טיילאר און דרעס מייקער טרימינגס.

### קעש רעדזשיסטערס
נעשאנאלס, אלעריי סטיילס. — געקויפט און פארקויפט —
**DETROIT USEDCASH REGISTER CO.**
66 Broadway — Cadilac 5112

# Mt. Clemens

### דאס שטארקסטע מינעראל וואסער אין דער וועלט איז די



# פאונטעין בעטה־הויז

אונטער א אידישער מענעדזשמענט. קומט און ווערט קורירט פון רומאטיזם, נערוועז־קראנקהייטען א. ז. וו. אונזער פאונטען בעטה הויז איז די ערשטע און אריגינעלסטע ווי אויך די איינציגע אידישע.
בעסטע באהאנדלונג גאראנטירט.
שרייבט צו די
**FOUNTAIN BATH HOUSE**
**Cor. Gratiot & Clinton,**
**Mt. Clemens, Mich,**

### דער בעסטער האטעל איז דער

# פאונטעין האטעל

כשר

100 שעהנסטע רומס. גרעסטע דיינינג רום. נעבען דער פאונטען בעטה הויז. פרייז $25 רום און באורד. די קאר פון דעטראיט ברענגט אייך צו אונזער טיר, ווען איהר זאגט צום קאנדוקטאר אז איהר ווילט סטאפען נעבען „פאונטען". שיקט א פאסטעל קארד. ווען איהר ווילט וויסען איינצעלהייטען צו
סעם מארינאוו, פראפ.

### קליוולאנד כשר האטעל און רעסטאראנט
מרס. סערע זעמלאקאווסקי און לינא בעקערמאן
97 קלינטאן סטריט
מאונט קלעמענס
בעסטע סערוויס, ביליגע פרייזען. נעבען בעסטען באדינג פלאץ. אפען א גאנץ יאהר. שרייבט א פאסטעל קארד.

### דעטראיט כשר הויז
רומס און כשר'ע מיעלס צו מעסיגע פרייזען
ל. נאווענד, פראפ.
142 נ. גרעשיאט, מט. קלעמענס
נעבען דער פאונטען בעטה הויז
קאר סטאפּט ביים טהיר

### זייט געזונט



און פארברענגט אייער זומער וואקיישאן אין מאונט קלעמענס, און אז שוין אין מאונט קלעמענס וועט איהר סטאפען אין

# Elkins Hotel

100 רומס. דיינינג רום פאר 300 לייט. א רפואה פאר קראנקע, א פארגעניגען פאר געזונטע.

### אטלאנטיק כשר הויז
מאונט קלעמענס
פאר $25 א וואך גיבען מיר אייך א פיינע רום מיט עסען; די פאונטען באד איז נעבען הויז. שרייבט א פאסטעל קארד צו דער אטלאנטיק.



ס'ניט נעדרונגען אז איהר מוזט האבען טויזענדער צו זיין אין מט. קלעמענס

# ניו ווילא האטעל

וועט אייך רעכנען $25 א וואך און איהר וועט הנאה האבען. אלע רומס קאנעקטעד מיט א פעסערדזש צו די פלאזא בעדער. שרייבט נאך איינצעלהייטען צום פראפּראיעטאר ה. קראוו.

### פיטסבורג כשר האטעל
אין מאנט קלעמענס
נעקסט דאר צו פלאזא בעטה הויז.
מיר באהאנדלען אייך ראיעל און רעכנען ניט טייער. וואטשט פאר אונזער פארטרעטער ביים סטיישאן.

# אייער פארלארענע געזונט



קריגט איהר צוריק, ווען איהר זענט אין מאונט קלעמענס און סטאפּט אין

# גלענוואוד האטעל

קאנעקטעד מיט די באריהמטע אלימפיא בעדער. שעהן, ליכטיג, לופטיג. פרישע שפּייזען, מעסיגע פרייזען. א ספּעשעל לאנטש און דעליקאטעסען סטאר, קאנעקטעד מיט די גלענוואוד. שרייבט נאך איינצעלהייטען צו א. מאראוסקי.



# אלבאני האטעל

אין מט. קלעמענס, האט א נאמען פאר די לעצטע 20 יאהר אונטער דעם זעלבען מענעדזשמענט.
מיר בעטען אונזערע קאסטימער און פריינד צו קומען באצייטענס איידער דער סעזאן איז אין פולען גאנג, כדי מיר זאלען זיי קענען געבען בעסערע באהאנדלונג. שרייבט צו
ב. מאסקאוויץ

# ריווערסייד האטעל

(געוועזענער פארק ענעקס)
מט. קלעמענס, איינגאנצען רעמאדעלירט, עפענט זיך 1־טען מאי.
150 רומס, דיינינג רום פאר 300.
דאס איידעלסטע פלאץ פאר געזונטע ווי פאר קראנקע. שרייבט נאך איינצעלהייטען.
**Riverside Hotel**
**Mt. Clemens, Mich.**

א נייעס אין מאנט קלעמענס
צוויי כשר'ע דעליקאטעסען סטארס
אין מאנט קלעמענס
**B. & M. DELICATTESSEN**
**58 N. Gratiot**
**and 46 Cass Avenue**
אלערליי לאנטשעס און געטראנקען. באזוכט אונז ווען איהר זייט אין מאנט קלעמענס

# ראבינסאן קאהענס

# מיטען זוממער סייל

די וואליוס וועלבע זיינען אויסגערעכענט אויף דיעזער פיידזש קענט איהר ניט געפינען ערגעץ אנדערש-וואו אין דעטראיט! זיי זענען אין יעדער הינזיכט ניט וועניגער ווי א סענסאציע! דורכקוקענדיג די פיעלע געוועזענע סיילס, וועלכע זיינען געווארען אפגעהאלטען געווארען פון דיעזען סטאר אין דער פארגאנגענהייט, קענען מיר ניט געפינען ערגעץ-אנדערש-וואו קיין פארגלייכונג פון דיעזען אומגעהויערען מיד-סאממער סייל! מיר גלויבען, אז עס איז אבסאלוט קיין גלייכען צו דעם נים פאראן! מיר האבען זיך איינגעצייכענט מיט אלע אונזער'ע רעקארדס אויף פרייז-שניידונג און הנחות. — קוקט דורך דיעזע ליסטע און זעהט אליין. א פערזענליכע אינספעקציאן אין אונזער סטאר וועט אייך איבערצייגען. אבער — —

קוממט פריה!

## 4=1 ארונטער

## פון אונזער גאנצען סטאק פון מענער און באיעס סוטס

מענער! היער האט איהר א סייל, וואס איהר גלייכעניש האט איהר נאך קיינמאל ניט געזעהן, און וועלכע איהר וועט פיליכט קיינמאל ניט האבען די געלעגענהייט דאס נאך אמאל צו זעהן. פעשיאנייבל סוטס, טיילוריי'ג פון אלל-וואול מאטעריאלען, די פראדוקט פון די פיינסטע טיילארס, און עס פאנגט זיך אן אין טייל פון די איינפאכסטע מארעלס פאר דעם קאנסערוואטיווען מאן ביז צו די שפעטסטע און לעצטסטע מאדעלס אאר די יונגע לייט וועלכע פאדערען נים נאר קוואליטי, נאר אויך סטייל, זיינען געאפערט אין דיעזען גרויסען מיד-סאממער סייל, צו איין פערטעל אפף! אונזער גאנצער נייער סטאק פון די לייטעסטע אין מענ'ס סוטס זענען איינגעשלאסען אין דיעזער אויפרייצענדער געשעהעניש.

| | | | |
|---|---|---|---|
| רעגולאר | 25.00 | דאלאר סוטס | 18.75 |
| רעגולאר | 30.00 | דאלאר סוטס | 22.50 |
| רעגולאר | 32.50 | דאלאר סוטס | 24.50 |
| רעגולאר | 45.00 | דאלאר סוטס | 33.75 |
| רעגולאר | 50.00 | דאלאר סוטס | 37.50 |
| רעגולאר | 55.00 | דאלאר סוטס | 41.25 |
| רעגולאר | 60.00 | דאלאר סוטס | 45.00 |
| רעגולאר | 70.00 | דאלאר סוטס | 52.50 |
| רעגולאר | 75.00 | דאלאר סוטס | 56.25 |
| באיס' רעגולאר | 15.00 | דאלאר סוטס | 9.95 |
| באיס' רעגולאר | 10.00 | דאלאר סוטס | 6.95 |



## ספעשיאלס

| | | |
|---|---|---|
| 3.50 | דאלאר קינדער דרעסעס | 1.95 |
| 1.50 | דאלאר קינדער ראמפערס | 98c |
| 25 | סענט קאנוואס גלאווס | 10c |
| 15 | סענט מענ'ס הענדקערטשיפס | 7 1-2c |
| 39 | סענט קינדער זאקען | 19c |
| 39 | סענט מענ'ס זאקען | 15c |
| 50 | סענט קינדער דראוערס | 23c |
| 39 | סענט האק טאועלס | 19c |
| 19 | סענט האנד טאועלס | 10c |
| 59 | סענט פיללאו קייסעס | 35c |
| 2.50 | דאלאר בעד שיטס | 1.59 |
| 3.00 | דארא בעד ספרעדס | 1.98 |
| 2.00 | דאלאר מענ'ס-ארבייטס העמדער | 1.19 |
| 3.00 | דאלאר מענ'ס סאטין העמדער | 1.45 |
| 2.50 | דאלאר יוניאן אונעראלס | 1.59 |
| 10.00 | דאלאר סילק שוירטס | 5.98 |

# Robinson-Cohen Co.

**COMPLETE HOME FURNISHERS**

**CORNER of HIGH and HASTINGS**

FIVE BLOCKS EAST of WOODWARD — FIVE BLOCKS NORTH of GRATIOT

NORTH-BOUND FOURTEENTH CARS PASS THE DOOR

דער וועג

THE DETROIT JEWISH DAILY

Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY. INC.

347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715

J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.

B. I. GOLDSTEIN, Editor

(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)

Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.


# ניט אומזיסט איז די שנאה

(א)

אין דעם פאריגען לייט־ארטיקעל מכח דעם אנטיסעמיטישען אנפאל פון „אונזער" פארד'ס זשורנאל, האבען מיר אגב אורחא בארירט די פראגע וועגען דעם שנאת חנם, וואס די אנטיסעמיטען פארשפרייטען צווישען דעם המון.

מיר מיינען אז עס איז ווערט וועגען דעם ענין אפצושטעלען זיך. ווארום מיר אליין צווישען זיך זיינען אויך נישט גאר קלאהר וועגען די מאטיווען פון די אנטיסעמיטען. פאראן צייטען וואס מיר דענקען, אז ווען מיר וואלטען באמת אויסגעמיידען די אדער יענע חסרונות אדער עונות וואלטען אונז די קריסטען באטראכט ממש ווי ברידער.

אבער דאס איז א טעות.

מיר האבען אמאל מורא געהאט פאר אנטיסעמיטיזם אין פרייע לענדער. אין א דעספאטישען רוסלאנד — האבען מיר זיך געזאגט — מעגען זיין פאגראמען. דער תירוץ איז א פון־אויבען־אויפ'עדינער: די דעספאטישע הערשער דארפען האבען וואהין אפצווענדען דעם פאלקס כעס און רציחה. ניט זיינען מ י ר, הייסט עס, אזעלכע נאציע א פארהאסטע ביים פאלק, ביי די מאסען. נאר די בלינדע גוטהערציגע און נאאיווע מאסען, נעבעך, זיינען אן אינסטרומענט ביי די דעספאטישע הערשער.

זאל די דאזיגע שעה ניט זיין, ווען א פריי רוסלאנד זאל אונז פאגראמירען — האבען מיר מיט שרעק איינגע'טענה'ט מיט זיך אליין — וואס פאר א תירוץ וועלען מיר קענען געבען? זאל אונז א פריי רוסלאנד פארהאסען און מיר בלייבען חלילה... אהן א תירוץ.

דאס איז ניט געווען קיין בויך סברא, אדער א פשט'ל פון א גראבען־פינגער־דרעהער. ניין. עס איז געווען אן אנזיכט פון פיעלע אידישע גדולים. און אפילו שוין אין דער לעצטער צייט, ווען עס האט טראצקי'ן אפגעגאלטען ארויפצובאפען זיך אויף דעם צאר'ס כסא מלוכה האט דא אין אמעריקא א גוט באקאנטער און באמת פעהיגען זשורנאליסט אין א לייט־ארטיקעל (איך קען ניט גאראנטירען פאר בוכשטעבליכער איבערגעבונג) דערקלערט. אז אז אצינד וועלען אין רוסלאנד זיך אנהויבען פאגראמען און עס וועט אוועק א קלאנג איבער ארבע פנות העולם, אז אידען זיינען א פרהאסטע און שעדליכע אומה, והא ראיה: רוסלאנד! דאס באפרייטע, באלשעוויסטישע רוסלאנד מאכט אויך פאגראמען.

ווייס גאט און אויך פיעלע לייט די אורזאכע וואס אין רוסלאנד, איך מיין אין דעם באלשעוויסטישען חלק רוסלאנד זיינען קיין פאגראמען ניט געווען. אבער באין אופן וויל איך, מצדי, ניט צוגעבען אז דאס איז דערפאר וואס די רוסישע מאסען זיינען מיט דעם רעזשים פון די באלשעוויקעס אריינגעשפרונגען אין אן אנדער פעל. וואלט מען דארטען ניט געווען שטרענג צו די פאגראמשטשיקעס, וואלטען אויך דארטען פארגעקומען בלוט בעדלעך אלע מאנטאג און דאנערשטאג אויף דעם זעלבען שטייגער ווי אין פוילען אדער אוקראינע און מען וואלט נארגים געזוכט אזעלכע שלעגגישע עבט פוילישע תירוצים.

די וואס רעגירען אצינד אין רוסלאנד האבען גראד אנדערע מיטלען ווי אזוי צו בארוהיגען די איבערוייסענדע געמיטער פון די בלינדע מאסען; זיי האבען אויך אין זייער מיטע א גרויסע צאהל אידען, וואס ניט קוקענדיג אויף זייערע גרויסע חטאים קעגען אידישקייט זיינען זיי דאך אידען, און בלי ספק אינטעליגענטע אידען, וועלכע האסען די פאגראמען־מעטאדע און וועלכע האבען זי מיט בלייענע ריטער דערוואַרטען.

ווי געזאגט איז דאס ניט, ווייל רוסלאנד איז עקסטרים סאציאליסטיש געווארען. די סאציאליסטען אין פוילען, ד. ה. די מיטגלידער פון דער „אינטערנאציאנאלע" האבען זיך קאטעגאריש ענטזאגט מיטצומארשירען מיט די אידישע סאציאליסטען אום 1'טען מאי. איהר וועט חלילה קיין אפיקורס ניט זיין, ווען איהר וועט גלויבען באמונה שלמה, אז ניט איין מאה פון אט די דאזיגע פריי־געזאגענע פוילישע סאציאליסטען האבען אנטיילגענומען אין די פאגראמען אין ווילנא, אין לעמבערג, קאליש וכדומה: ניט איינער פון די דאזיגע שווארצע „רויטע" פאליאקען האט געשענדעט אידישע טעכטער, צעריסען עופה'לעך און צעשאסען אידישע זקנים.

און דאס איז דאך שוין ניט קיין בלינדער, נאאיווער המון! פארט מיטגלידער פון דער אינטערנאציאנאלע.

און אליין פאדערעווסקי — איהר מעגט זיך זאגען אויף איהם, אז ער וואלט גיכער געפאסט פאר א כלי זמר איידער פאר א דיפלאמאט, אבער ער איז דאך ניט קיין מאסאווער, ער איז דאך ניט קיין בלינדער אינסטרומענט. א נשמה פון א פאגראמשטשיק האט ער פארט! האט ער דאך געהאט איין ארבייט: מטהר צו זיין די פאגראמען פון איין זייט און שווייגען די פוילישע רוצחים פון א צווייטער זייט. און וואס איז מיט פילסודסקי'ן מיט אלסקי'ן און מיט די אלע אנדערע פוילישע שלעגער? זיי זיינען ניט קיין מאסאווע מענשען. פונדעסטוועגן וואלטען זיי זיך ניט אפגעזאגט אליין א אידישען זקן צו דערשיסען, אליין א אידישע מאמע צו שענדען און א אידיש עופה'לע צו צערייסען.

די רוסישע אינטעליגענץ פארמאגט גראד א סך אידענפריינד.

ניט אלע אינטעליגענטען זיינען אבער אידענפריינד.

פאראן אן אינטעליגענץ — און איהר צאהל איז גראד א געוואלדיג גרויסע אין אלע לענדער — וועלכע איז ניט נאר אידענפריינדליך, נאר וואלט טאקע מיט חשק אנטיילגענומען אין א פאגראם.

קומט עס צו אנטיסעמיטיזם איז דאך אפגערעדט.

די מאסע איז פשוט א בלוטגיריגע, א רויבער באנדע. זי וויל בלוטספארט. איז אויב עס כאפט זיך ארויף אויף דער כסא מלוכה איינער פון יענע צעהן פראצענט אינטעליגענטע גויים, וואס זיינען ניט קיין אנטיסעמיטען, צוימען זיי דאס פאלק; אויב אבער עס כאפט זיך ארויף איינער פון די ניינציג פראצענט, איז דעמאלט אך און וועה צו אונז. גיב זיי א בריה און זוך תירוצים, ווארום אין פוילען זאל מען, נאך דער גרויזאמער מלחמה, ערשט מאכען פאגראמען.

באלשעוויזם!

יא, דאס איז א תירוץ, לאמיר צוגעבען אויף איין רגע, אז דערין איז אונזער חטא און אויך צוגעבען אויף איין רגע, אז נאר אידען זיינען דער חייב, זיי האבען דעם באלשעוויזם מחבר געווען.

וואס זשע איז געווען אין פוילען דעמאלט ווען מען האט נאך דארטען ניט געוואוסט ווי אזוי אויסצולעגען דאס ווארט באלשעוויק? און וואס איז געווען אין רומעניען, ווען זיי האבען פון באלשעוויזם קיין שום אהנונג ניט געהאט?

לעבערליך!

די סיבה פונ'ם אנטיסעמיטיזם דארף מען ניט ביי אונז זוכען!

מעגט איהר זיכער זיין, אז ווען עס וואלט אמת געווען און אז די אידען וואלטען געווען די קלענסטע סבה פון די איצטיגע פאגראמען און בפרט ווען דאס וואלט געווען מחמת אידישען באלשעוויזם, וואלט לואיס מארשאל און די אנדערע פארשטעהער פון אידישען קאפיטאל, באין אופן ניט געמאכט קיין גוואלדען, ווארים דער אמת איז דאך, אז זיי האבען ניט ווייניגער און אפשר האבען זיי מעהר מורא פאר באלשעוויזם ווי א פאן פילסודסקי, אדער אן אנדער פאגראמשטשיק.

די ליכטיגע מחות פונ'ם אידישען פאלק ווייסען, אז ערשטענס קען מען ניט און וועט מען ניט באקעמפען דעם באלשעוויזם מיט פאגראמען; זיי ווייסען אויך אז די סיבה פון פאגראמען און פון אנטיסעמיטיזם דארף מען ניט און טאר מען ניט זוכען ביי אידען, נאר ביי זיי, ביי די גויים. און תירוצים דארפען ניט מיר געבען, נאר זיי.

און אזוי איז דאס ניט נאר מיט די פריינווארענע קנעכט, די פאליאקען, און אוקראינער, ניט נאר מיט די אומוויסענדע הוליגאנעס פון רומעניען, נאר אויך מיט די מענער פון די פרייע לענדער, וועלכע טראגען ניט קיין פאסטאלעס, גראבע שטיוועל און קוטשמעס. אויך די לייט מיט די געפרעסטע העמדער און זיידענע זאקען, וועלכע טראגען לייקענע הענטשקעס און הויכע צילינדערהוטען — זיי און נאר זיי דארפען זוכען תירוצים פאר זייער אנטיסעמיטיזם.

אבער וועגען זיי און בפרט וועגען דעם נייעם הינט־סעמיטישען האווקעריי אין אונזערע מקומות וועט כדאי זיין באזונדער צו שרייבען.

# די פאליטישע וואך

פון ז. ק.

אפילו די פארביטערסטע שונאים פון ענגלישען פרעמיער מוזען צוגעבען, דאס לאיד דזשארדזש באזיצט אן אויסערגעוועהנליכע פעהיגקייט צו דעבאטירען. ס'איז גענוג, אז ער זאל ארויסזאגען איין הילכיגע פראזע, אדער איין געפליגעלטען ווארט, — און דער צארן נעגען איהם צווישען זיינע אנהענגער ווערט איינגעשטילט און פארשווינדעט. ס'זענען געווען פיעלע מאמענטען אין'ם משך פון זיין אמט, אלס פרעמיער, ווען ס'האט זיך אויסגעדוכט, אז לאיד דזשארדזש'ס פאלען איז אונפארמיידליך. איז ער אבער געקומען גערעדט, און **געזיגט**.

אמת, ס'פעהלט די לאגיק אין זיינע ארגומענטען, וועלכע זאל איבערציינגען א פאליטישען געגנער. ער זינדיגט גאנץ אפט נעגען דער אויסגעהאלטענהייט. ער ענטזאגט זיך — צייטענווייז, גאנץ באוואוסטזיניג — צו זיין קאנסעקווענט

די פאליטישע וואך 2

אויף אזוי פיעל, דאס ער זאל אליין קומען צום לאגישען שלוס, צו וועלכען זיינע פראזען בינדען איהם. אבער ער איז דער באלעבאס אין זיין איינענע הויז, און אויב אפילו „זיינע איינענע" זענען ניט תמיד איינשטימיג מיט איהם, זענען זיי איהם אבער מוחל. און פאלגען אים זיין באפעהל.

אט האבען געוויסע צייטונגען געהאט פאראויס געזאגט, אז די אונטערהאנדלונגען פון ענגלישען קאבינעט מיט גריגארי קראסין, דעם באלשעוויסטישען האנדעלס קאמיסאר, וועלען אין ענגלישען פארלאמענט ארויסרופען א שטורם. דער שטורם, פארשטעהט זיך, האט געדארפט קומען, אדער איז ערווארטעט געווארען טאקי פון די עלעמענען, אויף וועלכע די איצטיגע רעגירונג אין ענגלאנד, האלט זיך. און לאיד דזשארדזש איז נאך דער צווייטער קאנפערענץ מיט'ן סאוועטען פארשטעהער ערשיענען אין פארלאמענט און געהאלטען א רעדע, וועלכע איז העכסט כאראקטעריסטיש א לאיד דזשארדזש'ישע. זיין אנגעהאלטענע באמערקונג, אז „ענגלאנד האט מעהר פון אלע אנדערע לענדער געעפענט דעם האנדעל מיט קאניבאלישע לענדער" האט דעם געווינשטען צויבער געהאט. און לאיד דזשארדזש האט מיט דעם איין זאץ פארניכטעט די אגיטאציע פון דער רעאקציאנערער אבער זעהר איינפלוסרייכער ענגלישער פרעסע, וועלכע שעהמט זיך ניט צו מאכען א פאראלעל צווישען די רוסישע באלשעוויקעס און מענשענפרעסער. און ווען א הארציגער געלעכטער האט באגריסט דיזע הילכיגע פראזע זיינע, איז לאיד דזשארדזש אוועק א טריט ווייטער און האט צוגעגעבען, אז „די גרויזאמקייטען אונטער אבדול חאמיד זענען געווען גרעסער, ווי אין סאוועט רוסלאנד" און דאך איז קיין פראטעסט קיינמאל ניט פארגעקומען, ווען ענגלאנד האט געהאט קאמערציעלע פארבינדונגען מיט טערקיי. און אט דיזער ארגומענט ווערט נאך ביי לאיד דזשארדזש'ען פיעל שטארקער, ווען ער זאגט: „אנצונעהמען, אז מען טאר ניט פיהרען קיין האנדעל מיט א רעגירונג, וואס באגעהט גרויזאמקייטען, מיינט אייגענטליך, אויסצושליסען מעהר רעגירונגען ווי איך וואג צו דענקען".

דוכט זיך דען ניט אויס, אז דיזע ארגומענטען זענען לאגיש? קען מען דען צווייפלען אין דער ריכטיגקייט פון דיזע טענות?

געוויס זענען דאס אנגענומענע אמת'ן. געוויס מעג מען אננעהמען דאס עדות זאגען פון א לאיד דזשארדזש, אז די טערקישע רעגירונג אונטער אבדול חאמיד איז געווען פיעל גרויזאמער ווי די רוסישע סאוועטען רעגירונג. און איהר מעגט מיט א ריינעם געוויסען מסכים זיין צו לאיד דזשארדזש'עס טענה, אז אויב דער פרינציפ פון עטיק וואלט געווען א פאקטאר אין קאמערציעלע באציהונגען צווישען פעלקער און לענדער, דאן וואלט מען ניט געטארט פיהרען קיין האנדעל מיט זעהר פיעל רעגירונגען.

אבער אויב דיזע הנחות זענען לאגיש און אין אנקלאנג מיט די טראדיציעס און מנהגים פון דער וועלט־פאליטיק, ווארום זשע ניט זיין קאנסעקווענט? אויב לאיד דזשארדזש דענקט איצט אז די רוסישע סאוועטען רעגירונג איז, לויט איהרע גרויזאמקייטען ניט קיין יוצא מן הכלל ווארום זשע ניט אנערקענען זי אויך פאליטיש?

צו דען האט ענגלאנד זיך ענטזאגט ווען ניט איז צו אנערקענען די רעגירונג פון אבדול חאמיד? און וואו זענען עס די פיעל רעגירונגען (די צאהל פון וועלכע לאיד דזשארדזש וואגט גאר ניט צו דענקען), מיט וועלכע ענגלאנד האט איבערגעריסען דיפלאמאטישע באציהונגען? פאר וואס זשע וויל דער ענגלישער פרעמיער ניט ציהען אט דיזע לאגישע שלוסען פון זיינע איינענע הנחות?

לאיד דזשארדזש האט געוואוסט גאנץ גוט צו וועמען ער האט גערעדט, ווען ער האט געזאגט, אז „דיפלאמאטישע פארבינדונגען מיט רוסלאנד וועלען ניט באנייט ווערען, סיידען די סאוועטען רעגירונג וועט אננעהמען מעהר ציוויליזירטע מעטאדען". דאס האט ער דאך גערעדט צו א געוויסען טייל פון דער פאליטישער „גאליארקע", וועלכע איז אונטער'ן איינדרוק, אז די באלשעוויקעס זענען ווירקליך קאניבאלען. ווייסען ווייס דאך לאיד דזשארדזש גאנץ גוט, דאס אויב די באלשעוויקעס וועלען זיין די רעגירונגס מאכט אין רוסלאנד וועט מען פריהער אדער שפעטער, מוזען ארייננעהמען די סאוועטען רוסלאנד אין דער „משפחה פון ציוויליזירטע פעלקער". און די צייט איז ניט ווייט, ווען לאיד דזשארדזש וועט אין איין רעדע מטהר זיין בקן טעמים אויף דיפלאמאטישע פארבינדען מיט סאוועטען רוסלאנד. ווארום די פראנצויזישע פאליטיק בנוגע רוסלאנד, כאטש אין גרונד גענומען א פאלשע, איז זי אבער אן אויסגעהאלטע־

פאליטישע וואך 3

נע און א לאגישע אויף אזוי ווייט, ווי זי באהויפטעט, אז קאמערציעלע באציהונגען מיט סאוועטען רוסלאנד וועלען מוזען נויטווענדיגערווייז ברענגען צו דער פאליטישער אנערקענונג פון די באלשעוויקעס.

* * *

די שטעלונג פון דער אמעריקאנער רעגירונג צו רוסלאנד איז העכסט פראבלעמאטיש. אז מר. ווילסאן איז געשטימט נעגען דער סאוועטען רעגירונג איז אויסער אירגענד וועלכען צווייפעל. קען אבער אזא ערנסטע פראגע, ווי די רוסישע, ענטשיידען ווערען דורך שטימונגען? וואס דענקט ווירקליך די אפיציעלע רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאטען צו טאן מיט דער רוסישער פראבלעם?

לאיד דזשארדזש האט לעצטען דאנערשטאג ערקלעהרט אין ענגלישען פארלאמענט, אז די אמעריקאנער רעגירונג איז אינפארמירט געווארען וועגען באשלוס פון די אליאירטע רעגירונגען צו באנייען האנדעל מיט רוסלאנד און זי איז איינגעלאדען געווארען צו שיקען א פארטרעטער אין לאנדאן אויף דער קאנפערענץ מיט גריגארי קראסין, נאר קיין ענטפער איז ניט ערהאלטען געווארען.

דענקט ווירקליך ערנסט די אמעריקאנער רעגירונג וועגען דער רוסישער פראגע, וואלט זי דאך אהן א שום צווייפעל, ניט אפגעקומען מיט שווייגען אליין. ס'וואלט זיך דאך גלויבען, דאס ווען מר. ווילסאן וואלט געהאט אנגענומען א באשטימטען באשלוס וועגען רוסלאנד, וואלט ער איהם געוויס מיטגעטיילט, אלס אן ענטפער אויף דער אנפראגע. אויב קיין ענטפער איז ניט געקומען איז דאס ניט ווייל מר. ווילסאן איגנארירט די אליאירטע רעגירונגען, נאר, פשוט, ווייל ס'איז נאך לעת עתה ניטא קיין קלאהר־באשטימטע פאליטיק צו רוסלאנד.

איז דען אבער ניט דיעזער פאקט, וואס עס איז ניטא קיין באשטימטע פאליטיק צו אזא וויכטיגע פראגע, דער בעסטער באווייז, אז אין סטייט דעפארטמענט הערשט א כאאס? איז דען דאס ניט א באווייז, אז מר. ווילסאן איז גענצליך איזאלירט פון די אייראפעאישע שטרעבונגען, ניט קוקענדיג וואס ער האט זיך פארמאסטען צו ווערען דער דיקטאטאר פון אייראפא?

און גראדע, ווי א ווילקיך פון דער געשיכטע, איז פרעזידענט ווילסאן געווען דער ערשטער צווישען די אליאירטע, וועלכער האט די רוסישע פראבלעם אויפגעהויבען און אויפגעפאדערט זיינע מלחמה־פארבינדעטע ערנסט זי צו באהאנדלען. ער האט דאן געזאגט, אז די שטעלונג צו רוסלאנד וועט זיין דער „עסיד טעסט" — דער פרוביר שטיין — פון דער אויפריכטיגקייט פון די אליאירטע. זיינע פארבינדעטע האבען זיין אזהרה ניט אנגענומען, און מר. ווילסאן האט זיי נאכגעטאן: ער האט געשיקט אויף זיין אייגענער אחריות, ניט אנפרעגענדיג ביים קאנגרעס, סאלדאטען קיין רוסלאנד. ס'זעהט אבער אויס, דאס גלייך ווי ער איז געצוואונגען געווארען צוריקצוציהען די אמעריקאנער ארמיי פון רוסלאנד, האט די רוסישע פראגע מעהר פאר איהם ניט עקזיסטירט. זיין מח איז געווען צופיעל פארנומען מיט דייטשלאנד, דאס ער האט ניט געקענט אויפנעהמען אפילו די בוליט־מיסיע, וועלכע איז צוריקגעקומען פון רוסלאנד. און דער כאאס איז געוואקסען וואס ווייטער אלץ מעהר. עס איז שוין אפילו דערגאנגען ביז צו אן אבסורד, ווען דער סטייט דעפארטמענט האט אויפגעפאדערט דעם אמעריקאנעם פארטרעטער אין ווינע, אז די אונגארישע קאמוניסטען זאלען געשטערט ווערען פון פאהרען אין סאוועטען רוסלאנד, סיידען די רוסישע רעגירונג וועט באפרייען די ארעסטירטע אמעריקאנער בירגער. די ערקלעהרונג, וועלכע האט באגלייט אזא מערקווירדיגע דיפלאמאטישע האנדלונג, איז געווען וואס עס זענען ניטא קיינע אנדערע מיטלען [illegible] קאמוניקאציע מיט דער סאוועטען רעגירונג. אבער ווען מען דערמאנט זיך, דאס גראדע צו יענער צייט איז אנגעגאנגען א וועקסלונג פון דיפלאמאטישע נאטעס צווישען לארד קורזאן, דעם ענגלישען אויסערן מיניסטער, און טשיטשערינ'ען, דעם באלשעוויסטישען קאמיסאר איבער אויסלענדישע ענינים, קען די אנגעגעבענע ערקלעהרונג וועגען ווענדען זיך אזש קיין ווין ביי ציניקער ארויסרופען א שמייכעל. דער אמת אבער זעהט אויס צו זיין, אז א ווירקליכער תהו ובהו הערשט אין דער אפיציעלער וואשינגטאן בנוגע רוסלאנד. מ'איז איזאלירט און מ'איז ניט דרייסט גענוג אנצונעהמען א באשטימטע שטעלונג.

# ביי דעם ניאגרא וואסער פאל

פון ב. י. גאלדשטיין

דו שטעהסט שטום. פארגאפט, געפלעפט, צעשראקען, ווי א קארליק קעגען א צעקאכעדיגען ריעזן.

די ניאגרא פאלס!

דער מעכטיגער קלאפ פון די וואסער־מאסען, וואס קאכען אראפ פון די ריעזיגע פעלזען, פארטויבען און שמידען צו צו דער ערד מיט א פחד.

אלץ איז דא ריעזיג, אייביג, ווילד־פחדים'דיג און ערשטוינענד — דער ניאגרא פאלס.

אייביג דרעהט זיך אין לופט דער דינער וואסער־שטויב, אייביג הענגט דער שווערער באצויבערנדער רעגענבויגען איבער די וואסער פעלדער און אייביג קאכען די צעווילדעטע ריעזיג מעכטיגע וואסער־מאסען.

אויסנעלאשען איז דאמאלט דער אויבינער הימעל געשטאנען און זיך געשפיגעלט אין דעם אייביגען וואסער־פעלד און דאס איבערגעקאכטען אין [illegible]דערבארשעהנע קאליר־בוגטען, און די קאלירגע בוגטען האבען מיט קאכעדיגער אייעלניש זיך געיאגט, געיאגט בארג אראפ איבער די פעלזען און נאכדעם מיט הילך און שטורם אין די וואסער־טאלען.

שטעהט דער מענש, דער בחיר פון אלע באשעפענישען און פיהלט זיך באליידיגענד־קליין און מיזעראבעל. א שטרויעלע, א פליגעל. אונמעכטיג, אומבאהאלפען — א שטויבעל א צעטראטענעס.

שטעהט א גאנצע עדה מיט מענשען אונקוקט אויף דער גיגאנטישער ריעזנקראפט און א פייערליכע מורא כאפט ארום די נשמה, לעשט אויס דאס הארץ און צעטרייסעלט דעם מח.

ערגעץ האבען זיך אין יענער שעה, ווען מיר זענען ווי פארפרוירענע סלופעס ביים וואסער געשטאנען, מענשען געקוילעט, איינס דאס אנדערע אויסגעווארגען און דורך כל־ערליי כלי זין און דורך כל־ערליי תחבולות אויסגעשטיקט און אויסגעשאכטען זיך.

איך האב דאס ניט געדענקט.

מיט א שטומען שטוינען בין איך צוגעשמיעדט, ווי אין דער ערד אריינגעוואקסען געשטאנען, געקוקט מיט פאנאנדערגעריסענע אויגען און פארגעסען ניט נאר אין וואס פאר א צייט איך לעב, נאר אפילו צי איך לעב גאר אין גאנצען; — פארגעסען אויב עפעס נאך, חוץ דיעזער גיגאנטישער קראפט און פחדים'דיגען וואונדער, לעבט און עקזיסטירט אויף דער גרויסער, ברייטער און פארבלוטיגטער וועלט.

אזוי האט עס מיך בארוישט אויף א היבשער צייט.

אבער דער געדאנק פון דעם מענשען איז אפילו שטארקער פון יענער גיגאנטישער ריעזען־קראפט.

אין עטליכע מינוט ארום בין איך מיט די וואסער־קראכען היימיש געווארען. איך האב זיך דערמאנט, אז איך האב בלויז געצעהלטע שעה'ן אויף צו באוואונדערען דעם דאזיגען אייביגען וואונדער — די ניאגרא פאלס.

איך האב געזעהן מענשען קומען און געהן; גיבען א קוק, פאר'חדוש'ען זיך און ניכטערן זיך באלד אויס.

איך בין מיט זיי מיטגעגאנגען.

און מיט יעדען שפאן האב איך מעהר חידושים געזעהן, ביי יעדען וואסער־פאל א נייע וואונדער.

און ווידער האב איך זיך פארגעסען אויף אלעם און אלעמען וואס איז פון יענער זייט „פאלס". האב געוואונדערט מיער און באלייזיגט הארט ביי די ברעגעס פון דער ווילדער־וואסער־מדבר, געקוקט מיט א צעמישטען שרעק אויף די וואסער־מאסען, וועלכע רייסען זיך מיט שטורם איבער און צווישען כל־ערליי גלייכע און צעקרימטע פעלזען און שפיציגע, גלאט־אפגעוואשענע שטיינער; רייסען זיך מיט אייעלניש צו די עקען פון די פעלזען, פון וואנען זיי שליידערען זיך אראפ אין די טיפע טאלען און ווארפען צוריק ארויף א פיינעם וואסער־שטויב.

און עס קומען צו מענשען און זיי געהן באלד ווייטער.

און די מענשען האבען קליינע פאטאגראף־אפאראטלעך, און ביי די ארעמס פיהרען זיי פיינע דאמען אין זיידענע הלבשה און אליין געהן זיי פארפוצט און יום־טוב'דיג אויפגערוימט און ווען זיי קומען צו צו די ברעגעס ביי די מורא'דיגע פעלזען, ציהט זיך איבער זייערע פנים'ער אריבער א שרעק. זיי מענשלען זיך, שטעלען אן די פאטאגראף־אפאראטלעך, גיבען א שמייכעל, שרייען אויס צו דער דאמע א וואויל־יונגיש ווערטעל, גיבען זיך געהויז א דרעה און פיהלען זיך אזוי נישטיג, קליין און גארנישטיג, אז זיי כאפען זיך אין דער גיך אפטראגען פון דאנען און רוקען זיך נאכדעם פאמעליך ווי אונטערגעשאסענע האזען פויזענדיג אויפ'ן בויך, פון איין פעלז צום אנדערען, פון איין פאל צום צווייטען.

זיי געהן און איך געה זיי נאך.

א סך פאלס בין איך מיט די פרעמדע מענשען ארומגעגאנגען. זיך אפגעשטעלט, זיך איינגענעסען מיט א יראת־הכבוד געפיהל, געמישט מיט פחד, און די וואונדער און ווייטער געגאנגען.

און אט איז ניט קיין פאל.

די וואסער קאכט אויף א גלייכען טייך־פעלד. קאכט, זידט און שוימט. רייסט זיך ערגיץ וואהין. און רוהט ניט איין און וועט אייביג ניט איינרוהען.

נאר אין מיטען דעם דאזיגען טייך־פעלד צערייסט זיך די וואסער אויף דריי חלקים. איין חלק רייסט זיך רעכטס, דאס אנדערע — לינקס און דאס מיטעלסדיגע זועצט מיט רציחה און הויבט זיך אין דער לופטען און באוויזט זיך גוואלדיגע ווילדקייט.

שטעהסט און קוקסט מיט צעריסענע ווייעס און מיט אן אויסגעלאשענעם געדאנק אויף דער דאזיגער וואקכאנאליע און משוגע'נעם טאנץ און קענסט זיך ניט משער זיין וואס איז דאס דא פאר אזא שפיעל. וואס רייסען זיך דא די צעקאכטע און צעברוזיטע ימים?

דאס וואסער־פעלד איז גלייך. קיין בערגעל, קיין משופע'קייט. גלייך. און פארט איז עס דא אזא צעווילדעטע משוגע'נע קאכעניש און אויפשוידערנדע שפיעל!

און ווידער שטעהסטו ערשטוינט, און ווידער לעשט זיך דיין הארץ, און ווידער ווערען פארשטיקט דיינע וואונשען און עס שטארבען אפ פאר דיר אלע זאכען און וואונדער, און פאסירונגען. און די מענשען, וועלכע עקזיסטירען חוץ אט דעם אייביג־קאכענדיגען, אייביג־דונערדיגען ניאגרא פאלס פארשווינדען פון דיין אויג און דו זעהסט מעהר ניט און הערסט מעהר ניט ווי דאס ווילדע וואסער־דונערען פון דעם אייביגען ניאגרא פאלס.

# די שוואלבען

באארבייט פון דייטש

„גאט, הלואי קומען מיר שוין אהיים" — האט די שוואלב־מוטער געזאגט צו איהר מאן. — ס'איז דאך שרעקליך! קיינמאל האבען מיר נאך אזא זומער־רייזע ניט איבערגעלעבט".

שנעל, ווי א פייל, איז דאס שוואלבען־רעגימענט געפלויגען. זיי זיינען געקומען פון דרום, פון עגיפטען און האבען געזוכט זייער אלטע זומער־וואוינונג.

און זייער רייזע איז ווירקליך ניט געווען קיין אנגענעהמע. טיעף אונטער זיי איז געלעגען דער בלויער ים. די שיפען האבען ארויף געשיקט צום הימעל שווארצע רויך־וואלקעס. איין ריעזיגע שיף איז אנגעקומען, גרויס ווי א גאנצע שטאדט. נאך איהר זיינען אנגעפאהרען נאך אנדערע שיפען, לויטער ריעזען, באזעצט מיט הונדערטער מענשען.

— איך גלויב, אז מיר דארפען זיך אביסעל אפרוהען — האט די שוואלבען־מוטער געזאגט — קוים וואס איך קען מיט די פליגעל באוועגען.

— יא, לאמיר טאקי זיך אפרוהען — האט דער שוואלבען־מאן געענטפערט.

די גאנצע ארמיי שוואלבען האט זיך אראפגעלאזען אויף דער גרויסער שיף, וואו עס זיינען געשטאנען אונצעהליגע סאלדאטען.

— א גוטען טאג אייך, מענשען! איהר וועט דאך ערלויבען, אז מיר זאלען ביי אייך זיך אפרוהען אויף א פערטעל שטונדע? — האט די שוואלבען־ארמיי פרעהליך אויסגערופען. אבער די סאלדאטען און מאטראזען האבען זיך אויף זיי גארניט אומגעקוקט; זיי זיינען געשטאנען געשפאנט ביים דעק און האבען אנגעשטרענגט געקוקט אין דער אונענדליכער ווייטקייט.

די שוואלבען האבען זיך איינס נעבען אנדערען צוזעצט אויפ'ן געלענדער פון דער קאמאנדיר־בריק. דארט איז געשטאנען אן אלטער הערר, אין א פרעכטיגער אוניפארם און געקוקט מיט זיין שפאקטיוו ווייט אויפ'ן ים.

ערשט ווען ער האט דאס גלאז פון זיינע אויגען אוועקגענומען, האט ער דערזעהן די שוואלבען.

— שלוחים פון פרידען! — האט ער געזאגט — ווען איהר וועט אהיימקומען, גיט אפ א גרוס פון מיר. אבער דא מארט

(שלוס אויף זייטע 6)

# Der Weg

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג איז מישיגאן סטייט
ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער
וועג פּאבלישינג קאמפּאני, אינקארפּארייטעד
אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715.


## פרויען ארבייט נאך דער חתונה

פון ב. י. ג—ן

אין איצטיגער צייט, ווען די פרוי פארנעהמט די אייגענע שטעלע פון דעם מאן אין דער געזעלשאפט און אינדוסטריע, אין שאפּ און אין ביזנעס, אין הויז און אין קהל — אין דער היינטיגער צייט שטעלט זיך ניט איין מאל די פראגע: צי איז טאקע דער מאן מחויב צו זיין דער פרנסה געבער פון דער פאמיליע? צי איז דער מאן פארפליכטעט צו „סופּארטען" זיין ווייב?

דער אמת איז דאך, אז מאן און ווייב האבען חתונה איז עס דערפאר וואס ביידע זיינען דערצו נעגויט, געצוואונגען פון נאטורס געזעץ און פון א פארנעניגען, נאך וועלכען ביידע יאגען זיך גלייך. היינט ווארים זאל דער מאן מחויב זיין באלד נאך דער הייראט ארייגלעגען זיין קאפּ אין דער יארמאה פון פרנסה און זי, דאס ווייב, זאל זיין די היים זיצערין?

מילא אמאליגע יאהרען איז די פרוי ווייט געווען פון ביזנעס, פון שאפּ ארבייט א. ד. ג. האט פשוט ניט געקענט מאכען קיין לעבען. דאך זיינען אויך דעמאלט געווען א סך פרויען וואס זיינען געווען די גאנצע פרנסה געבערינס אבער אין א זעהר באגרענצטער צאהל. די גרויסע מאיאריטעט פרויען זיינען געבליבען היים זיצערינ'ס און ארויסגעקוקט אויף דעם מאנ'ס פארדיענסטען. זיי האבען עס אבער געטאן ניט פאר וואילטאג נאר אויס נויט: זיי האבען ניט געקענט קיין ארבייט, זיי האבען ניט פארשטאנען קיין מסחר, און זיינען דערום געצוואונגען געווען צו זיין קיך־אידענעס, דיענסטען און קוקען דעם מאן אין דער האנד אריין.

די היינטיגע פרוי אבער וועלכע איז באשעפטיגט מיידעלווייז גלייך מיט'ן מאן און וועלכע וויל אומעטום שטעהן אויף דער זעלבער שטופע ווי דער מאן, ווארום זשע זאל אויך היינטיגע צייט דער מאן מוזען זיין דער שפּייזער פון דער פאמיליע און די פרוי זאל גראד אין דיזע הינזיכט זיין ווי אונזערע באבעס און מאמעס זיינען געווען אין דער אלטער היים אין די קליינע שטעדטליך?

אויב די היינטיגע פרוי, וויל אנערקענט זיין אין אלע הינזיכטען ווי דער מאן, מוז זי אויך אין ענין פון פרנסה זיין גלייך מיט איהם; דארף זי, גלייך ווי ער, נעה־מען אן אנטייל אין דעם לעבען און אין אויפהאלטען דאס הויז, די פאמיליע.

דאס איז אייגענטליך א גערעכטע טענה. און די יעניגע פרויען וואס פיהלען טאקע אז זיי זיינען פעהיג ארויסצוהעלפען דעם מאן אין זיין ארבייט, אדער וואס פיהלען זיך פעהיג צו ביזנעס וועלען זיך טאקע קיין מאל ניט ערלויבען צו ווארטען אויף דעם מאנ'ס פארדיענסטען. אזעלכע וועלען בעסער האלטען א דיענסט אין הויז און אליין וועלען זיי געהן ארבייטען, אדער זיך אפּגעבען מיט דער פּראפעסיע, אדער ביזנעס צווייג, צו וועלכען זיי פיהלען זיך פעהיג; אזעלכע פרויען האלטען עס פאר אן ערנידערונג געשפּייזט צו ווערען פון דעם מאן, אויף וועלכען עס פאלט, נאך דער הייראט, שווערער דאס לעבען.

עס זיינען זויעדער אויך היינט פאראן אייניגע פרויען וועלכע וועלען שיקען דעם מאן־שטודירען, און אליין ווילען זיי פיהרען און גאנצען די פרנסה. אזעלכע אמביציעזע פרויען, וואס זאלען באפרייען אינגאנצען דעם מאן פון דער פרנסה זיינען אפילו פאראן זעהר ווייניג אבער עס איז זיכער אז אזעלכע בריה'שע און פע־היגע פרויען זיינען דאך פאראן.

די מעהרהייט אבער, די גרויסע מאיאריטעט פון די היינטיגע ווי פון די אמא־ליגע דורכשניטליכע פרויען קענען דאס אבער ניט באהויפּטען. ניט אלע פרויען זיי־נען דאך פעהיג ניט אלע פרויען ווידער קענען און ווילען זיך אזוי שטארק אנשטרענ־גען צו זיין פרנסה געבערינס. די דורכשניטליכע פרוי מוז דאך נאך דער הייראט אנ־קומען צום מאנ'ס פארדיענסטען.

און דערין ליעגט גארניט קיין שום עולה, קיין שום פארברעכען, אדער ערנידערונג, אין אט פארנאס:

דער מאן נאך דער הייראט בלייבט דערזעלבער מענש, מיט די זעלבע פי־זישע קרעפטען, מיט דיזעלבע מעגליכקייט און רוהיגקייט צו דער ארבייט.

די פרוי אבער פאלט אונטער אנדערע אומשטענדען, וואס צווינגען זי אפּ־צורייסען זיך פון איהר ארבייט און בלייבען צו הויז. דאן קומט אונטער א קינד. דאס קינד פאדערט אן ערציהער און דא מוז די ארבייט צעטיילט ווערען: דער מאן פארנעהמט — לויט זיינע פיזישע קרעפטען — די פרנסה ארבייט און די פרוי — דאס הויז.

דער מאן, אלזא נאך דער הייראט בלייבט דער זעלבער פרייער מענש: די פרוי אבער ווערט מיט גוואלד צוגעבונדען צום הויז און עס איז ניט מעהר ווי רעכט אז דער מאן זאל פארזארגען די פרוי מיט חיונה און מיט אלע אנדערע נויטווענ־דיגקייטען.

דאס מיינט אבער ניט צו זאגען אז די פרוי אפילו ווען זי קען, דארף דעם מאן ניט העלפען אין זיין ארבייט; דאס מיינט אויך ניט אין צייט ווען זיי האבען קיין קינדער ניט דארף די פרוי אויך זיצען מיט פארלעגטע הענט און ווארטען אויף דעם מאנ'ס פארדיענסטען.

מיר ווילען דערביי אויך אויפמערקזאם מאכען אז דער מאן האט אלע מאל מעהר רעספּעקט און אפּשיי פאר א פרוי א פארדינערין. מעג ער זי ווי ליעבען, וועט ער פונדעסטוועגען ניט אפּטען זי אזוי פיעל ווי ווען זי וואלט געווען זעלבשטענדיג און ניט אפּהענגיג פון איהם.

און דערפאר איז ראטזאם אז די יעניגע פרויען, וועלכע פיהלען זיך פעהיג צו ביזנעס, אדער צו אירגענד וועלכער אנדער ארבייט, זאלען דאס ניט אויפגעבען נאך דער הייראט.

עס איז טאקע אמת אז איבערלאזען א קינד אויף פרעמדע הענט איז ניט ווינשענסווערט: עס איז טאקע אמת אז קינדער מוזען האבען אן ערציהערין און די ערציהערין מוז זיין די מוטער און קיין אנדערער, אבער אין היינטיגער צייט ווען די פרוי וויל רק לעבען איהר אייגענעם לעבען און ווער שמועסט ווען דעם מאנ'ס פארדיענסטען קלעקען ניט אויף אן אנשטענדיגען לעבען צו מאכען, דארף א פעהיגע פרוי זיך דערמיט רעכענען.

די דורכשניטליכע פרוי אדער ווער שמועסט די יעניגע וואס האבען שוין מעהר ווי איין און צוויי קינדער, די מוזען זיין היים זיצערינס, די מוזען זיך באגניגען מיט וויפיעל דער מאן פארדיענט און מוזען געדענקען אז דאס קינד האבען אליין, לעבען זי געמאכט פיזיש אומפעהיג צו אן אנדערער ארבייט. איהר גאנצע ענערגיע מוז זי אנווענדען אויף דער ערציהונג פון איהרע קינדער, אויף צוגרייטען דאס הויז, גלייך ווי דער מאן מוז אנווענדען זיין גאנצע ענערגיע אויף צו מאכען א לעבען און [illegible] זיין ווייב און קינדער.

## אינדוסטריעלע אונטערנעהמונג אין ארץ ישראל

פון י. מארשאק

די הויפּט פראגע וואס דארף אינטע־רעסירען געדען אידען היינט צו טאג איז (ווי אזוי צו שאפען אין דער נאהענטער צוקונפט א מעהרהייט פון אידען אין ארץ ישראל און זיי עקאנאמיש באפעס־טיגען דארט. צווישען די דריי הויפּט־באשעפטיגונגען, נעמליך: ערד ארבייט, קליין האנדעל און אינדוסטריע, איז די לעצטע די לייכטסטע און זיכערסטע, צו־ליעב די פאלגענדע טעמים.

עס איז אן אלטער כלל, אז יעדע נייע אינדוסטריע איז א שטארק צו־ציהענדע קראפט פאר אימיגראציע. פארשידענע עלעמענטען גרופּירען זיך ארום דער אינדוסטריע און העלפען איי־נער דעם אנדערען דעם לעבען גרינגער צו מאכען. ביי אונז סיסטעמאטיזירטע אינדוסטריע האט דער ארבייטער קיינע שוועריגקייטען. עס פאדערט זיך ניט קיין געלד, קיין גרויסע ערפאהרונג און ער איז אויך ניט צוגעבונדען ווי ביי אן אנדער באשעפטיגונג.

די אינדוסטריעלע מעגליכקייטען אין ארץ ישראל זענען זעהר פיעלע, ווען מען נעהמט זיך נאר די מיה עס גוט צו שטודירען.

ביי דער יעצטיגער באפעלקערונג פון ארץ ישראל, וואס צעהלט ארום א מיליאן מענשען, איז דער אימפּארט במעט פיער מאל גרעסער פון עקספּארט. ואגאר די נאטירליכע פּראדוקטען פון לאנד, ווי פּוטער, מעהל, קאטאן, וואל, בוימעל, ציגעל און זא ווייטער, ווערען אימפּארטירט פון אנדערע לענדער צו־ליעב דעם גרויסען מאנגעל פון די פּאס־סיגע אינדוסטריען וואס זאלען קענען קאנקורירען מיט די אימפּארטירטע סחורה.

אלזא כדי צו ענטוויקלען די דאזיגע אינדוסטריען און צו פּראאינטערעסירען דעם ברייטען אידישען עולם אין די גלענצענדע אינדוסטריעלע מעגליכקייטען פון ארץ ישראל, איז דא נעגרינדעט גע־ווארען א געזעלשאפט מיט'ן נאמען „חיפה אינדאסטריעל ווארקס", וועמעס אפיס געפינט זיך אין 4 בוהל בלאק.

די געזעלשאפט איז אונטערשטיצט פון באקאנטע פּערזענליכקייטען, ווי דר. נ. ע. ארענסאס, טשערמאן פון ציוניס־טישען דיסטריקט, זש. עהרליך, גאלד־מאן בראס. און אויך פיעלע אינזשיני־רען.

זי האט פאר איהר ערשטע אויפ־גאבע די ענטוויקלונג פון מעטאל פּויר־נישור, אייזערנע בעטען, ספּרינגס און מעראסען־נעו אויוועס וועלען זיין די ערשטע ארטיקלען פון מאנופעקטור. די געזעלשאפט וועט אויך האבען א גוט אויסגעשטאטעטע מאשין שאפּ וואו פארשידענע מאשין ארבייט וועט גע־מאכט ווערען פּינקטליך און עקאנאמיש.

די שטאדט חיפה אלס אינדוסטריע־לער צענטער פארדיענט פיעל אויפמערק־זאמקייט פון אידען וואס זוכען די ביז־נעס מעגליכקייטען פון ארץ ישראל.

חיפה געפינט זיך לעבען דעם בארג כרמל. עס איז דער בעסטער נאטירליכער פּארט אין גאנץ ארץ ישראל, און האט דעם בעסטען פארקעהר און גאנץ מערב אזיא. חיפה געפינט זיך לעבען דעם פרוכטבארען באדען פון עמק השרון און עמק יזרעאל און אין מיטען פון א רייכע טייכען, וואס וועלען שאפען די הידרא עלעקטרישע קראפט פון ארץ ישראל.

די געזעלשאפט האט ארויסגעלאזט 500 שערס קאמאן סטאק. יעדע שער קאסט 100 דאלאר.

די דעטראיטער אידישע באפעלקערונג האט יעצט די געלעגענהייט צו באטיי־ליגען זיך ערנסט אין דעם עקאנאמישען אויפבוי פון אונזער לאנד דורך זייער קויפען די שערס פון „חיפה אינדאסטריעל ווארקס".

די געזעלשאפט פארמאגט פערזאנען מיט פיעל אינזשינירונג ערפאהרונג און וויסען און אויך מיט א נאציאנאל דע־מאקראטישע אויפפאסונג וועגען אונזער צוקונפט אין ארץ ישראל.

## די שוואלבען

(שלוס פון זייטע 4)

איהר ניט בלייבען, ס'ווערט באלד גע־פעהרליך...

— קיווויט, קיווויט — האבען די שוואלבען געצוויטשערט — על כל פנים א פערטעל שעה לאזט אונז רוהען, מיר זיינען טויט־מיעד.

פון א שיף, ווייט אויפ'ן ים, האט זיך געזעהן א ווייסער רויך־וואלקען און אין א ווייל ארום האט זיך געהערט ווי א פארשטיקטער דונער.

— איצט א געוויטער? — האט די שוואלבען־מוטער זיך נעוואונדערט — ס'איז דאך צו פריה.

אבער איידער די שוואלבען האבען גייט געהאט זיך אפּצוואונדערן, האט א שרעקליכער קראך אויסגעבראכען דארט נעבען זיי. פון אלע זייטען האט זיך געשטופּט א שטיקענדער רויך; דאס זאמאנדרא־בריקעל איז איינגעפאלען און ערשטיקט דעם שוואלבען־פאטער מיט נאך א סך יונגע שוועלבעלעך.

די לעבעדיג־געבליבענע שוואלבען האבען מיט טרויער זיך אויפגעהויבען צום הימעל און מיט געבראכענע הערצער פארטגעזעצט זייער רייזע צו דער אלטער היים. פארנאכט־צו זיינען זיי צוגעקומען צום ברעג און געקלערט נעכטיגען אינ'ם אלטען וואלד, וואס איז דארט געשטאנען פון לאנגע דורות.

אבער ווען זיי זיינען אנגעקומען צום פּלאץ פונ'ם וואלד, האבען זיי דארט קיין איינציגען בוים ניט געפונען — דעם וואלד האט מען אויסגעהאקט, כדי צו קע־נען מיט די הארמאטען בעסער טרעפען דעם שונא.

מיעד און דערשלאגען האבען זיי זיך געלעגט אויף דער הויכער ערד און אויף מארגען פארטאג האבען זיי זיך געלאזט אויפזוכען דאס דארף, וואו זייערע זומער־וואוינונג געפינט זיך.

לאנגע שעה'ן האבען זיי געבלאנ־קעט און האבען אלץ זייער היים ניט דערקענט. זיי האבען געהאט סימנים א. ד. די הויכע אלטע קירך, אבער די קירך איז שוין ניט מעהר געווען, אומעטום זיינען נאר געלעגען פארברענטע ברעטער און גאנצע קופּעס צעבראכענע ציגעל. קיין מענשען האט מען ניט געזעהן און קיין שפּייז איז אין ערגיץ ניט געווען צו געפונען.

די ארימע שוואלבען האבען געוואנ־דערט פון איין חורבה צו דער אנדערער, אבער אין ערגיץ קיין נעסט ניט געפונען. פון ארום און ארום האבען זיך נאר דער־טראגען מורא'דיגע דונערען און גרויסע וואלקענס רויך זיינען געלאפען האַרט נעבען דער ערד.

די מוטער־שוואלב האט מיט א פאר־דריקטער שטימע צו די קינדער געזאגט.

— קומט, קינדער, צוריק! מיר זיי־נען צו פריה געקומען.

דא איז נאך ווינטער, נאך ווייט צו פריהלינג דא.

און די אויסגעמאטערטע שוואלבען זיינען צוריק אוועק צום ווינטער־לאנד.

## דער דעטראיטער חסד של אמת

מאכט באקאנט צו אלע מעמבערס פון חסד של אמת, אז מיר האבען אויפגע־נומען א נייעם קאלעקטאר, נעמליך, מר. יוסף מעזשור, פון 191 דיוויזשאן סט. א העכסט אנשטענדיגער מאן, וועלכער איז בארעכטיגט צו קאלעקטען דיוס און דאניישאנס, אויך צו שאפען נייע מעמ־בערס פאר דער חסד של אמת. מיר בע־טען אלע מעמבערס אין אלגעמיין דאס גאנצע אידישע רעטראיטער פובליקום, אויפצונעהמען פריינדליך אונזער נעננאנ־טען קאלעקטאר. אונזער ביז־העריגער קאלעקטאר מר. ש. זאנדוויס קאלעקטעד ניט מעהר פאר דעם חסד של אמת.

גלייכציטיג מאכען מיר אייך באקאנט אז אונזער אפיס פון חסד של אמת, 66 ברוסטער סטריט, איז אפען יעדען טאג פון 8 פריה ביז 8 אבענד, וואו איהר קענט צאהלען אייערע דיוס און דאניישאנס צו אונזער פינאנץ סעקרע־טער און סופּעראינטענדענט מר. א. איצקאוויטש, וועלכער וועט אייך מיט שעצונג אויפנעהמען און פּראמפּט ער־לעדיגען. אונזער אינסטיטושאן ווערט יעצט געפיהרט מיט דעם בעסטען סיס־טעם, אלעס ווערט פּינקטליך און שנעל דורכגעפיהרט. צום לעצט דאנקען מיר די אלע וועלכע האבען מיט אונז מיט גע־פייערט אונזער 4 יעהריגען יובילעאום לעצטען זונטאג, ביי וועלכען מיר האבען זיך פיין אמוזירט. די שמחה איז געווען פול מיט נייעס, אידיש שעהן און סוק־ספעספול.

מיט חסד של אמת גרוס,
די באארד אוו דירעקטארס.


## פערזענליכעס

ריפיינד ביזנעסמאן. 35 יאהרע. פאן גוטען אויסזעהן אונד גוטהערציג. נעביל־דעט אין אייניגע שפּראכען. פערלאנגט צו קארעספּאנדירען מיט אלמנה אדער עלטערע מיידעל זאל זיין, פערמעגליך אונד גוטהערציג. אדרעסירט באקס 25. דער וועג.








## גראסערי אקשען

מאנטאג, יוני 14, 9:30 אין דער פריה, אין 828 ראססעל סטריט.

איך וועל פארקויפען אויף א פּאבליק אקשען א קלין אפּ טו דייט סטאק פון גראסעריעס, איינשליסענדיג פיינע פיקטשורס, רעפרידזשערייטאר, סלייסינג מאשין, נעשאנאל קעש רע־דזשיסטער, דיספּליי קאונטער א. ז. וו.

קומט פריה!

בען פרידמאן

אקשאניער. טעל. סעדילאק 2580.


## באקאנטמאכונג

### צו אלע לאדזער לאנדסלייט

חיים שערעשעווסקי, (פאנסקע 18), איז יעצט געקומען פון לאדז און ער געפינט זיך יעצט ביי זיין שוועסטער מרס. שווארץ, 328 שערידען עווענו. ה' שערעשעווסקי בלייבט אין דעטראיט בלויז 10 טעג און דאן וועט ער פאהרען צוריק נאך לאדז. לאדזער לאנדסלייט וואס ווילען הערען א גרוס אדער וואס ווילען שיקען א גרוס נאך לאדז זאלען קומען אויף דעם אויבענדערמאנטען אדרעס.


# ראזענפעלד'ס רוסישע טערקישע באד

פאר אלע וועלכע זוכען ריינליכקייט און גוטע באהאנדלונג.

30 מארבעל וואנעס
שאור בעטהס

2 כשרה מקוואות
פרייע קאטס אויף צום רוהען

16 פּריוואט רומס פאר יעניגע וועלכע ווילען נעכטיגען.

א פּראכטפולער לאנטש קאנטער מיט פרישע עסענווארג און געטראנקע צו יעדער צייט.

שוויץ פאר פרויען יעדען מיטוואך. מיט דער מיטווירקונג פון אן עקספּערט מאסאזשיסטקע.

1846 אלפרעד סטריט, נ'ער אנטאין, טעלעפאן טשערי 6190 דאבליו.



## געלט קיין אייראפא

דער זיכערסטער און בעסטער וועג צו שיקען געלד צו אייערע קרובים קיין יוראפּ איז דורך דער

## פיפּעלס רעליעף

וועלכע איז א בראנטש פון דער דזשוינט דיסט. קאמיטע.

די געלד ווערט געשיקט אין דאלארס.

פיפּעלס רעליעף קאמיטע

490 הייסטינגס סטריט

סעדילאק. 2061



## DETROIT USED CASH REGISTER CO

### 66 BROADWAY



אלערליי געניצטע קעש רעדזשיסטערס, אלערליי מייקס געקויפט און פערקויפט אדער אויסגעביטען.

איהר מוזט האבען א קעש רעדזשיסטער, איהר קענט זיך אהן דעם ניט באגעהן,
מיר וועלען אייך סייפען געלד און געבען די זעלבע צופרידענהייט ווי פון נייע.

בעזוכט אונז איידער איהר קויפט א רעדזשיסטער.

טעלעפאן קעדילאק 5112.



# The Dime Savings Bank

רעסורסען איבער $40.000.000

יונייטעד סטייטס דעפּאזיטארי — מעמבער פון פעדעראל רעזערוו סיסטעם.

אמעריקאנער געלד קויפט אין יוראפּ מעהר ווי ווען עס איז פריהער, אויב איהר ווילט העלפען קרובים אדער פריינד אויף יענער זייט ים וועט אונ־זער פארעין עקסטשענדזש דעפּארטמענט איבערשיקען פאר אייך געלד ביי מייל אדער קייבעל פאר דעם בילינגסטען רייט.

## The Dime Savings Bank Bldg.

מיין אפיס:

### Griswold and Fort Streets

בראנטש אפיסעס:

491 Woodward Ave.
106 Grand River Ave.
315 Fourteenth Ave.
72 Grand River Ave.

1221 Jefferson Ave.
789 Woodward Ave.
Broadway and Whitcrell
1183 Harper Ave.

407 Gratiot Ave.
418 Michigan.
591 Oakland Ave.
Mt. Elliot and Davison

3



# אויסקינפטע פריי

ועהר גערן געגעבען איבער פאל ענדע עניגים: פּאספּארטען, ווי צו שיקען געלד אין אייראפּא, ווי אזוי אר עברצוברענגען אייערע פאמיליעס, וועגען די רעכט פון לענדלארד און טענענטס, וועגען לאנד קאנטראקטען, מארטגעדזשעס, טעקסעס און זא ווייטער.

## ווי צו ווערען א בירגער

וואו און ווי אזוי צו לערנען ענגליש, סאלדאטען פּענסיע, ליבערטי באנדס באנוסעס, אינשורענס און נאטוראליזיישאן.

The Free Information Bureau
Detroit Board Of Commerce

The only Jewish Paper Printed in Michigan

# דער וועג

The Detroit Jewish Daily

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

347-49 HASTINGS STREET Telephone Main 3718

Published and distributed under permit No. 739 authorised by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General.

PRICE 2c. DETROIT, MICH., Monday, June 14th 1920 Vol. 2, No 102 מאנטאג, דושון 14, 1920.


## בולגאריען ווארפט זיך אונטער שווערען שלום אפמאך

סאפיע, יוני 12. — פרעמיער אלעקסאנדער סטאמבולסקי האט היינט ערקלעהרט, אז בולגאריען וועט אנהאלטען שלום, ניט קוקענדיג אויף די גרויסע פארלוסטען, וואס זי לײדט דורך דעם שלום־אפמאך, ווי די פראווינצען דאברודזשא און טראציען.

ער האט געזאגט, אז בולגאריען וועט מוטיג טראגען אויף זיך דעם שווערען שטראף וואס די שלום־קאנפערענץ האט אויף איהר ארויפגעלעגט, און אז זי וועט אנווענדען אלע איהרע קרעפטען אויפצובויען דעם אינערליכען לעבען.

רעדענד׳: וועגען די באציהונגען מיט גריכענלאנד, סערביען און רומעניען, האט דער בולגארישער פרעמיער געזאגט, דאס ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס בולגאריען וויל לעבען אין גוטע באציהונגען מיט איהרע שכנים, דענקט ער אבער, אז אן אמת׳ע פריינדשאפט מיט דיעזע לענדער איז איצט אוממעגליך, צוליעב זייער אפרייסען פון בולגאריען פיעלע פון איהרע טעריטאריעס.

### זאגט נביאות אז ווילסאנ׳ס „פערצעהן פונקטען" וועלען אויפשטעהן תחית המתים

סאפיא, יוני 12.—

פרעמיער סטאמבוליסקי האט זיך היינט אויסגעדריקט פאר צייטונגס־לייט אז די אליאירטע רעגירונגען מעגען זיך ערלויבען צו זיין הומאנער אי צוליעב גערעכטיגקייט אי צוליעב זייערע אייגענע אינטערעסען.

„איך באטראכט די לאגע גאנץ קאלבלוטיג", האט דער בולגארישער פרעמיער געזאגט, „די מחברים פון דעם שלום־אפמאך וועלען קיהצליך ווארלאזען זייער טעטיגקייט פון נקמה און אומגערעכטיגקייט. פרעזידענט ווילסאן׳ס 14 פונקטען, וואס זעהן איצט אויס צו זיין טויט, וועלען אבער אין גיכען אויפשטעהן תחית המתים".

דער פרעמיער האט ווייטער געזאגט, אז ער גלויבט, דאס אמעריקא וועט נאך האטעווען די וועלט פון דעם אליאירטען אימפעריאליזם, ווי זי האט געראטעוועט די וועלט פון דייטשען מיליטאריזם.

## ענגלישע דעלעגאציע פארדאמט בלאקאדע געגען רוסלאנד

לאנדאן, יוני 12. — אין דעם באריכט, וואס די ענגלישע ארבייטער דעלעגאטען האבען געבראכט וועגען רוסלאנד, ווערט די בלאקאדע געגען רוסלאנד פארדאמט, זאגענדיג, אז זי איז געפעהרליך פאר דער וועלט און אן אומגליק פאר רוסלאנד. דער באריכט ווייזט אן, אז די בלאקאדע איז די איינציגע אורזאכע, וואס אין רוסלאנד הערשען פיעלע עפידעמיעס, וועלכע פארשפרייטען זיך צוליעב דעם מאנגעל אין זייף און מעדיקאמענטען. די באלשעוויקעס, ווערט דארט געזאגט, האבען געמאכט אלע מעגליכע אנשטרענגונגען צו באקעמפען די קראנקהייטען, אבער צוליעב דער בלאקאדע, זענען אלע זייערע פארזוכען געווען ביז איצט ניט ערפאלגרייך.

דער זעלבער באריכט פארדאמט אויך דעם פוילישען קריעג געגען סאוועטען רוסלאנד. וועגען דעם אנפאל פון פוילען אויף רוסלאנד געפינט זיך, צווישען אנדערע, פאלגענדער זאץ:

„דער רוף צו שפעפערישער ארבייט איז וויעדער צוריקגעוויזען געווארען צום גונסטען פון מיליטערישען ענטוזיאזם. צו דער זעלבער צייט פאראורזאכען די קריעגס באדינגונגען נייע אויסריידען צו באשרענקען אינדיווידועלע פרייהייט"

## זאגט געזעלשאפט דארף געמשפט ווערען מיט יעדען פארברעכער

לאס אנדזשעלעס, יוני 12. — דזשארדזש בען לינדזי, פון דענווער, וועלכער האט זיך צוואנציג יאהר צייט אפגעגעבען מיט העלפען ארויספיהרען יונגע פארברעכער אויפ׳ן גלייכען וועג, איז היינט ארויס מיט א סענסאציאנעלע ערקלעהרונג, אז ער וואלט בעסער געוואלט אויפנעהמען קלאגעס געגען די פארברעכענס אין דער געזעלשאפט, איידער געגען אינדיווידועלע קרימינאלען.

„איך בין ניט קיין סימפאטיזירער מיט פארברעכענס", האט ער ערקלעהרט אין פארלויף פון אינטערוויו, „אבער איך בין אן אויפריכטיג׳ער סימפאטיזירער מיט קרבנות פון אומשטענדען און ווען א פערזאן ווערט געשטעלט צום משפט, בין איך דערפאר, אז אויך די געזעלשאפט זאל גע׳משפט ווערען אין איין און דערזעלבער צייט".

„מיין פלאן יעצט איז צו עטאבליערען געריכטען פון גערעכטיגקייט, וואו פארברעכער זאלען גע׳משפט ווערען ניט לויט די פארשריפטען פון געזעץ, נאר לויט שכל און פארשטאנד.

„מיר האבען גענאמען אזא געריכטסיסטעם אין קאלאראדא און מיר האבען זיך איבערצייגט, אז עס ארבייט. איך וואלט געוואונשען צו זעהן דיעזען סיסטעם אנגענומען אין יעדען סטייט.

איך דערמאן זיך אן א קייס אין דענווער, וואו א יונג מיידעל איז ארעסטירט געווארען פאר גנב׳ענען א שאל וואטע. זי האט געמאכט א פארזוך זיך צו נעהמען דאס לעבען און דאס געזעץ האט זיך באצויגען צו איהר שטרענג. עס איז אבער באוויזען געווארען, אז איהר מוטער איז [illegible] וויכטיג, איהר פאטער טויט און [illegible] האט באוארפט אליין אויסהאלטען א פאמיליע.

„צו געפינען די אורזאכען פון א פארברעכען איז פונקט אזוי וויכטיג ווי צו באשטראפען פארברעכער. א דאקטאר ווען ער באהאנדעלט א טיפוס־קראנקען, שטעלט ער זיך ניט אפ ביים פאציענט אליין, נאר ער זוכט אויסצוגעפינען, פון וואנען די קראנקהייט נעהמט זיך.

„איך קלאסיפיציר ניט קיין מענשען אין „גוטע" און „שלעכטע". איך בין איבערצייגט, אז שלעכטקייט קען ניט געהיילט ווערען ניט וויסענדיג די אורזאך, פון וואנען דאס שלעכטקייט נעהמט זיך.

„א געריכט פון אוממיטעלבארער גערעכטיגקייט וואלט געווען א מאראלישער האספיטאל.

„די איצטיגע סיסטעם פון קרימינעלער פראצעדור איז דיין מעפאניש. די איינציגע רפואה איז גוואלד־מיטלען און עס איז אן אלטער אמת, אז גוואלד פראדוצירט גוואלד.

„דער שטאאט קען קיין מאל נאר ניט געווינען, פון פארוואנדלען מענשליכע וועזענס אין ווילדע חיות.

„פארברעכער דארפען אפגעטיילט ווערען פון דער געזעלשאפט, פונקט ווי מיר טוען עס מיט משוגעים. אבער אין דער זעלבער צייט דארפען זיי אויך קורירט ווערען".

דר. לינדזי, גלויבט באמונה שלמה, אז די „משענסערי סיסטעם" (דאס אורטיילען לויט דעם שכל הישר און ניט לויט די פארשריפטען פון געזעץ) קען זעהר פיעל העלפען אויסצוראטען די באציל פון פארברעכען.

## ווארשא גיט צו מפלות אויף קיעווער פראנט

ווארשא, יוני 12.— די רוסישע באלשעוויסטישע קאוואלעריע האט איבערגעשניטען די באהן ליניע צווישען קיעוו און בערדיטשעוו אין פיעל פלעצער און האט צעשמעטערט דעם פוילישען פראנט אויף אייניגע פונקטען. דיזע באריכטען קומען דירעקט פון פראנט. די צאהל פון דער רוסישע קאוואלעריע, וועלכע האלט ביים ארומרינגלען קיעוו איז 9 טויזענד מאן.

פוילען איז צוליעב דעם דאזיגען זיעג פון די באלשעוויקעס געבליבען פארבונדען מיט קיעוו נאר דורך איין ליניע, די קיעוו קאראסטען ליניע. די דאזיגע ווערט אויך געדראהט איבערגעשניטען צו ווערען פון די באלשעוויקעס, וועלכע זענען אריבער דעם דניעפער טייך צו צפון פון קיעוו.

גרויסע שלאכטען קומען פאר אויף ביידע זייטען שטאדט (קיעוו) ווי אויך אויף דער נאנצער ליניע.

דער באלשעוויסטישער אויסערן מיניסטער לאזט קעמאל פאשא׳ן וויסען, אז די הויפט פרינציפען פון דער אויסערען פאליטיק פון דער נאציאנאליסטישער רעגירונג, ווי זי איז אנגענומען געווארען אין דער אנגארא׳ר נאציאנאלער פארזאמלונג דעם לעצטען פעברואר, זענען אנגעהמבאר פאר דער סאוויעטען רעגירונג.

דיעזע פרינציפען, זאגט טשיטשערין, דארפען זיין פאלגענדע:

אלע טעריטאריעס וואס זענען איבערוואוינט מערסטען אראבער טערקישע מוזען באלאנגען צו טערקיי; די אומאפהענגיגקייט פון אראביען און סיריען; זעלבסט־באשטימונג פאר פאלגענדע טעריטאריעס: טערקישע ארמעניען, קורדיסטאן, באטום, מזרח טראציען און אלע טערקישע און אראבישע טעריטאריעס. דער רעפערענדום זאל דארטען געהאלטען ווערען, נאכדעם ווי די פליכטלינגע פון דיעזע לענדער, וועלכע זענען געצוואונגען געווארען זייער היים צו פארלאזען, וועלען זיך צוריקקעהרען.

די פראגע פון די דארדאנעלען זאל באשלאסען ווערען אויף א קאנפערענץ פון פארשטעהער פון די לענדער, וועלכע גרעניצען זיך מיט׳ן שווארצען ים.

### מאסקווער אפיציעלער באריכט

לאנדאן, יוני 12. — פון מאסקווא איז ערהאלטען געווארען דורך דעם ראדיא־לאזען טעלעגראף פאלגענדער אפיציעלער באריכט.

„ארום קיעוו, אויף דעם רעכטען ברעג פון דניעפער, טרייבען מיר צוריק די פוילישע ארמיי פון צפון און דרום. פיעלע דערפער אויף דער לענג פון דער קאראסטען־קיעוו אייזענבאהן ליניע געפונען זיך אין אונזער הענט. די וויכטיגע באהן סטאנציע פאסטאוו איז צוריקגענומען געווארען פון די פאליאקען.

צו מערב צו פון דיסנא (אויף דער דווינא, 70 מייל פון וויטעבסק) האבען אונזערע טרופען פארכאפט פיעלע פונקטען 14 מייל פון שטאדט. שלאכטען קומען פאר צו צפון פון דער וויטעבסק־דווינסק באהן ליניע און אין דער ריכטונג פון דאקטשיטשא. אויף דער לענג פון טייך בערעזינא האבען מיר צוריקגעשטויסען דעם שונא.

אין דעם קרים געגענד קומט פאר א שלאכט מיט גע. ווראנגעל׳ס ארמיי צווישען סאוויטש און פערעקאפ.

### ווראנגעלס טרופען פארכאפען [illegible] זייטען אויף אזאו ים

קאנסטאנטינאפאל, יוני 12.—

עס ווערט געמעלדעט, אז די ערשטע אפענסיווע פון גענעראל ווראנגעל׳ס טרופען איז געווען ערפאלגרייך.

דעם 4טען יוני האט א טייל פון ווראנגעל׳ס מחנות פארלאזט פעאדאסיע און דעם 6טען יוני האבען די אנטי באלשעוויקעס פארנומען בערדיאנסק און מאריופאל, האפען שטעדט אויף דעם אזאוו ים. זיי האבען קיין גרויסע אפאזיציע ניט באגעגנט.

דער באריכט גיט איבער, דאס גענעראל ווראנגעל האט מיט זיך ארטילעריע.

### סאוויעטען פיהרען דיפלאמאטישע אונטערהאנדלונגען מיט טערקישע נאציאנאליסטען

מאסקווא, יוני 12. —

טשיטשערין, דער באלשעוויסטישער אויסערן קאמיסאר, האט געענטפערט קעמאל פאשא׳ן, דעם פרעזידענט פון דער טערקישער נאציאנאלער פארזאמלונג אין אנגארא, דאס די רוסישע סאוועטען רעגירונג איז וויליג אריינצוטרעטען אין דיפלאמאטישע באציהונגען מיט זיין רעגירונג.

טשיטשערין שלאגט זיך פאר אלס פארמיטלער אין די סכסוכים צווישען טערקיי, ארמעניען און פערסיען.

## סאוועט רעגירונג טוט דאס בעסטע פאר פאליטישע געפאנגענע

לאנדאן, יוני 12.— פריטדשאף נאנסען, דער נארוועגישער שטאאטסמאן, וועלכער האט זיך בארימט געמאכט מיט זיין בריעף צו די אלייעס וועגען שפייזען רוסלאנד מיט איבער א יאהר צוריק, האט אויף א פראגע, וואס א קארעספאנדענט האט איהם געשטעלט, אויב עס איז אמת, אז די סאוועטען רעגירונג איז נעגען די איסבייטונג פון מלחמה געפאנגענע, געענטפערט, אז אין דער דאזיגער באהויפטונג איז גיטא א טראפען אמת.

„אין געגענטייל — האט נאנסען געזאגט — די סאוועט־אויטאריטעטען גיבען יעדע מעגליכע הילף צו דער באוועגונג אפצושיקען מלחמה געפאנגענע צו זייערע היימען. עס געפינען זיך אין רוסלאנד צווישען 150,000 און 200,000 דייטשען, עסטרייכער, אונגארען און אנדערע מלחמה געפאנגענע.

פיעלע וואוינען אין קעמפס און פיעלע ארבייטען. די יעניגע מלחמה געפאנגענע, וועלכע געפינען זיך אין מערב־סיביר, זיינען פריי אפצופאהרען אהיים דורך אייגענער וועלכען וועג זיי קענען.

„ניט אכטענדיג דעם מאנגעל אין באהנען, פונדעסטוועגען לאזט די סאוועטען רעגירונג לויפען דריי טריינס א וואך פאר דער איבערפיהרונג פון מלחמה געפאנגענע קיין מאסקווא און פעטראגראד. די די געפאנגענע אין מזרח סיביר זוכען צו דערגרייכען א היים דורך וולאדיוואסטאק. די עסטע שוועריגקייט איז דער מאנגעל אין שיפען. די בריטישע רעגירונג האט פארשפראכען צו געבען שיפען פאר דיעזען צוועק".

אויף א פראגע פון קארעספאנדענט, צו דענקט ער, אז די סאוועטען רעזשים אין רוסלאנד האט א צוקונפט, האט ער געענטפערט:

„דאס איז אוממעגליך צו זאגען. איינער וועט איך זאגען, אז די מאכט פון די סאוועטען וואקסט אלץ שטארקער, ווען דער צווייטער זעהט זייער אונטערגאנג. זאגאר ווען איך וואלט געהאט שטודירט די לאגע אויפ׳ן פלאץ וואלט איך אלץ ניט געקענט געבען קיין באשטימטען ענטפער, ווייל אין רוסלאנד, ווי באוואוסט, איז אלעס מעגליך און אלעם אוממעגליך אבער אז די סאוועטען האבען ארויסגעוויזען א גרויסען לעבענס־קראפט, וועגען דעם איז קיין פראגע ניט און איך בין געניגט צו דענקען, אז דיעזער פאקט איז פון גרויס באדייטונג".

מר. האנסאן, גלויבט, אז האנדעל מיט רוסלאנד איז ניט נאר נויטיג פאר רוסלאנד אליין נאר פאר דער ריקאנסטרוקציע פון גאנץ מערב אייראפא.

## 1 טויט 5 פארוואונדעט פון אינטערורבאן קאר

מעריען מעקלינעקען, א סטודענט פון נארטהוועסטערן האי־סקוהל, איז אויגענבליקליך דערהרג׳עט געווארען און פינף אנדערע סטודענטען פון דער זעלבער סקוהל זענען ערנסט פארוואונדעט געווארען, ווען א מאטאר קאר, אין וועלכען זיי זינען געפאהרען, איז געקומען צו א צוזאמענשטויס מיט דער „די יו אר" אינטעראירבען קאר אויף דעם טשווירטש סטריט קראסינג און גרעס לייק, 12 מייל אוסט פון דזשעקסאן.

די פארוואונדעטע זיינען:

מקאסים בורדעט, 14 יאהר אלט; טעלמא סמיטה, 6 יאהר אלט; האווארד קענעדי, 17 יאהר אלט; וויליאם סקריפס, 14 יאהר אלט און מיטשעל בענסאן, 16 יאהר אלט.

אלע פון דיעזער קאמפאניע זענען ארויסגעווארפען געווארען פון אטאמאביל, ווען דער צוזאמענשטויס איז פארגעקומען און מיט מעקלעהען׳ס האלז איז צעבראכען געווארען. איהר קערפער איז צוגענומען געווארען צו א לאקאלען אנדערטייקער און די פארוואונדעטע זענען אפגעפיהרט געווארען אין מעמאריאל האספיטאל אין דזשעקסאן. מיס מעקלעהען איז אלט געווען 19 יאהר.

### פרוי פון פיער מענער האט חשק זיך צו גט׳ען מיט איינעם

סאן פראנציסקא, יוני 12. —

וועראַ אוענס, 20 יאהר אלט, האט, ווייזט אויס, זיך ארומגעזעהן, אז זי וועט פאראורזאכען א מענער־מאנגעל און האט באשלאסען איינעם פון איהרע מענער אפצוגט׳ען.

די דאזיגע בריה׳שע ווייבעל האט אריינגעבראכט אין געריכט א קלאגע אויף א גט געגען איהר מאן נומר 2, נארמאן האל, פון אלוועסטאן, טעקסעס. אלס אורזאך, פאר וואס זי וויל א גט, האט זי אנגעגעבען, אז דריי מענער זענען אויך גענוג...

אין קאורט האט דער דאזיגער אפענהערציגער סטייטמענט פארשטעהט זיך, ארויסגערופען גרויס געלעכטער און אנשטאט ארויסצוגעבען א גט, האט דער דזשאדזש אינסטרואירט די פעדעראלע אויטאריטעטען, זיי זאלען אונטערזוכען די באמי קלאגע, וואס וועראַ האט געבראכט געגען זיך אליין.

### יורארפיען דזשואיש ווימען וועלפעיר ארגאניזיישאן

היינט אווענט וועט פארקומען זעהר א וויכטיגער מיטינג אין מגן אברהם שוהל, 194 פארנסוואָרטה, פון דער יורארפיען דזשואיש ווימען וועלפעיר ארגאניזיישאן, וועלכע האט בדעה די מעג ארויסצושיקען שיפסקארטען פאר יתומים אין פארשידענע טיילען פון אייראפא.

עס איז. וויכטיג אז אלע מעמבערס און סימפאטייזער זאלען אנוועזענד זיין ביים היינטיגען מיטינג.

## שטיצען ביל פאר געצוואונגענע ארביטריישאן

די רייטייל קאאל מוירטשענטס אסאסיאיישאן, האט לעצטען שבת אין דער פריה אין האטעל סטאטלער, באשלאסען צו אינדארסירען דעם פאינדעקסטער ביל, וועלכער זוכט איינצופיהרען געצוואונגענע ארביטריישאן אין אלע סכסוכים צווישען ארבייט און קאפיטאל.

עס איז אויך דארטען אנגענומען געווארען א רעזאלוציע געגען „קלאוזד־שאפ" אויף דעם גרונד אז דאס איז „אונאמעריקאניש" און „אונעקאנאמיש" אן אנדער רעזאלוציע ביזערט זיך שטארק אויף רעגירונגס אייגענטום.

עס איז איבעריג צו דערמאנען, אז די רעזאלוציע, וואס אונטערשטיצט געצוואונגענע ארבייטריישאן איז א דירעקטע קריעגס־ערקלעהרונג געגען דער אמעריקאן פעדערעישאן אוו לייבאר, וועלכע איז פארביטערט געגען יעדען פלאן, וואס זוכט אוועקצונעהמען דאס רעכט פון די ארבייטער צו סטרייקען. דאס רעכט צו סטרייקען איז געווען די הויפט פאדערונג פון אמעריקאן פעדעריישאן אוו לייבאר קאנווענשאן אין מיינטרעאל און עס איז קיין ספק ניט, אז אזעלכע רעזאלוציאס, ווי די מוירטשענטס אסאסיאיישאן האט אנגענומען, האבען אויף אזוי פיעל א ווירקונג, אז דער קאמפף צווישען ארבייט און קאפיטאל זאל נאך מעהר פארשטארקט ווערען.

## 3 מארפיום איטפארטירער ארעסטירט

נעכטען האבען פעדעראלע אגענטען ארעסטירט דריי מענער, וועלכע ווערען באשולדיגט, אז זיי האבען אריינגעשמוגעלט אהער פון ווינדזאר ניט ווענינער ווי פאר 50,000 דאלאר מארפין.

די ארעסטירטע זענען: נעארג צעראני, 24 יאהר אלט, דאמעניקי אריליאטא, 27 יאהר אלט און אנטאני אלאגנא. רעגירונגס דעטעקטיווס האבען ביי זיי געפונען ניט ווענינער ווי פאר 50,000 דאלאר שעדליכע דראג.

די דעטעקטיווס האבען זיך פארשטעלט אלס פעדלערס און האבען כלומר׳שט פארפיהרט מיט זיי א געשעפט, און דאס האט, פארשטעהט זיך, געפיהרט צו זייער ארעסט.

די העדקווארטערס פון זייער געשעפט איז געווען די לאבי פון האטעל סטאטלער. דארטען פלעגען זיי מאכען אפוינטמענטס מיט זייערע קונים און דארטען האבען עס אויך פעדעראלע דעטעקטיווס געשלאסען מיט זיי באקאנטשאפט.

איינער פון די דריי מענער איז ארעסטירט געווארען ווען ער איז ארונטער פון א ווינדזאר פערי. ער האט ארום זיין טאליע געטראגען 14 אונצעס מארפין, איינגעבונדען אין א ביי־טעל.

אלאגנא איז אן איינוואהנער אין ווינדזאר; צעראני איז פון טאראנטא און ארילאטא איז פון מאריסאן.

### צוויי טויזענד ניין הונדערט דאלאר צדקה לויט א צוואה

אין דער צוואה פון מיכל וויינגארדען ע״ה, וועלכער איז געשטארבען מיט א יאהר צוריק געפינט זיך לויט א סטייטמענט פון זיין ברודער משה וויינגארדען צו, א פארטרעטער פון „וועג", איינגעשריבען פאלגענדע סומען. צו פאלגענדע אינסטיטוציעס, וועלכע ווערען היינטיגע וואך צוגעטיילט פון זיינע יורשים:

גאולה־פאנד — $1,000; חברה האספיטאל אסס׳ן — $1,000; אימיגראנט אייד סאסייעטי, ניו־יארק — $300; יונייטעד היברו־טשאריטעס פון דעטראיט — $200; בית המדרש הגדול $100; מושב זקנים — $100; הכנסת אורחים — $100; בית־יתומים — $100;

לויט דער צוואה, האט דער פארשטארבענער געהייסען, דיעזע צדקה־געלדער נעהמען פון זיינער א פראפערטי אויף עליאט סטריט.

די דאזיגע פראפערטי איז ערשט לעצטע וואך פארקויפט געווארען און די צוואה פון׳ם פארשטארבענעם איז ערפילט געווארען.

מיכל וויינגארדען ע״ה איז געווען א באקאנטער רייעל עסטייט סוחר. ער איז געווען איינער פון די איניציאטארס פון דער היברו האספיטאל אסס׳ן.

## קארוזא׳ס טאכטער באוואכט פון פאליציי

איסט העמפטאן, נ. י., יוני 12.—

א שטארקע וואך איז אוועקגעשטעלט געווארען אין דעם וואוינונג פון דעם וועלט־בארימטען באריטאן הענריקא קארוזא, אויס מורא, אז מען זאל ניט טאן קיין שלעכטס זיין בייבי גלאריא, אין פארלויף פון דער צייט, וואס די אויספארשונג וועגען דער $500,000 דזשולערי גנבה, וואס האט פאסירט לעצטען דינסטאג, וועט אנגעהן.

דאס איז געטאן געווארען צוליעב אייניגע דראהונגס־בריעף, וואס זיינען אנגעקומען צו דער קארוזא־פאמיליע.

יעדער אינטש באדען ארום קארוזא׳ס פארמעגען וועט יעצט צוגראבען, מיט דעם געדאנק, אז פיליכט האט דער גנב באשלאסען צוריקצוקעהרען די דזשולערי.

עס איז אנגעקומען א בריעף צו דער קארוזא־פאמיליע, אין וועלכען דער שרייבער דערצעהלט, אז ער האט געזעהן אין א ניו יארקער ארבייטער רעסטאראן, ווי א ניגער האט געהאלטען א נעקלייס. דער שרייבער איז זיכער, אז דאס איז א טייל פון קארוזא׳ס דזשולערי.

### רייכען מאן ערמארדעט אויס איפערזוכט

ניו־יארק, יוני 12. — דזשאזעף ב. עלוועל, א רייכער ספארט, וועלכער איז געפונען געווארען טויט אין זיין היים, איז לויט אן השערה פון דעטעקטיווס ערמארדעט געווארען אויס אייפערזוכט.

א מעדיצינישע אונטערזוכונג האט באוויזען, אז עלוועל איז געשאסען געווארען מיט א 45 קאליבער־רעוואלווער. אין דער זעלבער צייט האט עלוועל׳ס שאופער דערצעהלט א געשיכטע, דאס ער קען אייניגע פרויען, וועלכע האבען געהאט שליסלען צו זיין היים. די טעאריע איז, אז דיעזער מארד איז באגאנגען געווארען פון א פרוי.

### באמבע געווארפען אויף עגיפטישען פרעמיער

קאירא, יוני 12. — אן אונערפאלגרייכער פארזוך איז היינט געמאכט געווארען צו טויטען דעם עגיפטישען פרעמיער דורך א באמבע. דער פרעמיער איז ניט פארוואונדעט געווארען. דריי פערזאנען זענען אבער פארוואונדעט געווארען.

דאס איז שוין דער דריטער פארזוך צו טויטען דעם עגיפטישען פרעמיער פאר׳ן לעצטען יאהר. לעצטען סעפטעמבער איז א באמבע געווארפען געווארען אויף דעם דאמאלדיגען פרעמיער יוסף פאשא. דער באמבע־ווארפער איז געווען א סטודענט פון טעאלאגיע. דעם 15טען דעצעמבער איז דער נייער פרעמיער יעהיא פאשא ניט דער׳הרג׳עט געווארען, ווען א באמבע איז געווארפען געווארען אויף זיין מיניסטעריום.

Public Library Detroit

דער וועג
THE DETROIT JEWISH DAILY
Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY. INC.
347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715
J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. SEEMON, Sec.-Treas.
B. I. GOLDSTEIN, Editor
(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)
Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.

# ניט אומזיסט איז די שנאה

(ב)

אין אונז און צווישען אונז געפינען די אנטיסעמיטען מיט זיידענע העמדער די סיבות פאר זייער שנאה צו אונז. און מאנכע פון אונז קומען נאכדעם און ווילען די דאזיגע סיבות באקעמפפען. און דאס איז, דאכט זיך, נאריש. וואָרום פונקט ווי נישט מיר דארפען זיך שעהמען דערמיט וואס מען פאגראמירט אונז, נאכדעם ווי מען ענטוואפענט אונז, פונקט אזוי דארפען מיר נישט זוכען קיין תירוצים פאר די באשולדיגונגען פון די שונאי ישראל.

ווי דאס זאמד אויף דעם ברעג פון דעם ים, אזוי פיעל חטאים זוכען זיי אויס אויף אונז און אלע חטאים, זייגען ריכטיג אמת, ווי גאלה, אבער ווען מ'זאל פאר ליעזע חטאים פון יחידים דארפען באשטראפען דאס גאנצע פאלק וואלט מען פון קיין שום פאלק ניט באדארפט איבערלאזען קיין שריד ופליט.

שטעלט זיך פאר אז א צייטונג, נעבען אונזער גרעניץ („דהי קענעדיען קוריער" אין טאראנטא) האט אונז אנומלעטען באשולדיגט, אז אידען זיינען גרויסע אויסברענגערס, אז זיי קליידען זיך שעהן.

נון, קענט איהר עס אפלייקענען? דער שרייבער פון דיזע שורות טוקנקט ניט, שפיעלט ניט אין קיין שום שפיעל, ניט ספארט און ניט סאציאל געזעלשאפטליכע, איז בכלל ניט קיין געזעלשאפטלער און האט בלויז הנאה פון א שעהן ריין און מאריש מלבוש. נון, דארף מען דערפאר דער'הרג'ענען זיין טאטען, זיין מאמען, אדער פארהאסען זיין שכן, כאטש אויך א' איד, וואס פאר־מאגט מעהר געלד און געהט דוקא אין איין גארניטור ימים ושנים?

און וויעפיעל איז עס ערשט אז די זעלבע אנטיסעמיטען האבען געקלונגען אין אלע גלעקער אז די אידען זענען שמוציג, אז זיי זיינען קארג און אז דאס געלד איז זייער איינציגער חיות, זייער נשמה?!

דעמאלט האבען מיר אויף דער באשולדיגונג פון קמצנות געזוכט תירוצים, ווייל געמיינט האבען מיר אז ווען אלע אידען זאלען טאקע טראגען שעהנע קאפאטעס, מיט פיינע שטריימלעך, וואלט דער אנטיסעמיטיזם אפגעשאפט געווארען.

און אט האט א צווייטע צייטונג („דהי סאטורדיי נייט") אויסגעפונען אויף אונז א חטא, אז מיר רעדען א ממזר שפראך, אז דערפאר דארף פארבאטען ווערען אידיש, ווייל די שפראך איז א צונויפמישונג פון העברעאיש און דייטש.

איהר פארשטעהט וואוהין דער כיטרער הערויסגעבער פון'ם „סאטורדעי נייט" שיסט: — דייטש! ס'איז אן אנצוהערעניש וויסט מיט וועמען איהר האט צו טאן! א פאלק וואס רעדט אויף א שפראך א דייטשמערישע, איז דאך אצינד בידוע, ערגער און טריפה'נער פון אלע אנדערע פעלקער.

ווען מען זאל אבער א בעט טאן א פילאלאג וואלט ער אייך א היבשען חלק פון וועבסטערס ענגלישען ווערטערבוך פארצייכענט אלס ריין גערמאנישע ווערטער. די ענגלישע שפראך אליין בכבודה ובעצמה איז אויך ניט מעהר ווי א ממזר שפראך מיט גאר א סך דייטשיש בלוט אין זיך. און עס איז גאר ניטא קיין אמת כשר'ע שפראך. אפילו אונזער העברעאיש וואס איז לכל הדעות כשר'ער און ריינערער פון אלע אנדערע, ובפרט נייע שפראכען, האט אויך א היבש ביסעל ממזר־ווערטער.

און אט קומט איצטער „אונזער" פארד און מסר'ט אונז פאר די דייטשען, אז מיר מאכען זיי אומגליקליך, נישט פראנקרייך און נישט פוילען, נאר מיר, אידען זיינען דער חייב אין איהר ערנידערונג און אין די אומארדנונגען.

מיר דארפען בכן וויסען, צווישען זיך אליין, אט וואס:

ניט נאר די מאסען נאר אויך ניינציג פראצענט פון דער קריסטליכער אינטעליגענץ זענען אנטיסעמיטען אהן סיבות, אדער מיט כל ערליי סיבות.

א סימן: — ניט די מאסען שרייבען אנטיסעמיטישע ארטיקלען, ניט די מאסען שאפען א וויסענשאפטליכען אנטיסעמיטיזם.

און אט די אנטיסעמיטען מיט די זיידענע העמדער און לאקירטע שיך האבען געשאפען אזוי פיעל סיבות וואס ניט איבערצוצעהלען. אזוי ניך ווי מע' ווענדט אפ איין סבה, שפרינגט ארויס אן אנדערער מיט א שפאגעל נייער סבה. און די סבות זיינען גארניט קיין געפעלשטע. עס איז אמת אז מיר רעדען אויף א ממזר שפראך, עס איז אמת אז מיר האבען באלשעוויקעס, עס איז אמת אז מיר האבען קאפיטאליסטען, עס איז אמת אז מיר האבען גנבים אז מיר האבען עקספלואטאטארס, אז מיר האבען ליעב דאס שטאדטישע לעבען, אז מיר פאר־כאפען גוטע שטעלעס אז מיר זענען פאנאטיקער, אז מיר זיינען פרייגלויבען און אפילו אז מיר קליידען זיך שעהן. אלץ איז אמת!

אבער ווען איהר זאלט ארויסווארפען דיזעלבע חטאים אויף די ענגלישע, פראנצויזישע, אמעריקאנישע, קאנאדישע אירישע אויסלענדישע רוסישע פוילישע רומענישע אדער אונגארישע פעלקער וועט דאס דען ניט אמת זיין?

פראפארציאנעל גלייך מיט די ריין קאנאדישע האבען מיר מעהר אידישע פארמערס אין קאנאדא; פראפארציאנעל מיט די אמעריקאנער האבען מיר ווייניגער עקספלואטאטארס; פראפארציאנעל מיט די קאטאליקען האבען מיר ווייניגער פאנאטיקער און פראפארציאנעל מיט די פראנצויזען האבען מיר ווייניגער אפיקורסים; פראפארציאנעל מיט אלע אנדערע לעבען מיר ווייניגער אין לוקסוס און רייכקייט און פראפארציאנעל מיט דייטשען, שפאניער, אונגארען, רוסען און אפילו ענגלענדער און אמעריקאנער האבען מיר ווייניגער באלשעוויקעס.

ביי אלע פעלקער זיינען פאראן כל ערליי מענשען מיט פארשיעדענע אנשויאונגען, פארשיעדענע נייגונגען און פארשיעדענע כאראקטערע.

אין איין ענין אבער שטייגען מיר יא אריבער די אנדערע אומות: מיר זיינען היציגער נערוועזער און — אויך שארפער, פעהיגער און הארציגער.

דאס ערשטע האבען מיר דעם גלות צו פארדאנקען. קען אימיצער אויסרעכענען אויף וויפיעל נערוועזער און צעקאכט די אידען זיינען געווארען אין די לעצטע עטליכע חדשים זינט די וועלט איז געווארען זיכער פאר דעמאקראטיע און די פאליאקען און אוקראינער — פאר פאגראמען? קען אימיצער אויסרעכענען אויף וויפיעל איילענדיגער מיר זיינען געווארען זינט יענער צייט?

די געוועזיטעט ווארפט אונז אויף אלע זייטען. וואו נאר מיר דערזעהען א שאטען פון ישועה, א האפנונגס־שטראהל, אהין לויפען מיר.

און קומען מיר אין ערגיץ, שטויסט אונז אונזער פעהיגקייט גלייך צום מזרח און פון דארטען הערט זיך אונזער קול. און דאס קול יעקב איז תמיד שטארקער, קרעפטיגער און נשמה'דיגער געווען. דאס אידישע ווארט האט תמיד ווי א הארמאט געטראפען; דער אידישער מח האט תמיד גאנצע וועלטען פארכאפט; די אידישע פעהיגקייט האט תמיד דעם גאנצען מזרח פאר זיך איינגענומען.

און דערפאר הערט מען פון אידישען פיהרער ביי יעדער באוועגונג, ווייל זיי זענען די פעהיגסטע; דערפאר הערט מען פון אידישע קעמפפער ביי יעדער נייער מתן תורה, ווייל זיי זענען הארציגער, אידעאלער און — ריינער.

און אט דערפאר האט מען אונז פיינט. נאר דערפאר!!

מען שעהמט זיך נאר ארויסצוזאגן אט דעם אמת.

זאל איטליכער איד געדענקען און שטאלץ זיין דערמיט וואס מען האט אונז פיינט, ווארום פיינט האט מען אונז ניט ווייל מיר באזיצען די אדער יענע חסרונות, נאר ווייל מיר באזיצען די און יענע מעלות.

מיר האבען אויסגעהאלטען אזא מורא'דיגען און מסוכנ'דיגען גלות; מיר האבען איבערגעלעבט אלע פרעה'ס, אלע ניקאלייעס, אלע דרומאנגס, אלע שטעקערס, און — דאס קען מען אונז ניט מוחל זיין!

מיר זענען שארף און האבען געגעבען דער וועלט א משה, א דוד, א שלמה, א ישעיה, א שפינאזא, א קארל מארקס און אפילו א יעזוס. דאס קען מען אונז ניט מוחל זיין!

און אט איז דאס:

די מאסען האבען אונז פיינט, ווייל זיי קענען אונז ניט!

די אינטעליגענטען האבען אונז פיינט, ווייל זיי קענען אונז צו גוט!

די מאסען זעהן רייכע אידען. זאגט מען זיי, די אידען זענען בלוט־זויגערס, דאס רייכקייט פון לאנד נעהמען זיי צו. גלויבען זיי און הויבען דעם קולאק; מארגען זאגט מען זיי, די אידען זענען ארים, געמיין, ארבייטען פאר הונגער־לוין; די מאסען זעהן אויך אזעלכע אידען; שפעטער זאגט מען זיי, אז די אידען זענען פאנאטיקער, שאוויניסטען, זיי האלטען דק פון זייער רעליגיע. די מאסען זעהן אויך אזעלכע אידען. גלויבען זיי און הויבען דעם קולאק; מארגען דערצעהלט מען זיי פון אידישע אומגלויביגע, וואס גראבען אונטער דער רעליגיע. זעהן זיי אויך אזעלכע אידען. און גלויבען און הויבען ווידער דעם קולאק. און אזוי אהן א שיעור און אהן אן ערך חטאים, וואס מען טרעפט ביי יעדער אומה ולשון.

אבער די אמת'ע סיבות שעהמט מען זיך אויסצוזאגען.

די אמעריקאנער ווי די פאלאקען, די פארדס ווי די פיכנאס, וועלען אונז קיינמאל ניט מוחל זיין, ווארום מיר האבען זיי א גאט געגעבען, ווארום מיר האבען א רמב"ם און א שפינאזא געהאט, ווארום מיר האבען א בערגסאן און א היינע. אנדערע חטאים האלטען זיי אונז מוחל געווען במחילה גמורה. אבער, ניט די מעלות!

און וועלען מיר דאס תמיד געדענקען, וועלען מיר ניט ארופפאלען ביי זיך, ניט זוכען קיין תירוצים אויף די אנטיסעמיטישע באשולדיגונגען און ניט זוכען די סיבות פון דער האוועריי, בילעריי און פאגראמען ביי אונז. די אורזאכע פון די פאגראמען וועלען מיר דאמאלט זוכען ביי זיי און תירוצים אויף אנטי־סעמיטיזם וועלען זיי מוזען אויסגעפינען ביי זיך אליין.

# קראנקהייטען צווישען אידען אין פוילען

די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע האט ערשט באקומען דעם ערשטען באריכט פון דר. חיים ספיוואק; וועלכער איז אפגעפאהרען מיט'ן הילפס־יוניט קיין פוילען אלס א ספעציעלער שליח צו שטודירן דעם געזונדהייטס־צושטאנד און די סאניטארע באדינגונגען פון די אידען אין פוילען און ליטא. די טעטיגקייט פון דר. ספיוואק האט זיך פאר דער צייט אויסגעברייטערט ווי באקאנט איז ער געווען פון די ערשטע צו באזוכען די גרעסטע שטעדט פון אוקראינע נאך דער פוילישער אקופאציע אבער ביז די פוילישע אפענסיווע האט זיך אנגעהויבען. האט דר. ספיוואק געהאט א מעגליכקייט צו שטודירן דעם געזונדהייטס־צושטאנד פון דער אידישער באפעלקערונג אין ליטא און פוילען. אין זיין ערשטער באריכט דערט ער אויך אזעלכע וואונדען אין אידישען לעבען, וועלכע עס איז אונמעגליך זיך פארצושטעלען.

דער ערשטער באזוך פון דר. ספיוואק איז געווען אין ווילנא. און אט וואס ער דערצעהלט וועגען דעם אויסזעהן פון די דארטיגע שפיטאלען און אינסטיטוציעס.

די ערשטע אינסטיטוציע, וואס איך האב באזוכט איז געווען דער אידישער שפיטאל. א גרויל האט מיך אנגענומען ווען איך בין ארײַן אין אט דער ערשטער אינסטיטוציע, וואס ניט זיך אפ מיט אידישע קראנקע. עס האט מיר גענומען עטליכע מינוט ביז וואנען איך האב זיך אויסגעלערנט צו אטמען די דערשטיקענדע לופט פון שפיטאל, וואס פילט אן אלע אפטיילונגען. ווען איך האב זיך ארומגעקוקט האב איך דערזעהן, אז דא זענען נישטא קיינע מיטלען פאר ווענטילאציע. אין די ווינטער־חדשים ווערען נאך אריינגעשטעלט דאפלטע פענסטער, כדי אזוי ארום צו שפארען קוילען אדער האלץ. די באלקענס זענען נידריג די ווענט דעמפ. די אייזערנע בעטען זענען פון פארשידענער גרויס. אנשטאט שפרינג־פעדער, האבען זיי ברעטער, אנשטאט מאטראצען שטרוי־זעק. די זעק אליין זענען אדער קירצער אדער לענגער ווי די בעט. קיין קישענס און דעקס זענען נישטא. אונטער די קעפ ליגען ווידער שטרוי־זעק און צוגעדעקט זענען די קראנקע מיט וואס עס מאכט זיך. די וועש אויף די קראנקע זענען צוריסען און שמוציג. אויף 125 בעטען האט דער שפיטאל געהאט 220 קראנקע. דאריבער קומט אויס מעהרסטענס צו לעגען צוויי פאציענטען, באזונדערס קינדער, אין איין בעט. קיין וואסער־לייטונג איז נישטא. די קלאזעטען זענען איינגעארדענט אויפ'ן פרימיטיווסטען אופן, אזוי אז די קראנקע קענען זיך נישט זעצען נאר זיי מוזען שטעהן. איך בין געווען איבערראשט צו זעהן אז די אפטיילונגען פאר מענער און פרויען זענען אפגעשייד בלויז מיט זיילען, אהן טירען, אזוי, אז מען קען פריי אריינגעהן פון איין אפטיילונג אין דער אנדערער. קיין מעדיצינען, קיין לייוואנד, קיין זייף אפילו — קורץ, אנשטאט אריינצופאלען אין א האספיטאל, ווי איך האב געגלויבט בין איך אריינגעפאלען אין אן אמת'ן גיהנם.

דעם „מושב זקנים" האב איך געפונען אין נאך א ערגערען צושטאנד ווי דעם האספיטאל. דער ריח דארטען איז אבסאלוט צום חלש'ן, דאס בעטגעוואנד שמוציג, די ענגשאפט — נישט צום פארשטעלען זיך. זיי שפייזען ערגער ווי אומעטום. א לאנגע צייט נאך מיין באזוך אין דעם הויז, וואו די אלטע לייט דארפען אויסלעבען זייערע יאהרען, בין איך נאך אלץ פארפאלגט געווארען פון שוידערליכע בילדער, וואס איך האב געזעהן. איך וועל קיינמאל אין לעבען נישט פארגעסען די אויסגעשטרעקטע האנד פון אן אלטער פרוי, וואס האט געבעטען א שטיקעל ברויט און דאס רחמנות־געבעט פון אן אלטען מאן, וועגען א נייע העמד, ווייל די צוריסענע שמאטע, וואס ער האט געהאט אויף זיך, האט ער שוין געטראגען זיבען וואכען, עס איז געווען א קאשמאר.

נאך דעם האב איך באזוכט עטליכע בית־יתומים'ס און קינדער־הייזער די קינדער שלאפען צו צוויי און דריי אין איין בעט, וועלכע האט נישט קיין מאטראץ און קיין קישענס. דאס בעטגעוואנד, וואס איז דא איז שמוציג, אזוי ווי דאס גאנצע צימער. די קלאזעט־איינריכטונג איז שוידערליך. די קינדער מוזען לויפען פאר זייער נאטירליכער באדערפעניש ווייט אין הויף ארײַן, און דאס האט געבראכט צו דעם, אז פון 10 ביז 20 פראצענט קינדער באזעצען זיך, נישט צוליעב קראנקהייט, נאר פשוט צוליעב דעם, ווייל עס איז אומעגליך פאר א קינד אין א רעגענדיגער און קאלטער נאכט זיך אויפצוהויבען פון בעט און לויפען אין זייערע צוריסענע שמאטעס ווער ווייסט ווי ווייט אין הויף ארײַן. אין איינגע אינסטיטוציעס האבען זיי איינגעפיהרט א מין וואך פון די קינדער, וועלכע וועקען אויף די שלאפענדיגע אין באשטימטע שטונדען און צווינגען זיי ארויסצוגעהן. די קינדער זעהן אוים הונגעריג און אנעמיש. דאס עסען, וואס זיי קריגען, קען קוים אויפהאלטען ביים לעבען.

דאך איז אויך אין די שווארצע וואלקענס פאראן א שאטען ליכט, און איינינע אינסטיטוציעס, ווי דער קינדער־שפיטאל און אינסטיטוט פאר געווינעריגס ווערען אויפגעהאלטען ציכטיג און ריין. כאטש ארים און הונגעריג. אזוי איז אויך די קינדער קאלאניע פון דער געזעלשאפט „אזע", וועלכע נעהמט קינדער צום ערהאלען אויף דער פרישער לופט, און אנדערע קינדער־אינסטיטוציעס פון דער זעלבער געזעלשאפט.

זייענדיג אין ווילנא האב איך אונטערגענומען א שטודיום פון שווינדזוכט צווישען אידען, א געגענשטאנד, וואס אינטערעסירט מיך שוין די לעצטע 10 יאהר. אזוי ווי עס איז געווען אומעגליך דורכצופיהרען שנעל א גענויע סטאטיסטיק פון די שווינדזוכטיגע, האב איך באשלאסען צו קריגען די ציפערען פון דער שטערבליכקייט אין די פריהערדיגע יאהרען. דאס איז נישט געווען קיין לייכטע אויפגאבע. אין פארלויף פון דער מלחמה האבען זיך אין ווילנא געביטען פיער רעגירונגען הרסיש, דייטש, באלשעוויק און פויליש — און אלע סטאטיסטיקס, וואס זענען געווען זענען פארשוואונדען. דאך איז מיר מיט דער הילף פון דר. שאבאד געלונגען צו קריגען די געווינשטע ציפערן. עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז אין יאהר 1915, דעם ערשטען מלחמה יאהר, זענען אין ווילנא געשטארבען פון שווינדזוכט בלויז 131 אידען. אין 1917 איז זייער צאהל שוין געווען 496, און אין 1919 איז די צאהל ווידער אראפגעפאלען צו 272. לויט אלע וואַרשיינליכקייטען איז די שטערבליכקייט אין 1920 ניט געווען קלענער. ווען מען זאל צופאסען די וויסענשאפטליכע טעאריע, וואס איז באשאפען געווארען אין אמעריקא, לויט וועלכער אויף יעדען טויטען־פאל פון טובערקולאז זיינען דא צעהן קראנקע, קומט אוים אז די צאהל שווינדזוכטיגע אידען אין ווילנא איז ארום 2700, אדער 5 פראצענט פון דער באפעלקערונג.

כדי ווייטער אויסצופארשען די לאגע האבען מיר געעפענט א אמבולאטאריום און געמאלדען אין די אידישע צייטונגען, אז אלע שווינדזוכטיגע וועלען אונטערזוכט ווערען. אין פארלויף פון 5 טעג זענען געקומען 224 קראנקע, או די אונטערזוכונג פון זיי האט באוויזען, אז 101 זענען געווען זיכער שווינדזיכטיג, 65 צווייפעלהאפט און 58 נישט אנגעריהרט. אבער איך בין זיכער, אז אויך צווישען די צווייפעלהאפטע איז דא געגוג קראנקע, כאטש צוליעב'ן מאנגעל אין די נויטיגע אפאראטען האבען מיר עס נישט געקאנט פעסטשטעלען. אזא צאהל פון שווינדזיכטיגע אין א אונטערזוכונג פון בלויז 5 טעג, גיט אויך א באגריף וועגען דעם, ווי אזוי די קראנקהייט צווישען אידען איז פארשפרייט.

פון ווילנא — דערצעהלט ווייטער דר. ספיוואק — בין איך אפגעפאהרען קיין מינסק, און כדי צו מאכען א ברייטערע אויספארשונג פון די סאניטארע באדינגונגען, און וועלכע עס לעבען די אידען, האב איך אין מינסק ארגאניזירט א רייהע גרופען פון סטודענטען, וואס זאלען ארום פאהרען מאכען אונטערזוכונגען אין אלע שטעדטליך אויף א ברייטען שטעארום, און אין מינסק גופא זענען ארגאניזירט געווארען גרופען פון דאקטוירים, וואס זאלען געהן פון הויז צו הויז אין די אידישע קווארטאלען און דארטען אונטערזוכען די סבות פון די אידישע קראנקהייטען. פון מינסק בין איך אפגעפאהרען קיין באברויסק און אליין אנגעפיהרט די אונטערזוכונג. און דאס ערשטע, וואס די אלזייטיגע אונטערזוכונג האט ענטדעקט, איז געווען א רייהע פון פרעה'ס מכות, פון וועלכע די אידישע באפעלקערונג ליידעט אם מעהרסטען.

איינע פון די פארשפרייטעסטע און שוידערליכסטע קראנקהייטען באזונדערס צווישען קינדער איז דאס, וואס איז באקאנט אין דער מעדיצין אלס „פליקא פאלאניקא", באווייזענדיג אז דאס איז מעהרסטענס א פוילישע קראנקהייט, און וואס ווערט אויפ'ן אידישען פאלקס־לשון באצייכענט מיט'ן ווארט „פארך". די אונטערזוכונג וואס איך האב געמאכט צווישען שול קינדער אין מינסק און אין באברויסק, האט באוויזען, אז צווישען די קינדער אין מינסק ליידען דערפון 7 פראצענט און צווישען די קינדער אין באברויסק — גאנצע 15 פראצענט. די לאגע פון די דאזיגע קינדער איז שרעקליך. נישט נאר וואס זיי ליידען פון דער קראנקהייט גופא נאר וואס די קראנקהייט שטויסט זיי ארוים פון זייער געזעלשאפט, מאכט זיי צו פיהלען אזוי ווי פאר'משפט'ע פון קינדער און שניידט פון זיי אפ די מעגליכקייט צו קומען צווישען מענשען און קענען שפעטער פארדיענען זייער ברויט אויף א אנשטענדיגען אופן.

די אונטערזוכונג אין די שולען, אזוי אויך אין די הייזער, האבען אויך אויפגעדעקט די גוואלדיגע פארשפרייטונג פון פרעה'ס דריטער מכה, וואס ווערט געטראגען מיט זיך אין די שולען, אין די גאסען, אין די עפענטליכע פלעצער, שטעקט אן אנדערע מענשען און מאכט זיי אפשטויסענד. נישט ווייניגער ליידען די מענשען פון וואנצען, וואס איבערפילען די הייזער דאס בעטגעוואנד און אלץ אין הויז. אין א גרויסע צאהל אידען, באזונדערס קינדער, ליידען פון דער שרעקליכער אייגען קראנקהייט טראכאמא.

נאך לאנגע באטראכטונגען בין איך געקומען צום באשלוס, אז אין די סאניטארע באדינגונגען פון די אידען אין פוילען איז שולדיג זייער איינענע אומריינליכקייט, אדער שארפער געזאגט — שמוציגע געוואוינהייטען. איהר געהט שמוץ אומעטום: אין די הייזער, אין די בעטען אויף זייערע קליידער, אויף זיי אליין. און די לאגע קען נישט געענדערט ווערען, סיידען עס וועט אנגעפיהרט ווערען א גרויסער קאמף געגען דער אומריינליכקייט.

נאטירליך, אז אין דעם אלעם איז א סך שולדיג די עקאנאמישע לאגע אבער די אויספארשונגען וואס איך האב אליין געמאכט צווישען אנדערע טיילען פון דער באפעלקערונג, באוויזען, אז כאטש יענע לעבען אין דעם זעלבען עקאנאמישען צושטאנד, פונדעסטוועגען האלטען זיי זיך א סך ריינער און די אלע דערמאהנטע קראנקהייטען זענען ניט אזוי פארשפרייט צווישען זיי, ווי צווישען אידען. דאס ברענגט צום באשלוס, אז נישט קוקענדיג אויף די שטרענגע רעליגיעזע פארערונגען פון ריינליכקייט, וואס עקזיסטירען ביי אידען, איז ביי זיי פארטעמפט געווארען — אויב מען קען אזוי זאגען — דער ריינקייטס־באוואוסטזיין. און אין די גרויסע שטעדט, אין די ארימע אידישע קווארטאלען, נישט ווייט פון די גאסען, וואו עס וואוינט די אינטעליגענץ און די גייסטיגע פיהרער, הערשט א גוואלדיגער שמוץ. און קיינעם איז ביז איצט נישט איינגעפאלען אנצוהויבען א קאמף מיט דעם.

כדי צו מאכען פאר אזא באוועגונג האב איך דעם 11־טען [illegible] צונויפגערופען אין ווארשא א פארזאמלונג פון באקאנטע אידישע דאקטוירים און כלל־טוער און עס איז באשלאסען געווארען די „געזעלשאפט פאר פראקטישער היגיענע", וואס וועט אונטערנעהמען א ברייטע פראפאגאנדא־טעטיגקייט צווישען אידען פאר ריינליכקייט. אבער פראפאגאנדע אליין איז ווייניג. איינצופיהרען ריינליכקייט מוז מען האבען וואסער און זייף. און די ביידע זענען נישטא. עס זענען נישטא קיין בעדער אין די הייזער, נישטא קיין עפענטליכע בעדער פאר'ן עולם און די וואס זענען דא, נעהמען אזא פרייז, אז דער ארימער איד קען אהין נישט אריינקומען. די אלע בעדער, וואס זענען געווען פאר די מלחמה אין אלע שטעדטלאך פון פוילען, זענען חרוב געווארען און מען דארף זיי פאררעכטען, אויב זיי זאלען קענען צו עפעס נוצען. דער ערשטער שריט איינצופיהרען א באד אין ווארשא איז שוין געמאכט געווארען אויף דער ערשטער פארזאמלונג, וואס מיר האבען אפגעהאלטען אין דר. ביכאווסקי'ס הויז, און ה' פריוועס האט צוגעזאגט צו געבען דערפאר 100,000 מארק אדער מעהר, אויב עס וועט נויטיג זיין. אבער דאס איז בלויז א קליינער אנפאנג, און אויב מען וויל ווירקליך ראטעווען די אידען אין פוילען און ליטא. בפרט נאך אין דער אומגליקליכער אוקראינא, פון די אלע מגפות, מוז דער קאמף פאר ריינליכקייט אונטערגענומען ווערען נישט בלויז מיט אזעלכע ארימע מיטלען, וועלכע די פוילישע אידען אליין קענען שאפען.

דער באריכט פון דר. ספיוואק געהט דאן איבער צו א רייהע רעקאמענדאציעס פאר דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע וועגען דעם, וואס עס דארף געטאן ווערען צו קעמפפען מיט אלע אויבענדערמאנטע קראנקהייטען, דר. ספיוואק באווייזט, אז מיט געהעריגע מיטלען קען מען איינפיהרען סטאנציעס איבער גאנץ פוילען צו היילען „פליקא פאלאניקא" מיט רענטגען־שטראהלען (עקס רעי), אז אויך אנדערע קראנקהייטען און שמוציגע געוואוינהייטען קענען אויסגעראטען ווערען, ווען עס זאל אנגעפיהרט ווערען א קאמף מיט זיי דורך ריינליכקייט, לופט און שפיי און דורכאיינפלאנצען דעם באוואוסטזיין פאר ריינליכקייט אין די מאסען. ער שטעלט זיך אפ אויף די קינדער שולען און קינדער קאלאניעס, וועלכע זענען שוין איינגעפיהרט געווארען און ברענגען גלענצענדע רעזולטאטען און פארלאנגט, אז זייער צאהל זאל פארגרעסערט ווערען. ענדליך געהט דער באריכט איבער צו דעם שרעקליכסטען אומגליק וואס איז באפאלען די אידען פון פוילען — דער טיפוס־מגפה.

זעהענדיג אין ווילנא — זאגט דר. ספיוואק — האב איך זיך מיאש געווען פון אנפאנגען אליין א קאמף מיט דער טיפוס־מגפה. נישט ווייל איך האלט, אז מען דארף דעם קאמף נישט אנפיהרען, נאר ווייל איך האב דערזעהן, אז מען דארף האבען אויסערגעוועהנליכע כחות, אז מען זאל קענען אונטערנעהמען אזא קאמף. די מגפה איז אזוי שרעקליך פארשפרייט אז מען דארף האבען א גוואלדיגע ארגאניזאציע זיך צו פארמעסטען מיט איהר. מען מוז אויפהויבען גאנצע פעלקער צו קעמפען מיט דער טיפוס־מגפה, אדער בעסער געזאגט — עס איז א קאמף, וואס מוז אונטערגענומען ווערען פון דער גאנצער ציוויליזירטער וועלט. אמעריקא, ענגלאנד און שוועדען האבען שוין דא זייערע עקספעדיציעס, און עס זעהט אוים, אז אנדערע לענדער וועלען אויך אין גיכען האבען דא עקספעדיציעס צו קעמפען מיט'ן טיפוס. עס ווערט א וועלט־קאמף, און אין דעם קאמף טארען מיר נישט אפשטעהן און זעהן קודם כל באזארגען די באפעלקערונג מיט וועש, זייף, מעדיצין און אזעלכע מעגליכקייטען פון לעבען, אז די געפאהר פון דער ווייטערדיגע פארשפרייטונג פון דער מגפה זאל נישט זיין אזוי גרוים. די הילפס־ארבייט פון אלעמען וועט ניט האבען קיין זין, אויב עס וועט נישט אפגעשטעלט ווערען אהן א קאלאסאלער הילפס־ארבייט, וואס זאל שאפען אזעלכע לעבענס־באדינגונגען, אז די מגפה זאל נישט קענען אזוי לייכט נעהמען איהרע קרבנות.

## הילפס ארבייט אין טשעכא־סלאוואקיע גוט ארגאניזירט — קייבעלט דר. גאלדמאן

פון דר. יוליוס גאלדמאן, איהר גענעראל־דירעקטאר אין איראפא, האט די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע נעכטען נעקראגען פאלגענדע קייבעל:

פאריז. — אונזער וויענער ספעציעלער פארטרעטער מר. וועקסלער האט מיך היינט באזוכט אין פאריז אויפ'ן וועג פון האלאנד, וואו ער האט איינגעקויפט שפייז, ער האט מיר אפגעגעבען א גלענצענדען באריכט וועגען דער הילפס־ארבייט אין טשעכא־סלאוואקיע. דאס גאנצע לאנד איז פארטיילט אין דריי ראיאנען מיט דריי הויפט־קאמיטעטען: איינער אין פראג, דער צווייטער אין פרעסבורג פאר פרעסבורג, זעמפלין, סאראס, קאשאו און די ארומיגע קאמיטעטען, און דער דריטער פאר קארפאטיא. פראג האט גענוג מיטלען און וועט זיך ווייניג נויטיגען. פרעסבורג ווערט דערוויייל באזארגט פון פראג. קארפאטיא איז איינגעטיילט א נייער ראיאן און ווערט איצט ארגאניזירט. צו דעם צוועק פאהרט איצט מיס גאלדמאן אפ אהין צוזאמען מיט וועקסלער'ן.

## בונדיסט גלאסמאן גערידערט פון זינען

לאנדאן. — דער בונדיסט גלאסמאן, וועלכער האט ערמארדעט דעם ציוניסט קארנגאלד, אויף א מיטינג אין קראקוי, וואו שמריהו לעווין האט געהאלטען א פארטראג, איז ענדליך ארעטירט געווארען.

אן אונטערזוכונג האט געצייגט, אז ער האט שוין באגאנגען אכצעהן אנדערע מארד־טאטען, און אז ער איז גערידערט פון זינען.

## צו מיין פאלק

פון אסתר בעקערמאן

פאלק מיינס! דו געפלאגט, גערדריקטעס,
ביזט געשוואומען אין דיין בלוט;
ענדליך איז די צייט געקומען!
האסט געצייגט דיין קראפט און מוט.

האסט באוויזען אלע פעלקער,
אז אויך דיר קומט פרייהייט, רעכט!
אז ניט זיין, ווילסטו, געטריבען!
אז ניט זיין, ווילסטו, א קנעכט!

און די שעה האט אויסגעשלאגען: —
פאלק מיינס, פאלק מיינס, דו ביזט פריי!
און יעצט מוטיג, פריש צו ארבייט!
בויען העלף דאס לאנד אויפ'ס ניי!

דער וועג

THE DETROIT JEWISH DAILY

Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY. INC.
347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715
J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.
B. I. GOLDSTEIN, Editor
(Entered as Second Class mail matter at Post Office. Detroit, Mich.)
Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.

# ניט אומזיסט איז די שנאה

(ב)

אין אונז און צווישען אונז געפינען די אנטיסעמיטען מיט זיידענע העמדער די סיבות פאר זייער שנאה צו אונז, און מאנכע פון אונז קומען נאכדעם און ווייזען די דאזיגע סיבות באהעפטען, און דאס איז, דאכט זיך, נאריש, ווארום פונקט ווי נישט מיר דארפען זיך שעהמען דערמיט וואס מען פאגראמירט אונז, נאכדעם ווי מען ענטוואפענט אונז, פונקט אזוי דארפען מיר נישט זוכען קיין תירוצים פאר די באשולדיגונגען פון די שונאי ישראל.

ווי דאס זאמד אויף דעם ברעג פון דעם ים, אזוי פיעל חטאים זעהען זיי אויס אויף אונז און אלע חטאים, זיינען ריכטיג אמת, ווי גאלה, אבער ווען מ'זאל פאר דיעזע חטאים פון יחידים דארפען באשטראפען דאס גאנצע פאלק וואלט מען פון קיין שום פאלק ניט בארארפט איבערלאזען קיין שריד ופליט.

שטעלט זיך פאר אז א צייטונג, נעבען אונזער גרעניץ („דהי קענעדיען קוריער" אין טאראנטא) האט אונז אנגעמעלטען באשולדיגט, אז אידען זיינען גרויסע אויסברעננערס, אז זיי קלייבען זיך שעהן.

נון, קענט איהר עס אפלייקענען? דער שרייבער פון דיעזע שורות טרינקט ניט, שפיעלט ניט אין קיין שום שפיעל, ניט ספארט און ניט סאציאל געזעלשאפטליכע, איז בכלל ניט קיין געזעלשאפטלער און האט בלויז הנאה פון א שעהן ריין און מאריש מלבוש. נון, דארף מען דערפאר דער׳הרג׳ענען זיין טאטען, זיין מאמען, אדער פארהאסען זיין שכן, כאטש אויך א איד, וואס פארמאגט מעהר געלד און געהט הוקא אין איין גארניטור ימים ושנים?

און וויעפיעל איז עס ערשט אז די זעלבע אנטיסעמיטען האבען געקלונגען אין אלע גלעקער אז די אידען זענען שמוציג, אז זיי זיינען קארג און אז דאס געלד איז זייער איינציגער חיות, זייער נשמה?!

דעמאלט האבען מיר אויף דער באשולדיגונג פון קמצנות געזוכט תירוצים, ווייל געמיינט האבען מיר אז ווען אלע אידען זאלען טאקע טראגען שעהנע קאפאטעס, מיט פיינע שטריימלעך, וואלט דער אנטיסעמיטיזם אפגעשאפט געווארען.

און אט האט א צווייטע צייטונג („דהי סאטורדיי נייט") אויסגעפונען אויף אונז א חטא, אז מיר ריידען א ממזר שפראך, אז דערפאר דארף פארבאטען ווערען אידיש, ווייל די שפראך איז א צונויפמישונג פון העברעאיש און דייטש.

איהר פארשטעהט וואוהין דער כיטרער רעדאקטאר פון'ם „סאטורדיי נייט" שיסט: — דייטש! ס'איז אן אנצוהערעניש ווייסט מיט וועמען איהר האט צו טאן! א פאלק וואס רעדט אויף א שפראך א דייטשמערישע, איז דאך אוודאי כידוע, ערגער און טריפה'נער פון אלע אנדערע פעלקער.

ווען מען זאל אבער א בעט טאן א פילאלאג וואלט ער אייך א היבשען חלק פון וועבסטערס ענגלישען ווערטערבוך פארצייכענט אלס ריין גערמאנישע ווערטער. די ענגלישע שפראך אליין בכבודה ובעצמה איז אויך ניט מעהר ווי א ממזר שפראך מיט נאר א סך דייטשיש בלוט אין זיך. און עס איז גאר ניטא קיין אמת כשר'ע שפראך. אפילו אונזער העברעאיש וואס איז לכל הדעת כשר'ער און ריינערער פון אלע אנדערע, ובפרט נייע שפראכען, האט אויך א היבש ביסעל ממזר־ווערטער.

און אט קומט איצטער „אונזער" פארד און מסר'ט אונז פאר די דייטשען, אז מיר מאכען זיי אומגליקליך, נישט פראנקרייך און נישט פוילען, נאר מיר, אידען זיינען דער חייב אין, איהר ערנידערונג און די אומארדנונגען.

מיר דארפען בכן וויסען, צווישען זיך אליין, אט וואס:

ניט נאר די מאסען נאר אויך ניינציג פראצענט פון דער קריסטליכער אינטעליגענץ זענען אנטיסעמיטען, אנטיסעמיטען אהן סיבות, אדער מיט כל ערליי סיבות.

א סימן: — ניט די מאסען שרייבען אנטיסעמיטישע ארטיקלען, ניט די מאסען שאפען א וויסענשאפטליכען אנטיסעמיטיזם.

און אט די אנטיסעמיטען מיט די זיידענע העמדער און לאקירטע שיך האבען געשאפען אזוי פיעל סיבות וואס ניט איבערצוצעהלען. אזוי גיך ווי מען ווענדט אפ איין סבה, שפרינגט ארויס אן אנדערער מיט א שפאגעל נייער סבה. און די סבות זיינען גארניט קיין געפעלשטע. עס איז אמת אז מיר ריידען אויף א ממזר־שפראך, עס איז אמת אז מיר האבען באלשעוויקעס, עס איז אמת אז מיר האבען קאפיטאליסטען, עס איז אמת אז מיר האבען גנבים אז מיר האבען עקספלואטאטארס, אז מיר האבען ליעב דאס שטאדטישע לעבען, אז מיר פארכאפען גוטע שטעלעס אז מיר זענען פאנאטיקער, אז מיר זיינען פרייגעזאנען און אפילו אז מיר קליידען זיך שעהן, אלץ איז אמת!

אבער ווען איהר זאלט ארויפווארפען דיזעלבע חטאים אויף די ענגלישע, פראנצויזישע, אמעריקאנישע, קאנאדישע איירישע אויסלענדישע רוסישע פוילישע רומענישע אדער אונגארישע פעלקער וועט דאס דען ניט אמת זיין?

פראפארציאנעל גלייך מיט די ריין־קאנאדישע האבען מיר מעהר אידישע פארמערס אין קאנאדא; פראפארציאנעל מיט די אמעריקאנער האבען מיר ווייניגער עקספלואטאטארס; פראפארציאנעל מיט די קאטאליקען האבען מיר ווייניגער פאנאטיקער און פראפארציאנעל מיט די פראנצויזען האבען מיר ווייניגער אפיקורסים; פראפארציאנעל מיט אלע אנדערע לעבען מיר ווייניגער אין לוקסוס און רייכקייט און פראפארציאנעל מיט די דייטשען, שפאניער, אונגארען, רוסען און אפילו ענגלענדער און אמעריקאנער האבען מיר ווייניגער באלשעוויקעס.

ביי אלע פעלקער זיינען פאראן כל ערליי מענשען מיט פארשיעדענע אנשוואונגען, פארשיעדענע נייגונגען און פארשיעדענע כאראקטערע.

אין איין ענין אבער שטייגען מיר יא אריבער די אנדערע אומות: מיר זיינען היציגער נערוועזער און — אויך שארפער, פעהיגער און הארציגער.

דאס ערשטע האבען מיר דעם גלות צו פארדאנקען. קען אימיצער אויסרעכענען אויף וויפיעל נערוועזער און צעקאכט די אידען זיינען געווארען אין די לעצטע עטליכע חדשים זינט די וועלט איז געווארען זיכער פאר דעמאקראטיע און די פאליאקען און אוקראינער — פאר פאגראמען? קען אימיצער אויסרעכענען אויף וויפיעל אייליגענדיגער מיר זיינען געווארען זינט יענער צייט?

די נעוועזיטעט ווארפט אונז אויף אלע זייטען, וואו נאר מיר דערזעהען א שאטען פון ישועה, א האפנונגס־שטראהל, אהין לויפען מיר.

און קומען מיר אין ערגיץ, שטויסט אונז אונזער פעהיגקייט גלייך צום מזרח און פון דארטען הערט זיך אונזער קול. און דאס קול יעקב איז תמיד שטארקער, קרעפטיגער און נשמה'דיגער געוועזן. דאס אידישע ווארט האט תמיד ווי א הארמאט געטראפען; דער אידישער מח האט תמיד גאנצע וועלטען פארכאפט; די אידישע פעהיגקייט האט תמיד דעם גאנצען מזרח פאר זיך איינגענומען.

און דערפאר הערט מען פון אידישען פיהרער ביי יעדער באוועגונג, ווייל זיי זענען די פעהיגסטע; דערפאר הערט מען פון אידישע קעמפער ביי יעדער נייער מתן תורה, ווייל זיי זענען די הארציגער, אידעאלער און — דיינער..

און אט דערפאר האט מען אונז פיינט. נאר דערפאר!!

מען שעהמט זיך נאר ארויסצוזאגען אט דעם אמת.

זאל איטליכער איד געדענקען און שטאלץ זיין דערמיט וואס מען האט אונז פיינט. ווארום פיינט האט מען אונז ניט ווייל מיר באזיצען די יענע חסרונות, נאר ווייל מיר באזיצען דיאן יענע מעלות.

מיר האבען אויסגעהאלטען אלא מורא'דיגען און מסוכנ'דיגען גלות; מיר האבען איבערגעלעבט אלע פרעה'ס, אלע ניקאלייעס, אלע הדומאנדס, אלע שטערקערס, און — דאס קען מען אונז ניט מוחל זיין!

מיר זענען שארף און האבען געגעבען דער וועלט א משה, א דוד, א שלמה, א ישעיה, א שפינאזא, א קארל מארקס און אפילו א יעזוס. דאס קען מען אונז ניט מוחל זיין!

און אט איז דאס:

די מאסען האבען אונז פיינט, ווייל זיי קענען אונז ניט!

די אינטעליגענטען האבען אונז פיינט, ווייל זיי קענען אונז צו גוט!

די מאסען זעהן רייכע אידען. זאגט מען זיי, די אידען זענען בלוט־זויגערס, דאס רייכקייט פון לאנד נעהמען זיי צו. גלויבען זיי און הויבען דעם קולאק; מארגען זאגט מען זיי, די אידען זענען ארים, געמיין, ארבייטען פאר הונגער־לוין; די מאסען זעהן אויך אזעלכע אידען; שפעטער זאגט מען זיי, אז די אידען זענען פאנאטיקער שאוויניסטען, זיי האלטען רק פון זייער רעליגיע. די מאסען זעהן אויך אזעלכע אידען, גלויבען זיי און הויבען דעם קולאק; מארגען דערצעהלט מען זיי פון אידישע אומגלויביגע, וואס גראבען אונטער דער רעליגיע. זעהן זיי אויך אזעלכע אידען, און גלויבען און הויבען ווידער דעם קולאק. און אזוי אהן א שיעור און אהן אן ערך חטאים, וואס מען טרעפט ביי יעדער אומה ולשון.

אבער די אמת'ע סיבות שעהמט מען זיך אויסצוזאגען.

די אמעריקאנער ווי די פאלאקען, די פארדס ווי די פיכנאס, וועלען אונז קיינמאל ניט מוחל זיין, ווארום מיר האבען זיי א גאט געגעבען, ווארום מיר האבען א רמב"ם און א שפינאזא געהאט, ווארום מיר האבען א בערגסאן און א היינע. אונזערע חטאים האלטען זיי אונז מוחל געווען במחילה גמורה, אבער, ניט די מעלות!

און וועלען מיר דאס תמיד געדענקען, וועלען מיר ניט אראפפאלען ביי זיך, ניט זוכען קיין תירוצים אויף די אנטיסעמיטישע באשולדיגונגען און ניט זוכען די סיבות פון דער האוקרייא, בילערייא און פאגראמען ביי אונז. די אורזאכען פון די פאגראמען וועלען מיר דאמאלט זוכען ביי זיי און תירוצים אויף אנטיסעמיטיזם וועלען זיי מוזען אויסגעפינען ביי זיך אליין.

# קראנקהייטען צווישען אידען אין פוילען

די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע האט ערשט באקומען דעם ערשטען באריכט פון דר. חיים ספיוואק, וועלכער איז געפאהרען מיט'ן הילפס־יוניט קיין פוילען אלס א ספעציעלער שליח צו שטודירען דעם געזונדס־צושטאנד און די סאניטארע באדינגונגען פון די אידען אין פוילען און ליטא. די טעטיגקייט פון דר. ספיוואק האט זיך פאר דער צייט אויסגעברייטערט. ווי באקאנט איז ער געווען פון די ערשטע צו באזוכען די גרעסטע שטעדט פון אוקראינע נאך דער פוילישער אקופאציע אבער ביז די פוילישע אפענסיווע האט זיך אנגעהויבען. האט דר. ספיוואק געהאט א מעגליכקייט צו שטודירען דעם געזונדס צושטאנד פון דער אידישער באפעלקערונג אין ליטא און פוילען. און זיין ערשטער באריכט דעקט אויף אזעלכע וואונדען אין אידישען לעבען, וועלכע עס איז אונמעגליך זיך פארצושטעלען.

דער ערשטער באזוך פון דר. ספיוואק איז געווען אין ווילנא, און אט וואס ער דערצעהלט וועגען דעם אויסזעהן פון די דארטיגע שפיטאלען און אינסטיטוציעס.

די ערשטע אינסטיטוציע, וואס איך האב באזוכט איז געווען דער אידישער שפיטאל, א גרויל האט מיך אנגענומען ווען איך בין אריין אין אט דער ערשטער אינסטיטוציע, וואס גיט זיך אפ מיט אנ־דישע קראנקע. עס האט מיר גענומען עטליכע מינוט ביז וואנען איך האב זיך אויסגעלערנט צו אטמען די דערשטיקענדע לופט פון שפיטאל, וואס פילט אן אלע אפטיילונגען. ווען איך האב זיך ארומגעקוקט האב איך דערזעהן, אז דא זענען נישטא קיינע מיטלען פאר ווענטיאציע. אין די ווינטער־חדשים ווערען נאך אריינגעשטעלט דאפלטע פענסטער, כדי אזוי ארום צו שפארען קוילען אדער האלץ. די באלקענס זענען נידריג די ווענט דעמפ. די אייזערנע בעטען זענען פון פארשידענער גרויס. אנשטאט שפרינג־פעדער האבען זיי ברעטער, אנשטאט מאטראצען שטרוי־זעק. די זעק אליין זענען אדער קירצער אדער לענגער ווי די בעט. קיין קישענס און דעקס זענען נישטא. אונטער די קעפ ליגען ווידער שטרוי־זעק און צוגעדעקט זענען די קראנקע מיט וואס עס מאכט זיך. די וועש אויף די קראנקע זענען צוריסען און שמוציג. אויף 125 בעטען האט דער שפיטאל געהאט 220 קראנקע. דאריבער קומט אויס מעהרסטענס צו ליגען צוויי פאציענטען, באזונדערס קינדער, אין איין בעט. קיין וואסער־לייטונג איז נישטא. די קלאזעטען זענען איינגעארדנעט אויפ'ן פרימיטיווסטען אופן, אזוי אז די קראנקע קענען זיך נישט זעצען נאר זיי מוזען שטעהן. איך בין געווען איבערראשט צו זעהן אז די אפטיילונגען פאר מענער און פרויען זענען אפגעשייד בלויז מיט זיילען, אהן טירען, אזוי, אז מען קען פריי אריינגעהן פון איין אפטיילונג אין דער אנדערער. קיין מעדיצינען, קיין לייוואנד, קיין זייף אפילו — קורץ, אנשטאט אריינצופאלען אין א האספיטאל, ווי איך האב געגלויבט בין איך אריינגעפאלען אין אן אמת'ן גיהנם.

דעם „מושב זקנים" האב איך געפונען אין נאך א ערגערען צושטאנד ווי דעם האספיטאל. דער ריח דארטען איז אבסאלוט צום חלש'ן, דאס בעטגעוואנד שמוציג, די ענגשאפט נישט צום פארשטעלען זיך. די שפייז ערגער ווי אומעטום. א לאנגע צייט נאך מיין באזוך אין דעם הויז, וואו די אלטע לייט דארפען אויסלעבען זייערע יארען פון שוידערליכע בילדער, וואס איך האב געזעהן, בין איך נאך אלץ פארפאלגט געווען. איך וועל קיינמאל אין לעבען נישט פארגעסען די אויסגעשטרעקטע האגערע הענט פון אן אלטער פרוי, וואס האט געבעטען א שטיקעל ברויט און דאס רחמנות־געבעטס פון אן אלטען מאן, וועגען א נייע העמד, ווייל די צוריסענע שמאטע, וואס ער האט געהאט אויף זיך, האט ער שוין געטראגען זיבען וואכען, עס איז געווען א קאשמאר.

נאך דעם האב איך באזוכט עטליכע בית־יתומים'ס און קינדער־הייזער די קינדער שלאפען צו צוויי און דריי אין איין בעט, וועלכע האט נישט קיין מאטראץ און קיין קישענס. דאס בעטגעוואנד, וואס איז דא איז שמוציג, אזוי ווי דאס גאנצע צימער. די קלאזעט־איינריכטונג איז שוידערליך. די קינדער מוזען לויפען פאר זייער נאטירליכער באדערפעניש ווייט אין הויף אריין, און דאס האט געבראכט צו דעם, אז פון 10 ביז 20 פראצענט קינדער באלעצען זיך, נישט צוליעב קראנקהייט, נאר פשוט צוליעב דעם, ווייל עס איז אונמעגליך פאר א קינד אין א רעגענדיגער און קאלטער נאכט זיך אויפצוהויבען פון בעט און לויפען אין זייערע צוריסענע שמאטעס ווער וויסט ווי ווייט אין הויף אריין. אין איינע אינסטיטוציעס האבען זיי איינגעפיהרט א פאן וואך פון די קינדער, וועלכע וועקען אויף די שלאפענדיגע אין באשטימטע שטונדען און צווינגען זיי ארויסצוגעהן. די קינדער זעהן אויס הונגעריג און אנעמיש. דאס עסען, וואס זיי קריגען, קען זיי קוים אויפהאלטען ביים לעבען.

דאך איז אויך אין די שווארצע וואלקענס פאראן א שטעטען ליכט, און איינע אינסטיטוציעס, וואו דער קינדער־שפיטאל און אינסטיטוט פאר געזונדע קינדער ווערען צופגעהאלטען ציכטיג און ריין. כאטש אריים און הונגעריג. אזוי איז אויך די קינדער קאלאניע פון דער געזעלשאפט „אזע", וועלכע נעהמט קינדער צום ערהאלען אויף דער פרישער לופט און אנדערע קינדער־אינסטיטוציעס פון דער זעלבער געזעלשאפט.

זייענדיג אין ווילנא האב איך אונטערנומען א שטודיום פון שווינדזוכט צווישען אידען, א געגענשטאנד, וואס אינטערעסירט מיך שוין פון לעצטע 16 יאהר. אזוי ווי עס איז געווען אונמעגליך דורכצופיהרען שנעל א גענויע סטאטיסטיק פון די שווינדזיכטיגע, האב איך באשלאסען צו קריגען די ציפערען פון דער שטערבליכקייט אין די פריהערדיגע יאהרען. דאס איז נישט געווען קיין לייכטע אויפגאבע, אין פארלויף פון דער מלחמה האבען זיך אין ווילנא געביטען פיער רעגירונגען רוסיש, דייטש, באלשעוויק און פויליש — און אלע סטאטיסטיקס, וואס זענען געווען זענען פארשוואונדען. דאך איז מיר מיט דער הילף פון דר. שאבאד געלונגען צו קריגען די נויטיגסטע ציפערן. עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז אין יאהר 1915, דעם ערשטען מלחמה יאהר, זענען אין ווילנא געשטארבען פון שווינדזוכט בלויז 131 אידען. אין 1917 איז זייער צאהל שוין געוועזען 496. און אין 1919 איז די צאהל ווידער אראפגעפאלען צו 272. לויט אלע וואהרשיינליכקייטען איז די שטערבליכקייט אין 1920 ניט געווען קלענער. ווען מען זאל צופאסען די וויסענשאפטליכע טעאריע, וואס איז באשאפען געווארען אין אמעריקא, לויט וועלכער אויף יעדען טויטען־פאל פון טובערקולאזיס זענען דא צעהן קראנקע, קומט אויס אז די צאהל שווינדזיכטיגע אידען אין ווילנא איז ארום 2700, אדער 5 פראצענט פון דער באפעלקערונג.

כדי ווייטער אויסצופארשען די לאגע האבען מיר געעפענט א אמבולאטאריום און געמעלדען אין די אידישע צייטונגען, אז אלע שווינדזיכטיגע וועלען אונטערזוכט ווערען. אין פארלויף פון 5 טעג זענען געקומען 224 קראנקע, און דורך די אונטערזוכונג פון זיי האט באוויזען, אז 101 זענען געווען זיכער שווינדזיכטיג, 65 צווייפעלהאפט און 58 נישט אנגעריהרט. אבער איך בין זיכער אז אויך צווישען די צווייפעלהאפטע איז דא גענוג קראנקע, כאטש צוליעב'ן מאנגעל אין די נויטיגע אפאראטען האבען מיר עס נישט געקאנט פעסטשטעלען. אזא צאהל פון שווינדזיכטיגע אין א אנטערזוכונג פון בלויז 5 טעג, גיט אויך א באגריף וועגען דעם, ווי אזוי די קראנקהייט צווישען אידען איז פארשפרייט.

פון ווילנא — דערצעהלט ווייטער דר. ספיוואק — בין איך אפגעפאהרען קיין מינסק, און כדי צו מאכען א ברייטערע אויספארשונג פון די סאניטארע באדינגונגען, אין וועלכע עס לעבען די אידען, האב איך אין מינסק ארגאניזירט א רייהע גרופען פון סטודענטען, וואס זאלען ארום פאהרען מאכען אונטערזוכונגען אין אלע שטעטעלעך אויף א ברייטען שטאב, און אין מינסק גופא זענען ארגאניזירט געווארען גרופען פון דאקטוירים, וואס זאלען געהען פון הויז צו הויז אין די אידישע קווארטאלען און דארטען אונטערזוכען די סבות פון די אידישע קראנקהייטען. פון מינסק בין איך אפגעפאהרען קיין באברויסק און אליין אנגעפיהרט די אונטערזוכונג. און דאס ערשטע, וואס די אלזייטיגע אונטערזוכונג האט אנטדעקט, איז געווען א רייהע פון פרעה'ס מכות, פון וועלכע די אידישע באפעלקערונג ליידעט אם מערסטען.

איינע פון די פארשפרייטעסטע און שוידערליכסטע קראנקהייטען באזונדערס צווישען קינדער איז דאס, וואס איז באקאנט אין דער מעדיצין אלס „פליקא פאלאניקא". באווייזענדיג אז דאס איז מעהרסטענס א פוילישע קראנקהייט, און וואס ווערט אויפ'ן אידישען פאלקס־לשון באצייכענט מיט'ן ווארט „פארך". די אונטערזוכונג וואס איך האב געמאכט צווישען שול קינדער אין מינסק און אין באברויסק, האט באוויזען, אז צווישען די קינדער אין מינסק ליידען דערפון 7 פראצענט און צווישען די קינדער אין באברויסק — גאנצע 15 פראצענט. די לאגע פון די דאזיגע קינדער איז שרעקליך. נישט נאר וואס זיי ליידען פון דער קראנקהייט גופא נאר וואס די קראנקהייט שטויסט זיי ארויס פון זייער געזעלשאפט, מאכט זיי צו פיהלען אזוי ווי פאר'משפט'ע פון קינדערוועלט און שניידט פון זיי אפ די מעגליכקייט צו קומען צווישען מענשען און קענען שפעטער פארדינען זייער ברויט אויף א אנשטענדיגען אופן.

די אונטערזוכונג אין די שולען, אזוי אויך אין די הייזער, האבען אויך אויפגעדעקט די גוואלדיגע פארשפרייטונג פון פרעה'ס דריטער מכה, וואס ווערט געטראגען מיט זיך אין די שולען, אין די גאסען, אין די עפענטליכע פלעצער, שטעקט אן אנדערע מענשען און מאכט זיי אפשטויסענד. נישט ווייניגער ליידען די מענשען פון וואנצען, וואס איבערפילען די הייזער דאס בעטגעוואנד און אלץ אין הויז. און א גרויסע צאהל אידען, באזונדערס קינדער, ליידען פון דער שרעקליכער אויגען קראנקהייט טראכאמא.

נאך לאנגע באטראכטונגען בין איך געקומען צום באשלוס, אז אין די סאניטארע באדינגונגען פון די אידען אין פוילען איז שולדיג זייער אייגענע אומריינליכקייט, אדער — שארפער געזעהט — שמוציגע געוואוינהייטען. איהר זעהט שמוץ אומעטום: אין די הייזער, אין די בעטען אויף זייערע קליידער, אויף זיי אליין. און די לאגע קען נישט געענדערט ווערען, סיידען עס וועט אנגעפיהרט ווערען א גרויסער קאמף געגען דער אומריינליכקייט.

נאטירליך, אז אין דעם אלעם איז א סך שולדיג די עקאנאמישע לאגע אבער די אויספארשונגען וואס איך האב אליין געמאכט צווישען אנדערע טיילען פון דער באפעלקערונג, באוויזען, אז כאטש יענע לעבען אין דעם זעלבען עקאנאמישען צושטאנד, פונדעסטוועגען האלטען זיי זיך א סך ריינער און די אלע דערמאהנטע קראנקהייטען זענען ניט אזוי פארשפרייט צווישען זיי, ווי צווישען אידען. דאס ברענגט צום באשלוס, אז נישט קוקענדיג אויף די שטרענגע רעליגיעזע פאדערונגען פון ריינליכקייט, וואס עקזיסטירען ביי אידען, איז ביי זיי פארטעמפט געווארען — אויב מען קען אזוי זאגען — דער ריינליכקייטס־באוואוסטזיין, און אין די גרויס'ע שטעדט, אין די ארימע אידישע קווארטאלען, נישט ווייט פון די גאסען, וואו עס וואוינט די אינטעליגענץ און די גייסטיגע פיהרער, הערשט א גוואלדיגער שמוץ, און קיינעם איז ביז איצט נישט איינגעפאלען אנצוהויבען א קאמף מיט דעם.

כדי צו מאכען פאר א באוועגונג האב איך דעם 11־טען ... גערופען אין ווארשא א פארזאמלונג פון באקאנטע אידישע דאקטוירים און כלל־טוער און עס איז געגרינדעט געווארען די „געזעלשאפט פאר פראקטישער היגיענע", וואס וועט אונטערנעהמען א ברייטע פראפאגאנדא־טעטיגקייט צווישען אידען פאר ריינליכקייט. אבער פראפאגאנדע אליין איז ווייניג. איינצופיהרען ריינליכקייט מוז מען האבען וואסער און זייף, און די ביידע זענען נישטא. עס זענען נישטא קיין בעדער אין די הייזער, נישטא קיין עפענטליכע בעדער פאר'ן עולם און די וואס זענען דא, נעהמען א פרייז, אז דער ארימער איד קען אהין נישט אריינקומען. די אלע בעדער, וואס זענען געווען פאר דער מלחמה אין אלע שטעדטלאך פון פוילען, זענען חרוב געווארען און מען דארף זיי פאררעכטען, אויב זיי זאלען קענען צו עפעס נוצען. דער ערשטער שריט איינצופיהרען א באד אין ווארשא איז שוין געמאכט געווארען אויף דער ערשטער פארזאמלונג, וואס מיר האבען אפגעהאלטען אין דר. ביכאווסקי'ס הויז, און ה' פריוועס האט צוגעזאגט צו געבען דערפאר 100,000 מארק אדער מעהר, אויב עס וועט נויטיג זיין. אבער דאס איז בלויז א קליינער אנפאנג, און אויב מען וויל ווירקליך ראטעווען די אידען אין פוילען און ליטא, בפרט נאך אין דער אומגליקליכער אוקראינא, פון די אלע מגפות, מוז דער קאמף פאר ריינליכקייט אונטערגענומען ווערען נישט בלויז מיט אזעלכע ארימע מיטלען, וועלכע די פוילישע אידען אליין קענען שאפען.

דער באריכט פון דר. ספיוואק געהט דאן איבער צו א רייהע רעקאמענדאציעס פאר דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע וועגען דעם, וואס עס דארף געטאן ווערען צו קעמפען מיט אלע אויבענדערמאנטע קראנקהייטען. דר. ספיוואק באווייזט, אז מיט געהעריגע מיטלען קען מען איינפיהרען סטאנציעס איבער גאנץ פוילען צו היילען „פליקא פלאניקא" מיט רענטגען שטראהלען (עקס רעי), אז אויך אנדערע קראנקהייטען און שמוציגע געוואוינהייטען קענען אויסגעראטעט ווערען, ווען עס זאל אנגעפיהרט ווערען א קאמף מיט זיי דורך ריינליכקייט, לופט און שפייז און דורכאיינפלאנצען דעם באוואוסטזיין פאר ריינליכקייט אין די מאסען. ער שטעלט זיך אפ אויף די קינדער שולען און קינדער־קאלאניעס, וועלכע זענען שוין איינגעפיהרט געווארען און ברענגען גלענצענדע רעזולטאטען און פארלאנגט, אז זייער צאהל זאל פארגרעסערט ווערען. ענדליך געהט דער באריכט איבער צו דעם שרעקליכסטען אומגליק וואס איז באפאלען די אידען פון פוילען — דער טיפוס מגפה.

זעהענדיג אין ווילנא — זאגט דר. ספיוואק — האב איך זיך מיאש געווען פון אנפאנגען אליין א קאמף מיט דער טיפוס־מגפה, נישט ווייל איך האלט, אז מען דארף דעם קאמף נישט אנפיהרען, נאר ווייל איך האב דערזעהן, אז מען דארף האבען אויסערגעווענליכע כחות, אז מען זאל קענען אונטערנעהמען אזא קאמף. די מגפה איז אזוי שרעקליך פארשפרייט אז מען דארף האבען א געוואלדיגע ארגאניזאציע זיך צו פארמעסטען מיט איהר. מען מוז אויפהויבען גאנצע פעלקער צו קעמפען מיט דער טיפוס־מגפה, אדער בעסער געזאגט — עס איז א קאמף, וואס מוז אונטערגענומען ווערען פון דער גאנצער ציוויליזירטער וועלט. אמעריקא, ענגלאנד און שווייצער האבען שוין דא זייערע עקספעדיציעס, און עס זעהט אויס, אז אנדערע לענדער וועלען אויך אין גיכען האבען דא עקספעדיציעס צו קעמפען מיט'ן טיפוס. עס ווערט א וועלט־קאמף. און אין דעם קאמף טאהרען מיר נישט אפשטעהן און זעהן קודם כל באזארגען די באפעלקערונג מיט וועש, זייף, מעדיצין און אזעלכע מעגליכקייטען פון לעבען, אז די געפאהר פון דער ווייטערדיגער פארשפרייטונג פון דער מגפה זאל נישט זיין אזוי גרויס. די הילפס־ארבייט פון אלעמען וועט ניט האבען קיין זין, אויב עס וועט נישט אפגעשטעלט ווערען אהן א קאלאסאלער הילפס־ארבייט, וואס זאל שאפען אזעלכע לעבענס־באדינגונגען, אז די מגפה זאל נישט קענען אזוי לייכט נעהמען איהרע קרבנות.

## הילפס ארבייט אין טשעכא־סלאוואקיע גוט ארגאניזירט

— קייבעלט דר. גאלדמאן —

פון דר. יוליוס גאלדמאן, איהר גענעראל־דירעקטאר אין אייראפא, האט די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע געקראגען פאלגענדען קייבעל:

פאריז. — אונזער וויענער ספעציעלער פארטרעטער מר. וועקסלער האט מיך היינט באזוכט אין פאריז אויפ'ן וועג פון האלאנד, וואו ער האט איינגעקויפט שפייז. ער האט מיר אפגעגעבען א גלענצענדען באריכט וועגען דער הילפס־ארבייט אין טשעכא־סלאוואקיע. דאס גאנצע לאנד איז פארטיילט אין דריי ראיאנען מיט דריי הויפט־קאמיטעטען: איינער אין פראג, דער צווייטער אין פרעסבורג פאר פרעסבורג, זעמפלין, סאראס, קאשאו און די ארומיגע קאמיטעטען, און דער דריטער פאר קארפאטיא. פראג האט גענוג מיטלען און וועט זיך ווייניג נויטיגען. פרעסבורג ווערט דערווייל באזארגט פון פראג. קארפאטיא איז איינגאנצען א נייער ראיאן און ווערט איצט ארגאניזירט. צו דעם צוועק פאהרט איצט דר. גאלדמאן אהין צוזאמען מיט וועקסלער'ן.

## בונדיסט גלאזמאן געריהרט פון זינען

לאנדאן. — דער בונדיסט גלאזמאן, וועלכער האט ערמארדעט דעם ציוניסט קארנגאלד, אויף א מיטינג אין קראקוי, וואו שמריהו לעווין האט געהאלטען א פארטראג, איז ענדליך ארעטירט געווארען. אן אונטערזוכונג האט געצייגט, אז ער האט שוין באגאנגען אכצעהן אנדערע מארדטאטען, און אז ער איז געריהרט פון זינען.

## צו מיין פאלק

פון אסתר בעקערמאן

פאלק מיינס! דו געפלאגט, גערדריקטעס,<br>
ביזט געשוואומען אין דיין בלוט;<br>
ענדליך איז די צייט געקומען!<br>
האסט געצייגט דיין קראפט און מוט.

האסט באוויזען אלע פעלקער,<br>
אז אויך דיר קומט פרייהייט, רעכט!<br>
אז ניט זיין, ווילסטו, געטריבען!<br>
אז ניט זיין, ווילסטו, א קנעכט!

און די שעה האט אויסגעשלאגען: —<br>
פאלק מיינס, פאלק מיינס, דו ביזט פריי!<br>
און יעצט מוטיג, פריש צו ארבייט!<br>
בויען העלף דאס לאנד אויפ'ס ניי!

# צווייערליי מאראלען

פון משה נאדיר

און זיין נאמען איז געווען...

עטטשולדיגט. מיר ווייסען נישט זיין נאמען. ער האט געקענט הייסען יואל, ברוך, פייוויש, היינריך, דזשיאוואני, אבראם, איוואן, א. ז. וו.

ער האט געקענט זיין א איד, אדער א דייטש, אדער א פאליאק, אדער א פראנצויז, אדער א רוס. דאס איז נישט וויכטיג. וויכטיג איז אז עס האט פאסירט — מיט פראכט און גלאנץ, די פאלגענדע מעשה, וועלכע דער הערר רעדאקטאר וועט אזוי גוט זיין און מיר ערלויבען אויסצודריקען — אין דער ברייט. מחמת איך האב פיינט צו זשאלעווען טאלאנט. איינמאל, זאגט ער, האט דיר גאט געגעבען טאלאנט, טא זיי נישט קיין איינברעננער!... שפאר נישט אפ'עט אויף מארגען!... אז גאט וועט העלפען מ'וועט לעבען, עט'ן מארגען אויך האבען טאלאנט!...

עס איז געווען ביינאכט. וואו? אין א פארק. פון וואנען ווייס איך? — איר ווייס. נאר שלאגט ניט איבער. אז נישט וועט זיין שלעכט. ווייל איך בין זעהר אן אויפגערעגטער. אלע גאליציאנער זיינען אויפגערעגט בשעת זיי ווערען בייז. לאזען מיר אלזא שטעהן דעם וויין און מיר געהן ווייטער.

ווען דו זאלסט" זאגט ער „וויסען — וואלסט אפשר" זאגט ער „נישט געווען אזוי שטרענג צו מיר"...

א ווייליע איז געווען שטיל.

נ א ך א ווייליע איז געווען שטיל.

ו ו י י ע ד ע ר א ווייליע איז געווען שטיל.

ענדליך איז געווארען — נאר שטיל און זי האט זיך אפגערופען צו איהם, גלעטענדיג זיין פארקאמטקייט מיט פארנע־בונג:

— ס'אלרייט יואל (אדער איוואן אדער היינריך, אדער א'טול) ס'אלרייט... איך פארשטעה דיך גאנץ גוט. דו דארפסט זיך נישט פיהלען אזוי דערשלאגען. הויב זיך אויף פון דר'ערד, טייערסטער. איך ווייס וואס פאר א כח די זינד האט. איך אליין האב ... ו י ך אמאל געשפיעלט א ליעבע מיט א יונגענמאן און...

מעהר האט זי נישט געקענט רעדען. זי האט נישט געהאט צו וועמען צו רעדען. מחמת יואל, אדער היינריך, אדער איוואן, אדער מ'קיעף, האט געכאפט מ"קאפעליוש און איז אנטלאפען — מיטן דעם גרעסטען אנטלויפעניש וואס מען קען זיך נאר פארשטעלען... — — — — — — — —

געשרייען פון אלע רעוערקעס: „אזא פארך! אזא שטיק ניקס! אזא נאר־נישט!... צו פארלאזען א כלה אכט טעג פאר דער חתונה! מאלע אז סע מאכט זיך אמאל"...

צגריקגעשריי פון שרייבער פון דיעזען צייל: „דאצרייט! מאלע, אז סע טרעפט זיך אמאל!... מ'איז דאך נישט מעהר ווי א מענש!... קומט דערפאר אי־בערצולאזען א כלה און צו אנטלויפען? פע!"

# א שוידערהאפטע טראגעדיע פון מלחמה לײדענדע

... די דאקטוירים האבען ער־קלעהרט אז זיין לעבען הענגט אויף א האר. זיין פאמיליע און פריינד האבען אנגעווענדעט אלע מעגליכסטע מיטלען און איהם אויסגעקויפט. איז דער פא־טער אהיים געקומען א, טויט־קראנקער און אין א שרעקליכען מצב.

אין א פאר וואכען ארום האט זיך די מיליטערי'שע לאגע געענדערט. די רוסען זענען ארויסגעטר'בען געווארען און די עסטרייכער זענען אריין אין שטאדט און דער מאן איז אנגעקלאגט געווארען נאר די עסטרייכער, אז ער האט אין שטאדט געמאכט פראפאגאנ־

שלוס אויף זייט 6

די מלחמה איז אויסגעבראכען. נא־ליציען איז באפאלען געווארען פון די רוסישע ארמעעס. אומעטום האט זיך דער רוסישער נצחון אנגעהויבען מיט א'דעך רדיפות. מ'האט אידען געהאנגען און געשאסען. מ'איז אריין אין די שוהלען און אוועקגענומען אידען צו דער תליה.

האט מען דעם דערמאהנטען חשוב'ען אידישען בעל־הבית ארעסטירט אויף דער באשולדיגונג אז ער איז אן עסט־רייכישער פאטריאט. מ'האט דעם אנגע־קלאגטען געפיהרט פאר'ן רוסישען קא־מענדאנט. מ'האט איהם געפ'ייניגט און געמאטערט אזוי, אז זיין קערפער איז געווארען פול מיט וואונדען און לסוף האט מען איהם אריינגעווארפען אין תפיסה. פון די וואונדען איז ער קראנק ...


J. Lanskey
Tailor

אויב איהר ווילט קריגען גוטע פאראנטווארטליכע ארבייט דאן קומט צו 105 טיאגא סטריט.

מיר קליינען, פרעסען און רעמאדלען לײדיעס און דזשענטס גארמענטס.



ווילט איהר אייערע
שלעסער, שליסלען קארפענ־טער זעגען, טולס און אנדערע
ארבייט
גוט געמאכט און גאראנטירט?
טו קומט צו
מ. דאמניטץ
245 מאנטקאלםסט.



אייער זומער וואקיישאן
וועט אייך בעסער באקומען
ווען איהר וועט טראגען די ריכטיגע
אויגען גלעזער





אין אלגעמיין דארפט איהר אלע מאל עקזאמענירען אייערע אויגען ביי דעם
LOU GOLDBERG
245 Griswold St.
רעגיסטרירטער אויגען ספעציאליסט רעדזשיסטרירט אפטאמעטריסט און מאנופעקטשורינג אפטישען
אויגען עקזאמענירט ביי אפוינטמענט אויך זונטאג
מיר שיקען צו אייך אהיים נאך די גלעזער און ריפיירען. דעליווערי פריי.



— באקאנטמאכונג —
רעוו. א. קאצער
וואס איז רעקאמענדירט פאר'ן בעסטען
מוהל
ווייט די לעצטע 20 יאהר
האט געמופט פון 263 פארנסווארט אין
140 מערבורי, קאר. בראש
טעלעפאן: מארקעט 827



שעכטער'ס
דראג סטאר
477 הייסטינגס סט.
טעלעפאן, משערי 5763
פרעסקריפשאנס פארפערטיגט מיט די גרעסטע פינקטליכקייט
צו יעדער צייט



די יוניווערסאל לענד קאנטראקט קא
האט געמופט דער אפיס פון 928-9 טשיימבער אוו קאמערס בילדינג
צו
204 הארזשעס בילדינג
קארנער סטייט און גריסוואלד


איז ער אוועק צו דער דיענערשאפט, נעפרעגט אויף דער מוטער. אבער אלע האבען זיי איהם געזאגט, אז די מאראם איז אין איהר צימער, אז מען האט זי ניט געזעהן ארויסגעהן.

ער איז ווידער צו צו דער טיר. האט ווידער אנגעקלאפט און ווידער האט קיינער ניט געענטפערט.

(פארטזעצונג פאלגט)

# בריעף אין רעדאקציע

## בעט אויסצוזוכען זיין ברודער יעקב פעלדמאן

ווערטהע רעדאקציע פון „וועג":—

איך ערלויב מיר צו בעטען העלפען אויפזוכען מיין ברודער יעקב פעלדמאן, אין דעטראיט, מיש. וואו ער געפינט זיך שוין איינינע יאהר און האט מיר אפט בריעף און געלד געשיקט. נאר מיט, צוויי יאהר צוריק האט ער אויפגעהערט שרייבען און ביז היינט ווייס איך ניט וואס מיט איהם האט געקענט פאסירען. איך האב שוין פיעל בריעף געשריבען אבער אהן רעזולטאט. איך דענק אלזא יעצט דורך אייער צייטונג אין דער זעלבער שטאדט, וועט ער זיך אויסגעפונען. ער איז געבוירען אין שטעדטעל קאמינקא, לובלינער גובערניע. זיין פאטער — יחיאל און מוטער שבע פעלדמאן. ער איז 30 יאהר אלט. זיין פאך דארף זיין אדער אין א פאבריק פון אטאמאבילען אדער ער איז א שאפער. ער האט מיך געזאלט אריבער־נעהמען צו זיך. נאר צווישען איז דער קריעג אויסגעבראכען און איך בין פאר־בליבען דא; זיין אויפזוכען האט פאר מיר א געוואלדיג גרויסע באדייטונג. דען שוין מעהר ווי א יאהר ווי איך בין ארבייטסלאז און פארדיען גארנישט; ביי די באדינגונגען, ביי וועלכע איך געפין זיך נישט קענענדיג האפען אויף ...

— דושי פעלדמאן
— רושענגראל דעל. פ. א. דעט. מיש.
— ביי ראבינסאן, 518 הייסטינגס
— 273 ראווגא סט.

און זיין לעצטער אדרעס:

— ביי ריזמאן, 116 סופיריאר סט.

פארהאפענדיג אז דורך דעם „וועג" וועל איך דערגרייכען צום ציעל, דאנק איך דעם געעהרטען רעדאקטאר פאראוים און צייכען מיט אכטונג,

אברהם פעלדמאן.

ווארשא, מילא 15 וואוינונג 40.

## שין פיינער האבען גרויסען זיעג אין לעצטע וואהלען

דובלין, יוני 12.—

די שין פיינער האבען אין די וואהלען פון דער קאונטי קאונסיל אפגעהאלטען א געוואלדיגען זיעג. פון 699 פלעצער האבען די שין פיינער אליין ערוועהלט 525.

די שין פיינער האבען געמאכט אן אפמאך מיט די ארבייטער און נאציאנאליסטען, דאס אין געוויסע פלעצער זאלען דיעזע פארטייען ארויסשטעלען איין קאנדידאט געגען די אנהענגער פון קארסאן.


נאטיס

צו דעטראיטער לעזער!

אויב דער „וועג" קומט אן צו אייך ניט אין צייט, ביטע רופט אפ אין אפיס פון „וועג", אנגעבענדיג אייער נאמען און אדרעס און עס וועט גלייך אטענדעט ווערען.



רעוו. ל. ד. רייכלין
פון אהבת אחים שוהל
(אופלאנד)
נעהמט אן סדור קידושין
און אנדערע שמחות מיט די בעסטע צופרידענהייט.
511 קעמעראן קווענין
טעל. הצמלאס 1130 ראבעליו


# אין א ווינקעל פון דעטראיט

ראמאן פון ב. איסאיעוויטש

(פארטזעצונג)

אזוי גיך ווי דער רוכטער פארבשטיין האט פארלאזט דאס הויז און אוועק אין געריכט, איז א שטילקייט אריבער איבער אלע חדרים און האט זיי אין א שטור מער אומרוהיגקייט אריינגעווארפען. א שטילע, א שווייגענדיגע אומרוהיגקייט, וואס גראבט זיך ערגיץ אונטער די ווענט און וואקסט ארויף א מעלאנכאליע, א מרה־שחורה אויף אלע און אויף אלעמען אין הויז.

אזוי גיך ווי דער ריכטער פארבשטיין איז ארוים פון שטוב, איז דושאסעף צו צום טעלעפאן און אויפגערופען די בלומען־קראם, וואו מרים ארבייט.

— דאס רעדט דושאסעף פארבשטיין — האט ער דער בעל־הבית'טע פון דער בלומען־קראם געזאגט — שיקט מיר גע־פעלינסט צו מערי רובינאוו צום טעלע־פאן.

— די מיס רובינאוו, מיין ליעבער הערר, איז נאך ניטא — האט די פרוי געענטפערט.

— ווי הייסט זי איז נאך ניטא?

— יא — האט די פרוי געענטפערט

— מיך וואונדערט עס אויך. עס פאר־מירט קיינמאל ניט אז זי זאל פאר־שפעטיגען. עס איז שוין באלד צעהן א זייגער. מסתמא וועט זי באלד קומען. זי קעהר זיין פארגומען מיט איהר שוועסטער.

דושאסעף האט געוואוסט, אז מערי איז מיט איהר שוועסטער אציגער ניט פארנומען. אן אנדער אורזאכע האט זי מסתמא פארהאלטען אין דער היים... אן אנדער אורזאכע — — — אפשר — — אפשר נאר קראנק געווארען

פאר פארדרוס? — איז איהם ארויס־געקומען א מחשבה. און דער דאזיגער געדאנק האט איהם צעמישט און צע־שראקען.

וואלט ער געוואוסט וואו זי וואוינט, וואלט ער צוגעפאהרען צו איהר ער ווייסט אבער נאר אז זי וואוינט אין משעורי סטריט. דעם נומער פון איהר וואהנונג ווייס ער ניט.

ער באשליסט צו ווארטען נאך עטלי־כע מינוט, א פירטעל שטונדע, און נאכדעם וועט ער ווידער אפטעלעפאני־רען אין דער בלומען־קראם.

ניט קוקענדיג אויף זיין אומרוהיגקייט און דאס ענגשאפט וואס ער האט גע־פיהלט איז זיין צימער, צווישען די פיער ווענט, איז ער דאך געווען ענטשלאסען ניט צו פארלאזען דאס הויז אויף איין מינוט אפילו.

אפשר וועט ער קריגען עפעס א ידיעה וועגען מרים'ן דורך דעם טעלעפאן פון דעם בלומען קראם. אפשר וועט זי אליין צושיקען א בריוועל מיט א שיק־איינגעל. איז ער געזעסען און געווארט און זיך דערוואַרט.

א דינער האט אנגעקלאפט אויף זיין טיר און אנגעזאגט איהם, אז מען רופט איהם צום טעלעפאן.

דושאסעף איז געווען ביי זיך זיכער, אז דאס רופט מען איהם פון דער בלו־מען קראם.

ווי ענטוישט איז ער אבער געווא־רען, דערהערענדיג, אז אמאן רעדט צו איהם.

די מענערשע שטימע איז איהם גע־ווען אומבאקאנט, האט ער געענטפערט ברוגז און נאכלעסיג, ווי איינער וואס וויל זיך אפטשעפען פון א נודניק.

— יעס, יעס, דא איז דער יונגער פארבשטיין. וואס ווילט איהר דען? און ווער זענט איהר?

יענער האט איהם געענטפערט, אז דורכ'ן טעלעפאן רעדט אן אומבאקאנ־טער און עס וועט איבעריג זיין — ווי עס פאדערט זיך — צו זאגען דעם נא־מען.

דאס האט דושאסעף'ן נאך מעהר אויפגערעגט און פארדראסען. האט ער א האק געטאן מיט דעם הענגטעל פון טעלעפאן און איז ווידער ארויף צו זיך אין צימער.

* * *

עס איז פאראיבער א שטונדע.

קיינער האט מעהר דורך דעם טעלע־פאן דושאסעף'ן ניט גערופען. ער ווי־דער האט עטליכע מאל שוין טעלעפא־נירט אין דער בלומען קראם און איט־ליכעס מאל האט ער באקומען די זעלבע תשובה: „נאך ניט געקומען". שפעטער האט איהם שוין די בעל־הבית'ע פון דער בלומען קראם צוגעגעבען, אז עפעס קעהר זיין א נייעס, וואס מערי איז אזוי שפעט ניט געקומען צו דער ארבייט.

צולעצט האט די בעל־הבית'ע זיך שוין באקלאגט, אז זי קען נאר ניט פאר־שטעהן, ווארום מערי האט ניט געלאזט וויסען, אז זי קען ניט קומען. גראד איז היינט א סך ארבייט פאראן און זי פעהלט זעהר אין קראם.

דושאסעף האט שוין ניט געקענט איינרוהען. ער איז נאך ארומגעלאפען ביי זיך אין צימער א ווייליע און דאן אראפ און אנגעקלאפט אויף דער טיר פון דער מאדאם פארבשטיין'ס בודואר.

מען האט ניט געענטפערט.

ער האט געפרובירט א רייס טאן די טיר. אבער די טיר איז געווען פאר־שלאסען.




מרס. פוקס האט זיך אמאל בעריהמט אז זי קינדעלט צופיעל.

"וויפיעל קינדער ברענגסט דו אויף דער וועלט־אויף אמאל? האט זי געפרעגט די לייביכע."

"בלויז איינס", האט די לייביכע געענטפערט — "אבער ס'איז א לייב!"

מוראדס קאסטען 20 סענט א באקס פון 10 — אבער זיי זיינען מוראדס!

מוראדס וואלטען געקאסט ב' ליגער ווען זיי זאלען ניט ענטהאל־טען קיין פולע 100% טערקישען טאבאק פון דעם ריינסטען און בעס־טען וואס וואקסט — אדער ווען מיר זאלען געבען פראסטערע טער־קישען טאבאק.

אבער זיי וואלטען ניט געווען קיין מוראדס, זיי וואלטען בלויז געווען פוקסען!

"אורטהיילט אליין — !"

פיר מאכען אויפמערקזאם צו די 20 מוראדס אין בלעך באקסעס

Anargyros

# אין א ווינקעל פון דעטראיט

ראמאן פון ב. איסאיעוויטש

(פאָרטזעצונג)
(פאָרטזעצונ)

אזוי גיך ווי דער דאָקטער פארבשטיין האָט פאַרלאָזט דאָס הויז און אוועק אין געריכט, איז א שטילקייט אריבער איבער אַלע חדרים און האָט זיי אין א שטור־מער אומרוהיגקייט אריינגעוואָרפען. א שטילע, א שווייגענדיגע אומרוהיגקייט, וואָס גראַבט זיך ערגיץ אונטער די ווענט און וואַרפט ארויף א מעלאַנכאָלי־יע, א מרה־שחורה אויף אַלץ און אויף אַלעמען אין הויז.

---

אזוי גיך ווי דער ריכטער פארבשטיין איז ארויס פון שטוב, איז דזשאָסעף צו־צום טעלעפאָן און אויפגערופען די בלו־מען־קראָם, וואו מרים ארבייט.

— דאָס רעדט דזשאָסעף פארבשטיין — האָט ער דער בעל־הבית׳טע פון דער בלומען־קראָם געזאָגט — שיקט מיר גע־פעלינסט צו מערי רובינאָוו צום טעלע־פאָן.

— די מיס רובינאָוו, מיין ליעבער הערר, איז נאָך ניטאָ — האָט די פרוי געענטפערט.

— ווי הייסט זי איז נאָך ניטאָ?

— יאָ — האָט די פרוי געענטפערט — מיך וואונדערט עס אויך. עס פּאַ־סירט קיינמאָל ניט אז זי זאָל פאַר־שפּעטיגען. עס איז שוין באַלד צעהן א זייגער. מסתמא וועט זי באַלד קומען. זי קען זיין פאַרנומען מיט איהר שוועסטער.

דזשאָסעף האָט געוואוסט, אז מערי איז מיט איהר שוועסטער אצינד ניט פאַרנומען. אן אנדער אורזאַכע האָט זי מסתמא פאַרהאַלטען אין דער היים... אן אנדער אורזאַכע — — — — — אפשר — — — אפשר גאָר קראַנק געוואָרען פאַר פאַרדרוס? — איז איהם ארויפגעקומען א מחשבה. און דער דאָזיגער געדאַנק האָט איהם צעמישט און צע־שראָקען.

וואָלט ער געוואוסט וואו זי וואָהנט, וואָלט ער צוגעפאָהרען צו איהר. ער ווייסט אָבער נאָר אז זי וואוינט אין טשערי סטריט. דעם נומער פון איהר וואָהנונג ווייס ער ניט.

ער באַשליסט צו וואַרטען נאָך עטלי־כע מינוט, א פערטעל שטונדע, און נאָכדעם וועט ער ווידער אָפּטעלעפאָני־רען אין דער בלומען־קראָם.

ניט קוקענדיג אויף זיין אומרוהיגקייט און דאָס ענגשאַפט וואָס ער האָט גע־פיהלט אין זיין צימער, צווישען די פיער ווענט, איז ער דאָך געוועזען ענטשלאָסען ניט צו פאַרלאָזען [illegible] הויז אויף איין מינוט אַפילו.

אפשר וועט ער קריגען עפּעס א ידיעה וועגען מרים׳ן דורך דעם טעלעפאָן פון דעם בלומען קראָם. אפשר וועט זי אַליין צושיקען א בריוועל מיט א שיק־אינגעל. איז ער געזעסען און געוואַרט און זיך דערוואַרט.

א דיענער האָט אָנגעקלאַפּט אויף זיין טיר און אָנגעזאָגט איהם, אז מען רופט איהם צום טעלעפאָן.

דזשאָסעף איז געוועזען ביי זיך זיכער, אז דאָס רופט מען איהם פון דער בלו־מען קראָם.

ווי ענטוישט איז ער אָבער געוואָ־רען, דערהערענדיג, אז אַמאַן רעדט צו איהם.

די מענערישע שטימע איז איהם גע־ווען אומבאַקאַנט, האָט ער געענטפערט ברוגז און נאַכלעסיג, ווי איינער וואָס וויל זיך אָפּטשעפּען פון א נודניק.

— יעס, יעס, דאָ איז דער יונגער פארבשטיין. וואָס ווילט איהר רען? און ווער זענט איהר?

יענער האָט איהם געענטפערט, אז דורכ׳ן טעלעפאָן רעדט אן אומבאַקאַנ־טער און עס וועט איבעריג זיין — ווי עס פאָדערט זיך — צו זאָגען דעם נאָ־מען.

דאָס האָט דזשאָסעף׳ נאָך מעהר אויפגערעגט און פאַרדראָסען. האָט ער א האַק געטאָן מיט דעם הענגטעל פון טעלעפאָן און איז ווידער ארויף צו זיך אין צימער.

* * *

עס איז פאַראיבער א שטונדע. קיינער האָט מעהר דורך דעם טעלע־פאָן דזשאָסעף׳ן ניט גערופען. ער ווי־דער האָט עטליכע מאָל שוין טעלעפאָ־נירט אין דער בלומען קראָם און איט־ליכעס מאָל האָט ער באַקומען די זעלבע תשובה: „נאָך ניט געקומען". שפּעטער האָט איהם שוין די בעל־הבית׳ע פון דער בלומען קראָם צוגעגעבען, אז עפּעס קען זיין א נייעס, וואָס מערי איז אזוי שפּעט ניט געקומען צו דער ארבייט.

צולעצט האָט די בעל־הבית׳ע זיך שוין באַקלאָגט, אז זי קען גאָר ניט פאַר־שטעהן, וואָרום מערי האָט ניט געלאָזט וויסען, אז זי קען ניט קומען. גראָד איז היינט א סך ארבייט פאַראַן און זי פעהלט זעהר אין קראָם.

דזשאָסעף האָט שוין ניט געקענט איינרוהען. ער איז נאָך ארומגעלאָפען ביי זיך אין צימער א ווײַלע און דאַן אַראָפּ און אָנגעקלאַפּט אויף דער טיר פון דער מאַמאַ פארבשטיין׳ס בודואַר.

מען האָט ניט געענטפערט.

ער האָט געפּרובירט א דרייה טאָן די טיר. אָבער די טיר איז געווען פאַר־שלאָסען.

איז ער אוועק צו דער דיענערשאַפט, געפרעגט אויף דער מוטער. אָבער אַלע האָבען זיי איהם געזאָגט, אז די מאַדאַם איז אין איהר צימער, אז מען האָט זי ניט געזעהן ארויסגעהן.

ער איז ווידער צו צו דער טיר. האָט ווידער אָנגעקלאַפּט און ווידער האָט קיינער ניט געענטפערט.

(פאָרטזעצונג פאָלגט)


MURAD

דער טערקישער
סיגאַרעט




מרס. פוקס האָט זיך אַמאָל בערידהמט אז זי קינדעלט צופיעל.

„וויפיעל קינדער ברענגסט דו אויף דער וועלט אַמאָל? האָט זי געפרעגט די ליבּיכע."

„בלויז איינס", האָט די ליבּיכע געענטפערט — „אָבער ס׳איז א לייב!"

מוראַדס קאָסטען 20 סענט א באָקס פון 10 — אָבער זיי זיינען מוראַדס!

מוראַדס וואָלטען געקאָסט ביליגער ווען זיי זאָלען ניט ענטהאַלטען קיין פולע 100% טערקישען טאַבאַק פון דעם ריינסטען און בעסטען וואָס וואַקסט — אָדער ווען מיר זאָלען געבען פּראָסטערען טערקישען טאַבאַק.

אָבער זיי וואָלטען ניט געווען קיין מוראַדס, זיי וואָלטען בלויז געווען פוקסען!

„אורטהיילט אַליין — !"

Anargyros


## בריעף אין רעדאקציע

### בעט אויסצוזוכען זיין ברודער יעקב פעלדמאַן

ווערטהע רעדאַקציע פון „וועג":—

איך ערלויב מיר צו בעטען העלפען אויפזוכען מיין ברודער יעקב פעלדמאַן, אין דעטראָיט, מיש. וואו ער געפינט זיך שוין איניגע יאָהר און האָט מיר אָפט בריעף און געלד געשיקט. נאָר מיט צוויי יאָהר צוריק האָט ער אויפ־געהערט שרייבען און ביז היינט ווייס איך ניט וואָס מיט איהם האָט געקענט פּאַסירען. איך האָב שוין פיעל בריעף געשריבען אָבער אָהן רעזולטאַט. איך דענק אַלזאָ יעצט דורך אייער צייטונג אין דער זעלבער שטאָדט, וועט ער זיך אויסגעפונען. ער איז געבוירען אין שטעדטעל קאַמינקאַ, לובלינער גובערניע. זיין פאָטער — יחיאל און מוטער שבע פעלדמאַן. ער איז 30 יאָהר אַלט. זיין פאַך דאַרף זיין אָדער אין א פאַבריק פון אַטאָמאָבילען אָדער ער איז א שאָפער. ער האָט מיך געזאָלט אריבער־נעהמען צו זיך. נאָר צווישען איז דער קריעג אויסגעבראָכען און איך בין פאַר־בליבען דאָ; זיין אויפזוכען האָט פאַר מיר א געוואַלדיג גרויסע באַדייטונג. דען שוין מעהר ווי א יאָהר ווי איך בין ארבייטסלאָז און פאַרדיען גאָרנישט; ביי די באַדינגונגען, ביי וועלכע איך געפין זיך. נישט קענענדיג האָפען אויף קיינעם׳ס הילף, איז דאָס פאַר מיר העכסט טראַגיש. עס איז אַפילו דאָ געוויסע הילפס־קוועלען (די אמעריקא־נער הילפס־געלדער), אָבער קיין אָרענט־ליכער מענש קען זיך מיט זיי נישט באַנוצען — אויסער שנאָרער — צו־ליעב זייער פילאַנטראָפּישען כאַראַקטער. קיין אנדער אויסוועג האָב איך אַלזאָ נישט ווי, אָדער האָפען אויף הילף פון מיין ברודער, אָדער אויף א נס...

איך ווענדע מיך אַלזאָ מיט דער הייסער ביטע צו אייך, געעהרטער רע־דאַקטאָר, אויף וויפיעל עס וועט זיך לאָזען אויפזוכען מיין ברודער אין דעטראָיט.

איך באַווייז זיינע פאָלגענדע אדרע־סען:

דזשיי פעלדמאַן —
— דזשענעראַל דעל. פּ. אָ. דעט. מיש.
— ביי ראַבינסאָן, 518 הייסטינגס.
— 273 ראָוענאַ סט.

און זיין לעצטער אדרעס:
— ביי ריזמאַן, 116 סופּיריאָר סט.

פאַרהאָפענדיג אז דורך דעם „וועג" וועל איך דערגרייכען צום ציעל, דאַנק איך דעם געעהרטען רעדאַקטאָר אין פאָראויס. און צייכען מיט אכטונג,

א ב ר ה ם  פ ע ל ד מ אַ ן.
וואַרשאַ, מילא 15 וואוינונג 40.

## שין פיינער האָבען גרויסע זיעג אין לעצטע וואהלען

דובלין, יוני 12.— די שין פיינער האָבען אין די וואהלען פון דער קאונטי קאונסיל אָפּגעהאַלטען א געוואַלדיגען זיעג. פון 699 פּלעצער האָ־בען די. שין פיינער אַליין ערוועה[illegible] 525.

די שין פיינער האָבען געמאַכט אן אָפּמאַך מיט די ארבייטער און נאַציאָ־נאַליסטען. דאָס אין געוויסע פּלעצער זאָלען דיעזע פּאַרטייען ארויסשטעלען איין קאַנדידאַט געגען די אנהענגער פון קאַרסאָן.

## נ אָ ט י ס

### צו דעטראָיטער לעזער!

אויב דער „וועג" קומט אָן צו אייך ניט אין צייט, ביטע רופט אָפּ אין אָפּיס פון „וועג", אָנגעבענדיג אייער נאָמען און אדרעס און עס וועט גלייך אַטענדעט ווערען.


רעוו. ל. ד. רייכלין
פון אהבת אחים שוהל
([illegible])
נעהמט אָן סדור קדושין
און אנדערע שמחות מיט די בעסטע עקספּיריענס.
511 קעמעראָן עווענו
טעל. העמלאָק 1130 [illegible]


# צווייערליי מאראלען

פון משה נאדיר

און זיין נאָמען איז געווען...

ענטשולדיגט. מיר ווייסען נישט זיין נאָמען. ער האָט געקענט הייסען יואל, ברוך, פייוויש, היינריך, דזשיאַוואַני, אַמ־בראָס, איוואַן, א. ז. וו.

ער האָט געקענט זיין א איד, אָדער א דייטש, אָדער א פּאָליאַק, אָדער א פראַנ־צויז, אָדער א רוס. דאָס איז נישט וויכ־טיג. וויכטיג איז אז עס האָט פּאַסירט — מיט פּראַכט און גלאַנץ, די פאָלגענדע מעשה, וועלכע דער הערר רעדאַקטאָר וועט אזוי גוט זיין און מיר ערלויבען אויסצו־דריקען — אין דער צייט. מחמת איך האָב פיינט צו זשאַלעווען טאַלאַנט. איינ־מאָל, זאָגט ער, האָט דיר גאָט געגעבען טאַ־לאַנט, מאַ זיי נישט קיין איינבערענגער!... שפּאָר נישט אָפּ׳עט אויף מאָרגען!... אז גאָט וועט העלפען מ׳וועט לעבען, וועט׳ן מאָרגען אויך האָבען טאַלאַנט!...

עס איז געווען ביינאַכט. וואו? אין א פּאַרק. פון וואַנען ווייס איך? — איך ווייס. נאָר שלאָגט ניט איבער. אז נישט וועט זיין שלעכט. ווייל איך בין זעהר אן אויפגערעגטער. אַלע גאַליציאַנער זיינען אויפגערעגט בשעת זיי ווערען בייז. לאָזען מיר אַלזאָ שטעהן דעם וויץ און מיר געהן ווייטער. אַלזאָ: ס׳איז געווען ביי־נאַכט און — אין פּאַרק. לבנה? שטערען? — וואָרען! זיידענע וואָלקענדלעך און הימלישען רוים? — אודאי. א טויטע שטילקייט האָט געהערשעלט? — אבסאָ־לוט! און זיי זיינען געווען צוויי — ער און זי? געוויס.

און איצט אז מיר ווייסען שוין אַלצ־דינג וואָס מיר דאַרפען צו וויסען, וועלען מיר אָנהייבען צו געהן כסדר, טריט־ביי־טריט און נישט געכאַפּט.

בקיצור:

זיצען זיי אזוי ביידע. ווער זיינען די ביידע? — ער און זי? ניין. זי און ער האַהאַ. אָפּגענאַרט אייך! קורץ זיצען זיי אזוי ביידע און זיי פּילען אָן די לופט מיט זייערע זיפצען. מאַכט צו זיי די לופט: קינדער, הערט אויף מיר אָנפילען מיט איי־ערע זיפצען. ס׳קען שוין מעהר נישט אריין אין מיר. געזעהן אזוינס! רופען ז י י זיך גאָרנישט־נישט אָפּ, מחמת זיי הערען נישט. נאָר ער, דער „באַי", דער בחור, דער ליעבהאָבער. וואָס האָט זיך ביז איצט געשפּיעלט מיט איהר האַנד, און געלעגט איהרע פינגער איבער די גלאַנציגע קעפּ־לעך, מיט גרויס ליעבשאַפט — האָט זיך אָפּגערופען צו איהר מ י ט טרעהרען דווקא, אין די אויגען און מיט גרויס — דווקא — געריהרשאַפט:

„טהייערסטע", מאַכט ער צו איהר, „דו מוזט מיך אויסהערען. איך האָב דיר", מאַכט ער „עפּעס צו זאָגען. עפּעס" מאַכט ער „ליגט מיר אויפ׳ן האַרץ, און איך מוז עס", מאַכט ער „ארויסזאָגען. איך ווייס" זאָגט ער און גלעט בשעת׳מעשה איהרע גין־גאָלדענע לאָקען — איך ווייס, אז דו וועסט זיין בייז אויף מיר.. איך ווייס" זאָגט ער „אז איך האָב עס דיר באַדאַרפט צו זאָגען פריהער. נישט אָפּלייגען ביז איצט — אַכט טעג פאַר אונזער חתונה. אָבער כ׳האָב" — זאָגט ער — „נישט גע־האַט דעם מוט דערצו. האָב איך עס אַלץ אָפּגעלעגט אויף שפּעטער. אָבער איצט איז" זאָגט ער „געקומען די צייט ווען איך קען לענגער נישט האַלטען אין זיך דעם סוד און איך מוז"..

ביי די דאָזיגע ווערטער (— אזוי פאַר־זיכערען מיר מיט א גאַראַנטיע אויף דריי יאָהר —) איז דער ליעבהאָבער געבליבען שטעהן מיט אן אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ, און טרעהרען גרויס ווי די שווערסטע טראָפּענס רעגען, האָבען אַראָפּגערינגעלט פון זיינע אויגען און נאַס געמאַכט דעם רוזש און דעם פּודער (בעסטע קוואַליטע־טען) פון איהרע באַקען..

א ווײַלע איז געווען שטיל.

ענדליך איז געוואָרען — שטיל.

נ אָ ך  א ווײַלע איז געווען שטיל.

ו ו י ע ד ע ר  א ווײַלע איז געווען שטיל.

ענדליך איז געוואָרען — נאָר שטיל.

דאַן האָט זי זיך אָפּגערופען צו איהם: רעדט! איך וויל אַלצדינג וויסען"..

און ער האָט ווידער אָנגעהויבען גלע־טען די אונשולדיגע קעפּעלעך פון איהרע פאַרשניצטע פינגער און ער האָט געזאָגט:

— ס׳איז מיר שווער צו רעדען דער־פון.. איך ווייס אז דו וועסט מיר קיינ־מאָל נישט מוחל זיין, אָבער דער אמת איז ביי מיר טייערער פון אַלצדינג. איך מוז דיר זאָגען, מיין טייערסטע, אז איך האָב שוין אַמאָל געליעבט אן אנדערע.. א פאַרהייראַטע פרוי.. אָבער" — דאָ איז ער צוגעפאַלען צו איהרע קניען און גע־פלאַמבעט ווי א ביבער — „אָבער דו קענסט עס" זאָגט ער „נישט פאַרשטעהן.. דו ביזט יונג און אונשולדיג און דו ווייסט נישט", זאָגט ער „וואָס פאַר א כח די זינד האָט.. און וואָס פאַר א רייץ" זאָגט ער „עס ליגט אין דעם פאַרבאָטענעם..

ווען דו זאָלסט" זאָגט ער „וויסען — וואָל־סטו אפשר" זאָגט ער „נישט געווען אזוי שטרענג צו מיר"..

א ווײַלע איז געווען שטיל.

נ אָ ך  א ווײַלע איז געווען שטיל.

ו ו י ע ד ע ר  א ווײַלע איז געווען שטיל.

ענדליך איז געוואָרען — נאָר שטיל און זי האָט זיך אָפּגערופען צו איהם, גלע־טענדיג זיין פאַרקאָפּטקייט מיט פאַרגע־בונג:

— ס׳אַלרייט יואל (אָדער איוואַן אָדער היינריך, אָדער אַ׳טול) ס׳אַלרייט.. איך פאַרשטעה דיך גאַנץ גוט. דו דאַרפסט זיך נישט פיהלען אזוי דערשלאָגען, הויב זיך אויף פון דר׳ערד, טייערסטער. איך ווייס וואָס פאַר א כח די זינד האָט. איך אַליין האָב [illegible] זיך אַמאָל געשפּיעלט א ליעבע מיט א יונגענמאַן און..

מעהר האָט זי נישט געקענט רעדען. זי האָט נישט געהאַט צו וועמען צו רעדען. מחמת יואל, אָדער היינריך, אָדער איוואַן, אָדער מ׳קיעף. האָט געכאַפּט מ׳קאַפּעליוש און איז אַנטלאָפען — מיט דעם גרעסטען אַנטלויפעניש וואָס מען קען זיך נאָר פאָר־שטעלען.. — — — — — — — —

געשרייען פון אַלע לעזערקעס: „אַזא פּאַרך! אַזא שטיק ניקס! אַזא גאָר־נישט!.. צו פאַרלאָזען א כלה אַכט טעג פאַר דער חתונה! מאַלע אז סע מאַכט זיך אַמאָל"..

צוריקגעשריי פון שרייבער פון דיעזען ציילען: „דאַצרייט! מאַלע, אז סע טרעפט זיך אַמאָל!.. מ׳איז דאָך נישט מעהר ווי א מענש!.. קומט דערפאַר אי־בערצולאָזען א כלה און צו אַנטלויפען? פע!" —

## א שוידערהאַפטע טראַגעדיע פון מלחמה ליידענדע

א דייטשע צייטונג גיט איבער אַט די טרויעריגע געשיכטע:

עס קלינגט ווי א שרעקליכע לעגענ־דע אָבער ס׳איז א פאַקט.

אין א שטעדטעל פון מזרח־גאַלי־ציען אין באַראַטשע, האָט געוואוינט א אנגעזעהענער אידישער בעל הבית. ער איז געווען איינער פון די פיהרער פון דער קהלה. ער האָט זיך אָפּגעגעבען מ׳ט זיין גאַנצער נשמה פאַר די אינטע־רעסען פון דער שטאָדט. זיין פרוי האָט אויך געשפּיעלט א ראָליע אין שטעד־טעל. וואו נאָר הילף אָדער צדקה איז זי געשטאַנען אין דער ערשטער רייהע. זי האָט געהאָלפען אַלעמען, אידען און קריסטען. אָט דאָס פּאָר האָט געהאַט דריי קינדער: צוויי טעכטער און א׳ין זוהן, וועלכער איז געגאַנגען אין אַכטען קלאַס גימנאַזיום.

די מלחמה איז אויסגעבראָכען. גאַ־ליציען איז באַפאַלען געוואָרען פון די רוסישע ארמעען, אומעטום האָט זיך דער רוסישער נצחון אָנגעהויבען מיט א׳רעך רדיפות. מ׳האָט אידען געהאַנגען און געשאָסען. מ׳איז אריין אין די שוה־לען און אויסגענומען אידען צו דער תליה.

האָט מען דעם דערמאָנטען חשוב׳ען אידישען בעל־הבית ארעסטירט אויף דער באַשולדיגונג אז ער איז אן עסט־רייכישער פּאַטריאָט. מ׳האָט דעם אָנגע־קלאָגטען געפיהרט פאַר׳ן רוסישען קאָ־מענדאַנט. מ׳האָט איהם געפּ׳יניגט און געמאַטערט אזוי, אז זיין קערפּער איז געוואָרען פול מיט וואונדען און לסוף האָט מען איהם אריינגעוואָרפען אין תפיסה. פון די וואונדען איז ער קראַנק געוואָרען. די דאָקטוירים האָבען ער־קלעהרט אז זיין לעבען הענגט אויף א האָר. זיין פאַמיליע און פריינד האָבען אָנגעווענדעט אַלע מעגליכסטע מיטלען און איהם אויסגעקויפט. איז דער פאָ־טער אהיים געקומען א טויט־קראַנקער און אין א שרעקליכען מצב.

אין א פּאָר וואָכען אַרום האָט זיך די מיליטערישע לאַגע געענדערט. די רוסען זענען ארויסגעטריבען געוואָרען און די עסטרייכער זענען אריין אין שטאָדט און דער מאַן איז אָנגעקלאָגט געוואָרען פאַר די עסטרייכער, אז ער האָט אין שטאָדט געמאַכט פּראָפּאַגאַנ־


שלוס אויף זייט 6



J. Lanskey
Tailor

אויב איהר ווילט קריגען
גוטע פאַראַנטוואָרטליכע ארבייט דאַן
קומט צו 105 טיאַדאָר סטרים.

מיר קלינען, פּרעסען און רעמאָדלען
ליידיעס און דזשענטס גאַרמענטס.

ווילט איהר אייערע
שלעסער, שליסלען קאַרפּענ־טער זעגען, טולס און אנדערע
ארבייט
גוט געמאַכט און גאַראַנטירט?
טו קומט צו
מ. ראַמניטץ
245 מאַנטקאַלם סט.

אייער זומער וואַקיישאַן
וועט איך בעסער באַקומען
ווען איהר וועט טראָגען די ריכטיגע
אויגען גלעזער



אין אַלגעמיין דאַרפט איהר אַלע מאָל עקזאַמענירען אייערע אויגען ביי דעם
LOU GOLDBERG
245 Griswold St.
דעטראָיטער אויגען ספּעציאַליסט
רעדזשיסטרירט אָפּטאָמעטריסט און
מאַנופעקטשורינג אָפּטישען
אויגען עקזאַמענירט ביי אַפּוינטמענטס
אויך זונטאָג
מיר שיקען צו אייך אהיים נאָך די גלעזער און ריפּיירען. דעליווערי פריי.

— באַקאַנטמאַכונג —
רעוו. א. קאַצער
וואָס איז רעקאָמענדירט פאַר׳ן
בעסטען
מוהל
ווייט ביי לעצטע 20 יאָהר
האָט געמופט פון 263 פּאַרנסוואָרט
אין
140 מערבורי, קאָר. בראַש
טעלעפאָן: מאַרקעט 827

שעכטער׳ס
דראָג סטאָר
477 הייסטינגס סט.
טעלעפאָן, טשערי 5763
פּרעסקריפּשאַנס פאַרפערטיגט מיט
די גרעסטע פּינקטליכקייט
צו יעדער צייט

די יוניווערסאַל לענד קאָנטראַקט קאָ
האָט געמופט דער אָפיס פון 9-928 טשיימבער אָוו קאָמערס בילדינג
צו
204 האַרדזשעס בילדינג
קאָרנער סטייט און גריסוואָלד

# Der Weg

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט
ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער
וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד
אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715.


## קארטען שפיל

פון ב. י. ג—ן

א לעזערין וואס חתמ'עט זיך שרה העכט שרייבט מיר, אז זי וואלט מיר דאנקבאר געווען ווען איך זאל שרייבען אן ארטיקעל מכח דער ליידענשאפט פון קארטען שפיעל און ווי אזוי מען קען דיעזע ליידענשאפט איינצוימען. און אזוי קען מען בכלל באהערשען א ליידענשאפטליכע געוואוהנהייט.

איך וויל הער מרס. שרה העכט זאגען, אז דאס איז א מאטעריאל נישט פאר איין ארטיקעל, נאר א גאנצע סעריע. דא ווילען מיר איהר ענטפערן בקיצור, אט וואס:

פאראן מענשען, וואס ווייסען, אז זיי דארפען זיך נישט לאזען באהערשען פון דער קארטען-שפיעל, פון דער ליידענשאפט וואס ציהט זיי דערצו.

זיי זענען אבער צו שוואך צו האלטען זיך אליין — ווי מען זאגט — אין די הענט. זיי קענען זיך נישט קאנטראלירען. זיי קענען זיך נישט באהערשען.

און דאס קאנטראלירען זיך, איז דאך, אמת זאגענדיג, קיין גרויסע אדער שווערע ארבייט נים...

## איהר זינגען

פון א. שטיימאן

ווען פינקעלשטיין האט זיך צו די פישמאנ'ס אין צימער אריינגעקליבען, איז ער נאך אן עקסטערן געווען. אריינקומענדיג מיט די זאכען, האט ער באמערקט אין ווינקעל ביים פענסטער א מיידעל מיט בלויע אויגען, און צוויי גלאנציגע צעפעלעך. דעם קאפ אין בוך אריינגעלאזען. דאס איז געווען פייגעלע, דעם בעל-הבית'ס מיידעל, א גימנאזיסטין פון פיפטען קלאס, פופצעהן יאהר אלט.

— ווען אזא מיידעל ציהט זיך מיט מיר אריין אין צימער — איז איהם...

— א ברילאנט! — שושקען זיך די ווייבער.

— איהר זאלט הערען [illegible]נגען!

— שטאלצירט די מוטער.

— פייגעלע, זינג עפעס לכבוד די געסט. — כאפט דער טאטע אוים פון דער מאמע'ס מויל.

— פארוואס טאקע נים, פייגעלע?

— שטימט איין די מאמע.

...

— איך קען גאר נים העלפען. דיין זי'ס קולכעל איז דער בעסטער מיטעל. פון דיין נגון וועט עס געווים איינשלאפען.

זי שמייכעלט אהן ווערטער און געהט צום שרייענדען קינד.

שענדעט און גע'הרג'עט געווארען, און דער זוהן מ'ט זיינע צעבראכענע פיס ליגט אויפ'ן קראנקען-בעט אין שפיטאל און ווארט, און ווארט, און ווארט...

א שוידערהאפטע טראגעדיע. 2

ווען מען האט איהם געטראגען צום קבר, און טויזענדער מענשען זענען נעגאנגען צו דער לויה און ז'ין פאמיליע אנגעטאן אין שווארצען זענען נאכגעגאנגען דעם ארון מיט קולות און יללות, איז אנגעקומען דער אפיציעלער באריכט פון מיליטער געריכט, אז די אנקלאגע איז געמאכט געווארען פער טעות און אז דער אנגעקלאגטער איז באפרייט.

וויעדער האט זיך געענדערט די מיליטעריש לאגע. די רוסען האבען נאך אמאל אטאקירט די שטאדט. די איינוואוינער זענען זיך אין איילעניש צעלאפען. די אלמנה מיט איהרע קינדער און איהר אלטען פאטער זענען אוועק קיין לעמבערג, און איהר היים שטאדט איז איהר גאנץ פארמעגען פארבליעבען און אויסגערויבט געווארען. די פאמיליע איז פאראריםט געווארען, די מוטער, די צוויי טעכטער, דער זוהן און דער אלטער אייעדער האבען געלעבט אין ב'טערער נויט. אזוי זענען אוועק די ווייטערע יאהרען פון דער מלחמה.

לסוף איז געקומען דער וואפענשטילשטאנד און א נייע מלחמה האט זיך אנגעהויבען צווישען די אוקראינער און די פאליאקען וועגען לעמבערג. די אוקראאינער האבען די פאליאקען באלאגערט לעמבערג, האבען קודם געגומען די שטאדט, עס זענען געפלויגען באמבעס און א סך הייזער, איין באמבע איז אריין אין הויז פון דער פאמיליע און גע'הרג'עט די מוטער..

די עלטסטע טאכטער, וועלכע האט שוין אזוי פיעל צרות איבערגעלעבט, האט דעם אומגליק נים געקענט אריבערטראגען. זי איז נאך דער לויה געקומען צוריק אהיים, איז צום פענסטער און...

## מר. ביזנעסמאן!

וואָרום טוט איהר נים ווי אלע פארשטענדיגע ביזנעס לייטע טהאן? אויב איהר מוזט צוליעב וועלכע עס איז אורזאכע פארקויפען אייערע ביזנעס, ווארט נישט פיעל —

### מאכט אן אקשען

און איהר וועט קריגען די געלד אין קעש דעם זעלבען טאג. רופט אפ דעם באקאנטען אקשענייער —

### בען פרידמאן

ער וועט זיכער אייך צופריעדענשטעלען. רעזידענץ 220 בענטאן סטריט. טעלעפאן קעדילאק 2580.

### פערזענליכעס

ריפיינד ביזנעסמאן, 35 יאהרע, פאן גוטען אויסזעהן אונד גוטהערציג, געבילדעט אין איינינע שפראכען, פערלאנגט צו קארעספאנדירען מיט אלמנה אדער עלטערע מיידעל זאל זיין, פערמעגליך אונד גוטהערציג. אדרעסירט באקס 25 דער וועג.

### גראסערי אקשען

**מאנטאג, יוני 14, 9:30 אין דער פריה, אין 828 ראסעל סטריט.**

איך וועל פארקויפען אויף א פאבליק אקשען א קליין אפ טו דייט סטייפל סטאק פון גראסעריעס, איינשליסענדיג פיינע פיקטשורס, רעפרידושערייטאר, סלייסינג מאשין, נײשאנאל קעש רעגישטער, דיספליי קאונטער א. ז. וו.

ק ו מ ט  פ ר י ה !

**בען פרידמאן**

אקשאנייער. טעל. קעדילאק 2580.

אדווערטייזט אין „וועג".

## א שוידערהאפטע טראגעדיע פון די מלחמה ליידענדע

(שלום פון פּיזרוש 5)

דע פאר די רוסען.. האט מען איהם אריינגעזעצט אין טורמע. דער פראצעס האט זיך פארצויגען. ער איז ווידער קראנק געווארען און ז'ין צושטאנד איז געווארען אזוי געפעהרליך, אז די דאקטוירים האבען אנגעווענדעט אלע מעגליכקייטען אז מ'זאל איהם ארויסלאזען אויף ערבות. מ'האט איהם ארויסגענומען פון תפיסה, אבער עס איז שוין געווען צו שפעט. אין א פאר טעג ארום איז ער געשטארבען.

## ראזענפעלד'ס רוסישע טערקישע באד

פאר אלע וועלכע זוכען רייניכקייט און גוטע באהאנדלונג.

30 מארבעל וואנעס
שאור בעטהס

2 כשרה מקוואות
פרייע קאטס אויף צום רוהען

16 פריוואט רומס פאר יעניגע וועלכע ווילען נעכטיגען.

א פראכטפולער לאנטש קאונטער מיט פרישע עסענווארג און געטראנקע צו יעדער צייט.

שוויץ פאר פרויען יעדען מיטוואך, מיט דער מיטווירקונג פון אן עקספערט מאסאזשיסטקע.

1846 אלפרעד סטריט, נ'ע' אנטאין, טעלעפאן טשערי 6190 ראבליו.

## געלט קיין איראפא

דער זיכערסטער און בעסטער וועג צו שיקען געלד צו אייערע קרובים קיין יוראפ איז דורך דער

## פיפעלס רעליעף

וועלכע איז א ברענטש פון דער דזשוינט דיסט. קאמיטע.

די געלד ווערט געשיקט אין דאלארס.

פיפעלס רעליעף קאמיטע

490 הייסטינגס סטריט

סעדילאק 2061



The only Jewish Paper Printed in Michigan

# דער וועג

The Detroit Jewish Daily

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

347-49 HASTINGS STREET Telephone Main 3716

Published and distributed under permit No. 770 authorised by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General.

PRICE 2c. DETROIT, MICH., Tuesday, June 15th 1920 Vol. 2, No 103 דינסטאג, 15 דזשון 1920

# פאליאקען אנטלויפען פון קיעוו קיין זשיטאמיר

ווארשא, יוני 14. — די עוואקואירונג פון קיעוו איז פאלשטענדיג אויסגעפיהרט געווארען. די פוילישע ארמיי ציהט זיך צוריק קיין זשיטאמיר.

די נייעס וועגען עוואקואירען קיעוו איז אנגעקומען קיין ווארשא שבת אוונט. דיעזע ידיעה איז געווען דער ערשטער באריכט פון קיעוו פאר די לעצטע עטליכע טעג.

פונקט איידער די באלשעוויקעס האבען אפגעשניטען דעם פארקעהר מיט קיעוו, האט גענעראל רידזמיגלי, דער קאמאנדיר פון קיעוו, געשיקט א דעפעשע, דאס ער וועט בלייבען אין קיעוו, סיידען ער׳וועט ערהאלטען א באפעהל צו פארלאזען די שטאדט. מיט גרויסע שוועריגקייטען האט זיך דעם פוילישען הויפט־קאמאנדיר, גענ. פילסודסקי׳ן איינגעגעבען צו שיקען צום קיעוו׳ער גענעראל א פערזענליכען באפעהל ארויסצוציהען זיך גלייך פון שטאדט.

דער נעכטיגער באריכט לעזט זיך ווי פאלגט:

„צו צפון קיעוו געהט אן א שלאכט מיט די באלשעוויקעס, וועלכע מאכען א פארזוך איבערצושניידען די קאראסטען־קיעוו אייזענבאהן אום צו פאראייניגען זיך מיט דער קאוואלעריע פון באלשעוויסטישען גענעראל בודעני. שלאכטען געהען אן אויף דער גאנצער לענג פון דער קיעוו־פאסטאווא־קיעוו באהן ליניע".

גענעראל בודעני׳ס קאוואלעריע האט זיך דורכגעריסען צו צפון ־ מערב, און פארביילויפענדיג בערדיטשעוו איז זי אנגעקומען צו זשיטאמיר.

## פוילען טרייסט זיך מיט זיעג אויף צפון פראנט

דער שלאכט אויף דעם צפון האט זיך פארענדיגט אין א גרויסען זיעג פאר די פוילישע טרופען, וועלכע האבען פארטריבען די באלשעוויקעס פון דער טעריטאריע, וואס זיי האבען געוואונען אין זייער לעצטען אנגריף. די פאליאקען פארשטארקען זייערע ליניעס פון דעם דווינא טייך צו דרום אויף דער לענג פון בערעזינא טייך.

## פאליאקען מאכען אן א חורבן אין קיעוו

לאנדאן, יוני 14. — לויט דעם לעצטען באלשעוויסטישען באריכט, האבען די פאליאקען אויפגעריסען דעם וולאדימיר קאטעדראל, די באהן סטאנציע, די עלעקטרישע סטאנציע און דעם בריק.

דער באריכט פון מאסקווע זאגט ווייטער פאלגענדעס:

„קיעוו איז פארנומען געווארען דורך די באלשעוויסטישע טרופען, וועלכע זענען אנגעקומען פון הינטען פון דעם שונא און פארכאפט די קיעוו־קאראסטען באהן ליניע אין דעם געגענד פון קאראדיאנקא־סטעדרעוו. מיר זענען דאן אריבער דעם טייך דניעפער און אריין אין קיעוו לעבען וואסילקאוו האבען מיר צושלאגען דעם שונא, וועלכער אנטלויפט אין שרעק, איבערגעלאזענדיג נאך זיך מיליטערישע טראנספארטען.

„אין [illegible]רים האבען מיר נאך א שלאכט פון דריי טעג גענומען 3 טויזענד געפאנגענע".

## פוילישע ארמעע ציהט זיך צוריק

ווארשא, יוני 14. — די באלשעוויקעס שטראמען אריין אין דעם קיעוו געגענד, אראפברענגענדיג אהין די גרעסטע צאהל דיוויזיעס, וועלכע ס׳איז ווען ניט איז געווען אויפ׳ן פוילישען פראנט. די פאליאקען ציהען צוריק זייערע הויפט טרופען.

די באלשעוויקעס קומען אן אין קיעוו׳ער געגענד פון דרום זייט, דורך דעם טייל לאנד, וואו גענעראל בודעני׳ס קאוואלעריע איז פאראויסגעגאנגען. געגען קיעוו האבען די באלשעוויקעס זיך אנגעשטויסען אן שוועריגקייטען אין איבערגעהן דעם טייך דניעסטער.

## טראצקי ווידער דער־הרג׳עט

טאקיא, יוני 13. — די היגע צייטונג „אסאהי שימבון" איז היינט ארויס מיט אן עקסטרא אויסגאבע, וואו זי מעלדעט, אז ידיעות פון דער וולאדיוואסטאק׳ער רעגירונג באריכטען, דאס אין מאסקווא איז פארגעקומען אן אויפשטאנד געגען די באלשעוויקעס און אז לעאן טראצקי, איז דער־הרג׳עט געווארען און לענין איז אנטלאפען. די נייע רעגירונג איז צוזאמענגעשטעלט פון גענ. ברוסילאוו.

## טאקיא׳ר באריכט ניט באשטעטיגט

לאנדאן, יוני 13. — קיינע ידיעות זענען ניט ערהאלטען געווארען אין לאנדאן, וועלכע זאלען באשטעטיגען דעם באריכט פון טאקיא וועגען אן איבערקעהרעניש אין מאסקווא. די באלשעוויסטישע קריגס באריכטען זענען דא אנגעקומען טעגליך. דער לעצטער באריכט, דאטירט דעם 12טען יוני, איז היינט דא ערהאלטען געווארען און ער גיט איבער, אז די באלשעוויקעס האבען פארנומען קיעוו.

## באריכט וועגען „אנארכיסטישער קאנספיראציע" אין סאוועטען רוסלאנד.

לאנדאן, יוני 14. — א טעלעגראמע פון בערלין צו דער „עקסטשיינדזש טעלעגראף" גיט איבער א באריכט פון מאסקווא, אז ס׳איז ענטדעקט געווארען אן „אנארכיסטישע קאנספיראציע" געגען דער סאוועטען רעגירונג. דער פלאן פון דער פארשווערונג איז געווען צו טויטען לענינ׳ען און בוכארינ׳ען, דעם פרעזידענט פון דריטען אינטערנאציאנאל. דאס האט געזאלט פארקומען אין דער צייט פון פייערען דעם ערשטען מאי.

דער זעלבער באריכט גיט איבער, אז די מיטגליעדער פון דער רעדאקציע פון דער אנארכיסטישע צייטונג „נאבאט טרודא", יאניצקי און פארזבאק, צוזאמען מיט גענ. יעגאראוו, קאמאנדיר פון דער גרינער ארמיי אין קורסק, זענען ארעסטירט געווארען. דער באריכט ציטירט די צייטונג „נאלם ראבאטשי", וועלכע ערקלעהרט, אז אנארכיע פארשפרייט זיך שנעל איבער רוסלאנד דורך מיטגלידער פון דער „באקונין ליגע".

## פאליאקען גענומען ווידער אדעסא

פאריז, יוני 14. — אוקראינישע טרופען צוזאמען מיט דער פוילישער ארמיי האבען פארנומען אדעסא [illegible] קומט פון קאנסט[illegible]

## אנטי באלשעוויקעס לעגען גרויסע האפנונג אויף גענ. ווראנגעל

פאריז, יוני 14. — די לעצטע באריכטען פון דרום רוסלאנד צייגען אן, אז די אנטי־באלשעוויסטישע כחות זענען צוריק אויפגעלעבט געווארען.

גענעראל דעניקינ׳ס ארמיי, וועלכע איז פון אלעמען באטראכט געווארען א צושלאגענע און פארניכטעטע איז איצט צוריק ערשיענען אין קרים און אונטער דער קאמאנדע פון גענעראל ווראנגעל האט זי אנגעפאנגען אן אנגריף געגען די באלשעוויקעס.

די היגע רוסישע רעאקציאנערע קרייזען גלויבען, אז גענעראל ווראנגעל האט אן ארמיי פון 80 טויזענד מאן, די רוסישע סאציאליסטען באשולדיגען ענגלאנד און פראנקרייך אין דעם, דאס זיי שטעלען צו צו גענעראל ווראנגעל וואפען און אמוניציע און זיי ערמוטיגען איהם אויף דעם זעלבען אופן ווי גענעראל דעניקינ׳ען.

די רוסישע קאדעטישע פארטיי האט זיך פארזאמעלט אין פאריז און האבען ארויסגעלאזט אן אפיעל צו אלע רוסישע פאטריאטען, דאס זיי זאלען שטיצען גענעראל ווראנגעל׳ן, אלס די לעצטע האפנונג פון די „ווייסע" רוסען.

דער סעקרעטאר פון דעם געוועזענעם רוסישען אמבאסאדאר האט ערקלעהרט, אז נאר אין גיכען וועט מען הערען וויכטיגע נייעס פון גענעראל ווראנגעל׳ען. „אויף זיינע סאלדאטען קען מען זיך מעהר פארלאזען, ווי אויף דעניקינ׳ס". האט ער געזאגט. „זיי זענען אלע געשטימט געגען די באלשעוויקעס און זענען ענטשלאסען צו קעמפען ביז׳ן לעצטען טראפען בלוט".

## הערבערט סעמועל ערקלעהרט ענגלאנד׳ס פאלעסטינא פראגראם

לאנדאן, יוני 14. — סער הערבערט סעמיועל, דער האי־קאמישיאנער פאר ארץ ישראל, האט היינט אנאנסירט די אלגעמיינע פרינציפען, וואס וועלען נאכגעפאלגט ווערען פון דער נייער אדמיניסטראציע אין ארץ ישראל.

ער האט געזאגט:

„פאלשטענדיגע רעליגיעזע פרייהייט וועט אנגעהאלטען ווערען אין ארץ ישראל. פלעצער, וואס זענען הייליג צו די גרויסע רעליגיאנען, וועלען בלייבען אין קאנטראל פון די נאכפאלגער פון דיעזע רעליגיאנען. א ציווילע אדמיניסטראציע אין לאנד וועט עטאבלירט ווערען זאפארט. דער העכסטער ראנג וועט באשטעהן פון בריטישע באאמטע, מיט פעהיגקייט און ערפאהרונג. די אנדערע ראנגען וועלען זיין אפען פאר דער לאקאלער באפעלקערונג, ניט אכטענדיג צו וואס פאר א גלויבען אדער ראסע זיי באלאנגען. ארדנונג וועט איינגעשטעלט ווערען מיט דער גרעסטער שטארקייט און עס וועט זיך אנפאנגען א שטארקע אקטיוויטעט אויפצולעבען דאס לאנד עקאנאמיש.

„אין איינקלאנג מיט דעם באשלוס פון אליאירטע מעכטע, וועלען מיטלען אנגענומען ווערען ווידער אויפצובויען די אידישע היים אין ארץ ישראל. די צוויי טויזענד יעהריגע בענקעניש פון דעם אידישען פאלק, וועלכע האט געפונען איהר לעצטען אויסדרוק אין דער ציוניסטישער באוועגונג, וועט ענדליך פארווירקליכט ווערען. דאס וועט אבער געטאן ווערען מיט׳ן פולען רעספעקט צו די רעכטע פון די ניט אידישע איינוואוהנער.

„דאס לאנד האט נאך פלאץ פאר א גרעסערער באפעלקערונג ווי זי האט יעצט און ווען ארץ ישראל זאל פארזארגט ווערען מיט וועגען, באהנען, הארפענס און עלעקטריק; ווען דער באדען זאל מעהר קולטיווירט ווערען, וועלדער זאלען געפלאנצט ווערען און דערמיט באזייטיגען מאלאריע; ווען שטעדט און דערפער זאלען געבויעט ווערען און אינדוסטריען ערמוטיגט — דאן איז מעגליך אנצוהאלטען אין ארץ ישראל א גרויסע באפעלקערונג ניט נאר ניט־שאדענדיג די אינטערעסען פון די איינגעזעסענע בירגער, נאך אדרבה, זיי וועלען דערפון פיעל געווינען.

„אימיגראציע וועט קאנטראלירט ווערען און בלויז אזוי פיעל נייע אימיגראנטען וועלען אריינגעלאזען ווערען אין לאנד וויפיעל דער עקאנאמישער צושטאנד וועט ערלויבען און איבער אלעם וועט די ענערגיע אנגעווענדעט ווערען צו עטאבלירען גייסטיגע און בילדונגס איינפלוסען מיט דער האפנונג, אז זיי וועלען ווידער אמאל ארויסגעבען פון הייליגען לאנד די מאראלע כחות, אין וועלכע די גאנצע מענשהייט נויטיגט זיך. אט דאס זענען די צוועקען, וועלכע די בריטישע רעגירונג האט אין זינען דורכצופיהרען אלס מאנדאטאר איבער דעם הייליגען לאנד אונטער דער אויפזיכט פון דער ליגע אוו נײשאנס".

## פראנקרייך וויל היטען קריסטליכע הייליגע ערטער אין ארץ ישראל

דער „לאנדאן דיילי טעלעגראף" שרייבט, דאס אין די קאטוליש־רעליגיעזע קרייזען פון פראנקרייך הערשט גרויס אויפרעגונג דערפאר וואס פראנקרייך האט ערלויבט ענגלאנד צו האבען דעם מאנדאט איבער ארץ ישראל און פראנקרייך האט ניט געקראגען דאס רעכט צו היטען די קריסטליכע הייליגע ערטער אין ארץ ישראל.

די פראנצויזישע קאטאליקען פאדערען אז ענגלאנד זאל געבען צו פראנקרייך אנדערע הנחות בנוגע די גרענעצען פון ארץ ישראל און סיריען.

## אידישער בליץ קרבן באערדיגט

בעני פעלטער, 17 יאהר אלט, פון 128 דיוויזיאן סט. איז זונטאג פארנאכט געשטארבען, אין גרייס האספיטאל נאכדעם ווי ער איז צוויי טעג געלעגען דארט אין א באוואוסטלאזען צושטאנד.

בעני פעלטער איז געווען איינער פון די פינף יונגע קרבנות, וועלכע א בליץ האט געטראפען אין דעם פינגרי פארק לעצטען דאנערשטאג, ווען שפיעלענדיג אין „באל" און דער רעגען שטורם געכאפט האבען זיי זיך ארונטערגעשטעלט אונטער א בוים און גראדע האט א בליץ דיעזען בוים געטראפען. די פינף יונגע קינדער זענען געווען פון דער נארטאיסטערן היי סקול. די 4 קריסטליכע קינדער זענען געבליבען טויט אויפ׳ן ארט. בעני פעלטער, דער אידישער שילער האט ארויסגעוויזען סימנים פון לעבען און מ׳האט איהם צוגענומען פריהער אין די רעסיווינג האספיטאל און דערנאך אין גרייס האספיטאל די גרעסטע דאקטוירים האבען אנגעווענדעט אלץ, וואס זיי האבען געקענט, אבער אהן אן ערפאלג.

בעני פעלטער איז געווען דער טרייסט פון זיינע עלטערען. זייענדיג דער דריטער פון מר. מאקס פעלטער איז בעני געווען א גרויסע האפנונג פאר זיינע עלטערען. ער האט זיך גוט געלערנט און ער וואלט, ווען ניט דער אומגליק פון לעצטען דאנערשטאג, געענדיגט דיעזען ווינטער היי סקול.

הרב אושישקין האט דעם פארשטארבענעם מספיד געווען אין דער וואוינונג פון זיינע עלטערען, וואו מ׳האט דעם טויטען קערפער געבראכט פון האספיטאל.

די שילער פון היי סקול האבען געעהרט זייער פארשטארבענעם חבר דורך דעם, וואס מ׳האט נעכטען פריה מארגען אין די קלאסען ניט געלערנט. דער פרינציפאל און פיעלע לעהרער פון דער נארטאיסטערן היי סקול זענען געווען לעבען דער וואוינונג פון דעם פארשטארבענעם בעני פעלטער און אויך בייגעווען ביי דער קבורה.

## דערשיסט זיין געט׳ע פרוי און באגעהט זעלבסט מארד

ווען מרס. קאפראן איז געגאנגען פון קלויסטער אויף ווארען עווענױ, וועסט, נעבען דער 28טער סטריט, לעצטען זונטאג, האט איהר געוועזענער מאן, פראנק מילער, מיט וועמען זי האט זיך גע׳גט מיט צוויי יאהר צוריק, זי באגעגענט און אריינגעשאסען א קויל אין איהר לינקער ברוסט.

זי איז אנידערגעפאלען טויט און ער מר. מילער האט אפלויפענדיג א האלבען בלאק, אויסגעדרעהט דעם רעוואלווער צו זיין קאפ און אריינגעשאסען צוויי קוילען. ער איז אביסעל שפעטער געשטארבען אין רעסיווינג האספיטאל.

## נאך דריי מענער ערמארדעט לעצטען זונטאג

מייק קאוויטש, וועלכער האט געהאט מוט גענוג זיך געגענצושטעלען זעקס באנדיטען, וועלכע זענען אריין אין א באנקהויז אויף אוק און פינפטע סטריט, וויענדאט, האט לעצטען זונטאג באצאהלט מיט זיין לעבען. ווען עטליכע באנדיטען האבען אויף איהם מיט איין מאל אויסגעשאסען. איין קויל איז אריין אין זיין מויל, א צווייטע — אין הארצען און צוויי האבען איהם געטראפען אין זייט. די באנדיטען האבען גענומען 1,500 דאלאר פון קאוויטש׳ען און 358 דאלאר פון אן אנדער ארבייטער.

וואלטער לואיס איז לעצטען זונטאג דערשאסען געווארען פון דעם באנדיט לואיס סיליסקי, אין זיין גראסערי אין ניער ביער סאלון, 2863 רעקווינדער ס. נאכדעם ווי סיליסקי מיט זיין באגלייטער האבען גערויבט 82 דאלאר פון קעש רעדזשיסטער. סיליסקי איז יעצט ארעסטירט. אבער זיין באגלייטער איז אנטלאפען.

אלבערט גענא איז לעצטען שבת ביי־נאכט דערשאסען געווארען, ווען ער האט שפאצירט מיט זיינע צוויי פריינד אויף מאונט עליאט עווענױ, נעבען היובערט סטריט. א מאן האט זיך פלוצלינג באוויזען פון דעם דערבייאיגען וועלדעל און באפוילען זיי זאלען אויפהויבען די הענד און ניט זאגענדיג מעהר איין ווארט האט ער אנגעפאנגען שיסען.

דעטעקטיוום זענען יעצט שטארק באשעפטיגט מיט דיעזער קיים, ווייל קיין איינער פון גענא׳ס באגלייטער ווייס ניט, ווער יענער מאן איז. גענא, וועלכער איז א האלבע שטונדע נאך דער שיסעריי געשטארבען אין רעסיווינג האספיטאל, לאזט איבער 6 קינדער, פון וועלכע די אינגסטע איז 4 וואכען אלט און די עלטסטע — 8 יאהר.

## דר. באגען אויף דעם וועג קיין אמעריקא

פון איהר איראפעאישען דירעקטאר, דר. יוליוס גאלדמאן, האט די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע נעכטען געקראגען פאלגענדען קייבעל:

פאריז, יוני 10.—

דר. באגען האט דא פארבראכט איינ׳ע טעג אויפ׳ן וועג פון ווארשא קיין ניו יארק און איז היינט, דעם 10טען יוני, אפגעפאהרען קיין אמעריקא מיט דער שיף „נאארדאם".

## געוועזענער אלבאנישער פרעזידענט דערשאסען אין פאריז.

פאריז, יוני 14. — עסאד פאשא, דער הויפט פון דער אלבאנישער רעגענציע און געוועזענער פראוויזארישער פרעזידענט פון אלבאניען, איז דא נעכטען דערשאסען געווארען.

עסאד פאשא איז ארויס פון האטעל קאנטינענטאל און איהם האט באגעגנט א יונגער מאן וועלכער האט צוויי מאל אויף איהם אויסגעשאסען, ניט זאגענדיג קיין ווארט. איין קויל האט איהם געטראפען אין ברוסט. מ׳האט איהם גלייך אריינגענומען אין זיין שלאף צימער. ער איז אבער שפעטער א ווײלע געשטארבען.

דער מערדער איז פארהאלטען געווארען. זיין נאמען איז רוסטעם אוועני, אן אלבאנישער סטודענט. ער האט דערצעהלט דער פאליציי, דאס ער איז געקומען קיין פאריז דעם 21טען מאי, און אז ער האט וועגען מארד, איידער ער איז געקומען אהער, גאר ניט געטראכט. גלויבענדיג, אז עסאד פאשא איז פאראנטווארטליך פאר די ליידען פון אלבאניען, האט איהם, נאך זיינע רייד, פלוצלינג איינגעפאלען די מחשבה צו טויטען עסאד פאשא׳ן, ווען ער האט איהם דערקענט אויפ׳ן גאס, און דאן האט ער אויף איהם געשאסען. רוסטעם האט עסאד׳ען אנגערופען דער „אלבאנישער דיקטאטאר".

עסאד פאשא האט געהאט א וואונדערבארע קאריערע. אין יאהר 1913 האבען איהם אלע איראפייאישע מלוכות באטראכט, אלס אן אלבאנישער באנדיט און אין 3 יאהר ארום האבען זיי איהם אנערקענט אלס דעם צייטווייליגען פרעזידענט פון אלבאניען. די אנערקענונג האט ער באקומען צוליעב זיין שטעלען זיך אויף דער זייט פון די אליאירטע.

עסאד פאשא איז אמאל געווען דער קאמאנדיר פון זשאנדארמס אין קאנסטאנטינאפאל. זיינער א ברודער איז דורך א באפעהל פון סולטאן אבדול חאמיד דערשאסען געווארען. ווען אין יאהר 1909 האט דער טערקישער פארלאמענט באשלאסען ארונטערצוזעצען אבדול חאמיד׳ען, האט עסאד געבעטען דעם פארלאמענט, דאס מ׳זאל איהם ערלויבען צו ארעסטירען דעם סולטאן. ער האט דיעזע ערלויבעניש באקומען און האט דעם סולטאן ארעסטירט.

ניט לאנג צוריק איז ענטשטאנען א פארשווערונג געגען איטאליען אין אלבאניען. עסאד׳ס נאמען איז געווען פארמישט אין דיעזער פארשווערונג און מ׳גלויבט, דאס ער האט געשלאסען אן אפמאך מיט דער בעלגראד׳ער רעגירונג, דאס ער זאל אויסאיבען זיין איינפלוס לטובת יוגא־סלאווען. לויט דעם אפמאך, האט עסאד געזאלט באשטימט ווערען, אלס לעבענסלעגגליכער גובערנאטאר פון אלבאניען, און נאך זיין טויט זאל אלבאניען זיך געפינען אונטער א יוגא־סלאווישער אדמיניסטראציע.

## רעזאלוציע אויף פעדערײשאן קאנווענשאן צו גונסטען רוסישער רעגירונג

מאנטרעאל, יוני 14.— די ארבייטער פיהרער זאגען פאראויס, אז דער ערשטער גרויסער קאמף אויף דער קאנווענשאן פון דער אמעריקאן פעדערײשאן אוו לייבאר וועט פארקומען, ווען ס׳וועט דעבאטירט ווערען די פראגע פון אנערקענען די רוסישע סאוועטען רעגירונג. ס׳זענען אריינגעבראכט געווארען רעזאלוציעס, וועלכע פאדערען, דאס די רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאטען זאל אנערקענען די רוסישע רעגירונג, און אז די בלאקאדע געגען רוסלאנד זאל ארונטערגענומען ווערען.

די קאמיטע, וועלכע באטראכט דיעזע רעזאלוציעס, ווערט געזאגט, וועט אריינברענגען א רעקאמענדאציע דאס די קאנווענשאן ענטזאגט זיך צו אנערקענען די סאוועטען רעגירונג, אדער אן אנדער פארם פון רעגירונג אין רוסלאנד, ביז וואנען דאס רוסישע פאלק וועט ניט עטאבלירען „אן אמת׳ע דעמאקראטישע רעגירונג".

דער פראגרעסיווער פליגעל אויף דער קאנווענשאן וועמענס פארשטעהער איז טשיימס דאנקען, איז גרייט צו פיהרען א שטארקען קאמף פאר דער אנערקענונג פון דער סאוועטען רעגירונג. דעם לינקען פליגעל וועט אונטערשטיצען אייניגע אינטערנאציאנאלע יוניאנס צווישען זיי אויך די ליידיעס גארמענט וואורקערס.

א רעזאלוציע איז אריינגעבראכט געווארען פון די ליידיעס גארמענטס ווארקערס, וועלכע זאגט, אז רוסלאנד האט פון זיך אראפגעווארפען די „טויזענד יעהריגע קנעכטשאפט און די צארישע רעגירונג, ווי אויך די אליגארכיע פון קאפיטאליסטישען קלאס" און דארום בעט זי די קאנווענשאן, אז זי זאל אויפפאדערען די רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאטען אפיציעל צו אנערקענען די סאוויעטען רעגירונג, אלס די „ווירקליכע אויסדריקערין פון דר[illegible]סישען פאלקס־ווילען".

מר. דאנקען שלאגט פאר א רעזאלוציע אין דעם נאמען פון סיאטל סענטראל לייבאר קאונסיל, בעטענדיג די רעגירונג „אויסצואיבען איהר גאנצען איינפלוס, אום די יאפאנעזישע און אנדערע פרעמדע טרופען זאלען גלייך זיך צוריקציהען פון רוסלאנד", און אז די „קאמערציעלע בלאקאדע זאל ארונטערגענומען ווערען".

מר. קעשען פון קליוולאנד האט אריינגעטראגען א רעזאלוציע צו פארדאמען די אלע יוניאנס, וועלכע האבען אונטערשטיצט דעם לעצטען באהן־סטרייק.

מר. קעשען האט באשולדיגט, אז צענטראלע קערפערשאפטען איבער דעם גאנצען לאנד האבען געשטיצט דעם סטרייק פון די סוויטשמען דורך קלויבען געלד פאנדען און ערלויבען זייערע האלס אפצוהאלטען פארזאמלונגען. ער ווייזט אן, אז די יוניאנס אין סאן פראנציסקא האבען צוזאמענגעקליבען גרויסע סומען געלד פאר די „אונגעזעצליכע סטרייקערס".

ער שטעלט זיך אפ אויף דעם, וואס די סטרייקערס האבען ניט באלאנגט צו דער פעדעראציע, נאר צו דער יארדמענס אסאסיאיישאן. די רעזאלוציע זאגט, אז ארבייטער האבען זיי ניט באדארפט שטיצען, און ווייל לויט די קאנסטיטוציע קען מען די יוניאנס, וואס האבען געשטיצט די סטרייקער ניט באשטראפען, פאדערט די רעזאלוציע, אז די קאנווענשאן זאל כאטש פארדאמען זיי.

## היינט אוונט דער מיטינג פון טורעווער רעליעף

היינט אוונט וועט שטאטפינדען אין טורעווער שוהל, 152 אילינאיז עווענױ דער מיטינג פון טורעווער רעליעף קאמיטע.

דער וועג
THE DETROIT JEWISH DAILY
Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY. INC.
347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715
J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.
B. I. GOLDSTEIN, Editor
(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)
Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.

# די לאַנדסמאַנשאַפטען און די הילפס קאָמיטעטען

וויענדיג עטליכע טעג אין ניו יאָרק האָט זיך אונז געוואָרפען אין די אויגען א נייעס, וואָס נישט נאָר מיר, נאָר עס דוכט זיך אונז, אַז די גרויסע מעהרהייט אין דער פּראָווינץ ווייס נישט פון דעם. מיר מיינען, נעמליך, די באַציהונג פון די אידישע לאַנדסמאַנשאַפט פאַראיינען צו די הילף אָרגאַניזאַציעס.

עס עקזיסטירען ביי אונז, ליידער, גאַנצע דריי אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבען איין און דעמזעלבען צוועק: העלפען די פאַראומגליקטע פאַראָרעמטע אידען אין יענע לענדער וואו שחיטות און פּאָגראָמען זענען פאָרגעקומען.

צו וואָס דאַרף מען גאַנצע דריי אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס מיט דרייערליי אויסגאַבען, מיט דריי ערליי אָנשטרענגונגען?

דערויף זענען פאַראַן א סך תירוצים און אין דערזעלבער צייט קיין אוי־נער נישט.

מיר האָבען געוואוסט אַז חוץ דיזע דריי ערליי אָרגאַניזאַציעס האָבען אויך די לאַנדסמאַנשאַפט אָרגאַניזאַציעס געזאַמעלט געלד אָהן דער מיטהילף פון די דריי ערליי "רעליעף אָרגאַניזאַציעס".

ווענינער ווי אויף אַלעס אַנדערעס האָט אונז אויף די לאַנדסמאַנשאַפטען געוואונדערט. מיר האָבען געוואוסט אַז עס זענען פאַראַן אַרבייטען וואָס נאָר די לאַנדסמאַנשאַפטען קענען טאָן און קיין שום אָרגאַניזאַציע, אָדער קאָמיטעט קען פאַר איהר דיזע אַרבייט נים אָפּטאָן; די לאַנדסמאַנשאַפטען קענען אויך ליכער און לייכטער געפינען יעדען לאַנדסמאַן און אַרויסבאַקומען פון איהם גרעסערע אָדער קלענערע סומען געלד; עס זיינען פאַראַן לאַנדסלייט, וואָס געבען מיט דער פולער האַנט אין זייער פאַראיין און וועלען זעלטען ווען געבען א שעהנע נתינה אין א אַלגעמיינער "רעליעף אָרגאַניזיישאַן".

האָט אונז בכן נישט געוואונדערט, וואָס די לאַנדסמאַנשאַפטען האָבען געזאַמעלט געלדער אומאָפּהענגיג פון די דריי ערליי הילפסקאָמיטעס.

מיר האָבען געדענקט, און א גרויסער רוב אידען אין דער פּראָווינץ דענקען אפשר אויך איצט אַז אויב די לאַנדסמאַנשאַפטען זאַמלען געלד באַזונ־דער, דערפאַר אָבער ווערט די צעטיילונג פון די געלדער אָנפערטרויעט איינע פון די עקזיסטירענדע דריי רעליעף קאָמיטעס.

מיר האָבען אויך געמיינט, אַז די לאַנדסמאַנשאַפטען וועלען זיך אָפּשרעקען פאַר דער אונאיינינקייט וואָס באַזונדערע געלד־צעטיילונג קען שאַפען, פאַר דער אומאָרדנונג וואָס דאָס קען ברענגען אין דער אַלגעמיינער הילפס אַר־בייט.

חוץ דעם — די ריזיגע אויסגאַבען פון שיקען געלד באַזונדער.

אויב די לאַנדסמאַנשאַפטען — האָבען מיר זיך געטראַכט — זאָלען זיך אַפילו נישט אָפּשטעלען פאַר דער אומאָרדנונג וואָס באַזונדערע געלד־צעטיילונג קען שאַפען, וועלען זיי אָבער זיכער זיך אָפּשטעלען פאַר די גרויסע הוצאות'ן, מיט וועלכע אַזאַ אַרבייט איז פאַרבונדען, און זיי וועלען נישט וואַגען דאָס צו טאָן.

וואָרים קענט איהר זיך רעכענען משער זיין וואָס עס מיינט שיקען פאַר־טרעטער אין די פאַרשיעדענע שטעדטלעך אויף פאַנאַנדערצוטיילען צו די לאַנדס־לייט אין די שטעדטלעך באַזונדערע שטיצע?

אַזאַ אַרבייט קען דאָך אויסגעפיהרט ווערען דורך די שלוחים פון דער דזשאָינט דיסטריביושאַן קאָמיטע, וועלכע באַזוכען סיי ווי סיי יענע שטעדט און שטעדטלעך אויף זייער וועג אין אייראָפּא.

זייענדיג אין ניו יאָרק האָבען מיר זיך דערוואוסט, אַז קיין איין לאַנדסמאַנשאַפט פאַראיין שרעקט נישט אָפּ פאַר קיין זאַך און זאַמלט און צע־טיילט די געזאַמעלטע געלדער סעפּעראַט.

און זיי שיקען שלוחים קיין אייראָפּא.

און די שלוחים פאָהרען מיט בריעף, גערוסען, פאָטאָגראַפישע בילדער אין קומען אויך צוריק מיט דעמזעלבען געפּעק און אַזוי אַרום פאַרבינדט זיך שטאָדט און שטעדטעל פון פּוילען, רומעניען, גאַליציען, עסטרייך ובדומה מיט די לאַנדסלייט אין דער גליקליכער אַמעריקא.

אין היינטיגען חודש יוני וועלען פון ניו יאָרק אָפּפאָהרען שלוחים אין די פאָלגענדע שטעדט און שטעדטלעך פון אוקראַינע, ליטא, פּוילען און גאַלי־ציען: נאָוואָגראָדע, ראָזינע־וואָהלין, לוצק, טעלז, וויסאָקע, וואָלאָשין לאַמזא רוב־נא אַלט סיניאַווע, טשעכאַנאָוויץ, מאַציור וואָהלין, לוצק, אוסציע זעליאָנע, אווישישק, ראָדנע, האָראָדענקע, ראַזיטש, זלאָטשאָוו, קאַמענעץ ליטאָווסק פּיל־טשיב פּאַראַליע, טאַרנאָפּאָל, מאַזיר, לעכאָוויטש, לעטיטשעוו, הראָדשנע סלאָ־נים וואָראָנאָוו, קאָוולע, סאָכאַטשאָוו, אָסטראָווע, בורשטין, אָמדור סאָטאַנאָוו אָראַנאַוויטש סעמיאַטיטש, צאַריי, ביאַלע, כאָמסק, קנישין, הוסיאַטין קאַפּי־אָראַד־פּאָדאָלסק, ראַדזיוויל, בוטען, באָדקער, באָברויסק און ווילנא.

מיר נעהמען אַרויס די נעמען פון די שטעדט, ווי זיי רופען זיך, אין [illegible] אָבער פאָהרט יעדער שליח מיט א מיסיע צו באַזוכען דעם גאַנצען געגענד און אַלע אַרומיגע שטעדט און שטעדטלעך, נישט קוקענדיג דערויף וואָס די שלוחים פון דער דזשאָינט דיסטריביושאַן קאָמיטע האָט שוין באַזוכט דיזע געגענדען און האָט באַריכטעט וועגען זיי.

זיי פאַרלאָזען זיך נישט אויף דער און נישט אויף אַן אַנדער קאָמיטע. די לאַנדסלייט ווילען טאַקע וויסען וואָס עס טוט זיך מיט זייערע טאַטעס מיט זייערע מאַמעס, מיט זייערע חברים.

זיי ווילען וויסען וואָס טוט בדוך און וואָס מאַכט זרח; ווי לעבט זיך חיים'ען און ווי אַזוי האָט זיך שמעיה געראַטעוועט.

קיין אַלגעמיינער באַריכט אַז דאָ און דאָרט איז רוהיג און אין דעם [...]ער אין יענעם שטעדטעל שטאַרבט מען פאַר הונגער — דאָס איז ביי זיי קיין [...]רוס נישט. זיי ווילען וויסען באַזונדער פון יעדען איינעם. דער אַמעריקאַנער [לאַנ]דסמאַן איז מיט טויזענד פעדים צוגעבונדען און צוגעקניפּט צו יעדען אידען [פון] זיין שטעדטיל; איטליכער קרוב איז איהם ליעב און יעדער חבר איז איהם [טה]ייער.

און אַט אַזוי פאָהרען דעם היינטיגען חודש קאַרגע פופציג שלוחים [...]עק פון ניו יאָרק.

פופציג שלוחים! באַרעכענט די גוואַלדיגע אויסגאַבען וואָס דיזע [שלו]חים פאָדערען; באַרעכענט וויפיעל מיה און ענערגיע און געלד עס האָט גע־[קאָס]ט נע'פטר'ט ווערען אום דיזע שלוחים זאָלען קענען פאָהרען קיין איי־[ראָפּ]א.

[...] פאַרטראַכט זיך דערויף און איהר וועט דערזעהן די גרויסע מאַכט פון די [ניו] יאָרקער לאַנדסמאַנשאַפטען.

# פאַן דמאָווסקי

פון ה. ר. נאַמבערג

ווען ער וואָלט נים געווען אַזאַ קאַל־טער און ניכטערער קאָפּ, אַזוי ווייט פון ענטוזיאַזמען און געפיהלען, וואָלט מען געקאָנט ריידען פון א גרויסער פער־זענליכער טראַגעדיע. דמאָווסקי איז אָבער צום ווענינסטענס א העלד פאַר טראַגעדיעס. ער האָט קיינמאָל זיך נים געאַמפּערט מיט'ן מזל נישט געטראַכט און נישט גע'גנב'עט קיין פייער פון הי־מעל. ער איז געווען בעשיקט און פלינק, אַט פאַרשטאַנען אָפּצושאַצען די געגע־בענע סיטואַציעס און צופּאַסען זיך צו זיי און פון אַלעמען און פון אַלץ אַרויס־ציהען דעם מעגליכען נוצען פאַר זיך און זיין פּאַרטיי... צו אויך פאַר פּוילען? — ווי לאַנג ער איז געווען דער פּרעזעס פון דעם פּוילישען "קאָלאָ" אין אַלע רוסישע דומעס און צוגלייך דער ליידער פון כמעט דער איינציגער פּאַרטיי, וואָס אונטער איהר איינפלוס איז גאַנץ פּוילען געשטאַנען, האָט ער נישט באַוויזען צו ברענגען כאָטש די קלענסטע הנחה פאַר פּוילען מיט זיין פּאָליטיק. אויסער בלאָטע האָט די פּאָליטיק גאָר נישט געבראַכט. בלאָטע ביי די ליבעראַלע עלעמענטען פון רוסלאַנד, אָבער זיין אַרבייט אין פּאַריז, אַלס פאָרזיצענדער פון פּוילישען קאָמיטעט, דאָס שאַפען האַלערס אַרמעע, דאָס פאַראינטערעסי־רען די אַנטאַנט מיט דעם אויפשטעהן פון א גרויס און שטאַרק פּוילען, האָט גע־ווים געהאַט די גרעסטע היסטאָרישע באַ־דייטונג. ווי לאַנג רוסלאַנד האָט עקזיס־טירט אַלס גרויס־מאַכט, איז ער געבליבען געטריי זיין נאַטור נישט איינ־צורייסען מיט'ן מזל. דאָס פּראָגראַם איז געווען באַגרענעצט. מען האָט צוגעקוקט ווי די רוסען לעגען זייער שווערע האַנד אויף גאַליציע, ווי זיי רוסיפיצירען לעמ־בערג, און מען האָט געמאַכט א שוויג. פאַר דאָס אָבער האָט מען פאַרדאָפּעלט און פאַרדרייפאַכט די פאַרע אויף די אַנטיסעמיטישע רעדער. ניקאָלאַי ניקאָ־לאַיעוויטש האָט געריינינט פּוילען פון אידען מיט דער הסכמה פון דער נאַראָ־דאָווא דעמאָקראַטיע. עטליכע וואָכען פאַר דעם אָפּטרעטען פון די רוסען פון וואַרשא, איז דמאָווסקי אַרויס מיט אַן אַרטיקעל וועגען פאַרבאָטען די אידישע שפּראַך אין פּוילען, אין א וואָך אַרום זיינען אַלע אידישע צייטונגען אָפּגע־שטעלט געוואָרען.

אָבער רוסלאַנד איז געפאַלען. אַלע דריי שונאים פון פּוילען, וואָס האָבען דורכגעפיהרט די צעטיילונג זענען געלע־גען צושמעטערט. דמאָווסקי האָט זיך דעריבער געפונען אויפ'ן ריכטיגען אָרט און איז געווען דער צוגעפּאַסטער מענש [אי]ן דער לאַגע. אַלס פאָרזיצענדער פון פּוילישען קאָמיטעט האָט ער פאַרשטאַ־נען ווי אַזוי אויסצונוצען די געשאַפענע סיטואַציע מעהר ווי אַלע אַנדערע. זיינע פאַרדיענסטען זיינען בלי ספק פון זעהר [א] גרויסען ווערט.

און אַט בייט זיך פּוילען. א סוף ווערט צוזאַמענגערופען, די אַרמעע ווערט אָרגאַניזירט און פיהרט גליקליך דורך אַלע אונטערנעהמונגען. נאַציאָנאַ[ל]ע ימים טובים ווערען געפייערט. דמאָנ[ו]סקי איז נישטאָ!

נישט ער וויל נישט, נור ער קען פּאַק[...]טיש נישט קומען קיין פּוילען. ער זיצט און ריכט אָפּ גלות ווייט פון דער באַ־פרייטער היים. דמאָווסקי האָט געקענט קומען נור אַלס דיקטאַטאָר, אַלס פּרע־זידענט. און דערויף איז קיין מעגליכ־קייט נישט געווען. די שטימונג איז גע־ווען אומרוהיג. דער בירגערליכער עולם איז געווען איבערגעשראָקען און האָט מורא געהאַט פאַר אַן אויפשטאַנד פון אונטען און פאַר א בירגער קריעג. רוס־לאַנד'ס ביישפּיעל איז געשטאַנען פאַר די אויגען. און דמאָווסקי'ס אייגענע לייט זענען געפאַלען צו די פיס פון דעם געוועזענעם פּעפּעס'ניק און געבעטען איהם איבערצונעהמען די מאַכט. דער [ק]לעמער איז געוואָרען פאַרנומען דורך פּילסודסקי'ן. דמאָווסקי איז געבליבען אין פּאַריז.

ער שיקט צו עמיסאַרען, איינענע מענשען, צו זאָנדירען דעם באָדען און צוצוגרייטען דעם פּלאַץ פאַר איהם. עס קומט גראַבסקי, עס קומט פּאַדערעווסקי א קליין רעוואָלוציעלע ווערט דורכגע־פיהרט. וואָס ווערט דערשטיקט אָהן בלוט פאַרגיסונג, ווי אין אַן אָפּערעט[...] קא. פּאַדערעווסקי איז א שוואַך זים מענשעל און האָט נישט דמאָווסקי'ס אינסטרוקציעס. גראַבסקי איז צו ווענינ פּאָפּולער ביים עולם, עס נעהמט נישט. די פּאָפּולאַריטעט פון פּילסודסקי'ן

וואַקסט דערוויל פון טאָג צו טאָג. דאָס קומען פון דמאָווסקי'ן קיין וואַרשא ווערט אַלץ אויף דאָס נייע אָפּגעלעגט. די שעה האָט נישט געשלאָגען.

שטעלען זיך ווי אַמאָל אין דער שפּיץ פון אַן אַנטיסעמיטישער העצע? דערויף איז ער לגמרי איבעריג. די תורה זיינע איז שוין אַריין אין בלוט און פלייש פון אַלע, ממש, אַלע. ער האָט נישט וואָס צוצוגעבען; דמאָווסקי אַלס אַנטיסעמיט איז א פינפטער ראָד אין וואָגען היינטי־גע צייטען. וועה קען גישט די מלאכה!

דמאָווסקי האָט קיין צום מעגליכקייט נישט געהאַט צוריק צו קומען קיין וואַר־שא, קיין שום פּסיכאָלאָגישע מעגליכ־קייט. די אַגראַר רעפאָרם האָט אויסגע־גראָבען א תהום צווישען זיין פּאַרטיי און די גרויסע פריערדיגע מאַסע. ווען פּאַדערעווסקי און גראַבסקי זענען גע־קומען, האָבען זיי מיטגעבראַכט א לאַ־זונג, וואָס האָט געקענט פאַראייניגען. דער לאָזונג איז געווען — ענג פאַרבינ־דען זיך מיט דער קאָאַליציע. ווייל פון דאָרטען קומט אונזער ישועה. דער לאָזונג איז אָבער אַנגענומען געוואָרען. די קאָ־אַליציע האָט אָוועקגעקוקט פון דער פאַר־גאַנגענהייט און האָט אַקצעפּטירט פּיל־סודסקי'ן, נישט געגליבען מעהר וואָס אויפצוטאָן. עס אַרבייט נים ערגער צו־זאַמען מיט דער קאָאַליציע ווי דאָס וואָלט געטאָן דמאָווסקי.

און אַט הערט זיך איצט די בשורה: דמאָווסקי קומט! איצט קומט ער שוין אויף זיכער. דער אינטערוויו, וואָס ער האָט נעגעבען, איז זעהר קורץ און זעהר פאַרליכטיג. דמאָווסקי דערצעהלט פּשוט, אַז ער קומט, ווייל ער האָט זיך פאַר בענקט אַהיים. און קיין וואָרט נישט מעהר, קיין איינציגע אַנדייטונג וועגען דער פּאָליטיק. וואָס זאָל דאָס זיין? צו רעזיגנאַציע? אַז מען קען נישט אַריבער מוז מען אַרונטער. קומען אַלס א גע־וועהנליכער בשר־ודם, אַלס א רעפּוטאַט פון וואַרשא אין געזעצגעבערישען סיים, זעצען זיך דאָרט אויף די עקס־רעכטע בענק, אויפשטעהן, ווען די רעכטע שטע־הען אויף, זיצען ווען זיי זיצען און ליאַרמען און שרייען צוזאַמען מיט זיי? — זיין פּאַרטיי איז איצט אין דער אָפּאָ־זיציע צו דער רעגירונג און האָט שוין דורכגעפיהרט אין סיים א קליין אָב־סטרוקציעלע. דער מאַרשאַלעק האָט גע־מוזט אַראָפּגעהן פון בענקעל און איבער־רייסען די זיצונג. זאָל דאָס זיין א ראָלע פאַר דעם, וואָס פּרעטענדירט צו זיין דאָס, וואָס מאַזאַריק פאַר די טשעכען? איז דאָס אַן אויפגאַבע פאַר דעם אַמאָ־ליגען נישט געקרוינטען קעניג פון פּוילען?

עס גלויבט זיך קוים אַז דמאָווסקי קומט מיט אַזוינע קליינע אַספּיראַציעס. די בענקשאַפט אַהיים קאָן זיין גרויס, אָבער זיין פּאָליטישע אויסרעכענונג וואָלט דאָס געפיהל געקענט גובר זיין. ער איז נישט קיין מענש פון סענטימענ־טען און אויך נישט פון רעזיגנאַציע אין געוועהנליכען זין פון דעם וואָרט. ער איז דער מענש, וואָס פאַרשטעהט אויס־געצייכענט די געגענוואָרט. וואָס אָריענ־טירט זיך גוט אין יעדער סיטואַציע. נישט מעהר און נישט וועניגער. ער האָט קיין אויג און קיין זין נישט פאַר דער צוקונפט, פאַר פאַרשלייערטע האָריזאָנ־טען. ער געהער צו די מענשען, וואָס האָבען אַם וועניגסטען האָפנונגען, און מטולא נישט קיין רעזיגנאַציע. וואָס איז אַם בעסטען, אַם פּראַקטישסטען צו טאָן אַט יעצט. און וועלכע רעזולטאַטען זע־נען שוין, אַט יעצט, צו דערגרייכען? — נור אַזעלכע פראַגען האָבען איהם באַשעפ־טיגט. לאָזט זיך עפּעס מאַכען און ווען? קאָן מען עפּעס אויספּועל'ן ביי סטאָלי־פּינען אין פּעטערבורג? ניין! טאָ וועלען מיר מאַכען אַנטיסעמיטיזם און באַי־קאָט. דאָס לאָזט זיך מאַכען און אַן ער־פאָלג וועט זיין.

דמאָווסקי קומט. ער האָט מיט זיין נאָז אַרויסגעפיהלט, אַז די שטימונג אין לאַנד איז א נישט־רעדיצירטע, א וואַ־קעלדיגע. פון איין זייט — נצחונות; פון דער צווייטער זייט איז ערגיין דער שלום פאַרלאָרען געוואָרען. פון איין זייט האָט נאָך פּוילען פאַרפעסטיגט פּאָ־ליטיש און מיליטעריש, פון דער צוויי־טער זייט איז זי עקאָנאָמיש און פינאַנ־ציעל שוואַך און אומבעהאָלפען. עס פיהלט זיך אין דער לופט די נויטיגקייט פון א ראַשער ווענדונג, פון א נייעם קורס. און ער וועט איצט וועלען פאַר־מעסטען זיינע כחות.

דמאָווסקי קומט. און איך קאָן מיר נים פאָרשטעלען, אַז ער זאָל קומען אָהן א לאָזונג, אָהן א פּלאַן פאַר א בריטער פּאָליטישער אַקציע. און נאָך דערצו אין אַזא מאָמענט, ווען א פעסט פּראָגראַם א רעדיצירטער ווילען איז נויטיג. דמאָוו־סקי קומט נישט אום צו שפּאַצירען אויף די וואַרשאַווער גאַסען און זעטיגען זיין בענקשאַפט.

מיר קאָנען וואַרטען אויף נייעס או[ן] אויף איבעראַשונגען. צי זאָל זיך איהם אַמאָל נישט פאַרגלוסטען אַרויסצורייסען דעם לאָזונג פון שלום פון די הענד פו[ן] די סאָציאַליסטען, פּאָלאַנדערוויקלען [...] פאָהן און מיטרייסען די מאַסען מי[ט] זיך? די פּ. פּ. ס. האָבען געטריבען דאָ[ס] בייזסטע, מיאוסטע שפּיעל מיט'ן שלו[ם] דעם ערגסטען אָרט דעמאַגאָגיע [...] מלחמה־העצער און שלום שרייער צו[...] מען. איין געשיקטער מאַנעוור קאָן ז[...] קאָמפּראָמעטירען טיעף. צי זאָל אַמ[...] דער דורכגעטריבענער דמאָווסקי דא[ס] נישט וועלען אויסנוצען?

ער קומט, ווייל ער רעכענט, אַז דע[ר] מאָמענט איז געקומען און די שעה א[יז] צוגעפּאַסט. איך האָב מורא, די פּ. פּ. האָבען איבערגעלאָזט זייערע כחות א[ן] זייער השפּעה. דער אַלטער פוקס ווע[...] זיי פּאַקען פאַר דער שוואַכער זייט [און] וועט אָנהויבען דעם קאַמפּף. מען ה[אָט] דריי מאָל געקלונגען, דער פאָרהאַ[נג] ווערט אויפגעצויגען.

("מאָמענט")

# שמשון און דלילה

פון י. ראַבינאָוויטש

סימבאָליש שטיק אין דריי אַקטען פון סוען לאַנגע געשפּילט אין ניו דעטראָיט אָפּערא הויז פון דער ניו־יאָרקער קונסט טעאַטער טרופּא.

לאָמיר זיך אויף א ווייל פאַרשטע־לען אַז די פּאָעזיע איז די העכסטע אינ־סטאַנץ — אַז אין איהר איז פאַרקערפּערט דער סוד פון דער וועלט — און דע־מאָלט ערשט קענען מיר נעהנטער צו־קומען צו דער אידעע, וואָס האָט אינ־ספּירירט דעם סקאַנדינאַווישען דיכ־טער סוען לאַנגע צו באַשאַפען זיין "שמשון און דלילה".

די אידעע פאַר זיך אַליין איז פּי־קאַנט א טענדענציעזע; פּיליכט האָט א געוויסע קינסטלערישע נויט די דאָ־זיגע אידעע צוגעטראָגען צו'ם קינסט־לער'ס פאַנטאַזיע; קוים האָט אָבער דער קינסטלער זיין האַנט געלעגט אויף דעם דאָזיגען רויהען מאַטעריאַל, אַזוי האָט גלייך דער חומר געקראָגען א נשמה און עס איז באַשאַפען געוואָרען א שטיק לעבען: א דראַמאַטישער קאָנפליקט צווי־שען דאָס העכסטע ערגעץ וואו אין די הימלען — די פּאָעזיע און דאָס מעכ־טיגסטע אויף דער ערד, וואָס דריקט זיך אויס אין דער ליידענשאַפט צו דער פרוי, אין דאָס אייביגע יאָגעניש נאָך רוהם און אין דאָס פּנים־אַל־פּנים'דיגע באַגעגעניש מיט בייזוויליג־קייט, באַטרוג און אַלע איבעריגע כחות וועלכע ווערען געוועהנליך סימבאָלי־זירט אין יענער מעטאַפיזישער פיגור, וועלכע מיר רופען "טייוועל" און — נאָך א ריעזיגע קראַפט קומט אין קאָנ־פליקט מיט דער העכסטער אינסטאַנץ: דומהייט.

און אַזוי ווי סוען לאַנגע האָט די דאָזיגע סימבאָלישע אידעע פאַרקער־פּערט אין רעאַליסטישע פיגורען, זעהען מיר פאַר זיך אַזאַ מין בילד:

פּעטער קראַנכאַך, א דיכ־טער. געבענטשט, מיט א פּאָע־טישען טעמפּעראַמענט, וואָס איז אַזוי שטאַרק ווי די פיזישע גבורה פון דעם ביבלישען שמשון הגבור, נעהמט זיך אונטער צו פיהרען דעם פאַרצווייפעל־טען קאַמף פון דער פּאָעזיע. וועלכע איז אונטערוואָרפען צו די צאָהלרייכע נאָכפאָלגער פון דער דומהייט (סימבאָליש — פלשתים.—)

אָבער צו ברוזענד איז דער טעמ־פּעראַמענט פון'ם גייסטיגען שמשון, [...] שטאַרק זענען זיינע פאַרלאַנגען אַז [...] זאָל קענען אויסמיידען יענע גע־[פ]אָהרען פון לעבען וואָס דראָהען אויס־[צו]שטעכען זיינע גייסטיגע אויגען און [ה]ענד און פיס בינדען...

[ז]עהען מיר דאָרום אין ערשטען אקט [...]ין באַלד ווי דער פאָרהאַנג הויבט [זי]ך אויף, אַז אונזער שמשון געפינט

זיך שוין אין "עזה" צוזאַמען מיט אַן "אשה זונה" (אָדער אַפילו אַן אייגע־נע פרוי אַזעלכע) און — די דראַמאַטי־שע כחות פאַנגען אָן צו אַרבייטען.

מיר דערוויסען זיך, אַז פּעטער קראַנ־באַך האָט אָנגעשריבען א דראַמא, וועלכע געפינט זיך אין די הענט פון א טעאַטער דירעקטאָר און עס איז נאָך נים באַוואוסט צו ווערט זיין דראַ־מא אָנגענומען אָדער צוריקגעוויזען.

די דראַמא הייסט: "שמשון און דלילה".

זיין פרוי (הענריעטא שניצער) איז אַן אַקטריסע טאַקע אין זעלבען טעאַ־טער, וואו ער האָט צונעשיקט זיין דראַ־מא.

פון א סצענע צווישען מאַן און ווייב, דערוויסען מיר זיך, אַז זי איז ווייט פון זיינע פּאָעטישע טרוימען און אַזוי ווי קיין איבעריגער אַטלעט איז ער נים. פאַרשטעהט זיך, האָט זי צו איהם טענות, למאי ער מאַכט נים קיין פיזי־שע איבונגען, ווייל אַזוי ווי ער איז, איז ער גאָר קיין מאַן נים...

עס ווערט קלאָהר אַז צווישען דעם דאָזיגען פּאָר פאָלק איז נישטאָ קיין גייסטיגע פאַרבינדונג, קיין פאַרשטענד־ניש. זי ווייזט אָפּען אַרויס איהר עקעל צו זיין פיזישען אויסזעהן און דאָך... דאָך איז פאַראַן א קראַפט, וואָס מאַכט זיין לעבען, זיין "איך" און זיין פּאָע־זיע אָפּהענגיג אָן איהר, ווייל זי האָט אין זיך דעם ליידענשאַפטליכען רייז און דעם יונג־פרויליכען פייער פון א דלילה...

זיין ליעבע צו דער דאָזיגער פרוי דערגרייכט ביז וואַהנזין; זי איז דער קוואַל פון זיין אינספּיראַציע און האַ־בענדיג זי אין זינען שאַפט ער זיין "שמשון און דלילה" — א ווערק אַזוי רייך אין פּאָעטישען שוואונג און אַזוי שטאַרק, אַז זי וועט, לויט זיין איבער־צייגונג, איהם געבען כחות צו נעהמען אויף זיינע פּאָעטישע שולטערען די טויערען פון דעם שונדישען עזה" און זיי פאַרטראָגען צום טייוועל און פריי זאָל ווערען דער וועג פאַר דער פּאָעזיע.

אָבער עס נעהמט איהם נים לאַנג אייגצוזעהן אַז דער קאַמף איז א ביטע־רער: —

זיין פרוי איז שטאַרק באַגייסטערט פון א יונגען מעבעל־הענדלער, מיט'ן נאָמען מייער. זיין האָס אַן אייפער־זוכט צו דעם דאָזיגען מייער וואַקסט מיט יעדען פאַרשטונגס־בליק, וואָס אַנטפּלעקט ער קריגט צונעוואָרפען פון זיין פרוי; און זיין ווערק

זיינע ליידען ווערען וואָס א מאָל גרע־סער, נאָר ער באַמיהט זיך צו דערשטי־קען זיי א דאַנק זיין גאָלינגען סאַר־קאַזם, מיט וועלכען ער איז באַזאָנ־דערס געבענשט.

און ווען א שליח פון'ם טעאַטער־דירעקטאָר קומט מיט דער ידיעה, אַז זיין דראַמא איז אָנגענומען און אַז זיין פרוי וועט שפּיעלען די ראָליע פון דלילה, ווערט זיין פרייד פּלוצלונג אי־בערגעריסען פון א נאָגענדען געדאַנק און פול מיט וועהטאָג זאָגט ער צו'ם שליח: "עס וועט נישט טויגען!"...

אויף דער סצענע ערשיינט דער מע־בעל־הענדלער. ער ווערט מיט אָפענער פרייד אויפגענומען פון פרוי קראַנאַך. דער דיכטער זעהט בחוש, אַז ער האָט די שפּיעל פאַרלוירען, רופט ער אויף א מינוט צו הילף זיין ביטערען סאַרקאַזם און עס געלינגט איהם צו שטעלען זיין קאָנקורענט אין א קאָמישער פאַרלע־גענהייט איבער א פּאָר שלייקעס. האָט ער א נקמה אָן איהם. אויף א מינוט און באַלד קומט וויטער די ברענענדע אייפערזוכט, וועלכע פאַרטרייבט איהם אין א באַזונדערען ציממער און אויף דער סצענע בלייבט זיין פרוי מיט איהר גע־ליעבטען.

און דאָ פאַנגט זיך אָן א העפּטיגע מאָביליזאַציע פון יענע כחות וואָס זו־כען אָפּצוטויטען די פּאָעזיע פון לע־בען, פון א ליידענשאַפטליכער ליעבעס סצענע צווישען דער פרוי און איהר גע־ליעבטען, ווערט אונז קלאָהר, אַז דער דיכטער קען נים אין איינך אונד דער־זעלבער צייט אי זיין א שקלאַף צו דער פרוי און אי דיענען זיין מוזע. די פרוי האָט גאַנץ אַנדערע פאַרלאַנגען: זי זוכט דעם שטאַרקען מאַן און — דעם איינעל אין דעם מאַן... און קוים געפינט זי אַזעלכען, איז זי מובן ומזומן זיך שקלאַפיש צו־צופּאַסען צו אַלע "פּרינ־ציפּען" זיינע און זי פאַרשטעהט איהם אַזוי גוט, אַזוי גוט... זי איז אַפילו מיט איהם איינפאַרשטאַנען אַז איהר מאַן, דער "פּאָעטישער שמשון הגבור" איז א פּוסטער מענש, אַז אויפנעהען א דאַך איז מעהר קונץ ווי אָנשרייבען א ליעד — קורץ זיי פאַרשטעהען זיך...

אויף דער סצענע ערשיינט פּלוצ־לונג די פּאָעזיע אין איהר גאַנצער פּראַכט. עס לויפט אַריין דער דיכטער, מיט זיין ווערק "שמשון און דלילה" אין האַנט, שרייט ער אויס: אַט האָט איר פּאָעזיע! און ווען ער דערזעהט עכדליך דעם מעבעל־הענדלער, וועלכער איז צו זיין איבעראַשונג נאָך אַלץ דאָ, אַנטפּלעקט ער פאַר איהם א סוד, אַז אין זיין ווערק איז דאָ א פּערשון

פּונקט אַזוי ווי ער, דער מעבעל־הע[נד]־לער. — עס נעהמט נים לאַנג און די פּ[אָ]־עזיע ווערט אַן אומוויכטיגע זאַך. [...] זיין געדאַנק און נשמה ווערט אַרומ[גע]־כאַפּט מיט א ברענענדער אייפערזו[כט] און ער קען פון קיין זאַך נים טראַכ[טען] נאָר פון איהר, פון איהר... עס פ[יהלט] זיך, אַז דער פּאָעטישער שמשון וו[עט] פאַרטיג זיך איבערצוגעבען צו פלשתים פון לעבען דורך דער האַנד זיין דלילה — זיין אומגליק...

און דאָס אומפאַרמיידליכע פּאַסי[רט] באַלד נאָכדעם ווי דער מעבעל־הע[נד]־לער פאַרלאָזט דאָס הויז, ווערט [...] פרוי צו איהם אַזוי צאַרט, אַזוי איבע[רגע]־געבען... עס ווערט איהם אַפילו אַ[ן] פאַלענד די איבערטריבענע צאַרטקיי[ט] אָבער צו שטאַרק איז דער כח פון [...] דלילה אַז ער זאָל קענען ווידזען [...] ווידערשטאַנד. זי וויל וויסען, [...] און ווען האָט ער געמיינט מיט [...] ווערק און — שמשון אַנטפּלעקט [...] סוד פאַר די אויערען פון באַטרוג.

ער דערצעהלט איהר, זיין ווע[רק] האָט א געוויסע טענדענץ און די דאָ[זי]־גע טענדענץ איז פאַרקערפּערט [...] סימבאָלען: שמשון, דאָס איז די פּ[אָע]־זיע; דלילה — די דראַמאַטישע קונ[...] און די פלשתים — דאָס פּובליקום. ווייזט דאַרטען אָן — דערצעהלט ער ווי אַזוי דאָס פאַרבלענדעניש פון ד[ער] טעאַטער פּראָסטיטוטקע—דלילה — [צוז]אַמען מיט דער דומהייט פון פּובלי[קום] פאַרקערפּערט אין סימבאָל פון פלשתים נעהמען זיך צונויף אום [...] צוטויטען די פּאָעזיע...

און נאָך א סוד אַנטפּלעקט [...] שילדערענדיג די פּערזאָן פון דלילה ה[אָט] ער געהאַלטען אין זינען זיין פרוי; [...] שמשון — איז ער אַליין...

ביי דער ענדע פון דערצעהלונג [...] דינגט זיך אויף די פאַלשע צערטליכ[...] קייט פון זיין פרוי און ביים שלום [...] לעצטען אקט ווערט קלאָהר, אַז שמ[שון] האָט שוין נעהאַט א שערמעסער אוי[ף] זיין קאָפּ און די מפּלה פון דער פּאָע[זיע] איז נאָהענט...

אין צווייטען אקט ווערט פאָרגע[...] שטעלט א קאָנפּעטיציע אין טעאַט[ער] אויף "שמשון און דלילה" באַטרוג ה[...] שוין איהר אַרבייט אָפּגעטאָן אין אַ[לע] דער רעזשיסער, די שוישפּיעלער א[ון] די "פלשתים" סטאַטיסטען זענען [...] גרייט מיט זייערע שפּיזען אויסצוש[טע]־כען די אויגען פון דער פּאָעזיע. די ר[אָ]־ליע פון שמשון ווערט איבערגעגעב[ען] צו א שוישפּיעלער, וואָס איז אַ[...] מודה, אַז ער פּאַסט נים פאַר דער ר[אָליע]...

(שלוס אויף פּיידוש 6)

# אין א ווינקעל פון דעטראיט

ראמאן פון ב. איסאיעוויטש

(פארזעצונג)

דזשאזעף'ן איז געווארן אויפפאלענד. א שרעק האט איהם ארומגענומען. ער איז געבליבען שטעהן א ווײלע בלאס און צושראקען.

באלד איז ער צוריק אריין צום דינערשאפט און געפרעגט אויף א שליסעל צו דער מאדאם פארבשטיין'ס בודואר. ווען ער האט ביי קיינעם ניט געקענט צופאסען קיין שליסעל, איז ער ארויס אין הויף און געדענקט, אז ער וועט דורך דעם פענסטער קענען אריינקומען אין'ם צימער. אבער דא האט ער דערזעהן, אז דער גאראדזש איז אפען און דער אויטאמאביל איז ניטא. איז ער צוריק אריין צום דינערשאפט און זיך נאכגעפרעגט ווער עס איז געפאהרען מיט'ן אויטאמאביל.

מען האט פארזיכערט אז דער פאטער איז מיט דעם אויטאמאביל ניט געפאהרען, איז באם דער פאטער ניט. דאן איז מן הסתם די מאדאם אין ערגעץ געפאהרען, ניט באמערקט ווערענדיג פון קיינעם פון די דינער.

* * *

ער איז פונדערסטוועגען ווידער ארויס אין גארטען און צו צום פענסטער פון דעם בודואר. אלץ איז דארטען געווען אין פולער ארדנונג אבער דאס צימער איז ליידיג. קיינער ניטא.

דזשאזעף איז ארויף אויף דער ווערא־נדא, האט געקוקט אין אלע זייטען און ניט זעהענדיג ארום זייער אומגעגענד קיין אויטאמאביל פאהרען, איז ער ווידער אריין צו זיך אין צימער און זיך א וואלגער געטאן אויף דעם דיוואן.

עס זיינען פאראיבער בלויז עטליכע מינוט און דער רעש פון אויטאמאביל רעדער האט זיך דערהערט אין דעם אריינפאהר.

דזשאזעף איז שנעל אראפ פון דעם דיוואן, איז צו צום פענסטער און דערזעהן די מוטער זיצען אין'ם אויטאמאביל.

ער איז באלד אראפגעלאפען די טרעפ און ארויס צו דער מוטער.

— מוטער, וואו ביסטו געווען?

אבער די מוטער האט, דאכט זיך, ניט געהערט וואס ער פרעגט זי.

זי איז געזעסען א צוטומעלטע, א צושראקענע און האט מיט צומישטע בליקען געקוקט פאר זיך אין דער וועלט אריין.

ווען זי האט דערזעהן דזשאזעף'ן, האט זי זיך א כאפ געטאן און אין דער גיך געזאגט: „דזשאזעף, קום, איך דארף דיר עפעס זאגען".

דזשאזעף האט גוט באמערקט, אז זיין מוטער איז אומרוהיג און צושראקען. ער האט פארשטאנען, אז דאס קומט זי פון אן ארט, וואו זי האט זיך איבערצייגט אין עפעס א נייעס, וואס האט זי געקענט אומרוהיג מאכען.

זי איז געגאנגען פאראויס און ער איז איהר נאכגעגאנגען. זיי זיינען אריינגעקומען אין דער גרויסער זאל.

ווען די מאדאם פארבשטיין איז צוגעקומען צום טיש, האט זי זיך אראפגעלאזט מיעד און ערשעפט אין א ווייכען שטוהל.

דזשאזעף איז געשטאנען א ווײלע, ווי א קליין אומבעהאלפען אינגעל, נעבען דער מוטער, האט געקוקט אויף איהר צושראקען פנים און דאן א זאג געטאן:

— נון?

די מוטער האט אויפגעהויבען דעם קאפ, האט א קוק געטאן צו איהם און אין דער שטיל געזאגט: — „דזשאזעף, איך וויל דו זאלסט זיין א מאן. דו זאלסט האנדלען איבערלעגט און קלוג. ווייס, מיין „באי", אז די מיסס רובינאוו איז ניטא". — — —

— ווי הייסט ניטא? האט דזשאזעף מיט געמאכטער רוהיגקייט א פרעג געטאן.

— איך קום ערשט פון דער בלומען הראס. איך האב געמיינט, אז איך וועל זי דארטען טרעפען; האב געמיינט, אז איך וועל זיך מיט איהר קענען דורכריידען. איך האב זי געוואלט ערמוטיגען. איך האב זי געוואלט טרייסטען און בעטען ביי איהר ענטשולדיגונג פאר דעם נעכטיגען אינצידענט. בין איך אהין געפאהרען און האב זי ניט געטראפען. זי איז ניט געקומען צו דער ארבייט. איך בין זיכער, אז דאס מיידעל איז קראנק געווארען פון פארדרוס און פון דער שאנדע וואס זי האט דא נעכטען געהאט.

דזשאזעף האט געקוקט צו דער מוטער מיט אזוי פיעל ליעבשאפט, מיט אזעלכע דאנקבארע בליקען, ווי נאך קיינמאל ניט. דזשאזעף האט ערשט איצט ארויסגעזעהן דאס גאנצע גוטסקייט פון זיין מוטער, ער האט ערשט איצט דערפיהלט איהר טריישאפט און ערעלקייט.

וואס זי האט איהם דערצעהלט, איז פאר איהם קיין נייעס ניט געווען. ער האט שוין פריהער געוואוסט, אז מרים איז צו דער ארבייט ניט געקומען; עס האט איהם שוין זייט די לעצטע פאאר שטונדען געפלאגט דער געדאנק, אז ניט אנדערש מרים איז פאר פארדרוס קראנק געווארען.

דא סאיז פאר איהם קיין איבערראשונג קיין נייעס ניט געווען.

א נייעס איז ביי איהם געווען זיין מוטער.

ראמאן 2

ווי גוט, ווי נאבעל זי איז! זי איז געפאהרען צו זיין מרים'ען בעטען ביי איהר ענטשולדיגונג; זי איז געפאהרען צו איהר געלאפען צו איהר גאנץ פריה, אום זי צו ערמוטיגען, זי טרייסטען. ווי ערעל, ווי גרויסמוטיג און ווי נאבעל זיין מוטער איז!

ער וואלט זיך ניט געשעהמט, וואלט ער זיך צו־וויינט, אזוי ייך איז ער גע־ווארען און אזוי האבען איהם געריהרט דער מוטערס רייד.

— מאמע דו ביזט א גוטע.

מעהר האט ער ניט געקענט ריידען.

ער האט זיך א ריס געטאן און ארט און איז ארויף אין דער גיך צוריק צו זיך אין צימער אריין.

(פארטזעצונג פאלגט)

# א יאהר ארבייט פון דעם קאמיטעט פון אידישע דעלעגאציעס אין פאריז

פון יצחק גרינבוים (רעפוטאט צום פוילישען סיים)

אין דער צייט ווען עס זענען פארגעקומען די פרידענס פארהאנדלונגען איז געגרינדעט געווארען א אידישער אלגעמיינער צענטער וואס אין איהם געפינען זיך פארטרעטער פון דעם גאנצען אידענטום אין די לענדער פון מזרח און מיטעל אייראפא. אין דיזען צענטער האבען זיך די לעצטע צייט אנגעשלאסען די אידען פון ענגלאנד און אויך אידען אין אמעריקא גענומען א גרויסען אנטייל אין די ארבייט פון זיין עקזיסטענץ. מיט דעם שאפונג פון דיזען צענטער איז פארווירקליכט געווארען דער געדאנק צו ארגאניזירען דעם אידענטום פון דער גאנצער וועלט, דאס וואס איז געבוירען געווארען אין די ציוניסטישע און נאציאנאליסטישע ספערען נאך אין אנפאנג פון דער וועלט מלחמה און איז מיט דער צייט ענטוויקעלט און אויסגעארבייטערט געווארען ביז צו דעם פאר־ריפען פון א אידיש נאציאנאלען קאנגרעס. פונקט ווי אין דער צייט פון דער גרויסער קאטאסטראפע וואס איז געקומען אויף אונז דורך דער מלחמה, איז נויטיג געווען צו שאפען אן אלגעמיינעם צענטער וואס זאל זיין אונזער הויפט פארטרעטער. אזוי האבען פיעלע פון אונז, וועלכע האבען נאך אין דער צייט פון מלחמה שוין גענומען דענקען און טראכטען ווענען די צייט ווען פריעדען וועט געשלאסען ווערען, און זיי האבען געזוכט צו שאפען א צענטער וואס זאל קענען רעדען אין נאמען פון גאנצען אידענטום און וועלכער זאל באשיצען אלע אונזערע אינטערעסען, דאס איז א היסטארישע נויטווענדיגקייט וואס קיינער האט ניט געצווייפעלט אין דעם.

אפילו נאך אין דער צייט ווען דער וועלט פריעדען איז נור געווען א חלום און מען האט נאך ניט געוואוסט בעגנוי אויף וואסערע אופנים ער וועט פארקומען, בשעת מען האט זיך נאר פארגעשטעלט אין די פאנטאזיע די צוקונפט־בילד פון די צייט ווען דער פרידענס־קאנפערענץ וועט פארקומען וואו די פארטרעטער פון אלע פעלקער און נאציאנען וועלען זיך צונויפקומען און ביי דעם העכסטען טריבונאל וועט מען ווידער גענהמען איינארדנען די וועלט, בשעת מען וועט נעהמען באשליסען צו וועמען לענדער זאלען געהערען און צו פארזיכערען די רעכטע פון די נייע פעלקער — דאן האט מען שוין פיעל גערעדט ביי אונז ווענען די וויכטיגקייט צו שאפען אן אלוועלטליכע אידישען קאנגרעס, וואס אין איהם זאלען זיין פארטראטען פארשטעהער פון דעם גאנצען אידענטום און אלע אידישע פראגען זאלען פארהאנדעלט ווערען אויף איהם.

פארשטעהט זיך דאס א פארווירקליכונג פון דעם דאזיגען געדאנק איז דאן געווען אן אונמעגליכקייט, אבער דער הויפט קערן זייגער איז ניט געבליבען העגנען אין דער לופטען. גלייך, באלד ווי עס האבען אנגעפאנגען די פרידענס פארהאנדלונגען זענען זיך צונויפגעקומען אין פאריז פארטרעטער פון אידען אין אמעריקא, האלאנד, פוילען, גאליציע און פון פיעלע אנדערע לענדער און עס איז געגרינדעט געווארען דער צענטער וועלכער עס עקזיסטירט איצט אונטערן נאמען „דער קאמיטעט פון אידישע דעלעגאציאנען אין פאריז". דער געדאנק צו שאפען אן אלגעמיינעם שטענדיגען צענטער וואס זאל פארטרעטען דעם גאנצען אידענטום, האט באקומען א ממשות'דיגע צורה, וואס איז צוגעפאסט צו די לעבענס באדינגונגען און פאדערונגען.

איך בין ניט אויסען מיט דיזען ארטיקעל צו שרייבען איצט די געשיכטע פון דעם קאמיטעט פון די אידישע דעלעגאציאנען. ווי אזוי דער קאמיטעט איז געשאפען געווארען און ווי ווייט ער איז אנגעגאנגען מיט זיין ארבייט — ווענען דעם וועט נאך פיעל געשריבען ווערען, און דאן ווען די געשיכטע זיינע וועט פארעפענטליכט ווערען, וועט דער גרויסער פובליקום האבען א גענויען באגריף ווענען די וויכטיגקייט זיינע און וואס ער האט אויפגעטאן. איך וויל איצט נור ערקלעהרען, דאס דער הויפט געדאנק וואס ליגט אין די גרינדונג פון דיזען אלגעמיינעם אידישען צענטער און דעם כאראקטער וואס ער טראגט איז ניט געקומען דורך טעאריעס, נור איז א פראדוקט פון פראקטישע עקספיערענס אין לעבען. די אלע אידישע ארגאניזאציעס און פארטייען אין די פארשיעדענע לענדער, סיי אלטע און סיי נייגעגרינדעטע, וואס דער גורל זייערער האט באדארפט באשטימט ווערען אויף דעם פרידענס קאנפערענץ, האבען אינסטינקטיוו געפיהלט דאס זיי מוזען קומען צו א פארשטענדניס צווישען זיך און בילדען א שטארקע פאראייניגונג, און דאס נור אין דעם קאן באשטעהן זייער כח. דאס איז געווען דער איינציגער וועג, די פיעלע אידישע פארטייען אין פארשיעדענע לענדער האבען געזעהן אן אויסגאנג צו ערררייכען זייערע ציעלען. אט דאס האט געבראכט צו די שאפונג פון א נאציאנאלע ראטה פון וועלכען די דעלעגאטען האבען זיך פאראייניגט אין איין קערפערשאפט — די גרינדונג פון דעם אלגעמיינעם צענטער וועלכער איז צוזאמענגעשטעלט פון די דעלעגאטען צום פריעדענס קאנפערענץ.

די גרינדונג פון דעם דעלעגאטען קאמיטעט און זיין עקזיסטענץ דורכ'ן יאהר איז דערוויל ניט מעהר ווי אן אנפאנג פונקט ווי די שאפונג פון דעם נאציאנאלען ראטה איז דערוויל נור בבחינת התחלה. פיעלע פארטייען ביי אונז זענען דאגעגען דאס די ארגאניזירונג פון די אידען זאל פארקומען דורך א פארם ווי דער דעלעגאציאנען קאמיטעט האט אנגענומען, און זיי קעמפפען שטארק נעגען דעם דעלעגאציאנען קאמיטעט פונקט ווי זיי האבען געקעמפפט נעגען דעם נאציאנאלען ראטה. אבער עס איז קיין שום ספק ניט דאס דער דאזיגער נייער פארם ווי באלד ער איז נאר אריין אין לעבען וועט ער אין גיכען צוציהען צו זיך יעדען איינעם, טראץ זיינע פילע געגנער, און טראץ דעם וואס האבען זיך פון דאס ניי ערוועקט די אלע ספקות און שרעקען בנוגע די ארגאניזירונג פון די אידען אין פארשיעדענע לענדער, כדי צו באשיצען זייערע אינטערעסען און פארזיכערען זייערע רעכטע. אט איצט שוין האלטען די אנטיסעמיטען אין פוילען אין איין שרייען און אין געוואלדעווען אויף דעם דעלעגאציאנס־קאמיטעט און רופען איהם אן אלס דער־פארטרעטער פון דער „אנאנימער רעגירונג" וועלכע רעכענט זיך, פארשטעהט זיך נאך זייער מיינונג, צווישען די פיינד פון דער נייער פוילען. אבער דער יעניגער, וואס איז געווען אין פאריז און האט צוגעזעהן ווי די דעלעגאטען פון די אידישע פארטייען און ארגאניזאציאנען פון דער גאנצער וועלט, קומען טאג־טעגליך קיין פאריז, דער וואס האט זיך צוגעקוקט צו די ארבייט פון דעם דעלעגאציאנען קאמיטעט און האט זיך צוגעהערט צו די באריכטען וואס די פארטרעטער פלעגען איבערגעבען וועגען די ביטערע לאגע און שרעקליכע נויט וואס דאס אידישע פאלק מאכט איצט דורך און די אלע מלחמות און שטרייטען וואס זיי שטעהען אויס און ווי ווייט מען מוז ארבייטען און קעמפפען כדי צו פארהיטען זייערע רעכטע — דער וואס האט דאס אלעס צוגעזעהן, דער פיהלט ווי ווייט דער דאזיגער נייער צענטער אונזערער איז ניט קיין געקינסטעלטער, נור איז א פראדוקט פון אונזערע לעבענס „מוטשענישען" און אונזער עקזיסטענץ קאמפף.

דער דאזיגער צענטער איז דערוויל נאך ניט פאלקאם ווי ער באדארף זיין. ער נויטיגט זיך נאך אין פיעלע אנגעשטרענגטע ארבייט ביז ער וועט באקומען זיין ריכטיגען קאליר. עס וועט אונז נאך אויסקומען פיעלע מלחמות צו פיהרען ביז מיר וועלען פארזיכערען זיין עקזיסטענץ און ברייגגען איהם צו זיין העכסטע ענטוויקלונג. עס פארשטעהט זיך דאס מיר וועלען מוזען איבעראנדערשען אביסעל זיין געביידע כדי צו מאכען פאר א שטענדיגען צענטער, א צענטער וואס זאל טראגען די פארמע פון א „ועד הארצות" וואס אין איהם זאלען זיך געפינען פארטרעטער פון אלע אידען, וואו מיר זענען נור צעשפרייט. עס וועט אפשר צוליעב דעם אפילו אויסברעכען א מלחמה אין אונזער איינענעם לאגער און צווישען אונזערע אייגענע רייהען — די ציוניסטען. אבער איך בין זיכער, דאס דיזער צענטער וועט זיכער זיעגען, פונקט ווי עס האבען געזיעגט דער נאציאנאלער געדאנק צו ארגאניזירען אונזערע אלע נאציאנאלע פארטייען אויף צו ארבייטען פאר אונזער אויפלעבונג.


— באקאנטמאכונג —

רעוו. א. קאצער

וואס איז רעקאמענדירט פאר'ן בעסטען

מוהל

זייט די לעצטע 20 יאהר

האט געמופט פון 263 פארנסווארט אין 140 מערבורי, קאר. בראש

טעלעפאן: מארקעט 827

שעכטער'ס

דראג סטאר

477 הייסטינגס סט.

טעלעפאן, טשערי 5763.

פרעסקריפשאנס פארפערטיגט מיט די גרעסטע פינקטליכקייט

צו יעדער צייט

J. Lanskey

Tailor

איבער איהר ווילט קריגען גוטע פאראנטווארטליכע ארבייט דאן קומט צו 105 טיאדאר סטרים.

מיר קלינען, פרעסען און רעמאדלען ליידיעס און דזשענטס גארמענטס.

אייער זומער וואקיישאן

וועט אייך בעסער באקומען

ווען איהר וועט טראגען די ריכטיגע

אויגען גלעזער



אין אלגעמיין דארפט איהר אלע מאל עקזאמענירען אייערע אויגען ביי דעם

LOU GOLDBERG

245 Griswold St.

דעטראיטער אויגען ספעציאליסט

רעדזשיסטרירט אפטאמעטריסט און מאנופעקטשורינג אפטישען

אויגען עקזאמענירט ביי אפוינטמענט

אויך זונטאג

מיר שיקען צו אייך אהיים נאך די גלעזער און ריפעירען. דעליווערי פריי.

רעוו. ל. ד. רייכלין

פון אהבת אחים שוהל

(אוקלאנד)

נעהמט אן סדור קידושין

און אנדערע שמחות מיט די בעסטע

צופרידענהייט.

511 קעמעראן קוועניו

טעל. העמלאק 1130 ראבעליו


# ברען שטאף

פון ארטער עסעלין

איך וואלט, זאג איך, וועלען וויסען, וואו קומען אהין אלע בריעף?

כ'מיין פריוואטע בריעף, פון פריוואטע שרייבער. איך זאג אייך, סע באדערט מיך שוין א לאנגע צייט. איך וואלט זיך וועלען קלאר מאכען: ווארום פיעלע האלטען אלטע בריעף ווי א „געטשקע" און איך — פאטשיש גערעדט — שפיי אויף זעם. נאך מעהר! איך האב גאר א ספעציעלען פארגעניגען ווען איך פארברען זיי איינעם נאך'ן אנדער'ן.

איז היוצא מדברינו? איך ווייס וואס איך טו מיט מיינע בריעף.. אבער וואס אנדערע טוען מיט זיי, ווייס איך ניט. נאסער!

אט אשטייגער וואס טוט איהר מיט אלע אייערע אלטע בריעף, וואס איהר באקומט פון אייערע פריינד, פארוואנדטע א. א. וו.? איהר זאמעלט זיי? בינדט זיי אין פעקעלעך און באהאלט זיי אויפ'ן פאליצע?

איך בין אייך מקנא, אייך און אלעמען, וואס האבען אזא אידעאלען באגריף בנוגע אלטע בריעף. מחשבותן! קוים קלייבט זיך ביי מיר אן א ביסעל בריעף, מאך איך גלייך א פייער טאג. נישט קיין יום טוב — נאר פשוט — איך מאך א פייער און פארברען די בריעף.

אט האב איך היינט פארברענט ניט קיין ליגען זאגען, צוויי דוצען בריעף. און עס איז ערשט פינף וואכען זייט דער לעצטער שרפה. עס קומט מיר צו. געזונגה. בעת איך קוק ווי דאס פייער פארצוקט אין זיין רויטען מאגען אט די בריעף.

איך רוק צו מיין ארעם־שטול צום קאמין, גרייט אן מיין פייפ, און אט פארברענען בריעף..

דאס פייער ברענט ליכטיג, און לעבעדיג, קנאקט אונטער, ווי א הונגעריגע וואס באלעקט זיך ווארטענדיג מיט אונגעדולד אויפ'ן אונפארמיידליכען קרבן.

צו ערשט נעהמען די „ווערטהע פריינד" בריעפלעך. די קירצסטע נאטירליך, ניט אכטענדיג אויף זייער טרוקענקייט, ליגט דאך זאפט און כח אין די שורות.. די שרייבער האב איך ליעב ווייל דאס זענען מענשען פון ניכטערען פארשטאנד. האבען שוין גענוג גענאשט פון „ראזינקעס און מאנדלען" איצט ווענען זיי נעבעך צו כיטרע ארדער פארדאמט גלויבענסלאז צו זיין גליקליך. די ברענען ניט לאנג. דאס פייער גיט זיי א לעק, און עס האלט שוין ביים „מיט פריינדליכען גערוס".

נעקסט:

עהנליכע צו די ערשטע, נאר אביסעלע לענגער. און טאקע לאנגע אייך, וואס האבען צו טאן מיט קאצען יאמערישע פילאזאפיע, און קענען פארנודיען א שטיין אויפ'ן בארג.

די ברענען אביסעלע לענגער. קענטיג דאס פייער אליין קען זיי ניט אזוי לייכט מנצח זיין.. אבער וואס לענגער זיי ברענען אלץ מעהר הנאה האב איך..

נאכהער קומען אריסטאקראטישע בריעף, פון געקראכמאלטע שרייבער בריעף, וואס זאגען לחלוטין גארנישט. לפנים פרעגען זיי זיך נאך וואס דו מאכסט, אין געזונד, וואס הערט זיך נייעס? טרוקען ווי א באקסער און אינהאלטלאז ווי א פוסטע ניסעל. די ווארף איך גלייך אין פייער, נישט אומקוקענדיג זיך ווי לאנג עס נעהמט זיי דאס ברענען. נאכהער קומען איינלאדונגס קארטען, באגריסונגען, וויזיט־קארטען, מיט דעם אייגענטהימער'ס פארטרעטעל, געשעפטס־בריעף, וואס פאנגען זיך אן מיט „דיער סער" און ענדיגען זיך מיט — פליעז! רעמיט דהים ביל אן דהי טהענט". די פאפיר איז מעהרסטענס דיק און ברענט ניט אזוי פלייסיג. לעשט זיך, סמאליעט זיך און לאזט פון זיך ארויס א טשאד.

נעהם איך מיין ליעבע ווייסע פייפ, פארוויכער, און וויג מיך אין שאקעל־שטוהל, ביז דאס פייער ברענט אויס, איבערלאזענדיג ווייסע פרענזלעך אש. ערשט דאן מאך איך א ריין ארט פאר דעם קומענדען ברען־שטאף.. און מיט פרישער התלהבות נעהם איך זיך פאר דער שרפה.

איצט קומען בריעף פון עם הארצים וואס שרייבען מיט גרייזען און יעדער ווארט סקריטשעט ווי מיט א נעגעל אויף א נאסער שויב. די זענען עס גוראע וואס גיבען דיר עצות ווי צו פיהרען זיך, און זיין א לייט. און מיינען אז זיי באגליקען מיך מיט זייערע בריעף (ביז א געוויסען גראד איז עס אמת. דאס איז בעת איך פארברען זיי). די בריעף נעהם איך ארויס פון די קאנווערטען און בלעטעל נאך בלעטעל ווארף איך אויפ'ן פייער און שריי: „ברען, ברען! צינד זיך אן"! כמעט דאס זעלבע טו איך מיט די בריעף פון מיינע רייכע פריינד און לאנדסלייט. די האס איך אם שטארקסטען, סיי פאר דער ניט פארדיענטער טאדלונג, סיי פאר'ן פאלשען לויב. נאר ווען דאס פייער קומט צום ארט פון „שרייב אונז וואס הערט זיך פון דער היים? וואס מאכט דיין מוטער?" איז עפעס אינסטינקטיוו טו איך זיך א לאז צום שטיקעל פאפיר, לעש אויס דאס פייער פון ברענענדען בריעף, קוק זיך איין אין איהם ווי איך וואלט וועלען עפעס מגלה זיין, פאהר אריין מיט אלע צעהן פינגער אין דער טשופרינע (כ'האב לאנגע האהר) קוועטש די שלייפען, רויכער די שוין האלב פארלאשענע פייפ און.. ענדליך ווער איך מיער אויף דעם צוקוקען, ווארף איך דאס אויך אין פייער אריין. און ווען דער פלאם האלט שוין ביים „פון מיר דיין קאזין נ. ה." און די ווייסינקע אש פרענזען ראלען אן פלאטערן, בליצענדיג מיט די אויגעלעך פון די לעצטע פייער־פונקען און ווייסע אש פליהט ארויס פון קוי־דער חרטה און יסורים, קער איך אפ דעם קאפ און קוק צו איז נאך וואס געבליעבען צום ברענען, און אז איך איבערצייג זיך אז ס'איז דאך דא א היבש ביסעל ברען שטאף, שלאגט מיין הארץ פאר פרייד. דאן פארדוויכער איך ערשט מיין פייפ, איבער א נייס. שאר אפ דאס אש וואס איז שוין קאלט, און שווארץ ווי די האפנונג פון א פארהייראטען מאן.

יעסער:

אבער איצט, אהא? ס'קומט איצט די וואונשנע ברען שטאף. דאס זענען בריעף פון פרויען העגט נעפאטשקעט, ס'שמעקט מיט קארטאפעל שאלעכטס, מיט שוויים פון מיהזאמען פאמיליען לעבען..

די ניין מאס רייד מוזען ארויסגעזאגט ווערען אומבאדינגט אויף זעקס זיבען בלעטלעך. עס איז אין בעסטען פאל א ביסעל פלוידעריי וואס האט א טעם ווי אויסגעקייטער גאם..

דערפאר איז אבער דער פראצעס פון זייער ברענען „פעקוליער", אינטערעסאנט. ברענען, ברענען זיי, נאר מאכען אקראבאטישע קונצען.. האלבע בלעטלאך פאלען ארונטער און די ברענענדע פלאצען פאנאנדער, גליהען, טליהען. אזעלכע משונה'דיגע שטיק.. אין אזא פאל, קלייב איך צוזאמען די שריים, און ווארף זיי צוריק וואו דאס פייער איז פלאמענד. איך פיקס זיי שוין אזוי, אז פון זיי בלייבט קיין שריד ופליט. דאס טו איך מיט א שמייכעל אויף די ליפען..

צו לעצט קומען ליעבעס בריעף. דאס איז דער ריכטיגער שטאף פאר'ן פייער.. ליעבעס בריעף מיט קאלירטע קאנווערטען מיט קרום געקלעפטע סטעמפס, פון מיידלאך און דאמען, עלטערע, יונגערע מיט פרעטענזיעס מיט „הארץ" געפיהלאכץ, מיט ראמאנטישע מאראלעלען, בריעף נעצוקטע, געפיגטעלטע, מיט חלומות מיט נייגעריגקייטען, אומגעדולדיגקייטען, מיט נאך וואס ווילט איהר מעהר — מיט בלומען פרעסט — יעצט שוין דונקעל ברוינע בלומען, די ווארף איך שוין ניט אזוי ראפטאם אין פייער. ס'איז דאך עפעס ליעבעס בריעף. פריהער לייען איך זיי איבער. מיין העכסטער חוב צו ווענוס. ווייס איך איך קען צאהלען. און ווי אן אלטער בעל עבירה'ניק, וואס גרייט זיך צו מיט א בינאקעל צו דער ערשיינונג פון א האלב נאקעטער אקטריסע אויף דער ביהנע, אזוי גרייט איך זיך צו דער פינאל שריפה פון מיינע (ליעבעס) בריעף. און בלעטעל נאך בלעטעל ווארף איך זיי אויפ'ן פייער. ס'ברענט „זאמטשאטעלנא'" פארשיעדענארטיג. איינגע ווערען אנגעכאפט פון פלאם מאמענטאל. אנדערע — געפעלט צו ברענען דהוס'דיג (פאפעראק). קאפריזע ווען, חן'דלען זיך, דרעהען זיך, אהער און אהין. אבער סוף כל סוף ווערען זיי פארברענט און בלייבען סטיף אויסגעצויגען אין שווארצע רוה ווי די ליידענשאפט און בארוהיגטע מענשען. אפגעגליהט, שא..

די איינציגע בריעף וואס איך פארברען ניט איז פון מיין מוטער אדער נערוסען פון היינע קינדער־הענטלאך געשריעבען.

די בריעף פרעס איך צו מיין הארצען און קוש זיי מיט פארמאכטע אויגען. און ווען איך עפען זיי, טרערען זיי.. גלעט זן צערטעל דיעזע בריעף, אבער זיי גהען פארט לאיבוד. איך ווייס ניט ווי אזוי זיי געהען מיר פארלארען. —

מיין טענה: —

איך וואלט, זאג איך, וועלען וויסען, וואו קומען אהין אייערע אלטע בריעף.

יעסער!..


באקאנטמאכונג

יין גפן לקדוש ולהבדלה

אייך אלעמענס גוט באקאנטע וויין־סטאר אויף 407 הייסטינגס סטריט, וואו איהר פלעגט שטענדיג באקומען דעם בעסטען וויין פאר ריטועלע צוועקען, איז יעצט איבערגעגאנגען אונטער א נייער מענעדזשמענט. די אויפזיכט איבער דיעזען סטאר האט יעצט א מאן וועלכער איז פאר יאהרען לאנג געווען אין וויין ביזנעס. דער נייער מענעדזשמענט, וועלכער האט איבערגענומען דעם סטאר מיט די אלע סארטען גוטע וויינען גלויבט, אז פארקויפענדיג מעהר וויין צו בילינגערע פרייזען, וועט זי מאכען מעהר סוקסעס, ווי פארקויפענדיג ווייניגער וויין צו הויכע פרייזען. מיט איין ווארט, זיי וועלען געבען א געלעגענהייט יעדען אידען אין דעטראיט, צו קריגען די בעסטע וויין פאר קדוש און הבדלה צו די בילינסטע פרייזען.

פאלגענדער פרייז ליסט וועט העלפען אלס ביישפיעל, ווי ריכטיג עס איז אלעס וואס דער נייער מענעדזשמענט פארזיכערט אייך.

די בעסטע כרמל וויין

| | |
|---|---|
| דער פרייז פון בעפאר | $20.00 |
| דער יעצטיגער פרייז | $17.50 |

כרמל וויין

| | |
|---|---|
| דער פרייז פון בעפאר | $15.00 |
| דער יעצטיגער פרייז | $13.75 |

פארט וויין

| | |
|---|---|
| דער פרייז פון בעפאר | $12.50 |
| דער יעצטיגער פרייז | $ 8.00 |

זויערער וויין

| | |
|---|---|
| דער פרייז פון בעפאר | $12.50 |
| דער יעצטיגער פרייז | $ 6.00 |

קומט צוזעהן אין אונזער וויין סטאר אויף 407 הייסטינגס סטריט און איבערצייגט זיך אין דער ריכטיגקייט פון אונזער פרייז ליסט און אין דער גע־שמאקהייט פון אונזער וויין.

מיט גרוס,

די סאקראמענטאל וויין סטאר

407 הייסטינגס סטריט.

ווילט איהר אייערע

שלעסער, שליסלען קארפענטער זעגען, טולס און אנדערע ארבייט

גוט געמאכט און גאראנטירט?

טו קומט צו

מ. ראמניץ

245 מאנטקאלםסט.

די יוניווערסאל לענד קאנטראקט קא

האט געמופט דער אפיס פון 9-928 טשיימבער אוו קאמערס בילדינג

צו

204 הארזשעס בילדינג

קארנער סטייט און גריסוואלד

# Der Weg

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט
ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער
וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד
אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715.


## וואס ווייניגער מען עסט אלץ געזונדער איז מען

פון ל. י. ג—ן

צווישען די אלע רפואות וואס מען רעקאמענדירט אויף צו באקעמפפען די איצטיגע מגפה איז פאראן אויך דאס מיטעל — צו עסען ווייניגער, ניט איבערשטאפפען זיך.

ביז מיט עטליכע יאהר צוריק האט מען געגלויבט, אז דער מענש קלויבט כחות פון דעם עסען. וואס מעהר מען עסט, און וואס ווייניגער מען איז, פארטיקולאר אין דער אכילה אלץ געזונדער איז מען.

מען האט זיך אבער לעצטענס געכאפט, אז די דאזיגע טעאריע איז פאלש דורך און דורך. מען האט מיט ראיות באוויזען אז וואס מעהר מענשען עסען, אלץ לייכטער ווערען זיי קראנק.

צופיעל עסען איז אומגעזונד!

אט דאס איז געווארען א פעסט באשטימטער כלל.

מען איז געקומען צו דער איבערציייגונג אז מענשען ליידען מעהר פון איבערשטאפונג ווי פון צו הונגערען אביעל פון צייט צו צייט.

די ערשטע איז געווען. דער פרויען זשורנאל „לידיס האם זשורנאל" וועלכער האט אפגעדרוקט א סעריע ארטיקלען געגען פרעסען. און באלד האט זיך אויפגעהויבען א גאנצער סכסוך וועגען יעוער פראגע.

נענומען האט זיך דאס דערפון וואס איינער מר. פלעטשער האט זיך געקלאגט אז ער פלעגט זעהר אפט ליידען פון פארקיהלונג און אטאקעס פון אינפלוענציע.

מר. פלעטשער האט דאס אנגעהאנגען אן דעם, וואס ער האט צופיעל געגעסען צו שווער געוואויגען.

ער איז הויך געווען פינף פוס מיט זעקס אינטשעס און געוואויגען האט ער צוויי הונדערט מיט 17 פונט.

לויט ער האט דאמאלס אפגעשאצט, האט ער געוואויגען מיט גאנצע פופציג פונט מעהר, לויט ער דארף וועגען.

דערפון האט זיך גענומען זיין ניט פארדייהען דאס עסען, די אפטע אטאקעס פון דער אינפלוענציע און אפטע מיעדקייט — א זאך וואס דאס רוב מענשען, וועלכע עסען פיעל, דערפיהלען עס זעהר אפט.

געצוואונגען צו פארטראכטען זיך אויף זיין געזונד האט איהם אבער דאס וואס אן אינשורענס קאמפאניע האט איהם ניט געוואלט ארויסגעבען קיין פאליסי, ווייל זי האט איהם אנערקענט פאר קראנק.

— איך קראנק? — האט ער זיך געוואונדערט.

אבער דער דאקטאר פון דער אינשורענס קאמפאני האט איהם ערקלעהרט, אז זיין גראבער בויך און אט די אנפאלען פון אינפלוענציע זענען א סימן פון קראנקקייט און טאקע געפעהרליכע קראנקהייט.

דעמאלט איז ער אלט געווען 40 יאהר. באטש אויסגעזעהן האט ער א סך עלטער.

און ער האט אליין אנגעהויבען צו שטודירען זיך אליין.

פאר אלעם האט ער גענומען שטודירען דאס מויל און ער האט איינגעזעהן אז הנאה האט ער אייגענטליך פון דעם קייען נים פון'ם ארעפשלינגען. האט ער דארום גענעסען אזוי פיעל ווי פיעל ער האט געהאט הנאה פון דעם קייען.

און פערלויף פון פינף חדשים האט ער זיך געפיהלט זעהר גוט. ערשטענס האט ער אויפגעהערט ליידען פון אפטע פארקילונגען און פון דער מיעדקייט. פארלוירען האט ער זעכציג פונט פון דער וואג.

אלע זיינע פריינד האבען איהם אויסגעלאכט, ווייל ער האט זעהר שלעכט אויסגעזעהן אויסערליך. זיי האבען איהם געזאגט אז זיין מיטעל צו עסען וואס ווייניגער זועט איהם טרייבען פון דער וועלט.

ער האט אליין אבער געפיהלט אז איהם איז איצט בעסער געווארען. ער ארבייט לייכטער. ער באוועגט זיך שנעלער. פארקיהלט זיך ניט און איז קיין מאל ניט מיעד.

דער אנטיק איז געווען וואס אויך די דאקטוירים האבען זיך אויסגעלאכט פון זיין רפואה: ווייניג עסען.

איין דאקטאר נאר, אן איטאליענער, וואס האט אליין אויך געליטען פון די זעלבע איבלען וואס מר. פלעטשער, האט איהם איבערקוקאם אויסגעהערט און האט אפילו אנגעהויבען אליין נאכצוטאן זיינע מיטלען.

ער האט פרובירט צו עסען ווייניג איין וואך, א צווייטע און אויף דער דרייטער האט ער זיך געפיהלט בעסער.

דער דאזיגער דאקטאר (וואן סאמער) האט נאכדעם וועגען דעם געשיקט אן אפהאנדלונג קיין ענגלאנד אין דעם קעמברידזש אוניווערסיטעט און זיי פאראינטערעסירט אין מר. פלעטשערס „ערפינדונג" און מיטלען.

דעמאלט ערשט איז די וויסענשאפטליכע וועלט געווארען אויפמערקזאם און מען האט אנגעהויבען צו מאכען עקספערימענטען.

צוערשט האבען די מיליטערישע דאקטוירים געמאכט עקספערימענטען און עס האט זיך ארויסגעשטעלט, אז די סאלדאטען וואס האבען געגעסען ווייניגער און לאנגזאם, זענען געווארען ריהרעוודיגער און פיזיש געזונדער.

און פון דעמאלט אן האט מען שוין געמאכט פארשיעדענע עקספערימענטען און עס האט זיך ארויסגעצייגט אומעטום אז די מיטלען וואס מר. פלעטשער האט אנגעגעבען אין דעם זשורנאל „ליידיס האם זשורנאל" זענען זעהר וויכטיג און נוצליך און דארפען אנגעווענדעט ווערען פון כמעט יעדען מענשען.

עסען ווייניגער און לאנגזאם. און ניט עסען קיין שווערע מאכלים, וואס לאזען זיך ניט לייכט פערדייען.

אין אונזערע מקומות, וואו דער קלימאט איז קאלט, קענען פיעלע מענשען ניט אויסקומען אהן פלייש.

פונדעסטוועגען געהען פיעלע מיט דער סברא, אז ווען מיר זאלען זיין וועגעטאריאנער וואלטען מיר געהאט וועניגער, אדער גאר קיין עפידעמיעס.

ווארים די הויפט אטאקעס קריגט מען איבער דעם וואס דער מאגען ארבייט ניט ווי געהעריג ביי א גרויסען רוב מענשען. די וועגעטאריאנער אבער עסען לייכטע מאכלים, וואס קענען זעהר לייכט פארדייהעט ווערען און דאס אליין האלט שוין דעם גאנצען קערפער שטארקער; דורכדעם אליין ווערט ער פעהיגער צו באקעמפפען אירגענד וועלכע אטאקע.

דערצו איז אבער א גאנצע פראגראמע פאראן. ניט איטליכער וויל און קען ווערען א וועגעטאריאנער. עסען ווייניגער און לאנגזאם, דאס קען און דאס זאל יעדער איינער פראקטיצירען.

## „שמשון און דלילה"

(שלום פון פיידוש 4)

און אז ער פארשטעהט ניט קיין ווארט פון דער פיעסע און וויפיעל דער אויטאר גיט איהם ניט צו פארשטעהן, אז ער שפיעלט א דיכטער, עס העלפט ניט. ער זאגט זיין פראזא אהן פייער, אהן נשמה. ער פיהלט אפילו ניט, אז נעבען איהם שטעהט א פרוי, א דלילה. און, פול מיט איפערזוכט שרייט דער דיכטער אויס: „ווען איך בין אויף זיין פלאץ!"...

מען קומט צו צו דער ערשטער סצענע, שמשון און דלילה'ס געצעלט און דער דיכטער באשליסט אז אט דא וועט ער איבערנעהמען די ראל פון שמשון — ער וועט שפיעלען די סצענע...

ער פאנגט אן און — דער מעבעלהענדלער ערשיינט אויף דער סצענע. דעם דיכטער'ס קאפ איז אין דלילה"ס שוים און ער ווייס דערפון ניט. גלייכצייטיג ווארפט דלילה אן אויג פול מיט ליעבשאפט אויף דעם מעבעל־הענדלער און זי ווערט וואס ווייטער אלץ גראטישער. פאנגט אן פיבערען פון ליידענשאפט. דער דיכטער דערפיהלט עס און ווערט פארוואונדערט, אבער באלד ווערט איהם קלאהר. ער דרעהט זיך אום און דערזעהט זיין ליעבעס־קאנקורענט שטעהענדיג פונקט אנטקעגנען איהר און אט וואוהין איהר ליעבעס פייער איז געווען געצילט.

ווי א ווילדער ווארפט ער זיך אויפן מעבעל הענדלער. עס ווערט א סקאנדאל, אבער ער ווערט באפאלען פון די פלישתים־סטאטיסטען און שמשיפיהלט, אז זיין גבורה האט זיך אויך נעשעפט...

אין דריטען אקט ווערט יוזערער ארגעשטעלט דעם דיכטער'ס הויז. קיינער איז ניטא, בלויז די דיענסט. — זין אידעלע נשמה וועלכע ווערט צורייסען אויף דעם אומגליק פון איהר יורטה — דעם דיכטער.

צו דער איבערראשונג פון דער דינסט ערשיינט פלוצלונג דער דיכטער איינער ביהנע, א פארהונגערטער, אן איינגעמאטערטער און געריהרט פון זינגען.

ער דערצעהלט איהר, אז ער האט טעג און נעכט ארומגעבלאנזשעט אליין אין וואלד; האט צו דער נאטור דעקלאמירט און זאגאר געזונגען. האט גערופען צו דער מוזע, אבער זי איז ניט געקומען... די פלשתים — זאגט ער — האבען איהם די אויגען אויסגעשטאכען — ער איז בלינד...

ער ווערט געוואהר, אז באלד דארף אנקומען זיין פרוי און — נאך אימיצער... שמשון באשליסט צו מאכען די לעצטע אנשטרענגונג און פון זיין קעשענע ציהט ער ארויס א רעוואלווער. עס דערהערט זיך א קלאפ אין טיר — דאס זענען זיי. מיט'ן רעוואלווער אין האנט ווארטעט ער דער דיענסט, זי זאל האלטען מויל און אליין פארשווינדט ער אין א צווייטען צימער.

עס קומט אריין פרוי קראנבאך מיט דעם מעבעל הענדלער. זי איז איבערפילט מיט גליק און דער האט צו איהר מאן דערגרייכט דעם העכסטען פונקט ווען זי דערמאהנט זיך נאר, אז ער איז בלויז אוועקגעפאהרען און — ניט מעהר ווי אוועקגעפאהרען.

צו זייער שרעק עפענט זיך די טיר, און עס קומט אריין דער דיכטער, אויסגעפוצט אין א פאפירענעם פאנצער מעשה שמשון הגבור און ער דעקלאמירט די פערזען פון זיין ווערק... נאך א מערקווירדיגער סצענע, אין וועלכע בן עמי ערשיינט אין זיין פולער קינסטלערישער גרויס, כאפט ער ארויס דעם רעוואלווער און ציעלט אן זיי. זיין האנד לאזט זיך אבער באלד ארונטער און יוען זיי פארשווינדען, זאגט ער צו זיך אליין: „איך קען ניט טויטען!"... די פאעזיע מוז שטארבען"...

און ער שיסט זיך אריין א קויל אין [illegible] ברוסט.

אט דאס איז דער אינהאלט פון סוזען לאנגע'ס „שמשון און דלילה". ווי שוין געזאגט אין אנהויב: א טענדענציעזע אידעע, אבער א קינסטלער האט אין איהר זיין נשמה אריינגעטעמט און מיר האבען פאר זיך א מערקווירדיג שטארקע סימבאליש־ רעאליסטישע דראמא.

א פאעטישער שמשון הגבור איז געקומען צו א קאנפליקט מיט שטארקע לעבענס־כחות, וואס זענען פיינדליך צו דער פאעזיע — און דער העלד איז באזיגט געווארען.

יוענגן די שוישפיעלער וועט זיך לוינען אפצוגעבען א באזונדער ארטיקעל.

## בריליאנטען

מיר זענען געזעסען און [illegible] ווענען דער גוואלדיגער שפע אוז [illegible] וואס פארפלייצט איצט די וועלט [illegible] דעם זאס טראגט וואס מיר ליידען [illegible] און חלש'ן נאך א שטיקעל צוקער, ווערען מיר פון טאג צו טאג אלץ [illegible] און רייכער, אזוי, אז די [illegible] שטוב־חפצים פון לעצטען [illegible] גען אן מעהר ווי דאס רייכסטע [illegible] פון'ם אמאליגען גביר.

מיר זענען געזעסען און גערעדט וועגען — בריליאנטען, וועלכע איז אין דער מלחמה־צייט און איבערהויפט די לעצטע חדשים דערהויבען געווארען צו אזא אויסערגעוועהנליכער מדרגה, צו וואס עס האט קיין שום פראדוקט און ארטיקעל נישט זוכה געווען.

— איך קען א פאמיליע — האט זיך אפגערופען איינער פון די, וואס האבען זיך אינ'ם געשפרעך באטיילינט — אן ארימע פאמיליע, וועלכע האט די גאנצע מלחמה צייט גרויס נויט געליטען.

ער פאטער פון דער פאמיליע איז נאך מיט א פאר יאהר צוריק געשטארבען, איבערלאזענדיג אן אלמנה מיט א היבש ביסעל קינדער, צווישען זיי צוויי דער וואקסענע טעכטער, כלות, וועלכע וואלטען שוין לאנג געהערט שפיעלען ווען זיי וואלטען נאר געהאט א שטיקעל אויסשטייער כאטש א פאר לייטישע קליידלאך אונטער דער חופה צו געהן. ווי אזוי קאנען אבער אזעלכע יתומות נאר חלום'ען וועגען דעם, בעת אין שטוב פעהלט יעדען טאג אויף ברויט און קארטאפעל אויס?

האט מען געליטען, שרעקליך געליטען, און אז אלע האפנונגען האבען זיך אויסגעלאזט, אויף וואס צו ווארטען איז נישט געווען מעהר און עס האט שוין געהאלטען ביי דערבי דאס די שדוכים זאלען איינגאנצען אפגעהן, האט די מוטער באשלאסען די לעצטע כחות צונויפצונעהמען, אויספארקויפען פון שטוב ארויס אלץ, וואס עס לאזט זיך נאר פארקויפען, און די טעכטער חתונה מאכען.

אויף קיין גרויסע זאכען האט זי נישט געהאפט: א פאר העמדער, א קליידעל, און ווייטער זאל גאט זארגען.

האט זי אנגעהויבען זוכען, נישטערן, בדקנ'ען און אלע שופלאדען און פלוצים געפינט זי עפעס אן אלט פארוואלגערט אוירינגעל, א ירושה פון דער באבען, איינס איז פארלארען געגאנגען אדער באלד ניט געווען און איינס איז געבליבען. נאר זי האט קיינמאל נישט געדענקט וועגען דעמוואס פאר א ווערט קאן עס דען האבען?

פונדעסטוועגען האט זי זיך מיישב געווען — מען דארף אריינגעהן צו א גאלד־שמיד איבערפרעגען א קשיא אויף א מעשה. אפשר קאן מען פארט עפעס קריגען דערפאר, וועט זיין צושטייער אויף א העמד קויפען.

איז זי אוועק צו א גאלדשמיד און וואס זאל איך אייך דא לאנג ברייען?

— פופצעהן טויזענד מארק האט זי פאר דעם דאזיגען פארוואלגערטען אלט פרענקישען אוירינגעל באקומען פופצעהן טויזענד מארק! די שמחה און די אויפריכטעניש פון דער שטוב בין איך אייך נארנישט אימשטאנד צו מאלען און א חתונה האט מען געפראוועט — הלואי אויף אלע ארימע יתומות געזאגט געווארען, אמן!

— אזעלכע אומגעריכטע באגליקענשען — האט זיך אנגערופען א צווייטער — טרעפען לעצטענס גאנץ אפט. פאר עטליכע וואכען צוריק זיין איך ייפעליג אין געשעפט פון מיינעם א באקאנטען יובעליר סוחר. (ער האט יונז אנגערופען דעם נאמען זיינעם), קומט אריין א איד, אן ארים געקליידעטער איד מיט אן איינגעפאלען האלב־ הונגעריג געזיכט, און בעט, מען זאל איהם אפשאצען א פאר אוירינגלעך, זיין ווייבס אוירינגלעך, וואס זי האט געקריגען צו דער חתונה.

נעהמט עס דער יובעליר אין האנד, [illegible] דרייט א געניטען מבינישען בליק און דאן טוט ער א קוק אויפ'ן איד:

— איהר ווילט עס פארקויפען?

— פארוואס נישט? ארדרבה, וויפיעל גיט איהר דערפאר?

— אכט טויזענד מארק.

הערהעבט אזעלכע ווערטער, ווערט דעם איד'ס פנים אנגעגאסען מיט רויט קויט און א מבולבל'ער קאן ער פון איבערראשונג א ווארט נישט ארויסריידען.

— גיט זיי מיר, גיט זיי מיר צוריק. — שטאמעלט ער און שטרעקט אויס די האנד נאך די אוירינגלאך.

— וואס? עס איז אייך ווייניג? — מאכט צו איהם דער יובעליר מיט א קאלט סוחרישער מינע און פרופט זיך מיישב זיין — כ'וויס, מילא כ'וועל ריזיקירען, הגם כ'קען אמאל שטארק אריינפאלען דערביי (בעת מעשה דרעהט ער נאך אמאל די אוירינגלאך אין האנד און באטראכט זיי מיט א פארזארגטע מינע). נו, זאל שוין זיין! איהר קריגט דאס גליכע געלד. צעהן טויזענד מארק!

דער איד איז שטעהן געבליבען מיט אן אפען מויל, ניט וויסענדיג צו דאס שפאסט מען פון איהם אדער נייז. דאן אבער האט זיך אויך אין איהם דער וועקט דער סוחר'שער אינסטינקט און ער האט זיך אנגענומען מיט קוראזש און א זאג געטאן און פון אונזיכער קייט האט ביי איהם די שטימע שטארק געציטערט:

— ווייסט איהר וואס... צוועלף טויזענד וועט איהר געבען? ניט אהער צוועלף טויזענד מארק אוף — א סוף!

פארוואס עפעס צוועלף טויזענד — האט דער איד מיט'ן האלב הונגעריגען פנים מסתמא אליין ניט געוואוסט. ער האט געוואוסט בלויז, אז וויפיעל א סוחר זאגט צו, דארף מען פאדערען מעהר...

מיין סוחר האט זיך געקווינקעלט, שטארק געקווינקעלט, געקנייטשט דעם שטערן, געבלאזען מיט די ליפען, ווידער אמאל געדרעהט די אוירינגלאך אויף אלע זייטען דאן האט ער זיך געדונגען, שטארק געדונגען, ביז מען האט געמאכט א פשרה און דער יובעליר האט איהם אויסגעצאהלט עלף טויזענד מארק במזומנים.

(שלום מארגען)

## (א שמועס) פון לארנעטע

## ניופארט ניוס מזרחים פייערען ציון זיעג מיט גרויס ערפאלג

אין ניופארט ניוס האבען די מזרחים לעצטענס געפייערט די ציון זיעג. רעוו. פיינבערג, דער פרעזידענט פון די דארטיגע מזרחי אגודה איז געווען טשערמאן פון אווענד. דער הויפט רעדנער איז געווען הרב ראס פון סיראקיוז נ. י. וועלכער האט באגייסטערט אלע אנוועזענדע מיט זיינע פייערדיגע און טיעפזיניגע ווערטער. און עס איז אויפ'ן ארט געזאמעלט געווארען גרויסע סומען אין הבטחות און מזומן, פאר דעם קרן ארץ ישראל.

דער מזרחי קאמפיין פאר'ן צוויי מיליאן דאלאר פאנד געהט אן זעהר לעבעדיג איבער'ן גאנצען לאנד. פאר דער לעצטער צייט זענען צוגעקומען פיעל שטעדט און שטעדטלעך, וואס האבען זיך אנגעשלאסען אן דעם מזרחי קאמפיין פאר'ן אויבענדערמאהנטען פאנד.

א זעהר ערפאלגרייכער מאסמיטינג איז אפגעהאלטען געווארען לעצטענס אין קעמדען נ. דז. אלס געסט פון דיעזען מאסמיטינג זענען געווען הרב מאיר האט גערעדט אין ענגליש, הרב ריף, דער רב פון שטאדט איז געווען פארזיצענדער. אלס א רעזולטאט פון דיעזען מיטינג איז געזאמעלט געווארען איבער $3000 פאר דעם קרן ארץ ישראל און קאמיטעס זענען געגרינדעט געווארען צו זאמלען ביז $5000.

אין באלטימאר איז לעצטענס אפגעהאלטען געווארען א גרויסער מאס־מיטינג אויף וועלכען דר. י. א. בלוסטאן און הרב מאיר ברלין האבען גערעדט זייערע ווערטער האבען געמאכט אזא שטארקען איינדרוק אויף די פארזאמעלטע אז מענשען האבען געווארפען זייער דזשועלרי און גאלדווארג אלס זייער חוב צו דעם קרן ארץ ישראל און גרויסע סומען זענען געזאמעלט געווארען.

הרב קאבלעניץ האט אדרעסירט מאס מיטינגען אין פאסייק, נ. דזש. און אין ארענדזש, נ. דזש. די מיטינגען זענען געווען ערפאלגרייך.

אין פאל ריווער, מאס. האבען הרב פאפקין פון ניו בעדפארד און הרב בוראק פון ניו יארק, אדרעסירט אן ערפאלגרייכען מאסמיטינג. זייערע ווערטער האבען שטארק משפיע געווען אויף די פארזאמעלטע און אלס רעזולטאט האבען זיך די אנוועזענדע ווארעם אפגערופען אויף זייער אפיעל.

מר. נח ראזענטהאל, א וויכטיגער עסקן צבורי און א מזרחי טוער פון ניו בריטען קאנ. האט לעצטענס, דורך זיין פראפאגאנדא־טעטיגקייטען, געגרינדעט א מזרחי אגודה פון א גרויסע צאהל מיטגליעדער. די פקידים זענען: בנימין מרגלין, יו"ר. ב. וואלאנסקי, מזכיר. ב. בירענבוים, מנן יו"ר. ב. באבאלאדסקי, גזבר. דער ועד הפועל באשטעהט פון: מר. נח ראזענטהאל, יו"ר. מר. יוסף קריצעווסקי, מר. קאטקין, מר. א. מארגאלין, מר. חאנין און מר. קאפלאוויץ.



D&C LAKE LINES

A Vacation Trip That Satisfies

THE summertime will soon be here and with it the joys of a vacation trip. Where are you going? The Great Lakes is the mecca for particular and experienced travelers on business and pleasure trips. The D. & C. Line Steamers embody all the qualities of speed, safety and comfort, the freedom of the decks, the cool refreshing lake breezes. D. & C. a Service Guarantee.

Daily Service May 1st between Detroit and Buffalo. Leave 6:00 P. M. Arrive destination 9:00 A. M.

Daily Service April 1st between Detroit and Cleveland. Leave 11:00 P. M. Arrive destination 6:15 A. M.

MACKINAC ISLAND
Service June 14th to Sept. 14th. 3 trips per week June 14th to July 1st. July 1st to Sept. 14th, 6 trips per week.

Between Detroit and Buffalo Use Your Rail Tickets

Send 2c Stamp for Illustrated pamphlet and map of Great Lakes. Address L. G. LEWIS, G. P. A., Detroit, Mich.

DETROIT & CLEVELAND NAVIGATION CO.
A. A. SCHANTZ, President and General Manager.
J. T. McMILLAN, Vice-President.

סטאר פיקטשורס
וועט פארקויפט ווערען ביי
פאבליק אקשען
מיטוואך, דעם 16־טען דזשון אום 1 אהור נאכמיטטאג שארפ.
538 סט. אנטוויין סט.

איך וועל פארקויפען ביי פאבליק אקשען די גאנצע סטאר פיקטשורס, זא ווי, א נעשיאנאל קעש רעדזשיסטער $1,000 נייע פלייש־באקס רעפריזשערייטאר, פלייש־סלאיסינג מאשין, 3 סקיילס — קאונטערס — שעלווינג שארקייסעס און אנדערע סטאר פיקסטשורס. אויב איהר דארפט אירגענד וועלכע פון די אויבענדערמאנטע ארטיקלען, דאן פארגעסט ניט צו קומען. דער סייל פאנגט זיך אן אום 1 אוהר שארפ — אלעס מוז פארקויפט ווערען.

בען פרידמאן
אקשאניער. טעל. קעדילאק 2580.

ראזענפעלד'ס
רוסישע טערקישע באד

פאר אלע וועלכע זוכען ריינליכקייט און גוטע באהאנדלונג.

30 מארבעל וואנעס — 2 כשרה מקוואות
שאור בעטהס — פרייע קאטס אויף צום רוהען

16 פריוואט רומס פאר יעניגע וועלכע ווילען נעכטיגען.

א פראכטפולער לאנטש קאונטער מיט פרישע עסענווארג און געטראנקע צו יעדער צייט.

שוויץ פאר פרויען יעדען מיטוואך, מיט דער מיטווירקונג פון אן עקספערט מאסאזשיסטקע.

1846 אלפרעד סטריט, נ'ע' אנטאין, טעלעפאן טשערי 6190 ראבליו.

נגעלט קיין אייראפא

דער זיכערסטער און בעסטער וועג צו שיקען געלד צו אייערע קרובים קיין יראפ איז דורך דער

פיפעלס רעליעף

וועלכע איז א בראנטש פון דער דזשוינט דיסט. קאמיטע. די געלד ווערט געשיקט אין דאלארס.

פיפעלס רעליעף קאמיטע
490 הייסטינגס סטריט
העדילאק 2061.

ניו דעטטאיט אפרא הויז

נייעס! נייעס!

מאד. בעסי טאמאשעווסקי
און
הערר סעמיועל ראזענשטיין

זונטאג מאט. און אווענד דזשון 20

אין דעם אנאיבערטראפענעם סוקסעס

מינקע די דינסט

אין 4 אקטען מיט געזאנג פון ל. קאברין

די פאלגענדע ארטיסטען און מיהנע קינסטלער וועלען אן אנטייל נעהמען: מאדאם טאמאשעווסקי, ה. ראזענשטיין בעלא פינקעל, כ. בעלמאן, טילי ראדבינאוויטש, מאדאם קראנער, הערר איינשטאק, הערר ראזענטאל און דער גאנצער סטאר קאסט.

טורעווער רעליעף

מיר האבען בשלאסען צו שיקען מר. בעני ברעגמאן אלס דעלעגאט צו באזוכען טורעוו, זיטקאוויטש, לידענעוויטש, לאבווע, קאושאן—האראק, לעניז, סטאלין, פלאטניצע, דאזיד—האראק, רובלע, מיקעשעוויץ, טאניזש, לעלציץ, פעטריקוב און אומגעגענד. מיר וועלען אננעהמען פריוועט געלדער און בריעף

קומט אלע צום וויכטיגען מיטינג.

דינסטאג דעם 15טען דזשון

אין טורעווער שוהל
152 איליאיז עווענו

אכטונגספאל
טורעווער רעליעף קאמיטע.

The only Jewish Paper Printed in Michigan

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

# דער וועג

The Detroit Jewish Daily

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

347-49 HASTINGS STREET
Telephone Main 3716

Published and distributed under permit No. 13 authorosed by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, P[ostmaster General.]

PRICE 2c. DETROIT, MICH., Wednesday, June 16th 1920 Vol. 2, No 104 מיטוואך, דזשון 16, 1920

# פוילישע ארמיי ציהט זיך צוריק 80 מייל פון קיעוו

לאנדאן, יוני 15.—

לויט ידיעות, וואס זענען אהער אנגע־קומען, האט די פוילישע ארמעע, וועל־כע האט פארלאזט קיעוו, זיך צוריקגע־צויגען אויף א שטח פון 80 מייל.

א באריכט פון פוילישען קריעגס מי־ניסטעריום מעלדעט פאלגענדעס:

„די מיליטערישע אפעראציעס אויף דעם צפון טייל פון רוסיש־פוילישען פראנט זענען פארענדיגט געווארען. די שלאכט ליניע אין אוקראינע ציהט זיך פון דעם נידעריגען טייל פון די פריפעט זומפען דורך זשיטאמיר און בארדיט־שעוו. דער באלשעוויסטישער באריכט, אז די פאליאקען האבען צעשטערט דעם קיעווער קאטעדראל איז ניט ריכטיג".

## פאליאקען מאכען באשולדי־גונגען געגען באלשעוויקעס

ניו יארק, יוני 15.—

די פוילישע אינפארמאציאנס ביורא האט אנאנסירט, דאס זי האט ערהאלטען א טעלעגראמע פון ווארשא, דאטירט דעם 13־טען יוני. אין וועלכער עס ווערט באהויפטעט, דאס די באלשעוויסטישע טרופען, וועלכע האבען איבערגעשניטען דעם פארקעהר מיט קיעוו צווישען באר־דיטשעוו און זשיטאמיר, האבען אין זשיטאמיר פארברענט (?) א מיליטערי־שען האספיטאל און גע'הרג'עט 600 פאר־וואונדעטע סאלדאטען.

די טעלעגראמע מעלדעט ווייטער, אז זיי האבען ערמארדעט (?) אלע דאקטוי־רים און בארמהערציגע שוועסטער, וועל־כע האבען אויפגעפאסט די קראנקע.

א טעלעגראמע פון ווארשא גיט אויך איבער דעם באריכט פון א באלשעוויס־טישער „שחיטה" אויף דעם מעדעציני־שען פערסאנאל און בארמהערציגע שוועסטער. אבער די געשיכטע האט גאר „געטראפען" ערשטענס ניט אין זשיטאמיר נאר אין בארדיטשעוו, און, צווייטענס, זענען די דאקטוירים און די בארמהערציגע שוועסטער ניט ערמאר־דעט, נאר פארוואונדעט געווארען.

## קיין איבערקעהרעניש אין מאסקווא

קאפענהאגען, יוני 15.—

מאקסים ליטווינאוו, געהילפס קאמי־סאר איבער אויסלענדישע ענינים, האט ערהאלטען טעלעגראמעס פון לענין'ען און טראצקי'ן. דיזער פאקט ווערט דא בא־טראכט אלס א פאלשטענדיגע אפלייקע־נונג פון דעם מאסקוא'ר באריכט, אז לענינען איז אנטלאפען און טראצקי איז דערשאסען געווארען.

## פוילען און פינלאנד וועלען שליסען שלום מיט רוסלאנד

פאריז, יוני 15.—

די היגע דיפלאמאטישע קרייזען בא־טראכטען די ערקלעהרונג פון פינלאנד, אז זי אנערקענט די אומאפהענגיגקייט פון דער אוקראינישער רעפובליק, אלס א פאראייניגטער צוג פון פינלאנד און פוילען צו שליסען שלום מיט סאוויעט רוסלאנד. די אנערקענונג פון אוקראינע איז געווען איינע פון די באדינגונגען, וועלכע פוילען האט פארגעשלאגען פינ־לאנד אלס א פארבערייטונג צו שלום־פארהאנדלונגען מיט רוסלאנד.

## סאוויעטען לעגען פאר וואפענ־שטילשטאנד צו פינלאנד

לאנדאן, יוני 15.—

אינפארמאציעס, וועלכע זענען דא ערהאלטען געווארען, גיבען איבער, אז די רוסישע סאוויעטען רעגירונג האט פארגעשלאגען דער פינישער רעגירונג וועגען א וואפענשטילשטאנד, וועלכער זאל גלייך אריינגעהן אין קראפט.

## ענגלאנד וועט זיך צוריקציהען פון באטום

לאנדאן, יוני 15.—

די צייטונג „דיילי מעיל" מעלדעט, אז די ענגלישע רעגירונג האט באשלא־סען ארויסצופיהרען איהרע טרופען פון באטום, א פארט אויף דעם שווארצען ים. די צייטונג גיט איבער, אז די 2000 ענגלישע סאלדאטען וועלען אין צוויי וואכען צייט איבערגעפיהרט ווערען אויף קריעגס שיפען קיין קאנסטאנטינאפאל. צוליעב דעם וואס די באלשעוויקעס הא־בען פארנומען באקו און דער איבערקעה־רעניש, וועלכע איז פארגעקומען אין אזערבידזשאן, איז די לאגע פון די ענג־לענדער אין באטום געווארען ניט זיכער.

די צייטונג גיט אן נאך אן אורזאכע, ווארום די ענגלענדער פארלאזען בא־טום, און דאס איז דער פאקט, וואס לויט דעם אפמאך צווישען רוסלאנד און דער גרוזינישער רעפובליק, האט די סאוויעטען רעגירונג אנערקענט, אז בא־טום דארף באלאנגען צו די גרוזינער.

## יאפאן וויל מיליטערישע רעגירונג אין ניקאלאיעווסק

האנאלולו, יוני 15.—

פון טאקיא ווערט טעלעגראפירט צו א היגער צייטונג, דאס יאפאן רעכנט איינצופיהרען א מיליטערישע רעגירונג אין ניקאלאיעווסק, מורא האבענדיג פאר דער טעטיגקייט פון די ארטיגע ראדי־קאלען.

## יאפאן שיקט נאך א נאטע צו כינא וועגען שאן־טונג

טאקיא, יוני 15 — יאפאן האט גע־שיקט נאך א שאן־טונג נאטע צו כינא, איינלאדענדיג דער לעצטער אנצופאנגען פארהאנדלונגען איבער דער פראגע פון שאן־טונג.

די טענה פון יאפאן איז, אז לויט דער פריעדענס־טריטי ירש'עט זי די דייטשע רעכטע איבער שאן־טונג און אב־וואהל כינא האט די פריעדענס־טריטי ניט אונטערגעשריבען, פונדעסטוועגען גלויבט יאפאן, אז דורך געמיינשאפטלי־כע פארהאנדלונגען קען קומען צו א צו־פרידענשטעלענדער פארשטענדני־שען די צוויי לענדער.

די נאטע דריקט אויס [illegible] וויליג־קייט אנצופאנגען פארהאנדלונגען זאפארט. כינא ווערט אויך איינגעלאדען צו העלפען ארגאניזירען א פאליציי פאר דער שאן־טונג אייזענבאהן פאר דער צייט ווען די יאפאנעזישע טרופען וועלען זיך צוריק־ציהען.

## ענריקא קארוסא נאך אמאל באגנב'עט

ניו יארק, יוני 15. — דאס מזל האט לאנג געשפיעלט דעם גרויסען זינגער הענריקא קארוסא, אבער מיט א מאל האט איהם אויפגעהערט צו געהן און עס קומט אויף איהם אן איין צרה נאך דער אנדע־רער.

מיט א וואך צוריק האט קארוסא'ס פרוי פארלוירען פאר $50,000 דזשועלערי, וואס מען האט ביי איהר גע'גנב'עט און יעצט שוין א נייע גנבה: נעכטען ווען די קארוסא פאמיליע איז אויפגעשטאנען, האבען זיי זיך געכאפט אז מען האט בא־רויבט זייער וויין־קעלער וואו עס האבען זיך געפונען די בעסטע שנאפסען און ווייגען.

## זעקס טויזענד דאלאר פאר־לוסט פון א מאמבע איפריים

צוויי אויפגעריסענע באמבעס האבען לעצטען זונטאג פארורזאכט $6,000 שא־דען.

איין באמבע איז געלעגט געווארען אין הויז פון מרס. נאקאלא פארטי, 145 קליווער־לאנד עוו., און א צווייטע איז געווארפען געווארען אויף דער הויז פון ונעטא ווי־וואנא 459 ארלעאנס סטריט.

## פעדעריישאן קאנווענשאן נעהמט אן רעזאלוציע פאר פאליטישער אמנעסטיע

מאנטרעאל, יוני 15.—

אויף דער קאנווענשאן פון דער אמע־ריקאן פעדעריישאן אוו לייבאר זענען היינט אנגענומען געווארען איניגע וויכטיגע רעזאלוציעס.

איינע פון דיזע רעזאלוציעס פאדערט אויף פרעזידענט ווילסאן און אטארני דזשענעראל פאלמער וועגען אמנעסטיע פאר אלע פאליטישע ארעסטירטע.

א צווייטע רעזאלוציע פארלאנגט, אז די פונקטען פון דעם עש־קאמינס טראנ־ספארטיישאן עקט וועגען געצוואונגענער ארביטריישאן זאלען צוריקגערופען ווע־רען. דער עקזעקוטיווער ראט איז אינס־טרואירט געווארען אנצונעהמען מיטלען דורכצופיהרען דיזע רעזאלוציע.

דאס איינפיהרען פון מיליטערישע איבונגען אין די שולען ווערט פאר־דאמט אין א רעזאלוציע, וועלכע איז אויף דער קאנווענשאן אנגענומען גע־ווארען איינשטימיג, און דער עקזעקוטי־ווער ראט איז אינסטרואירט געווארען ענטגעגענצושטעלען זיך אירגענד וועלכען פארזוך איינצופיהרען געצוואונגענע מי־ליטערישע דיענסט, אלס „אוננויטיג, אונגעווישענד און אונאמעריקאניש".

### גאמפערס פארטיידיגט ליעג אוו ניישאנס

מאנטרעאל, יוני 15.—

סעמיועל גאמפערס האט היינט אין א רעדע פאר דעם אמעריקאן פעדעריי־שאן אוו לייבאר קאנווענשאן זיך אויס־געדריקט, דאס „אויב די פראגע פון א ליעג אוו ניישאנס זאל געווען איבערגע־געבען ווערען אין די הענד פון אמע־ריקאנעם פאלק, דאן בין איך זיכער — האט מר. גאמפערס געזאגט — אז אונזער לאנד וואלט דורך אן אונגעהייער גרויסען וואוט געשטימט פאר א ליעג אוו ניישאנס".

„עס איז באדויערענסווערט — האט דער רעדנער ווייטער ערקלעהרט — וואס די פראגע פאר זיך אליין האט נאך ניט געהאט קיין געלעגענהייט פארגע־בראכט צו ווערען פאר דער באטראכ־טונג און באשטימונג פון אונזער לאנד".

מר. גאמפערס האט אויך אין א קור־צער רעדע אפעלירט, אז די ארגאניזיר־טע ארבייטערשאפט פון אמעריקא זאל בלייבען ביי איהר אומפארטייאישער פאליסי אין פאליטיק.

## זאגט גענעראל וואוד געוועזען קאנדי־דאט פון סטאק געמבלערס

ניו יארק, יוני 15. — באשולדיגונ־גען, דאס א פארשידענארטיגע גרופע פון סטאק־געמבלערס, אויל און מיין איי־גענטימער; מוניציע־פאבריקאנטען און אנדערע פערזאנען פון דעם סארט, האבען זיך [illegible]אמענגענומען אפצוקויפען די רע־[illegible]ישע נאמינייישאן פאר דזשענע־ראל וואוד — זיינען היינט געמאכט גע־ווארען פון נאקאלאס מורי באטלער, פרעזידענט פון קאלומביע אוניווערסיטעט און איינער פון די דורכגעפאלענע קאנדי־דאטען אויף דער לעצטער רעפובליקאני־שער קאנווענשאן.

„עס האט מיך ווי פיעלע אנדערע פערזענליכע פריינד פון גענעראל וואוד, אמת באנג געטאן — האט באטלער גע־זאגט — צו זעהן איהם געשטעלט אין אזא אומגליקליכער לאגע. אלעס וואס איז גע־ווען צו טאן, איז צו ראטעווען די רעפוב־ליקאנישע פארטיי פון דער באנדע, וואס איז געשטאנען הינטער איהם מיט זייערע באנק־אקאונטס און גרויסען פינאנצי־עלען איינפלוס. דאס האט געמיינט, אז מיר דארפען באזיעגען גענעראל וואוד'ן אליין.

די לייטע — האט מר. באטלער פאר־געזעצט — וועלכע האבען געמאכט א פארזוך צו קויפען די רעפובליקאנישע נאמינייישאן, שטעלען מיט זיך פאר דאס ערגסטע אין לעבען פון אמעריקאנער גע־זעלשאפט און פאליטיק. עס איז באמת פארדריסליך, וואס דיזע לייטע האבען זיך א נעהם געטאן צו וואוד'ן ווען זיי וואלטען געקענט געפינען א מאן, פאר וועמען דאס לאנד האט ניט אזוי פיעל רעספעקט".

מר. באטלער האט אויסגעבראכט, אז ווען ניט די 68 ניו־יארק'ער דעלעגאטען, וועלכע האבען געשטימט פאר איהם, וואלט די געלט־ארמעע עס ארויסגעקומען זיעגרייך אויף דער לעצטער קאנווענשאן, ערוועהלענדיג גענעראל וואוד.

## פיער שכור'ע פאליסלייט קריגען די „סעק"

אירגענד וועלכער פאליסמאן פון דעט־ראיט, וואס וועט געפונען ווערען שכור אין א מאטאר־קאר אדער פארמישט אין א מאטאר־קאר עקסידענט זייענדיג אונ־טער'ן איינפלוס פון ליקער, וועלען זא־פארט פארליערען זייערע שטעלעס, ניט אכטענדיג וואס זייער פריהערדיגער רע־קארד זאל ניט זיין — אזוי האט נעכטען ערקלעהרט דר. דזשיימס וו. אינטשעס.

נעכטען זיינען פיער פאליסלייט ארונטערגעזעצט געווארען פאר שכרות. דיזע זיינען: פאטראלמען הערי א. וואיט; פ. מ. רעמאנד; וויליאם א'מיילי און דזש. ה. האגן.

## עקזעקוטיווע מיטינג פון אוקראינער פארבאנד

דער אוקראינער פארבאנד פון דעט־ראיט איז מודיע אלע מעמבערס פון דער עקזעקוטיווע אז מארגען דאנערשטאג פונקט א פיערטעל נאך אכט וועט אין דער רעדאקציע פון „וועג" אפגעהאלטען ווע־רען א ספעשעל מיטינג, אויף וועלכען עס וועט דיסקוטירט ווערען דער באריכט וואס מר. ב. י. גאלדשטיין האט געבראכט פון ניו־יארק אין פיעלע אנדערע וויכטי־גע פראגען צו פארהאנדלען. אלע מיטגלי־דער פון דער עקזעקוטיווע מוזען אנוועז־זענד זיין ביי דיזען וויכטיגען מיטינג.

## צוויי ארעסטירט אויף באשול־דיגונג אז זיי האבען געשאסען א פאליסמאן

דזשאהן בוגענטין, 30 יאהר אלט און פיט באנדנוק, 33 יאהר אלט, ביידע פון 349 איסט פערי סט. זיינען דערקענט געווארען פון פאטראלמאן ס. ראדער און דזשערי פיסקאל, אלס די מענער וואס האבען אין זיי געשאסען לעצטען זונטאג ביינאכט אין פארלויף פון א געשלעג אויף גדילי, און דייוויסאן עווענוס.

## לאק־אוט אויף 3000 שניידער אין באלטימאר

באלטימאר, יוני 15. — דריי טויזענד פון הענרי סאנבעגרנים קליידער פאבריק, געהען איצט ארום ליידיג אלס רעזולטאט פון א לאק־אוט.

די פירמע האט אנאנסירט, דאס זי האט בדעה צו געבען ארבייט בלויז א געוויסע צייט אין טאג. די ארבייטער האבען ענטזאגט אנצונעהמען דיזען באש־לוס. און ווען זיי זיינען נעכטען געקו־מען צו דער ארבייט, האבען זיי געפונען אז די עלעוויטארס לויפען ניט. זיינען זיי, פארשטעהט זיך אוועק א היים.

א פארשטעהער פון דער פירמע האט ערקלעהרט, אז זיי זענען ענטשלאסען צו שטעהן ביי זייער באשלוס; ער האט אבער ניט געגעבען קיין ערקלעהרונג, למאי די פירמע טוט עס.

היימאן בלומבערג, ביזנעס אגענט פון דער יוניאן האט ערקלעהרט, אז די האנדלונג פון די בעלי־בתים איז א רעזולטאט פון א כאאטישען צושטאנד אויף'ן קליידער־מארקעט. און פון אן אנקומענדען קריזיס אין דער קליידער־אינדוסטריע.

## דעם קייזער'ס פלימעניקעס ווערען פשוט'ע ארבייטער

לאנדאן, יוני 15. —

ווי עס ווייזט אויס, איז די קעסט וואס די דייטשע רעפובליק גיט צו גע־וועזענע מיוחסים פון דער קייזערליכער פאמיליע ניט זעהר קיין געהויבענע. א באריכט פון בערלין מעלדעט, דאס פיער פלימעניקעס פון דעם עקס־קייזער, די זיהן פון פרינצעסין מארגארעט פון פרייסען, די אינגסטע שוועסטער פון געוועזענעם קייזער, האבען זיך גענומען צו פשוט'ער ארבייט. איינער איז גע־ווארען א פארם־לייבארער און ארבייט [illegible]פינף אין דער פריה ביז אכט אין אווענט. א צווייטער ארבייט אין א שטאהל פאבריק און ביינאכט שטודירט ער אלס אינזשעניער. דער דריטער אר־בייט אלס ארכיטעקט און דער פערטער איז א קלוירק אין מאביליזאציאנס דע־פארטמענט.

## ער איז „דזשעלאוס", מאכט ער זי פאר א „האלד־אפ'ניצע"

מארגארעט ווינקא, 21 יאהר אלט, איז ארעסטירט געווארען אויף א באשול־דיגונג פון טשארלס מאריסאן, אז זי האט געמאכט א פארזוך איהם צו בא־רויבען. צוזאמען מיט איהר איז אויך ארעסטירט געווארען קלאוד ראס, 31 יאהר אלט, וועלכער האט אנגעגעבען זיין אדרעס אלס 258 הובער סטריט.

מאריסאן האט זיך געקלאגט, אז ווען ער איז ארונטער פון א סטריט קאר אויף וואודווארד און פערי עווענוס, נעכטען באנאכט, זיינען א מאן און א פרוי ארונטער פון אן אטאמאביל, וועל־כער האט איהם נאכגעפאלגט די גאנ־צע צייט וואס ער איז געפאהרען אויף דער קאר, און געפאדערט פון איהם געלד. ווען ער זיך ענטזאגט צו געבען, זיינען זיי אוועק.

מאריסאן האט איבערגעגעבען צו דער פאליציי דעם לייסענס נומער פון זייער אטאמאביל.

מיט א פיער שטונדען שפעטער האט פאטראלמען דזשאסעף פרעוואנדא גע־זעהן דעם אטאמאביל אויף בעגלי און פוירסט סטריט און האט ארעסטירט דאס פארעל.

מיס ווינקא האט ערקלעהרט, אז זי קען זיך מיט מאריסאן'ען און אז די גאנצע מעשה פון דעם „האלד־אפ" איז ניט מעהר ווי א פראדוקט פון זיין פאנטאזיע, ווייל ער איז — זאגט זי — אויף איהר שטארק איפערזיכטיג

## צארישע חובות? גיט אונז קאנסטאנ־טינאפאל, זאגט קראסין

לאנדאן, יוני 15. —

די היגע „טיימס" דרוקט היינט א מערקווירדיגען באריכט וועגען די פאר־האנדלונגען, וואס קומען פאר צווישען גריגארי קראסין און דעם ענגלישען קא־בינעט. ווי די צייטונג גיט איבער, אנער־קענט ניט די סאוויעטען רעגירונג קיי־נע חובות, וועלכע רוסלאנד האט גע־מאכט ביז נאוועמבער 1917 און אויב זי וועט זיין געצוואונגען צו באצאהלען זיי, וועט זי דאן ארויסשטעלען פארשיע־דענע געגען־תביעות.

ווען מען האט מר. קראסין אויפמערק־זאם געמאכט וועגען רוסישע חובות, האט ער ערקלעהרט, אז ער ווייס גאר ניט, אז עס עקזיסטירען אזעלכע חובות. ער האט דערביי אבער באמערקט, דאס אויב די סאוויעטען רעגירונג וועט צו־ליעב דעם דרוק פון אומשטענדען איינ־וויליגען צו נעהמען אויף זיך די צא־רישע חובות, וועט זי דאן באשטעהן אויף דעם, דאס זי זאל אויך ירש'נען די רעכטע און פריוויליגיעס, וואס רוס־לאנד האט געקראגען דורך די געוועזע־נע אפמאכען. ער האט אנגעוויזען אי־בערהויפט אויף דעם אפמאך פון 1915, לויט וועלכען קאנסטאנטינאפאל דארף באלאנגען צו רוסלאנד.

אויסערדעם האט מר. קראסין בא־הויפטעט, דאס אויב סאוויעטען רוס־לאנד וועט זיין געצוואונגען צו נעהמען אויף זיך דעם יאך פון די חובות, וועל־כע זענען געמאכט געווארען אונטער'ן צארישען רעזשים, וועט זי דאן באש־טעהן אויף דעם, דאס פון דיזע חובות זאלען ארונטערגערעכענט ווערען די אלע אויסגאבען און היזקות, וואס די סאוויע־טען רעגירונג האט געליטען אין איהר קאמף געגען די „ווייסע פארשווערער", אויף וויפיעל זייערע אטאקען זענען פי־נאנסירט אדער אונטערשטיצט גע־ווארען דורך פרעמדע רעגירונגען.

### ווילען אז אלע אפגעריסענע לענדער פון רוסלאנד זאלען צאהלען צארישע חובות

פאריז, יוני 15. —

פארטרעטער פון 10 פעלקער, וועלכע האבען אפגעהאלטען א קאנפערענץ ווי אזוי צו באשיצען די פרעמדע אינטע־רעסען אין רוסלאנד, האבען באשלאסען, אז אלע מלוכות פון דער געוועזענער רוסישער אימפעריע מוזען געבען גאראנ־טיעס, דאס זיי וועלען טראגען זייער חלק פון די חובות, וואס זענען געמאכט געווארען אונטער'ן אלטען רעזשים. לויט ווי די צייטונג „מאטען" גיט אי־בער, איז אויף דער קאנפערענץ באש־לאסען געווארען ניט צו האבען קיינע קאמערציעלע פארבינדונגען ביז אן אינ־טערנאציאנאלער אפמאך וועט צופריע־דענשטעלען די „סטאק האלדערס" פון די רוסישע באנדס.

## דעמאקראטישע דעלעגאטען קלייבען זיך צונויף אין סאן פראנציסקא

סאן פראנציסקא, יוני 15.— ביסלעכ־ווייז פאנגען שוין אן זיך צוזאמענצוקומען דעלעגאטען צו דער דעמאקראטישער קאנווענשאן, וועלכע וועט אפגעהאלטען ווערען אין דיזער שטאדט דעם 28־טען יוני.

די ביהנע איז היינט געווען אין גאנ־צען פארטיג פאר דעם דעמאקראטישען מיטינג. האמער ס. קאמינגס, דער נאצי־אנאלער טשערמאן פון דער דעמאקראטי־שער פארטיי, וועלכער איז שוין דא זייט איניגע טעג זייענדיג „ביזי" מיט די פאר־שיעדענע אראנדזשמענטס, האט היינט צוגעקראגען א טעטען ארויסהעלפער, אין דער פערזאן פון וו. וו. מארש פון איאווא, וועלכער איז נעשאנאל טרעזשורער פון דער פארטיי.

עס זיינען היינט אויך אהער אנגעקו־מען אנדערע באאמטע פון דער פארטיי און די קאנווענשאן־מאשין איז שוין באלד פאלקאם.

די ליסט פון דעמאקראטישע קאנדי־דאטען, ווי זי איז היינט צו טאג, (ניט אריינרעכענדיג „דארק הארסעס") איז ווי פאלגט:

וויליאם ג. מעקאדו; מיטשעל פאלמער; גאווערנאר דזשיימס מ. קאקס פון אהייא; גאוו. עדווארד י. עדווארדס; סענאטאר ראבערט ל. אוען; דזשיימס וו. דזשעראַרד; און סענאטאר גילבערט מ. היטשקאק. פון ווירדזשיניא.

## באלפור אדרעסירט ציון דעמאנ־סטראציע אין לאנדאן

לאנדאן, יוני 14. —

היינט אוונט איז אין דעם היגען באריהמטען גרויסען אלבערט האל, דער־נ־עסטער אין לאנדאן, פארגעקומען א ריזיגע ציוניסטישע דעמאנסטראציע. צווישען די רעדנער איז אויך געווען ארטור דזשיימס באלפור, דער געוועזע־נער מיניסטער פון אויסערען, וועלכער האט פראקלאמירט די היסטארישע ציון־דעקלאראציע.

דער ארמענישער פאטריארך אין קא־ירא, עגיפטען, האט באגריסט די אל־וועלטליכע ציוניסטישע ארגאניזאציע און געוואונשען אידען ערפאלג אין ארץ־ישראל.

דער בישאף פון לאנדאן האט אין דע־רע באריהרט דעם ציוניזם און ער האט באמערקט, אז הערבערט סעמועל האט פאר זיך א זעהר שווערע אויפגאבע אין ארץ ישראל. ער האט איהם געוואונשען ערפאלג.

סער אלפרעד מאנד לייקנט אז ער נעהמט אן א ציוניסטישען אמט.

סער אלפרעד איז א ציוניסט פון נאך פאר דער באלפור דעקלעראציע און ער האט געגעבען היבשע סומען פאר'ן ציוניזם. ער איז א מחותן פון לארד רעדינג.

די באריכטען וואס זענען יעצט דא ערהאלטען געווארען וועגען דעם בלוטי־גען אנפאל אויף דר קאלאניע מעשה, אין גליל התחתון, ציינען אז די צוויי קאלאניסטען וואס זענען דארטען גע־פאלען טויט, הייסען משה קילמאנאוו־סקי און הייקאוויץ. נחמן קארנעל איז פארשוואונדען געווארען.

The only Jewish Paper Printed in Michigan

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

# דער וועג

The Detroit Jewish Daily

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

347-49 HASTINGS STREET
Telephone Main 3718

Published and distributed under permit No. 1?? authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, P[ostmaster General].

PRICE 2c, DETROIT, MICH., Wednesday, June 16th 1920 Vol. 2, No 104 מיטוואך, דזשון 16, 1920

# פוילישע ארמיי ציהט זיך צוריק 80 מייל פון קיעוו

לאנדאן, יוני 15.—

לויט ידיעות, וואס זענען אהער אנגע־קומען, האט די פוילישע ארמעע, וועל־כע האט פארלאזט קיעוו, זיך צוריקגע־צויגען אויף א שטח פון 80 מייל.

א באריכט פון פוילישען קריגס מי־ניסטעריום מעלדעט פאלגענדעס:

„די מיליטערישע אפעראציעס אויף דעם צפון טייל פון רוסיש־פוילישען פראנט זענען פארענדיגט געווארען. די שלאכט ליניע אין אוקראינע ציהט זיך פון דעם נידריגען טייל פון די פריפעט זומפען דורך זשיטאמיר און באדדיט־שעוו. דער באלשעוויסטישער באריכט, אז די פאליאקען האבען צעשטערט דעם קיעווער קאטעדראל איז נים ריכטיג".

## פאליאקען מאכען באשולדי־גונגען געגען באלשעוויקעס

ניו יארק, יוני 15.—

די פוילישע אינפארמאציאנס ביורא האט אנאנסירט, דאס זי האט ערהאלטען א טעלעגראמע פון ווארשא, דאטירט דעם 13־טען יוני, אין וועלכער עס ווערט באהויפטעט, דאס די באלשעוויסטישע טרופען, וועלכע האבען איבערגעשניטען דעם פארקעהר מיט קיעוו צווישען באר־דיטשעוו און זשיטאמיר, האבען אין זשיטאמיר פארברענט (?) א מיליטערי־שען האספיטאל און גע'הרג'עט 600 פאר־וואונדעטע סאלדאטען.

די טעלעגראמע מעלדעט ווייטער, אז זיי האבען דערמארדעט (?) אלע דאקטוי־רים און בארמהערציגע שוועסטער, וועל־כע האבען אויפגעפאסט די קראנקע.

א טעלעגראמע פון ווארשא נים אויך איבער דעם באריכט פון א באלשעוויס־טישער „שחיטה" אויף דעם מעדעציני־שען פערסאנאל און בארמהערציגע שוועסטער. אבער די געשיכטע האט נאר „געטראפען" ערשטענס נים אין זשיטאמיר נאר אין באדדיטשעוו, און, צווייטענס, זענען די דאקטוירים און די בארמהערציגע שוועסטער נים עטמא־רדעט, נאר פארוואונדעט געווארען.

## קיין איבערקעהרעניש אין מאסקווא

קאפענהאגען, יוני 15.—

מאקסים ליטווינאוו, געהילפס קאמי־סאר איבער אויסלענדישע ענינים, האט ערהאלטען טעלעגראמעס פון לענינ'ען און טראצקי'ן. דיעזער פאקט ווערט דא בא־טראכט אלס א פאלשטענדיגע אפלייקע־נונג פון דעם מאסקא'ר באריכט, אז לעניען איז אנטלאפען און טראצקי איז דערשאסען געווארען.

## פוילען און פינלאנד ווילען שליסען שלום מיט רוסלאנד

פאריז, יוני 15.—

די היגע דיפלאמאטישע קרייזען בא־טראכטען די ערקלעהרונג פון פינלאנד, אז זי אנערקענט די אונאפהענגיגקייט פון דער אוקראינישער רעפובליק, אלס א פאראייניגטער צוג פון פינלאנד און פוילען צו שליסען שלום מיט סאוויעט רוסלאנד. די אנערקענונג פון אוקראינע איז געווען איינע פון די באדינגונגען, וועלכע פוילען האט פארגעשלאגען פינ־לאנד אלס א פארברייטונג צו שלום־פארהאנדלונגען מיט רוסלאנד.

## ראזיועטען לעגען פאר וואפענ־שטילשטאנד צו פינלאנד

לאנדאן, יוני 15.—

אינפארמאציעס, וועלכע זענען דא ערהאלטען געווארען, גיבען איבער, אז די רוסישע סאוויעטען רעגירונג האט פארגעשלאגען דער פינישער רעגירונג זענען א וואפענשטילשטאנד, וועלכער זאל גלייך אריינגעהן אין קראפט.

## ענגלאנד וועט זיך [ארויס]ציהען פון באטום

לאנדאן, יוני 15.—

די צייטונג „דיילי מעיל" מעלדעט, אז די ענגלישע רעגירונג האט באשלא־סען ארויסצופיהרען איהרע טרופען פון באטום, א פארט אויף דעם שווארצען ים. די צייטונג גיט איבער, אז די 2000 ענגלישע סאלדאטען וועלען אין צוויי וואכען צייט איבערגעפיהרט ווערען אויף קריעגס שיפען קיין קאנסטאנטינאפאל. צוליעב דעם וואס די באלשעוויקעס האבען פארנומען באקו און דער איבערקעה־רעניש, וועלכע איז פארגעקומען אין אזערבידזשאן, איז די לאגע פון די ענג־לענדער אין באטום געווארען נים זיכער.

די צייטונג גיט אן נאך אן אורזאכע, ווארום די ענגלענדער פארלאזען בא־טום, און דאס איז דער פאקט, וואס לוים דעם אפמאך צווישען רוסלאנד און דער גרוזינישער רעפובליק, האט די סאוויעטען רעגירונג אנערקענט, אז בא־טום דארף באלאנגען צו די גרוזינער.

## יאפאן וויל מיליטערישע רעגירונג אין ניקאלאיעווסק

האנאלולו, יוני 15.—

פון טאקיא ווערט טעלעגראפירט צו א היגער צייטונג, דאס יאפאן רעכנט איינצופיהרען א מיליטערישע רעגירונג אין ניקאלאיעווסק, מורא האבענדיג פאר דער טעטיגקייט פון די ארטיגע ראדי־קאלען.

## יאפאן שיקט נאך א נאטע צו כינא וועגען שאן-טונג

טאקיא, יוני 15 — יאפאן האט גע־שיקט נאך א שאן־טונג נאטע צו כינא, איינלאדענדיג דער לעצטער אנצופאנגען פארהאנדלונגען איבער דער פראגע פון שאן־טונג.

די טענה פון יאפאן איז, אז לוים דער פריעדענס־טריטי ירש'עט זי די דייטשע רעכטע איבער שאן־טונג און אב־וואהל כינא האט די פריעדענס־טריטי נים אונטערגעשריבען, פונדעסטוועגען גלויבט יאפאן, אז דורך געמיינשאפטלי־כע פארהאנדלונגען קען קומען צו א צו־פריעדענשטעלענדער פארשטענדני־שען די צוויי לענדער.

די נאטע דריקט אוים [...] ווילינ־קייט אנצופאנגען פארהאנדלונגען זאפארט. כינא ווערט אויך איינגעלאדען צו העלפען ארגאניזירען א פאליציי פאר דער שאן־טונג אייזענבאהן פאר דער צייט ווען די יאפאנעזישע טרופען וועלען זיך צוריק־ציהען.

## ענריקא קארוסא נאך אמאל באגנב'עט

ניו־יארק, יוני 15 — דאס מזל האט לאנג געשפיעלט דעם גרויסען זינגער ענריקא קארוסא, אבער מיט א מאל האט איהם אויפגעהערט צו גערן און עס קומט אויף איהם אן איין צרה נאך דער אנדע־רער.

מיט א וואך צוריק האט קארוסא'ס פרוי פארלוירען פאר $50,000 דזשועלערי, וואס מען האט ביי איהר גע'גנב'עט און יעצט שוין א נייע גנבה: נעכטען ווען די קארוסא פאמיליע איז אויפגעשטאנען, האבען זיי זיך געכאפט אז מען האט באַ־רויבט זייער ווייןקעלער וואו עס האבען זיך געפונען די בעסטע שנאפסען און וויינען.

## זעקס טויזענד דאלאר פאר־לוסט פון א מאמבע איפריים

צוויי אויפגעריסענע באמבעס האבען לעצטען זונטאג פאראורזאכט $6,000 שא־דען.

איין באמבע איז געלעגט געווארען אין הויז פון מרס. נאקאלא פארטי, 145 קליוו־לאנד עוו. און א צווייטע איז געווארפען געווארען אויף דער הויז פון וועטא זוי־וואנא 459 ארלעאנס סטריט.

# פעדעריישאן קאנווענשאן נעהמט אן רעזאלוציע פאר פאליטישער אמנעסטיע

מאנטרעאל, יוני 15.—

אויף דער קאנווענשאן פון דער אמע־ריקאן פעדעריישאן אוו לייבאר זענען היינט אנגענומען געווארען איינינע וויכטיגע רעזאלוציעס.

איינע פון דיעזע רעזאלוציעס פאדערט אויף פרעזידענט ווילסאן און אטארני דזשענעראל פאלמער וועגען אמנעסטיע פאר אלע פאליטישע ארעסטירטע.

א צווייטע רעזאלוציע פארלאנגט, אז די פונקטען פון דעם עש־[...] טראנ־ספארטיישאן עקט וועגען געצוואונגענער ארביטרייישאן זאלען צוריקגערופען ווע־רען. דער עקזעקוטיווער ראט איז אינס־טרואירט געווארען אנצונעהמען מיטלען דורכצופיהרען דיעזע רעזאלוציע.

דאס איינפיהרען פון מיליטערישע איבונגען אין די שולען ווערט פאר־דאמט אין א רעזאלוציע, וועלכע איז אויף דער קאנווענשאן אנגענומען גע־ווארען איינשטימיג, און דער עקזעקוטי־ווער ראט איז אינסטרואירט געווארען זיך צו ענטגעגענשטעלען זיך אירגענד וועלכען פארזוך איינצופיהרען געצוואונגענע מי־ליטערישע דיענסט, אלס „אונגוטיג, אונוויכטיג און אונאמעריקאניש".

## גאמפערס פארטיידיגט ליעג אוו ניישאנס

מאנטרעאל, יוני 15.—

סעמיועל גאמפערס האט היינט אין א רעדע פאר דעם אמעריקאן פעדעריי־שאן אוו לייבאר קאנווענשאן זיך אויס־געדריקט, דאס „אויב די פראגע פון א ליעג אוו ניישאנס זאל געווען איבערגע־געבען ווערען אין די הענד פון אמע־ריקאנעם פאלק, דאן בין איך זיכער — האט מר. גאמפערס געזאגט — אז אונזער לאנד וואלט דורך אן אונגעהייער גרויסען וואוט געשטימט פאר א ליעג אוו ניישאנס".

„עס איז באדויערנסווערט — האט דער רעדנער ווייטער ערקלעהרט — וואס די פראגע פאר זיך אליין האט נאך נים געהאט קיין געלעגענהייט פארגע־בראכט צו ווערען פאר דער באטראכ־טונג און באשטימונג פון אונזער לאנד".

מר. גאמפערס האט אויך אין א קור־צער רעדע אפעלירט, אז די ארגאניזיר־טע ארבייטערשאפט פון אמעריקא זאל בלייבען ביי איהר אומפארטייאישער פאליסי אין פאליטיק.

# זאגט גענעראל וואוד געווען קאנדי־דאט פון סטאק געמבלערס

ניו־יארק, יוני 15. — באשולדיגונ־גען, דאס א פארשיעדענארטיגע גרופע פון סטאק־געמבלערס, איל און מיין איי־גענטימער; מוניציע־פאבריקאנטען און אנדערע פערזאנען פון דעם סארט, האבען זיך [...]אמענגענומען אפצוקויפען די רע־[פובליקא]נישע נאמינייישאן פאר דזשע־[נע]ראל וואוד — זיינען היינט געמאכט גע־ווארען פון נאקאלאס מורדי באטלער, פרעזידענט פון קאלומביע אוניווערסיטעט און איינער פון די דורכגעפאלענע קאנדי־דאטען אויף דער לעצטער רעפובליקאני־שער קאנווענשאן.

„עס האט מיך ווי פיעלע אנדערע פערזענליכע פריינד פון גענעראל וואוד, אמת באנג געטאן — האט באטלער גע־זאגט — צו זעהן איהם געשטעלט אין אזא אומגליקליכער לאגע. אלעס וואס איז גע־ווען צו טאן, איז צו ראטעווען די רעפוב־ליקאנישע פארטיי פון דער באנדע, וואס איז געשטאנען הינטער איהם מיט זייערע באנק־אקאונטס און גרויסען פינאנצי־עלען איינפלוס. דאס האט געמיינט, אז מיר דארפען באזיעגען גענעראל וואוד'ן אליין.

די לייטע — האט מר. באטלער פאר־געזעצט — וועלכע האבען געמאכט א פארזוך צו קויפען די רעפובליקאנישע נאמינייישאן, שטעלען מיט זיך פאר דאס ערגסטע אין לעבען פון אמעריקאנער גע־שעפט און פאליטיק. עס איז באמת פארדריסליך, וואס דיזע לייטע האבען זיך א נעהם געטאן צו וואוד'ן. ווען זיי וואלטען געקענט געפינען א מאן, פאר וועמען דאס לאנד האט נים אזוי פיעל רעספעקט".

מר. באטלער האט אויסגעבראכט, אז ווען נים די 68 ניו־יארק'ער דעלעגאטען, וועלכע האבען געשטימט פאר איהם, וואלט די געלט־ארמעע עס ארויסגעקומען זיעגרייך אויף דער לעצטער קאנווענשאן, ערוועהלענדיג גענעראל וואוד.

## פיער שכור'ע פאליסלייט קריגען די „סעק"

אירגענד וועלכער פאליסמאן פון דעט־ראיט, וואס וועט געפונען ווערען שכור אין א מאטאר־קאר אדער פארמישט אין א מאטאר־קאר עקסידענט זייענדיג אונ־טער'ן איינפלוס פון ליקער, וועלען זא־פארט פארליערען זייערע שטעלעס, נים אכטענדיג וואס זייער פריהערדיגער רע־קארד זאל נים זיין — אזוי האט נעכטען ערקלעהרט דר. דזשיימס וו. אינטשעס.

נעכטען זיינען פיער פאליסלייט ארונטערגעזעצט געווארען פאר שכרות. דיעזע זיינען: פאטראלמען הערי א. וואהיים; פ. מ. דעמאנד; וויליאם א'מיילי און דזש. ה. האגן.

## צוויי ארעסטירט אויף באשול־דיגונג אז זיי האבען געשאסען א פאליסמאן

דזשאהן בונענטין, 30 יאהר אלט און פיט באנדנוק, 33 יאהר אלט, ביידע פון 349 איסט פערי סט., זיינען דערקענט געווארען פון פאטראלמאן ס. ראדער און דזשערי פיסקאל, אלס דער מאן וואס האט אין זיי געשאסען לעצטען זונטאג ביינאכט אין פארלויף פון א געשלעג אויף גדילי און דייוויסאן עווניוס.

## עקזעקוטיווע מיטינג פון אוקראינער פארבאנד

דער אוקראינער פארבאנד פון דעט־ראיט איז מודיע אלע מעמבערס פון דער עקזעקוטיווע אז מארגען דאנערשטאג פונקט א פיערטעל נאך אכט וועט אין דער רעדאקציע פון „וועג" אפגעהאלטען ווע־רען א ספעשעל מיטינג, אויף וועלכען עס וועט דיסקוטירט ווערען דער באריכט וואס מר. ב. י. גאלדשטיין האט געבראכט פון ניו־יארק און פיעלע אנדערע וויכטי־גע פראגען צו פארהאנדלען. אלע מיטגלי־דער פון דער עקזעקוטיווע מוזען אנווע־זענד זיין ביי דיעזען וויכטיגען מיטינג.

# לאק-אוט אויף 3000 שניידער אין באלטימאר

באלטימאר, יוני 15. — דריי טויזענד פון הענרי סאנבערנים קליידער פאבריק, געהען איצט ארום לעדיג אלס רעזולטאט פון א לאק־אוט.

די פירמע האט אנאנסירט, דאס זי האט בדעה צו געבען ארבייט בלויז א געוויסע צייט אין טאג. די ארבייטער הא־בען ענטזאגט אנצונעהמען דיעזען בא־שלוס. און ווען זיי זיינען נעכטען געקו־מען צו דער ארבייט, האבען זיי געפונען אז די עלעוויישארס לויפען נים. זיינען זיי, פארשטעהט זיך אוועק א היים.

א פארשטעהער פון דער פירמע האט ערקלעהרט, אז זיי זענען ענטשלאסען צו שטעהן ביי זייער באשלוס; ער האט אבער נים געגעבען קיין ערקלעהרונג, למאי די פירמע טוט עס.

הייםאן בלומבערג, ביזנעס אידזש־ענט פון דער יוניאן האט ערקלעהרט, אז די האנדלונג פון די בעלי־בתים איז א רעזולטאט פון א כאאטישען צושטאנד אויף'ן קליידער־מארקעט. און פון אן אנקומענדען קריזיס אין דער קליידער־אינדוסטריע.

## דעם קייזער'ס פלימעניקעס ווערען פשוט'ע ארבייטער

לאנדאן, יוני 15.—

ווי עס ווייזט אוים, איז די קעפטן וואס די דייטשע רעפובליק גיט צו גע־וועזענע מיוחסים פון דער קייזערליכער פאמיליע נים זעהר קיין געהויבענע. א באריכט פון בערלין מעלדעט, דאס פיער פלימעניקעס פון דעם עקס־קייזער, די זיהן פון פרינצעסין מארגארעט פון פרייסען, די אינגסטע שוועסטער פון געוועזענעם קייזער, האבען זיך גענומען צו פשוט'ער ארבייט. איינער איז גע־ווארען א פארם־לייבארער און ארבייט פון פינף אין דער פריה ביז אכט אין אוונט. א צווייטער ארבייט אין א שטאהל פאבריק און ביינאכט שטודירט ער אלס אינזשעניער. דער דריטער אר־בייט אלס ארכיטעקט און דער פערטער איז א קלוירק אין מאביליזאציאנס דע־פארטמענט.

## ער איז „דזשעלאוס", מאכט ער זי פאר א „האלד־אפ ביצע"

מארגארעט ווינקא, 21 יאהר אלט, איז ארעסטירט געווארען אויף א באשול־דיגונג פון טשארלס מאריסאן, אז זי האט געמאכט א פארזוך איהם צו בא־רויבען. צוזאמען מיט איהר איז אויך ארעסטירט געווארען קלאוד ראס, 31 יאהר אלט, וועלכער האט אנגעגעבען זיין אדרעס אלס 258 הובער סטריט.

מאריסאן האט זיך געקלאגט, אז ווען ער איז ארונטער פון א סטריט קאר אויף וואורד און פערי עווניוס, נעכטען באנאכט, זיינען א מאן און א פרוי ארונטער פון אן אטאמאביל, וועל־כער האט איהם נאכגעפאלגט די גאנ־צע צייט וואס ער איז געפאהרען אויף דער קאר, און געפאדערט פון איהם געלד. ווען ער זיך ענטזאגט צו געבען, זיינען זיי אוועק.

מאריסאן האט איבערגעגעבען צו דער פאליציי דעם לייסענס נומער פון זיי־ער אטאמאביל.

מיט א פיער שטונדען שפעטער האט פאטראלמען דזשאסעף פרעוואנדא גע־זעהן דעם אטאמאביל אויף בעגלי און פוירסט סטריט און האט ארעסטירט דאס פארפאל.

מיט ווינקא האט ערקלעהרט, אז זי קען זיך מיט מאריסאנ'ען און אז די גאנצע מעשה פון דעם „האלד־אפ" איז נים מעהר ווי א פראדוקט פון זיין פאנטאזיע, ווייל ער איז — זאגט זי — אויף איהר שטארק אייפערזיכטיג.

# צארישע חובות? נים אונז קאנסטאנ־טינאפאל, זאגט קראסין

לאנדאן, יוני 15. —

די היגע „טיימס" דרוקט היינט א מערקווירדיגען באריכט וועגען די פאר־האנדלונגען, וואס קומען פאר צווישען גריגארי קראסין און דעם ענגלישען קא־בינעט. ווי די צייטונג גיט איבער, אנער־קענט נים די סאוויעטען רעגירונג קיי־נע חובות, וועלכע רוסלאנד האט גע־מאכט ביז נאוועמבער 1917 און אויב זי וועט זיין געצוואונגען צו באצאהלען זיי, וועט זי דאן ארויסשטעלען פארשיע־דענע געגען־תביעות.

ווען מען האט מר. קראסין אויפמערק־זאם געמאכט וועגען רוסישע חובות, האט ער ערקלעהרט, אז ער ווייס נאר נים, אז עס עקזיסטירען אזעלכע חובות. ער האט דערביי אבער באמערקט, דאס אויב די סאוויעטען רעגירונג וועט צו־ליעב דעם דרוק פון אמשטענדען איינ־וויליגען צו נעהמען אויף זיך די צא־רישע חובות, וועט זי דאן באשטעהן אויף דעם, דאס זי זאל אויך ירשה'נען די רעכטע און פריווילעגיעס, וואס רוס־לאנד האט געקראגען דורך די געוועזע־נע אפמאכען. ער האט אנגעוויזען אוי־בערהויפט אויף דעם אפמאך פון 1915, לויט וועלכען קאנסטאנטינאפאל דארף באלאנגען צו רוסלאנד.

אויסערדעם האט מר. קראסין בא־הויפטעט, דאס אויב סאוויעטען רוס־לאנד וועט זיין געצוואונגען צו נעהמען אויף זיך דעם יאך פון די חובות, וועל־כע זענען געמאכט געווארען אונטער'ן צארישען רעזשים, וועט זי דאן באש־טעהן אויף דעם, דאס פון דיעזע חובות זאלען ארונטערגערעכענט ווערען די אלע אויסגאבען און היזקות, וואס די סאוויע־טען רעגירונג האט געליטען אין איהר קאמף געגען די „ווייסע פארשווערער", אויף וועלכע ווי פיעל זייערע אטאקען זענען פי־נאנסירט אדער אונטערגעשטיצט גע־ווארען דורך פרעמדע רעגירונגען.

## ווילען אז אלע אפגעריסענע לענדער פון רוסלאנד זאלען צאהלען צארישע חובות

פאריז, יוני 15. —

פארטרעטער פון 10 פעלקער, וועלכע האבען אפגעהאלטען א קאנפערענץ ווי אזוי צו באשיצען די פרעמדע אינטע־רעסען אין רוסלאנד, האבען באשלאסען, אז אלע מלוכות פון דער געוועזענער רוסישער אימפעריע מוזען געבען גאראנ־טיעס, דאס זיי וועלען טראגען זייער חלק פון די חובות, וואס זענען געמאכט געווארען אונטער'ן אלטען רעזשים. לויט ווי די צייטונג „מאטען" גיט אי־בער, איז אויף דער קאנפערענץ בא־שלאסען געווארען נים צו האבען קיינע קאמערציעלע פארבינדונגען ביז אן איני־טערנאציאנאלער אפמאך וועט צופריע־דענשטעלען די „סטאק האלדערס" פון די רוסישע באנדס.

# דעמאקראטישע דעלעגאטען קלייבען זיך צונויף אין סאן פראנציסקא

סאן פראנציסקא, יוני 15. — ביסלעכ־ווייז פאנגען שוין אן זיך צוזאמענצוקומען דעלעגאטען צו דער דעמאקראטישער קאנווענשאן, וועלכע וועט אפגעהאלטען ווערען אין דיעזער שטאדט דעם 28־טען יוני.

די ביהנע איז היינט געווען אין גאנ־צען פארטיג פאר דעם דעמאקראטישען מיטינג. האמער ס. קאמינגס, דער נאצי־אנאלער טשערמאן פון דער דעמאקראטי־שער פארטיי, וועלכער איז שוין דא זיים איינינע טעג זייענדיג „ביזי" מיט די פאר־שיעדענע ארראנדזשמענטס, האט היינט צוגעקראגען א גוטען ארויסהעלפער, אין דער פערזאן פון וו. וו. מארש פון איאווא, וועלכער איז נעשאנאל טרעזשורער פון דער פארטיי.

עס זיינען היינט אויך אהער אנגעקו־מען אנדערע באאמטע פון דער פארטיי און די קאנווענשאן־מאשין איז שוין באלד פאלקאם.

די ליסט פון דעמאקראטישע קאנדי־דאטען, ווי זי איז היינט צו טאג, (נים אריינרעכענדיג „דארק הארסעס") איז ווי פאלגט:

וויליאם ג. מעקאדא; מיטשעל פאלמער; גאווערנאר דזשיימס מ. קאקס פון אהייא; גאוו. עדוואוד י. עדוואורדס! סענאטאר ראבערט ל. אוען; דזשיימס וו. דזשעראַרד; און סענאטאר גילבערט מ. היטשקאק, פון ווירדזשיניא.

# באלפור אדרעסירט ציון דעמאנ־סטראציע אין לאנדאן

לאנדאן, יוני 14. —

היינט אוונט איז אין דעם היעגען באריהמטען גרויסען אלבערט האל, דער גרעסטער אין לאנדאן, פארגעקומען א ריעזיגע ציוניסטישע דעמאנסטראציע. צווישען די רעדנער איז אויך געווען ארטור דזשיימס באלפור, דער געוועזע־נער מיניסטער פון אויסערען, וועלכער האט פראקלאמירט די היסטארישע ציון־דעקלאראציע.

דער ארמענישער פאטריארך אין קאי־ראָ, עגיפטען, האט באגריסט די אל־וועלטליכע ציוניסטישע ארגאניזאציע און געוואונשען איהרען ערפאלג אין ארץ ישראל.

דער בישאף פון לאנדאן האט אין רע־דע באריהרט דעם ציוניזם און ער האט באמערקט, אז הערבערט סעמיועל האט פאר זיך א זעהר שווערע אויפגאבע אין ארץ ישראל. ער האט איהם געוואונשען ערפאלג.

סער אלפרעד מאנד לייקענט אז ער נעהמט אן א ציוניסטישען אמט.

סער אלפרעד איז א ציוניסט פון נאך פאר דער באלפור דעקלעראציע און ער האט געגעבען היבשע סומען פאר'ן ציוניזם. ער איז א מחותן פון לארד רעדינג.

די באריכטען וואס זענען יעצט דא ערהאלטען געווארען וועגען דעם בלוטי־גען אנפאל אויף דר קאלאניע מעשא, אין גליל התחתון, ציינען אז די צוויי קאלאניסטען וואס זענען דארטען גע־פאלען טויט, הייסען משה קילמאנאוו־סקי און חייקאוויץ. נחמן קארנעל איז פארוואונדעט געווארען.

# Mt. Clemens

ראַס שטאַרקסטן מינעראַל וואַסער אין דער וועלט איז די

דער בעסטער האָטעל איז דער



## פאָונטעין בעטה הויז

אונטער אַ אידישער מענעדזשמענט. קומט און ווערט קורירט פון רומאַטיזם, נערווען-קראַנקהייטען א. ז. וו. אונזער פאָונטען בעטה הויז איז די ערשטע און אָריגינעלסטע ווי אויך די איינציגע אידישע.

בעסטע באַהאַנדלונג גאַראַנטירט.

שרייבט צו די

**FOUNTAIN BATH HOUSE**
**Cor. Gratiot & Clinton,**
**Mt. Clemens, Mich,**

## פאָונטעין האָטעל

כשר

100 שעהנסטע רומס. גרעסטע דיינינג רום. נעבען דער פאָונטעין בעטה הויז. פרייז $25 רום און באָרד. די קאַר פון דעטראָיט ברענגט אייך צו אונזער טיר. ווען איהר זאָגט צום קאָנדוקטאָר אז איהר ווילט סטאָפּען נעבען „פאָונטעין". שיקט אַ פּאָסטעל קאַרד. ווען איהר ווילט וויסען איינצעלהייטען צו

סעם מאַרינאָוו, פּראָפּ.

## קליוולאַנד כשר האָטעל און רעסטוראַנט

מרס. סערע זעמלאַקאָווסקי און לינאַ בעקערמאַן
97 קלינטאָן סטריט
מאָונט קלעמענס

בעסטע סערוויס, ביליגע פּרייזען. נעבען בעסטען באָדינג פּלאַץ. אָפען אַ גאַנץ יאָהר. שרייבט אַ פּאָסטעל קאַרד.

## אַטלאַנטיק כשר הויז
מאָונט קלעמענס

פאַר $25 אַ וואָך גיבען מיר אייך אַ פיינע רום מיט עסען. די פאָונטען באָד איז נעבען הויז. שרייבט אַ פּאָסטעל קאַרד צו דער אַטלאַנטיק.

## זייט געזונט



און פאַרברענגט אייער זומער וואַקיישאַן אין מאָונט קלעמענס, און אַז שוין אין מאָונט קלעמענס וועט איהר סטאָפּען אין

## Elkins Hotel

100 רומס. דיינינג רום פאַר 300 לייט. אַ רפואה פאַר קראַנקע, אַ פאַרגעניגען פאַר געזונטע.



ס'ניט געדרונגען אז איהר מוזט האָבען טויזענדער צו זיין אין מט. קלעמענס

## ניו ווילאַ האָטעל

וועט אייך רעכבענען $25 אַ וואָך און איהר וועט הנאה האָבען. אַלע רומס קאָנעקטעד מיט אַ פּעסעדוש צו די פּלאַזאַ בעדער. שרייבט נאָך איינצעלהייטען צום פּראָפּראַיעטאָר ה. קראַוז.

## פּיטסבורג כשר האָטעל
אין מאָנט קלעמענס

נעקסט דאָר צו פּלאַזאַ בעטה הויז.
מיר באַהאַנדלען אייך ראַיעל און רעכנען ניט טייער. וואַטשט פאַר אונזער פאַרטרעטער ביים סטיישאָן.

## אייער פאַרלאָרענע געזונט



קריגט איהר צוריק, ווען איהר זענט אין מאָונט קלעמענס און סטאָפּט אין

## גלענוואָוד האָטעל

קאָנעקטעד מיט די באַריהמטע אָלימפּיאַ בעדער. שעהן, ליכטיג, לופטיג. פרישע שפּייזען, מעסיגע פּרייזען, אַ ספּעשעל לאָנטש און דעליקאַטעסען סטאָר, קאָנעקטעד מיט די גלענוואָוד. שרייבט נאָך אינפאָרמאַציע צו א. מאַדאַרסקי.



## אַלבאַני האָטעל

אין מט. קלעמענס, האָט אַ נאָמען פאַר די לעצטע 20 יאָהר אונטער דעם זעלבען מענערזשמענט.

מיר בעטען אונזערע קאַסטימער און פריינד צו קומען באַצייטענס אויב דער סעזאָן איז אין פולען גאַנג, כדי מיר זאָלען זיי קענען געבען בעסערע באַהאַנדלונג. שרייבט צו

ב. מאַסקאָוויץ

## ריווערסייד האָטעל

(געוועזענער פּאַרק ענעקס)

מט. קלעמענס, אינגאַנצען רעמאַדעלירט, עפענט זיך 1-טען מאַי,
150 רומס, דיינינג רום פאַר 300.
דאָס אייִדעלסטע פּלאַץ פאַר געזונטע ווי פאַר קראַנקע. שרייבט נאָך איינצעלהייטען.

**Riverside Hotel**
**Mt. Clemens, Mich.**

אַ נייעס אין מאָנט קלעמענס
צוויי כשר'ע
דעליקאַטעסען סטאָרס
אין מאָנט קלעמענס

**B. & M. DELICATTESSEN**
**58 N. Gratiot**
**and 46 Cass Avenue**

אַלערליי לאַנטשעס און געטראַנקען. באַזוכט אונז ווען איהר זייט אין מאָנט קלעמענס.

גיט אייערע קינדער אַ מאָדערנע אידישע ערציהונג שיקט זיי אין דער מענדעלע פאָלקס שולע 204 איסט הענקאָק. עס ווערען געעפענט נייע קלאַסען פאַר אַנפאַנגערס, אויך שילער פיר די העכערע קלאַסען, אין שולע לערנט מען אידיש העברעאיש, געשיכטע און ליטעראַטור, די שולע איז אָפען יעדען טאָג פון 4 ביז 7 זונטאַג פון 9 ביז 12.30

## אונזער אידישע ביזנעס דירעקטאָרי

בוסט הייסטינגס סטריט. ס'איז אַ סגולה צו פרנסה

ביזנעס איז גוט אויף הייסטינגס סטריט

פאַר גוטע אַרטיסטישע בילדער איז רעקאָמענדירט
**א. קעלערמאַן,** פאָטאָגראַף
490 הייסטינגס סטריט

---

ווילט איהר עסען פרישע שפּייז קויפט
**דזשיי לאַבאַר'ס**
פּוטער און אייער
378½ הייסטינגס סטריט

---

יוטאָפּיאַ האָל (אָפּסטערז)
**יוטאָפּיאַ**
**אייז קרים פּאַרלאָר**
308 הייסטינגס סטריט
א. פּאָול, פּראָפּ.

---

**מאַקס ראָזענבערג'ס פאַר שאָפּ**
האָלסייל און ריטייל, ריפּיירינג און רימאָדלינג צו מעסיגע פּרייזען
484 הייסטינגס סטריט
טשערי 7701

---

**גאָלדבערגס כשר רעסטאָראַנט**
391 הייסטינגס סטריט
פרישע שפּייזען פאַר געוועהנליכע פּרייזען. קומט און איבערציינט אייך

---

**ה. פּלאָטקין'ס** בוך סטאָר
(געוועזענער אוצעניק ס)
אידישע ביכער, ספרים, טליתים פאַר די מעסיגסטע פּרייזען
456 הייסטינגס סטריט, קאָר. אַדעלייד.

---

**קרעמער'ס האַרדוועיר**
278 קענפיעלד
מעלראָוז 1732 „עם"
ראַיעלע באַהאַנדלונג. מעסיגע פּרייזען

---

**McCAREY'S**
**טייר ריפּייר שאָפּ**
667½ הייסטינגס סטריט
וואַרפט ניט אַוועק קיין אַלטע טיירס

---

**פיינסטע סטייל דרעסעס**
מילער בראָס.
קלאָוקס, סקוירטס, וויסטס
רעדי טו וועהר
264 הייסטינגס סט. — מעלראָוז 6108

---

ווילט איהר סייפען געלד? — דאַן קומט צו **קליין און גאָלדמאַן,** פּאַרירערס אַ גרויסען סטאָק פון קוני ביז סייבעל. מיר מאַכען אויך ריפּיירינג און רימאָדלינג. 398 גרעשיאָט. טעל. מעין 3613

---

**הייזער און פּלעטס** צו פאַרדינגען קומט פּערזענליך. מיר האָבען וואָס איהר ווילט. אָדער מיר וועלען עס געפינען.
**McUAID REALTY CO.**
גלענדייל 4572 — 536 גרענד ריווער

---

**פאַרלאַנגט**

פינף קלוגע סיילסלייטס. פול טיים אָדער פּאַרט טיים. קומט און זעהט מיך. איהר וועט פאַרדינען גרויסעס געלד. בען פּאַרקס, 1702 ריעל עסטייט עקסטשיינדזש בילדינג. ביי טאָג אָדער אין אָוונט.
15)

---

**Reliable Store Fixture Co.**

מיר האָבען אַ גרויסען אויסוואַהל פון אַלערהאַנד סטאָר פיקסטשורס, וואָל קייסעס, שאָו קייסעס, אייז באָקסעס, קאַונטערס, שעלווס, סייפס, סקיילס רעדזשיסטערס, נייע און נעוועטע, פּרייזען מעסיגע. אָרענטליכע באַהאַנדלונג. 2 סטאָרס.
**רעלייבל סטאָר פיקטשור קאָ**
305 גרעשיאָט עוועניו
טעל. קאַדילאַק 2445
277 מישיגאַן עוועניו
טעל. קאַדילאַק 4924 עם.

---

**מאָושען-פּיקטשור אָפּערייטאָרס**
לערענט זיך פאַר
לייכטע און ריינע אַרבייט, קורצע שטונדען, גוטע יווידזשעס קוואַליפיקיישאַן גאַראַנטירט.
**Movie Operator's School**
**33 Sproat St**
מאָנטאַג, מיטוואָך און פרייטאָג 7:30 אָבענד.

---

**סעקאָנד פּורניטשור סטאָר**
צו פאַרקויפען, ביליג רענט. אַ ליעס אויף אַ לאַנגע צייט. איך בין געצוואונגען צו פאַרלאָזען די שטאָדט. אַ באַרגעין פאַר דעם שנעלען קויפער. פרעגט 594 גריישיאָט עוועניו.
15)

---

אידען פון די אַרומיגע שטעדט קויפען פון די
**וועסטערן טאַקינג מאַשין קאָ.**
448 הייסטינגס, ניער אַלפרעד. אידישע אויך רעקאָרדס אין אַלע שפּראַכען.

---

**ראָזען'ס בעקערי**
ברויט און פּענסי קייקס
408 הייסטינגס סטריט
צו מיר קומט מען פון אַלע טיילען שטאָט

---

**דזש. ראָטנער'ס**
דזשענטס פאַרנישינג און קעפּס
584 הייסטינגס סטריט
מיר שטעלען אייך צופריעדען מיט סטייל און פּרייזען

---

קויפט **הערינג** ביי דער
**מישיגאַן הערינג סופּליי קאָ.**
ה. מילער, 435 הייסטינגס סטריט
פּראָבירט די נייע שמאַלץ און מאַטשעס הערינג

---

**באָהעמיען רהיי בעקערי**
נייטען קאָרן, פּראָפּרייעטאָר
515 הייסטינגס סטריט
אַ פולע ליין קייק, חלה און ברויט

---

**קאָהן בראָס. און מייערסאָן**
דער רעסטאָראַנט וואו מען עסט זיננגדיג אַ גאַנצע וואָך. דער עיקר שבת און זונטאָג (שנאָרער למשל). 630 הייסטינגס

---

זאָרגט ביליג פאַר סטאָר-קיפּערס און פּעדלערס
ספּעציעלע פּרייזען פאַר ריטיילערס
**מאַקס ראָזינסקי**
353-355 הייסטינגס, קאָר. קאָלומביא

---

**סיינס**
אַרטיסטיש און ניט טייער
ה. ראָטהבערג
302 הענקאָק

---

**טייכער'ס האַרדוועיר**
768 הייסטינגס סטריט
אַפּולע ליין בילדערס סופּלאַיס אַלומינום, פּיינטס א. ז. וו.
אָרדערס דעליווערט איבעראַל

---

מאָדערנע מענשען
קויפען זייערע שיך אין
**מאָדערן שוה סטאָר**
603 הייסטינגס סטריט

---

**העברעאישער לעהרער**
פון ארץ ישראל
יעדער עס וויל זיך לערנען לשון הקודש זאָל זיך ווענדען צו
**יצחק לוכטן**
**2139 Russel St.**

---

**צו פאַרדינגען**

אַ סטאָר אויף 2484 וואודוואַרד עוו. גרויסע סטאָר און בייסמענט. אַ 3 יאָהר ליעס. פרעגען אין אָפּיס פון מעלאָני—קעמפּבעל, 504 פרי פּרעסס בילדינג. טעלעפאָן טשערי 1195.
13)

---

מיר פּלאָמבירען גוטע אַרבייט נוטע באַהאַנדלונג — ליבעראַלע פּרייזען.

**דר.**
**ה. סטאַריקאָף**
דענטיסט
400 הייסטינגס סטריט

---

**דר. לאַנדי, דענטיסט**

מאַכט באַקאַנט צום ווערטהען פּובליקום דאָס ער האָט ערעפענט די דענטאַל אָפּיס פון דעם פּאַרשטאָרבענעם
**דר. שליסעל**
אויף 617 הייסטינגס, נעבען עליאָט.

---

**אָוקלאַנדער אידען**
פּיקסען זייערע
**ציינער**
ביי
**Dr. H. Goodman**
**דענטיסט**
427 ווודוואַרד עוו. טעמפּס
737 אָוקלאַנד עוו.

---

**מאָדערן דעליקאַטעסען סטאָר**
473 הייסטינגס סטריט
טעלעפאָן טשערי 6169 וו.
ה. האָלסקין, פּראָפּ.

---

איך וועל אייך אַנשרייבען אייערע
**אַדווערטייזינג**
וועט עס אייך ברענגען
**רעזולטאַטען**
י. ל. מאַלאָמוט — מעין 3715

---

קויפט די בעסטע
**שרייב טינט**
אין דער וועלט
פון **בושע'ס אינק** קאָ.
186 בענטאָן סט. — דעטראָיט, מיש.

---

**מאַיעווסקי און קאָזען'ס**
דזשענטס פאַרנישינגס
בויס קלאָדינג און העטס
528 הייסטינגס סטריט
טעלעפאָן: טשערי 7867

---

**ליעבערוויץ בראָס.**
פּיטען
**שיך**
פאַר דער גאַנצער פאַמיליע
524 הייסטינגס סטריט

---

**שיפּמאַן'ס**
דזשענטס פּורנישינגס
605 הייסטינגס סטריט
צווישען בענטאָן און עליאָט
האָט אַ שם צווישען מבינים

---

**דזשייקאָב וועקסלער**
שרייבט אינשורענס פון
**דעטראָיט לייף-אינשורענס**
272 קווירבי. — מאַרטוועל 2554 דאָבליו.

---

**פילאַדעלפיאַ**
דרעס און דריי גודס הויז
671 הייסטינגס סטריט
אימת'ע באַרגיינס צו יעדער צייט
טעלעפאָן: טשערי 6131

---

**Y. H. P. A.**
**רעסטאָראַנט און לאָנטש**
האָפּמאַן בראָס. און זלאָטניק
הייסטינגס קאָר. ברידי
אָפען טאָג און נאַכט

---

**ט. בייטנער**
טינניננג און רופינג
אַלערליי רופינג און רופּעירינג
335 מאָנטקאַלם סטריט
טעלעפאָן טשערי 6656

---

**מ. האָכבערג'ס**
דזשענטס פאַרנישינג סטאָר
532 הייסטינגס סטריט
וועט אייך האַלטען אין סטייל און שפּאָרען געלד

---

**צו פאַרקויפען**

אַ דעירי און גראָסערי סטאָר. אין בעסטען אידישען לאָקיישאַן. ניט פיעל געלד נויטיג. זיך נאָכפרעגען אויפ'ן פּלאַץ. 1170 הייסטינגס סטריט.
20)

---

**דזשאָז. ר. לימאַן**
און
**מאָרטימאָר דזשיי ליסס**
לאָיערס

מאַכען בעקאַנט צום ווערטהען פּובליקום, דאָס זיי האָבען געמופט זייערע אָפּיסעס פון 9-928 טשיימבער אָוו קאָמערס בילדינג

צו
**20 האָרשעס בילדינג**
קאָרנער סטייט און גריסוואָלד
טעלעפאָן טשערי 3978

---

**קאַפּלאַן'ס באַרגיין סטאָר**
483 הייסטינגס סטריט

ענט איהר קויפען אַלעס פון די פּאַל נעגרע ליינס:
אַמפּלים דרעס גודס ליין פון סילקס וואָלענס און קאָטאָן גודס. פּערשיידענע נאָטיאָנס אַרטיקלען ווי, בעד ספּרעדס, קווילטס; טייבעל-קאַווערס; שעמס און סקאַרפס. קאָמפּלעט ליין אין ליידיס פענסי אַנדערוועהר און קאָרסעטס. מענער פאַרנישינגס און אַנדערוועהר.

**ספּעשעל! ספּעשעל!**

אַ גרויסער אַסאָרטמענט אין וואָלענע פאַר מענער און ביייס סוטס און קאָוטס אַ קאָמפּליט ליין פון טיילאָר און דרעס מייקערס טרימינגס.

---

**קעש רעדזשיסטערס**
**נעשאַנאַלס, אַלערליי סטיילס.**
**— געקויפט און פאַרקויפט —**
**DETROIT USEDCASH REGISTER CO.**
**56 Broadway — Cadilac 5112**

---

## פּערלאַנגט און געזוכט

צוויי אָדער דריי ליינס אין „וועג" ברענגט אייך די בעסטע רעזולטאַטען.

## Real Estate

**לענדלאָרדס און פּראָפּערטי אייגענטימער**

לאָזט זיך ניט נאַרען, זייט פּאַרזיכטיג בעפאָר איהר קויפט סעמענטענע נאַרבעדוש אָדער אַש-רעסעפּטיקאַל, דיטראָיט קאָנקריט מאַניופּעקשורט רי-אינסטאָלד רעסעפּטיקעלס. די צעמענט איז געמישט מיט ווייער, ווערט נעווער צופאַלען, וועט זיך ניט שפּאַלטען פון פראָסט. מיר גאַראַנטירען ביליגער אין פּרייז, בעסטע אין קוואַליטי. **ה. מ. קאָפמאַן,** 296 האַנקאָק איסט. טעלעפאָן מעלראָוז 3595 וו. טשערי 1473. פרייע אינסטאָליישאַן.

---

**סטאָר און פּלעט**
צו פאַרקויפען

צווייטער פלאָר. 8 רומס (4 בעד רומס און באַטה, פּענטרי און עטטיק), ערשטער פלאָר, סטאָר און פיער רומס (צוויי רומס און באַטה) גרויסער בייסמענט און באַרן. קאָרנער לאָט. 30 ביי 95. פּרייז $14,500. קליינע איינצאָהלונגען און גרינגע טוירמס. נאָכפרעגען: קאָספּער האָפפּמאַן, ברענטש 1547 האַרפּער סטריט, טעלעפאָן לינקאָלן 1890, אָדער לינקאָלן 1494 עם.

---

**צו פאַרקויפען**
סטאָר און פּלעט

צווייטער פלאָר 8 רומס (4 בעד רומס און באַטה, פּענטרי און עטטיק), ערשטער פלאָר. סטאָר און פיער רומס (צוויי רומס און באַטה) גרויסער בייסמענט און באַרן. קאָרנער לאָט. 30 ביי 95. פּרייז $14,500. קליינע איינצאָהלונגען און גרינגע טוירמס. נאָכפרעגען, קאָספּער האָפפּמאַן, ברענטש 1547 האַרפּער סט. טעלעפאָן לינקאָלן 1890, אָדער לינקאָלן 1494—עם.
17)

---

**מר. ביזנעסמאַן!**

וואָרום טוט איהר ניט ווי אַלע פּאָרשטעטעריגע ביזנעס לייטע טהאָן? אויב איהר מוזט צוליעב וועלכע עס איז אורזאַכע פאַרקויפען אייערע ביזנעס, וואָרט נישט פיעל —

**מאַכט אַן אָקשען**

און איהר וועט קריגען די געלד אין קעש דעם זעלבען טאָג. רופט אַף דעם באַקאַנטען אָקשאָניער —

**בען פרידמאַן**

ער וועט זיכער אייך צופריעדענשטעלען. רעזידענץ 220 בענטאָן סטריט. טעלעפאָן קאַדילאַק 2580.

---

**אַן אויסערגעוועהנליכע געלעגענהייט**

צו פאַרקויפען אַ קאָנטראַקט פאַר אַ 5 פּעסענדזשער ביואיק טורינג קאַר. וועט דעליווערט ווערען בעפאָר דעם 1טען דזשולי. טוירמס צו אַראַנזשירען מיט דער קאָמפּאַני. פרעגען: „וועג" באָקס 58.

---

**הרב ר' יוסף תאומים**
רפאה
202 דיוויזיאָן סטריט
טעלעפאָן טשערי 6199 דאָבעליו

---

**דער בעסטער מוהל אין שטאָט און מסדר קידושין**
**חזן דוד גאָלדען**



אין 248 איסט האַי סטריט
טעלעפאָן, מעין 4420

---

**פּאָרד קאַרס און אַנדערע קאַר**

קומט און קלייבט אויס פון אונזער גרויסען סטאָק. מיר קויפען פאַר קעש און פאַרקויפען אויף לאַנגע טערמינען

**Maurice W. Fox Co.**
**Boulevard nr. Oakland**

---

## CLASSIFIED

**אַ סטאָר**

צו פאַרקויפען אָדער צו פאַרדינגען פון לייִדיס רעדי וועהר מיט דעם סטאָק — פרעגען אין „וועג" באָקס 91.

**צו פאַרקויפען**

אַ גוט איינגעטריעטע דזשועלרי סטאָר אין אַ גוטען געגענד. גוט פיר $125.00 אַ וואָך פּראָפיט. ביליג רענט און אַ גוטען ליעס. נאָכפרעגען 146 הייסטינגס ס.
18)

**צו פאַרקויפען**

5 רומס פאַרניטשור. דער קויפער קען רענטען דעם פלעט. נאָכפרעגען מר. בעראָן, 231 איסט פּאַלמער.
17)

**צו פאַרדינגען**

אַ פאַרנישד רום מיט קיטשען. פּריווילעדזש פאַר עלטערע קאָפּעל. סטריקטלי כשר; רענט ביליג. פרעגען אין 304 הענקאָק איסט, לעווין.
16)

**צו פאַרקויפען**

אַ בוטשער שאָפּ. פרייז $1800.00. איינצאָהלונג $500. דאָס איבעריגע מיט לייכטע צאָהלונגען. נאָכפרעגען, 846 בוביען סטריט. אָדער רופט מעלראָוז 40—עם.
16)

**צו פאַרקויפען**

אַ דעליוועררי וואָגען מיט אַ פערד. נאָכפרעגען 846 בוביען אָדער רופט מעלראָוז 40—עם.
16)

**צו פאַרקויפען**

אַ שוה ריפּעיר שאָפּ מיט אַלע מאַשינען. אַ גוט איינגעאַרבייטער פלאַץ אין אַ זעהר גוטען לאָקיישאַן. איך מוז פאַרקויפען, ווייל איך דאַרף אַטענדען אַנדערע נויטיגע ביזנעס. פאַר איינצעלהייטען שרייבט צו בען דזשיי שניידער, 2725 ס. וואַשינגטאָן עוועניו, סאַגינאַו, מיש.
21)

**נאָטיס**

**צו דעטראָיטער לעזער**

אויב דער „וועג" קומט אָן צו אייך ניט אין צייט, ביטע רופט אָפּ אין אָפּיס פון „וועג", אָנגעבענדיג אייער נאָמען און אַדרעס און עס וועט גלייך אַטענדעט ווערען.

**פאַר פּלינט, מיש.**

אַ אין פרוי פאַרלאַנגט פאַר הויז אַרבייט, פון מיטעלע יאָהרען, אין אַן אַנשטענדיגע פאַמיליע. גוט באַצאָהלט. פרעגען „וועג" באָקס 91.

**אַפּהאָלסטערינג**
מאַכט אייער אַלטע פּורניטשור
שפּאָגעלנייַ
**א. וועסט**
865 הייסטינגס סטריט

**באַקאַנטמאַכונג**
**די סילווער לעדער קאָ.,** 578 הייסטינגס
דזשאָז. סעמפּאָ, קויפט פאַרשידענע זאָרטען לעדער און אימיטיישאָן לעדער, אויך אַלטע לעדער און ראָבער בעלטינג. ספּעציעל זענען מיר פאַראינטערעסירט אין נייע סעלאָלאָיד סקראַפּ; מיר צאָהלען 65 סענט אַ פונט.
**פאַרגעסט ניט** אונזער טעלעפאָן נומער: מעלראָוז 4610.

TELEPHONE CANAL 169
VIENNA SAUSAGE MFG. CO.
1215-1217 S. HALSTED ST. CHICAGO.

אונזערע
**דעטראָיטער אגענטען**
זיינען
**דזשיי לעפּקאָווסקי און סאָנס**
**בראָדוויי מאַרקעט**

**צום דעטראָיטער פּובליקום!**

יעדער איינער דאַרף וויסען: אַז אויגען זיינען די איידעלסטע אָרגאַנען אין דעם מענשליכען קערפּער. ווען איהר ליידעט פון אירגענד וועלכע קאָפּשמערצען אָדער נערוועזיטעט, דאַן נעהמט צו אַן ערנסטען, עהרליכען אָפּטאָמעטריסט, ער וועט אייך פאָרזיכטיג און וויסענשאַפטליך צופּאַסען די נויטיגע ברילען.

ריכטיג צוגעפּאַסטע ברילען וועט אייך באַפרייען פון אַלע אייערע טראָבעלס. נערט צו אייער גוט באַקאַנטען

**Frosh O. D.**
**אָפּטאָמעטריסט**

אין 204 קלינג"ם בילדינג וועלכע געפינט זיך אין 308 הייסטינגס סט. קעגענאיבער פרידלענד"ם דזשועלרי סטאָר.

# גרויסער יום טוב

## דינסטאג, דעם 22טען יוני, 1920

ווערט שטאטפינדען דער

# יאהרעס פעסט

פון „וועג"

דיזער יום טוב וועט געפייערט ווערען אויף אזא אופן ווי עס פאסט פאר א דעטראיטער טעגליכער אידישער צייטונג. די קאמיטע ארבייט יעצט אויס פלענער פאר דיזען יום טוב

ווארטעט פיר ווייטערע אנאנסמענטס

## דער וועג פאבלישינג קאמפאני

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין דעטראיט.

347 Hastings St.

Main 3715

דער וועג

THE DETROIT JEWISH DAILY

Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY. INC.
347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715
J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.
B. I. GOLDSTEIN, Editor

(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)

Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.

# דער ערשטער שפאן צו קאנסטרוקטיווער הילף

אינ'ם נעכטיגען לייטארטיקעל האבען מיר דערצעהלט די לעזער פון „וועג" וועגען די ניו־יארק'ער לאנדסמאנשאפט פאראיינען, וועלכע האבען רעוואלטירט קעגען די ארגאניזירטע רעליעף קאמיטעס און האבען אליין אונטערנומען די שווערע, פאראנטווארטליכע ארבייטען פון זאמלען און צעטיילען געלדער צו די פאראומגליקטע פון זייערע שטעדט און שטעדטליך.

איניגע וועלען דענקען אז דער רעוואלט פון די לאנדסמאנשאפטען קען ברענגען אן אומארדנונג אין דער גאנצער הילפסארבייט; אנדערע קענען דענקען, אז די סעפעראטע ארבייט פון די לאנדסמאנשאפטען קען פיהרען צו דער גאנצער פארניכטונג פון דער ארגאניזירטער הילפס ארבייט אין אמעריקא.

דאס קען ברענגען אומגליק פאר יענע שטעדט און שטעדטליך וואס האבען נישט קיין פאראייניגטע חברות, אדער לאנדסמאנשאפט־סאסייעטיס אין אמעריקא. ווארים אזוי גיך ווי די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע זאל אפשטעלען איהר טעטיגקייט צוליעב דעם רעוואלט פון די לאנדסמאנשאפטען, קען דעמאלט צוגענומען ווערען די הילף פאר הונדערטער און הונדערטער שטעדטליך, וועלכע האבען נישט קיין פאראיינען אין אמעריקא.

עס קאן זיין אז אין דעם ליעגט א שמץ אמת.

עס איז אויך נישט אויסגעשלאסען אז די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע האט שוין נישט דערפיהלט די קאנקורענץ, אדער דעם רעוואלט פון די לאנדסמאנשאפטען. אז דאס זאל אבער עפעס אפשטעלען איהר טעטיגקייט, גלויבט זיך נישט ווייל וויפיעל די לאנדסלייט זאלען נישט צושטייער געבען אין די קאסעס פון זייערע לאנדסמאנשאפטען, געבען זיי אויך גענוגע סומעס פאר אלגעמיינער רעליעף ארבייט.

ווי אבער עס זאל נישט זיין קען מען די לאנדסמאנשאפטען נישט טאדלען פאר זייערע סעפעראטע געלד זאמלונגען און געלד צעטיילונג.

די לאנדסמאנשאפטען האבען זיך ארומגעזעהן אז דער „אם אין אני לי מי לי" איז א גרויסער אמת וואס קען נישט פארנאכלעסיגט ווערען.

מיר וועלען פאר דעם ערשטען ביישפיעל נעהמען די אוקראינישע לאנדסמאנשאפטען:

שוין זייט יאהרען און צעהנדליגע יאהרען עקזיסטירען אין ניו־יארק אוקראינער לאנדסלייט פאראיינען, וואס האבען געטאן ארבייטען אהן גרויסע נוצען. זיי האבען זיך באנוגענט מיט אונטערשטיצען אמאל א לאנדסמאן, אדער מאכען א נדבה אויף א שיפסקארטע אריבערצוברענגען אימיצען קיין אמעריקא.

אמת טאקע זיי פלעגען מאכען א טאראראם, טומעל, ארענזשירען פארשיעדענע אונטערנעהמונגען „לויפען בעלער" וכדומה, אבער דאס רוב מאל האבען דיעזע אונטערנעהמונגען קוים געקלעקט אויף אויסצוקומען מיט די הוצאות. עס איז געווען אן ארבייט פון שטויסען וואסער.

נאר אט זענען אונטערגעקומען די מלחמה און די שלום יאהרען און דאס גאנצע אוקראינער אידענטום האט זיך אויסגעקנאטען אין בלוט און אייטער.

די לאנדסמאנשאפטען האבען דערזעהן דעם גרויסען בראך, אבער העלפען האבען זיי נישט געקענט, ווייל זיי האבען פשוט נישט געהאט מיט וואס. זייערע קאסעס זיינען געווען ליידיג און זייערע טוער און מתעסקים, פרעזידענטען און סעקרעטארען האבען זיך אפגעשראקען פאר א גרויסער ארבייט; זיי זיינען עס נישט געוועהנט געווען און עס איז אויך נישט געווען פאר זייערע פעהיגקייטען.

האט זיך געגרינדעט א פארבאנד פון אוקראינער אידען.

די פאראיינען האבען זיך א ווארף געטאן אויף דעם פארבאנד מיט געוואלדיג גרויסער ערווארטונג; מען האט די גאנצע הילף געזעהן אן דעם פארבאנד; און אלע סאסייעטיס און סאסייעטליך האט מען גערעדט מיט באגייסטערונג פון דער גרויסער הילף וואס דער פארבאנד וועט לייסטען; די גרויסע נוצען וואס ער וועט ברענגען פאר שטעדט און שטעדטליך אין דעם העלישען אוקראינע.

ביסלעכווייז אבער האט מען זיך גענומט אפקיהלען. די אויפגעבלאזענע פאנטאזיעס פון די לאנדסמאנשאפטען און זייערע טוערס, האבען זיך ביסלעכווייז אויסגעלאשען און מ'האט גענומט איינזעהן, אז דער פארבאנד קומט נישט נאך און וועט נישט נאכקומען די פאדערונגען.

און היינט צו טאג איז דער פארבאנד א ליידיג ווארט. אין דעם פארבאנד האבען זיך אריינגעכאפט מענשען, וואס האבען זיך די גאנצע צייט ארומגעריסען צוליעב קלייניגקייטען און עס איז קיין אנזיכטיגע הילפס ארבייט פאר אוקראינער אידען נישט געטאן געווארען.

די סאסייעטיס זיינען ענטוישט געבליבען.

מען האט זיך אויסגעניכטערט און אנשטאט צו פארלאזען זיך אויף מענשען וואס זוכען אייגענע אמביציעס, כאטש מאנכע פון זיי זיינען מענשען מיט קלינגענדיגע נעמען, האבען די לאנדסמאנשאפטען בעסער און ענערגישער זיך אפגעגעבען מיט אייגענער ארבייט. זיי האבען אין די פאראיינען דורכגעפיהרט גאנצע רעוואלוציעס; אוועקגעשטעלט פאסיגע מענשען ביי די רודערס; האבען זיך פאראייניגט מיט גרעסערע און טיכטיגערע פאראיינען און אויף אזא אופן געקראגען צוטרוי צו זייער ארבייט; געלד האט אנגעהויבען אריינצוקומען אין די קאסעס און די ארבייט איז אוועק ווי געהעריג.

איצט קוקט דער אוקראינער פארבאנד מיט שרעק אויף די לאנדסמאנשאפטען.

דער פארבאנד זעהט ווי די לאנדסמאנשאפטען דראהען זיין עקזיסטענץ; ער האט דערזעהן אז מעהר ווי ארומצוריסען זיך צוליעב קלייניגקייטען האט ער קיין אנדער ארבייט נישט, ווייל די אנדערע, די וויכטיגערע ארבייט ווערט שוין געטאן פון די לאנדסמאנשאפטען גופא.

וואלטען די לאנדסמאנשאפטען זיך נישט געווען געכאפט און נישט געטאן די ארבייט, וואלטען זיי געווען ארימער און די הילף פאר אוקראינער אידען וואלט געווען א נישט אנגעהויבענע.

די מאכערס אין פארבאנד וואלטען ביז איצט געווען געקוקט אויף זיי נישט מעהר ווי אויף א מעלקענדיגע קוה און וואלט זיך ווייטער אנגעפיהרט א קאמף פאר פוסטע כבוד זוכערע, פאר ארומרייסעריי און ד. ג.

איצט אבער ווען די לאנדסמאנשאפטען האבען זיך געכאפט אויף דעם „אם אין אני לי מי לי", הויבט זיך ערשט אן די הילף, אדער דאס טעטיגקייט פאר קאנסטרוקטיווער הילף.

פון די פופציג שלוחים וואס פאהרען אט היינטיגען חודש קיין אייראפא, זענען בלי גוזמא פאראן עטוואס וועניגער ווי העלפט וואס פאהרען קיין אוקראינע. די דאזיגע שלוחים וועלען זיכער פארבינדען די פאראומגליקטע פון אוקראינע מיט זייערע קרובים אין אמעריקא און אזוי ארום וועט זיך אנהויבען די קאנסטרוקטיווע רעליעף.

# אונזערע ווערטער און זייערע טאטען

פון מרדכי דאנציס

ביי אונז קומט צוערשט דאס ווארט, דאס הויכקלינגענדע, ברייט־געפליגעלטע ווארט, די פיין־געשליפענע מליצה די קונציג־פארוויקעלטע, אויסגע'פלפול'טע טעאריע.

נאכהער ווערט אמאל אויך אויסגעהאמערט א טאט, ציהט ארויף אויף זיך די הוילע, נאקעטע טעאריע פלייש און אדערען, און פון דעם שטויב און רויך פון מליצה שלאגען אויך ארויס העלע, ליכטיגע פונקען.

זייער בראשית הויבט זיך אבער אן מיט דער טאט, מיט דער לעבעדיגער פול־בלוטיגער טאט; מיט דעם קאנקרעטען, פעלזענפעסטען פאקט, וואס איז אין דעם פייער פון דער ווירקליכקייט אויסגעשמידט געווארען און לאזט זיך ניט פארלייקענען און ווידערשפרעכען. נאכהער קומט שוין דאס פיינע ווארט, די אויסגעקריזעלטע מליצה, די פארשפיצטע טעאריע.

ביי אונז ווערען די טאטען אויסגעגאסען אין פורעם פון פאראויסבאשאפענע טעאריע.

ביי „זיי" זענען טעאריעס ניט מעהר ווי פירושים און באלייכטונגען אויף פאקטען און געשעהענישען, וואס האבען שוין לאנג אין לעבען געווארצעלט און פרוכטען געבראכט.

פרידריך דעם ערשטען כאראקטעריסטישע ערקלעהרונג, אז פאר יעדער גוטער מלחמה וועט ער שוין געפינען א פראפעסאר, וואס וועט זי טעארעטיש באגרינדען און בארעכטיגען, איז ביי זיי ניט נאר אמת בנוגע צו מלחמות, נאר אויך צו אלע אנדערע געשעהענישען פון לעבען.

און אט דערפאר הערט זיך עס טאקע אויף אונזער גאס, טאג־ווי־נאכט, דער קלאנג פון ווערטער, ווערטער און ווערטער.

און אט דערפאר רוישט עס און קאכט עס ביי זיי אהן אויפהער מיט טאטען, טאטען און טאטען.

אין די לעצטע פינף יאהר, ווען אלטע וועלטען זיינען הרוב געווארען און נייע זענען פון בלוט און פייער ארויסגעשוואומען, האט זיך דער טראגישער אונטערשיעד צווישען אונזערע ווערטער און זייערע טאטען באזונדערס שארף ארויסגעוויזען.

וואס זענען פאר אונז געווען די לעצטע יאהרען?

א צייט פון ווערטער, פון פלפולים, פון צעשטערען אלטע טעאריעס און באשאפען נייע.

אפילו אין מזרח־אייראפא, וואו עס טראגט זיך שוין א פארצווייפעלטער הילפס־געשריי פון מיליאנען בלוטענדע, הונגערענדע, גוסס־ע אידען, געפינט זיך בכל עיר ומדינה אידישע ווארטפיהרער און פארשטעהער וואס זייער גאנצער ארבייט באשטעהט אין בויען שטיבלעך צונויפגעשטעלט פון געפליגעלטע מליצות און נייע־געבאקענע טעאריעס און צעשטערען זיי באלד, כדי אויף זייער פלאץ נייע אויפצובויען.

מילא, צו די אידישע ווארטפיהרער פון מזרח־אייראפא קענען מיר אפשר קיין טענות ניט האבען. אין א צייט, ווען הונגער און טויט קוקען פון אלע זייטען און עס האגעלט און שטורעמט מיט צרות, קען וועגען שאפענדער, קאנסטרוקטיווער ארבייט קיין רייד ניט זיין; אין אזא צייט איז דער פראצעס פון שאפען טעאריעס אפשר א פסיכאלאגישע נויטווענדיגקייט. דער פארדרוס איז נאר וואס די טעאריעס זענען אזעלכע ביליגע, גראשענדיגע, וואס די צייט פון מורא'דיגען חורבן האט אונז אפילו קיין רבן יוחנן בן זכאי ניט געגעבען און קיין איין יבנה ניט געשאפען.

אט דערצעהלט מיר, צום ביישפיעל, א איד, וואס האט זיך קוים מיט'ן לעבען פון אוקראינע געראטעוועט און איז אהער געקומען מיט א פאר וואכען צוריק.

„ביז די פאגראמען איז ביי אונז אין אוקראינע גאר ניט געווען אזוי שלעכט. ערשטענס די עקאנאמישע לאגע און צווייטענס, וואס דאס איז דער עיקר, האט זיך ביי אונז אנגעהויבען א גרויסע קולטורעלע אויפלעבונג, וואו וועלכער איהר, אמעריקאנער אידען, האט גאר קיין באגריף ניט..."

דער עיקר, ה. ה. די קולטורעלע אויפלעבונג, וועגען וועלכער דער גאסט האט גערעדט מיט אזוי פיעל פאטאס, און פון וועלכער מיר, אמעריקאנער אידען, האבען אזא קנאפען באגריף, האט מיך שטארק פאראינטערעסירט און איך האב ביי איהם א פרעגע געטאן:

„קענט איהר מיר אפשר ערקלעהרען אין וואס די קולטורעלע אויפלעבונג איז באשטאנען און וועלכע גייסטיגע ווערטען עס זענען דארטען ביי אייך פאר דער צייט געשאפען געווארען?"

„געווים. אט נעהמט צום ביישפיעל די פרעסע, האט דער איד אנגעהויבען, אין קיעוו און אין אנדערע שטעדט האט זיך צעבליהט א אידישע פרעסע. עס זענען ארויסגעגאנגען אידישע צייטונגען. היינט האבען מיר ארויסגעגעבען אידישע ביכער, זאמעל־ביכער, פאר ליטעראטור און וויסענשאפט; איבערזעצונגען ווי למשל אנדערסאנ'ס מעשה'לעך און וואס איז וועגען די פאלקס־אוניווערזיטעטען, א. ז. וו."

די געוואלדיגע קולטורעלע אויפטואונגען, ווי ארויסגעבען שלעכטע צייטונגען, זאמעל־ביכער פון צווייפעלהאפטען ווערט, „אוניווערזיטעטען" און — אנדערסאנ'ס מעשה'לעך, זענען פאר מיר ניט פרעמד געווען, איך האב שוין וועגען זיי פון אנדערע געהערט און אויך געלעזען און איך האב שוין פון זיי ניט געקענט אריינפאלען אין התפעלות.

וועגען די קולטורעלע טעטיגקייט פון די אידען אין פוילען, ליטא און אנדערע לענדער ווייסען מיר דאך. אבער, ווי געזאגט, קען מען צו זיי קיין טענות ניט האבען און מען קען זיי אויך ניט האלטען פאראנטווארטליך, וואס זייערע אומגעבעטענע ווארט־פיהרער און זעלבסט־געקרוינטע קולטור־טרעגער רעדען מיט א ברייטען טאן וועגען נישטיגקייטען און קלינגען אין אלע גלאקען וועגען רויך־און־שטויב־שאפונגען.

אויב מען קען האבען טענות פאר דעם מבול פון ווערטער, וואס פארפלייצט דאס אידענטום, איז עס צו די אידען פון אמעריקא. די אמעריקאנער אידען האבען דאך יא געהאט און האבען א מעגליכקייט צו טאן עפעס ממשות'דיגעס, קאנסטרוקטיוועס. די אמעריקאנער אידען זענען דאך די איינציג־גליקליכע היינטיגען טאג, וואס וואלטען ווירקליך געקענט ווערען די בויער און שאפער פון דעם אלגעמיינעם אידענטום, טא פארוואס ווערען זיי פארשוואומען פון דער מליצה. פאר וואס באגנוגען זיי זיך מיט דעם באפליגעלטען ווארט? פאר וואס פארנעהמט ביי זיי דאס קאלטע, נישטיגע, גאר־ניט־זאגענדיגע ווארט דעם פלאץ פון דער לעבעדיגער, שאפענדיגער טאט?

אט האט מען ביי אונז חדשים לאנג גערעדט וועגען איינבארופען דעם אידישען קאנגרעס. די וועלכע זענען געווען דערפאר, אז דער קאנגרעס זאל איינבארופען ווערען אזוי שנעל ווי מעגליך, האבען געזוכט צו מאכען דעם איינדרוק, אז די איינציגע ישועה פאר'ן אידענטום, קען נאר און וועט נאר קומען פון קאנגרעס, אז דער קאנגרעס וועט געפינען א לעזונג צו אלע אנגעוועהטאגטע אידישע פראבלעמען.

האט מען באראפט דעם אידישען קאנגרעס שוין טאקע צוליעב דעם אליין, וואס די וואס שטעהן „אן דער שפיצע" פון אידענטום זענען א לאנגע צייט פארבליבען אזוי פאר'עקשנ'ט און האבען ניט געוואלט הערען פון קיין איינבארופונג.

די נעגנערשאפט פון געוויסע עלעמענטען געגען געוויסע אידען און פרינציפען איז אפטמאל אן אנשטויס, אז די אידען און פרינציפען זאלען קריגען די ווארימסטע אנהענגער און פארטיידיגער, וועלכע זאלען זוכען מיט אלע כחות דורכצוברעכען פאר זיי א וועג אין לעבען.

וויל מען אבער רעדען וועגען דער פראקטישער זייט פון דעם קאנגרעס, דאן קען מען קיין פאראיבעל ניט האבען צו די, וועלכע דריקען אויס ספקות און וועלכע דענקען ניט, אז כי מקאנגרעס תצא תשועת ישראל.

דער אידישער קאנגרעס, אויב דער ערשטער קען אונז דיענען פאר א מוסטער, איז דאך באמת געוועזן ניט מעהר ווי א דעמאנסטראציע, א ווערטער־דעמאנסטראציע, א שעהנע דעמאנסטראציע אפילו און אויך פון גרויסער היסטארישער נויטווענדיגקייט — אבער וואו זענען די טאטען וואס דער קאנגרעס האט אונז געגעבען, אדער קען אונז געבען? וואו איז די שפאנדרע, קאנסטרוקטיווע ארבייט, וועלכע זאל קענען באצייכענט ווערען פאר א דירעקטען פועל יוצא פון דער קאנגרעס באוועגונג.

און וואס איז בנוגע רעליעף? וועט איהר פרעגען. רעליעף איז דאך שוין טאטען, רעליעף איז דאך קאנסטרוקטיווען ארבייט.

נעהמט אבער אויס'ן זינען, אז מיר פארמאגען אין אמעריקא א פיער מיליאנענדיגען אידענטום, א אידענטום וואס איז די שטארקסטע און די רייכסטע אין דער וועלט, דאן מוזען מיר דאך קומען צו פארצווייפלונג, ווען מען באטראכט יענע ווערטער, וואס זענען ביי אונז פארהעגען געווארען וועגען דעם רעליעף און דעם ארימען, ארימען סך־הכל, וואס די אלע ווערטער לאזען איבער.

און דאס זעלבע איז אויך אויף אלע אנדערע געביעטען פון אידישען עפענטליכען לעבען. און אומעדום, וואו איהר ווענדעט נאר אייער בליק איז ווערטער, ווערטער און ווערטער. אומעדום, וואו איהר קעהרט זיך נאר איז מליצות, מליצות און מליצות, פון גרויסע פראקטישע טאטען זעהט זיך נאר דערווייל קיין שפור ניט, טראץ דעם וואס אין אונזער לופט שוועבען אום אין דער לעצטער צייט אזעלכע פיין־קלינגענדע לאזונגען, ווי „אידישע רענעסאנס!" „קאנסטרוקטיווע רעליעף", „צו ארגאניזירען דאס אידישע פאלק". און וואס נים.

# מגילת פראסקוראוו

אויפ'ן וועג נאך וויען איז דורך ווארשא דורכגעפאהרען דער פראסקוראווער איינוואהנער ישעיהו זיננער. ער האט דורכגעמאכט אלע צרות און רדיפות וואס די אידישע באפעלקערונג אין פראסקוראוו האט געהאט אויסצושטעהן פון די פארשיעדענע מושלים. נאכ'ן אויסברוך פון דער רוסישער רעוואלוציע. ער האט אויך ביינלעבט די שרעקליכסטע שחיטה וואס עס איז ווען עס איז פארגעקומען אין דער געשיכטע פון דער אידישער מארטיראלאגיע, דעם פראסקוראווער פאגראם פון ט"ו אדר, א' תרע"ט.

וועגען דער גאנצער מעשה פראסקוראוו רעדט ה' זיננער זעהר ניט גערן. דערהויפט רעדט ער וועניג וועגען די געוואלדיגע ילדקייטען און אונגעוועהנליכער אכזריות, וואס זענען באגאנגען געווארען בעת דער שחיטה. דער דערשטיקטער קול און די טרערען, וואס שטעהען איהם דאן אין די אויגען, באווייזען, אז וועגען דעם איז ער נישט אימשטאנד צו דערצעהלען. דאס ביסעל אבער, וואס ער דערצעהלט שוין ארויס איז גענוג, איבער גענוג.

נאכדעם — הויבט אן ה' זיננער — ווי דער העטמאן סקאראפאדסקי איז פארטריבען געווארען פון קיעוו דורך פעטלורא'ס חילות, איז ביי אונז אין פראסקוראוו פארבליבען דעם העטמאנס 8־ער פאלק פון אן ערך 140 פערזאן; צווישען זיי 26 אידען; זיי אלע זענען געווען געשטימט סאציאל־דעמאקראטיש און אריבער צו פעטלורא'ן. זיי האבען זיך פארהאלטען סימפאטיש אויפגעהאלטען גאנץ רוהיג, און אין שטאדט האט געהערשט ארדנונג.

אין 5־6 וואכען ארום איז אבער אין שטאדט אנגעקומען דער 3טער היידאמאצקער פאלק, אונטער דער פיהרונג פון אטאמאן סימאסענקא, וועלכער איז אליין געקומען ערשט מיט א פאר טעג שפעטער.

גלייך מיט דעם אריינגעהן פון די היידאמאקעס האבען זיי איבער'ן שטאדט אנגעהויבען פארשפרייטען אומרוהיגע קלאנגען, און די שטימונג פון דער אידישער באפעלקערונג איז געווארען זעהר א נערוועזע. מען איז אוועק מיט א השתדלות צום דעמאלסדיגען שטאדט־גאלאווא, דר. סטאווינסקי, א פאליאק, ער זאל זעהן נישט צו דערלאזען צו קיין אומרוהען. דר. סטאווינסקי האט די אידישע דעפוטאציע בארוהיגט. און פאקטיש האבען זיך די היידאמאקעס געהאלטען מעהר אדער וועניגער „אנשטענדיג". אין א פאר טעג ארום האבען זיי בלויז געמאכט א רעוויזיע אויף דער געלד־בערזע, פארהאלטען א גרופע אידען און צוגענומען ביי זיי דאס געלד, וואס איז לויט'ן פסקדין פון שטאדט־קאמענדאנט, קיווערטשוק, איבערגעגעבען געווארען אין דער „קאזנא".

ווען אין שטאדט איז אריינגעפאהרען דער היידאמאקישער אטאמאן סימאסענקא, האט זיך שוין חברה אביסעל אנגעהויבען לוסטיג מאכען, אבער ס'האט זיך אויסגעלאזען בלויז צו א פאר „טרוקענע" קלעפ. רייסען היטלען א. ד. ג.

שבת, ט"ו אדר א', און דער פריה, האט זיך אין דער שטאדט דערהערט א שיסעריי. דער עולם האט אנגעהויבען ארויסגעהען אין גאס צו זעהן, וואס דאס איז; קיינער האט אבער ניט געוואוסט וואס דא קומט פאר. איך בין א סעקרעטער פון א ציוניסטישער אגודה, בין איך אוועק אהין, אפשר וועט מען דארט עפעס וויסען. אזוי מיר רעדען דארט, קומט אריין א אידישער סאלדאט פון 8־טען פאלק און זאגט:

— ברידער, זעהט טוט עפעס, די היידאמאקעס טראכטען עפעס מיאוס'ע זאכען; זיי האבען זיך פארשטעלט פאר אידען און ארעסטירט קיווערטשוק'ן מיטן פאסט־נאטשאלניק. אויך די שיסעריי איז דורך זיי פראוואצירט געווארען צווישען 3־טען און 8־טען פאלק, כדי דערנאך ארויפווארפען די גאנצע שולד אויף אידען.

דאס איז געווען 9 פריה. מיר זענען גלייך ארויס אין גאס אריין מתרה צו זיין דעם אידישען עולם, מ'זאל זיצען אין די הייזער. הערען מיר: פון די פליהענדע קוילען איז צופעליג דערשאסען געווארען די זעהר פאפולערע אידישע לעהרערין טראכטענבוים. מעהר וויסען מיר ניט און ווייטער האבען מיר מורא צו געהן.

א זייגער איינס — האלב צוויי, זעה נאס. ווי צו דער געגענאיבערדיגער טורמע לויפען צו צוויי היידאמאקעס און לאזען ארויס די ארעסטאנטען. דארט זענען אויך געווען צוויי אידען; זיי האט מען — ווי מיר האבען זיך שפעטער דערוואוסט — דער'הרג'עט.

אביסעל שפעטער איז פארביינעפאהרען אן אפטיילונג פון אן ערך 400 היידאמאקעס אין פולער אמוניציע, מיט סאניטאר־וועגעלעך, ווי זיי וואלטען זיך צו עפעס געגרייט.

כ'געה ארויס אין גאס. צו מיר גענעהט צו א באקאנטער קריסטליכער פוהרמאן און זאגט:

—זיננער, געה בעסער אריין אין שטוב, אט נאר וואס האבען די היידאמאקעס געשאסען א אידען.

ס'דערהערט זיך א שיסעריי. ביי א פליט איז געשטאנען דער איד ישראל פאכטער מיט זיין טאכטער, א בארם העריגע שוועסטער — ביידע זענען געפאלען טויט.

כ'געה צוריק אריין אין שטוב. פאר מיין פענסטער לויפט דורך א איד, נאך איהם — א היידאמאק מיט א מעסער אין האנד.

כ'קען ניט איינזעהן. דורך א הינטערוועג געה איך ארויס און דערזעה אביסעל ווייטער דעם אידען. ער זיצט אויף דער ערד, קוקט מיך אן און ווייסט נישט, וואס איך רעד צו איהם. כ'פיהר איהם אריין צו מיר אין שטוב, ער קומט ביסלעכווייז צו די געדאנקען און הויבט אן רעדען:

— ער קומט פון דער קופעטשעסקא, די היידאמאקעס הולען; אידיש בלוט ווערט פארגאסען ווי וואסער. איהם איז אויסגעקומען צו געהן איבער בערג הרוגים, אט די שטיבעל זיינע זענען אזש אינגאנצען פארבלוטיגט. אפשר 1200 קרבנות... איהם אליין האט מען תחילת אנגענומען פאר א קריסט, דערנאך אבער האט איהם היידאמאק דערקאנט.

וואס מיר לעבען־געבליבענע האבען דעם טאג דורכגעלעבט — איז איבעריג צו דערצעהלען. דעם אמת האבען מיר זיך ערשט דערוואוסט דערנאך.

4 שעה בלויז האבען זיך די היידאמאקעס לוסטיג געמאכט; אבער פאר דער קורצער צייט האבען זיי באוויזען א תל צו מאכען פון אזא גרויסער אידישער קהלה.

צומארגענס, זונטאג, האט זיך ערשט דער חורבן ארויסגעוויזען אין זיין גאנצער גרויס. אין דער פריה נעהט אריין צו מיר דער דר. ליס'ער, זאגט, אז מען מוז שאפען מענשען אויף טראגען די פארוואונדעטע — וועגען די הרוגים האט שוין קיינער נישט געטראכט; האבען מיר צוזאמענגעקליבען זיך א מאן 140, אנגעטאן זיך אין סאלדאטסקע קליידער און זיך גענומען דערראטעווען די, וועלכע זענען נאך אינגאנצען ניט אומגעקומען אונטער די היידאמאקישע מעסערס.

שווער איז אלץ איבערצוגעבען, וואס מיר האבען זיך דעם טאג צוגעזעהן און אנגעהערט. אנדערע פארוואונדעטע זענען געבליבען טויט ביי אונז אויף די הענט, די איבעריגע האבען מיר צעלעגט אין די פריוואט־הייזער, און פון אונזער גאנצער גאס איז געווארען אין גרויסער שפיטאל. 1354 פארוואונדעטע האבען מיר אזוי אויפגעקליבען. געארבייט האבען מיר דערביי אויך מיט מסירת נפש. איינעם פון אונז, דעם סטודענט שאמשטיין, האבען די היידאמאקעס אויך אוועקגעפיהרט און דערשאסען. א חוץ דעם, איז כמעט נישט געווען קיין איינער, וואס האט ניט געהאט וועמען צו באוויינען. ביי דער פאמיליע פון מיינער א שוועסטערקינד אליין, חיים פסח גלאזמאן, זענען געווען 16 הרוגים: ער מיט דער פרוי, מיט די קינדער, איידעמס, שניר און אייניקלעך. אלע האבען זיי צוזאמען געפונען דעם טויט.

און די שרעקליכע בילדער פון די הרוגים, באזונדערע קעפ, פיס, פינגער פון הענד.

און די פרויען...

דעם דערצעהלער'ס הייזעריגער קול ווערט איבערגעריסען. די אויגען ווערען איהם פול מיט טרערען.

— פרעגט מיך בעסער נישט, כ'קאן גארנישט רעדען וועגען דעם, ניין, כ'וויל נישט רעדען.

ער בארוהיגט זיך אביסעל און הויבט ווייטער אן:

מאנטאג פריה האט דער אטאמאן סימאסענקא געלאזען אויסקלעבען אויף די גאסען א באפעהל, אז ביז דינסטאג 12 בייטאג מוזען אלע הרוגים אויפגערוימט ווערען, אויב ניט — וועט ער ארויפלעגען אויף דער שטאדט א קאנטריבוציע פון 10 מיליאן רובל.

האבען מיר גערונגען 310 שליטענס און תמרים־וורז, תמרים־וויז זיך גענומען אויפצולעגען אויף זיי די הרוגים. פון צוזעהן דאס אלעס זענען ביי מיין פרוי פאראליזירט געווארען די אויגען־נערוועז און אט דאס פיהר איך זי טאקע איצט קיין וויען.

355 קינדער פון 2 חדשים ביז 9 יאהר; 4562 עלטערע — מענער און פרויען, האבען מיר אנגעצעהלט.

אלע זענען זיי ארויסגעפיהרט אויפ'ן הייליגען ארט און באגראבען געווארען אין בשותפות'דיגע קדושים־קברים.

צומארגענס, דינסטאג, דערזעהן מיר אויסגעהאנגען א נייעם באפעהל פון סימאסענקא'ן: וועגען אונטערדריקען דעם „באלשעוויזם" האט ער שוין מיטגעטיילט פעטלורא'ן. נאר היות ווי ער האט געהערט, אז ס'הויבט זיך ווידער אן א באלשעוויסטישע באוועגונג, איז ער מתרה, אז ער וועט פון דער שטאדט קיין שריד ופליט נישט לאזען, אנב הייסט ער זיך אריינטראגען 6000 רובל אפנים; שוחד־געלד...

און מ'האט דא געלד אריינגעטראגען.

די אידען זענען ארומגעגאנגען אבל וחפוי ראש. כבושת גנב האט מען זיך געשעמט איינער פאר'ן צווייטען. ווער האט זיך גערעכט אויף אזא זאך? מ'האט געמיינט, ס'וועט זיך אויסלאזען בלויז צו געלד, ווען נישט — וואלט מען אינגאנצען אומזיסט דאס לעבען נישט אפגעגעבען.

ביז דאנערשטאג נאך איז דאס בלוט געשטאנען אויף די גאסען. גאנצע 3־4 וואכען האבען זיך געהערט די געשריען און די קרעכצען פון די פארוואונדעטע און גוסס'דיגע — שווער געווען פשוט א גאס דורכצוגעהן.

דערמיט האבען אבער זיך נאך די ענויים פון די פראסקוראווער אידען ניט געענדיגט, די ערד האט נאך נישט בא־

(שלוס אויף פיידזש 6)

דער וועג

THE DETROIT JEWISH DAILY

Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by DER WEG PUBLISHING COMPANY. INC.

347-49 Hastings St., Detroit, Mich. — Main 3715

J. RABINOWITZ, Pres. — JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.

B. I. GOLDSTEIN, Editor

(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)

Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.

# דער ערשטער שפאן צו קאנ-סטרוקטיווער הילף

אינ'ם נעכטיגען לייטארטיקעל האבען מיר דערצעהלט די לעזער פון „וועג" וועגען די ניו-יארק'ער לאנדסמאנשאפט פאראיינען, וועלכע האבען רעוואלטירט געגען די ארגאניזירטע רעליעף קאמיטעס און האבען אליין אונטערנומען די שווערע, פאראנטווארטליכע ארבייטען פון זאמלען און צעטיילען געלדער צו די פאראומ-גליקטע פון זייערע שטעדט און שטעדטליך.

אייניגע וועלען דענקען אז דער רעוואלט פון די לאנדסמאנשאפטען קען ברענגען אן אומארדנונג אין דער גאנצער הילפסארבייט. אנדערע קענען דענקען, אז די סעפעראטע ארבייט פון די לאנדסמאנשאפטען קען פיהרען צו דער גאנצער פארניכטונג פון דער ארגאניזירטער הילפס ארבייט אין אמעריקא.

דאס קען ברענגען אומגליק פאר יענע שטעדט און שטעדטליך וואס האבען נישט קיין פאראייניגטע חברות, אדער לאנדסמאנשאפט סאסייעטיס אין אמעריקא. ווארים אזוי גיך ווי די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע זאל אפשטעלען איהר טע-טיגקייט צוליעב דעם רעוואלט פון די לאנדסמאנשאפטען, קען דעמאלט צוגענומען ווערען די הילף פאר הונדערטער און הונדערטער שטעדטליך, וועלכע האבען נישט קיין פאראיינען אין אמעריקא.

עס קאן זיין אז אין דעם ליגט א שמץ אמת.

עס איז אויך נישט אויסגעשלאסען אז די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע האט שוין נישט דערפיהלט די קאנקורענץ, אדער דעם רעוואלט פון די לאנדסמאנ-שאפטען. אז דאס זאל אבער עפעס אפשטעלען איהר טעטיגקייט, גלויבט זיך נישט ווייל וויפיעל די לאנדסלייט זאלען נישט צושטייער געבען אין די קאסעס פון זייערע לאנדסמאנשאפטען, געבען זיי אויך גענוגע סומעס פאר אלגעמיינער רעליעף ארבייט.

ווי אבער עס זאל נישט זיין קען מען די לאנדסמאנשאפטען נישט טאדלען פאר זייערע סעפעראטע געלד זאמלונגען און געלד צעטיילונג.

די לאנדסמאנשאפטען האבען זיך ארומגעזעהן אז דער „אם אין אני לי מי לי" איז א גרויסער אמת וואס קען נישט פארנאכלעסיגט ווערען.

מיר וועלען פאר דעם ערשטען, ביישפיעל נעהמען די אוקראינישע לאנדס-מאנשאפטען:

שוין זייט יאהרען און צעהנדליגע יאהרען עקזיסטירען אין ניו-יארק אוק-ראינער לאנדסלייט פאראיינען, וואס האבען געטאן ארבייטען אהן גרויסע נוצען. זיי האבען זיך באגנוגענט מיט אונטערשטיצען אמאל א לאנדסמאן, אדער מאכען א גדבה אויף א שיפסקארטע אריבערצוברענגען אימיצען קיין אמעריקא.

אמת טאקע זיי פלעגען מאכען ט אראראם, טומעל, ארגאנזירען פארשיע-דענע אונטערנעהמונגען „לויפען בעלער" וכדומה, אבער דאס רוב מאל האבען די־זע אונטערנעהמונגען קוים געקלעקט אויף אויסצוקומען מיט די הוצאות. עס איז געווען אן ארבייט פון שטויסען וואסער.

נאר אט זענען אונטערגעקומען די מלחמה און די שלום יאהרען און דאס גאנצע אוקראינער אידענטום האט זיך אויסגעקנאטען אין בלוט און אייטער.

די לאנדסמאנשאפטען האבען דערזעהן דעם גרויסען בראך, אבער העלפען האבען זיי נישט געקענט, ווייל זיי האבען פשוט נישט געהאט מיט וואס. זייערע קאסעס זיינען געווען ליידיג און זייערע טוער און מתעסקים, פרעזידענטען און סעק-רעטארען האבען זיך אפגעשראקען פאר א גרויסער ארבייט; זיי זיינען עס נישט גע-וועהנט געווען און עס איז אויך נישט געווען פאר זייערע פעהיגקייטען.

האט זיך געגרינדעט א פארבאנד פון אוקראינער אידען.

די פאראיינען האבען זיך א ווארף געטאן אויף דעם פארבאנד מיט געוואלדיג גרויסער ערוואַרטונג; מען האט די גאנצע הילף געזעהן אין דעם פארבאנד; און אלע סאסייעטים און סאסייעטליך האט מען געערט מיט באגייסטערונג פון דער גרויסער הילף וואס דער פארבאנד וועט לייסטען; די גרויסע נוצען וואס ער וועט ברענגען פאר שטעדט און שטעדטליך אין דעם העלישען אוקראינע.

ביסלעכווייז אבער האט מען זיך געמוזט אפקיהלען. די אויפגעפלאמטע פאנטאזיעס פון די לאנדסמאנשאפטען און זייערע טוערס, האבען זיך ביסלעכווייז אויסגעלאשען און מ'האט געמוזט איינזעהן, אז דער פארבאנד קומט נישט נאך און וועט נישט נאכקומען די פאדערונגען.

און הייגט צו טאג איז דער פארבאנד א ליידיג ווארט. אין דעם פארבאנד האבען זיך אריינגעכאפט מענשען, וואס האבען זיך די גאנצע צייט ארומגעריסען צוליעב קלייניגקייטען און עס איז קיין אנזיכטיגע הילפס ארבייט פאר אוקראינער אידען נישט געטאן געווארען.

די סאסייעטים זיינען ענטוישט געבליבען.

מען האט זיך אויסגעניכטערט און אנשטאט צו פארלאזען זיך אויף מענשען וואס זוכען אייגענע אמביציעס, באטש מאנכע פון זיי זייגען מענשען מיט קלינגענ-דיגע נעמען, האבען די לאנדסמאנשאפטען בעסער און ענערגישער זיך אפגעגעבען מיט אייגענער ארבייט. זיי האבען אין די פאראיינען דורכגעפיהרט גאנצע רעוואַ-לוציעס; אוועקגעשטעלט פאסיגע מענשען ביי די רודערס; האבען זיך פאראייניגט מיט גרעסערע און טיכטיגערע פאראיינען און אויף אזא אופן געקראגען צוטרוי צו זייער ארבייט; געלד האט אנגעהויבען אריינצוקומען אין די קאסעס און די ארבייט איז אוועק ווי געהעריג.

איצט קוקט דער אוקראינער פארבאנד מיט שרעק אויף די לאנדסמאנ-שאפטען.

דער פארבאנד זעהט ווי די לאנדסמאנשאפטען דראהען זיין עקזיסטענץ; ער האט דערזעהן אז מעהר ווי ארומצורייסען זיך צוליעב קלייניגקייטען האט ער קיין אנדער ארבייט נישט, ווייל די אנדערע, די וויכטיגערע ארבייט ווערט שוין געטאן פון די לאנדסמאנשאפטען גופא.

וואלטען די לאנדסמאנשאפטען זיך נישט געווען געכאפט און נישט געטאן די ארבייט, וואלטען זיי געווען ארימער און די הילף פאר אוקראינער אידען וואלט געווען א נישט אנגעהויבענע.

די מאכערס אין פארבאנד וואלטען ביז איצט געווען געקוקט אויף זיך נישט מעהר ווי אויף א מעלקענדיגע קוה און וואלט זיך ווייטער אנגעפיהרט א קאמף פאר פוסטע כבוד זוכערע, פאר ארומרייסערייי און ד. ג.

איצט אבער ווען די לאנדסמאנשאפטען האבען זיך געכאפט אויף דעם „אם אין אני לי מי לי", הויבט זיך ערשט אן די הילף, אדער דאס טעטיגקייט פאר קאנסטרוקטיווער הילף.

פון די פופציג שלוחים וואס פאהרען אט היינטיגען חודש קיין איראפא, זענען בלי גוזמא פאראן עטוואס וועניגער ווי העלפט וואס פאהרען קיין אוקראינע. די דאזיגע שלוחים וועלען זיכער פארבינדען די פאראומגליקטע פון אוקראינע מיט זייערע קרובים אין אמעריקא און אזוי ארום וועט זיך אנהויבען די קאנסטרוקטיווע רעליעף.

# אונזערע ווערטער און זייערע טאטען

פון מרדכי דאנציס

ביי אונז קומט צוערשט דאס ווארט, דאס הויכקלינגענדע, ברייט-געפלינגעל-טע ווארט, די פיין-געשליפענע מליצה די קונציג-פארוויקעלטע, אויסגע'פלפול'-טע טעאריע.

נאכהער ווערט אמאל אויך אויסגע-האמערט א טאט, ציהט ארויף אויף זיך די הוילע, נאקעטע טעאריע פלייש און אדערען, און פון דעם שטויב און רויך פון מליצה שלאגען אויך ארויס העלע, ליכטיגע פונקען.

זייער בראשית הויבט זיך אבער אן מיט דער טאט, מיט דער לעבעדיגער פול-בלוטיגער טאט; מיט דעם קאנקרע-טען, פעלזענפעסטען פאקט, וואס איז אין דעם פייער פון דער ווירקליכקייט אויסגעשמידט געווארען און לאזט זיך נים פארלייקענען און ווידערשפרעכען.

נאכהער קומט שוין דאס פיינע ווארט, די אויסגעקרייזעלטע מליצה, די פאר-שפיצטע טעאריע.

ביי אונז ווערען די טאטען אויסגע-גאסען אין פורעם פון פאראויסבאשא-פענע טעאריע.

ביי „זיי" זענען טעאריעס נים מעהר ווי פירושים און באלייכטונגען אויף פאקטען און געשעהענישען, וואס האבען שוין לאנג אין לעבען געווארצעלט און פרוכטען געבראכט.

פרידריך דעם ערשטען כאראקטע-ריסטישע ערקלעהרונג, אז פאר יעדער גוטער מלחמה וועט ער שוין געפינען א פראפעסאר, וואס וועט זי טעארע-טיש באגרינדען און בארעכטיגען, איז ביי זיי נים נאר אמת בנוגע צו מלחמות, נאר אויך צו אלע אנדערע גע-שעהענישען פון לעבען.

און אט דערפאר הערט זיך עס טאקע אויף אונזער גאס, טאג-ווי-נאכט, דער קלאנג פון ווערטער, ווערטער און ווער-טער.

און אט דערפאר רוישט עס און קאכט עס ביי זיי אהן אויפהער מיט טאטען, טאטען און טאטען.

אין די לעצטע פניף יאהר, ווען אל-טע וועלטען זיינען חרוב געווארען און נייע זענען פון בלוט און פייער ארויס-געשוואומען, האט זיך דער טראגישער אונטערשיעד צווישען אונזערע ווערטער און זייערע טאטען באזונדערס שארף ארויסגעוויזען.

וואס זענען פאר אונז געווען די לעצ-טע יאהרען?

א צייט פון ווערטער, פון פלפולים, פון צעשטערען אלטע טעאריעס און באשאפען נייע.

אפילו אין מזרח-איראפא, וואו עס טראגט זיך שוין א פארצווייפעלטער הילפס-געשריי פון מיליאנען בלוטענדע, הונגערענדע, גוסס-ע אידען, געפינט זיך בבל עיר ומדינה אידישע ווארטפיה-רער און פארשטעהער וואס זייער גאנ-צער ארבייט באשטעהט אין בויען שטיבלעך צונויפגעשטעלט פון געפלי-געלטע מליצות און ניי-געבאקענע טע-אריעס און צעשטערען זיי באלד, כדי אויף זייער פלאץ נייע אויפצובויען.

מילא, צו די אידישע ווארטפיהרער פון מזרח-איראפא קענען מיר אפשר קיין טענות נים האבען. אין א צייט, ווען הונגער און טויט קוקען פון אלע זייטען און עס האגעלט און שטורעמט מיט צרות, קען וועגען שאפענדער, קאנסטרוקטיווער ארבייט קיין רייד נים זיין; אין אזא צייט איז דער פראצעס פון שאפען טעאריעס אפשר א פסיכא-לאגישע נויטווענדיגקייט. דער פארדרוס איז נאר וואס די טעאריעס זענען אזעל-כע ביליגע, גראשענדיגע, וואס די צייט פון מורא'דיגען חורבן האט אונז אפילו קיין רבן יוחנן בן זכאי נים געגעבען און קיין אין יבנה נים געשאפען.

אט דערצעהלט מיר, צום ביישפיל, ז איד, וואס האט זיך קוים מיט'ן לע-בען פון אוקראינע געראטעוועט און איז אהער געקומען מיט א פאר וואכען צוריק.

„ביז די פאגראמען איז ביי אונז אין אוקראינע נאר נים געווען אזוי שלעכט, ערשטענס די עקאנאמישע לאגע און צווייטענס [illegible]

און וואס די קולטורעלע אויפלעבונג איז באשטאנען און וועלכע גייסטיגע ווערטער עס זענען דארטען ביי אייך פאר דער צייט געשאפען געווארען?"

„געוויס. אט נעהמט צום ביישפיעל די פרעסע. האט דער איד אנגעהויבען, אין קיעוו און אין אנדערע שטעדט האט זיך צעבליהט א אידישע פרעסע. עס זענען ארויסגעגאנגען אידישע צייטונגען, הייגט האבען מיר ארויסגעגעבען אידישע ביכער, זאמעל-ביכער, פאר לי-טעראטור און וויסענשאפט; איבערזעצ-צונגען ווי למשל אנדערסאנ'ס מעשה'-לעך און וואס איז וועגען די פאלקס-אוניווערזיטעטען, א. ז. וו."

די געוואלדיגע קולטורעלע אויפטר אונגען, ווי ארויסגעגעבען שלעכטע צייטונ-גען, זאמעל-ביכער פון צוויפעלהאפטען ווערט, „אוניווערזיטעטען" און — אנ-דערסאנ'ס מעשה'לעך, זענען פאר מיר נים פרעמד געווען. איך האב שוין וועגען זיי פון אנדערע געהערט און אויך געלעזען און איך האב שוין פון זיי נים געקענט ארייגפאלען אין התפעלות.

וועגען די קולטורעלע טעטיגקייט פון די אידען אין פוילען, ליטא און אנדערע לענדער ווייסען מיר דאך. אבער, ווי געזאגט, קען מען צו זיי קיין טענות נים האבען און מען קען זיי אויך נים האלטען פאראנטווארטליך, וואס זייערע אומגעבעטענע ווארט-פיהרער און זעלבסט-געקרוינטע קולטור-טרעגער רע-דען מיט א ברייטען מאן וועגען ניש-טיגקייטען און קלינגען אין אלע גלא-קען וועגען רויך-און-שטויב-שאפונגען.

אויב מען קען האבען טענות פאר דעם מבול פון ווערטער, וואס פאר-פלייצט דאס אידענטום, איז עס צו די אידען פון אמעריקא. די אמעריקאנער אידען האבען דאך יא געהאט און הא-בען א מעגליכקייט צו טאן עפעס ממשות'דיגעס, קאנסטרוקטיוועס. די אמעריקאנער אידען זענען דאך די איינ-ציג-גליקליכע הייגטיגען טאג, וואס וואל-טען ווירקליך געקענט ווערען די בוייער און שאפער פון דעם אלגעמיינעם אידענ-טום. טא פארוואס ווערען זיי פארשוואו-מען פון דער מליצה. פאר וואס באגנוגען זיי זיך מיט דעם באפליגעלטען ווארט? פאר וואס פארנעהמט ביי זיי דאס קאלטע, נישטיגע, גאר-נים-זאגענדיגע ווארט דעם פלאץ פון דער לעבעדיגער, שאפענדיגער טאט?

אט האט מען ביי אונז חדשים לאנג גערעדט וועגען איינבארופען דעם אידי-שען קאנגרעס. די וועלכע זענען געווען דערפאר, אז דער קאנגרעס זאל איינ-בארופען ווערען אזוי שנעל ווי מעגליך, האבען געזוכט צו מאכען דעם איינ-דרוק, אז די איינציגע ישועה פאר'ן אידענטום, קען נאר און וועט נאר קו-מען פון קאנגרעס, אז דער קאנגרעס וועט געפינען א לעזונג צו אלע אנ-געוועהטאגטע אידישע פראבלעמען.

האט מען באדארפט דעם אידישען קאנגרעס שוין טאקע צוליעב דעם אליין, וואס די וואס שטעהן „אן דער שפי-צע" פון אידענטום זענען א לאנגע צייט פארבליבען אזוי פאר'עקשנ'ט און האבען נים געוואלט הערען פון קיין איינבא-רופונג.

די געגנערשאפט פון געוויסע עלעמענ-טען געגען געוויסע אידען און פרינ-ציפען איז אפטמאל אן אנשטויס, אז די אידען און פרינציפען זאלען קריגען די ווארימסטע אנהענגער און פארטיי-דיגער, וועלכע זאלען זוכען מיט אלע כחות דורכצוברעכען פאר זיי א וועג אין לעבען.

זויל מען אבער רעדען וועגען דער פראקטישער זייט פון דעם קאנגרעס, דאן קען מען קיין פאראיבעל נים הא-בען צו די, וועלכע דריקען אויס ספקות און וועלכע דענקען נים, אז כי מקאנ-גרעס תצא תשועת ישראל.

דער אידישער קאנגרעס, אויב דער ערשטער קען אונז דיענען פאר א מוס-טער, איז דאך באמת געווען נים מעהר ווי א דעמאנסטראציע, א ווערטער-דע-מאנסטראציע, א שעהנע דעמאנסטראצ-יע אפילו און אויך פון גרויסער היסטא-רישער נויטווענדיגקייט — אבער וואו זענען די טאטען וואס דער קאנגרעס האט אונז געגעבען, אדער קען אונז גע-בען? וואו איז די שפאנערע, קאנס-טרוקטיווע ארבייט, וועלכע זאל קענען באצייכענט ווערען פאר א דירעקטען פועל יוצא פון דער קאנגרעס באוועגונג.

און וואס איז בנוגע רעליעף? וועט איהר פרעגען. רעליעף איז דאך שוין טאטען, רעליעף איז דאך קאנסטרוקטי-ווע ארבייט.

נעהמט אבער אויפ'ן זינען, אז מיר פארמאגען אין אמעריקא א פיער מיל-יאנענדיגען אידענטום, א אידענטום וואס איז די שטארקסטע און די רייכסטע אין דער וועלט, דאן מוזען מיר דאך קומען צו פארצווייפלונג, ווען מען בא-טראכט יענע ווערטער, וואס זענען ביי אונז פארגעסען געווארען וועגען דעם רעליעף און דעם ארימען, אריכען סך-הכל, וואס די אלע ווערטער לאזען אי-בער.

און דאס זעלבע איז אויך אויף אלע אנדערע געביטען פון אידישען עפענט-ליכען לעבען. און אומעדום, וואו איהר ווענדעט נאר אייער בליק איז ווערטער, ווערטער און ווערטער. אומעדום, וואו איהר קעהרט זיך נאר איז מליצות, מליצות און מליצות, פון גרויסע פראק-טישע טאטען זעהט זיך נאר דערווייל קיין שפור נים, טראץ דעם וואס אין אונזער לופט ישועבען אום אין דער לעצ-טער צייט אזעלכע פיין-קלינגענדע לא-זונגען, ווי „אידישע רענעסאנס!" „קאנ-סטרוקטיווע רעליעף", „צו ארגאניזירען דאס אידישע פאלק", און וואס נים.

# מגילת פראסקוראוו

אויפ'ן וועג נאך וויען איז דורך ווארשא דורכגעפאהרען דער פראסקוראווער איינוואהנער ישעיהו זינגער. ער האט דורכגעמאכט אלע צרות און רדיפות וואס די אידישע באפעלקערונג אין פראסקו-ראוו האט געהאט אויסצושטעהן פון די פארשיעדענע מושלים נאכ'ן אויסבהוך פון דער רוסישער רעוואלוציע. ער האט אויך בייגעוואוינט די שרעקליכסטע שחיטה וואס עס איז ווען עס איז פארגעקומען אין דער געשיכטע פון דער אידישער מארטיראלאגיע, דעם פראסקוראווער פא-גראם פון ט"ז אדר א' תרע"ט.

וועגען דער גאנצער מעשה פראסקו-ראוו רעדט ה' זינגער זעהר נים גערן. דערהויפט רעדט ער וועניג וועגען די געוואלדיגע ילדקייטען און אונגעוועהנלי-כער אכזריות, וואס זענען באגאנגען גע-ווארען בעת דער שחיטה. דער דערשטיק-טער קול און די טרעהרען, וואס שטע-הען איהם דאן אין די אויגען, באווייזען, אז וועגען דעם איז ער נישט אימ-שטאנד צו דערצעהלען. דאס ביסעל אבער, וואס ער דערצעהלט שוין ארויס איז גענוג, איבער גענוג..

נאכדעם — הויבט אן ה' זינגער — ווי דער העטמאן סקאראפאדסקי איז פארטריבען געווארען פון קיעוו דורך פעטלורא'ס חילות, איז ביי אונז אין פראסקוראוו פארבליבען דעם העטמאנס 8'ער פאלק פון אן ערך 140 פערזאן; צווישען זיי 26 אידען; זיי אלע זענען געווען געשטימט סאציאל-דעמאקרא-טיש און אריבער צו פעטלורא'ן. זיי האבען זיך פארהעלטניסמעסיג אויפגע-האלטען גאנץ רוהיג. און אין שטאדט האט געהערשט ארדנונג.

אין 5-6 וואכען ארום איז אבער אין שטאדט אנגעקומען דער 3טער היידא-מאצקער פאלק, אונטער דער פיהרונג פון אטאמאן סיעמאסענקא, וועלכער איז אליין געקומען ערשט מיט א פאר טעג שפעטער.

גלייך מיט דעם אריינגעהן פון די היי-דאמאקעס האבען זיי איבער'ן שטאדט אנ-געהויבען פארשפרייטען אומרוהיגע קלאנגען, און די שטימונג פון דער אי-דישער באפעלקערונג איז געווארען זעהר א נערוועזע. מען איז אוועק מיט א השתחוות צום דעמאלדיגען שטאדט- [illegible] בען געווארען אין דער „קאינא".

ווען אין שטאדט איז אריינגעפאהרען דער היידאמאקישער אטאמאן סיהמאסענ-קא, האט זיך שוין חברה אביסעל אנגע-הויבען לוסטיג מאכען. אבער ס'האט זיך אויסגעלאזען בלויז צו א פאר „טרוקע-נע" קלעפ, רייסען היטלען א. ד. ג.

שבת, ט"ז אדר א', אין דער פריה, האט זיך אין דער שטאדט דערהערט א שיסעריי. דער עולם האט אנגעהויבען ארויסגעהן אין גאס צו זעהן, וואס דאס איז; קיינער האט אבער נים געוואוסט וואס דא קומט פאר. איך בין א סעקרע-טער פון א ציוניסטישער אגודה, בין איך אוועק אהין, אפשר וועט מען דארט, עפעס וויסען. אזוי מיר רעדען דארט, קומט אריין א אידישער סאלדאט פון 8-טען פאלק און זאגט:

— ברידער, זעהט טוט עפעס, די היידאמאקעס טראכטען עפעס מיאוס'ע זאכען; זיי האבען זיך פארשטעלט פאר אידען און ארעסטירט קיווערטשוק'ן מיטן פאסט-נאטשאלניק. איך יד שי-סעריי איז דורך זיי פראוואצירט געווא-רען צווישען 3-טען און 8-טען פאלק, כדי דערנאך ארויפווארפען די גאנצע שולד אויף אידען.

דאס איז געווען 9 פריה. מיר זענען גלייך ארויס אין גאס אריין מתרה צו זיין דעם אידישען עולם, מ'זאל זיצען אין די הייזער. הערען מיר: פון די פליהענדע קולען איז צופעליג דערשאס-סען געווארען די זעהר פאפולערע אי-דישע לעהרערין טראכטענבוים. מעהר ווייסען מיר נים און ווייטער האבען מיר מורא צו געהן.

א זייגער איינס — האלב צוויי, זעה נאס, ווי צו דער געגענאיבערדיגער טור-מע לויפען צו צוויי היידאמאקעס און לא-זען ארויס די ארעסטאנטען. דארט זע-נען אויך געווען צוויי אידען; זיי האט מען — ווי שוין האבען זיך שפעטער דערוואוסט — דער'הרג'עט.

אביסעל שפעטער איז פארביינגעפאה-רען אן אפטיילונג פון אן ערך 400 היי-דאמאקעס אין פולער אמוניציע, מיט סאניטאר-וועגעלעך. ווי זיי וואלטען זיך צו עפעס געגרייט.

כ'געה ארויס אין גאס. צו מיר נעהט צו א [illegible] איהם — א היידאמאק מיט א מעסער אין האנד.

כ'קען נים איינזעהן. דורך א הינ-טער-וועג געה איך ארויס און דערזעה אביסעל ווייטער דעם אידען. ער זיצט אויף דער ערד, קוקט מיך אן און ווייסט נישט, וואס איך רעד צו איהם. כ'פיהר איהם אריין צו מיר אין שטוב, ער קומט ביסלעכווייז צו די געדאנקען און הויבט אן רעדען:

— ער קומט פון דער קופעטשעסקא, די היידאמאקעס הולען; אידיש בלוט ווערט פארגאסען ווי וואסער. איהם איז אויסגעקומען צו געהן איבער בערג הרוגים, אט די שטיוועל זיינע זענען אזש איינגאנצען פארבלוטיגט. אפשר 1200 קרבנות... איהם אליין האט מען תחילת אנגענומען פאר א קריסט, דער-נאך אבער האט איהם היידאמאק דער-קאנט.

וואס מיר לעבען-געבליבענע האבען דעם טאג דורכגעלעבט — איז איבעריג צו דערצעהלען. דעם אמת האבען מיר זיך ערשט דערוואוסט דערנאך.

4 שעה בלויז האבען זיך די היידא-מאקעס לוסטיג געמאכט; אבער פאר דער קורצער צייט האבען זיי באוויזען א תל וצו מאכען פו אזא גרויסער אי-דישער קהלה.

צומארגענס, זונטאג, האט זיך ערשט דער חורבן ארויסגעוויזען אין זיין גאנ-צער גרויס. אין דער פריה נעהט אריין צו מיר דער דר. ליסער, זאגט, אז מען מוז שאפען מענשען אויף טראגען די פארוואונדעטע — וועגען די הרוגים האט שוין קיינער נישט געטראכט; הא-בען מיר צוזאמענגעקליבען זיך א מאן 140, אנגעטאן זיך אין סאלדאטסקע קליידער און זיך גענומען דערראטעווען די, וועלכע זענען נאך איינגאנצען נים אומגעקומען אונטער די היידאמאקישע מעסערס.

שווער איז אלץ איבערצוגעבען, וואס מיר האבען זיך דעם טאג צוגעזעהן און אנגעהערט. אנדערע פארוואונדעטע זע-נען געבליבען טויט בי אונז אויף די הענד, די איבעריגע האבען מיר צעלעגט אין די פריוואט-הייזער, און פון אונזער גאנצער גאס איז געווארען אין גרויסער שפיטאל. 1354 פארוואונדעטע האבען [illegible]

און די שרעקליכע בילדער פון די הרוגים, באזונדערע קעפ, פיס, פינגער פון הענד.

און די פרויען...

דעם דערצעהלער'ס [illegible] קול ווערט איבערגעריסען. די אויגען ווערען איהם פול מיט טרעהרען.

— פרעגט מיך בעסער נישט, כ'קאן גארנישט רעדען וועגען דעם, ניין, כ'וויל נישט רעדען.

ער בארוהיגט זיך אביסעל און הויבט ווייטער אן:

מאנטאג פריה האט דער אטאמאן סימאסענקא געלאזען אויסקלעבען אויף די גאסען א באפעהל, אז ביז דינסטאג 12 בייטאג מוזען אלע הרוגים אויפגע-רוימט ווערען, אויב נישט — וועט ער ארויפלעגען אויף דער שטאדט א קאנ-טריבוציע פון 10 מיליאן רובל.

האבען מיר געדונגען 310 שליטענס און חמרים-וורן, חמרים-וויז זיך גע-נומען אויפצולעגען אויף זיי די הרוגים. פון צוזעהן דאס אלעס זענען ביי מיין פרוי פאראליזירט געווארען די אויגען-נערווען און אט דאס פיהר איך זי טא-קע איצט קיין וויען.

355 קינדער פון 2 חדשים ביז 9 יאהר; 4562 עלטערע — מענער און פרויען, האבען מיר אנגעצעהלט.

אלע זענען זיי ארויסגעפיהרט אויפ'ן הייליגען ארט און באגראבען געווארען אין בשותפות'דיגע קדושים-קברים.

צומארגענס, דינסטאג, דערזעהן מיר אויסגעהאנגען א נייעם באפעהל פון סי-מאסענקא'ן: וועגען אונטערדריקען דעם „באלשעוויזם" האט ער שוין מיטגע-טיילט פעטלורא'ן, נאר היות ווי ער האט געהערט, אז ס'הויבט זיך ווידער אן א באלשעוויסטישע באוועגונג, איז ער מתרה, אז ער וועט פון דער שטאדט קיין שריד ופליט נישט לאזען, אגב הייסט ער זיך אריינטראגען 6000 רובל, אפנים; שוחד-געלד...

און מ'האט דא געלד אריינגעטרא-גען.

די אידען זענען ארומגעגאנגען אבל וחפוי ראש. כבושת גנב האט מען זיך געשעמט איינער פאר'ן צווייטען. ווער האט זיך גערעכט אויף אזא זאך? מ'האט געמיינט, ס'וועט זיך אויסלאזען בלויז צו געלד, ווען נישט — וואלט מען [illegible]

(שלוס אויף זייט 6)

# אין א ווינקעל פון דעטראיט

**ראמאן פון ב. איסאיעוויטש**

(פארטזעצונג)

(פיער און צוואנציגסטעס קאפיטעל)

דזשאזעף מיט חנה'ן פארען זוכען מרים'ן.

אין עטליכע מינוט ארום איז אריינגעקומען א דיענער און געמאלדען דער מאדאם פארבשטיין, אז צוויי יונגע לייט און א מיידעל פרעגען אויף דזשאזעף'ן.

די מאדאם פארבשטיין האט זיי געהייסען אריינפיהרען אין זאל און אליין איז זי נאך מעהר דערשראקען געווארען.

דאס הארץ האט איהר געזאגט, אז דיעזע דריי יונגע מענשען, וואס פרעגען זיך אויף דזשאזעף'ן זענען ניט זיינע חברים, ניט זיינע פריינד און ניט זיינע באקאנטע. אז דאס זענען גיכער דער מיסס רובינאוו'ס פריינד, אדער קרובים.

און קומען קומען זיי, מן הסתם, בארטריעבטע, פארצארנטע. זיי קומען זיך אננעהמען די קריוודע פון דער באליידיגטער מיידעל.

און פלוצלונג האט זי א שארפען שנים דערפיהלט אין הארצען.

ווער ווייס. אפשר — זעלבסטמארד געשעהן?

ווער ווייס. אפשר זעלבסטמארד.

די מאדאם פארבשטיין איז בלאס געווארען פאר פחד

זעלבסטמארד.

איז דאך טאקע מיסס רובינאוו ארויס געפלויגען פון הויז מיט אזא אימעט, מיט אזא פארדרוס. ווער ווייס? ווער קען דורכקוקען דאס הארץ פון א מיידעל, וואס ליידט פון האפנונגסלאזער ליעבע?

איהר האנדלונג, דער בייזער ענטפער צו דעם ריכטער, דאס אנטלויפען פון הויז אהן א באגלייטער — דאס אלעס האט ביי דער מאדאם פארבשטיין פארשטארקט דעם גלויבען, אז מרים איז ניט אנדערש אזוי פארצווייפעלט געווארען נעכטען, אז זי האט באשלאסען צו באגעהן זעלבסטמארד, און איצטער זענען עס געקומען איהרע פריינד, אדער קרובים אויספרעגען די אורזאכען פון דעם פריהצייטיגען טויט, פון דעם מיידעל'ס זעלבסטמארד.

קוים, מיט מיה און מיט טויט־שרעק האט די מאדאם פארבשטיין דערלעבט די רגע ווען דזשאזעף איז ארונטערגעקומען צו די געסט און עס האט זיך ארויסגעשטעלט, אז דאס זענען זיי געקומען פרעגען אויף מרים'ען און אז זיי אליין ווייסען ניט וואס מיט איהר האט פאסירט.

---

פון די דריי יונגע מענשען (חנה רובינאוו, ניימאן און היימי מארגאליס) איז געווען בלויז איין חנה וואס האט געקענט דזשאזעף'ן און וועלכע האט געוואוסט, אז מרים איז אום זונטאג דריי א זייגער ביינאכט געפאהרען צו די פארבשטיין'ס צו געבען דזשאזעף'ן די געלעגענהייט אויף צו פארענדיגען דאס בילד, וואס ער האט געמאהלען פון איהר אויף דער שיף — אזוי האט איהר מרים געזאגט.

פון דער שיף טאקע קען זי דזשאזעף'ן.

דזשאזעף ווידער האט אויך זי דערקענט.

אזוי גיך ווי ער איז ארונטערגעקומען, האט ער מאמענטאל דערקענט חנה'ן, כאטש זי איז אצינד געווען פיעל שעהנער און אויך געזינדער, ווי בעת ער האט זי אויף דער שיף געזעהן.

ער האט זי דערקענט אן איהרע גאלד קאלירענע שעהנע האהר, אן איהרע בלויע אויגען, עהנליכע צו מרים'ס.

ער איז צו צו איהר מיט אויסגעשטרעקטע הענט:

— העללאו, מיסס רובינאוו, וואו איז מרים?

אלע דריי זענען געבליבען ווי פארפרוירענע.

אויך ער, הייסט עס, ווייס ניט פון מרים'ען.

חנה האט איהם דערלאנגט די האנד און גארניט געענטפערט.

איהר האפנונג איז געווען, אז מרים איז אפשר געבליבען נעכטיגען ביי די פארבשטיין'ס.

דער איינציגער איז געווען היימי, וואס האט זיך צוערשט א כאפ געטאן און צוגעהענדיג גלייך צו דזשאזעף'ן האט ער איהם געזאגט:

— א פראגע נו „וואו איז מרים?" אט דאס זענען מיר דאך טאקע צו אייך געקומען, מיר ווילען, הייסט עס, פון אייך געוואויר ווערען וואו מרים איז אהיינגעקומען. דאס מיידעל איז ביי אייך געווען נעכטען דריי א זייגער ביינאכט?

— יא.

— אויב יא, טא ווייסט זשע, אז פון ווינט זי איז נעכטען ארויס פון שטוב, איז זי צוריק ניט געקומען.

— וואס, ניט אהיים געקומען נעכטיגען? — איז דזשאזעף געווארען א דערשראקענער.

— ניין, ניט אהיים געקומען נעכטיגען.

— האט היימי עזות'דיג געענטפערט — און מיר ווילען וויסען, וואו איז זי? ווארום איז זי ניט אהיים געקומען?

— פון וואנען זאלען מיר דא, וויסען?

— האט דזשאזעף ניט מערקענדיג היימי'ס עזות, געענטפערט צעמישט און צעשראקען.

— ווער זשע דען זאל וויסען?

— מען דארף אנפרעגען אין די פאליציי סטאנציאנען — האט דזשאזעף פארטראכטענדיג געזאגט.

---

— אזוי קלוג זענען מיר שוין אויך געווען — איז היימי אריין אין זיין ראלע — [illegible] געווען באדארפט קומען אַש אהער צו הערען פון אייך אזא גניאלע המצאה.

— נו איז וואס האט מען געענטפערט?

— גיטא! מען האט אונז געענטפערט אז קיין מיידלאך און קיינע מיסס רובינאוו"ס האבען זיי ניט געפונען וואלגערענדיג זיך אין די גאסען.

דזשאזעף האט א קוק געטאן אויף היימי'ן, האט איהם געגעבען א מעסטאָס פון אויבען ביז אראפ און ניט ענטפערענדיג איהם איין ווארט, האט ער א נעהם געטאן חנה'ן פאר דער האנד און אין דער גיך א זאג געטאן:

— קומט!

דאס זאגענדיג האט ער זי מיט זיך ביי דער האנד מיטגעצויגען און זיך געלאזט צו דער טיר.

היימי און ניימאן זענען נאכגעגאנגען.

— וואוהין? — האט היימי געפרובירט אפהאלטען דזשאזעף'ן — וואוהין געהט איהר?

(פארטזעצונג פאלגט)

# בריליאנטען

(שלום פון נעכטען)

דער איד, אדריינלענדיג מיט ציטער דיגע הענד דאס געלט אין טאש, איז ארויס פון געשעפט ווי א שיכור"ער. אויף דער גאס איז ער ניט געגאנגען, נאר געלאפען, ארומקוקענדיג אלע ווייל הינטער זיך ווי ער וואלט מורא געהאט, אז דער סוחר זאל איהם ניט אמאל נאכלויפען און חרטה האבען אויף דער קנית.

דער סוחר האט אבער כלל ניט ברעה געהאט איהם נאכצולויפען. פארקעהרט, ער איז געזעסען די גאנצע צייט אין איין ציטערניש און ביי יעדען ריהר פון דער טיר האט איהם דאס הארץ געקלאפט, צי געהט ניט אמאל דער מוכר צוריק.

און דאן, בארוהיגענדיג זיך פון דער אומזיסטער שרעק, איז ער אוועק אויף דער בערזע וואו ער האט די אויריגע לעך פארקויפט און גענומען פאר זיי — פינף און זעכציג טויזענד מארק!

דער עולם איז געבליבען זיצען פאר טראכט שווייגענדיג. און ביי אלעמען אין די אויגען האבען געפינקעלט מאדנע פייערלעך, מאדנע בלישטענדיגע ברי־ליאנטען פייערלעך.

— עס איז ניט אויסגעשלאסען — האט זיך אנגערופען א דריטער פון דער חברותא — אז ווער עס פארמאגט היינט א פאר בריליאנטען זאל מיט דער צייט ווערען א מיליאנער. א פיעל פאכיגער מיליאנער. וואס דארפט איהר א סך טענה'ן? היינט א יאהר קומט צו מיר מיינער א נאהענטער ידיד פרעגען אן עצה. וואס איז? אזוי ווי, דערצעהלט ער מיר די עסקים זיינע געהען נאר ניט פוינעלדיג און עס פעהלט איהם קאפיטאל צום האנדעל. צו וואלט ער ניט גלייך געטאן, ווען ער זאל פארקויפען דעם ווייב'ס בריליאנטענע קעפ־לעך, פאר וועלכע מען לעגט איהם פאר צעהן טויזענד מארק.

— פארשטעהסט? — פרופט ער מיר צוקייען די זאך — צעהן טויזענד מארק דאס איז דאך עפעס א סומע, מיט אזא קאפיטאל קאן מען דאך שוין פיהרען א מסחר, ווי מיינסטו?

— כ'ווייס? — ציה איך מיט די אקסלען — ס'איז מיר שווער דיר צוצו־ריידען. טו ווי דו פארשטעהסט.

ער איז אוועק. אין א צוויי חדשים ארום קומט ער ווידער צו מיר מיט א שיינענדיג פנים.

— דו ווייסט? — מאכט ער — איך האב זעהר גלייך געטאן וואס איך האב דעמאלט ניט פארקויפט. פאר די זעלבע קעפלעך גיט מען מיר היינט פונקט דאפעלט. צוואנציג טויזענד מארק. דאס איז שוין א נישקשה'דיגער קאפיטאל. אמת? דאכט זיך, אז מען וואלט געדארפט פארקויפען, ווי מיינסטו?

— אוודאי — זאג איך — איז עס א נישקשה'דיגער קאפיטאל נאר, כ'ווייס איבריגענס, טו ווי דו פארשטעהסט.

עס געהען ניט פארביי [illegible] קיין דריי חדשים — ער איז ווידער ביי מיר.

— געוואלד — כאפט ער זיך פאר'ן קאפ — מען קען ממש פון זינען אראפ. שטעל דיר פאר ווען איך כאפ דאמאלס און פארקויף כ'וואלט דאך חלילה היינט שונאי ציון משוגע געווארען פון קרענקונג! טרעף וויפיעל מען לעגט מיר היינט פאר די זעלבע קעפלעך? דו וועסט ניט טרעפען — אכציג טויזענד מארק! האסט עפעס א השגה? נאר ניין, איצט וועל איך שוין נישט כאפען, איצט ווארט איך ווי מיינסטו?

אין עטליכע חדשים ארום האב איך דעם מענש ניט דערקענט. דאס פנים האט איהם שרעקליך געפלאמט און די אויגען האבען באקומען א ווילדען אויסדריק.

— הונדערט און פופציג טויזענד מארק האבען זיי שוין! הונדערט און פופציג טויזענד מארק! אכט קאראט האלטען זיי, די בריליאנטען. פארקויפען?

— כ'ווייס?...

לעצטענס איז ער אריינגעפאלען צו מיר א פערסאפעטער, א פארשוויצטער, און א ווארף געטאן זיך אויף דער סאפע ווי סע וואלט איהם אטעם און לשון פארפעהלט.

— כ'פאהר קיין אמעריקא! [illegible] ער אויסגערופען.

— קיין אמעריקא?

— יא.

— האסט געלייענט? אויף דער אמעריקאנער בערזע צאהלט מען איצט טויזענד דאלאר פאר א קאראט. פאר מיינע קעפלעך קאן איך אלזא דארט אפנעהמען א קיימארלן פון אכט טויזענד דאלאר. דאס איז אזוי גרויס, אויב איך האב קיין מעות ניט א מיליאן מארק. לאמיר אראפ [illegible] דערט טויזענט מארק, בלייבט מיר אלץ צוריקקומענדיג, אכט מאל הונדערט טויזענד מארק. פאר דעם געלד קויף איך מיר א הויז, א שעהן הויז אין ווארשא און ווער מיר א גביר עצום... הא? וואס זאגסטו צו דעם פלאן? אלזא, כ'פאהר קיין אמעריקא.

---

די אויגען ביי די צוהערער האבען זיך נאכמעהר צופלאקערט. מיר האבען זיך צונעועצט און יעדער איז מיט איילענדיגע טריט געלאפען אהיים א זוך טאן אין די שופלודען, צו [illegible]

[illegible]

(-מאמענט, ווארשע)

# לעבען און טעאריע

**פון א. אלמי (עליאש)**

גאט האט באשאפען דעם מענש; דער מענש האט באשאפען — די טעאריע.

גאט'ס וועלט מיט אלע איהרע שעהנקייטען, וואונדער, איינפאלען, פארשידענארטיגע ארכיטעקטורען און מאלערייען זענען ניט טעארעטיש; זיי זענען לעבען; דאס לעבען, ווי עס איז באשאפען געווארען פון דעם גרעסטען מייסטער, איז ניט קיין טעאריע, עס איז פשוט לעבעדיג, צאפלדיג לעבען.

אבער דער מענש האט אלץ געמאכט טעארעטיש; פאר'ן מענש — פאר'ן מאדערנעם מענש, נאטירליך — עקזיסטירט ניט קיין זאך אהן טעאריעס: דאס לעבען איז פאר איהם א טעאריע, די וועלט איז פאר איהם א טעאריע, גאט אפילו איז ביי איהם ניט מעהר ווי א טעאריע; פאר איהם איז ניט דא גלאט גוטס און שלעכטס, נאר טעאריעס וועגען גוטס און שלעכטס; ניטא גלאט קיין שלעכטע ארדנונגען און גוטע טעאריע, אז א מענש האט זיך איבערזיי; אז א מענש הונגערט, איז עס טעאריע. אז א מענש האט זי דאיבערגעגעסען, איז עס ווידער א טעאריע;

— מען גיט זיך קיין ריהר ניט אהן דער פארפלוכטער טעאריע.

מיך ארט ניט אויב איינער איז קעגען די באלשעוויקעס, ווייל ער גלויבט, אז דער פראלעטאריער איז ניט דאס אויבערשטע פון שטויבעל; עס רייסט מיר אבער די אויערען, ווען דער איינער איז א [illegible] דער סאוויעטען־ארדנונג בלויז דערפאר, ווייל ער איז איבערצייגט, אז זיי האלטען ניט אוים א געוויסע טעאריע; פונקט אזוי איז מיר שווער צו פארטראגען, ווען א באלשעוויק איז געגען דעם אדער יענעם נאר צוליעב דעם, וואס יענעמ'ס קאנטר־רעוואלוציע איז ניט אין איינקלאנג מיט זייער טעאריע.

מען שטעלט ניט די אדער יענע ריכטונג אויף געגענאיבער דעם לעבעדיגען לעבען, צו פארגלייכען אויף וויפיעל איין שטרעמונג אדער א צווייטע שטרעמונג איז לעבעדיגער, פרישער, צאפעלדיגער, — ניין, מען באוואפענט זיך מיט קארל מארקס' שווערע ביכער און מען טייטעלט מיט'ן גראבען פינגער: „ס'טייטש, עס האלט דאך ניט אוים דעם מארקסיזם; עס שטימט דאך ניט מיט דער טעאריע פון קארל מארקס'ן!"

— דאס קלינגט מיר אומגעהייער לעכערליך.

איך בין פאר אלץ, וואס איז גוט, שעהן און ערליך. יעדער מענשליכער מענש איז פאר אלץ, וואס איז גוט, שעהן און ערליך. איז די אונדזער־ארדנונג שעהן, גוט און ערליך — דאן בין איך פאר איהר; איז יענע ארדנונג ניט אין איינקלאנג מיט די דריי פונדאמענטאלע מענשליכע פרינציפען — בין איך געגען איהר, אפילו זי זאל אויסהאלטען נייציג טעאריעס.

צום טייוועל מיט אלע טעאריעס!

דארף איך צום עסען א טעאריע? שלאף איך לויט א טעאריע? ליעב איך, האס איך, פרעה איך זיך, טרויער איך לויט א טעאריע? דאס לעבען איז ניט טעארעטיש; די טעאריעס זענען אן אומגליק פאר'ן לעבען, אן אומגליק פאר דעם מענש. מיר איז אלצאיינס וועלכע טעאריע, קארל מארקס', באקונינ'ס — פארברענט זיי! מיר דארפען קיין טעאריעס ניט. ווארפט זיי אוועק אין ים אריין אלע מארקס' ביכער און די מענשהייט וועט גארניט פארלירען.

אט די אלע שווערע ביכער, וועלכע זענען אנגעפיקעוועט מיט טעאריעס, האבען אפגעהאלטען דעם מענשליכען פראגרעס; אז איך כאפ אמאל א קוק אריין אין איינעם פון די ביכער, באגיסט מיך א קאלטער שווייס און כ'טראכט: „נו, מיר וועלען שוין קיינמאל ניט גליקליך זיין".

לויט די דיקע ביכער איז אזוי שווער — טעארעטיש שווער — דעם מענש גליקליך צו מאכען; מ'דארף פריהער טאן אפשר אמאל פון די געוויסע זאכען און דערנאך ווידער מקיים זיין נאך א טויזענד פון דיזעלבע געוויסע זאכען, און דאן ערשט וועט דער ארימער מענש קענען — טעארעטיש — א לעב טאן.

איז דאס לעבען ווירקליך אזוי שווער? איז עס באמת אזוי מורא'דיג שווער גליקליך צו זיין? גלויבט זיי ניט, די טעארעטיקער. זיי זענען געשיקט פון טייוועל ניט צו דערלאזען דאס בעסערע; דער ארימאן קריגט א גרעסערען און פולערען לעפעל — און דער טעארעטיקער כאפט איהם אן ביים ארבעל און שרייט: „לויט דער טעאריע פון דעם און דעם גדול קענסטו איצט ניט האבען קיין גרעסערען און פולערען לעפעל!" דער פויער קריגט א גרעסער שטיקעל ערד און דער טעארעטיקער וויל איהם [illegible] באווייזען, אז לויט דער טעאריע פון פאראג. 000, קען ער איצט נאך ניט האבען קיין גרעסער שטיקעל ערד — נאר גאר ליעגען אין דער ערד, ביז די טעאריע וועט איהם פון דארט ארויסשלעפען!

לעבען לויט טעאריע, איז אלצאיינס ווי לעבען לויט דעם וועטער־נביא פון קאלענדאר, וועלכען מיינער א באקאנטער האט אזוי שטארק געגלויבט, אז אין דעם טאג, ווען דער קאלענדאר האט פאראוים געזאגט א רעגען, איז ער ארוים אין גאס מיט א שירם; אמת, געדרעגענט האט טאקע ניט, עס איז גראד געווען א שעהנער, זוניגער טאג, אבער לויט'ן לוח, אדער טעארעטיש האט יא געדרעגענט... און אנדער מאל, ווען פאקטיש האט אין דרויסען האט געגאסען א מבול, אבער טעארעטיש, לויט'ן קאלענדאר, איז אין דרויסען געווען א וואונדערבארער, לויטערער טאג און מיין באקאנטער האט מארשירט אין גאס אין זיין פיינעם העלען אנצוג, אהן א שירם איבער זיך...

ווען ניט די טעאריעס, ווען די מענשען זאלען ניט גלויבען די טעארעטיקער, אז עס איז אזוי שווער גליקליך צו זיין — וואלט די וועלט שוין לאנג א שעהנער און גליקליכער פנים געהאט. מיר פלאנטערען זיך אבער אין פארשיעדענע טעאריעס ווי א פליעג אין שפינוועבס און מיר קענען קיינמאל ניט ארויסקריכען; יעדער טעארעטיקער ציהט צו זיך און פארזיכערט אייך, אז נאר לויט זיין טעאריע וועט איהר קריגען דאס גן עדן מיט אלע זיבען וועלטען, און דער ארימער מענש ווייס ניט וועמען צו הערען. אפשר איז די טעאריע גוט און אפשר איז די אנדערע טעאריע די גוטע? אזוי פארציהט מען דאס בעסערע, וואס דארף קומען.

עס איז דאך אזוי גרינג גליקליך צו זיין, נאר די טעארעטיקער דערלאזען ניט; זיי האבען מאטעמאטיש אויסגערעכענט ווען איהר קענט גליקליך זיין, ווי אזוי איהר קענט גליקליך זיין און מיט וואס איהר קענט גליקליך זיין; און אז אייער גליק האלט ניט אוים זייער טעאריע, ווערען זיי אייך בלוטיגע שונאים, זיי וועלען זוכען אלע מיטלען אייך אומגליקליך צו מאכען, כדי צו באווייזען, אז איהר קענט ניט גליקליך זיין, אויב עס איז ניט לויט זייער טעאריע...

ביכער זענען אומגעהייער נוצליך, פאר די, וואס לעזען זיי. אבער א סך ביכער זענען געבונדענע אומגליקען, א סך זשורנאלען זיינען אומגליקען אין יאהרגאנגען, איבערהויפט יענע, וואס ענטהאלטען אלערליי טעאריעס ווי בעסער צו מאכען די וועלט, ווי גליקליכער צו מאכען דעם מענשען, ווייל זיי באווייזען אין זאך, אז גליקליך ווערען איז די שווערסטע זאך אין דער וועלט; זיי לערנען, אז גליק איז א טעאריע, דאס לעבען — א טעאריע — אלסדינג א טעאריע.

פשוט, איינפאך, פריש־צאפלדיג, ניט־טעארעטיש לעבען עקזיסטירט פאר זיי ניט; זיי זענען אויבער־חכמים; זיי געהמען דאס לעבען הינטעראדרמערט, מיט'ן גראבען פינגער. לאכט זיך אוים פון די דאזיגע חכמים; נעהמט ניט דאס לעבען אזוי שווער, נעהמט עס ניט טעארעטיש, קוקט אויף דער וועלט מיט ניט־טעארעטישע אויגען — און איהר וועט זיך איבערצייגען, ווי לייכט איהר קענט דערגרייכען אייער גליק, ווי לייכט איהר אליין קענט בעסער און שעהנער ווערען!


## באקאנטמאכונג

### יין גפן לקדוש ולהבדלה

אייך אלעמען גוט באקאנטע וויין־סטאר אויף 407 הייסטינגס סטריט, וואו איהר פלעגט שטענדיג באקומען דעם בעסטען וויין פאר ריטועלע צוועקען, איז יעצט איבערגעגאנגען אונטער א נייער מענעדזשמענט. די אויפזיכט איבער דיעזען סטאר האט יעצט א מאן וועלכער איז פאר יאהרען לאנג געווען אין וויין ביזנעס. דער נייער מענעדזשמענט, וועלכער האט איבערגענומען דעם סטאר מיט די אלע פארמען גוטע וויינען גלויבט, אז פארקויפענדיג מעהר וויין צו ביליגערע פרייזען, וועט זי מאכען מעהר סוקסעס, ווי פארקויפענדיג ווייניגער וויין צו הויכע פרייזען. מיט איין ווארט, זיי ווילען געבען א געלעגענהייט יעדען אידען אין דעטראיט, צו קריגען די בעסטע וויין פאר קדוש און הבדלה צו די ביליגסטע פרייזען.

פאלגענדער פרייז ליסט וועט דיענען אלס ביישפיעל, ווי ריכטיג עס איז אלעס וואס דער נייער מענעדזשמענט פארזיכערט אייך.

**די בעסטע כרמל וויין**

דער פרייז פון בעפאר — — — $20.00
דער יעצטיגער פרייז — — — $17.50

**כרמל וויין**

דער פרייז פון בעפאר — — — $15.00
דער יעצטיגער פרייז — — — $13.75

**פארט וויין**

דער פרייז פון בעפאר — — — $12.50
דער יעצטיגער פרייז — — — $ 8.00

**זויערער וויין**

דער פרייז פון בעפאר — — — $12.50
דער יעצטיגער פרייז — — — $ 6.00

קומט צוגעהן אין אונזער וויין סטאר אויף 407 הייסטינגס סטריט און איבערצייגט זיך אין דער ריכטיגקייט פון אונזער פרייז ליסט און אין דער געשמאקהייט פון אונזער וויין.

מיט גרוס,
**די סאקראמענטאל וויין סטאר**
407 הייסטינגס סטריט.

**רעוו. ל. ד. רייכלין**
**פון אהבת אחים שוהל**
(אוסלאנער)
נעהמט אן **סדור קדושין**
און אנדערע שמחות מיט די בעסטע עפרידענהייט.
**511 קעמעראן עוועניו**
טעל. העמלאק 1130 ראבעליו

— באקאנטמאכונג —
**רעוו. א. קאצער**
וואס איז רעקאמענדירט פאר'ן בעסטען
**מוהל**
זייט די לעצטע 20 יאהר
האט געמופט פון 263 פארנסווארט
אין
140 מעדבורי, קאר. בראש
טעלעפאן: מארקעט 827

ווילט איהר אייערע
**שלעסער, שליסלען קארפענטער זעגען, טולס און אנדערע ארבייט**
גוט געמאכט און גאראנטירט?
טו קומט צו
**מ. דאמניטץ**
245 מאנטקאלםסט.

# די יוניווערסאל לענד קאנטראקט קא

האט געמופט דער אפיס פון 928-9 שטיימבער אוז קאמערס בילדינג

צו

# 204 הארדשעס בילדינג

קארנער סטייט און גריסוואלד

# גרעסטער סורפרייז סייל

צום ערשטען מאל אין צעהן יאהר ביי דער גרעסטער דריי גודס פירמא

# ערמאן און פופקאס

## ניו יארק דריי גודס סטאר

**495 הייסטינגס סטריט**
קארנער אלפרעד

פופציג טויזענד דאלאר סטאק געאפערט אין א סייל וואס האט ניט צו זיך קיין גלייכען אין דעטראיט

סילקס, סאטינס, קרעפ דע שין, דזשארדזשעטס, סוירדזשעטס, דרעיפינגס, בעד ספרעדס, גינגהעמס און אזא ווייטער. דאס פלאץ ערלויבט אונז ניט אויסצורעכענען קיין פרייזען. קומט און זעהט. אלעס איז געמארקט מיט קלענסטע פרייזען.

# Erman & Pupko's

**New York Dry Goods Store**

# אין א ווינקעל פון דעטראיט

ראמאן פון ב. איסאיעוויטש

(פארטזעצונג)

(פיער און צוואנציגסטעס קאפיטעל)

דזשאזעף מיט חנה'ן פאהרען זוכען מרים'ן.

די רגע ווען דזשאזעף איז ארונטערגע־קומען צו די געסט און עס האט זיך ארויסגעשטעלט, אז דאס זענען זיי גע־קומען פרעגען אויף מרים'ען און אז זיי אליין ווייסען ניט וואס מיט איהר האט פאסירט.

אהינגעקומען. דאס מיידעל איז ביי אייך געווען נעכטען דריי א זייגער ביינאכט?

— יא.

— אויב יא, טא ווייסט ישע, אז פון זינט זי איז נעכטען ארויס פון שטוב, איז זי צוריק ניט געקומען.

# בריליאנטען

(שלום פון נעכטען)

דער איד, אדיינלענענדיג מיט ציטער דיגע הענד דאס געלט און טאש, איז ארויס פון געשעפט ווי א שיכור ער־אויף דער גאס איז ער ניט געגאנגען, נאר געלאפען, ארומקוקענדיג אלע ווייל־לע הינטער זיך ווי ער וואלט מורא האבען, אז דער סוחר זאל איהם ניט אמאל

# לעבען און טעאריע

פון א. אלמי (עליאש)

גאט האט באשאפען דעם מענש; דער מענש האט באשאפען — די טעאריע. גאט'ס וועלט מיט אלע איהרע שעהנקייטען, וואונדער, איינפאלען, פארשידענ־ארטיגע ארכיטעקטורען און מאלערייען זענען ניט טעארעטיש; זיי זענען לע־בען; דאס לעבען, ווי עס איז באשאפען געווארען פון דעם גרעסטען מייסטער,

יא'ז דאס לעבען ווירקליך אזוי שווער? איז עס באמת אזוי מורא'דיג שווער גליקליך צו זיין? גלויבט זיי ניט, די טעארעטיקער. זיי זענען געשיקט פון טייוועל ניט צו דערלאזען דאס בעסערע; דער ארימאן קריגט א גרעסערען און פולערען לעפעל — און דער טעארעטי־קער כאפט איהם אן ביים ארבעל און

ביבער זענען אומגעהייער נוצליך, פאר די, וואס לעזען זיי. אבער א סך ביבער זענען געבונדענע אומגליקען, א סך זשורנאלען זיינען אומגליקען אין יאהר־גאנגען, איבערהויפט יענע, וואס ענט־האלטען אלערליי טעאריעס ווי בעסער צו מאכען די וועלט, ווי גליקליכער צו מאכען דעם מענשען, ווייל זיי באווייזען איין זאך, אז גליקליך ווערען איז די שווערסטע זאך אין דער וועלט; זיי לערנען, אז גליק איז א טעאריע, דאס לעבען — א טעאריע — אלסדינג א טעאריע.

פשוט, איינפאך, פריש־צאפלדיג, ניט־טעארעטיש לעבען עקזיסטירט פאר זיי ניט; זיי זענען איבער־חכמים; זיי נעהמען דאס לעבען הינטען־ארור־מערט, מיט'ן גראבען פינגער. לאכט זיך אויס פון די דאזיגע חכמים; נעהמט ניט דאס לעבען אזוי שווער, נעהמט עס ניט טעארעטיש, קוקט אויף דער וועלט מיט ניט־טעארעטישע אויגען — און איהר וועט זיך איבערצייגען, ווי לייכט איהר קענט דערגרייכען אייער גליק, ווי לייכט איהר אליין קענט בעסער און שעהנער ווערען!


## באקאנטמאכונג

### יין גפן לקדוש ולהבדלה

איך אלעמענס גוט באקאנטע וויין־סטאר אויף 407 הייסטינגס סטריט, וואו איהר פלעגט שטענדיג באקומען דעם בעסטען וויין פאר ריטועלע צוועקען, איז יעצט איבערגעגאנגען אונטער א נייער מענעדזשמענט. די אויפזיכט איבער דיזען סטאר האט יעצט א מאן וועלכער איז פאר יאהרען לאנג געווען אין וויין ביזנעס. דער נייער מענעדזש־מענט, וועלכער האט איבערגענומען דעם סטאר מיט די אלע פארטען גוטע וויינען גלויבט, אז פארקויפענדיג מעהר וויין צו בילינגערע פרייזען, וועט זי מאכען מעהר סוקסעס, ווי פארקויפענדיג וויניגער וויין צו הויכע פרייזען. מיט איין ווארט, זיי ווילען געבען א געלע־גענהייט יעדען אידען אין דעטראיט, צו קריגען די בעסטע וויין פאר קדוש און הבדלה צו די בילינגסטע פרייזען.

פאלגענדער פרייז ליסט וועט דיענען אלס ביישפיעל, ווי ריכטיג עס איז אלעס וואס דער נייער מענעדזשמענט פארזיכערט אייך.

### די בעסטע כרמל וויין

| | |
|---|---|
| דער פרייז פון בעפאר — — — | $20.00 |
| דער יעצטיגער פרייז — — — | $17.50 |

### כרמל וויין

| | |
|---|---|
| דער פרייז פון בעפאר — — — | $15.00 |
| דער יעצטיגער פרייז — — — | $13.75 |

### פארט וויין

| | |
|---|---|
| דער פרייז פון בעפאר — — — | $12.50 |
| דער יעצטיגער פרייז — — — | $ 8.00 |

### זויערע וויין

| | |
|---|---|
| דער פרייז פון בעפאר — — — | $12.50 |
| דער יעצטיגער פרייז — — — | $ 6.00 |

קומט צוגעהן אין אונזער וויין סטאר אויף 407 הייסטינגס סטריט און איבערצייגט זיך אין דער ריכטיגקייט פון אונזער פרייז ליסט און אין דער גע־שמאקהייט פון אונזער וויין.

מיט גרוס,

די סאקראמענטאל וויין סטאר

407 הייסטינגס סטריט.

## רעוו. ל. ד. רייכלין

### פון אהבת אחים שוהל

(אוסלאנער)

נעהמט אן סדור קדושין

און אנדערע שמחות מיט די בעסטע עופירידענהייט.

511 קעמעראן עוועניו

טעל. העמלאק 1130 ראנדעליו

— באקאנטמאכונג —

רעוו. א. קאצער

וואס איז רעקאמענדירט פאר'ן בעסטען

מוהל

זייט די לעצטע 20 יאהר האט געמופט פון 263 פארנסווארט אין

140 מערבורי, קאר. בראש

טעלעפאן: מארקעט 827

ווילט איהר אייערע

שלעסער, שליסלען קארפענ־טער זעגען, טולס און אנדערע ארבייט

גוט געמאכט און גאראנטירט?

טו קומט צו

מ. דאמניטץ

245 מאנטקאלם.

# גרעסטער סורפרייז סייל

צום ערשטען מאל אין צעהן יאהר ביי דער גרעסטער דר יי גודס פירמא

# ערמאן און פופקאס

## ניו יארק דריי גודס סטאר

### 495 הייסטינגס סטריט

קארנער אלפרעד

פופציג טויזענד דאלאר סטאק געאפערט אין א סייל וואס האט ניט צו זיך קיין גלייכען אין דעטראיט

סילקס, סאטינס, קרעפ דע שין, הושארדזשעטס, סירדזשעט, דרעיפינגס, בעד ספרעדס, גינגהעמס און זא ווייטער. דאס פלאץ ערלויבט אונז ניט איסצורעכענען קיין פרייזען. קומט און זעהט. אלעס איז געמארקט מיט קלענסטע פרייזען.

# Erman & Pupko's

## New York Dry Goods Store

# די יוניווערסאל לענד קאנטראקט קא.

האט געמופט דער אפיס פון 9־928 טשיימבער או קאמערס בילדינג

צו

# 204 הארזשעס בילדינג

קארנער סטייט און גריסוואלד

Der Weg

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט
ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת. דורך דער
וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד
אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715.

# שטאדט און קאנטרי

פון ב. י. ג—ן

די ווייבער וואס פארזעצען א משכון אום צו ליפען אין קאונטרי, וועלען אי־בערראשט ווערען, און אפשר טאקע ניט גלויבען, ווען מען זאל זיי זאגען, אז די קינדער וואס לעבען אין שטאדט זיינען געזונדער ווי די קינדער פון די פאר־מערס.

עס איז מיט א פאר יאהר צוריק נאך געווען געדרוקט אין א סך זשורנאלען און צייטונגען א באריכט פון דער אונ־טערזוכונגס קאמיסיע, וועלכע איז באַ־שטאנען פון עקספערטען, וועמעס אויפ־גאבע עס איז געווען אויפצוגעפינען דעם געזונדהייטצושטאנד פון אלע שול־קינדער אין די פאראייניגטע שטאאטען. אין דעם באריכט איז געווען קלאהר באַ־וויזען אז אויף לאנד (אין דער קאונטרי) זיינען די קינדער פיעל שוואכער, איי־דער די שטאדטישע קינדער. אפילו פי־זישע חסרונות זייגען אויך מעהר שכיח ביי די דארפס קינדער.

דער פראפעסאר פון פיזיקאל עדיוקיי־שאן אין קאלומביא קאלעדזש (טאמאס וואוד) איז געווען דער פארזיצענדער פון דער דערמאנטער אונטערזוכונגס קאמיס־יע; פאר איהם איז דער רעזולטאט פון דער אונטערזוכונג גאר קיין נייעס ניט געווען.

לערך צוואנציג מיליאן קינדער לערנען זיך אין די אמעריקאנער פאלקס־שולען: א העלפט און־אפשר נאך מעהר ווי א העלפט פון דער אלגעמיינער צאהל קינ־דער לערנען זיך אין די דארפישע און קליין־שטעדטעלדיגע שולען און קיינעם איז ביז איצט ניט איינגעפאלען, אז ריעזע העלפט קינדער געפינען זיך אין א שלעכטען געזונדהייטס צושטאנד, ווייל די סאניטארישע באדינגונגען אין די דארפס שולען איז ערגער ווי אין זייערע הייזער און זייערע הייזער ווידער זייגען סאניטארישע ערגער ווי די שטאדטישע הייזער.

חוץ דעם לידען זיי פון ווייניג נאה־רונג.

די צאהל קינדער אויף לאנד וואס לידען פון קארגע נאהרונג איז צוויי מאל אזוי גרויס ווי די קינדער אין שטאדט; די צאהל קינדער אין דער קאונטרי לידען מעהר פון די שטאדטי־שע פון בלוט לאזיגקייט און פון לונגען פעהלער.

די צאהל שטארבענדע אין דער קאונט־רי איז גרעסער ווי אין שטאדט.

ליכער ווי אין שטאדט.

זאל זיך דארום קיינער ניט חידוש'ען וואס די דערמאנטע קאמיסיע האט „ענט־דעקט" די גרויסע „ענטדעקונג", אז די קינדער אויף לאנד זיינען שוואכער, איי־דער די שטאדטישע קינדער.

עס איז דורך דער קאמיסיע באוואוסט געווארען אז די סקוהלס אין קאונטרי איז ניט נאר ערגער פון די שטאדטישע סקוהלס נאר אפילו ערגער פון שטאלען. די מאדערנע שטאלען פאר בהמות און חיות זיינען מעהר היגיעניש איידער די דארפישע לעהר אנשטאלטען.

אויף די דארפישע שוהלעס פאסט מען ווייניגער אויף ווי אויף די טורמעס און משוגעים אנשטאלטען.

די דיידי בארנס — זאגט פראפעסאר טאמאס וואוד אין זיינעם אן ארטיקעל מיט עטליכע יאהר צוריק — ווערען בע־סער און אויפמערקזאמער אפגעהיט איי־דער די שולעס אויף'ן דארף. אפילו די סטייבעלס, די טשיקען הייזלעך און די חזירים שטיבלעך זיינען היגיענישער און סאניטארישער געבויעט איידער די קאונ־טרי סקוהלס.

אט דאס איז די אורזאכע ווארום די דארפס קינדער זיינען ניט אזוי געזונד ווי עס זיינען זיך משער די ווייבער וואס לויפען אין קאונטרי און וואס זיינען אזוי שטארק מקנא די פארמערס וואס וואה־נען אויף לאנד.

לופט אליין איז נאך ניט אלעס און וואס קינדער נויטיגען זיך אום געזונד צו זיין.

די מאמעס וואס קענען זיך ניט פאר־גינען דעם פלעזשור צו פאהרען אין קאונטרי מיט זייערע קינדער, דארפען זיך דארום ניט אפעסען דאס הארץ. שלא־פען אין א גערוים צימער מיט אפענע פענסטער, עסען נאהאפטע און געזונדע שפייז און דערצו נאך פארברענגען א פאר שעה יעדען טאג אין א פארק, קען מעהר נוצען ברענגען, ווי לעבען אויף א פארם, אין אן ענגער רום מיט עטלי־כע בארדערס צוזאמען און ניט עסען גענוג און ניט עסען קיין נאהאפטע שפייז.

די לופט אין דעטראיט ביים וואסער, איז אהן שום ספק בעסער און פרישער ווי די דארפישע אדער פארם לופט. דערצו געניסט מען נאך אלע פריווילעגיע באקוועמליכקייטען, וועלכע דער דארפס מאן האט ניט.

אין די לעצטע יאהרען האבען פיעלע דארפס מענשען, איבערהויפט די פעהי־גערע, פארלאזען זייער קליינשטעדטעל־דיגע היימען און זיך באזעצט אין די גרויסע שטעדט. אין די דערפער און אויף די פארמס בלייבען די ווייניגער פעהיגע און די ווייניגער געזונדע.

אין די גרויסע שטעדט ווידער זיי־נען פאראן א סך וויסענשאפטס מענשען, א סך דאקטוירים, וואס פארשפרייטען זייערע לעהרע וועגען היגיענע.

עס איז אויך שיער ניט א כלל אז דערפאר ניט זיך דער שטאדטישער פאר־טער אפ מעהר מיט דער ערציהונג פון זיינע קינדער, ווייל ער דארף ניט — ווי דער פארמער — ערציהען אנדערע באשעפעניש, פון וועלכע עס הענגט אפ זיין עקזיסטענץ און פאר וועלכע ער ווערט געצוואונגען צו זארגען.

א גרויסע ראלע שפיעלט דא אויך די סביבה, וועלכע איז אין דארף א פאר־גרעבטע.

די פרישע לופט איז נאך ניט אלעס. די פרישע לופט קען דעם מענשען ניט געזונד מאכען און קען איהם ניט אויספילען אלעס וואס איהם פעהלט חוץ דער פרישער לופט.

די הייזער אויף לאנד זיינען ניט סאניטאריש. דער פארמער און זיינע קינדער פארברענגען דאך אין שטוב אויך. און ווען זיי פארברענגען, אדער שלאפען אין שטוב, זאפען זיי זיך אן מיט פארפעסטעטער לופט. די פרישע דארפס לופט איז ניט געזונד אויף אזוי פיעל, וויפיעל עס איז שעדליך די שטוב־לופט פון דעם דארפסמאן.

דאס עסענווארג אין קאונטרי און בפרט די וואסער איז א סך ערגער ווי די שטאדטישע.

שטאדט און קאונטרי 2

דאס וואס די לופט פארדיכט נעהמט צו די וואהנונג, דאס וואסער און די שפייז.

דאס טעגליכע לעבען אין דער קאונטרי איז פון א סאניטארישען שטאנדפונקט שער־

## מגילת פראסקוראוו

(שלום פון פיידוש 4)

ווייזען איינצוזאפען דאס פארגאסענע אידישע בלוט, און מיר האבען שוין דער־האלטען א נייע טרויעריגע בשורה וועגען א פאגראם אין פעלשטין, א שטעדטעל, וואס ליגט 25 ווערסט ווייט פון פראסקוראוו.

נאך דער בלוטבאד אין פראסקוראוו זענען די ווילדע היידאמאקעס אוועק קיין פעלשטין, און מאנטאג י"ה אדר, דארט אויסגעקוילעט א העלפט פון דער אידישער געמיינדע. פון די ערך 1300 אידישע איינוואוינער זענען 662 אומ־געקומען אונטער די היידאמאקישע מע־סערס; דערביי האבען זיך איבערגע־חזר'ט די זעלבע אכזריות און ווילדקייט ווי אין פראסקוראוו.

איין זאך איז נאר כדאי ס'זאל פאר־צייכענט ווערען. דאס איז די ראלע פון דער ציווילער קריסטליכער באפעלקע־רונג.

אין פראסקוראוו האב איך מיט מיינע אויגען געזעהן גאנצע מחנות קריסטען פון שטאדט און דארף, ראבירענדיג דאס אידיש האב און גוטס. אנדערע זיינען געווען פארקליידעט ווי היידאמאקעס, אנדערע האבען אויך געארבייט מיט מעסערס.

א פאר טעג פאר פסח איז צווישען פעטלורא'ס העלדען געווארען א מהומה, און זיי האבען פארלאזען די שטאדט. ערב פסח זענען קיין פראסקוראוו אריין די באלשעוויקעס, דער שטשיגרינער פאלק.

אט אזוי האט עס געדויערט ביז שבועות. דעם ערשטען טאג נאך יום־טוב איז ווידער אנגעקומען פעטלורא'ס מיליטער, און ווידער זענען געפאלען אידישע קרבנות, סתם אזוי, פארביי־געהענדיג איז מען פארביינגעגאנגען דעם היילינגן ארט, האט מען דערוויל דער־הרג'ט דעם קברות־מאן מיט זיין זוהן. האט מען אויף'ן וועג געטראפען א וועל־כען ס'יאז איד, האט מען איהם דערשאַ־סען. אזעלכע „צופעליגע" קרבנות זע־נען דעם טאג געווען 42.

אין 13 טעג ארום זענען ווידער אנגע־קומען די באלשעוויקעס. אוקראיניש מיליטער: דער טאראשטשענסקי און באגומסקי פאלקען.

א פנים, אז אין פראגראם פון דעם דאזיגען מין באלשעוויקעס זענען אריין אויך פאגראמען. פון די 21 טעג, וואס די פאלקען זענען ביי אונז געווען, הא־בען זיי זיך גאנצע 12 טעג באשעפטיגט מיט רויבערייען און אגב דער'הרג'עט 12 אידען.

נאך זיי איז ווידער אנגעקומען פעט־לורא, דאסמאל מיט גאליצישע חיל, וועלכער האט זיך שוין פארהאלטען רו־היג. דאס דאזיגע מיליטער האט פאר־בראכט ביי אונז ביז מיט א וואכען 7 צוריק, ווען עס האט געמוזט אפטרעטען פאר דעניקינ'ען.

דעניקינ'ס אפטיילונגען האבען זיך אבער אויך לאנג נישט געהאלטען ביי אונז, בלויז א פאר וואכען. זייער ארט האבען פארנומען פאליאקען.

(„מאמענט", ווארשא)

# צוויי וועלטען

(א בילד)

פון מאקס גאטהעלף

ווען די קאהנס זענען אין אמעריקא געקומען צו זייער טאכטער פלארענס, האבען זיי זיך געפיהלט ניט אזוי צו־פריעדען, ווי עלטערן דארפען זיך פיה־לען, ווען זיי דערזעהן זייער איינציג קינד, נאך אזא לאנגע און געפעהרליכע רייזע. —

ערשטענס דארף מען ניט פארגעסען, אז די קאהנס זענען געווען בעלי־בתים חשובים, ווי מען זאגט. קאהן האט גע־האט א פיין געשעפט, אן אנשטענדיגער מענש, תמיד געווען דער גבאי פון דער חסידי'שער שוהל אין זיין שטעדטעל, א „שטאט" געהאט אין מזרח, וועלכער איז איהם בירושה פון זיין טאטען גע־בליבען, געטראגען א שעהנע, שווארצע בארד און איז געווען ביי יעדען געאכ־טעט.

די פרוי קאהן — אן אשה צנועה, האט דעם צאינה וראינה געקאנט כמעט אויף אויסענווייניג. האט געטראגען א „שייטעל". זי האט איבערגעשטיגען מיט איהרע צניעות כמעט אלע פרויען פון איהר קרייז.

דערזעהענדיג צום ערשט זייער טאכ־טער, האבען זיי קוים געגלויבט, אז דאס איז זייער „פייגעל", ווי מען פלעגט זי רופען אין דער היים. עפעס האט זי אין זייערע אויגען אויסגעזעהן ווי א „גויעשקע". די האר, וועלכע פוי־געל פלעגט טראגען אין דער היים איינ־פאך פארקעמט אויף ארויף, זיינען גאר יעצט געלעגען אויף איהר קאפ אין פאר־שיעדענע קונציג־געפלאכטענע טיילען; דער שטערען, די אויערן, און א געווי־סע טייל פון איהרע באקען, זענען מיט קונציג געפלאכטענע קויפקעלעך באדעקט געווען. דאס פנים, וועלכעס איז תמיד בלאס געווען, האט זיך גאר אין א בליהענדער רויז פארוואנדעלט. אין מויל, וואו צוויי שורות פערל ווייסע ציין האבען גערוהט, האבען ערטערווייז שטיקלעך גאלד זייער פלאץ פארנומען. די איינפאך מיטעל־מעסיגע ברוסט, איז ווי „מעוברת" געווארען... אין אל־געמיין, דער גאנצער קערפער, איז ווי איבערגעאנדערשט געווארען. דאס האט ביי זיי אונצופריעדענהייט ארויסגערו־פען...

זיי האבען זיך פארגעשטעלט, אז זיי וועלען געפינען זייער טאכטער, זייער „פייגעל". צום סוף האבען זיי גאר גע־פונען א „פלארענס", א יענקי, וועלכע האט כמעט דעם מאמע־לשון אין גאנ־צען אויף ענגלישע אומגעלומפערטע ווער־טער פארביטען...

פלארענס איז פון אנפאנג געווען צו־פריעדען מיט איהרע געסט, מיט איהר טאטע־מאמע, נאך וועלכע זי האט די זיבען יאהר וואס זי האט זיך אין אמע־ריקא געפונען, געבענקט...

אבער אין א קורצע צייט שפעטער, האט זי זיך אנגעהויבען צו פיהלען גע־קרענקט... — פארשטעלען פאר „באי" די טאטע־מאמע איז געווען איבער איהרע כחות...

דער „באי", מיט וועלכען פלארענס איז „אויסגעגאנגען" די לעצטע צייט, איז געווען אן אמעריקאנער געבארענער, וועלכער האט אויך געהאט א טאטען מיט א מאמען, וואס האבען קיין בארד און קיין שייטעל אין זייער לעבען ניט געטראגען...

איין מאל, ווען פלארענס איז אהיים געקומען, אין דער באגלייטונג פון איהר „באי". און האט דערזעהן ווי איהר טאטע זיצט ביים טיש און א אידישען „פייפער". איז זי געבליבען שטעהן ווי פארגאפט. — פארשטעלען איהם דעם טאטען?... ניין! זאל דאס געהן ווי ביז אהער... — האט זי באשלאסען, און ווען די מאמע איז פון „קיטשען" אריינ־געקומען, מיט א טיכעל אויף איהר קאפ, האט פלארענס שיער פאר שאנדע גע־פלאצט.

— איז דאס דיין מוטער? — האט איהר דער „באי" אין ענגליש געפרעגט.

— יעעס!... — האט פלארענס אפ־געצווינגען אין שטיל געענטפערט.

א טויטע שטילקייט האט געהערשט אין יענעם מאמענט.

קאהן האט זיך פון שוהל אויפגע־הויבען. האט זיך געשטעלט מנחה דאווע־נען, און מאדאם קאהן האט דעם צאינה וראינה גענומען לייענען.

פלארענס האט פאר וועהטאג און שאנדע אן אמעריקאנער ליעדעל אונ־טערען נאז געזונגען און איהר „באי" האט עפעס א רעג־טיים ליעדעל מיט'ן מויל אויסגעפייפט...

צוויי וועלטען האבען זיך אין איין הויז געראנגעלט...

## שפרינגט פון א קאר אויף א טריין און ווערט דער'הרג'עט

אטהאף קערא, 32 יאהר אלט, איז שבת בייטאג געשפרונגען פון א קאר אויף 400.000 מענשען וועם מען שטעלען שיינליך דער'הרג'עט געווארען. דער דער'הרג'טער איז געווען אן אנגעשטעל־א גרענד טראנק טריין און איז אוינגע־פער ביי דער גרענד טראנק ריילוועי.




MURAD

דער טערקישער סיגארעט

מרס. פוקס האט זיך בעריהמט אז זי קינדעלט צופיעל.

"וויפיעל קינדער ברענגסט דו אויף דער וועלט אויף אמאל?" האט זי געפרעגט די לייביכע.

"בלויז איינס", האט די לייביכע געענטפערט —"אבער ס'איז א לייב!"

מוראדס קאסטען 20 סענט א באקס פון 10 — אבער, זיי זיינען מוראדס!

מוראדס וואלטען געקאסט ביליגער ווען זיי זאלען ניט ענטהאלטען קיין פולע 100% טערקישען טאבאק פון דעם רייגסטען און בעסטען וואס וואקסט—אדער ווען מיר זאלען נעבען פראסטערען טערקישען טאבאק.

אבער זיי וואלטען ניט געווען קיין מוראדס—זיי וואל־טען בלויז געווען כוקסען!

"אורטהיילט אליין—!"

מאנופעקטורערס פון העכסטען סארט טערקישע און עגיפטישע סיגארעטען אין דער וועלט. Anargyros

מיר מאכען אויפמערקזאם צו די 20 מוראדס אין בלעך באקסעס

# ראזענפעלד'ס רוסישע טערקישע באד

פאר אלע וועלכע זוכען ריינליכקייט און גוטע באהאנדלונג.

30 מארבל וואנעס — 2 כשרה מקוואות

טאור בעטהס — פרייע קאטס אויף צום רוהען

16 פריוואט רומס פאר יענינע וועלכע ווילען נעכטיגען.

א פראכטפולער לאנטש קאנטער מיט פרישע עסענווארג און געטראנקע צו יעדער צייט.

שוויץ פאר פרויען יעדען מיטוואך, מיט דער מיטווירקונג פון אן עקספערט מאסאזשיסטקע.

1846 אלפרעד סטריט, נ. ע. אנטאין, טעלעפאן טשערי 6190 ראבליו.

# ניו דעטראיט אפערא הויז

נייעס! נייעס!

מאד. בעסי טאמאשעווסקי

און

הערר סעמיועל ראזענשטיין

זונטאג מאט. און אווענד דזשון 20

אין דעם אונאיבערטראפענעם סוקסעס

# מינקע די דינסט

אין 4 אקטען מיט געזאנג פון

ל. קאבריון

די פאלגענדע ארטיסטען און מיהגע פינזטלער וועלען אך אנטייל נעהמען: מאדאם טאמאשעווסקי, ה. ראזענשטיין, בעלא פינקעל, מ. בעלמאן, טילי ראַ־בינאוויטש, מאדאם קראנער, הערר איינשטאק, הערר ראזענטאל און דער גאנ־צער סטאר קעסט.

אידר קענט אינשפארען

# 50 פראצענט אויף אייער אטאמאביל

אינשורענס

אונזערע רייטס זענען נאך אימער ניט געהעכערט געווארען. — אונזער קאמ־פאני איז א באוואוסטע מישיגאן סטאק קאמפאני. רופט אב ביי טעלעפאן:

טשערי 2078

אדער

קעדילאק 2078

און אונזער אגענט וועט אייך אלעס ערקלעהרען.

אונזערע אידישע אגענטען זענען: מאקס היימאן, עדווארד רזשייקאבס, מאקס גודמאן, ב. ה. בערגער.

Henry A. Behrendt

INSURANCE

Cherry 2078
Cadillac 2078

505–506 VINTON BLDG.



# א געזונדטע און מונטערע בייבי איז א פרייד צו יעדע מוטער.

אלע בייבים אויב זיי קריגען די ריכטיגע שפייז. וועלען זיי געדייהען און וואקסען געזונד און שטארק, אויב איהר קענט ניט זייגען אייער בייבי. ווארום זאלט איהר זיך פערלאזען אויף נסים מיט שפייז וואס קען שאדען דער פערדייאונג. אייער ערשטער געדאנק זאל זיין

Borden's EAGLE BRAND (CONDENSED MILK)

די שפייז וואס איז געווען דער "ערשטער געדאנק" פון דריי דורות פון מוטערס. כמעט אלע בייבים מאכען פונקט ליכען און שנעלען פראגרעס די מינוט וואס מען הויבט זיי אן הארעווען ניט איגעל בראנד. אויב איהר האט שוועריגקייט מיט אייער בייבי'ס שפייז— אויב די בייבי געווינט ניט געגוג וואג ווי איהר דענקט זי ווייזט און איז אויפגערעגט, שיקט אונז היינט דעם קופאן און מיר וועלען אייך שיקען די שפייז אינסטרוקציאנען געשריעבען אין אידיש און אויך א בייבי־בוך, פריי, וואס וועלען אייך ערקלערען ווי צו האלטען אייער בייבי געזונד און שטארק. זארגט זיך ניט פאר אייער צוקער און מילך סופלאי. קויפט א קען איגעל בראנד היינט און יוזט עס צו אייער טיש און צו קאכען און באקען. אויך פיר קאפע אדער טשאקאל — אין פאקט פאר יעדער זאך וואס איהר יוזט געוועהנליך מילך און צוקער — עס איז ביליגער און בעסער, ווייל ס'איז פון אזא הויכע קוואליטי און אימער די זעלבע גוטסקייט אז ס'איז ווירקליך די בעסטע פיר אייער טיש.

דער לייבעל און נאמען איז אייער גאראנטי

צו בעקומען אין יעדען גוטען דראג אדער גראסערי סטאר

The Borden Company
108 HUDSON STREET
NEW YORK



שניידט אויס דיזען קופאן, מארקט וועלכען ביכער איהר ווילט און מיילט היינט

Mrs. ..................
Street ..................
City ..................
State ..................

בייבי וועלפייר בוק.
רעסיפי בוק
10

עסטאבלירט 1857

אנדערע באָרדען פראדוקטען:
באָרדען'ס מאלטעד מילך — באָרדען'ס מילך טשאקאלאד
באָרדען'ס קאנדענסד קאפע — באָרדען'ס איוואפארייטעד מילך

# געלט קיין אייראפא

דער זיכערסטער און בעסטער וועג צו שיקען געלד צו אייערע קרובים קיין יוראפ איז דורך דער

# פיפעלס רעליעף

וועלכע איז א בראנטש פון דער דזשוינט דיסט. קאמיטע.

די געלד ווערט געשיקט אין דאלארס.

פיפעלס רעליעף קאמיטע

490 הייסטינגס סטריט

סעדילאק, 2061

The only Jewish Paper Printed in Michigan

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

# דער וועג

The Detroit Jewish Daily

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

347-49 HASTINGS STREET
Telephone Main 3715

Published and distributed under permit No. ... authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General.

PRICE 3c. — DETROIT, MICH., Thursday, June 17th 1920 Vol. 2, No 105 — דאנערשטאג, דזשון 17, 1920

PUBLIC LIBRARY

# בעלגיען און יאפאן וועלען פארהאנדלען מיט קראסין

## נאציאנען-ליעג לעגט אפ איהר באַ-שלום וועגען רוסיש-פערסישען סכסוך

לאנדאן, יוני 16. — ס'ווערט דא באַקאנט, אז די רעגירונגען פון בעלגיום און יאפאן האבען באשלאסען אַנטייל צו נעהמען אין די פארהאנדלונגען, וועלכע קומען פאר אין לאנדאן צווישען דעם ענגלישען קאבינעט און גריגארי קראסין, דעם באלשעוויסטישען האנדעלס מיניסטער.

היינט פריה האט דער ראט פון דער נאציאנען ליעג פערעפענטליכט אן אפיציעלע ערקלעהרונג וועגען דעם פערלאנג פון דער פערסישער רעגירונג, אז די נאציאנען ליעג זאל אינטערווינירען און אננעהמען מיטלען געגען דעם אריינדרינגען פון באלשעוויסטישען מיליטער אין פערסיען.

די ערקלעהרונג לעזט זיך ווי פאלגט:

„דער ראט האט באשלאסען דאס איידער ער וועט זיך ארויסזאגען וועגען די מיטלען, דורך וועלכע די פערפליכטונגען פארגעשריבען אין דעם אפמאך קענען ווערען אויסגעפיהרט, איז ווינשענסווערט, אום צו מאכען מעגליך דעם ערפאלג פון די אונטערהאנדלונגען וואס קומען איצט פאר, צו ווארטען אויף דער רעזולטאט פון די הבטחות פון דער סאוועטען רעגירונג. צו דיזער צייט בעט דער ראט די פערסישע פארטרעטער צו האלטען איהם אינפארמירט וועגען פארשריט פון די געשעהענישען".

ריזער ענטפער פון דעם ראט פון דער נאציאנען ליג איז פון אלעמען ערווארטעט געוועזען. די „פערפליכטונגען", וועגען וועלכע ס'רעדט זיך אין דער ערקלעהרונג, געפינען זיך אין דעם צעהנטען ארטיקעל פון דעם אפמאך, לויט וועלכען די מיטגליעדער פון דער ליעג „נעהמען אויף זיך צו אכטען און אפהיטען געגען אויסערע אנפאלען די טעריטארישע גאנצקייט און די עקזיסטירענדע פאליטישע אומאפהענגיגקייט פון אלע מיטגליעדער פון דער ליעג".

נים לאנג צוריק האט פרינץ פירוז מיראז, דער פערסישער אויסערן מיניסטער, אריינגעשיקט א פראטעסט צו טשיטשערין'ען, דעם באלשעוויסטישען קאמיסאר איבער אויסלענדישע אנגעלעגענהייטען, געגען דעם, וואס די סאוועטען טרופען געפינען זיך נאך אלץ אין פערסיען, נים קוקענדיג וואס די רוסישע רעגירונג האט צוגעזאגט זיי ארויסצוציהען פון דארט.

די „סענטראל ניוס" האט נעכטען געמאלדען, דאס אלס רעזולטאט פון דירעקטע אונטערהאנדלונגען, האט טשיטשערין ערקלעהרט, אז די באלשעוויקעס זענען גרייט צו פערלאזען פערסיען אונטער געוויסע באדינגונגען.

### קאנסטאנטינאפעל מעלדעט זיעגען פון גענעראל ווראנגעל געגען באלשעוויקעס

קאנסטאנטינאפעל, יוני 16. — די טרופען פון גענעראל ווראנגעל, דעם אנטי-באלשעוויסטישען פיהרער אין קרים, מארשירען פארווערטס פון קרים און דעם אזאוו'ים אין דריי קאלאנעס. זיי האבען איינגעשטעלט א פראנט אויף דער לענג פון קאלקאווקא, אויף דעם דניעפער, צו מזרח צו דורך מעליטאפאל און מאריופאל.

גענ. ווראנגעל'ס טרופען האבען גענומען 4000 געפאנגענע און 40 גרויסע קאנאנען פון די 100 וועלכע ס'געפינען זיך ביי די באלשעוויקעס אויף דעם קרים'ער פראנט. זייערע פארלוסטען זענען 800 מאן.

די באלשעוויקעס האבען ארויסגעוויזען א העפטיגען ווידערשטאנד לעבען פערעקאפ, וואו זיי האבען געהאט געמאכט א פארזוך דארט זיך אפצושטעלען, אבער זיי זענען אוועק צו מזרח צו.

אין די באריכטען פון לעצטען מאנטאג פון מאסקווא ווערט איבערגעגעבען, דאס די באלשעוויקעס האבען געפייערט א זיעג איבער גענעראל ווראנגעל'ס טרופען, נעהמענדיג 3000 געפאנגענע.

## שיסעריי צווישען דעטעקטיווס און שנאפס שמוגלער

דעטעקטיווס פון דער גרענד טראנק ריילוועי האבען לעצטען דינסטאג ביינאכט געפיהרט א העפטיגען רעוואלווער געשלעג מיט 5 חברה-לייט, וועלכע זיינען געפאהרען אין א טורינג קאר. עס איז די דעטעקטיווס געלונגען אפצושטעלען דעם אויטאמאביל, שיסענדיג אין די „טאירס". אבער די חברה-לייט זיינען פונדעסטוועגען אנטלאפען, איבערלאזענדיג דעם אויטאמאביל.

די דעטעקטיווס דזשאהן מייקלי און ה. ל. קעסס, האבען באמערקט ווי צוויי פון דיזע חברה פארקען זיך ארום פראכט-קארס.

דערזעהענדיג די דעטעקטיווס האבען זיי גענומען מאכען א ויברח. איינער האט זיך געלאזט לויפען צום אויטאמאביל און דער צווייטער ארום הייסטינגס סט.

דערווייל האבען די דריי וואס זיינען געזעסען אין אויטאמאביל אנגעפאנגען שיסען אויף די דעטעקטיווס, וואס האבען זיך געיאגט נאך די צוויי.

די דעטעקטיווס האבען געענטפערט צוריק און עס האט זיך אנגעפאנגען אן אמת'ע שלאכט.

דעטעקטיוו מייקלי האט אנגעציעלט זיין רעוואלווער קעגען די „טאירס" פון אויטאמאביל. דאס איז ווירקליך געווען א גוטער איינפאל. ... אמאביל האט זיך טאקע א... אבער די חברה זיינען ארי... ...ונגען פון קאר און גענומען ... פיס" און — פארשוואונדען.

די דעטעקטיווס האבען געהאט א פארדאכט אויף די חברה-לייט, אז זיי זיינען פארמישט אין ליקער האנדעל וואס ווערט געפיהרט אויף א גאר גרויסען מאסשטאב.

די שפאגעל נייע מעטאדע פון שמוגלען ליקער, באשטעהט אין שיקען א „שיפמענט" פון קענעדע כלומרשט קיין קיובא און ווען די קארס גרייכען אמעריקאנישע גרעניץ, אריבערצוכאפען די סחורה וואס גיכער.

די דעטעקטיווס זיינען איבערצייגט, אז די פינף חברה-לייט פיהרען אזא מין ליקער ביזנעס ווייל זיי האבען זיך טאקע געפארקעט ארום אזעלכע קארס, וואס האבען געפיהרט דעם ביטערען טראפען קיין קיובא.

### פראנצויזישע אונטערזוכונג אין טערקיי

פאריז, יוני 16. — די פארלאמענט קאמיטע איבער אויסערע אנגעלעגענהייטען האט באשלאסען צו שיקען א דעלעגאציע קיין טערקיי און קליין-אזיען אונטערצוזוכען די דארטיגע לאגע.

## קאלבי'ס טעלעגראמע פארגעלעזען אויף פעדעריישאן קאנווענשאן אלס באווייז געגען סאוועטען רעגירונג

**קאנווענשאן זאגט זיך ארויס געגען יאפאנעזישער און אזיאטישער אימיגראציע. — הייסט גוט גאמפערס שטעלונג וועגען נאן-פארטיזאן פאליטישען קאמפיין.**

מאנטרעאל, יוני 16. — די קאנווענשאן פון דער אמעריקאן פעדעריישאן אוו לייבאר האט נעכטען נאך א היציגער דעבאטע צוריקגעוויזען א רעזאלוציע, וועלכע האט באצוועקט אפצופאדערען די רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאאטען, צו אנערקענען די סאוויעטען רעגירונג און אז די בלאקאדע זאל ארונטערגענומען ווערען פון רוסלאנד.

דזשיימס א. דאנקען, פון סיאטל, האט אנגעפיהרט דעם קאמף צו גונסטען דער פארגעשלאגענער רעזאלוציע. איהם זענען צו הילף געקומען די רעפרעזענטאנטען פון דער לייזדיעס גארמענטס וואירקערס. די קאנווענשאן האט אבער מיט א גרויסער מעהרהייט שטימען גוטגעהייס'ען דעם באריכט פון דער רעזאלוציאנס קאמיטע, וועלכע איז געגען יעדער שטעלונג לטובת דער סאוויעטען רוסלאנד.

מר. דאנקען האט ערקלעהרט, אז די קאמיטע האט צוגעשטעלט א „קאמופלוש באריכט", אפצונארען די ארבייטער פון אמעריקא וועגען דער לאגע אין רוסלאנד. ער האט געזאגט, אז די לעבענס-באדינגונגען אין רוסלאנד זענען פיעל בעסער, ווי מען האט זיי באריכטעט אין אמעריקא. ער האט ווייטער געזאגט, אז פרעזידענט ווילסאן און דער ענגלישער פרעמיער זיינען געווען פאר דער אנערקענונג פון דער רוסישער סאוויעטען רעגירונג, אבער זיי האבען נים געהאט „דעם מוט פון זייער איבערצייגונג אפען צו ערקלעהרען זייער שטעלונג".

דזשיימס דאנקען, פון וואשינגטאן, ערשטער וויס-פרעזידענט פון דער פעדעריישאן, האט פארטיידיגט דעם באריכט פון דער רעזאלוציאנס קאמיטע. אלס באווייז געגען דער סאוויעטען רעגירונג האט דער וואשינגטאנער מר. דאנקען פארגעלעזען א טעלעגראמע פון מר. קאלבי, סעקרעטערי אוו סטייט.

אין מר. קאלבי'ס טעלעגראמע ווערט געזאגט:

„אז קיין ערלויבטער אדער רעגולארער האנדעל קומט איצט נים פאר צווישען די פאראייניגטע שטאאטען און רוסלאנד. עס זענען פארגעקומען איינציגע קאנפערענצען, ווי איהר ווייסט, וועגען ארונטערנעהמען די באשרענקונגען געגען האנדלען מיט רוסלאנד. דיעזע קאנפערענצען זענען פארגעקומען אין אייראפא און זייער גאנג איז אויפמערקזאם נאכגעפאלגט געווארען פון אונזער רעגירונג ביז איצט זענען זיי געווען אהן שום רעזולטאטען. די סאוויעטען רעגירונג באשטעהט אויף דעם, דאס די פאליטישע אנערקענונג מוז זיין דער ערשטער באדינג איידער קאמערציעלע באציהונגען קענען זיך אנפאנגען.

„וועהרענד אונזער רעגירונג האט נים קיין אבזיכט אריינצומישען זיך אין די איבערליכע ענינים פון דעם רוסישען פאלק, אדער אנצואווייזען וואס פאר א רעגירונג דאס רוסישע פאלק דארף האבען, איז אבער דער איצט עקזיסטירענדער רעזשים אין רוסלאנד איז אזעלכער וועלכער רעפרעזענטירט נים דעם ווילען אדער צושטימונג פון א באדייטענדען טייל פון רוסישען פאלק. ער פארלייקענט יעדען פרינציפ פון הארמאנישע און טרויענסווערטע באציהונגען אי צווישען נאציאנען אי צווישען יחידים און ער איז באגרינדעט אויף דער אפליקאציע פון עהרע, גוטען ווילען און טראדיציעס, וועלכע זענען דער פונדאמענט פון אינטערנאציאנאלען געזעץ".

די קאנווענשאן האט נים אנגענומען קיין באשלוס וועגען א פארשלאג, וועלכער עס איז געמאכט געווארען פון א. גרינשטיין, א דעלעגאט פון דזשועלרי-ארבייטער, צו שיקען אן אויספארשונגס קאמיטע אין רוסלאנד. די אמעריקאנער פרעסע, האט ער געזאגט, איז פאראנטווארטליך פאר דער איצטיגער לאגע, ווייל זי האט פאלש איבערגעגעבען די פאקטען פון רוסלאנד.

די קאנווענשאן האט אויף דער היינטיגער זיצונג אנגענומען א רעזאלוציע, וועלכע פאדערט אויף דעם קאנגרעס פון די פאראייניגטע שטאאטען צוריקצוציהען דעם „דזשענטלמענ'ס אגרימענט" מיט יאפאן און אבסאלוט פארבאטען יאפאנעזישע און אזיאטישע אימיגראציע קיין אמעריקא. די קאנווענשאן פאדערט אויך, אז מען זאל נים ארייגלאזען אין לאנד די „בילדער כלות".

די פעדעראלע דעפארטמענטס און די אינטערנעישאנאל יוניאנס זענען אינסטרואירט געווארען אנצונעהמען מיטלען, דאס אזעלכע געזעצען זאלען באשאפען ווערען.

די קאנווענשאן האט גוטגעהייסען אהן א שום דיסקוסיע די האנדלונג פון פרעזידענט ס. גאמפערס און דעם עקזעקוטיוו ראט אין זייער ארגאניזירען דעם נאציאנאלען „נאן פארטיזאן" פאליטישען קאמפיין קאמיטעט" צו ערוועהלען א קאנגרעס, וועלכער זאל זיין פריינדליך צו דער ארגאניזירטער ארבייטערשאפט.

## פערלאנגען פאלעסטינא זאל געהערען צו סיריען

ניו יארק, יוני 15. — דער היגער „מארגען זשורנאל" דרוקט פאלגענדע טעלעגראמע פון זיין לאנדאנער קארעספאנדענט:

„לאנדאן. — דער אראבישער פארלאמענט אין דמשק האט באשלאסען צו באקעמפען אלע פ...עקטען בנוגע ארץ ישראל אויב די אלייעס וועלען נים אנערקענען ארץ ישראל אלס אן אונאפגעזונדערטער טייל פון סיריען.

די פאלעסטינא דעפוטאטען אין דעם פארלאמענט אין דמשק האבען געפאדערט, דאס די אראבער זאלען נים אריינגעהן אין קיינע פארהאנדלונגען מיט די ציוניסטישע פיהרער.

די אראבישע דעלעגאטען צו דער סאן רעמא פריעדענס-קאנפערענץ האבען אין פארלאמענט באריכטעט וועגען זייער טעטיגקייט אין סאן רעמא. זיי האבען געלייקענט דאס נאך דעם סאן רעמא באשלוס זיינען זיי געווען געסט ביי א באנקעט פון די ציוניסטישע פיהרער. זיי האבען ערקלעהרט דאס בלויז צופעליג האבען זיי זיך באגעגנט אין האטעל מיט די ציוניסטישע פיהרער.

די היגע „מארנינג פאסט" דרוקט א פראטעסט געגען דעם וואס סער הערבערט סאמיועל איז באשטימט געווארען אלס קאמישאנער פון ארץ ישראל. די צייטונג לאדעט איין אלע אנטי-ציוניסטישע אידען אין ענגלאנד זיי זאלען זיך אנשליסען אן דעם פראטעסט.

די אנטיסעמיטישע „מארנינג פאסט" שרייבט ווייטער דאס א איד קען נים רעגירען ארץ ישראל, ווייל די אראבער וועלען קיינמאל נים אננעהמען א אידישען גאווערנאר, ווייל זיי האבען אימער פאראורטיילע געגען אידען. קיין מוסולמאנער דארף אויך נים זיין קיין גאווערנאר. נאר א קריסטליכער ענגלענדער קען פארנעהמען דעם אמט.

די צייטונג ערקלעהרט צום שלוס, דאס ארץ ישראל איז די אראבישע נאציאנאלע היים לאנד און דאס ענגלאנד וועט מוזען צאהלען די קאסטען פון ענטוויקלען ארץ ישראל און איבערהויפט איז הערבערט סעמיועלס אפאינטמענט אזוי נים שלעכט ווי דאס וואס דער איד מאנטאגיו הערשט איבער אינדיען.

### אידישער שאופער געפונען שולדיג אין אונווילליגען מארד

היו ו. שווארץ, איז דינסטאג געפונען געווארען שולדיג פון א דזשורי אין ריכטער דזשעפרי'ס קאורט, אין הרגענען בשוגג א פיער יעהריגען אינגעל, מיט'ן נאמען דזשאזעף יאנאסי, ווען ער איז איהם איבערגעפאהרען מיט זיין אטאמאביל אויף קארבאן און גרעהעם עוועניוס.

דער דאזיגער עקסידענט האט פאסירט מיט א יאהר צוריק, דעם 11טען יולי, 1919.

דזשאזעף גיבורים, פון 6 גרעהעם סט. וועלכער האט אויפגעהויבען דעם באי פון טראטואר, האט עדות געזאגט, דאס די קאר איז געלאפען מיט אן אונגעהייערער שנעלקייט און ווען דער עקסידענט האט פאסירט, האט דער דרייווער אפילו נים געסטאפט.

די דזשורי איז געווען פארשפארט ארום 40 מינוט. דאס איז דער צווייטער אורטייל פון דעם סארט היינטיגען מאנאט.

### עקזעקוטיווע מיטינג פון אוקראינער פארבאנד

דער אוקראינער פארבאנד פון דעטראיט איז מודיע אלע מעמבערס פון דער עקזעקוטיווע אז דאנערשטאג פונקט א פיערטעל נאך אכט וועט אין דער רעדאקציע פון „וועג" אפגעהאלטען ווערען א ספעשעל מיטינג, אויף וועלכען עס וועט דיסקוטירט ווערען דער באריכט וואס מר. ב. י. גאלדשטיין האט געבראכט פון ניו-יארק און פיעלע אנדערע וויכטיגע פראגען צו פארהאנדלען. אלע מיטגליעדער פון דער עקזעקוטיווע מוזען אנוועזענד זיין ביי דיזען וויכטיגען מיטינג.

## ד. יו. אר. קריגט ענדליך ערלויבעניש צו בויען די „הארפער" ליניעס

פארטרעטער פון דער שטאדט און דער קאר קאמפאניע זענען נאך א צוויי שטונדיגער קאנפערענץ לעצטען דינסטאג געקומען צו אן אפמאך, לויט וועלכען עס וועט זאפארט געלעגט ווערען טרעקס אויף הארפער און סט. דזשיען עווענ-יוס.

לויט דעם אפמאך וועט די שטאדט בויען די סאוט טרעק אויף הארפער סטריט און די „די יו אר" — די נארט טרעק. די פראגע פון אפעראציאן וועט ווען ביידע צדדים וועלען פארטיג ווערען איבערגעלאזען ווערען פאר דער צייט, מיט דער בויאונגס ארבייט.

עס איז אויך פארשטאנען געווארען, אז די שטאדט דארף ענדיגען בויען יענע טרעקס אויף סט. דזשיען עוו., וועלכע די קאמפאניע האט אנגעפאנגען. די שטאדט וועט דארפען באצאהלען דער קאמפאניע פאר איהר אנגעפאנגענער ארבייט.

דער דאזיגער אפמאך איז א רעזולטאט פון פראטעסטען, וואס בירגער פון די באטרעפענדע צוויי גאסען האבען אריינגעשיקט אין סיטי האל, ווייל מען האט אפגעשפילט די בויאונגס ארבייט אין מיטען. ווי באוואוסט, איז די „ה"ר ביים פון דער „די יו אר" אויף הארפער סטריט אפגעשטעלט געווארען פון א גאנצען סקוואד פאליס, אויף א באפעהל פון מעיאר קאוזענס, מיט א 6-5 וואכען צוריק. די טענה פון דעם מעיאר איז געווען, אז די קאר קאמפאניע האט נים געהאט קיין פערמיט פון דעם פאבליק ווארקס דעפארטמענט, איידער זי איז געגאנגען בויען די טרעקס.

דאס איז אבער געווען נים מעהר ווי א טעכנישער אויסרייד. דער אמת'ער מאטיוו פון דעם מעיאר איז געווען נים צו לאזען דער „די יו אר" זיך מעהר צושפרייטען איבער די היגע גאסען און וואלטען איינוואהנער פון יענער געגענד נים פראטעסטירט, וואלט נאך אפשר יעצט אויך צו קיין סעטלמענט נים געקומען.

ביי דער קאנפערענץ איז די קאמפאני געווען פארטראטען דורך עליאט דזש. סטיווענסאן, לאיער, און ע. דזש. בורדיק, דזשענעראל מענעדזשער; די שטאדט איז געווען פארטראטען דורכ'ן מעיאר, קלארענס ווילקאקס און מיטגליעדער פון דער סטריט ריילוועי קאמישאן.

## סקאנדאל אין העמטרעמק'ער פאליציי דעפארטמענט

**ארונטערגעזעצטער פאליסמאן באשולדיגט טשיעף און פאליס אין באשיצען געמבלינג און פראסטיטוציאנס הייזער. — אלדערמאן פון וויעדזש רעזיגנירט אויס פראטעסט געגען פאליס דעפארטמענט.**

אין העמטרעמק איז יעצט פרעהליך. עס שפיעלט זיך יעצט דארטען אפ א פאליציי סקאנדאל, אויף א גאר גאר גרויס-שטאדטישען שטייגער.

אנגעפאנגען האט זיך דער סקאנדאל לעצטען דינסטאג אוונט, ווען עדווארד האריש, אן ארונטערגעזעצטער פאליסמאן, איז ערשיענען פאר דער העמטרעמקער פאליס קאמיטע און באשולדיגט דעם איצטיגען טשיעף און פאליס, פרעד פ. דיבעל, אז ער האט אינסטרואירט זיינע „בלויע רעק" נים צו באפאלען קיין געמבלינג אדער אויסגעלאסענע הייזער; דאס איז אן ארבייט — האט ער געזאגט — פאר איהם, די ליוטענאנטס, און די דעטעקטיווס.

האריש האט אויך דערצעהלט, אז ווען ער און פאליסמאן פרענק העזמאן זיינען באפאלען אן אויסגעלאסען הויז און ארעסטירט פיער פרויען, האט וויליאם בווירד, א דעטעקטיוו סארדזשענט זיי געזאגט, זיי זאלען צורוקלאזען די מיידלעך.

די דאזיגע סענסאציאנעלע באשולדיגונג האט געבראכט צו נאך א סענסאציע נעכטען פריה ווען פרעד א. שמידט, א מיטגליעד פון העמטרעמקער קאונסיל האט רעזיגנירט פון זיין אמט, אנגעבענדיג אלס אורזאך; אז ער וויל נים זיין קיין מיטגליעד פון אן אדמיניסטראציע וואס ערמוטיגט געמבלינג און אויסגעלאסענהייט.

מר. שמידט האט געפאדערט, אז א זעפאראטע אונטערזוכונג זאל געמאכט ווערען פון א גרענד דזשורי אין דיזער אנגעלעגענהייט.

### גענעראל וואוד רופט אן פראפעסאר באטלער „פייקער"

שיקאגא, יוני 16. — גענעראל וואוד האט אין אן אונטערגעשריבענעם סטייטמענט ערקלעהרט, אז די באהויפטונג פון פראפעסאר ניקאלאס מוריי באטלער, פרעזידענט פון קאלומביע אוניווערסיטעט, וועגען די מענשען וועלכע האבען ארויסגעשטעלט און אונטערשטיצט זיין קאנדידאטור אויף דער רעפובליקאנער קאנווענשאן אין שיקאגא, איז א „פארברעכערישע און ביזווילינג".

ווי ס'איז נעכטען געווען געמאלדען, האט פראפעסאר באטלער געזאגט, אז גענ. וואוד איז פארגעשלאגען געווארען אלס פרעזידענט קאנדידאט פון א גרופע סטאק געמבלערס, מינען אונטערנעהמער, און אמוניציע פאבריקאנטען.

גענ. וואוד זאגט אין זיין ענטפער, דאס ווען מר באטלער'ס אטאקע וואלט געווען אויף איהם אליין וואלט ער זי אינגאנצען איגנארירט, אבער אזוי ווי דער אנפאל איז אויף די וועלכע האבען געארבייט פאר איהם קען ער נים בלייבען שולדיג דעם ניו-יארקער פראפעסאר קיין ענטפער. ער פארטיידיגט זיינע ארויסהעלפער, זאגענדיג דאס זיי זענען העכסט ארענטליכע מענשען און „זיי שטעלען מיט זיך פאר א גרופע פראגרעסיווע אמעריקאנער". ער ווייזט צום סוף אן, אז מר. באטלער'ס אטאקע אויף איהם איז מעהר פון אלץ אויסען צו פארטיידיגען זיין אייגענע פאליטישע שוואכקייט און זיין באשולדיגונג איז „אן אטאקע פון א פייגלינג".

### בעסטיאלער פאטער קריגט לעבענסלענגליכע געפענגניש

פרענק א. ספייטלער, 126 סטענטאן עוועניו, איז געזעסען אין דזשאדזש העמטאנ'ס קאורט פאראורטיילט געווארען אויף לעבענסלענגליכע געפענגניש פאר פארגעוואלדיגען זיין 15 יעהריגע טאכטער.

ספייטלער איז געפונען געווארען שולדיג, נאך דעם ווי די דזשורי האט זיך באראטהען ארום 15 מינוט.

## CLASSIFIED

### א סטאָר

צו פאַרקויפען אדער צו פאַררענטען פון ליידיעס רעדי וועהר מיט דעם סטאַק — פרעגען אין „וועג" באַקס 91.

### צו פאַרקויפען

א גוט איינגעטרייטע דזשועלערי סטאָר אין א גוטען געגענד. גוט פיר $125.00 א וואָך פּראַפּיט. ביליג רענט און א גוטען ליעס. נאָכפרעגען 146 הייסטינגס סט. (18)

### פאַרקויפען

5 רומס פאַרניטשור. דער קויפער קען רענטען דעם פלעט. נאָכפרעגען מר. בעראָן 231 איסט פּאַלמער. 17)

### הויז-פרוי פאַרלאַנגט

צו פיהרען א כשר'ע קיך און אויפּפּאַסען. שעהנע בעל-הבתי'שע, פיינע באַהאַנדלונג און גוטע וויידזשעס גאַראַנטירט. קליינע פאַמיליע. פרעגען צווישען 10 און 12 אוהר טעגליך, אין 148 פאַרנסוואָרטה.

### ע. ס. איכעל

אויפמערזאַם!

אין אַפיס פון „וועג" געפינט זיך א טעלעגראַמע פאַר אייך.

### אייטאַ באַריעס און בלעקסמיט שאָפּ

צו פאַרקויפען. זיכער צו מאַכען א סך געלד. עס ווערט פאַרקויפט ווייל דער איינענטימער פאַהרט נאָך קאַליפאָרניע. פרעגען 784 בוביען. 20)

### צו פאַרקויפען

א שוה ריפעיר שאָפּ מיט אַלע מאָדערנע מאַשינען. א גוט איינגעארבייטער פלאַץ אין א זעהר גוטען לאָקיישאָן. איך מוז פאַרקויפען, ווייל איך דאַרף אַטענדען אנדערע וויכטיגע ביזנעס. פאַר איינצעלהייטען שרייבט צו בען דזשוי שניידער, 2725 ס. וואַשינגטאָן עווענו, סאַגינאַו, מיש. 21)

### נאָטיס

### צו דעטראָיטער לעזער!

אויב דער „וועג" קומט אָן צו אייך נים אין צייט, ביטע רופט אָפּ אין אָפיס פון „וועג", אָנגעבענדיג אייער נאָמען און אדרעס און עס וועט גלייך אַטענדעט ווערען.

### פאַר פלינט, מיש.

אין פרוי פאַרלאַנגט פאַר הויז אַרבייט, פון מיטעלע יאָהרען, אין אַן אַנשטענדיגע פאַמיליע. גוט באַצאָהלט. פרעגען „וועג" באַקס 91.

### אַפּהאָלסטערינג

מאַכט אייער אַלטע פּוירניטשור שפּאָגעל נייַ

**א. וועסט**

865 הייסטינגס סטריט

### באַקאַנטמאַכונג

**די סילווער לעדער קאָ., 578**

דזשאָז. קעמפּאַ, קויפט פאַרשיעדענע וואַרטען לעדער און אימיטיישאָן לעדער, אויך אַלטע לעדער און ראַבער בעלטינג. ספּעציעל וועגען מיר פאַראינטערעסירט אין נייע סעלולאָיד סקרעפּ; מיר צאָהלען 65 סענט א פונט.

**פאַרגעסט ניט** אונזער טעלעפאָן נומער: מעלראָוז 4610.

אונזערע

### דעטראָיטער אַגענטען

זיינען

### דזשיי לעפּקאָווסקי און סאַם

### בראָדוויי מאַרקעט

### צום דעטראָיטער פובליקום!

יעדער איינער דאַרף וויסען: אז אויגען זיינען די איידעלסטע אָרגאַנען אין דעם מענשליכען קערפּער. ווען איהר ליידעט פון אויגענד ועלכע קאָפּ-שמערצען אדער נערוועזיטעט, דאַן נעהמט צו אַן ערנסטען, עהרליכען אָפּטאָמעטריסט, ער וועט אייך אָרזיכטיג און וויסענשאַפטליך צופּאַסען די ריכטיגע ברילען.

ריכטיג צוגעפּאַסטע ברילען וועט ... זיך ערלייזען פון אַלע אייערע טראָבעלס. נערוועזיטעט צו אייער גוט באַקאַנטען

**Frosh O. D.**

### אָפּטאָמעטריסט

אין 204 קלינג'ס בילדינג וועלכע געפינט זיך אין 308 הייסטינגס סט. קעגענאיבער חרליך'ס דזשועלערי סטאָר.

---

## פערלאַנגט און געזוכט

צוויי אדער דריי ליינס אין „וועג" ברענגט אייך די בעסטע רעזולטאַטען.

## Real Estate

### לענדלאָרדס און פּראָפּערטי איינענטימער

לאָזט זיך ניט נאַרען, זייט פאָרזיכטיג בעפאָר איהר קויפט סעמענטענע נאַרבענדש אדער אַשרעסטעפּטיקאַל, דיטראָיט קאָנקריט מאַניופעקטשורט ריאינסטאָלד רעסעפּטיקעלס. די צעמענט איז געמישט מיט ווייער, ווערט נעוועהר צופאַלען, וועט זיך ניט שפּאַלטען פון פראָסט. מיר גאַראַנטירען ביליגער אין פרייז, בעסטע אין קוואַליטי. **ה. מ. קאָפּמאַן**, 296 האַנקאָק איסט. טעלעפאָן מעלראָוז 3595 וו., טשערדי 1473. פרייע אינסטאַליישאָן.

### צו פאַרקויפען

א דעירי און גראָסערי סטאָר. אין בעסטען אידישען לאָקיישאָן. ניט פיעל געלד נויטיג. זיך נאָכפרעגען אויפ'ן פּלאַץ. 1170 הייסטינגס סטריט. 20)

### צו פאַרקויפען

סטאָר און פלעט

צווייטער פלאָר 8 רומס (4 בעד רומס און באַטה, פענטרי און עטטיק), ערשטער פלאָר, סטאָר און פיער רומס (צוויי רומס און באַטה) גרויסער בייסמענט און באַרן. קאָרנער לאָט. 30 ביי 95. פרייז $14,500. קליינע איינצאָהלונגען און ריינגע טוירמס. נאָכפרעגען, קאַספּער האָפּמאַן, ברענטש 1547 האַרפּער סט. טעלעפאָן לינקאָלן 1890, אדער לינקאָלן 1494—עם. 17)

### העברעאישער לעהרער

פון ארץ ישראל

ווער עס וויל זיך לערנען לשון הקודש זאָל זיך ווענדען צו

**יצחק לוכטן**

**2139 Russel St.**

### מר. ביזנעסמאַן!

וואָרום טוט איהר נים ווי אַלע פאַרשטענדיגע ביזנעס לייטע טהאָן? אויב איהר מוזט צוליעב וועלכע עס איז אורזאַכע פאַרקויפען אייערע ביזנעס, וואַרט נישט פיעל —

### מאַכט אַן אָקשען

און איהר וועט קריגען די געלד אין קעש דעם זעלבען טאָג. רופט אָפּ דעם באַקאַנטען אָקשעניער —

### בען פרידמאַן

ער וועט זיכער אייך צופריעדענשטעלען. רעזידענץ 220 בענטאָן סטריט. טעלעפאָן קעדילאַק 2580.

### אַן אויסערגעוועהנליכע געלעגענהייט

צו פאַרקויפען א קאָנטראַקט פאַר א 5 פּעסענדזשער ביואיק טורינג קאַר. וועט דעליווערט ווערען בעפאָר דעם 1טען דזשולי. טוירמס צו אַראַנזשירען מיט דער קאָמפּאַני. פרעגען: „וועג" באַקס 58.

### הרב ר' יוסף תאומים

רפה —

202 דיוויזיאָן סטריט

טעלעפאָן טשערדי 6199 דאַבעליו

### ...ער בעסטער מוהל אין שטאָט

### און מסדר קידושין

### חזן דוד גאָלדען



אין 248 איסט האַי סטריט

טעלעפאָן, מעין 4420

### פאָרד קאַרס

### און אנדערע קאַר

קומט און קלייבט אויס פון אונזער גרויסען סטאַק. מיר קויפען פאַר קעש און פאַרקויפען אויף לאַנגע טערמינען

**Maurice W. Fox Co.**

**Boulevard nr. Oakland**

---

## אונזער אידישע ביזנעס דירעקטאָרי

ביזנעס איז גוט אויף הייסטינגס סטריט

בוסט הייסטינגס סטריט. ס'איז א סגולה צו פרנסה

### מאָדערן דעליקאַטעסען סטאָר

473 הייסטינגס סטריט

טעלעפאָן טשערדי 6169 וו.

ת. האַלפּין, פּראָפּ.

איך וועל אייך אַנשרייבען אייערע

### אַדווערטייזינג

וועט עס אייך ברענגען

### רעזולטאַטען

י. ל. מאַלאָמוט — מעין 3715

קויפט די בעסטע

### שרייב טינט

אין דער וועלט

פון **בושע'ס אינק קאָ.**

186 בענטאָן סט. דעטראָיט, מיש.

### מאַיעווסקי און קאָהען'ס

דזשענטס פאַרנישינגס

באָיס קלאָדינג און העטס

528 הייסטינגס סטריט

טעלעפאָן: טשערדי 7867

### ליעבערוויץ בראָס.

פישען

### ש י ך

פאַר דער גאַנצער פאַמיליע

524 הייסטינגס סטריט

### שיפּמאַן'ס

דזשענטס פוירנישינגס

605 הייסטינגס סטריט

צווישען בענטאָן און עליאָט

האָט א שם צווישען מבינים

### דזשייקאָב וועקסלער

שרייבט אינשורענס פון

### דעטראָיט לייף-אינשורענס

272 קוירבי. — נאָרטוועי 2554 דאַבליו.

### פילאַדעלפיא

דרעס און דריי גודס הויז

671 הייסטינגס סטריט

אמת'ע באַרגעינס צו יעדער צייט

טעלעפאָן: טשערדי 6131

### Y. H. P. A.

### רעסטאָראַנט און לאָנטש

האָפּמאַן בראָס. און זלאָטניק

הייסטינגס קאָר. בריידי

אָפען טאָג און נאַכט

### ט. בייטנער

טינ'נינג און רופינג

אַלערליי רופינג און ריפעירינג

335 מאָנטקאַלם סטריט

טעלעפאָן טשערדי 6656

### מ. האָכבערג'ס

דזשענטס פאַרנישינג סטאָר

532 הייסטינגס סטריט

וועט אייך האַלטען אין סטייל און שפּאָרען געלד

### פּיפּלס סטאָר פיקסטשורס קאָ.

שאָוקייסעס, קאָונטערס, אייזבאָקסעס, נייע און אַלטע.

צו ביליגע פרייזען.

341 הייסטינגס סטריט

### דזשאָז. ר. לימאַן

און

### מאָרטימאָר דזשיי ליסס

לאָיערס

מאַכען בעקאַנט צום ווערטהען פובליקום, דאָס זיי האָבען געמופט זייערע אָפיסעס פון 9-928 טשיימבער אָוו קאָמערס בילדינג

צו

**204 האַרשעס בילדינג**

קאָרנער סטייט און גריסוואָלד

טעלעפאָן טשערדי 3978

### קאַפּלאַן'ס באַרגיין סטאָר

483 הייסטינגס סטריט

ענט איהר קויפען אַלעס פון די פאָלגענדע ליינס:

אַמפּלים דרעס גודס ליין פון סילקס אַלענס און קאַטין גודס. פערשיעדענע נאָטיאָנס אַרטיקלען ווי, בעד ספּרעדס, טויר פענס; טייבעל קאַווערס; שעמס און קאַרפּס. קאָמפּלים ליין אין לאַדיעס און די אנדערוועהר און קאָרסעטס. מעני פאַרנישינגס און אונדערוועהר.

**ספּעשעל! ספּעשעל**

א גרויסער אַסאָרטמענט אין וואָלענס פאַר מענער און בייס סוטס און קאָוטס. א קאָמפּלים ליין פון טיילאָר און דרעס מייקערס טרימינגס.

### קעש רעדזשיסטערס

נעשאַנאַלס, אַלערליי סטיילס. — געקויפט און פאַרקויפט —

**DETROIT USEDCASH REGISTER CO.**

66 Broadway — Cadilac 5112

### אידען פון די אַרומיגע שטעדט

קויפען פון די

### וועסטערן טאָקינג מאַשין קאָ.

4.. הייסטינגס, ניער אַלפרעד. אידישע אויך רעקאָרדס אין אַלע שפּראַכען.

### ראָזען'ס בעקערי

ברויט און פענסי קייקס

408 הייסטינגס סטריט

צו מיר קומט מען פון אַלע טיילען שטאָט

### דזש. ראָטנער'ס

דזשענטס פאַרנישינג און קעפּס

584 הייסטינגס סטריט

מיר שטעלען אייך צופריעדען מיט סטייל און פרייזען

קויפט **הערינג** ביי דער

### מישיגאַן הערינג סופּליי קאָ.

**ר. מילער**, 435 הייסטינגס סטריט

פּרובירט די נייע שמאַלץ און מאַטשעס הערינג

### באָהעמיען רהיי בעקערי

נייטען קאָרן, פּראָפּרייעטאָר

515 הייסטינגס סטריט

א פולע ליין קייק, חלה און ברויט

### קאָהן בראָס. און מייערסאָן

...ער רעסטאָראַנט וואו מען עסט זיננענריג א גאַנצע וואָך. דער עיקר שבת און זונטאג (שנאָרער למשל). 630 הייסטינגס

### ...וואַרע ביליג פאַר סטאָר-קיפּערס און פעדלערס

ספּעציעלע פרייזען פאַר ריטיילערס

### מאַקס ראַזינסקי

353-355 הייסטינגס, קאָר. קאָלומביא

### סיינס

אַרטיסטיש און ניט טייער

ה. ראָטהבערג

302 הענקאָק

### טייכער'ס האַרדוועיר

768 הייסטינגס סטריט

אַפולע ליין בילדערס סופּלאַיס אַלומינום, פיינטס א. ז. וו.

אָרדערס דעליווערט איבעראַל

### מאָדערנע מענשען

קויפען זייערע שיך אין

### מאָדערן שוה סטאָר

603 הייסטינגס סטריט

### דזשאָז. ל. רובי

אַטאַירני

האָט יעצט זיין אָפיס אין 710 טשעמבער אָוו קאָמערץ

טעלעפאָן מעין 7339

### ס. שענקער

מענער און פרויען שניידער, קלינינג, פּרעסינג, רעפּעירינג. אַרבייט גאַראַנטירט

9.. אָוקלאַנד עוו.

צווישען בעלמאָנט און טראָובריזש.

### פינסקער כשר רעסטאָראַנט

549 הייסטינגס סטריט

פּלאַץ פאַר 100 מענשען.

די פיינסטע מיעלס.

סאַניטאַריש און ביליג.

### ליבערטי העט קלינינג

אויך שוה ריפעירינג

ליידיעס און דזשענטעלמען

566 הייסטינגס סטריט

669 הייסטינגס סטריט.

---

דער פּלאַץ פאַר גוטע אַרבייט גוטע בעהאַנדלונג — ליבעראַלע פרייזען.

### דר.

### ה. סטאַריקאָף

דענטיסט

490 הייסטינגס סטריט

---

### אָוקלאַנדער אידען

פיקסען זייערע

### ציינער

ביי

**Dr. H. Goodmen**

דענטיסט

נעמופט פון 427 וואָודוואַרד

737 אָוקלאַנד עוו.

---

פאַר גוטע אַרטיסטישע בילדער אין

רעקאָמענדירט

**א. קעלערמאַן**, פאָטאָגראַף

490 הייסטינגס סטריט

### ווילט איהר עסען פרישע שפּייז

קויפט

### דזשיי לאָבאָר'ס

פוטער און אייער

378½ הייסטינגס סטריט

יוטאָפּיאַ האָל (אַפּסטערז)

### יוטאָפּיאַ

### אייז קרים פאַרלאָר

338 הייסטינגס סטריט

א. פּאָול, פּראָפּ.

### מאַקס ראָזענבערג'ס פאַר שאָפּ

האָלסייל און ריטייל, ריפעירינג און רימאָדלינג צו מעסיגע פרייזען

484 הייסטינגס סטריט

טשערדי 7701

### ...אַלדבערגס כשר רעסטאָראַנט

391 הייסטינגס סטריט

פרישע שפּייזען פאַר געוועהנליכע פרייזען. קומט און איבערצייגט אייך

### ה. פלאַטקין'ס בוך סטאָר

(געוועזענער אוצעניק'ס)

אידישע ביכער, ספרים, טליתים פאַר די מעסיגסטע פרייזען

45. הייסטינגס סטריט, קאָר. ארעלייד.

### קרעמער'ס האַרדוועיר

278 קענפיעלד

מעלראָוז 1732 „עם"

ראיעלע באַהאַנדלונג. מעסיגע פרייזען

**McCAREY'S**

### טייר ריפּייר שאָפּ

667½ הייסטינגס סטריט

וואַרפט ניט אַוועק קיין אַלטע טיירס

### פיינסטע סטייל דרעסעס

מילער בראָס.

קלאָוקס, סקוירטס, וועיסטס

רעדי טו וועהר

264 הייסטינגס סט. — מעלראָוז 6108

ווילט איהר סייבען געלד? — דאַן קומט צו **קליין און גאָלדמאַן**, פּאַריערס

א גרויסען סטאַק פון קוני ביז סייבעל. מיר מאַכען אויך ריפּעירינג און רימאָדלינג. 398 גרעשיאָט. טעל. מעין 3613

**הייזער און פלעטס** צו פאַררענטען קומט פערזענליך. מיר האָבען וואָס איהר ווילט, אָדער מיר וועלען עס געפינען.

**McQUAIDE REALTY CO.**

גלענדייל 4572 — 536 גרענד ריווער

### וואָררען-ריעלטי קאָ.

588 הייסטינגס סטריט

וועט פאַרקויפען אייער ריעל עסטייט צו יעדער צייט

### לייאָן שיך

שטעלען אַלעמען צופריעדען

**Lion Shoe Co.**

594 הייסטינגס סטריט

### דזשאָזעף ל. רובי

לאָיער

האָט זיין ברענטש אָפיס פאַר די אָונענדען אין 588 הייסטינגס סטריט.

טעלעפאָן מעין 7339

---

**Reliable Store Fixture Co.**

מיר האָבען א גרויסען אויסוואַהל פון אַלערהאַנד סטאָר פיקסטשורס, וואָל קייסעס, שאָו קייסעס, אייז באָקסעס, קאָונטערס, שעלווס, סייפס, סקיילס רעדזשיסטערס, נייע און געניוזטע. פרייזען מעסיגע, אַרענטליכע בעהאַנדלונג. 2 סטאָרס.

### רעלייבל סטאָר פיקטשור קאָ

305 גרעשיאָט עוועניו

טעל. קאַדילאַק 2445

277 מישיגאַן עוועניו

טעל. קאַדילאַק 4924 עם.

### מאָושען-פיקטשור אָפּערייטאָרס

לערענט זיך פאַר

לייכטע און ריינע אַרבייט, קורצע שטונדען, גוטע וויידזשעס קוואַליפיקיישאָן גאַראַנטירט.

**Movie Operator's School**

**33 Sproat St**

מאָנטאָג, מיטוואָך און פרייטאָג: 7:30 אָבענד.

---

# Mt. Clemens

דאָס שטאַרקסטע מינעראַל וואַסער אין דער וועלט איז די



### פאָונטען בעטה הויז

אונטער אַ אידישער מענעדזשמענט. קומט און ווערט קורירט פון רומאַטיזם, נערוועז-קראַנקהייטען א. ז. וו. אונזער פאָונטען בעטה הויז איז די ערשטע און אָריגינעלסטע ווי אויך די איינציגע אידישע.

בעסטע באַהאַנדלונג גאַראַנטירט.

שרייבט צו די

**FOUNTAIN BATH HOUSE**

**Cor. Gratiot & Clinton,**

**Mt. Clemens, Mich,**

### קליוולאַנד כשר האָטעל און רעסטאָראַנט

מרס. סערע זעמלאַקאָווסקי און לינא בעקערמאַן

97 קלינטאָן סטריט

מאָונט קלעמענס

בעסטע סערוויס, ביליגע פרייזען. נעבען בעסטען באַדינג פּלאַץ. אָפען א גאַנץ יאָהר. שרייבט א פּאָסטעל קאַרד.

### זייט געזונט



און פאַרברענגט אייער זומער וואַקיישאָן אין מאָונט קלעמענס, און אז שוין אין מאָונט קלעמענס וועט איהר סטאָפּען אין

**Elkins Hotel**

100 רומס, דיינינג רום פאַר 300 לייט. א רפואה פאַר קראַנקע, א פאַר געלינגען פאַר געזונטע.

### פיטסבורג כשר האָטעל

אין מאָונט קלעמענס

נעקסט דאָר צו פּלאַזאַ בעטה הויז.

מיר באַהאַנדלען אייך ראיעל און רעכנען ניט טייער. וואַטשט פאַר אונזער פאָרטרעטער ביים סטיישאָן.



### אַלבאַני האָטעל

אין מט. קלעמענס, האָט א נאָמען פאַר די לעצטע 20 יאָהר אונטער דעם זעלבען מענעדזשמענט.

מיר בעטען אונזערע קאַסטומער און פריינד צו קומען באַצייטענס איידער די סעזאָן איז אין פולען גאַנג, כדי מיר זאָלען זיי קענען געבען בעסערע באַהאַנדלונג. שרייבט צו

**ב. מאָסקאָוויץ**

### ריווערסייד האָטעל

(געוועזענער פּאַרק ענעקס)

מט. קלעמענס, אינגאַנצען רעמאָדעלירט, עפענט זיך 1-טען מאַי.

150 רומס, דיינינג רום פאַר 300. דאָס איידעלסטע פּלאַץ פאַר געזונטע ווי פאַר קראַנקע. שרייבט נאָך איינצעלהייטען.

**Riverside Hotel**

**Mt. Clemens, Mich.**

---

דער בעסטער האָטעל ...

איז דער ...

### פאָונטען ...

### האָטעל ...

כשר

100 שעהנסטע רומס. דיינינג רום. נעבען דער פאָונטען הויז. פרייז $25 רום און ב... קאַר פון דעטראָיט ברענגט ... אונזער טיר. ווען איהר ז... קאָנדוקטאָר אז איהר ווילט ... נעבען „פאָונטען". שיקט א ... קאַרד. ווען איהר ווילט וויסען ... הייטען צו

סעם מאַרגאָו, פּר...

אַטלאַנטיק כשר ה...

מאָונט קלעמענס

פאַר $25 א וואָך גיבען ... פיינע רום מיט עסען. די ... באָד איז נעבען הויז. ש... פּאָסטעל קאַרד צו דער אַט...



ס'ניט געדרונגען אז איהר ... בען טויזענדער צו זיין אין מ... מענס

### ניו ווילאַ האָ...

וועט אייך רעכענען $25 א ו... איהר וועט הנאה האָבען. אַל... קאָנעקטעד מיט א פּעסענדזש... פּלאַזאַ בעדער. שרייבט נאָך א... הייטען צום פּראָפּראַיעטאָר ה. ...

### אייער פאַרלאָר... געזונט



קריגט איהר צוריק, ווען אי... אין מאָונט קלעמענס און סטאָ...

### גלענוואָוד האָ...

קאָנעקטעד מיט די באַריהמט... פיא בעדער. שעהן, ליכטיג, לוס... פרישע שפּייזען, מעסיגע פר... ספּעשעל לאָנטש און דעליק... סטאָר, קאָנעקטעד מיט די ג... שרייבט נאָך אויסקינפטע צו א. ... סקי.

א נייעס אין מאָנט קלעמענס ...

### צוויי כשר'ע

### דעליקאַטעסען סטאָר...

אין מאָנט קלעמענס

**...& M, DELICATTESSEN**

**58 N. Gratiot**

**and 46 Cass Avenue**

אַלערליי לאָנטשעס און געטר... באַזוכט אונז ווען איהר זייט ... מאָנט קלעמענס

ניט אייערע קינדער א מאָדערנ... שע ערציהונג שיקט זיי אין ד... רעלע פאָלקס שולע 204 איסט... קאָס. עס ווערען געעפענט נייע... סען פאַר אַנפאַנגער, אויך שיל... די העכערע קלאַסען, אין שולע... רענט מען אידיש העברעאיש... טע' און לענגערען, די שולע אי... יעדען טאָג פון 4 ביז 7 זונטאָג... ביז 12.30

# דער יאהרעס פעסט

## פון אונזער און אייער צייטונג

# דער וועג

וועט געפייערט ווערען מיט פראכט און גלאנץ

## דינסטאג, דעם 22טען יוני,

מיט א גרויסארטיגען

# באנקעט

גוטע רעדנער וועלען אדרעסירען



## אין כרמל כשר רעסטאוראנט

73 בראדוויי

**עקסטרא** א פראכטפאלע גראפאנאלא מיט 35 געקליבענע רעקארדס וועט אוועקגעגעבען ווערען פריי ביים באנקעט

דיעזער פאנאגראף קען געזעהן ווערען אין דער ווינדאו פון דער וועסטערן טאקינג מאשין קא. 495 הייסטינג סטריט.

אלע וואס האבען געקריגען בריעף און יעדער דעטראיטער איד וואס וויל בייוואהנען דיעזען גרויסארטיגען באנקעט, זאל אזוי גוט זיין און אריינשיקען א געשריבענעם נאטיס אין אפיס פון „וועג“. ווייל מיר מוזען וויסען וויפיעל פלייטס פארצובערייטען.

# דער וועג פאבלישינג קאמפאני

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין דעטראיט.

**347 Hastings St.** **Main 3715**

דער וועג

THE DETROIT JEWISH DAILY

Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by DER WEG PUBLISHING COMPANY. INC.

347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715

J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.

B. I. GOLDSTEIN, Editor

(Entered as Second Class mail matter at Post Office. Detroit, Mich.)

Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50

# דער טוראָוו׳ער הילפס פאראיין אלס איניציאטאר

א קליין שטיקעלע נייעס, א באריכט׳ל פון עטליכע געצעהלטע שורות איז מיט א פאר טעג צוריק געמעלדעט געווען אויף דער ערשטער זייט פון „וועג״, אין וועלכען עס האט זיך געזאגט, אז דער טוראָוו׳ער רעליעף פאראיין האט ערוועהלט א שליח, וועלכער וועט בקרב אפפאהרען קיין יוראפ.

אט דאס קליינע שטיקעל נייעס, אדער באריכט איז דאכט זיך, די ערשטע שוואלב וואס זאגט אן אז אויך אין דעם נאנג פון דער הילפס ארבייט אין דעטראיט קומט אריין א נייע ווענדונג.

עס איז נאר באשערט געווען אז די טוראָווער לאנדסלייט זאלען די ערשטע, די איניציאטארען זיין; זיי וועלען דעם וועג ווייזען, די אנדערע לאנדסמאנשאפטען וועלען שוין נאכקומען אויף דעמזעלבען וועג.

און לאמיר אייך זאגען אז וואס פריהער די פארשיעדענע לאנדסמאנשאפטען וועלען דאס טאן אלץ בעסער וועט זיין, אלץ גיכער וועלען געהאלפען ווערען אויף א בכבוד׳יגען אופן די פאראומגליקטע קרובים אין יענע שטעדטליך.

מיר האבען אונטערגעשטראכען די ווערטער „אויף א בכבוד׳יגען אופן״, ווייל דאס איז אייגענטליך דער הויפט געדאנק צוליעב וועלכען מיר שרייבען דעם היינטיגען ארטיקעל.

מיר זאגען אפען און קלאהר אז די וועגען און די מיטלען, ווי אזוי עס זיינען געשטיצט געווארען אונזערע טאטעס און פריינד פון יענער זייט ים, זיינען נישט געווען בכבוד׳יג.

זייענדיג עטליכע טעג אין ניו־יארק האבען מיר מיט נאר א סך קאמפעטענטע מענשען גערעדט וועגען אט דעם דאזיגען ענין און אלע, אהן אויסנאהמע האבען מסכים געווען אז די הילפס ארבייט אין די פאגראם און שחיטה געגענדען איז געטאן געווארען נישט ווי מיר, די היגע קרובים, וואלטען געוואלט און ווי מיר האבען, אייגענטליך, א רעכט געהאט צו ערווארטען.

עס איז אונז קלאהר געווארען, דורך די פיעלע אונטערהאלטונגען, אז די פארלאנגען פון די דעמאקראטישע עלעמענטען פון די אידען אין יוראפ זיינען איגנארירט געווארען און די אמעריקאנער מיליאנען זיינען צעטיילט געווארען, נישט ווי מיר דא און אונזערע קרובים דארטען האבען געוואלט און פארשטאנען, נאר ווי דזשאינט דיסטריביושאן האט אין איהר ניו־יארק׳ער אפיס אפגעפסקנ׳עט

מען האט געטאן פילאנטראפישע ארפיים; מען האט געטיילט צדקה! און דאס טאר נישט גענומען ווערען גלייכגילטיג.

מיר און איהר, פריינד לעזער, וועלען אפשר נישט אויפגעבראכט ווערען, ווען מיר וועלען זיך דערוויסען אז אין דעם אדער אין יענעם שטעדטעל האט די דזשאינט דיסטריביושאן געטיילט צדקה. מיר ווייסען דאן קיין איינצעלהייטען נישט, מיר ווייסען נישט ווער עס האט געמוזט קומען מיט אן אויסגעשטרעקטער האנד בעטען נדבות.

זאלען מיר זיך אבער דערוויסען, אז אונזערער א קרוב, א געוועזענער נגיד, אדער אונזערע עלטערן זיינען געצוואונגען געווען צו בעטען נדבות ביי דער דזשאינט דיסטריבושאן, וועלען מיר טיעף, טיעף ליידען.

זאל נאר אימיצער זיך אנמעסטען, אז זיין מאמע, זיין טאטע זיינען געקומען אין אפיס פון דער אמעריקאנער „מוהמע״ (אזוי רופט מען די דזשאינט דיסטריביושאן אין יוראפ) און ביי איהר געבעטען א נדבה, וועט ער זיכער אויפגעציטערט ווערען פאר פארדרוס און געהטאג.

דער טוראָוו׳ער פאראיין, ווען ער שיקט א שליח אין יענעם געגענד, וועט איצט מאכען דעם ערשטען און זיכערסטען שריט צו באזייטיגען אט די ארט און ווייזע פון הילף דערלאנגען.

אין נאך עטוואס, נישט ווייניגער וויכטיג. איז די ארט און ווייזע ווי מיר געבען דא די הילפס געלר: מיר געבען נישט גענוג; מיר געבען נדבות. קומט מען צו אונז מיט תחנונים מיט טרעהרען אין די אויגען, ווייגט מען ביי אונז אויס א נדבה.

זאל אבער דער שליח פון טוראָוו צוריק קומען פון דעם שטעדטעל און מודיע זיין דעם, אדער יענעם טוראָוו׳ער אידען אז זיין ברודער, אדער זיין פעטער, זיין טאטע אדער זיין שוועסטער נויטיגט זיך אין א געוויסער סומע געלד, דורך וועלכער דער קרוב קען זיך אין טוראָוו צוריק שטעלען אויף די פיס, וועלען שוין די היגע קרובים נישט רוהען ביז זיי וועלען דיזע סומע, מעג זי ווי באדייטענד זיין שאפען.

אין דעם אלגעמיינעם טוראָוו׳ער פאראיין וועט הערזעלבער קרוב געבען א פאר דאלאר אום יוצא צו זיין. די פאר דאלר וועלען זיכער קיין קרבן נישט זיין, אפילו נישט קיין קליינע אנשטרענגונג.

גיט מען אבער אויף זיינע הענט איבער צו העלפען דעם אייגענעם פאטער, אדער אן אנדער קרוב, וועט ער שוין מיט קיין פאר צוגעווארפענע דאלאר נישט וועלען און נישט קענען אפקומען; ער וועט זיך שוין אנשטרענגען, וועט שוין אפשר א קרבן ברענגען.

איינס וואס מיר וואלטען אנערקענט פאר מעהר פלאנמעסיג און ווינשענסווערט, איז דאס די היגע לאנדסמאנשאפטען, וועלכע זיינען נישט קיין סך אין צאהל זאלען ארויסשיקען איין קאמפיטענטען שליח, אין בעסטען פאל — צוויי אזעלכע שלוחים, וואס זאלען באקאנט זיין מיט דער געאגראפיע פון יענע געגענדען, זאלען באזיצען די לאנדס שפראכען פון דאנען און פון דארטען; אנגעזעהנע, פאסינגע און אינטעליגענטע צוויי מענשען, אדער אפילו איינעם און אט דער שליח, אדער דיעזע צוויי שלוחים זאלען ארומפאהרען אלע שטעדטליך פון די היגע לאנדסמאנשאפטען און באזוכען יעדען איינציגען, צו וועלכען עס וועט פון דאנען אפגעשיקט ווערען א ׳גרוס, אדער א בריעף.

ווארים שיקען באזונדערע שלוחים, ווי עס טוען די לאנדסלייט פאראיינען אין א ניו־יארק, למשל, איז במעט אונמעגליך פאר די דעטראיט׳ער לאנדסמאנשאפטען, אפילו ווען דיזעלבע לאנדסמאנשאפטען זאלען צו ציהען צו זיך די אלע לאנדסלייט, וואס וואהנען אין דעטראיט׳ער אומגעגנד.

ווען צוויי און דריי לאנדסמאנשאפטען זאלען זיך פאראייניגען, וועט זיי אויך נישט אנקומען גאנץ לייכט צו שיקען צוויי, אדער אפילו איין שליח. ווען אבער אלע לאנדסלייט פאראיינען פון דעטראיט זאלען זיך קענען אייניגען אויף איין אדער צוויי שלוחים, וואלטען זיי זיכער געקענט פינאנסירען די נסיעה און וואלטען נאכדעם געקענט העלפען אויף א בכבוד׳יגען אופן די קרובים; אוועקשטעלען צוריק אויף א מעמד פרנסה די וואס דארפען דאס, באמיהען זיך אריבערצוברענגען אהער די אנדערע, וואס נויטיגען זיך אן דעם און אזוי ווייטער.

דורך א פאראייניגונג אויף דיעזען געביעט וואלט עס מעגליך געווען צו שאפען דא א שטארקען פארבאנד וואס זאל פארפאלגען אט דיעזען צוועק און ער וואלט איהם זיכער דערגרייכט.

# אידישער עקאנאמישער חורבן אין רוסלאנד

באריכט צו דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע. פון ל. בראמסאן

אידישער האנדעל און אינדוסטריע צושטערט. — 1000 פאגראמען אין 460 שטעדט רואינירען א מיליאן א ידען. — וואס מוז גלייך געטאן ווערען פאר די אידען אין רוסלאנד.

א קורצען אבער שארפען איבערבליק פון דער אידישער לאגע אין רוסלאנד האט די דזשאינט דיסטריביושאן איצט געקראגען דורך דעם געוועזענעם רוסישן דעפוטאט און בארימטען רוסישען אדוואקאט ל. בראמסאן, וועלכער געפינט זיך איצט אין פאריז אלס פארטרעטער פון דער געזעלשאפט צו פארשפרייטען ארבייט צווישען אידען. וואס ל. בראמסאן גיט א שילדערונג אין פאקטען און ציפערען פון דער אידישער לאגע און ווארפט אן א פלאן פון רעקאנסטרוקטיווער ארבייט, וועלכע מוז גלייך אונטערגענומען ווערען, כדי די אידען אין רוסלאנד זאלען קענען קומען צו זיך.

דער באריכט דערצעהלט לויטעט ווי פאלגט:

„אין הערבסט 191״ בין איך געשיקט געווארען מיט א דעלעגאציע צו שטודירען די עקאנאמישע לאגע פון אידען אין דרום און מערב רוסלאנד. איך האב באזוכט ארשא און מינסק, דאן געוואוינט א לענגערע צייט אין קיעוו און אדעס, פון וואנען איך בין געשטאנען אין פארבינדונגען מיט גאנץ דרום רוסלאנד. איך האב בייגעוואוינט דעם צוזאמענבראך פון עקאנאמישען אידישען לעבען אין רוסלאנד, וואס איז געקומען אלס רעזולטאט פון די אינערליכע אונרוהען און פאליטישע ענדערונגען. פריהער אין 1918 איז געווען די דייטשע אקופאציע; דאן אין 1919 האבען זיך גענומען כסדר בייטען — די הערשאפט פון העטמאן סקאראפאדסקי, פון פעטליוראס דירעקטאריום, פון באלשעוויסטישען סאוועט. אלס א צוגאב צו דעם איז אין פארשיעדענע טיילען פון וואהלין און פאדאל געקומען די הערשאפט פון פארשיעדענע באנדעס; און ענדליך נאך 6 חדשים פון דעניקינ׳ס הערשאפט אין 1920 איז געקומען ווידער דער באלשעוויסטישער סאוועט.

ווען קיין זאך אויסער די פאליטישע ענדערונגען אליין זאל נים געשעהן, וואלט עס שוין געווען גענוג צו צעברעכען דאס עקאנאמישע אידישע לעבען. יעדע נייע רעגירונג האט ארויפגעלעגט איהר קאנטריבוציע אויף די שטעדט. און די לאסט דערפון האבען געמוזט טראגען די אידען, וועלכע בילדען פון 40 ביז 60 פראצענט פון דער שטאדטישער באפעלקערונג. דער אידישער האנדעל און אינדוסטריע האבען זיך געמוזט אונטערווארפען די אויסעראָרדענטליכע געזעצען, וואס יעדע נייע רעגירונג אט איינגעפיהרט. אזוי, צום ביישפיעל איז דער אימפארט און עקספארט פון סחורה און מיט דעם גאנצע אינדוסטריען, פארקריפעלט געווארען דורך די געצוואונגענע פרייזען, וואס זיינען באשטימט געווארען. געוויסע מינים סחורה זיינען נאציאנאליזירט געווארען. סחורות אויפ׳ן לאגער זיינען רעקווירירט אדער קאנפיסקירט געווארען. אזוי האבען זיך פאבריקען און ווארשטאטען געמוזט צו שליסען און דער האנדעל האט זיך אפגעשטעלט. ווייטער זיינען געקומען די שרעקליכע שוועריגקייטען אין פאר קעהר, וואס האבען אפגעשניטען די רויהע מאטריאלען פון שטאדט. שטאדט און דארף זיינען אפגעריסען געווארען איינס פון אנדערען. באזונדערס אונטער די באלשעוויקעס, און דער פויער האט זיך אונטער דער סאוועט הערשאפט ענטזאגט אריינצופיהרען אין שטאדט די אומפארמיידליכע ארטיקלען. אזוי איז אפגעשטארבען דער האנדעל און די אינדוסטריע. און עס האט זיך אנגעהויבען די צייט פון אונגעהערטער ספעקולאציע — עס האט ספעקולירט יעדער איינער און אומעדום. עס האבען ספעקולירט געוועזענע בעלי מלאכות, ארבייטער, גרויסע פאבריקאנטען און אפילו קליינע קינדער אויף די גאסען האבען ספעקולירט מיט וואס זיי האבען נור געקענט. אבער אפילו די ספעקולאציע האט נישט געהאלפען צו שאפען גענוג ״לעבענס״ מיטלען. איינציגע זיינען רייך געווארען, אבער די גרויסע מאסע איז פארזונקען געווארען אין נויט און ליידען.

דער חורבן פון דער קליינער אידישער אינדוסטריע קען געוויזען ווערען פון פאלגענדע ציפערען, וועלכע זיינען געזאמעלט געווארען דורך א אונטערזוכונג אין 1919. פון די 1500 ווערקשטאטען (שעפער) פאר פארטיגע קליידער וואס זיינען געווען אין אדעס פאר דער מלחמה און רעוואלוציע, זיינען געבליבען אפען בלויז 700; וואס מיינט, אז 53 פראצענט האבען זיך פארמאכט. פון די 175 וועש־ווארקשטאטען זיינען געבליבען בלויז 75. די צאהל שיך־ארבייטער איז געפאלען פון 2980 ביז 645. אין די איבענגעדערמאנטע ווערקשטאטען וואס זיינען געבליבען אפען, איז די צאהל ארבייטער געפאלען מעהר ווי אויף א העלפט. עס איז אויך געפאלען די גרעסטע צאהל פון די קליינע ווערקשטאטען, וואו די בעלי בתים אליין זיינען געווען די ארבייטער. די צאהל ארבייטער ביי וועש, קליידער, שיך און אנדערע זאכען, וואו עס זיינען געווען מעהרסטענס באשעפטיגט אידען איז געפאלען פון 50 ביז 72 פראצענט.

צו די אלע דערמאהנטע סבות, וועלכע האבען געבראכט צו דעם צוזאמענברוך פון די אידישע אינדוסטריען, איז אויך פון 1919 אן צוגעקומען דאס פאלען אין ווערט פון דעם רובעל און דער גוואלדיגער יקרות אויף די נויטווענדיגסטע ארטיקלען. צו דער זעלבער צייט האט דער פרייז פאר ארבייט בשום אופן נישט געקענט נאכיאגען דעם יקרות. אין דער צייט, ווען דאס געצאהלט פון א בעל מלאכה איז געשטיגען אויף פיר אדער פינף מאל, איז אבער דער פרייז אויף ברויט און פוטער געשטיגען פון 40 ביז 50 מאל. און — הונגער, קעלט, אונפעהיגקייט צו ארבייטען צוליעב שוואכקייט און גרויסע שטערבליכקייט צווישען קינדער — דאס זיינען געווארען די נארמאלע אומשטענדען פון אידישען לעבען אין רוסלאנד.

דער פונדאמענט פון אידישען עקאנאמישען לעבען איז ווייטער אונטערגעגראבען געווארען דורך דעם, וואס עס זיינען אפגעריסען געווארען די פארשיעדענע טיילען פון דער געוועזענער גאנצער רוסלאנד. וואס ווייטער די פאנאנדערפאלונג פון רוסלאנד איז געגאנגען אין די לעצטע יאהרען, אלץ שטארקער האט זיך עס געפיהלט אין אידישען לעבען. מען טאר נישט פארגעסען, אז די פאליטישע געגענדען, ליטא, ווייס־רוסלאנד, אוקראינא, בעסאראביע זיינען פאר לאנגע יאהרען געווען בלויז טיילען פון איין גאנצען עקאנאמישען ארגאניזם. און אז אידען האבען געשפיעלט א באזונדער וויכטיגע ראלע אין דער פארבינדונג צווישען די פארשיעדענע טיילען פון דער גרויסער רוסלאנד. דער האנדעל און די פארבינדונג צווישען די דאזיגע לענדער האט געשפיעלט טויזענדער אידישע פאמיליעס, און זיי אלע האבען פארלארען דעם באדען אונטער די פיס נאך דעם, ווי די דערמאהנטע לענדער זיינען אפגעריסען געווארען.

דאן האט זיך אין די ערשטע חדשים פון 1919 אנגעהויבען די קאטאסטראפע פון פאגראמען אין דרום־מערב און דרום־רוסלאנד וואס האט נישט קיין גלייכען אין דער אידישער געשיכטע און אט געבראכט צו א פאלקאמען חורבן [פו]ן אידישען לעבען. איך בין געווען אין קיעוו, ווען די ערשטע דערשראקענע עדות זיינען געקומען ברענגען די ערשטע נייעס פון די פאגראמען וואס די אוקראינער האבען געמאכט אין די שטעדט אויף דער גרעניץ ליניע צווישען קיעוו און טשערניגאווער גובערניעס. גלייך זיינען נאכגעקומען נייע פאגראמען. אין פארלויף פון מיין רייזע פון קיעוו קיין אדעס און פון די עטליכע חדשים, וואס איך האב פארבראכט אין אדעס, זיינען פארגעקומען די בלוטיגסטע פאגראמען איבער דער גאנצער טעריטאריע. דאס איז געווען די ארבייט פון פעטליורא׳ס ארמייען אזוי גוט ווי פון באנדעס אונטער פארשיעדענע אטאמאנען. דאן זיינען געקומען די פאגראמען, וואס זיינען ארגאניזירט געווארען פון די רויטע באנדעס. און דאן די פאגראמען, וואס זיינען געמאכט געווארען פון די צופאלענע רעגימענטען פון דעניקינ׳ס ארמיי. איינעם פון אט די פאגראמען האב איך אליין איבערגעלעבט אין קיעוו. די ידיעות וועגען די אנדערע פאגראמען האב איך געזאמעלט פון פערזאנען, וועלכע פארדיענען דעם פולסטען צוטרוי. לויט די ציפערען, וואס מיר איז געלונגען צו זאמלען, זיינען די פאגראמען פארגעקומען אין 400 שטעדט און שטעדטלאך. א העלפט פון דער צאהל האט געהאט צו 2 פאגראמען, און איבער 50 שטעדט און שטעדטלאך האבען געהאט פון 5 ביז 6 פאגראמען איינס נאכ׳ן אנדערען, אזוי אז פון די ציפערן וואס מיר אליין איז געלונגען צו זאמלען, זיינען פארגעקומען ביז 1000 פאגראמען. די צאהל פון די גע׳הרג׳עטע, לויט די ערשטע חשבונות, וואס זיינען געמאכט געווארען, איז געוועזען 85.000. אבער פון די ציפערען, וואס זיינען שפעטער געזאמעלט געווארען, ווייזט זיך ארויס, אז די צאהל ערמארדעטע איז אם ווענינגסטענס 105 טויזענד. די צאהל פארוואונדעטע איז פון 40 ביז 50 טויזענד. די צאהל פאמיליעס, וואס האבען אויף דעם אדער יענעם וועג געליטען פון די פאגראמען, איז נישט ווייניגער ווי 200.000. אנגעהמענדיג, אז א פאמיליע באשטעהט אין דורכשניט פון 4—5 פערזאנען, קען מען אהן איבערטרייבונג זאגען, אז דורך די פאגראמען האבען געליטען פון 800.000 ביז א מיליאן אידען.

איך פיהל זיך נישט בארעכטיגט אין דעם באריכט אפצושטעלען זיך לענגער אויף די פרטים פון דעם פינסטערען און בלוטיגען פעריאד, פון וועלכען מיר זיינען נאך נישט אינגאנצען ארוים. אבער אין איצטיגען מאמענט קען איך נישט פארבייגעהן דעם גוואלדיגען עקאנאמישען חורבן, וואס איז געקומען אלס רעזולטאט פון די דאזיגע טראגישע געשעהנישען. אויף דעם הינטערגרונד פון אלגעמיינעם עקאנאמישען צוזאמענבראך איז דער חורבן פון די פאגראמען ארויסגעקומען אזוי שרייענד בולט, אז קיינע פון די ארגאניזאציעס אין רוסלאנד, וואס שטרעבט צו דעם אויפבוי פון רוסישען לעבען, האט עס נישט געקענט פארבייגעהן.

אין א דאקומענט, וואס איז אדרעסירט געווארען צום הויפט קאמאנדיר פון דער פרייוויליגער ארמיי און וואס איז אויך איבערגעשיקט געווארען צו די עליים־רעגירונגען, זאגט דער „פארבאנד פאר דער ווידעראויפלעבונג פון רוסלאנד״ פאלגענדעס:

# די אויפפיהרונג פון שמשון און דלילה

# אין א ווינקעל פון דעטראיט

ראמאן פון ב. איסאיעוויטש

(פארטזעצונג)

— איהר יונגע לייט — האט דזשאָזעף זיך אומגעקעהרט צו הײמי'ן — פאהרט אהיים און איך מיט דער מיסס רובינאָוו וועלען נעהמען דעם אויטאמאביל און אין א פאר שעה ארום וועלען מיר אייך לאָזען וויסען וואס מיט מערי'ן האט פּאסירט.

הײמי האט נאך עפּעס געוואָלט זאָגען, די מאדאם פּערבשטיין האט זיך אויך א הויב געטאן פון איהר שטול און האט עפּעס געוואָלט זאגען. אבער דזשאָזעף איז שוין געווען פון יענער זייט טיר.

הײמי האט א קוק געטאן אויף ניימאנ'ען האט געשווינגען א רגע און דאן א מאך געטאן: —

— מיין ליעבער הערר ניימאן, איהר זענט א גרויסע בהמה, בצורת פערד. הלואי וואלט איהר געווען אזא גרויסער שרייבער, ס'אר א גרויסע בהמה איהר זענט.

— וואס האב איך געזאָלט טאן? — האט ניימאן ניט פארשטאנען וואָרום הײמי מאכט איהם פּלוצים אזא אונאנגענעהמען „קאמפּלימענט".

— וואס הייסט. ער נעהמט צו דיין מיידעל און דו שווייגסט? און ווי וועט זיין אז ער נעמט דיר אוועק'פטר'ן דאס מיידעל, פונקט ווי ער האט אוועקגעפטר'ט איהר שוועסטער, וועט דיר שוין רענטמאל לייכטער זיין? פרא אדם וואס דו ביסט!

ניימאן האט זיך שוין מאקי פארלוירען. ער איז געשטאנען א באטריעבטער און צוגעקוקט ווי דזשאָזעף העלפט חנה'ן ארייננעהן אין אויטאמאביל, נאכדעם האט ער זיך געבען איהר אוועקגעזעצט און איז אוועק מיט דער „מאשין פייל אויס'ן בויגען.

הײמי איז נאך געשטאנען א ווײלע און נאכדעם א זאג געטאן צו ניימאנען:

— נו, וואס שטעהסטו ווי א קוה צום אויסמעלקען? קום!

דזשאָזעף האט אפּנים אפּגעמאכט ביי זיך, אזוי גיך ווי ער האט זיך ארייגעזעצט אין'ם אויטאמאביל, ניט אויסצופעהלען קיין אין פּאליציי סטאציאן. זיין ערשטער צופאהר איז געווען צו א ביכער געשעפט וואו ער האט געקויפט א ביכעלע וואס ווייזט אן אלע גאסען, אלע פייער בריגאדעס, אלע אדרעסען פון געריכטס הייזער, פּאליציי סטאציאנען א. ד. ג.

ציים טאגר, פּאלי סטהייזגעריב פון!ע„

ער האט אויפגעמישט די אדרעסען פון די פּאליציי הייזער און איז פון איין בעצירק צום צווייטען געפאהרען לויט דעם מארשרוט, מיט א סדר און איז יעדעס מאל [...]ער פּאליציי סטאציאן ארויסגעלאפען, האט זיך געזוימט א פאר מינוט און ווידער געלאפען.

אויף אזא אופן האט ער קיין סך צייט ניט באדארפט אוועק'פטר'ן ביז ער איז צוגעקומען צו דעם בעצירק וואו זיין פאטער איז ריכטער, און וואו מרים איז ארעסטירט געווען.

אז מרים זאל זיין ארעסטירט. דאס איז ניט דזשאָזעף'ן ניט חנה'ן אויפגעקומען אויפ'ן זינען. ער האט אבער גערעכענט, אז מיט מערי'ן האט באדארפט פּאסירען עפּעס א צופאל, צו איבערגעפאהרען צו אטאקירט געווארען, צו אפילו אן ערגערע, א גרויזאמערער צרה ווי מארד, זעלבסטמארד — וואס עס זאל ניט טרעפען, איז דזשאָזעף געווען זיכער, מוז דאס פאר אלעמען באקאנט ווערען דער פּאליציי.

מיט חנה'ן האט ער דערפון איבערגערעדט, אבער חנה האט איהם ניט געקענט ענטפערען, אדער דערקלעהרען איהר מיינונג, איהר שרעק און איהרע געדאנקען.

ערשט איצטער, יצענדיג מיט דזשאָזעף'ן אין אויטאמאביל, האט זי פארשטאנען אז דזשאָזעף איז ניט גלייכגילטיג צו מערי'ן.

ער איז געזעסען א בלאסער און צעטראָקענער, זיינע אויגען זענען ווי ווילד ארומגעלאפען צווישען די ווייטעס. און אין זיינע רייד וואס זי האט ניט פארשטאנען האט ער אלע ווײלע דערמאהנט מערי'ן.

ער האט גערעדט צו חנה'ן און אליין האט ער זיך אלע מאל א הויב געטאן פון זיין זיץ און געקוקט אלץ פאָרווערטס אום צו זעהן צו קען מען טרייבען שנעלער די מאשין.

חנה'ן האט שטארק פארדראסען למאי זי קען קיין ענגליש ניט. נישט נור קען זי איהם ניט ענטפערען, נור זי פארשטעהט איהם אפילו נישט, ווי געהע[...] ריג.

— איי אנדערסטענד עי ליטל אידיש ספּיק אידיש, מיסס רובינאָוו, איך ין פליע! — האט דזשאָזעף זי געבעטען.

אבער חנה ווייס אז ער פארשטעהט ניט קיין אידיש, אז ער רעדט אידיש ווי א גוי, אז ער פארשטעהט אפשר א ווארט איבער צעהן, פונדעסטוועגען האט זי גערעדט, האט איהם דערצעהלט ווי זי האט א גאנצע נאכט ניט געקענט שלאפען פאר שרעק, ווי זי האט מיט איהרע קולות איבערגעשראקען די אלטע, גוטע פרוי ביי וועמען זיי שטעהען אין קווארטיר. ווי דאס טרעפט צום ערשטען מאל, אז מרים זאל ניט אהיים קומען, און דזשאָזעף קוקט זיך ניט אום צו איהר. ער לויפט מיט דעם אויטאמאביל גאס אויס גאס איין, פייפט אלע מאל מיט דער אויטאמאביל טרובע און הויבט זיך אלע רגע פון'ם זיץ. מען זעהט ווי נערוועז און אומגעדולדיג ער איז.

— איהר הערט מיך, מר. פּערבשטיין — פרעגט איהם חנה, און זי וואלט אזוי געוואָלט איהם בעטען, אז ער זאל אזוי שנעל ניט פאהרען, ווייל עס דרעהט זיך איהר דער קאפּ און זי האט מורא זי זאל אט ניט פאלען אין חלשות פון דעם צו שנעלען לויפען.

אבער דאס וויל זי איהם ניט זאגען. זאל מיט איהר פּאסירען וואס עס וויל ארבה, זאל ער שנעלער נאך לויפען מיט דער מאשין, זאל ער טרייבען ווי שנעל ער קען.

— אה, מיס רובינאָוו, איך הער, איך הער — האט דזשאָזעף געזאגט און דערזעהענדיג א פּאליציי סטאציאן, האט ער איהר א זאג געטאן: [...]היס איס עי פּאליס סטיישאן" — און ניט ווארטענדיג אויף חנה'ס ענטפער, איז ער שוין אויף דעם בריק געשטאנען און פון דארטען אריין אין דער פּאליציי אפּטיילונג.

(פארטזעצונג פאלגט)


## גרעסטער סורפּרייז סייל

צום ערשטען מאל אין צעהן יאהר ביי דער גרעסטער דריי גודס פירמא

## ערמאן און פופּקאס.

### ניו יארק דריי גודס סטאר

495 הייסטינגס סטריט

קארנער אלפרעד

פופציג טויזענד דאלער סטאק געאפערט אין א סייל וואס

האט ניט צו זיך קיין גלייכען אין דעטראיט

סילקס, סאטינס, קרעפּ דע שין, דזשארדזשעטס, סוירדושעט, דרעפּינגס, בעד ספּרעדס,
גינגהעמס און זא ווייטער. דאס פּלאץ ערלויבט אונז ניט איבערצורעכענען קיין פּרייזען.
קומט און זעהט. אלעס איז געמארקט מיט קלענסטע פּרייזען.

Erman & Pupko's

New York Dry Goods Store


## קוויטירונג

פון אידיש-נאציאנאלען בית-יתומים 52 סט. מארקס פליים, ניו יארק.

פאלגענדע טמהערציגע אידען האבען זיך אפּגערופען צו אפּיעל פון אונזער ווירדיגען פארטרעטער רעוו. ר. קירשטיין אין אהבת אחים שוהל, אוקלאנד און זייער ווירדיגע פּרעזענליבע וויזיטען. ביינעשטייערט האבען: אינדעפּענדענט דעטראיט לאדזש 21.00; צו $10 — בארין בראס. גרענד עט קאטינסקי; מארק שוגערמאן; האמער בעקערי. צו $5 נייטען ביינעש אמילאָווסקי; ס. סניידער מאן; ראלאנד; פאללאק; א. מאסט; ס. שאפּירא; איזידאר פאללין; דייוויד מינצער; ס. דזשייקאבסאן; קאטינסקי בראס; מרס. דזשעני קאטינסקי; יאזעף טאפּאראווסקי; ל. סאלאמאן; טערושקין עט קאראבעלניק. צו $3 — ב. מאסט; א. א. זאגעל. צו $2 — סטאדקמאן בראס; ה. קופּער; לודען עט גאלד; אומאנסקי; סאנדרעלמאן; א. זעליגסאן; ס. פיינמאן; ר. איגעל; נ. גאלדמאן; ה. קליין; נ. פוקס; א. סלאטער; מ. פיקס; ה. סטאר. צו $1 — ה. געריק; פ. יאפּע; ס. בענסמאן; י. בוכהאלץ; נ. סאנדראווסקי; ס. סלאמאוויטש; ב. שווארץ; ה. ליפשיץ; ב. בערגשטיין; י. שאקלניק; י. קאהן; ס. לאסט; ז. אלפערט; ז. שאפּקינד; א. אללען; פ. פלענענבערג; קופמאן בראס; מ. שקאלניק; ל. מירסאן; ב. מאבאריק; ה. א. וואלף; מ. אלטערמאן; ס. נאטאנסאהן; ס. ליפשיץ; ב. גאריבאל; מאונט קלעמענס, י. פיינבערג, האטעל פּענסילווייניא $19. ב. ראזען, ריווערסייד $15. ב. מאסקאוויטש האטעל אלבאני $25. ה. קראום ניו ווילא האטעל $22. גילינגער ניו יארק האטעל $10. י. מאדארסקי גלענוואוד האטעל $35. יוסף ספּייזער פון ניו יארק $20. ראזענבלאט בראס. וויינוואוד האטעל $16. טאטאל $272. בשכר זה ישלח השם יתברך ברכה והצלחה בכל מעשי ידיהם בכל כל ישראל. דעם גרעסטען דאנק פארדיענט דער פּרעזידענט פון אהבת אחים שוהל מר. שווארץ און די געעהרטע קאמיטע מר. א. יאפּע און מר. ליטווין פאר זייער געלייסטעטע ארבייט. זאל דער אבי היתומים זיי בענשען מידו הרחבה בכל טוב.

לעא לערנער, פּרעזידענט.

## „נחליאל" — א גרויס ערפאלג.

דער פארקויף פון „נחליאל" שעהרס און לאנד סערטיפיקייטס געהען אן זעהר גלענצענד. מר. משה עפּשטיין, א פארטרעטער פון „נחליאל" וועלכער געפינט זיך איצט אין קליוולאנד אה. און אומגעגענד און מר. פאליאטשעק, איינער פון די באוואוסטע מזרחי כלל טוער, וועלכער איז יעצט אין פּיטסבורג ווענען די וועלכע אנגעלעגענהייטען שרייבען אונז, אז פיעלע שערס און לאנד סערטיפיקייטס ווערען פארקויפט טאג-טעגליך און די ארבייט איז זעהר ערפאלגרייך.

דער „נחליאל" איז א קארפּאריישאן, געגרינדעט דורך דער מזרחי ארגאניזאציע, מיט דעם צוועק צו קויפען גרויסע שטיקער באדען אין ארץ ישראל אום דאס דערנאך פארטיילען צווישען די וואס קויפען לאנד סערטיפיקייטס, אהן קיינע פּראפיטס, אויף אויסצאהלען אין משך פון 6 יאהר. דורך דער נחליאל קאן יעדער איד א מעגליכקייט צו ווערען א אייגענטימער פון א חלק לאנד אין ארץ ישראל אויף זעהר גרינגע באדינגונגען.

די לעצטע ידיעות פון ארץ ישראל וואס ווערען ערהאלטען אין אפיס, דערצעהלען אז אינטערהאנדלונגען ווערען געפיהרט יעצט, ווענגען קויפען א גרויסען שטח באדען אין ארץ ישראל פאר דעם „נחליאל" קארפּ. די דירעקטארען פון דער נחליאל זענען זעהר פּראמינענטע, באוואוסטע בעלי בתים און ביזנעסלייט פון ניו יארק וועלכע שפּארען ניט ענערגיע, צייט, און געלד אום די ארבייט פון „נחליאל" זאל געקרוינט ווערען מיט א גרויסען ערפאלג.

אין גיכען וועט פאררופען ווערען א מיטינג פון אלע „נחליאל" חברים. וועגען אלע „נחליאל" אנגעלעגענהייטען קען מען זיך ווענדען אין מזרחי צענטראלע ביורא, 40—13 „צווייטע סט. ניו יארק.


שעכטער'ס
דראג סטאר
477 הייסטינגס סט.
טעלעפאן, משערי 5763
פּיעסקריפּשאנס פארפערטיגט מיט
די גרעסטע פּינקטליכקייט
צו יעדער צייט


## סאפיע'ס סטרייק

(הומארעסקע)
אידיש פון ל. ל.

סאלאמאן פּויקערמאן איז מיינער אן אלטער פריינד. און סאפיע'ן, זיין ווייב, קאן איך אויך זעהר גוט. א וואוילע פרוי איז זי, א ווירטין — א אידעלע. ביי זיי אין הויז געפינט איהר שטענדיג פארשיעדענע שוועמלעך, געזייערטע אוגערקעס, קרויט געשטעלטע, איינגעמאכצען, בוריקעס, עפּעל און וואס נאר א מויל קען רייזען. און אומעטום אין הויז — בלומענטעפּלעך, קרינעלאך, קליינינקייטען אלערליי — פּשוט א מחיה, און קום איך אריין ביי זיי אין הויז. קוש איך זיך מיט אלעמען. די קינדער פאלען ארויף אויף מיר און נעהמען זיך לאשצען — און איינגעער בין איך ביי זיי אין הויז.

איצט קענט איהר זיך פארשטעלען. מיט דריי טעג צוריק קום איך אריין ביי זיי אין הויז און זעה אז דארט טוט זיך מעשים. די טיר האט מיר געעפענט די דיענסט מאשא. איך פרעג ביי איהר: זענען אלע אין הויז? ווערט זי רויט און נעהמט שמאלען, איך הויב ניט אן צו פארשטעהן קיין איין ווארט.

— וואס איז מיט דיר, מאשקע? — פרעג איך.

זי ענטפערט ניט. איך זעה, אז אין קאבינעט איז פּוסט. אלעס איז צעווארפען אין אונארדנונג. הינטער דער טיר אין עסצימער, הער איך עפּעס מען שושקעט זיך. איך הארך זיך איין. סאלאמאן פּויקערמאן בעט זיך רחמים ביי סאפיען און יענע ענטפערט איהם שניידענד:

— ניין, ניין און טויזענד מאל ניין!

ווענען וואס דארט האנדעלט זיך ווייס איך ניט. איך נעהם פון טיש א צייטונג און קוק אריין.

ענדליך קומט אריין סאלאמאן פּויקערמאן. ער זעהט אויס מארנע, עפּעס אזוי ווי ער וואלט נור וואס פון א קאטוף ארויסגעקראכען.

— גוט מארגען, סאלאמאן — זאג איך מיט א געמאכטער פרעהליכקייט.

— גוט יאהר — ענטפערט ער מיט א קרומען שמייכעל און געפינט זיך קיין ארט ניט.

— דאס ביסטו? — הויבט ער אן שטאמלען — און איך האב געמיינט, אז דאס איז דער מאן, וואס ברענגט מיר פּאפּיראָסען. מאשא האט מיר גאר ניט געזאגט, ס'ארא בהמה זי איז.

איך זעה, אז ער זאגט ליגען. איך האק איהם גלייך איבער.

— וואס איז דאס מיט דיר, סאלאמאן, עפּעס ביסטו ניט מיט זיך, אבער דו ווילסט מיר עפּעס היינט מולירען, איך פארשטעה, ברוך[...] לעבען. זאג וואס איז דא?

— איך דיר מולירען? אסור חזיר! דו האסט א טעות.

— סאלאמאן — זאג איך — מיר וועסטו ניט פארמולירען. זאג דעם אמת, אפשר ווילסטו.. אפשר איז מיין אנוועזענהייט היינט איבעריג?

— וואס רעדסטו, קינד איינער! נסור מיר!.

— וואס דען איז דא?

ער האט גענומען שטאמלען, מעקען און, צולעצט, געזאגט:

— עס, עס, פארשטעהסטו, מיט איין ווארט..

— רייד ווערטער, ניט מיט איין ווארט — [...] איך צו איהם.

— פארשטעהסטו — זאגט ער — סאפיע סטרייקט..

און דערביי האט ער גענומען היר-שען דורך טרעהרען.

— וואס הייסט זי סטרייקט?

— זי סטרייקט שוין דריי טעג. ענטשולדיג מיר, איך קען דיר מיט קיין זאך ניט טראקטירען. די ציגארען האט זי פארשלאסען. די טיי פארשלאסען, די צוקער, די איינגעמאכץ, מיינע נאז-טיכלאך..

— וואס וויל זי?

— אין דער פריה, מיט דריי טעג צוריק, הייסט עס, שטעה איך אויף און געפין ביי מיר אויפ'ן שרייב-טיש א פּאקעט. פון וועמען איז דאס דער פּאקעט? — פרעג איך ביי דער דיענסט. — פון סאפיען — ענטפערט די דיענסט. איך בין נשתומם געווארען. איך נעהם לייענען — ס'איז מיר פינסטער געווארען אין די אויגען. זי רעכענט מיר אויס אלע חטאים מיינע און שטעלט מיר 15 באדינגונגען.

דערביי האט סאלאמאן ארויסגענומען פון כאלאט א לאנגען בויגען פּאפּיר און פאר מיר גענומען לייענען:

1) פון היינט אן מוזטו פארגרעסערען מיינע מאנאטליכע געלד אויף 50 דאלאר. 2) דו מוזט שווערען אין דער אנוועזענהייט פון מיין מוטער, ס'הייסט פון דיין שוויגער, אז דו וועסט באזוכען דעם קלוב דיינעם ניט מעהר ווי צוויי מאל א וואך און קומען אהיים פון קלוב ניט שפּעטער ווי איינס א זייגער; 3) ניט טרינקען מעהר ווי צוויי קאפּעס קאפע א טאג, ווארום קאפע מאכט דיך נערוועז, דיין נערוועזיטעט פאלט נאכדעם אויף מיר. דערהויפּט אויף מיין מוטער, ס'הייסט אויף דיין שוויגער; 4) מעהר ווי דריי ציגארען א טאג זאלסטו ניט רויכערען, טראקטירען דיינע פריינד זאלסטו מיט פּראסטע סיגארען, ניט מיט די גוטע, וואס קאסטען דיך אליין א קוואָדער א שטיק; 5) אין נאכצען אויפהערען שפּיעלען אין פּויקער; 6) ניט שלאפען נאך מיטאג און אנשטאט דעם, זיך שפּיעלען מיט די קינדער; 7) זיך ניט שפּיעלען מיט דער דיענסט און ניט קוקען צופיעל אויף מיידלעך, בעת דו נעהסט מיט מיר שפּאצירען; 8) פאר מיר און פאר מיין מוטער, ס'הייסט פאר דיין שוויגער, מוזטו איין מאל א וואך נעהמען אן אויטאמאביל און אונז געבען א גוד-טיים. 9) דו מוזסט אויפהערען פייפען, בעת דו נעהסט אין גאס, אדער בעת דו רעדסט מיט מיין מוטער, ס'הייסט מיט דיין שוויגער; 10) דו מוזט אוועקווארפען דיין באקאנטשאפט מיט יענער שלאק, דו ווייסט וועמען איך מיין, אט יענע מויד מיט די רויטע האר; 11) דו זאלסט מעהר ניט ווארפען די אש פון דיינע ציגארען אויף די דילען, אדער אין די בלומען טעפּלעך; 12) דו זאלסט ניט פארלירען דיינע נאז טיכלאך אזוי אפט; 13) זאלסט ניט שפּייען דורך די ציינער, ווי די איירישע יונגאטשעס טוען; 14) זאלסט קיין מאל ניט וואגען ארייינצוקוקען אין מיינע טעפּלעך אידער איך דערלאנג צום טיש; 15) אין פאל דו וועסט איבערטרעטען איינס פון אט די 15 געבאט, הערען באלד אויף מיינע פליכטען אלס ווייב, אלס מוטער און אלס ווירטין און איך ערקלעהר א סטרייק. סאפיע".

אז ער האט געענדיגט לייענען האט ער ביי מיר געפרעגט.

— ווי וואלסטו געהאנדעלט אין אזא פאל?

— ווי האסטו געהאנדעלט? — האב איך איהם געפרעגט.

— איך בין אריין צו איהר אין צימער און געקומען איך ערקלעהרען. אבער זי איז הארט, ווי א שטיין, ניט אויף א האר וויל זי נאכגעבען. נו, זאג אליין, קען איך אויסקומען מיט דריי ציגארען א טאג? קען איך איבערווייסען די באקאנטשאפט מיט יענער מיידעל?

— נו, וואס וועט אבער זיין?

— טאקי שלעכט! שוין דעם דריטען טאג, אז איך לעב, ווי א הונד, ס'איז אפילו ניטא אין וואס א גלעזל[...] צו מאכען, אלץ האלט זי אונטער שלאס. איך מוז שיקען די דיענסט מיר ברענגען עסען פון רעסטאראן. די קינדער האט זי אוועקגעשיקט צו איהר מוטער און זי אליין האט זיך פארשלאסען אין איהר צימער און געהט ניט ארויס. נאך מעהר, זי האט דאך מיינע קליידער פארשלאסען. איך געה ארום שוין דעם דריטען טאג אין כאלאט און אין טופלעס, ווי א חולה אין א האספּיטאל.

— פארוואס האסטו מיר ניט צוגעשיקט א צעטעלע דורך דער דיענסט?

— זי לאזט ניט. די דינסט וועט ניט געהן. זי איז טעראריזירט.

— אויב אזוי האסטו דאך קיין אנדער אויסוועג ניט, דו מוזט איינגעהן אויף אלע 15 באדינגונגען.

— אין פּרינציפּ האב איך איהר שוין נאכגעגעבען, וואס קען מען טאן, דאס איז דער גייסט פון דער צייט, איבעראל סטרייקט מען. איך וואלט נאר וועלען אויסדינגען איין זאך.

— וואס איז דאס?

— אז איך זאל קענען א ביסעל שלאפען נאך מיטאג עסען.

— גיב נאך, סאלאמאן — האב איך געזאגט ענטשיידען. דו וועסט בעסער נאכדעם ביסלעכווייז אומקעהרען אלעם, ווי געוועזן. איצט גיב נאך אלעם. גיב נאך. ווארום דו ליגסט צעהן קלאפּטער אין דער ערד. זי האלט דיר פעסט פאר'ן גארגעל. דו ביסט געצוואונגען נאכצוגעבען.

פון אבענד בין איך אוועק אהיים. איבערלאזענדיג סאלאמאן פּויקערמאן 10 דאלאר און זיך אנטרינקענדיג מיט קאלט וואסער אנשטאט טיי אויפ'ן צווייטען טאג האב איך איהם געשיקט א קעסטעל ציגארען, א קאס, און עטליכע שטיק „קענדי" שטאף" מיט א צעטעלע. דער שליח איז געקומען צוריק מיט די זאכען ערקלעהרענדיג אז די דיענסט האט ניט געוואלט צונעהמען. זי האט געזאגט: „דא איז אז סטרייק!" אבער דאס צעטעלע האט די דיענסט יא צוגענומען און איבערגעגעבען סאלאמאנען. סאלאמאן האט מיר געענטפערט אין א צעטעלע:

„עס נעהם אויף א וועג מיר פיהרען אונטערהאנדלונגען. איך האב אויסגעדונגען א פערטען ציגאר. שלעכט איז נאר די זאך וועגען מיידעל. דאס וויל זי ניט נאכגעבען. אפילו שלאפען נאך מיטאג איז ביי איהר רעכט נאכצוגעבען. אה, וועה, זי איז אויף איהר פלאם-פייער".

היינט אין דער פריה האט מיך אויפגעוועקט דער טעלעפאן. דאס איז געווען סאלאמאן פּויקערמאן.

— דער סטרייק איז געענדיגט — האט ער געשריען דורכ'ן טעלעפאן. היינט וועל איך אונטערשרייבען דעם אפּמאך. אין דער אנוועזענהייט פון איהר מוטער ס'הייסט פון מיין שוויגער. א בייזער חלום אויף איהר קאפּ. דערנאך וועלען מיר אלע צוזאמען עסען מיטאג. מיר זענען אלע טויט הונגעריג. קום צוגעהן. איך בעט דיר.

איך בין ניט געקומען.

## באריכט

### טאראנטער רעליעף קאמיטע

דינסטאג אוועגד, דעם 15טען דזשון, 1920, איז אפּגעהאלטען געווארען א ספּעשעל מיטינג אין טאראנטער שוהל, 152 איליגאיז סטריט, ביי א גוט באזוכטען מיטינג איז גוט-געהייסען געווארען די ארבייט פון דער קאמיטע און מר. בעני ברעגמאן איז ערעסטער געווארען אלס דעלעגאט צו באזוכען די שטעדטלעך פון טאראנטא און אומגעגענד. דער דעלעגאט האט זיך פארפליכטעט צו געבען 20,000.00 דאלאר סעקיוריטי פאר מיטגעגעבענע געלדער.

צוליעב דעם יאהרעס-פעסט פון „וועג" וועט אונזער נעקסטער מיטינג שטאטפינדען מאנטאג אוועגד, דעם 21טען יוני, 1920, אין טאראנטער שוהל, 152 איליגאיז סטריט. קומט צו אונזערע מיטינגען. באריכטען ווערען געגעבען צו יעדען מיטינג.


— באקאנטמאכונג —
רעוו. א. קאצער
וואס איז רעקאמענדירט פאר'ן בעסטען
מוהל
זייט די לעצטע 20 יאהר
האט געמופט פון 263 פארנסווארט
אין
140 מערבורי, קאר. בראש
טעלעפאן: מארקעט 827

ווילט איהר אייערע
שלעסער, שליסלען קארפּענטער זעגען, טולס און אנדערע
ארבייט
גוט געמאכט און גאראנטירט?
טו קומט צו
מ. דאמניטץ
245 מאנטקאלם סט.

די יוניווערסאל לענד קאנטראקט קא.
האט געמופט דער אפיס פון 9-928 טשיימבער אוו קאמערס בילדינג
צו
204 האדזשעס בילדינג
קארנער סטייט און גריסוואלד

# Der Weg

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט
ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער
וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד
אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 8715.


## ווארום מענשען לעבען ניט אויס זייערע נאטירליכע יאהרען

פון ב. י. ג—ן

געדענקט איהר אפשר ווי מען האט א מאל געפויקט אין אלע קעסעלפיקען וועגען אזא מין לעבענס זאלב וואס אז מען טרינקט זי אויס לעבט מען אייביג?

אמערער שמן־חיים, אדער סם־החיים וועט תמיד זיין א מיטעל ביי שווינדלער ארויסצונארען געלד ביי נאאיווע און גלויביגע. אין יעדער דור און אין יעדען לאנד שטעהט אויף פון צייט צו צייט א דאקטאר וואס נוצט אויס דאס אומוויסענהייט פון די מענשען און זייער צוטרוי און איז מודיע, אז ער האט ענטדעקט דעם לעבענס עליקסיר און זיי, די נאאיווע, גלויבען און גיבען אפ דאס לעצטע אויף ארייַנצוכאפען א פאר לעפעלעך „אייביגעס לעבען".

אז דאס איז שווינדעל פארשטעהט יעדער אינטעליגענטער מענש. עס איז א כלל אז דער מענש איז געבוירען צום שטארבען. אדם יסודו מעפר וסופו לעפר. אפילו די נייע דאקטארישע אנאנסען, אין וועלכע מען איז מודיע אז עס זיינען פאראן מיטלען אנצוהאלטען דא ס'לעבען אזוי לאנג ווי מען באנוצט זיך מיט דיעזע דאקטארישע מיטלען — אפילו דאס איז פאלש. מען קען דעם מענשען קיין יאהרען ניט פארקויפען. ניסט מען איז איהם מעדיצינען אדער מען שפריצט אין איהם איין פארשיעדענע סמים — דאס וועט ניט העלפען. יעדע לעבעדיגע זאך איז געבוירען צום אונטערגעהן.

די הויפט צרה איז נאר וואס דער היינטיגער מענש פיהרט אזא מין לעבען וואס איז איהם מקצר די יאהרען, דער מאדערנער מענש לעבט ניט אויס זיין צייט, וואס איז איהם באשטימט פון דער נאטור.

מענשען קענען ניט לעבען אייביג. עס איז אבער כמעט זיכער אז דאס רוב מענשען וואלטען געקענט לעבען ביז אן עלטער פון הונדערט אדער עטוואס ווייניגער פון הונדערט יאהר. זעהר ווייניג מענשען לעבען אבער ביז דיעזער עלטער. און דאס איז זייער אייגענע שולד, ווייל זיי ווייסען ניט ווי אזוי אויסצוהיטען זיך פון קראנקהייט און — וואס נאך ערגער — זיי ווייסען ניט וואס קראנקהייט איז.

אפטמאל, ווען מען פארטראכט זיך אויף דעם אומוויסענהייט פון די היינטיגע מענשען און אויף זייער נאכלעסיגקייט צו זייער געזונד, וואונדערט מען זיך ניט דערויף וואס זיי לעבען ניט קיין הונדערט יאהר, נאר דערויף וואס זיי ערלעבען די עלטער, וועלכע זיי לעבען [illegible] זיינען.

וויפיעל מענשען קענט איהר אונטערפען יעדען ליעבען טאג, וואו ספיהלען אז זייער קערפער איז אין אומארדנונג, זיי זיינען, ווי מען זאגט „ניט מיט אלעמען" און פונדעסטוועגען „מענשלען" זיי זיך, הערען זיך ניט־צו און געהן אן מיט זייער ארבייטען און זארגען גלייך זיי וואלטען געווען פאלקאמען געזונד, עכטע גבורים.

א מענש פארמאגט רמ"ח אברים, צוויי הונדערט מיט אכט און פערציג גליעדער און אויף יעדען אבר באזונדער קען א מענש קראנק ווערען. דאס מיינט אז עס זיינען פאראן 248 קראנקהייטען. עס זיינען אבער דא נאך מעהר חולאת'ן, ווייל א מאל קען פון צוויי קראנקע אברים זיך שאפען א דריטע, א מין קאמבינאציע־קראנקהייט.

עס זיינען אויך פאראן ירושה קראנקהייטען.

א מענש איז עלול צו ירש'ענען פון זיינע עלטערען משאכאטקע, ראס, עפילעפסיע און פיעלע אנדערע.

עס זיינען אויך פאראן חולאת'ן וואס קומען פון צופיעל אנשטרענגונג אדער פון צופיעל ארבייט.

א מענש קען קראנק ווערען פון שלאפלאזיגקייט. ער פארליערט מעהר גייסטיגע און קערפערליכע כחות פון שלאפלאזיגקייט ווי פון שווערער ארבייט. מען קען אויך קראנק ווערען פון לעדיג געהן.

זיינען פאראן אנדערע מעכאנישע חולאת'ן, ווי למשל די קראנקהייטען פאראורזאכט פון טראגען קארסעטען, הויכע אפּצאצען, ענגע שיך, ענגע זאקענבענדלעך און עהנליכע וואס פאראורזאכט א שטערונג פון דער בלוט ציהקולאציע.

פיינטע וואהנונגען, וועטער אומביטונגען און אנדערע וועטער אומשטענדען ברענגען חולאת'ן, פון וועלכע א מענש ליידעט אמאל יאהרען לאנג; דאס זעלבע אין מיט די חולאת'ן פאראורזאכט פון עסענווארג, פון צופיעל, אדער צו ווייניג עסען, פון ניט פרישע און פון איבערגעשטאנענע מאכלים.

פאראן חולאת'ן פאראורזאכט פון די דירות, מען האלט זיי ניט פריש, פארדומפען; — פון ניט האלטען זיך אליין ריין און רעגעלמעסיג נאכקומען די נאטירליכע הצטרכות'ן; — אנשטעקענדיגע חולאת'ן ווי אינפלוענציע, שקארלאטין, הידראפאביע א. ד. ג. — חולאת'ן פון קלימאט: געלער פיבער, שלאף־קראנקהייט פוילקייט א. ד. ג.

און ווער קען עס גאר אויסרעכנען די אלע קראנקהייטען וואס ווערען אנגעשיקט און קענען אנגעשיקט ווערען אויף מענשען?

און דאס זענען דאך חולאת'ן חוץ די 248 וואס קענען פאלען אויף איטליכען אבר באזונדער.

דער מענש פארעסט, ארבייט, לויפט, טאראראמט, זארגט זיך, דארט זיך דעם מח, יאגט זיך און רעגט זיך אויף, כאטש דאס איז פאר איהם סם המות, און דאס איז די אורזאכע ווארום די מענשען שטארבען יונגערהייד און וואס איינער פון א הונדערט לעבט אויס זיינע יאהרען וואס די נאטור האט איהם געשאנקען.

## אידישער עקאנאמישער חורבן אין רוסלאנד.

(שלום פון פיירוש 4)

פארקלענערט דעם האנדעל, און די אָרימע באפעלקערונג מוז צאהלען הונדערטפאכע פרייזען פאר זאכען פון ערשטער נויטווענדיגקייט" (אקטאבער 1919).

נאך א יאהר צייט פון אזעלכע אויסברוכען איז א העלפט פון דער שטעדטישער באפעלקערונג, אין דעם פאל פון די אידען, געקומען צו דער העכסטער גרענעץ פון רואינע און זענען פון פּראָרוציער געווארען בעטלער. אהן קיין מעגליכקייט צו געפינען ארבייט אויף א געביט, צו וועלכען זיי זענען פעהיג געווען לויט זייערע געוואוהנהייטען. א אדייטענדע צאל שטעדט און שטעדטלעך, דערהויפט אין פאדאליער און קיעווער גובערניעס, זענען בוכשטעבליך אפגעווישט געווארען פון דער ערד, און זייערע איינוואוינער זענען צעזייט געווארען איבער די גרויסע שטעדט, קאבעדינע שטעדט, וואו דאס לעבען האט געברויזט נאך אין דער לעצטער צייט אפילו, שטעלען איצט פאר אזא מין בילד: פארלאזענע גאסען, טויטע שטילקייט, קראמען צוגעמאכט, די מערק פארלאזען, הייזער חרוב, מיט אפענע לעכער אנשטאט טירען און פענסטער. און בלויז דאס צושראקענע פנים פון אן אלטען אידען באווייזט זיך אמאל דא און דארטען...

דאס געפעהרליכסטע ביי דעם אלע מען איז דער אונטערדריקטער גייסט און די גלייכגילטיגקייט צום לעבען, וואס הערשט ביי אלעמען. און דאס איז נישט קיין פארבייגעהענדער צושטאנד. דאס איז פיעל ערנסטער און עס פיהרט צו א פאלקאמער אפשטארבונג פון יעהער עקאנאמישער מעטינקייט. עס טויט, אפ דעם ווילען ביי יעדען איינעם אויפצובויען, צוריק זיין אייגען לעבען. עס נעהמט צו דעם פארלאנג צו זוכען אן אנדער באשעפטיגונג. אט מיט דעם גייסטיגען צושטאנד קען זיך ערקלעהרען, פארוואס אזוי פיעל קרבנות פון די פאגראמען לעבען בלויז מיט איין געדאנק: צו אנטלויפען קיין אמעריקא, קיין פאלעסטינא קיין ארגענטינא אדער וואו עס וועט זיך לאזען: מיט אט דעם איינציגען חלום לעבען די אידען פון די קעלנערע שטעדטלעך, מיט דעם לעבען אויך די פליכטלינגע אין קיעוו, אדעס, ווינניצא און אנדערע גרעסערע שטעדט.

אבער די מעגליכקייטען פאר עמיגראציע זענען נאך דערווייל זעהר שוואך און עס איז נויטיג אזוי שנעל ווי מעגליך אנצונעהמען מיטלען אזוי לאנג ווי די קרבנות פון די פאגראמען און דער מלחמה געפינען זיך נאך אין רוסלאנד. די הילפס קאמיטעטען אליין זענען נישט פעהיג צו באהערשען די לאגע. ווי וויכטיג עס זאל נישט זיין צו באזארגען די פאגראם־ קרבנות מיט קליידער, שפייז, מעדיצין א. ז. וו. קען די הילפס־ ארבייט אי זא פארם צו לאנג נישט אנגעפיהרט ווערען. עס מוז אפגעשטעלט ווערען, ווייל עס ווערט א קוואל פון דעמאָראַליזאציע. עס מוז אפטרעטען דעם פלאץ פאר שטיצע, וואס זאל געגעבען ווערען דורך ארבייט און דורך קרעדיט אויסצובויען צוריק די געשעפטען.

אין דעם זין האט אנגעהויבען ארבייטען די געזעלשאפט א. ר. ט. נישט קוקקענדיג אויף אלע שוועריגקייטען, וואס די דעלעגאציע קיין דרום־ רוסלאנד האט געהאט בייצוקומען, איז איהר דאך געלונגען צו זאמלען איבער א מיליאן רובעל און אויסער דער יעהרליכער ביישטייערונג אין קיעוו און אדעס אויף א סומע פון קרוב צו 400.000 רובעל. דאס איז נאך געווען אין דער צייט, ווען דער רובל האט געהאט זיין ווערט. א טייל פון דעם געלד איז אויסגעגעבען געווארען צו העלפען די פאגראם־קרבנות, באזונדערס אין קיעווער ראיאן. אין דער אומגעגענד פון קיעוו זענען געעפענט געווארען אגריקולטורעלע געזעלשאפטען, ווי אויך ווערקשטאטען פאר שניידער, שוסטער און א קאאפעראטיווע פון האלץ שניצער. א רייהע עהנליכע ווערקשטאטען זענען געעפענט געווארען אין אדעס וואס האבען פונקציאנירט א גאנץ יאהר, און אין א רייהע אנדערע שטעדט זענען פארגעבריים געווארען פלענער פאר פיעלע נייע ארבייטען.

אבער סיי די געזעלשאפט א. ר. ט., אזוי אויך די אנדערע הילפס־ ארגאניזאציעס אין רוסלאנד, פוהלען, אז זיי זענען אליין נישט בכוח דורכצופיהרען די געוואלדיגע אויפגאבען פון צוריק אויפבויען דאס עקאנאמישע אידישע לעבען אין רוסלאנד נאך אלע איבערגעלעבטע קאטאסטראפעס. זיי מוזען זיך ווענדען צום אידענטום פון די מערב־לענדער, און זיי ווענדען זיך צו זיי מיט דער ערפאהרונג און מיט דעם געגויעם וויסען פון דער לאגע און די מיטלען, וואס מוזען אנגענומען ווערען, אז דאס רוסישע אידענטום זאל זיך קענען עקאנאמיש צוריק שטעלען אויף די פיס.

די אויספארשונג, וואס מיר האבען געמאכט צווישען די בעלי־ מלאכות און ארבייטער אין פארשיעדענע טיילען פון רוסלאנד, האט ארויסגעוויזען, אז דאס ערשטע און נויטיגסטע, וואס ווערט פון אלעמען געפאדערט, איז — רויהען מאטעריאל, וואס זאל איינגעקויפט ווערען אין אויסלאנד דורך קאאפעראטיוען. אין רוסלאנד גופא זענען אפילו די גרעסטע אידישע קאאפעראטיוען נישט אים שטאנד געווען איינצוקויפען דאס, וואס זיי דארפען, און זיי האבען זיך געווענדעט צו אונז, אז מיר זאלען עס פאר זיי איינקויפען אין אויסלאנד. כדי עס זאל קלאר ווערען, וואס פאר א מאטעריאלען און מאשינען זענען אם שטארק נויטיג, האט די געזעלשאפט א. ר. ט. וואו עס איז מעגליך געווען, צונויפגערופען קאנפערענצען פון אידישע ארבייטער און פון זיי געזאמעלט די ידיעות. כדי צו. מאכען קורץ דעם לאנגען צעטעל פון מאטעריאלען און אינסטרומענטען, וועלכע ווערען געפאדערט, וועלען מיר פשוט אויסרעכנען די מלאכות, וועלכע נויטיגען זיך סיי אין די מאטעריאלען, אזוי אויך אין די אינסטרומענטען. דאס זענען:

טעסלערס, סטאליארעס, שניידער און וועש־ נעהער, שוסטער, פארבער, זייגער־ מאכער, שליסער, שמידען, בלעכער, עלעקטרישע ארבייטער. נאטירליך, אז יעדע איינע פון די מלאכות פארלאנגט א גאנצע רייהע פון פארשיעדענע ארטיקלען, וואס זענען אויס'ן פלאץ ניטא. אזוי מוז מען פאר די שניידער ברענגען פון אויסלאנד: אלערליי מינים פאדעם, אונטערשלאג, נאדלען, העקלעך, שפילקעס, פערד־האהר א. ז. וו. די שוסטער נויטיגען זיך אין וואקס, מעשענע טשוועקלעך, גומע, שנירלאך — און אזוי בסדר.

פארשטעהט זיך, אז רעכענענדיג זיך מיט די דאזיגע ליסטעס פון מאטעריאלען און אינסטרומענטען, מוז מען ניט דוקא קויפען די אלט־פרענקישע געצייג, צו וועלכע איינינע בעלי מלאכות זענען געוואוינט, און מען קען אויסנוצען די געלעגענהייט איינצופיהרען אין די אידישע מלאכות אין רוסלאנד מאדערנע און בעסערע מעטאדען פון ארבייט. עס קענען אויך געקויפט ווערען אינסטרומענטען, וועלכע זענען אין רוסלאנד אין גאנצען נישט באקאנט. פריהער אלס מאדעלען אין די האנדווערק־ שולען און שפעטער אויך פאר די ארבייטער פון אלטען שנים, וועלכע וועלען זיך געוויס צוגעוואוינען צו די נייע מעטאדען. ענדליך קענען איינגעפיהרט ווערען אינגאנצען נייע אינדוסטריען, און דאס איז באזונדערס וויכטיג פאר די פאגראם־ געליטענע, מענשען אין יאהרען, פאר וועלכע עס איז אונמעגליך זיך אנצוהייבען לערנען א מלאכה, פאר זיי קענען געבראכט ווערען פון ענגלאנד און אמעריקא די האלב־ אויטאמאטישע מאשינען, וועלכע פארלאנגען נים פיעל איבונג און קענען געבען פרנסה. אזוי צום ביישפיעל, זענען די מאשינען פאר מאכען קנעפלאך, האָהר־ נאָדלען, שיך שנירלעך, קעמלעך און עהנליכע זאכען, אזעלכע אינדוסטריען, ביי וועלכע די גאנצע פאמיליע וואלט זיך געקענט באשעפטיגען, זענען אימשטאנד אין א שנעלער צייט צו שטעלען אויף די פיס טויזענדער פאמיליעס. וואס זענען חרוב געווארען פון די פאגראמען.

דאס איז בלויז א קורצער פלאן פאר דער ארבייט. וואס מוז גלייך אונטערגענומען ווערען, און אט צו דער ארבייט רופען מיר די הילף פון די גרויסע אידישע מאסען אין אייראפא און אמעריקא.

## א בוך וועגען ניקאלאיען

אן אונגעהייערע גרויסע סענסאציע האט געמאכט אין אייראפא ארויסגעגעבען דער בוך מיט'ן נאמען „הינטער דעם פארהאנג פון דעם רוסישען קייזערליכען הויף", אין וועלכען די כאראקטערע און די מעשים פון דעם צאר אזוי גוט ווי פון זיין זיידען און טאטען ווערען גאנץ גענוי באשריבען. דער בוך איז געשריבען פון איינעם, דער וועלכער האט זיינע יאהרען פארבראכט אין דעם הויף פון דעם צאר, און האט זיך אָנגעזעהן און אנגעהערט פיעלע זאכען. דער מחבר פון דיעזען בוך, וועלכער איז נים לאנג צוריק געשטארבען, שרייבט זיך אונטער מיט דעם נאמען „גראף וואסילי" וואס איז נאטירליך ניט געוועזען זיין ריכטיגער נאמען.

די שוואכזיניגקייט און די ענגהערציגקייט פון צאר ניקאלאי, זאגט וואסילי, האט ער גע'ירש'נט פון זיין זיידען אלעקסאנדער דעם 2טען, וועגען וועלכען וואסילי דערצעהלט גאר קיין שעהנע מעשים.

אלעקסאנדער דער 2טער איז געווען אין גאנצען אונטער דעם איינפלוס פון שעהנע פרויען, און די לינקע ראמאנען וועלכע ער האט געפיהרט האבען אן אנגעמאכט גרויסע סקאנדאלען אין דעם קייזערליכען הויף.

זיין ווייב די צארינא האט ער אין גאנצען פארנאכלעסיגט, און האט געלעבט מיט א צווייטער, מיט וועמען ער האט געהאט קינדער, און דערנאך מיט איהר חתונה געהאט ווען די צארינא איז געשטארבען.

ווי ער פלעגט נאר דערזעהן א שעהנע פרוי, פלעגט אלעקסאנדער ווערען פאר איהר די כפרה, און ווען ער האט דערזעהן שעהנע באגלייטערין פון דער צארינא, מאדמאזעל סאפיא דארקאף, האט ער זיך אנגעהויבען צו איהר צו שדכנ'ען.

סאפיא האט אבער דעם צאר ניט געענטפערט זיין ליעבע. זי האט איהם ערקלעהרט אז אזוי לאנג ער קען מיט איהר ניט הייראטען און איהר מאכען פאר זיין געזעצליכע ווייב, וויל זי מיט איהם ניט האבען צו טאן. אבער דער צאר האט באלד געפונען אן אנדערע, וועלכע האט זיך פאר קיין זאך ניט אפגעשטעלט און דאס איז געווען קאטהארינא מיכעלאָוונא דאלגארוקא.

צוויי שוועסטער זיינען זיי געווען, די טעכטער פון פרינץ דאלגארוקא. דער צאר האט זיי נאך געקענט ווען זיי זיינען געווען קליינע קינדער אין סקוהל. אלעקסאנדער דער צווייטער פלעגט האלט האבען צו באזוכען די סקוהלס און אין סקוהל וואו קאטהערינא מיט איהר שוועסטער האבען זיך געלערנט, האט ער זיי דער צאר באגעגנט. און אלס קליינע קינדער פלעגט ער מיט זיי פארברענגען. שפעטער ווען זיי זיינען אונטער־ געוואקסען איז קאטהערינא'ס שוועסטער געווארען דער צארינע'ס א באגלייטערין און אלעקסאנדער איז געווארען מיט איהר א נאהנטער מחותן. זי האט געוואהנט אין דעם ווינטער פאלאץ און דער צאר פלעגט פון איהר ניט אפּטרעטען.

די קריווקונג וואס דאס האט דער צארינא פארשאפט איז נאטירליך געווען גרויס. אבער וואס האט זי געקענט טאן. דער צאר איז געווען אין גאנצען איבערגעגעבען צו דער יונגער און שעהנער דאלגארוקא מיידעל.

ער האט איהר געקרוינט אלס פרינצעסין יוריעווסקי, און זי איז געווארען זיין אויג אין קאפ.

געווען איז זי א זינלאזע און דרמע מיידעל, זי איז אבער געווען אן אינטריגאנטקע פון ערשטען ראנג און האט מיט אלע מיטלען געזוכט צו ווערען די צארינא. זי האט זיך פאשאפט א ראט־געבערין, און יענע האט איהר געגעבען עצות ווי אזוי צו האלטען דעם שוואכזיניגען צאר אין איהרע נעגעל. זי האט כלומרשט געמאכט דעם אנשטעל אז זי ליעבט דעם צאר אזוי הייס און שטארק דאס זי שטעלט זיך פאר קיין זאך ניט אפ זאגאר עפענטליך פאר דער וועלט צו ווייזען אז זי איז דעם צאר'ס מעטרעסע אדער צווייטע ווייב.

דער צאר האט איהר געקויפט א פאלאץ וואו ער פלעגט איהר באזוכען יעדען טאג און דארט פארברענגען פיעלע שטונדען. הוליאנקעס פלעגען דארטען געפראוועט ווערען און עס איז געווען „ליהודים". קאטהערינא האט דעם צאר געבארען דריי קינדער און אויסגעזעהן האט עס, אז קיין זאך אין דער וועלט קען זיי ביידען ניט פאנאנדערטיילען.

די צארינא אין הויף איז דערווייל קראנק געווארען און איהר לאגע האט זיך אלץ פארערגערט.

ווען דער צאר האט באזוכט דייטשלאנד האט ער מיט זיך מיטגענומען קאטהערינא'ן און האט מיט איהר דארט געלעבט.

אנגעהויבען צו פלאנעווען צו טויטען דעם שפעטער ווען די ניהיליסטען האבען צאר, און ער האט שוין מוראגעהאט צו פאהרען אליין דורך די גאסען, האט ער קאטהערינא'ן מיט איהרע דריי קינדער אריינגענומען אין פאלאץ, און איבער דער צארינא'ס שלאף־צימער האט
א בוך וועגען ניקאלאיען 2
ער געמאכט זייער וואהנונג, און דארט פלעגט ער יעדע נאכט פארברענגען מיט זיין געליעבטע.

די צארינא אין איהר קראנקען בעט האט געקענט הערען ווי מען טאנצט און מען הוליעט אויבען ביי קאטהערינא'ן אין צימער. און זי האט געמוזט שווייגען, און דארטען איז די צארינא אויסגעגאנגען. און 40 טעג נאך דער צארינא'ס טויט האט דער צאר מיט קאטהערינא'ן געהייראט.

קאטהערינא וואלט נאך געווארען די אפיציעלע צארינא פון רוסלאנד, דאס וואס איהר אמביציע איז געווען, אבער אלעקסאנדער איז צעריסען געווארען פון א באמבע פון די ניהיליסטען און קאטהערינא'ס חלומות זיינען געבליבען ניט פארווירקליכט.

וועגען אלעקסאנדער דעם דריטען, דעם לעצטען צאר'ס פאטער, זאגט וואסילי נהאדע א פאר גוטע ווערטער וועגען זיין אויפפיהרונג. דערפאר זאגט ער אבער גאנץ ווייניג שבחים וועגען דעם לעצטען צאר, וועלכען ער באצייכנענט אלס דעם אונווירדיגסטען און אפּשייליכסטען נפש וואס איז ווען געזעסען אויף דעם רוסישען טראן.

דער צאר און די צארינא זענען ביידע געווען אבערגלויבער און ספיריטואליזם און אין וואס די בויך־רעדנער און די קארטען ווארפער האבען זיי געזאגט האבען זיי געגלויבט באמונה שלמה און יענע האבען שוין געוואוסט וואס זיי דארפען זאגען דעם צאר. ער איז געווען דום און ברוטאל, און זעהר עגאאיסטיש. קיינער האט איהם ניט געעהרט און קיינער האט פאר איהם ניט געהאט קיין יראת הכבוד. ניקאלאי האט עס געוואוסט מעהר פון אלעמען און איהם האט עס זעהר געקרענקט.

דערצו איז ער געווען א געוואלדיגער שוואכלינג און א גרויסער פייגלינג. ער פלעגט גיך אויפגערעגט ווערען און דאן איז ער פעהיג געווען צו באגעהן די גרעסטע רציחות.

ער פלעגט גלויבען אין זיך און דערקען מי־יודע וואס פאר א וויכטיגער פערזאן ער איז. די צארינא איז ווייניג באליעבט געווען אין הויף. זי איז גאר ניט פאפולער געווען.





A Vacation Trip That Satisfies

THE summertime will soon be here and with it the joys of a vacation trip. Where are you going? The Great Lakes is the mecca for particular and experienced travelers on business and pleasure trips. The D. & C. Line Steamers embody all the qualities of speed, safety and comfort, the freedom of the decks, the cool refreshing lake breezes. D. & C. a Service Guarantee.

Daily Service May 1st between Detroit and Buffalo. Leave 6:00 P. M. Arrive destination 9:00 A. M.

Daily Service April 1st between Detroit and Cleveland. Leave 11:00 P. M. Arrive destination 6:15 A. M.

MACKINAC ISLAND

Service June 14th to Sept. 14th. 3 trips per week June 14th to July 1st. July 1st to Sept. 14th, 6 trips per week.

Between Detroit and Buffalo Use Your Rail Tickets

Send 2c Stamp for Illustrated pamphlet and map of Great Lakes. Address L. G. LEWIS, G. P. A., Detroit, Mich.

DETROIT & CLEVELAND NAVIGATION CO.
A. A. SCHANTZ, President and General Manager.
J. T. McMILLAN, Vice-President.

# טוראווער רעליעף

אונזער דעלעגאט בעני בראגמאן פאהרט אפ אין ניכען נאך טוראוו אין די אינטערעסען פון דער רעליעף.

ער וועט באזוכען: טוראוו, זיטקאוויץ, לירענאוויץ, פעטריקאוו, גאנץ פאלעסיע, סטאלין, פלאטניצע, ווימאטסק, רובלע, דאוויד־גארא־דאק, לונינעץ, לאכווע, קאזאן, גאראדאק, מיקעשעוויטש, לעלין, און אומגעגענד. [illegible]

לאנדסלייט פון דיעזע שטעטלעך וועלכע ווילען שיקען געלד און אפידייוויטס קענען זיך ווענדען פאר אינפארמיישאן אין פאלגענדע פלעצער:

יוסף גרענער, 589 הייסטינגס סטריט בוטשער סטאר; שיפמאנ'ס מענ'ס פארנישינג סטאר, 605 הייסטינגס סטריט; האפמאן, Y. H. P. A. רעסטאראנט, הייסטינגס קארנער ברייידיסטריט, און אלע טאג צווישען 8 און 10 אווענד, אין דער טוראווער שוהל, 152 איללינאיז סטריט, וואו עס וועט זיצען א קאמיטע און אויפנעהמען געלד, אפידייוויטס און בריעף.

אכטונגספאל,

טוראווער רעליעף קאמיטע.

# ראזענפעלד'ס רוסישע טערקישע באד

פאר אלע וועלכע זוכען ריינליכקייט און גוטע באהאנדלונג.

30 מארבעל וואנעס — 2 כשרה מקוואות
שאור בעטהס — פרייע קאטס אויף צום רוהען

10 פריוואט רומס פאר יענינע וועלכע ווילען נעכטיגען.

א פראכטפולער לאנטש קאונטער מיט פרישע עסענווארג און געטראנקע צו יעדער צייט.

שוויץ פאר פרויען יעדען מיטוואך, מיט דער מיטווירקונג פון אן עקספערט מאסאזשיסטקע.

1846 אלפרעד סטריט, נ'ער אנטאין, טעלעפאן טשערי 6190 ראבליו.

# געלט קיין אייראפא

דער זיכערסטער און בעסטער וועג צו שיקען געלד צו אייערע קרובים קיין יוראפ איז דורך דער

# פיפעלס רעליעף

וועלכע איז א בראנטש פון דער דזשוינט דיסט. קאמיטע.

די געלד ווערט געשיקט אין דאלארס.

פיפעלס רעליעף קאמיטע

490 הייסטינגס סטריט

העדילאס, 2061

# ניו דעטראיט אפערא הויז

נייעס! נייעס!

# מאד. בעסי טאמאשעווסקי

און

# הערר סעמיועל ראזענשטיין

# זונטאג מאט. און אווענד דזשון 20

אין דעם אונאיבערטרעפענעם סוקסעס

# מינקע די דינסט

אין 4 אקטען מיט געזאנג פון ל. קאברין

די פאלגענדע ארטיסטען און מיהגע קינסטלער וועלען אן אנטייל נעהמען: מאדאם טאמאשעווסקי, ה. ראזענשטיין, בעסא פינקעל, מ. בעלמאן, טילי ראבינאוויטש, מאדאם קראנער, הערר איינשטאק, הערר ראזענטאל און דער גאנצער סטאר קעסט.

טיקעטס צו באקומען אין פארראן'ס בוך סטאר, 451 הייסטינגס סטריט אדער אין באקס אפיס.

# Der Weg

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט

ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער

וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד

אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מיין 3715.


## ווארום מענשען לעבען ניט אויס זייערע נאטירליכע יאהרען

פון ב. י. ג—ן

געדענקט איהר אפשר ווי מען האט א מאל געפויקט אין אלע קעסעלפויקען וועגען אזא מין לעבענס זאלב וואס, אז מען טרינקט זי אויס לעבט מען אייביג?

אט-דער שמן-חיים, אדער סם-החיים וועט תמיד זיין א מיטעל ביי שווינדלער ארויסצונארען געלד ביי נאאיווע און גלויבינע. אין יעדער דור און אין יעדען לאנד שטעהט אויף פון צייט צו צייט א דאקטאר וואס נוצט אויס דאס אומוויסענהייט פון די מענשען און זייער צוטרוי און איז מודיע, אז ער האט ענטדעקט דעם לעבענס עליקסיר און זיי, די נא-איווע, גלויבען און גיבען אפ דאס לעצטע אויף אריינצוכאפען א פאר לעפעלעך „אייביגעס לעבען".

אז דאס איז שווינדעל פארשטעהט יעדער אינטעליגענטער מענש. עס איז א כלל אז דער מענש איז געבוירען צום טשארבען. אדם יסודו מעפר וסופו לעפר. אפילו די נייע דאקטארישע אנאנסען, אין וועלכע מען איז מודיע אז עס זיי'לען פאראן קיטלען אנצוהאלטען דא סלעבען אזוי לאנג ווי מען באנוצט זיך מיט די יע-נע דאקטארישע מיטלען — אפילו דאס איז פאלש. מען קען דעם מענשען קיין יאהרען ניט פארקויפען. גיסט מען אין איהם מעדיצינען אדער מען שפריצט אין איהם איין פארשיעדענע סמים — דאס וועט ניט העלפען. יעדע לעבעדיגע זאך איז געבוירען צום אונטערגעהן.

די הויפט צרה איז נאר וואס דער הייניטיגער מענש פיהרט אזא מין לעבען וואס איז איהם מקצר די יאהרען, דער מאדערנער מענש לעבט ניט אויס זיין צייט, וואס איז איהם באשטימט פון דער נאטור.

מענשען קענען ניט לעבען אייביג. עס איז אבער כמעט זיכער אז דאס רוב מענשען וואלטען געקענט לעבען ביז אן עלטער פון הונדערט אדער עט-וואס ווענינער פון הונדערט יאהר.

זעהר ווענינ מענשען לעבען אבער ביז דיעזער עלטער. און דאס איז זייער איי-גענע שולד, ווייל זיי ווייסען ניט ווי אזוי אויסצוהיטען זיך פון קראנקהייט און — וואס נאך ערגער — זיי ווייסען ניט וואס קראנקהייט איז.

אפטמאל, ווען מען פארטראכט זיך אויף דעם אומוויסענהייט פון די הייניטי-גע מענשען און אויף זייער נאכלעסיג-קייט צו זייער געזונד, וואונדערט מען זיך ניט דערויף וואס זיי לעבען ניט קיין הונדערט יאהר, נאר דערויף וואס זיי ערלעבען די עלטער, וועלכע זיי לעבען זיינען.

וויפיעל מענשען קענט איהר אונטער-פון יעדען ליעבען טאג, וואס ספיהלען זייער קערפער איז אין אומארדנונג, זיי זיינען, ווי מען זאגט „ניט מיט אלעמען" און פונדעסטוועגען „מענשלען" זיי זיך, העקען זיך ניט צו און געהן אן מיט זייער ארבייטען און זארגען גלייך זיי וואל-טען געווען פאלקאמען געזונד, עכטע גבורים.

א מענש פארמאגט רמ"ח אברים, צוויי הונדערט מיט אכט און פערציג גליעדער און אויף יעדען אבר באזונדער קען א מענש קראנק זיין. דאס מיינט אז עס זיינען פאראן 248 קראנקהייטען. עס זיי-נען אבער דא נאך מעהר חולאת'ן, ווייל א מאל קען פון צוויי קראנקע אברים זיך שאפען א דריטע, א מין קאמבינאציע-קראנקהייט.

עס זיינען אויך פאראן ירושה קראנק-הייטען.

א מענש איז עלול צו ירש'ענען פון זיינע עלטערען טשאכאטקע, ראק, עפי-לעפסיע און פיעלע אנדערע.

עס זיינען אויך פאראן חולאת'ן וואס קומען פון צופיעל אנשטרענגונג אדער פון צופיעל ארבייט.

א מענש קען קראנק ווערען פון שלאפ-לאזיגקייט. ער פארליערט מעהר גייסטי-גע און קערפערליכע כחות פון שלאפלאזי-גקייט ווי פון שווערער ארבייט. מען קען אויך קראנק ווערען פון לעדיג געהן.

עס זיינען פאראן אנדערע מעכאנישע חולאת'ן, ווי למשל די קראנקהייטען פאר אורזאכט פון טראגען קארסעטען, הויכע אבזאצען, ענגע שיך, ענגע זאקענבענדלעך און עהנליכע וואס פאראורזאכט א שטערונג פון דער בלוט צירקולאציע.

פייכטע וואהנונגען, וועטער אומביי-טונגען און אנדערע וועטער אומשטענדען ברענגען חולאת'ן, פון וועלכע א מענש ליידעט אמאל יאהרען לאנג דאס זעל-בע איז מיט די חולאת'ן פאראורזאכט פון עסענווארג, פון צופיעל, אדער צו ווענינ עסען, פון ניט פרישע און פון איי-בערגעשטאנענע מאכלים.

פאראן חולאת'ן פאראורזאכט פון די דירות, מען האלט זיי ניט פריש, פאר-רומפען; — פון ניט האלטען זיך אליין ריין און רעגעלמעסיג נאכקומען די נא-טירליכע הצתרכות'ן; — אנשטעקענדיגע חולאת'ן ווי אינפלוענציע, שקארלאטין, הידראפאביע א. ד. ג. — חולאת'ן פון קלימאט: געלער פיבער, שלאף-קראנק-הייט פוילקייט א. ד. ג.

און ווער קען עס גאר אויסרעכענען די אלע קראנקהייטען וואס ווערען אנגעשיקט און קענען אנגעשיקט ווערען אויף מענ-שען?

און דאס זענען דאך חולאת'ן חוץ די 248 וואס קענען פאלען אויף איטליכען אבר באזונדער.

דער מענש פארעסט, ארבייט, לויפט, טאראראמט, זארגט זיך, דארט זיך דעם מח, יאגט זיך און רעגט זיך אויף, כאטש דאס איז פאר איהם סם המות, און דאס איז די אורזאכע ווארום די מענשען שטארבען יונגערהייד און וואס איינער פון א הונדערט לעבט אויס זיינע יאה-רען וואס די נאטור האט איהם גע-שאנקען.

## אידישער עקאנאמישער חורבן אין רוסלאנד.

(שלום פון פיידוש 4)

צארקלענערט דעם האנדעל, און די ארי-מע באפעלקערונג מוז צאהלען הונדערט-פאכע פרייזען פאר זאכען פון ערשטער נויטווענדיגקייט" (אקטאבער 1919).

נאך א יאהר צייט פון אזעלכע אויס-ברוכען איז א העלפט פון דער שטאדטי-שער באפעלקערונג, אין דעם פאל פון די אידען, געקומען צו דער העכסטער גרענעץ פון רואינע און זענען פון פרא-דוצירער געווארען בעטלער. אהן קיין מעגליכקייט צו געפינען ארבייט אויף אזא געביט, צו וועלכען זיי זענען פעהיג געווען לויט זייערע געוואוהנהייטען. א אדייטענדע צאל שטעדט און שטעדט-לעך, דערהויפט אין פאדאליער און קיע-ווער גובערניעס, זענען בוכשטעבליך אפגעווישט געווארען פון דער ערד, און ווייערע איינוואוינער זענען צעזעעט גע-ווארען איבער די גרויסע שטעדט, קא-בעדינגע שטעדט, וואו דאס לעבען האט געברויזט נאך אין דער לעצטער צייט אפילו, שטעלען איצט פאר אזא מין בילד: פארלאזענע גאסען, טויטע שטיל-קייט, קראמען צוגעמאכט, די מארק פאר-לאזען, הייזער חרוב, מיט אפענע לעכער אנשטאט טירען און פענסטער. און בלויז דאס צושראקענע פנים פון אן אלטען אידען באווייזט זיך אמאל דא און דארטען...

דאס געפעהרליכסטע ביי דעם אלע מען איז דער אונטערדריקטער גייסט און די גלייכגילטיגקייט צום לעבען, וואס הערשט ביי אלעמען. און דאס איז נישט קיין פארביינעהענדער צושטאנד. דאס איז פיעל ערנסטער און עס פיהרט צו א פאלקאמער אפשטארבונג פון יעדער עקאנאמישער טעטיגקייט. עס טויט, אפ דעם ווילען ביי יעדען איינעם אויפצובויען צוריק זיין איינען לעבען. עס נעהמט צו דעם פארלאנג צו זוכען אן אנדער באשעפטיגונג. אט מיט דעם גייסטיגען צושטאנד קען זיך ערקלעה-רען, פארוואס אזוי פיעל קרבנות פון די פאגראמען לעבען בלויז מיט איין גע-דאנק: צו אנטלויפען קיין אמעריקא, קיין פאלעסטינא קיין ארגענטינא אדער וואו עס וועט זיך לאזען. מיט אט דעם איינאיינציגען חלום לעבען די אידען פון די קלענערע שטעדטלעך, מיט דעם לע-בען אויך די פליכטלינגע אין קיעוו, אדעס, ווינניצא און אנדערע גרעסערע שטעדט.

אבער די מעגליכקייטען פאר עמי-גראציע זענען נאך דערוויל זעהר שוואך און עס איז נויטיג אזוי שנעל ווי מעג-ליך אנצונעהמען מיטלען אזוי לאנג ווי די קרבנות פון די פאגראמען און דער מלחמה געפינען זיך נאך אין רוסלאנד. די הילפס קאמיטעטען אליין זענען נישט פעהיג צו באהערשען די לאגע. ווי וויכ-טיג עס זאל נישט זיין צו באזארגען די פאגראם- קרבנות מיט קליידער, שפייז, מעדיצין א. ז. וו. קען די הילפס ארבייט אין אזא פארם צו לאנג נישט אנגעפיהרט ווערען. עס מוז אפגעשטעלט ווערען, ווייל עס ווערט א קוואל פון דעמארא-ליזאציע. עס מוז אפטרעטען דעם פלאץ פאר שטיצע, וואס זאל געגעבען ווערען דורך ארבייט און דורך קרעדיט אויפ-צובויען צוריק די געשעפטען.

אין דעם זין האט אנגעהויבען ארבי-טען די געזעלשאפט א. ר. ט. נישט קוק-קענדיג אויף אלע שוועריגקייטען, וואס די דעלעגאציע קיין דרום- רוסלאנד האט געהאט בייצוקומען, איז איהר דאך גע-לונגען צו זאמלען איבער א מיליאן רו-בעל און אויסער דער יעהרליכער ביי-שטייערונג אין קיעוו און אדעס אויף א סומע פון קרוב צו 400,000 רובעל. דאס איז נאך געווען אין דער צייט, ווען דער רובעל האט געהאט א זיין ווערט. א טייל פון דעם געלד איז אויסגעגעבען געווארען צו העלפען די פאגראם־קרבנות, באזונדערס אין קיעווער ראיאן. אין דער אומגעגענד פון קיעוו זענען געעפענט גע-ווארען אגריקולטורעלע געזעלשאפטען, ווי אויך ווערקשטאטען פאר שניידער, שוסטער און א קאאפעראטיוו פון האלץ שניצער. א רייהע עהנליכע ווערקשטא-טען זענען געעפענט געווארען אין אדעס וואס האבען פונקציאנירט א גאנץ יאהר, און אין א רייהע אנדערע שטעדט זע-נען פארגעברייט געווארען פלענער פאר פיעלע נייע ארבייטען.

אבער סיי די געזעלשאפט א. ר. ט. אזוי אויך די אנדערע הילפס ארגאני-זאציעס אין רוסלאנד, פיהלען, אז זיי זענען אליין נישט בכוח דורכצופיהרען די גוואלדיגע אויפגאבען פון צוריק אויפבויען דאס עקאנאמישע אידישע לע-בען אין רוסלאנד נאך אלע איבערגע-לעבטע קאטאסטראפעס. זיי מוזען זיך ווענדען צום אידענטום פון די מערב-לענדער, און זיי ווענדען זיך צו זיי מיט דער ערפאהרונג און מיט דעם גענויעם וויסען פון דער לאגע און די מיטלען, וואס מוזען אנגענומען ווערען, אז דאס רוסישע אידענטום זאל זיך קענען עקא-נאמיש צוריק שטעלען אויף די פיס.

די אויספארשונג, וואס מיר האבען געמאכט צווישען די בעלי מלאכות און ארבייטער אין פארשידענע טיילען פון רוסלאנד, האט ארויסגעוויזען, אז דאס ערשטע און נויטיגסטע, וואס ווערט פון אלעמען געפאדערט, איז — רויהען מא-טעריאל, וואס זאל איינגעקויפט ווערען אין אויסלאנד דורך קאאפעראטיווען. אין רוסלאנד גופא זענען אפילו די גרעס-טע אידישע קאאפעראטיווען נישט אים שטאנד געווען איינצוקויפען דאס, וואס זיי דארפען, און זיי האבען זיך געווענ-דעט צו אונז, אז מיר זאלען עס פאר זיי איינקויפען אין אויסלאנד. כדי עס זאל קלאר ווערען, וואס פאר א מאטע-ריאלען און מאשינען זענען אם שטארק-סטען נויטיג, האט די געזעלשאפט א. ר. ט. וואו עס איז מעגליך געווען, צורופען קאנפערענצען פון אידישע אר-בייטער און פון זיי געזאמעלט די ידיעות. כדי צו מאכען קורץ דעם לאנ-גען צעטעל פון מאטעריאלען און אינ-סטרומענטען, וועלכע ווערען געפאדערט, וועלען מיר פשוט אויסרעכענען די מלאכות, וועלכע נויטיגען זיך סיי אין מאטעריאלען, אזוי אויך אין די אינ-סטרומענטען, דאס זענען:

טעסלערס, סטאליארעס, שניידער און וועש- נעהער, שוסטער, פארבער, זיי-גער מאכער, שליסער, שמידען, בלע-כער, עלעקטרישע ארבייטער. נאטירליך, אז יעדע איינע פון די מלאכות פאר-לאנגט א גאנצע רייהע פון פארשיע-דענע ארטיקלען, וואס זענען אויס'ן פלאץ ניטא. אזוי מוז מען פאר די שניידער ברענגען פון אויסלאנד: אלערליי מינים פאדעם, אונטערשלאג, נאדלען, העקלעך, שפילקעס, פערד־האהר א. ז. וו. די שוס-טער, נויטיגען זיך אין וואקס, מעשענע טשועקלעך, גומע, שנירלאך — און אזוי כסדר.

פארשטעהט זיך, אז רעכענענדיג זיך מיט די ראזינע ליסטעס פון מאטעריא-לען און אינסטרומענטען, מוז מען ניט דוקא קויפען די אלט-פרענקישע געצייג, צו וועלכע איינינע בעלי מלאכות זענען געוואוינט, און מען קען אויסנוצען די געלעגענהייט איינצופיהרען אין די אי-דישע מלאכות אין רוסלאנד מאדערנע און בעסערע מעטאדען פון ארבייט. עס קענען אויך געקויפט ווערען אינסטרו-מענטען, וועלכע זענען אין רוסלאנד אין גאנצען נישט באקאנט. פריהער אלס מאדעלען אין די האנדווערק־ שולען און שפעטער אויך פאר די ארבייטער פון אלטען שניט, וועלכע וועלען זיך געוויס צוגעוואוינען צו די נייע מעטאדען. ענד-ליך קענען איינגעפיהרט ווערען אין גאנצען נייע אינדוסטריען, און דאס איז באזונדערס וויכטיג פאר די פאגראם געליטענע, מענשען אין יאהרען, פאר וועלכע עס איז אוממעגליך זיך אנצו-הייבען לערנען א מלאכה, פאר זיי קע-נען געבראכט ווערען פון ענגלאנד און אמעריקא די האלב- אויטאמאטישע מא-שינען, וועלכע פארלאנגען ניט פיעל אי-בונג און קענען געבען פרנסה. אזוי צום ביישפיעל, זענען די מאשינען פאר מא-כען קנעפלאך, האהר- נאדלען, שיך שנירלעך, קעמלעך און עהנליכע זאכען, אלעלע אינדוסטריען, ביי וועלכע די גאנצע פאמיליע וואלט זיך געקענט בא-שעפטיגען, זענען אימשטאנד אין א שנעלער צייט צו שטעלען אויף די פיס טויזענדער פאמיליעס, וואס זענען חרוב געווארען פון די פאגראמען.

דאס איז בלויז א קורצער פלאן פאר דער ארבייט, וואס מוז גלייך אונטער-גענומען ווערען, און אט צו דער אר-בייט רופען מיר די הילף פון די גרויסע אידישע מאסען אין אייראפא און אמע-ריקא.

## א בוך וועגען ניקאלייען

אן אונגעהייער גרויסע סענסאציע האט געמאכט אין אייראפא ארויסגעבן פון דער בוך מיט'ן נאמען „הינטער דעם פארהאנג פון דעם רוסישען קייזער-ליכען הויף", אין וועלכען די כאראק-טערע און די מעשים פון דעם צאר אזוי גוט ווי פון זיין זיידען און טאטען ווע-רען גאנץ גענוי באשריבען. דער בוך איז געשריבען פון איינעם, דער וועלכער האט זיינע יאהרען פארבראכט אין דעם הויף פון דעם צאר, און האט זיך אנ-געזעהן און אנגעהערט פיעלע זאכען. דער מחבר פון דיזען בוך, וועלכער איז נים לאנג צוריק געשטארבען, שרייבט זיך אונטער מיט דעם נאמען „גראף וואסילי" וואס איז נאטירליך ניט גע-ווען זיין ריכטיגער נאמען.

די שוואכזיניגקייט און די ענג-הערציגקייט פון צאר ניקאלאי, זאגט וואסילי, האט ער גע'ירש'נט פון זיין זיידען אלעקסאנדער דעם 2טען, וועגען וועלכען וואסילי דערצעהלט גאר קיין שעהנע מעשים.

אלעקסאנדער דער 2טער איז געווען אין גאנצען אונטער דעם איינפלוס פון שעהנע פרויען, און די לינקע ראמאנען וועלכע ער האט געפיהרט האבען אן אנגעמאכט גרויסע סקאנדאלען אין דעם קייזערליכען הויף.

זיין ווייב די צארינא האט ער אין גאנצען פארנאכלעסיגט, און האט גע-לעבט מיט א צווייטער, מיט וועמען ער האט געהאט קינדער, און דערנאך מיט איהר חתונה געהאט ווען די צארינא איז געשטארבען.

ווי ער פלעגט נאר דערזעהן א שעהנע פרוי, פלעגט אלעקסאנדער ווע-רען פאר איהר די כפרה, און ווען ער האט דערזעהען די שעהנע באגלייטערין פון דער צארינא, מאדמאזעל סאפיא [illegible], האט ער זיך אנגעהויבען צו איהר צו שרכנ'ען.

סאפיא האט אבער דעם צאר ניט גע-ענטפערט זיין ליעבע. זי האט איהם ערקלעהרט אז אזוי לאנג ער קען מיט איהר ניט הייראטען און איהר מאכען פאר זיין געזעצליכע ווייב, וויל זי מיט איהם ניט האבען צו טאן. אבער דער צאר האט באלד געפונען אן אנדע-רע, וועלכע האט זיך פאר קיין זאך ניט אפגעשטעלט און דאס איז געווען קאטהארינא מיכעלאוונא דאלגארוקא.

צוויי שוועסטער זיינען זיי געווען, די טעכטער פון פרינץ דאלגארוקא. דער צאר האט זיי נאך געקענט ווען זיי זיינען געווען קליינע קינדער אין סקוהל. אלעקסאנדער דער צווייטער פלעגט האלט האבען צו באזוכען די סקוהלס און אין סקוהל וואו קאטהערי-נא מיט איהר שוועסטער האבען זיך געלערנט, האט ער זיי דער צאר בא-געגענט. אין אלס קליינע קינדער פלעגט ער מיט זיי פארברענגען. שפעטער ווען זיי זיינען אונטער-געוואקסען איז קאטהערינא'ס שוועסטער געווארען דער צארינע'ס א באגלייטערין און אלעקסאנדער איז געווארען מיט איהר א נאהענטער מחותן. זי האט גע-וואהנט אין דעם ווינטער פאלאץ און דער צאר פלעגט פון איהר ניט אפ-טרעטען.

די קרייזקונג וואס דאס האט דער צא-רינא פארשאפט איז נאטירליך געווען גרויס. אבער וואס האט זי געקענט טאן. דער צאר איז געווען אין גאנ-צען איבערגעגעבען צו דער יונגער און שעהנער דאלגארוקא מיידעל.

ער האט איהר געקרוינט אלס פרינצעסין יוריעווסקי, און זי איז גע-ווארען זיין אויג אין קאפ.

געווען איז זי א זינגאוע און דר-מע מיידעל, זי איז אבער געווען אן אינטריגאנטקע פון ערשטען ראנג און האט מיט אלע מיטלען געזוכט צו ווע-רען די צארינא. זי האט זיך פאשאפט א ראט-געבערין, און יענע האט איהר געגעבען עצות ווי אזוי צו האלטען דעם שוואכזיניגען צאר אין איהרע נעגעל. זי האט כלומרשט געמאכט דעם אנ-שטעל אז זי ליעבט דעם צאר אזוי הייס און שטארק דאס זי שטעלט זיך פאר קיין זאך ניט אפ און זאגאר עפענטליך פאר דער וועלט צו ווייזען אז זי איז דעם צאר'ס מעטרעסע אדער צווייטע ווייב.

דער צאר האט איהר געקויפט א פא-לאץ וואו ער פלעגט איהר באזוכען יע-דען טאג און דארט פארברענגען פיעלע שטונדען. הוליאנקעס פלעגען דארטען געפראוועט ווערען און עס איז געווען „ליהודים". קאטהערינא האט דעם צאר געבוירען דריי קינדער און אויסגעזעהן האט עס, אז קיין זאך אין דער וועלט קען זיי ביידען ניט פאנאנדערטיילען.

די צארינא אין הויף איז דערוויל קראנק געווארען און איהר לאגע האט זיך אלץ פארערגערט.

ווען דער צאר האט באזוכט דייטש-לאנד האט ער מיט זיך מיטגענומען קאטהערינא'ן און האט מיט איהר דארט געלעבט.

אנגעהויבען צו פלאנעווען צו טויטען דעם שפעטער ווען די ניהיליסטען האבען צאר, און ער האט שוין מורא געהאט צו פאהרען אליין דורך די גאסען, האט ער קאטהערינא'ן מיט איהרע דריי קינ-דער אריינגענומען אין פאלאץ, און א-בער דער צארינא'ס שלאף-צימער האט

א בוך וועגען ניקאלאיען

2

ער געמאכט זייער וואהנונג, און דארט פלעגט ער יעדע נאכט פארברענגען מיט זיין געליעבטע.

די צארינא אין איהר קראנקען בעט האט געקענט הערען ווי מען טאנצט און מען הוליעט אויבען ביי קאטהערינא'ן אין צימער, און זי האט געמוזט שווייגען. און דארטען איז די צארינא אויס-געגאנגען. און 40 טעג נאך דער צארי-נא'ס טויט האט דער צאר מיט קאטהע-רינא'ן געהייראט.

קאטהערינא וואלט נאך געווארען די אפיציעלע צארינא פון רוסלאנד, דאס וואס איהר אמביציע איז געווען, אבער אלעקסאנדער איז צעריסען געווארען פון א באמבע פון די ניהיליסטען און קאט-הערינא'ס חלומות זיינען געבליבען ניט פארווירקליכט.

וועגען אלעקסאנדער דעם דריטען, דעם לעצטען צאר'ס פאטער, זאגט וואַ-סילי גראדע א פאר גוטע ווערטער ווע-גען זיין אויפפיהרונג. דערפאר זאגט ער אבער גאנץ ווענינ שבחים וועגען דעם לעצטען צאר, וועלכען ער באצייכענט אלס דעם אונווירדיגסטען און אפ-שייליכסטען נפש וואס איז ווען געזעסען אויף דעם רוסישען טראן.

דער צאר און די צארינא זענען ביי-דע געווען אבערגלויבער אין ספיריטו-אליזם און אין וואס די בויך-רעדנער און די קארטען ווארפער האבען זיי גע-זאגט האבען זיי געגלויבט באמונה שלמה און יענע האבען שוין געוואוסט וואס זיי דארפען זאגען דעם צאר. ער איז געווען דום און ברוטאל, און זעהר עגא-איסטיש. קיינער האט איהם ניט געעהרט און קיינער האט פאר איהם ניט געהאט קיין יראת הכבוד. ניקאלאי האט עס געוואוסט מעהר פון אלעמען און איהם האט עס זעהר געקרענקט.

דערצו איז ער געווען א געוואלדיגער שוואכלינג און א גרויסער פייגלינג. ער פלעגט גיך אויפגערעגט ווערען און דאן איז ער פעהיג געווען צו באגעהן די גרעסטע רציחות.

ער פלעגט גלויבען אין זיך און דעני-קען מי-יודע וואס פאר א וויכטיגער פערזאן ער איז. די צארינא איז ווענינ באליעבט געווען אין הויף. זי איז גאר ניט פאפולער געווען.


D & C
LAKE LINES

**A Vacation Trip That Satisfies**

THE summertime will soon be here and with it the joys of a vacation trip. Where are you going? The Great Lakes is the mecca for particular and experienced travelers on business and pleasure trips. The D. & C. Line Steamers embody all the qualities of speed, safety and comfort, the freedom of the decks, the cool refreshing lake breezes. D. & C. a Service Guarantee.

Daily Service May 1st between Detroit and Buffalo. Leave 6:00 P. M. Arrive destination 9:00 A. M.

Daily Service April 1st between Detroit and Cleveland. Leave 11:00 P. M. Arrive destination 6:15 A. M.

MACKINAC ISLAND
Service June 14th to Sept. 14th. 3 trips per week June 14th to July 1st. July 1st to Sept. 14th, 6 trips per week.

Between Detroit and Buffalo Use Your Rail Tickets

Send 2c Stamp for Illustrated pamphlet and map of Great Lakes. Address L. G. LEWIS, G. P. A., Detroit, Mich.

DETROIT & CLEVELAND NAVIGATION CO.
A. A. SCHANTZ, President and General Manager.
J. T. MCMILLAN, Vice-President.



# טוראווער רעליעף

אונזער דעלעגאט בעני בראגמאן פאהרט אפ אין גיכען נאך טוראוו אין די אינטערעסען פון דער רעליעף.

ער וועט באזוכען: טוראוו, זיטקאוויץ, לידענאוויץ, פעטריקאוו, און גאנץ פאלעסיע, סטאלין, פלאטניצע, וויסאצסק, רובלע, דאווידגאראד, לונינעץ, לאכווע, קאזאן, נאראק, מיקעשעוויטש, לעלין, און אום-געגענד.

לאנדסלייט פון דיזע שטעטלעך וועלכע ווילען שיקען געלד און אפידייוויטס קענען זיך ווענדען פאר אינפאר-מיישאן אין פאלגענדע פלעצער:

יוסף גרענער, 589 הייסטינגס סטריט בוטשער סטאר; שיפמאנ'ס מענ'ס פארנישינג סטאר, 605 הייסטינגס סטריט; האפמאן, Y. H.P.A. רעס-טאראנט, הייסטינגס קארנער ברייריסטריט, און אלע טאג צווישען 8 און 10 אווענד. אין דער טוראווער שוהל, 152 איללינאיז סטידט, וואו עס וועט זיצען א קאמיטע און אויפנעהמען געלד, אפידייוויטס און בריעף.

אכטונגספאל,

טוראווער רעליעף קאמיטע.

# ראזענפעלד'ס
# רוסישע טערקישע באד

פאר אלע וועלכע זוכען ריינליכקייט און גוטע באהאנדלונג.

30 מארבעל וואנעס — שאור בעטהס

2 כשרה מקוואות — פרייע קאטס אויף צום רוהען.

10 פריוואט רומס פאר יענינע וועלכע ווילען נעכטיגען.

א פראכטפולער לאנטש קאונטער מיט פרישע עסענווארג און געטראנקע צו יעדער צייט.

שווין פאר פרויען יעדען מיטוואך, מיט דער מיטווירקונג פון אן עקספערט מאסאזשיסטקע.

1846 אלפרעד סטריט, נ"ע אנטאין, טעלעפאן טשערי 6190 ראבליו.

# געלט קיין אייראפא

דער זיכערסטער און בעסטער וועג צו שיקען געלד צו אייערע קרובים קיין יוראפ איז דורך דער

# פיפעלס רעליעף

וועלכע איז א בראנטש פון דער דזשוינט דיסט. קאמיטע.

די געלד ווערט געשיקט אין דאלארס.

פיפעלס רעליעף קאמיטע

490 הייסטינגס סטריט

העדילאק, 2061.

# ניו דעטראיט אפערא הויז

נייעס! נייעס!

# מאד. בעסי טאמאשעווסקי

און

# הערר סעמיועל ראזענשטיין

# זונטאג מאט. און אווענד דזשון 20

אין דעם אנאיבערטראפענעם סוקסעס

# מינקע די דינסט.

אין 4 אקטען מיט געזאנג פון ל. קאברין

די פאלגענדע ארטיסטען און מיהנע קינסטלער. וועלען און אנטייל נעהמען: מאדאם טאמאשעווסקי, ה. ראזענשטיין, בעלא פינקעל, מ. בעלמאן, טילי ראבינאוויטש, מאדאם קראנער, הערר איינשטאק, הערר ראזענטאל און דער גאנצער סטאר קעסט.

טיקעטס צו באקומען אין פארדאנ'ס בוך סטאר, 451 הייסטינגס סטריט אדער אין באקס אפיס.

JUN 21 1920


The only Jewish Paper Printed in Michigan

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

# דער וועג

The Detroit Jewish Daily

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

547-49 HASTINGS STREET
Telephone Main 3716

Published and distributed under permit No. 1?? authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, P.

DETROIT, MICH., Friday, June 18th 1920 Vol. 2, No. 106

פרייטאג, דזשון 18, 1920

PRICE 2c.


# טערקישע נאציאנאליסטען אין א פארשטענדניש מיט מאסקווא

מאסקווא, יוני 17. — דזשעמאל פאשא, א מיטגליעד פון דער יונג־טערקישע פאר־טיי וועלכער געפינט זיך אין מאסקווא, איז געקומען צו א פארשטענדניש מיט דער סאוועטען רעגירונג וועגען געוויסע אנגעלעגענהייטען, וואס זענען געמיינ־שאפטליך־נוגע רוסלאנד און טערקיי. דזשעמאל פאשא האט היינט ערקלעהרט, דאס ער איז איבערצייגט, אז סאוועטען רוסלאנד איז די איינציגע מאכט, אויף וועלכער דער מזרח קען האפען וועגען „די פרינציפען פון זעלבסט־באשטימונג, פרייהייט פאר אונטערדריקטע נאציאנא־ליטעטען און באשיצונג געגען מערב קא־פיטאליזם און אימפעריאליזם". ער האט ווייטער געזאגט, אז ארמע־ניען און סיריען וועלען פריהער אדער שפעטער קומען צו דער איבערצייגונג, דאס די אליאירטע קענען גאר ניט טאן פאר זיי.

## באלשעוויקעס יאגען נאך די פאליאקען

לאנדאן, יוני 17. — א טעלעגראמע פון מאסקווא, דאטירט דינסטאג, דעם 15טען יוני, מעלדעט, אז די באלשעוויסטי־שע טרופען טרייבען צוריק די פוילישע ארמיי אין אוקראינע.

## סאוויעטען רעגירונג פארמירט אין פערסיען

לאנדאן, יוני 17. — אין א טעלע־גראמע פון טעהעראן צו דער היגער „טיימס" ווערט מיטגעטיילט, אז דער דריטער רעוואלוציאנער קאמיטעט פון פער־סיען האט פארעפענטליכט א פראקלא־מאציע, מעלדענדיג, אז א סאוועטען רעגי־רונג האט זיך פארמירט אין פערסיען. די טעלעגראמע איז דאטירט דעם 15טען יוני און זי גיט איבער די נעמען פון די באשטימטע קאמיסארען. זיי זענען אלע איינוואוינער פון גהילען, א פערסישע פראווינץ, וועמענס הויפטשטאדט איז רעשט.

דער קאמיטעט האט צוגעשיקט טעלע־גראמען צו די לעגאציעס אין פאריז און אין וואשינגטאן, בעטענדיג צו לאזען ווי־סען די איבעריגע רעגירונגען וועגען נעבי[?] פון דער סאוועטען רעגירונג, און אז די מאנארכיע איז געפאלען.

דער ראט פון דער נאציאנען־ליגע האט באשלאסען, ווי ס'איז געמעלדעט געווען באריכטעט, אפצולעגען זיין באשלוס וועגען סכסוך צווישען פערסיען און רוסלאנד ביז ס'וועט קלאהר ווערען דער רעזולטאט פון די אונטערהאנדלונגען, וועלכע קומען פאר צווישען דער פערסישער רעגירונג און דער סאוועטען רעגירונג. לארד קורזאן, דער ענגלישער אויסערן מיניסטער האט די פראגע [illegible] דער עפענטליכער זיצונג פון נאציאנען־ליגע האט זיך ערקלעהרט, אז דער ראט האט אנערקענט זיינע סימפאטיעס צו פער־סיען און האט איינגעשטימט, אז ס'איז געווען א קלוגער שריט, וואס די פערסישע רעגירונג האט דירעקט זיך געווענדעט צו דער סאוועטען רעגירונג.

## מאסקווא ענטפערט פערסיען

טעהעראן, יוני 17. — די רוסישע סאוועטען רעגירונג האט צוגעשיקט א נאטע צו דער פערסישער רעגירונג, אלס אן ענט־פער אויף דער קלאגע, וואס די רויטע אר־מיי האט אריינגעדרונגען אין פערסיען די נאטע ערקלעהרט, אז רוסישע רעגירונג האט ניט בדעה אנצופאלען אויף דער אנ־אפהענגיגקייט פון פערסיען און אז די [illegible]עוויסטישע טרופען זענען אהין [illegible] מיט דעם איינציגען צוועק צובאשי־צען די רוסישע שיפען אין קאספי'שען ים. די סאוועטען רעגירונג שטימט איין צוריקצוציהען זיך פון ענזעלי, „ווען די פערסישע אונאפהענגיגקייט וועט זיין גא־ראנטירט און זי וועט זיך מעהר ניט געפי־נען אונטער פרעמדען איינפלוס". די באלשעוויסטישע טרופען, וועלכע האבען געלאנדעט אין ענזעלי זענען בא־

שטאנען פון אין מיליטערישען קארפוס אונטער גענעראל ראספאליאניקאוו. דער־נאך זענען אהין אנגעקומען לופט־פלי־ער די שטאדט און די פארשטעדטליך ווערען נעהמען פון וואלאריע[?]. ס'ווערט איבערגעגעבען, אז די רוסען האבען פארכאפט 15 שיפען און זיי איבער־געשיקט קיין באקו.

## דעניקין'ס באנדעס פארנעהמען באטום און אטאקירען גרוזינישע טרופען

א טעלעגראמע פון מאסקווא צו דער היגער „הערלד" מעלדעט, דאס דעני־קין'ס „ווייסע" טרופען האבען פארנומען באטום, א האפען שטאדט אויף דעם שווארצען ים, און האבען אטאקירט די גרוזינישע ארמיי. אלס פראטעסט האבען די גרוזינער ארעסטירט מיטגליעדער פון דער אליאירטער מיסיע אין טיפליס. די צייטונג זאגט, אז דיזע אינפארמאציעס זענען איהר איבערגעגעבען געווארען פון דער גרוזינישער מיסיע אין מאסקווא. די „דיילי מעיל" האט מיט איינינע טעג צוריק געהאט געמעלדען, אז ענגלאנד וועט אינגיכען פארלאזען באטום.

## אמעריקאנער אמבאסאדאר ברענגט באריכט וועגען סיביר

סאן פראנציסקא, יוני 17. — ערנעסט ל. העררים, געוועזענער אמע־ריקאנער גענעראל־קאנסול אין אמסק, איז דא נעכטען אנגעקומען און איז אפגעפאהרען קיין וואשינגטאן מיט אן אפיציעלען באריכט וועגען די אנגעלע־גענהייטען אין סיביר.

## דר. קאפלענדער אין מט. קלעמענס

רבי משה קאפלענדער, וועלכער האט זיך זעהר פאפולער געמאכט אין דעט־ראיט, וועט בעפאר זיין אפפאהרען נאך נויארק, באזוכען מאונט קלעמענס דיעזען שבת און זונטאג. די געמיינדע דארט, ווי אויך די געסט פון איבעראל וועלען האבען די געלעגענהייט צו הערען דעם בייסטרייכען דרשן און אראטאר פון דעם רבני'שען קאלעדזש פון אמעריקא, — „ישיבת ר' יצחק אלחנן".

דר. קאפלענדער וועט אויך זיין איי־נער פון די הויפט רעדנער ביים יעהר־ליכען באנקעט פון „וועג", דעם 22טען [illegible] פאהרט אפ [illegible] קומענדען מיט־[illegible] ניו יארק.

## דער יום טוב פון בית יתומים

צוליעב דעם, וואס דער היעגער בית יתומים איז אימשטאנד אפצוצאהלען די חובות אויף דעם הויז און „פארברענען דעם מארטגיידזש", ווערט אויף זונטאג אווענט, דעם 20טען יוני, געפייערט א יום טוב. דער „מארטגיידזש" איז געווען אויף 24,000 דאלאר און דאס געלד איז געשאפען געווארען פון די פענים און קווארטערס, וואס די דעטראיטער אי־דען האבען געגעבען.

די פריינד פון דעם דאזיגען וויכטי־גען אנשטאלט וועלען געוויס אנוועזענד זיין אויף דעם יום טוב און פריי־הען זיך מיט דעם, וואס די ארימע יתומים און יתומות האבען אן אייגען הויז.

## פופצעהנער קאמיטע

די 15־ער קאמיטע וועט האבען א ספעציעלען מיטינג אין אפיס פון „וועג" זונטאג פריה, אום 10 אוהר. ביטע ניט צו פארפעהלען דיעזען מיטינג.

## אויפמערקזאם

דער באנקעט פון „וועג" וועט שטאט־פינדען דינסטאג אווענד, דעם 22טען דזשון, אום 8:30, אין כרמל כשר רעס־טאוראנט.

## פעדערײשאן קאנווענשאן פאר רע־גירונגס אייגענטום פון באהנען

מאנטרעאל, יוני 17.— נאך א לאנגען און ביטערען קאמף האט די קאנווענשאן פון דער אמעריקאן פעדערײשאן אוו לייבאר אנגענומען א רעזאלוציע, וואס באצוועקט, אז די רע־גירונג פון די פאראייניגטע שטאאטען זאל איבערנעהמען די אייזענבאהנען אלס רעגירונגס־אייגענטום.

דער „ראליקאל" האט באוויזען, אז פאר רעגירונגס אייגענטום האבען גע־שטימט 29,059 און געגען — 8,349.

מר. גאמפערס איז ארויסגעטראטען געגען דער רעזאלוציע, ברענגענדיג ביי־שפיעלען פון אקטען אונטער די פרע־זידענטען קליוולאנד, רוזוועלט און טעפט אז רעגירונגס ארבייטער האבען ניט די פולע פאליטישע און אינדוסטריעלע רעכטע.

דער פארשלאג פון רעגירונגס אייגענ־טום איז אריינגעטראגען געווארען פון די דעלעגאטען פון די באהן ארבייטער. מר. גאמפערס האט אבער געזאגט, אז דאס וועט זיין א רעה פאר די באהן ארבייטער גופא, ווייל אויב די רעגי־רונג זאל נאכקומען זייער פארלאנג, וועלען זיי דאן ווערען רעגירונגס־ארביי־טער און זיי וועלען פארלירען פיעלע פון זייערע איצטיגע רעכטע.

„קיינער איז ניט מעהר לאיאל צו דער רעפובליק פון די פאראייניגטע שטאאטען ווי איך בין עס". האט מר. גאמפערס געזאגט, „און דאך וואלט איך ניט וועלען איבערגעבען דער רעגירונג מעהר מאכט איבער דער ביזנעסשאפט פון אמעריקא, ווי זי האט עס איצט".

אין פארלויף פון נעהמען דעם „ראל־קאל" זענען פארגעקומען אונרוהיגע סצענעס.

די דעלעגאטען פון בילדונג טרייד האבען אלע געשטיצט גאמפערס'ן. די באהן ארבייטער זענען אונטער־שטיצט געווארען פון די יונייטעד מיין ווארקערס, מאשיניסטען, טעקסטיל ארבייטער, גארמענט ווארקערס און מעטאל טרייד.

א גרויסע דעמאנסטראציע איז פאר־געקומען, ווען פרענק מאריסאן, דער סעקרעטער פון דער פעדערײשאן, האט ערקלעהרט, אז ער וועט שטימען פאר דעם פארשלאג פון רעגירונגס אייגענ־טום.

„מיר האבען פיעל געהערט פון זעלבסט־באשטימונג — האט מר. מארי־סאן געזאגט — דיעזער געדאנק איז אריינגעדרונגען אין די מחות פון מע־נער פרויען און קינדער אין אלע לענ־דער. מיר האבען פאר זיך א פארשלאג פון אלע באהן ארבייטער, וועלכע בעטען אונזער הילף צו ערדייכען רעגירונגס־אייגענטום פון די באהנען, ווייל זיי גלויבען, דאס זייער לאגע אונטער רע־גירונגס אייגענטום וועט זיך פארבע־סערען".

לאנג דויערענדע אפלאדיסמענטען האט ארויסגערופען די ערקלעהרונג פון דעלע־גאט גרין, אז די יונייטעד מאין ווארקערס שטימען פאר רעגירונגס אייגענ־טום.

מר. גרין האט געזאגט, אז די באהן ארבייטער ווייסען אליין וואס עס איז גוט פאר זיי און זיי וועלען ניט ערלוי־בען קיינעם זיי אנצואווייזען וואס זיי דארפען טאן.

וו. ד. מעהאן, פרעזידענט פון דער סטריט קאר אסס'ן, איז פון דער קאנ־ווענשאן ריינגעוואשען געווארען פון דער קלאגע, וואס דעטראיטער ארביי־טער יוניאנס האבען געגען איהם פאר־געבראכט. די קלאגע איז באשטאנען אין דעם, וואס מר. מעהאן'ס קינדער זענען סטאק־האלדערס אין א ניט־יוניאן שאפ.

## רעפובליקאנער האבען שוין באשטימט זייער קינפטיגען קאבינעט

וואשינגטאן, יוני 17. — ווי עס ווערט איבערגעגעבען, האבען די פיהרער פון דער רעפובליקאנער פאר־טיי אויף די לעצטע קאנפערענצען מיט סענאטאר הארדינג, דעם רעפובלי־קאנער פרעזידענטס קאנדידאט, ערוועהלט א מיניסטארען קאבינעט, וועלכער וועט איבערנעהמען די „וואשינגטאנער אד־מיניסטראציע" — דעם קומענדען 4טען מארטש, 1921, אויב די פארטיי וועט זיין זיעגרייך אין די נאוועמבער וואהלען.

הארדינג'ס קאבינעט, זאגט מען, וועט באשטעהן ווי פאלגט:

סעקרעטערי אוו סטייט — אליהו רוט אדער סענאטאר נאקס.

אטורני דזשענעראל — טשארלס ע. יוהז.

סעקרעטערי אוו די טרעזשורי — פרענק וואנדערליפ.

קריעגס סעקרעטערי — גענעראל וואוד אדער ל. מ. גאריסאן.

אגריקולטור סעקרעטער — סענאטאר קאפער פון קענזעס.

לייבאר סעקרעטער — סענאטאר קעניאן פון איאווא.

פאסטמאסטער דזשענעראל — וויל העיס.

פלאטען סעקרעטער — עקס סענא־טאר וויקס פון מאסאטשוזעטס.

סעקרעטער פאר אינערליכע אנגעלע־גענהייטען — גאווערנאר לאודען, פון אילינאיז.

האנדעלס סעקרעטערי — הערבערט הואווער.

## טערקישער אפמאך וועט צוריקגערופען ווערען

לאנדאן, יוני 17. — די היגע צייטונג „דיילי מעיל" מעלדעט היינט אז די אליי־אירטע וועלען צוריקרופען דעם אפמאך מיט טערקיי, נאכדעם ווי דער טערקישער גרענד וויזיר וועט ארויסטרעטען מיט פראטעסטען געגען די שווערע פונקטען פון אפמאך. די צייטונג פארזיכערט, אז דיזע ידיעה האט זי באקומען פון זעהר טרויענסווערטע קוועלען.

דער טערקישער אפמאך איז פאר די אליאירטע רעגירונגען איינע פון די שווער־סטע פראבלעמען, אויסער וואס דער פיהרער פון די טערקישע נאציאנאליסטען קעמאל פאשא ווייזט ארויס א באוואפענ־טען ווידערשטאנד, זענען די אלייעס, ווי מ'גיט איבער, איצט ניט איניג וועגען זייער שטעלונג צו טערקיי.

## פרעזידענט ווילסאן פערזענליך אבא־קירט אין ענגלישען פארלאמענט

נעכטען איז אין דעם ענגלישען פארלא־מענט געפרעגט געווארען א פראגע, צו פרעזידענט ווילסאן האט דאס רעכט צו באשטימען די גרעניצען פון דער ארמעני־שער רעפובליק. די פראגע האט געשטעלט האראציא באטאמליי, א מיטגליעד פון ענג־לישען פארלאמענט, וועלכער האט זיך לעצטענס באריהמט געמאכט מיט זיינע שארפע אטאקעס אויף די פאראייניגטע שטאאטען. ער האט געפרעגט, צי האט עס ווען ניט אין פאסירט, אז א פארשטעהער פון א פרעמדען לאנד זאל איינגעלאדען ווערען, אלס פריוואטע פערזאן, אריינצו־מישען זיך אין אינטערנאציאנאלע סכסו־כים. ער האט געפרעגט, וואס פאר א רעכטע האט עס פרעזידענט ווילסאן אין דערביי האט ער באמערקט: „האבען דען מיר נאך ווייניג געליטען פון זיינע פער־זענליכע מיינונגען?"

באנאר לאו, דער רעגירונגס פארשטע־הער, האט געענטפערט, אז לויט זיין מיי־נונג האט פרעזידענט ווילסאן דאס רעכט צו באשטימען די גרעניצען פון ארמעניען. דער דאזיגער ענטפער איז פון אלעמען אפלאדירט געווארען.

## מאן פון 3 ווייבער שנעל באשטראפט

דזשאן ה. אלדפיעלד'ן האט זיך דינ־סטאג 5 א זייגער פארנאכט גאר ניט גע־חלומ'ט, אז אין זיין לעבען וועלען פאר־קומען אזעלכע שנעלע געשעהענישען. מאכט זיך אבער, דאס 5.30 דינסטאג פאר־נאכט ווערט ער ארעסטירט אויף א קלא־גע פון ביגאמיע און מיטוואך אווענט איז ער שוין צוגע'משפט געווארען פון ריכ־טער הערי קיידאן צו טורמע פון 2½ ביז 5 יאהר.

די געשיכטע איז פאלגענדע:

דזשאן ה. אלדפיעלד איז 30 יאהר אלט. וואוינען וואוינט ער אין האטעל קעדילאק מיט א פרוי, וואס טראגט דעם פאמיליען נאמען העלען נייטס.

מאכט זיך א מעשה און „עפעס א פרוי" מיט'ן נאמען ערימה סמיטה גיט אריין א קלאגע געגען אלדפיעלד'ען, אז ער וויל זי ניט מפרנס זיין („נאן סופארט" רופט מאן דאס היינטיגע צייטען).

און אין דער זעלבער צייט ווייס ערימה סמיטה ניט פון דער מעשה, אז איהר מאן וואוינט אין האטעל קעדילאק מיט אן אנדער פרוי.

זיינען דאך אבער פאראן צייטו־נגען. דערוויסט זיך העלען נייטס, אז איהר מאן ווערט געקלאגט אין קאורט פאר „נאן סופארט".

פון וועמען?

פון ערימה סמיטה.

האבען די פרויען זיך אפגעזוכט, זיך צוזאמענגערעדט און זיי זיינען ביידע אין איין אטעם אוועקגעלאפען צום אס'סטענט פראסעקיוטאר סייערס און דערצעהלען איהם אזא היסטאריע.

ערימה סמיטה האט געהייראט מיט אלדפיעלד'ן דעם 24טען אויגוסט, 1914; אין יאהר 1919 האט זיך אלדפיעלד פלוצלינג פארליעבט אין א מיידעל מיט דעם נאמען אגנעס נארמאן און טאקע גלייך מיט איהר געהייראט און [illegible] דעם 2טען יוני, 1920, איז אין האטעל קעד־דילאק געפראוועט געווארען די חתונה צווישען אלדפיעלד'ן און מיס נייטס.

עס פארשטעהט זיך, אז אויסהערענדיג אזא מעשה, האט דער פראסעקיוטאר גלייך ארויסגעגעבען א ווארענט און אלדפיעלד איז ארעסטירט געווארען.

נאכ'ן ארעסט איז אלדפיעלד גענו־מען געווארען אויף א פאהער פון אס'סטענט פראסעקיוטאר קאקס און ער האט זיך ערקלעהרט וויליג מודה צו זיין אין זיין פארברעכען. מר. קאקס דערצעהלט, אז אלדפיעלד האט געהאט פיער ווייבער, נאר אזוי ווי ער האט איינע אפגע'גט, וועט ער דארפען בלויז אפקומען פאר דריי.

אלדפיעלד האט גע'טענה'ט, אז ער האט „א הארץ, וואס איז גענוג גרויס פאר זיינע 3 ווייבער". און אז ער האט זיי אלע ליעב און זיי ליעבען איהם אויך. דערביי האט ער באמערקט, דאס ער האט זיך מיט זיינע ווייבער ניט אפגענארט: „זיי זענען אלע גוטע".

## איטאליענער באמבארדירען אלבאנישען האפען

רוים, יוני 17. — די צייטונג „טריבונא" מעלדעט, אז איטאליענישע קריעגס־שיפען באמבארדי־רען טריאנארא אויף דעם אלבאנישען ים־ברעג. די איטאליענער האבען פאר־לאזען פארמע פאלערמא נאכדעם ווי זיי האבען פארניכטעט די אמוניציע, וואס זיי האבען דארט געפונען.

## ערשטער טראנספארט הילפס אר־טיקלען קיין סאוועטען רוסלאנד

פון איהר אייראפעאישען דירעקטאר דר. יוליוס גאלדמאן האט די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע נעכטען געקרא־גען פאלגענדע קייבעל:

„פאריז, יוני 14. —

„אויף'ן גרונד פון באפרידיגענדע ידיעות, וואס א דעלעגאט געקראגען וועגען איבערשיקען הילף אין סאוועטען רוס־לאנד, וועט אונזער לאנדאנער אפיס אין גיכען ארויסשיקען קיין רעוועל דעם ערשטען טראנספארט פון פארשיעדענע הילפס־ארטיקלען קיין אוקראינע, וואס געפינט זיך אונטער דער מאכט פון דער סאוועטען רעגירונג. די ערשטע פראבע פון שיקען הילף קיין סאוועטען רוסלאנד ווערט געמאכט אונטער דער אויפזיכט פון דער אינטערנאציאנאלער הילפס־געזעלשאפט אין קאפענהאגען".

## אידען פאגראמירט און גע'רודפ'ט אין אונגארען

וויען. — די שרעקליכע רדיפות און פאגראמען אויף אידען אין אונגארן ווע־רען פארטגעזעצט מיט דער גרעסטער ווילדקייט. ברוטאלע אטאקעס אויף אידען קומען פאר סיי אין דער הויפט שטאדט בודאפעסט און סיי אין די פראווינץ שטעדט.

אין דער שטאדט טעלעקי טער זיינען אידען אריינגעטריבען געווארען אין שטאדטישען מארקעט פלאץ און זיינען ארומגערינגעלט געווארען מיט מאשין ביק־סען און מען האט זיי געצוואונגען צו בא־ווייזען דאקומענטען ווער און וואס זיי זיינען, אויב זיי זיינען חלילה ניט קיינע פרעמדע. דערווייל האבען די פאליציי און סאלדאטען מערדערליך געשלאגען די אידען. פיעלע אידישע געשעפטען זיינען אויסגעפלינדערט געווארען. די סאלדא־טען און פאליציי האבען אויך ניט גע־שוינט אידישע פרויען. עטליכע אידישע שוואנגערענדע פרויען זיינען געפעהרליך פארוואונדעט געווארען.

אין בודאפעסט האבען סאלדאטען זיך אריינגעריסען אין א גרויסען רעסטאראן און האבען זיך גענומען צו שלאגען און בארויבען אידען. פון צוויי פרעמדע אידען האבען די סאלדאטען צוגענומען 50,000 קראנען. די סאלדאטען האבען געהאט ער־קלעהרט דאס זיי וועלען אפגעבען דאס געלד פאר דער ארמעע נאכהער האבען זיי אבער איינעם פון די בארויבטע צוויי אויסלענדישע אידען ארויסגעווארפען דורך פענסטער פון צווייטען שטאק און דער אומגליקליכער איז אויף'ן שטעל דערהרג'עט געווארען.

אין סעגעדין, אונגארן, פיהרען די אנטי־סעמיטען אן א שטארקע פאגראם אגיטא־ציע. דער שעף פון דער פאליציי אין סע־געדין האט באקאנט געמאכט דאס ער וועט מיט א פעסטע האנד אונטערדריקען יעדען פרווו אנצופאנגען א פאגראם אויף אידען, און ער האט אויך פאר־שפראכען צו אונטערדריקען אנטיסעמיטי־שע אגיטאציעס.

דער אונגארישער קריעגס מיניסטער האט מודה געווען אין פארלאמענט, דאס די אונגארישע אפיצירען בילדען דעם אנטיסעמיטישען פארבאנד, וועלכער פיהרט אן אן אנטיסעמיטישע פראפאגאנ־דע צווישען די אונגארישע פויערים.

דער אונגארישער פרעמיער האט פאר־שפראכען צו מאכען א שטרענגע אונטער־זוכונג וועגען דער פאגראם טעטיגקייט פון מאנכע אונגארישע אפיצירען.

דער אונגארישער אגריקולטור מיניס־טער האט געהאלטען א רעדע אין וועלכער ער האט באשולדיגט די אידען אז זיי פאר־אייניגען זיך מיט די פארם ארבייטער מיט'ן צוועק ארויסצורופען די לאנד־אייגענטימער און ארויסצורופען א רעוואַ־לוציאן.

## אידען געשלאגען פון פוילישע סאלדאטען

לאנדאן. — אין טשערעמיכא, פוי־לען, זיינען סאלדאטען איבערפאלען אי־דען אויף דער אייזענבאהן סטאנציע און האבען מערדערליך געשלאגען די אידען און האבען זיך גענומען צו שניי־דען אידישע בערד.

צווישען די אטאקירטע אידען איז אויך געווען א חסידי'שער רבי. טראץ דעם וואס די אידען האבען געגעבען געלד די סאלדאטען זיי זאלען ניט אטא־קירען דעם רבי'ן, האבען זיי דאך אפ־געשניטען דעם רבי'ן די בארד.

די באאמטע פון סטיישאן האבען זיך ענטזאגט אריינצומישען און אפצושטע־לען די ברוטאלע אטאקע אויף די אי־דען.

אויף דער סטאנציע אין סוויס'אטש איז פארגעקומען אן ענליכע אטאקע אויף אידען, אבער דארטען האבען די באאמטע אונטערדריקט דעם אנטיסע־מיטישען אנגריף.

### אנטיסעמיטיזם פארשפרייט זיך צווי־שען סטודענטען

אין אגראם, יוגא־סלאוויען, האבען די סטודענטען אין אוניווערזיטעט באשלא־סען צו פאדערען איינצופיהרען א פרא־צענט נארמע פאר אידישע סטודענטען. די אידישע סטודענטען האבען אבער צוגעשיקט א מעמאראנדום צום סענאט פאדראמענדיג די פאדערונג פון זייערע אנטיסעמיטישע חברים.

די אוניווערזיטעט סטודענטען אין יענא, דייטשלאנד, האבען באשלאסען צו ווענדען זיך צו דער רעגירונג מיט א ביטע איינצופיהרען א פראצענט נאר־מע פאר אידישע סטודענטען אין מע־דיצינישע פאקולטעט.

### ענגלישער צייטונג פראטעסטירט גע־גען רוסישע רעאקציאנערען

פעטליורא'ס אוקראינישע רעגירונג האט ווידער באשטימט פנחס קראסני אלס מיניסטער פון אידישע אנגעלע־גענהייטען.

די היעגע ליבעראלע צייטונג „דעילי ניוס" איז ארויס מיט א פראטעסט גע־גען די רוסישע זשורנאלען וועלכע ווע־רען ארויסגעגעבען פון די רוסישע רע־אקציאנערען אין ענגלאנד. די „דעילי ניוס" שרייבט דאס די אגיטאציע פון דיעזע רוסישע צייטונגען, אז די אידען זענען א געפאהר פאר דער וועלט, איז א קרימינעלער פארברעכען. די פענזצי־יאנעלע רעאקציאנערע אינטריגעס זיי־נען א ווירקליכע געפאהר.

דער וועג
THE DETROIT JEWISH DAILY
Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY. INC.
347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715
J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.
B. I. GOLDSTEIN, Editor
(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)
Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.

# די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע און לאנדסלייט פאראיין

עס איז דער אלט־נייער קאמף: צוויי שטרעמונגען, צוויי אנשויאונגען, אדער ריכטיגער און בעסער געזאגט; איד און יאהודי פיהרען א קאמף. דער דעמאקראטישער איד און דער ביוראקראטישער יאהודי האבען זיך איצט צוזאמענגעטראפען לפונדק אחד און איינער דעם אנדערען וויל נישט אפטרעטען.

דער פונדק — די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע — איז צו ענג פאר דיזע צוויי ערליי שטרעמונגען און אנשויאונגען. דער יאהודי שטעהט פעסט אויף זיין פאזיציע און נישט קוקענדיג דערויף וואס ער פיהלט אז זיין כסא מלוכה וואקעלט זיך, איז ער דאך הארטנעקיג און וויל נישט צוהערען זיך צו די פאדערונגען פון איד.

די אידען האבען געפאדערט א דעמאקראטישע געלד־צעטיילונג אין אייראפא; די אידען האבען געפאדערט, אז מען זאל בעת'ן הילף־געבען נישט איגנארירען די רייסערייען פון די פאליטישע פארטייען און די רוסישע אדער פוילישע צו אוקראינישע געגענדען; די פיפעלס רעליעף האט געפאדערט גלייכבארעכטיגונג פאר די פאלקס שולען ... און די אלע פאדערונגען זיינען איגנארירט געווארען.

און געשארפט האט זיך דער קאמף צווישען איד און יאהודי, צווישען דעמאקראטיע און אויטאקראטיע.

האט זיך אנגעפאנגען די פראגע וועגען קאנסטרוקטיווע און פילאנטראפישע הילף. דער יאהודי וויל דאס לעצטע ... ער איז נישט געוועהנט אנדערש; דער איד האט געפאדערט אז עס זאלען געשאפען ווערען אזעלכע מיטלען און וועגען פון הילף, וואס זאלען נישט טראגען דעם כאראקטער פון צדקה, נאר ריקאנסטרוקציע; אז עס זאל בכלל זיין א כאראקטער פון פריינדשאפט, היימישקייט צווישען דעם געבער און דעם נעהמער.

דאן איז צוגעקומען דער סכסוך וועגען דעם אלטוועלטליכען הילפס קאנגרעס, אין וועלכען די דזשאינט דיסטריביושאן האט נישט געוואלט באטייליגען זיך.

דאס איז געווען דער בולט'ער ענטפער פון די יאהודים אויף דעם רוף פון די אידען.

מען האט זיך געמוזט ארומזעהן ביי די אידען, אז די יאהודים זיינען נאך אלץ דיזעלבע הערען ווי אמאל און קענען זיך נישט אפגעוועהנען פון צו קוקען מיט שמייכעל פון אויבען אויף די אידען און אויף די ארבייטען און פלענער פון דער אידישער גאס.

האבען די לאנדסמאנשאפטען — ווי שוין געשריבען אין א פריהערדיגען ארטיקעל — באשלאסען אליין צו טאן די ארבייט לויט דער אידישער שכל און יושר דיקטירט זיי.

אט אזוי איז געקומען דער רעוואלט!

תמיד איז עס אזוי: קומט די אויטאקראטיע און ביוראקראטיע נישט נאך די פארלאנגען פון דער דעמאקראטיע, מוז עס סוף כל סוף קומען צו רעוואלט.

די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע האט דאס דערפיהלט.

און זי וועט בקרב מוזען בייטען איהר טאקטיק, אויב זי וועט נישט וועלען אז די לאנדסמאנשאפטען זאלען נישט שעדיגען מעהר איהר ארבייט.

אזוי איז דער מצב אין די גרויסע אידישע צענטערען אין אמעריקא.

אין דער פראווינץ איז מען אינגאנצען נישט באקאנט מיט דער ארבייט פון די לאנדסמאנשאפטען און נישט מיט זייערע פאדערונגען. מען שטעלט זיך נישט אפ א פרעג טאן ווארים די דזשאינט דיסטריביושאן רעכענט זיך נישט מיט די פארלאנגען פון די אידישע געבער דא און מיט די בקשות פון די נעהמער דארטען, מעבר לים.

קומט אמאל א פעהיגער מקונן, רייסט ער אויס אביסעל געלד ביי די פראווינציעלע אידען און דערמיט זיינען זיי יוצא.

דאס רוב אין דער פראווינץ געהט מיט'ן גאנג, אז מן הסתם וועט שוין ניו־יארק אליין „סעטלען" אלע סכסוכים און וועט זעהן אז אלעס זאל זיין כשורה.

דער אמת אבער איז, אז די פראווינץ איז א גרויסע קראפט און וואלט אליין געקענט א סך אויפטאן, ווען זי זאל גלויבען אין זיך און איהר קראפט; ווען זי וואלט זיך נישט געפילט אליין צו נעהמען דעם גורל אין אייגענער האנד. ווארים וואס אנבאלאנגט דעם פינאנציעלען מצב שטעהט די פראווינץ נישט נידריגער, אויב נישט העכער פון ניו־יארק. די אידישע גאס אין דער פראווינץ — משפט'ענדיג פון דעטראיט — איז ברוך השם נישט ארימער איידער די ניו־יארק'ער אידישע גאס.

עס וואלט אויך דא באדארפט עטוואס געטאן ווערען. די לאנדסמאנשאפטען וואלטען צו דיעזען צוועק זיך באדארפט ענגער פארבינדען און אנפאנגען אן איינענע, ברייטע ריעזיגע טעטיגקייט.

צו דיעזער טעמא באריכט וועט כדאי זיין אומצוקעהרען זיך ביי א צווייטער געלעגענהייט.

# די יוראפיען ווימען אסס'ן

דער פרויען הילפס פאראיין, אדער ווי ער איז באקאנט אונטערן נאמען „דהי יוראפיען דזשואיש ווימען וועלפעיר אסאסיאיישאן" איז איבעריג פון דרייד צו צו גוטע מעשים.

ביי דער פארזאמלונג וואס איז פארגעקומען לעצטען מאנטאג אווענד איז באשלאסען געווארען אפצושיקען די ערשטע צוועלף שיפסקארטען קיין אייראפא און אריבערברענגען פון דארטען אהער יענע פאראומגליקטע, וואס צאפלען זיך אין די גיהנום'ס פון די פארשיעדענע אידען פיינדליכע געגענדען.

פיער שיפסקארטען זיינען אפגעשיקט געווארען קיין פינסק, צוויי קיין לודזשאן און זעקס קיין לעוווא, אין דער בוקאווינא.

עס איז א התחלה.

נישט מיט דיעזער ארבייט אליין וועט זיך אפשטעלען דאס טעטיגקייט פון דיעזען פאראיין.

א גרויס און ברייט פעלד פון ארבייט שטעהט פאר דיעזען וויכטיגען פאראיין; זיי האבען פאר זיך א גרויסע ליסטע פון א פארשיעדענארטיגער ארבייט, און האבען זיי דעם ערשטען שפאן געמאכט, וועלען זיי שוין, זיכערליך, ווייטער געהן און פארזעצען זייער טעטיגקייט.

זאל מען זיי נאר נישט איבערלאזען אליין.

די אונטערגענומענע ארבייט פון דיעזער אסאסיאיישאן איז אזא נויטיגע, דאס עס מוזען צו הילף קומען אלע די, וועמען דער פינסטערער גורל פון אונזערע נאהנטע אין די גיהנום לענדער ריהרט אן און וועמעס הארץ עס בלוטעט אויף דעם טיעפען וועהטאג וואס עס האט געטראפען אונזערע איינענע אויף יענער זייט ים.

די אויפגאבע פון דיעזען פרויען פאראיין איז א שווערע. זיי אליין, דוכט זיך, באגרייפען נאך איצט נישט אויף ווי ווייט זיי וועלען זיך מוזען אנשטרענגען אום די אויפגאבע צו ערפילען.

**עס איז דערום נויטיג, אז אין זייערע רייען זאלען זיך אנשליסען די אלע** וואס פיהלען זיך בכוח'ות צו טאן עפעס לטובת דעם פאראיין. און, אגב, וואלט ראטזאם געווען אז מען זאל דאס טאן וואס פריהער.

# פאריז, ווארשא און קיעוו

פון ז. ק.

...ער מלחמה־גייסט איז נאך אלץ מעכטיג אין פאריז. דער שווערפונקט פון אייראפעאישען מיליטאריזם האט זיך איבערגערוקט פון בערלין קיין פאריז. קיין רעגירונג פיהלט ניט אויף זיך אזוי דעם דרוק פון א מיליטערישער קליקע, ווי די רעגירונג פון פאריז. דער אל־מעכטיגער דייטשער מיליטאריזם איז טויט אין בערלין. דער ענגלישער ריזשינגאאיזם, וועמענס איינפלוס אויף דער לאנדאנער רעגירונג האט קיינמאל ניט ערווארבען זיך קיין „בירגער־רעכט", האט נאך זיך איבערגעלאזען א בלוט־אריגען יורש אין דער פערזאן פון ווינסטאן טשורטשיל. רוים, אויף וויפיעל זי איז געווען פארקערפערט אין דעם נארוואס רעזיגנירטען פרעמיער ניטי, האט זיך פארוואנדעלט אין א בארג סני, וואו א נייע תורה פון שלום איז פארגעלעגט געווארען דער חרוב'ער און ליידענדער אייראפא. און אויב דיעזע תורה איז נאך פון אייראפא ניט אנערקענט, איז אין דעם שולדיג הויפטזעכליך פאריז.

**אין פאריז איז איצט דער גענעראל־שטאב פון דער קעמפענדער אייראפא.** אין פאריז לייקענט מען נאך ניט אפ, אז די איצטיגע מלחמה פון פוילען געגען סאוויעטען רוסלאנד ווערט אקטיוו געשטיצט פון דער פראנצויזישער רעגירונג. אין פאריז האט מען עפענטליך ערקלעהרט, אז גענעראל פאש פאהרט קיין ווארשא מיט'ן צוועק פון צוגרייטען א פוילישען אנגריף אויף רוסלאנד.

און ווארשא?

זינט דער וואפענשטילשטאנד איז אונטערגעשריבען געווארען, דעם 11טען נאוועמבער, 1918, האבען זיך די שלאכט פעלדער פון בעלגיום און פראנקרייך אריבערגעטראגען קיין מזרח־פרייסען, אוקראינישער גאליציען, ליטא און וויים־רוסלאנד. ווארשא איז דאן פלוצלינג געווארען דער צענטער, וואו טאג־טעגליך ווערען פארעפענטליכט קריגס־באריכטען פון מיליטערישען פראנט. פאר די לעצטע 18 מאנאטען האלט פוילען אין איין פיהרען מלחמות. פוילען איז דאס איינציגע לאנד, וואס האט זיך גענומען מיט דער שווערד ערווערבען שטיקער טעריטאריעס, אויף וועלכע זי האט גערעכטע אדער אומגערעכטע פרעטענזיעס. מיט דעם צופאלען פון דער האבסבורגער דינאסטיע זענען פיעלע קליינע פעלקער באפרייט געווארען. די גרעניצען פון דיעזע פעלקער זענען נאך ביז היינט־צו־טאג ניט פעסטגעשטעלט. עס זענען דא פיעל וכוחים צווישען די שכנות'דיגע לענדער. אבער דער גייסט פון א פריעדליכער לעזונג פון דער גרעניץ־פראבלעם הערשט אומעטום. א פארשטענדעניש וועט דאך קומען צווישען די שטרייטענדע צדדים.

ווארשא אבער האלט ניט פון קיין פארשטענדעניש. ווארשא ווייס, דאס זי האט א שטארקען צד ביים וועלט־טיש. ווארשא פיהלט, אז איהר פארכאפען די ליטווישע ווילנא וועט געשטיצט ווערען אין פאריז; אז איהר ארייננדרינגען אין דער וויים־רוסישער מינסק וועט וטנעהיםען ווערען פון גענעראל פאש, ווארים ווארשא, מיט דער ברכה פון פאריז, האט פאר זיך א וועלט־מיסיע: ראטעווען די ציוויליזאציע פון בארבארישען באלשעוויזם.

און די טענות פון ליטא, אדער וויים־רוסלאנד, געגען דעם פארכאפען פון פוילישען מיליטער זייערע טעריטאריעס האבען די וועלט ניט דערגרייכט. ווארים קיינמאל איז נאך דער יעזואיטישער פרינציפ: „דער ציעל בארעכטיגט די מיטלען" אזוי בולט ניט געווען אין דער וועלט־פאליטיק, ווי אין דער שטעלונג פון די אליאירטע צום סאוויעטען רוסלאנד. וויפיעל פארברעכענס זענען ניט באגאנגען געווארען אין דעם נאמען פון היילינען קריעג געגען באלשעוויזם! אמת, אין דעם פארלויף פון די לעצטע מאנאטען איז דער „רוקען ביין" פון דעם פאראייניגטען פראנט געגען רוסלאנד צעבראכען געווארען. גריגארי קראסין, דער ספעציעלער שליח פון דער מאסקווא'ר רעגירונג האלט אפ קאנפערענצען מיט דעם ענגלישען קאבינעט. לאיד דזשארדזש, דער ענגלישער פרעמיער, ערקלעהרט עפענטליך אין פארלאמענט, אז דער באלשעוויסטישער טייוועל איז ניט אזוי שרעקליך, ווי מען האט איהם געמאלען. אבער פאריז איז ניט גערירט פון די אלע אומשטענדען. אין פאריז ווערט נאך אלץ אנגעפירט א קאנספיראציע געגען א פארשטענדעניש מיט רוסלאנד. אין פאריז איז דער מקום־מקלט פאר אלע רוסישע קאנטער־רעוואלוציאנערען און שווארצע מאה'ניקעס.

וואלט פאריז אויפגעגעבען דעם קאמף געגען רוסלאנד, וואלט דאן ווארשא ניט געהאט קיין מקור, פון וואנען צו ציהען חיונה פאר איהר אימפעריאליזם. ווען ניט פאריז, וואלט די יונגע פוילישע רעפובליק ניט געווען אזוי ווילד שאוועניסטיש. נאר דורך דער אונמיטעלבארער שטיצע פון פאריז איז ווארשא אזוי אגרעסיוו.

אמקלאהרסטען האט זיך ארויסגעוויזען דער דירעקטער איינפלוס פון פאריז אויף ווארשא, ווען פוילען האט מיט א זעקס וואכען צוריק אנגעפאנגען איהר אנגריף אויף רוסלאנד. דער אנפאל איז פאר דער אויסערליכער וועלט געקומען אלס אן איבערראשונג. פוילען האט ענדליך באקומען די ערלויבעניש שלום צו מאכען מיט די באלשעוויקעס. שלום־אונטערהאנדלונגען זענען פאר א געוויסער צייט אנגעגאנגען צווישען מאסקווא און ווארשא. פוילען האט ארויסגעשטעלט אומגעלומפערטע, ווילדע פאדערונגען, וועלכע האבען באצוועקט דאס צוריק שטעלען פונ'ם פוילען פון יאהר 1772. רוסלאנד האט זיך קאטעגאריש ענטזאגט נאכצוגעבען דיעזע רויבערישע אפעטיטען פון פוילישען אימפעריאליזם. דאך זענען די פארהאנדלונגען פארטגעזעצט געווארען, און די איינציגע אורזאכע, וועלכע האט געשטערט דאס צוזאמענקומען פון פוילישע און רוסישע שלום־דעלעגאטען, איז געווען דער פלאץ פון דער שלום־קאנפערענץ. ווארשא האט זיך איינגעעקשנ'ט, אז די פארהאנדלונגען מוזען פארקומען אין באריסאוו. די סאוויעטען רעגירונג האבען דאגעגען געטענה'ט, אז באריסאוו קען ניט זיין קיין שלום־פלאץ, ווייל די שטאדט געפינט זיך אויפ'ן פוילישען פראנט. און די פארהאנדלונגען זענען נאך אפיציעל אפילו ניט איבערגעריסען געווארען, ווען פלוצלינג האט ווארשא אנגעפאנגען איהר לעצטען מארש אין אוקראינע און האט גענומען קיעוו.

דיעזער נייער קריעג פון פוילען געגען רוסלאנד האט שוין ניט געטראגען קיין פארטיידיגונגס־כאראקטער אפילו אין די ערקלעהרונגען פון ווארשא. אמת, דער ערשטער צוג פון דעם פוילישען מיליטער אין אוקראינע איז באגלייט געווארען מיט א פייערליכער ערקלעהרונג פון באפרייען אוקראינע פון דעם באלשעוויסטישען יאך. אבער דיעזע נייע „מיסיע" פון ווארשא האט דאך ניט געקלעקט אפילו אויף א פייגען־בלאט, מיט וועלכער צו צודעקען די אימפעריאליסטישע שאנדע.

קיעוו, די „מוטער פון רוסלאנד", וועט אין דער געשיכטע פון דער נייער, יונגער פוילישער רעפובליק פארנעהמען אנגעזעהענעם פלאץ. קיעוו איז געווען דער העכסטער פונקט, צו וועלכען עס האט דערגרייכט דער שאוויניזם פון דעם פוילישען אימפעריאליזם. קיעוו איז געווען די גרעסטע משוגעת, די גרעסטע פארפיהרערשאפט פון דער ווארשא'ער אגרעסיווער פאליטיק.

ווען דאס פוילישע מיליטער איז אריין אין קיעוו, האט דאס פוילישע פאלק יובעלירט. עס איז געווען „ששון ושמחה" אויך אין פאריז. פאריז האט גע'חלום'ט, אז מיט דעם פאלען פון קיעוו וועט די מאסקווא'ר רעגירונג דיסארגאניזירט ווערען. דאס פוילישע פאלק, זענענדיג פארפיהרט דורך די „גלענצענדע" נצחונות איבער דער רויטער ארמעע, האט זיך ענטוזיאסטיש איינגעלעבט מיט דעם חלום צו פארוואנדלען זיך איבערנאכט פון אן אונטערדריקט לאנד אין א וועלט־מאכט.

און די חלומות פון פאריז און ווארשא האבען אויסגעזעהן, אויבערפלעכליך, צו זיין א ווירקליכקייט אין קיעוו. מיט דעם פוילישען אריינטרעטען אין קיעוו האבען אנטי־באלשעוויקעס, אי סאציאליסטישע, אי שווארצע־מאה'שע, געפייערט דאס אנקומען פון דער גאולה. אבער...

די פוילישע ארמעע לויפט פון קיעוו א צעשלאגענע געהנטער צו ווארשא. זשיטאמיר און בארדיטשעוו זענען צוריק אין די הענט פון דער רויטער ארמעע. די מפלה פון דעם פוילישען חיל אין אוקראינע איז א פיעל גרעסערע, ווי עס האבען וועגען איהר נביאות געזאגט מיליטערישע עקספערטען אין לאנדאן.

אויך אין ווארשא, איידער קיעוו איז נאך צוריקגענומען געווארען פון דער רויטער ארמעע, איז דער קאבינעט־מיניסטעריום געפאלען. כל זמן די פוילישע ארמעע איז געווען זיעגרייך, האט דער פוילישער סיים גאר ניט געהאט דאגעגען א „בופער־שטאאט" צווישען סאוויעטען רוסלאנד און פוילען. ווי נאר די רויטע ארמעע האט צוריק באוויזען סמנים פון לעבען, האט זיך די אימפעריאליסטישע שכרות אנגעפאנגען אויסצואוועפען ביים פוילישען פארלאמענט. דער פוילישער אויסערן מיניסטער פאטעק איז אפגעפאהרען פון ווארשא קיין פאריז מיט דער אבזיכט וועגען שליסען שלום מיט רוסלאנד, איידער דאס מיניסטעריום האט רעזיגנירט. אויב דיעזער באריכט איז אפילו ניט ריכטיג, איז ער אבער כאראקטעריסטיש פאר דער טענדענץ, וועלכע האט פריהער געפיהרט פון פאריז קיין ווארשא צו קיעוו. קיעוו איז געווען דאס הזארט־שפיעל, וואס איז געשפיעלט געווארען אין ווארשא אונטער דעם דירעקטען איינפלוס פון פאריז. דאס שפיעל זעהט אויס צו זיין פארלארען פאר ווארשא, עס וואלט זיך דאך ניט גלויבען, אז דאס פוילישע פאלק וועט ווייטער פארגיסען זיין יונג בלוט אויף דעם מזבח פון פראנצויזישען אנטי־באלשעוויזם.

# „די גרינע פעלדער"

פון ב. י. גאלדשטיין

(וואס דאס שטיק איז און ווי עס איז געשפיעלט געווארען)

א דראמא מוז באשטעהן פון זעלען־קאנפליקטען, פון צוזאמענשטויסונגען, פון אנגעוויקעלטע פאסירונגען, פון שטארקע קלימאקסען — א דראמא איז מעהרסטענס טראגעדיע: דער קאנפליקט אין דער אידישער דראמא דערמאהנט אן איוב'ן, די צוזאמענשטויסונגען רעגען אן יעדען נערוו ביים צושויער און דער קלימאקס — דאס איז אפטמאל א וואולקאן אויסברוך פון צער אדער פונקט דאס געגענטייל.

די וואס זיינען ערצויגען געווארען אויף אזעלכע דראמעס און וואס בענקען נאך אזעלכע דראמעס; די וואס האבען בכלל א טבע צו פאדערען פונ'ם קינסטלער, אז ער זאל חלילה נישט אראפגעהן אפילו אויף א קוצו של יוד פון דעם אנגענומענעם קאדעקס פון דראמא — די האבען נישט באדארפט הנאה האבען זיצענדיג אין דעם טעאטער „ניו דעטראיט" און צוזעהן ווי עס ווערט אויפגעפיהרט דאס רוהיגע און בארוהיגענדע שטיק פון הירשביין'ען — „די גרינע פעלדער".

איך האב געזעהן אלע דריי אידיליעס פון הירשביין'ען, איך האב אבער אזוי גוט ווי גארנישט געלייענט פון זיינע געשריבענע זאכען; איך האב אפשר נישט געלייענט אפילו קיין איין ארטיקעל, צו ערצעהלונג פון פרץ הירשביין, אבער פון דעם „פארווארפענעם ווינקעל", „דעם שמיעדס טעכטער" און „די גרינע פעלדער" קען מען זיך משער זיין אז דער פארפאסער פון דיזע ווערק האלט אין איין ארויסציהען ליכטיג־העלע פערעם פון דעם אידישען לעבען אין די פארווארפענע ווינקעלעך און וועבט פון זיי אויס אידיליעס, וואס זענען א נחת צו לייענען און צו זעהן אויף דער ביהנע.

איך האב ערשט מיט א וואך, צוויי צוריק געזעהן „די גרינע פעלדער" אויפגעפיהרט אין א ניו־יארק'ער טעאטער, געשפיעלט פון דער זעלבער קאמפאניע און דאך בין איך מיט אינטערעס אויסגעזעסען די אויפפיהרונג אין דעם „ניו דעטראיט" און געדוכט האט זיך מיר, אז נישט נאר איך, נאר אלע אנוועזענדע ווערען אריבערגעטראגען ערגיץ וויים אין א דערפעל, אויף די גרינע פעלדער פון אוקראינע, אדער אנדער געגענד און עס וועבט זיך פאר אלעמענס אויגען א גאלדען מעשה'לע וועגען אידישע ברייטע און ערהויבענע נשמות; א מעשה'לע באגאסען מיט חן און אויסגעקניפט מיט פאעטישער שעהנקייט.

האנדלונג? —

יא, פאראן דא האנדלונג, פאראן דא ראמאנטישע ענטוויקלונגען, אבער זיי זיינען נישט דער עיקר. די מעשה, דאס דראמאטישע אינטערעסירט א סך ווייניגער איידער די אטמאספערע וועלכע קען, דוכט זיך, יעדען צושויער ארויסציהען פון זיינע טאג טעגליכע זארגען און איהם אריבערנעהמען אין אנדערע וועלטען, אין וועלטען וואו עס שמייכלען קינדער, וואו עס קאמביניהען זיך נאאיוויטעט, פאעטישע שעהנקייט און געמיטליכעס לעבען פון גוטע, גאנצע און ריינע מענשען.

קיין לעבענס פראבלעמען, קיין דראמאטישער קאמף, קיין טראגישער לעבענס מאטיוו פון היינט, אדער פון נעכטען!

עס איז כמעט נישטא וואס איבערצודערצעהלען: א למדן — בחור אויפ'ן דארף פון איין זייט און א בחור אן אמת קינד פון די גרינע פעלדער אין דער צווייטער זייט ווערען דורך אזא אדער אנדער ראמאנטישער פארבינדונג פאר'קנס'ט פאר צוויי מיידלעך פון די זעלבע גרינע פעלדער.

אפשר זיינען נאר מעהר קיין מיידלעך נישטא אויפ'ן דארף. אפשר איז מעהר זיין בחורים נישט. פון וואנען זשע זאל אהער קומען דראמאטישער אויסברוך, קאנפליקט און פארכאפענדער קלימאקס? אפילו די געוועהנליכע טעאטראלישע טעכניק איז דא נישט אויסגעהאלטען. עס איז דערום נישטא וואס נאכצודערצעהלען.

קענט איהר איבערדערצעהלען דעם אינהאלט פון א שעהן פאעטישען אויסגוס, וועלכער האט זיך ארויסגעריסען ביים פאעט אין א מאמענט פון צופריעדענהייט אין א מאמענט פון באגייסטערונג? קענט איהר איבערדערצעהלען דעם אינהאלט פון אן אויסגעזונגען ליעד?

פרץ הירשביין האט א ליעד, א פאעמע פארפאסט און די קינסטלער טרופע מיט בן עמי'ן אין דער שפיצע האבען דאס ליעד אויסגעזונגען.

טאקע אזוי!

איהר קענט אויך די אנטיילנעהמער אין דער אידיליע נישט ארונטערנעהמען אונטער דעם געוועהנליכען אנגענומענעם כלל פון קריטיק.

און אפשר איז עס צוליעב דעם נחת וואס זיי האבען פארשאפט. מען איז זיי דאנקבאר, מען איז זיי עפעס שולדיג געבליבען. נישט פאר א בילעטען פרייז קען מען אזוי פיעל נחת און נחמה קויפען; נישט אפילו דער אפלויז איז גענוג — אין היינטיגער צייט, ווען דער מענש ובפרט דער איד, איז אזוי פאראומערט און ווען ער קען אויף א פאר שעה ארויסגעריסען ווערען פון דעם פינסטערען הוה און אריבערגעטראגען ווערען אין געטליכער רוהיגקייט — ווער קען דען באצאהלען דערפאר!

טאמער האט דער אדער יענער שוישפיעלער דא אדער דארטען פונג געוועזן אין דער שוישפיעל קונסט — מוחל!

אלע האבען באמת געוואונען די ליעבע פון די צושויער.

פארברעכעריש קליין איז געווען די צאהל פון די צושויער יענעם אווענד ווען איך בין טעאטער געווען. אפנים אז דעטראיט פארמאגט ווייניג אינטעליגענטע טעאטער געהער וואס זאלען לויפען צו אזא פארשטעלונג. געמיינט האב איך אז צו די פארשטעלונגען פון דיזער טרופע זאלען די בילעטען אויספארקויפט ווערען מיט וואכען פריהער און דער עולם זאל לויפען, נישט געהן אין טעאטער. ווארים ווען נאך איז דעטראיט זוכה צו האבען דא אזא קינסטלער טרופע מיט אזעלכע צוויי דראמעס?

אבער אט די ביסעל מבינים וואס זיינען יא אנוועזענד געווען, האבען מיט באגייסטערטען אפלויז אויפגענומען און באגלייט די שוישפיעלער.

און אוועק איז מען פון טעאטער מיט א געדאנק אז אייגענטליך האט מען נאך ווייניג דאנקבארקייט ארויסגעוויזען די פעהיגע קינסטלער, וועלכע האבען אזוי פיעל נחת פארשאפט.

# „פילאַניע"

איינע פון די לעבעדיגסטע זייטען א שמייכעל אויף די ליפען פון א זייטיגען צוהערער, איז בלי ספק, די מאדערנע אויסדריקען און נעמען אין צוזאמענהאנג מיט דער הילפס טעטיגקייט אויף די ערטער, וועלכע זיינען ענג פארקניפט מיט די קליינשטעטלדיגע אידען און וועלכע ווערען אין זייערע מיילער איבערגעדרעהט קאפויר.

האט דען א איד אמאל געוואוסט פון א „יעקאפא" קאאפעראטיוו, אמבולאטאריע, פראדוקטיווע הילף, קאנדענסירטע מילך, רעגיסטראציע, היימלאזע וכדומה. איז ער קראנק געווען, און א ארימאן דערצו, פלעגט ער געהן אין „לינת הצדק" אדער בקור חולים נאך א רעצעפט. דארף ער שפייז, געפינט ער עס אין שפייז קרעמעל א. ז. וו. און איצט — א גאט'ס רחמנות אויף איהם איידער ער חזר'ט זיך גוט איין די „נעמען"...

למשל, א קליינשטעדטלדיגער איד פארשטעהט בשום אופן ניט די באדייטונג פון „פראדוקטיווע הילף"; ער קען זיך נארניט פארשטעלען, אז דאס זאל נים שטאמען פון ווארט „פראדוקטען". פארטיילען מאכט דאס רוב קאמיטעטען די געלט פון פראדוקטיווע הילף, וועלכע מען באקומט פון ווילנע אויף בולבע, קארן וכדומה...

און אז איהר שטעלט זיי א שאלה: סטייטש! ווי פארטוט מען דאס די געלט אויף הלכות אכילה? קוקט מען אייך אן פארוואונדערט: א מאדנע שפראך ביי אייך דארטען אין ווילנע! איהר האט דאך געקענט שרייבען דייטליכער אביסעל: שניידער הילף, שוסטער הילף, אבער ניט פראדוקטיווע הילף. פראדוקטיווע הילף האבען מיר געלערנט דעם פשט: „קויפט פראדוקטען!"...

בשום אופן וועט איהר ניט אויסלערנען א אידען פון פראווינץ זאגען ריכטיג דעם ווארט „יעקאפא". ער וועט אייך זאגען: „אקובא" יאקופא, אין נאר גוט — טוט ער אייך א טובה און זאגט „יעקאמפא" אדער „יעווקאפא". דערביי מאכט ער א מינע, ווי יענער זאגט: משוגע צו ווערען פון זיי מיט זייערע נעמען...

דערפאר איז ניטא קיין חלוקי־דעות זיינען מסכים, אז מען דארף זאגען: „קאמפעראטיוו".

שלעכט איז נאר ביי דער אלגעמיינער פארזאמלונג פון גרינדען דעם „קאמפעראטיוו", דארטען הערט איהר א מלאכים שפראך, דער פארזיצענדער וועט אייך בפרוטרוט ערקלעהרען, ווי מען דארף זיך „ריסטריען אין פאיעס" (רעגיסטרירען זיך אלס מיטגליעדער און איינצאלען „פייען"); נאכדעם וועט ער אייך אויסרעכנען די מעלות טובות פון א „קאמפעראטיוו". די טייערע זאכען, וואס מען וועט צושיקען אזש פון אמעריקא, וואס אונזערע אבות־אבותינו האבען דאס ניט געזעהן: „קאקא מיט קעקס, מיט עקסעדירטע מילך"... (קאנדענסירטע מילך)

און אז א זייטיגער מענש שטעהט דערביי הערט זיך צו די אלע משונהדיגע אויסדריקען און ווערטער און לאכט זיך פאנאנדער מיט א הילכיגען געלעכטער — פאלען זיי ביי זיך ניט אראפ, שאקלען צו מיט'ן קאפ, ווי זיי וואלטען אייך באדויערען: וואס איז דער געלעכטער? האבען מיר די גוט יאר, וואס אזוי איז שענער און אידישליכער...

יצחק.

(ווילנער „איד. ציימונג")

# אין א ווינקעל פון דעטראיט

ראמאן פון ב. איסאיעוויטש

(פארטזעצונג)

(פינף און צוואנציגסטעס קאפיטעל)

ריכטיג אין ציים.

ביי דער שוועל פון די דריי טרעפ, וואס פיהרען צום אריינגאנג אין פאליציי הויז, האט דזשאזעף זיך אנגעטראפען מיט דעם שפיאן דייווידאוו.

ווען עס זאל געווען אימיצער שטעהן א פאאר מינוט ביי דער באגעגעניש פון דזשאזעף'ן מיט דעם שפיאן דייווידאוו, און זיך געווען צוקוקען וואס עס האט פאסירט פון די ערשטע פאאר ווערטער וואס דזשאזעף האט איהם געפרעגט און וואס דייווידאוו האט איהם געענטפערט און נאכדעם זעהענדיג ווי דייווידאוו האט געגעבען א פליה אראפ פון די דריי טרעפ און געגעבען א פאל צו צו דער טיהר, וואלט דער פרעמדער — וואס וואלט צוגעזעהן די סצענע און ניט געהערט וואס די צוויי האבען צווישען זיך גערעדט — וואלט ער געמיינט אז ניט אנדערש נאר דזשאזעף איז פון זינען אראפ

— איז דא פאראן א יהודה וועגען א מיידעל מערי רובינאוו? — האט דזשאזעף א כאפ געטאן דייווידאוו ביי דער שוועל.

— פאראן — האט דייווידאוו מיט א שרעק געענטפערט — זי איז דא ארעס־טירט.

— פארוואס? — האט דזשאזעף מיט א רציחה א פרעג געטאן.

— פאר ארומשלעפען זיך איבער די גאס און אפשטעלען פרעמדע מענער.

אהן שום טענות ומענות, האט דזשאזעף א הויב געטאן די האנד און איהם דערלאנגט אזא קלאפ אין געזיכט, אז יע־נער איז ארונטערגעפלויגען פון די דריי טרעפ און ווען ניט די טיר, וואלט ער וואס עס ווייס באלד פארקומען איבער מי יודע וואהין פארפלויגען.

אט דאס הויבט זיך ערשט אן — האט דייווידאוו א קלעהר געטאן — דארטען זיצט דער אלטער פארבשטיין מיט איהר פארשלאפען ביי זיך אין קאבינעט און מען הערט מעהר ניט ווי נאר געשרייען דאס פון איהר און דאס פון איהם. און דא קומט דער זוהן צולויפען און מאכט סקאנדאלען. און אלץ איבער דעם פאר־ראכטען ארעסט.

און דייווידאוו האט מורא'דיג חרטה: צו וואס האט ער דאס נאר בעדארפט? צו וואס האט ער זי נאר ארעסטירט? ער וואלט בעדארפט [illegible] באלד פרעגען שטרענגער אביסעל די אפגעשטעלטע מע־נער, וואס זי האט געוואלט פון זיי. מאלע וואס א מיידעל פרעגט זיך נאך אויף א גאס? זאגט דאך טאקע דער ערשטער אויטאמאביל־פיהרער, צו וועמען דאס מיידעל איז צוגעגאנגען, אז דאס האט זי איהם געפרעגט אויף טשערי סטריט. ווי אזוי זשע ארעסטירט מען א מיידעל אהן א שום אורזאכע?

און ווער ווייס ווער זי איז? אפשר א קרובה פון די פארבשטיין'ס? אפשר א טאכטער פון אן איינפלוס־רייכען מענשען?

דייווידאוו וואלט באשטשאנען אז מיט דעם קלאפ וואס ער האט באקומען פון דזשאזעף'ן זאל זיך ענדיגען. מילא, וואלט כאטש קיין ערגערעס ניט פאסירט.

ער צאטערט זעהר אז עס זאל קיין ערגערעס ניט געשעהן.

עס וועט נאך דער אלטער פארבשטיין האבען עפעס מסתמא וואס צו זאגען.

זיינע צרות הויבען זיך ערשט אן.

אזוי האט דייווידאוו פאראויסגעזעהן, דעם וואס ער וואס עס וועט באלד פארקומען איבער דעם וואס ער האט ארעסטירט דאס מיי־דעל מערי רובינאוו.

* * *

דזשאזעף האט זיך באלד דערוואוסט, וואו מרים געפינט זיך: אין געריכטס־זאל — האט מען איהם געזאגט ווען ער זי טרעפען.

איז ער מאמענטאל אראפגעלאפען פון די טרעפ. וויעדער אפגעשטויסען דייווי־דאוו'ן ביי דער טיר, איז ארויס און גע־רופען חנה'ן מיט זיך.

— קום — האט ער איהר געזאגט, אויף דעם שטיינער פון די אמעריקאנער, ניט איהרצענדיג קיינעם — קום מערי איז היער.

חנה איז א שפרונג געטאן פון'ם אויטאמאביל און ביידע זיינען אריין אין פא־ליס קאורט.

דארטען אבער האבען זיי זי ניט גע־פונען.

זיינען זיי ביידע אריין אין דער אפ־טיילונג פון געריכט. וואו מען האלט די פרויען ארעסטאנטקעס באזונדער, ביז מען רופט זיי, ווען עס קומט פאר זייער פראצעס.

חנה האט עפעס געוואלט פרעגען דזשאזעף'ן. זי האט געוואלט וויסען, ווארום מרים איז ארעסטירט. ווען און ווי אזוי זי איז ארעסטירט געווארען, אבער זי האט ניט געקענט איצט זיך צוזאמענריידען מיט דזשאזעף'ן

זי האט א קוק געטאן אויף איהם און דערזעהן ווי ער איז צעטרערט, ווי ער איז צומישט. א שרעק קוקט ארויס פון זיינע אויגען; זיין פנים איז בלאס און זיין ריידען איז געריגט, איילענדיג.

ווען זיי זיינען אריין אין דער פרויען אפטיילונג האבען זיי אויף דארטען זי ניט געפונען.

דזשאזעף איז צו צו דער מיסעס ברייסטער און געפרעגט זי אויף מערי רובינאוו.

— אט דא איז זי — האט די מיסעס ברייסטער געענטפערט, אנווייזענדיג דזשאזעף'ן אויף דער טיר וואס פיהרט צו זיין פאטער אין קאבינעט.

ער האט א כאפ געטאן חנה'ן ביי דער האנד און זי ציטגעצויגען צו דער טיר. ניט אנקלאפענדיג האט דזשאזעף א ריס געטאן די טיר.

דזשאזעף אליין האט ניט געוואוסט אין דיעזער מינוט אז עפענענדיג די טיר וועט ער פאר זיך דערזעהן זיין אייגע־נעם פאטער.

אין יענער מינוט האט ער נאר פאר־געסען צי זיין פאטער איז א ריכטער און צי איז ער א ריכטער אין דעם ראזיגען בעצירק, וואו ער געפינט זיך אצינד.

אהן ווערטער, ווי די שטומע, ווי סטא־טוען האט זיך פאטער און זוהן באגע־גענט ביי דער טיר.

* * *

דער פאטער האט דאמאלט איבער זיין קאבינעט א פארצווייפעלטער ארומגע־שפאנט הין און צוריק און זיך קיין עצה ניט געקאנט געבען וואס צו טאן מיט דעם מיידעל.

ער האט געהערט פון איהר קלאהרע דבורים.

זי האט איהם קלאהר און שארף דער־קלעהרט אז אויב ער וועט זי דא, אויף'ן ארט, ניט באפרייען, וועט זי אין געריכט דערצעהלען פון וואנען זי איז געגאנגען; זי וועט דערצעהלען פאר'ן געריכט וואס פאר א געשפרעך זי האט געהאט מיט איהם, מיט'ן ריכטער הייסט עס, ביי איהם אין דער היים און דעם גע־שפרעך וואס זי האט מיט איהם געפיהרט דא אין קאבינעט.

ער האט געזעהן אן איהר אז זי מיינט עס ערנסט. און ווארום זאל זי דאס ניט מיינען ערנסט. און ווארום זאל זי דאס ניט מיינען אין אמת?

זי דארף זיך דאך רעטען. זי מוז דאך פארט זיך באפרייען. ווער וואלט עס דען בעסער געטאן? וועלכער מענש וואלט דען ניט אנגעווענדעט אזעלכע מיטלען?

עס איז אזוי אויך א נסיון געווען ניט צו דערמאהנען דעם רעטעקטיוו אויף ניט דער אויפפאסערין קיין איין ווארט מכח יהם אדער דזשאזעף'ן.

קומט, הייסט עס אויס אז ער זאל זי באפרייען, גלייך דא.

דערמיט וועט ער אי פארשפארען צו ברענגען צו א סקאנדאל און וועט דער־מיט אויך רייניגשען מערי'ס נאמען און עס וועט אויך הייסען, אז ער האנדעלט לויט זיין געוויסען און פליכטען פארדע־רען.

(פארטזעצונג פאלגט)

# איהרע ערשטע בלומען

(א בילד)

פון מרים קארפילאוו

זי איז אויפ'ן פלאטפארמע פון'ם גרויסען קאנצערט זאאל ביי'ם פיאנא געשטאנען און מיט א חן'עוודיגען, שוין מיעדען שמייכעל דעם גרויסען עולם פאר די שטארקע אפלאדיסמענטען געדאנקט.

אין א זייטיגען צימער הינטער דער בינה, האבען זיך א סך גוטע פריינד צונויפגעקליבען איהר פערזענליך פאר איהר שפיעלען צו דאנקען.

איין ווינקעל פון דעם צימער איז מיט לעבעדיגע בלומען געווען פארנומען. די הענט פון די גוטע פריינד האבען זיך צו זיי געצויגען. יעדערער האט פון איהרע ערשטע בלומען זיך איינס צום אנדענקען געוואלט צו נעהמען.

איין קראנץ בלומען איז צווישען די איבעריגע געווען וועלכע אלע האבען מיט באוואונדערונג אנגעקוקט נאר קיינער האט איהם ניט געוואגט אנצורירען: — זיי זענען פון איהם, דעם רייכען מר. קופער, דעם מעצענאט געגעבען געווא־רען. און די זענען דאס געווען די איינ־ציגע בלומען וואס זענען פאר איהרע יינסטיגע אויגען ווי דערנער געשטא־נען.

זי האט אזוי פיעל געטראכט וועגען דעם ווי די אנערקענונג וועט פון פאלק קומען. אט פון די אונבאוואוסטזיניגע אפשאצער פון קונסט צו וועלכע זי האט דורך איהרע ווייכע טענער צום הארצען גערעדט! צו וואס איז ער, דער זאמער, צופרידענער מענש מיט די ערשטע בלו־מען אויף איהר אליין אויסגעטראטענעם וועג פאר זיך געקומען? ווער האט איהם [illegible] געבעטען?..

זי האט שוין געוואוסט, ווער ס'האט איהם געבעטען: איהר קרוב, איהר אפע־קון, וועלכער האט דא אין אמעריקא, איהר טאטען פארטראטען, האט אויף איהר זיין אויפמערקזאמקייט געפרופט צו ציהען. מיט א ווילע צוריק האט זי געהערט ווי ער האט צו איהם גע־זאגט:

„איך, איך, מר. קופער האבען מיר דעם גרויסען ערפאלג צו פארדאנקען. אייער אנערקענונג, אייערע בלומען, האט אלעמענס באגייסטערונג ארויסגערופען!

הייסט עס, אז ניט איהר שפיעלען נאר זיין אנערקענונג, זיינע בלומען, איז עס אלעס צו פארדאנקען!.. און זי האט מיט א פיינליכען געפיהל אויף די בלומען, די ערשטע בלומען, ווי אויף א שונא איהרע בליקען געווארפען.

— וואלסט בעדארפט א פריינדליכע מינע צו איהם ווייזען.. — האט איהר דעם קרוב'ס ווייב פון דער זייט שטיל געזאגט — איך מיין, אז ער האט עס כשר פארדיענט — האט זי באגעגענדיג איהר פראגענדען בליק, מיט איבערצייגונג צוגעגעבען.

„פארדיענט? ער? מיט וואס?

ס'איז ניט די צייט איצט אזעלכע פראגען צו שטעלען.. ער הערט — ער קומט צו אהער — —

ווען ער איז צוגעקומען, האט זיך איהר קאזין'ס ווייב געפונען פאר נויטיג פון איהר'ט וועגען צו פארענטפע־רען: זי איז אזוי בערוישט פון ערפאלג אז עס גלייבט זיך איהר נאך ניט.

— מיעד פון ערפאלג? — האט ער זי גוטמוטיג געפרעגט

— נאך ווי מיעד! — האט זיך דעם אזין'ס ווייב, זעהענדיג אז זי האלט זיך ניט צו ענטפערען, אויף גיך אפגע־רופען. א קלייניגקייט. א'א פאטשעריי. אזעלכע בלומען! איז דאס דען ניט א איבעריגער באווייז דערפון, אז איהר טאלאנט איז ריכטיג אפגעשאצט געווא־רען?

— יע!.. האט די יונגע ארטיסטין מיט א קוים באמערקבארען איראנישען שמייכעל צוגעגעבען — אזעלכע בלומען א שאדען בלויז וואס זיי זענען באשטעלט געווען נאך איידער דער טאלאנט איז ריכטיג אפגעשאצט געווארען.

— און די אפלאדיסמענטען? — די בלייבען א געהיימניס, א וואונדער, עס איז ווירקליך א וואונדער פון וואנען זיי נעהמען זיך. אפלאדיסמענטען, מוזען דאס רוב קומען פון — אפלאדיסמענטען. די ערשטע רופען ארויס אנדערע ביז דער עולם ווערט שוין פון זיי באגייס־טערט. ער ווערט, אזוי צו זאגען, בא־גייסטערט פאר דער באגייסטערונג. ער אפלאדירט שוין ניט דעם טאלאנט נאך די אפלאדיסמענטען.

— אט ווילען מיר זעהן וואס די קריטיק וועט זאגען! — האט די קוזינע, צו געבען די רייד אן אנדער ווענדונג, אויסגערופען.

— די קריטיק וועט געוויס נאר גוטעס זאגען — האט דער מעצענאט מיט זי־כערקייט אין זיין טאן געזאגט.

— יא. אויב זי זאל ווי די בלומען זיין פון פריהער באשטעלט — האט די

...ווען זי האט זיך ענדליך ביי זיך אליין מיט איהרע ערשטע בלומען אויג אויף אויג געפונען, האט זי זיך מעהר ניט געקענט באהערשען און אויף זיי מיט אפענע פיינדשאפט געקוקט: זיי האבען איהר גלויבען אין איהר ערפאלג אונטערגראבען. זיי האבען איהר ווי־טערדיגען זעלבסטשטענדיגען גאנג צו זעלבסטשטענדיגקייט פרעך אויסגעלאכט. זיי האבען דעם גלויבען פון זייטיגע מענשען אין איהר טאלאנט פארדארבען. ניט ווענען איהר שפיעלען האבען זיי די מענשען ארויסגעהענדיג פון זאל גע־רעדט, נאר וועגען די בלומען, וועגען די בלומען!!

מיט ביידע הענט האט זי זיך צו זיי א ווארף געטאן און זי האט זיך געבאפט וואס זי טוט האט זי זייערע צארטע בלעטלאך ווי גרויסע בלוט פלעקען צווישען איהרע ווייסע פינגער דער זעהן...

שפילערין מיט א שפאטישען לאך צו־געגעבען און האט גלייך חרטה געהאט וואס זי האט עס געזאגט; איהר קוזינע וועלכע האט נאר מיטעס געוואונשען, איז אזש בלאס געווארען און „ער", איהר ערשטער בלומען געבער האט זיך אזוי פארדריסליך די ליפען געביסען, צו וואס האט זי די מענשען אזעלכע אונאנגע־נעהמליכקייטען געדארפט פארשאפען, איז דאס די פארדיענטע געצאהלט פאר זייער אינטערעסירען זיך מיט איהר ער־פאלג געווען?

זי האט זיך געהייסען פריינדליך שמייכלען — ניט מעהר צוליעב א שלעכטע שטימונג אומצופרידענהייט מיט זיך און אין אנדערע ארויסצורופען. די שטי־מונג וועט דאך געוויס אריבער, אבער די ווערטער וועלען פארבלייבען און א וואנט צווישען איהר מיט די ארומיגע שטעלען. א וואנט וואס וועט, קען זיין, דעם גאנג צום ווייטערדיגען ערפאלג פאר־שטעלען.

# אין איין מאמענט

פיעלע מאל איז שוין באמערקט גע־ווארען, דאס דער אונטערשיעד פון לעבעדיגקייט ביז אן אומגליקספאל איז בלויז איין מאמענט. איין דרעה פון דער ראד. און פאטאגראפיש איז דאס שוין באשטעטיגט געווארען.

עס קען טאקע זיין, דאס איהר זענט זעהר פארזיכטיג אלס טרייבער, אבער ניט אלע מאל ווענדעט זיך עס אן אייער פארזיכט. — דאס געפאהר איז אזוי נאהענט ווי דאס סטירינג־ווייער — און דאפיר איז אטאמאביל אינשורענס אזוי נויטיג ווי די קאר ראליין.

איהר זענט טאקע אויסגערעכענט און וועגיט, אבער וואס קענט איהר טאן, ווען אימיצער פאהרט אריין אין דער סטרים וואו איהר פאהרט און פונקט אין אייער וועג אריין. אדער איהר פאהרט זיך געזעצליך. אייער וועג און אימיצער וואס געהט אויף דעם טרע־טואר נעהם פלוצלינג אראפ פון זיין ליכטען גאנג פונקט אין אייער וועג. דאן איז נאר א פראגע אויב אייערע ברעיקס און סטירינג־ווייער זענען אין גוטען ארדנונג. ווייל אויב ניט, דאן מעגט איהר זיין דער בעסטער דרייווער אין דער וועלט, קענט איהר ניט פאר־היטען קיין עקסידענט. און דאן — — אויב איהר זייט מיט אינשורענס ניט באשיצט — — — דאן זייט איהר אויסגעזעצט צו פאראייערנע אונאנגע־נעהמליכקייטען.

דער זיכערסטער וועג איז, זא שנעל ווי איהר קויפט אן אטאמאביל, זאלט איהר גלייך ארויסנעהמען אינשורענס. אזעלכע אינשורענס, וואס זאל אייך באשיצען אין פאל פון דעמעדזשעס צו אן אנדערען דורך אייער מאשין, אדער דעמעדזשעס צו אייער מאשין דורך אן אנדערען.

אינשורענס מיינט ניט נאר פראטעק־שאן אין א נויט פאל, ווייל אז איהר ווייסט אז איהר זייט אינשורט, דאן האט איהר נאר א נייעם פארגעניגען אין דרייווען אייער מאשין. דער רייד נער געוויסען. די אמת'ע הנאה איז נאר מעגליך ווען איהר זייט אינשורט.

און טאקע דערפאר זענען טויזענדע אטאמאביל אייגענטימער געקומען צום באשלוס, אז עס איז ניט ראטזאם און ניט זיכער ארויסצופאהרען אן אטאמאביל ביז מען נעהמט ארויס אן אינשורענס פאליסי. ווייל א ריכטיגע אטאמאביל אינשורענס פאליסי פארהיט אייך פון א „לאאיט" און באשיצט אייך פון א געלד־פארלוסט.

**הענרי וו. בעהרענדט**

אינשורענס אגענט.

(אדוו.)

# א סייל איינמאל אין צעהן יאהר

בי די נויארק דריי גודס סטאר, קאר. הייסטינגס און אלפרעד סטריט, נעהט איצט אן א סייל אויף דריי גודס, דרעס גודס, סילקס, און סעטינס, וואס האט צו זיך קיין גלייכען ניט אין דעטראיט. דער סטאר פון ערמאן און פופקא איז תמיד באקאנט פאר זייער גרויסע באר־גענס וואס די אידישע פרויען קויפען ביי זיי. נאר דער איצטיגער סייל איז א מין יאהרעס־פעסט, כאטש די פירמא זאגט עס אויך ניט. אויף אן אנדער פיידוש אין „וועג" וועלען די פרויען געפינען אן אנאנסע וועגען דעם גרויסען סייל ביי דער נויארק דריי גודס סטאר.

(אדוו.)


**שעכטער'ס דראג סטאר**

477 הייסטינגס סט.

טעלעפאן, טשערי 6763

פרעסקריפשאנס פארפערטיגט מיט די גרעסטע פינקטליכקייט

צו יעדער ציים

**גיט** אייערע קינדער א מאדערנע אידי־שע ערציהונג שיקט זיי אין דער מענ־דעלע פאלקס שולע 204 איסט הענ־קאק. עס ווערען געעפענט נייע קלאס־סען פאר אנפאנגערס, אויך שילער פיר די העבערע קלאסען, אין שולע לע־רענט מען אידיש העברעאיש. געשיכ־טע און לעגענדען, די שולע איז אפען יעדען טאג פון 4 ביז 7 זונטאג פון 9 ביז 12.30

# פארד קארס און אנדערע קאר

קומט און קלייבט אויס פון אונזער גרויסען סטאק. מיר קויפען פאר קעש און פאר־קויפען אויף לאנגע טערמינען

**Maurice W. Fox Co.**

**Boulevard nr. Oakland**

ווילט איהר אייערע שלעסער, שליסלען קארפענ־טער זעגען, טולס און אנדערע ארביים גוט געמאכט און גאראנטירט? טו קומט צו

**מ. דאמניטץ**

245 מאנטקאלםם.

# די יוניווערסאל לענד קאנטראקט קא

האט געמופט דער אפיס פון 9-928 טשייסבער אוו קאמערס בילדינג

צו

# 204 הארזשעס בילדינג

קארנער סטייט און גריסוואלד

# אייער זומער וואקיישאן

ווערט אייך בעסער באקומען

ווען איהר וועט טראגען די ריכטיגע

**אויגען גלעזער**



אין אלגעמיין דארפט איהר אלע מאל עקזאמענירען אייערע אויגען ביי דער

**LOU GOLDBERG**

**245 Griswold St.**

דעטראיטער אויגען ספעציאליסט רעדזשיסטרירט אפטאמעטריסט און מאנופעקטשורינג אפטישען אויגען עקזאמענירט ביי אפוינטמענט

אויך זונטאג

מיר שיקען צו אייך אהיים נאך די גלעזער און ריפיירען. רעליווערי פריי.

# J. Lanskey Tailor

אויב איהר ווילט קריגען גוטע פארא‌נטווארטליכע ארביים דאן קומט צו 105 טיאדאר סטרים. מיר קלינען, פרעסען און רעמאדלען לידיעס און דזשענטס גארמענטס.

**רעוו. ל. ד. רייכלין**

**פון אהבת אחים שוהל**

(אוקלאנד)

נעהמט אן סדור קדושין

און אנדערע שמחות מיט די בעסטע צופרידענהייט.

**511 קעמעראן עוועניו**

טעל. העמלאק 1130 ראבעליו

# MURAD

דער טערקישער סיגארעט



מרס. פוקס האט זיך אמאל בערידמט אז זי קינדעלט צופיעל.

„וויפיעל קינדער ברענגסט דו אויף דער וועלט אויף אמאל? האט זי געפרעגט די לייביכע."

„בלויז איינס", האט די לייביכע געענטפערט — „אבער ס'איז א לייב!"

**מוראדס קאסטען 20 סענט א באקס פון 10 — אבער זיי זיינען מוראדס!**

מוראדס וואלטען געקאסט ביליגער ווען זיי זאלען ניט ענטהאלטען קיין פולע 100% טערקישען טאבאק פון דעם ריינסטען און בעסטען וואס וואקסט — אדער ווען מיר זאלען געבען פראסטערען טערקישען טאבאק.

אבער זיי וואלטען ניט געווען קיין מוראדס, זיי וואלטען בלויז געווען פוקסען!

„אורטהיילט אליין — !"

מיר מאכען אויסמערקזאם צו די 20 מוראדס אין בלעך באקסעס

Anargyros

מאנופאקטורערס פון העכסטען גראד טערקישע און עגיפטישע סיגארעטס אין דער וועלט.

Der Weg

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט
ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער
וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד
אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715.

# ניט אלעס וואס איז שעהן קען גליקליך מאכען

פון ב. י. ג—ן

פון א מארגעם זעלטענעם פאל ווערט אצינד דערצעהלט אין די צייטונגען, וואס קומען צו אונז אן פון דער וועסט.

א יונגע פארמערקע, מרס. שניפער, וועמעס מאן האט געהאט א סעקשאן לאנד און וועלכע האט זיך תמיד געלעבט רוהיג און גליקליך, האט, אין איין שעהנעם מארגען, אנהויב זומער, זיך אויפגעהויבען און פארלאזט איהר מאן מיט איהר עלטער אינגעל און איז מיט א פינף מאנאטען אלטעס קינד אויף די הענט אוועק פון הויז.

די פאליציי פון יענעם געגענד האט שוין געזוכט אומעטום און מען קען זיך ניט געפינען. עס איז אבער זיכער אז די פרוי געהט צו פוס צו איהרע עלטערן, וואס וואוינען אין א געהוכט באפעלקערטער שטאדט, ניט ווייט פון יענער פארם. איהר מאן, דער פארלאזטער פארמער, האט ערקלעהרט, אז זיין פרוי האט פון דער לכתחלה אן געהאסט דעם פארם און דאס פארמערשע לעבען; מיט עטליכע טעג פאר איהר אוועקגעהן, האט זי איהם געזאגט אז דאס לעבען אויף דעם פארם האט זיך איהר שרעקליך צוגענומען און זי וואלט וועלען דערפון פטור ווערען אויף אירגענד וועלכען אופן.

פון אויבען אויף דוכט זיך אז דאס איז נאריש און קינדעריש, וואו איז דען נאך א בעסער און רוהיג לעבען איידער אויף א פארם?

גאנצע ביכער און דערצעהלונגען און ראמאנען זענען אנגעשריבען געווארען ספעציעל מיט דעם צוועק פארצושטעלען דאס לעבען אויף לאנד, אין קאנטרי, אלס דאס גליקליכסטע און שעהנסטע. דאס רוהיגסטע און דאס פריידליכסטע.

אין יעדער פאעטיש ווערק באמאהלען די דיכטער ווי שעהן און ווי ערהאבען עס איז די נאטור און די לאנדשאפט אין די קאנטריס, אויף די פעלדער, בערג און טאלען, וואו עס זענען דא שטילע טייכעלעך, וואו מען הערט דאס פייפען פון פויגעלעך, מען זעהט הויכע בוימער און ווילדע בלומען.

יא, שעהן, זעהר שעהן איז דאס לעבען אויף די פארמס בעמאהלט געווארען פון פאעטען. דאך האט די מיסעס שניפער פארלאזט דעם מאן, איהר קינד, איהר הויז, איהר נחלה און מיט א פינפעל קינד אויף די הענט, צו פוס אנטלאפען פון דעם גן-עדן. דער גן עדן איז פאר דער דערמאהנטער פרוי א גיהנום געווען און אויף הפקר האט זי זיך געלאזט אום פון דעם גיהנום פטור צו ווערען, ווייל מעהר ליידען האט זי ניט געקענט.

און אט פאר וואס:

די מיסעס שניפער, די אנטלאפענע פארמערקע, איז ערצויגען געווארען אין ... רוישיגער שטאדט, האט געלערענט ... אין א סקוהל, געענדיגט א האי סקוהל ... האט זעהר א סך ביכער געלייענט. ... זי האט די לאנדשאפט, דאס "שעהנע ...יקליכע" לעבען אויף דעם פארם ניט ...זעהן קיין מאל. איהרע עלטערן האבען געמאכט א שווער לעבען, דער פא... — א קלוירק אין א גראסערי סטאר ... שווער און ביטער געארבייט; די ...טער איז אויך ניט געזעסען מיט פאר...טע הענט און האט גענייהט פאר באקאנטע און שכנים און פון די ביידערליי ...רדיענסטען האט מען דאך ניט געקלעקט ...צוקומען מיט דער חיונה און וויי...ר פון האי סקוהל האט מען דער בת ...רה ניט געקענט שיקען, ווייל עס איז ... געווען מיט וואס צו צאהלען פאר ...לעדזש.

...אס יונגע מיידעל האט אפטמאל גע...נט ביטערע זיפצען פון איהרע עלטערען וועלכע האבען באדויערט און זיך ...קלאגט אויף דעם שטאדטישען לעבען ... אליין וויעדער האט זי — ווי גע... — געגלויבט ביכער און פאעטעם, ... דאס פארמער לעבען און די דאר... נאטור איז באזונגען געווארען און ... הימעל געלויבט געווארען. דאס ... האט דערום באשלאסען, נישט ... זי מוז חתונה האבען פאר א ... פארמער.

...יכע פארמערס זענען אין יענעם גע... פאראן לרוב; בעלנים אויף שעהנע ...געבילדעטע מיידלעך זענען אוודאי ... לרוב צווישען די פארמערס. און ... איז דערום קיין וואונדער ניט וואס

גיך האט זיך א בעלן געפונען און זי האט איהר ציעל ערדרייכט: זי איז געווארען די פרוי פון א רייכען פארמער.

לכתחילה האט זיך די יונגע מרס. שניפער געפיהלט זעהר גליקליך און צופרידען. זי האט ווירקליך געפונען אז אלץ וואס מען שרייבט וועגען דער דארפישער נאטור איז אמת.

כיסלעכוויי! אבער האט זיך דאס דארפישע לעבען פאר איהר ארויסגעוויזען צו זיין שווער. דער ווינטער האט נאך מעהר אפגעטויטעט אין איהר די ליעבע צום פארם: דאן די ארבייט; די אלץ איינע לאנגווייליגע ארבייט, דאס איינזאמקייט, די פינסטערע נעכט און די לאנגווייליגע טעג. טאג איין, טאג אויס, וואכען און חדשים — קיין אומבייט, קיין ענדערונג. אלץ דיזעלבע קוה, די זעלבע עפות. עס האט זיך איהר אייג געגעסען אין הארצען און עס האט איהר אנגעהויבען צו ציהען צוריק צום לעבען צום רוישיגען און פרעהליכען שטאדט לעבען. און זי איז ענדליך צופוס אנטלאפען.

* * *

דאס לעבען אויפ'ן פארם איז שעהן, אבער ניט פאר איטליכען. מען דארף קענען לעבען אויף א פארם! מענשען וואס זענען ערצויגען אין שטאדט קענען זעלטען זיך צופאסען צום פארם-לעבען.

די מרס. שניפער איז דער בעסטער עדות דערויף.

## הומאר און וויץ

### עס האט זיך איהר פארבייינקט

א פרוי האט געהאט א מאן וועלכער פלעגט איהר שלאגען מכות רצח. אז ער איז געשטארבען האט זי חתונה געהאט מיט א צווייטען מאן. דער צווייטער איז געווען א גוטער מענש וואס האט איהר קיינמאל אויסגערעדט א הויכען ווארט און האט איהר ארויסגעציגט גרויס רעספעקט.

איינמאל באגעגענט זיך די פרוי מיט אן אלטער באקאנטער, פרעגט איה יענע:

— נו, דבורה באשע, ווי לעבט איהר פאר אייער צווייטען מאן?

— איך וועל אייך זאגען דעם אמת, טייערינקע — האט דבורה באשע גע-ענטפערט, — איך ווייס ניט אז איך האב א מאן.

* * *

### סידור נוסח אמעריקא

ביינוש — זאג מיר פייבוש, פאר וואס זאגט מען שבת צו נאכט "בה" אין דער פריה "בו" און פארנאכט "בם"

פייבוש — ווייל פרייטאג צו נאכט ארבייטען אלע שפעט אין שאפ און די מיסעס עסט אליין דעם סאפער, זאגט זי "וינוחו בה". שבת פריה געהט די מיסעס אוועק און די דעפארטמענט סטארס קויפען בארגיינס, און דער מאן אליין עסט דעם דינער, זאגט ער "וינוחו בו". און פארנאכט, ווען זיי עסען ביידע צוזאמען זאגען זיי "וינוחו בם".

* * *

### זיין פלעג

א קאנדידאט פאר סיטיזען פייפערס איז געשטאנען פאר'ן ריכטער וועלכער האט איהם גענומען עקזאמינירען, אויב ער איז בארעכטיגט צו ווערען אן אמעריקאנער בירגער.

— גלויבט איהר אין די רעד וואיט ענד בלוי? — האט דער ריכטער גע-פרעגט.

— ניין, פון די רויטע האלט איך ניט. — האט דער קאנדידאט געענט-פערט — איך האלט נור פון ווייס און בלוי.

* * *

### א קלאהרער באוויין

מעני — מיין לענדלארד זאגט אז ער ליינט צו געלד צו זיינע הייזער.

בעני — פון וואנען ווייסטו אז דאס איז אמת?

מעני — נאר איינער! אזא שעהנער מענש ווי מיין לענדלארד וועט דען זאגען א ליגען?

* * *

### א קורצע מעטאדע

א איד קומט אריין צו א יונגען מאן וואס גיט לעססאנס אין ענגליש, און פרעגט איהם וואס עס וועט איהם קאסטען זיך אויסלערנען ענגליש.

— איך האב פארשיעדענע מעטאדען — האט דער לעהרער געענטפערט — לאנגזאמע מעטאדע, נעהמט צוויי יאהר און דאס וועט אייך קאסטען 50 דאלאר. איך האב א שנעלערע מעטאדע און דורך דיזער לערען איך אויס אין איין יאהר פאר 75 דאלאר.

— האט איהר נאך א שנעלערע מעטאדע? — האט דער איד געפרעגט.

— וועל — האט דער לעהרער גע-ענטפערט — אויב איהר גיט מיר הונדערט דאלאר קענט איהר שוין.

* * *

### מאטעל בונים מיט זיין "דיער"

ציפע דוואשעס מיט איהר מאן מאטעל בונים זענען אמאל שבת, געגאנגען אין פארק שפאצירען, האבען זי געהערט ווי די פארליך רופען איינע די אנדערע "בעני דיער" "סיידי דיער", עס הייסט "בעני טייערער" "סיידי טהייערער". זאגט ציפע דוואשע צו איהר מאן: לאמיר זיך אויך רופען אזוי. דו רוף מיך ציפע דוואשע דיער, און איך וועל דיך רופען מאטעל בונים דיער".

אזוי האבען זיי געטאן פאר א היבשע צייט. איינמאל האבען זיי זיך צעקריגט, האבען זיי אזוי געשריען:

— א קריינק דיער, א חלאת מאטעל בונים דיער!

— וואס עפעס מיר, ציפע דוואשע דיער? א קריינק דיר, טאקע דיער, ציפע דוואשע דיער!

* * *

## א באזוך אין דער גאליציאנער שוהל

שבת פרשת שלח איז דער שרייבער פון דיזע צייליען געווען אין גאליציאנער שוהל, קאנגרעגיישאן "בית אברהם" אויף ווינדער סטריט, מיט דעם צוועק צו הערען חזן רייכלין, וועלכער האט געדאווענט מיט זיין כאהר. צו דיזער געלעגענהייט מוז באמערקט ווערען, דאס חזן רייכלין באזיצט א העלדען טענאר שטימע, לייכטע קאלאראטור און וואונדערשעהנע פאנא. חזן רייכלין האט גרויס בייפאל געהאט מיט זיין שעהנעם דאווענען און זינגען.

פאר מוסף האט גערעדט דער ווירדיגער רב פון שוהל, הרב ר' יוסף תאומים, איינער אינדרוקספולע רעדנער און האט פארגעשטעלט אלס גאסט ה' לעאן זאלאטקאף. מר' זאלאטקאף האט אין א שעהנע רעדע געשילדערט די ציוניסטישע לאגע ביי יעצטיגער צייט און האט אויפגעפאדערט דעם עולם בייצושטייערן צום גאולה פאנד. די אפיסערס און פארזאמעלטע האבען זיך שעהן אפגערופען מיט זייערע ביישטייערונגען.

באמערקונגסווערטה איז די שעהנע ארדנונג וואס עס הערשט אין דיזער שוהל. די אפיסערס און די מעמבערס ציינען ארויס, דאס זיי פארשטעהן דעם טייטש פון "דע לפני מי אתה עומד".

עס איז א אידישע שוהל און מעג זיך רעכענען צווישען דעטראיטער שעהנע שוהלען.

## ריעל עסטייט האסטלערס

א ניער ריעל עסטייט אפיס איז יעצט ערעפענט געווארען אין 344 פארנסוואירטה סטריט, צווישען הייסטינגס און ריווארד סט. וועלכע געהט אונטער דעם נאמען "די טראי-מאר ריעלטי קא.". דיזע קאמפאניע באשטעהט פון צוויי פעהיגע און עהרליכע יונגעלייט.

"מיר הבען זיך אונטערגענומען צו פארקויפען די ערד — און דאס איז טאקע וואס מיר טהוען". האבען זיי ערקלעהרט צו א רעפארטער פון "וועג". די יונגע לייט האבען גרויס באקאנטשאפט אין דעטראיט. זייער סעלסמענשיפ קען באוויזען ווערען מיט א ביישפיעל: שבת, דעם 5טען דזשון, איז אין זייער אפיס געליסטעד געווארען 8 קאטעדזשעס און אין דעם זעלבען אווענד האבען זיי די קאטעדזשעס פארקויפט.

"מיר האבען הונדערטער קאלס פאר הייזער און פלעטס", האבען די יונגע-לייט ווייטער געזאגט צו אונזער רע-פארטער. און איבערקוקענדיג די פיעלע קאנטראקטס אין זייערע "פאילס" האט דער רעפארטער געמוזט צושטימען אז זיי זיינען טאקע פעהיגע יונגע לייט.

(אדוו.)

ארוועטייזט אין "וועג".

## די באציהונג צווישען אידען און אראבער

פארטראג פון ה' ישראל בעלקינד

אין לאנדאן געפינט זיך איצט ה' ישראל בעלקינד.

ה' בעלקינד האט די טעג דארט גע-האלטען א פארטראג און באריהרט די פראגע, וועלכע איז איצט אזוי אקטועל אין אידישען לעבען. די פראגע וועגען די ביציהונגען צווישען אידען און אראבער.

נאכדעם ווי ה' בעלקינד האט געשיכט ליך ערקלעהרט דעם אפשטאם פון די איצטיגע אראבער, וועלכע געפינען זיך אין ארץ ישראל איז ער געקומען צום באשלוס, אז די גרעסטע צאהל פון זיי שטאמען אפ פון די אלטע אידען, וועלכע האבען ארץ ישראל נישט פארלאזען אפילו נאכ'ן גרויסען חורבן. דעריבער קאן גאר קיין רייד נישט זיין, אז מען זאל די אראבער ארויסטרייבען פון ארץ ישראל. זיי זענען פלייש פון אונזער פלייש און ביין פון אונזער ביין, און מיר מוזען זארגען פאר זיי, אזוי גוט ווי פאר זיך. עס איז דא גענוג ארט אין ארץ ישראל פאר אונז און פאר זיי. מיט ליבע און פרידען קענען מיר זייער צו-טרוי געווינען. מיר דארפען פון זיי זייער שלעכטען צונג ארויסשניידען און זיי אריינזעצען א גוטען צונג. דאס קען גע-טאן ווערען אהן רשעות. מען דארף בלויז אין אונזערע שולען זייערע קינדער ער-ציהען און איינפלאנצען אין זיי ליעבע און אכטונג צו אונזער קולטור און צו אונזער שפראך. זעלבסטפארשטענדליך, נישט באריהרענדיג זייערע רעליגיעזע געפיהלען. ווען מיר, אידען זאלען דאס נישט טאן, וועלען די יעזואיטען פון כל המינים דאס טאן, און יעדער קען פאר-שטעהן, וואס פאר א קוואל פון שנאה וועט איינגעפלאנצט ווערען ביי זיי אין די הערצער.

ה' בעלקינד גיט איבער דעם כאראק-טעריסטישען פאל, אז דעם צאר'ס רוס-לאנד, וועלכע האט פאר איהרע מוזשי-קעס אין דער היים קיין שולען נישט גע-שאפען, האט געשאפען הונדערט און פופציג שולען פאר די אראבער אין ארץ ישראל. אזוי גרויס איז דער אינטערעס געווען פון אלע פעלקער צו זיי. עס איז שוין קיין וואונדער נישט, וואס ענגלאנד פראנקרייך, דייטשלאנד און אמעריקא האבען געעפענט שולען פאר די אראבער אין ארץ ישראל, וואס זענען אזוי קול-טורעל אפגעשטאנען.

## צום ארעסט פון דער ביאליסטאקער קהלה

די ביאליסטאקער קהלה פארוואל-טונג האט צוגעשיקט צו די פוילישע אי-דישע צייטונגען צו פארעפענטליכען פאלגענדעס:

"די ביאליסטאקער קהלה בעט צו פארעפענטליכען די פאלגענדע אויפ-קלעהרונג וועגען ארעסט פון דער ביא-ליסטאקער קהלה פארוואלטונג.

מאנטאג, דעם 19טען אפריל האט זיך געמאלדען אין דער ביאליסטאקער קהלה א געשיקטער רעוויזאר פון פ. ק. פ. ר (מלוכה קאמיטעט פאר קינדער הילף) און האט צוזאמען מיט א נידע-ריגערען פאליציי בעאמטען אין דער אנ-וועזענהייט פון קהלה פארשטעהער, ניט דערקלעהרענדיג די סבות דורכגעפיהרט אליין א רעוויזיע אין די שפייכלערס פון דער קהלה, פאר'חתמ'עט דעם לאגער פון דער קהלה, איהרע קיכען און איבער-געגעבען צו דער געריכטליכער מאכט דעם סך הכל פון זיין רעוויזיע.

די קהלה פארוואלטונג, געוואר ווע-רענדיג לאחר מעשה וועגען דעם שלעכ-טען אופן פון דער רעזיזע און באליי-דיגטער האלטונג פון רעוויזאר, האט תיכף קאטעגאריש פראטעסטירט און האט איהם אין גאנץ הארבע דבורים אנ-געוויזען, אז צו דער ביאליסטאקער דע-מאקראטישער קהלה דארף מען זיך באצ-ציהען מיט מעהר דרך ארץ. די קהלה פארוואלטונג האט געפאדערט אריינצו-טראגען איהר פראטעסט אין די נעהערי-גע אפיציעלע פראטאקאלען.

אומגעווארט און אומגעריכט איז תיכף נאכדעם ארעסטירט געווארען די גאנצע קהלה פארוואלטונג, וועלכע בא-שטעהט פון די פארטרעטער פון די פאר טייען: ציונים, ארטאדאקסען, "בונד" "פאראייניגטע" און צעירי ציון, געגען וועלכער עס איז ארויסגעשטעלט געווא-רען א גרונדלאזע און שווערע באשולדי-גונג, אז אין שפייכלער פון דער קהלה, לויט דער אנווייזונג פון רעוויזאר, פעהלט א באדייטענדער סכום פראדוק-טען פון פ. ק. פ. ר.

די קהלה האט תיכף געפאדערט א נייע גרינדליכע און אפענע רעוויזיע פון קהלה לאגער. די רעוויזיע איז באלד גע-מאכט געווארען דורך דעם פראקוראר, צוויי געריכטס אויספארשער און נא-טשאלניק פון קרימינאל פאליציי. די ראזולטאט רעוויזיע האט פאלשטענדיג און קלאר באוויזען, אז אין דער ערשטער רע-וויזיע זענען, אונבעקאנט צוליעב וועל-כע סבות, נישט אריינגערעכענט געווא-רען דורך דעם רעוויזאר גרויסע סכומים פון פראדוקטען. עס האט זיך ארויסגע-שטעלט אז אלע פראדוקטען פון פ. ק. פ. ר, געפינען זיך אין פולען ארדנונג און אין דער נויטיגער צאהל.

נעהמענדיג אין אכט, אז די קהלה פארוואלטונג איז אויך באשולדיגט גע-ווארען אין אייגענע חטאים, אז זי זאל האבען געהאנדעלט אהן געהעריגע בא-שלוסען פון די נויטיגע קהלה ארגאנען, איז אויך געמאכט געווארען א רעוויזיע אין אלע פראטאקאלען און געשעפטס פיהרונג פון דער קהלה און עס האט זיך ארויסגעשטעלט אז אלע האנדלונגען פון דער קהלה פארוואלטונג זענען פארגעקו-מען לויט די באשלוסען פון קהלה ראט און קהלה פרעזידיום.

אויפ'ן גרונד פון דעם אלעמען איז די קהלה פארוואלטונג באפרייט געווא-רען פון ארעסט.

די קהלה פארוואלטונג איז פעסט איבערצייגט אז די געריכטליכע מאכט וועט אריינטראגען אויפקלערונג אין דעם גאנצען ענין. אלענפאלס איז קלאר, אז ווען די רעוויזיע וואלט געמאכט געווא-רען אויף א געהעריגען און געזעצליכען אופן וואלט צו דער גאנצער טרויעריגער און באליידיגענדער געשעהניש נישט גע-קומען.

די ביאליסטאקער אידישע קהלה.

איהר קענט איינשפארען

# 50 פראצענט אויף אייער אטאמאביל

אינשורענס

אונזערע רייטס זענען נאך אימער ניט געהעכערט געווארען, — אונזער קאמפאני איז א באוואוסטע מישיגאן סטאק קאמפאני. רופט אב ביי טעלעפאן:

טשעררי 2078
אדער
קעדילאק 2078

און אונזער אגענט וועט אייך אלעס ערקלעהרען.

אונזערע אידישע אגענטען זענען: מאקס היימאן, ערוואורד רושייקאבס, מאקס גורמאן, ב. ה. בערנער.

Henry A. Behrendt
INSURANCE
505–506 VINTON BLDG.
Cherry 2078
Cadillac 2078

# ניו דעטראיט אפערא הויז

נייעס! נייעס!

מאד. בעסי טאמאשעווסקי

און

הערר סעמיועל ראזענשטיין

זונטאג מאט. און אווענד דזשון 20

אין דעם אונאיבערטראפענעם סוקסעס

# מינקע די דינסט

אין 4 אקטען מיט געזאנג פון ל. קאברין

די פאלגענדע ארטיסטען און מיהגע קינסטלער וועלען אן אנטייל נעהמען: מאדאם טאמאשעווסקי, ה. ראזענשטיין, בעלא פינקעל, מ. בעלמאן, טילי ראבינאוויטש, מאדאם קראנער, הערר איינשטאק, הערר ראזענטאל און דער גאנצער סטאר קעסט.

טיקעטס צו באקומען אין פארדאנ'ס בוך סטאר, 451 הייסטינגס סטריט אדער אין באקס אפיס.



D&C LAKE LINES

A Vacation Trip That Satisfies

THE summertime will soon be here and with it the joys of a vacation trip. Where are you going? The Great Lakes is the mecca for particular and experienced travelers on business and pleasure trips. The D. & C. Line Steamers embody all the qualities of speed, safety and comfort, the freedom of the decks, the cool refreshing lake breezes. D. & C. a Service Guarantee.

Daily Service May 1st between Detroit and Buffalo. Leave 6:00 P. M. Arrive destination 9:00 A. M.

Daily Service April 1st between Detroit and Cleveland. Leave 11:00 P. M. Arrive destination 6:15 A. M.

MACKINAC ISLAND

Service June 14th to Sept. 14th. 3 trips per week June 14th to July 1st. July 1st to Sept. 14th, 6 trips per week.

Between Detroit and Buffalo Use Your Rail Tickets

Send 2c Stamp for Illustrated pamphlet and map of Great Lakes. Address L. G. LEWIS, G. P. A., Detroit, Mich.

DETROIT & CLEVELAND NAVIGATION CO.
A. A. SCHANTZ, President and General Manager.
J. T. MCMILLAN, Vice-President.

# טוראווער רעליעף

אונזער דעלעגאט בענ' בראגמאן פאהרט אפ אין ניבען נאך טוראוו אין די אינטערעסען פון דער רעליעף.

ער וועט באזוכען: טוראוו, זיטקאוויץ, לידענאוויט, פעטריקאוו, און גאנץ פאלעסיע, סטאלין, פלאטניצע, ווישאטסק, רובלע, דאווידגראדאק, לונינעץ, לאכווע, קאזאן, נאראק, מיקעשעוויטש, לעלין, און אומגעגענט.

לאנדסלייט פון דיזע שטעטלעך וועלכע ווילען שיקען געלד און אפידייוויטס קענען זיך ווענדען פאר אינפארמיישאן אין פאלגענדע פלעצער:

יוסף גרענד, 589 הייסטינגס סטריט בוטשער סטאר; שיפמאנ'ס מענ'ס פארנישינג סטאר, 605 הייסטינגס סטריט; האפמאן, Y. H.P.A. רעסטאראנט, הייסטינגס קארנער ברייטסטריט, און אלע טאג צווישען 8 און 10 אווענד, אין דער טוראווער שוהל, 152 איללינאיז סטריט, וואו עס וועט זיצען א קאמיטע און אויפנעהמען געלד, אפידייוויטס און בריעף.

אכטונגספאל,

טוראווער רעליעף קאמיטע.

# ראזענפעלד'ס רוסישע טערקישע באד

פאר אלע וועלכע זוכען ריינליכקייט און גוטע באהאנדלונג.

30 מארבעל וואנעס
שאור-בעטהס

2 כשרה מקוואות.
פרייע קאטס אויף צום רוהען

16 פריוואט רומס פאר יענינע וועלכע ווילען נעכטיגען.

א פראכטפולער לאנטש קאנטער מיט פרישע עסענווארג, און געטראנקע צו יעדער צייט.

שוויץ פאר פרויען יעדען מיטוואך, מיט דער מיטווירקונג פון אן עקספערט מאסאזשיסטקע.

1846 אלפרעד סטריט, נ'ע' אנטאין, טעלעפאן טשערי 6190 ראבליו.

# געלט קיין אייראפא

דער זיכערסטער און בעסטער וועג צו שיקען געלד צו אייערע קרובים קיין יוראפ איז דורך דער

# פיפעלס רעליעף

וועלכע איז א בראנטש פון דער דזשוינט דיסט. קאמיטע.

די געלד ווערט געשיקט אין דאלארס.

פיפעלס רעליעף קאמיטע

490 הייסטינגס סטריט

העדיקאס. 2061

JUN 23 1920

The only Jewish Paper Printed in Michigan

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

# דער וועג

The Detroit Jewish Daily

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

347-49 HASTINGS STREET
Telephone Main 3718

Published and distributed under permit No. 179 authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, P. General.

פרייטאג, דזשון 18, 1920

DETROIT, MICH., Sunday, June 20th 1920 Vol. 2, No. 107

PRICE 3c.

Public Library 42nd and 5th Ave.

PUBLIC LIBRARY

# פוילישע מפלות ערשטוינענד, מעלדעט בערלין

בערלין, יוני 19.— ערשטוינענדע באריכטען וועגען דער מיליטערישער לאגע אויף דעם פויליש-רוסישען פראנט זענען ערהאלטען געווארען פון קרעסלאו צו דער היגער „טעגליכע רונדשוי". עס ווערט איבערגעגעבען, אז די פאליאקען האבען געליטען גרויסע מפלות און אויף פיעלע פלעצער פון פראנט וועלען די פוילישע טרופען זיין געצוואונגען זיך איבערצוגעבען צו די באלשעוויקעס.

דער באריכט גיט איבער, אז צוויי פוילישע קאוואלעריע רעגימענטען זענען פארניכטעט געווארען און די באלשעוויקעס האבען שוין ביז איצט גענומען דרייסיג טויזענד געפאנגענע אויף דעם קיעוו'ער פראנט. אויך האבען די סאוועטען טרופען צוגענומען ביי די פאליאקען 165 שווערע קאנאנען.

עס ווערט פארזיכערט, אז דאס פאלען פון מינסק איז אונפארמיידליך.

דער פראנט פון דינאבורג (דווינסק) ביז פאראלסק האלט אין איין צוריקגעשטויסען ווערען און מען גלויבט, אז עס איז מעגליך, דאס ווארשא זאל פארנומען ווערען פון סאוויעטען טרופען. גענעראל האלער'ס טרופען, וועלכע געפינען זיך אין טשענסטאכאוו, האבען געמאכט אן אויפשטאנד און פארטריבען זייערע אפיציערען. לעבען קיעוו האבען די פאליאקען זיך צוריקגעצויגען צו דער ליניע, וואס זיי האבען פארנומען דעם 20טען אפריל, איידער זיי האבען זייער לעצטען אנפאל אויף רוסלאנד געמאכט.

דער דריטער און זיבעטער ארמעע-קארפוסען זענען ארומגערינגעלט און זיי וועלען מעגליך מוזען קאפיטולירען. אנטלאפענע פון קיעוו זענען אנגעקומען קיין לעמבערג, זיי דערציילען, דאס אין דער ארמעע פעהלען אויס שפייז און אמוניציע, און אז די פוילישע סאלדאטען אנטלויפען פון פראנט אין די מאסען. גאנץ פוילען, זאגט דער באריכט, איז אויפגערעגט, און די רעגירונגס דאקומענטען זענען אריבערגעפיהרט געווארען קיין פוזען.

דער היגער פוילישער אמבאסאדאר האט ערקלעהרט, אז ער האט אזעלכע באריכטען ניט ערהאלטען.

## ווארשא מעלדעט נאך אלץ זיעגען

ווארשא, יוני 18.— דער פוילישער אפיציעלער באריכט, וואס איז היינט פארעפענטליכט געווארען, מעלדעט, אז פוילישע אינפאנטעריע און קאוואלעריע האבען ארומגערינגעלט און באזיגט לעבען ראדאמישל 50 מייל פון קיעוו, איין אפטיילונג פון גענעראל בודעני'ס קאוואלעריע. עס ווערט באריכטעט, אז די פאליאקען האבען דארט גענומען 800 געפאנגענע, 8 קאנאנען און 600 פעלד-וואגען.

פרעמיער סקולסקי, וועמענס קאבינעט האט רעזיגנירט דעם 9טען יוני, האט זיך ענטזאגט צו פארמירען א נייעם קאבינעט. פרעזידענט פילסודסקי האט דאן גערופען דעם סיים דעפוטאט דזשאהן בראיסקי, פרעזידענט פון דער נאציאנאלער ארבייטער פארטיי, און איהם איבערגעגעבען די אויפגאבע פון צוזאמענשטעלען דעם נייעם קאבינעט.

## ראסטאם בעק, מיליטערישער עקספערט פון סאוועטען רוסלאנד רעדט היינט

פאלקאוויס ב. ראסטאם בעק, דער מיליטערישער ראטגעבער ביים פארטרעטער פון סאוועטען רוסלאנד אין אמעריקא, וועט היינט אווענט, 8 אזייגער, האלטען א פארטראג אין ארקאדי האל איבער דער טעמא: „די אומשטענדען פון דער רויטער ארמיי אין סאוועטען רוסלאנד".

ווי ס'איז צו ערווארטען, וועט דער מיליטערישער עקספערט פון סאוועטען רוסלאנד אין זיין פארטראג געבען די געשיכטע פון דער רויטער ארמיי און אנווייזען די אורזאכען פון איהרע נצחונות איבער אלע שונאים פון סאוועטען רעזשים. ראסטאם בעק, וועלכער געפינט זיך אין אמעריקא פאר די לעצטע 15 מאנאטען, ערשיינט אפט פאר אמעריקאנעם עולם און ערקלעהרט די מיליטעריש-אומשטענדען פון סאוועטען רוסלאנד. דאס איז געוועזען ראסטאם בעק, וועלכער האט נביאות געזאגט וועגען די איצטיגע פוילישע מפלות.

ב. ראסטאם בעק איז געוועזען אן אפיציער אין דער רוסישער ארמיי. ער האט אנטייל גענומען אין פיעלע עקספעדיציעס אין די טורקעסטאנ'ער אין די יאהרען 1891—1895, אין כינא אין יאהר 1900; אין יאהר 1903 האט ער אנגעפיהרט די מאקעדאניער טשעטא"ס (רעוואלוציאנערע ארגאניזאציע געגען טערקיי) אין מאצעדאניען. ער איז געשיקט געווארען פון קראפאטקינ'ען אין דער רוסיש-יאפאנישער מלחמה דורכצוברעכען די באלאגערונג פון פארט-ארטור. ער איז גענומען געווארען א געפאנגענער. ער איז אין יאפאן געווארען דער ארגאניזאטאר פון דער רעוואלוציאנערער אפיצירען געזעלשאפט. נאכ'ן מאניפעסט פון 1905 האט ער זיך אומגעקעהרט קיין מאנדזשוריע און איז געווארען ארעסטירט ביי פעלדמארשאל לינעוויטש. צו דער זעלבער צייט זענענדיג איינער פון די פיהרער פון דער מיליטערישער רעוואלוציאנערער פארטיי. ער איז דערנאך ארעסטירט געווארען, אבער האט זיך איינגעגעבען צו אנטלויפען. ווען די מלחמה האט אויסגעבראכען אין יאהר 1914 איז ער דאן געווען אין לאנדאן און האט זיך אנגעשלאסען אן דער ענגלישער וואלונטירען ארמיי און באקומען דעם טיטול לוט. קוירנעל. ער איז דערנאך געווארען דער מיליטערישער עקספערט פון דער לאנדאנ'ער „דיילי עקספרעס".

איינטריט געלד אויף דעם היינטיגען פארטראג איז 50 סענט. דאס געלד ווערט געזאמעלט אויף מעדיקאמענטען פאר'ן רוסישען פאלק.

## א קייבעל פון דוד גאלדמאן

די באנקירען גאלדמאן בראס. בעטען אונז צו לאזען וויסען די דעטראיטער אידען, אז זייער אפיס האט נעכטען ערהאלטען א קייבעל פון זייער שותף מר. דוד גאלדמאן אין ווארשא, אז ער גאראנטירט פאר אלע געלדער וואס וועלען איהם ארויסגעשיקט ווערען פון דעטראיט. דוד גאלדמאן ראט אלעמען צו שיקען דאס געלד דורך קייבעל, כדי ער זאל דאס קענען אויסצאהלען שנעלער און פינקטליכער. עס זענען ערהאלטען געווארען מאסען בריוף פאר קרובים און פריינד אין דעטראיט.

## פופצעהנער קאמיטע

די 15-ער קאמיטע וועט האבען א ספעציעלען מיטינג אין אפיס פון „וועג" היינט פריה, אום 10 אוהר. ביטע ניט צו פארפעהלען דיזען מיטינג.

## אויפמערקזאם

דער באנקעט פון „וועג" וועט שטאטפינדען דינסטאג אווענט, דעם 22טען דזשון, אום 8:30, אין כרמל כשר רעסטאראנט.

## לאיד דזשארדזש און באלפור לאכען זיך אויס פון אינטערנאציאנאלע פאליציי

לאנדאן, יוני 19.— ס'איז היינט באקאנט געווארען דער אפיציעלער באריכט וועגען דעם אינטערוויו, וואס דעלעגאטען פון דער „ליגע אפצושאפען מלחמה" האבען לעצטען מיטוואך געהאט מיט'ן ענגלישען פרעמיער, לאיד דזשארדזש. דעם פרעמיער זענען געקומען צום הילף ארטור דזש. באלפור און לארד קורזאן, אויסערן מיניסטער. זיי האבען ארויסגעפען די דעלעגאטען מיט פראגען וועגען די דעטאלען פון זייערע פלענער אפצושאפען מלחמות, כדי צו באווייזען, אז זייער פארלאנג איז אן אונמעגליכער.

לאיד דזשארדזש'עס טענה איז געוועזען, די גרויס מעכטע, אויסער די פאראייניגטע שטאטען, האבען פאר זיך שוין אזוי אויך גענוג שווערע פראבלעמען און זיי זענען ניט אימשטאנד צו צושטעלען טרופען צו דער ליגע, אום צו באשאפען אן אינטערנאציאנאלער פאליציי ארמיי, מיט וועלכער צו צווינגען, למשל, רוסלאנד, אדער פוילען. ער האט צוגעגעבען, אז פרעזידענט ווילסאנ'ס און לארד גריי'ס אידעען וועגען אן אינטערנאציאנאלער ארמיי זענען מעגליכע אידעאלען, אבער זיי זענען היינט צו טאג ניט פראקטיש.

וואלט געווען, אז מ'זאל זי צוזהוה לאזען און ניט אריינמישען זיך אין איהרע ענינים.

א גרויסער טייל פון דער נעכטיגער זיצונג אין פארלאמענט איז אפגעגעבען געווארען אויף דעבאטעס איבער דער נאציאנען ליגע.

מר. באלפור האט געזאגט אז „קיין פארנינפטיגער מענש וועט ניט זאגען, אז די נאציאנען ליגע האט די אויפגאבע צו ראטעווען די וועלט פון כאאס. דיזע אויפגאבע ליגט אויף דעם העכסטען ראט" פון די אליאירטע רעגירונגען.

געוועזענער פרעמיער אסקווית, לארד ראבערט סעסיל, און די ליבעראלע און ארבייטער מיטגליעדער האבען קריטיקירט די רעגירונג פאר איהר „גלייכגילטיגע שטעלונג" צו דער נאציאנען ליגע און הויפטזעכליך, ווארום די ענגלישע רעגירונג האט ניט פארגעבראכט פאר דער נאציאנען ליגע, די פראגע פון דער פוילישער אטאקע געגען רוסלאנד.

### פרעגט ווארום בלאקאדע איז ניט אנגעהויבען געווארען געגען פוילען

דזשארדזש ניקאלס בארנס, איינער פון די דעלעגאטען און געוועזענער מיניסטער, האט פארגעווארפען דעם ענגלישען פרעמיער ווארום מ'האט ניט אויסגענוצט קיין דרוק אויף פוילען, דאס זי זאל ניט אטאקירען רוסלאנד. מר. לאיד דזשארדזש האט ענטפערענדיג פארזיכערט, אז 3 גרויס מעכטע האבען פון זעלבען טיש וואו זיי זענען געזעסען האבען פוילען געווארענט איידער זי האט אנגעפאנגען איהר אטאקע אויף רוסלאנד, אבער ס'האט ניט געהאלפען.

מר. בארנס האט דאן געפרעגט, ווארום האט מען געגען פוילען ניט אנגעווענדעט קיין עקאנאמישען דרוק. דער פרעמיער האט אויף דיזער פראגע געענטפערט פאלגענדעס:

„אזא דרוק איז שוין אנגעווענדעט אזוי ווייט, דאס רוסישע פאלק הונגערט; ס'איז אונמעגליך איהם ווייטער אנצוווענדען".

מר. באלפור האט געפרעגט די דעפוטאציע, וואו דענקט זי זאל די אינטערנאציאנאלע ארמיי זיך אויפהאלטען. „געוויס", האט ער געזאגט, „אויב די ארמיי וועט זיין אין פראנקרייך, וועט זי זיך ניט שלאגען געגען פראנקרייך, און אויב אין ענגלאנד — וועט זי אויך ניט שלאגען געגען ענגלאנד".

### לארד גריי און אנדערע ענגלישע פיהרער בשולדיגען נאציאנען ליגע פאר ניט אנגעהמען מיטלען געגען פוילען

לאנדאן, יוני 18.— וויסקאונט גריי, געוועזענער אויסערן מיניסטער, האט אין א רעדע אין סטארטפארד געמאכט דעם סטייטמענט, אז די נאציאנען ליגע האט דורכגעלאזען צוויי גרויסע מעגליכקייטען צו ווייזען איהר נוצליכקייט. איינע פון די מעגליכקייטען איז רוסלאנד, ווען פוילען האט איהר אטאקירט, ער האט געזאגט, אז די בעסטע שטעלונג צו רוסלאנד

## דעטראיט ווערט באגריסט אלס די פיערטע גרויסע שטאט אין אמעריקא

לויט דעם לעצטען נאציאנאלען צענזוס איז צו זעהן, אז דעטראיט איז לויט דער גרויס פון איהר באפעלקערונג, איצט די פערטע גרויסע שטאדט אין אמעריקא און די זיבעצעהנטע גרויסע שטאדט אין דער וועלט. איהר באפעלקערונג באשטעהט יעצט פון 993,739 נפשות.

דא איז א טאבעלע פון די 16 גרעסטע שטעדט פון אמעריקא, לויט דעם נייעסטען צענזוס:

| | |
|---|---|
| ניו יארק | 5,621,151 |
| שיקאגא | 2,701,212 |
| פילאדעלפיא | 1,787,225 |
| דעטראיט | 993,739 |
| קליוולאנד | 976,836 |
| סט. לואיס | 773,000 |
| באסטאן | 747,923 |
| באלטימאר | 733,000 |
| פיטסבורג | 588,193 |
| לאס אנדזשעלעס | 575,480 |
| סאן פראנציסקא | 508,410 |
| באפאלא | 505,875 |
| מילוואקי | 457,147 |
| וואשינגטאן, ד. ק. | 437,414 |
| ניוארק, נ. דזש. | 415,609 |
| סינסינאטי | 401,158 |

ווען דער דאזיגער צענזוס איז באקאנט געווארען לעצטען פרייטאג, האט א שטראם פון באגריסונגען גענומען פלייצען קיין דעטראיט פון קליוולאנד, באפאלא, סט. לואיס, פיטסבורג און אנדערע שטעדט. עס פארשטעהט זיך, אז טיעף אין הארצען זיינען זיי „דזשעלאוס", אבער מען איז דאך עפעס אמעריקאנער ספארטס, „שייקט מען הענדס".

אם שטארקסטען פיהלט דעם שטארקען קלאפ קליוולאנד, ווייל זי איז, ווי מען קען זעהן, לויט דעם צענזוס, די נאהנטסטע קאנקורענטקע פון דעטראיט.

## פראנצויזישער באטאליאן גיט זיך אונטער צו טערקישע נאציאנאליסטען

פאריז, יוני 18.— די „טעמס" מעלדעט, אז א פראנצויזישער באטאליאן, וועלכער האט געהאט אקופירט באזאנא, אין ציליציען, איז גענומען געווארען געפאנגען פון טערקען. מען האפט דא, אז דער נאציאנאליסטישער קאמאנדיר אין אנגארא וועט זיך אריינמישען אין באפרייען די געפאנגענע, ווי דאס ווערט פארגעשריבען אין דעם וואפענשטילשטאנד-אפמאך צווישען פראנקרייך און די טערקישע נאציאנאליסטען.

## ראטשעסטער ריכטער הייסט אמאלגעמייטעד צאהלען שטראף

ראטשעסטער, נ. י., יוני 19.— ריכטער אדאלף ראדענבעק האט היינט ארויסגעגעבען זיין באשלוס אין דער קלאגע, וואס די מ. סטערן קלאטהינג קא. האט אריינגעבראכט געגען דער אמאלגעמייטעד קלאטהינג ווארקערס אוו אמעריקא, בעטענדיג א שטענדיגען אינדזשאנקשאן געגען דער ארבייטער ארגאניזאציע און מאהנענדיג ביי איהר 100,000 דאלאר שאדען. דער ריכטער האט געגעבען צום גוטסטען דעם קלאטהינג מאנופעקטשורער און די אמאלגעמייטעד וועט מוזען צאהלען די 100,000 דאלאר, אויב איהר אפיעל אין העכערען געריכט וועט זיין ערפאלגלאז.

## בעסי טאמאשעווסקי אין דעטראיט

די בארימטע שוישפילערין מאדאם בעסי טאמאשעווסקי וועט היינט ביידאג און אווענט אויפטרעטען אין לעאן קאברינ'ס קאמעדיע „מינקע די דינסט מויד".

אין דיזער קאמעדיע האט מאדאם טאמאשעווסקי א גלענצענדע ראלע, וועלכע זי פיהרט דורך ווי נאר מאדאם טאמאשעווסקי איז פעהיג.

די קריטיקער און מבינים וואס האבען דער ראלע גיבען צו, דאס אין פיעלע געוועהן בעסי טאמאשעווסקי אין דיזע סצענעס איז זי אומפארגלייכבאר און אז קיינער חוץ איהר וואלט אזוי ניט געקענט דורכפיהרען אזא ראלע אויף דער אידישער ביהנע.

דאס שטיק איז א ריינע, א זויבערע, קאמעדיע, געשריבען פאר דער מאדאם טאמאשעווסקי פון דעם אידישען שריפטשטעלער און דראמאטורג לעאן קאברין.

## מארטענס צוריקגערופען, אויפ'ן פארלאנג פון מאסקווער רעגירונג?

### ב. ראסטאם בעק, אין אן אונטערגעשריבענעם סטייטמענט צום „וועג", לייקענט אפ דיעזען באריכט פון דער „אסאשיאייטעד פרעס".

וואשינגטאן, יוני 19.— לודוויג מארטענס, דער אמבאסאדאר פון דער סאוויעטען רעגירונג צו די פאראייניגטע שטאאטען, איז צוריקגערופען געווארען פון זיין רעגירונג. דיזע ידיעה איז נעכטען אווענט באקאנט געווארען אין אפיציעלע קרייזען.

מארטענס ווערט צוריקגערופען, ווי עס גיבען איבער פערזאנען וואס זענען באקאנט מיט די פאקטען, אויף זיין אייגענעם פארלאנג. אי מארטענס אי די וואס זענען מיט איהם פארבונדען האבען ניט געקענט זאגען אויף זיכער, צי די סאוויעטען רעגירונג וועט שיקען א צווייטען פארטרעטער קיין אמעריקא און מאכען א צווייטען פארזוך צו באקומען אנערקענונג.

ב. ראסטאם בעק, מיליטערישער ראטגעבער ביים פארטרעטער פון דער רוסישער סאוויעטען רעגירונג, וועלכער געפינט זיך איצט אין דעטראיט, האט ארויסגעגעבען אן אפיציעלען סטייטמענט צום „וועג", אין וועלכען ער לייקענט אפ, דאס מארטענס איז פון זיין רעגירונג צוריקגערופען.

דער סטייטמענט, וואס ב. ראסטאם בעק האט אונז געגעבען צו פארעפענטליכען, לעזט זיך ווי פאלגט:

„דער סטייטמענט, וועלכער איז ארויסגעגעבען געווארען פון דער אסאשיאייטעד פרעס, דעם 18טען יוני אין וואשינגטאן, ד. ק., אז לודוויג ס. מארטענס, דער פארשטעהער פון דער רוסישער סאציאליסטישער פעדעראטיווער סאוויעטען רעפובליק אין די פאראייניגטע שטאאטען, איז צוריקגערופען געווארען פון זיין רעגירונג, איז ניט ריכטיג.

(אונטערגעשריבען) ב. ראסטאם בעק, מיליטערישער ראטגעבער ביים פארשטעהער פון דער רוסישער סאציאליסטישער פעדעראטיווער סאוויעטען רעפובליק אין די פאראייניגטע שטאאטען."

## צוויי היגע פרויען געשאסען אויס אייפערזוכט

אין איין שטונדע זענען צוויי דעטראיטער פרויען געשאסען און שרעקליך פארוואונדעט געווארען, אלס רעזולטאט פון אייפערזוכט.

מרס. סטעלא אטעמבארסקי, 27 יאהר אלט, פון 22 פלעזפעיר סטריט, העמטרעמק, האט געקראגען א קויל אין ברוסט פון איהר מאן סטענלי אטעמבארסקי, וועלכער האט דערנאך זיך אליין אריינגעשאסען צוויי קוילען אין האלז און אין מאהדע און ווען ער האט געזעהן, אז די קוילען וועלען זיין לעבען ניט ענדיגען, האט ער געמאכט א פארזוך זיך צו קוילענען מיט א ראזיר מעסער. ביידע ליגען יעצט אין סאמאריטען האספיטאל.

זיי האבען בלויז איין קינד, א באי פון 6 יאהר.

דער צווייטער מארד האט פאסירט אויף דזשאהן אר און עליזאבעטה סט., ווען מרס. לאלא זערוויס, פון 150 איסט עליזאבעטה סטריט איז געשטאנען און גערעדט מיט איהר מאן און איינער א וויליאם טאמאטיס, זייענדיג אויפגערעגט אויף איהר, למאי זי גט זיך ניט מיט איהר מאן — האט זיין צארן געשטילט ארייגשיסענדיג א קויל דער פרוי אין די געדערים. מרס. זערוויס געפינט זיך אין רעסיווינג האספיטאל. איהרע מינוטען זענען געצעהלטע. טאמאטיס איז ארעסטירט געווארען.

## „האלד-אפ" אויף באנק מעסענדזשער; זויבען דריי טויזענד דאלאר

וויליאם הענדערשאט, 40 יאהר אלט, באנק מעסענדזשער פון דער היילאנד פארק סטייט באנק, איז נעכטען ארום 10 א זייגער אין דער פריה באפאלען געווארען פון צוויי באנדיטען אויף ראסעל און וועלינגטאן שטריטס, וועלכע האבען איהם בארויבט דעם גאנצען פעקעל וואס ער האט געטראגען, ארום 3,000 דאלאר.

הענדערשאט האט איבערגעטראגען דעם פעקעל קעש און יענעם נעגענד, ווען ער איז צוגעקומען צו וועלינגטאן עוו., זיינען צוויי מענער פון ביידע זייטען גאס איהם אקעגען געקומען מיט רעוואלווערען אין די הענד און איהם געהייסען זיך אויסדרעהען מיט דער פלייצע צו זיי. ווען ער האט עס געטאן, האבען זיי איהם גענומען שלאגען מיט די רעוואלווערען איבער'ן קאפ אזוי מערדערליך, אז ער איז אנידערגעפאלען באוואוסטלאז.

הענדערשאט געפינט זיך יעצט אין פארד האספיטאל. ער איז קראנק ניט אזוי פון די קלעפ ווי פון שרעק.

## דריי קרבנות פון א צוזאמענשטויס צווישען אן אוטאמאביל און א לאקאמאטיוו

צוויי טויט און איינער האלט ביים שטארבען אלס רעזולטאט פון אן עקסידענט נעכטען 3 א זייגער ביים טאג ווען א דעטראיט, טאלידא און איירינטאן, לאקאמאטיוו האט זיך צוזאמענגעשטויסען מיט אן אטאמאביל אויף ליווערנאיז עוו.

מאלגארעט ווילסאן, 2 יאהר אלט און א מאן מיט'ן נאמען וועסט, זייגען אויגענבליקליך דער'הרג'עט געווארען.

ארטור ווילסאן, דער פאטער פון קינד וועלכער האט געפיהרט די קאר, האלט ביים שטארבען.

ווילסאנ'ס קאר איז געבליבען שטעהן אויף די טרעקס, ווען דער לאקאמאטיוו האט געהאלטען אין אנקומען. דער אינזשיניר האט געזעהן דעם אטאמאביל, אבער עס איז פאר איהם געווען אונמעגליך אויסצומיידען דעם עקסידענט, ווייל זיין לאקאמאטיוו איז געגאנגען אין פולער שנעלקייט.

# CLASSIFIED

**א סטאָר**

צו פאַרקויפן אָדער צו פאַרדענטען פאַר לײדיעס רעדי וועהר מיט דעם סטאָק — פרעגען אין „וועג" באָקס 91.

**גרויסער באַרגעין**

כשר רעסטאָראַן צו פאַרקויפן. אורזאַכע: מוז פאָהרען נאָך יוראָפּ. פרעגען 1 פראַנט סטריט, מט. קלעמענס, מיש. כ. ה. קליימאַן. 21)

**הויז-פרוי פאַרלאַנגט**

צו פיהרען א כשר'ע קיך און אויפּ־פּאַסען. שעהנע בעל־הבתי'שע, פיינע באַהאַנדלונג און גוטע ווידזשעס גאַראַנטירט. קליינע פאַמיליע. פרעגען צווישען 10 און 12 אוהר טעגליך, אין 148 פאַרנסוואָרטה.

**ע. ס. איכעל**

אויפמערקזאַם!

טעלעגראַמע און איך א ספּעשעל דעליווערי פאַר איך.

**איטא באַדיעס און בלעקסמיט שאָפּ** צו פאַרקויפן. זיכער צו מאַכען א סך געלד. עס ווערט פאַרקויפט ווייל דער אייגענטימער פאָהרט נאָך קאַליפאָרניע. פרעגען 784 בוביען. 20)

**צו פאַרקויפען**

א שוה ריפּעיר שאָפּ מיט אַלע מאָדערנע מאַשינען. א גוט איינגעאַרבייטער פּלאַץ אין א זעהר גוטען לאָקיישאַן. איך מוז פאַרקויפען, ווייל איך דאַרף אַטענדען אַנדערע וויכטיגע ביזנעס. פאַר איינצעלהייטען שרייבט צו בען דזשיי שניידער, 2725 ס. וואשינגטאָן עוועניו, סאַגינאַו, מיש. 21)

**פיער פעמילי בריק-וועניער**

$20,000

נעהנט הייזער געגענד. 5 רומס יעדע. אויך פּאָרטש. רענט $220 מאָנאַטליך. $135 א מאָנאַט צאָהלען. עקוויטי $6,500. שעהנסטער געגענד אין שטאָט. קיינע אגענטען זאָלען זיך מעלדען. גאַרפיעלד 2693 דאַבליו.

**די מעדבערי שוה קאָ.**

הייסטינגס און העזערדיע ווערט איך זיכער צופריעדענשטעלען סיי מיט קוואַליטי, סיי מיט'ן פּרייז. קומט און איבערצייגט אייך. טעלעפאָן נאָרטה 2973

**פאַר פלינט, מיש.**

איין פרוי פאַרלאַנגט פאַר הויז אַרבייט, פון מיטעלע יאָהרען, אין אַן אנשטענדיגע פאַמיליע. גוט באַצאָהלט. פרעגען „וועג" באָקס 91.

**צו פאַרדענטען**

א סטאָר טשוירטשיל און בעטאַן. גרעסער לאָקיישאַן פאַר גראָסערי אָדער עני לאַין ביזנעס. רענט $65 פאַר א מאָנאַט. מיר גיבען א ליעס. מעלאַני—קעמפּבעל ריעלטי קאָ. 504 דיים באַנק בילדינג. טעל. טשערי 1195. 20)

**צו פאַרקויפען**

ביליג א גראָסערי און פרוכט סטאָר אין א גוטען אידישען געגענד. זיכער א לעבען צו מאַכען. איך קען אַליין ניט אַטענדען. נאָכפרעגען, דער „וועג", באָקס 77. 20)

**צו פאַרקויפען**

א קלינינג און פרעסינג סטאָר אין בעסטען אידישען לאָקיישאַן, צוזאַמען מיט 4 רומס. 2½ יאָהר ליס. זיכער צו מאַכען א שעהנעם לעבען. א באַרגאַין פאַר דעם שנעלען קויפער. פרעגען 1257 הייסטינגס סטריט. 21)

**פאַרלאַנגט**

א פרוי אָדער א מיידעל פאַר הויז־אַרבייט. גוט באַצאָהלט. פרעגען 66 דעלאַר, מר. ראָזענבערג. 20)

**די רייט העגד לאָונדרי**

וועלכע האָט א שם פאַר גוטע אַרבייט און אָרענטליכע באַהאַנדלונג, געפינט זיך אויף 1221 הייסטינגס סטריט, ביטווין העגדריע און פּאַלמער. מיר פאַרריכטען און צירעווען אומזיסט. רופט אונז אָפּ: נאָרטווי 2687 אַר.

**אַן אויסערגעוועהנליכע געלעגענהייט**

צו פאַרקויפען א קאָנטראַקט פאַר א 5 פּעסענדזשער ביואיק טורינג קאַר. קען דעליווערט ווערען בעפאַר דעם 1טען דזשולי. טוירמס צו אַראַנזשירען מיט דער קאָמפּאַני. פרעגען: „וועג" באָקס 58.

**באַקאַנטמאַכונג**

**די סילווער לעדער קאָ., 578** דזשאָי. קעמפּאַ, קויפט פּאַרשידענע זאָרטען לעדער און אימיטיישאַן לעדער, אויך אַלטע לעדער און ראַבער בעלטינג. ספּעציעל זענען מיר פאַראינטערעסירט אין נייע סעלאַפיר סקרעפּ; מיר צאָהלען 65 סענט א פונט. פאַרגעסט ניט אונזער טעלעפאָן נומער: מעלראָוז 4610.

# פּערלאַנגט און געזוכט

צוויי אָדער דריי ליינס אין „וועג" ברענגט אייך די בעסטע רעזאַלטאַטען.

# Real Estate

**צו פאַרקויפען**

א דעירי און גראָסערי סטאָר. אין בעסטען אידישען לאָקיישאַן. ניט פיעל געלד נויטיג. זיך נאָכפרעגען אויפ'ן פּלאַץ. 1170 הייסטינגס סטריט. 20)

**צו פאַרקויפען**

א גרויסע 7 רום הויז, מיט באַטה, א נייער דאָבל גאַראַדזש און א פולער פּאָרטש, אויף 125 גילאָים סטריט, ביטווין יוקליד און קליי. נאָהענט פון דאַרדזש, ווילסאָנ'ס און אַנדערע פעקטאָריעס. זעהט דאָס וואָס שנעלער און איר בערצייגט זיך זעלבסט. עוזהר א גוטע אינקאַם. דער פּרייז איז $7,500. איינצאָהלען $2,500. ווען איהר צאָהלט אַרויס מיין עקוויטי, וועלכע איז $3,800 קענט איהר דאָס קויפען פאַר $6,500. פרעגט מר. סיימאַן, 738 אָוקלאַנד עוו. טעלעפאָן העמלאָק 5840. 24)

**ביזנעס פּראָפּערטי**

קערטשעוואַל עוועניו

69 פוס פראַנטיידזש מיט בילדינג 30 ביי 52. 2 פעמילי פלעט אין ריער. $20,000 קען עס קויפען. גרינגע טערמינען. באָקס 48. 20)

**לענדלאַרדס**
**אויפמערקזאַם**

. האָט איהר א הויז אָדער פלעט צו פאַרקויפען?

קומט זאָפאָרט צו אונזער אָפיס. מיר האָבען לייטע וואָס וואַרטען. קיינע „רעד־טעיפּ". קיין וואַרטען.

זעהט זיך מיט

**די טראַי—מאַר ריעלטי קאָ.**

344 פאַרנסוואָרטה סטריט

21)

**לענדלאַרדס**
**אויפמערקזאַם**

האָט איהר א הויז אָדער פלעט צו פאַרדענטען?

זעהט זיך מיט אונז.

מיר האָבען הונדערטער טענאַנטס וואָס ווילען ליעסען הייזער. מיר גיבען סעקיוריטי און גוטע רענטאַלס.

קומט צו אונז זאָפאָרט.

**די טראַי—מאַר ריעלטי קאָ.**

344 פאַרנסוואָרט סטריט

21)

**לענדלאַרדס**
**אויפמערקזאַם**

מיר דאַרפען האָבען 100 פלעטס זאָפאָרט, אויף ליעס. גוטע סעקיוריטי. גוטע רענטאַלס. עס וועט זיך אייך לוינען אייער טריפּ צו קומען צו אונז און אונז געבען די געלעגענהייט צו עקספּליינען. אָדער שיקט אונז א פּאָסטעל און מיר וועלען קומען צו אייך.

**די טראַי—מאַר ריעלטי קאָ.**

344 פאַרנסוואָרטה סטריט

צווישען הייסטינגס און ריוואַרד סט. די בראַש סט. קאַר סטאָפּט נעבען אונזער טיר.

**לענדלאָרדס און פּראָפּערטי אייגענטימער**

לאָזט זיך ניט נאַרען, זייט פאָרזיכטיג בעפאַר איהר קויפט סעמענטענע גאַראַדזש אָדער אַש־רעסעפּטיקאַל, דיטראָיט קאָנקריט מאַניופעקטשורט רי־אינפאָרסטאָלד רעסעפּטיקעלס. די צעמענט איז גענומען מיט ווייער, ווערט נעוואָר צופאַלען, וועט זיך ניט שפּאַלטען פון פראָסט. מיר גאַראַנטירען בילינער אין פּרייז, בעסטע אין קוואַליטי. **ה. מ. קאָפּמאַן,** 296 האַנקאָק איסט. טעלעפאָן מעלראָוז 3595 וו. טשערי 1473. פרייע אינסטאָליישאַן.

**מר. ביזנעסמאַן!**

וואָרום טוט איהר ניט ווי אַלע פאַרשטענדיגע ביזנעס לייטע טהאָן? אויב איהר מוזט צוליעב וועלכע עס איז אורזאַכע פאַרקויפען אייערע ביזנעס, וואַרט נישט פיעל —

**מאַכט אַן אַקשען**

און אנהר וועט קריגען די געלד אין קעש דעם זעלבען טאָג. רופט אָפּ דעם באַקאַנטען אַקשעניער —

**בען פרידמאַן**

ער וועט זיכער אייך צופריעדענשטעלען. רעזידענץ 220 בענטאָן סטריט. טעלעפאָן קאַדילאַק 2580.

# אונזער אידישע ביזנעס דירעקטאָרי

ביזנעס איז גוט אויף הייסטינגס סטריט

פּוסט הייסטינגס סטריט. ס'איז א סגולה צו פּרנסה

**מאָדערן דעליקאַטעסען סטאָר**
473 הייסטינגס סטריט
טעלעפאָן טשערי 6169 וו.
ה. האַלפּקין, פּראָפּ.

איך וועל אייך אָנשרייבען אייערע **אַדווערטייזינג**
וועט עס אייך ברענגען **רעזולטאַטען**
ל. מאַלאַמוט — קעין 3715

קויפט די בעסטע **שרייב טינט** אין דער וועלט פון **בושעס אינק קאָ.**
186 בענטאָן סט. דעטראָיט, מיש.

**מאַיעווסקי און קאַהען'ס**
דזשענטס פאַרנישינגס
באָיס קלאָדינג און העטס
528 הייסטינגס סטריט
טעלעפאָן: טשערי 7867

**ליעבערוויץ בראָס.**
פיטען **שיך**
פאַר דער גאַנצער פאַמיליע
524 הייסטינגס סטריט

**שיפּמאַן'ס**
דזשענטס פורנישינגס
605 הייסטינגס סטריט
צווישען בענטאָן און עליאָט
האָט א שם צווישען מבינים

**דזשייקאָב וועקסלער**
שרייבט
**דזשענעראַל אינשורענס**
271 קירבי. — נאָרטוועי 2554 דאַבליו.

**פילאַדעלפיא**
דרעס און דריי גודס הויז
671 הייסטינגס סטריט
אמת'ע באַרגעינס צו יעדער צייט
טעלעפאָן: טשערי 6131

Y. H. P. A.
**רעסטאָראַנט און לאָנטש**
האָפמאַן בראָס. און זלאָטניק
הייסטינגס קאָר. ברוידי
אָפען טאָג און נאַכט

**ט. בייטנער**
טינגינג און רופינג
אַלערליי רופינג און ריפּעירינג
335 מאָנטקאַלם סטריט
טעלעפאָן טשערי 6656

**מ. האַכבערג'ס**
דזשענטס פאַרנישינג סטאָר
532 הייסטינגס סטריט
וועט אייך האַלטען אין סטייל און שפּאָרען געלד

**פּיפּלס סטאָר פיקטשורס קאָ.**
שאָו־קייסעס, קאַונטערס, אייזבאָקסעס, נייע און אַלטע.
צו ביליגע פּרייזען.
341 הייסטינגס סטריט

האַלט אייערע האָר אין אָרדנונג:
**מילער'ס**
**היגיענישע באַרבער שאָפּ**
579 הייסטינגס סטריט
וועט אייך צופריעדענשטעלען

**טשאַרלס לאָזאָווסקי'ס באַרבער שאָפּ**
519 הייסטינגס סטריט
א פּלאַץ פאַר אַלע קלאַסען אידען

**בולעוואַרד רעסטאָראַנט, 1228**
הייסטינגס און העגרי, אונטער א נייעם מענעדזשמענט מיט די בעסטע שפּייזען און מעסיגע פּרייזען. קומט און איבערצייגט זיך. פּראָפּ. האַבערמאַן און קירץ.

● **הרב ר' יוסף תאומים**
רבּ
202 דיוויזיאָן סטריט
טעלעפאָן טשערי 6199 דאַבליו.

**פיש מאַרקעט**
דער בעסטער פּלאַץ צו קריגען די פרישסטע און געשמאַקסטע פיש איז ביי
**לייבעל דעם רומענישען**
263 ווינדער סט. טעל. טשערי 5731.

**קעש רעדזשיסטערס**
נעשאַנאַלס, אַלערליי סטיילס.
— געקויפט און פאַרקויפט —
DETROIT USEDCASH REGISTER CO.
66 Broadway — Cadilac 5112

**אידען פון די אַרומיגע שטעדט**
קויפען פון די
**וועסטערן טאָקינג מאַשין קאָ.**
4 הייסטינגס, ניער אַלפרעד. אידישע אויך רעקאָרדס אין אַלע שפּראַכען.

**ראָזען'ס בעקערי**
ברויט און פּענס' קייקס
408 הייסטינגס סטריט
צו מיר קומט מען פון אַלע טיילען שטאָט

**דזש. ראָטנער'ס**
דזשענטס פאַרנישינג און קעפּס
584 הייסטינגס סטריט
מיר שטעלען אייך צופריעדען מיט סטייל און פּרייזען

קויפט הערינג ביי דער
**מישיגאַן הערינג סופּליי קאָ.**
ד. מילער, 435 הייסטינגס סטריט
פּראָבירט די נייע שמאַלץ און מאַטשעס הערינג

**באַהעמיען רהיי בעקערי**
נייטען קאָרן, פּראָפּרייעטאָר
515 הייסטינגס סטריט
א פולע ליין קייק, חלה און ברויט

**קאַהן בראָס. און מייערסאָן**
דער רעסטאָראַנט וואו מען עסט זיננענדיג א גאַנצע וואָך. דער עיקר שבת און זונטאָג (שנאָרער למשל). 630 הייסטינגס

**וואָרע ביליג פאַר סטאָר-קי־פּערס און פּעדלערס**
ספּעציעלע פּרייזען פאַר ריטיילערס
**מאַקס ראָזינסקי**
353-355 הייסטינגס, קאָר. קאָלומביא

**סיינס**
אַרטיסטיש און ניט טייער
ה. ראָטהבערג
302 האַנקאָק

**טייכער'ס האַרדוועיר**
768 הייסטינגס סטריט
אַפולע ליין בילדערס סופּלאַיס
אַלומינום, פּיינטס א. ז. וו.
אָרדערס דעליווערט איבעראַל

**מאָדערנע מענשען**
קויפען זייערע שיך אין
**מאָדערן שוה סטאָר**
603 הייסטינגס סטריט

**דזשאָו. ל. רובי**
אַטאָרני
האָט יעצט זיין אָפיס אין
710 טשעמבער אָוו קאָמערץ
טעלעפאָן מעין 7339

**ס. שענקער**
מענער און פרויען שניידער, קלינינג, פּרעסינג, רעפּעירינג. אַרבייט גאַראַנטירט
919 אָוקלאַנד עוו.
צווישען בעלמאָנט און טראָובידזש.

**פינסקער כשר רעסטאָראַנט**
549 הייסטינגס סטריט
פּלאַץ פאַר 100 מענשען.
די פיינסטע מיילס.
סאַניטאַריש און ביליג

קויפט ביי די אָוקלאַנד האַרדוועהר און סייבט 10%. א פולע ליין פון האַרדוועהר, פּיינט און גלאַזוואַרג.
**די אָוקלאַנד האַרדוועהרי**
724 אָוקלאַנד. טעל. העמלאָק 1358

**אַפּהאָלסטערינג**
מאַכט אייער אַלטע פורניטשור שפּאָגעל נייַ
**א. וועסט**
865 הייסטינגס סטריט

**ליבערטי העט קלינינג**
אויך שוה ריפּעירינג
לײדיעס און דזשענטעלמען
566 הייסטינגס סטריט
669 הייסטינגס סטריט.

דער פּלאַץ פאַר גוטע אַרבייט
גוטע באַהאַנדלונג — ליבעראַלע פּרייזען.

**דר. ה. סטאַריקאָף**
דענטיסט
490 הייסטינגס סטריט

פאַר גוטע אַרטיסטישע בילדער איז רעקאָמענדירט
**א. קעלערמאַן,** פאָטאָגראַף
490 הייסטינגס סטריט

**ווילט איהר עסען פרישע שפּייז**
קויפט
**דזשיי לאַבאַר'ס**
פּוטער און אייער
378½ הייסטינגס סטריט

יוטאָפּיא האָל (אַפּסטערז)
**יוטאָפּיא**
**אייז קרים פּאַרלאָר**
398 הייסטינגס סטריט
א. פּאָול, פּראָפּ.

**מאַקס ראָזענבערג'ס פאַר שאָפּ**
האָלסייל און ריטייל, ריפּעירינג און רימאָדלינג צו מעסיגע פּרייזען
484 הייסטינגס סטריט
טשערי 7701

**גאָלדבערגס כשר רעסטאָראַנט**
391 הייסטינגס סטריט
פרישע שפּייזען פאַר געוועהנליכע פּרייזען. קומט און איבערצייגט אייך

**ת. פּלאָטקין'ס** בוך סטאָר
(געוועזענער אוצעניק ס)
אידישע ביכער, ספרים, טליתים פאַר די מעסיגסטע פּרייזען
455 הייסטינגס סטריט, קאָר. אַדעלייד.

**קרעמער'ס האַרדוועיר**
278 קענפיעלד
מעלראָוז 1732 „עס"
ראָיעלע באַהאַנדלונג. מעסיגע פּרייזען

McCAREY'S
**טייר ריפּייר שאָפּ**
667½ הייסטינגס סטריט
וואַרפט ניט אַוועק קיין אַלטע טיירס

**פיינסטע סטייל דרעסעס**
מילער בראָס.
קלאָוקס, סקוירטס, ווייסטס
רעדי טו וועהר
264 הייסטינגס סט. — מעלראָוז 6108

ווילט איהר סייפען געלד? — דאַן קומט צו **קליין און גאָלדמאַן.** פּאַריערס א גרויסען סטאָק פון קוני־ביז סייבעל. מיר מאַכען אויך ריפּעירינג און רימאָדלינג. 398 גרעשיאָט. טעל. מעין 3613

**הייזער און פלעטס** צו פאַרדענטען קומט פּערזענליך. מיר האָבען וואָס איהר ווילט, אָדער מיר וועלען עס געפינען.
McQUAIDE REALTY CO.
536 גרענד ריווער — גלענדייל 4572

**וואַרדען ריעלטי קאָ.**
588 הייסטינגס סטריט
וועט פאַרקויפען אייער ריעל עסטייט צו יעדער צייט

**לייאָן שיך**
שטעלען אַלעמען צופריעדען
Lion Shoe Co.
594 הייסטינגס סטריט

**דזשאָשוע ל. רובי**
לאָיער
האָט זיין ברענטש אָפיס פאַר די אָוועגדען אין 588 הייסטינגס סטריט.
טעלעפאָן מעין 7339

Reliable Store Fixture Co.

מיר האָבען א גרויסען אויסוואַהל פון אַלערהאַנד סטאָר פיקסטשורס, וואָל קייסעס, שאָו קייסעס, אייז באָקסעס, קאָונטערס, שעלווס, סייפס, סקיילס רעדזשיסטערס, נייע און געניוזטע, פּרייזען מעסיגע. אָרענטליכע בעהאַנדלונג. 2 סטאָרס.

**רעליאַבל סטאָר פיקטשור קאָ.**
306 גרעשיאָט עוועניו
טעל. קאַדילאַק 2445
277 מישיגאַן עוועניו
טעל. קאַדילאַק 4924

**מאָרווען־פיקטשור אָפּערייטאָרס**
לערענט זיך פאַר
לייכטע און ריינע אַרבייט, קורצע שטונדען; גוטע וויידזשעס קוואַליפיקיישאַן גאַראַנטירט.
Movie Operator's School
33 Sproat St
מאָנטאָג, מיטוואָך און פרייטאָג, 7:30 אָבענד.

# Mt. Clemens

**דאָס שטאַרקסטע מינעראַל וואַסער אין דער וועלט איז די**

**פאָונטעין בעטה הויז**

אונטער א אידישער מענעדזשמענט. קומט און ווערט קורירט פון רומאַטיזם, נערוועז-קראַנקהייטען א. ז. וו. אונזער פאָונטעין בעטה הויז איז די ערשטע און אָריגינעלסטע ווי אויך די איינציגע אידישע.

בעסטע באַהאַנדלונג גאַראַנטירט.

שרייבט צו די
FOUNTAIN BATH HOUSE
Cor. Gratiot & Clinton,
Mt. Clemens, Mich,

**דער בעסטער האָטעל איז דער**



**פאָונטעין האָטעל**

כשר

100 שעהנסטע רומס. גרעסטע דיינינג רום. נעבען דער פאָונטעין בעטה הויז. פּרייז $25 רום און באָרד. די קאַר פון דעטראָיט ברענגט אייך צו אונזער טיר. ווען איהר זאָגט צום קאָנדוקטאָר אז איהר ווילט סטאָפּען נעבען „פאָונטעין". שיקט א פּאָסטעל קאַרד. ווען איהר ווילט וויסען איינצעלהייטען צו

**סעם מאַרינאָו, פּראָפּ.**

**קליוולאַנד כשר האָטעל און רעסטאָראַנט**

מרס. סערע זעמלאַקאָווסקי און לינא בעקערמאַן

97 קלינטאָן סטריט

**מאָונט קלעמענס**

בעסטע סערוויס, ביליגע פּרייזען. נעבען בעסטען באַדינג פּלאַץ. אָפען א גאַנץ יאָהר. שרייבט א פּאָסטעל קאַרד.

**אַטלאַנטיק כשר הויז**

**מאָונט קלעמענס**

פאַר $25 א וואָך גיבען מיר אייך א פיינע רום מיט עסען. די פאָונטען באָד איז נעבען הויז. שרייבט א פּאָסטעל קאַרד צו דער אַטלאַנטיק.

**זייט געזונט**



און פאַרברענגט אייער זומער וואַקיישאַן אין מאָונט קלעמענס, און אז שוין אין מאָונט קלעמענס וועט איהר סטאָפּען אין

# Elkins Hotel

100 רומס. דיינינג רום פאַר 300 לייט. א רפואה פאַר קראַנקע, א פאַרגעניגען פאַר געזונטע.



ס'ניט געדרונגען אז איהר מוזט האָבען טויזענדער צו זיין אין מט. קלעמענס

**ניו ווילא האָטעל**

וועט אייך רעכענען $25 א וואָך און איהר וועט הנאה האָבען. אַלע רומס קאָנעקטעד מיט א פּעסעדזש צו די פּלאָזא בעדער. שרייבט נאָך איינצעלהייטען צום פּראָפּריעטאָר ה. קראַוז.

**פּיטסבורג כשר האָטעל**

אין מאָנט קלעמענס

נעקסט דאָר צו פּלאָזא בעטה הויז.

מיר באַהאַנדלען אייך ראָיעל און רעכנען ניט טייער. וואַטשט פאַר אונזער פּאָרטער ביים סטיישאַן.

**אייער פּאַרלאָרענע געזונט**



קריגט איהר צוריק, ווען איהר זענט אין מאָונט קלעמענס און סטאָפּט אין

**גלענוואָוד האָטעל**

קאָנעקטעד מיט די באַריהמטע אָלימפּיא בעדער. שעהן, ליכטיג, לופטיג. פרישע שפּייזען, מעסיגע פּרייזען. א ספּעשעל לאָנטש און דעליקאַטעסען סטאָר, קאָנעקטעד מיט די גלענוואָוד. שרייבט נאָך אויסקינפטע צו א. מאַדאָרסקי.



**אַלבאַני האָטעל**

אין מט. קלעמענס, האָט א נאָמען פאַר די לעצטע 20 יאָהר אונטער דעם זעלבען מענעדזשמענט.

מיר בעטען אונזערע קאָסטימער און פריינד צו קומען באַצייטענס אויידער דער סעזאָן איז אין פולען גאַנג, כדי מיר זאָלען זיי קענען געבען בעסערע באַהאַנדלונג. שרייבט צו

**ב. מאָסקאָוויץ**

א נייעס אין מאָנט קלעמענס
**צוויי כשר'ע דעליקאַטעסען סטאָרס**
אין מאָנט קלעמענס
B. & M. DELICATTESSEN
58 N. Gratiot
and 46 Cass Avenue
אַלערליי לאָנטשעס און געטראַנקען. באַזוכט אונז ווען איהר זייט אין מאָנט קלעמענס

**ריווערסייד האָטעל**

(געוועזענער פּאַרק ענעקס)

**מט. קלעמענס,** אינגאַנצען רעמאָדעלירט, עפענט זיך 1טען מאַי. 150 רומס, דיינינג רום פאַר 300. דאָס אידעלסטע פּלאַץ פאַר געזונטע ווי פאַר קראַנקע. שרייבט נאָך איינצעלהייטען.

Riverside Hotel
Mt. Clemens, Mich.

— באַקאַנטמאַכונג —
**רעוו. א. קאַצער**
וואָס איז רעקאָמענדירט פאַר'ן בעסטען
**מוהל**
זייט די לעצטע 20 יאָהר
האָט געמופט פון 263 פאַרנסוואָרט אין
140 מערדוקי, קאָר. בראַש
טעלעפאָן: מאַרקעט 827

# דער גרעסטער יום טוב פון בית יתומים.

אלע מעמבערס און פריינד פון דעם
## בית יתומים

זענען געבעטען צו קומען

**זונטאג אווענד, דושון דעם 20טען, אין שערי צדק שוהל**

צו פייערן דעם גרויסען יום טוב פון „גאַרטענידזש פארברענען"

די רעפרעשמענטס פריי און אויך א גרויסארטיגע מוזיק אונטער דער באַגלייטונג פון דעם באוואוסטען וויאָלינ־ניסט מר. רובינשטיין.

פאַרגעסט ניט וואס דיעזער יום טוב מיינט פאר אונז; דאס צייגט דער שטאַרק דעטראָיט אונזער גוטע און ענערגישע ארבייט, דורך וועלכען עס איז אין אזא קורצער צייט אויפגעטאַן געווארען, אז פון אָרימע פעגים און קוואַרערס, זאָלען מיר זיין אימשטאנד אויס־צוצאַהלען די סומע פון 24,000 דאָלאַר פאר דעם הויז 25 ראָוענא סטריט.

מיט דער פייערונג פון דיעזען יום טוב פארזיכערען מיר די אָרימע יתומים־לעך מיט א גוטע איינגנצען באַצאַהלטע היים אויף די יתומים'ס נאָמען.

ביי דעם אינסטאַליישאַן מיטינג פון די נייע אָפיסערס, וועלכער האָט שטאַטגעפונדען מיטוואָך אָווענד, איז באַשלאָסען געוואָרען א זעם זאָל געגעבען ווערען א הערצליכען דאַנק צו מר. און מרס. וויימוואָסער, מרס. ראָטענבערג און מר. האָלסטין און אלע געוועזענע באָארד און דירעקטאָרס פאר זייער נר טער און גאָבעלער ארבייט ביז יעצט. מיר האָפען, אז זיי וועלען ווייטער מיט־העלפען אין די אינטערעסען פון דעם בית יתומים.

א. מעסערמאַן,
רעק. סעק.

---


VIENNA SAUSAGE MFG. CO.
TELEPHONE CANAL 179
1215-1217 S. HALSTED ST. CHICAGO.

אונזערע
## דעטראָיטער אגענטען
זיינען
**דזשיי לעפקאָווסקי און סאַנס**
**בראָדוויי מאַרקעט**


---

## מוז האָבען די מזומן

וועל פארקויפען מיין קאַפיטאַל סטאָק אין אן ערפאָלגרייכער קאָמפּאַניע פאר $1,000. האָט די ווערט א סך מעהר. פרעגען: מעלראָוז 807 אר. (20

---

## זעקס הונדערט דאָלאַר

איינצאָהלען

6 רומס און באָד, 74 העקלא סט. פרעגען אייגענטימער. מעלראָוז 807 אר. (20

---




# זעלטען ווען מיר האָבען געהאט א גרעסערען סטאָק פיאַנאָס אויפ'ן פלאָר

דורך דער צייט וואס די מלחמה האָט אנגעהאלטען, האָט די פראָדוס־נאַך אלץ מאטעריאלען, ארבייטער ארט און זייט דאָן, ווייל עס פעהלען נאָך אל מאטעריאלען, ארבייטער און טראנספארטאציע, איז מען נאָך אלץ קורץ אין פיאַנאָס.

עס האָט דאריבער גענומען א לאַנגע צייט, ביז אונזער סטאָק פון פיאַנאָס איז ווידער געוואָרען נאָרמאל. אבער אזוי ווי מיר זענען פארבונדען מיט די גרעסטע פיאַנאָ מאנופעקטשורערס און דירעקט־קויפען מיר פאר קעש, איז אונז ענדליך געלונגען צו באַקומען אונזער גרויסען סטאָק.

ניט נאָר די בעסטע פיאַנאָס און פלייער פיאַנאָס אין דער וועלט, נאָר אויך דער טאָן, דאס האָלץ און דער פיניש איז דער בעסטער.

איהר קענט קריגען א סטיוועי, גריי־נעלל בראָס, סאָהמער, וואָוס, סטערלינג, שאָנינגער, האררינגטאן האַנינגטאַן און זא ווייטער און איהר זייט זיכער צו האָבען דאס בעסטע אין דער וועלט.

**פיאַנאָ ספּעשעלס פאר מאָרגען**

**סטיינוועי**

גרויסער סטייל, געניצטע, שעה־נער טאָן, 8 פעדאלס, 71-3 אָקטאַוועס — — — — — $395

**גאַבלער**

מאָהאַגאַני קייס, 71-3 אָקטאַוועס, אָרנאמענטאל דעזיין, גוטער צושטאנד — — — — $127

**לאַפאַרג**

גרויס, אוק, מאָדערן דעזיין, כמעט ניי — — — — — $723

מאָנאַטליכע צאָהלונג

קאטאלאָגען צוגעשיקט פריי

**Grinnell Bros**

דעטראָיט רעפרעזענטירנג פיאַנאָס
פיאַנאָלא פלייער פיאַנאָס

**26 STORES HAEDQURTERS**

**243-7 Woodward Ave**


---

צום דעטראָיטער פובליקום

אין

# קאַפּלאַן'ס באַרגען סטאָר

געהט נאָך אלץ אן דער

## קלאָזינג אוט סייל

ווייל דאס איז ווירקליך א סייל בלויז דערפאר, ווייל די סטאָר מופט דאָון טאָון.

איהר קענט אלזא יעדען טאָג נאָך געפינען צעהנדליגע ארטיקלען, וואס ווערען אויספארקויפט צו ביליגער ווי קאָסט. און ווען איהר פארפעהלט צו קויפען אן ארטיקעל פארליערט איהר קעש געלד.

---

# ליבהאָבער פון קלאַסישע מוזיק אויפמערקזאם

# ערשטער קאָנצערט

אין דעטראָיט

געגעבען ביי דעם

## פילהארמאָנישען מענער קוואַרטעט

שענסטער אידישער מענער קוואַרטעט אין אמעריקא

ערשטער טענאָר — — — — — מר. ע. ראָזען
צווייטער טענאָר — — — — — מר. מ. פאסמאַן
ערשטער באַס — — — — — מר. דזשאָרדזש נעלפאַן
צווייטער באַס — — — — — מר. פ. סילווערמאַן
פיאַניסטין — — — — — מיס א. באַיינער

**זונטאָג אבענד, דעם 27טען דזשון, 8:15 אוהר**

**אין לייבאָר לייסעאום**

62 ליווינגסטאַן סטריט

מ. ג. מאַגולעווסקי, מענעדזשער.

---

# ביאַליסטאָקער

צוליעב אורזאַכען פון אונז ניט אבהענגיג, זענען מיר געצוואונגען אבצו־לייגען אויף אן אונבאַשטימטע צייט אונזער **קאָנצערט און באַנקעט, וועלכען מיר האָבען אראַנזשירט אויף דיעזען זונטאַג, דזשון דעם 20טען.**

אָע וועלכע האָבען שוין טיקעטס זענען געבעטען צו קומען צו אונזער דענעלען מיטינג, נעקסטען **מיטוואָך, דזשון דעם 23טען, אין לייבאָר לייסעאום**, וואו ארראַנזשמענטס פאר א צווייטע אונטערנעהמונג וועט גע־מאַכט ווערען.

**הויפטזעכליך קומט אלע ביאַליסטאָקער און פון אומגע־גענד אבנעהמען א גרוס פון א'נזער לאַנדסמאַן און פריינד וועלכער איז נאָר וואס פון ביאַליסטאָק אנגעקומען.**

ער האָט פיעלע גרוסען און בריעף צו אייך.

מיט גרוס,
דער ביאַליסטאָקער
פעראיין און דעטראָיט

---

## דער בעסטער מוהל אין שטאָט און מסדר קידושין

## חזן דוד גאָלדען



אין 248 איסט האַי סטריט
טעלעפאָן, מעין 4420

---

### באַקאַנטמאַכונג

## יין גפן לקדוש ולהבדלה

אייך אלעמענס גוט באַקאַנטע וויין־סטאָר, אויף 407 הייסטינגס סטריט, וואו איהר פלעגט שטענדיג באַקומען דעם בעסטען וויין פאר ריטועלע צוועקען, איז יעצט איבערגעגאַנגען אונטער א נייעם מענעדזשמענט. די אויפזיכט איבער דיעזען סטאָר האָט יעצט א מאַן וועלכער איז פאר יאָהרען לאַנג געווען אין וויין ביזנעס. דער נייער מענעדזש־מענט מיט די אלע סאָרטען גוטע ווייגען גלויבט, אז פארקויפענדיג מעהר וויין צו ביליגערע פרייזען, וועט זי מאַכען מעהר סוקסעס, ווי פארקויפענדיג ווייניגער וויין צו הויכע פרייזען. מיט איין וואָרט, זיי ווילען געבען א געלע־גענהייט יעדען אידען אין דעטראָיט, צו קריגען די בעסטע וויין פאר קדוש און הבדלה צו די ביליגסטע פרייזען.

פאָלגענדער פרייז ליסט וועט דיענען אלס ביישפיעל, ווי ריכטיג עס איז אלעס, וואס דער נייער מענעדזשער פארזיכערט אייך.

**די בעסטע כרמל וויין**

דער פרייז פון בעפאָר — — — $20.00
דער יעצטיגער פרייז — — — $17.50

**כרמל וויין**

דער פרייז פון בעפאָר — — — $15.00
דער יעצטיגער פרייז — — — $13.75

**פאָרט וויין**

דער פרייז פון בעפאָר — — — $12.50
דער יעצטיגער פרייז — — — $ 8.00

**זויערער וויין**

דער פרייז פון בעפאָר — — — $12.10
דער יעצטיגער פרייז — — — $ 6.00

קומט צוזעהן אין אונזער וויין סטאָר אויף 407 הייסטינגס סטריט און איר בעהצייגט זיך אין דער ריכטיגקייט פון אונזער פרייז ליסט און אין דער גע־שמאַקהייט פון אונזער וויין.

מיט גרוס,

**די סאַקראַמענטאַל וויין סטאָר**
407 הייסטינגס סטריט.

---

# C.W. Kotcher. Lumber Co.

## בעסטער אקערליי צו יעדער צייט

ביליגע פרייזען און גוטע בעהאנדלונג דאס איז אונזער סוקסעס

Cor. Gratiot and St. Aubin Aves

Melrose 3390

---

# איר קענט שיקען געלט צו אייערע קרובים

דורך דער

## Bank of Detroit

א. זיגלער מענעדזשער
הייסטינגס סטריט ברענטש

---

## פאר רענטען, קויפען אדער ליסען צו נעמערס

אויב איהר ווילט אז אייער פראָפּערטי זאָל געהאנדעלט ווערען ביי א ריליאַבעל קאָמפּאַניע, זאָלט איהר ליסטען מיט

**דהי דעטראָיט סעלף־העלפ ריעל עסטייט אינוועסטמענט קאָמפּאַני (אינק.)**

398 סט. אלטווין סטריט.
טעלעפאָן מעין 7376
וויליאם ראַבינסאָן, פרעזידענט

---

# צוקער    צוקער    צוקער

פון איין פונט — — — ביז — — — הונדערט פונט

צו יעדען איינעם יעדען טאָג

אין

## ראָזענס בעקערי

408 הייסטינגס סטריט

---

# גרעסטער סורפּרייז סייל

## צום ערשטען מאָהל אין 10 יאָהר

אפערט די גרעסטע אידישע דריי גודס פירמע

# ערמאַן און פופּקאַ'ס

## ניו יאָרק דריי גודס סטאָר

## 495 הייסטינגס, קאָרנער אלפרעד

**איהר $50,000 סטאָק צום פובליקום פאר פרייזען וואס וועלען איבעראַשען יעדען איינעם. א סייל וואס וועט לאַנג ניט פארגעסען ווערען אין דעטראָיט.**

**דער סייל איז בלויז פאר 10 טעג.**

# דער גרעסטער יום טוב פון בית יתומים.

אלע מעמבערס און פריינד פון דעם
**בית יתומים**

ווערן געבעטען צו קומען

**זונטאג אווענד, דזשון דעם 20טען, אין שערי צדק שוהל**

צו פייערן דעם גרויסען יום טוב פון
**„גארטגיידזש פארברענען"**

די רעפרעשמענטס פריי און אויך א גרויסארטיגע מוזיק אונטער דער באגלייטונג פון דעם באוואוסטען וויאלינ׳סט מר. רובינשטיין.

פארגעסט ניט וואס דיעזער יום טוב מיינט פאר׳ אונז; דאס צייגט דער שטארק דעטראיט אונזער גוטע און ענערגישע ארבייט, דורך וועלכען עס איז אין אזא קורצער צייט אויפגעטאן געווארען, אז פון ארימע פענים און קווטערס, זאלען מיר זיין אימשטאנד אויסצוצאהלען די סומע פון 24,000 דאלאר פאר דעם הויז 25 ראונטא סטריט.

מיט דער פייערונג פון דיעזען יום טוב פארזיכערען מיר די ארימע יתומים־לער מיט א גוטע איינגנצען באצאהלטע היים אויף די יתומים׳ס נאמען.

ביי דעם אינסטאלליישאן מיטינג פון די נייע אפיסערס, וועלכער האט שטאטפינרען מיטוואך אווענד, איז באשלאסען געווארען א זעם זאל געגעבען ווערען א הערצליכען דאנק צו מר. און מרס. ווייסוואסער, מרס. ראטענבערג און מר. האלפין און אלע געוועזענע באארד אוו דירעקטארס פאר זייער גרעטער און גאבעלער ארבייט ביז יעצט. מיר האפען, אז זיי וועלען ווייטער מיט־העלפען אין די אינטערעסען פון דעם בית יתומים.

א. מעסערמאן,
רעק. סעק.

C.W. Kotcher.
Lumber Co.

ברעטער אלערליי צו
יעדער צייט

בילינע פרייזען און גוטע
בעהאנדלונג דאס איז
אונזער סוקסעס

Cor. Gratiot and St. Aubin Aves.

Melrose 3390

## איר קענט שיקען געלט
## צו אייערע קרובים

דורך דער

**Bank of Detroit**

א. זיגלער מענעדזשער
הייסטינגס סטריט בראנטש

---

## דער בעסטער מוהל אין שטאט
## און מסדר קידושין
## חזן דוד גאלדען



**אין 248 איסט האי סטריט**
טעלעפאן. מעין 4420

---

ב א ק א נ ט מ א כ ו נ ג

## יין גפן לקדוש ולהבדלה

אייך אלעמענס גוט באקאנטע וויין־סטאר, אויף 407 הייסטינגס סטריט, וואו איהר פלעגט שטענדיג באקומען דעם בעסטען וויין פאר ריטועלע צוועקען, איז יעצט איבערגעגאנגען אונטער א נייעם מענעדזשמענט. די אויפזיכט איבער דיעזען סטאר האט יעצט א מאן וועלכער איז פאר יאהרען לאנג געווען אין וויין ביזנעס. דער נייער מענעדזש־מענט מיט די אלע סארטען גוטע וויינען גלויבט, אז פארקויפענדיג מעהר וויין צו ביליגערע פרייזען, וועט זי מאכען מעהר סוקסעס, ווי פארקויפענדיג ווינ־ציגער וויין צו הויכע פרייזען. מיט איין ווארט, זיי ווילען געבען א געלע־גענהייט יעדען אידען אין דעטראיט, צו קריגען די בעסטע וויין פאר קדוש און הבדלה צו די ביליגסטע פרייזען.

פאלגענדער פרייז ליסט וועט דיענען אלס ביישפיעל, ווי ריכטיג עס איז אלעס, וואס דער נייער מענעדזשער פארזיכערט אייך.

### די בעסטע כרמל וויין

| | |
|---|---|
| דער פרייז פון בעפאר | $20.00 |
| דער יעצטיגער פרייז | $17.50 |

### כרמל וויין

| | |
|---|---|
| דער פרייז פון בעפאר | $15.00 |
| דער יעצטיגער פרייז | $13.75 |

### פארט וויין

| | |
|---|---|
| דער פרייז פון בעפאר | $12.50 |
| דער יעצטיגער פרייז | $ 8.00 |

### זויערער וויין

| | |
|---|---|
| דער פרייז פון בעפאר | $12.10 |
| דער יעצטיגער פרייז | $ 6.00 |

קומט צוגעהן אין אונזער וויין סטאר אויף 407 הייסטינגס סטריט און איר בעהצייגט זיך אין דער ריכטיגקייט פון אונזער פרייז ליסט און אין דער גע־שמאקהייט פון אונזער וויין.

מיט גרוס,

**די סאקראמענטאל וויין סטאר.**
407 הייסטינגס סטריט.

---

TELEPHONE CANAL 199

Vienna Sausage Mfg. Co.

1215-1217 S. HALSTED ST., CHICAGO.

אונזערע
**דעטראיטער אגענטען**
זיינען
**דזשיי לעפקאווסקי און סאנס**
**בראדוויי מארקעט**

---

## מוז האבען די מזומן

וועל פארקויפען מיין קאפיטאל סטאק אין אן ערפאלגרייכער קאמפאניע פאר $1,000. האט די ווערט א סך מעהר. פרעגען: מעלראוז 807 אר.
20)

## זעקס הונדערט דאלאר

א י י נ צ א ה ל ע ן

6 רומס און באד, 74 העקלא סט. פרעגען איינענטימער. מעלראוז 807 אר.
20)

---

צום דעטראיטער פובליקום

א י ן

# קאפלאן׳ס בארגען סטאר

געהט נאך אלץ אן דער

## קלאזינג אוט סייל

ווייל דאס איז ווירקליך א סייל בלויז דערפאר, ווייל די סטאר מופט ראון טאון.

איהר קענט אלזא יעדען טאג נאך געפינען צעהנדליגע ארטיקלען, וואס ווערען אויספארקויפט צו ביליגער ווי קאסט. א ון ווען איהר פארפעהלט צו קויפען אן ארטיקעל פארליערט איהר קעש געלד.

---

## ליבהאבער פון קלאסישע־מוזיק אויפמערקזאם

# ערשטער קאנצערט

אין דעטראיט

געגעבען ביי דעם

**פילהארמאנישען מענער קווארטעט**

שענסטער אידישער מענער קווארטעט אין אמעריקא

| | |
|---|---|
| ערשטער טענאר | מר. ע. ראזען |
| צווייטער טענאר | מר. מ. פאסמאן |
| ערשטער באסס | מר. דזשאהרוש גנלפאן |
| צווייטער באסס | מר. ס. סילווערמאן |
| פיאניסטין | מיסס א. באיינער |

**זאנטאג אבענד, דעם 27טען דזשון, 8:15 אוהר**
**אין לייבאר לייסעאום**

62 ליווינגסטאן סטריט

מ. נ. מאגולעווסקי, מענעדזשער.

---

# ביאליסטאקער

צוליעב אורזאכען פון אונז ניט אבהענגיג, זענען מיר געצוואונגען אבצור לייגען אויף אן אונבאשטימטע צייט אונזער **קאנצערט און באנקעט, וועלכען מיר האבען אראנזש׳רט אויף דיעזען זונטאג, דזשון דעם 20טען.**

אע וועלכע האבען שוין טיקעטס זענען געבעטען צו קומען צו אונזער רעגעלען מיטינג, נעקסטען **מיטוואך, דזשון דעם 23טען, אין לייבאר לייסעאום**, וואו אראנזשמענטס פאר א צווייטע אונטערנעהמונג וועט גע־מאכט ווערען.

**הייפטזעכליך קומט אלע ביאליסטאקער און פון אומגע־גענד אבנעהמען א גרוס פון א׳נזער לאנדסמאן און פריינד וועלכער איז נאר וואס פון ביאליסטאק אנגעקומען.**

ער האט פיעלע גרוסען און בריעף צו אייך.

מיט גרוס,

דער ביאליסטאקער
פעראיין און דעטראיט

---



# זעלטען ווען מיר האבען געהאט א גרעסערען סטאק פיאנאס אויפ׳ן פלאר

דורך דער צייט וואס די מלחמה האט אנגעהאלטען, האט די פראדוקט נאך אלץ מאטעריאלען, ארבייטער ארט און זייט דאן, ווייל עס פעהלען נאך אל מאטעריאלען, ארבייטער און טראנספארטאציע, איז מען נאך אלץ קורק אין פיאנאס.

עס האט דאריבער גענומען א לאנגע צייט, ביז אונזער סטאק פון פיאנאס איז ווידער געווארען נארמאל. אבער אזוי ווי מיר זענען פארבונדען מיט די גרעסטע פיאנא מאנופעקטשורערס און בערצוקויפען מיר פאר קעש, איז אונז ענדליך געלונגען צו באקומען אונזער גרויסען סטאק.

ניט נאר די בעסטע פיאנאס און פלייער פיאנאס אין דער וועלט, נאר אויך דער טאן, דאס האלץ און דער פיניש איז דער בעסטער.

איהר קענט קריגען א סטיינוועי, גריי־נעלל בראס, סאהמער, וואוס, סטערלינג, שאנינגער, הארינגטאן האנינגטאן און אזוי ווייטער און איהר זייט זיכער צו האבען דאס בעסטע אין דער וועלט.

**Grinnell Bros**

דוא־ארט רעפראדוסינג פיאנאס
פיאנאלא פלייער פיאנאס

26 STORES HAEDQURTERS

243-7 Woodward Ave

## פיאנא ספעשעלס פאר מארגען

ס ט י י נ ו ו ע י

גרויסער סטייל, גענוצטע, שעהנער טאן, 8 פעדאלס, 71-3 אקטאווס — $395

ג א ב ל ע ר

מאהאגאני קיים, 71-3 אקטאווס, ארנאמענטאל דעזיין, גוטער צושטאנד — $127

ל א פ א ר ג

גרויס, אוק, מאדערן דעזיין, כמעט ניי — $723

מ א נ א ט ל י כ ע צ א ה ל ו נ ג
קאטאלאגען צוגעשיקט פריי

---

## פאר רענטען, קויפען אדער־ליסען צו נעגערס

אויב איהר ווילט אז אייער פראפערטי זאל געהאנדעלט ווערען ביי א ריליאבעל קאמפאניע, זאלט איהר ליסטען מיט

**דהי דעטראיט סעלף־העלפ ריעל עסטייט אינוועסטמענט קאמפאני (אינק.)**

398 סט. ענטוויין סטריט.
טעלעפאן מעין 7376
**וויליאם ראבינסאן**, פרעזידענט

---

## צוקער צוקער צוקער

פון איין פונט — ב י ז — הונדערט פונט

צו יעדען איינעם יעדען טאג

א י ן

## ראזענס בעקערי

408 הייסטינגס סטריט

---

# גרעסטער סורפרייז סייל

## צום ערשטען מאהל אין 10 יאהר

**אפערט די גרעסטע אידישע דריי גודס פירמא**

# ערמאן און פופקא׳ס

## ניו יארק דריי גודס סטאר
## 495 הייסטינגס, קארנער אלפרעד

**איהר $50,000 סטאק צום פובליקום פאר פרייזען וואס וועלען איבעראשען יעדען איינעם. א סייל וואס וועט לאנג ניט פארגעסען ווערען אין דעטראיט.**

**דער סייל איז בלויז פאר 10 טעג.**

# דער וועג

THE DETROIT JEWISH DAILY

Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by DER WEG PUBLISHING COMPANY. INC.

347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715

J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.

B. I. GOLDSTEIN, Editor

(Entered as Second Class mail matter at Post Office. Detroit, Mich.)

Subscription Price: By mail, or carrier, one yer, $5.00; six months, $2.50.


## ווי מען זעעט, אזוי וואקסט עס

פאר־א־יאהרען האט די רעגירונג שוין באדארפט ריידען צו די פארמערס מוסר־רייד; האט געמוזט נוצען דעם פאטריאטיזם אלס מאטיוו; האט געמוזט אנ־ווענדען די גוט באקאנטע פאליטישע מיטלען אויף צו באאיינפלוסען זיי זאלען קיין אומ'חן נישט ווארפען אויף זייער ארבייט.

און דאך זיינען היינטיגס יאהר פאראן א סך ווענינער פארמערס ווי פאר־יאהרען.

עס האבען, הייסט עס, נישט געהאלפען די אלע שעהנע רייד, דער גאנצער מוסר.

פארם־הענט זיינען היינטיגס יאהר נאך ווענינער פאראן ווי פאר־א־יאהרען. אין דעם איין שטאאט ניו־יארק זיינען די פארם־הענט היינטיגס יאהר מיט זיבען פראצענט ווענינער ווי פאר־א־יאהרען.

די אלגעמיינע באפעלקערונג אויף לאנד (אויסער שטאדט) איז פארקלע־נערט געווארען היינטיגס יאהר אויף גאנצע פיער און צוואנציג טויזענד.

— א ו ר ז א כ ע ?

— פ א ר א ן ג ע נ ו ג.

און מען דארף נישט קיין בויך־סברות; און מען דארף די אורזאכען נישט אויסזויגען פון די פינגער, אדער אויס"פשט'לען זיי.

דאס בעסטע: — פרעג נישט דעם דאקטאר, נאר אליין דעם חולה. ער ווייס בעסער.

אט וואס דער פארמער אליין זאגט: — —

מאנגעל אין געהעריגע פארם־ארבייטער;

דער שטאדטישער ארבייטער ארבייט פון זעקס ביז אכט שעה אין טאג און באקומט גרעסערע שכירות, איידער די פארדיענסטען פונ'ם פארמער, וועלכער אר־בייט פון צוועלף ביז זעכצעהן שעה אין טאג;

דאס יונג־ווארג (דעם פארמערס קינדער) צעלויפען זיך (צוליעב דער פריה־רדיגער אורזאכע) פון די פארמס אין שטאדט אריין;

דער פארמער פארקויפט זיינע פראדוקטען בילינגער, און באצאהלט פאר זיינע נויטווענדיגקייטען טייערער;

דער מאנגעל אין געהעריגע אגענטורען וואס זאלען שטעלען אין א נאהענ־טער פארבינדונג דעם פארמער מיט'ן פארברויכער.

אט דאס זיינען די אורזאכען וואס אליין די פארמער האבען אנגעגעבען אויף דער פראגע פון דעם פאסט אפיס דעפארטמענט, וועלכער האט געוואלט וויסען ווארום די פארמערס ווערען פון יאהר צו יאהר ווענינער און די צאהל פארזעעטע [illegible]רם לאנד קלענער.

פיערציג טויזענד ענטפערס זיינען אנגעקומען צום דערמאהנטען דעפארט־מענט און לערך פופציג פראצענט האבען געענטפערט די פריהער ציטירטע טעמים.

אין דעם אלבאני'ר „ניקערבאקער פרעס" שרייבט א פארמער אזא מין ראהונגס בריוועל:

„אלעס וואס מיר פארקויפען איז נידעריגער אין ווערט, און וואס מיר קויפען איז טייער. דער איינציגער וועג בלייבט אונז צו געהן אין שטאדט, געפונען ארבייט און קריגען גוט באצאהלט. זאלען אונזערע פארמס פוס־טעווען. וואס איז די נוץ צו ארבייטען פון פופצעהן ביז זעכצעהן שעה אין טאג, ווען מיר קענען קריגען מעהר באצאהלט פאר ווענינער ארבייט?"

דער רעדאקטאר פון דעם „אינגלענד פארמער" פון לואיסוויל האט דער ער־שטער געווארענט אנהויב לעצטען ווינטער, אז די פארמערס וועלען זיך נישט צו־הערען צו די פאטריאטישע אויפרופען. ער האט אין א זעהר שארפען ארטיקעל קעגען דער רעגירונג געשריבען, צווישען אנדערס, אז —

„די פארמערס רעכנען היינט מעהר ווי שטענדיג, און זיי פרעגען ווארום אין מלחמה צייט איז די פרייז אויף ווייץ באשטימט געווארען דורך דעם שפייז־קאמישאנער, און פונדעסטוועגען איז מעהל טייערער געווארען? מיט וואס זיינען פארמערס ערגער פון די מילגערס? ווארום זיינען אויף אלע נויטווענדיגקייטען, וואס דער פארמער דארף קויפען ערלויבט געווארען צו העכערען די פרייזען? מיט וואס זיינען די פארמערס ערגער פון די פאבריקאנטען?"

און נישט נאר די ערד ארבייט ביי די פארמערס האט אנגעוואוירען איהר [illegible]אליגען חן; נאר זיי האבען אויך קיין חשק נישט צו ערציהען קיין פיה. צו וואס? [illegible] מוזען פארקויפען צום פלייש טראסט זייערע בהמות, שאף, און רינדער פאר אזא פרייז, ווי דער טראסט דיקטירט. און זיי אליין, די פארמערס, מוזען צו זעהן ווי די זעלבע פראפיטירערס־שינדערן די הויט פון די קונים פאר דעמזעלבען פלייש דריי מאל אזוי פיעל.

און וואס ערגער איז: — די קאפיטאליסטישע פרעס, נישט וועלענדיג [illegible]זאזען אז דער עולם זאל דערגעהן די אמת'ע אורזאכע און פארזאכער פונ'ם יקרות, שעהמען זיך נישט אנצודייטען א די הויפט פראפיטירער זיינען די ארבייטער און — די פארמערס.

פאראן אפילו אזעלכע פארמערס, וואס זיינען צוגעבונדען צו זייער ארבייט און קענען זיך מיט איהר נישט שיידען. זוכען דיזען פארמערס פארשיעדענע מיט־לען ווי־אזוי־ארום זיי זאלען קענען אויסקומען מיט זייערע רווחים; ווי אזוי זיי זאלען נישט בארויבט ווערען ווען זיי דארפען עפעס קויפען.

די דאזיגע פארמערס גרינדען קאאפעראטיווע געזעלשאפטען; זיי פארקויפען זייערע פראדוקטען צום קאנסומער גופא, און דאס ברענגט זיי אריין גרעסערע פארדיענסטען. אבער די מעהרסטע פארמערס האבען קיין שום חשק נישט צו אנ־שטרענגען און צו מוטשען זיך אויף די פארמס און לויפען אין די גרעסערע שטעדט.

אין די „דיידזשעסט" האט אונז אונזערער א לעזער אויפמערקזאם גע־מאכט אויף אן ארטיקעל אין וועלכען דער שרייבער זאגט אפען און קלאהר, אז די שולד פון דער פארקלענערטער צאהל תבואות מוז געווארפען ווערען אויף הואווער'ן, וועלכער האט אויף אלע אנדערע אינדוסטריעס געקוקט ווי א כלא ידע, ווען אין דער פארמעריי האט ער זיך געמישט ווי א גרויסער ידען און האט כמעט גע־צוואונגען די פארמערס צו ארבייטען מיט „סקוהל באיעס". די פראקטישע פארם־הענט האט מען פארנוצט אין אנדערע אינדוסטריעס, וואס האבען געקענט בעסער באצאהלען פאר ארבייט, ווייל [illegible] האט מען געלאזט הייסען אזעלכע פרייזען, ווי זיי האבען אליין געוואלט.

— א ו ן א י צ ט

די פארמערס זיינען דער פונדאמענט פון דער אמעריקאנער נאציאן; פארמס פוסטעווען; פארם־הענט קען מען נישט באקומען און —

אונזערע פאטריאטען הייסען האלטען זיבען שלעסער אויף די טויערען פון אמעריקא; אונזערע אנדערע פאטריאטען הייסען ארויסטרייבען פון דאנען די וועלכע וואגען צו דענקען אנדערש ווי זיי. דאדורך ווארפט מען אן א מורא אויף אימיג־ראנטען. דאדורך פאר'מיאוס'ט מען דעם נאמען פון דער פרייער אמעריקא.

וועט מען זיך אויך ווייטער אזוי פיהרען, וועט די לאגע נאך ערנסטער ווערען.

## די פאליטישע וואך

פון ז. ק.

ד'. בורבאנען פון דער אמעריקאנער ארבייטערשאפט האבען לכל־הדעות קיין אך ניט געלערנט. עס זעהט אויס, אז מר. גאמפערס און די אנדערע „לייטענ־דע גייסטער" אין דער אמעריקאנער ארבייטער פעדעראציע וועגען פאר־עקשנ'ט ניט צו לערנען קיין געשיכטע און ניט אפצולערנען קיין זאך פון פאק־טען. מר. גאמפערס און זיינע תלמידים האבען זייער אלטע תורה ניט פארגע־סען.

אין קיין לאנד איז די ארגאניזירטע ארבייטערשאפט אזוי פאליטיש מאכט־לאז און אומבאהאלפען, ווי עס איז דער פאל מיט דעם אמעריקאנעם ארבייטער־קלאס. אין דעם איצטיגען קאנגרעס פון די פאראייניגטע שטאאטען איז ניט דא קיין איין־איינציגער מיטגליעד, וועלכען מען זאל קענען, אפילו אין נאמען אליין, אנרופען א פארטרעטער פון ארבייטער. מר. גאמפערס איז שוין אלט גענוג צו וויסען, אז געזעצען ווערען באשאפען ניט אויס אן אבסטראקטען „אגריעף", ניט לויט סתם יושר, נאר דורך א גע־וויסע דיקטירונג פון עקאנאמישע אינ־טערעסען. מר. גאמפערס האט שוין, דוכט זיך, געהאט גענוג ערפאהרונג, וואס זאל איהם איבערציינגען, אז די אינטערעסען [illegible] די ארבייטס־געבער און געלד־מאגנאטען זענען אין געגענזאץ צו די אינטערעסען פון ארבייטענדען פאלק. ער האט שוין געמעגט וויסען, אז דער ארבייטער וועט ניט געהאלפען ווערען דורך זיין געהן קיין „קאנאסע" און פאלען „כורעים" פאר די פיהרער פון גרויס־קאפיטאל. זיין „כעס" געגען דער רעפובליקאנער פארטיי צוליעם דעם דורכפאל פון זיין מיסיע קיין שיקאגא איז אלענפאלס ניט בארעכטיגט. די רעפובליקאנער פארטיי, זענענדיג די פארשטעהערין פון די מארגאנס, האט ניט געקענט [illegible]דינגען געגען איהרע איי־גענע אינטערעסען, אבי נושא־חן צו זיין אין די אויגען פון מר. גאמפערס. און דעם ארבייטער'ס לאגע וועט זיך אויף קיין האר ניט פארבעסערען דורך דעם, וואס מר. גאמפערס וועט זידלען און טארלען מיט שלעכטע צונעמענישען די רעפובליקאנער. מר. גאמפערס און מר. וואהל האבען שוין לאנג געמעגט וויסען, אז זייער פלאץ איז ניט צו בעטלען ביי פרעמדע, פיינדליכע טישען.

וואלטען זיי עפעס געלערענט, וואל־טען זיי דאן איינגעזעהן ווי ווייט אומ־לאגיש זיי זיינען מיט זייער פאליטי־שער „נאן־פארטיזאנ'ער" שטעלונג. זיי וואלטען געוואוסט, אז כדי צו ערוועה־לען א קאנגרעס, וואס זאל זיין „פריינד־ליך" צו די ארבייטער, מוז מען זיין א שטארקע פאליטישע מאכט. פאליטי־שע מאכט ווידער וועט דער ארביי־טער קלאס זיך קיינמאל ניט ערווערבען, אויב זיין שטעלונג צום פאליטישען לע־בען וועט זיין א „נאן־פארטיזאנע". אויב די ארגאניזירטע ארבייטערשאפט וועט נאכפאלגען די לעהרע פון מר. גאמפערס, וועט זי שטענדיג בלייבען א פאליטישער נול, וועלכען די צוויי הער־שענדע פארטייען מעגען זיך ערלויבען צו איגנארירען אין זייערע פאליטישע חשבונות.

וואלט מר. גאמפערס געוועזן פעהיג צו ציהען א לאגישען שלוס פון געוויסע פאקטען, — פאקטען וועלכע ער אליין האט, די לעצטע צייט אזוי דייטליך קלאהר געמאכט, דאן וואלט ער געווים אויף דער מאנטרעאלער קאנווענשאן פון דער אמעריקאנער ארבייטער פעדעראציע ניט אזוי ביטער באקעמפט דעם געדאנק פון אן ארבייטער פארטיי. אויב מר. גאמפערס איז געוועזן באוואוסטזיניג, ווען ער האט אין די לעצטע נומערען פון דעם „פעדערייישאניסט" אטאקירט דעם עקזיסטירענדען קאנגרעס צוליעב זיין רעאקציאנערער פאליטיק און פיינד־ליכע שטעלונג צו די ארבייטער, ווארום זשע ניט אננעהמען מיטלען צו באקעמ־פען דיעזען קאנגרעס? אמת, מר. גאמ־פערס שרייט געוואלד, אז דיעזער קאנ־גרעס מוז באקעמפט ווערען. אבער ווי אזוי? אויב ניט דורך אקטיווער פאלי־טישער אקציאן און דורך אן ארבייטער פארטיי, וועט דאך די פיזיאנאמיע פון קאנגרעס בלייבען די זעלבע. ווארום עס איז דאך אלץ איינס פאר די ארבייטער, צי די רעפובליקאנער וועלען זיין אין דער מעהרהייט, אדער די דעמאקראטען. מר. גאמפערס אליין האט דאך דיעזען פאקט באשטעטיגט. מר. גאמפערס וועט דאך ניט רעקאמענדירען צו שטימען פאר דער דעמאקראטישער פארטיי, וועל־כע האט ניט פראטעסטירט געגען דעם העש־קאמינס טראנספארטאציאנס אקט און וועמענס אדמיניסטראציע האט דיע־זען אקט אונטערגעשריבען. מר. גאמ־פערס, וועלכער איז איינינע מאל ארויסגעטראטען געגען דעם פאלמעריזם, וועט דאך ניט קומען צו די ארבייטער און הייסען זיי שטימען פאר דער פאר־טיי, וועלכע האט פאר דער לעצטער צייט דורך איהרע רעגירונגס פארשטע־הער באקעמפט דעם ארבייטער. אויב די פינף מיליאן ארגאניזירטע ארבייטער וועלען בלייבען פאליטיש „נאן־פארטי־זאן", דאן וועט דער אויסזעהן פון קינפטיגען קאנגרעס, וואס אנבעלאנגט די ארבייטער, בלייבען דער זעלבער.

מר. גאמפערס ווייס גאנץ גוט דיע־זען פאקט, אבער עס ליגט שוין אזוי אין זיין נאטור קיין זאך ניט צו לער־נען.

* * *

די שוואכע און צעטראטענע טערקיי איז פאר די עלייעס דער שווערסטער ביסען אראפצושלינגען. די רייסערייען איבער דער טערקישער „חלוקה" זענען צווישען ענגלאנד און פראנקרייך געווען באלד פון אנפאנג אן אן „אבן נגף" צו דער נויטיגער איינינקייט. ניט אומזיסט האט עס גענומען דעם העכסטען ראט אזא לאנגע צייט צו פארמולירען א שלום־אפמאך מיט טערקיי, וועלכע איז געווען איינע פון די ערשטע אפצורייסען זיך פון דעם גערמאנישען בונד. און איצט אפילו, ווען דער אפמאך איז שוין פארטיג און צוגעשטעלט געווא־רען צו די טערקישע שלום־דעלעגאטען, זעהט עס נאך אלץ אויס, אז דער גע־ווינשטער שלום אי פאר טערקיי אי פאר די עלייעס איז גאנץ ווייט.

וואלט געהערשט איינינקייט צווישען די עלייעס בנוגע דער טערקישער „ירושה", וואלט פאר זיי דער געפאהר פון דעם „באוואפענטען אויפשטאנד", וועלכען עס האבען ארגאניזירט די טער־קישע נאציאנאליסטען, געווען ניט אזוי גרויס. אבער צוליעם דעם, וואס פראנק־רייך האט זיך „אפגענארט" *) וועגען דער באדייטונג פון מעסאפאטאמיען און מאזול, איז מעגליך געווארען פאר איהר ארויסצוציהען א געוויסען טייל פון איהר מיליטער פון סיריען און צו שליסען א וואפענשטילשטאנד מיט קעמאל פאשא'ן, דעם פיהרער פון די טערקישע נאציאנאליסטען. דיעזער שריט פון פראנקרייך שטעלט אין סכנה די גאנצע געביידע, וואס דער טערקי־שער שלום־אפמאך האט באצוועקט אויפצושטעלען. און דארום גלויבט זיך, אז דער באריכט פון דער לאנדאנ'ער „דיילי מעיל", דאס די אליאירטע רע־גירונגען וועלען צוריקציהען דעם טער־קישען אפמאך, איז ניט אינגאנצען קיין פאלשער. אויב דיעזער באריכט זאל זיך ארויסווייזען צו זיין א ריכטיגער, אן איז צו האפען, אז די שטעלונג פון „זיעגער" צו'אלע „באזיעגטע" וועט זיך מוזען איבערבייטען; אז ניט נאר וועלען די אליאירטע זיין געצוואונגען ניט צו מאכען די פעהלערן בנוגע טער־קיי, נאר אויך רעווידירען די אפמאכען מיט דייטשלאנד, עסטרייך, אונגארן און בולגאריען. עס איז שווער נביאות צו זאגען, ווען דיעזע געענדערטע שטע־לונג צו די „באזיעגטע" וועט פאר־קומען. אבער עס זיינען דא גענוג סמנים וועלכע ווייזען אן, אז מעהר „הומאנע" באציהונג פון די אליאירטע צו זייערע געוועזענע שונאים איז אונפארמיידליך.

* * *

איינער פון דיעזע סמנים איז אהן שום צווייפעל די פאליטישע שטימונג, וואס הערשט לעצטענס אין איטאליען. דער געוועזענער איטאליענישער פרעמ־יער ניטי האט גאנץ דייטליך אויסגע־דריקט דעם אמת'ן שלום־גייסט, וואס האט ארומגעכאפט דעם גאנצען איטאל־יענישען פאלק. ער איז געפאלען ניט צוליעב זיין קאמף פאר שלום, נאר צוליעב זיין שטעלונג צו דער ברויט־פראגע אין איטאליען. עס איז נאך ניט קלאהר, ווי אזוי דער נייער פרעמיער דזשיאליטי, וועלכער איז לעצטען מיט־וואך אריין אין אמט, וועט דיעזע פרא־גע לעזען. אבער דער פאקט, וואס דער גרייז־גראָקער דזשיאליטי איז צוריק די דאמינירענדע פיגור אין איטאליען איז העכסט באדייטענד. דזשיאליטי איז גע־וועזן דער דאזיגער, וועלכער איז אין יאהר 1915 ערשיענען, אלס דער פאר־טיידיגער פון דריי־בונד און איז געוועזן געגען דעם, אז איטאליען זאל אריין אין קריעג אויפ'ן צד פון די עלייעס. דזשי־אליטי איז דאן ערקלעהרט געווארען אלס „פאררעטהער" און האט געמוזט אנטלויפען פון איטאליען. און איצט איז דיעזער „פאררעטהער" אנפארטרויט געווארען צו פיהרען די איטאליענישע פאליטיק. איז דאס דען ניט קיין באַ־ווייז, אז דער „פאראייניגטער פראנט" פון די אליאירטע פאנגט אן צו צופאַ־לען? איז דען דאס ניט קיין באווייז, אז די אייראפעאישע פאליטיק וועט סוף כל סוף מוזען איבערראשען פיעלע פון איהרע ווערטער?

*) אין פראנצויזישען סענאט איז די טעג פארגעקומען א היציגע דעבאטע וועגען דעם, וואס פראנקרייך האט ערלויבט, אז ענגלאנד זאל קריגען די רייכע אויל־קוועלען פון מעסאפאטא־מיען און מאזול. דער רעגירונגס־פארשטעהער האט ערקלעהרט, אז וואלט קלעמאנסא געוואוסט די גרויסע באדייטונג פון דיעזע אויל־פעל־דער, וואלט פראנקרייך ניט איינגע־גאנגען אויף דעם; ס'הייסט, מ'האט זיך „אפגענארט".

## א פארשטעלונג אין מט. קלעמענס

פון ב. י. גאלדשטיין

איך האב בייגעוואוהנט א טעאטער־שטעלונג אין מאונט קלעמענס.

דאס קליינע מאונט קלעמענס שטעהט אין דיעזען הינזיכט אפשר העכער און לייטישער איידער דאס גרויסע דעט־ראיט.

אין דעטראיט גיט מען אונז אידיש טעאטער נאר אויף א רפואה: איין מאל אין א שמיטה אן עס־לעפעל טעאטער. און דאס דארף מען טאקע געבען אזעל־כע פארשטעלונגען וואס געפעלען די ברייטע מאסען.

„ווען מען וואלט געווען געמאכט א טעות — זאגט מיר מיינער א פריינד — און מען וואלט אנשטאט „די גרינע פעל־דער", געווען אנאנסירט, אז דא געהט מען שפיעלען „די גרינע פעדלער", וואלט דאס טעאטער געווען געפאקט, אבער „גרינע פעלדער" — ווער דארף דאס?"

און מיין פריינד טרייבט ניט אי־בער. די היגע אינטעליגענץ האט גע־שיינט מיט איהר אבוועזענהייט ביי ביידע ערליי פארשטעלונגען, וואס די קינסטלער געזעלשאפט האט דא געגע־בען.

„נו, וואס זאגט איהר עפעס אויף אייער ליטעראציע?" — פרעגט מיך פארביי'ען דער טעאטער מענעדזשער מר. קרים.

און איך גיב א קוק אויף די ליידיגע בענק און קום איהם צו גלויבען, אז באמת איז דעטראיט הינטערשטעליג אין דיעזען הינזיכט.

ווייסט איהר וואס אזא שטאדט ווי מאנטרעאל האט געטאן פאר יאהרען, ווען אהין זענען געקומען די שוישפיע־לער פון מאריס שווארץ'ס טעאטער?

די אינטעליגענץ פון שטאדט האט ממש געשלעפט דעם עולם אין טעאטער אריין. יעדער איינער איז געווען א לע־בעדיגער אדווערטייזמענט פאר די קינס־טלער. מען איז געווארען אנגענומען און מען האט איהם אן אונבאשרייבליכען מאראלישען און פינאנציעלען ערפאלג געבראכט.

און דא איז די אינטעליגענץ גופא אין א שיטערער רייהע געקומען.

טא צו וואס באמת זאל א טעאטער פארוואלטער זיך מיהען און מאכען הוצאות און ברענגען, ווי ער רופט עס: „ליטעראציע". און דאס טעאטער זאל פוסטעווען און ער זאל געלד דערלעגען. אמעהר וועט מען שפיעלען דעם „גרינעם פעדלער". אדער „די רויטע אלמנה" און האבען גרויסע איינגאהמען. איז דען מחויב א טעאטער פארוואלטער צו זיין דער קרבן פאר קונסט?

וואונדערט מיך דארום ניט וואס די פארוואלטער אין מאונט קלעמענס הא־בען זיך אונטערגענומען צו זיין „גוד באיעס" און שפיעלען אלצדינג וואס „דאס געשעצטע פובליקום" פארלאנגט.

„היינט שפיעלט מען „ווי א מאן ליעבט" און מארגען — „ווער איז שול־דיג" און איבערמארגען — „יום החופה" און אזוי כסדר: אלע טאג א נייע שטיק. און די שטיקער האבען קיין טאטען ניט. מען אנאנסירט אפילו ניט די נעמען פון די מחברים.

און טאקע, — ווער דארף זיי, די טאטעס פון אזעלכע שטיקער? די טא־טעס וועלען דעם עולם ניט ברענגען אין טעאטער אריין. דער עיקר איז:

— דער עולם קען די פארוואלטער און די פארוואלטער קענען דעם עולם. איי־נער דעם אנדערען וועט ניט אפנארען...

דערצו איז די פארוואלטער געלונגען צונויפצושטעלען א באמת פאסיגע טרופע פון קאמפעטענטע שוישפיעלער.

עס איז די הצלחה וואס מאונט קלע־מענס האט אזעלכע וואזשנע קור־בעדער, וועלכע ציהען אהין מענטשען פון ארבע פנות און צווישען זיי אויך שוי־שפיעלער.

אויף אזא אופן איז זיי געלונגען צו האבען די מרס. ראזעטא קאהן, א שוישפיעלערין מיט א רעפוטאציע און לאנגיעהריגער פראקטיק. זי איז גוט באקאנט צום דעטראיטער עולם און איז דא באליעבט ביי טעאטער געהער.

עס מאכט איהר ניט אויס וואס זי שפיעלט און ווי גרויס איהר ראלע איז — ראזעטא קאהן באציהט זיך ערנסט און אין איטליכער פיעסע גע־פינט זי מאמענטען און שטריכען, וואו זי ווייזט ארויס בולט איהר פעהיגקיי־טען.

מיט איהר — דער באקאנטער שוי־שפיעלער ה' קראנער, די טאלאנטירטע מר. און מרס. יאזעפסאן, די יונגע שוי־שפיעלער מר. און מרס. טימיאנאוו, מר. יאנאווער — מיט איין ווארט, דאס איז א טרופע, וואס וואלט אין א גרויסער שטאדט געקענט מאכען א גוטען ער־פאלג.

איך האב דארטען ביי־געוואוהנט א פארשטעלונג, וואס ווען זי פאלט אריין צו אנדערע שוישפיעלער, מיט קלענערע פעהיגקייטען, וואלט מען ניט נאר קיין גוט ווארט ניט געהאט צו זאגען, נאר מען וואלט זי אינגאנצען באדארפט גע־וועזן איגנארירען. ווארים דאס איז עפעס א מעשה פון „טויזענד און איין נאכט", וואס סען זיך פארלויפען איין מאל אין א יובל און אפשר דאמאלט אויך ניט. אבער די שוישפיעלער האבען געפונען מעגליכקייט אט אין דיעזער מאכווייקע ארויסצוואווייזען זייער פעהיגקייט.

עס איז מיר, למשל, ביז איצט שווער צו פארגעסען די ליעבעס־סצענע צווי־שען דער טאכטער (מרס. ראזעטא קאהן) און לייזער'ס זוהן (מר. יאנאווער). זי האט אזוי נאטור טריי, מיט אזוי פיעל חן און לעבעדיגקייט דיעזע סצענע דורכ־געפיהרט, אז מען האט גאר פארגעסען אויב דאס איז אן אקטריסע; ניט ווענינער שעהן איז זי אויך געווען אין פיעלע אנדערע סצענעס.

מר. קראנער האט אין איינינע סצע־נעס געריהרט ביז טרעהרען. און יאזעפ־סאן? — עס טוט מיר לייד וואס זיין ראלע איז דאס מאל ניט געווען בוף קאמיש. ער איז אהן ספק א פעהיגער קאמיקער, אבער איך האב איהם אמ־בעסטען ליעב, ווען ער צווימט זיך ניט און הערט דעם סופליאר ווי דעם פאר יאהריגען שנעע און שפיעלט אליין טע־אטער...

אן איבערראשונג איז פאר מיר געווען מרס. טימיאנאוו. איך געדענק זי פון מיט א יאהר דריי צוריק. פון דאמאלט ביז היינט האט זי זיך באדייטענד ענט־וויקעלט אין איהרע פעהיגקייטען. איך מיין, אז זי קען איצט מיט פילער פאר־אנטווארטליכקייט שפיעלען א באדיי־טענדע סוברעטין ראלע.

אין ערנסטע מאמענטען האלט זי זיך זעהר שעהן, ווירדיג. באמת אן אנגע־נעהמע איבערראשונג.

ה' טימיאנאוו האט געשפיעלט אלס ווילין. פע, א מיאוס'ער מענש איז דער לייזער און טימיאנאוו האט זיך באמיהט איהם צו מאכען אזוי מיאוס, דאס מאנכע צושויער וואלטען איהם זיכער געוועזן צעבראכען די ביי־נער, ווען זיי פאקען איהם.

שעהן האט אויך מר. יאנאווער גע־שפיעלט זיין קליינע ראלע. דאס זעלבע וועגען מיס ליפצין.

אין אלגעמיין דארף מען ניט פארגע־סען אונטער וואס פאר אומשטענדען און אויף וואס פאר א ביהנע די טרופע שפיעלט און אויב זי קען דא אזוי גלאט דורכפיהרען אזא פארשטעלונג, זענען זיי ווערט געלויבט צו ווערען. עס איז ווירק־ליך צום באוואונדערען ווי אלעס איז צונויפגעגאנגען ביי זיי אזוי פאסיג און גלאטיג און מיט פולען ערנסט.

## א בילד

(ערצעהלונג)

פון משה טאלטשין

ווינשטיין איז געבליבען אליין אין שטוב.

נאר־וואס איז מיסעס ראזענבערג אוועקגעגאנגען, און איהם אנגעזאגט, אז ער זאל זיך מאכען באקוועם. טאמער וויל ער לעזען, זענען דא ביכער, אויב ער וועט וועלען זיך צושפארען, קען ער אט דא אויף דער סאפקע.

ער וויל אבער ניט לעזען און ניט שלאפען. ער זיצט אנגעשפארט א האנד אונטער'ן קאפ, קוקט אויף דעם גרויסען שפיגעל, וואס הענגט אויפ'ן וואנד אקעגען איהם, און איז פארטיעפט אין אר־מעדיגע, טרויעריגע געדאנקען.

— הוליעט הוליעט בייזע ווינטען!

— הויבט ער אן זינגען שטילערהייט א באקאנט טרויעריג ליעדעל — פריי באהערשט די וועלט!...

דאס ליעדעל זינגט ער אלע מאל ווען ער פיהלט זיך ניט גוט. די ווערטער פון דעם ליעדעל זענען איהם זעהר נאהענט צום הארצען. פאר וועמען דערצעהלען זיינע ליידען האט ער ניט, און ווען ער זאל אפילו יא האבען, וואלט איהם אויך דערפון ניט געווארען גרינגער. ניט קו־קענדיג דארויף וואס ער איז נאך יונג — צוויי און צוואנציג יאהר אלט — האט ער שוין אנגעוואוירען דעם גלויבען אין פריינד. פריינד — רעכנט ער — האט ער יא. און דאס זענען זיינע על־טערן. זיי זענען אבער זעהר ווייט פון איהם. אזוי ווייט, דאס אפילו זייערע הייסע בריעף וואס ער באקומט פון זיי, ווערען איבער'ן ווייטען וועג אפגע־קיהלט... עס בלייבען נאר טרוקענע ווער־טער, וואס לעזען זיך פויל, כמעט אהן חשק...

— לאנג וועט דויערען דער ווינטער —

— ענדיגט ער זיין ליעב אומעטיג ליע־דעל — זומער איז נאך ווייט!...

אין אמת'ן איז שוין אפילו דער זו־מער יא דא. אין דרויסען איז ווארעם און ליכטיג. די זון שיינט א מחיה. א ווינטעלע א ליעבליכס, א זומערדיגס טראגט זיך ארום אין דער לופטען.

ווינשטיין, אבער, פיהלט זיך קאלט, ווינטערדיג. עס גלויבט זיך איהם אפילו ניט דאס עס איז נאר אינגאנצען דא א זומער אויף דער וועלט!...

ערשט מיט א וואך צוריק, ווען ער האט אין א שעהנעם פריה־מארגען אויפ־געעפענט די אויגען פון שלאף, און דער־פיהלט אויף זיך די ליכטיגע, ווארעמע שטראהלען פון דער פריהלינגס־זון, האט עס איהם געגעבען א הויב אויף פון דעם געלעגער. ער האט זיך דערפיהלט פריש און מונטער ווי ניי געבוירען. ניט זאגענדיג קיינעם קיין ווארט, האט ער פארלאזען די טומעלדיגע גרויסע שטאדט וואו ער האט פאר דעם יאהר וואס ער איז דארט געווען פארלוירען כמעט אלע זיינע האפנונגען און שטרעבונגען, וואס ער האט אהינצו געבראכט. ער האט פארלאזען די שטאדט און איז אוועק וואוהין די אויגען האבען איהם געטראגען... אהן א ציעל. זיך ניט גע־פרעגט: וואוהין? — איהם האט זיך געדוכט, אז אימיצער טרייבט איהם אין האלז און נאקען!

— דער פריהלינג איז געקומען! געה, פאהר אהין וואו עס זענען דא טייכען און פעלדער און וועלדער, און לעב ווי מענטשען ד א ר פ ע ן לעבען!...

אכט טעג האט ער אזוי געלעבט. איבער זיך געהאט א בלויען, לויטערען הימעל, און הינטער איהם גרינע פעל־דער. אין מיטען וועג איז ער אבער גע־בליבען שטעהן, ווי ערוואכט פון א לאנ־גען, זיסען שלאף, און זיך אנגעהויבען ארומקוקען וואו ער איז אין דער וועלט. אין א קליין פארווארפען שטעדטעלע איז ער געבליבען אהן א גראשען געלד, און, דוכט זיך, די זעלבע שטימע וואס האט איהם צוריק מיט א וואך געהיי־סען פליהען איבער טייכען, פעלדער און וועלדער, האט איהם יעצט געשטעלט די קאלטע, טרויעריגע פראגע:

— וואס טוט מען איצט? עס איז

(שלוס אויף זייטע 5)

## באריכט פון לייגען דעם ווינקעל־שטיין פון דער נוסח הארי" שוהל

א גרויסארטיגע שוהל ווערט יעצט געבויעט אין 288 אלפרעד סטריט מיט'ן נאמען „נוסח הארי" שוהל". דער פרעזידענט פון שוהל, מר. מאיר אליהו בעליאווסקי, און די אפיסערס מיט די מעמבערס טרייען אז די נייע געביידע פון שוהל זאל זיין איינע פון די שענסטע.

זונטאג פרשת שלח, 6טער דשוון, איז געלייגט געווארען דער ווינקעל־שטיין פון דיעזע שוהל מיט גרויס פראד און פרייד. א שעהנער בענד מוזיק האט געשפיעלט לכבוד דיעזען טאג, און די רבנים האבען גערעדט. דער טשערמאן איז געווען דער פרעזידענט פון שוהל. דער ערשטער רעדנער איז געווען הרב איישישקין, נאכהער רבי דר. קאפלאנ־דער, רעפרעזענטעטיוו פון ישיבת ר' יצחק אלחנן פון ניו יארק. נאכהער זיינען צוגעקומען הרב לעווין און הרב אייזמאן.

עס איז פארקויפט געווארען צוויי ווינקעל־שטיינער. איינער איז באצייכענט די שוהל נוסח הארי", דער צווייטער — „גמלת חסד פון נוסח הארי" שוהל" צוליעב דעם „גמלת חסד" וואס עס איז פאראן אין שוהל. און עס איז דערמאנט געווארען אז אין די שוהל איז פאראן „תורה, עבודה, גמלת חסדים". אויך איז פארקויפט געווארען ציעגעל, און יעדער אנוועזענדער האט געקויפט א ציעגעל צום בנין.

אויך איז געגעבען געווארען נדבות בעפאר דעם לייגען דעם ווינקעל־שטיין. אויך נאכהער. דיעזע אלע געלדער וואס זיינען מנודב געווארען פון אנהויב ביז יעצט זיינען שוין פאראן אין קעש.

$300 — רחל לאה אגרי; שלמה ווארען; יוסף ראובן לימאן.

$100 — שמעון קנאכאוו; מאיר אליהו בלייעווסקי; אייזיק אגרי; אליעזר לעווין; משה שעכטער; אהרן פען; יוסף לייצין.

$65 — מרס. העלפער.

$50 — חיים העלפער; שלום ווארקען; שמואל הערמיאן. יוסף בודניצקי; לוויק ראבינאוויטץ; אפרים אלטשולער; ליב בערעזאנסקי; ג. פ. לימאן; אליעזר ראזינסקי; דזשייקאבסאן; צבי קאמינסקי; יצחק אקסעלראד.

$30 — שרה גאלדמאן; מרס. גיטלין.

$25 — משה ראבינאוויטץ; מש"פ אנראנאוויטץ; הלל אנראנאוויטץ; יצחק סאבילאוו; חיים בודניצקי; חיים ראזענטאל; ראובן וואלגין; מ. מ. גאלדמאן; פסח גאלדמאן; משה פסיק; חיים מעלדער; חיים גרינבערג; ארצילאוו; חיים בלאנדע; יוסף דאברושין; מ. מ. שעכטער; לוי יצחק ווילענסקי; מ. מ. אקסעלראד; ברוך לעווין; אברהם שמואל לימאן; חיים ניישמאן; בארענשטיין; ישעיה זוננער; ליב ראזען; מענדעל לעפלער; מרדכי ווינדארציק; חיים קאראטקין; בנימין פוטערמאן; רפאל לעווין; משה קצב; בנימין וואלף; אברהם גיטלין; לוי קאהן; חיים עפשטיין; יוסף ראזענס מרס.; מרס. בילייעווסקי; חיים בענציענס מרס.; יוסף וויסבערג; מרס. שאפירא; מרס. ווינדאר; ש"פ שעכטער; קארעליין; ראנסקי; רחל ליף; מאיר קוק; יוסף עפשטיין; ש. ז. גנעסין; אליהו דירונין.

$20 — מרס. בלאנדע.

$19 — מרס. ראזינסקי.

$18 — בעני אגרין זימען אגרי; נ"פ אגרי; יעקב אגרי; שרה אגרי; בעני אגרי; גייטען אגרי; חיים חנן צאדקין; מרס. צאדקין; אברהם יצחק בילייעווסקי; מרס. סימע שעכטער; ברוך פלאורניק.

$16 — מאינקילסאן.

$15 — מרס. בלאנהע; מרס. בלום; אפרים אלטשולער; יהודה ליב גאלדשמיד.

$13 — מרס. קוק; מרס. גאלדמאן; מרס. לואיס.

$12 — מרס. ראבינאוויטץ; ש"פ ראייץ; מאיר אליהו בילייאווסקי.

$11 — מרס. אררילאוו; מרס. סטאראסעלסקי; יהודה גינזבורג.

$10 — משה עפשטיין; ליב קרעצמאן; מר. עטליוואניק; אברהם יצחק עפשטיין; מרס. פארמאן און קרעצמאן; מרס. קרעצמאן; שלמה ניחאמין; צבי יוסף הערשעלזאהן; אברהם חיים לעווינטען; מערי אוורושין; פראושאנסקי; אליעזר לעווין; חיים לעווין; מרס. ראזענטאל.

$9 — מרס. אנראנאוויטץ.

$8 — בעסע דייאן.

$6 — חיים גרינבערג; משה קצב; צבי יאפע; צבי קאמינסקי; חיים בן ציון לעווין; מרס. צעיניאק; מרס. הלל אנראנאוויטץ; לוויק ראבינאוויטץ מרס.; מיסעס לעווין; מרס. חיענע נוטמאן; מיסעס לעווין; מרס. חיענע נוטמאן.

$5 — שרה גיטלין; מרס. ווייסמאן; מרס. מאלע צעסנאט; מרס. קאזין; מרדכי בערלינער; חנה פעסיק; שלמה ניקאמין; ראובן וואלגען; יוסף עפשטיין; חיים העלפער; יצחק האבילאוו; טויבע סאבילאוו; עטליוואגין; גרשון הורוויטץ; ווארען; איסייעוויטץ; דזשייקאבסאן; מינ ; חיים און מרס. פארמאן; דזשאורין; אייב רובין; אפרים פארמאן; חיים גרינבערג; יוסף קאזין; ישראל קאהאן; סעם ארדילאוו; ש"פ פסיק; ש"פ צערנואק; יעקב יוסף ווייעוויטץ; זאב פארלאק; קלמן סיגעל; מ. מ. לעפלער; חיה ראזענטאל; חנה סיגעל; צבי הכהן; יוסף שעכטער; אסתר ביידער; סעם קונין; מרס. בלום; צארפאס; מרס. בארנעס; מרס. ווייט; ישראל ענדלער; יוסף שערמאן; מאקס קאהאן; יצחק קרעמער; עלינסאן; פרידמאן; עני לעווויט.

$3 — ליכטענשטיין; מאנין; לייבוש גינסבערג; משה ראדאמסקי; מרס. דאלפין; דוד טאקער; שמואל קאליץ.

$2 — הארינשטיין; מ. מ. ראייעק; חיים בעלאו; ברוך צוקער; אברהם פרייאסלאוו; פסח גאלדמאן; חיים ליב קלייען; רחל קעס; גאלדע לעוויט; יהודה ניסן; יוסף עהרליך; מרס. ליאווין; אברהם גיטלין.

$1 — האדע קאהאן; מר. קאהן; יעקב; מרס. קאהאן; מרס. ביילע מאפע; ווינער; יצחק ווייגנארד; חיים קאראטקין; משה שעכטער; איסר קאין; ...וואלגען; צבי קצב; ...רי טעפליצקי; ישעיה ...ר אברהם.

## ...עף אין רעדאקציע

ווערטהער רעדאקטאר פון „וועג":—

אזוי ווי איך בין א שטענדיגער לעזער פון אייער ווערטהער צייטונג, פארהאף איך, אז איהר וועט מיר געבען א שטיקעל פלאץ צו באריכטען מיין מאטאליכען קאלעקשאן פאר דער סענטראל רעליעף קאמיטע. מיך וואונדערט זעהר וואס פון אזעלכע נאבעלע אידען וואס עס געפינען זיך אין דער גרויסער שטאדט דעטראיט, וואס גיבען אזויפיעל שטיצע צו פיעלע ארגאניזאציעס, זאל די סומע פאר דער סענטראל רעליעף זיין אזוי קליין. צי דען איז ניט די הילף פאר די מלחמה ליידענדע אזוי גרויס און נאבעל ווי אלע אנדערע וואס יעדער סענט העלפט צו רעטען א מענשענס לעבען אין אונזער אלטער היים?

די פאלגענדע האבען בייגעשטייערט פאר דער סענטראל רעליעף:

$10 — מ. קאפלאן.

$10 — ה. העלפער.

$5 — ל. פאסניק; ס. פארקער; ה. מילער; מר. שעהטער; מר. באטווניק.

$2 — מ. עפשטיין, נויארק; ה. ס. פרידענבערג, נויארק; א. מילער; נ. מילער; מר. שרייבמאן; מר. פעלדמאן; מר. רובין; מ ליא, נויארק.

$1 — מר. גאלדבערג; מרס. ראנסקי; מר. גרינבערג; מר. עראן; האלפערן בראס. און דייווים; ה. דזשאפי; מר. קאהן; מר. קארטר; דזש. האלזמאן.

טאטאל — $100.00.

מ. קאפלאן.

## צום טוראווער פאראיין

לכבוד ידי"נ היקר והנכבד מו"ה יוסף גראנאדיר וידי"נ היקר והנכבד מ"ה יוסף גיטעלמאן ולכל אנשי עירנו עיר טוראוו היקרים, הנכבדים והאהובים הנמצאים בעת באמריקה, ה' עליהם יחיו כולם ויתברכו בכל טוב סלה.

נא להדפיס במכתבי העתים נוסח „מי שבירך" זה אשר סדרתיו בעצמי ואמרתיו בקהל עם:

„מי שבירך אבותינו אברהם יצחק ויעקב הוא יברך את אחינו בני ישראל יושבי ערי אמריקה, הם ונשיהם ובניהם ובנותיהם וכל אשר להם, בעבור שהם עושים צדקה וחסד עם אחיהם בני ישראל היושבים בארצות המלחמה, ונותנים נדבות ותמיכות גדולות עבורם, להחיות את נפשותיהם. בשכר זה הקדוש ברוך הוא ישמרם ויצילם מכל צרה וצוקה ומכל נגע ומחלה וישלח ברכה והצלחה בכל מעשי ידיהם עם כל ישראל אחיהם ונאמר אמן."

ידידם עוז דורש שלומם וטובתם והעומד על המצפה ומצפה לרחמי שמים ולישועת ה' בקרוב,

אהרן ל מ ד ן, בעהמח"ס חובת אדם ועוד ספרים, החופ"ק טוראוו.



היינט 7 א זייגער אווענט אין ארקיידי האל, 615 וואודוואורד

וועט לעקטשורען

# לוט. קאל. ב. ראסטראם בעק

אומשטענדען פון דער מיליטערישער ארמיי אין סאוויעט רוסלאנד"

...5 סענט איינטריט


# נאטיס צו אלע סטארס וועלכע יוזען מילך.

מיט דעם לאזען מיר אייך וויסען, דאס אנפאנגענדיג דינסטאג דעם 22טען דזשון, וועט איהר קענען קריגען נאר אזוי פיעל פולע באטעלס מיט מילך וויפיעל ליידיגע באטעלס איהר וועט האבען צוריק צוגעבען

מיר זיינען געצוואונגען אנצונעמען דיזע שטרענגע מיטלען כדי צו פארהיטען א מילך מאנגעל דא אין דעטראיט

צוליעב די פראכט שוועריקייטען בא יעצטיגער צייט, איז פאר אונז אומעגליך צו קריגען באטעלס פון די מאנופעקטשורערס

מיר האפען דאס איהר וועט אונז העלפען מיט דעם, וואס איהר וועט ניט פארקויפען צו קיינע קאסטימער קיין מילך, ווען ער ברייגנט אייך ניט קיין ליידיגע באטעלס אין עקסטשענדוש

**Milk Dealers of Detroit**



## א פרוי פארלאנגט

אנשטענדיגער מיטעל יעהריגע פרוי פארלאנגט צו אטענדען אן עלטערע פרוי אין א גוטע היים. נאכפרעגען 339 (21 מערכעדי עוועניו.

# אייער זומער וואקיישאן

וועט אייך בעסער באקומען ווען איהר וועט טראגען די ריכטיגע אויגען גלעזער



אין אלגעמיין דארפט איהר אלע מאל עקזאמענירען אייערע אויגען ביי דעם

**LOU GOLDBERG**
**245 Griswold St.**

רעטראיטער אויגען ספעציאליסט רעדזשיסטרירט אפטאמעטריסט און מאנופעקטשורינג אפטישען

אויגען עקזאמענירט ביי אפוינטמענט

אויך זונטאג

מיר שיקען צו אייך אהיים נאך די גלעזער און ריפיירען. דעליווערי פריי.

# J. Lanskey
# Tailor

## אויב איהר ווילט קריגען

גוטע פאראנטווארטליכע ארבייט דאן קומט צו 105 טואקער סטריט.

מיר קלינען, פרעסען און רעמאדלען ליידיעס און דזשענטס גארמענטס.

## רעוו. ל. ד. רייכלין

### פון אהבת אחים שוהל

(אוסלאנר)

נעמט אן סדור קדושין

און אנדערע שמחות מיט די בעסטע זופרידענהייט.

511 קעמערא עוועניו

טעל. העמלאק 1130 ראבליו

# שעכטער'ס
# דראג סטאר

477 הייסטינגס סט.

טעלעפאן, משערי 5763

פרעסקריפשאנס פארפערטיגט מיט די גרעסטע פינקטליכקייט

צו יעדער צייט

## גרויסער בארגעין

### אין ביזנעס אדער פעקטארי פראפערטי

316 ביי 105 פוס אויף דעם סאוט־וועסט קארנער פון ראססעל און מאללעט ט. דאס איז שוין צוזאמען מיט א בריק פעקטארי בילדינג, 44 ביי 105 פוס, ווי אויך 2 גרויסע סטארדזש יארדס און רעזידענס, אלעס בלויז אונ־געפעהר א האלבען מייל פון סיטי האל. דער פרייז איז שפאט ביליג, בלויז 6,000 דאלאר. און נאר 12,000 דאלאר איינצאהלען און גרינגע אפצאהלונגען: 450 דאלאר א מאנאט.

נאכפרעגען

**לייק סייד ריעלטי קא.**

3120 איסט דזשעפערסאן סטריט

טעלעפאן היקארי 3604

## א פלעט צו פארדענטען

145 עדלייט סטריט. 5 רומס און באר. סטאוו היט. 45 דאלאר א חודש. טעלעפאן קעדילאק 3648 אר.

## דזשאז. ר. לימאן

און

## מארטימאר דזשיי ליסס

לאיערס

מאכען בעקאנט צום ווערטהען פובליקום, דאס זיי האבען געמופט זייערע אפיסעס פון 9-928 טשיימבער אוו קאמערס בילדינג

צו

204 האדשעס בילדינג

קארנער סטייט און גריסוואלד

טעלעפאן טשערי 3978

די יעניגע וועלכע שטימען נים איין מיט דער איצטיגער לייטונג פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע פון אמעריקא, זיינען געבעטען צו שיקען זייערע נעמען און אדרעסירען צו

40 וועסט 22טע סטריט, ניו יארק סיטי.

# Merchants Protective Bureau

**Registered**

**HANRY FIELD, Gen. Mgr.**

91 Griswold | 314-15 Buld. Block | Cherry 6263

ווען איהר זענט א מעמבער, קאלעקטען מיר אייערע שלעכטע אקאונטס. מיר רעטענען 25 דאלאר א יאהר און 10 פראצענט פאר קאלעקטען. מיר גאראנטירען אויך וויידזשעס. שטעלען צו רעפארטס וועגען סטאקס, באנדס א. ז. וו. טעלעפאנירט אדער קומט וועגען איינצעלהייטען.

ה. פיעלד, גענעראל מענעדזשער.

# אויסקינפטע פריי

זעהר גערן געגעבען איבער פאלגענדע ענינים: פאספארטען, ווי צו שיקען געלד אין אייראפא, ווי אזוי אריבערצוברענגען אייערע פאמיליעס, וועגען די רעכט פון לענדלארד און טענענטס, וועגען לאנד קאנטראקטען, מארטגעדזשעס, טעקסעס און אזא ווייטער.

## ווי צו ווערען א בירגער

וואו אין ווי אזוי צו לערנען ענגליש, סאלדאטען פענסיע, ליבערטי באנדס באנוסעס, אינשורענס, און נאטוראליזיישאן.

## The Free Information Bureau
## Detroit Board Of Commerce

# DETROIT USED CASH REGISTER CO
## 66 BROADWAY



אלערליי געניצטע קעש רעדזשיסטערס, אלערליי מייקס געקויפט און פערקויפט אדער אויסגעביטען.

איהר מוזט האבען א קעש רעדזשיסטער, איהר קענט זיך אהן דעם ניטבאגעהן, מיר וועלען אייך שפארען געלד און געבען די זעלבע צופרידענהייט ווי פון נייע.

בעזוכט אונז איידער איהר קויפט א רעדזשיסטער.

טעלעפאן קעדילאק 5112.

# The Dime Savings Bank

רעסורסען איבער $40.000.000

יונייטעד סטייטס דעפאזיטארי - מעמבער פון פעדעראל רעזערוו סיסטעם.

אמעריקאנער געלד קויפט אין יו ראפ מעהר ווי ווען עס איז פריהער. אויב איהר ווילט העלפען קרובים אדער פריינד אויף יענער זייט ים וועט אונזער פארעין עקסטשענדזש דעפארטמענט איבערשיקען פאר אייך געלד ביי מייל אדער קייבעל פאר דעם ביליגסטען רייט.

## The Dime Savings Bank Bldg.

מיין אפיס:

**Griswold and Fort Streets**

ברענטש אפיסעס:

| | | |
|---|---|---|
| 491 Woodward Ave. | 1221 Jefferson Ave. | 407 Gratiot Ave. |
| 106 Grand River Ave. | 789 Woodward Ave. | 418 Michigan . |
| 315 Fourteenth Ave. | Broadway and Whitherell | 591 Oakland Ave. |
| 372 Grand River Ave. | 1183 Harper Ave. | Mt. Elliot and Davison |

# דער יאהרעס פעסט

פון אונזער און אייער צייטונג

# דער וועג

וועט געפייערט ווערען מיט פראכט און גלאנץ

## דינסטאג, דעם 22טען יוני,

מיט א גרויסארטיגען

# באנקעט

גוטע רעדנער וועלען אדרעסירען



## אין כרמל כשר רעסטאראנט

73 בראדוויי

**עקסטרא** א פראכטפאלע גראפאנאלא מיט 35 געקליבענע רעקארדס וועט אװעקגעגעבען ווערען פריי ביים באנקעט

דיזער פאנאגראף קען געזעהן ווערען אין דער ווינדאו פון דער וועסטערן טאקינג מאשין קא. 495 הייסטינג סטריט.

אלע וואס האבען געקראגען בריעף און יעדער דעטראיטער איד וואס וויל ביווהאנען דיזען גרויסארטיגען באנקעט, זאל אזוי גוט זיין און אריינשיקען א געשריבענעם נאמען אין אפיס פון „וועג", וויל מיר מוזען וויסען וויפיעל פלייטס פארצוברייטען.

## דער וועג פאבלישינג קאמפאני

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין דעטראיט.

347 Hastings St.

Main 3715

# Der Weg

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט

ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער

וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד

347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 8715


## די קומענדע קריעג צווישען פראנצויזישע און אמעריקאנער פרויען

פון ב. י. ג—ן

צווישען אמעריקא און פראנקרייך איז געווארען א פריינדשאפט, וואס שטעלט די „מאנראו דאקטרין" אין געפאר.

לויט דער אמעריקאנער „דאקטרין" דארף זיך אמעריקא נישט מישען אין אויסלענדישע ענינים און דארף נישט דערלאזען אז אויסלענדער זאלען זיך מישען אין איהרע ענינים.

ביים שלום אפמאך אין פראנקרייך האט ווילסאן — ווי עס האט זיך ארויסגעוויזען פון די ויכוחים אינ'ם סענאט — זיך נישט אזוי שטארק געקימערט וועגען דער דאזיגער דאקטארין און האט זיך מתחיב געווען צו העלפען פראנקרייך אין איטליכען פאל, ווען מען וועט איהר מלחמה דערקלעהרען.

* * *

איך האב דאס דערצעהלט אום צו איבערצייגען דעם לעזער אז צווישען פראנקרייך און די פאראייניגטע שטאטען האט זיך פארקניפט א שטארקע פריינדשאפט.

און אזוי ווייט איז די פריינדשאפט, אז דער פרעזידענט האט בדאי פארקוקט א וויכטיגען פרינציפ.

דער סענאט וויל דאס נישט נאכגעבען דערוויל, ער קווענקעלט זיך, אבער ס'איז צו האפען אז דער אויסגעקניפטער חבר־בונד צווישען פראנקרייך און אמעריקא וועט זיין דויערהאפט.

* * *

דאס איז פאליטיש.

די פאליטיקער און דיפלאמאטען פון די דאזיגע צוויי לענדער וועלען האבען א חבר'שע פארבינדונג צווישען זיך.

אין דער פאליטיק און דיפלאמאטיע איז נאך לעת עתה די פרוי נישט פארטרעטען, און עס גלויבט זיך קוים אויב אירגענדוואן וועט די פרוי זיך אריינווארפען מיט לייב און לעבען אין דער דיפלאמאטיע אויף אזא שטייגער, ווי עס זיינען היינט די מענער אריינגעטאן אין איהר.

עס וועט דערום נים אויסקוקען משונה'דיג ווען איך וועל זאגען אז די אמעריקאנער פרויען וועלען נים שלום ווערען מיט די פראנצויזישע פרויען. און אויב קיין קריעג וועלען זיי נישט פיהרען מיט געוועהר און אויב זיי וועלען נים ארויסגעהן קעגען זיי מיט ביקסען און קאנאנען, וועלען זיי אבער מיט זיי קיין חבר'שאפט נים שליסען.

די איפערזוכט וועט אין וועג שטעהן.

טאקע ווייל די מענער אין אמעריקא זיינען אזוי באפריינדעט געווארען מיט פראנקרייך, וועלען די אמעריקאנער פרויען שוין בלייבען ביי זייער מיינונג אז פראנקרייך איז פאר זיי א ביטערע קאנקורענציע.

ווארים די הויפט צרה איז, וואס די אמעריקאנער מענער זיינען נישט נאר געווארען פאני בראט מיט די פראנצויזישע מענער, נאר אויך — מיט די פרויען.

גארנישט ווארטענדיג אויף דעם סענאטס באשטעטיגונג, האבען די אמעריקאנער סאלדאטען אין פראנקרייך געשלאסען „אייביגע פריינדשאפט" מיט פראנצויזישע מיידלעך.

טאמער איז דאס נאך ווייניג האבען נאך די בלעטער צעפויקט די גרויסע מעלות וואס די פראנצויזישע פרויען באזיצען און די גרויסע חסרונות פון די אמעריקאנער פרויען: ——

א פראנצויזישער פובליציסט האט פארעפענטליכט דעם פאקט אז טויזענדער אמעריקאנער סאלדאטען זיינען צוריק אהיים געפאהרען, מיטפיהרענדיג מיט זיך פראנצויזישע כלות.

מיט די דאזיגע אמעריקאנער סאלדאטען האט דער פראנצויזישער פובליציסט געהאט קורצע אונטערהאלטונגען. ער האט זיי געפרעגט די אורזאכע ווארום זיי פארנעהמען פון פראנקרייך די מיידלעך און זיי זאלען איהם האבען געענטפערט, אז די פראנצויזישע זיינען — מעהר אינטערעסאנט, ווייניגער קרעמעריש, ווייניגער דיקטאטאריש, מעהר איינדרוקספאל, מעהר באהילפיג, ווייניגער אטלעטיש און מעהר ענטוזיאסטיש, איידער די אמעריקאנער פרויען".

אין קורצען קען מען דאס ארויסזאגען אין איין ווארט: „די פראנצויזקעס זיינען מעהר פרויליך, ווייבעריש".

* * *

פון זעקס ביז צעהן טויזענד אמעריקאנער סאלדאטען און אפיצירען האבען שוין חתונה געהאט, אדער זיך שוין פאר'קנס'ט צו פראנצויזקעס.

עס מוז זיין פאר דעם אן אורזאכע.

און די [illegible]אבע דארף, אמת זאגענדיג, ערנסטער גענומען ווערען אין ביידע לענדער.

עס מוז געזאגט ווערען צום כבוד פון די פראנצויזישע רעדאקטערע, אז זיי האבען זיך ערנסטער איידער די אמעריקאנער פארטראכט אויף דעם ענין און עס איז א כלל נישט איבערטרייבען דער באריכט וואס דערצעהלט, אז זיי האבען אינטערוויואירט כמעט יעדען סאלדאט וואס האט זיך משדך געווען מיט א פראנצויזיש מיידעל.

דער סך הכל פון די אינטערוויוס איז אזא.

„עס לוינט זיך פאר יעדען אמעריקאנער צו פאהרען קיין פראנקרייך חתונה צו האבען ובפרט ווען מען איז קיין מיליאנער נישט".

עס זאגט א פראנצויזיש בלאט:

„מיר האבען שטודירט די כאראקטערע פון ביידע (די פראנצויזקע און אמעריקאנערין) איידער מיר זיינען געקומען צו אזא באשלוס. אין די פאראייניגטע שטאטען איז א מאן אהן א גרויס פארמעגען פון קיין שום ווערט נישט. דער אמעריקאנער מאן איז ווי א באשעפעניש צו מאכען געלד. די אמעריקאנער פרוי ווערט אוועקגעשטעלט אויף א פעדעסטאל פון וואנען זי רעגירט מיט אלעם און אויך מיט'ן מאן".

אנדערש איז שוין אין פראנקרייך:—

„אין פראנקרייך ווערט דער מאן מעהר אפגעשעצט, ער פארנעהמט א העכערען סאציאלען מצב און אויך נאך דער חתונה האלט ער אן זיין אומאפהענגיגקייט. חוץ דעם איז דאס פראנצויזישע מיידעל מעהר פרוי'ליך, מעהר איינדרוקספאל, מעהר צערטליך, מעהר ליעבליך און באמיהעט זיך מעהר צו העלפען איהר מאן סיי מאראליש און סיי מאטעריעל".

און אט איז נאך א וויכטיגער חסרון פון דער אמעריקאנער פרוי: —

„די אמעריקאנע איז צופיעל ספארט, דאס קוילעט/אוועק אינגאנצען איהר גראציע, איהר צערטליכקייט. די גימנאסטישע איבונג האט רואינירט דאס שעהנקייט פון דער פרוי אין אמעריקא".

* * *

עס קען זיך אימעצען אויסדוכטען, אז אט דיזע דערקלעהרונג האט גאר קיין שום ווערט נישט און וועט נישט מאכען קיין איינדרוק אין אמעריקא.

דאס איז א גרויסער טעות.

דיזע דערקלעהרונג וועט אין אמעריקא מאכען פיעלע מענשען נאכצודענקען אויף דער קאנקורענציע וואס מוז ענטשטעהן צווישען די פראנצויזקעס און אמעריקאנערינס.

די אמעריקאנער פרוי וועט נים אראפשלינגען אזוי גלייכגילטיג דאס דערמאהנטע צעטעל מיט חסרונות און פעהלערן, וואס די צייטונגען שרייבען איהר צו.

צי עס וועט די אמעריקאנערין עפעס לערנען פון דעם, צי נישט, איז א באזונדער פראגע, נאר אז זי וועט דערפאר נים ווערען מעהר חבר'טע מיט די פראנצויזקעס אין דעם מעג מען זיכער זיין.

אמעריקא וועט זיך גאר פריינדליך מעגען פארבינדען מיט פראנקרייך. צווישען די פרויען פון דיזע צוויי לענדער וועט זיך אנהויבען א מלחמה.

א מלחמה אהן ביקסען און קאנאנען, אהן צעפעלינס און סאבמארינס. אבער פארט א מלחמה.

## פארבינדונגען מיט קיעוו, בערדיטשעוו, זשיטאמיר און ווינניצא ווערען איבערגעריסען — מעלדעט דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע

פון דעם ווארשאווער אפיס פון דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע איז געכטען אנגעקומען פאלגענדע קייבעל:

די פארבינדונגען מיט קיעוו, בערדיטשעוו, זשיטאמיר און ווינניצא זענען איבערגעריסען. און די פלענער וואס מיר האבען געהאט וועגען קענען אהין שיקען פריוואטע געלדער, זענען דאריבער בטל.

## בית יתומים

ביי א גוט באזוכטען מיטינג פון איבער 500 מעמבערס, איז דעם 30טען מאי פארגעקומען אין „בית יעקב" שוהל די עלעקשאן פון אפיסערס. פאלגענדע זענען ערוועהלט געווארען:

מר. נפתלי בילפיעלד, פרעזידענט; מרס. רובינסטיין, ערשטע וויס־פרעזידענטין; מרס. סאלינאן, צווייטע וויס־פרעזידענטין; מר. ראנאף, פינאנס סעקרעטער; מר. א. כ. מעטערמאן, רעק. סעקרעטער; מרס. גאסי וויסוואסער, טרעזשורער.

פאר באארד אוו דירעקטארס: מר. יעקב לעווין; מר. ליפא דען; מר. פרידבערג; מר. ראבינסאן; מר. ראזינסקי; מר. אייזיק ראזענטהאל; מר. סטיינגאלד; מר. יוסף פרידמאן; מר. פנחס פעסט; מר. וויסוואסער; מר. גינצבורג; מר. גראסמאן; מר. גאלדמאן; מר. יעקב מאלין; מר. א. לעווית; מר. אגרין; מר. וואסערמאן; מר. זיידמאן; מר. אייזיקאוויטש.

פאלגענדע זענען האנארייבל באארד אוו דירעקטארס. עס איז געפעסט געווארען, אז זיי זאלען זיין פארדעכענט אלס אקטיווע פאר זייער גוטער ארבייט, וואס זיי האבען געטאן ביז יעצט.

מר. ה. אפענהיים; מר. אנושעוויטש; מר. ברעונער; מר. ליבערמאן; מר. אקערמאן; מר. סאל סיילעס; מר. העק; מר. ברענדט; מר. האלסקין; מר. קעלער.

פרויען באארד אוו דירעקטארס:

מרס. ראטענבערג; מרס. לייט; מרס. גראסמאן; מרס. זיידמאן; מרס. גיומאן; מרס. נייטאן; מרס. גינצבערג; מרס. סאלימאן; מרס. קעלער; מרס. לעווין; מרס. האלצמאן; מרס. פאלעק; מרס. עגרי; מרס. רייפעל; מרס. גוס; מרס. ראהט; מרס. לעווים; מרס. הערליך; מרס. ווייו.

פאלגענדע זיינען האנארייבל אין פריהערדיגע

מרס. סטיינגאלס; מרס. לענסטיין; מרס. ארוויק; מרס. קיידאן; מרס. מעסערמאן; מרס. וויים; מרס. שרייגער; מרס. לאנגראן; מרס. הייגער; מרס. איוונינצקין; מרס. ראדין; מרס. שרה גראסמאן.

## פראקטישע ארבייט פון א וויכטיגע ארגאניזאציאן

די דעטראיטער אידישע פרויען ארגאניזאציאן, וואס באשטעהט פון 800 מעמבערס, האבען שוין זייער ארבייט אנגעפאנגען לעצטען מאנטאג אוונט איז באשטימט געווארען צו ברענגען 12 יתומים פון פאלגענדע שטעדט: פון פינסק — 4, פון ליזשאן — 2 און פון ליוער, בוקאווינא — 6.

דיזע ארגאניזאציאן איז ווערט אז די שטאדט זאל זיך מיט איהר רעכענען און איהר העלפען אין איהר ארבייט, ווייל די ארבייט איז זעהר נויטיג.

שטעלט זיך פאר, אז עס זענען געבליבען אזוי פיעל ארימע און עלענדע יתומים אין די פאגראם לענדער, וואס וואלגערען זיך ארום אין די הקדשים און עס איז ניטא ווער עס זאל זיך קימערען און זארגען פאר זיי, ווייל די בעלי־בתים חשובים, וואס פלעגען זארגען פאר די יתומים, האבען אליין נים וואס צו עסען. און די יתומים זענען די מעהר ליידענדע ווי די איבעריגע באפעלקערונג. די באריכטען וואס קומען אן זענען זעהר שוידערליך. יעדען טאג שטארבען פון זיי אוים פון הונגער און קראנקהייטען. איינינע קורצע באריכטען פון בריעף וואס זענען אנגעקומען, איז כענוג אויפצוועקען יעדעם אידישע הארץ. צום ביישפיעל: פון פינסק איז געקומען א בריעף צו אן אנקעל, וואס לויטעט: — „דעם טאטען האט מען דער'הרג'עט אין דעם פאגראם, די מאמע איז געשטארבען, 6 קינדער געווען, 2 אין שפיטאל, איינס געשטארבען און דאס אנדערע האלט ביים שטארבען. האט רחמנות, נעהמט אונז ארוים קיין אמעריקא, ווייל מיר וואלגערען זיך דא אין הקדש און מיר וועלען אויך אויסגעהן. העלפט אונז!"

א צווייטער בריעף פון א ברודער פון 2 שוועסטער, אין וועלכען עס לעזט זיך: — „האב גאט אין הארצען און רעטע אונז, ווייל טאטע און מאמע האבען מיר שוין נים און מיר געהן אוים פון הונגער. מיר ווילען ארבייטען. מיר ווילען זיין דיענסטען נאר פאר דעם שטיקעל ברויט און עס איז נישטא וואו. העלף אונז און ברענג אונז קיין אמעריקא. ווייל עס וועט אונז אויסקומען זיך צו נעהמען דאס לעבען". נאך א בילד: — אן אלטע פרוי איז געקומען, געוויינט, עס האט געריסען דאס הארץ. זי שרייבט: „מיין טאכטער איז געשטארבען, מיין איידעם איז גע'הרג'עט געווארען, 4 יתומים געבליבען. העלפט מיר אז ביי מיין לעבען זאל איך נאך זעהן מיינע אייניקלעך!" און נאך צעהנדליגע אזעלכע בריעף קומען בעפאר דער ארגאניזאציאן ביי יעדען מיטינג פון פריינד, קאזינס, שוועסטער, וואס בעטען מען זאל זיי רעטען פון דעם פייער, און וועלכע די פריינד זענען נישט בכח צו שיקען נאך זיי. און מיר מוזען זיי העלפען, ווייל דאס איז די

פראקטישע ארבייט זיי צו רעטען פון די פאגראם לענדער און זיי ברענגען אין א לאנד פון פרייהייט.

צו דעם איז נויטיג געלד, ווייל יעדער יתום קאסט אפ דורכשניטליך ביז 150 דאלאר, און דערפאר פארלאנגען מיר די הילף פון דער שטאדט. מיר וועלען אין קורצען ארויס מיט א דרייוו צו שאפען 25,000 דאלאר פאר דעם צוועק. מיר האפען, אז אונזערע ווירדיגע רבנים און פרעזידענטען פון די שוהלען, לאדזשעס און סאסייעטיס וועלען אונז מיט העלפען אין אונזער הייליגער אונטערנעהמונג, ווייל יעצט איז די צייט, כל זמן מיר האפען, אז מען וועט פאר די יתומים עפענען די אמעריקאנער טויערען.

די פרעס קאמיטע.

## פון די שנארער

הייסט עס, אז היינט וועלען די שנארער זיין אין בעל־איל, וואו דער הימעל איז בלוי (אויב ער איז נים פארכמארעט) און די ערד גרין ממש ווי גראז און בוימער, זאגט מען, איז פאראן, טאקע ווי אין א וואלד, נים ווי אין א אידיש טעאטער.

און פארברענגען וועט מען ווי שנארער קענען.

און פאהרען וועט מען טאקע מיט מאשינען, פון קאהן בראס. רעסטאראן.

זייט נאר אין צייט וועט איהר זיך ווי עס איז אויך קענען אריינשטופען אין א מאשין. ווייל דער ערשטער מאשין פאהרט אפ פונקט 4 מינוט נאך איינס (1) אזייגער.

און אז איהר וועט נים פארשפעטיגען וועט איהר האבען די זכיה צו זיין מיט אונז צוזאמען.

## די לויה פון די קדושים אין ירושלים

פון ירושלים מעלדעט מען פאלגענדע ריהרענדע פרטים וועגען דער לויה פון די זעקס אידישע קדושים, וועלכע זענען גע'הרג'עט געווארען אין ירושלים'ער פאגראם. די גע'הרג'עטע זענען געווען: אגראנאם שמואל אברהם הרמתי, הר' יהודה ליב לאזאווסקי, ר' מיכל גראס, ר' שמואל אליעזר נגר, ר' מאיר נגן און דאס קינד יוסף חמדי.

די לויה איז בכונה פארגעקומען נאך 6 א זייגער אוונטס, ווען עס איז פארבאטען דער באפעלקערונג צו זיין אין גאס צוליעב דעם קריגס צושטאנד אין שטאדט.

דער שפיטאל, וואו די הרוגים זענען געלעגען איז ארומגערינגעלט געווארען פון א שטארקער מיליטערישער וואך. אין שפיטאל האט קיינער נישט געקענט אריינקומען אהן א ספעציעלער ערלויבניש.

נאך 6 א זייגער, ווען קיין מענשען זענען שוין נישט געווען אין גאס האט זיך די לויה אנגעהויבען. די רעגירונג האט צוגעשיקט 6 אויטאמאבילען, 3 פאר די טויטע און 3 פאר לעבעדיגע. פאר דער לויה איז געגאנגען אן אויטאמאביל, וועלכער האט געפיהרט אן הארמאט.

א הייליגע שטילקייט האט געהערשט אויפ'ן בית הקברות בעת דערען לויה. שטיל האט מען ארויסגענומען די מתים פון די אויטאמאבילען, די מלוים זענען באשטאנען פון דאקטוירים און „שוועסטער" פון „הדסה" מאדאם הרמתי, רבי קוק און די מיטגליעדער פון ועד הצירים אוסישקין, ל' יפה דר. מולי די פול און רייזלאנד. אויסער זיי האבען זיך דארט געפונען: פנחס רוטענבערג, 2 אידישע אפיצערען און נאך א פאר מענשען

דאס גראבען די קברים און אנדערע הכנות, האבען געדויערט אן ערך פון 2 שעה. עס איז שוין געווען פינסטער און די לויה איז פארגעקומען ביים שיין פון לאמטערנעס און גלאנץ פון באיאנעטען.

רבי קוק האט געהאלטען א קורצען הספד איבער דעם ברידער־קבר פון די 6 קדושים. איינער פון די חברה קדישא האט שטיל געזאגט „קדיש" און דערמיט האט זיך די ריהרענדע לויה געענדיגט.

## א אידישער באנקיר וואס געהער ניט צו קיין שום לאנד

רייטערס טעלעגראף מעלדעט פון פאריז:

מאנסיע מרגליות, דער באנקיר פון ניצא, וועלכער האט געשפיעלט א ראליע בעת דעם באלא־פאשא פראצעס, וואו ער איז גענומען געווארען אויף א שטרענגען פארהער, איז אפיציעל ערקלעהרט געווארען, אלס א מענש, וואס געהערט נישט צו קיין שום לאנד.

נאך בעת דעם באלא־ פראצעס איז פארגעקומען א גרויסע דיסקוסיע וועגען דעם, צו וועלכער נאציאנאליטעט מען זאל מרגליות'ען צורעכענען. א טייל האבען געבראכט באווייזען, אז ער איז אן עסטרייכער, אנדערע האבען געהאלטען, אז ער איז א בעלגיער.

איצט האט דער צ וויל טריבונאל אין ניצא ארויסגעגעבען אן אורטייל, אז מרגליות איז אינגאנצען „היימאטסלאז" און אז ער געהער נישט צו קיין שום נאציאנאליטעט.

## כינא ראטיפיצירט עסטרייכישען שלום אפמאך.

סאן פראנציסקא, יוני 17.—

דער כינעזישער פרעזידענט האט אונטערגעשריבען די ראטיפיצירונג פון עסטרייכישען אפמאך, וועלכען דער כינעזישער פארלאמענט האט גוטגעהייסען דעם 29טען מאי.

## שיסט און פארוואונדעט צוויי מיידלעך

סוזי וועסער, 13 יאהר אלט, פון 516 אלפרעד סטריט און ערמא ווייזמאן, 14 יאהר אלט, פון 685 גרעשיאט, זענען לעצטען דינסטאג אוונט פארוואונדעט געווארען, ווען אן אומבאקאנטער מאן האט אויף זיי געשאסען שטעהענדיג הינטער א בוים. די מיידלעך האבען זיך געשפיעלט אויף אלפרעד סטריט, נעבען סט. אובין, אין פראנט פון וועבער'ס היים.

סוזי איז געשאסען געווארען אין לינקען פוס און ערמא — אין פלייצע. קיין איינע פון זיי איז נים ערנסט פארוואונדעט.

מען דענקט, אז דאס האט געטאן עפעס א מאניאק, אדער סתם א משוגענער.


D&C LAKE LINES

A Vacation Trip That Satisfies

THE summertime will soon be here and with it the joys of a vacation trip. Where are you going? The Great Lakes is the mecca for particular and experienced travelers on business and pleasure trips. The D. & C. Line Steamers embody all the qualities of speed, safety and comfort, the freedom of the decks, the cool refreshing lake breezes. D. & C. a Service Guarantee.

Daily Service May 1st between Detroit and Buffalo. Leave 6:00 P. M. Arrive destination 9:00 A. M.

Daily Service April 1st between Detroit and Cleveland. Leave 11:00 P. M. Arrive destination 6:15 A. M.

MACKINAC ISLAND

Service June 14th to Sept. 14th. 3 trips per week June 14th to July 1st. July 1st to Sept. 14th, 6 trips per week.

Between Detroit and Buffalo Use Your Rail Tickets

Send 2c Stamp for Illustrated pamphlet and map of Great Lakes. Address L. G. LEWIS, G. P. A., Detroit, Mich.

DETROIT & CLEVELAND NAVIGATION CO.

A. A. SCHANTZ, President and General Manager. J. T. MCMILLAN, Vice-President.



# טוראווער רעליעף

אונזער דעלעגאט בעני בראגמאן פאהרט אפ אין גיכען נאך טוראוו אין די אינטערעסען פון דער רעליעף.

ער וועט באזוכען: טוראוו, זיטקאוויץ, לידענאוויטש, פעטריקאוו, און גאנץ פאלעסיע, סטאלין, פלאטניצע, וויסאטסק, רובלע, דאווידגאראדאק, לונינעץ, לאכווע, קאזאן, גאראדאק, מיקעשעוויטש, לעלין, און אומגעגענד.

לאנדסלייט פון דיזע שטעטלעך וועלכע ווילען שיקען געלד און אפידייוויטס קענען זיך ווענדען פאר אינפארמיישאן אין פאלגענדע פלעצער:

יוסף גרענד, 589 הייסטינגס סטריט בוטשער סטאר; שיפמאנ'ס מענ'ס פארנישינג סטאר, 605 הייסטינגס סטריט; האפמאן, Y. H.P.A. רעסטאראנט, הייסטינגס קארנער ברוידסטריט, און אלע טאג צווישען 8 און 10 אוונט, אין דער טוראווער שוהל, 152 איללינאיז סטריט, וואו עס וועט זיצען א קאמיטע און אויפנעהמען געלד, אפידייוויטס און בריעף.

אכטונגספאל,

טוראווער רעליעף קאמיטע.

# ראזענפעלד'ס רוסישע טערקישע באד

פאר אלע וועלכע זוכען ריינליכקייט און גוטע באהאנדלונג.

30 מארבעל וואנעס — 2 כשרה מקוואות

שאור בעטהס — פרייע קאטס אויף צום רוהען

16 פריוואט רומס פאר יענינע וועלכע ווילען נעכטיגען.

א פראכטפולער לאנטש קאנטער מיט פרישע עסענווארג און געטראנקע צו יעדער צייט.

שוויץ פאר פרויען יעדען מיטוואך, מיט דער מיטווירקונג פון אן עקספערט מאסאזשיסטקע.

1846 אלפרעד סטריט, נ'ע אנטאין, טעלעפאן טשערי 6190 דאבלי.

איהר קענט איינשפארען

# 50 פראצענט אויף אייער אטאמאביל

אינשורענס

אונזערע רייטס זענען נאך אימער נים געהעכערט געווארען, — אונזער קאמפאני איז א באוואוסטע מישיגאן סטאק קאמפאני. רופט אב ביי טעלעפאן:

טשערי 2078

אדער

קעדילאק 2078

און אונזער אגענט וועט אייך אלעס ערקלעהרען.

אונזערע אידישע אגענטען זענען: מאקס הייכאן, עדווארד דזשייקאבס, מאקס גודמאן, ב. ה. בערנער.

Henry A. Behrendt

INSURANCE

Cherry 2078

Cadillac 2078

505–506 VINTON BLDG.

# נין דעטראיט אפערא הויז

נייעס! נייעס!

# מאד. בעסי טאמאשעווסקי

און

# הערר סעמיועל ראזענשטיין

# זונטאג מאט. און אווענד דזשון 20

אין דעם אונאיבערטרעפענעם סוקסעס

# מינקע די דינסט

אין 4 אקטען מיט געזאנג פון ל. קאברין

די באלגענדע ארטיסטען און מיהגע קינסטלער וועלען אנטייל נעהמען: מאדאם טאמאשעווסקי, ה. ראזענשטיין, בעלא פינקעל, מ. בעלמאן, טילי ראבינאוויטש, מאדאם קראנער, הערר אייזנשטאט, הערר ראזענטאל און דער גאנצער סטאר קעסט.

טיקעטס צו באקומען אין פארדאנ'ס בוק סטאר, 451 הייסטינגס סטריט אדער אין באקס אפיס.

# געלט קיין אייראפא

דער זיכערסטער און בעסטער וועג צו שיקען געלד צו אייערע קרובים קיין יוראפ איז דורך דער

# פיפעלס רעליעף

וועלכע איז א ברענטש פון דער דזשוינט דיסט. קאמיטע

די געלד ווערט געשיקט אין דאלארס.

פיפעלס רעליעף קאמיטע

490 הייסטינגס סטריט

טעריליאט, 2061

JUN 28 1920

The only Jewish Paper Printed in Michigan

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

# דער וועג

The Detroit Jewish Daily

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

347-49 HASTINGS STREET
Telephone Main 3718

Published and distributed under permit No. 1?? authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, P[ostmaster General.]

PRICE 2c. — DETROIT, MICH., Monday, June 21st 1920 Vol. 2, No 108 — מאנטאג, דזשון 21, 1920

# סאוועט רעגירונג באפרייט ארעסטירטע ציוניסטען

## פוילישע אטאקע אויף קיעוו געווען מיליטערישע אוואנטורע

דזשארדזש וויט, קארעספאנדענט פון דער „דעטראיט ניוס", טעלעגראפירט פון דאנציג, אז דער אנפאל אויף רוס־לאנד וואס די פאליאקען האבען גע־מאכט איז ניט געווען מעהר ווי א מי־ליטערישע אוואנטיורע, אום אפצושרע־קען די באלשעוויקעס און נייטען זיי אנצונעהמען די פוילישע שלום-באדינ־גונגען.

די טעלעגראמע לעזט זיך ווי פאלגט:
דאנציג, יוני 19.—
דאס צוריק נעהמען פון קיעוו דורך די באלשעוויקעס, וועט אויס, צו זיין דער אנהויב פון סוף פון אן אויסער־געוועהנליכער מיליטערישער אוואנטיו־רע.

פון פערזענליכער באאבאכטונג אויף דער לענג פון פראנט, 16 מייל צו מזרח און 36 מייל צו דרום פון קיעוו, ווייס דער שרייבער, אז די פאליאקען האבען אויף 1:8 מייל פון פראנט געהאט ניט מעהר ווי פון 100 ביז 250 מאן און אז קיינע אוקראינישע טרופען זענען ניט באנוצט געווארען אויף די פראנט־ליניעס.

דער פוילישער אדמיראל, וועלכער איז קאמאנדיר אין דאנציג, האט בא־שטעטיגט דעם באריכט, אז גענעראל פילסודסקי האט געמאכט זיין אטאקע אויף קיעוו מיט דעם צוועק צו צווינ־גען די סאוועטען רעגירונג איינצוגעהן אויף א שלום, וואס איז אננעהמבאר פאר פוילען.

ענגלאנד וועט מעגליך אין גיכען גע־בעטען ווערען אריינצומישען זיך און פארלעגען די באלשעוויקעס, דאס זיי זאלען שליסען שלום מיט פוילען און פארשלאגען א נייטראל לאנד וואו די שלום פארהאנדלונגען זאלען פארקומען.

## באהן ארבייטער באנייען סטרייק

פילאדעלפיא, יוני 18. — די אר־בייטער פון דער פענסילווייניא און רי־דינג ריילוועס זיינען היינט ווידער א מאל ארויס אין סטרייק, פארקריפלענדיג דעם גאנצען באהן-פארקעהר פון דיעזע קאמפאניעס.

די ארבייטער זאגען, אז זיי זיינען שוין מיעד פון ווארטען ביז די ריילוועי בארד וועט עפעס טאן, אום צו פארגרעסערען זייערע וועידזשעס. מען האט פארזיכערט די ארבייטער, אז אין א משך פון דרייסיג טעג וועט זייער קריוודע באגיטיגט ווערען. די דרייסיג טעג האבען זיך שוין געענדיגט לעצטע וואך און די ארבייטער ווארטען נאך אלץ.

פיהרער פון דער יוניאן ערקלעהרען, דאס א קאמיטע פון די ארבייטער האט זיך געזעהן מיט דער ריילוועי בארד און מיט באאמטע פון די ריילראודס, און ווען די קאמיטע האט בעריכטעט, אז די אר־בייטער וועלען דארפען ווארטען ביז דעם 5טען אויגוסט, האבען זיי באשלאסען צו סטרייקען.

עס ווערט ערקלעהרט, דאס ארום טוי־זענד באהן-ארבייטער סטרייקען ביי דער פענסילווייניא קאמפאניע אליין און אן עהנליכע צאהל סטרייקט ביי דער רידינג קאמפאניע.

### באהן סטרייק פארשפרייט זיך אין אנדערע שטעדט

שיקאגא, יוני 19. — 200 יארדמען פון דער שיקאגא און נארטה - וועסטערן ראוד אין קוילען דיסטריקט נעבען סט. לואיס זיינען נעכטען ארויס אין סטרייק. אין דער זעלבער צייט איז אויך ערהאל־טען געווארען א באריכט פון בורלינגטאן אז דארטען סטרייקען באהן - ארבייטער ביי דער בורלינגטאן און קווינס, ראוד.

## קריגט 10 יאהר פאר שלאגען אן אימיגריישאן אינספעקטאר

צעהן יאהר אין ליווענוואָרטה פעני־טענטשערי, איז די שטראף [illegible] דזשאָרדזש ארטור דוש. טאטעל ה[illegible] טרויפעלעגט אויף נאי מוללען, נאכדעם ווי ער איז געפונען געווארען שולדיג אין שלאגען אלבערט ס. טשאטפיעלד, אן אימיגריישאן אינספעקטאר ביי דער דזשאזעף קאמפאניע פערי דאק.

דער פאראורטיילטער האט גע'טענה'ט אז ניט ער נאר זיין ברודער האט געשלאגען דעם אינספעקטאר. ער איז — זאגט ער — גאר דערביי ניט געווען. אבער דער דזשאדזש האט איהם ערק־לעהרט קורץ און שארף, אז ער גלויבט איהם ניט און דאס איז ניט דער ער־שטער ליגען וואס ער האט אין קאורט געזאגט אין דעם פארלויף פון משפט.

ד[illegible] געשלעג מיט אינספעקטאר טשאטפיעלד האט פאסירט דעם 15טען דעצעמבער, ווען מוללען, זיין ברודער און נאך איינער זענען געפאהרען אין אן אטאמאביל פון וואקערוויל און ווען אינספעקטאר טשאטפיעלד האט געוואלט אינטערזוכען זייער אטאמאביל, ווייל ער האט געהאט א פארדאכט, אז דאר־טען געפינט זיך שנאפס, האט איהם מוללען דערלאנגט מיט א שנאפס באַ־טעל איבער'ן קאפ און ער איז אנידער־געפאלען באוואוסטלאז.

[illegible]ס לאיער האט, אנאנסירט, אז [illegible] וועט די קיים אפעלירען.

### ריכטער באפעהלט צו ארעס־טירען מרס. מוללען און איהר שוועגערין

לעצטען שבת האט דזשאדזש טאטעל באפוילען, דאס ווארענטס זאלען ארויס־געגעבען ווערען געגען מרס. אליזו מוללען און דעם פאראורטיילטענס שוועסטער, מרס. לענא מוללען אויף דער קלאגע פון פאלשען עדות זאגען אין קאורט.

מרס. אליזו מוללען האט זיך מודה געווען, אז זי האט פאלש עדות געזאגט. „איך האב עס געטאן — האט זי געזאגט — אום צו ראטעווען מיין מאן, ווייל איך האב געוואוסט, אז ער איז אומשולדיג".

„ארעסטירט דיזע פרוי פאר פאלש שווערען" — האט דער ריכטער באפוילען נאכדעם ווי זי איז פארטיג געווארען מיט איהר סטייטמענט.

### אויפמערקזאם

דער באנקעט פון „וועג" וועט שטאט־פינדען דינסטאג אווענד, דעם 22טען רשון, אום 8:30, אין כרמל כשר רעס־טאראנט.

---

ניו יארק, יוני 20. — א דעפעשע פון פאריז איז נעכטען פארעפענטליכט געווא־רען פון דער אידישער קארעספאנדענץ ביורא, וועלכע מעלדעט, אז די סאוועטען רעגירונג האט באפרייט די רוסישע ציו־ניסטישע פיהרער, וועלכע זענען ארעס־טירט געווארען אין דער צייט וואס זי הא־בען אפגעהאלטען זייער קאנגרעס אין מאסקווא.

### סירישע רעגירונג אנערקענט ניט סאן רעמא באשלוס בנוגע ארץ ישראל

לאנדאן. — פראנקרייך האט אנגע־פאנגען א שטארקע אגיטאציע פאר ענדערען די טערקישע פריעדענס-טריטי אזוי, אז קורך דער מאדיפיצירונג זא־לען די פראנצויזישע אינטערעסען אין קליין אזיען זיין מעהר געזיכערט און געשיצט.

אבער דיעזע אגיטאציע פון פראנק־רייך קען האבען א זעהר אומגינסטיגע ווירקונג אויף די פראבלעמע פון בא־שטימען די גרעניצען [illegible] ארץ ישראל. פראנקרייך'ס אינטערעסען זענען געגען א גרעסערע ארץ ישראל אונטער ענג־לאנדס מאנדאט.

די סירישע רעגירונג האלט אין איין ארויסטרעטען געגען דעם באשלוס פון דעם סאן רעמא קאנפערענץ בנוגע ארץ ישראל. די סירישע רעגירונג האט יעצט געלאזט וויסען די עלייעס דאס זי וועט ניט אנערקענען דאס אפטיילען ארץ ישראל פון סיריען און אויך ניט דעם אפמאך צווישען ענגלאנד און די ציו־ניסטען וועגען ארץ ישראל.

### באלשעוויקעס געהן אריבער טייכען בוג און איבעל

קאפענהאגען, יוני 19.—
דער מאסקווא'ר קארעספאנדענט פון דער „בערלינסקע טידענים" מעלדעט, אז די פאליאקען ציהען זיך נאך אלץ צוריק און זיי ווינען צוריקגעשטויסען געווארען איבער דעם טייך איבעל. די באלשעוויקעס, בעריכטעט דער קארעס־פאנדענט, זענען אריבער דעם טייך בוג און דערנעהנטערען זיך צו בלאצלאוו, 33 מייל פון ווינניצא.

### מיידעל פראטעסטירט ווען דזשאדזש גיט ארויס אורטייל געגען איהר „קאזין"

ווען דזשאדזש קיידאן האט לעצטען פרייטאג באשטראפט רעגיעל וואלטערס פון 1 ביז צוויי יאהר פריזאן, פאר ארומטראגען זיך מיט א רעוואלווער, האט הושיין קאלינס, וועלכע האט זיך אנגעגעבען אלס א קוזינע פון דעם פאראורטיילטען, זיך שטארק צעוויינט און געזידעלט דאס געריכט.

דאס מיידעל איז שפעטער פארגע־בראכט געווארען פאר דזשאדזש קיידאן, ווייל געריכטס-באאמטע האבען איהר באשולדיגט אין באנוצען א שלעכטע שפראך געגען קאורט. זי האט עס אפ־געלייקענט. זי האט בלויז צוגעגעבען, א זי האט פראטעסטירט געגען דער שטרענגקייט פון דער שטראף. דזשאדזש קיידאן האט איהר דערמאנט, אז וואל־טער האט געקענט גע'משפט ווערען אויף דער קלאגע פון רויבען זייענדיג באוואפענט. און דאס וואלט געמיינט א שטראף פון 10 ביז 15 יאהר.

„די שטראף איז פיליכט טאקע א שטרענגע — האט ריכטער קיידאן גע־זאגט — אבער אזעלכע שטראפען ווע־לען פארטגעזעצט ווערען ביז דעטראיט וועט זיין אויסגעראמט פון באנדיטען".

קיין פארמעלע קלאגע איז ניט גע־מאכט געווארען געגען מיס קאלינס פאר באליידיגען דעם געריכט און נאך די איבערגערמאנטע ווערטער האט דער ריכטער איהר ערלויבט צו געהן.

## מארטענס זאגט ס'איז א ליגען אז ער איז צוריקגערופען געווארען

ניו יארק, יוני 19. — היינט אווענד האט לודוויג מארטענס, דער רוסישער באלשעוויסטישער פארטרעטער אין די פאראייניגטע שטאטען פארעפענטליכט א סטייטמענט, אין וועלכען ער ווייזט אן, ווי אזוי ס'איז פארשפרייט געווארען דער פאלשער קלאנג, דאס ער האט פארלאנגט פון זיין רעגירונג מ'זאל איהר צוריקציהען.

זיין סטייטמענט לעוט זיך ווי פאלגט:

„אין געגענזאץ צו די בעריכטען, וועל־כע זענען היינט פריה געווען פארעפענט־ליכט אין די צייטונגען, בין איך ניט צו־ריקגערופען געווארען פון מיין רעגירונג. דער קלאנג האט זיך געוויס פארשפרייט צוליעב דעם, וואס די, וועמענס עסק איז צו לעזען מיינע בעריכטען צו דעם קאמי־סאר איבער אויסערליכע אנגעלעגענהיי־טען, האבען געמאכט צו שנעלע השערות. גלייך ווי ס'איז פארעפענטליכט געווארען מר. קאלבי'ס טעלעגראמע צו מר. גאמ־פערס און זי איז געלעזען געווארען אויף דער קאנווענשאן פון דער אמעריקאנער ארבייטער פעדעראציע אין מאנטרעאל, האב איך טעלעגראפירט מר. ליטווינאוו־'ען, געהילפס קאמיסאר איבער אויסערן, וועלכער געפינט זיך איצט אין קאפענהא־גען, אנווייזענדיג איהם דעם כאראקטער פון די אויסדריקע, וועלכע ס'האט באנוצט דער סעקרעטערי אוו סטייט וועגען רוס־לאנד.

„אין זיין טעלעגראמע צו מר. גאמ־פערס, האט מר. קאלבי כאראקטעריזירט די רעגירונג, וועלכע איך האב די עהרע צו רעפרעזענטירען, אלס אזעלכע, וועלכע „ווייזט צוריק די פרינציפען פון הארמא־נישע און עהרליכע באציהונגען סיי צווישען נאציאנען סיי צווישען יחידים און זי איז באגרינדעט אויף דער אפליי־קענונג פון עהרע, גוטען ווילען און טרא־דיציעס, וועלכע זענען דער פונדאמענט פון אינטערנאציאנאלען געזעץ".

„דיעזער סטייטמענט פון סעקרעטערי אוו סטייט, וועלכער איז געמאכט געווא־רען אין דער זעלבער צייט, ווען די גרויס־מעכט אין אייראפא האלטען אין באניי־ען באציהונגען מיט רוסלאנד, איז פון מיר אויסגעטייטשט געווארען, אלס בא־ווייז, אז די איצטיגע שטעלונג פון דער אמעריקאנער רעגירונג איז אן אונפאר־מיידליך געגנערישע צו אירגענד וועלכע פארהעלטנישע מיט רוסלאנד. איך בין קיינמאל ניט אינפארמירט געווארען פון דעם סטייט - דעפארטמענט, צו מיין מי־סיע אין דיזען לאנד איז ווען ניט איז גע־ווען איינצואווענדען אדער אין גאנצען פרוכטלאז.

איך בין געווען געצוואונגען פון מר. קאלבי'ס סטייטמענט ציהען דעם שלוס, אז מיינע פארזוכען איינצושטעלען פריינדליכע קאמערציעלע און פאליטישע פארהעלטניסע צווישען רוסלאנד און אמע־ריקא האבען זעהר ווייניג איינזיכט אויף אן ערפאלג, כל זמן די איצטיגע שטעלונג פון דער אמעריקאנער רעגירונג וועט אנ־האלטען.

„איך האב בעריכטעט דיזע אומשטענ־דען און מיין בליק אויף דיזער אנגעלע־גענהייט דורך דעם טעלעגראם צו מר. ליט־ווינאוו אין קאפענהאגען, ווי אויך צו מר. קראסין, וועלכער געפינט זיך איצט אין לאנדאן און ריכטעט דארט איין דאס בא־נייען פון האנדעל צווישען רוסלאנד און ענגלאנד. דער אינהאלט פון מיינע טע־לעגראמעס, ווייזט אויס, איז אויך א גע־וויסען אופן באקאנט געווארען. ס'איז אבער ניט ריכטיג, אז איך בין צוריקגע־רופען געווארען פון מיין רעגירונג.

„דער בעריכט, אז מר. סאנטארא נו־ארטעווא, דער סעקרעטער פון דער היי־גער סאוועטען ביורא, איז אפגעפאהרען קיין ענגלאנד צובאראטען זיך מיט מר. קראסין איז גאנץ ריכטיג. ער איז אפ־געפאהרען דורך קאנאדא מיט דער הילף פון די קאנאדע'ר רעגירונגס באאמטע וועלכע זענען געווען פריינדליך גענוג צו צושטעלען איהם באקוועמליכקייטען אויף זיין רייזע קיין ענגלאנד. מר. נוארטעווא'ס רייזע איז געמאכט געווארען אין צוזא־מענהאנג מיט זעהר וויכטיגע קאמערציע־לע אונטערהאנדלונגען מיט קאנאדע'ר פאבריקאנטען, וועלכע ווילען עטאבלירען האנדלעס פארהעלטניסע מיט רוסלאנד".

## העמטרעמק געהט כאדאראם איבער פאליציי סקאנדאל

**טשיעף און פאלים זאגט, אז המטרעמקער פרעזידענט איז שולדיג, וואס מען האט „ניט געטארט" שטערען קארטען-שפיעל און זנות. — בירגער פאדערען אונטערזוכונג פון א גרענד דזשורי.**

דער טשיעף אוו פאלים פרער ב. דיר־בעל איז ארויס מיט אן ערקלעהרונג אז דער פרעזידענט פון ווילעדזש, מר. דזש. דוש. האס, איז פאראנטווארטליך פאר דער אויסגעצייכענטער באשיצונג וואס די העמטרעמקער פאליציי האט געגעבען צו זנות און צו געמבלינג.

פון אנהויב האט מר. האס, פאר־שטעהט זיך, געקאכט און געמאכט אן אנשטעל, גלייך אט געהט ער און צע־ברעכט דעם טשיעף אוו פאלים די ביי־נער פאר אזא ליגען. שפעטער האט ער זיך אבער בארוהיגט און מען הערט ניט מעהר קיין שארף ניט פון מר. האס און פון מר. דיבעל. מען האט קענטיג געשלאסען א וואפענשטילשטאנד...

וואלט שוין אלעס געווען גוט, איז אבער די צרה, וואס די איינוואוינער פון העמטרעמק קענען זיך ניט בארוהי־גען און וואס ווייטער ווערט אלץ זיי־ער צארן גרעסער:

— „ס'טייטש, ס'טייטש, אזא סקאנ־דאל!"...

עס האט זיך שוין דארטען ארגאני־זירט א מין „ס'טיזענס-ליגע" און נעכ־טען דריי א זייגער ביינאכט איז אין דער הייסקוהל פון ווילעדזש אפגעהאלטען געווארען א מאס-מיטינג, וואו עס איז באשלאסען געווארען אנצואווענדען אלע מעגליכקייטען אז די שולדיגע אין דעם העמטרעמקער סקאנדאל זאלען „בא־שטראפט ווערען.

שבת אין דער פריה איז א דעלע־גאציע, געפיהרט פון מר. הענרי דזשיי־קאבס, א גראסערימאן, ערשיענען אין פראסעקיוטארס אפיס און פארלאנגט, א ואפארטיגע גרענד דזשורי אונ־טערזוכונג זאל געמאכט ווערען אין דיע־זער אפערע. אזוי ווי די דאזיגע דעלע־גאציע איז זגעווען צו קליין אין צאהל, איז דארום באשלאסען געווארען אפצו־ווארטען מיט'ן קאמפליינט ביז נאכ'ן מאססמיטינג. מר. דזשייקאבס דענקט, אז ווען א דעלעגאציע פון ארום 500 ביר־גער וועלען זיך ווענדען צום פראסעקיו־טינג אטאירני, וועט ער דאן מוזען בא־ווילינען אן אונטערזוכונג פון א גרענד דזשורי.

טשיעף אוו פאלים דיבעל וועלכע' איז ליינטענאנט פון דעם דעטראיטער פאלים דעפארטמענט, האט געקראגען צו וויסען פון פאלים קאמישאנער אינגט־שעס, דאס אין פאל העמטרעמק וועט ניט אויסגערייניגט ווערען ביז דעם 1טען יולי, וועט ער, דיבעל, פארלירען זיין אורלויב און ער וועט דארפען ענט־ווערער רעזיגנירען אלס טשיעף פון העמטרעמק און זיך מעלדען אויף זיין פאסטען אין דעטראיט, אדער אנהאל־טען דעם אמט אלס טשיעף אוו פאלים אין העמטרעמק און רעזיגנירען אלס ליוטענאנט פון דעם דעטראיטער דע־פארטמענט.

אין א בריעף וואס קאמישאנער [illegible]נגטשעס האט געשיקט צו דיבעל'ן לעצטע וואך, האט ער איהם אויפגע־פאדערט זיך צו מעלדען ביז דעם 20טען יוני, אבער שפעטער האט ער זיך [illegible] געווען און איהם געגעבען מעהר צייט איבערצוטראכטען וועגען די צוויי ברירות וואס ער האט פאר זיך.

## דעטראיט'ער וואוטערס וועלען זיך דארפען רעדזשיסטרירען

אלע דעטראיטער וואוטערס וועלען זיך דארפען רעדזשיסטרירען ענטוועדער אין סיטי האל, צווישען דעם 2טען סעפטעמבער און 12טען אקטאבער, אדער אין פארשידענע קאמפיין קאמי־טע רומס, אקטאבער 14, 15 און 16 — אום זיי זאלען קענען שטימען אין די קומענדע וואהלען פאר פרעזידענט.

די דאזיגע באקאנטמאכונג איז לעצ־טען שבת אנגעקומען פון דער סיטי עלעקשאן קאמישאן.

פאר די פריימערי וואהלען וואס וועלען פארקומען דעם 31טען אויגוסט, וועט נאך די אלטע רעדזשיסטריישאן גילטען. די וואס זענען אויך פון פריער ניט רעדזשיסטרירט, וועלען האבען א געלעגענהייט דאס צו טאן דעם 12טען 13טען און 14טען אויגוסט, אנגעבענדיג זייערע אלטע הויז-נומערן. דיזע רע־דזשיסטריישאן וועט אבער בלויז גוט זיין פאר די פריימערי־וואהלען. אום צו וואוטען אין די פרעזידענט וואהלען דארף מען זיך, ווי שוין געזאגט, אויף דאס ניי רעדזשיסטרירען אין סעפטעמ־בער אדער אין אקטאבער.

### סעם מארגאליס אונטער צוויי קלאגען פון מארפין האנדעל

די יונייטעד סטייטס גרענד דזשורי האט שוין ארויס נאך אן אינדייטמענט געגען סעם מארגאליס, אייגענטימער פון סעם מארגאליס אינ. לייק סט. קלעיר, אז ער האט געהאט אין זיין באזיץ מארפין.

דאס איז די צווייטע קלאגע פון דעם כאראקטער, וואס די גרענד דזשורי האט ארויסגעגעבען געגען מארגאליס'ן אין צוויי טעג צייט.

### פארטוגעזישער מיניסטארען־קאבינעט רעזיגנירט

ליסאבאן, יוני 19. —
פרעמיער ראמאס פרעטא האט גלייך נאך דער נעכטיגער זיצונג פון דעם דעפוטאטען קאמער אריינגעשיקט די רעזיגנאציע פון זיין מיניסטארען־קאבי־נעט.

## מאן אנגעקלאגט אלס מערדער פון זיין פרוי

מרס. סטעלא אטעמבארסקי, 27 יאהר אלט, וועלכע איז, ווי נעכטען געמעל־דעט, לעצטען פרייטאג געשאסען גע־ווארען פון איהר אייפערזיכטיגען מאן, איז שבת 4 א זייגער געשטארבען פון די וואונדען.

אטאמבארסקי, וועלכער האט געמאכט א פארזוך זיך צו נעהמען דאס לעבען ליגט יעצט אין סאמאריטען האספיטאל. זיין צושטאנד איז ניט ערנסט, און א ווארענט איז ארויסגעגעבען געווארען געגען איהם.

**איז געווען אייפערזיכטיג אויף א באָרדער**

אטאמבארסקי האט דערצעהלט פאר דעם פראסעקיוטאר הערמאן גריגער און אנדערע אפיסערס, אז ער איז פארהייראט צו זיין פרוי 9 יאהר. ביז לעצטען יאהר איז אלעס געגאנגען גוט. אבער מיט אמאל האט זיך זיין פרוי פארליעבט אין זייערע א באָרדער. ער האט איהר באשולדיגט אין האבען [illegible] באציהונגען מיט'ן באָרדער, [illegible] איז געווארען א פאמיליען סקאנ־דאל, דער באָרדער האט ארויסגעמופט. אבער געהאלפען האט עס ניט. וואס אייפערזיכטיגער דער מאן איז געווארען אלץ שטארקער האט די פרוי איהם גע־האסט.

לעצטען מיטוואך איז אטעמבארסקי אוועקגעפאהרען קיין טאלידא און איינ־געריכטעט דארטען א נייע היים, דענ־קענדיג, אז ווען זיין פרוי וועט ניט זיין גוט. אידער ער איז געפאהרען, האט זיין פרוי איהם צוגעזאגט, אז זי וועט מעהר אין דעטראיט וועט אלעס זיין מיטפאהרען מיט איהם קיין טאלידא, ווען ער זאל איינריכטען דארטען א שעהנע היים.

ווען ער איז פרייטאג געקומען זי נעהמען קיין טאלידא, האט זי זיך ענט־זאגט צו פאהרען. א רעוואלווער האט ער שוין געהאלטען ביי זיך גרייט זייט עטליכע מאנאטען און ער האט בא־שלאסען, אז אין פאל זי ענטזאגט זיך אוועקצופאהרען פון דעטראיט זאלען זיי ביידע ניט לעבען מעהר.

---

לאנדאן, יוני 19. —
א דיפלאמאטישע דעפעשע פון מאסקווא, וואס איז היינט דא ערהאלטען געווארען, גיט איבער, אז אפגאניסטאנער שטאמען זענען קאנצענטרירט לעבען דער אינד־יען-אפגאניסטאן גרעניץ, אום צו אטא־קירען די ענגלענדער אין אינדיען.

# די טויטע שטימונג

פון א ביטגער

ס'איז נאך קיינמאל נישט געוועזן אזוי א טויטע שטימונג, אזא גלייכגיל-טיגע באציהונג צו געזעלשאפטליכער ארבייט, ווי איצט, די געזעלשאפטן ווע-רען ווי אפגעשטארבען. מען קומט זיך נעבע צונויף, די פארוואלטונגס זיצונ-גען ווערען שוואך באזוכט און מען מערקט איבערהויפט נים קיין צייכען פון עלען ארבייטען, שאפען, בויען.

פון דער צווייטער זייט איז נאך קיינמאל די יציאת נישט געוועזן אזוי אינטערעסאנט און פול מיט לעבען ווי די היינטיגע. יעדע צייטונג ברענגט נייעס פון דער גרעסטער וויכטיגקייט. מען זעהט בחוש ווי טאג טעגליך נעהט טערט זיך די וועלט צום אמת'ן שלום צו דעם פריערען, וועלכער וועט ווידער פערנעהנטערען די פעלקער צווישען זיך; וועלכער וועט שאפען בעסערע לעבענס-באדינגונגען, ווען מען וועט פארגעסען און דעם ברויט-דחקות און די לאנגע רייהען, ווען די וועלט וועט ווערען פריי. מען זעהט בחוש, ווי אפילו שווערליך, אבער דאך פארשווינדט דער פעלקער-האס און אויב מען ווארפט זיך נאך נים איינע אויף די אנדערע קרשען, ווארפט מען זיך אבער נישט איינע אויף די אנ-דערע צו בייסען, יענע, די גרויסע וועלט, וויל שלום, און דער בעסטער סימן אז זי וויל, איז דער פאקט, אז זי איז דער-צו געצוואונגען דורך דער שווערער לאגע וועלכע די גאנצע מענשהייט לעבט אי-בער.

פאר וואס אבער מערקט זיך נישט אויף דער אידישער גאס קיין צייכען פון אויפלעבונג?

אויף אויף דער אידישער גאס פיהלט זיך די ענדערונג וועלכע דארף קומען. עפעס לעבען מיר דאך אין א צייט ווען איין וועלט נעהט אונטער און עס ווערט געבוירען א נייע. נור קיינער ווייס נאך נישט ווי די נייע וועלט וועט אויסזעהן, דאס אידישע ברייטע פובליקום האט צו לאנג געלעבט אין איין מאל פאר אלע באשטימטע טראדיציאנעלע פארמען און צו קאנען גיך ווערען הורכגעדרונגען מיט'ן גייסט פון דער נייער צייט, דער-צו האט דער לעצטער יאהר, וועלכער איז אזוי בלוטיג פאר אידען געוועזן און די גרויזאמע נויט און הילפלאזיג-קייט זייער חלק דערין, אז ס'פעהלט דאס גוויסע גלויבען. מען איז דעריבער אפא-טיש און די אלגעמיינע לאגע ווירקט דערצו אז ס'גלוסט זיך נים וואס צו טאן.

אבער די אפאטיע מוז מיט דער גרעסטער הארטנעקיגקייט באקעמפפט ווערען. ווייל אויב אידען בלייבען אונ-טעטיג, אויב זיי טוען נישט די פאר זיי נויטווענדיגע געזעלשאפטליכע ארבייט, דאן ווערט זייער לאגע נאך ערגער, מען מוז אלעס טאן אום אין דער באנייטער וועלט נים צו בלייבען פון דערוייטענס, אום דארט אריינצוטראגען אונזער חלק ארבייט און צו געניסען אונזער חלק גליק.

צום דעטראיטער פובליקום

אין

## קאפלאן'ס בארגען סטאר

געהט נאך אלץ אן דער

## קלאזינג אוט סייל

ווייל דאס איז ווירקליך א סייל בלויז דערפאר, ווייל די סטאר מופט דאן טאון.

איהר קענט אלזא יעדען טאג נאך געפינען צעהנדליגע ארטיקלען, וואס ווערען אויספארקויפט צו ביליגער ווי קאסט. און ווען איהר פארפעהלט צו קויפען אן ארטיקעל פארליערט איהר קעש געלד.

## ביאליסטאקער

צוליעב. אורזאכען פון אונז נים אבהענגיג, זענען מיר געצוואונגען אבצו-לייגען אויף אן אונבאשטימטע צייט אונזער קאנצערט און באנקעט, וועלכען מיר האבען ארראנזשירט אויף דיעזען זונטאג, דזשון דעם 20טען.

אלע וועלכע האבען שוין טיקעטס זענען געבעטען צו קומען צו אונזער רעגעלען מיטינג, נעקסטען מיטוואך, דזשון דעם 23טען, אין לייבאר לייסעאום, וואו ארראנדזשמענטס פאר א צווייטע אונטערנעהמונג וועט גע-מאכט ווערען.

הויפטזעכליך קומט אלע ביאליסטאקער און פון אומגע-גענד אבנעהמען א גרוס פון א נייער לאנדסמאן און פריינד, וועלכער איז נאר וואס פון ביאליסטאק אנגעקומען.

ער האט פיעלע גרוסען און בריעף צו אייך.

מיט גרוס,
דער ביאליסטאקער
פעראיין און דעטראיט

## ליבהאבער פון קלאסישע מוזיק אויפמערקזאם

## ערשטער קאנצערט

אין דעטראיט

געגעבען ביי דעם

פילהארמאנישען מענער קווארטעט

שענסטער אידישער מענער קווארטעט אין אמעריקא

ערשטער טענאר — — — — — — — — מר. ע. ראזען
צווייטער טענאר — — — — — — — — מר. מ. פאסמאן
ערשטער באסס — — — — — — — — מר. דזשארדזש גאלפאן
צווייטער באסס — — — — — — — — מר. ס. סילווערמאן
פיאניסטין — — — — — — — — מיסס א. באיינער

זאנטאג אבענד, דעם 27טען דזשון, 8:15 אוהר
אין לייבאר לייסעאום
62 ליווינגסטאן סטריט

מ. נ. מאגולעווסקי, מענעדזשער.

א פרוי פארלאנגט

אנשטענדיגער מיטעל יעהריגע פרוי פארלאנגט צו אטענדען אן עלטערע פרוי אין א גוטע היים. נאכפרעגען 339 משערכערי עווענו. (21

## אייער זומער וואקיישאן

וועט אייך בעסער באקומען

ווען. איהר וועט טראגען די ריכטיגע

אויגען גלעזער





אין אלגעמיין דארפט איהר אלע מאל עקזאמענירען אייערע אויגען ביי דעם

**LOU GOLDBERG**

**245 Griswold St.**

דעטראיטער אויגען ספעציאליסט רעדזשיסטרירטער אפטאמעטריסט און מאנופעקטשורינג אפטישען

אויגען עקזאמענירט ביי אפוינטמענט

אויך זונטאג

מיר שיקען צו אייך אהיים נאך די גלעזער און ריפיירען. דעליווערי פריי.

## J. Lanskey Tailor

אויב איהר ווילט קריגען גוטע פאראנטווארטליכע ארבייט דאן קומט צו 105 טיאדאר סטריט.

מיר קליגען, פרעסען און רעמאדלען לידיעס און דזשענטס גארמענטס.

## שעכטער'ס
## דראג סטאר

477 הייסטינגס סט.

טעלעפאן, משערי 5763

פרעסקריפשאנס פארפערטיגט מיט די גרעסטע פינקטליכקייט

צו יעדער צייט

## גרויסער בארגעין
## אין ביזנעס אדער פעקטארי פראפערטי

316 ביי 105 פוס אויף דעם סאוט-וועסט קארנער פון ראססעל און מאללעט ס. דאס איז שוין צוזאמען מיט א בריק פעקטארי בילדינג, 44 ביי 105 פוס, ווי אויך 2 גרויסע סטארעדזש יארדס און רעווידענס, אלעס בלויז אונ-געפעהר א האלבען מייל פון סיטי האל. דער פרייז איז שפאט ביליג, בלויז 6,000 דאלאר. און נאר 12,000 דאלאר איינצאהלען און גרינגע אפצאהלונגען: 450 דאלאר א מאנאט.

נאכפרעגען

**לייק סייד רועלטי קא.**

3120 איסט דשעפערסאן סטריט

טעלעפאן היקארי 3604

## א פלעט צו פארדענטען

145 ערלייט סטרים. 5 רומס און באד. סטאוו היט. 45 דאלאר א חודש. טעלע-פאן קעדילאק 3648 אר.

## דזשאן ר. לימאן
## און
## מארטימאר דזשיי ליסס

לאיערס

מאכען בעקאנט צום. ווערטהען פובליקום, דאס זיי האבען גענומען זייערע אפיסעס פון 9-928 משייסבער און קאמערס בילדינג

צו

**204 הארשעם בילדינג**

קארנער סטייט און גריסוואלד

טעלעפאן משערי 3978

די יעניגע וועלכע שטימען ניט איין מיט דער איצטיגער לייטונג פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע פון אמעריקא, זיינען געבעטען צו שיקען זייערע נעמען און אדרעסירען צו

40 וועסט 22טע סטרים, ניו יארק סיטי.

## Merchants Protective Bureau

**Registered**

**HANRY FIELD, Gen. Mgr.**

**91 Griswold** | **314-15 Buld. Block** | **Cherry 6263**

ווען איהר זענט א מעמבער, קאלעקטען מיר אייערע שלעכטע אקאונטס. מיר רעכענען 25 דאלאר א יאהר און 10 פראצענט פאר קאלעקטען. מיר גאראנטירען אויך ווייזדשעס, שטעלען צו רעפארטס וועגען סטאקס, באנדס א. ז. וו. טעלעפאנירט אדער קומט וועגען איינצעלהייטען.

ה. פיעלד, גענעראל מענעדזשער.

## צוקער — צוקער — צוקער

פון איין פונט — — — — — ביז — — — — — הונדערט פונט

צו יעדען איינעם יעדען טאג

אין

## ראזענס בעקערי

408 הייסטינגס סטריט

# דארפט איהר געלט פאר ביזנעס צוועקען?

אויב איהר דארפט צאהלען רענט אדער איהר דארפט פארגרעסערען אייערע ביזנעס און איהר זייט געאייגנט אין קעש. דאן קומט צו אונז

## מיר וועלען אייך געבען געלט אויף אייער נאוט

פאר רעגולאר בענק אינטערעסט. בלויז אויף די אינדארסמענט פון צוויי פאראנטווארט-ליכע לייטע

מיר גיבען אויך געלד אויף סעקאנד מארטגיידזשעס און קאנסטראקשאן לאאנס

## קיינע באנוסעס — קיינע רעד טעיפ

# The Merchants Investment Co.

**204 Hodges Bldg**

דער וועג
THE DETROIT JEWISH DAILY
Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY. INC.
347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715.
J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.
B. I. GOLDSTEIN, Editor
(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)
Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.

# וועגען דעם דעטראיט'ער אוקראי־נעם פאראיין

עס איז פאראן א קורצער, אבער זעהר אמת'דיגער מאמר ביי אונזערע חכמים: תפסת מרובה מאום לא תפסת" (אויב האסט אנגעכאפט א סך, האסטו גארנישט געכאפט). דער אמת פון דעם האט שוין א סך מאל דעמאנסטרירט. און דאך זיגען ביי היינט די מענשען און איב גרהויפט יענע, וואס שטעלען זיך אוועק אלס פיהרער ביי די מענשען, גענייגט נאר צו דעם מרובה; עס ווילט זיך זיי אויפטאן רק גרויסע, קאלאסאלע, אוניווערסאלע זאכען; זיי ווילען זיך נישט באגנוגען מיט געוועהנליכע ארבייטען, מיט קלענערע ציעלען און מיט דערגרייכבארע מעשים. און זיי וויסען גארנישט אט דיעזע פיהרער, אדער זיי מאכען זיך נישט וויסענדיג פון דעם פאקט, דאס צו גרויסע אוניווערסאלע אונטערנעהמונגען דארף מען האבען גע־ניאלע אונטערנעהמער; געוועהנליכע שטערבליכע זיינען צו אזעלכע ריעזיגע אונטער־נעהמונגען נישט מסתל.

דאס ביז איצט געזאגטע זאל אונז דיענען, אנשטאט א הקדמה צו דעם, וואס מיר האבען בדעה דא ווייטער צו שרייבען: —

ביים לעצטען מיטינג פון דעם אוקראינער פארבאנד אין דעטראיט האט א מיטגליעד אויפגעפאדערט, אז מען זאל זיך ווענדען צו דער אידישער פרעסע זי זאל עפענטליך אנפיהרען א דיסקוסיע וועגען אן ענג לאקאלען ענין און פראגע, וועלכע איז נוגע מעהר דעם היגען לאקאל.

אז דער מיטגליעד זאל האבען געמיינט די ניו־יארק'ער צייטונגען, לאזט זיך נישט גלויבען, ווארים זיי איז ווייניג אינטערעסאנט אויב דער אוקראינער פאר־באנד פון ניו־יארק האט יא אדער האט נישט קיין אפטיילונג ערגיץ אין דער, אדער אין יענער שטאדט, און צו דיעזע אפטיילונג וועט אנפיהרען איהר טעטיגקייט אויף יא אדער אנדער אופן. צו וואס נארען זיך? לאמיר דא זאגען קלאהר און שארף אז די פרעסע וועט זיך מיט אזעלכע זאכען, ובפרט ווען זיי ריהרען נישט אן כלל ישראל, נישט רעכנען.

האבען מיר דאך א סימן ווי אזוי מען האט זיך אין ניו־יארק גופא גערעכנט מיט דעם דארטיגען אוקראינער פארבאנד. ווער פון די לעזער פון די ניו־יארק'ער צייטונגען ווייס וואס עס קומט פאר אין דעם פארבאנד?

האט מען אין קאנאדא, מיט לערך א יאהר צוריק געוואלט וויסען וואס עס טוט זיך אינ'ם ניו־יארק'ער אוקראינער פארבאנד, האט מען אהין געשיקט ספעציעל א מענשען; דאס זעלבע האט מען אויך געמוזט טאן דא, אין דעטראיט.

די פרעסע האט אפנים היינט צו טאן וויכטיגע ענינים.

די פראווינץ וואלט אפשר באדארפט קליגער זיין און פארשטעהן אז ווייל דער פארבאנד ווערט איגנארירט, מסתמא האט ער בעסערס נישט פארדיענט; און ווען אין איינינע צייטונגען איז בען אפען פיינדליך, מסתמא איז דא א גוטע סיבה דערפאר.

אמת, טאקע נישט אלע מאל קען מען אזוי לערנען דעם פשט. אפטמאל זיינען די מאטיווען נישט אזעלבע זויבערע. עס געבען אויך אומרייגע מאטיוון פאר א פיינדליכער שטעלונג צו א געוויסער אינסטיטוציע.

אזוי צו אנדערש — פון דער פרעסע קען מען נישט דערגעהן וואס עס טוט זיך אין דעם. אזוי צו זאגען צענטראלען קאמיטעט פון די אוקראינער פאראיינען. קען עס דאך נישט זיין, אז דער מיטגליעד פון היגען פאראיין זאל זיין אזוי נאאיוו צו גלויבען אז די פרעסע זאל זיך אפגעבען מיט א פראגע, אדער פראגען, וואס זיינען נוגע א פאראיין פון אוקראינער אידען אין דער פראווינץ.

אונז אבער איז די זאך נוגע.

נוגע דערפאר, ווייל מיר האבען א גרויסען חלק אין דער גרינדונג און עקזיסטענץ פון דעם היגען פאראיין.

איז נישט קוקענדיג דערויף וואס מיר האבען לכתחילה קיין חשק געהאט, וועלען מיר פונדעסטוועגען פארט אפגעבען פלאץ ארויסצוזאגען אונזער מיינונג פון אנדערע בנוגע די אינטערעסען פון דעם היגען פאראיין.

אלזא —

דער באריכט וואס איז געקומען פון ניו־יארק איז נישט קיין ערמוטיגענדער. דער היגער פאראיין איז ענטשלאסען צו פאלגען די עצה פון דעם ה' מאיר גראסמאן און דעם ה' יעקב גרינפעלד און א פאר עהנליכע מיטגליעדער פונ'ם ניו־יארק'ער פארבאנד, וועלכע האבען געראטען די היגע אידען צו ארבייטען לטובת זייערע פאר־אומגליקטע אין אוקראינע סעפאראט און זיך שטעלען אין פארבינדונג מיט קאפענ־האגען און מיט דעם „סקאנדינאוויש אידישען צענטראל הילפס קאמיטעט".

וועגען דעם דאזיגען קאמיטעט און וועגען דעם קאפענהאגענער „אינטער־נאציאנאלען הילפס קאמיטעט" וועלען מיר באזונדער שרייבען. דערווייל איז וויכטיג אט וואס: —

אזוי ניך ווי דער באשלוס אפצעטיילען זיך פון דעם ניו־יארק'ער פאר־באנד איז אנגענומען געווארען, האט זיך אויפגעהויבען א פראגע: צו דארף גאר דער דעטראיט'ער פאראיין עקזיסטירען?

וואלט אימיצער געשוואוירען אז דעטראיט'ער אידען זיינען מחויב צו טאן עפעס לטובת, אוקראינע דערפאר וואס אויך ניו־יארק, אדער פעטערסאו טוט, אדער איז א מענש מחויב צו רעטען זיין קינד, צו זיין מוטער פון א שרפה, ווייל אזוי האט גע'פסק'ענט א ניו־יארק'ער כלל טוער.

איינער פון די טעטיגסטע און, אגב, אויפריכטיגסטע מיטגליעדער האט זיך אויסגעדריקט, אז ער האט ערווארטעט דאס דער ניו־יארק'ער פארבאנד וועט טאן גרויסע ארבייטען, ווי בויען שפיטאלען, בתי יתומים, משוגעים הייזער וכדומה ריעזיגע אינסטיטוציעס פאר די אוקראינער אידען. אזא'ן ארבייט איז ווערט גע־ווען צו שטיצען. קליינע אונטערנעהמונגען, אבער, איז איהם נישט צום הארצען.

אט צוליעב דעם האבען מיר די הקדמה געשריבען.

און מיר ווערערהאלען דא, אז ווען די דעטראיט'ער אידען זאל זיך איינ־געבען נאך א חדשים לאנגער ארבייט צו ראטעווען פון אונטער דער פאגראמען האק איין אידישע משפחה, איהר הערט: בלויז איין איינציגע אידישע משפחה! וואלטען מיר געזאגט, אז די ארבייט איז נישט געווען קיין אומזיסטע.

ווען אפילו דער ניו־יארק'ער פארבאנד זאל געווען זיין אן ערפאלג אין פולען זינען, האבען מיר אויך נישט געלעגט אויף איהם אזעלכע גרויסע האפנונגען, און ערווארטען אז ער וועט בויען שפיטאלען און בתי יתומים. האבען מיר דאך געזעהן די גרויסע שטיצע וואס ער האט געקראגען, און זעהן מיר דאך ווי מען רופט זיך איצט אפ אויף די נסיסה געשרייען פון די אוקראינער אידען.

גיין, נישט קיין ריעזיגע אונטערנעמונגען, נישט העלפען א גאנצער וועלט. נישט ראטעווען די מענשהייט. לא עליך לגמור. נישט אויף אונז איינעם, אדער איינינע איז מוטל אז מיר מוזען העלפען א ל ע מ ע ן. ראטעוועט כאטש איינציגוויי. ראטעוועט איין פאמיליע!

עס איז דערום אונזער מיינונג, אז דאס אידישע דעטראיט, און בפרט די אוקראינער אידען אין דעטראיט טארען נישט זאגען, אז באם נישט ראטעווען אלעמען, טא דארף מען קיין איינעם אויך נישט ראטעווען, נאר אנשטרענגען דארף מען זיך איצט מעהר נאך ווי פריהער. ווארים איצט איז דאך שוין באקאנט די סיטואציע און מען ווייס שוין, אז מען קען זיך מיט גרויסעס אויף קיינעם נישט פארלאזען.

און וואס עס דארף געטאן ווערען — וועגען דעם אן אנדערש מאל.

# וואו זיינען די גרעניצען פון ארץ ישראל

(אן אויספיהרליכע ערקלערונג וועגען דיעזע וויכטיגע פראגע, ארויסגענומען פון דעם בוך „ארץ ישראל". ארויסגעגעבען פון פועלי ציון פאלעסטינא קאמיטעט.)

ארץ ישראל געפינט זיך צווישען דריי וועלט־טיילען — אייראפא, אזיע, און אפ־ריקא, זי גיסט אבער ניט פאלשטענדיג צוזאמען מיט די ארומיגע לענדער, נאר פארקעהרט, זי טיילט זיך אויס דורך ים, מדבר און בערג וואס רינגלען זי ארום און באקומט א קלאהר־דייטליכע געאגראפישע אינדיווידואליטעט און אייגענארטיגע פי־זיאנאמיע וואס טרעפט זיך זעלטען אין אנדערע לענדער. אין מערב — דער ים־התיכון (מיטעלענדישער מעער), אין צפון — די בערג פון לבנון, אין מזרח — די סירישע סטעפע. אין דרום — מדבר סיני. דאס זיינען די גרעניצען וואס די נאטור זעלבסט האט באשטימט פאר'ן לאנד. טראץ דעם אלעמען הערשט א גרויסע מיי־נונגס־פארשיעדענהייט אין דער פראגע וועגען די גרעניצען פון א"י און ס'איז ניט אזוי לייכט צו באשטימען גענוי וואס איז א"י און וואס — ניט.

אין דער תורה ווערען אנגעגעבען דריי פארשיעדענע גרעניצען פון לאנד.

לויט בראשית י' י"ט איז די גרעניץ פון כנען געווען פון צידון ביז עזה אין דער לענג, און פון ים התיכון ביז'ן ים המלח אין דער ברייט — דאס איז, בלויז דאס לאנד מערב זייט פון ירדן, אהן דעם עקסט־רעם זידליכען טייל וואס רופט זיך נגב.

לויט דער ערקלעהרונג פון במדבר (פרק ל"ד) — נעהמט ארץ ישראל אויך ארויין דעם נגב און א טייל פון עבר הירדן.

אין אנדערע שטעלען ווידער אין דער תורה (בראשית, ט"ו, 18, במדבר ל"ד) און אויך אינא ספר יהושע (א" 4) ווערען די גרעניצען אויסגעברייט אזש ביז דעם טייך פרת, און א"י שליסט איין ניט נור כנען, פלשת און אדום אין מערב און מואב, עמון און גלעד אין מזרח — נאר אויך גאנץ ארם (די היינטיגע סוריה) ביז ארם־נהרים (מעסאפאטאמיע) דאס זיינען די אידעאלע אדער, לויט דער טראדיציע, די פארשפראכענע גרעניצען פון לאנד. היסטאריש, אין תקופה פון דער אידישער ערעבערונג און זעלבסטשטענדיגקייט האבען זיך די גרעניצען פון ארץ ישראל נאך פיעל מעהר געביטען. יעדע עפאכע האט געהאט איהרע באזונדערע גרעניצען. איהר גרעסטען שטח האט ארץ ישראל דערגרייכט אין די צייטען פון דוד המלך. די אידען האבען דאן געהערשט איבער מואב, עמון, אדום, פלשת אין דרום, און ארם אין צפון. באלד נאך דוד'ס טויט האט זיך ארם באפרייט פון דער אידישער הער־שאפט, און אדום האט רעוואלטירט — די אידישע מלוכה איז פיעל פארשמעלערט געווארען.

אין די צייטען פון בית שני זיינען די גרעניצען פון ארץ ישראל געווען נאך שמעלער ווי ביים בית־ראשון. אין צפון האבען די אידען שוין ניט דערגרייכט ווי שטעלט זיך ביים טייך קאסימיע (ליטאני). פריהער די בערג פון לבנון, נאר אפגע־ אין מזרח, עבר הירדן, זיינען זיי שוין מעהר ניט צוגעקומען ביז'ן מדבר פון סוריה, און אפילו אין מערב זייט האבען ניט באהערשט דעם גאנצען ברעג ים, און איינינע האפען־שטעדט האבען זיך גע־פונען אויסער ארץ ישראל.

נאך דעם ווי די אידישע זעלבסטשטענ־דיגקייט איז פארניכטעט געווארען, האט ארץ ישראל אויפגעהערט צו עקזיסטירען אלס א באזונדער לאנד, די פריהערדיגע גרעניצען זיינען אין גאנצען אפגעווישט געווארען, און דאס לאנד איז אין פארשיע־דענע צייטען פארשיעדענארטיג צעטיילט געוואקסען — מיט באזונדערע נעמען פאר יעדען טייל.

אין דער צייט ווען ארץ ישראל איז געווען א טייל פון דער אטאמאנישער א י מ פ ע ר י ע, האט, מיט דער טערקישער אדמיניסטראציע א ר ץ י ש ר א ל אויפגעהערט צו עקזיסטירען אלס אבאזונדערעס גאנצעס. דאס לאנד איז פארטיילט צווישען עטליכע פראווינצען וואס הייסען זיך ווילאיעטען (גרעסערע פראווינצען) און סאנדזשאקען (קלענערע).

ווען מ'וויל אבער באשטימען די גרע־ניצען פון דער איצטיגער ארץ ישראל, באזונדערס ווען מ'דענקט וועגען ארץ־ישראל ניט בלויז אלס א לאנד פון דער אידישער פארגאנגענהייט נאר אלס א לאנד פון דער אידישער צוקונפט, אלס א לאנד פאר אידישער קאלאניזאציע און נאציאנאלער היים — קאן מען זיך ניט רעכנען אין גאנצען מיט די אידעאלע, טראדיציאנעל־פארשפראכענע גרעניצען, וואס זיינען ביי די געגענווארטיגע באדינ־גונגען צו ברייט, און אויך ניט האלטען זיך אויסשליסליך ביי די היסטארישע גרעניצען, וואס האבען זיך אזוי פיעל מאל געביטען און זיך געבילדעט צופעליג און זיינען מעהרסטענס צו ענג און שטימען ניט מיט דער נאטירליכער לאגע פון לאנד.

מואב, אדום און פלשת, די אמאליגע זעלבסטשטענדיגע מדינות, וואס האבען פארנומען די זידליכע טיילען פון לאנד, אין מזרח און מערב, עקזיסטירען מעהר ניט, און די ערטער וואו יענע פעלקער זיי־נען געזעסען, זיינען יעצט אן ארגאנישער טייל פון ארץ ישראל. דער טייך ארנון, וואס איז אמאל געווען דער דרום גרעניץ פון עבר הירדן, איז שוין מעהר ניט קיין גרעניץ־טייך, נאר א אינווייניגסטער טייך פון ארץ ישראל, און דאס לאנד וואס ליגט אויף זיינע צוויי ברעגעס, אין צפון און דרום, ביז מען און עקבה, איז סיי נא־טירליך, סיי אדמיניסטראטיוו א טייל פון דער אזוי גערופענער בעלקא אדער סאנדזשאק כרך (קעראק) — דאס הייסט פון דעם דרום טייל פון מזרח ארץ ישראל.

דאס זעלבע איז אויך מיט דעם נגב — ידליכער געביעט — פון מערב ארץ ישראל וואו ס'זיינען פארצייטענס געזעסען די אדומים און עמלקים. ניט באר־שבע איז יעצט דער עקסטרעמעסטער טייל פון ארץ ישראל אין דרום — נאר דער גאלף פון עקבה, אזוי ווי אין די צייטען פון שלמה דאס גאנצע לאנד דרום זייט פון באר־שבע און מסדה (אויפ'ן ברעג פון ים המלח) ביז דער מצרישער גרעניץ פון סיני אין אל־עריש איז. אדמיניסטראציע אזוי גוט ווי נאטירליך א טייל פון ירושלים'ער סאנדזשאק. ווען מיר באטראכטען אלזא די געאגראפיע ווי אויך די עטנאגראפי־שע, קולטורעל־עקאנאמישע און פאליטיש־אדמיניסטראטיווע באדינגונגען פון לאנד קומען מיר צו דעם באשלוס, אז אין דרום ענדיגט זיך ארץ ישראל, ניט ווי פריהער ביי די גרעניצען פון די פארשוואונדענע מואב און אדום, נאר ביי דעם גאלף פון עקבה.

נעהמענדיג אין אכט אט די פיזיש־נאטירליכע סימנים פון לאנד ווי אויך די קולטורעל עקאנאמישע און עטנאגראפישע באדינגונגען און אומשטענדען פון דער איצטיגער איינוואוינערשאפט, מוזען מיר באשטימען די גרעניצען פון ארץ ישראל, אהן די נאכבאר־לענדער, אויפ'ן פאלגענ־דען אופן:

אין מ ע ר ב — דער ים התיכון, פון רפח (ראפא) אין דרום, ביז דער טערקיש מצרישער גרעניץ, ביז דעם טייך קאסימיע אין צפון, ד. ה. צווישען 31.20 און 33.20 אין דער נארדליכער ברייט.

אין צ פ ו ן — דער טייך קאסימיע, צווישען צור און צדון און זיין נארדליכער אומוועגהונג ביז צו דער ליניע וואס ציהט זיך נאהענט צום 33.30 גראדוס פון דער נארדליכער ברייט, און טיילט פאנאנדער אין ערב הירדן די חורן'ער און דמשק'ער סאנדזשאקען, ביי דעם „נהר אלעוג", דער ביבלישער פרפר.

אין ד ר ו ם — די ליניע וואס ציהט זיך באצאהלען פון ראפא (31.20 נארדלי־כער ברייט) ביז דעם גאלף פון עקבה (29.30') און פון עקבה ביז מען, וואו עס טיילט זיך אפ דער סאנדזשאק קעראק פון קערושאן.

אין מ ז ר ח — די סירישע סטעפע.

די מזרח גרעניץ פון ארץ ישראל קאן נע־גוי ניט פעסטגעשטעלט ווערען, ווייל דער מדבר סוריה איז ניט קיין אבסאלוטע האפנונגסלאזע ווילדעניש. ווי למשל סא־חארא, נאר א מעהר־ווייניגער באוואוינטע סטעפע. וואס איז אין אמאליגע צייטען געווען הויך קולטיווירט און וואו יעצט וואנדערען ארום די גרויסע בעדואינישע שבטים.

וואס מעהר מ'וועט אפשוואכען דעם קולטור־פיינדליכען און צושטערענדען איינפלוס פון דער מדבר, אלץ מעהר קול־טור־פעהיג וועט די סטעפע ווערען, און במילא וועלען די מזרח גרעניצען פון לאנד אלץ מעהר אפרוקען ווייטער אין מזרח, און דער שטח פון ארץ ישראל וועט ווערען אלץ גרעסער. מ'קען אנגעהמען דעם. 37 מערידיאן (רעכענדיג פון גרינ־וויטש) אלס די מזרח גרעניץ פון חורן, און 36.20 אלס די גרעניץ פון בעלקא (דעם זידליכען טייל פון עבר הירדן).

אין די אנגעצייכענטע גרעניצען פון ארץ ישראל ווערען אלזא איינגעשלאסען:

א) אין מערב זייט פון ירדן דער ירושלים'ער, שכם'ער און עכו'ר סאנדזשא־קען (גובערניעס) און די צוויי נארדליכע באצירקען וואס באלאנגען צום בירות'ער סאנדזשאק: צור און מרג־עיון, ד. ה. דער גאנצער נגב, יהודה, שמרון און גליל.

ב) אין מזרח זייט פון ירדן די צוויי סאנדזשאקען חורן און קעראק (קיר־מואב) און א טייל פון דמשק'ער סאנדזשאק: די באצירקען קונייטרא, וואדי אל־אדזשאם און חצביה — ד. ה. אמאליגער בשן, גולן, גלעד, עמון און מואב.

צו ארץ ישראל דארף אויך צוגערע־כענט ווערען דער געביט פון אל־עריש הגם ער איז פאליטיש אפגעטיילט פון דער טערקישער פאלעסטינא און באלאנגט יעצט צו מצרים (ריכטיגער — צו ענג־לאנד). אל־עריש איז אבער פאקטיש, סיי פון היסטארישען, סיי פון פיזיש־געאגרא־פישען שטאנדפונקט, אן ארגאנישער טייל פון ארץ ישראל און די פאנאנדערטיילונג צווישען דער טערקישער פאלעסטינא און אל־עריש איז בלויז א קינסטליכע גרעניץ וואס די ענגליש־מצרישע רעגירונג האט דורכגעפיהרט פון ראפא ביז עקבה.

די אזוי־גערופענע אידעאלע גרעניץ, די ה. די גרעניץ פון לאנד ווי זי איז לויט דער טראדיציע פארשפראכען געווארען צום אידישען פאלק, איז אין צפון א סך גרעסער, ווי ס'איז שוין אויבען אין קור־צען באמערקט געווארען. פיעל מאל ווערט דערמאהנט, אז דאס פארשפראכענע לאנד 31, דברים א' 7, דברים י"א 24, יהושע דערגרייכט ביז „דעם גרויסען טייך, דער טייך פרת" (בראשית ט"ו 18, שמות כ"ג א' 4). א צווייטער פונקט וואס ווערט אפט דערמאנט אין פארבינדונג מיט דעם צפון גרעניץ איז „לבוא חמת" (די מרגלים האבען אויסגעקוקט דאס לאנד פון מדבר צין (דרום) ביז לבוא חמת (במדבר י"ג 21). צווישען די לענדער וואס יהושע האט איינגענומען און וואס זיינען „פארבליבען צו ערבען" ווערען אויסגערעכענט „דאס לאנד פון גבל און דער גאנצער לבנון, וואו די זון שיינט אויף, פון בעל גד אונטער דעם בארג חרמון ביז'ן אריינגאנג (לבוא) פון „חמת" (יהושע י"ג 5). דאס זעלבע ווערט אין קורצען איבערגע'חזר'ט אויף א צווייטען פלאץ (שופטים ג' 3). דוד'ס מלוכה האט זיך פארשפרייט כמעט אין דער פולער מאס פון די פארשפראכענע גרעניצען בשעת דוד איז געגאנגען צוריק־ברענגען דעם ארון פון קרית יערים האט ער פארזאמעלט די אידען „פון שיחור מצרים (אין דרום) ביז לבוא חמת" (דברי הימים א' י"ג 5).

אויך אין שלמה'ס צייטען איז „לבוא חמת" געווען די צפון גרעניץ פון ארץ ישראל אין דעם גרויסען יום־טוב פון חנוכת הבית. נאך דעם ווי דער בית המקדש איז פארטיג געווארען, האט זיך פארזאמעלט א גרויסער עולם פון „לבוא חמת ביז נחל מצרים" (מלכים א' ח' 65, דברי הימים ב' ז' 8). ירבעם בן יואש, דער מלך פון ישראל, האט אין זיין צייט צוריק ערא[ב]ערט דמשק און חמת, און האט איינגעשטעלט די אלטע גרעניץ פון דוד און שלמה ביז „לבוא חמת" (מלכים ב' י"ד 25, 28).

די שטאדט חמת, וואס באצייכענט אויף אזא אופן די נאך[?] גרעניץ פון ארץ ישראל איז לויט די תרגומים און איינינע מאדערנע געלעהרטע, די שטאדט אנטיוכא (אנטאקיא), אויף דער לינקער זייט פון טייך אראנטעס (אראביש: אל ס'י), ניט ווייט פון אלכסנדרעטער גאלף. הר ההר, וואס ווערט אנגעגעבען אלס איינע פון די פונקטען אויף דער נארדליכער גרעניץ (במדבר ל"ד), איז לויט דער מיי־נונג פון מאיר איש שלום, דער בארג אמאנוס: דאס הייסט, אלזא אז די נארד־ליכע גרעניץ האט דערגרייכט כמעט ביז קיליקיא.

א צווייטע מעהר באגרינדעטע מיינונג איז, אז די דערמאנטע חמת איז די איצ־טיגע חאמא (אמאליגע עפיפאניע), וואס ליעגט אויך אין דעם טאל פון אראנטעס, אבער מעהר צו דרום צו. ווען מ'זאל אפילו אנגעהמען די לעצטע אידענטיפיקאציע פון חמת, הייסט דאס אז די אידעאלע צפון־גרעניץ האט זיך געצויגען פון חאמא (35.8' נארד) ביז'ן טייך פרת, און דער גאנצער לבנון און אנטי־לבנון און א טייל פון נארדליכער סוריה, דערונטער אויך די אלטע שטאדט תדמור (פאלמירא וואס שלמה האט אויסגעבויט אין דער מדבר (מלכים א' ט' 18), ד. ה. די איצטיגע סאנדזשאקען בירות, לבנון דמשק און חומס, באלאנגען צו דעם „פארשפראכע־נעם לאנד".

די אידעאלע גרעניצען פון לאנד זיינען אלזא פון עציון־גבר אדער עקבה און נחל מצרים אדער ואדי אל עריש אין דרום — ביז חמת און טייך פרת אין צפון, און פון ים התיכון אין מערב ביז מדבר סוריה אין מזרח. אין דוד שלמה'ס צייטען זיינען דאס געווען די ווירקליכע גרעניצען פון דער מלוכה. דער אומפאנג פון דעם „אידע־אלען" ארץ ישראל איז כמעט צוויי מאל אזוי גרויס ווי דער שטח פון ארץ ישראל אין די מעהר ענגע „רעאלע" גרעניצען, ווי זיי זיינען פריהער פעסטגעשטעלט גע־ווארען.

# פאנאטישע פאנעטיקער

פון א. אלמי (עליאש)

מיט'ן גאנצען רעספעקט צום פאלק מוז דאך געזאגט ווערען דער אמת, אז נישט אין יעדער זאך איז דאס פאלק דער ריכטיגער בר־סמכא; נישט שטענ־דיג איז דאס פאלק גערעכט, נישט שטענ־דיג איז דאס פאלק קלוג און ווייניגער ווי אלץ קען מען זיך פארלאזען אויף דער אויטאריטעט פון פאלק, ווען עס קומט צו רייך וויסענשאפטליכע ענינים ווי פילאלאגיע, צום ביישפיעל.

די לייט, וואס שטעהען שטענדיג מיט'ן אויער צום פאלקס־מויל, זיך איינ־הערענדיג ווי עס רעדט, קוקען דערפאר אפט אויס היבשלעך נאריש. אבער אונ־זערע שפראך־רעפארמער האלטען עס פאר זייער פליכט אלעמאל צו מאכען נייע ענדערונגען אין דער אידישער אר־טאגראפיע; און אין זייער נערוועזער אנגעשטרענגקייט צו שרייבען אזוי ווי דאס פאלק רעדט, פאנעטיש הייסט עס, הערען זיי אפט נישט ריכטיג און שרייבען נאך ערגער...

טאג און נאכט שטעהט דער שפראך־רעפארמער מיט א בליישטיפט און פא־פיר אין האנט און מיט'ן אויער צו די ליפצען פון זייער פאלקס־מאסע און פארצייכענט יעדעס ווארט, יעדע זילבע, וואס קומט ארויס פון דעם היילינען, פאלקסטימליכען מויל. אט, דאכט זיך איהם, האט דאס פאלק געזאגט א „ק" אנשטאט א „ג" און ער מאכט באלד א באוועגונג, אז מ'זאל די פארפלוכטע „גימל" פארטיליגען און פארניכטען; נאר באלד ווייזט זיך איהם אויס, אז ס'איז שוין קיין „ק" אויך נישט — ס'פאלק רעדט שוין מיט א „לאנגער גון" און ער נעהמט אגיטירען פאר די לאנגע גונען... קומט איהם פאר, אז די ברייטע מאסע איגנארירט די „שטומע עין" און דער שפראך־רעפארמער ווערט א דם־שונא די שטומע עין'ס. אז ער דערזעהט ערגעץ א שטומע עין, ווערט ער אזש א פארציטערטער...

אייגענטליך, ווייס איך נישט פון וואס פאר א פאלק דער שפראך־רע־פארמער רעדט. אויב שרייבען ווי דאס פאלק רעדט, דארפען מיר האבען פאר־שיעדענע ארטאגראפיעס; רעדט דאך דער פוילישער איד אנדערש ווי דער ליטווישער, און דער רומענישער רעדט אויך אביסעל אנדערש, און פאראן נאך פארשיעדענע אידען אין פארשיעדענע לענדער, וואס רעדען אויך אביסעל אנ־דערש — איז בכן? זאלען מיר שרייבען ווי יעדער איד רעדט ארום די ווער־טער, און אין א צייט ארום וועלען מיר האבען עטליכע אידישע שפראכען אנ־שטאט איינער. איהר דארפט נישט פאר־געסען, אז עס זענען אויך פאראן אומ־גליקליכע זאאיקעס, וואס זאגען ע־ע־ע־פעס, נו, דארפען מיר דערפאר איינ־פיהרען, אז מ'זאל שרייבען „עפעס" מיט פיער עין'ס?

די שפראך רעפארמער זענען דאס די געשוואוירענע פריינד און ליעבהא־בער פון דער אידישער שפראך, אבער אפט, זעהענדיג זייער אויסלענונג — אין דעם „קינדער־זשורנאל", למשל — באלט מיר איין א מחשבה, אז זיי זע־נען פארשטעלטע שונאים. פון אונזער מאמע־לשון, ווייל אזוי פאר'מיאוס'ען אונזער שפראך, ווי זיי טוען דאס, קענען נאר שונאים פון אידיש. ס'איז טאקע א ווילדע מחשבה, אבער נאך ווילדער איז זייער פאנעטיזם, וועלכעס איז ניכער פאנאטיזם. סיידען, די מענשען האבען ניט דעם מינדעסטען חוש פאר דער עס־טעטיק פון א שפראך, חלילה אפילו זייער אויער זאל גערעכט זיין, מוז מען, אבער, אויך נישט פארגעסען דאס אויג.

אויב רעפארמירען שפראכען, נויטי־גען זיך ענגליש און פראנצויזיש אין דעם זיכער מעהר ווי אידיש, אבער מיט'ן אויסנאהם פון עטליכע קליינע ענ־דערונגען צאציקעט מען זיך מיט יראת־הכבוד צו די ביידע שפראכען און קיינער וועט זיך ערלויבען אזא הפקרות, ווי מ'ערלויבט זיך ביי אונז בנוגע צו אי־דיש. מעגליך, אז די ענגלענדער און פראנצויזען זענען צו קאנסערוואטיוו נאר גרעסערע רעפארמען און זאל זיין, אז דאס איז א חסרון; אבער אידיש איז געגאנג פאנעטיש און צופיעל „ראדי־קאליזם" אין דער ארטאגראפיע טוט מעהר שאדען ווי נוצען. נייז, ס'האט טאקע נאר קיין נוצען נישט.

מילא, האבענדיג אין זינען דאס פאלק, איז עס פשוט א זינד. דער עולם ווערט איינפאך צעמישט פון די פארשיעדענע ארטאגראפיעס און עס ווייס נישט אויף וועלכער וועלט עס איז. ביז איצט איז עס באטראכט גע־ווארען פאר עם־הארצות, ווען איינער האט נישט געוואוסט דעם אונטערשיעד צווישען „זייער" און „זעהר", נאר די שפראך רעפארמער האבען בכיון אפ־געשאפט דעם אונטערשיעד. די אומגע־בעטענע רעפארמערס האבען געשאפען א לאגע, ווען עס קען מעהר נישט זיין קיין נישט קענען אויסלענען, ווייל ווי שלעכט איינער זאל נישט שרייבען, מעג ער טענה'ן, אז דאס שאפט ער אזא נייע ארטאגראפיע; און איהר קענט מעהר נישט האבען קיין טענות צום קא־רעקטאר פאר זיינע גרייזען: וואס מיר גרייזען? ווער מיר גרייזען? — ס'איז אזא ארטאגראפיע! ער האט אליין גע־הערט ווי עפעס א פאלק האט אזוי גע־רעדט אין העסטער פארק...

דאס איז גערעדט פון דערוואקסענע! אויף דעם קליינווארג. מוז דאס האבען אן אמת. דעמאראליזירענדע ווירקונג בנוגע אונזער שפראך. שטעלט זיך פאר: אין די אידישע שולען לערנט דער לעה־רער זיי שרייבען „זעהן" „פרעהליכקייט" „זיצענדיג" „הערענדיג"; זאל דאס קינד שרייבען „זען" אנשטאט „זעהן" אדער „זיצנדיק" אנשטאט „זיצענדיג", וועט ער דעם קינד שטעלען א שלעכטען ציי־כען. דערנאך נעהמט דאסזעלבע קינד דעם זשורנאל, וואס איז ספעציעל בא־שטימט פאר די קינדער פון די שולען, און דארט שרייבט מען: „זען", „זיצנדיק" „פרייליכקייט" א. ד. גל. וואס טראכט דערביי דאס קינד: אז אדער דער לעה־רער קען נישט שרייבען, אדער די און שרייבערס קענען נישט שרייבען...

ב'שטומעס שוין נישט דערפון, וואס אזא מין אויסלענונג איז לחלוטין פאלש. אז אין „זעהן", צום ביישפיעל, פיהלט זיך בפירוש א „ה" און אז זעהר ווייני־אידען זאגען „פרייליך" און ס'איז גאנץ נישט ריכטיג — יעדענפאלס נישט ...

(שלוס אויף זייט 6)

# Der Weg

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג איז מישיגאן סטייט
ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער
וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד
אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715.


## שטענדיגע יוגענד אדער א מיטעל צו אריכת ימים

פון ב. י. ג—ן

אז די לעזער וועלען זיך ערינערען, איז לעצטער צוריק געווען אין די צייטונ-גען א מעלדונג, אז א דאקטאר האט ענטדעקט א מיטעל געגען אלטקייט: מען שניידט — זאגט ער — אויס א דריזע ביים מענשען און מען שטעלט אהין אריין א דריזע פון א מאלפע און וויפיעל די מאלפע איז אלט, אזוי פיהלט דער מענש. ד. ה. אז אויב די מאלפע איז אלט, לאמיר זאגען, 20 יאהר, וועט א פופציג יעהריגער מאן זיך פיהלען אזוי יונג ווי א 20 יעהרי-גער בחור.

אז די מעדעצין איז פעהיג צו באַ-ווייזען וואונדער, ווייס מען. מען ווייס אויך און מען ערווארטעט פון איהר אין דער צוקונפט נאך גרויסע מעשים. עס קען דארום זיין, אז טאקע זאל זיך איינ-געבען דער מעדעצין אויף דיזען גע-ביעט אויפצוטאן חידושים.

אבער אפילו אהן חידושים און אהן וואונדער וואלט דער מענש געקענט ניט נאר ניט פארעלטערט ווערען, נאר אויך לעבען לענגער.

דאס מענשליכע לעבען — זאגט פרא-פעסאר מעטשניקאוו — איז א סך קירצער און דער ווירקליכקייט, ווי עס וואלט בדארפט זיין לויט אלע פאר-שער און געלעהרטע.

דער פראפעסאר מעטשניקאוו געבראכט ציטאטען פון פארשיעדענע אויטארי-
אין זיין בוך „אפטימישע עטיודען“ האט
טעטען. אזוי למשל ציטירט ער האלער'ן, דער בארימטער פיזיאלאג פון שווייצאריע פון 18טען יאהר-הונדערט, וועל-כער באווייזט, אז מענשען קענען לע-בען ביז דריי הונדערט יאהר; ביופאן זאגט, אז אויב א מענש שטארבט נאר ניט פון א צופעליגע חולאת, קען ער אפלעבען הונדערט יאהר; פלוראנס האט אזא מין טעאריע: א מענש וואקסט אין פארלויף פון צוואנציג יאהר און ער דארף לעבען, פיער מאל אזוי פיעל, וויפיעל ער וואקסט. דאס מיינט, אז א מענש דארף לעבען הונדערט יאהר.

זעהר זעלטען פאסירט אבער אז דער מענש זאל דערלעבען צו אזא עלטער.

א גרויסע צאהל שטארבענדע זיינען נאר קינדער.

א פיערט-חלק פון די ניי געבוירענע שטארבען אויס אין דער פריהער קינד-הייט.

פון דעם ערשטען יאהר אן ווערט די שטערבליכקייט פארקלענערט ביז דער מענש דערגרייכט געשלעכטליכע רייפ-קייט. פון דאנען אן הויבט אן דאס שטערבליכקייט צוריק ארויפצושטייגען און איהר העכסטער גראד איז אין די יאהרען פון זיבעציג און פינף און זי-בעציג.

פאראן געלעהרטע, צווישען זיי דער איטאליענער באריא, וואס זאגען אז די שטערבליכקייט איז אזוי גרויס צווישען קינדער נאר דערפאר, אום די וועלט זאל ניט איבערפילט ווערען מיט מענ-שען.

וואלט דאס געווען אפהענגיג פון דער נאטור וואלט מען דאן די גאנצע מעדעצין און היגיענע ניט בדארפט. מיר זעהען אויך אז וואס מעהר סאני-טאריש א געגענד און א שטאדט איז אלץ וועניגער שטארבען דארטען די קינ-דער. לויט די גרויסע מעדיקער איז נאר שולדיג די אומוויסענהייט אין דעם.

און פאקט אזוי איז ניט אמת אז אין עלטער פון 70 און 75 יאהר ענ-דיגט זיך דעם מענשענ'ס לעבען.

שוין דער פאקט אליין וואס זעהר פיעלע 70 און 75 יעהריגע מענשען גע-פינען זיך אין א גוטען פיזישען און גייסטיגען צושטאנד איז מבטל אזא השערה.

עס איז גענוג אנצואווייזען אויף דעם פילאזאף פלאטא, אויף דיכטער ווי געטהע, הוגא א. א. וו., אויף מאהלער ווי מיקעל אנדזשעלא, פראנץ האלס א. א. וו., וועלכע האבען זייערע בעסטע ווערק געשאפען אין טיפער עלטער און דאס זאל איבערציינגען אז זיי זיי-נען ניט געשטאנען צו 70 יאהר אויף דער שוועל פון נאטירליכען טויט.

עס איז באוויזען געווארען פון גרוי-סע מעדיקער, אז פון טויזענד 70 און 75 יעהריגע וועלכע זיינען געשטארבען אין יאהר 1902, זענען בלויז 85 גע-שטארבען פון עלטער. די איבריגע 915 זענען געשטארבען ווער פון עס, אדער אנדער צופעליגען חולאת (לונגען ענט-צינדונג, שווינדזוכט, אפאפלעקסיע, הארץ-שלאג א. ד. גל.)

חוץ דעם זענען דאך פאראן א סך זקנים פון הונדערט און פון איבער הונדערט יאהר אלט. — א סימן אז ביי 70 יאהר ענדיגט זיך ניט דאס לעבען ווייל די נאטור וויל אזוי.

אין די אוראלטע צייטען האבען מענ-שען געלעבט עטליכע הונדערט יאהר. משותלח האט געלעבט קארגע טויזענד אלף (969 יאהר); דער גריכישער דיכ-טער האמער דערצעהלט וועגען אייניגע וואס האבען געלעבט א האלב און מעהר ווי האלב פון משותלח'ן.

קענטירען, דער גרינדער פון דער אב-אטסטווא אין גלאזגוי, האט געלעבט 185 יאהר. איינער פיאטר זארמיי (אונגארישער לאנד באזיצער) האט אויך געלעבט אזוי פיעל יאהרען. ער איז גע-בוירען געווארען אין 1539 און גע-שטארבען אין 1724.

בראקענבערג פון נארוועגען האט גע-לעבט 146 יאהר (געבוירען אין 1626 און געשטארבען 1772). ער האט 91 יאהר כסדר געארבייט אלס מאטראז.

פאר די לעצטע 200 יאהר הערט מען ניט פון אזא עלטער. אין אנהויב פון 19טען יאהר הונדערט האבען בלויז צוויי זקנים דערלעבט צו אן עלטער פון 150 יאהר (איינער 142 — דער אנדערער 155), העכסטענס הערען מיר היינט פון 100 און אמאל אויך פון 120 יעהריגע זקנים.

מיינט עס, בכן, אז דאס פריהע שטערבליכקייט איז ווייט ניט קיין ווי-לען פון דער נאטור. אפילו 70 יעה-ריגע זקנים שטארבען מעהר דורך צו-פעליגע חולאת'ן.

צי וועט די מעדעצין ענטדעקען איי-ביגע יוגענד איז א פראגע צו וועלכער מען דארף זיך פארזיכטיג באציהען; עס לענט זיך אבער אויפ'ן שכל, אז מען זאל אויסגעפינען מיטעל געגען די צופעליגע חולאת'ן און דאס אליין וועט ברענגען אריכת ימים.

## פאנאטישע פאנעטיקער

(שלוס פון זייט 4)

אבער — אז מיר זאגען פארענדיגען מיט א „סוף“. זאל, אבער, זיין, אז די רע-פארמער זענען יא גערעכט, ווי האבען די בעסטע הערצער און זיי הערען זאכען וואס נישט יעדער בשר-ודם קען הערען — בארעכטיגט זיי דאס נאך אלץ ניט אריינצוברענגען א תוהו-ובוהו אין דער אידישער שפראך, וועלכע האט אזוי אויך גענוג שונאים.

דאס מיינט נישט, אז שפראך רע-פארמען בכלל זענען אן איבעריגע זאך. אבער אין אן ענין פון שפראך רעפאר-מאציע מעגען מיר זיין אביסעל מעסי-גער. ווי ראדיקאל מיר זאלען נישט זיין אין פאליטישע און סאציאלע פראגען, קודם וואלט נויטיג געווען זיך אנצו-שטרענגען, אז אין די צייטונגען, אין וועלכע מ'שרייבט נאך מיט טויזענט אי-בעריגע אלף'ן (וויא, דיא, זיא) און מיט א מיליאן סימך'ן (רוססלאנד א. ד. ג) זאל מען אביסעל יוינגער פארטעגרען דאס מאמע-לשון און די אויגען פון די „ברייטע מאסען“. אויך וואלטען די שפראך רעפארמער געדארפט זיך מעהר אפגעבען מיט'ן אפרייניגען די שפראך פון די „ווילדע“ געוויקסען, די טייטשמע ווערטער און אנגליציזמען. זאל מען בעסער זעהן מיט א „ה“ און ליעבען מיט אן „עין“ — אבי מ'זאל זיך איינמאל פאר אלעמאל באפרייען פון די „טעאטערע“, „כאראקטערע“, רעדאקטערע“, „צייגען“, „שטאטספינדען“ (טעאטערן, כאראקטערן, רעדאקטערן, צייגען, פארקומען) און זאל מען פריהער פטור ווערען פון „קי-טשענס“ „ווינדאוס“ „טריינמען“ און אנדערע אנגליציזמען; און זאל מען פריה-ער אביסעל מעהר וויסען דעם אונטער-שיעד פון „ארונטער“ און „אראפ“ פון „הינטער“ און אונטער“ און נאך אזעלכע ווערטער פון פארשידענער באדייטונג, וואס ווערען אזוי אפט צוזאמענגע-מישט.

עס וואלט אויך נישט געשאדט, אז אונזערע שפראך רעפארמער זאלען אין זינען האבען, אז נישט שטענדיג דארף מען שרייבען ווי מ'רעדט. מ'דארף א-מאל רעדען ווי מ'שרייבט. עס מוז גע-שאפען ווערען אן איינהייטליכע אידישע ארטאגראפיע פאר אלע אידיש רעדענ-דיגע אידען, ווי עס איז פאראן אן איינ-הייטליכע פראנצויזישע ארטאגראפיע פאר אלע פראנצויזען פון די פארשיע-דענסטע דיאלעקטען און אן איינהייט-ליכע דייטשישע ארטאגראפיע פאר אלע דייטשען. מעגען זיי רעדען ווי פארשיע-דען איינע פון די אנדערע; און דער עיקר — אביסעל מעהר אויסגעהאל-טענקייט, מעסיגקייט און גערולד. דאס וועט שאפען רעספעקט צו אונזער שפראך צווישען פרעמדע און [illegible]

# אוים ליעבע צו דער קונסט

(עסקיז) פון מרים קארפילאוו

מאהלער לעווים איז ביי זיך אין סטודיא געגען פארענדיגטען בילד פון א וועלטען שעהנער מיידעל געשטאנען און די אויגען פון דעם ניט געקענט אוועק-נעהמען. ווי א גרויסער זיגער האט ער אויסגעקוקט וועלכער האט נאך א שטארקער אנשטרענגונג א שווערען קאמף געוואונען..

דאס בילד האט זיך אין וועג אריין צו א גרויסע בילדער אויסשטעלונג גע-קליבען. און ער האט געפיהלט אז ניט דאס בילד נאר א שטיק פון זיין נשמה וועט דארט פאר אלעמעס אויגען אויף יעדער וואנט הענגען און אלע וועלען זי זעהן, באוואונדערן, קריטיק אפשעצען.

א שטארקער קלאפ אין טיר האט זיינע געדאנקען איבערגעריסען. ער האט די טיר געעפענט. איינער פון זיינע קאלעגען וועלכען ער האט וועניגער זו-וועמען ניט איז אנדערש ביי זיך צו זעהען ערווארטעט, איז מיט אימפעט אריינגעקומען, איהם כמעט ווי ניט באַ-גריסט. מיט א נערוועזער-האנד די צע-ווארפענע האר אין א קינסטלערישען אונארדנונג פארשארט, און אין א פאר-צווייפעלטער פאזע זיך אויף א נידערי-גען שטול אראפגעלאזען.

מאהלער לעווים האט איהם פראגענד אנגעקוקט:

— וואס איז געשעהן?

מיט אן אפגעבראכענער שטימע האט דער פארצווייפעלטער דערצעהלט אז דאס בילד וואס ער האט צו דער אויס-שטעלונג געוואלט שיקען קען ניט גע-ענדיגט ווערען. זיין האנד וויל איהם מעהר ניט דיענען. און ער האט עס אויף דעם בילד אזוי פיעל האפנונגען גע-לעגט! אזוי פיעל צייט און ארבייט אריינגעגעבען! ער האט זיך עפעס ווי די גאנצע אידעע פון'ם בילד פון זיך אליין פארלארען...

אום צו לאזען א בעסערען באגריף וועגען דאס בילד האבען, האט ער לע-ווים'ען צו זיך געבעטען אריבערקומען דאס בילד בעסער אנצוקוקען. און לע-ווים איז צו איהם געגאנגען.

א היבשע צייט איז דער מאהלער לעווים ביים פריינד'ס ניט פארענדיג-טען בילד אהן ווערטער געשטאנען און מיט פארשעהנערע בליקען אויף דער ריי-צענד-שעהנע פרוי געקוקט. דאס בילד האט מיט זיך רוהע געוואלט פאר-שטעלען און אויסגעזעהן האט עס ווי אומרוה. ווילד האט זי געקוקט, אויס-געקרימט און ניט אויסגעהאלטען. זי האט איהם שטום פון לייוונט אראפ דעם סוד פון דער ניט דורכגעפיהרטער אידעע דערצעהלט...

לאנגזאם האט לעווים זיינע בליקען פון'ם בילד אויפ'ן מאהלער אריבער-געטראגען, יענער איז מיט צוזאמענגע-פרעסטע ליפען ווי א פאראורטיילטער פאר איהם געשטאנען, און זיך צוגעהערט צו זיינע ווערטער וואס זענען מיט פעס-טע איבערצייגונג געווען ארויסגעזאגט:

— זיי זיך מודה, דו האסט זי, די מארעל, פאר דיין געליעבטע געמאכט.

ער האט זיך מודה געווען.

— און דאס איז וואס ס'שטערט דיר די פארגעבענע אידעע דורכצופיהרען. ליעבע צו דער קונסט און ליעבע צו דער ליעבע — זענען צוויי נאר באַ-זונדערע זאכען און מען דארף זיין זעהר פארזיכטיג זיי ביידע אין איינעם ניט צונויפמישען.

— מיין אייגענע ערפאהרונג — האט לעווים געזאגט — האט מיך געלערענט אז מ'קען צו די צוויי געטער אויף איין מאל ניט דיענען. און ווייל מען איינע זאל טריאומפירען, מוז מען די צווייטע אויפגעבען. ווי שטארק האב איך מיט זיך געדארפט קעמפפען אז דאס זעלטען שעהנע בילד וואס איך רוף „אונשולד“ פונקט אזוי ווי איך האב זי צום ערשטען מאל דערזעהן איבערצוגעבען! זי, די נאאיווע, מיט'ן אונשולדיגען קינדערי-שען אויסדרוק אין איהרע בלויע אויגען האט ניט איין מאל מיט איהרע בלויע אויגען האט נישט איין מאל מיט איהר גארנישט מיינענדע שטיפריזען מיין גאנצע אידעע שיער צעשלאגען. זי האט אין מיר ערוועקט א פארלאנג אין מיי-נע הענט זי צו נעהמען, זי ליעבען, ליע-בען... אבער איך האב דעם פארלאנג פון זיך געטריעבען. ווי געגען א ביטע-רען שונא האב איך מיר געגען איהר גע-שטעלט, די ליעבע צו דער קונסט האט מיר אין דעם געהאלפען און איך בין איצט געבליעבען דערמיט, איך קוק אויף דאס בילד און בין שטאלץ אויף זיך וואס איך האב מיר יענעם צייט ווילינגען געפיהל ניט אונטערגעגעבען און דורך דעם אזא שעהנע זאך אויפ'ן לייוונט פאראייביגט. דער באוואוסט זיין אז איך האב די אידעע פון „אונ-שולד“ פון אנהויב ביז'ן סוף עהרליך דורכגעפיהרט איז איצט דער בעסטער פרייז פאר מיר!

— עס איז שווער צו זיין אזוי אוים ליעבע צו דער קונסט — —

— געוואהנהייט, אויסגעהאלטענ-קייט און פעסטע איבערצייגונג אז צו-זאמענמישען די צוויי ליעבעס, קען צו קיין גוטע רעזולטאטען ניט ברענגען. דעם בילד מוז מען אין גאנצען אראפ-שאבען, אפווישען און א נייעם בילד, פון אן אנדער מארעל — אויף דעם ארט מאכען. דער מארעל מוז בלויז ווי מאטעריאל פאר דער אידעע אויסגע-נוצט ווערען. ניט מעהר. און זאגענדיג זיך איינמאל פאר אלע מאל אז די ליע-בע צו דער קונסט מוז שטעהן העכער פון אלעם וואס קען איהר שטערען, דארף מען, מוז מען זיך פון די אנדערע אפזאגען. צוויי געטער אויף איין מאל קען מען ניט דיענען.

## א באריכט פון היברו האספי-טאל אסס'ן

א רעגעלער מיטינג איז אפגעהאל-טען געווארען דינסטאג אבענד, דעם 15טען דישון, אין עטינגערס האל, אונ-טערן פארזיץ פון מר. קאטצין. דעם פרא-טאקאל פארגעלעזען און גוט געהייסען.

די „מעמבערשיפ קאמיטע“ באריכ-טעט פאלגענדעס:

דאס מר. ש. זאמדוויים, דער אנגע-שטעלטער קאלעקטאר פאר'ן היברו האס-פיטאל אסס'ן האט פאר די לעצטע 4 וואכען אריינגעבראכט 575 נייע מעמ-בערס. וכו ירבו. דער באריכט האט ארויס גערופען גרויס ענטוזיאזם ביי אלע אנ-וועזענדע.

א באריכט איז אפגעגעבען געווארען ביי די „ארכיטעקטאר קאמיטע“ וועלכע לויטעט:

דאס דער פלאן פאר א אידישען האספיטאל בילדונג, מיט אלע מאדערנע איינריכטונגען וואס זענען נויטיג אין א האספיטאל, איז שוין פארטיג. און דער פלען איז איבערגעגעבען געווארען צו די „מעדיקאל סאסייעטי“ און צו עקספער-טען אין דעם פאך. דאס איבערצייגונג, און געבען זייער בעשטעטיגונג, און אזוי שנעל ווי דער פלען וועט גוט געהייסען ווערען, וועט דאס אנאנסירט ווערען דורך דער פרעסע און יעדערער וועט האבען די געלעגענהייט צו זעהן דעם פלען פון דעם האספיטאל בילדונג.

עס ווערט געמאכט גרויסע פארבע-רייטונגען אנצופאנגען בויען דעם אידי-שען האספיטאל אין אייניגע מאנאטען ארום, דיעזען זומער, און דאס צו פאר-ווירקליכען איז נויטיג צו שאפען א גרויסען פאנד. און עס ווערט שוין אראנזשמענטס פאר א „דרייוו“ צו דער-גרייכען די גאנצע אידישע באפעלקע-רונג, און לויט נאך די גרויסע צאהל מעמבערס וועלכע קומען אריין יעדע וואך, און נאך די גרויסע באגייסטערונג וואס הערשט איבעראל פאר דעם האס-פיטאל באוועגונג, איז צו ערווארטען אז אונזערע אידען וועלען ניט בלייבען גלייכגילטיג און העלפען אין דער גרוי-סער אונטערנעהמונג.

עס איז דער פליכט פון יעדען אידען פון דעטראיט צו ווערען א מעמבער פון דעם היברו האספיטאל אסס'ן. זייט פון די ערשטע צו שטעלען דעם פונדאמענט. קויפט א ציעגעל פאר דעם אידישען האספיטאל.

אלע זענען געבעטען צו קומען צו אונ-זערע רעגעלע מיטינגען יעדען דינסטאג אבענד אין עטינגערס האל — ענטווין און בענמאן סטריט. —

אלע ווילקאמען.

פאר'ן היברו האספיטאל אסס'ן
איזידאר ליפמאן, סעקרעטאר.

## בריעף פון קרובים וועלכע קומען אן דורכ'ן רויטען קרייץ

פאר די לעצטע עטליכע יאהר פון דער מלחמה, זינט דער אמעריקאנער רויטער קרייץ האט ענטוויקעלט א גרויסע טע-טיגקייט אין אייראפא, זענען אנגעקומען און עס קומען נאך אן אין אמעריקא טוי-זענדער בריעף פון קרובים וועלכע זענען פארווארפען געווארען אין פארשיידענע לענדער און זיי זוכען זייערע פריינד אין די פאראייניגטע שטאטען.

אזעלכע בריעף קומען אן סיי דורך דעם אויסלענדישען דעפארטמענט פון'ם אמעריקאנעם רויטען קרייץ, וועלכער ווערט אנגערופען מיט'ן אפיציעלען נא-מען „די פערצעהנטע אפטיילונג“, סיי דורך דער אמעריקאן רעליעף אדמיניס-טריישאן, פון וועלכער הערבערט הוווער איז פארזיצענדער און אויך דורך אנדע-רע אנשטאלטען, וועלכע פארנעהמען זיך מיט אינטערנאציאנאלער וואוילטעטיג-קייט.

די דערמאנטע ארגאניזאציעס פלעגען יעדע באזונדער ארויסשיקען די בריעף צו דער אידישער פרעסע או די געזוכ-טע קרובים דא אין לאנד פלעגען זיך אפרופען ווען זיי האבען באמערקט זיי-ער נאמען אין דער צייטונג.

כדי איינצופיהרען א סיסטעם אין דער ארבייט פון זוכען קרובים דורך בריעף וועלכע קומען אן צום רויטען קרייץ און דער אמעריקאנער רעליעף אד מיניסטריישאן, איז די גאנצע ארבייט, וואס עס איז שייך איד. קרובים איבער-געגעבען געווארען צו דער אידישער אפ-טיילונג פון'ם אמעריקאנעם רויטען קרייץ וועלכע געפינט זיך: 1107 בראדוויי, ניו יארק. פון דארטען וועלען ארויסגע-שיקט ווערען אלע נאטיצען וועגען בריעף און גרוסען פון אידישע קרובים וועלכע קומען אן אין די אויבענדערמאנ-טע ארגאניזאציעס.

## אויפרוף

### טייערע און גוטהערציגע, גלויבענס גענאסען!

א פינף און צוואנציג יעהריגער קרע-דיט פון אינטענסיווע טעטיגקייטען און דער בריליאנטענער רעזולטאט וואס איז דורך דער לאנגער צייט באהויפטעט גע-ווארען, גיט מיר מוטה אייך צו געבען דעם אויפרוף צו גינסטען פון דעם אנ-שטאלט „בית מחסה סחולי רוח וחשוכי מרפא“.

עס איז אונמעגליך צו באשרייבען אין איהרע פולע פארבען און איינצעלהיי-טען די פראקטישע ארבייט פון דעם אנשטאלט. דערצו א שרענקטער פלאץ אין אויפרוף איז נישט געאייגנעט פאר דעם צוועק. איך וועל זיך אלזא באגנוג-נען מיט'ן פאלגענדען איבערבליק וועל-כער וועט אייך איבערציינען דעם צוועק און די וויכטיגקייט פון אנשטאלט פאר וועלכען מיר פאדערען אייער באלדיגע מאטעריעלע שטיצע.

דער בית המחוה איז דער איינ-ציגער אנשטאלט פון זיין סארט אין ארץ ישראל, וואו גייסטיגע ווי אויך אונהיילבארע קראנקע פון אלע געמיינ-דעס, אהן אונטערשיד פון ראסע און גלויבען ווערען אויפגענומען און ברי-דערליך באהאנדעלט.

די באהויפטונג וועט באשטעטיגט פון אנשי השם, ווי אויך דורכ'ן פאקט, דאס די מיליטער פארוואלטונג ווענדעט זיך אימער צו אונזער אנשטאלט פאר די אינטערנירונג פון די סארטען קראנקע וועלכע פאלען צו לאסט אויפ'ן פולי-קום, אויסער דעם, די פאלגענדע ציפער-ען:

צאהל פון אינטערנירטע קראנקע פון גרינדונגס-טאג — 682, פון זיי זענען ארויס געהיילט 230. יעצט געפינען זיך נאך אין אנשטאלט 27 מענער און 23 פרויען, אונגליקליכע קראנקע, בעקרעפ-טיגען און איבערצייגען די גרויסע וויכ-טיגקייט פון אנשטאלט.

פאר'ן קריעגס-אויסברוך, אין יאהר 1914, האבען מיר קיינעם נישט באַ-לעסטיגט מיט אונזערע אויפרופען און האבען קיינמאהל אויסגעשטרעקט אונ-זערע הענד פאר הילפע. די פינאנצען פון דעם אנשטאלט זענען פאקט געווען פארזיכערט דורך נדבות פון פריינדע און פארעהרער אין אויסלאנד וועלכע האבען געהאט די געלעגענהייט פערזענליך און אויפ'ן ארט אפצושעצען די אויפטהו-אונגען פון דעם אנשטאלט אויפ'ן פעלד פון צדקה. די מנדבים פלעגען נישט באגרענעצען זייער גוטהערציגקייט צו פערזענליכע נדבות. ניין! זיי האבען זיך אימער משתדל געווען צווישען זיי-ערע פריינד און באקאנטע ספרעדן דאס אויך זיי זאלען זייער ביישפיעל פאלגען און צו דעם צוועק האבען זיי פארמירט קאמיטעטען, צוזאמענגעקליבען רעגעלמעסיגע חברים (ביישטייערונגען) פאר דעם אנשטאלט.

אבער, שוין זייט איבער פינף יאהר דאס די פליסיגע איינגאהמע קוואלען זענען אין גאנצען אויסגעטרוקענט גע-ווארען או פאלגליך איז די לאגע פון אנשטאלט זעהר קריטיש. איבערהויפט אונטער די געגענווארטיגע קריטישע עקאנאמישע צושטענדע ווען דער יקרות הערשט אהן א שום קאנטראל.

מיר בעטען אייך אלזא: פאלגט דעם ביישפיעל פון אייערע גלויבענסגנאסען ווי שוין דערמאנט, וועלכע געפינען צום גרעסטען טייל אין די לענדער וואו די שרעקליכקייטען פון קריעג און הונגער הערשט נאך מעכטיג און קענען אונז נישט צו הילפע קומען! בילדעט קא-מיטעטען. געפינט פאר'ן אנשטאלט די שטיצע פון אייערע פריינד און באקאנ-טע און בזכות אייערע מעשים טובים וועט אייך גאט בענשען מיט גליק, גע-זונד און לאנגע יאהרען.

מיר האפען דאס אונזער אויפרוף וועט געפינען זיין וועג צו די אידישע סטרונע פון רחמנות אין אייער הארץ און ערווארטענדיג אייער באלדיגער הילף, פארבלייבען מיר

אייער דאנקבארע אין פאראויס,
יצחק לוכטן.
(אחוז.)


## צום דעטראיטער פובליקום!

יעדער איינער דארף וויסען: אז אויגען זיינען די איידעלסטע ארגאנען אין דעם מענשליכען קערפער, ווען איהר ליידעט פון אירגענד וועלכע קאפ-שמערצען אדער נערוועזיטעט, דאן געהט צו אן ערנסטען, עהרליכען אפטאמעטריסט, ער וועט אייך פארזיכטיג און וויסענשאפטליך צופאסען די נויטיגע ברילען.

די ריכטיג צוגעפאסטע ברילען וועט אייך ערלייזען פון אלע אייערע טראבעל'ס.

געהט צו אייער גוט באקאנטען

**Frosh O. D.**
אפטאמעטריסט

זין 204 קליינג"ס בילדינג וועלכע געפינט זיך אין 308 הייסטינגס סט. קעגענאיבער עהרליך"ס דזשולערי סטאר.



**D&C LAKE LINES**

**A Vacation Trip That Satisfies**

THE summertime will soon be here and with it the joys of a vacation trip. Where are you going? The Great Lakes is the mecca for particular and experienced travelers on business and pleasure trips. The D. & C. Line Steamers embody all the qualities of speed, safety and comfort, the freedom of the decks, the cool refreshing lake breezes. D. & C. a Service Guarantee.

Daily Service May 1st between Detroit and Buffalo. Leave 6:00 P. M. Arrive destination 9:00 A. M.

Daily Service April 1st between Detroit and Cleveland. Leave 11:00 P. M. Arrive destination 6:15 A. M.

MACKINAC ISLAND

Service June 14th to Sept. 14th. 3 trips per week June 14th to July 1st. July 1st to Sept. 14th, 6 trips per week.

Between Detroit and Buffalo Use Your Rail Tickets

Send 2c Stamp for Illustrated pamphlet and map of Great Lakes. Address L. G. LEWIS, G. P. A., Detroit, Mich.

DETROIT & CLEVELAND NAVIGATION CO.
A. A. SCHANTZ, President and General Manager.
J. T. MCMILLAN, Vice-President.





# טוראווער רעליעף

אונזער דעלעגאט בעני בראגמאן פאהרט אפ אין גיכען נאך טוראוו אין די אינטערעסען פון דער רעליעף.

ער וועט באזוכען: טוראוו, זיטקאוויץ, לידענאוויט, פעטריקאוו, און גאנץ פאלעסיע, סטאלין, פלאטניצע, וויסאטסק, רובלע, דאוויד-גארא-דאק, לונינעץ, לאכווע, קאזאן, נאראאק, מיקעשעוויטש, לעלין, און אום-געגענד.

לאנדסלייט פון דיזע שטעטלער וועלכע ווילען שיקען געלד און אפידייוויטס קענען זיך ווענדען פאר אינפאר-מיישאן אין פאלגענדע פלעצער:

יוסף גרענד, 589 הייסטינגס סטריט בוטשער סטאר; שיפמאנ'ס מענ'ס פארנישינג סטאר, 605 הייסטינגס סטריט; האפמאן, Y. H.P.A. רעס-טאראנט, הייסטינגס קארנער ברידזסטריט. און אלע טאג צווישען 8 און 10 אווענד, אין דער טוראווער שוהל, 152 איללינאיז סטריט, וואו עס וועט זיצען א קאמיטע און אויפנעהמען געלד, אפידייוויטס און בריעף.

אכטונגספאל,

טוראווער רעליעף קאמיטע.



# ראזענפעלד'ס רוסישע טערקישע באד

פאר אלע וועלכע זוכען ריינליכקייט און גוטע באהאנדלונג.

30 מארבעל וואנעס — 2 כשרה מקוואות
שאור בעטהס — פרייע קאטס אויף צום רוהען.

16 פריוואט רומס פאר יעניגע וועלכע ווילען נעכטיגען.

א פראכטפולער לאנטש קאנטער מיט פרישע עסענווארג און געטראנקע צו יעדער צייט.

שוויץ פאר פרויען יעדען מיטוואך, מיט דער מיטווירקונג פון אן עקספערט מאסאזשיסטקע.

1846 אלפרעד סטריט, נ'ע: אנטאין, טעלעפאן טשערי 6190 דאבליו.



# געלט-קיין-אייראפא

דער זיכערסטער און בעסטער וועג צו שיקען געלד צו אייערע קרובים קיין יוראפ איז דורך דער

## פיפעלס רעליעף

וועלכע איז א בראנטש פון דער דזשוינט דיסט. קאמיטע.

די געלד ווערט געשיקט אין דאלארס.

פיפעלס רעליעף קאמיטע

490 הייסטינגס סטריט

הענקאק. 2061

# CLASSIFIED

### א שנייד'ער און פרעסער
פארלאנגט צו אלטע ארבייט און גוט באצאהלט. זיך מעלדען 1391 מישיגען.
22)

## רומס

מיט אדער אהן פורניטשור פאר א פאר פאלק אהן קינדער אויך פאר סינגעל לייט. אין א גוטען געגענד. פרעגען מאלאמוט, 253 פפרעדעריק סט. טעלעפאן מארקעט וו. 3179.
26 )

### א פלעט צו פארדינגען
145 עדלייט סטריט. 5 רומס און באר. סטאוו היט. 45 דאלאר א חודש. טעלעפאן קעדילאק 3648 אר.

### הויז-פריי פארלאנגט
צו פיהרען א כשר'ע קיך און אויפפאסען. שעהנע בעל־הבתי'שע, פיינע באהאנדלונג און גוטע וויידושעס גאראנטירט. קליינע פאמיליע. פרעגען צווישען 10 און 12 אוהר טעגליך, אין 148 פארנסווארטה.

### פיער פעמילי בריק-וועניער
$20,000
גרענד ריווער נעגענד. 5 רומס יעדע. אוק פיניש, רענט $220 מאנאטליך. $135 א מאנאט צאהלען. עקוויטי $6,500. שעהנסטער נעגענד אין שטאט. קיינע אגענטען זאלען זיך מעלדען. גארפילד 2693 ראבליו.

### די מעדבערי שוה קא.
הייסטינגס און הענדריע
וועט אייך זיכער צופריעדענשטעלען סיי מיט קוואליטי, סיי מיט'ן פרייז קומט און איבערצייגט אייך.
טעלעפאן נארטה 2973

### די רייט העגד לאנדרי
וועלכע האט א שם פאר גוטע ארבייט און ארענטליכע באהאנדלונג, געפינט זיך אויף 1221 הייסטינגס סטריט, ביטווין הענדריע און פאלמער. מיר פאררינטען און צירעווען אומזיסט. רופט אונז אפ: נארטוויי 2687 אר.

### אן אויסערגעוועהנליכע געלעגענהייט
צו פארקויפען א קאנטראקט פאר א 5 פעסענדושער ביואיק טורינג קאר. ווען דעליווערט ווערען, בעפאר דעם בטען דזשולי. טוירמס צו ארענזשירען מיט דער קאמפאני. פרעגען: „וועג" באקס 58.

### לענדלארדס און פראפערטי אייגענטימער
לאזט זיך ניט נארען; זייט פארזיכטיג בעפאר איהר קויפט סעמענטענע גארבעדזש אדער אש־רעסעפטיקאל, דיטראיט קאנקריט מאניופעקטשורט די־אינסטאלד רעסעפטיקעלס. די צעמענט איז געמישט מיט וויער, ווערט נעווער צופאלען, וועט זיך ניט שפאלטען פון פראסט. מיר גאראנטירען בילינער אין פרייז, בעסטע אין קוואליטי. **ה. מ. קאפפמאן**, 296 האנקאק איסט. טעלעפאן מעלראוז 3595 וו. משערי 1473. פרייע אינסטאליישאן.

### באקאנטמאכונג
### די סילווער לעדער קא. 578
דזשאז. קעמפא, קויפט פארשיעדענע זארטען לעדער און אימיטיישאן לעדער, אויך אלטע לעדער און ראבער בעלטינג. ספעציעל־זענען מיר פאראינטערעסירט אין נייע סעלאליד סקרעפ; מיר צאהלען 65 סענט א פונט.
פארגעסט ניט אונזער טעלעפאן נומער: מעלראוז 4610.

### ער בעסטער מוהל אין שטאט
### און מסדר קידושין
## חזן דוד גאלדען



אין 248 איסט האי סטריט
טעלעפאן, מעין 4420

### רעוו. ל. ד. רייכלין
### פון אהבת אחים שוהל
(אוקלאנד)
נעהמט אן סדור קדושין
און אנדערע שמחות מיט די בעסטע צופרידענהייט.
511 קעמעראן עוועניו
טעל. העמלאק 1130 ראבעליו

---

## .פערלאנגט און געזוכט
צוויי אדער דריי ליינס אין „וועג" ברענגט אייך די בעסטע רעזולטאטען.

# Real Estate

### צו פארקויפען
א גרויסע 7 רום הויז, מיט באטה, א גייער דאבל גאראדוש און א פולער פארטש, אויף 125 גילא'ס סטריט, ביטווין יוקליד און קליי. נאהענט פון דארדוש, ווילסאנ'ס און אנדערע פעקטאריעס. זעהט דאס וואס שנעלער און איבערצייגט זיך זעלבסט. עוזר א גוטע אינקאם. דער פרייז איז $7,500. איינצאהלען $2,500. ווען איהר צאהלט ארוים מיין עקוויטי, וועלכע איז $3,800 קענט איהר דאס קויפען פאר $6,500. פרעגט מר. סיימאן, 738 אוקלאנד עוו. טעלעפאן העמלאק 5840.
24)

### צו פארקויפען
א הויז אין 417 אלבראק, מיט אלע מאדערנע קאנוויניענס. די מענשען פארלאזען נאך יורא. דאס איז ווערט 8,500 דאלאר. מען קען זי קויפען פאר $6,500. מיט 4,000 דאלאר איינצאהלען.
22)

## אייער זומער וואקיישאן
### וועט אייך בעסער באקומען
ווען איהר וועט טראגען די ריכטיגע אויגען גלעזער



אין אלגעמיין דארפט איהר אלע מאל עקזאמענירען אייערע אויגען ביי דער

**LOU GOLDBERG**
**245 Griswold St.**

דעטראיטער אויגען ספעציאליסט רעדזשיסטירט, אפטאמעטריסט און מאנופעקטשורינג אפטישען אויגען עקזאמענירט ביי אפוינטמענט
אויך זונטאג
מיר שיקען צו אייך אהיים נאך די גלעזער און ריפיירען. דעליווערי פריי.

## J. Lanskey Tailor
### אויב איהר ווילט קריגען
גוטע פארענטווארטליכע ארבייט דאן קומט צו 105 טיאדאר סטריט. מיר קלינען, פרעסען און רעמאדלען לעידיעס און דזשענטס גארמענטס.

## שעכטער'ס
## דראג סטאר
**477 הייסטינגס סט.**
טעלעפאן, משערי 5763
פרעסקריפשאנס פארפערטיגט מיט די גרעסטע פינקטליכקייט
צו יעדער צייט

### דזשאז. ר. לימאן
און
### מארטימאר דזשיי ליסם
לאיערס
מאכען בעקאנט צום ווערטהען פובליקום, דאס זיי האבען געמופט זייערע אפיסעס פון 9-928 טשיימבער אוו קאמערס בילדינג
צו
### 204 הארשעס בילדינג
קארנער סטייט און גריסוואלד
טעלעפאן משערי 3978

### מר. ביזנעסמאן!
ווארום טוט איהר ניט ווי אלע פארשטענדיגע ביזנעס לייטע טהאן? אויב איהר מוזט צוליעב וועלכע עס איז אורזאכע פארקויפען אייער ביזנעס, ווארט נישט פיעל —

### מאכט אן אקשען
און איהר וועט קריגען די געלד אין קעש דעם זעלבען טאג. רופט אפ דעם באסאנטען אקשענער —

### בען פרידמאן
ער וועט זיכער אייך צופריעדענשטעלען. רעזידענץ 220 בענטאן סטריט. טעלעפאן קעדילאק 2580.

---

| ביזנעס |
|---|
| איז גוט |
| אויף הייסטינגס |
| סטריט |

# [illegible]או... ביזנעס דירעקטארי

| בוסט הייסטינגס |
|---|
| סטריט. |
| ס'איז א סגולה |
| צו פרנסה |

### מאדערן דעליקאטעסען סטאר
473 הייסטינגס סטריט
טעלעפאן משערי 6169 וו.
ה. האלסקין, פראפ.

איך וועל אייך אנשרייבען אייערע
### אדווערטייזינג
וועט עס אייך ברענגען
### רעזולטאטען
י. ל. מאלאטוס — מעין 3715

קויפט די בעסטע
### שרייב טינט
אין דער וועלט
פון **בושעס אינק קא.**
186 בענטאן סט. דעטראיט, מיש.

### מאיעווסקי און קאהען'ס
דזשענטס פארנישינגס
באיס קלאדינג און העטס
528 הייסטינגס סטריט
טעלעפאן: משערי 7867

### ליעבערוויץ בראס.
פיטען
### ש י ך
פאר דער גאנצער פאמיליע
524 הייסטינגס סטריט

### שיפמאן'ס
דזשענטס פורנישינגס
605 הייסטינגס סטריט
צווישען בענטאן און עליאט
האט א שם צווישען מבינים

### דזשייקאב וועקסלער
שרייבט
### דזשענעראל אינשורענס
272 קירבי. — נארטוועי 2554 דאבליו.

### פילאדעלפיא
דרעס און דריי גודס הויז
671 הייסטינגס סטריט
אמת'ע בארגעינס צו יעדער צייט
טעלעפאן: משערי 6131

### Y. H. P. A.
### רעסטאראנט און לאנטש
האפמאן בראס. און זלאטניק
הייסטינגס קאר. ברידי
אפען טאג און נאכט

### ט. בייטנער
טיננינג און רופינג
אלערליי רופינג און ריפעירינג
335 מאנטקאלם סטריט
טעלעפאן משערי 6656

### מ. האכבערג'ס
דזשענטס פארנישינג סטאר
532 הייסטינגס סטריט
וועט אייך האלטען אין סטייל און שפארען געלד

### פיפלס סטאר פיקטשורס קא.
שאו־קייסעס, קאונטערס, אייזבאקסעס, נייע און אלטע.
צו בילינע פרייזען.
341 הייסטינגס סטריט

האלט אייערע האר אין ארדנונג
### מילער'ס
### היגיענישע בארבער שאפ
579 הייסטינגס סטריט
וועט אייך צופריעדענשטעלען

### טשארלס לאזאווסקי'ס
### בארבער שאפ
519 הייסטינגס סטריט
א פלאץ פאר אלע קלאסען אידען

### בולעווארד רעסטאראנט, 1223
הייסטינגס און הענרי, אונטער א נייעם מענעדזשמענט מיט די בעסטע שפייזען און מעסיגע פרייזען. קומט און איבערצייגט זיך. פראפ. האבערמאן און קורץ.

### הרב ר' יוסף תאומים
רפה
202 דיוויזיאן סטריט
טעלעפאן משערי 6199 דאבעליו

### פיש מארקעט
דער בעסטער פלאץ צו קריגען די פרישסטע און געשמאקסטע פיש איז ביי
### לייבעל דעם רומענישען
268 ווינדער סט. טעל. משערי 5731.

### קעש רעדזשיסטערס
נעשאנאלס, אלערליי סטיילס
— געקויפט און פארקויפט —
**DETROIT USEDCASH REGISTER CO.**
**66 Broadway — Cadilac 5112**

... פון די ארומיגע שטעדט
קויפען פון די
### וועסטערן טאקינג מאשין קא.
493 הייסטינגס, ניער אלפרעד. אידישע אויך רעקארדס אין אלע שפראכען.

### ראזען'ס בעקערי
ברויט און פענסי קייקס
408 הייסטינגס סטריט
צו מיר קומט מען פון אלע טיילען שטאט

### דזש. ראטנער'ס
דזשענטס פארנישינג און קעפס
584 הייסטינגס סטריט
מיר שטעלען אייך צופריעדען מיט סטייל און פרייזען

קויפט הערינג ביי דער
### מישיגאן הערינג סופליי קא.
ר. מילער, 435 הייסטינגס סטריט
פראבירט די נייע שמאלץ און מאטשעס הערינג

### באהעמיען דהיי בעקערי
נייטען קארן, פראפרייעטאר
515 הייסטינגס סטריט
א פולע ליין קייק, חלה און ברויט

### קאהן בראס. און מייערסאן
דער רעסטאראנט וואו מען עסט זיננענדיג א גאנצע וואך. דער עיקר שבת און זונטאג (שנארער למשל). 630 הייסטינגס

### ווארע בילינג פאר סטאר־קיפערס און פעדלערס
ספעציעלע פרייזען פאר ריטיילערס
### מאקס ראזינסקי
353-355 הייסטינגס, קאר. קאלומביא

### ס י י נ ס
ארטיסטיש און ניט טייער
ה. ראטהבערג
302 הענקאק

### טייכער'ס הארדוועיר
768 הייסטינגס סטריט
א פולע ליין בילדערס סופלאיס
אלומינום, פיינטס א. ז. וו.
ארדערס דעליווערט איבעראל

### מאדערנע מענשען
קויפען זייערע שיך אין
### מאדערן שוה סטאר
603 הייסטינגס סטריט

### דזשאז. ל. רובי
אטאירני
האט יעצט זיין אפיס אין
710 טשעמבער אוו קאמערץ
טעלעפאן מעין 7339

### ס. שענקער
מענער און פרויען שניידער, קלינינג פרעסינג, רעפעירינג. ארבייט גאראנטירט
919 אוקלאנד עוו.
צווישען בעלמאנט און טראוברידזש.

### פינסקער כשר רעסטאראנט
549 הייסטינגס סטריט
פלאץ פאר 100 מענשען.
די פיינסטע מיילס.
סאניטאריש און בילינ.

קויפט ביי די אוקלאנד הארדוועהר און סייפעט, 10%. א פולע ליין פון הארדוועהר. פיינט און גלאזווארג.
### די אוקלאנד הארדוועהרי
724 אוקלאנד. טעל. העמלאק 1358

### אפהאלסטערינג
מאכט אייער אלטע פורניטשור
שפאגעל נייע
### א. וועסט
865 הייסטינגס סטריט

### ליבערטי העט קלינינג
אויך שוה ריפעירינג
לעידיעס און דזשענטעלמען
566 הייסטינגס סטריט
669 הייסטינגס סטריט.

דער פלאץ פאר גוטע ארבייט גוטע בעהאנדלונג — ליבעראלע פרייזען.
## דר.
## ה. סטאריקאף
דענטיסט
4?? הייסטינגס סטריט

פאר גוטע ארטיסטישע בילדער איז רעקאמענדירט
### א. קעלערמאן, פאטאגראף
490 הייסטינגס סטריט

### ווילט איהר עסען פרישע שפייז
קויפט
### דזשיי לאבאר'ס
פוטער און אייער
378½ הייסטינגס סטריט

יוטאפיא האל (אפסטערז)
### י ו ט א פ י א
### אייז קרים פארלאר
338 הייסטינגס סטריט
א. פאול, פראפ.

### מאקס ראזענבערג'ס פאר שאפ
האלסייל און ריטייל, ריפיירינג און רימאדלינג צו מעסיגע פרייזען
484 הייסטינגס סטריט
טשערי 7701

### גאלדבערגס כשר רעסטאראנט
391 הייסטינגס סטריט
פרישע שפייזען פאר געוועהנליכע פרייזען. קומט און איבערצייגט אייך

### ת. פלאטקין'ס בוך סטאר
(נעוועזענער אוצעניק ס)
אידישע ביכער, ספרים, טליתים פאר די מעסיגסטע פרייזען
455 הייסטינגס סטריט, קאר. ארעליי.

### קרעמער'ס הארדוועיר
278 קענפיעלד
מעלראוז 1732 „עס"
ראיעלע באהאנדלונג. מעסיגע פרייזען

**McCAREY'S**
### טייר ריפייר שאפ
667½ הייסטינגס סטריט
ווארפט ניט אוועק קיין אלטע טיירס

### פיינסטע סטייל דרעסעס
מילער בראס.
קלאוקס, סקוירטס, וועיסטס
רעדי טו וועהר
264 הייסטינגס סט. — מעלראוז 6108

ווילט איהר סייפען געלד? — דאן קומט צו **קליין און גאלדמאן**, פאריערס א גרויסען סטאק פון קוני ביז סייבעל. מיר מאכען אויך ריפיירינג און רימאדלינג. 398 גרעשיאט. טעל. מעין 3613

### הייזער און פלעטס צו פארדינגען
קומט פערזענליך. מיר האבען וואס איהר ווילט, אדער מיר ווועלען עס געפינען.
**McQUAIDE REALTY CO.**
536 גרענד ריווער — גלענדייל 4572

### ווארען ריעלטי קא.
588 הייסטינגס סטריט
וועט פארקויפען אייער ריעל עסטייט צו יעדער צייט

### לייאן שיך
שטעלען אלעמען צופריעדען
## Lion Shoe Co.
594 הייסטינגס סטריט

### דזשאזעף ל. רובי
לאיער
האט זיין ברענטש אפיס פאר די אוועגדען אין 588 הייסטינגס סטריט.
טעלעפאן מעין 7339

## Reliable Store Fixture Co.
מיר האבען א גרויסען אויסוואהל פון אלערהאנד סטאר פיקסטשורס, וואל קייסעס, שאו קייסעס, אייז באקסעס, קאנטארס, שעלווס, סייפס, סקיילס רעדזשיסטערס, נייע און געיוזטע. פרייזען מעסיגע, ארענטליכע בעהאנדלונג. 2 סטארס.
### רעלייבל סטאר פיקטשור קא
305 גרעשיאט עוועניו
טעל. קאדילאק 2445
277 מישיגאן עוועניו
טעל. קאדילאק 4924 עס.

### מאושען-פיקטשור אפערייטארס
לערענט זיך פאר
לייכטע און ריינע ארבייט, קורצע שטונדען, גוטע יורידשעס קוואליפיקיישאנס גאראנטירט.
**Movie Operator's School**
**33 Sproat St**
מאנטאג, מיטוואך און פרייטאג אבענד. 7:30

---

# Mt. Clemens

דאס שטארקסטע מינעראל וואסער אין דער וועלט איז די



## פאונטעין בעטה הויז
אונטער א אידישער מענעדזשמענט. קומט און ווערט קורירט פון רומאטיזם, נערוועזן-קראנקהייטען א. ז. וו. אונזער פאונטען בעטה הויז איז די ערשטע און אריגינעלסטע ווי אויך די איינציגע אידישע.
בעסטע באהאנדלונג גאראנטירט.
שרייבט צו די
**FOUNTAIN BATH HOUSE**
**Cor. Gratiot & Clinton,**
**Mt. Clemens, Mich,**

### קליוולאנד כשר האטעל און רעסטוראנט
מרס. סערע זעמלאקאווסקי און לינא בעקערמאן
97 קלינטאן סטריט
### מאונט קלעמענס
בעסטע סירווים, ביליגע פרייזען. נעבען בעסטען באדינג פלאץ. אפען א גאנץ יאהר. שרייבט א פאסטעל קארד.

### זייט געזונט



און פארברענגט אייער זומער וואקיישאן אין מאונט קלעמענס, און אז שוין אין מאונט קלעמענס וועט איהר סטאפען אין
## Elkins Hotel
100 רומס. דיינינג רום פאר 300 לייט. א רפואה פאר קראנקע, א פארגעניגען פאר געזונטע.

### פיטסבורג כשר האטעל
אין מאנט קלעמענס
נעקסט דאר צו פלאזא בעטה הויז.
מיר באהאנדלען אייך ראיעל און רעכנען ניט טייער. וואטשט פאר אונזער פארטרעטער ביים סטיישאן.



## אלבאני האטעל
אין מט. קלעמענס, האט א נאמען פאר די לעצטע 20 יאהר אונטער דעם זעלבען מענעדזשמענט.
מיר בעטען אונזערע קאסטימער און פריינד צו קומען באצייטענס אוידער דער סעזאן איז אין פולען גאנג, כדי מיר זאלען זיי קענען געבען בעסערע באהאנדלונג. שרייבט צו
### ב. מאסקאוויץ

### ריווערסייד האטעל
(געוועזענער פארם ענעקס)
מט. קלעמענס, אינגאנצען רעמאדעלירט, עפענט זיך 1־טען מאי,
150 רומס, דיינינג רום פאר 300. דאס אידעלסטע פלאץ פאר געזונטע ווי פאר קראנקע. שרייבט נאך איינצעלהייטען.
## Riverside Hotel
## Mt. Clemens, Mich.

דער בעסטער האטעל
איז דער

## פאונטעין האטעל
כשר
100 שעהנסטע רומס. גרעסטע דיינינג רום. נעבען דער פאונטעין בעטה הויז. פרייז $25 רום און באדר. די קאר פון דעטראיט ברענגט אייך צו אונזער טיר, ווען איהר זאגט צום קאנדוקטאר אז איהר ווילט סטאפען נעבען „פאונטעין". שיקט א פאסטעל קארד. ווען איהר ווילט וויסען איינצעלהייטען צו
### סעם מארינאוו, פראפ.

### אטלאנטיק כשר הויז
### מאונט קלעמענס
פאר $25 א וואך גיבען מיר אייך א פיינע רום מיט עסען. די פאונטען באד איז נעבען הויז. שרייבט א פאסטעל קארד צו דער אטלאנטיק.



ס'ניט געדרונגען אז איהר מוזט האבען טויזענדער צו זיין אין מט. קלעמענס
## ניו ווילא האטעל
וועט אייך רעכנען $25 א וואך און איהר וועט הנאה האבען. אלע רומס קאנעקטעד מיט א־פעסערוש. צו די פלאזא בעדער. שרייבט נאך איינצעלהייטען צום פראפרייעטאר ה. קראוו.

## אייער פארלארענע געזונט



קריגט איהר צוריק, ווען איהר זענט אין מאונט קלעמענס און סטאפט אין
## גלענוואוד האטעל
קאנעקטעד מיט די בארימטע אלימפיא בעדער. שעהן, ליכטיג, לופטיג. פרישע שפייזען, מעסיגע פרייזען. א ספעשעל לאנטש און דעליקאטעסען סטאר, קאנעקטעד מיט די גלענוואוד. שרייבט נאך אויסקינפטע צו א. מאדארסקי.

א נייעס אין מאנט קלעמענס
### צוויי כשר'ע דעליקאטעסען סטארס
אין מאנט קלעמענס
**B. & M. DELICATTESSEN**
**58 N. Gratiot**
**and 46 Cass Avenue**
אלערליי לאנטשעס און געטראנקען. באזוכט אונז ווען איהר זייט אין מאנט קלעמענס

— באקאנטמאכונג —
### רעוו. א. קאצער
וואס איז רעקאמענדירט פאר'ן בעסטען
### מוהל
זייט די לעצטע 20 יאהר
האט געמופט פון 263 פארנסווארטה
אין
140 מירטורי, קאר. בראש
טעלעפאן מארקעט 827

# Der Weg

די איינציגע אידישע טעגליכע ציימונג אין מישיגאן סטייט
ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת. דורך דער
וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד
אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715.


## א התן פאר טיאוס'ע קריסטליכע מיידלעך

פון ב. י. ג—ן

„די מלחמה האט זיך געענדיגט".

ווי אזוי איהר ווילט, אזוי קענט איהר די דאזיגע שורה לייענען. ווילט איהר קענט איהר זי לייענען מיט א באשטעטיגונגס טאן, מיט אן אויס־שריי צייכען צום סוף. און אז איהר ווילט, קענט איהר דיזע שורה לייענען אין א טאן פון א שאלה און אויסשטעלען צום סוף א פראגע־צייכען: — „די מלחמה האט זיך געענדיגט?"

און ענטפערן קענט איהר אויך אין ביידע ערליי אופנים: סיי מיט א באשטעטיגונג און סיי מיט א פראגע.

עס איז אבער זיכער, אז דערווייל פאלען ניט אזוי פיעל קרבנות אויף שלאכטפעלדער ווי בעת די מלחמה מיט די צענטראלע מעכטע.

קען דארום די וועלט אונטערציהען א סך הכל אונטער די צעטעלך מיט די הרוגים און קאליקעס וואס יענע מלחמה (מיט די צענטראלע מעכטע) האט אפ־געקאסט.

מיליאנען הרוגים, מיליאנען קאליקעס.

צי מעהר א הונדערט טויזענד, אדער ווייניגער — נישט וויכטיג. מיליאנען זיינען די קרבנות אלענפאלס!

וואס איז געווארען און וואס וועט ווערען מיט די מיליאנען פרויען וואס האבען געזאלט חתונה האבען מיט די דיזע מענער?

עס איז דאך פארשטענדליך, אז די געפאלענע אויף די שלאכטפעלדער זיינען נישט קיין זקנים. די מעהרסטע פון זיי זיינען געווען בחורים, וואס האבען שוין געהאט כלות, אדער זיינען — ווי מען זאגט: — „געשטאנען אין שדוכים". דאס זיינען דאך געפאלען די צוקונפטיגע טאטעס פון דעם קומענדען דור.

אפילו ווען די יאהרען געהן כשורה, אפילו ווען עס איז קיין קריעג ניט דא, זיינען אויך פאראן מעהר פרויען ווי מענער. היינט צו טאג איז די צאהל א סך גרעסער. אפשר גרייכט זי אויך אין די מיליאנען.

מען האט געשמועסט, נאך אין מיטען דער מלחמה, אז עס גיט ווייט דער טאג, ווען איירעפא וועט צוריק ווערען פאליגאמיש, ד. ה. מען וועט ערלויבען איטליכען מאן חתונה צו האבען מיט מעהרערע פרויען, אום אויסצופילען דעם פארלוסט וואס די מלחמה האט געבראכט.

אבער איירעפא וועט אזא שריט ניט מאכען. וואלט דאס טאקע מעהר ניט געווען ווי א מאראלע פראגע, וואלט אפשר דאס איצטיגע איירעפא זיך קנאפ־וואס געקימערט פאר מאראל, וועלכע היינט אזוי אונטער אצינד.

אבער דא איז א פראגע און וועלכער די נאטור האט אויך א דעה. און מיט דער נאטור מוז זיך איירעפא רעכענען מיט א דרך ארץ. קעגען איהר קען מען דאך קיין בלאפערע ניט שטעלען.

און די נאטור וויל ניט ליידען קיין פאליגאמיע; זי שוואכט אפ די פעלקער און זי פארמעהרט מורא'דיג די זכרים.

דאס הייסט אזוי:

אפילו אין די רוהיגע יאהרען ווערען געבוירען מעהר זכרים. אמת טאקע אז די צאהל קאנגרעיאטען פאר הייראט איז שטענדיג גרעסער ביים „שוואכען געשלעכט", אבער דאס איז דערפאר, וואס דוקא דאס „שוואכע געשלעכט" קען איבערלעבען די קינדערשע חולאת'ן גרעבער און לייכטער איידער דאס שטארקע געשלעכט.

אין די שפעטערע יאהרען איז אויך דאס זעלבע: דער מאן נעהט אין פאבריק, ער נעהמט זיך צו אנדערע שווערע ארבייטען; ער רויכערט; ער טרינקט; ער ארבייט מיט מעהר אנ־שטרענגונג —

בקיצור: זיין ארט לעבען איז איהם מקצר די יאהרען.

אויף אזא אופן זיינען תמיד דא מעהר פרויען איידער מענער.

קומט עס אבער אין מלחמה יאהרען, ווערען דאמאלט די זכרים געבוירען אין אן איבערראשענדער גרויסער צאהל.

און אט דאס איז אפשר די אורזא־כע וואס פיעלע געלעהרטע געהן מיט'ן געדאנג אז א מלחמה איז א נאטור זאך. „די נאטור — זאגען זיי — און ניט די מענטשען, ווילען מלחמות.

אזוי, צי אנדערש, אין איצטיגער צייט ווערט געבוירען מעהרסטענס אינגלעך. פון דעם ערשטען מלחמה יאהר אן — דערציילט זיך אין ענגלישער סטאטיס־טיקס באריכט לפי תמו — האבען די ציפערען פון דעם קינדער געבורט אי־בערראשט די שטערט פון וואלטער אין ענגלאנד דורך דער גרויסער צאהל זכרים וואס זיינען געבוירען געווארען.

וואָרום איז דאס אזוי?

קיינער קען דארויף ניט ענטפערען.

עס איז א קאפריז, אדער א געזעץ פון דער נאטור.

און עס זעהט אויס, אז אויך די רעאקציע נאך א מלחמה איז א נא־טירליכע זאך — אזוי על כל פנים דער־קלעהרט אן ענגלישער געלעהרטער — און אויך די רעאקציע זאל האבען א שטיקעל שייכות מיט דעם גרויסען גע־בורט פון זכרים.

ער דערקלעהרט דאס אויף אזא אופן: די וועלט, נאך א מלחמה, געהט צוריק אין איהר פראגרעס. מלחמה גופא איז רעגרעס. ווערט בכן די וועלט פאר־נהעבעט. און אין איטליכען פארגרעבטען לאנד ווערען געבוירען מעהר אינגלעך ווי מיידלעך.

ווידער א נאטור־געזעץ.

אמאל פלעגען אין ענגלאנד געבוי־רען ווערען אויף יעדען טויזענד מייד־לעך מיט 52, אדער 53 מעהר. אין דעם 19־טען יאהר הונדערט איז די צאהל געפאלען. דאגעגען איז אין רו־מעניען, אין מעקסיקא און סערביען די צאהל פון אינגלעך תמיד געווען און גע־בליבען אין א סך א גרעסערען פראצענט. אויב איצטער האט אין ענג־לאנד ווידער זיך פארגרעסערט די צאהל פון געבוירענע זכרים, איז עס דער־פאר וואס אויך ענגלאנד געהט ריק־ווערטס. און דערפאר דארף איירעפא ניט אנקומען צו פאליגאמיע. אין די נאך־מלחמה־יאהרען וועלען ממילא גע־בוירען ווערען א סך זכרים.

די פראגע איז נאר מיט די פרויען וואס וועלען זיך ניט דערוואַרטען ביז די איצטיגע געבוירענע אינגלעך וועלען אויסוואקסען. דארויף האט א פרוי גע־ענטפערט אין א רעדע אויף א מיטינג וואס איז אפגעהאלטען געווארען לעצ־טענס פון די „יעזוס שוועסטער": — „די שעהנע וועלען חתונה האבען. די ווייניגער שעהנע וועלען קומען צו אונז". דאס הייסט, אז די קריסטליכע ניט־שעהנע מיידלעך וועלען מוזען חתונה האבען מיט יעזוס'ען. דערצו גרייט מען זיי שוין צו...

### דיזעלבע דריי־איניג־קייט, נאר אנדערש געשלייערט

פאר'ן אנטלויפען פון קיעוו האבען די פאליאקען פארניכטעט די גרעסטע פראוואסלאווגע קאטעדראל. פון יענער שטאדט.

אפנים, אז די פוילישע קאטאליקען זיינען ביזן געווארען אויפ'ן אוקראאי־ניש' פראוואסלאווגעם גאט פארוואס ער האט זיי נישט געהאלפען נעגען די באל־שעוויקעס...

* * *

### זיי וועלען זיך מוזען באגרענעצען

נאכדעם ווי די פאליאקען האבען גע־כאפט אזעלכע שרעקליכע קלעפ, ערקלע־רען זיי, אז זיי וועלען נישט מעהר די גרענעצען פון 1772.

א, מ'ווייסט, מ'ווייסט! זיי וועלען שוין אפילו נישט האבען די גרענעצען, וואס זיי האבען געקענט קריגען אנפאנג 1920 און וואס מעהר זיי וועלען זיך שלאגען, אלץ מיט קלענערע גרענעצען וועלען זיי זיך מוזען באגרענעצען...


### העררי בעקער



מעמבער פון דירעקטאריום פון „וועג"
באגריסט די ציימונג און ווינשט איהר אן ערפאלגרייכע צוקונפט.


## דעטראיט איף דער לינקער זייט

(שלום פון זייטע 4)

ניט געמעלט זיין א „שאו", וואס זאל הייסען „גרינע פעלדער".

הכלל, א ווארט פאר א ווארט, און די אידענע האט זיך גוט צוקרינגט מיט'ן טיקעטס פארקויפער און האט פאר כעס נאר ניט געקויפט קיין טיקעטס.

אין זי געזעסען אין דער היים.

און צוזאמען מיט איהר איז געזעסען דאס האכגעשעצטע פובליקום. און די קינסטלער טרופע האט געשפיעלט פאר א היבשער צאהל בענקלאך.

און דאס איז אלץ דערפאר, ווייל הירש־ביין פארשטעהט ניט קיין ביזנעס און האט א נאמען געגעבען זיין „פלעי" „גרינע פעלדער" אנשטאט „גרינע פער־לער".

און צום שלים־מזל האט דער יעצער בשום אופן ניט געוואלט הערשביינ'ען פיקסען און טאקע געשטעלט: „גרינע פעלדער". נו, האט מען געקענט דערמיט בלאפען אנדערע שטעדט, אבער ניט דעטראיט— דאס אידישע דעטראיט איז דארפט איהר וויסען זיין, גאנץ ווייט פון „גרינע פעלדער" אבער דערפאר זעהר נאהענט צו — „גרינע פערלער".

יא, מיינע ליעבע, א נאמען שפיעלט א גרויסע ראליע! געווער מיינער וואס שעקספיער זאגט, אז ניט....


## באקאנטמאכונג

### יין גפן לקדוש ולהבדלה

איך אלעמענס גוט באקאנטע וויין־סטאר, אויף 407 הייסטינגס סטריט, וואו איהר פלעגט שטענדיג באקומען דעם בעסטען וויין פאר ריטועלע צוועקען, איז יעצט איבערגעגאנגען אונטער א נייעם מענעדזשמענט. די אויפזיכט איבער דיזען סטאר האט יעצט א מאן וועלכער איז פאר יאהרען לאנג געווען אין וויין ביזנעס. דער נייער מענעדזש־מענט מיט די אלע קארטען גוטע ווינען לויבט, אז פארקויפענדיג מעהר וויין צו ביליגערע פרייזען, וועט זי מאכען מעהר סוקסעס, ווי פארקויפענדיג ווי־ניגער וויין צו הויכע פרייזען. מיט איין ווארט, זיי ווילען געבען א געלעג־נהייט יעדען אידען אין דעטראיט, צו קריגען די בעסטע וויין פאר קדוש און הבדלה צו די ביליגסטע פרייזען.

פאלגענדער פרייז ליסט וועט דיענען אלס ביישפיעל, ווי ריכטיג עס איז אלעס, וואס דער נייער מענעדזשער פארזיכערט אייך.

**די בעסטע כרמל וויין**

דער פרייז פון בעפאר — — — $20.00
דער יעצטיגער פרייז — — — $17.50

**כרמל וויין**

דער פרייז פון בעפאר — — — $15.00
דער יעצטיגער פרייז — — — $13.75

**פארט וויין**

דער פרייז פון בעפאר — — — $12.50
דער יעצטיגער פרייז — — — $ 8.00

**זויערער וויין**

דער פרייז פון בעפאר — — — $12.10
דער יעצטיגער פרייז — — — $ 6.00

קומט צוגעהן אין אונזער וויין סטאר אויף 407 הייסטינגס סטריט און איבערצייגט זיך אין דער ריכטיגקייט פון אונזער פרייז ליסט און אין דער גע־שמאקהייט פון אונזער וויין.

מיט גרוס,
די סאקראמענטאל וויין סטאר
407 הייסטינגס סטריט.


### כאשר שמענו כן ראינו

אז דער „וועג" האט שוין יא דער־לעבט דאס צווייטע יאהר, טו זאל ער שוין יעצט וואקסען און באגליקען.

פנחס י. יפה,

מענעדזשער פון „וועג".


### צום דעטראיטער פובליקום!

יא, ער אייגער דארף וויסען: אז אויגען זיינען די איידעלסטע ארגאנען אין דעם מענשליכען קערפער. ווען איהר ליידעט פון אירגענד וועלכע קאפשמערצען אדער נערוועזיטעט, דאן געהט צו אן ערנסטען ערהליכען אפטאמעטריסט, ער וועט אייך פארזיכטיג און וויסענשאפטליך צופאסען די נויטיגע ברילען.

ריכטיג צוגעפאסטע ברילען וועט אייך ערלייזען פון אלע אייערע טראבעלס.

נעהם צו אייער גוט באקאנטען

**Frosh O. D.**

אפטאמעטריסט

אין 204 קלינג'ס בילדינג וועלכע געפינט זיך אין 308 הייסטינגס סט. קעגענאיבע ווהריליך'ס דושולערי סטאר.



אלס איינער פון די ערשטע סטאקהאלדערס און פאטראנייזער פון דער איינציגער דעטראיטער טעגליכער אידישער ציימונג „דער וועג", ווינש איך דער ציימונג גליק אין איהר ווייטערדיגער ארבייט, ווייל דער סוקסעס פון דער ציימונג איז דער סוקסעס פון דער אידישער באפעלקערונג פון דעטראיט.

# ה. בלאנדי

## דושענטס פורנישינג און קלאדינג דילער

סטאר נומר 1 — 1391 מישיגען עוו. סטאר נומר 2 — 1207 מישיגען עוו.

# די ווארען ריעלטי קא.

588 הייסטינגס סטריט

דוש. אלגאזי, מענעדזשער

באגריסט דעם „וועג" צו זיין ב' ובילעאום.

מיר וויסען די וויכטיגקייט פון א טעגליכער אידישער ציימונג, סיי פאר די אינסטיטוציעס, סיי פאר ביזנעס.

מיר זענען שעהרהאלדערס אין „וועג", ניט צוליעב ביזנעס, מיר זענען אבער אדווערטייזער אין „וועג" צוליעב ביזנעס.

**The Warren Realty Co**

**588 Hastings St**

באגריסונג

פון די

# מישיגאן עלעקטראטייפ קא.

גו דעטראיטער אידישע ביזנעס לייט און צו די דעטראיטער אידישע טעגליכע ציימונג.

**The Michigan Electrotype Co.**

173 W. Fort St

הענרי פפייפער

מ א ש י נ י ס ט

באגריסט דער ציימונג און ווינשט איהר לאנגע ערפאלגרייכע יאהרען.

**Henry Pfeiffer**

**Linotype Machinist**

862 Vandyke Lincoln 202W

# די ווהיטאקער פייפער קא.

באגריסט די דעטראיטער טעגליכער אידישער ציימונג „דער וועג" און ווינשט דער ציימונג אריכת ימים.

**Whitaker Paper Co**

DETROIT, MICH.


## באגריסונגען

צו דער ערשטע יעהרליכע פייערונג פון „וועג"'ס ערשיינען וויל איך אויס־דריקען מיין באגריסונג צו דער ציימונג א'ס דער שפיגעל און וועלכען דאס לעבען פון דער אידישער דעטראיט שפיגעלט זיך אפ און אויך אויסדריקען מיין הארציגע אנערקענונג צו דעם זעהר פעהיגען רעדאקטאר און פריינד ב. י. גאלדשטיין פאר זיין אינטעליגענטען רעדאגירען די ציימונג.

מיט אכטונג
י. פינקעלשטיין.


# מ. ראזינסקי

355 הייסטינגס סטריט

ווינשט דעם „וועג" הצלחה ומזל ברכה.

# א. קיידאן

600 גרעשיאט עוועניו

באגריסט דעם „וועג" צום אנפאנג פון זיין צווייטען יעהרליכען עקזיסטענץ אלס אידישע ציימונג.


### צום יעהרליכען יובילעאום

פון דער איינציגער אידישער טעגליכע ציימונג געדרוקט אין דעטראיט, ווינש איך איהר גליק און סוקסעס און איהר מיטערדיגע ארבייט. זי זאל ווערען א פאקטאר אין אידישען לעבען פון דעטראיט און פארזעצען איהר גוטע ארבייט פאר דעם כלל, אין דער צוקונפט, ווי זי האט דאס באוויזען צו טאן אין דער פארגאנגענהייט.

# מ. פערלמאן

233 גרעשיאט.

אלעם אין פורניטשור ליין.

באגריסונג
צום צווייטען
יעהרליכען
עקזיסטענץ
פון „וועג".
— די וועצער.


# די סילווער לעדער קא.

578 דושאז. קאמפו

ווונשט דעם „וועג" צו זיין צווייטען יאהרגאנג סוקסעס אין זיין ווייטערדיגער ארבייט.

איך האף, אז אין דער צוקונפט וועט דער „וועג" אפשפיגלען דעם היעגען לעבען אזוי בולט ווי ער האט דאס געטאן אין דער פארגאנגענהייט.

איך ווינש אייך אלדאס גוטס.

ה. סילווער.

## פאר רענטען, קויפען אדער ליסען צו געגערס

אויב איהר ווילט אז אייער פראפערטי זאל געהענדעלט ווערען ביי א ריליעבעל קאמפאניע, זאלט איהר ליסטען מיט

דהי דעטראיט סעלף-העלפ ריעל עסטייט אינוועסטמענט קאמפאני (אינק.)

398 סט. ענטוויין סטריט.
טעלעפאן מעין 7376
וויליאם ראבינסאן, פרעזידענט

## בלויז $1.00 א וואך




**Doctors Drake & Mayhew**

**Reliable Dentistry**

## קאר. גרעשיאט און הייסטינגס

# ראזענפעלד'ס
# רוסישע טערקישע באד

פאר אלע וועלכע זוכען ריינליכקייט און גוטע באהאנדלונג.

30 מארבעל וואנעס — 2 כשרה מקוואות

שאור בעטהס — פרייע קאטס אויף צום רוהען

16 פריוואט רומס פאר יענינע וועלכע ווילען נעכטיגען.

א פראכטפולער לאנטש קאנטער מיט פרישע עסענווארג און געטראנקע צו יעדער צייט.

שווינג פאר פרויען יעדען מיטוואך, מיט דער מיטווירקונג פון אן עקספערט מאסאזשיסטקע.

184-186 אלפרעד סטריט, ענטווין, טעלעפאן משעררי 6190 דאבליו.

The only Jewish Paper Printed in Michigan

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

# דער וועג

The Detroit Jewish Daily

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

547-49 HASTINGS STREET
Telephone Main 5718

Published and distributed under permit No. 739 authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General.

PRICE 2c. — DETROIT, MICH., Wednesday, June 23rd 1920 Vol. 2, No. 110 — מיטוואך, 23 1920

# מעגליכער ברוך אין ענגליש-רוסישע פארהאנדלונגען

## פאליאקען ציהען זיך אין איילעניש צוריק

לאנדאן, יוני 22. — א טעלעגראמע פון מאסקווא מעלדעט אפיציעל, אז די פוילישע טרופען לויפען אין איילעניש צוריק און ווערען פארפאלגט פון דער רויטער ארמיי, וועלכע איז אנגעקומען אין באבישי.

די זעלבע טעלעגראמע בעריכטעט, אז אויף דעם פראנט, וואו די באלשעוויקעס באקעמפען די טרופען פון גענעראל וראנגעל, זענען שיפען געצוואונגען געווארען אויפ'ן טייך דניעפער.

געלט פון פאליאקען זענען גענומען געווארען געפאנגענע.

## יאפאן פאנגט צוריק אן אונטערהאנדלונגען מיט באלשעוויקעס

האנאלולו, יוני 22. — א טעלעגראמע פון טאקיא צו דער היגער יאפאנעזישער צייטונג „ליפו דושידוש" גיט איבער, אז יאפאן האט אינסטרואירט איהרען א פארטרעטער, דאס ער זאל אפפאהרען קיין טשטא, אום דארטען צו עפענען צוריק אונטערהאנדלונגען מיט די באלשעוויקעס וועגען א סיביר'ער בופער שטאט.

א דעפעשע פון דעם ערשטען יוני האט בעריכטעט, אז די פארהאנדלונגען צווישען יאפאן און די באלשעוויקעס וועגען א סיביר'ער בופער שטאט זענען אפגעבראכען געווארען, ווייל יאפאן האט באשולדיגט די סאוועטען רעגירונג, אז זי מאכט א פארשווערונג געגען קאזאצקען גענעראל סעמיאנאוו און וועט פארכאפען דעם באיקאל געגענד אונטער איהר מאכט.

## פוילישע לעגאציע לייקענט אפ, אז פוילישע ארמעע איז ארומגערינגעלט

לאנדאן, יוני 22. — די היגע פוילישע לעגאציע לייקענט אפ דעם בעריכט פון די בערלינער צייטונגען, אז די פוילישע ארמיי אין אוקראינע איז ארומגערינגעלט.

## דזשורי וועט מעגליך אונטערזוכען העמטרעמק'ער סקאנדאל

אלעקס רוש. גראסבעק, דער סטייט אטוירני דזשענעראל, האט היינט ערקלעהרט, דאס העמטרעמק מוז אומבאדינגט אויסגערייניגט ווערען, און האט אויפגעפאדערט דעם אסיסטענט אטאירני דזשענעראל טאמאס ג. בעילי, ער זאל קאנפערירען מיט פראסעקיוטינג אטאירני, מאטהיו ה' בישאפ, וועגען א גרענד דזשורי אונטערזוכונג אין דעם העמטרעמק סקאנדאל.

„דער צושטאנד אין העמטרעמק איז אזעלכער, אז אן ענדע מוז דערצו גענומען ווערען", האט מר. גראסבעק ערקלעהרט. „מיר וועלען ענטוועדער העלפען מר. בישאפ אין דער פראגע, אדער מיר נעהמען די זאך אין אונזערע איינגענע הענד. איך וועל געבען דעם פראסעקיוטאר יעדע מעגליכע הילף, סיי אין לאיערס און סיי אין אויספארשער".

מר. גראסבעק האט זיך ערשט נעכטען פריה צוריקגעקעהרט אין זיין אפיס נאך אן אבוועזענהייט פאר איינינע טעג, און האט געפונען, אז ער איז פארווארפען געווארען מיט צושריפטען פון העמטרעמק, וועלכע האבען איהם אינפארמירט וועגען די שעהנע מעשים וואס געהן דארטען אן.

מר. בעילי האט שוין נעכטען אפגעהאלטען א קאנפערענץ מיט דעם פראסעקיוטינג אטאירני בישאפ און נאך דער קאנפערענץ האט ער ערקלעהרט, דאס מר. בישאפ האט איהם געזאגט, אז ער וועט זיין העכסט צופריעדען צו האבען די הילף פון דעם אטאירני דזשענעראל, ווייל פאר איהם אליין וואלט געווען אוממעגליך אנצופיהרען אזא אונטערזוכונג צוליעב מאנגעל אין געלד.

מאנטאג אוועגט האבען ארום 150 העמטרעמק'ער בירגער אפגעהאלטען א מיטינג אין דעם פוילישען באזאר [illegible] קאמערס האל און עס איז [illegible] שטעלט געווארען א [illegible] א גרענד דזשורי [illegible], וועלכע איז איבערגע[illegible] געווארען צום פראסעקיוטאר מא[illegible] ה. בישאפ.

Public Library

## צוויי פאליסלייט קריגען צו צוויי יאהר פאר נעמען כאבאר

די פאליסלייט לעא ראמאנסקי און פרענק בארטעל, וועלכע זענען לעצטען זונטאג פריה געפונען געווארען שולדיג פון א דזשורי אין נעהמען כאבאר, זיינען נעכטען פון דזשאדזש הערי ב. קיידאן פאר'משפט געווארען פון צוויי ביז 15 יאהר אין מישיגען סטייט פריזאן, מיט א רעקאמענדאציע אויף דעם קירצערען טערמין.

די דאזיגע צוויי „געזעץ היטער" זענען געפונען געווארען שולדיג אין נעמען 50 דאלאר „לאפקע געלד" פון רודאלף לוקאס, 601 ספרינגוועלס עוו., נאכ[illegible] ווי זיי האבען איהם געטראשעט מיט ארעסט פאר מאכען שנאפס. איידער דער ריכטער האט ארויסגעגעבען די שטראף, האט ער געפרעגט ראמאנסקי'ן, אויב ער האט עפעס צו זאגען. אויף דעם האט ראמאנסקי געענטפערט:

„איך האב גאר ניט צו זאגען אויסער דאס, אז איך בין ניט שולדיג.

„עס איז א שווערע זאך פאר מיר דיך צו באשטראפען, ווייל איך האב דיך געקענט פאר א לאנגע צייט", האט ריכטער קיידאן געזאגט.

„איהר מוזט טאן אייער פליכט", האט ראמאנאווסקי געענטפערט.

נאך דיעזען דיאלאג האט דער ריכטער אנאנסירט די שטראף און האט באמערקט:

„דיעזער פארברעכען אונטערשיידעט זיך זעהר וועניג פון א „האלד אפ" און איז ספעציעל שלעכט, ווייל דאס לענט ארויף א פלעק אויף אלע רעגירונגס באאמטע".

## געוועזענע קייזערינע זעהר קראנק

האאג, יוני 22. — די געוועזענע דייטשע קייזערינע איז זעהר קראנק. דער קראון פרינץ איז שנעל גערופען געווארען צו דער מוטערס בעט. איהרע טעג זיינען געצעהלטע.

---

לאנדאן, יוני 22. — די צייטונג „הערלד", דער ארבייטער ארגאן, גיט היינט איבער, אז אין די פארהאנדלונג צווישען פרעמיער לאיד דזשארדזש און גריגארי קראסין, דעם באלשעוויסטישען האנדעלס מיניסטער קומט פאר א קריזיס, וועלכער וועט מעגליך פאראורזאכען, דאס די פארהאנדלונגען זאלען אפגעבראכען ווערען און קראסין זאל אפפאהרען פון לאנדאן.

די ארבייטער צייטונג זאגט, אז דער קריזיס איז ענטשטאנען צוליעב דעם, וואס דער ענגלישער פרעמיער באשטעהט אויף דעם, דאס די סאוועטען רעגירונג זאל צוזאגען צו פארגיטען די ענגלישע פינאנסירען, וועלכע האבען אריינגעלעגט קאפיטאל אין רוסלאנד. מר. קראסין, ווערט געזאגט, האט פארגעשלאגען, אז דיעזע פראגע זאל דיסקוטירט ווערען אויף א שלום-קאנפערענץ, אבער דער ענגלישער פרעמיער האט ניט איינגעווילינט אויף דעם און האט איהם געשטעלט אן אולטימאטום.

די „הערלד" באשולדיגט לאיד דזשארדזש'ען, דאס „ער ווערט דיקטירט פון א גרופע ענגלישע קאפיטאליסטען".

## אנטיסעמיטען אין דייטשלאנד שענדען אידישע שוהל און בית עולם

לאנדאן. — א ידיעה איז דא ערהאלטען געווארען דאס אין לאמפערטהיים, דייטשלאנד, האבען אנטיסעמיטען אטאקירט דעם אידישען בית עולם און האבען חרוב געמאכט 34 קברים.

אין דער דייטשער שטאדט שאהען האט א באנדע אנטיסעמיטישע כוליגאנעס אריינגעריסען זיך אין א שוהל און האט דארטען אלע ווערטפולע זאכען אוועקגערויבט.

## אידישער „האלד אפ-ניק" קריגט פון 10 ביז 25 יאהר

סידני לעווי (אדער ווי ער רופט זיך, סידני לאסס), איז נעכטען פאר'משפט געווארען צו דיענען א טערמין פון 10 ביז 25 יאהר אין האוז אוו קארעקשאן, מיט א רעקאמענדאציע אויף 15 יאהר. דזשאדזש קיידאן האט לעווי'ן געפרעגט, אויב ער האט עפעס צו זאגען, האט ער געענטפערט:

„איהר זענט דער באס, טוט ווי איהר ווילט".

„דו ביסט געווען דער באס, ווען דו האסט געהאלטען דעם רעוואלווער אין האנד", האט דער דזשאדזש געזאגט, „און איצט בין איך דער באס"...

לעווי איז עס געווען איינער פון די תכשיטים, וועלכע האבען דעם 29טען אפריל געמאכט א „האלד אפ" אויף דעם קלויזעט פון דער פרעל דזשועלרי סטאר, 73 וואודווארד עוו., און גערויבט א מאסע דיאמאנטען און אנדערע צירונג. די דאזיגע רויבעריי איז דורכגעפיהרט געווארען מיט שיין פון ליכטיגען טאג, ווען הונדערטער מענשען זענען געגאנגען צו און פון דער ווינדזאר פערי.

## דריי פארוואונדעט אין א שיסעריי צווישען סטרייקער און פאליסלייט

וואטערבורי, קאנ., יוני 21. — דריי מענער זיינען היינט פארוואונדעט געווארען אין א ראיאט נעבען דעם סקאוויל מאנופעקטשורינג קאמפאניע'ס פלענט. די פארוואונדעטע זענען: א פאליס ליוטענאנט, א פריוואטער דעטעקטיוו פון דער קאמפאניע און א סטרייקער.

## ערד-ציטערניש אין לאס אנדזשעלעס און אומגעגענד פארניכטעט 21 געביידעס.

לאס אנדזשעלעס, קאל., יוני 22. — אן ערד ציטערניש האט דא אויסגעבראכען נעכטען ארום 6.49 אין אווענט און אנגעמאכט שרעקליכע היזקות. עטליכע מענשען זענען פארוואונדעט געווארען.

אמענגרסטען האט געליטען די שטאדט אינגלעוואוד, 10 מייל סאוט-וועסט פון דאנען. 21 געשעפטס בילדינגס זענען פאקטיש פארניכטעט געווארען און די גאנצע שטאדט איז אהן ליכט און אהן גאז. עס זענען אויך צעשטעהרט געווארען פיעלע וואוינונגען.

אין לאס אנדזשעלעס האבען זיך עטליכע „פליים גלאס" פענסטער צעבראכען פון דעם ציטער און איינינע בילדינגס זענען עטוואס געשעדיגט געווארען. איינינע פערזאן זענען געטראפען געווארען פון ציגעל וואס זענען געפאלען פון די קוימענס בשעת דער ערד-ציטערניש, ליידער פארוואונדענדיג מאנכע פון זיי.

איינע א מרס. וויליאם שיפי פון לאס אנדזשעלעס, וועלכע האט זיך בעת דער ערד ציטערניש, געפונען אין א זומער-רעזארט, איינינע מייל פון דאנען, איז געווען דער איינציגער קרבן פון דער ערד ציטערניש.

זי איז בשעת דעם אויפציטער ארונטערגעשפרונגען פון אן אטאמאביל און איז געפאלען טויט פון הארץ-שלאג.

דער הויפט אויפציטער, וועלכער האט אנגעמאכט די גרויסע היזקות איז אייגענטליך ניט געווען דער לעצטער. נאך צוויי קלענערע ערד-ציטערנישען האבען נאכגעפאלגט; איין מאל אין א פאר מינוט ארום און דעם צווייטען מאל ארום 10:40 אין אווענט.

בעריכטען פון קלענערע היזקות אלס רעזולטאט פון דער ערד ציטערניש ווערט בעריכטעט פון סאן פעדרא, לאנג ביטש, סאנטא מאניקא און וועניס — אלץ געגענדען ארום לאס אנדזשעלעס.

אין אינגלעוואוד זענען פארניכטעט געווארען א האטעל, א טעאטער און אן „אנדערטייקינג" איינריכטונג, א ריעל עסטייט אפיס, דריי גראסערי סטארס, צוויי פיש מארקעטס, צוויי גאראזשען, א פול רום, א דראג סטאר, א פורניטשור סטאר און אנדערע געשעפטס געביידעס.

דעם טורם פון אן אינגלעוואוד'ער קלויסטער איז ארונטערגעפאלען און דער בילדינג, וואס איז געווען פארנומען פון דער סיטיזענס סעווינגס באנק און פון דער פורסט נעשאנאל בענק, איז צעטרייסעלט געווארען ווי א קארטען-שטיבעל.

## באמבעס געווארפען אויף ענגלישען גענעראל אין דובלין

דובלין, יוני 22. — אן אויטאמאביל, אין וועלכען ס'זענען געפאהרען אסיסטענט דירעקטאר גענ. ראבערטס און 4 פאליצייליים איז היינט אטאקירט געווארען מיט א פייער פון רעוואלווערן און באמבעס. דער אויטאמאביל איז געווען אויפ'ן וועג פון באהן סטאנציע צו דעם דובלין-פאלאץ.

גענעראל ראבערטס איז זעהר שווער פארוואונדעט געווארען אין קאפ פון א רעוואלווער קויל. דער אויטאמאביל-אנטרייבער איז פארוואונדעט געווארען אין ביידע פיס.

קיינע ארעסטען זענען דערוויילע ניט געמאכט געווארען.

דער אויטאמאביל איז אטאקירט געווארען מיט א שיסעריי פון רעוואלווערן, ווען ער איז אנגעקומען אונטער א בריק. אבער דער פארוואונדעטער אנטרייבער האט זיך ניט אפגעשטעלט און ווייטער געפאהרען. איינער פון די 4 פאליצייליים האט געגעבען שיסען אויף די אנפאלער. דאן זענען 2 באמבעס געווארפען געווארען איפ'ן אויטאמאביל.

## לאנדאנדערי באוואכט פון מיליטערישע פאטראלען

לאנדאנדערי, אירלאנד, יוני 22. — דער ציווילערקריעג איז היינט פריהמארגענס באגיים, נאכדעם ווי די נאכט איז פארביי א רוהיגע. אין פיעלע פלעצער פון דיעזער שטאט זענען פארגעקומען היינט ווידער שיסערייען צווישען שינפיינער און אירישע יוניאניסטען.

איינינע פערזאנען זענען נעכטען דער-הרג'עט געווארען אין די צוזאמענשטויסען און צעהנדליגע זענען שווער פארוואונדעט געווארען. מיליטערישע פאטרולען האבען א גאנצע נאכט באוואכט די שטאט און היינט זענען זיי אויסגעשטעלט אין די געפעהרליכע פונקטען פון צענטער שטאט. מעהרערע טרופען זענען אנגעקומען פון בעלפאסט.

מ'האט היינט אין דער פריה ניט געליפערט קיין ברויט און מילך אין די הייזער.

## גיבען א הארציגען „פאהר געזונד" צו הערבערט סעמיועל ביי זיין אפפאהרען נאך ארץ ישראל

לאנדאן. — א באגייסטערטער עולם פון אידען און קריסטען איז געקומען צו דער באהן-סטאנציע אויסצודריקען א „צאתך לשלום" צו הערבערט סעמיועל פאר זיין אפפאהרען נאך ארץ ישראל.

צווישען די וואס זענען זיך געקומען געזעגענען מיט דעם אידישען הויכקאמישיאנער, האבען זיך אויך געפונען הויכע רעגירונגס-באאמטע און סתם איינפלוסרייכע מענשען פון ענגלאנד.

איינינע לאנדאנער צייטונגען זענען ארויס מיט א פארשלאג, אז פאר עדווין מאנטאגיו זאל באשטימט ווערען אלס וויצע-קעניג פון אינדיען.

## 5000 באהן ארבייטער זיינען אין סטרייק

פילאדעלפיא, יוני 22. — לויט א סטייטמענט פון די היגע באהן-סטרייקער זיינען ארום פיעל טויזענד באהן-ארבייטער יעצט אנגעשלאסען אן סטרייק.

דער פארקעהר פון פראכט ווערט אלץ מעהר און מעהר פארקריפעלט און עס פיהלט זיך א באדייטענדער מאנגעל אין מאנכע ארטיקלען. הויפטזעכליך פיהלען שוין די ווירקונג פונ'ם סטרייק די צייטונגען, וועלכע האבען ניט קיין איבעריגע פאפיער זאפאסען.

אויף די באלטימאר און אהייא ליינס, איסט פון קאמבערלענד מד., איז ערקלעהרט געווארען אן עמבארגא אויף אלע סארטען שיפמענטס; אין פענסילווייניא איז ערקלעהרט געווארען אן עמבארגא אויף אלע ארויסגעהענדע און אריינקומענדע שיפמענטס, מיט דער אויסנאהם פון שפייז און קוילען פאר עפענטליכער נוצליכקייט און פאר האספיטאלס.

יוניאן פיהרער שטרייכען אונטער, אז דער איצטיגער סטרייק איז ניט געריכטעט געגען די ריילראודס נאר געגען דער לייבאר באורד פאר איהר אנטאגאניסטישער און נאכלעסיגער באציהונג צו די פאדערונגען פון די ארבייטער.

אייזענבאהנען, אין פאל זיי וועלען זיך צוריקקעהרען צו רעגירונגס-מאכט, אזוי האט היינט ערקלעהרט דער לאיער פון די היגע באהן סטרייקער, וויליאם לוק, וועלכער וועט קומענדען דאנערשטאג אפפאהרען נאך סאן פראנציסקא, אום פערזענליך איבערצוגעבען דעם אפיל פון די דעמאקראטער סטרייקער.

## רעגירונג וועט דערווייל ניט נעהמען קיין שטעלונג צום סטרייק

וואשינגטאן, יוני 22. — דער נייער באהן-סטרייק, וואס האט אויסגעבראכען מיט איינינע טעג צוריק אין פילאדעלפיא און באלטימאר און האט זיך פארשפרייט איבער אנדערע איסטערן און וועסטערן ריילראוד-צענטערס, ווערט אויפמערקזאם נאכגעפאלגט פון רעגירונגס באאמטע.

ביז יעצט האט נאך די רעגירונג קיין שריט ניט געמאכט אריינצומישען זיך אין סטרייק, ווייל די אלגעמיינע מיינונג צווישען די רעגירונגס-באאמטע איז, דאס מען קען האבען צוטרויען צו די אנערקענטע יוניאן פיהרער, אז עס וועט זיי געלונגען אומצוקעהרען די סטרייקער צו דער ארבייט.

וו. ג. לי, דער פרעזידענט פון דער בראדערהוד אוו ריילראוד טריינמען וועט וואהרשיינליך די טעג זיך ווענדען אין ווייסען הויז מיט א ביטע, אז די רעגירונג זאל אויפנעהמען די סיטואציע.

## דעטראיטער סטרייקער וועלען אפעלירען צו דער דעמאקראטישער קאנווענשאן

די סטרייקענדע יארדמען פון דעטראיט פלאנעווען פארצולעגען זייער קריוודע פאר דער דעמאקראטישער קאנווענשאן אין סאן פראנציסקא, מיט דער האפנונג, אז די דעמאקראטען וועלען גאראנטירען צו מאדיפיצירען דעם עש-קאמינגס געזעץ, וואס פארבאט סטרייקס אויף די

## פאלמער'ס נייער געיעג אויף ראדיקאלען

וואשינגטאן, יוני 22. — די באאמטע פון יוסטיץ-דעפארטמענט האבען היינט ערקלעהרט, דאס דורך דעם וואס דער נייער געזעץ, באוואוסט אונטערן נאמען „עליען עקסקלושאן עקט", גיט דעם יוסטיץ-דעפארטמענט א גרעסערע מאכט, וועט זיך איצט אנפאנגען א נייער געיעג אויף ראדיקאלען.

עס זענען ארויסגעגעבען געווארען באפעהלען שטרענג נאכצופאלגען די טעטיגקייט פון די, וועלכע פרעדיגען ראדיקאלע לעהרען, אדער העלפען פארשפרייטען אזעלכע טעאריעס, כאטש זיי אליין נעהמען ניט קיין אנטייל אין דער ווירקליכער טעטיגקייט פון דער ראדיקאלער באוועגונג. איבערהויפט וועט דער נייער געיעג זיין אויף דעם „סאוועטישען רויטען" און דעם „פאר לאר באלשעוויזם".

אויב „פרעמדע" וועלען פרעדיגען סאבאטאזש, אדער א געוועלטשאפט צו אן ארגאניזירטער רעגירונגס פארם, וועלען זיי, לויט דער מיינונג פון דעם דעפארטמענט'ס יוריסטען, פארפאלגט ווערען פון געזעץ. זיי וועלען ווערען דעפארטירט פאר דרוקען ארטיקלען געגען ארגאניזירטע רעגירונג, כאטש אין די ארטיקלען וועט די רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאאטען ניט אטאקירט ווערען.

## פרעזידענט ווילסאנ'ס טאכטער האט ניט צו באצאהלען קיין קאר פעיר

ניו יארק, יוני 22. — מיס מארגארעט ווילסאן, טאכטער פון אמעריקאנער פרעזידענט, האט געפאהרען אויף א 5-טע עוו. „באס" זיך פלוצלינג נעכאפט אז זי איז „נעבראכען" און האט ניט צו באצאהלען קיין קאר-פעיר. זי האט שוין געוואלט ארונטער געהן פון קאר, אבער דער קאנדוקטאר ניט וויסענדיג איהר יחוס, האט איהר געליהען א דיים פון זיין אייגענער קעשענע.

[illegible] יחוס.

מיט א פאר טעג שפעטער האט דער קאנדוקטאר, ערהאלטען א בריעף, געשריבען אויף א סטיישאנערי פון ווייסען הויז מיט א בייליגענדען דיים און דער בריעף איז געווען געצייכענט „מארגארעט וואודראו ווילסאן". אין בריעף דאנקט דעם פרעזידענט'ס טאכטער דעם קאנדוקטאר פאר זיין העפליכקייט, וואס ער האט איהר ניט געהייסען ארונטערגעהן פון קאר.

## רומענישע אפיצערען און סאלדאטען פייניגען אונגארישע אידען

לאנדאן. — אין ווערשעץ, אונגארן, וועלכע באלאנגט איצט צו רומעניען, האבען רומענישע אפיצערען און סאלדאטען שרעקליך געפייניגט און מערדערליך געשמיסען פיעלע אידען. צווישען די געפייניגטע געפינען זיך יונגע אידישע באיעס אין עלטער פון דרייצעהן יאהר און אויך זיבעציג יעהריגע זקנים.

די סאלדאטען האבען פון די ווערשעצער אידען געפאדערט א סומע געלד און ווען די אידען האבען ניט געקענט צושטעלען אזא גרויסע סומע, האבען די סאלדאטען ארעסטירט 23 אידען און נאכהער זיי אזוי שרעקליך געפייניגט.

די ארעסטירטע זענען געהאלטען געווארען אלס לעבעדיגע משכנות ביז די אידישע קהלה האט צוגעשטעלט די סומע פון 200,000 קראנען, וועלכע די סאלדאטען האבען ארויסגעלעגט אלס קאנטריבוציע ביז זיי וועלען באפרייט ווערען.

# CLASSIFIED

**גיין רומס צו פארדינגען**

9 רומס אפּסטעירז. נאָכפרעגען מר. כ. ראַזינסקי, 355 הייסטינגס סטריט.
23)

## רומס

מיט אדער אהן פורניטשור פאר א פאר פאלק אהן קינדער אויך פאר סינגעל לייט. אין א גוטען געגענד. פרעגען מאלאמוט, 253 פפרעדעריק סט. טעלעפאן מארקעט וו. 3179.
26)

**א פלעט צו פארדינגען**

145 עדלייט סטריט. 5 רומס און באר. סטאָוו הים. 45 דאלאר א חודש. טעלעפאן קעדילאק 3648 אר.

**הויז-פריי פארלאנגט**

צו פיקרען א כשר'ע קיך און אויפּפּאסען. שעהנע בעלהבתי'שע, פיינע באהאנדלונג און גוטע ווידושעס גאראנטירט. קליינע פאמיליע. פרעגען צווישען 10 און 12 אוהר מענליך, אין 148 פארנסוואָרט.

**פיער פעמילי בריק-וועניער**

$20,000

נהענד ריווער געגענד. 5 רומס יעדע. אוק פיניש. רענט $220 מאנאטליך. $135 א מאנאט צאהלען. עקוויטי $6,500. שעהנסטער געגענד אין שטאט. קיינע אגענטען זאלען זיך מעלדען. גארפיעלד 2693 דאבליו.

**די מערדבערי שוה קא.**

הייסטינגס און הענדריע

וועט אייך זיכער צופריעדענשטעלען סיי מיט קוואליטי, סיי מיט'ן פרייז. קומט און איבערצייגט אייך

טעלעפאן נארטה 2973

**די רייט הענד לאנדרי**

וועלכע האט א שם פאר גוטע ארבייט און ארענטליכע באהאנדלונג, געפינט זיך אויף 1221 הייסטינגס סטריט, ביטווין הענדריע און פאלמער. מיר פארריכטען און צירעווען אומזיסט. רופט אונז אפ: נארטוויי 2687 אר.

**אן איבערגעוועהנליכע געלעגענהייט**

צו פארקויפען א קאנטראקט פאר א 5 פעסענדושער ביואיק שפרינג קאר, וועט רעליווערט ווערען בעפאר דעם 1טען דזשולי. טוירמס צו-אראנזשירען מיט דער קאמפאני. פרעגען: "וועג" באקס 58.

**צו פארקויפען**

5 רומס פארניטשור אין זעהר גוטען צושטאנד. פרעגען 275 פרעדריק פלעט 6.
23)

**פארלאנגט**

א מיטעליעהריגע רעפינירטע פרוי אלס הויז-קיפער. א פיינע און גוטע היים און גוט באצאהלט. בלויז מוטער און 2 דזשענגלמען אין דער פאמיליע. פרעגען: מר. פרענק האפמאן, 144 בייטס סטריט (סטאר).
28)

**צו פארקויפען**

א'ן אפיס דעסק אין גוטען צושטאנד. וועל פארקויפען פאר א מעסיגען פרייז. פרעגען: מיס. שובאוו, 350 אלדרושיר.
24)

**א בושעלמאן פארלאנגט**

סטעדי ארבייט און גוטע ווידושעס. 28 עבבאט-סט.
23)

**צו פארדינגען**

3 רום פלעט. נאכפרעגען אין גראסערי סטאר פון 578 ענטווין סט.

דער בעסטער מוהל אין שטאט און מסדר קידושין

## חזן דוד גאָלדען



אין 248 איסט האי סטריט

טעלעפאן מעין 4420

**רעוו. ל. ד. רייכלין**

פון אהבת אחים שוהל (אָוקלאנד)

נעהמט אָן סדור קדושין

און אנדערע שמחות מיט די בעסטע צופרידענהייט.

511 קעמעראן עוועניו

טעל. העמלאק 1130 דאבעליו

---

## פערלאנגט און געזוכט

צוויי אדער דריי ליינס אין "וועג" ברענגט אייך די בעסטע רעזולטאטען.

# Real Estate

**צו פארקויפען**

א גרויסע 7 רום הויז, מיט באטה, א נייער דאבל גאראדזש און א פולער פארטש, אויף 125 ניל'ס סטריט, ביטווין יוקליד און קליי. נאהענט פון דארדוש, ווילסאן'ס און אנדערע פעקטאריעס. זעהט דאס, וואס שנעלער און איבערצייגט זיך זעלבסט. עזהר א גוטע אינקאם. דער פרייז איז $7,500. איינצאהלען $2,500. ווען איהר צאהלט ארוים מיין עקוויטי, וועלכע איז $3,800 קענט איהר דאס קויפען פאר $6,500. פרעגט מר. סיימאן, 738 אוקלאנד עוו. טעלעפאן העמלאק 5840.
24)

**צו פארקויפען**

א הויז אין 417 אלבראָק, מיט אלע מאדערנע קאנוויניענס. די מענשען פארלאזען נאך יורא. דאס איז ווערט 8,500 דאלאר. מען קען זי קויפען פאר $6,500 מיט 4,000 דאלאר איינצאהלען.
22)

## אייער זומער וואקיישאן

וועט אייך בעסער באקומען ווען איהר וועט טראגען די ריכטיגע אויגען גלעזער



אין אלגעמיין דארפט איהר אלע מאל עקזאמענירען אייערע אויגען ביי דעם

**LOU. GOLDBERG**

**245 Griswold St.**

רעטראיטער אויגען ספעציאליסט רעדזשיסטערד אפטאמעטריסט און מאנופעקטשורינג אפטישען

אויגען עקזאמענירט ביי אפוינטמענט

אויך זונטאג

מיר שיקען צו אייך אהיים נאך די גלעזער און ריפּערען. דעליווערי פריי.

# J. Lanskey Tailor

אויב איהר ווילט קריגען גוטע פאקאנטווארטליכע ארבייט דאן קומט צו 105 טיאדאר סטריט. מיר קלינען, פרעסען און רעמאדלען ליידיעס און דזשענטס גארמענטס.

## שעכטער'ס דראג סטאר

477 הייסטינגס סט.

טעלעפאן, טשערי 5763

פרעסקריפשאנס פארפערטיגט מיט די גרעסטע פינקטליכקייט

צו יעדער צייט

**דזשאָ. ה. לימאן**

און

**מארטימאר דזשיי ליסס**

לאיערס

מאכען בעקאנט צום ווערטהען פובליקום, דאס זיי האבען געמופט זייערע אפיסעס פון 928-9 טשיימבער אוו קאמערס בילדינג

צו

204 האדשעס בילדינג

קארנער סטייט און גריסוואלד

טעלעפאן טשערי 3978

**מר. ביזנעסמאן!**

ווארום טוט איהר ניט ווי אלע פארשטענדיגע ביזנעס לייטע טהאן? אויב איהר מוזט צוליעב וועלכע עס איז אורזאכע פארקויפען אייערע ביזנעס, ווארט נישט פויל —

**מאכט אן אקשען**

און איהר וועט קריגען די געלד אין קעש דעם זעלבען טאג. רופט אפ דעם באקאנטען אקשעניער —

**בען פרידמאן**

ער וועט זיכער אייך צופריעדענשטעלען. רעזידענץ 220 בענטאן סטריט. טעלעפאן קעדילאק 2580.

---

## אונזער אידישע ביזנעס דירעקטארי

ביזנעס איז גוט אויף הייסטינגס סטריט

בוסט הייסטינגס סטריט. ס'איז א סגולה צו פרנסה

**מאדערן דעליקאטעסען סטאר**

473 הייסטינגס סטריט

טעלעפאן טשערי 6169 וו.

ה. האלפקין, פראפ.

איך וועל אייך אנשרייבען אייערע **ארוועטייזינג**

וועט עס אייך ברענגען **רעזולטאטען**

ל. מאמוט — מעין 3715

קויפט די בעסטע **שרייב טינט** אין דער וועלט פון **בושע'ס אינק** קא.

186 בענטאן סט. — דעטראיט, מיש.

**מאיעווסקי און קאזען'ס**

דזשענטס פארנישינגס באיס קלאדינג און העטס

528 הייסטינגס סטריט

טעלעפאן: טשערי 7867

**ליעבערוויץ בראס.**

פיטען **שיך** פאר דער גאנצער פאמיליע

524 הייסטינגס סטריט

**שיפמאן'ס**

דזשענטס פורנישינגס

605 הייסטינגס סטריט

צווישען בענטאן און עליאט

האט א שם צווישען מבינים

**דזשייקאב וועקסלער**

שרייבט **דזשענעראל אינשורענס**

272 קווירבי. — נארטוויי 2554 דאבליו.

**פילאדעלפיא**

דרעס און דריי גודס הויז

671 הייסטינגס סטריט

אמת'ע בארגעינס צו יעדער צייט

טעלעפאן: טשערי 6131

**Y. H. P. A.**

**רעסטאראנט און לאנטש**

האפמאן בראס. און זלאטניק

הייסטינגס קאר. ברוידי

אפען טאג און נאכט

**ט. בייסנער**

טינגינגג און רופינג

אלערליי רופינג און ריפעירינג

335 מאנטקאלם סטריט

טעלעפאן טשערי 6656

**מ. האכבערג'ס**

דזשענטס פארנישינג סטאר

532 הייסטינגס סטריט

וועט אייך האלטען אין סטייל און שפארען געלד

**פיפלס סטאר פיקטשורס קא.**

שאָוקייסעס, קאונטערס, אייזבאקסעס, נייע און אלטע. צו בילינע פרייזען.

341 הייסטינגס סטריט

האלט אייערע האר אין ארדנונג:

**מילער'ס היגיענישע בארבער שאפ**

579 הייסטינגס סטריט

וועט אייך צופריעדענשטעלען

**טשארלס לאזאווסקי'ס בארבער שאפ**

519 הייסטינגס סטריט

א פלאץ פאר אלע קלאסען אורען

**גולעוואָרד רעסטאראנט**, 1223 הייסטינגס און הענרי, אונטער א נייעם מענעדזשמענט מיט די בעסטע שפייזען און מעסיגע פרייזען. קומט און איבערצייגט זיך. פראפ. האבערמאן און קירץ.

**הרב ר' יוסף תאומים**

רפה

202 דיוויזשאן סטריט

טעלעפאן טשערי 6199 דאבעליו

**פיש מארקעט**

דער בעסטער פלאץ צו קריגען די פרישסטע און געשמאקסטע פיש איז ביי

**לייבעל דעם רומענישען**

203 ווינדער סט. טעל. טשערי 5731

**קעש רעדזשיסטערס**

**נעשאנאלס, אלערליי סטיילס**

— געקויפט און פארקויפט —

**DETROIT USEDCASH REGISTER CO.**

66 Broadway — Cadilac 5112

---

**אלע'ען פון די ארומיגע שטעדט**

קויפען פון די

**וועסטערן טאקינג מאשין קא.**

4.. הייסטינגס, נייער אלפרעד. אידישע אויך רעקארדס אין אלע שפראכען.

**ראזען'ס בעקערי**

ברויט און קענס' קייקס

408 הייסטינגס סטריט

צו מיר קומט מען פון אלע טיילען שטאט

**דזש. ראטנער'ס**

דזשענטס פארנישינג און קעפס

584 הייסטינגס סטריט

מיר שטעלען אייך צופריעדען מיט סטייל און פרייזען

קויפט **הערינג** ביי דער

**מישיגאן הערינג סופליי קא.**

ה. מילער, 435 הייסטינגס סטריט

פרובירט די נייע שמאלץ און מאטשעס הערינג

**באהעמיען רהיי בעקערי**

נייטען קארן, פראפריעטאר

515 הייסטינגס סטריט

א פולע ליין קייק, חלה און ברויט

**קאהן בראס. און מייערסאן**

דער רעסטאראנט וואו מען עסט זיננענדיג א גאנצע וואך. דער עיקר שבת און זונטאג (שנארער למשל). 630 הייסטינגס

**ווארע ביליג פאר סטאר-קיפערס און פעדלערס**

ספעציעלע פרייזען פאר ריטיילערס

**מאקס ראזינסקי**

353-355 הייסטינגס, קאר. קאלומביא

**סיינס**

ארטיסטיש און גיט טייער

ה. ראטהענבערג

302 הענקאק

**טייכער'ס הארדוועיר**

768 הייסטינגס סטריט

אפולע ליין בילדערס סופלאיס אלומינום, פיינטס א. ז. וו.

ארדערס דעליווערט איבעראל

**מאדערנע מענשען**

קויפען זייערע שיך אין

**מאדערן שוה סטאר**

603 הייסטינגס סטריט

**דזשאָ. ל. רובי**

אטאירני

האט יעצט זיין אפיס אין 710 טשעמבער אוו קאמערץ

טעלעפאן מעין 7339

**ס. שענקער**

מענער און פרויען שניידער, קלינינג, פרעסינג, רעפעירינג. ארבייט גאראנטירט

919 אוקלאנד עוו.

צווישען בעלמאנט און טראוברידזש.

**פינסקער כשר רעסטאראנט**

549 הייסטינגס סטריט

פלאץ פאר 100 מענשען.

די פיינסטע מיעלס.

סאניטאריש און [illegible]

קויפט ביי די אוקלאנד הארדוועהר און ספּעט 10% א פולע ליין פון הארדווער, פיינט און גלאסווארג.

**די אוקלאנד הארדווערי**

724 אוקלאנד. טעל. העמלאק 1358

**אפהאָלסטערינג**

מאכט אייער אלטע פורניטשור שפּאגעלנייי

**א. וועסט**

865 הייסטינגס סטריט

**ליבערטי העט קלינינג**

אויך שוה ריפעירינג

ליידיעס און דזשענטעלמען

566 הייסטינגס סטריט

669 הייסטינגס סטריט.

ספעשעל פרייזען אויף סוטס און דרעסעס געמאכט צו ארדער פאר די זומער מאנאטען

**נאנעטא שאפ**

96 ראדוויי — טעל. טשערי 2367

ווען עס האנדעלט זיך וועגען

**טראקינג און מואווינג**

דאן רופט אפ

**איזי'ס אוטא טראק**

288 עליאט סט. — טעל. טשערי 6099

---

בוסט הייסטינגס סטריט. ס'איז א סגולה צו פרנסה

פאר גוטע ארטיסטישע בילדער איז רעקאמענדירט

**א. קעלערמאן, פאטאגראף**

490 הייסטינגס סטריט

**ווילט איהר עסען פרישע שפייז**

קויפט

**דזשיי לאבאר'ס**

פוטער און אייער

378½ הייסטינגס סטריט

יוטאפּיא האל (אפּסטערז)

**יוטאפּיא איז קרים פארלאר**

338 הייסטינגס סטריט

א. פאול, פראפ.

**מאקס ראזענבערג'ס פאר שאפ**

האלסייל און ריטייל, ריפערינג און רימאדלינג צו מעסיגע פרייזען

484 הייסטינגס סטריט

טשערי 7701

**גאלדבערגס כשר רעסטאראנט**

391 הייסטינגס סטריט

פרישע שפייזען פאר געוועהנליכע פרייזען. קומט און איבערצייגט אייך

**ה. פלאטקין'ס** בוך סטאר

(געוועזענער אוצניק'ס)

אידישע ביכער, ספרים, טליתים פאר די מעסיגסטע פרייזען

458 הייסטינגס סטריט, קאר. אדעלייד.

**קרעמער'ס הארדוועיר**

278 קענפיעלד

מעלראוז 1732 "עס"

ראיעלע באהאנדלונג, מעסיגע פרייזען

**McCAREY'S**

**טייר ריפייר שאפ**

667½ הייסטינגס סטריט

ווארפט ניט אוועק קיין אלטע טיירס

**פיינסטע סטייל דרעסעס**

מילער בראס.

קלאוקס, סקוירטס, וויסטס

רעדי טו וועהר

264 הייסטינגס סט. — מעלראוז 6108

ווילט איהר סייפען געלד? — דאן קומט צו **קליין און גאלדמאן**. פארוערם א גרויסען סטאק פון קוני ביז סויבעל. מיר מאכען אויך ריפיירינג און רימאדלינג. 398 גרעשיאט. טעל. מעין 3613

**הייזער און פלעטס** צו פארדינגען

קומט פערזענליך. מיר האבען וואס איהר ווילט, אדער מיר וועלען עס געפינען.

**McQUAIDE REALTY CO.**

536 גרענד ריווער — גלענדייל 4572

**ווארדען ריעלטי קא.**

588 הייסטינגס סטריט

וועט פארקויפען אייער ריעל עסטייט צו יעדער צייט

**לייאן שיך**

שטעלען אלעמען צופריעדען

# Lion Shoe Co.

594 הייסטינגס סטריט

**דזשאזעף ל. רובי**

לאיער

האט זיין ברענטש אפיס פאר די אוועגדען אין 588 הייסטינגס סטריט.

טעלעפאן מעין 7339

# Reliable Store Fixture Co.

מיר האבען א גרויסען אויסוואהל פון אלערליי סטאר פיקסטשורס, וואל קייסעס, שאו קייסעס, אייז באקסעס, קאונטערס, שעלווס, סייפס, סקיילס, רעדזשיסטערס, נייע און געניצטע, צו מעסיגע פרייזען. ארענטליכע באהאנדלונג. 2 סטארס.

**רעלייבל סטאר פיקטשור קא**

305 גרעשיאט עוועניו

טעל. קאדילאק 2445

277 מישיגאן עוועניו

טעל. קאדילאק 4924 עס.

**מאושען-פיקטשור אפּערייטארס**

לערענט זיך פאר לייכטע און ריינע ארבייט, קורצע שטונדען, גוטע ווידושעס קוואליפיקיישאן גאראנטירט.

**Movie Operator's School**

**33 Sproat St**

מאנטאג, מיטוואך און פרייטאג 7:30 אבענד.

---

# Mt. Clemens

**דאס שטארקסטע מינעראל וואסער אין דער וועלט איז די**

דער בעסטער האטעל אין דער



## פאונטעין בעטה הויז

אינטער א אידישער מענעדזשמענט. קומט און ווערט קורירט פון רומאטיזם, נערווען-קראנקהייטען א. ז. וו. אונזער פאונטען בעטה הויז איז די ערשטע און אריגינעלסטע ווי אויך די איינציגע אידישע.

בעסטע באהאנדלונג גאראנטירט.

שרייבט צו די

**FOUNTAIN BATH HOUSE**

**Cor. Gratiot & Clinton,**

**Mt. Clemens, Mich,**

## פאונטעין האטעל

כשר

100 שעהנסטע רומס. גרעסטע דיינינג רום. נעבען דער פאונטעין בעטה הויז. פרייז $25 רום און באָרד. די קאר פון דעטראיט ברענגט אייך צו אונזער טיר, ווען איהר זאגט צום קאנדוקטאר אז איהר ווילט סטאפען נעבען "פאונטעין". שיקט א פאסטעל קארד, ווען איהר ווילט וויסען איינצעלהייטען צו

סעם מארינאוו, פראפ.

## קליוולאנד כשר האטעל און רעסטאראנט

מרס. סערע זעמלאקאווסקי און לינא בעקערמאן

97 קלינטאן סטריט

מאונט קלעמענס

בעסטע סוירווים, ביליגע פרייזען. נעבען בעסטען באדינג פלאץ. אפען א גאנץ יאהר. שרייבט א פאסטעל קארד.

**אטלאנטיק כשר הויז**

**מאונט קלעמענס**

פאר $25 א וואך גיבען מיר אייך א פיינע רום מיט עסען. די פאונטען באד איז נעבען הויז. שרייבט א פאסטעל קארד צו דער אטלאנטיק.



ס'ניט נעדרונגען אז איהר מוזט האבען טויזענדער צו זיין אין מט. קלעמענס

## ניו ווילא האטעל

וועט אייך רעכענען $25 א וואך און איהר וועט הנאה האבען. אלע רומס קאנעקטעד מיט א פעסעדזש צו די פלאזא בעדער. שרייבט נאך איינצעלהייטען צום פראפּראיעטאר ה. קראוז.

## זייט געזונט



און פארברענגט אייער זומער וואקיישאן אין מאונט קלעמענס, און אז שוין אין מאונט קלעמענס וועט איהר סטאפען אין

# Elkins Hotel

100 רומס. דיינינג רום פאר 300 לייט. א רפואה פאר קראנקע, א פאר־געניגען פאר געזונטע.

## אייער פארלארענע געזונט



קריגט איהר צוריק, ווען איהר זענט אין מאונט קלעמענס און סטאפט אין

## גלענוואוד האטעל

קאנעקטעד מיט די בארימטע אלימפיא בעדער. שעהן, ליכטיג, לופטיג. פרישע שפייזען, מעסיגע פרייזען. א ספעשעל לאנטש און דעליקאטעסען סטאר, קאנעקטעד מיט די גלענוואוד. שרייבט נאך אויסקינפטע צו א. מארסקי.

**פיטסבורג כשר האטעל**

אין מאנט קלעמענס

נעקסט דאר צו פלאזא בעטה הויז.

מ'ר באהאנדלען אייך ראיעל און רעכנען ניט טייער. וואטשט פאר אונזער פאר־טרעטער ביים סטיישאן.



## אלבאני האטעל

אין מט. קלעמענס, האט א נאמען פאר די לעצטע 20 יאהר אונטער דעם זעלבען מענעדזשמענט,

מיר בעטען אונזערע קאסטימער און פריינד צו קומען באצייטענס איידער דער סעזאן איז אין פולען גאנג, כדי מיר זאלען זיי קענען געבען בעסערע באהאנדלונג. שרייבט צו

**ס. מאסקאוויץ**

א נייעם אין מאנט קלעמענס

**צוויי כשר'ע דעליקאטעסען סטארס**

אין מאנט קלעמענס

**B. & M. DELICATTESSEN**

**58 N. Gratiot**

**and 46 Cass Avenue**

אלערליי לאנטשעס און געטראנקען. באזוכט אונז ווען איהר זייט אין מאנט קלעמענס

## ריווערסייד האטעל

(געוועזענער פארק ענעקס)

מט. קלעמענס, אינגאנצען רעמאדעלירט, עפענט זיך 1-טען מאי.

150 רומס, דיינינג רום פאר 300. דאס אידעלסטע פלאץ פאר געזונטע ווי פאר קראנקע. שרייבט נאך איינצעלהייטען.

# Riverside Hotel

**Mt. Clemens, Mich.**

— באקאנטמאכונג —

**רעוו. א. קאצער**

וואס איז רעקאמענדירט פאר'ן בעסטען

**מוהל**

זייט די לעצטע 20 יאהר

האט געמופט פון 263 פארנסוואָרט אין

140 מערקורי, קאר. בראש

טעלעפאן: מארקעט 827

# א קאלאמביא גראפאנאלא און איהר אויטאמאטיק סטאפ

מיינט דאס לעצטע ווארט אין דער וויסענשאפט

## א קאלאמביא גראפאנאלא

מיינט די זיכערהייט און שטארקייט פון א פעקארד קאר. וואצו קויפען אן אן אנדערע מאשין וואס האט קיין פארגאנגענהייט און צוקונפט, ווען אייער אינוועסטמענט איז זיכערע, ביי קויפען אונזערע א פאנאגראף.



## אונזער רעקארד סטאק איז באקאנט אלס דער גרעסטער צווישען מוזיק סטארס

מיר האבען מעהר רעקארדס ווי אנדערע. און אייער פרייען

## אווענד און זונטאג

איז אונזער סטאר אויך אפען.

ווערט איינער פון אונזערע צאהלרייכע קאסטימער.
א גרויסער סטאק פון פידלען און אלע אנדערע מוזיקאלישע אינסטרומענטען.

## וועסטערין טאקינג מאשין קא.

493 הייסטינגס סטריט 493

ניער אלפרעד — טעלעפאן טשערי 7493 — דעטראיט

אפען אווענד און זאנטאגס



### גרויסער בארגעין
### אין ביזנעס ארער פעקטארי פראפערטי

316 ביי 105 פוס אויף דעם סאוטוועסט קארנער פון ראססעל און מאללעט. דאס איז שוין צוזאמען מיט א בריק פעקטארי בילדינג, 44 ביי 105 פוס, ווי אויך 2 גרויסע סטארעדזש יארדס און רעזידענס, אלעס בלויז אונגעפעהר א האלבען מייל פון סיטי האל. דער פרייז איז שפאט ביליג, בלויז 6,000 דאלאר. און נאר 12,000 דאלאר איינצאהלען און גרינגע אפצאהלונגען: 450 דאלאר א מאנאט.

נאכפרעגען

**לייק סייד ריעלטי קא.**

3120 איסט דשעפערסאן סטריט
טעלעפאן, היקארי 3604



### צו פארקויפען

א פיער פעמילי הויז מיט א סטאר און א גוטען ביזנעס סעקשאן, פאר $10,500 מיט $3,500 איינצאהלען. עס ברענגט אריין $155 א מאנאט. נאכפרעגען 247 וועסט ענד עוו. דעלריי. סידער 1409 אר.

24)



### צו פארקויפען

א גוטע עטאבלירטע גראסערי אין א גוטען נעגענד. 5 רומס, ביליגע רענט, מיט א ליעס פאר צוויי יאהר. גאראנטירט צו מאכען א פיינעם לעבען. אורזאכע: עלטערע מענשען, איז ניט אימשטאנדע צו אטענדען. פרעגען אין „ווענ" באקס 100.

29)



דער פלאץ פאר גוטע ארבייט
גוטע בעהאנדלונג — ליבעראלע פרייזען.

## דר.
## ה. סטאריקאף
### דענטיסט

490 הייסטינגס סטריט



### לענדלארדס און פראפערטי אייגענטימער

לאזט זיך ניט נארען, זייט פארזיכטיג בעפאר איהר קויפט סעמענטענע נארבעדזש ארער אש־רעסעפטיקאל, דימראיס קאנקריט מאניופעקטשורט רי־אינסטאלד רעסעפטיקעלס. די צעמענט איז געמישט מיט ווייער, ווערט נעווער צופאלען, וועט זיך ניט שפאלטען, פון פראסט. מיר גאראנטירען ביליגער אין פרייז, בעסטע אין קוואליטי. **ה. מ. קאפמאן,** 296 האנקאק איסט. טעלעפאן מעלראוז 3595 וו. טשערי 1473. פרייע אינסטאליישאן.



### באקאנטמאכונג

**די סילווער לעדער קא.,** 578 רושאז. קעמפא, קויפט פארשיעדענע זארטען לעדער און אימיטיישאן לעדער, אויך אלטע לעדער און ראבער בעלטינג. ספעציעל ווענען מיר פאראינטערעסירט אין נייע סעלאליד סקרעפ; מיר צאהלען 65 סענט א פונט.

**פארגעסט ניט** אונזער טעלעפאן נומער: מעלראוו 4610.



D&C LAKE LINES

**A Vacation Trip That Satisfies**

THE summertime will soon be here and with it the joys of a vacation trip. Where are you going? The Great Lakes is the mecca for particular and experienced travelers on business and pleasure trips. The D. & C. Line Steamers embody all the qualities of speed, safety and comfort, the freedom of the decks, the cool refreshing lake breezes. D. & C. a Service Guarantee.

Daily Service May 1st between Detroit and Buffalo. Leave 6:00 P. M. Arrive destination 9:00 A. M.

Daily Service April 1st between Detroit and Cleveland. Leave 11:00 P. M. Arrive destination 6:15 A. M.

**MACKINAC ISLAND**

Service June 14th to Sept. 14th. 3 trips per week June 14th to July 1st. July 1st to Sept. 14th, 6 trips per week.

**Between Detroit and Buffalo Use Your Rail Tickets**

Send 2c Stamp for Illustrated pamphlet and map of Great Lakes. Address L. G. LEWIS, G. P. A., Detroit, Mich.

**DETROIT & CLEVELAND NAVIGATION CO.**
A. A. SCHANTZ, President and General Manager.
J. T. McMILLAN, Vice-President.




# ביאליסטאקער

...צוליעב אורזאכען פון אונז ניט אבהענגיג, זענען מיר געצוואונגען אבצו... ...איף אן אומבאשטימטע צייט אונזער **קאנצערט און באנקעט.**

...בען מיר האבען אראנזשירט אויף דיעזען זונטאג, דזשון 20טען.

...ע וועלכע האבען שוין טיקעטס זענען געבעטען צו קומען צו אונזער ...לען מיטינג, נעקסטען **מיטוואך, דזשון דעם 23טען, אין לייבאר טעמפעל,** וואו ארראנזשמענטס פאר א צווייטע אונטערנעהמונג וועט געמאכט ווערען.

**...הויפטזעכליך קומט אלע ביאליסטאקער און פון אומגעגענד... אבנעהמען א גרוס פון אונזער לאנדסמאן און פריינד... ...בער איז נאר וואס פון ביאליסטאק אנגעקומען.**

...ער האט פיעלע גרוסען און בריעף צו אייך.

מיט גרוס,
דער ביאליסטאקער פעראיין און דעטראיט


## צוקער צוקער צוקער

פון ... פונט — — — — ביז — — — — הונדערט פונט

צו יעדען איינעם יעדען טאג

אין

## ראזענס בעקערי

408 הייסטינגס סטריט



...צום דעטראיטער פובליקום

אין

## קאפלאן'ס בארגען סטאר

געהט נאך אלץ אן דער

## קלאזינג אוט סייל

...ייל דאס איז ווירקליך א סייל, בלויז דערפאר, ווייל די סטאר מוזט דאן טאן.

איהר קענט ... אלע יעדען טאג נאך גאנץ נעע צעהנדליגע ארטיקלען, וואס ווערען אויספארקויפט צו ביליגער ווי קאסט. און ווען איהר פארפעהלט צו קויפען אן ארטיקעל פארליערט איהר קעש געלד.



# דארפט איהר געלט פאר ביזנעס צוועקען?

אויב איהר דארפט צאהלען רענט אדער איהר דארפט פארגרעסערען אייערע ביזנעס
און איהר זייט געאיינגט אין קעש, דאן קומט צו אונז

## מיר וועלען אייך געבען געלט אויף אייער נאוט

פאר רעגולאר בענק אינטערעסט. בלויז אויף די אינדארסמענט פון צוויי פאראנטווארטליכע לייטע

מיר גיבען אייך געלד אויף סעקאנד מארטגיידזשעס און קאנסטראקשאן לאאנס

## קיינע באנוסעס ——— קיינע רעד טעיפ

# The Merchants Investment Co.

**204 Hodges Bldg**

דער וועג
THE DETROIT JEWISH DAILY
Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY INC.
347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715
J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.
B. I. GOLDSTEIN, Editor
(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)
Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.

# [illegible]וענגען דעם דעטראיט'ער אוקראינעם פאראיין

מיר האבען אין דעם מאנטאגדיגען לייטארטיקעל געשריבען, אז אייניגע [illegible]טרעטער פון דעם ניו־יארק'ער פארבאנד האבען געראטען, אז דער היגער פאראיין [illegible]ל זיך שטעלען אין דירעקטער פארבינדונג מיט קאפענהאגען.

און דא מוזען מיר ערקלעהרען, אז אורגענד וועלכע ארבייט לטובת [illegible]וקראינע קען נישט אויסמייהען קאפענהאגען, אפילו ווען די בלאקאדע וועט שוין [illegible]יין ארונטערגענומען.

דער סקאנדינאווישער אידישער צענטראל הילפס קאמיטעט האט זיך [illegible]ארבונדען מיט קאפענהאגען'ער „אינטערנאציאנאלען הילפס־קאמיטעט", וועלכער [illegible]גט זיך נישט אפ צו געבען הילף די אוקראינער אידען; זיין הויפט הילף באשטעהט [illegible]ין קליידער און סאניטארע און מעדיצינישע מיטלען פאר אלע אויסלענדער אין [illegible]אוויעט רוסלאנד. דער דאזיגער קאמיטעט טראנספארטירט אונטער זיין שוץ אלע [illegible]ראנספארטען, וואס זענען באשטימט פאר אידישע פאגראם קרבנות אין דעם טייל [illegible]וקראינע, וואס שטעהט אונטער דער רעגירונג פון באלשעוויקעס.

דער דאזיגער „אינטערנאציאנאלער הילפס־קאמיטעט" ארבייט מיט דער [illegible]סכמה פון די סאוויעטען. אהן איהם איז שווער צו טראנספארטירען עטוואס אין [illegible] אידישע ישובים וואס זיינען אונטער די באלשעוויקעס.

די אידישע פארשטעהער האבען אבער חוץ די טראנספארטען געוואלט [illegible] אויך שלוחים, זאלען קענען באזוכען אוקראינער שטעדטליך און עס זאלען אויך [illegible]יטפאהרען מענשען.

דאס האט מען געמוזט פועל'ן ביים פארטרעטער פון די סאוויעטען.

[illegible]דר. יאכעלמאן, וועלכער איז דער הויפט־טוער אין דעם סקאנדינאווישען [illegible] דישען צענטראל הילפס־קאמיטעט, האט נאך אן אונטערעדונג מיט מאקס [illegible]טווינאוו (פארטרעטער פון סאוויעט רוסלאנד) באקומען די פארזיכערונג, אז די [illegible]אלשעוויקעס האבען גאר נים דאגעגען, אויב באגלייטער מיט די טראנספארטען [illegible]לען קומען אין איהרע גרעניצען. און צו דעם האט ער איהם ערשט נעגעבען [illegible] וועלכע ערלויבניש אויף פאפיר.

דער סקאנדינאוויש אידישער צענטראל הילפס־קאמיטעט צוזאמען מיט'ן [illegible]רבאנד פון די אוקראינער אין ענגלאנד און מיט די אידישע פארטרעטער פון דער [illegible]פירטער אוקראינע — מיט זיי אויך די פארטרעטער פון דער דזשאינט דיסטרי־[illegible]ישאן קאמיטע, האבען באשלאסען, אז אין איצטיגען מאמענט, ווען די בלאקאדע [illegible] נאך נישט ארונטערגענומען געווארען און אפילו א שטיק צייט שפעטער, נאכדעם [illegible] די בלאקאדע וועט ארונטערגענומען ווערען, איז קאפענהאגען דער פאסיגסטער [illegible]אן אין דער צענטער פאר ארגאניזאציע און לייטונג פון הילפס ארבייט פאר די [illegible]קראינער אידען און אויף דעם כמך איז נאך מיט א פאר חדשים צוריק (דעם [illegible]טען אפריל) ארויסגעשיקט געווארען טעלעגראמעס צו די אידישע אוקראינישע [illegible]לפס ארגאניזאציעס אין די פארשידענע לענדער און וועלכע עס האט זיך [illegible]אנט פאלגענדעס:

„נאך א לענגערער ארבייט און מיה האבען מיר צוזאמען מיט דר. יאכעלמאן געשאפען די מעגליכקייט צו קענען אנהויבען באלד די הילפס־ארבייט פאר די פאגראם קרבנות אין רוסלאנד־אוקראינע. די טראנספארטען דורך קאפענהאגען וועלען באגלייט ווערען מיט פארטרעטער פון אידישע הילפס ארגאניזאציעס. כדי צו קענען אנפיהרען די הילפס ארבייט אין א גרויסען מאסשטאב באטראכטען מיר אלס דרינגענד נויטווענדיג דאס צוזא־[illegible] מענארבייטען פון אלע אידישע הילפס קאמיטעטען".

אויף דיעזער טעלעגראמע האבען זיך אפגערופען פיעלע הילפס קאמיטעטען [illegible] ענגלאנד ווי אויך דער ניו־יארק'ער פארבאנד.

דאס איז בנוגע דעם חלק אוקראינע וואס איז אונטער די באלשעוויקעס.

ארום יענער צייט (פון דעם 15־טען ביז דעם 17־טען אפריל) איז אין [illegible]ונא (וואהלינער גובערניע) פארגעקומען די ערשטע קאנפערענץ פון דעם חלק [illegible]ראינע וואס שטעהט אונטער פוילען.

ביי דיעזער קאנפערענץ זיינען אנוועזענד געווען דער דירעקטאר פון דער [illegible]אינט דיסטריביושאן קאמיטע ה' שאהאן מיט פארטרעטער פון ראוונא, אסטראג, [illegible]נא, קרעמעניץ, לוצק, אלט קאנסטאנטין, וולאדימיר וואלינסק, סלאוויטע, שע־[illegible]טיווקע, זאסלאוו, זוויהל, טעאפיפאל, סארני, קארעץ, פאלאנע און פראסקוראוו. [illegible] האבען אויסגעארבייט א געוויסען פלאן ווי אזוי אויפצונעהמען שלוחים פון [illegible]יארק און ווי אזוי אנצופיהרען די הילפס־ארבייט אין די דערמאהנטע געגענדען.

מיט איין ווארט: — אויב דער היגער פאראיין פון די אוקראינער אידען [illegible] באמת גרייט זיין צו טאן אויפריכטיגע ארבייט, האט ער א ברייט פעלד פאר [illegible] טעטיגקייט און האט גענוג קאמיטעטען וואס זאלען איהם העלפען מיט ראט.

עס וועט זיין דא אם פלאץ צו דערצעהלען, אז דער באריכט וואס איז אפ־[illegible]געבען געווארען אויף דער קאנפערענץ אין ראוונא איז געווען א פארזיכטיג אויס־[illegible]ארשטער און מ'האט זיך געהיט נישט צו איבערטרייבען דעם אומ־[illegible] נאר ווי ווייט מעגליך צו פארלינדערען איהם. און פונדעסטוועגען ווען איהר [illegible]פט א בליק אויף איהם, ווערט פארקיהלט דאס בלוט.

למשל: —

אין ראוונא גויטיגען זיך 22,000 מענשען אין שטיצע; אין אלט קאנסטאנ־[illegible] הערשען ציוי מגפות: פאקען און פלעקען טיפוס; אין טעאפיפאל זיינען 200 [illegible]ישע הייזער אוועק מיט'ן פייער און 100 אידען נע'הרג'עט געווארען; אין זוויהל [illegible]לטשין איז קיין זכר נישט געבליבען, דאס גאנצע שטעדטעל איז פארברענט גע־[illegible]ן באריפון דער טיפוס עפידעמיע געשטארבען איבער 8 הונדערט אידען; פון [illegible]ן: אין קאמענאבראד איז נישט איבערגעבליבען קיין איין מאנסביל. אלע [illegible]ישע מענער זענען אויפגעקוילעט. געבליבען זענען נאר פרויען און עופה'לעך; אין [illegible]אוו ליגען טויזענד מיט 90 טיפוס קראנקע — — און אזוי א גאנצע ליסטע [illegible] קען א מענשען משוגע מאכען.

און די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע האט פאר דיעזע פאראומגליקטע [illegible]גרען נעגעבען יענעם חודש זעקס מיליאן רובל. מסתמא אזא נתינה וועט זי [illegible]ען אלע חודש.

אבער, ווייסט איהר נישט די פרייז פון א רוסישען רובל?

אבער דאס זיינען שוין מקומות וואוהין עס דערגרייכט א בריעף, א דאלאר [illegible] קרוב, א נערום.

[illegible] און וואס איז מכח יענע אידען אין יענע שטעדט אין שטעדטליך וואו [illegible]אגעלט איז [illegible] מיט הארמאטען?

עס איז אוממעגליך אריינצוטראכטען זיך אין דיעזען מורא'דיגען אומגליק. [illegible] און מיר דא זיצען און חקירה'ן: צו זאלען מיר דא אויפהאלטען זיך אין א [illegible]יין, וואס זאל בכח זיין צו טאן עפעס לטובת אוקראינע, אדער מיר זאלען הכ[illegible] [illegible]ויסעס שטרעבען.

[illegible]לוים אונזער מיינונג איז יעדער טאג, יעדע שעה וואס מיר נעבען אויעק [illegible]קירות, מיט פשוט'ען נארגישע טאן לטובת דעם שארית הפליטה אין אוקראינע

אין אפענער פאראט קענען אונזערע ברידער און חברים, טאטעס און קינדער; א פאראט [illegible] און א בלוטיגע ליגר, פון וועלכער מיר וועלען זיך קיינמאל נישט קענען דייניואשען.

עס איז פאראן א סך ארבייט.

עס איז פאראן מיט וועמען צו ארבייטען.

דאס איינציגע איז די אויפריכטיגע טוער זאלען נישט מיינען אז דאס [illegible] גאנצע [illegible]שקיים און די בעסטע און פעהיגסטע ארבייטער שטעקען אין ניו־יארק.

# אונטערן האמער

פון חיים הורוויץ

[illegible] ווילהעלם האט זיך לעצטענס גענו־[illegible]ען צו דער מלאכה פון שניידעריי — [illegible]מעלדען די צייטונגען.

אויב ער האט דער וועלט [illegible]ניט געקענט צייגען אזעלכע קונצען ווי דורכציהען [illegible]גום ביישפיעל א העלפאנט דורך דער [illegible]עכעל פון א נאדעל, איז א פאדים אויך רעכט...

נח פרילוצקי פון ווארשא איז בא־שטראפט געווארען פון דער פוילישער רעגירונג פאר טראגען דעם נאמען אר־וואקאט.

עס קומט שוין אויס אזוי אז נח ווערט פארפאלגט פון פוילישען חם און יפת ווייל זיין „שם" איז זיי דערוויי־דער...

דער אטאמאביל מאגנאט הענרי פארד האט אפגעדרוקט אין זיין „דירבארן איני־דעפענדענט" א פאר אנטיסעמיטישע ארטיקלען געגען אידען.

אום כדי די ליגענס זאלען גרייכען איבעראל האט מען אפנים געמוזט אנ־קומען צו א מאן וועלכער פאבריצירט אזוי פיעל אטאמאבילס, ווייל ווי בא־וואוסט איז דאך „שקר אין לו רגלים".

ביי פארד'ס ארבייטער איז רעכט אפ־שטעהן ציטענוויי א פאר שטונדען אין ליין לעבען פאבריק אום צו קריגען 2 פונט צוקער, ניט קוקענדיג אויף דעם וואס פארד מאטערט זיך צו ערקלעהרען זיי אז ארבייט מאכט דאס לעבען זיס...

האט באטש דער ערמארדעטער מע־קסיקאנער פרעזידענט קאראנזא, וועלכער האט די גאנצע צייט געקעמפפט פאר נאציאנאליזירען די אויל אינדוסטריע, איבערגעלאזען פאר זיך א קריגעלע אויל פאר א נר תמיד?...

וואס איז אייגענטליך פאר דעם אמעריקאנער ארבייטער דער אונטער־שייד צו נענעראל וואוד וועט ערוועהלט ווערען פאר פרעזידענט אדער הארדינג. אז צו וועמען זיי זאלען זיך דערנאך ניט ווענדען וועט ביי זיי אויסקומען דבר אל העצים (וואוד)...

בעת די אידישע צייטונגען האבען גע־מאלדען אז דער אלטער אידישער קאנ־גרעס אין פילאדעלפיע איז פארגאנגען געלאזט געווארען און לואי מארשאל האט רעזיגנירט, האבען זיי אונז גלייכ־צייטיג מודיע געווען אז עס איז אזועק־געלעגט געווארען דער גרונד שטיין פאר א נייעם פערמאנענטען אידישען קאנ־גרעס.

נאך אלעמען האבען זיי דאך ניט ריכ־טיג געהאנדעלט. ווייסען זיי דען ניט אז אין מערבין שמחה בשמחה...

הנה האש והעצים, אט איז דער וועלט פייער וואס איך האב אנגעצונדען און אט איז דאס האליץ וואס איך האב פאר דער לעצטער צייט אנגעוועגען. ווער וועט אבער פאלען א קרבן פאר דעם אלעם? — אזוי טענה'ט ווילהעלם צו דער וועלט.

און די וועלט אנשטאט פיהרען איהם צו דער עקדה האט זי נאר אויסגעקליבען דעם אומשולדיגען אידען פאר א שה לעולה...

ביי דער יעצטיגער קאנווענשאן פון אמעריקאן פעדערייששאן אוו לייבאר אין מאנטרעאל, קענעדע, האבען בלויז 39 גע־שטימט פאר אראפנעהמען די בלאקאדע אויף רוסלאנד.

די רוסישע באלשעוויקעס זענען הייסט עס געשלאגען געווארען פון א. פ. א. ל. מיט מלקות ארבעים חסר אחת...

דער ווישען ישורון וויבעט איז ציי־טענווייז נארנים אויסנעהאלטען. אט האבען די ארבייטער פון אמעריקאן פעדע־ריישאן אוו לייבאר כמעט אביסעל געטערע דזשאבס פאר אנדערע, בריקען זיי זיך טאקע ווינציגער...

דאס לעבען פון א מענשען איז היינט אזוי ביליג און דער לעבענס מיטעל אזוי טייער.

עס איז א גרויסער אונטערשייד וואס די ערד גיט ארוים, צו דעם וואס די ערד נעהמט צו...

# ווער שטערט דער נאציאנען ליגע?

פון ז. ק.

ס'איז ווירקליך מערקווירדיג, ווי אזוי פרעזידענט ווילסאן גלויבט נאך אלץ אין דער ווירקזאמקייט פון זיין נאציאנען ליגע. ס'איז דאך געווען אן אפענער סוד, אז דער גרעסטער שונא פון דער נאציאנען ליגע איז געווען קלעמענסא. ס'איז דאך אויך געווען פאר אלעמען קלאהר, אז אויב לפנים האט לאיד דזשארדזש איינגעשטימט אויף דער אי־דעע פון א פעלקער־בונד האט ער אבער קיינמאל ניט געגלויבט אין איהר.

וואלט פרעזידענט ווילסאן ניט געווען קיין דאגמאטיקער, וואלט ער גלייך ביי דער געבורט פון דער נאציאנען ליגע גע־קענט זעהן, אז זיין קינד איז א „מפיל" און האט ניט קיינע אויסזיכטען אויף „לאנגע יאהרען". וואלט פרעזידענט ווילסאן געווען פעהיג ארפצולייגען פון זיינע הויכע אידעאליסטישע הימלען צו דער זינדיגער ערד, וואלט ער דאך נישט געווען פארפיהרט אין זיין גלויבען, אז די „14 פונקטען" זענען פארקערפערט געווארען אין דעם ווערסאלער שלום. ער האט אבער דעם ערשטען פון זיינע „14 פונקטען" מקריב געווען אויפ'ן מזבח פון דער אלטער אייראפעאישער דיפלא־מאטיע באלד ווי ער איז אנגעקומען קיין פאריז; און דיעזער קרבן האט שוין ממילא געפיהרט צו דעם, אז פון זיין אידעאליסטישען שלום זאל די נשמה ארויספליהען און איבערלאזען א שווערע „ירושה" דער ליידענדער אייראפא.

וואלט פרעזידענט ווילסאן אויסגענוצט דעם פסיכאלאגישען מאמענט, ווען גאנץ אייראפא האט אויף איהם געקוקט, ווי אויף א „מלאך הגואל", און עקשנות'דיג ווי ער קען, באשטעהן אויף „אפענער דיפלאמאטיע" וואלט זיך דאן בשום אופן ניט איינגעגעבען די ערפאהרענע און דורכגעטריבענע אייראפעאישע די־פלאמאטען צו באזייגען זיינע 14 פונק־טען. דאן וואלט דער ווערסאלער שלום ווירקליך געווען א גערעכטער און „אמת־ער שלום. וואלט מען עפענטליך פאר־האנדעלט דעם שלום מיט דייטשלאנד און די איבעריגע געוועזענע שונאים, וואלט נאך פרעזידענט ווילסאן געהאט די מעגליכקייט, אונטער'ן דרוק פון דער עפענטליכער מיינונג, צו פארקערפערען זיינע אידעאלען. דאן וואלט דער שלום מיט אן אמת'ן געווען „א זיעג אהן א באזיעגטען". ער האט זיך אבער אונ־טערגעגעבען צו די אנהענגער פון גע־היימער דיפלאמאטיע, און זענענדיג גע־פאנגען אונטער פארשלאסענע טירען, האט ער ממילא שוין געמוזט פארלירען דעם גרויסען, איינפלוסרייכען כח, אויף וועלכען ער האט זיך געמוזט שטיצען, אום צו געווינען.

ס'איז גאנץ מעגליך, אז פרעזידענט ווילסאן האט איבערגעשאצט זיינע איי־גענע כחות. וואלט ער געוואוסט, אז ער אליין, אהן דער הילף פון דער עפענט־ליכער מיינונג, וועט ניט זיין ביכולת ווידערצושטעהן דער ביטערער און פאר־פיהרענדער אייראפעאישער דיפלאמא־טיע, וואלט ער, אפשר, דאן ניט גע־וואגט אונטערצוזעצען דעם איינציגען צייגער, אויף וועלכען ער איז געזעסען. ער האט אבער, ווי ס'זעהט אויס, גע־גלויבט צו פיעל אין זיין פערזענליכען כ[illegible] און אין דורכנעפאלען.

פרעזידענט ווילסאן גלויבט נאך אלץ, אז די נאציאנען ליגע, וועלכע איז בא־שאפען געווארען אין ווערסאל, לעבט נאך. אין זיין אינטערוויו מיט'ן וואשינג־טאנער קארעספאנדענט פון דער ניו יארק'ער „וואירלד" האט ער גאנץ דייט־ליך ערקלעהרט, אז די „העכסט וויכ־טיגסטע פראגע" וועלכע שטעהט פאר דעם אמעריקאנעם פאלק צו ענטשיידען איז די פראגע פון דער נאציאנען ליגע. ער האט אויפגעפאדערט די רעפובליקא־נישע פארטיי, אז די פראגע פון אמערי־קא'ס אנשליסען זיך אין דער נאציאנען ליגע זאל איבערגעגעבען ווערען צו א פאלקס אפשטימונג. סענאטאר הארדינג, דער רעפובליקאנישער פרעזידענט קאנ־דידאט, האט זיין ארויסרוף אנגענומען און ער איז וויליג איבערצוגעבען אט דיעזע פראגע צו א רעפערענדום.

אנגענומען, אז דאס פאלק האט זיך ארויסגעזאגט פאר דער ליגע, און סענא־טאר דזשאנסאן און די איבעריגע נעגנער

איהרע אין די פאראייניגטע שטאטען זענען באזיעגט. וועלען דען דאן די אייראפעאישע גענגנער פון דער ליגע זיין געצוואונגען אנערקענען איהר אטארי־טעט?

ס'איז געוויס געווען מעהר ניט ווי א צופאל, אבער גראדע אין דעם זעלבען טאג, ווען פרעזידענט ווילסאן האט זיין אויבענדערמאהנטען אינטערוויו געגע־בען, איז פארגעקומען א היציגע און שטורמדיגע זיצונג אין ענגלישען פאר־לאמענט ווענען דער נאציאנען ליגע. און אט וואס ארטור דזשיי. באלפור, געוועזע־נער ענגלישער אויסערן מיניסטער און איינער פון די ענגלישע פארשטעהער אין דעם ראט פון דער נאציאנען ליגע, האט געזאגט:

„קיין פארנינפטיגער מענש וועט ניט זאגען, אז די אויפגאבע פון דער נאציא־נען ליגע איז צו ראטעווען די וועלט פון כאאס. דיעזע אויפגאבע מוז ערפילען דער העכסטער ראט".

אט אין דיעזען איין זאץ האט מר. באלפור אויסגעדריקט אמ'בולט'סטען די נעגנערשאפט פון דער ענגלישער רעגי־רונג צו א ווירקליכען פעלקער בונד.

מיר זענען אלע געווען אונטער'ן איינ־דרוק, דאס אויב די וועלט קען געראטע־וועט ווערען פון כאאס, איז דאס נאר דורך א פעלקער בונד, וואו אלע אינ־טערנאציאנאלע פראגען וועלען געלעזט ווערען אין איינקלאנג מיט די העכערע אידעאלען פון דער מענשליכער ציוויליז־אציע. ס'האט זיך געגלויבט, אז ווען ס'זאל עקזיסטירען א ווירקליכער פעל־קער פארבאנד, וועט די מענשהייט ניט געשטעלט ווערען מעהר צו אזא נסיון, ווי דער לעצטער בלוטיגער קריעג. און ווי אזוי האט מען דען געקענט נים גלייבען, אז נאכדעם ווי די אלטע אייראפעאישע דיפלאמאטיע האט דערפיהרט די וועלט צו אזא קאטאסטראפע און זי געקנעשטעלט ביים ראנד פון אזא מסוכנ'דיגען תהום, — איז דען דאן ניט געווען קיין גרונד צו גלייבען, אז נאר א פאראייניגטער בונד פון נאציא־נען וועט „ראטעווען די וועלט פון כאאס"?

די ענגלישע רעגירונג, דורך איהר פארטרעטער, מר. באלפור, זאגט, אז אזא גלויבען איז ניט ראציאנאל. ווארום?

פארשטעהט זיך, וואלטען די איצטיגע וועלט רעגירער, דער העכסטער ראט, מיט אן אמת געווען באזארגט וועגען דעם וועלט כאאס, וואלטען זיי פארשטא־נען, אז דער איינציגער מיטעל צו ראטע־ווען די וועלט איז א פעלקער בונד. אבער די רעגירער ווייסען גאנץ גוט, אז ווען פארטרעטער פון נאציאנען וועלען זיך צוזאמענקומען און ניט פארשטעה[illegible]ער פון אימפעריאליסטישע רעגירונגען, וועט די לעזונג פון פיעלע וועלט פרא־בלעמען אננעהמען אזא ריכטונג, וועלכע וועט, אהן צווייפעל, אונטערגראבען זייער עקזיסטענץ.

איז דען מעגליך, אז א פעלקער־בונד, אויב נאר ער וועט פארמאגען די נויטיגע אטאריטעט, זאל נוטהייסען דעם ווער־סאלער שלום? קען מען דען דענקען, אז פארטרעטער פון נאציאנען, ניט שלוחים פון זיעגער, זאלען געבען זייער הסכמה אויף די שלום־אפמאכען מיט עסטרייך, אונגארן און בולגאריען? און וועט דען א פעלקער בונד דערלאזען צו דער „חלוקה" פון טערקיי, צו דער צעטיי־לונג פון די געוועזענע דייטש'ע קאלא־ניעס? און וועט דען אן אמת'ער פעל־קער בונד ניט אויפנעהמען די פראגע פון אירלאנד, מצרים און בכלל די קא־לאניאלע סיסטעם פון די אייראפעאישע

הערשער?

דער אייראפעאישער אימ[illegible]עריאליזם מיט זיין יאפאנעזישען שותף [illegible]ענען ניט דערלאזען, אז ס'זאל עקזיס[illegible]ן א ווירקליכע נאציאנען ליגע. [illegible] וועט פאר דער רויבערישער פאליטיק פו[illegible] אונטער־דריקען שוואכע און קליינע פ[illegible]לקער זיין דער טויט־אורטייל. און ווי[illegible] ענגלאנד, פראנקרייך און יאפאן ווייס[illegible] דיעזען אמת, דארום זענען זיי האס[illegible] די נעגנער פון א פעלקער בונד.

פרעזידענט ווילסאן, ווי ד[illegible]ער ענגלי־שער פרעמיער האט זיך ווע[illegible]גען איהם אויסגעדריקט, ווען דעם ענג[illegible]לישען פרע־מיער'ס שטעלונג צו דער נא[illegible]ציאנען ליגע איז קריטיקירט געווארען, א[illegible]ז אן אידע־אליסט און ער זעהט נים [illegible] די רעאלע ווירקליכקייט.

נעוויס, כל זמן די „רעא[illegible]לע ווירקליב־קייט" וועט דיקטירט ווער[illegible]ן פון העכס־טען ראט פון די זיעגער, א[illegible]ז די נאציא־נען ליגע אן אונפראקטישע[illegible] חלום. אויב דער העכסטער ראט וועט [illegible]ניט קאפיטו־לירען, דאן וועט די נאציא[illegible]נען ליגע זיין א פוסטע פאנטאזיע און א פארם. און ס'וועט נים העלפען אויב אפילו דאס פאלק פון די פאראייניגטע שטאטען זאל אפשטימען איינשטימיג פאר דער נא־ציאנען ליגע.

פרעזידענט ווילסאן האט אליין איבער־געגעבען די מאכט איבער דער וועלט צום העכסטען ראט, צו דעם פארבי־סענדסטען שונא פון דער נאציאנען ליגע. און ס'איז שוין צייט, אז ער זאל בא־גרייפען, דאס ניט סענאטאר דזשאנסאן איז די שטערונג צו א פעלקער בונד, נור די דאזיגע רעגירער, צו וועלכע ער האט אליין קאפיטולירט אין דער פאריזער שלום־קאנפערענץ.

# די אויפריכטונג פון אידישען גוף

פון לעאן זאלאטקאף

אונטער די פיעלע צווייפלען וואס ווערען נאך עד היום אויסגעדריקט אין די קרייזען פון אפגעשטאנענע אידען, וואס פיהלען ניט דעם ציטער פון אן אויפגעלעבטער ציון אין זייערע הערצער, הערט מען אפט אויך אן אויסדרוק פון צווייפעל אין די קערפערליכע פעהיג־קייטען פון אידען אויפצונעהמען די שווערע ארבייט פון פיאנערען אין בוי־ען א לאנד.

פון דער בימה אין א שיקאגא רעפ־ארמירטען טעמפעל האט אמאל דער בעל דרשן ארונטערגעדונערט די ווער־טער: „די אבות־אבותינו זייט יאהר הונדערטע האבען געלעבט אין שטעדט, האבען זיך באשעפטיגט מיט מסחר, און מיט די לייכטערע מלאכות, ווי אזוי וועלען מיר קענען געהן הינטער'ן אקער, און טאן די שווערע מלאכות פון א בויער, פון א פארמער?"

אין די לעצטערע צייטען, ווען עס האבען זיך געלאזט הערען ווענען גע־שלעגען צווישען אראבער און אידען, האט מען פון מאנכע זייטען אויסגע־דריקט די מורא, אז ווען עס זאל קו־מען צו ערנסטע רייבונגען, וועלען זיך די אידען ניט קענען שטעלען קעגען די אראבער, ווייל זיי זענען קערפער־ליך אפגעשוואכט.

די מורא'ס זענען אויסגעוואקסען אין גלות, וואו דער איד האט געלעבט אין שטענדיגער מורא, און וואו דער יחוס און דער דלות פון שטאדט'ל־לעבען אונטער די מאכען, האט אונטער־געגראבען די געזונטהייט פון אידען. אבער די וואס דריקען אויס אזעלכע מורא'ס פארגעסען דאס דיזעלביגע ניים, די זעלביגע אונטערדריקונג און דער־זעלביגער דלות וואס האבען אנגעמאכט אזוי פיעל חורבנות אין דעם אידישען גוף, האבען געשטעלט די אידישע כחות אויף דער פראבע, און די וואס האבען נעקעמפט דורכצוטראגען לעבענס פון אזעל־כע שווערענישען זענען געווען באשאנ־קען מיט דער פעהיגקייט לאנג צו לייד־ען, און שנעל צו קומען צו זיך ווען עס האט נאך ט בלאסק געטאן א קאפעלע פרייהייט און א ביסעלע הרחבה.

קיינער צווייפעלט ניט דאס דער איד, ווען ער איז געווען אויף זיין לאנד, איז געווען א קערפערליך שטארקער מענש, הויך געבויט, ברייט־ביינערדיג, און א בעל־גבורה. ניט נאר זאגט אונזער תנ"ך עדות אויף דעם, זאגען אויך די היסטאריקער פון דער צייט פון

צווייטען חורבן, ווי יאזעפוס, און ווי דאס ווערט אנגעצייכענט פון די אידי־שע העלדען־געשטאלטען, וועלכע די רוי־מער האבען געבראכט אלס געפאנגענע נאך רום, ווי זיי זענען אויסגעשניטען אין שטיין אויף טיטוס טויער. אכצעהן הונדערט יאהר ארומטרייבען זיך, דורך פייער, וואסער און שבעת מדורי גיהנם, אהן ווירקונג אויף דעם אידישען גוף. אהן ווירקונג אויף דעם אידישען גוף. די אויסגעקרומטע רוקענס, די צעריטעל־טע נערוון, און די כאראקטעריסטישע אידישע שוואכקייטען, פון וועלכע דאק־טוירים ווייסען פיל צו דערצעהלען, זע־נען ירושות פון לאנגען גלות. אהן א געלעגענהייט צו איבען זיינע מוסקו־לען האט דער איד געלערענט אין גלות צו פאראכטען קערפערליכע גבורה. א בלאסער פנים און אן אויסגעדארטער גוף זענען געווארען מעלות. „די שכינה רוהט אויף איהם" — האט מען געזאגט אויף אזא פנים. א געזונדער שטארקער פנים איז באצייכענט געווארען מיט פאר־אכטונג אלס „יונ'שע צורה", א פנים פון א „בורלאק". דער איד האט זעל־טען געטראכט פון ווהערען זיך, אדער שטעלען זיך אנטקעגען דעם גוי, דען וואס פאר א גוין קען דערפון ארויסקו־מען, ווען דער גוי איז אזוי שטארק און אזוי פיעל. האט דער איד אין גלות פארגעסען די קונסט פון מעגליכער זעלבסטפארטיידיגונג, צו וועלכע עס נע־העערען פעסטע מוסקולען און געזונדע קר־לאקעס. ניט באנוצענדיג זיינע מוסקו־לען איז ער געווארען איינגעצויגען, קליין־געוואקסיג לגבי זיין פארצייטיגען וואוקס.

אבער אויב איינער וויל זעהן וואס א דור פון מעהר פרייהייט און א קא־פעלע הרחבה קען מאכען פון אידען און פון אידישע מוסקולען, דער זאל קומען אין אמעריקא און אונטערזוכען די ליס־טע פון אמעריקאנער פייטערס אדער טשעמפיאנס אין דער קונסט פון באגר צען די קולאקעס.

ניט לאנג צוריק איז מיר געקומען פאר די אויגען א ליסטע פון אזעלכע פייטערס, מיינסטענס מיט אידישע נע־מען, אבער וועלכע דערען אידיש מיט זייערע מאמע'ס אין דער היים, אויף זיי מעג מען זאגען מיט אן אמת „הקול קול יעקב והידים ידי עשו" — דערען זיי, ווי אידען שלאגען אזוי ווי גוים. און הנם איך אליין, אלס גלות־איד, [illegible] וואו פעפער וואקסט ווען איך [illegible] נעשלעגע, און פאל שיער אין

חלשות ביי דעם אנבליק פון א צעבלו־טיגטער נאז, האב איך דאך געפיהלט א גרויסע באפרידיגונג אין די גבורות פון אמעריקאנישען [illegible]קעל־אידענטום וואס איז אויסגעוואקס[illegible]ען אין איין דור.

בעני לעאנארד, דער ברוקלינער באי, וואס האלט אויס זיינע עלטערען בכבוד, און וועמענס מאמע אי[illegible]ז מנדר אין שוהל יעדעס מאל וואס זיין זוהן דארף געהן צו א פייט. און וועמענס מאמע איז א אשה צנועה וואס לאזט ניט איהר זוהן פייטען אום שבת אדער יום טוב; אז די פריידע פון יעדען ספארטינג ע[illegible]דיטאר אין אמערי־קא ער איז דער „לייהט[illegible]וועיט טשעמפיאן" און האט אלע מעלות וואס א „מייסטער פון בוכצעם" דארף האבען א קלאהרען קאפ וואס פארליערט ז[illegible]יך ניט „בין המצרים פלינקייט, גבורה, קו[illegible]נצקיים, אויסדויער און אויסגעהאלטענקיים, און דערצו א דרייסטקיים אין אנגר[illegible]יפען, וואס איז גאר א זעלטענהיים. און די ספארטס זאגען עדות אויף איהם, א[illegible]ז ער געווינט זיינע פייטס מיט אן עהר[illegible]ליכען, יושר'דיגען בוכ?, נים חס ושלום [illegible] א געפאלשעוועטען, אדער דורך א הינטער[illegible] פיסעל.

נאך איהם קומט ווילי[illegible] רזשעקסאן, וועלכער הייסט מיט זיין אידישען נאמען אשר טאבלער, וואס האט אנידערגעליינט דעם באריהמטען דזש[illegible]אהני דאנדי, און ליי־בעלע טענבער פון פילאדעלפיא, און טש'ארלי אנטאוויץ פון שיקאגא, וואס נעהט אונטערן נאמען [illegible] וואס נים קיין שיפע זיבעלע, ווען ער קומט צו א מתנת יד: ער איז ש[illegible]יער געווארען א העוויוועיט טשעמ[illegible]פיאן. און א חוץ די ווערט אויסגערעכנ[illegible]ט נאך א פאר טוץ אי־דישע פייטערס פון[illegible] די לעצטע פינף און צוואנציג יאהר, א[illegible]ון די גבורות וואס זיי האבען באוויזען. [illegible] דערגעהט מען אז „ליטש קראס" איז [illegible] נאר לואיס וואלאך, און „אטא יאנג" [illegible] ארטור זיסקינר.

און די נוי־ישע [illegible] וועלט, וואס האט די טראדיציעס ווענע[illegible] דעם גלות־אידען פון אכצעהן הונדערט [illegible] יאהר, האלט נאך אלץ אין זאגען אז דער [illegible] איד קען נים פייטען.

א איד קע[illegible] [illegible] עהר ענטהוזיאס־טיש פאר [illegible] פרייז פייטינג". אבער דאס [illegible] [illegible]נקט וואס אינ־טערעסט מיך [illegible]

איך וויל נאר [illegible] זען אויף די מערק־ווירדיגע פעהיגק[illegible] [illegible]ן פון גלות־אידען שנעל צו קומען צ[illegible] זיך, און צו געווינען צי־ריך אונטער [illegible] [illegible] אומשטענדען. דעם

(שלוס אויף [illegible] פיידוס 6)

The only Jewish Paper Printed in Michigan

# דער וועג

The Detroit Jewish Daily

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

347-49 HASTINGS STREET
Telephone Main 3716

Published and distributed under permit No. 719 authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General."

PRICE 2c. DETROIT, MICH., Thursday, June 24th 1920 Vol. 2, No. 111 דאנערשטאג, דזשון 24, 1920


# ווילסאן בעט באהן לייבאר באארד גלייך צו שליכטען לוין סכסוך

שיקאגא, יוני 23. — דער באשלוס פון דער „ריילוועי לייבאר באארד" וועגען די פאדערונגען פון די באהן־ארבייטער צו באקומען א העכערונג אויף זייער איצטיגער שכירות וועט „קירצליך" פארטיג ווערען, האט וו. האנגער, א מיטגליעד פון דער באארד, היינט ערקלעהרט אין זיין ענטפער צו פרעזידענט ווילסאנס פארלאנג אז דער באהן־סכסוך זאל וואס שנעלער געלעזט ווערען.

מר. האנגער האט געזאגט, אז די באהן־ארבייטער וועלען באקומען א העכערונג פון א ביליאן דאלאר אין א יאהר.

וואשינגטאן, יוני 23. — פרעזידענט ווילסאן האט היינט געשיקט א טעלעגראמע צו דער ריילוועי „לייבאר באארד", אויפפאדערענדיג, אז מ'זאל גלייך באשליסען וועגען דעם לוין־סכסוך פון די באהן־ארבייטער. די טעלעגראמע איז ניט פארעפענטליכט געווארען אין ווייסען הויז.

די ערקלעהרונג פון פרעזידענט ווילסאנס שריט איז געמאכט געווארען נאכדעם, ווי וו. ג. דאוק, וויס־פרעזידענט פון די טריינמען האט געהאט א געשפרעך מיט'ן פרעזידענט'ס סעקרעטאר, מר. טומולטי.

מר. דאוק האט אין א סטייטמענט ערקלעהרט, אז די פארטרעטער פון אלע באהן־ארבייטער ערווארטען א ענדע צום לוין־סכסוך נאך דיזע וואך, א ניט וועט „די סיטואציע מעגליך זיין פיעל ערגער ווי איצט".

## גאס שלאכטען אין אירישען ציווילען קריעג; לאגע זעהר קריטיש

לאנדאן, יוני 23. — דער ציווילער קריעג ווערט פארטגעזעצט אין לאנדאנדערי, וואו לעצטע נאכט זענען פארגעקומען העפטיגע שלאכטען אויף א גרויסער שטרעקע פון דער שטאדט. א קאטאלישער אינסטיטוט איז אטאקירט געווארען און א קאטאליק מיט'ן נאמען מעקענא איז דערשאסען געווארען. ס'ווערט באריכטעט, דאס א גרויסע צאהל שווער פארוואונדעטע זענען צוגענומען געווארען אין די האספיטאלען.

פיעלע הייזער אין דעם געשעפטס דיסטריקט זענען אונטער געצונדען געווארען.

דינסטאג איז די שיסעריי געווארען זעהר גרויס. איין פרוי איז דערשאסען געווארען. שרפות זענען פארגעקומען דורך אויפרייסענדע באמבעס. די נאציאליסטען האבען געשאסען אויף דער וואך, וואס איז געשטעלט געווארען צו פארהיטען דאס אייגענטום פון די יוניאניסטען.

לאנה, דענים הענרי האט ערקלעהרט, אז די לאגע אין דובלין איז פיעל געפעהרליכער ווי אין לאנדאנדער.

לארד ראבערט סעסיל האט אין פארלויף פון זיין רעדע ערקלעהרט, אז קיין איין מיטגליעד פון דער ענגלישער רעגירונג גלויבט נים אין דעם, אז דער נייער „האום־רול" וועט עפעס אויפטאן צו לעזען די אירישע פראגע.

דובלין, יוני 23. — די באהן־ארבייטער האבען היינט ווידער זיך ענטזאגט צו פיהרען פאליציי פון קלאהיארדאן קיין דובלין.

לויט קוקענהיג, וואס פיעלע באהן ארבייטער זענען אפגעזאגט געווארען פאר זייער ענטזאגען זיך צו פיהרען מיליטער אדער אמוניציע, רעכנעט מען אבער, דאס די ארבייטער וועלען קיין סטרייק ניט ערקלעהרען, ווייל זיי זאגען, אז פרעמיער לאיד דזשארדזש וואלט זעהר וועלען, דאס א סטרייק זאל ערקלעהרט ווערען, כדי איהם זאל גרינגער אנקומען צו דערשטיקען די אירישע פרייהייט.

## גאנץ אלסטער אין געפאהר פון ציווילען קריעג

בעלפאסט, יוני 23. — דער קריעג צווישען די אירישע נאציאנאליסטען און יוניאניסטען האלט זיך אין פארשפרייטען. געכטען אוונט האבען די „קארזאניטען" (אנהענגער פון דעם יוניאניסטען פיהרער סער עדווארד קארזאן) אפגעהאלטען א פארזאמלונג, וואו ס'איז דעבאטירט געווארען וועגען דער ראטזאמקייט צו מארשירען אויף לאנדאנדערי, אום ארויסצוהעלפען די יוניאניסטען.

די סיטואציע איז דא זעהר אנגעשטרענגט. מ'גיט צו, אז גאנץ אלסטער געפינט זיך אויפ'ן ראנד פון ציווילען קריעג.

## יוניאניסט פאדערט אין פארלאמענט קריעגס־צושטאנד פאר אירלאנד

לאנדאן, יוני 23. — געכטען אוונט איז פארגעקומען א שטורמדיגע זיצונג אין ענגלישען פארלאמענט, וואו די אירישע פראגע איז דעבאטירט געווארען.

קורנעל אשלי, א יוניאניסט, האט ערקלעהרט, אז דער איינציגער מיטעל צו ראטעווען די לאגע אין אירלאנד איז צו ערקלעהרען קריעגס־צושטאנד און ארויסשיקען אהין וואס מעהר מיליטער. ער האט געזאגט, אז היינט צו טאג איז דער זיעג אויף דער זייט פון די „מערדער" און די רעגירונג איז מאכטלאז.

„דער הויפט־סעקרעטאר פאר אירלאנד און דער וויצע קעניג", האט קורנעל אשלי געזאגט, „זענען ארעסטירט אין זייערע אייגענע וואוינונגען. דאס זעלבע איז דער פאל מיט די באאמטע פון דעם דובלין „פאלאץ".

„דער אטארני דזשענעראל פאר איר־

## דייטשער קאבינעט צופאלט

לאנדאן, יוני 23. — דער פערענבאך קאבינעט איז צופאלען צוליעב דעם, וואס די מעהרהייטס־סאציאליסטען האבען זיך ענטזאגט איהם אונטערצושטיצען. דיעזע ידיעה האט די היגע טיימס ערהאלטען פון בערלין.

די זעלבע דעפעשע מעלדעט, אז די אנטי־סעמיטישע פאלקס פארטיי האט זיך אויך ענטזאגט צו געבען שטיצע דעם פערענבאך־קאבינעט. דער דייטשער [...]זים איז דארום זעהר פארשפארט געווארען.

## אונאפהענגיגע סאציאליסטען האבען גרויסען זיעג אין בערלינער שטאדט - וואהלען

בערלין, יוני 23. — די אונאפהענגיגע סאציאליסטען האבען אפגעהאלטען א געוואלטיגען זיעג אין די ערשטע מוניציפאלע וואהלען פון גרויס־בערלין. זיי האבען ערוועהלט 88 מיטגליעדער פון נייעם קאונסיל, די מעהרהייטס סאציאליסטען האבען ערוועהלט 38 מיטגליעדער, אזוי דאס ביידע סאציאליסטישע פארטייען האבען א מעהרהייט אין דעם קאונסיל, וועלכער באשטעהט פון 225 מיטגליעדער.

## שפייז אומרוהען אין דייטשלאנד

בערלין, יוני 23. — אומרוהען און געשלעגען זענען פארגעקומען אין איינינע דייטשע שטעדט, ווען ס'זענען געמאכט געווארען דעמאנסטראציעס געגען הויכע פרייזען. די פאליציי האט געשטערט די דעמאנסטראציעס און ערנסטע צוזאמענשטויסען האבען נאכגעפאלגט.

די דעמאנסטראנטען אין קרעפעלד, אין ריין־פראווינץ, האבען איבערפאלען און געשטירמט די מארקעטס, ארויסווארפענדיג די שפייז אויף די גאסען.

## גרויזאמער מארד אין א היגען לאיער'ס אפיס: פראמינענטער לאיער ארעסטירט אלס דער מערדער

באאמטער פון יונייטעד מיין וורקערס געפונען ערמארדעט אין האמאנד בילדינג. — פארדעכטיגטער מערדער האט א גאנצען טאג געשכור'ט. — פראסעקיוטינג אטארני בישאפ איז געווען דארט אין אפיס אידער דער מארד איז באגאנגען געווארען. — דזשעניטרעס דערצעהלט, אז די קאמפאניע האט מיט זיך געהאט שנאפס און מען האט שטארק געשכור'ט.

אויגוסט דווייער, טרעוולינג אודיטאר פון די יונייטעד מיין ווארקערס אוו אמעריקא, איז לעצטען דינסטאג אוונט דער'הרג'עט געווארען אין לאא אפיס פון זיין ברודער, דענים וו. דווייער, אין האמאנד בילדינג. געכטען באגינען איז פרענק ה. דאהאני, א פראמינענטער היגער לאיער און באנקיר, ארעסטירט געווארען אין זיין זומערהיים, אויף פיין לייק, נעבען פאנטיאק, און ווערט יעצט געהאלטען אויף דער באשולדיגונג, אז ער איז באגאנגען דעם מארד.

עדווארד ה. פאקס, דער הויפט פון די דעטעקטיווס, האט געכטען ערקלעהרט, אז דאהאני וועט געהאלטען ווערען אויף דער טעכנישער באשולדיגונג פון פארראכט אין מארד. קיין פארמעלע קלאגע וועט ניט געמאכט ווערען ביז זמן די דאקטוירים פון רעסיווינג האספיטאל וועלען ניט האבען אונטערזוכט, אויב ער איז ביים פולען זינען.

אויגוסט דווייער איז געקומען קיין דעטראיט פון מידלבורו, קענטאקי, מיט א קארגע וואך צוריק, אום עדות צו זאגען אין א קאנטעסט איבער דער ירושה פון זיין פארשטארבענעם ברודער, פרענסים ס. דווייער.

לויט די באווייזע, וואס די פאליציי האט וועגען דיעזען מארד, האט עס פאסירט אזוי:

אויגוסט דווייער, זיין ברודער דענים, דאהאני, קארל וויליאמס און מאטיו ה. בישאפ, דער פראסעקיוטינג אטארני, זיינען אנגעקומען אין דווייער'ס לאא אפיס ארום 5 א זייגער פארנאכט, ווען זיי זיינען געגאנגען פון קאורט. די קאמפאניע האט מיט זיך געהאט א פלעשעל בראנפען. ארום 6 א זייגער זיינען מר. בישאפ און דענים דווייער אוועק פון אפיס. א ביסעל שפעטער איז אויך וויליאמס אוועק. געבליבען זיינען דארטען בלויז דאהאני און אויגוסט דווייער.

### וואס מר. בישאפ דערצעהלט

מר. בישאפ האט געכטען דערצעהלט פאלגענדע געשיכטע פאר די צייטונגען:

„באלד נאכדעם ווי איך בין געקומען [...] דינסטאג אין דער [...] האט מיר דאהאני אפגערופען און בעט, אין ווינטאן בילדינג און האט מיך 1 א זייגער אין מיין אפיס. ער האט דעם אפאינטמענט ניט געהאלטען. אבער ארום 4 א זייגער האט ער מיך ווידער אמאל אפגערופען און געזאגט, אז ער געפינט זיך אין אפיס פון לואיס סוואנבעק, אין ווינטאן בילדינג און האט מיך געבעטען, אויב איך קען ארונטערקומען.

„איך בין אוועק. ווען איך בין אהין געקומען, האב איך געטראפען דאהאני'ען א טויט שכור'ען און האט נאך אלץ געהאלטען אין טרינקען פון א באטעל, וואס ער האט געהאט מיט זיך. ער האט זיך דערנאך אריינגעווארפען אין א טשער און מיר ערקלעהרט, אז זייער א קליענט האלט ביים ארעסטירט ווערען. ער האט מיר געבעטען, אז אזוי שנעל ווי עס וועט ארויסקומען אין מיין אפיס אן אפליקיישאן פאר א ווארענט אין דיעזער קייס, זאל איך איהם גלייך לאזען וויסען.

„מיר האבען אזוי אריינגערעדט עטליכע שטונדען צייט און מר. סוואנבעק האט טעלעפאנירט צו זיין פרוי, זי זאל ארונטערקומען אין אפיס, וואו זי וועט טרעפען דאהאני'ען און מיך. איך האב איינגעזעהן, אז דאהאני איז ניט אין קיין צושטאנד אימיצען יעצט צו טרעפען און איך האב מיט איהם איינגעטענה'ט, ער זאל געהן אהיים. ער האט איינגעשטימט.

„מיר זיינען צוזאמען ארויס פון סוואנבעק'ס אפיס. ער איז געווען טויט שכור. ער האט געזאגט, אז ער וויל געהן טרייבען זיין אטאמאביל אהיים. איך האב איהם געגעבען צו פארשטעהן אז ער דארף זיין משוגע צו געהן טרייבען אן אטאמאביל אין אזא צושטאנד. ער האט זיך געלאזט איבערעדען און מיר האבען אפגעמאכט צו געהן בעסער אין זיין אפיס, וועלכער געפינט זיך אויפ'ן צעהנטען פלאר פון האמאנד בילדינג. געהענדיג צום עלעוויטאר, האט ער געזאגט, אז ער וויל אריינגעהן אין אפיס פון דווייער און מיר זיינען ארויף צום פערטען פלאר.

„אריינקומענדיג אין אפיס האבען מיר געטראפען דענים'ען שלאפענדיג אויף א קאנאפע און זיין ברודער אויגוסט איז געזעסען ביי א דעסק נעבען איהם און האט געלייענט צייטונגען. דאהאני האט מיך פארגעשטעלט פאר אויגוסט'ן, וועלכען איך האב געטראפען צום ערשטען מאל. באלד איז דענים אויפגעשטאנען און א ביסעל שפעטער איז אריינגעקומען דער יונגער לאיער וויליאמס. איך דענק, אז דאס האט ער מיט זיך געבראכט א באטעל שנאפס.

„דאהאני האט זיך ווידער צוגעכאפט צום טרינקען און אויך די איבריגע האבען געטרונקען. איך האב פארזוכט דעם שנאפס און געפונען, אז ער איז אזוי שלעכט, אז איך האב בעסער ניט געטרונקען. אין פארלויף פון דער צייט וואס איך בין געווען אין אפיס, האט דאהאני געהאלטען אין טרינקען און זיין צושטאנד איז געווארען שרעקליך.

„ארום 7 א זייגער בין איך אוועק געגאנגען. דאס זעלבע האבען געטאן דענים און וויליאמס. דענים האט מיר פארזיכערט, אז ער וועט זיין צוריק אין א האלבער שטונדע ארום. געבליבען זיינען אין אפיס אויגוסט און דאהאני".

די דזשעניטרעס פון יענעם בילדינג מרס. מארגארעט זינק, האט דערצעהלט, אז זי האט געהערט קולות אין אפיס ארום 9 א זייגער. זי איז צוגעלאפען צו דער סצענע, האט זי געזעהן, ווי אויגוסט דווייער איז געלעגען מיט דער פליוצע אויפ'ן פלאר און אויף איהם איז געזעסען דאהאני, מיט זיינע הענד ארום זיין האלז. זי האט דערצעהלט, דאס זי האט אויך געהערט א מין גסיסה־כארכלען און געזעהן ווי דאהאני וואשט די הענד אין סינק.

זי האט געוואלט טעלעפאנירען צו דער פאליציי, אבער באלד איז אנגעקומען דענים און האט זי אפגעהאלטען, אום פריהער אויסצוגעפינען וואס דארטען איז. זי איז צוזאמען מיט דענים'ן אריין אין אפיס און געפונען אויגוסט'ן א טויטען אונטער דער קאנאפע. דאהאני איז שוין דאן אין אפיס ניט געווען.

ארום 12 א זייגער ביינאכט זיינען דעטעקטיווס אוועק צו דאהאני'ס זומער וואוינונג און האבען איהם ארעסטירט. ער איז געווען שטארק קראנק און צעבראכען, האט די פאליציי איהם אוועקגעפיהרט אין רעסיווינג האספיטאל.

אויגוסט דווייער איז אלט געווען 48 יאהר. ער איז געווען אונפארהייראט. דאהאני איז אלט 46 יאהר.

## האי סקול מיידעל פארשווינדט נאכ'ן דורכפאלען ביים עקזאמען

### לאזט איבער א צעטעלע, אז זי האט באשלאסען צו באגעהן זעלבסט־מארד.

דורכפאלענדיג ביים עקזאמען אין נארטהאיסטערן האי־סקוהל, איז ווערא־ניקא יודטשאק, 17 יאהר אלט, פארשוואונדען פון דער היים און איבערגעלאזט א צעטעלע, אז זי האט באשלאסען צו באגעהן זעלבסט־מארד.

דאס צעטעלע לייענט זיך ווי פאלגט: „גוד באי מאמא און פאפא'ן אויף שוועסטער! איך געה אוועק אויף אייביג. זוכט מיך ניט, ווייל איך וועל קיינמאל ניט צוריקקומען, נאכדעם ווי איך האב געבראכט אזא שאנדע פאר פאמיליע. דער גרינגסטער וועג איז צו פארגעסען, אז איך בין ווען עס איז געווען אייער טאכטער".

ווערא'ניקא'ס עלטערן דערצעהלען, דאס די פארשווינדונג פון זייער טאכטער איז א פלוצלינגע ענטדעקונג אז זי איז ניט אריינגערעכנט צווישען די גראדואירטע. דינסטאג פארנאכט האט זי שווער געארבייט אויף איהרע פארבערייטונגען און ארום 8 א זייגער איז זי מיט איהרע עלטערן אוועק אין האי־סקוהל. ווען זיי זענען אנגעקומען, האט ווערא'ניקא געזאגט, אז זי וויל זעהן איהרע חבר'טעס הינטער דער ביהנע.

ווען דער קלאס איז ערשיענען אויף דער פלאטפארם, האבען מר. און מרס. יודטשאק אויסגעפונען, אז זייער טאכטער איז ניטא אויף דער ביהנע. זיי האבען אויפגעזוכט דעם פרינציפאל מר. נאוואק, וועלכער האט זיי ערקלעהרט, אז זייער טאכטער איז ניט איינגעשלאסען אין דעם קלאס פון די גראדואירטע.

זיי האבען באלד פארלאזט די סקוהל און געלאפען אהיים, וואו זיי האבען געפונען דאס אויבענדערמאהנטע צעטעלע.

### סעם פעטריניק

זיין רעדאקציע פון „וועג" געפינט זיך א בריעף פאר איך פון אהרן פעטרינעק טורקא אם סטרי, גאליציען.

**דאון טאון לעזער פון „וועג" קענען קריגען דעם „וועג" דאון טאון קארנער לאפאיעט און מישיגאן עוו. און אויף קארנער [...] און וואדווארד עוו.**

## דעטראיט'ער אידען גראטולירען זיך מיט'ן ערפאלג פון „וועג"

איינע פון די שעהנסטע אידישע שמחות וואס דעטראיטער אידען האבען ווען געזעהן, איז געווען דער באנקעט פון די שעהרהאלדערס פון „וועג".

ביי א רייך געדעקטען טיש האבען זיך פארזאמעלט אלע שטאדטישע רבנים, רבי הירשמאן, הרב י. ל. לעווין, רבי איישישקין און רבי תאומים; דער באקאנטער ציוניסטישער פיהרער און באריהמטער אידישער זשורנאליסט ה. לעאן זאלאטקאף און נאך אן איינצאהל פראמינענטע דעטראיטער בעלי־בתים, וואס זענען די שעהר־האלדערס פון „וועג".

דער באנקעט איז ערעפענט געווארען פון מר. ווייגבערג, איצטיגער וויס־פרעזידענט פון דער „וועג" אסס'ן, וועלכער איז געווען טאאסט־מייסטער צו דיעזען באנקעט און האט פארגעשטעלט אלס דעם ערשטען רעדנער, וועמעס רעדע האט אריינגעבראכט די פייערליכע שטימונג צו דעם באנקעט, הרב א. מ. הירשמאן.

צווישען אנדערעס האט רבי הירשמאן געזאגט:

„עס קומט א מזל טוב די ארויסגעבער פון „וועג" פאר דעם, וואס זיי האט זיך איינגעגעבען ארויסצוגעבען אין דעטראיט א טעגליכע אידישע צייטונג א יאהר צייט נאכאנאנד.

„אין דעטראיט איז שוין מעהר ווי איין מאל געמאכט געווארען א פארזוך ארויסצוגעבען א צייטונג. מיט אכט יאהר צוריק איז צו מיר געקומען א יונגערמאן און מיר דערצעהלט, אז ער געהט ארויסגעבען א צייטונג. ער האט מיך געבעטען, אז איך זאל איהם געבען אן אנטייל. אבער די צייטונג איז איינמאל ערשיענען, און דאס געבורט פון דער צייטונג איז אויך געווען דער טויט פון דער צייטונג.

„מיט זעקס יאהר צוריק האט ווידער איינער געמאכט א פארזוך ארויסצוגעבען א צייטונג. אויך ער האט געוואלט מיין שטיצע. איך האב עס איהם פארשפראכען צו געבען מיט דער צייט. אבער מעהר ווי פיער נומערען האט דעטראיט ניט געזעהן.

„אלזא דער „וועג" איז די ערשטע צייטונג וואס האט באוויזען אויסצוהאלטען א יאהר צייט. דאס מיינט אז דעם „חבוט הקבר" האט די צייטונג שוין איבערגעלעבט. איצט בין איך שוין זיכער אז דער „וועג" וועט מאכען אן ערפאלג.

„איך האב גערעדט מיט הערר זאלאטקאף און ער איז מיט מיר איינשטימיג, אז דער אידישער דעטראיט שטעהן פאר גרויסע פראבלעמען.

„די אידישע דעטראיט איז טאקע שוין אן אלטע קהלה, אבער דאס אידישע געזעלשאפטליכע לעבען איז נאך גאנץ פריש, יונג, ניט ארגאניזירט, ניט איינגעפונדעוועט, מיר האבען דא זעהר פיעל אידען, קיין בייז אויג, אבער מיר זענען צוריקגעשטאנען.

„אמאל, מיט 13 יאהר צוריק, און דעטראיט האט בלויז פארמאגט 10 טויזענד אידען. אז מען האט זיי געוואלט גרייכען, איז גענוג געווען צו מאכען אן אנאנסע אין די פיער שטאדטישע קאנגרעגיישאנס. אבער היינט ווען מיר רעדען צו דער אידישער באפעלקערונג, איז עס א גרויסע פראבלעמע, ווי אזוי גרייכט מען זיי? די אידען זיינען צוווארפען און איינער ווייס ניט פון דעם אנדערען. מיר דארפען היינטצוטאג ארגאניזירען די אידישע קהלה — און ווער קען דאס נאך בעסער טאן פאר אונז, אויב נים א טעגליכע אידישע צייטונג?

„און ווען עס רעדט זיך שוין וועגען דער צייטונג, וויל איך שוין אויך זאגען: עס איז געווען א צייט, ווען דער „וועג", אין אנהויב פון זיין ערשיינען, האט נאך אליין ניט געוואוסט וואס עס דארף זיין זיין ציעל, אויף וועלכען וועג ער דארף געהן, וואס דארף ער ערמוטיגען, וועמען דארף ער שטיצען. אבער איך רעכען, אז ווער עס פאלגט נאך די צייטונג פאר דער לעצטע צייט, יענער הויבט אן צו פיהלען אז דער „וועג" האט ענדליך געפ[...] איז דער וועג — דאן בין איך מיט אין דער אידישער געמיינדע!

„שוין דערפאר אליין געווינט דער „וועג" דעם צוטרויען פון יעדען אידען, ווייל דער „וועג" שטיצט אלעס וואס איז שעהן און אידיש און אויב דאס איז דער וועג — דאן בין איך מיט אייך. דערפאר גראטוליר איך אייך און פארזיכער אייך, אז איך וועל זיין מיט אייך".

א שטורם פון אפלאדיסמענטען האט זיך צוטראגען איבער'ן זאל, און אלס נעקסטער רעדנער איז פארגעשטעלט געווארען הרב י. ל. לעווין.

רבי לעווין האט גערעדט אמת אידישליך און וויציג:

„איך וויל ניט רעדען אויס'ן וועג, נאר ביים וועג" און אין קורצע ווערטער האט דער ווירדיגער רב זעהר שעהן ארויסגעבראכט דעם זינען פון די ווערטער „בדרך אחד יצאו אליך" — עס דארף זיין א טעגליכער וועג, א וועג פון שטרייט און קאמפף, אבער ניט קיין מלחמה פאר בלוט פארגיסונג, ווי ביי די אומות העולם, נאר א אידישע מלחמה פאר'ן לעבען, פאר'ן אמת. דער וועג דארף אנפיהרען די ארבייט פאר'ן אידישען נאציאנאליזם, פאר'ן טראדיציאנעלען אידענטום. מיט איין ווארט, עס איז דער ריכטיגער וועג וואס פיהרט מלחמה מיט שכל, מיט וויסענשאפט, מיט ליטעראטור פאר'ן לעבען. אזא וועג וועלען אלע נאכגעהן, ווייל אידען האבען ליעב דעם אמת, און אזוי ווי אידען זענען דא צוואורפען, זענען צוזייעט און צושפרייט און עס איז נויטיג א אידישער ארגאן, ווי עס האט שוין אויך אויפמערקזאם געמאכט דער ווירדיגער רבי הירשמאן".

רבי לעווין האט אויך אנגעדייטעט, אז מיר זאלען זיך קיינמאל ניט באריהמען מיט וואס מיר זענען ניט. נאר גראדע מיט וואס מיר זיינען טאקע יא. און זאגען זאלען מיר דאס טאקע אפען און זיך ניט שעהמען. רבי לעווין האט זיך אפגעשטעלט אויף דעם גלייכווערטעל, וואס אמאל ביי אידען ווען מען פלעגט צעהלען, פלעגט מען צעהלען: „ניט איינס, ניט צוויי". לויט זיין מיינונג זאל מען טאקע צעהלען איינס, צוויי און ז. וו....

„אויב א וועג זאל זיין א ריכטיגער וועג, זאל ער זיין אמת אידיש און

(שלוס אויף זייטע 6)

## מיטינג פון אוקראינער פארבאנד היינט אווענט

אן עקזעקוטיוו מיטינג פון אוקראינער פארבאנד אין דעטראיט וועט אפגעהאלטען ווערען היינט, דאנערשטאג אווענט, יוני דעם 24טען, 8 אוהר, אין אפיס פון „וועג". די מיטגליעדער זענען געבעטען ניט צו פארפעהלען צו קומען דיעזען מיטינג. זעהר וויכטיגעס צו פארהאנדלען.

ב. הורוויץ, סעק.

# CLASSIFIED

## רומס

מיט אָדער אָהן פורניטשור פאַר א פּאָר פּאָלק אָהן קינדער אויך פאַר סינגעל לייט. אין א גוטען געגענד. פרעגען מאלאַמוט, 253 פרעדעריק סט. טעלעפאָן מאַרקעט ו. 3179. (26

### א פלעט צו פאַררענטען

145 עדליים סטריט. 5 רומס און באָר. סטאָוו חים. 45 דאלאר א חודש. טעלעפאָן קעדילאַק 3648 אר.

### הויז-פרוי פאַרלאַנגט

צו פאַרען א כשר'ע קיך און אויפּפּאַסען. שעהנע בעל-חבתי'שע, פיינע באַהאַנדלונג און גוטע ווייזשעס גאַראַנטירט. קליינע פאַמיליע. פרעגען צווישען 10 און 12 אוהר טעגליך, אין 148 פאַרנסוואָרטה.

### אן אויסערגעוועהנליכע געלעגענהייט

צו פאַרקויפען א קאָנטראַקט פאַר א 5 פּעסענדזשער ביואיק טורינג קאַר. יעצט דעליווערט ווערען בעפאָר דעם 1טען דזשולי. טוירמס צו אַראַנזשירען מיט דער קאָמפּאַני. פרעגען: „וועג" באָקס 58.

### פאַרלאַנגט

א מיטעליעהריגע רעפּיגירטע פרוי אלס הויז-קיפּערין. א פיינע און גוטע היים און, נוט באַצאָהלט. בלויז מוטער און 2 דזשענטעלמען אין דער פאַמיליע. פרעגען: מר. פ. ענק האפּפער, 144 בייטס סטריט (סטאָר). (28

### א וואָדוואַרק שאַפּ

מיט אַלערליי מאַשינערי און א בלעקסמיט שאַפּ מוז שנעל פאַרקויפט ווערען. אורזאַכע די אייגענטימער פאָהרען נאָך קאַליפאָרניע, מוז שנעל פאַרקויפט ווערען. פרעגען 784 בוביען סטריט. (27

### דזשאָז. ה. לימאַן
און
### מאָרטימאָר דזשיי ליסס
לאָיערס

מאַכען בעקאַנט צום ווערטהען פּובּליקום, דאָס זיי האָבען נעמופט זייערע אָפיסעס פון 9-928 טשיימבער אָוו קאָמערס בילדינג

צו

204 האַרשעס בילדינג
קאָרנער סטייט און גריסוואָלד
טעלעפאָן טשערי 3978

### קעש רעדזשיסטערס
נעשאַנאַלס, אַלערליי סטיילס.
— געקויפט און פאַרקויפט —

DETROIT USEDCASH REGISTER CO.
66 Broadway — Cadilac 5112

### מאָשען-פּיקטשור אָפּערייטאָרס

ווערענס זיך פאַר לייכטע און ריינע ארבייט. קורצע שטונדען, גוטע ווייזשעס קוואַליפיקיישאַן גאַראַנטירט.

Movie Operator's School
33 Sproat St

טיגלאָך, מיטוואָך און פרייטאָג 7:30 אָוונט.

### דער בעסטער מוהל אין שטאָט און מסדר קדושין
### חזן דוד גאָלדען



אין 248 איסט האַי סטריט
טעלעפאָן מעין 4420

### רעוו. ל. ד. רייכלין
### חזן אהבת אחים שוהל
(אָוקלאַנד)
מוהל א' סדור קדושין
און אַנדערע שמחות מיט די בעסטע עופרידענהייט.
511 קעמעראָן עוועניו
טעל. העמלאָק 1130 דאָבליו

---

## פערלאַנגט און געזוכט

צוויי אָדער דריי לײַנס אין „וועג" ברענגט אייך די בעסטע רעזולטאַטען.

## Real Estate

### צו פאַרקויפען

א פיער פעמילי הויז מיט א סטאָר אין א גוטען ביזנעס סעקשאָן, פאַר $10,500. מיט $3,500 איינצאָהלען. עס ברענגט אריין $155 א מאָנאַט. נאָכפרעגען 247 וועסט ענד עוו. דעלריי. סידער 1409 אר. (24

### צו פאַרקויפען

א גוטע עטאַבלירטע גראָסערי און א [illegible] געגענד. 5 רומס, ביליגע רענט, [illegible] א ליעס פאַר צוויי יאָהר. גאַראַנטירט צו מאַכען א [illegible] עם לעבען. אורזאַכע: עלטערע מענשען, איז ניט אימשטאַנדע צו אַטענדען. פרעגען אין „וועג" באָקס 100. (29

### צום רעספּעקטירטער פובליקום!

יעדער איינער דאַרף וויסען: אז אויגען זיינען די איידעלסטע אָרגאַנען אין דעם מענשליכען קערפּער. ווען איהר ליידעט פון אייגענע ייעלבע קאָפּשמערצען אדער נערוועזיטעט, דאַן נעהט צו אַן ערנסטען, מעגליכען אָפּטאָמעטריסט, ער וועט אייך פּראָבירען און ווייסענשאַפטליך צופּאַסען [illegible] ברילען.

[illegible] ווינאַפּאַסטע ברילען ייט [illegible] פון אלע אייערע טראָבעלס [illegible] צי אייער נוט דאָקטאָר

**Frosh O. D.**
אָפּטאָמעטריסט

אין 204 קלינג'ס בילדינג וועלכע נעפינט זיך אין 308 הייסטינגס סט. [illegible] „דזשועלערי סטאָר.

### אייער זומער וואַקיישאַן
### וועט אייך בעסער באַקומען

יוען איהר וועט טראָגען די, ריכטיגע אויגען גלעזער



[illegible] אלגעמיין דאַרפט איהר אלע מאָל קאָמענדירען אייערע אויגען ביי דער

**LOU GOLDBERG**
**245 Griswold St.**

רעטראַיטער אויגען ספּעציאַליסט רעדזשיסטרירט אָפּטאָמעטריסט און מאַנופעקטשורינג אָפּטישען. אויגען עקזאַמינירט ביי אַפּוינטמענט

אויך זונטאָג

מיר שיקען צו אייך אהיים נאָך די גלעזער און ריפּיירען רעליוועבלי פריי.

## J. Lanskey Tailor

אויב איהר ווילט קריגען גוטע פּראָפעסיאָנעלע ארבייט דאַן קומט צו 105 טיאַדאָר סטריט. מיר קלינען, פּרעסען און רעמאָדלען ליידיעס און דזשענטס גאַרמענטס.

## שעכטער'ס
## דראָג סטאָר

[illegible] הייסטינגס סט.
טעלעפאָן טשערי 5763
[illegible] פּרעסקריפּשאַנס פאַרפערטיגט מיט [illegible] פּינקטליכקייט
צו יעדער צייט

### מר. ביזנעסמאַן!

וואָרום טוט איהר ניט ווי אלע פאָרשטעהענדע ביזנעס לייטע טהאָן? אויב איהר מוזט צוליעב וועלכע עס איז אורזאַכע פאַרקויפען אייערע ביזנעס, וואָרום ווישט פּיעל —

### מאַכט אַן אָקשען

און איהר וועט קריגען די נעלד אין קעש דעם זעלבען טאָג. רופט אָפּ דעם באַקאַנטען אָקשענייער —

### בען פרידמאַן

ער וועט זיכער אייך צופרידענשטעלען. רעזידענץ 220 בענטאָן סטריט. טעלעפאָן קעדילאַק 2580.

---

## אונזער אידישע ביזנעס דירעקטאָרי

ביזנעס איז גוט אויף הייסטינגס סטריט

בוסט הייסטינגס סטריט. ס'איז א סגולה צו פרנסה

### מאָדערן דעליקאַטעסען סטאָר
473 הייסטינגס סטריט
טעלעפאָן טשערי 6169 וו.
ה. האַלסקין, פּראָפּ.

איך וועל אייך אָנשרייבען אייערע
### אַדווערטייזינג
וועט עס אייך ברענגען
### רעזולטאַטען
ל. מאַלאַמוט — מעין 3715

קויפט די בעסטע
### שרייב טינט
אין דער וועלט
פון בושע'ס אינק קאָ.
186 בענטאָן סט. דעטראָיט, מיש.

### מאַיעווסקי און קאַהען'ס
דזשענטס פאַרנישינגס
באָיס קלאָדינג און העטס
528 הייסטינגס סטריט
טעלעפאָן: טשערי 7867

### ליעבערוויץ בראָס.
פּיטען
### שיך
פאַר דער גאַנצער פאַמיליע
524 הייסטינגס סטריט

### שיפּמאַן'ס
דזשענטס פורנישינגס
605 הייסטינגס סטריט
צווישען בענטאָן און עליאָט
האָט א שם צווישען מבינים

### דזשייקאָב וועקסלער
שרייבט
### דזשענעראַל אינשורענס
271 קוירבי. — נאָרטוועי 2554 דאָבליו.

### פילאַדעלפיא
דרעס און דריי גודס הויז
671 הייסטינגס סטריט
אמת'ע באַרגעינס צו יעדער צייט
טעלעפאָן: טשערי 6131

Y. H. P. A.
### רעסטאָראַנט און לאָנטש
האָפּמאַן בראָס. און זלאָטניק
הייסטינגס קאָר. ברידזשי
אָפּען טאָג און נאַכט

### ט. בייטנער
טינני'נג און רופינג
אַלערליי רופינג און ריפּעירינג
335 מאָנטקאַלם סטריט
טעלעפאָן טשערי 6656.

### מ. האַכבערג'ס
דזשענטס פאַרנישינג סטאָר
532 הייסטינגס סטריט
וועט אייך האַלטען אין סטייל
און שפּאָרען געלד

### פּיפּלס סטאָר פיקטשורס קאָ.
שאָוקייסעס, קאָונטערס, אייזבאָקסעס, נייע און אַלטע.
צו ביליגע פרייזען.
341 הייסטינגס סטריט

האַלט אייערע האָר אין אָרדנונג
### מילער'ס
### היגיענישע באַרבער שאַפּ
579 הייסטינגס סטריט
וועט אייך צופרידענשטעלען

### טשאַרלס לאַזאָווסקי'ס
### באַרבער שאַפּ
519 הייסטינגס סטריט
א פּלאַץ פאַר אלע קלאַסען אידען

### בולעוואַרד, רעסטאָראַנט, 1223
הייסטינגס און הענרי, אונטער א נייעם מענעדזשמענט מיט די בעסטע שפּייזען און מעסיגע פרייזען. קומט און איבערצייגט זיך. פּראָפּ. האַבערמאַן און קורץ.

### הרב ר' יוסף תאומים
רפה
202 רעיוזאָן סטריט
טעלעפאָן טשערי 6199 דאָבליו

### פיש מאַרקעט
דער בעסטער פּלאַץ צו קריגען די פרישעסטע און געשמאַקסטע פיש איז ביי
### לייבעל דעם רומענישען
208 ווינדער סט. טעל. טשערי 5731.

### די רייט הענד לאָנדרי
וועלכע האָט א שם פאַר גוטע ארבייט און אָרנטליכע באַהאַנדלונג, געפינט זיך אויף 1221 הייסטינגס סטריט. ביטוון הענדריע און פּאַלמער. מיר פאַרזיכערן אייך צופרידענהייט. רופט אונז אָפּ: גאַרפוויי 2687 אר.

### אידען פון די ארומיגע שטעדט
זייפען פון די
### וועסטערן טאָקינג מאַשין קאָ.
491 הייסטינגס, ניער אַלפרעד. אידישע אויך רעקאָרדס אין אלע שפּראַכען.

### ראָזען'ס בעקערי
ברויט און פענסי קייקס
408 הייסטינגס סטריט.
צו מיר קומט מען פון אלע טיילען שטאָט

### דזש. ראָטנער'ס
דזשענטס פאַרנישינג און קעפּס
584 הייסטינגס סטריט
מיר שטעלען אייך צופריעדען מיט סטייל און פרייזען

קויפט הערינג ביי דער
### מישיגאַן הערינג סופּליי קאָ.
ר. מילער, 435 הייסטינגס סטריט
פּראָבירט די נייע שמאַלץ און מאַטשעס הערינג

### באָהעמיען רהיי בעקערי
נייטען קאָהן, פּראָפּריעטאָר
515 הייסטינגס סטריט
א פולע ליין קייק, חלה און ברויט

### קאָהן בראָס. און מייערסאָן
דער רעסטאָראַנט וואו מען עסט זיננעדיג א גאַנצע וואָך. דער עיקר שבת און זונטאָג (שנאָרער למשל). 630 הייסטינגס

### וואָ'ס ביליג פאַר סטאָר-קיפּערס און פּעדלערס
ספּעציעלע פרייזען פאַר ריטיילערס
### מאַקס ראָזינסקי
355-353 הייסטינגס, קאָר. קאָלומביא

### סיינס
אַרטיסטיש און ניט טייער
ה. ראָטהבערג
302 הענקאָק

### טייכער'ס האַרדוועיר
768 הייסטינגס סטריט
א פולע ליין בילדערס סופּלאַיס
אַלומינום, פּיינטס א. ז. וו.
אָרדערס דעליווערט איבעראַל

### מאָדערנע מענשען
קויפען זייערע שיך אין
### מאָדערן שוה סטאָר
603 הייסטינגס סטריט

### דזשאָז. ל. רובי
אַטאָרני
האָט יעצט זיין אָפיס אין 710 טשעמבער אָוו קאָמערץ
טעלעפאָן מעין 7339

### ס. שענקער
מענער און פרויען שניידער, קלינינג, פּרעסינג, רעפּעירינג. ארבייט גאַראַנטירט
919 אוקלאַנד עוו.
צווישען בעלמאָנט און טראָובּרידזש.

### פינסקער כשר רעסטאָראַנט
549 הייסטינגס סטריט
פּלאַץ פאַר 100 מענשען.
די פיינסטע מיעלס.
סאַניטאַריש און ביליג.

קויפט ביי די אָוקלאַנד האַרדוועהר און סייפט 10%. א פולע ליין פון האַרדוועהר, פּיינט און גלאַזוואַרג.
### די אָוקלאַנד האַרדוועהר
724 אָוקלאַנד. טעל. העמלאָק 1358

### אָפּהאָלסטערינג
מאַכט אייער אַלטע פורניטשור שפּאָגל נייַ
### א. וועסט
865 הייסטינגס סטריט

### ליבערטי העט קלינינג
אויך שוה ריפּעירינג
ליידיעס און דזשענטעלמען
566 הייסטינגס סטריט
669 הייסטינגס סטריט.

ספּעציעלע פרייזען אויף סוטס און דרעסעס געמאַכט צו אָרדער פאַר די זומער מאָנאַטען
### נאָנעטאַ שאַפּ
96 גראַטיאָט. טעל. טשערי 2367

ווען עס האַנדעלט זיך וועגען
### טראַקינג און מאָווינג
דאַן רופט אָפּ
### איז'ם אוטאָ טראָק
288 [illegible] סט. טעל. טשערי 6089

### פאַר גוטע אַרטיסטישע בילדער איז
רעקאָמענדירט
### א. קעלערמאַן, פאָטאָגראַף
490 הייסטינגס סטריט

### ווילט איהר עסען פרישע שפּייז
קויפט
### דזשוייש לאָבאַר'ס
פּוטער און אייער
378½ הייסטינגס סטריט

יוטאָפּיאַ האָל (אָפּסטערז)
### יוטאָפּיאַ
### אייז קרים פּאַרלאָר
308 הייסטינגס סטריט
א. פּאָל, פּראָפּ.

### מאַקס ראָזענבערג'ס פאַר שאַפּ
האָלסייל און ריטייל, ריפּעירינג און רימאָדלינג צו מעסיגע פרייזען
484 הייסטינגס סטריט
טשערי 7701

### גאָלדבערגס כשר רעסטאָראַנט
391 הייסטינגס סטריט
פרישע שפּייזען פאַר געוועהנליכע פרייזען. קומט און איבערצייגט אייך

### ה. פלאָטקין'ס בוך סטאָר
(געוועזענער אוצעניק ס)
אידישע ביכער, ספרים, טליתים פאַר די מעסיגסטע פרייזען
455 הייסטינגס סטריט, קאָר. אַרדעליי.

### קרעמער'ס האַרדוועיר
278 קענפיעלד
מעלראָוז 1732 „עם"
ראַיעלע באַהאַנדלונג. מעסיגע פרייזען

### McCAREY'S
### טייר ריפּייר שאַפּ
667½ הייסטינגס סטריט
וואַרפט ניט אַוועק קיין אַלטע טיירס

### פיינסטע סטייל דרעסעס
מילער בראָס.
קלאָוקס, סקוירטס, וויסטס
רעדי טו וועהר
264 הייסטינגס סט. — מעלראָוז 6108

ווילט איהר סייפען געלד? — דאַן קומט צו
### קליין און גאָלדמאַן, פּאַריערס
א גרויסען סטאַק פון קוני ביז סייבעל. מיר מאַכען אויך ריפּעירינג און רימאָדלינג, 398 גראַטיאָט. טעל. מעין 3613

### הייזער און פּלעטס צו פאַררענטען
קומט פערזענליך. מיר האָבען וואָס איהר ווילט, אָדער מיר וועלען עס געפינען.
### McQUAIDE REALTY CO.
536 גרענד ריווער — גלענדייל 4572

### וואָרדען ריעלטי קאָ.
588 הייסטינגס סטריט
וועט פאַרקויפען אייער ריעל עסטייט צו יעדער צייט

### לייאָן שיך
שטעלען אַלעמען צופריעדען
### Lion Shoe Co.
594 הייסטינגס סטריט

### דזשאָזעף ל. רובי
לאָיער
האָט זיין ברענטש אָפיס פאַר די אויטענדען אין 588 הייסטינגס סטריט.
טעלעפאָן מעין 7339.

### גאָרדאָן'ס בוכהאַנדלונג
541 הייסטינגס סטריט
ביכער און זשורנאַלען אין אלע שפּראַכען

### חזן א. ל. רוטמאַן
חזן בבית הכנסת „בית יעקב"
682 בראָש סטריט
מעלראָוז 863—דזשיי

### סטרענג דעליקאַטעסען
און לאָנטש רום — כשר
44 בראָדוויי — דעטראָיט
דזשעק גראָפּפער, אייגענטימער
טעל. טשערי 5176

### איגעל טעקסי-קעב קאָ.
קאַרס צו אלע צייטען
בייטאָג און ביינאַכט
טעל. מעין—7778
" מעין—7779

### די מעדבערי שוה קאָ.
הייסטינגס און הענדריע
מאַכט אייך זיכער צופריעדענשטעלען סיי מיט קוואַליטי, סיי מיט'ן פרייז
קומט און איבערצייגט אייך
טעלעפאָן נאָרטה 2973

---

# Mt. Clemens

### דאָס שטאַרקסטן מינעראַל וואַסער אין דער וועלט איז די

### דער בעסטער האָטעל
איז ד'ער



## פאָונטעין בעטה הויז

אונטער א אידישער מענעדזשמענט. קומט און ווערט קורירט פון רומאַטיזם, נערוועז-קראַנקהייטען א. ז. וו. אונזער פאָונטעין בעטה הויז איז די ערשטע און אָריגינעלסטע ווי אויך די איינציגע אידישע.

בעסטע באַהאַנדלונג גאַראַנטירט.

שרייבט צו די

**FOUNTAIN BATH HOUSE**
**Cor. Gratiot & Clinton,**
**Mt. Clemens, Mich,**

## פאָונטעין האָטעל

כשר

100 שעהנסטע רומס. נרעסטע דייגינג רום. אַבען דער פאָונטעין בעטה הויז. פרייז $25 רום און באָרד. די [illegible] פון דעטראָיט ברענגט אייך צו אונזער טיר. ווען איהר זאָגט צום קאָנדוקטאָר אז איהר ווילט סטאָפּען ביי „פאָונטעין". שיקט א פּאָסטעל קאַרד. ווען איהר ווילט וויסען איינצעלהייטען צו

סעם מאַרינאָוו, פּראָפּ.

## קליוולאַנד כשר האָטעל און רעסטאָראַנט

מרס. סערע זעמלאַקאָווסקי און לינא בעקערמאַן

97 קלינטאָן סטריט
מאָונט קלעמענס

בעסטע קוירווי, ביליגע פרייזען. נעבען בעסטען באַדינג פּלאַץ. אָפּען א גאַנץ יאָהר. שרייבט א פּאָסטעל קאַרד.

### אַטלאַנטיק כשר הויז
מאָונט קלעמענס

פאַר $25 א וואָך גיבען מיר אייך א פיינע רום מיט עסען. די פאָונטען באָד איז נעבען הויז. שרייבט א פּאָסטעל קאַרד צו דער אַטלאַנטיק.



## זייט געזונט



ס'ניט נערדונגען אז איהר מוזט האָבען טווזענדער צו זיין אין מט. קלעמענס

## ניו ווילאַ האָטעל

וועט אייך רעכענען $25 א וואָך און איהר וועט הנאה האָבען. אלע רומס קאָנעקטעד מיט א פּעסעדוש צו די פּלאַזא בעדער. שרייבט נאָך איינצעלהייטען צום פּראָפּריעטאָר ה. קראוז.

זון פאַרברענגט אייער זומער וואַקיישאָן אין מאָונט קלעמענס, און אז שוין אין מאָונט קלעמענס וועט איהר סטאָפּען אין

## Elkins Hotel

100 רומס. דיינינג רום פאַר 300 לייט. א רפואה פאַר קראַנקע, א פאַר־נגען פאַר געזונטע.

## אייער פאַרלאָרענע געזונט



קריגט איהר צוריק, ווען איהר זענט אין מאָונט קלעמענס און סטאָפּט אין

## גלענוואָוד האָטעל

קאָנעקטעד מיט די באַריהמטע אַלימפּיא בעדער. שעהן, ליכטיג, לופטיג. פרישע שפּייזען, מעסיגע פרייזען. א ספּעשעל לאָנטש און דעליקאַטעסען סטאָר, קאָנעקטעד מיט די גלענוואָוד. שרייבט נאָך איינצעלהייטען צו א. מאָראָסקי.

### פּיטסבורג כשר האָטעל
אין מאָונט קלעמענס

נעקסט דאָר צו פּלאַזא בעטה הויז. מיר באַהאַנדלען אייך ראַיעל און רעכנען מיט טייער. וואַטשט פאַר אונזער פאָרטרעטער ביים סטיישאָן.



## אַלבאַני האָטעל

אין מט. קלעמענס, האָט א נאָמען פאַר די לעצטע 20 יאָהר אונטער דעם זעלבען מענעדזשמענט.

מיר בעטען אונזערע קאַסטימער און פריינד צו קומען באַזייטענס איידער דער סעזאָן איז אין פולען גאַנג, כדי מיר זאָלען זיי קענען געבען בעסערע באַהאַנדלונג. שרייבט צו

ב. מאָסקאָוויץ

## ריווערסייד האָטעל

(געוועזענער פּאַרק ענעקס)

מט. קלעמענס, אינגאַנצען רעמאָדעלירט, עפענט זיך 1־טען מאַי.

150 רומס, דיינינג רום פאַר 300. דאָס אידעלסטע פּלאַץ פאַר געזונטע ווי פאַר קראַנקע. שרייבט נאָך איינצעלהייטען.

**Riverside Hotel**
**Mt. Clemens, Mich.**

א נייעס אין מאָונט קלעמענס
### צוויי כשר'ע
### דעליקאַטעסען סטאָרס
אין מאָונט קלעמענס

**B. & M. DELICATTESSEN**
**58 N. Gratiot**
**and 46 Cass Avenue**

אַלערליי לאַנטשעס און געטראַנקען. באַזוכט אונז ווען איהר זייט אין מאָונט קלעמענס

— באַקאַנטמאַכונג —
### רעוו. א. קאַצער
וואָס איז רעקאָמענדירט פאַר'ן בעסטען
### מוהל
זייט די לעצטע 20 יאָהר
האָט נעמופט פון 263 פאַרנסוואָרט אין
140 מערבורי, קאָר. בראָש
טעלעפאָן: מאַרקעט 827

## באקאנטמאכונג

### יין גפן לקדוש ולהבדלה

אייך אלעמענס גוט באקאנטע וויין־סטאר, אויף 407 הייסטינגס סטריט, וואו איהר פלעגט שטענדיג באקומען דעם בעסטען וויין פאר ריטועלע צוועקען, איז יעצט איבערגעגאנגען אונטער א נייעם מענעדזשמענט. די אויפזיכט איבער דיעזען סטאר האט יעצט א מאן וועלכער איז פאר יאהרען לאנג געווען אין וויין ביזנעס. דער נייער מענעדזשמענט מיט די אלע סארטען גוטע וויינען גלויבט, אז פארקויפענדיג מעהר וויין צו ביליגערע פרייזען, וועט זי מאכען מעהר סוקסעס, ווי פארקויפענדיג וויניגער וויין צ' העכערע פרייזען. מיט איין ווארט, זיי ווילען געבען א געלעגענהייט יעדען אידען אין דעטראיט, צו קריגען די בעסטע וויין פאר קדוש און הבדלה צו די ביליגסטע פרייזען.

פאלגענדער פרייז ליסט וועט דיענען אלס ביישפיעל ווי ריכטיג עס איז אלעס, וואס דער נייער מענעדזשמענט פארזיכערט אייך:

**די בעסטע כרמל וויין**

| | |
|---|---|
| דער פרייז פון בעפאר | $20.00 |
| דער יעצטיגער פרייז | $17.50 |

**כרמל וויין**

| | |
|---|---|
| דער פרייז פון בעפאר | $15.00 |
| דער יעצטיגער פרייז | $13.75 |

**פארט וויין**

| | |
|---|---|
| דער פרייז פון בעפאר | $12.50 |
| דער יעצטיגער פרייז | $ 8.00 |

**זויערער וויין**

| | |
|---|---|
| דער פרייז פון בעפאר | $12'10 |
| דער יעצטיגער פרייז | $ 6.00 |

קומט צוגעהן אין אונזער וויין סטאר אויף 407 הייסטינגס סטריט און איבערצייגט זיך אין דער ריכטיגקייט פון אונזער פרייז ליסט און אין דער געשמאקהייט פון אונזער וויין.

מיט גרוס,

די סאקראמענטאל וויין סטאר

407 הייסטינגס סטריט.

לעזט דעם „וועג".

## שנארער לעגען אפ זייער מיטינג: איבער „טוביה דער מילכיגער"

מאשר אזוי ווי מאריס שווארץ איז געקומען קיין דעטראיט און ער וועט שפילען „טוביה דער מילכיגער" פון שלום עליכם, לכן זיינ' ווימען, אז די שנארער וועלען קיין פארזאמלונג ניט האבען דעם זונטאג, ווייל אלע שנארער געהן אין אידישען טעאטער.

ד י  ש נ א ר א ר.

## פארד קארס און אנדערע קאר

קומט און קלייבט אויס פון אונזער גרויסען סטאק. מיר קויפען פאר קעש און פארקויפען אויף לאנגע טערמינען

**Maurice W. Fox Co.**

**Boulevard nr. Oakland**

### קענדלארדס און פראפערטי אייגענטימער

לאזט זיך ניט נארען, זייט פארזיכטיג בעפאר איהר קויפט סעמענטענע נארבערזש אדער אש־רעסעפטיקאל, דיטראיט קאנקריט מאניפעקטשורס רי־אינסטאלד רעסעפטיקעלס. די צעמענט איז געמישט מיט ווייער, ווערט נעווער צופאלען, וועט זיך ניט שפאלטען פון פראסט. מיר גאראנטירען ביליגער אין פרייז, בעסטע אין קוואליטי. ה. מ. קאפמאן, 296 האנקאק איסט. טעלעפאן מעלראוז 3595 וו. טשערי 1473. פרייע אינסטאלישאן.

### באקאנטמאכונג

**די סילווער לעדער קא.** 678 רושאז. קעמפא, קויפט פארשיעדענע וארטען לעדער און אימיטיישאן לעדער, אויך אלטע לעדער און ראבער בעלטינג. ספעציעל זענען מיר פאראינטערעסירט אין נייע סעלאלאיד סקרעפ; מיר צאהלען 65 סענט א פונט.

**פארגעסט ניט** אונזער טעלעפאן נומער: מעלראוז 4610.

## אין דער טוראווער שוהל

חזן פנחס י. יפה פון קליוולאנד, וועט דאווענען היינט אוונט און מארגען פריה שבת פרשת חקת אין דער טוראווער שוהל, 152 אילינאיז סטריט. איינטריט פריי.

### אויספארקויף

**ג. גרענד'ס סטאר**

185 גרעשיאט עוועניו

1000 מענ'ס סוטס; 200 וואררדראב און אנדערע טראנקס ווערט אויספארקויפט צו האלבע פרייזען.

### די א־דישע אגריקולטשוראל אייד סאסייעטי

(באראן דע הירש)

האט געעפענט אן אפיס אין דעטראיט אין אנא שלאס בילדינג, אידישער אינסטיטוט, היי סטריט, איהרע אנראנזשמען גיבען פרייען ראט וועגען פארמערייי. איידער איהר קויפט א פארם, קומט אדער שרייבט צו ג. וו. סיימאן, איד. אגר. סאס.

### פארלאנגט מענער!

נאכפרעגען קארל י. שמידט. (פוס) אנפאנג פון לייב סטריט. 28)

## Reliable Store Fixture Co.

מיר האבען א גרויסען אויסוואהל פון אלערהאנד סטאר פיקסטשורס, וואל קייסעס, שאו קייסעס, אייז באקסעס, קאנטארס, שעלווס, סייפס, ספיילס ־עדזשיסטערס, נייע און געיוזטע. פרייזען מעסיגע. ארענטליכע בעהאנדלונג. 2 סטארס.

**רעלייבל סטאר פיקטשור קא**

305 גרעשיאט עוועניו

טעל. קאדילאק 2445

277 מישיגאן עוועניו

טעל. קאדילאק 4924 עם.



D&C LAKE LINES

## A Vacation Trip That Satisfies

THE summertime will soon be here and with it the joys of a vacation trip. Where are you going? The Great Lakes is the mecca for particular and experienced travelers on business and pleasure trips. The D. & C. Line Steamers embody all the qualities of speed, safety and comfort, the freedom of the decks, the cool refreshing lake breezes. D. & C. a Service Guarantee.

Daily Service May 1st between Detroit and Buffalo. Leave 6:00 P. M. Arrive destination 9:00 A. M.

Daily Service April 1st between Detroit and Cleveland. Leave 11:00 P. M. Arrive destination 6:15 A. M.

**MACKINAC ISLAND**

Service June 14th to Sept. 14th. 3 trips per week June 14th to July 1st. July 1st to Sept. 14th, 6 trips per week.

**Between Detroit and Buffalo Use Your Rail Tickets**

Send 2c Stamp for Illustrated pamphlet and map of Great Lakes. Address L. G. LEWIS, G. P. A., Detroit, Mich.

**DETROIT & CLEVELAND NAVIGATION CO.**

A. A. SCHANTZ, President and General Manager.

J. T. McMILLAN, Vice-President.

## גרויסער בארגעין אין ביזנעס ארער פעקטארי פראפערטי

316 ביי 105 פוס אויף דעם סאוט־וועסט קארנער פון ראססעל און מאללעט ט. דאס איז שוין צוזאמען מיט א בריק פעקטארי בילדינג, 44 ביי 105 זוס, ווי אויך 2 גרויסע סטארעדזש ארדס און רעזידענס, אלעס בלויז אונטער א האלבען מייל פון סיטי האל. דער פרייז איז שפאט ביליג, בלויז 6,000 דאלאר. און נאר 12,000 דאלאר איינצאהלען און גרינגע אפצאהלונגען: 450 דאלאר א מאנאט.

נאכפרעגען

**לייק סייד ריעלטי קא.**

3120 איסט דזשעפערסאן סטריט

טעלעפאן היקארי 3604.

דער פלאץ פאר גוטע ארבייט גוטע בעהאנדלונג — ליבעראלע פרייזען.

**דר. ה. סטאריקאף**

דענטיסט

490 הייסטינגס סטריט

צום דעטראיטער פובליקום

א י ן

## קאפלאן'ס בארגען סטאר

געהט נאך אלץ אן דער

## קלאזינג אוט סייל

ווייל דאס איז ווירקליך א סייל בלויז דעריבער, ווייל די סטאר מוזט דאון טאון.

איהר קענט אלזא יעדען טאג נאך געפינען צעהנדליגע ארטיקלען, וואס ווערען אויספארקויפט צו ביליגער ווי האסט. און ווען איהר פארפעהלט צו קויפען אן ארטיקעל פארליערט איהר קעש געלד.

## א האטעל און באד הויז אין מט. קלעמענס צו פערקויפען

א גוטע מינעראל באטה־הויז און האטעל פון 23 רומס.

דער פרייז איז זעהר ריזאנייבל און די פעימענטס גרינגע. געפינט זיך נאהענט נעבען דעם פאונטעין האטעל.

נאכפרעגען: פ. דזש. בראומס. פאונטעין האטעל.

## חזן פנחס י. יפה

פון קליוולאנד

וועט דאווענען

## פרייטאג אבענד און שבת פריה

פרשת חקת

## אין דער טיראווער שוהל

152 אילינאיז סטריט

## אטאמאביל עקסידענט האספיטאל אטאמאביל אייגענטימער

ווען אן עקסידענט טרעפט מיט אייער קאר, ברענגט דאס צו אונז. מיר וועלען די קאר ווידער ניי מאכען.

פריימס, באדיס, עקסעלס, פענדערס ווערען אויסגעגלייכט, געוועלדעט, געמאכט ווי נייע און געענאמעלד.

רעדיאייטארס פעריכט און איבערגעדילט אויך עקסטשענדזשעט

**Michigan Radiator & Fender Repair Co.**

723, 725 & 727 John R. St. Glendale 7576

## בלויז $1.00 א וואך

סאליד גאלד קראון אוןברידזש ווארק.

אונזער אפיס באשטעהט פון געניטע רעדזשיסטרירטע און ליסענסד דענטיסטען וועלכע פארשטעהען ווי אזוי צו מאכען קראון און ברידזש ווארק מיר גיבען אייך די געלעגענהייט בעצאהלען $1.00 א וואך.

**עקזאמינעישאן פריי**

אפיס שטונדען: 9 פריה ביז 9 אבענדס.

**Doctors Drake & Mayhew**

**Reliable Dentistry**

## קאר. גרעשיאט און הייסטינגס

## טוראווער רעליעף

אונזער דעלעגאט בעני בראגמאן פאהרט אפ אין גיכען נאך טוראוו אין די אינטערעסען פון דער רעליעף.

ער וועט באזוכען: טוראוו, זיטקאוויץ, לידענאוויט, פעטריקאוו, און גאנץ פאלעסיע, סטאלין, פלאטניצע, ווימאטסק, רובלע, דאווידגארארדאק, לונינעץ, לאהוע, קאזאן, גאראראק, מיקעשעוויטש, לעלין, און אומגעגענד.

לאנדסלייט פון דיעזע שטעטלעך וועלכע ווילען שיקען געלד און אפידייוויטס קענען זיך ווענדען פאר אינפארמיישאן אין פאלגענדע פלעצער:

יוסף גרענד, 589 הייסטינגס סטריט בוטשער סטאר; שיפמאנ'ס מענ'ס פארנישינג סטאר, 605 הייסטינגס סטריט; האפמאן, Y. H.P.A. רעסטאראנט, הייסטינגס קארנער ברוידיסטריט. און אלע טאג צווישען 8 און 10 אווענד, אין דער טוראווער שוהל, 152 איללינאיז סטריט, וואו עס וועט זיצען א קאמיטע און אויפנעהמען געלד, אפידייוויטס און בריעף.

אכטונגספאל,

טוראווער רעליעף קאמיטע.

## שוב ערט דעטראיט

אפערא הויז

קומט אלע באגריסען דעם באריהמטען גרויסען קינסטלער

## מאריס שווארץ

אין שלום עליכם'ס גרעסטער שאפונג

## טביה דער מילכיגער

פון שלום עליכם

## זונטאג מאטיני און אוונט

## דזשון דעם 27טען

אין איינעם מיט בערטא גערסטין און די גאנצע קינסטלער געזעלשאפט פון מאריס שווארץ'ס טעאטער, ניו יארק.

טיקעטס אין סוידקעל טעאטער און אין דעטראיט אפערא הויז.

איהר קענט איינשפארען

## 50 פראצענט אויף אייער אטאמאביל

אינשורענס

אונזערע רייטס זענען נאך אימער ניט געהעכערט געווארען, — אונזער קאמפאני איז א באוואוסטע מישיגאן סטאק קאמפאני. רופט אפ ביי טעלעפאן:

טשערי 2078

אדער

קעדילאק 2078

און אונזער אגענט וועט אייך אלעס ערקלעהרען.

אונזערע אידישע אגענטען זיינען: מאקס היימאן, עדווארד דזשייקאבס, מאקס גודמאן, ב. ה. בערגער.

**Henry A. Behrendt**

**NSURANCE**

Cherry 2078
Cadilac 2078

505-506 VINTON BLDG



אונזערע ספעשעל מאשינען סיווען ארבייט.

אונזערע איבערגעבילדעטע מאשינען סיווען געלד.

## קויפט פון מאנופעקטשורער און ניוזט דעם ריטייל פראפיט.

מיר פארקויפען די בעסטע אין דער ליין פון נעה מאשינען פאר יעדער סטיטשינג אפעריישאן, א חוץ די נייע און ספעציעלע נעה מאשינען פארקויפען מיר א ביסעל אפגעיוזטע מאשינען. דאס גיט אייך א געלעגענהייט צום סיווען פיעל געלד דערביי!

**A. C. Payer**

19 E. Jefferson

טעלעפאן: טשערי 1813

# אין א ווינקעל פון דעטראיט

ראמאן פון ב. איסאיעוויטש

(פארזעצונג)

לאנג קלעהרען וועגען דעם געלד האט די מרס. פינקעל במילא ניט געקענט. זי האט געמוזט ווידער זיך דערמאהנען אן מרים'ען, אפילו ווען זי זאל דאס ניט גע־וועזן וועלען.

ווידער האבען זי באלאגערט די שכנות מיט פארשידענע עצות. דערנאך — די קונים. איטליכען האט זי באדארפט דערצעהלען אקוראט וואס פאר א מיידעל מרים איז. און ווי גרויס דער אומגליק איז. און ווי זי וועט חלילה דאס ניט אי־בערלעבען, אויב חלילה חנה זאל אהיים קומען אהן מרים'ען און אויב דער יונ־גערמאן וואס קווארטירט ביי דער מיסעס האלצבערג וועט זי ניט אויסזוכען. זי וועט דעם אומגליק ניט איבערלעבען.

די קונים האבען זיך ניט געאיילט און לאנג ארומגערעדט דאס אומגליק, האבען געגעבען עצות און געזאגט מיינונגען.

שפעטער איז אנגעקומען ניימאן.

אלע וואס האבען זיך געפונען אין סטארקע, זענען איהם פון אלע זייטען באפאלען:

— נו, ס'הערט זיך עפעס? האט איהר זי אויסגעפונען? וואו איז זי? ווען וועט זי קומען? וואו איז זי געווען? און עהנליכע אזעלכע שאלות.

ניימאן, וועלכער איז נאך געווען ני־דערגעשלאגען פון דעם וואס ער האט געמוזט אליין אהיים פאהרען, אהן חנה'ן און פון היימי'ס שטעכווערטלעך, האט מיט ברייט פאנאנדערגעריסענע ווייטע א קוק געטאן אויף דעם געזעמעל מיט ווייבער, איז געשטאנען א רגע און דאן איז ער געהנטער צוגעגאנגען צו דער מיסעס פינקעל או זאהר קורץ א זאג געטאן:

— נימא נאך.

— וואס נימא נאך? — האט די מרס. פינקעל געפרעגט, בלאס ווערענדיג ווי קרייד.

— מערי איז נאך נימא — האט ניימאן געענטפערט.

— וואו זשע איז חנה? — איז די מרס. פינקעל געווארען צעשראקען, ארום קוקענדיג זיך אין אלע זייטען און ניט זעהענדיג חנה'ן.

— זי איז אוועקגעפאהרען מיט דעם ריכטער פארבשטיין'ס זיהנדעל זוכען מערי'ן.

דא האט זיך אנגעהויבען באנייעס, א קאן אן אנפאל מיט פראגען און מיט עצות און מיט מיינונגען.

ניימאן האט זיך אבער אויף שנעל ארויסגעדרעהט פון דעם קרעמעל און איז ארויף צו זיך אין צימערעל, וואו ער האט באדארפט ווארטען אויף היימי'ן.

היימי האט איהם געהייסען ווארטען ביי זיך אין צימער ביז ער וועט צוריק קומען.

---

„היימי מארגאליס איז ניט יעקב ניי־מאן" — האט היימי זיך געוויצעלט מיט ניימאן אזוי גיך ווי חנה איז אוועק מיט דזשאזעף'ן אין'ם אטאמאביל, — זיך וועט מען אויף'ן זיכער ניט נעהמען. איך'ל מערי'ן אויסגעפינען פריהער פאר ני־..." — אזוי האט ער זיך באריהמט פאר ניימאנ'ען. איהם האט ער אפגעשיקט אהיים צו זיך, און אליין איז ער אוועק מיט דעם טראמוויי. ער האט איהם פאר זאגט, אז ער זאל זיך ניט דערוועגען אוועקצוגעהן פון הויז, איידער ער וועט קומען.

היימי איז געפאהרען מיט דעם טראמ־וויי מיט דעם איינענעם פלאן ווי דזשא־זעף איז געפאהרען. ער האט בעסער פון דזשאזעף'ן געוואוסט דעם מארשרוט פון אלע גריכטס און פאליציי הייזער. אבער ער האט צוערשט גענומען די גע־ריכטס און פאליציי הייזער וואס אין דעם אידישען קווארטאל און ביז ער איז צוגעקומען צו דעם פאליציי הויז וואס מערי איז ארעסטירט געווען, האט ביי איהם געהויערט ביז ארום פיער־פינף א זייגער נאכמיטאג.

---

היימי האט ניימאנ'ען ניט אפגע־נארט: ער איז געווען פעסט ענטשלאסען ניט אהיים צו קומען ביז ער וועט מערי'ן ניט אויסגעפינען.

דא איז שוין געשטאנען נור געווען די אמ־ביציע פון דעם רעפארטער, נור אויך — חנה.

היימי איז איבעראשט געווארען פון חנה'ן און פון איהר באנעהמונג.

לכתחילה האט ער מורא געהאט צו איז ניט חנה פארליעבט אין ניימאנ'ען, פונקט ווי ניימאן איז פארליעבט אין איהר.

שפעטער אבער ווען ער האט געזעהן ווי זי נעהמט איהם וועניג אין אכט, ווי זי קוקט זיך אויף איהם אפילו ניט אום, האט ער פעהר גענומען נאכשפאצירען איהר יעדע קלענסטע באוועגונג.

ער האט געהיט איהר יעדע מינע.

אין אזא צופאל, האט היימי גע־וואוסט, וואלט א פארליעבטע מיידעל זיך געפיעסטשעט פאר איהר ליעבהאבער זי וואלט געוויינט; זי וואלט מיט איהם גערעדט; זי וואלט זיך פון איהם גע־לאזט טרייסטען.

(פארזעצונג פאלגט)

## די שמחה פון בית יתומים

אין „שערי צדק" שוהל איז די פייערונג פון דעם „בית יתומים" ווייל עס איז איינגעצאהלט געווארען אלע שולדען וועלכע זיי זיינען געווען אויף דעם הויז געווען אין פולען גלאנץ עס איז דער יום־טוב געווען פון פארברענען דעם מארט־גיידש. א שעהנער עולם האט זיך צוזא־ וואלט דער עולם גע־ מענגעקליבען, און ווען ניט דער רעגען ווען נאך גרעסער. עס איז צוגעגרייט געווען רעפרעשמענטס פאר גאר א גרויסען עולם, ביי געגרייטע טישען האט זיך דער אנוועזענדער עולם פיין אמוזירט, עס האבען ניט געפעלט שעהנע רעדעס.

דער טויסטמייסטער איז געווען ה. וו. סיימאנס, פרעזידענט פון שערי צדק שוהל, דעם ערשטען רעדנער האט ער אויפגערופען הרב ר' י. איישישקין, נאכהער האבען גערעדט: מר. מ. ווייסוואסער, מר. י. פרידבערג, מר. ל. דען, הרב יוסף אייזמאן, מר. האלצקין, צום לעצטען האט גערעדט רבי דר. הירשמאן, דער לעצטער האט אויך דערמאהנט וועגען א אידישען האס־פיטאל אין אונזער שטאדט.

מר. ווייסוואסער האט באריכטעט אז די באארד אוו העלטה האט באשטימט אז דער בית יתומים קען נאר אנהאלטען אין יעצטיגער הויז 19 יתומים אבער אפ־ליקיישאנס איז פאראן א סך מעהר. וואס זאל מען יעצט טאן? מען מוז פארקויפען דיעזע הויז און בויען אן אנדערע, א פיעל גרעסערע.

עס איז דערמאנט געווארען, דער יעצ־טיגער פרעזידענט פון בית יתומים מר. בילפיעלד, אז מען האט פיעל צוטרויען צו איהם, זעהענדיג זיין ארבייט אין הכנסת אורחים אלס פרעזידענט. אז ער וועט ארבייטען מיט ענערגיע, אז דער בית יתומים זאל זיין ווי עס איז נויטיג פאר די יתומים אין אונזער שטאדט.

צום לעצטען איז פארקויפט געווארען די פארבליבענע קייקס וועלכע זיינען גע־וועזן אנגעגרייט. דעם ערשטען קייק האט געקויפט מר. שאמבערגער פאר הונדערט דאלאר. נאכהער די איבעריגע, צו לעצט איז געראפעלט געווארען א קייק, וואס האט אריינגעבראכט עטליכע הונדערט דאלאר פאר דעם בית יתומים.

## קאמף געגען אנשטעקענדע קראנקהייטען צווישען אידען

דר. לעוו, וועלכער וויילט איצט אין ווארשא, האט אויסגעארבייט א גענויען פלאן, ווי אזוי צו קעמפען געגען די אנשטעקענדע קראנקהייטען צווישען די־רען אין פוילען, וואס האבען לעצטענס אנגענומען דראהענדע פארמען. דער „רושודיסקאם" וועט צו דעם צוועק בא־שטימען ספעציעלע פאנדען.

## זומער־קאלאניעס פאר אידישע קינדער

אין לאא לפון „רושודיסקאם" איז אפ־געהאלטען געווארען א קאנפערענץ מיט די לאדזער רעטונגס־קאמיטעטען אויפ'ן געביט פון דער געוועזענער דייטשער אקופאציע. אויף דעם טאגעס ארדנונג איז געשטאנען די פראגע וועגען שאפען זומער־קאלאניעס פאר נויטבאדערפטיגע אידישע קינדער.

## א סיים־דעלעגאציע קיין דאנציג

קיין דאנציג איז אפגעפאהרען פון לאדז א דעלעגאציע פון סיים־דעפוטא־טען פון אלע פאליטישע גרופען אין געזעלשאפט פון מיניסטארען פאר א פראוויזאציע, באהנען, עפענטליכע אר־בייטען, האנדעל און אינדוסטריע. אין דער ערשטער רייה פון די באראטונגען אין דאנציג וועט זיין די אפראוויזאציע־פראגע.


TELEPHONE CANAL 193

VIENNA SAUSAGE MFG. CO.

Hygeia Beef Sausages

1215-1217 S. HALSTED ST. CHICAGO

אונזערע
דעטראיטער אגענטען
זיינען
דזשיי לעפקאווסקי און סאנס
בראדוויי מארקעט



גיט אייערע קינדער א מאדערנע אידי־שע ערציהונג שיקט זיי אין דער מענ־דעלע פאלקס שולע 204 איסט הענ־קאק. עס ווערען געעפענט נייע קלא־סען פאר אנפאנגערס, אויך שולער פיר די העכערע קלאסען, אין שולע לע־רענט מען אידיש העברעאיש. געשיכ־טע און לענדער, די שולע איז אפען יעדען טאג פון 4 ביז 7 זונטאג פון 9 ביז 12.30


## אן אפענער בריעף צו מר. פארד

(דער דאזיגער בריעף איז געשריבען פון מר. פיפ, רעדאקטאר פון „פיפ'ס וויקלי", מכח פארד'ס האספיטאל)

עס איז פאראן א קליין אינגעלע, וועלכער איז דאס טייערסטע אין איי־ער לעבען. איך האב געזעהן אייער וואונדערבארע באציהונג צו איהם און אהב איינגעזעהן, ווי שטארק, ווי היים איהר ליעבט איהם.

איך דערמאן זיך. איהר זענט אמאל מיט איהם געפאהרען אויף רעקנער ראוד. איהר זענט דאן געווען אין גאנ־צען פארנומען מיט איהם. איהר האט דאן פארגעסען פון אייערע רייכטימער, פארגעסען אפילו די וועלט־מארקעטס און די דריי טויזענד אטאמאבילס, וואס ווערען טעגליך ביי אייך פראדו־צירט, ברענגענדיג צו אייך הונדערטער טויזענדער דאלאר פראפיט יעדען טאג.

איהר האט פארגעסען — ווייל געבען זיך האט איהר געהאט אן איינענטום, וואס איז טייערער פון אלע מיליאנען וואס איהר האט און וועט נאך צוקריי־גען. איך האב עס געזעהן אן דעם גליקליכען שמייכעל אייערען; האב עס געהערט אין אייער פרעהליכען קול די גאנצע צייט. וואס מיר זענען געפאה־רען. דאס איז געווען די ליעבעס־גבורה צו אייער קליינעם אייניקעל, וועלכער איז צו אייך טייערער פון אלעם אין דער וועלט; זיין נאהענטקייט האט עס אייך געמאכט פארגעסען אן אלע איי־ערע רייכטימער.

און ווען עס האט זיך געמאכט, אז דאס דאזיגע אינגעלע האט פלוצלונג אנגעפאנגען ליידען פון א קראנקהייט, זענען אייערע ליידען געווען פונקט אזוי גרויס ווי זיינע.

איהר זענט געזעסען נעבען זיין בעט שטונדען לאנג און אייער הארץ האט געשלאגען מיט רחמנות צו איהם; איהר האט געוואונשען, אז איהר זאלט קענען איבערנעהמען זיין פלאץ און ליידען פאר איהם. טרעהרען האבען גערונען פון אייערע אויגען און — ווידער־אמאל האט איהר אן אלעס פארגעסען: — פארגעסען אז איהר זענט רעה מיליאנער העגרי פארד; איהר זענט דאן אומגליקליך געווען...

מר פארד, איך ווייס וואס דאס איז, ווייל א קליין אינגעלע פון א יאהר אלט שפיעלט מיט זיינע קליינע פינ־גערלעך אויף די דינסטע סטרונעס פון מיין הארץ, אט פונקט אזוי ווי אייער... און ווען מיין זוהנ'ס קליין אינ־געלע האט א הוסט, בין איך אזוי אומ־רוהיג און גאנצע נעכט טראכט איך וועגען איהם; און אין דער פריה, באלד ווי איך שטעה אויף, וויל איך גלייך וויסען, וואס ער מאכט. און דערפאר האב איך א באגריף, וואס דאס אלעס מיינט צו אייך; ווי אזוי אלעם גרוי־סעס ווערט נישטיג און קליין, ווען דאס לעבען פון אייער אייניקעל איז אין גע־פאהר.

---

איהר האט א גרויסען האספיטאל אויפגעבויעט. איך פארשטעה, אז ער געלעצענד איינגעריכטעט עקספערטען זאגען, אז די איינריכטונג איז די בעס־טע. אזא מאן ווי דר. סטעקלער און אנדערע דאקטוירים פון סטאף קענען זיך ניט אפלויבען פון די איינריכטונ־גען אין אייער האספיטאל.

און ווי גליקליך זענט איהר געווען, וואס איהר האט אזא גלענצענדען האס־פיטאל, ווען עס האט זיך ארויסגע־וויזען, אז אייער אייניקעל דארף נוי־טיג אן אפעראציע.

דאס זענען געווען טעג פון טיעפען צער פאר אייך. איהר האט דאן איבער־געלאזט אלע אייערע געשעפטען און זענט ניט אפגעטראטען פון יענעם פלאץ, וואו אייער אייניקעל איז גע־לעגען. איהר האט אכטונג געגעבען, אז אלעס זאל צוגעהן ריכטיג; איהר האט זיך ניט פארלאזט אויף קיינעם.

איהר האט דארטען געהאט אייער גאנ־צען דאקטאר־סטאף, אבער איהר האט זיך ניט באנוגענט. איהר האט גע־וואלט, אז אויך אייער פאמיליען־דאק־טאר זאל זיין אם פלאץ. דאס איז געווען ניט מעהר ווי נאטירליך. איי־ער פאמיליען־דאקטאר האט שטודירט די ענטשטעהונג פון דער קראנקהייט און איהר האט געוואלט, ער זאל ניט אפטרעטען פון איהם אויף א מינוט, און פונקט אזוי איז עס געווען.

און איהר האט זיך אפילו מיט דעם ניט באנוגענט און איהר האט געשיקט נאך דר. קענעפיעלד פון ענן ארבאר; און ווען איהר וואלט געוואוסט פון נאך א בעסערען דאקטאר, וואלט איהר אויך נאך איהם געשיקט. וואס איז געלט? וואס זענען אלע מיליאנען פון דער וועלט, ווען דאס לעבען פון אזא ליע־בען אייניקעל איז אין געפאהר?...

האב איך זיך דארום געפרעהט, ווען איך האב געהערט, אז אלעס געהט גוט און אז דאס קליין אינגעלע ערהוילט זיך.

---

אבער מר. פארד! איך ווייס פון נאך א קליין אינגעלע, וועלכער האט געליטען פונקט אויף דער זעלבער קראנקהייט, וואס אייער אייניקעל; זיינע ליידען זיינען געווען פונקט אזוי גרויס ווי די ליידען פון אייער איי־ניקעל. דער דאקטאר האט געארבייט מיט מעהר ווי פעהיגקייט — מיט'ן גאנצען הארצען — און אויך דארט איז אומ־באדינגט נויטיג געווארען אן אפעראצ־יע. נאך מעהר ווי איינע — דריי.

און ווען די אפעראציעס האבען גע־דארפט געמאכט ווערען, האט אויך יע־נע פאמיליע געוואלט, אז זייער פא־מיליען־דאקטאר זאל זיין אויפ'ן פלאץ און אז א גוטער כירורג זאל עס מא־כען. זיינען זיי גליקליכערווייזע רייך געווען, איז דאס אלעס לייכט געווארען אין דער היים.

ווארים די האספיטעלער אין דעט־ראיט זענען פארמאכט פאר די מעהר־סטע איינוואהנער. יענע קיים האט ניט געקענט אויפגענומען ווערען אין אייער האספיטאל, ווייל איהר האט ערלויבט די דירעקטארען צו האלטען די טיהרען אין האספיטאל פארמאכט.

---

א דאקטאר איז איינמאל געקומען צו מיר אין הויז. איך ווייס, אז ער איז א גוטער דאקטאר, אן עהרליכער דאק־טאר. ער באדייסט ניט זיינע פאציענ־טען און ארימע היילט ער אומזיסט. אט דער דאזיגער דאקטאר האט מיט מיר גערעדט וועגען די היגע האספי־טעלער און ער האט אויך דערמאנט אייער האספיטאל. ער האט א זעהר הויכע מיינונג וועגען אייך און אייערע אויפטואונגען, אבער עס וואונדערט איהם למאי ער קען זיינעם א פאציענט בלויז צופיהרען צו דער טיר פון אייער האס־פיטאל, אבער עפענען וועט זיך די טיר פאר איהם ניט...

אין צייט פון א קראנקהייט שפיעלט א גרויסע ראליע דאס צוטרויען, וואס דער חולה האט צו'ם דאקטאר. צו קיי־נעם האט א קראנקער ניט אזוי פיעל צוטרויען ווי צו זיין פאמיליען־דאק־טאר. און דאך ווערט דער דאזיגער אמת פארלייקענט אין אייער האספיטאל, ווייל קיין פאמיליען־דאקטאר ווערט אהין ניט צוגעלאזען.

דער דערמאהנטער דאקטאר איז א ספע־ציאליסט. איך ווייס עס. ער האט פיעל געטאן פאר מיר און מיין פאמיליע. ער מיט 19 אנדערע דאקטוירים פלא־נעווען יעצט צו קויפען ארער בויען אן איינענעם האספיטאל, אין א צייט ווען פיעל צימערען אין אייער האספיטאל זענען לעדיג.

הארפער'ס איז פאקטיש א פארמאכ־טער האספיטאל; איינינע פון זיינע אפטיילונגען, זיינען פארשלאסען פאר די בעסטע דאקטוירים פון שטאדט, בלויז דערפאר, ווייל זיי זענען פאמיל־יען־דאקטוירים.

---

און ריידענדיג וועגען דיעזען ענין, וויל איך שוין דערמאנען נאך א זאך. אין אייער האספיטאל איז איינגע־פיהרט א זייגער־צייט מעטאדע פאר דאקטוירים. זיי מוזען דארט זיין אין א באשטימטער צייט פון טאג און ניט אין קיין אנדערער. מאנכע דאקטוירים דולדען עס, אבער מאנכע קענען ניט נאכקומען אזא סיסטעם. עס וואלט דארום ניט געשאדט, מר. פארד, איהר זאלט אין אכט נעהמען, אז א האס־פיטאל איז ניט קיין מאשין־שאפ...

דענקט, מר. פארד, פון אייער אייגע־נעם אייניקעל, וואס איהר האט געקענט דערוויייזען פאר איהם און וואס אנדע־רע וואלטען ניט געקענט טאן פאר איהם...

איהר האט זיך געלאזט קאסטען מיל־יאנען דאלארס פאר א האספיטאל, האט איהר דאך זיכער געמיינט דערמיט צו העלפען אייערע מיטמענשען, טו וואר־ום זאל די דעטראיטער באפעלקערונג ניט געניסען דעם פולען בענעפיט פון אייער אינסטיטוציע? צו וואס מאכען אויסנאהמען? זיינען דען ניט אלע ליי־דענדע אלין איינס?

דענקט פון אייער אייניקעל, מר. פארד!...


ווילט איהר אייערע
שלעסער, שליסלען קארפענ־טער זעגען, טולס און אנדערע
ארבייט
גוט געמאכט און גאראנטירט?
טו קומט צו
מ. דאמניטץ
245 מאנטקאלמסט.








ווארט ניט ביז וואנען די באארד אף העלטה וועט אייך צווינגען צו קויפען אזא רעסעפטיקאל, קויפט דאס גלייך אליין.




קאנקריט
גארבעדזש און אש רע־
ספעפטיקאלס
מאניופעקטשורד ביי די
האוטאן סעמענט
באקס קא,
820 לאפאיעט עוו. קאר. 21טע סטר.



פרייז ליסט פ י ר גארבעדזש רעסעפטיקאלס

1 פאמיליע באקס, 20 גאלון — — — — — — — — — — $12.00
2 פאמיליע באקס, 40 גאלון — — — — — — — — — — $18.00
4 פאמיליע באקס, 80 גאלון — — — — — — — — — — $28.00
אפארטמענט באקסעס, 110 גאלון — — — — — — — — — $35.00

פרעגט אייער שכן, וועלכער האט שוין אזא רעספעפטיקאל

אייער נעקסטען ארדער פיר א סעמענט גארבעדזש אדער טש באקס באשטעלט ביי אונז און דערביי וועט איהר סייווען פון 3 ביז 15 דאל. אויף אייער אר־דער.

פעקטארי
820 לאפאיעט עוו
טעל. וועסט 2082

אונזער רעסעפטיקאלס זיינען
אונטער דער אויפזיכט פון
דער באארד אוו העלט

הויפט אפיס
וו. ה. טאנערט
994 ענטוויין סט.
טעל. נארטוויי 4194

ווארט ניט ביז וואנען די באארד אוו העלט וועט אייך צווינ־גען צו קויפען דעם סארט גארבעדזש באקס. קויפט דאס בא צייטענס און פערמיידט טראבעל.

דער וועג

THE DETROIT JEWISH DAILY

Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by DER WEG PUBLISHING COMPANY INC.

347-49 Hastings St. Detroit, Mich. Main 271

J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.

B. I. GOLDSTEIN, Editor

(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)

Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50

# טוראוו'ער אלס ביישפיעל

אונז דאכט זיך אז מען וואלט געמעגט נעהמען דעם טוראוו'ער פאראיין פון דעטראיט אלס ביישפיעל פאר די אנדערע לאנדסלייט פאראיינען דא, אין שטאדט, און דעם ניו־יארק'ער טוראוו'ער פאראיין אלס מוסטער פאר די פאראיינען און לאנדסמאנשאפטען אין ניו־יארק.

די לאנדסלייט פון טוראוו, וועלכע געפינען זיך אין אמעריקא זיינען געווארען טעטיג אויף דעם געביעט פון הילף־זאמלונג נישט דאן, ווען דער חלף איז געלעגען אויף'ן האלדז, נישט דאן ווען די גסיסה געשרייען פון יענער זייט האבען געשפאלטען די הימלען, נאר באלד ווי די מלחמה האט אויסגעבראכען.

אזוי גיך ווי עס זיינען אנגעקומען די ערשטע ידיעות פון רוסלאנד'ס מפלה אין איהר קאמף מיט דעם דייטשען מיליטער, האבען די טוראוו'ער לאנדסלייט אנגעהויבען אין זינען צו האבען זייערע אייגענע אין זייער געבורטס שטעדטיל.

ארום זעקס יאהר האלטען די טוראוו'ער אין איין זאמלען געלד פאר דיזע צוועק. איז עס דערום קיין וואונדער נישט וואס ווען דער שליח פון ניו־יארק, ה' יחיאל גרענר, איז אפגעפאהרען קיין טוראוו האט ער מיט זיך מיטגעפיהרט די סומע פון צוויי און פיערציג טויזענד דאלאר. אביסעל איז נאך אויך געבליבען אין קאסע מסתמא.

לערך א צעהן טויזענד דאלאר וועט עס אפקאסטען די דעטראיטער אידען פון טוראוו, ווען זייער שליח, מר. ברעגמאן וועט פון דאנען פאהרען. ער וועט אויך מיטפיהרען פריוואטע געלדער אין אן ערך פון דרייסיג ביז פיערציג טויזענד דאלאר.

און אין גאנץ דעטראיט וועט איהר אפשר צונויפצעהלען א הונדערט טוראוו'ער לאנדסלייט.

זיינען דען דא נישטא א סך מעהר אוקראינער אידען? ווארום עפעס איז טוראוו אזוי גליקליך און גאנץ אוקראינע אזוי אומגליקליך? „אפילו צו אומגליק דארף מען זיין א מזל'דיגער" — זאגט א אידיש ווערטעל און די טוראוו'ער זיינען ווירקליך מזל'דיג.

דא איז דאס פלאץ צו דערמאהנען די טוראוו'ער פרויען.

אין דעטראיט האבען טוראוו'ער פרויען א באזונדער פאראיין, וואס האט זיך געגרינדעט ערשט מיט א פיער חדשים צוריק און האט שוין א פיערציג מיטגליעדער. און אז די מיטגליעדער זיינען גאר טעטיגע, איז צו זעהן פון דער איפריגער געלד־זאמלונג וואס געהט אן צווישען זיי. זיי האבען שוין א קארגע טויזענד דאלאר אין קאסע און זיי וועלען זיך מסתמא דערביי נישט אפשטעלען.

דער צוועק פון דער טוראוו'ער פרויען ארגאניזאציע איז אריבערצוברענגען יתומים און אלמנות פון טוראוו. דאס איז זעהר א נאבעלער און הייליגער צוועק. און האפענטליך וועלען די טוראוו'ער לאנדסלייט, וועלכע האבען אזוי פיעל ברייטהארציגקייט און ברידערליכקייט ארויסגעוויזען, זינט דער חורבן האט אנגעהויבען זיין צעשטערונגס ארבייט, אויך ווייטער נישט אפשטעלען זיך אין זייער ליבענסווערטער טעטיגקייט און אין איין ווענט אייך שטיצען דיעזען פרויען פאראיין.

אבער וואס הערט זיך מיט אנדערע לאנדסמאנשאפטען? וואס ווערט זיך עפעס מיט די פרויען וואס קומען פון אוקראינע?

אמת טאקע, אז עס ארבייט דא זעהר טעטיג „די יוראפעאן דזשואיש וועלפעאר אסס'ן", אבער די ארבייט פון דער אסאסיאיישאן איז אן אלגעמיינע. און עס וואלט גארנישט געשטערט ווען לאנדסלייט פון שטאדט און שטעדטעל זאלען ארגאניזירט זיין אויף דעם אופן, ווי עס זענען ארגאניזירט די טוראוו'ער לאנדסלייט.

הונדערטער שטעדטליך, אידישע ישובים אין דער אוקראינע זיינען חרוב ומחרב געווארען; פיעלע שטעדטלעך זיינען בוכשטעבליך פון דער אויבערפלעכע פון דער ערד אפגעווישט געווארען; פיעלע שטעדטלעך זיינען אפגעברענט געווארען און עס איז פון זיי קיין זכר נישט געבליבען; אין אנדערע שטעדטלעך בושעווען, חוץ די חורבנות, כל ערליי עפידעמיעס און מאכען דעם אזוי אויך גרויסען חורבן, נאך גרויזאמער און נאך שוידערליכער: טויזענדער און טויזענדער יתומים וואלגערען זיך איבער דער ברייטער בלוט־פארגאסענער אוקראינע, אהן א קרוב און אהן א גואל; טויזענדער און טויזענדער געשענדעטע פרויען און פאראומגליקטע מיידלעך — מיט איין ווארט: יעדע שטאדט און יעדער שטעדטיל; יעדער דארף און יעדער אידישער ישוב איז רואינירט און צעשטערט אויף אזא גרויזאמען אופן, וואס קיין שום מענשליכע פאנטאזיע קען דאס נישט באגרייפען און זיך מאהלען.

און פארט הערט מען דא נישט פאר גאנץ אוקראינע אזא אייפעריגע טעטיגקייט ווי די וואס געהט דא אן לטובת די טוראוו'ער.

און די פרויען וואס קומען פון אוקראינע זיינען גאר נאכלעסיג, זיי טוען כמעט גארנישט לטובת זייערע פאראומגליקטע און צעטראמטע שוועסטער.

שטעהענדיג אצינד מיט דעם דאזיגען ענגבערבוירענדען „ווארום?" פנים אל פנים, זיינען מיר זיך מודה אז צו קליין איז אונזער שכל אויסצוגעפינען א תירוץ אויף דיזען ווארום. מיר קענען באין אופן זיך נישט פארשטעלען אז די אידען וואס זיינען געקומען אהער פון אוקראינע און אזוי אויך זייערע פרויען זאלען זיין אזוי הארטהארציג, אזעלכע בייזוויליגע און אזעלכע מורא'דיג שלעכטע מענשען אז זיי זאלען קענען גלייכגילטיג און קאלטבלוטיג צוזעהן ווי זייערע נאהענסטע ווערען ווי די שאף אויסגעשאכטען און ווי ווערים צעטראטען און דאך זאל עס זיי נים אנהייבען צו ארען און זיי זאלען א פינגער אן א פינגער נישט אנקלאפען לטובת זייערע פאראומגליקטע אין דער אוקראינע.

שטעהט דא א גרופע מענשען פון צוויי אדער 15 יעקליבענע און טראכטען רק עצות ווי אזוי אויפצוועקען דאס געוויסען פון די אוקראינער לאנדסלייט. א קליינע גרופע אידען זיינען פארצווייפעלט און האבען קיין מוט נישט א וויכטיגען שרים צו מאכען, ווייל — ווייל זיי האבען מורא אז די גלייכגילטיגע און קאלטבלוטיגע אוקראינער לאנדסלייט וועלען זיי נישט שטיצען.

איז דאס נישט עטוואס שרעקליכעס?

און קיין תירוץ דערויף האבען מיר נישט.

באין אופן קענען מיר נישט באגרייפען ווארום די אידען פון פראסקאוו, בראצלעוו, פאסטאוו ובדומה זאלען זיין ערגער פון די טוראוו'ער.

# דער אירישער קאמף

פון י. ריוקעזאן

די לעצטע געשעהענישען אין אירלאנד ווייזען אונבאשטרייטבאר אן, אז די אירישע פראבלעם וועט אויף א פריעדליכען אופן ניט געלעזט ווערען. לאיד דזשארדזש'ס ענטפער צו דער דעפוטאציע פון „די ענגלישע טראנספארט ארבייטער" איז א גאנץ דייטליכע ערקלעהרונג, אז די ענגלישע רעגירונג איז ענטשלאסען אויף א לעבען און טויט קאמף מיט'ן אירישען פאלק. פון דער צווייטער זייט איז א געוויסער טייל פון אירישען פאלק ניט ווייניגער ענטשלאסען דורך „דירעקטע אקציאן" ארונטערצואווארפען דעם ענגלישען יאך. פאר די לעצטע טעג האט דער ציווילער קריעג צווישען די אירישע נאציאנאליסטען און יוניאניסטען זיך צופלאקערט אין דער אירישער שטאט לאנדענדערי. עס איז ניט אינגאנצען אונמעגליך, אז די טרויעריגע פאסירונגען וואס קומען איצט פאר אין לאנדאנדערי, זאלען זיין אן אנהויב, אדער א סיגנאל צו א ציווילען קריעג איבער'ן גאנצען לאנד.

ווער זענען עס די אירישע נאציאנאליסטען? ווארום איז דער קאמף געריכטעט געגען דער אירישער פאליציי?

אן אינטערעסאנטע קארעספאנדענץ וועגען „דירעקטער אקציאן" אין אירלאנד דרוקט די „ניישאן" אין איהר לעצטען נומער פון איינעם פון איהרע רעדאקטארען, מר. וויליאם מעקדאנאלד. די קארעספאנדענץ איז דאטירט: דובלין, דעם 14טען מאי.

מיר נעהמען ארוים איניגע שטעלען פון דיזער קארעספאנדענץ, וועלכע גיבען אן ענטפער אויף דער אויבענגעשטעלטער פראגע און באלייכטען בכלל די אירישע סיטואציע.

**ווער איז די אירישע פאליציי?**

אט וואס מר. מעקדאנאלד שרייבט וועגען איהר:

„די פראגע פון דער (אירישער) פאליציי איז אזעלכע, וועלכע, איך רעכן, איז ניט קלאהר פארשטענדליך אין אמעריקא. אין דעם געוועהנליכען אמעריקאנער זין עקזיסטירט ניטא קיין פאליציי אין אירלאנד. די דובלינער מוניציפאלע פאליציי איז פאקטיש א באוואפענטע מאכט אונטער מיליטערישער דיסציפלין, וועלכע ווערט לפלוטין קאנטראלירט פון דעם דובלין־פאלאץ, פון וועלכע דיענט דער רעגירונג אלס פאליטישע שפיאנען. אויסער דובלין, עקזיסטירט ניט אין אירלאנד קיין לאקאלע פאליציי. איהר פלאץ פארנעהמט די „ראיאל איריש קאנסטעבולערי", וועלכע דערמאנט אייך אין פאליציי, נאר דורך איהר יוניפארם, אבער וועלכע איז אין דער ווירקליכקייט, ווי די דובלינער מוניציפאלע פאליציי, א מיליטערישע קערפערשאפט, קאנטראלירט פון דעם דובלין־פאלאץ. ביטאג טראגען איהרע מיטגליעדער וואפען גאנץ עפענטליך; ביינאכט זיינען זיי באוואפענט מיט ביקסען. זיי לעבען אין באראקען, די מעהרסטע פון וועלכע זיינען איצט פעסטונגען. אין די גרעסערע שטעדט געפינען זיך צו איינגע אזעלכע באראקען, און אין די הונדערטע זיינען זיי צושפרייט איבער'ן לאנד. די מעהרסטע מיטגליעדער איהרע זיינען איירלענדער. לעצטענס האט מען געמאכט א פארזוך צו צוציהען אין איהרע רייהען געוועזענע סאלדאטען. אלס רעזולטאט פון די אונאויפהערליכע אנפאלען אויף דער אירישער פאליציי און איהרע באראקען, ווערען די לאנד־דיסטריקטען פראקטיש ניט באוואכט; ביטאג געהען די מיטגליעדער פון דער „ראיאל איריש קאנסטעבולערי" געוועהנליך פארווייז, אדער דרייווייז; ביי נאכט אבער, אויב זיי וואגען בכלל ארויסצוגעהן פון זייערע באראקען, זעהט מען זיי אין גרופען פון 6 ביז 12 מאן. אין מיין ברייטער רייזע איבער אירלאנד האב איך איינמאל אדער צוויי מאל געזעהן אן איינציגען פאליציימאן טאן זיין פליכט אין מיטען העלען טאג".

דער קארעספאנדענט באמיהט זיך צו ערקלעהרען, ווארום די אנפאלען ווערען געמאכט אויף דער פאליציי און זאגט:

„עס איז גאנץ גרינג צו פארשטעהן פאר וואס די אין אירלאנד, וועלכע פארלאנגען אונאפהענגיגקייט און גלויבען אין אנגעווענדען געוואלד־מיטלען און „דירעקטע אקציאן", אום צו ערווערבען זי, זאלען אטאקירען דער פאליציי. נאך זייער מיינונג, שטעלט מיט זיך די אירישע פאליציי ניט פאר דעם [illegible]ליכען סענטימענט פון געזעץ און ארדנונג, נאר די ענגלישע הערשאפט, וועלכע זיי באטראכטען אלס אן אונלעגאלע און אונגערעכטע, וועמעס שטרענגע און פארהאסטע אונטערדריקונגס־מעטאדען האבען זיי פאראורזאכט אזוי פיעל ליידען. דער געוועהנליכער איירלענדער, צי ער איז א שין־פיינער אדער ניט, קוקט אויף דעם פאליציי־מיטגליעד, ווי אויף א שפיאן; ער איז איינער פון די אויגען און אויערען פון דעם דובלין־פאלאץ. ער איז דער צופריעדענער דיענער פון א רעגירונג, וועלכע מאכט איבערפאלען אויף וואוינונגען, ביטאג און ביינאכט, מיט דער הילף פון „טענקס" און געפאנצערטע וואגאנען; וועלכע האט איבערפולט די געפענגנישען אין אירלאנד און ענגלאנד מיט אירישע פאליטישע ארעסטירטע, געגען וועלכע עס זיינען ביז איצט קיינע קלאגעס ניט געמאכט געווארען, אדער באשולדיגונגס־באווייזע געבראכט געווארען; וועלכע האט אונטערדריקט איבער גאנץ אירלאנד יעדע צייטונג, מאגאזין, קלוב, געזעלשאפט, אדער ארגאניזאציע, וואס האבען מעהר ניט ווי סימפאטיזירט, אדער אויף אן אונדירעקטען אופן געשטיצט די פראגראם פון די שין־פיינער און ערלויבט עפענטליכען פאראד אין אלסטער; וועלכע האט פארפלייצט דעם אינזעל מיט ציווילע און מיליטערישע שפיאנען; וועלכע לעגט אליין אפ צו לעזען די לאנד־פראגע; און וועלכע עצט פאר ארויסצובאקומען א גרויסע הכנסה פון אירלאנד, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס זי הערשט אזוי שלעכט איבער'ן לאנד. די איירלענדער, וועלכע האבען אזעלכע געפיהלען, האבען באשלאסען, אז מען מוז אום יעדען פרייז אויסגעלעזט ווערען פון די מיטגליעדער פון דער דובלינער מוניציפאלער פאליציי און פון דער „ראיאל איריש קאנסטעבולערי". זיי ווערען ערמארדעט אין מיטען העלען טאג אויף די שטאדטישע גאסען; זיי ווערען דערשאסען ביינאכט פון באהאלטענע פלעצער; זיי ווערען דער'הרג'עט אויף די וועגען דורך ביקסען און מאשין־ביקסען; זיי ווערען אטאקירט דורך באמבעס אין זייערע באראקען".

דער קארעספאנדענט דענקט, אז קיין ווירקליכער טעראר הערשט ניט היינטצוטאג אין אירלאנד. וואלט די רעגירונג געענדערט איהר טאקטיק, וואלטען, לויט זיין איבערצייגונג, די מערדערליכע איבערפאלען אויף דער פאליציי גלייך אויפגעהערט. ער ווייזט אבער אן, אז די איצטיגע לאגע אין אירלאנד איז זעהר אן אנגעשטרענגטע און ער רעכנט, „אז די געזעצלאזיגקייט, וועלכע איז אין דיזען מאמענט געריכטעט געגען א באגרענצטען קלאס, קען אבער זיך פארוואנדלען אין עפעס עהנליכעס צו אן אלגעמיינעם טעראריזם, ווייל דער טעמפעראמענט פון דריי־פערטעל אירלאנד איז זעהר שטארק אנגעצויגען, און געוואלד־טאט וואקסט דורך דעם, מיט וועלכען ער שפייזט זיך".

דער קארעספאנדענט שטעלט זיך אפ לענגער אויף דער פראגע, אויף וויפיעל די שין־פיינער זענען פאראנטווארטליך פאר די פארשידענע פארמען פון געזעצלאזיגקייט און די געפעהרליכע פארברעכענס, וועלכע האלטען אין איין פארשפרייטען זיך. ער ווייזט אן, אז „די שין־פיינער זענען ניט איינהייטליך און אויך זענען זיי ניט די איינציגע קערפערשאפט, וועלכע שטרעבט זיך דאן אפרייסען אירלאנד פון דער אימפעריע".

די שין־פיינער, וועמענס פארטרעטער עס זענען דע־וואלערא און ארטור גריפיט, זענען פאציפיסטען. אבער א געוויסער טייל פון די שין־פיינער גלויבען ניט, אז פאציפיזם איז דער ריכטיגער מיטעל, דורך וועלכען מען קען ערגרייכען אונאפהענגיגקייט און פרעדיגען געוואלד־מיטלען און אגרעסיווע האנדלונג. לויט דעם קארעספאנדענט'ס ווערטער "שטעהען די ביידע פראקציעס (פון שין־פיינער) אין א שארפער געגענערשאפט איינער צו דער צווייטער, און אז די לעצטע געשעהענישען, זעהט אויס, זענען א באווייז, דאס די פרעדיגער פון געוואלד־טאטען האבען באקומען די אויבערמאכט".

חוץ די שין־פיינער עקזיסטירט די אירישע רעוואלוציאנערע ברודערשאפט, א געהיימע ארגאניזאציע, וועמענס פערסאנאל און טעטיגקייט זענען אונבאוואוסט צו די שין־פיינער, אויסער צו די, וועלכע זענען אויך מיטגליעדער פון דיזער געהיימער ארגאניזאציע".

אין די אפיציעלע באריכטען פון דער ענגלישער רעגירונג און אויך אין ענגלישען פארלאמענט ווערען די שין־פיינער באטראכט, אלס די איינציגע שולדיגע אין דעם אירישען טעראר. דער קארעספאנדענט האט געפרעגט איינעם שין־פיינער, פארוואס לייקענען זיי דיזע באשולדיגונג עפענטליך ניט אפ? אט וואס עס איז געווען דער ענטפער:

„צוליעב וואס זאלען די שין־פיינער זיך נעהמען די מיה און פארעפענטליכען אן אפלייקענונג? פארוואס זאלען ניט די פרעסביטעריאנע קירכע און די יוניאן פון די אירישע טראנספארט ארבייטער ווערען באטראכט אלס פאראנטווארטליכע, ווי די שין־פיינער? די ענגלישע רעגירונג האט דאך ניט איבערגעגעבען צו די שין־פיינער די מאכט איינצושטעלען ארדנונג אין אירלאנד. ווען זי וועט עס טאן, וועלען מיר אנווענדען אלעס מעגליכעס צו באקעמפען אירגענד וועלכען אומרוה. אבער ביז יענער צייט, זענען מיר ניט פארפליכטעט צו דער עפענטליכקייט צו מאכען אירגענד וועלכע ערקלעהרונג, הויפטזעכליך וואס סיי ווי סיי וועט מען אונזער ערקלעהרונג ניט גלויבען, אפילו ווען מיר זאלען זי יא מאכען".

דער קארעספאנדענט, רעדענדיג וועגען די באדינגונגען, וואס הערשען אין אירלאנד, קומט צו דער איבערצייגונג, אז די ענגלישע רעגירונג נעהמט אן א שטעלונג צו אירלאנד, וועלכע וועט ניט פיהרען צו קיין פארשטענדניש, ווייל זי איז א טאקטיק „פון בלוט און אייזען".

צי עס זענען דא אויסזיכטען, אז די שין־פיינער זאלען האבען אן ערפאלג, זאגט מר. מעקדאנאלד צו צו שרייבען אין זיין קומענדען בריעף.

# מאריס שווארץ

(זיינע פארדיענסטען ביים עולם, ביידער אינטעליגענץ און ביי די שרייבער. — ווי מאריס שווארץ שפיעלט טוביה'ן) פון ב. י. גאלדשטיין

פאר דעם דורכשניטליכען טעאטער באזוכער איז מאריס שווארץ אן אקטיאר, א גוטער אקטיאר, אן ארטיסט.

פאר דער אינטעליגענץ איז ער מעהר ווי דאס.

פאר דער אינטעליגענץ איז מאריס שווארץ דער רעוואלוציאנער, וואס האט חרוב געמאכט די „באמבע פיעסען", וואס האט רעוואלוציאניזירט די באגריפען פון טעאטער פארוואלטונג און האט א סוף געמאכט צו דער פאיאצעסטווא.

צי עס האט יא אדער נישט געוואלט, דער אינטעליגענט, ער האט געמוזט אנקומען — אויב ער האט געוואלט ביי־וואהנען א אידישע פארשטעלונג — אין איינעם פון יענע טעאטערע, וואו מען האט איהם פאר א „יאלד" געהאלטען, וואו מען האט זיך מיט זיין מיינונג נישט גערעכנט און וואו מען האט אפטמאל חוזק געמאכט פון איהם.

מען האט אויך חוזק געמאכט פון איהם אויף דער ביהנע.

ווי דען אנדערש קענט איהר אנרופען דאס הפקרות אויף דער אידישער ביהנע מיט א פאר יאהר צוריק?

מאריס שווארץ איז געווען דער ערשטער אידישער ארטיסט וואס האט לכתחילה גענומען אליין א טעאטער, האט לכתחילה צונויפגעשטעלט א טרופע מיט דעם צוועק צו שפיעלען טעאטער אט פאר די „יאלדען", פאר דער אידישער אינטעליגענץ.

פאר אונז, אידישע שרייבער, איז מאריס שווארץ נאך מעהר ווי דאס: — ער האט אונזער ווערט דערהויבען אין די טעאטער קרייזען.

ווארום ווער האט זיך דען גערעכנט מיט אונזער מיינונג? ווער פון די אידישע טעאטער פארוואלטערס האט זיך עס דען געקימערט וואס דער אדער יענער קריטיקער האט געשריבען?

אין בעסטען פאל האט מען א ביטערען קריטיקער אין טעאטער אריין נישט אריינגעלאזט.

און וויפיעל מיה און יסורים האט עס אפגעקאסט אן אמת'ן ליטעראט ביז ער האט זוכה געווען אז דער „סטאר" זאל איהם טאן די געפעלינקייט און איבערלייענען זיינע א דראמא!

און ווי האט מען זיך מיט אזעלכען גערעכנט!

מיט מאריס שווארץ אלס טעאטער פארוואלטער און רעזשיסאר האט זיך דער באנקיעף געביטען; עס איז געווארען א רעוואלוציע הינטער די קוליסען און דער כבוד פון דעם ליטעראט איז דערהויבען געווארען.

ער האט געשאפען א היים פאר דער פיעל קונסט; ער האט געשאפען א קונסט טעמפעל פאר דער אינטעליגענץ און האט מיט כבוד באציערט די אידישע דראמא.

עס האט פלוצים אנגעהויבען קלינגען מיט פרץ הירשביין; מען האט אנגעהויבען ארויסצוזוכען פון די ארכיוען ליטערארישע דראמעס; האט מען די אידישע דראמאטורגען נישט געפינען צוגעגרייט צו דעם מאמענט, האט מען אנגעהויבען זוכען אין דער אלטוועלטליכער ליטעראטור; אין ערשטען יאהר פון זיין פארוואלטונג האט שוין די טעאטער וועלט געפיהלט א מאנגעל אין ליטערארישע דראמעס, אין קונסט ווערק, און ביז איצט פיהלט זיך שטארק דער מאנגעל; איצט, אייגענטליך, נאך מעהר ווי מיט א יאהר צוריק.

עס האט זיך געמאכט א צווייט טעאטער, האט דעם ביישפיעל נאכגעפאלגט אויף זיין פיס־טראט נעגאנגען.

איצט געהט מען צום אידישען דראמאטישען דיכטער אהיים און מען באט איהם אן דראמעס צו שאפען.

איצט ווערען די גרעסטע אייראפעאישע דראמאטורגען געזעהן אויף דער ביהנע.

און נייע אידישע דראמאטורגען וועמעס נעמען מען האט פריהער נישט געהערט, האבען זוכה געווען צו ערפאלג.

ווארום דער עיקר איז היינט די ווערט פון דעם געשאפענעם ווערק און נישט דער נאמען פון דיכטער.

איך לאז אויס די פארדיענסטען פון מאריס שווארץ פאר זיין העלפען פיעלע יונגע טאלענטען צו ענטוויקלען זיך; — וועלכער האט זיי געגעבען אלע מעגליכקייטען גרויס צו ווערען.

איך דערמאהן דאס נישט, ווייל א גרויסער רוב פון יענע גרויס געווארענע, וואלטען פאראיבעל געהאט ווען איך זאל עס אצינד וועלען אונטערשטרייכען.

אבער גענוג זיינען זיינע פארדיענסטען פאר דער אידיש דראמאטישער קונסט אויך אהן דעם.

און היינט קומט ער צו אונז מיט שלום עליכם'ס באריהמטער טראגי־קאמעדיע „טוביה דער מילכיגער".

וואלט איך מיך נישט שעהמען, וואלט איך דא, אויף דיזען פלאץ געשריבען אין דער שפראך פון אנאנסע „אידען, אויב איהר ווילט הנאה האבען, אויב איהר ווילט זעהן טוביה'ן, אויב איהר ווילט זיך באקענען מיט שלום עליכם'ס העלד — טא געהט זעהט מאריס שווארץ אין טוביה דעם מילכיגען".

ווארום געזעהן האב איך מר. שווארץ אין טוביה'ן אין דער ערשטער וואך, ווען דאס איז געשפיעלט געווארען אין ניו־יארק אין אירווינג פלייס טעאטער. און ווען איך וואלט אפילו אזא אנאנסע געשריבען וואלט עס נישט געווען אום דעם כדי מאריס שווארץ זאל אריינגעהמען נאך א פאר דאלאר ביי דער קאסע, פון וואס איך וועל ווייניג־וואס מרויח זיין, נאר פאר דעם בענעפיט פון די היגע טעאטערבאזוכער, וועלכע וועלען זיכער אנוועהרען אן אמת גייסטיגען פארגעניגען, ווען זיי וועלען דאס שטיק נישט זעהן.

האט דאך דער דעטראיטער איד אזוי ווייניג עכט אידישען תענוג פון אן עכט אידיש שטיק!

און פונקט ווי ביים לייענען האט איהר אט געלאכט הארציג און אט האט זיך א טרעהר געריסען פון אויג, אזוי איז עס אויך ווען איהר זיצט אין טעאטער און זעהט טוביה'ן אויף דער ביהנע. אפטמאל וויינט איהר לאכענדיג און לאכט וויינענדיג. — עס איז דער אמת'ער טוביה!

# יתום ואלמנה

פון רבי אברהם געלערנטער

„יתום ואלמנה" — דאכט זיך נור צוויי ווערטער אבער וויפיעל עלענד, שמערץ, אומגליק און טרויער עס איז פארבונדען מיט די צוויי ווערטער יתום ואלמנה! קיין פעדער איז נישט אים שטאנד אויסצושרייבען און צו שילדערען די צוויי ווערטער יתום ואלמנה.

אבער דאס אידישע פאלק וועלכעס איז באריהמט אלס פאלק פון רחמנות, זאגט צו זיינע עלענדע יתומים'לאך: קינדערלעך, אייער אידישעס פאלק וועט זארגען פאר אייך און אויב איהר האט ליידער נישט דאס גליק זיך צו חארעווען ביי טאטע מאמע, זיינט איהר אבער גליקליך וואס איהר זענט אידישע קינדערלאך און אידישע פאלק וואס איז אליין א פאריתומ'ט פאלק, און ווייס גוט וואס א יתום מיינט, וועט זארגען פאר אייך, יתומים.

מיט איינגע יאהר צוריק איז אין ניו יארק געגרינדעט געווארען א בית היתומים הישראלי (איזראעל ארפאן אסיילום) מיט א פראכטפולע בילדינג אויף 10 לאטס אין 284—274, 2־טע סטריט, ניו יארק. דער פרעזידענט פון דעם בית יתומים הישראלי איז דער פיעל באריהמטער און באוואוסטער דזשארדזש גאסטאף הארטמאן, וועלכער איז דער גרענד מאסטער פון אינדעפענדענט ארדען ברית אברהם, ניט א היים צו קלייניגקע יונגיקע יתומים'לעך זויגקינדער. דער בית יתומים הישראלי האט יעצט איבער צוויי הונדערט יתומים. דער בית יתומים הישראלי ווערט געפיהרט שטרענג כשר אונטער דער השגחה פון די גרעסטע רבנים אין ניו־יארק און די יתומים ווערען ערצויגען מיט א גוטע אידיש נאציאנאלער ערציהונג.

דער בית היתומים הישראלי איז ניט א בית יתומים נור פאר ניו יארקער יתומים. דער בית היתומים הישראלי איז אן אלגעמיינער אידישער בית יתומים. ער נעהמט אריין יתומים פון גאנץ יונייטעד סטייטס.

יעצט מאכט ער פארבעדייטונגען אראפצוברייננגען יתומים פון יוראפ פון די מלחמה קרבנות. דער בית היתומים הישראלי האט יעצט אויך געקויפט א שעהנע גרויסע בילדונג אין אווערן, ניו יארק פיר א זומער היים פאר די יתומים אין די הייסע זומער מאנאטען. די אפיסערס פון בית היתומים הישראלי שטרענגען אן אלע כחות און אלע מעגליכקייטען פאר די יתומים אז זיי זאלען האבען אלע פלעושורס.

דער בית היתומים הישראלי איז דער גרעסטער שעהנסטער אלגעמיין אידישער ארטאדאקסישער בית היתומים אין יונייטעד סטייטס.

אום צו פארגרעסערען זיין טעטיגקייט און אום פארצוברייטען דעם בית היתומים פאר די עלענדע יתומים פון יוראפ פון די מלחמה קרבנות, האבען די אפיסערס פון בית היתומים הישראלי באשלאסען צו מאכען א דרייוו און צו זאמלען א האלבען מיליאן דאלאר. די אפיסערס פון דעם בית יתומים זענען זיכער אז די אידען פון יונייטעד סטייטס וועלען זיך ווארעם אפרופען מיט זייערע נדבות צו העלפען איהם אנגעהן מיט זיין הייליגער, גרויסער ארבייט פאר די עלענדע יתומים.

איינער פון די דירעקטארען פון דעם דאזיגען בית יתומים איז דער שרייבער פון דיזע צייל. (רב [illegible] פון דער גרויסער שוהל תפארת ישראל, אין ניו יארק). א וויינענדיג איבערגעגעבען דער טובח פון די קליינע אידישע יתומים'לעך האט אוועק געגעבען זיין וואקיישאן צייט, אום אלס נדבה צו פאהרען זאמלען נדבות פאר דעם בית היתומים הישראלי.

פון דער רעדאקציע

מיר האבען שוין געמעלדעט אויף אן אנדער פלאץ אין פרייטאגדיגען נומער

(שלוס אויף זייטע 6)

# Der Weg

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט
ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת. דורך דער
וועג פּאבלישינג קאמפּאני, אינקארפּארייטעד
אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מיין 3715.


## צו גאסט געהן דארף מען וויסען ווען

פון ב. י. ג—ן

באקלאגט זיך פאר מיר א יונגער־מאן, אז זיין שוואגער האט איהם אנומלעלטען במעט אפגעזירעלט, דערפאר וואס ער קומט צו איהם צו גאסט, ניט אזוינער פריהער וויסען, אז ער וויל קומען צו גאסט.

דער יונגערמאן דרינגט, אז זיין שוואגער איז א מיזאנטראפ, א דעספאט און קען קיין מענשען ניט אויסשטעהן.

איך דענק, אז דער יונגערמאן האט א טעות.

גישט איך קען דעם שוואגער און גישט איך האב וועלכען באגריעף פון זיין כאראקטער, אבער ווען ער איז ברוגז למאי מען קומט צו איהם צו גאסט, נישט מעלדענדיג פריהער, איז דאס לחלוטין קיין באווייז נישט, אז ער איז א דעספאט, אדער א מיזאנטראפ.

אינטעליגענטע מענשען מאכען קיין מאל קיינעם קיין באזוך נישט, סיידען זיי לאזען פריהער וויסען; זיי שטעלען אפ אן „אפאינטמענט".

„אפאינטמענט" קען מען מאכען סיי דורך א בריעף, אדער דורך טעלעפאן.

ווען מען ריכט זיך אויף געסט, זיינען זיי קיינמאל קיין לאסט נישט. מען דער באזוך זיין צוליעב געשעפט, אדער צוליעב פריינדשאפט, איז עס א פליכט צו לאזען וויסען פריהער, ווען מען וועט דעם באזוך מאכען, כדי יענער זאל אזוי אויסשטעלען זיין צייט, אז ער זאל קענען מיט אייך פארברענגען.

שטעלט מען מיט אומיצען אפ א צייט אויף צו קומען צו גאסט, דארף מען זיין פּינקטליך אין צייט.

דער יונגערמאן, וועלכער האט זיך באקלאגט אויף זיין שוואגער, וואלט באדארפט פריהער, איידער ער באשולדיגט זיין שוואגער, איבערלעכענען ביי זיך, צי איז ער טאקע נאכגעקומען אלע רעגלען: צי האט ער געמאכט איטליכעס מאל אן אפאינטמענט; צי איז ער געקומען צו דער באשטימטער צייט; צי איז ער געווען צו לאסט מיט זיינע צו אפטע באזוכען און צי איז ער אפשר צו לאנג געזעסען.

מאכען א באזוך, געהן צו גאסט — דאכט זיך, אז קיין גרויסע חכמות שמעקען דא נישט. פונדעסטוועגען איז עס נישט איבעריג ווען מען כאפט זיך איבער די מאס, ווארים כאפט מען איבער די מאס, מוז מען פאלען צו לאסט.

קיין גרויסע חכמות זיינען דערביי נישטא. פונדעסטוועגען איז עס פארט א דעליקאטע זאך, און מען דארף זיין פארזיכטיג.

פראווען וויזיטען איז אינטערעסאנט. דעם, וועמען מען שטאט אפ א וויזיט, טוט מען אמאל א נחת רוח. ווען מען קומט אבער נישט אין צייט, ווערט דער אינטערעס פארלוירען, עס קומט א נודנע לאנגווייליגקייט און מען הויבט אן ביסלעכווייז צו באטראכטען דעם גאסט אלס א נודניק.

אונזער יונגערמאן מוז אים פארשטעהן ... „ערעל", נעפאלגט, מאניערליך.

ועהט אייך איידער א באקאנטער, מאכט ער מיט אייך א שמועס אויף א פאר מינוט און באלד לאדעט אייך איין מיט אייער גאנץ בני בית צו גאסט.

דאס איז ערעל פון זיין זייט; די העפליכקייט פאדערט עס.

אבער צי מיינט ער עס טאקע אין דער אמת'ן — דאס איז א באזונדער פראגע.

דארף מען דארום תמיד אזעלכע העפליכע איינלאדונגען נישט נעהמען ערנסט.

ובפרט נאך ווען מען קומט פלוצים, אומגעריכטערהייט, גלאט אריינגעפאלען. פונקט דאמאלס ווען דער גאסט פאלט אריין אין הויז אריין, גלוסט זיך אפשר די בעליבתים צו געהן אין א „שאו", אין א מאווינג פיקטשור, אדער אפשר זיינען זיי גלאט מיעד, ווייל פריהער מיט א נאכט האט אן אנדער גאסט זיי אפגענודיעט ביז א האלבע נאכט און זיי וואלטען געוואלט זיך איינרוהען איינער.

אמאל פאלט קען אריין צו אומיצען צו גאסט, גראד דאמאלס, ווען יענער ...

## יתום ואלמנה

(שלום פון זייטע 4)

וועגען רבי געלערנטער'ס צוגאסט זיין אין אונזער געגענד. מיר ווילען דא מוסיף זיין, אז ער איז געקומען צוזאמען מיט דעם וויים פרעז. מר. משה ברענער און וועט ריידען אין מאונט קלעמענס. רבי געלערנטער איז א באוואוסטער און טאלענטירטער מטיף און גרויסער עסקן בצרכי צבור. ער וועט ריידען אין מאונטקלעמענס אין שוהל ריזען שבת אין דער פריה, און 4 אוהר נאכמיטאג. ער וועט אויך רעדען אין דעטראיט.

אידען פון מאונטקלעמענס, איהר האט א געלעגענהייט דעם שבת צו הערען דעם בארימטען רעדנער הרב אברהם געלערנטער או זאין דער וועלבער צייט העלפען די עלענדע יתומים. רופט זיך אפ מיט שהנע נדבות פאר דעם בית יתומים הישראלי, וועלכער איז דער ערשטער שעהנסטער אלגעמיינער אידי־שער בית יתומים אין יונייטעד סטייטס.

## א צופריעדענער שערהאלדער

ווערטהער הערר רעדאקטאר: —

היערמיט שיק אייך אייך א טשעק פאר $4.50, צו באצאהלען פאר די צווי פליימס פאר מיך און מיין זוהן. דער באנקעט האט אויף אונז געמאכט זעהר א גוטען איינדרוק און איך שיק אייך דעם טשעק מיט די בעסטע צופריעדענ־הייט. - -

אייער פריינד און לעזער,
דוש. ראזענפעלד.

## צוליעב א „קאפּעטשקע"

פערציג טויזענד פאליאקען פון קאנעקטיקוט סטייט, פאהרען צוריק נאך פוילען ווייל זיי קאנען אין אמעריקא מעהר קיין שנאפס ניט קריגען.

דער פּראהיבישאן וועט אמשטארקסטען האבען געטראפען אונזערע פוילישע ברידער און שוועסטער...

* * *

## אנצוהערעניש

די קויהלען מאגנאטען האבען געלאזט וויסען אז עס איז מעגליך א גרויסער מאנגעל אויף קויהלען.

דאס, ליעבע לעזער, איז אן הקדמה צו — וועל. עס מיינט אז עס וועט זיין א גערעטעניש אויף הויכע פרייזען פאר יהלען...

## די הינדוסטאן
## האי ארט מאנופעקטשורינג און אימפארטינג קא.

דילער אין ווייטיגע איל, הערבס און ווערדושטייבלס, קאמפאונדס פון מע־דיצינישער ווערדע.

123 בעגמאן סטריט, דעטראיט, מיש.

די הינדוסטאן בלוט טאניק!

אינדיאנער הערבען און ווערדושטייבל קאמפאונד פארבערייטעט פון די אלטע הינדוסען פאר דער ספעציעלער טרייטמענט צו רייניגען און אויסבעסערען דאס רויטע בלוט אין דער מענשליכער סיסטעמע, ום צו ברענגען קרעפטען און וואוקס פון באוועגליכקייט אין מענש־ליכע טהאטען.

רייגעס בלוט איז דער עצם פון אקטיווען לעבען. דאריבער האבען די הינדוסען אין אינדיען ענטדעקט דאס נאטירליכע גאבע פונ'ם אלמעכטיגען פאר דעם צוועק און האבען מעגליך געמאכט פאר די וואס דארפען זיך אליין אויפפאסען, און אויפפאסען אנ־דערע, צו סיסטעמאטיזירען דעם צו־שטאנד פון דעם בלוט, די קרעפטען און דעם געזונד.

די הינדוסטאן האי ארט מאנופעק־טשורינג קא. האט זיך אונטערנומען גו באזייטיגען די הויכע פרייזען פון וועלכע מעדיצינען און האט פראדוצירט דעם ריטבינגען בלאד טאניק, פאר אל־געמיינעם געברויך. באנוצענדיג נאדער־נע וויסענשאפט און ריכטיגע אויפ־מערקזאמקייט. דיזער פארזוך האט זיך באוויזען צו זיין זעהר א געלונגענער איבער דער גאנצער אלטער און נייער וועלט.

ואיך דאס אמעריקאנער פאלק האט זיך ארומגעזעהן, אז שלעכטע בלוט קאן ערייניגט ווערען און זיך פארוואנדלען אין געזונדע, רויטע בלוט, ווען די הינ־דוסטאן ה איערט בלוט טאניק זאל איבעריכטיג געברויכט ווערען.

עס ווערט געמאכט ביי א ספעציא־ליסט אין הערבען מעדעצין.

עס רעגולירט דיגעסטיגע גאזען און אנדערע שעדליכע עלעמענטען אין דער סיסטעמע נאך א קורצער צייט נוצען. עס פארשטארקט די מאכט פונ'ם בלוט צו אסימילירען אלעם וואס אייער ענערגיע דארף האבען, ווי שפייז, לופט, וואסער א. א. וו. און שטארקט זיכער די קרעפטען פונ'ם קערפער און פונ'ם מארך.

יעדער איינער ווייס וואס פאר א גרויסער פאקטאר אינדיאן איז אין העלפען פראדוצירען אלע וויכטיגע הערבען מעדעצינען אי דער אלטער און אין דער נייער מעדעצינישער וועלט.

די הינדוסטאן בלוט טאניק איז גרויסארטיג און אי זגאראנטירט צו העלפען די יעניגע וואס ליידען פון שלעכטען בלוט. מיט א ריינעם און רויטען בלוט זענט איהר פארזיכערט פון אלע אלע קראנקהייטען, ווי רה־מאטיזם, נעווראלגיא, פאדאגרא, גריפ, לונגען קראנקהייט, הארץ פעהלער, ניי־רען קראנקהייט, לעבער קראנקהייט, מא־גען קראנקהייט, קאפ שמערצען, נער־וועזיטעט און א. וו. מיט איינער ווארט, די שוואכע וועלען געווינען אין געזונד און אקטיוויטעט.

די פאלגענדע זענען די הינדוסטאן האי ארט פראדוקטס:

הינדוסטאן בלאד טאניק.
הינדוסטאן הוסט מיטעל.
הינדוסטאן לעבער מעדעצין.
הינדוסטאן נירען מעדעצין.
הינדוסטאן פארשטאפונג ספעשעל.
טאנער איל.
האר אויל.
טאילעט וואסער.
פיים קרים.
וואנישינג קרים.
פיים פאודער (ווייסע און פינק).
צאהן פאודער.
בעסטע פארפיומען פון אלע געשמא־קען.

### הינדוסטאן
### האי ארט מאנופעקטשורינג און אימפארטינג קא.

(28 (אדוו.)

לעזט דעם „וועג".


## נאי רענטען, קויפען אדער ליסען צו נעמערס

אויב איהר ווילט אז אייער פראפערטי זאל געהאנדעלט ווערען ביי א רילייעבעל קאמפאניע, זאלט איהר ליסטען מיט

### דהי דעטראיט סעלף־העלפ ריעל עסטייט אינוועסטמענט קאמפאני (אינק.)

398 סט. אנטוואן סטריט.
טעלעפאן מיין 7376
וויליאם ראבינסאן, פרעזידענט

## געלט קיין אייראפא

דער זיכערסטער און בעסטער וועג צו שיקען געלד צו אייערע קרובים קיין יוראפ איז דורך דער

### פיפעלס רעליעף

וועלכע איז א בראנטש פון דער דזשוינט דיסט. קאמיטע.

די געלד ווערט געשיקט אין דאלארס.

פיפעלס רעליעף קאמיטע
400 הייסטינגס סטריט
קעדילאק 2061

## ראזענפעלד'ס
## רוסישע טערקישע באד

פאר אלע וועלכע זוכען ריינליכקייט און גוטע באהאנדלונג.

30 מארבעל וואנעס — 2 כשרה מקוואות
שאור בעטהס — פרייע קאטס אויף צום רוהען

16 פריוואט רומס פאר יעניגע וועלכע ווילען נעכטיגען.

א פראכטפולער לאנטש קאנטער מיט פרישע עסענווארג און געטראנק צו יעדער צייט.

שווין פאר פרויען יעדען מיטוואך, מיט דער מיטווירקונג ... אן עקספערט מאסאושיסטקע.

184-186 גראטיאט סטריט, ענטווין, טעלעפאן טשערי 6190 רעג.



## שובערט דעטראיט אפערא הויז

# היינט

### מאטיני און אווענט

דער בארימטער קינסטלער

# מאריס שווארץ

פון אירווינג פליים טעאטער אין ניו יארק מיט זיין גאנ־צער קונסטלער געזעלשאפט

אין שלום עליכם'ס גרעסטע מייסטערווערק

# טוביה דער מילכיגער

צוזאמען מיט מאריס שווארץ שפּילט די בארימטע ארטיסטין

## בערטא גערסטין

גוסטאוו שאכט, מעטעראלין, פּיטקינר, מאראם נאראלסקי, מאדאם באריאזסקי און דער גאנצער קונסטלער פערזאנאל

בילעטען צו באקומען נאר ביי דער קאסע, היינט א גאנצע טאג.

# שובערט דעטראיט אפערא הויז

# היינט

## מאטיני און אווענט

דער בארהמטער קונסטלער

# מאריס שווארץ

פון אירווינג פליים טעאטער אין ניו יארק מיט זיין גאנ-
צער קינסטלער געזעלשאפט
אין שלום עליכם'ס גרעסטע מייסטערווערק

# טוביה דער מילכיגער

צוזאמען מיט מאריס שווארץ שפּילט די בארימטע ארטיסטין

## בערטא גערסטין

גוסטאוו שאכט, טעטעהאלין, פישקינד, מאדאם גאראלסקי,
מאדאם באראווסקי און דער גאנצער קינסטלער פערזאנאל

טיקעטס צו באקומען נאר ביי דער קאסע, היינט א גאנצע טאג.



## די הינדוסטאן
## האי ארט מאנופעקטשורינג און אימפארטינג קא.

דילער אין וויכטיגע איל, הערבס און וועדזשעטייבלס, קאמפאונדס פון מע-דעצינישער ווערדע.

123 בענטאן סטריט, דעטראיט, מיש.

די הינדוסטאן בלוט טאניק!

אינדיאנער הערבען און וועדזשעטייבל קאמפאונד פארבערייטעט פון די אלטע הינדוסען פאר דער ספעציעלער טריט-מענט צו ריינינען און אויסבעסערען דאס רויטע בלוט אין דער מענשליכער סיסטעמע, וס צו ברענגען קרעפטען און וואוקס פון באוועגליכקייט אין מענש-ליכע טהאטען.

ריינעס בלוט איז דער עצם פון אקטיווען לעבען. דעריבער האבען די הינדוסען אין אינדיען ענטדעקט דאס נאטירליכע גאבע פונ'ם אלמעכטיגען פאר דעם צוועק, און האבען מעגליך געמאכט פאר די וואס דארפען זיך אליין אויפפאסען, און אויפפאסען אנ-דערע, צו סיסטעמאטיזירען דעם צו-שטאנד פון דעם בלוט, די קרעפטען און דעם געזונד.

די הינדוסטאן האי ארט מאנופעק-טשורינג קא. האט זיך אונטערנימען צו באזייטיגען די הויכע פרייזען פון זעלכע מעדיצינען און האט פראדוצירט דעם ריכטיגען בלאד טאניק, פאר אל-געמיינעם געברויך. באנוצענדיג נאדער-נע וויסענשאפט און ריכטיגע אויפ-מערקזאמקייט. דיזער פארזוך האט זיך אויזען צו זיין זעהר א געלונגענער איבער דער גאנצער אלטער און נייער וועלט.

ואיך דאס אמעריקאנער פאלק האט זיך ארומגעזעהן, אז שלעכטע בלוט קאן גערייניגט ווערען און זיך פארוואנדלען אין געזונדע, רויטע בלוט, ווען די הינ-דוסטאן האי ארט בלוט טאניק זאל ריכטיג געברויכט ווערען.

עס ווערט געמאכט ביי א ספעציא-ליסט אין הערבען מעדעצין.

עס רעגולירט דיגעסטיגע נאזען און אנדערע שעדליכע עלעמענטען אין דער סיסטעמע נאך א קורצער צייט נוצען ס. עס פארשטארקט די מאכט פונ'ם בלוט צו אסימילירען אלעם וואס אייער-ענערגיע דארף האבען, ווי שפייז, לופט, וואסער א. א. וו. און שטארקט זיכער די קרעפטען פונ'ם קערפער און פונ'ם מארך.

יעדער איינער ווייס וואס פאר א גרויסער פאקטאר אינדיאן איז אין העל-פען פראדוצירען אלע וויכטיגע הערבען מעדעצינען אי דער אלטער און אין דער נייער מעדעצינישער וועלט.

די הינדוסטאן בלוט טאניק איז גרויסארטיג און אי גאראנטירט צו העלפען די יעניגע וואס ליידען פון שלעכטען בלוט. מיט א ריינעם און רויטען בלוט ווערט איהר פארזיכערט פון אלע אלע קראנקהייטען, ווי רו-מאטיזם, נעווראלגיא, פאדאגרא, גריפ, לונגען קראנקהייט, הארץ פעהלער, ני-רען קראנקהייט, לעבער קראנקהייט, מא-גען קראנקהייט, קאפ שמערצען, נער-וועזיטעט און א. וו. מיט איינעם ווארט, די שוואכע וועלען געווינען אין געזונד און אקטיוויטעט.

די פאלגענדע זענען די הינדוסטאן האי ארט פראדוקטס:

הינדוסטאן בלאד טאניק.
הינדוסטאן הוסט מיטעל.
הינדוסטאן לעבער מעדעצין.
הינדוסטאן נירען מעדעצין.
הינדוסטאן פארשטאפונג ספעשעל.
טאנער איל.
האר אויל.
טאילעט וואסער.
פיים קרים.
וואנישינג קרים.
פיים פאודער (ווייסע און פינק).
צאהן פאודער.
בעסטע פארפיומען פון אלע געשמא-קען.

הינדוסטאן
האי ארט מאנופעקטשערינג
און אימפארטינג קא.
(28 (אדוו).


לעזט דעם „וועג".


## נאַ רענטען, קויפען אדער ליסען צו נעגערס

אויב איהר ווילט אז אייער פראפערטי זאל געהאנדעלט ווערען ביי א רילייעבל קאמפאניע, זאלט איהר ליסטען מיט
די דעטראיט סעלף-העלפ רי"על עסטייט אינוועסטמענט
קאמפאני (אינק.)
398 סט. ענטוויין סטריט.
טעלעפאן מעין 7376
וויליאם ראבינסאן, פרעזידענט



## געלט קיין אייראפא

דער זיכערסטער און בעסטער וועג צו שיקען געלד צו אייערע קרובים קיין יוראפ איז דורך דער

## פיפעלס רעליעף

וועלכע איז א בראנטש פון דער דזשוינט דיסט. קאמיטע.
די געלד ווערט געשיקט אין דאלארס.

פיפעלס רעליעף קאמיטע
490 הייסטינגס סטריט
העדילאק 2061



## ראזענפעלד'ס
## רוסישע טערקישע באד

פאר אלע וועלכע זוכען ריינליכקייט און גוטע באהאנדלונג.

30 מארבעל וואנעס — 2 כשרה מקוואות
שאור בעטהס — פרייע קאטס אויף צום רוהען
16 פריוואט רומס פאר יענעגע וועלכע ווילען נעכטיגען.
א פראכטפולער לאנטש קאנטער מיט פרישע עסענווארג און געטראנק צו יעדער צייט.
. שוויץ פאר פרויען יעדען מיטוואך, מיט דער מיטווירקונג אז עקספערט מאסאושיסטקע.
184-186 אליזאבעט סטריט, ענטוויין, טעלעפאן טשעררי 6190 דאג ...



# Der Weg

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט
ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער
וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד
אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715.


## צו גאסט געהן דארף מען וויסען ווען

פון ב. י. ג—ן

באקלאגט זיך פאר מיר א יונגער-מאן, אז זיין שוואגער האט איהם אנגעמעלדעט במעט אפגעזידעלט, דערפאר וואס ער קומט צו איהם צו גאסט, נים אזעגענדיג פריהער וויסען, אז ער וויל קומען צו גאסט.

דער יונגערמאן דרינגט, אז זיין שוואגער איז א מיזאנטראפ, א דעס-פאט און קען קיין מענשען נים אנקוק-קען.

איך רעכן, אז דער יונגערמאן האט א טעות.

נישט איך קען דעם שוואגער און נישט איך האב וועלכען באגריף פון זיין כאראקטער, אבער ווען ער איז מוחל למאי מען קומט צו איהם צו גאסט, נישט מעלדענדיג פריהער, איז דאס לחלוטין קיין באווייז נישט, אז ער איז א דעספאט, אדער א מיזאנ-טראפ.

אינטעליגענטע מענשען מאכען קיין מאל קיינעם קיין באזוך נישט, סיידען זיי לאזען פריהער וויסען; זיי שטע-לען אפ אן „אפאינטמענט".

„אפאינטמענט" קען מען מאכען סיי דורך א בריעף, אדער דורך טעלעפאן.

ווען מען ריכט זיך אויף געסט, זיי-נען זיי קיינמאל קיין לאסט נישט. מעג דער באזוך זיין צוליעב געשעפט, אדער צוליעב פריינדשאפט, איז עס א פליכט צו לאזען וויסען פריהער, ווען מען וועט דעם באזוך מאכען, כדי יענער זאל אזוי אויסשטעלען זיין צייט, אז ער זאל קענען מיט אייך פאר-ברענגען.

שטעלט מען מיט אימיצען אפ א צייט אויף צו קומען צו גאסט, דארף מען זיין פינקטליך אין צייט.

דער יונגערמאן, וועלכער האט זיך באקלאגט אויף זיין שוואגער, וואלט בארארפט פריהער, איידער ער באַ-טולדיגט זיין שוואגער, אויסרעכענען ביי זיך, צי איז ער טאקע נאכגעקומען אלע רעגלען: צי האט ער געמאכט איטליכעס מאל אן אפאינטמענט; צי איז ער געקומען צו דער באשטימטער צייט; צי איז ער געווען צו לאסט מיט זיינע צו אפטע באזוכען און צי איז ער אפשר צו לאנג געזעסען.

מאכען א באזוך, געהן צו גאסט — דאכט זיך, אז קיין גרויסע חכמות שטעקען דא נישט. פונדעסטוועגען איז עס נישט איבעריג ווען מען כאפט נישט איבער די מאס, וואָרים כאפט מען איבער די מאס, מוז מען פאלען צו לאסט.

קיין גרויסע חכמות זיינען דערביי נישטא. פונדעסטוועגען איז עס פארט א דעליקאטע זאך, און מען דארף זיין פארזיכטיג.

פראווען וויזיטען איז אינטערעסאנט. דעם, וועמען מען שטאט אפ א וויזיט, טוט מען אמאל א נחת רוח. ווען מען קומט אבער נישט אין צייט, ווערט דער אינטערעס פארלוירען, עס קומט א גוד-נע. לאנגווייליגקייט און מען הויבט אן ביסלעכווייז צו באטראכטען דעם גאסט אלס א גורניק.

אונזער הייטיגער דור איז זעהר „ערעל", געפאלירט, מאניערליך.

זעהט אייך אייערער א באקאנטער, מאכט ער מיט אייך א שמועס אויף א פאר מינוט און באלד לאדעט אייך איין מיט אייער גאנץ בני בית צו גאסט.

דאס איז ערעל פון זיין זייט; די העפליכקייט פארערט עס.

אבער צי מיינט ער עס טאקע אין דער אמת'ן — דאס איז א באזונדער פראגע.

הארף מען דארום תמיד אזעלכע העפליכע איינלאדונגען נישט נעהמען ערנסט.

ובפרט נאך ווען מען קומט פלוצים, אומגעריכטערהייט, גלאט אריינגעפאלען.

פונקט דאמאלט, ווען דער גאסט פאלט אריין אין הויז אריין, נלוסט זיך אפשר די בעלי-בתים צו מעהן אין א „שאו", אין, א מאווינג פיקטשור, אדער אפשר זיינען זיי גלאט מיעד, ווילן פריהער מיט א נאכט האט אן אנדער נאכט זיי אפגענודיעט ביז א האלבע נאכט און זיי וואלטען געדען זיך אויסרוהען אצינד.

איז נישט אויפגעלעגט אויפצונעהמען געסט. אפשר איז יענער פארנומען מיט א וויכטיגער ארבייט, וואס ער מוז ארויסענדיגען.

אמת טאקע מען איז העפליך היינ-טיגע צייטען. מען נעהמט אייך אויף מיט א ברייטען „האו דו יו דו", „ווי געהט ס?" א. ה. ג. אין הארצען אבער טראכט מען זיך: „אט האסטו דיר. ויבא המן. „טשארט נאסטי פריניאס". ווען מען הויבט זיך אויף אוועקצוגעהן, איז דער בעלהבית ווידער זעהר און זעהר העפליך. ער בעט אייך, איהר זאלט נאך א ביסעל פארבלייבען מיט איהם.

אין הארצען אבער טראכט ער זיך: „הלואי וואלט ער אוועק וואס גיכער, ווער האט דען געשיקט נאך איהם?"

די העפליכקייט צווינגט אייך צו אנטראלירען מיט זיך און צו זיין זעהר פארזיכטיג מיט וויזיטען.

ווען דער שוואגער איז ברוגז אויף דעם דערמאנטען יונגענמאן, איז עס מסתמא נאר דערפאר, וואס דער יונ-גערמאן ווייס נישט ווי אזוי צו זיין פארזיכטיג מיט זיינע וויזיטען: ער ווייס נישט ווען צו קומען, ווען אוועק-צוגעהן; ער קען נישט אויסמעסטען די צייט, און — דער עיקר — ער האט נישט קיין באשטימטע פריהער; ער פאלט אריין צו גאסט אומגעריכ-טערהייט.

וואָרים אפילו דאמאלט ווען מען איז איבער ווילקאמען דארף מען אויך וויסען ווי אזוי צו באנעהמען זיך מיט און אויף די וויזיטען.

אמאל פאלט מען אריין צו אימיצען א גערעטעניש אויף הויכע פרייזן פאר צו גאסט. גראד דאמאלט, ווען יענער ... יהלען...

## יתום ואלמנה

(שלום פון זייטע 4)

ווענען רבי געלערנטער'ס צוגאסט זיין אין אונזער געגענד. מיר ווילען דא מוסיף זיין, אז ער איז געקומען צוזאמען מיט דעם ווייס פרעז. מר. משה ברענער און וועט ריידען אין מאונט קלעמענס. רבי געלערנטער איז א באוואוסטער און טא-לענטירטער מטיף און גרויסער עסקן בצרכי צבור. ער וועט ריידען אין מאונטקלעמענס אין שוהל ריזען שבת אין דער פריה, און 4 אוהר נאכמיטאג, ער וועט אויך רעדען אין דעטראיט.

אידען פון מאונטקלעמענס, איהר האט א געלעגענהייט דעם שבת צו הע-רען דעם בארימטען רעדנער הרב אברהם געלערנטער או זאין דער זעלבער צייט העלפען די עלענדע יתומים. רופט זיך אפ מיט שעהנע נדבות פאר דעם בית יתומים הישראלי, וועלכער איז דער ערשטער שעהנסטער אלגעמיין אידי-שער בית יתומים אין יונייטער סטייטס.

## א צופריעדענער שעהרהאלדער

ווערטהער הערר רעדאקטאר:—

היערמיט שיק איך אייך א טשעק פאר $4.50, צו באצאהלען פאר די צוויי פלייטס פאר מיך און מיין זוהן. דעם באנקעט האט אויף אונז געמאכט זעהר א גוטען איינדרוק און איך שיק אייך דעם טשעק מיט די בעסטע צופריעדענ-הייט.

אייער פריינד און לעזער,
רוש. ראזענפעלד.

## צוליעב א „קאפעטשקע"

פערציג טויזענד פאליאקען פון קא-נעקטיקוט סטייט פאהרען צוריק נאך פוילען ווייל זיי קאנען אין אמעריקא מעהר קיין שנאפס נים קריגען.

דער פראהיבישאן וועט אמשטארקס-טען האבען געטראפען אונזערע פוילישע ברידער און שוועסטער...

* * *

## אנצוהערעניש

די קוילען מאגנאטען האבען געלאזט וויסען אז עס איז מעגליך א גרויסער מאנגעל אויף קוילען.

דאס, ליעבע לעזער, איז אן הקדמה צו — וועל. עס מיינט אז עס וועט זיין א גערעטעניש אויף הויכע פרייזן פאר צו נאסט...

# אין א ווינקעל פון דעטראיט

ראמאן פון ב. איסאיעוויטש

(פארטזעצונג)

## א טייך צום בארען זיך

מרים האט חנה'ן ניט געלאזט פיעל ריידען.

אליין האט מרים אלעמען דער־צעהלט, אז זי איז געווען איינגעלאדען צו איהרע פריינד, די פארבשטיינס, און אהיים געהענדיג, האט זי ניט גע־וואלט מען זאל זי באגלייטען. זי האט אליין געוואלט אהיים געהן און אביסעל שפאצירען. דערוויל האט זי פ... בלאנדזשעט. א יונגער מאן האט ... פלוצים אפגעשטעלט, זי האט ...ערשראקען, איז אין אונמאכט געפא־ען. דער יונגערמאן האט זי פארפיהרט ...ין א שפיטאל און נאכדעם האבען זיך ... איהרע פריינד די פארבשטיינס דער־וואוסט און — אט איז זי דא.

מרים האט אויסגעמיעדען צו דער־צעהלען פון דעם ארעסט. עס איז ...איהר א שרעקליכער בזיון געווען. חוץ ...עם האט זי געוואוסט, אז ווען זי זאל ...ערמאהנען מכח ארעסט איין ווארט, ...עט זיך ווידער אנהויבען א געשיכ־...ע מיט פראגען: נאכדעם וועט מען ...אבען פון וואס צו ריידען חדשים ...אנג.

היימי איז געשטאנען און אויסגע־...רט די אלע ניט אמת'ע תירוצים ...אס מערי האט געזאגט און ביי איהם ...ט זיך געיאוועט א פארדאכט: ווא־...ם האט זי אלעמען אפגעבלאפט? ...ארום האט זי פירגעזאגט א מעשה ...ט א שפיטאל, מיט די פארבשטיינס ...ם איהרע פריינד? עפעס איז דא ...ט גלאט.

...ער האט זיך באלד ארויסגעדרעהט ... דעם געזעמעל, איז אריין אין א ...רביואינער אפטייק און ער האט אפ־...טעלעפאנירט צו דעם דעטעקטיוו די־...דאוו.

...פון איהם וועל איך זיך אלצדינג ...דוויסען — האט היימי זיך אליין ...אגט — ער האט זי ארעסטירט און ... ווייס מסתמא אקוראט וואס עס ...ט פאסירט.

...ער האט מיט איהם געמאכט און „אפוינטמענט" און באלד טאקע געלאָ־פען זיך מיט איהם דורכצוריידען.

— איך ווייס שוין — זאגט איהם היימי — ווער דאס מיידעל איז. פאר אלעם איז זי א גאלדענע בלאפערקע, א רעגולער רעפארטער, שנית ווייס איך אז זי איז באפריינדעט מיט די פארב־שטיינס און איצטער זאג מיר אויף ניך וואס דו ווייסט וועגען איהר.

די לעצטע בשורה איז פאר דייווי־דאוו'ן ניט געווען קיין אנגענעהמע. ער האט זעהר ניט געוואלט אז מערי זאל זיין נאהענט, אדער באפריינדעט מיט די פארבשטיינס.

— שלעכט — האט דייווידאוו א זאג געטאן.

— וואס שלעכט? — האט היימי געפרעגט.

— אט דאס, וואס דאס מיידעל איז באפריינדעט מיט דעם ריכטערס פאמי־ליע, איז פאר מיר נאר קיין בשורה ניט. ניכער איז דאס פאר מיר אן אומגליק.

— אט, דו ביסט טאקע אפנים א פרא אדם — האט איהם היימי גע־טארקעט — איך זאג דאך דיר, אז פאר אלעם איז זי א בלאפערין ערשטע קלאס, קען דאך געמאלט זיין, אז אויך איהר באריהמען זיך אז זי איז בא־פריינדעט מיט די פארבשטיינס איז אויך ניט מעהר ווי א ליגען.

— ניין, — האט דייווידאוו זיך ניט געלאזט טאיינריידען — דאס מיי־דעל איז דוכט מיר שוין גארניט קיין ליגנערין. זאג, האט זי א שוועסטער?

— יא.

— וואוינט זי אין טשערי סטריט?

— יא — האט היימי ווייטער קורץ געענטפערט.

— איז זי נעכטען פארבלאנדזשעט געווארען? — האט דייווידאוו אלץ גע־פרעגט.

— יא — האט היימי ווייטער גע־ענטפערט.

— אויב אזוי איז זי נישט קיין ליג־נערין.

— וואס איז דער סימן?

— דער סימן איז, אז דאס אלעס האט זי געזאגט דער מיסעס ברוים־טער. איך בין באלד געלאפען פרעגען איינעם א שאופער פון א גאסען אוי־טאמאביל, וועמען זי האט צוערשט אפ־געשטעלט. כ'האב געמיינט א פרעהליך מיידעל, און עס האט זיך ארויסגע־ציינט, אז זי האט טאקע געבלאנ־דזשעט. און אז זי איז באפריינדעט מיט די פארבשטיינס איז אויך קיין ליגען ניט.

און דא האט איהם דייווידאוו אויס־דערצעהלט ווי אזוי דער ריכטער איז געווען אין דער רציחה, ווי ער האט געשריען; און ווי מערי האט געשריען אויף דעם ריכטער; ווי אזוי דזשאזעף האט איהם דערלאנגט א קלאפ, ווי דער אלטער פארבשטיין האט איהר געקויפט פרוכט, ווי אזוי ער האט איהם באפוילען ארייצופיהרען זי צו זיך אין דעם פריוואטען קאבינעט..

— אבער אום גאטעס ווילען — האט איהם היימי איבערגעשלאגען — זאג שוין אמאל, פארוואס האט מען זי ארעסטירט?

ווען קייווידאוו האט דערצעהלט היי־מי'ן אינגאנצען די פאסירונג פון אלף ביז תיו, האט ערשט דעמאלט היימי פארשטאנען ווארום מרים האט דעם אמת ניט געוואלט דערצעהלען.

— א שעהן פנים האט עס — האט היימי געזאגט און צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ צו דייווידאוו'ן — דו ביסט אזוי א דעטעקטיוו ווי איך בין א פוילישער גלח. הער נור, איך בעט דיך, ס'געהט א מיידעל אין גאס און פרעגט אויף טשערי סטרים, קומט זיך צוגעהן א חברה מ אזאן ארעסטירט זי. פון די אמת'ע דעטעקטיווס וואס מ"פרעגט זיך אויף זיי.

(פארטזעצונג פאלגט)

## אמעריקא איז שולדיג

ענגלאנד באשולדיגט אמעריקא, אז זי איז שולדיג אין דעם "צוקער מאנ־געל".

יא, אמעריקא איז א סך שולדיג, וואס עס איז אזוי ביטער, איבערהויפט די „פרעמדע", די איינגעוואנדערטע.

## א גוטער ערפאלג אין אונזער אונטערנעהמונג

די יוזאפין אידישע פרויען וועלפעיר ארגאניזיישאן מאכט באקאנט דעם אי־דישען פובליקום, אז די טעאטער אונ־טערנעהמונג פון מאונט קלעמענס איז געווען א גוטער ערפאלג. 600 דאלאר איז געזאמעלט געווארען פון דאניישאנס דורך דעם אפיעל פון מר. עלקין, רעוו. הוד גאלדען און מר. געלמאן פון פיטס־בורג. מר. עלקין האט מיט זעהר א שעהנע ריהרענדע רעדע ערקלעהרט דעם פובליקום די ביטערע און טרויעריגע לאגע פון יוראפ אין אלגעמיין און ווי די יתומים ליידען נאך מעהר. און דער איינציגער וועג איז, זיי צו רעטען און זיי ברענגען נאך אמעריקא. נאך איהם האט רעוו. הוד גאלדען אין א קורצע רעדע ערקלעהרט דעם עולם די גאבעלע ארבייט פון דער ארגאניזיישאן און איהר אויפגאבע, און ווי נויטיג עס איז צו שאפען וואס מעהר געלד. אויך האט מר. געלמאן פון פיטסבורג אפעי־לירט צו די געסט, אז קיין איינציגער זאל זיך ניט ענטזאגען און מיט העלפען. דער רעזולטאט איז געווען, אז דאס פובליקום האט זיך גענומען צו די פא־קעטס און געלד איז געקומען אזוי שנעל, אז עס איז געווען אונמעגליך צו נעהמען די נעמען פון אלע. אויך זיינען געווען פיעלע וואס האבען ניט געוואלט געבען זייערע נעמען.

פאלגענדע נעמען פון די מנדבים וואס מיר האבען געקענט קריגען זיינען:

עלקין — מאונט קלעמענס; קרויט — ניו יארק; פרידמאן — ניו יארק; רוי־בינשטיין — פיטסבורג; פרידמאן — ניו דזשוירסי; ארגאן — שיקאגא; יאס־קאוויטש — פיטסבורג; פאונטעין בעטה הויז — מאונט קלעמענס; דיובערין — קליוולענד; גויטסמאן — אטלאנטיק־סיטי; קענטער — סינסינעטי; ליוואי — ניו יארק; קראשבוים — ניו יארק; אראן — רהאוד איילענד; פרענק — ניו יארק; שעינען — ניו יארק; שא־לענגער — ניו יארק.

פאלגענדע וואס האבען געקויפט צו צעהלען די געלד:

ראזען — דעטראיט בעקערי; מר. גראס — פיטסבורג; מיס געלמאן — דעטראיט.

צום לעצטען האט די פרעזידענטין מרס. בלום באדאנקט אלע מנדבים און אויך אפעלירט צו אלע פרויען, אז זיי זאלען טרייען צו ארגאניזירען יעדע פרוי אין איהר שטאדט אין אזא ארגאני־זיישאן, דאן וועט זיין מעגליך ארוי־בערצוברענגען טויזענדער יתומים א יאהר. און דער ענטפער איז געווען, אז זיי וועלען טרייען.

א הערצליכען דאנק גיבען מיר די ווירדיגע אקטיארען, וואס זיי האבען געטרייעט זייער בעסט, געגעבען זייער מיה אז די פלעי זאל זיין אן ערפאלג. מיר קענען זאגען, אז זייער שפיעלען איז געווען ווי קינסטלער, וואס פאר־שטעהן זייער פאך. אויך דאנקען מיר די אראנדזשמענט קאמיטע פאר איהר ארבייט.

האכאכטונגפאלל,

די פרעס קאמיטע.

## בריעף אין רעדאקציע

### א שחיטה-טעקס פאר רעליעף

ווערטהער הערר רעדאקטאר:—

ערלויבט מיר א שטיקעל פלאץ אין אייער ווערטהער צייטונג, אויסצודרוקען א מיינונג, וואס וואלט פיליכט געקענט ברענגען צו א' פארגרעסערטען,' אויך צו א בעסערען צושטאנד אין די רע־ליעף־געלדער, וואס ווערען געזאמעלט פאר די מלחמה קרבנות אין יוראפ. אי דוייס דאס פון א פאקט, אז פיעלע וואלטען ביינעשטייערט וועכענטליך, אויב יעמאנד זאל קומען צו זיי קאלעק־טען. אזא פלאן איז ביים אנפאנג גע־מאכט געווארען מיט די סטעמפס, וואס קאמיטעס פלעגען באזוכען יעדער אי־דישע הויז. ליידער אי זדאס יעצט פארנאכלעסיגט געווארען און מיר מוזען וועכען אנדערע מיטלען און אנדערע וועג־גען ווי צו זאמלען געלד פאר די מלחמה קרבנות. גאולה־פאנד אריינגערעכענט.

אלזא מיין פלאן איז, דאס עס זאל גענרינדעט ווערען א קאמיטע פון דער שטאדט, וואס סזאל האבען די אויפגאבע, אכטונג צו געבען, אז יעדער איינער וואס קויפט א טשיקען אויף שבת, זאל געגעבען פינף סענט פאר די מלחמה קרבנות. ווייל ווי קען דאס, באקומען צו עסען טשיקען און ניט אראפצוגעבען 5 סענט פאר די טויזנעדער וואס הונ־גערען פא רא שטיקעל ברויט. דאס וואלט צופרידענגעשטעלט א מאסע מענשען, וואס קענען ניט אויספיהרען צו געבען גרעסערע סומען געלד און אי ד איסצומיידען הויזצו־הויז קאר־לעקשאנס.

דער פלאן איז אן איינפאכער:

ביי אלע שוחטים אין דעטראיט זאל דיעזע קאמיטע אנפארטרויען 5 סענ־טיגע סטעמפס און דער יעניגער וואס וועט געבען 5 סענט זאל באקומען אזא סטעמפ. און פארגעסט ניט, אויב דער פלאן זאל זיך איינגעבען (איך האף, אז יא) איז דאס א מיטעל ניט נאר פאר דעטראיט, נאר אויך פאר איבער־אל, וואו אחינו בני ישראל געפינען זיך, צו זאמלען געלד אויף א בעסערען און אנשטענדיגערען אופן ווי ביז יעצט.

איך דענק, אויך אז פיעלע וועלען מיט מיר זיין איינשטימיג, אז דיעזע געלדער זאלען צעטיילט ווערען. דאס הייסט: א העלפט זאל ווערען אראפ־געגעבען אוי תגאולת הארץ, אויפצובוי־ען אונזער הייליגע לאנד, כדי אונזערע האפנונגען זאלען פארווירקליכט ווערען.

האפענדיג, אז איהר וועט געבען פלאץ פאר מיין שרייבען,

מיט הדך ארץ,

ג. ראזענבערג.

## אנטיסעמיטיזם - וועט ער ערשיינען אין די פאראיי־ניגטע שטאטען?

(דיעזער ארטיקעל, אונטער'ן זעלבען נאמען, איז ענטנומען פון לעצטען נומער פון פארד'ס מאגאזין, „דירבארן אינדעפענ־דענט". ער איז איינער פון א גאנצער סעריע ארטיקלען איבער דער אידען־פראגע. מיר איבערזעצען איהם אהן קאמענטארען, ווייל דער גיפט פון זיין שנאה צום אידישען פאלק איז אזוי בולט, און די בלבולים נעגען אידען אזוי נאריש, דאס פירושים און וכוחים זענען איבעריג.)

(פארטזעצונג)

אנטיסעמיטיזם האט, אהן צווייפעל באהערשט גרויסע טיילען פון דער מענשהייט אין פארשיידענע צייטען, פארדונקעלענדיג די זעהונגס קראפט, פארקרימענדיג דעם כאראקטער און פאר־פלעקענדיג די הענט פון זיינע קרבנות, אבער די העכסט ערשטוינענדע באַ־הויפטונג וואס קען וועגען איהם גע־מאכט ווערען איז דאס ער האט קיין מאל ניט ערדייכט עטוואס לטובת די וועלכע האבען איהם באנוצט, און דאס ער האט ניט געלערענט עטוואס די אידען, נעגען וועמען ער איז אנגעווענדעט געווארען.

די גראדען פון אנטי־סעמיטיזם זענען היבשליך פיעל, און איינינע פון זיי קענען דא דערמאהנט ווערען:

1. צו ערשטענס איז דער גראד אנ־טיסעמיטיזם, אויב ער קען אזוי באַ־צייכענט ווערען, וואס באשטעהט אין אן איינפאכען ווידערווילען צום איד, אלס א פערזאן אהן אונטערשייד, ווער ער זאל ניט זיין. דאס טרעפט מען אפט ביי פערזאנען פון אלע גראדען. מ'טרעפט אבער דאס אמטעהרסטען ביי די, וועמענס באריהרונג מיט אידען איז געווען זעהר א באגרענעצטע. דאס פאנגט זיך צייטענווייז אן אין דער קינדהייט מיט דעם אינסטינקטיווען ווי־דערווילען צום ווארט „איד", דאס ווארט ערמוטיגט דורך מיסברויכען דאס ווארט „איק" אלס א בייווארט, אדער אלס באשרייבונג פון ניט פאפולערע האנדלונגען. דער געפיהל שיידט זיך ניט אונטער פון דעם דאזיגען, וועלכער עקזיסטירט בנוגע ניט־אידען, אבער ער איז פארט אנדערש, ווייל ער ווערט אויסגעברייטערט צו דער ראסע פון אונבאוואוסטע אינדיווידועלע אידען, אנ שטאט וואס ער זאל ווערען באַ־שרענקט צו באקאנטע יחידים, וועלכע קענען בארעכטיגען אזא געפיהל.

פריינדליכקייט ליגט ניט אין אונזער אניסוואהל, אבער מיר קענען קאנטראלי־רען דעם סענטימענט פון אומפריינד־ליכקייט. יעדער פארנינפטיגער מענש איז געצוואונגען צייטענווייז נאכצודענ־קען, דאס עס איז ניט אונמעגליך, אז די פערזאנען, צו וועמען ער פיהלט א ווידערווילען זענען גוטע און מעגליך בעסערע מענשען, ווי ער איז עס. אנ־דער ווידערווילען באצייכענט נאר דעם רעזולטאט פון צוציהונג און אפשטוי־סונג, ווי אזוי זיי ארבייטען צווישען א צווייטער פערזאן און אונז אליין; דאס באווייזט ניט, אז די ניט גע־פעלענדע פערזאן איז ניט ווירדיג. זי־כער, וואו נאר אינטעליגענץ איז פאר־אייניגט מיט דיעזען אינסטינקטיווען צוריקציהען זיך פון געזעלשאפטליכער באריהרונג מיט מיטגליעדער פון דער אידישער ראסע, דארט איז פאראורטייל אונמעגליך, אויסער, פארשטעהט זיך, ביי דיזע פערזאנען, וועלכע האלטען דאס ס'זענען ניטא קיינע אינדיווידו־מען צווישען די אידען, וואס זאלען פארדינען אכטונג. דאס איז אבער אן עקסטרעמע שטעלונג און איז אזא מענגעשטעלט פון אנדערע עלעמענטען א חוץ דעם נאטירליכען ווידערווילען.

ס'איז מעגליך ניט גערן האבען אי־דען און דאך ניט זיין קיין אנטי־סעמיט. פאקטיש, און דאס איז ניט נאר זעלטען, נאר עס ווערט וואס ווייטער אלץ געוועהנליכער, אז אינטעלי־גענטע און ראפינירטע אידען זעלבסט שמעקט ניט די געזעלשאפט פון זייער איינענעם פאלק אויסער אין פאלען פון אויסערגעוועהנליכער ראפינירונג.

דאס פארערט ווירקליך א געוויסע ערקלעהרונג וועגען די מאניערען און כאראקטעריסטיק פון דעם געוועהנליכען מיטגליעד פון דער אידישער ראסע, די פאלען פון וועמענס אויפפיהרונג טרע־טען ארויס בולט אויף דעם שערליכס־טען אופן, און פון וועלכע אידען אליין זענען אפט די אומ'רחמנות'דיגסטע קרי־טיקער, אבער דיעזע קאמענטארען מו־זען פארנעהמען פלאץ שפעטער.

2. א צווייטע שטופע פון'ם גייסט פון אנטיסעמיטיזם קען ווערען באצייכנט, אלס האס און שנאה. עס מוז באמערקט ווערען, אז די אנטיפאטיע, וועגען וועלכער ס'איז אויבען גערעדט געווארען איז ניט האס. ווידערווילען איז ניט האס, ווי אויך ניט נויטווענדי־גערווייז שנאה. איינער האט ניט גערן צוקער אין זיין טיי און באמיהט זיך ניט צו האסען צוקער. אבער ס'געפינען זיך, אהן א צווייפעל, אזעלכע מענשען וועלכע צוליעב דעם, וואס זיי האבען ערלויבט זייער ווידערווילען זיך פאר טיפען אין פאראורטייל, און מעגליך אויך צוליעב די אונאנגענעהמע ער־פאהרונגען מיט מיטגליעדער פון דער אידישער ראסע (זיכער זענען א מיליאן אמעריקאנער דיעזען ווינטער געצוואונ־גען געווארען צו ווערען אידען האסער צוליעב דער באריהרונג מיט אידישע פרעמער און הויז־איינענטימער) קענען קלאסיפיצירט ווערען אלס, אמווענינס־טען, אנפאנגענדע אידען האסער. דיע־זעם איז פריהער פון אלץ אן אומגליק פאר די פערזאנען, וועלכע האבען אזעל־כע איבערלעבונגען. דאס איז אן אומ־גליק צוליעב דעם וואס דאס ערלויבט ניט דעם פארשטאנד צו באטראכטען מיט אינטעליגענץ די פאקטען, וואס שטעלען צוזאמען די אידישע פראגע, און ערלויבט אויך ניט צו האנדלען ווע־גען זיי אויף אן עהרליכען און קאנ־סטרוקטיווען אופן. פאר יעדענס זאוי־גענער טובה, וואס די פראוואקאציע זאל ניט זיין, איז בעסער, אז ליידענ־שאפט זאל ניט פארדונקלען דעם פאר־שטאנד. דאס ביים הודער מיינט גע־פאהר אויפ'ן וועג. שנאה לעבט מעהר אין דער שכנות פון די אידען, ווי פון אירגענד וועלכער אנדער ראסע, און די ערקלעהרונג פון דעם איז איינע פון די רעטענישען פון די דורות. די אי־דישע נאטור אליין, ווי עס איז באווי־זען געווארען אין דער אלטער מאדערנער געשיכטע, האט איהר א גענעם חלק שנאה, און זי וועקט אדער פראוואצירט שנאה. ווען נאר זי קומט אין באריהרונג מיט די דאזיגע ארי־נישע ראסען, וועלכע פאלגען נאך זייע־רע נאטירליכע אימפולסען ניט געהיי־דערט דורך קולטורעלע און עטישע איינ־פלוסען. דיעזער אייביגער אידענ'ס קריעג האט צוזאמענגעלט די מוחות פון געלעהרטע פאר דורות. איינינע ער־קלעהרען איהם ביבליש, אלס די קללה פון יהוה אויף זיין אויסערוועהלטען פאלק צוליעב זייער ווידערשפעניגען צו זיין דיסציפלין, דורך וועלכער ער האט זיי געוואלט מאכען דאס נביא פאלק פון דער וועלט. אויב דיעזער צארן מוז קומען, אויב דאס איז דער גורל פון דעם אידענ'ס ירושה, בלייבט נאך אלץ ריכטיג אן אלטער שפריכווארט — אגב, א קריסטליך און א ביבליש — „דער צארן מוז נויטווענדיגערווייז קו־מען, אבער וועה צו דעם מענשען, דורך וועמען דער צארן קומט.

3. אין איינינע טיילען פון דער וועלט אין פארשיידענע צייטען, האט דיעזער געפיהל פון האס זיך פארוואנ־דעלט אין מערדערליכע גוואלט־טאטען וועלכע האבען ערוועקט, ווי יעדע פיזי־שע גרויזאמקייט ערוועקט, ביי דער מענשהייט שבעט און כעס. דאס איז די עקסטרעמע פארם, אין וועלכער עס האט זיך באוויזען דער אנטיסעמיטיזם און יעדע עפענטליכע דיסקוסיע פון דער אידישער פראגע מוז ווערען באַ־שולדיגט, דאס זי האט דעם אבזיכט צו סטימולירען דיעזע פארם פון אנטי־סעמיטיזם. פארשטעהט זיך, דיעזע גע־וואלט־טאטען קענען ניט ווערען באַ־הערטיגט, אבער עס איז פאראן א גע־נוגענדע ערקלעהרונג פאר זיי. די אי־דען געוועהנליך ערקלעהרען זיי, אלס אן אויסדרוק פון רעליגיעזען פאראור־טייל און די ניט־אידען, אלס אן אויפ־שטאנד נעגען דעם עקאנאמישען יאך, וואס די איהען האבען ארויפגעלעגט אויפ'ן פאלק. ס'איז אן ערשטוינענדער פאקט, וואס די טיילען פון רוסלאנד, וואו אנטי־סעמיטישע גוואלט טאטען האבען זיך אמטעהרסטען באוויזען, זע־נען די העכסט בליהענדע טיילען; דיע־זע טיילען זענען אזוי בליהענד אהן א צווייפעל נור דורך די אידישע אונטערנעה־מונגען. און די אידען האבען אפטען ערקלעהרט, דאס זיי זענען אימשטאנד צו פארוואנדלען דיעזע טיילען פון דעם לאנד צוריק אין א קאמערציעלען היג־הערפלעט דורך זייער צוריקציהען זיך. עס איז אן אומזיסטע ארבייט אפצולייי־קענען דיעזע באהויפטונג. דאס איז באשטעטיגט געווארען נאכאמאל און ווי דער אמאל דורך מענשען, וועלכע זענען אוועקגעפאהרען קיין רוסלאנד פול מיט צארן נעגען דער שטעלונג פון די רוסען צו די אידען, ווי דיעזע שטעלונג איז פארגעשטעלט אין דער אנגלא־זאקסי־שער פרעסע, און וועלכע זענען צוריק געקומען אהיים מיט א נייער ערקלעה־רונג וועגען דער אורזאך פון דיעזע גוואלט־טאטען, כאטש זיי בארעכטיגען ניט זייער כאראקטער. אונפארטייאישע באאבאכטער האבען אויסגעפונען, דאס איינינע פון דיעזע אויסברוכען זענען דירעקט ארויסגערופען געווארען פון אי־דען אליין. א קארעספאנדענט באַ־וואוסט איבער דער גאנצער וועלט, מיט זיין הייסער פארטיידיגונג פון די אי־דען נעגען די רוסישע פארפאלגונגען, איז שטענדיג ביטער אטאקירט געווארען פון די אידען אליין, ווען ער האט דער־צעהלט דעם אמת וועגען דעם, ניט קוקענדיג וואס ער האט פראטעסטירט און ערקלעהרט, דאס אויב ער זאל ניט אויסזאגען דעם אמת ווען די אידען זענען שולדיג, וועט דאך איהם די וועלט ניט גלויבען, ווען ער וועט דער־צעהלען וועגען פאלען, וואו די אידען זענען ריין פון שולד. ביז היינטיגען טאג, אין יעדען לאנד, זענען אידען ניט גרייט צו צוגעבען, דאס זיי פארדיענען געטאדעלט צו ווערען. וועמען מען זאל ניט באשולדיגען, זיי מוז מען ענט־שולדיגען. דאס איז א שטריך, וועלכער מוז איינגעזיימט ווערען איהער. זיי, די אידען, וועלען קענען העלפען, אויב זיי וועלען בכלל קענען העלפען, צו באזייטיגען דאס כאראקטעריסטישע, וואס רופט ארויס אנטאגאניזם ביי אנ־דערע פעלקער. עס קען געזאגט ווערען דאס אומעטום איבער דער וועלט האט די אויסגעשפראכענע שנאה צו אידען אן עקאנאמישען באזיס. דאס פאה־שטעהט זיך, פיהרט צו דער פראגע צו דער איד, אידער ער וועט קענען גע־ווינען די הסכמה פון אנדערע ראסען, וועט מוזען ווערען א דורכפאל אויף דעם עקאנאמישען בארען; פארלייקענען זיין געניאליטעט און אויפגעבען זיין גערעכטע באלוינונג פון ערפאלג — א פראגע, וועלכע וועט דיסקוטירט ווע־רען שפעטער.


TELEPHONE CANAL 199

Vienna Sausage Mfg. Co.

1215-1217 S. HALSTED ST. CHICAGO.



אונזערע

דעטראיטער אגענטען

זיינען

דזשיי לעפקאווסקי און סאם בראדוויי מארקעט



גיט אייערע קינדער א מאדערנע אידי־שע ערציהונג שיקט זיי אין דער מער־רעלע פאלקס שולע 204 איסט הענ־קאק. עס ווערען געעפענט נייע קלאַ־סען פאר אנפאנגערס, אויך שולער פיר די העכערע קלאסען, אין שולע לע־רענט מען אידיש העברעאיש. געשיכ־טע און לענגרען, די שולע איז אפען יעדען טאג פון 4 ביז 7 זונטאג פון 9 ביז 12.30.



זייט א לעזער פון „וועג"

אדווערטייזט אייערע ביזנעס אין „וועג"

גיט אייערע פרינטינג צו מאכען אין „וועג"

בוסט אייער צייטונג „דער וועג"


לעזט דעם „ווע...

Der Weg

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט
ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער
וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד
אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 8715

# אין די זומער חדשים גרייט מען זיך אן מיט קראפט

פון ב. י. ג—ן

ווי עס ווייזט אויס פון די לעצטע שט־ליכע טעג, האט דער זומער פארט אבער געוועזן. דאס וועטער אין אונזער שטאט שטעלט זיך איין און דער זומער קומט מיט זיין גאנצער שעהנקייט און הייסקייט.

דער זומער נעהמט איבער די הער־שאפט אין אונזער שטאדט, מיט זיין גאנצע הייסקייט און היץ.

די הערשאפט פון'ם זומער אין אונזע־רע מקומות איז שטרענג. ניט אזוי היציג ווי אין דער שטיין־און־אייזען שטאדט ניו־יארק, אבער פארט היים. דא איז דער זומער פארט רוהיגער און ווער עס פארשטעהט ווי אזוי צו לעבען און ווי אזוי אפצוהיטען זיך אין די זומער חדשים, געניסט זעהר א סך סיי אין געזונד און סיי אין שטימונג, געפיהלען און שעהנע דמיונות.

זומער איז די צייט ווען מיר קענען זיך זארגען פאר'ן געזונד.

אום זומער וואקסען פרוכט און תבואות. ווער עס וויל פארזארגט זיין אום ווינ־טער מיט עסענווארג, מוז זעהן אפשפא־רען פון די זומערדיגע געוויקסע. וואלט מען אלע תבואות און פירות, וואס וואק־סען אום זומער, פארצעהרט אום זומער, וואלט מען אום ווינטער געהונגערט.

דאס זעלבע איז אויך מיט'ן געזונד.

אום זומער קען דער מענש אנזאמלען קרעפטען אויף גובר צו זיין דעם קאלטען און אויסאנגענעהמען לאנגען דעטראיטער ווינטער.

אום ווינטער פטר'ן מיר כחות. און אום זומער ערוועלבען מיר זיי. מיר ער־ווערבען זיי צוליעב'ן ווינטער.

דער ערשטער שפאן אויף צו ערווער־בען כחות אום זומער איז — אויף דער פרייער לופט.

וואס ווייניגער מען זיצט אין די ענגע חדרים און וואס ווייניגער מען רעהט זיך אין די ענגע גאסען — אלץ בעסער איז.

וואס מעהר מען איז אויף דער פרישער לופט, וואס מעהר מען פארברענגט אויף דער פרייער נאטור אלץ מעהר געזונד־ווערבט מען.

און אויסצופיהרען דאס איז לייכט. יעדער וואס וויל זיך געבען די מיה צו פארשטעהן די גרויסע ווערט פון פרישע לופט, דער קען די פאדערונג נאכקומען.

מען רעדט שוין ניט פון די וואס קע־נען איינגאנצען ארויספאהרען פון שטאדט און פארברענגען די זומער חדשים אויף לאנד — פון די רעדט מען ניט. זיי זיי־נען זיכער צו ערווערבען ענערגיע, לוסט און שאפונגס קראפט אין דיזע שעהנע און העלע חדשים.

נאר אפילו די וואס זיינען נט אום שטאנד צו פאהרען אויף דאטשעס, אפילו ריעזע, וואס מוזען אין די סאמע הייסעסטע טעג אויך זיצען אין די פאב־ריקען, און פארפעסטעטע ענגע שטיינען — אפילו ארימע ארבייטער קענען אויך אויסנוצען די זומער חדשים אויף צו ער־ווערבען כחות און ענערגיע.

מיר האבען דא זעהרוועניג פארקס, שפאציר גארטענס. אבער פארט האבען מיר עטליכע. מיר האבען אין איין זייט שטאדט בעל־אייל, און א צווייטער — דעם פארק. מיר האבען אויך אנדערע קלע־נערע פארקס. שפאצירען אין דיזע פארקס נאך דער ארבייט איז זעהר געזונד.

אום ווינטער איז אויך ראטזאם צו שפאצירען, צו באוועגען מיט אלע גליע־דער. שפאצירען לאנגזאם, אבער פעסט און איינאטעהמען פרישע, ריינע לופט. וואדים נאך א לאנגען שפאציר גאנג בא־קומט מען נאטירליך אפעטיט.

אין די ניערען ווי אינ'ם מאגען, אין דער מילץ ווי אין דער לעבער, זאמלען זיך אן איבעריגע שטאפען. און נאר דורך דעם לאנגזאמען און פעסטען שפאציר־גאנג ווערען דיזע אנגעזאמעלטע, איבע־ריגע און צומאל שעדליכע שטאפען אויס־געארבייט און אויסגעלעדיגט פון קערפער.

מעהר נוצען איז דער שפאציר־גאנג פאר די לונגען. די לונגען זיינען צארטע ארגאנען וואס ווערען פון פיעלע קראנק־הייטען באפאלען. ווען מען שפאצירט און ווען מען אטעהמט ווי נויטיג איז (מען דארף קענען אטעהמען!) ווערען די לונגען געשטארקט און באשיצט פון די קראנקהייטען וואס לויערען אויף זיי.

מענשען מיינען, אז אטעהמען איז א נארנישט. — „וואס איז די מלאכה צו אטעהמען?" — פרעגט מען. אבער עס איז א קענטניש. אטעהמען איז א נא־טירליכע פונקציאן, אבער מען דארף ווי־סען ווי אזוי צו באנוצען דאס. פרעגט א דאקטאר וועט ער אייך זאגען, אז איין מענש איבער 50 ווייס ווי אזוי צו אטעה־מען.

אטעמט הייסט — ארויסגעבען פאר־דארבענע לופט דורכ'ן מויל און אריינ־ציהען געזונדע לופט דורך דער נאז.

מענשען אטעהמען תמיד, סיי וואכענ־דיג און סיי ווען זיי שלאפען. ווען מען שפאצירט, אז מען איז ווי צו אטעהמען ערגרייכט די פרישע איינאטעמונג ביי דער אינטערשטער טייל, די שפיצען פון די לונגען; ווען מען ווייס ניט, קומט די לופט צו נאר צו די אויבערשטע טיילען פון דער לונג.

ווען מען אטעהמט אפ א קורצע צייט אויף דער פרישער לופט, ווי געהעריג ווערט מען נאכדעם מונטערער און מען פיהלט זיך שטארקער אין גאנצען קער־פער.

# דוד גאלדבלאט

(שלום פון פיחוש 4)

פון אפריקאנעם פרעזידענט און דארט א דאנק בריעף פאר אן אויסגעשריעבע־נער רעדע פון אן אמעריקאנער סענא־טאר; דא אזא און דארט אן אנדער דא־קומענט, וואס האט מיך איבעראשט און ביי יעדער זאך און ביי יעדער דאקו־מענט האט ער מיך געווארענט: „גע־רענקט זשע איך רייד מיט אייך נישט ווי מיט א רעדאקטאר, פון א בלאט; געדענקט זשע אז איך גיב נישט קיין מאטעריאל צום פארעפענטליכען. אט מיר שמועסען איך" — — —

און אזוי שטעסענדיג זייענדיג די אי־בערראשונגען ווי גאלדענע פליגעלעך גע־פלויגען איינס נאך דעם אנדערען און צום סוף זיך אויך דערוואוסט, אז אט דער דוד גאלדבלאט האט א סך טיטולען צווישען זיי דעם טיטול פראפעסאר, אז ער האט אין אן אוניווערסיטעט (דוכט זיך אז טאקע אין א נויארקער) געהאל־טען לעקציעס אין פילאלאגיע און אנדע־רע וויסענשאפטען און — —

און אפשר איז מיר נישט ערלויבט אויסצופויקען אלעס וואס איך האב זיך פון איהם דערוואוסט; און אפשר איז עס נישט עטיש צו דערצעהלען זאכען און ענינים וואס מען דערוויסט זיך פון א שמועס, וואס איז בפירוש געפיהרט געווארען בתנאי נישט צו פארעפענטלי־כען.

און אפשר איז דאס ביז איצט געזאג־טע שוין אויך אריבערגעכאפט די מאס ווייל איך ביי דעם ה' גאלדבלאט געטען פארציהונג און נאר אויספיהרען, אז איך וועל ווענען איהם שרייבען דאס, וואס עס איז געווען פארעפענטליכט אין דער „וואירלד" און מוסיף זיין, אז דער ערשטער באנד ענציקלאפעדיע, וועל־כער איז ערשינען איז דער בעס־טער עדות וואס זיין רעדאקטאר איז, אויף ווי ווייט זיינע אינטעלעקטועלע פעהיגקייטען גרייכען און אין דערזעל־בער צייט גיט דער באנד אויך א גוטען באגריף וועגען די גרויסע פארדיענס־טען פון דעם ה' גאלדבלאט אין דער אידישער ליטעראטור.

## קאנגרעס עקזעקוטיווע בא־שטימט קאמיטעטען איינצופיה־רען קאנגרעס ארבייט

ניו יארק, יוני 23. —

די הויפט ארבייט אויף דעם לעצטען מיטינג פון דער אדמיניסטראציאנס־קאמיטעט פון דעם אמעריקאנעם אי־דישען קאנגרעס איז געווען צו בא־שטימען דע פערזאנאל פון די פאר־שיעדענע קאמיטעטען וועלכע זאלען באזארגען די פיעלע טעטיגקייטען פון דעם נייי־געבארענעם אידישען קאנגרעס־עקזעקוטיווע, און איה סאוועקסטעלען אויף א פערמאנענטען געשעפטס־מעסי־גען באזיס. דער אדמיניסטראציאנס־קאמיטעט האט גוט געהייסען דעם רע־פארט פון דע סקאמיטעט וועגען קא־מיטעטען, און די פאלגענדע וועלען צו־זאמענשטעלען די ציטווייליגע קאמי־טעטען פון דע אידישען קאנגרעס:

ראבי סטיפען וויזז איז דער טשער־מאן פון די וויכטיגסטע פון דיזע ארגא־ניזאציעס, די וואס וועט האבען די פאליטישע ארבייט, איז די וואס בא־צייכענט זיך: „קאמיטעט וועגען אידי־שע רעכט". ראבי סטיפען וויזז איז דער טשערמאן פון דיזען קאמיטעט וועגען אידישע רעכט. די אנדערע מיט־גליעדער זיינען: ריכטער דזשוליאן וו. מעק, גוסטאוו הארטמאן, יוסף באראנ־דעס, מרס. דזשאסעף פעלס, דזשוליוס פייזער, מאקס שולמאן, דר. הערי פרי־דענוואלד און לואיס נירשטיין.

די פאלגענדע זענען אויף דער קא־מיטעט אויסצוארבייטען די קאנסטיטוצ־יע פון דעם נייעם פערמאנענטען קאנ־גרעס: טשערמאן — סאלאן ליעבעס־ווינד. מיטגליעדער: ס. שעלינסקי, יואל ענטין, בער. גראס, בנימין קעניגסבערג, עא וואלמאן, עמנואל ניומאן, מארים ובנר, און ישראל בראדי.

די וואהלען קאמיטעט באשטעהט פון טשערמאן — לואי סליפסקי, מאקס שטערן, מאיר בראון, סאלאמאן סופרין, דזשייקאב דאן, דזשייקאב גינזבערג, מא־רים קריימער, אפרי סקאפלאן, פיליפ שאטלאנד.

ארגאניזאציאנס קאמיטע: טשערמאן — ריכטער לעאן סענדערס, לואיס ליפ־סקי, א ד. קאטשער, ה. עהרענרייך, דר. סיימאן הירזשראנסקי, ראבי לעווינ־סאן, דזשייקאב קארלינגער, בנימין קע־ניגסבערג, און מארטין ליוואי.

וואקאנס קאמיטעט: טשערמאן — מאקס סילווערשטיין, א. וואהלינער, דר. ס. עלסבערג, ראבי אינזעלבוך און י. ספריירענ.

קאמיטעט וועגען באדזשעט און וויוז ענד מיענס: יוסף בארענעס, סאלאן ליעבעסקינד, מארים ווייגבערג, יעקב גרינבערג, מאקס האלענדער, וויליאם טאפקים, דר. יוסף קרימסקי, פיליפ וואטענבערג, מייקעל דזשעלין, יעקב דאן און טשארלז ליפשיץ.

## די אויסגאבען פון דער רעגי־רונג פאר פארשיעדענע צוועקען

אין א סטייטמענט וואס די „נייאנעל ווימענס טרייד יוניאן ליעג" צוזאמען מיט דעם „נאציאנאלער פארבאנד פון פעדעראלע אנגעשטעלטע" ווערען ארויס־געבראכט שטוינענדע ציפערען וועגען דעם כאראקטער פון דער רעגירונג אויס־גאבען היי־יאהר. דער דאזיגער באריכט ווערט פארגעבראכט פאר די קאנווענ־שאנס סיי פון דער רעפובליקאנישער און סיי פון דער דעמאקראטישער פארטיי, און אויך פאר דער קאנווענשאן פון דער אמעריקאן פעדעריישאן אוו לייבאר; אלע פון זיי ווערען איינגעפאדערט פארצו־ברענגען די זאך פאר'ן קאנגרעס.

עס ווייזט זיך ארויס פון דעם באריכט אז בלויז איין פראצענט פון דער רעגירונג אלע אויסגאבען פאר'ן יאהר 1920, וועל־כע באטרעפען איבער פינף מיט א האל־בען ביליאן, ווערט אויסגעגעבען פאר פארבעסערונגס צוועקען פון דער באפעל־קערונג און פאר'ן מענשליכען וואויל־שטאנד. (אלע אזוינע ווערט געמיינט: ערציהונג, געזונדשאפטליכע געזונט, ביב־ליאטעקען, פארשונגס ארבייט, אגריקול־טור, ארבייטס פראבלעמען, פארבעסע־רונג פון דער לאגע פון פרויען און קינ־דער א. א. וו.) דאס איבעריגע, 99 פרא־צענט פון'ם גאנצען ביודזשעט, געהט אויף מיליטערישע און קאמערציעלע צוועקען.

דאס געלט וואס ווערט אויסגעגעבען פארן וואוילשטאנד פון פרויען און קינ־דער איז בלויז ווייניגער פון א העלפט פון א טויזענט־חלק פון דעם גאנצען פעדערא־לען ביודזשעט. און ערך אזא טייל ווערט אויך אויסגעגעבען פאר דער אויספאר־שונג פון ארבייטס צושטאנדען. און פאר אלגעמיינע בילדונגס צוועקען ווערט עס אויסגעגעבען עטוואס ווייניגער ווי פאר די לעצטע צוויי איינאיינעם גענומען.

עס ווייזט זיך ארויס פון דעם סטייט־מענט אז מעהר ווי 93 פראצענט פון אלע פעדעראלע רעגירונגס אויסגאבען געהט אוועק פאר דער לעצטער קריג און פאר די פריהערדיגע (אין פענסיעס און אזוי ווייטער), און אויף אויפצוהאלטען דעם וואר און נייווי דעפארטמענטען. די אי־בעריגע 5 פראצענט געהט אוועק אויף אויפצוהאלטען די ציווילע רעגירונגס אנ־שטאלטען, געזעלשאפטליכע געביידעס, גע־זעלשאפטליכע אונטערנעהמונגען, ווי די פארבעסערונג פון טייכען און האפענס, און אנד.

די אלע ציפערען זענען אויסגעארבייט געווארען פון דר. ע. ב. ראזא, הויפט פי־זיקער פון דער ביורא אוו סטענדערדס און א מיטגליעד פון דעה וויסענשאפט־ליכער און טעכנישער אפטיילונג פון פאר־באנד נומ. 2 פון פעדעראלע אנגעשטעל־טע. דער צוועק פון דער ארבייט איז, אויפצורופען דעם קאנגרעס זיך מעהר צו זארגען פאר דער ענטוויקלונג פון דער ערציהונג און דעם מענשליכען וואויל־שטאנד פון לאנד.

## זיי [illegible]ילען נישט קיין שלום

די טערקען האבען שוין ווידער גע־בעטען אז מ'זאל זיי פארלענגערען די צייט פון אונטערשרייבען דעם פריע־דען.

ווייזט אויס, אז די טערקען זענען ארנישט פארליעבט אין דעם שלום, אז זיי קענען נישט שלום מאכען מיט'ן גע־


# MURAD

## דער טערקישער סיגארעט




מרס. פוקס האט זיך אמאל בערידמט אז זי קינדעלט צופיעל.

„וויפיעל קינדער ברענגסט דו אויף דער וועלט אויף אמאל? האט זי געפרעגט די לייביכע."

„בלויז איינס", האט די לייביכע געענטפערט — „אבער ס'איז א לייב!"

מוראדס קאסטען 20 סענט א באקס פון 10 — אבער זיי זיינען מוראדס!

מוראדס וואלטען געקאסט ביליגער ווען זיי זאלען נים ענטהאל־טען קיין פולע 100% טערקישען טאבאק פון דעם ריינסטען און בעס־טען וואס וואקסט — אדער ווען מיר זאלען געבען פראסטערען טער־קישען טאבאק.

אבער זיי וואלטען נים געווען קיין מוראדס, זיי וואלטען בלויז געווען פוקסען!

„אורטהיילט אליין — !"

מיר מאכען אויסערקזאם צו די 20 מוראדס אין בלער באקסעס

Anargyros

מאנופעקטשורערס פון העכסטען סארט טערקישע און עגיפטישע סיגארעטס אין דער וועלט.


אנק איהם אונטערצושרייבען און זוכען איהם שטענדיג אפשטופען.

* * *

## א אידישע טבע

די אלייעס זענען זעהר באאומרוהיגט וועגען דער נאציאנאלער אומרוהיגקייט אין מזרח און אינגיכען וועט אפגעהאל־טען ווערען א ספעציעלע אלייעס קאנ־פערענץ וועגען מזרח.

די גוים לערנען זיך ביסלעכווייז אפ פון אידען: — זיך צו ריסען צו דער מזרח־ וואנד...

## איינע איז אמת ווי די אנדערע

עס ווערט געמעלדעט, אז לענין האט געלאזט ארעסטירען ברוסילאוו'ן צוליעב דער מפלה, וואס דער לעצטער האט גע־כאפט פון די פאליאקען.

נאר אזוי ווי ברוסילאוו האט קיינ־מאל נישט געכאפט קיין מפלה פון די פאליאקען, נאר פארקעהרט — מעגען מיר זיכער זיין, אז די מעשה מיט זיין ארעסט איז פונקט אזוי אמת ווי די מעשה מיט זיין מפלה...

לעזט דעם „וועג".


# געלט קיין אייראפא

דער זיכערסטער און בעסטער וועג צו שיקען געלד צו אייערע קרובים קיין יוראפ איז דורך דער

## פיפעלס רעליעף

וועלכע איז א בראנטש פון דער רושווינט דיסט. קאמיטע.

די געלד ווערט געשיקט אין דאלארס.

פיפעלס רעליעף קאמיטע

490 הייסטינגס סטריט

טעריליאס, 2061

# ראזענפעלד'ס רוסישע טערקישע באד

פאר אלע וועלכע זוכען ריינליכקיים און גוטע באהאנדלונג.

30 מארבעל וואנעס שאור בעטהס

2 כשרה מקוואות פרייע קאטס אויף צום רוהען

16 פריוואט רומס פאר יעניגע וועלכע ווילען נעכטיגען.

א פראכטפולער לאנטש קאונטער מיט פרישע עסענווארג און געטראנקע צו יעדער צייט.

שוויץ פאר פרויען יעדען מיטוואך, מיט דער מיטווירקונג פון אן עקספערט מאסאזשיסטקע.

181—187 איי־דזש סטריט, עגמויין, טעלעפאן טשערי 6150 ראנד.

# פאר רענטען, קויפען אדער ליסען צו נעגערס

אויב איהר ווילט אז אייער פראפערטי זאל געהאנדעלט ווערען ביי א ריליעבעל קאמפאניע, זאלט איהר ליסטען מיט

דהי דעטראיט סעלף־העלפ ריעל עסטייט אינוועסטמענט קאמפאני (אינק.)

398 סט. ענטווין סטריט.

טעלעפאן מעין 7876

וויליאם ראבינסאן, פרעזידענט


# פערד

(פעליטאן)

פון עליאש

ס'האט אנקעל סעם
א שטאדט רעטבאט
און אין רעטראיט — א פערד;
עס שיט דער פערד
מיט פערדלעך
און שפארט אלץ געלט און שפארט.

עס האט דער פערד
דאס גאנצע לאנד,
אין איטם, אין סאוט און נארד,
באפערדעלט שוין
און וואו איהר געהט
און וואו איהר שטעהט — א פערד.

א פאי־
פי־

געפאהרען דא
ביז איצטער איפ'ן פערד —
וויל איפ'ן איד
גאר פאהרען איצט
דער פערד — דער גרויסער „ספארט".

עס פליהט גאלאפ
דער רייכער פערד
און טרובעט ווי א טשארט:
„אראפ פון וועג,
אראפ, דו איד,
אזוי באפעהלט דיר פערד!"

„אראפ, אראפ,
אראפ, אראפ,
דו ביסט וואס נאר אין קארט!
דו רייבסט דעם קריסט
און ברענגסט מיט זיך
געפאהר אין יעדען ארט!"

עס טרובעט פערד
און ער פארשפריים
[illegible]יח דא און דארט
שפירען זיך
[illegible]
[illegible]יג אן דער פערד...

אז ס'זאל דער פערד
און אין דעם פערד — א „ספארט",
מיר דאכט זיך אוים,
באגעהן אויף מיר א מארד.

מיר דאכט זיך אוים,
אז כ'הער א שטים,
ווי ס'שרייט מיט גיפט דער „פערד":
„פארפלוכטער איד!
איך האב דיך פיינט!" —
ס'קלינגט דייטליך יעדעס ווארט.

דערפאר, אז כ'פאהר
איצט ווען נים ווען
שפאצירען אויף א „פערד" —
איך טרעט איהם שטארק
מיט מיינע פיס
און שפיי אן יעדעס ארט...

# Der Weg

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט
ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער
וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד
אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715.


## אין די זומער חדשים גרייט מען זיך אן מיט קראפט

פון ב. י. ג—ן

ווי עס ווייזט אויס פון די לעצטע עט־ליכע טעג, האט דער זומער פארט גובר געווען. דאס וועטער אין אונזער שטאדט שטעלט זיך איין און דער זומער קומט מיט זיין גאנצער שעהנקייט און הייסקייט.

דער זומער נעהמט איבער די הער־שאפט אין אונזער שטאדט, מיט זיין גאנצע הייסקייט און היץ.

די הערשאפט פון'ם זומער אין אונזע־רע מקומות איז שטרענג, נים אזוי היציג ווי אין דער שטיין־און אייזען שטאדט ניו־יארק, אבער פארט הייס. דא איז דער זומער פארט רוהיגער און ווער עס פארשטעהט ווי אזוי צו לעבען און ווי אזוי אפצוהיטען זיך אין די זומער חדשים געניסט זעהר א סך סיי אין געזונד און סיי אין שטימונג, געפיהלען און שעהנע דמיונות.

זומער איז די צייט ווען מיר קענען זיך זארגען פאר'ן געזונד.

אום זומער וואקסען פרוכט און תבואות. ווער עס וויל פארזארגט זיין אום ווינ־טער מיט עסענווארג, מוז זעהן אפשפא־רען פון די זומערדיגע געוויקסע. וואלט מען אלע תבואות און פירות, וואס וואק־סען אום זומער, פארצעהרט אום זומער, וואלט מען אום ווינטער געהונגערט.

דאס זעלבע איז אויך מיט'ן געזונד.

אום זומער קען דער מענש אנזאמלען קרעפטען אויף גובר צו זיין דעם קאלטען און אומאנגענעהמען לאנגען דעטראיטער ווינטער.

אום ווינטער פטר'ן מיר כחות. און אום זומער ערווערבען מיר זיי. מיר ער־ווערבען זיי צוליעב'ן ווינטער.

דער ערשטער שפאן אויף צו ערווער־בען כחות אום זומער איז — אויף דער פרייער לופט.

וואס ווייניגער מען זיצט אין די ענגע חדרים און וואס ווייניגער מען דרעהט זיך אין די ענגע גאסען — אלץ בעסער איז.

וואס מעהר מען איז אויף דער פרישער לופט, וואס מעהר מען פארברענגט אויף דער פרייער נאטור אלץ מעהר געזונד ער־ווערבט מען.

און אויסציפיהרען דאס איז לייכט.

יעדער וואס וויל זיך געבען די מיה צו פארשטעהן די גרויסע ווערט פון פרישע לופט, דער קען די פאדערונג נאכקומען.

מען רעדט שוין נים פון די וואס קע־נען אינגאנצען ארויספאהרען פון שטאדט און פארברענגען די זומער חדשים אויף לאנד — פון די רעדט מען נים. זיי זיי־נען זיכער צו ערווערבען ענערגיע, לוסט און שאפונגס קראפט אין דיזע שעהנע און העלע חדשים.

נאר אפילו די וואס זיינען נים אום שטאנד צו פאהרען אויף ראטשעס, אפילו ריזע, וואס מוזען אין די סאמע

הייסעסטע טעג אויך זיצען אין די פאב־ריקען, אין פארפעסטעטע ענגע שטיינען — אפילו ארימע ארבייטער קענען אויך אויסנוצען די זומער חדשים אויף צו ער־ווערבען כחות און ענערגיע.

מיר האבען דא זעהרוועניג פארקס, שפאציער גארטענס. אבער פארט האבען מיר עטליכע. מיר האבען איין זייט שטאדט בעל־אייל, און א צווייטער — דעם פארק. מיר האבען אויך אנדערע קלע־נערע פארקס. שפאצירען אין דיזע פארקס נאך דער ארבייט איז זעהר געזונד.

אום ווינטער איז אויך ראטזאם צו שפאצירען, צו באוועגען מיט אלע גליע־דער. שפאצירען לאנגזאם, אבער פעסט און איינאטהמען פרישע, ריינע לופט. ווארים נאך א לענגערן שפאציר גאנג באקומט מען נאטירליך אפעטיט.

אין די ניערען ווי אינ'ם מאגען, אין דער מילץ ווי אין דער לעבער, זאמלען זיך אן איבעריגע שטאפען. און נאר דורך דעם לאנגזאמען און פעסטען שפאציר־גאנג ווערען דיזע אנגעזאמעלטע, איבע־ריגע און צומאל שעדליכע שטאפען ארויס־געארבייט און אויסגעלעדיגט פון קערפער.

מעהר נוצען איז דער שפאציערגאנג פאר די לונגען. די לונגען זיינען צארטע ארגאנען וואס ווערען פון פיעלע קראנק־הייטען באפאלען. ווען מען שפאצירט און ווען מען אטעהמט ווי נויטיג איז (מען דארף קענען אטעהמען!) ווערען די לונגען געשטארקט און באשיצט פון די קראנקהייטען וואס לויערען אויף זיי.

מענשען מיינען, אז אטעהמען איז א נארישקייט. — „וואס איז די מלאכה צו אטעהמען?" — פרעגט מען. אבער עס איז א קענטניש. אטעהמען איז א נאט־טירליכע פונקציאן, אבער מען דארף ווי־סען ווי אזוי צו באנוצען דאס. פרעגט א דאקטאר וועט ער אייך זאגען, אז איין מענש איבער 50 ווייס ווי אזוי צו אטעה־מען.

אטהמען הייסט: ארויסגעבען פאר־דארבענע לופט דורכ'ן מויל און אריינ־נעהמען געזונדע לופט דורך דער נאז.

מענשען אטהמען תמיד, סיי וואכענ־דיג און סיי ווען זיי שלאפען. ווען מען שפאצירט, אז מען ווייס ווי צו אטעהמען ערגרייכט די פרישע איינאטמונג ביי דער אונטערשטער טייל, די שפיצען פון די לונגען; ווען מען ווייס נים, קומט די לופט צו נאר צו די אויבערשטע טיילען פון דער לונג.

ווען מען אטעהמט אפ א קורצע צייט אויף דער פרישער לופט, ווי געהעריג ווערט מען נאכדעם מונטערער און מען פיהלט זיך שטארקער און גאנצען קער־פער.

## פערד

(פעליטאן)

פון עליאש

ס'האט אנקעל סעם
א שטאדט דעטראיט
און אין דעטראיט — א פערד;
עס שיט דער פערד
מיט פערדעלעך
און שפארט אלץ געלט און שפארט.

עס האט דער פערד
דאס גאנצע לאנד,
און איטס, און סאוט און נארד,
באפערדעלט שוין
און וואו איהר געהט
און וואו איהר זעהט — א פערד.

געפאהרען דא
ביז איצטער אויפ'ן פערד —
וויל אויפ'ן איד
נאר פאהרען איצט
דער פערד — דער גרויסער „ספארט".

עס פליהט גאלאפ
דער רייכער פערד
און טרובעט ווי א משארט:
„אראפ פון וועג,
אראפ, דו איד,
אזוי באפעהלט דיר פערד!"

„אראפ, אראפ,
אראפ, אראפ,
דו ביסט וואס נאר און קארט!
דו רייבסט דעם קריסט
און ברענגסט מיט זיך
געפאהר אין יעדען ארט!"

עס טרובעט פערד
און ער פארשפרייט
... דא און דארט
שפירען זיך
... איז
...ג אז דער פערד...

אז ס'וויל דער פערד
און אין דעם פערד — א „ספארט",
מיר דאכט זיך אויס,
באגעהן אויף מיר א מארד.

מיר דאכט זיך אויס,
אז ב'הער א שטים,
ווי ס'שרייט מיט ניפט דער „פערד":
„פארפלוכטער איד!
איך האב דיך פיינט!" —
ס'קלינגט דייטליך יעדעס ווארט.

דערפאר אז כ'פאהר
איצט ווען ניט וועך
שפאצירען אויף א „פערד" —
איך טרעט איהם שטארק
מיט מיינע פיס
און שפיי אן יעדעס ארט...

## דוד גאלדבלאט

(שלום פון פייחוש 4)

פון אפריקאנעם פרעזידענט און דארט א דאנק בריעף פאר אן אויסגעשריעבע־נער רעדע פון אן אמעריקאנער סענא־טאר; דא אזא און דארט אן אנדער דא־קומענט, וואס האט מיך איבערראשט און ביי יעדער זאך און ביי יעדער דאקו־מענט האט ער מיך געווארענט: „גע־דענקט זשע איך רייד מיט אייך נישט ווי מיט א רעדאקטאר פון א בלאט; געדענקט זשע אז איך גיב נישט קיין מאטעריאל צום פארעפענטליכען. אט מיר שמועסען זיך" — — —

און אזוי שמועסענדיג זיינען די אי־בערראשונגען ווי גאלדענע פליגעלעך גע־פלויגען איינס נאך דעם אנדערען און צום סוף זיך אויך דערוואוסט, אז אט דער דוד גאלדבלאט האט א סך טיטולען צווישען זיי דעם טיטול פראפעסאר, אז ער האט אין אן אוניווערסיטעט (דוכט זיך אז מאקע אין א ניו־יארקער) געהאל־טען לעקציעס אין פילאלאגיע און אנדע־רע וויסענשאפטען און — —

און אפשר איז מיר נישט ערלויבט אויסצופויקען אלעס וואס איך האב זיך פון איהם דערוואוסט; און אפשר איז עס נישט עטיש צו דערצעהלען זאכען און ענינים וואס מען דערוויסט זיך פון א שמועס, וואס איז בפירוש געפיהרט געווארען בתנאי נישט צו פארעפענטלי־כען.

און אפשר איז דאס ביז איצט געזאג־טע שוין אויך אריבערגעכאפט די מאס ווייל איך ביי דעם ה' גאלדבלאט געבעטען פארצייהונג און נאר אויספיהרען, אז איך וועל ווענען איהם שרייבען דאס, וואס עס איז געווען פארעפענטליכט אין דער „ווארלד" און מוסיף זיין, אז דער ערשטער באנד ענציקלאפעדיע, וועל־כער איז ערשט ערשיענען איז דער בעס־טער עדות וואס זיין רעדאקטאר איז, אויף ווי ווייט זיינע אינטעלעקטועלע פעהיגקייטען גרייכען און אין דערוועל־בער צייט גיט דער באנד אויך א גוטען באגריף וועגען די גרויסע פארדיענס־טען פון דעם ה' גאלדבלאט אין דער אידישער ליטעראטור.

## קאנגרעס עקזעקוטיווע באשטימט קאמיטעטען איינצופיהרען קאנגרעס ארבייט

ניו יארק, יוני 23. — די הויפט ארבייט אויף דעם לעצטען מיטינג פון דער אדמיניסטראציאנס־קאמיטעט פון דעם אמעריקאנעם אי־דישען קאנגרעס איז געווען צו באשטימען די פערזאנאל פון די פאר־שיעדענע קאמיטעטען וועלכע זאלען באזארגען די פיעלע טעטיגקייטען פון דעם ניי־געבארענעם אידישען קאנגרעס־עקזעקוטיווע, און איהר פאוועקשטעלען אויף א פערמאנענטען געשעפטס־מעסי־גען באזיס. די אדמיניסטראציאנס־קאמיטעט האט גוט געהייסען דעם רע־פארט פון די קאמיטעט וועגען קא־מיטעטען, און די פאלגענדע וועלען צו־זאמענשטעלען די צייטווייליגע קאמי־טעטען פון די אידישען קאנגרעס:

ראבי סטיפען ווייז איז דער טשער־מאן די וויכטיגסטע פון דיזע ארגאני־זאציעס, די וואס וועט האבען די פאליטישע ארבייט, איז די וואס באצייכענט זיך: „קאמיטעט וועגען אידי־שע רעכט". ראבי סטיפען ווייז איז דער טשערמאן פון דיזען קאמיטעט וועגען אידישע רעכט. די אנדערע מיט־גליעדער זיינען: ריכטער דזשוליאן וו. מעק, גוסטאוו הארטמאן, יוסף באראנ־דעס, מרס. דזשאסעף פעלס, דזשוליוס פייזער, מאקס שולמאן, דר. הערי פרי־דענוואלד און לואיס נירשטיין.

די פאלגענדע זענען אויף דער קא־מיטעט אויסצוארבייטען די קאנסטיטוצי־ע פון דעם נייעם פערמאנענטען קאנ־גרעס: טשערמאן — סאלאן ליעבעס־קינד. מיטגליעדער: ס. שעלינסקי, יואל ענטין, ב. גראס, בנימין קעניגסבערג, עא וואלסאן, עמנואל גיומאן, מארים זבנר, און ישראל בראדי.

די וואהלען קאמיטעט באשטעהט פון טשערמאן — לואי מליפסקי, מאקס שטערן, מאיר בראון, סאלאמאן סופרין, דזשייקאב דאן, דזשייקאב גינזבערג, מא־רים קריימער, אפרי סקאפלאן, פיליפ שאטלאנד.

ארגאניזאציאנס קאמיטע: טשערמאן — ריכטער לעאן סענדערס, לואיס ליפ־סקי, א ה. קאטשער, ה. עהרענרייך, דר. סיימאן הירזשראנסקי, ראבי לעווינ־סאן, דזשייקאב קארלינגער, בנימין קע־ניגסבערג, און מארטין ליוואי.

וואקאנס קאמיטעט: טשערמאן — מאקס סילווערשטיין, א. וואהלינער, דר. ס. עלסבערג, ראבי איגנעלבוך און י. ספריירעגען.

קאמיטעט וועגען באדזשעט און ווייז ענד מיענס: יוסף באראנדעס, סאלאן ליעבעסקינד, מארים וויינבערג, יעקב גרינבערג, מאקס האלענדער, וויליאם טאפקיס, דר. יוסף קרימסקי, פיליפ וואטענבערג, מייקעל דזשעלין, יעקב דאן און טשארלז ליפשיטץ.

## די אויסגאבען פון דער רעגירונג פאר פארשיעדענע צוועקען

אין א סטייטמענט וואס די „נייש־אנעל ווימענס טרייד יוניאן ליעג" צוזאמען מיט דעם „נאציאנאלער פארבאנד פון פעדעראלע אנגעשטעלטע" ווערען ארויס־געבראכט שטויגענדע ציפערען וועגען דעם כאראקטער פון דער רעגירונג'ס אויס־גאבען היי־יאהר. דער דאזיגער באריכט ווערט פארגעבראכט פאר די קאנווענ־שאנס סיי פון דער רעפובליקאנישער און סיי פון דער דעמאקראטישער פארטיי, און אויך פאר דער קאנווענשאן פון דער אמעריקאן פעדערייש'אן אוו לייבאר, אלע פון זיי געהערען אויפגעפאדערט פארצו־בהענגען די זאך פאר'ן קאנגרעס.

עס ווייזט זיך ארויס פון דעם באריכט אז בלויז איין פראצענט פון דער רעגירונג אלע אויסגאבען פאר'ן יאהר 1920, וועל־כע באטרעפען איבער פינף מיט א האל־בען ביליאן, ווערט אויסגעגעבען פאר פארבעסערונגס צוועקען פון דער באפעל־קערונג און פאר'ן מענשליכען וואויל־שטאנד. (אלע אזעלכע ווערט געמיינט: ערציהונג, געזעלשאפטליכע געזונט, ביב־ליאטעקען, פארשונגס ארבייט, אגריקול־טור, ארבייטס פראבלעמען, פארבעסע־רונג פון דער לאגע פון פרויען און קינ־דער א. א. וו.) דאס איבעריגע, 99 פראצענט פון'ם גאנצען בודזשעט, געהט אויף מיליטערישע און קאמערציעלע צוועקען.

דאס געלט וואס ווערט אויסגעגעבען פאר'ן וואוילשטאנד פון פרויען און קינ־דער איז בלויז ווייניגער פון א העלפט פון א טויזענט חלק פון דעם גאנצען פעדערא־לען בודזשעט. אן ערך אזא טייל ווערט אויך אויסגעגעבען פאר דער אויספאר־שונג פון ארבייטס צושטאנדען, און פאר אלגעמיינע בילדונגס צוועקען ווערט עס אויסגעגעבען עטוואס ווייניגער ווי פאר די לעצטע צוויי אינאיינעם גענומען.

עס ווייזט זיך ארויס פון דעם סטייט־מענט אז מעהר ווי 93 פראצענט פון אלע פעדעראלע רעגירונגס אויסגאבען געהט אוועק פאר, דער לעצטער קריג און פאר די פריהערדיגע (אין פענסיעס און אזוי ווייטער), און אויף אויפצוהאלטען דעם ווער און נייווי דעפארטמענטען. די אי־בעריגע 5 פראצענט געהט אוועק אויף אויפצוהאלטען די ציווילע רעגירונגס אנ־שטאלטען, געזעלשאפטליכע געביידעס, גע־זעלשאפטליכע אונטערנעהמונגען, ווי די פארבעסערונג פון טייכען און האפענס, און אנד.

די אלע ציפערען זענען אויסגעארבייט געווארען פון דר. ע. ב. ראזא, הויפט פי־זיקער פון דער ביורא אוו סטענדערדס און א מיטגליעד פון דער וויסענשאפטלי־כער און טעכנישער אפטיילונג פון פאר־באנד נומ. 2 פון פעדעראלע אנגעשטעל־טע. דער צוועק פון דער ארבייט איז, אויפצורופען דעם קאנגרעס זיך מעהר צו זארגען פאר דער ענטוויקלונג פון דער ערציהונג און דעם מענשליכען וואויל־שטאנד פון לאנד.

## זיי ווילען נישט קיין שלום

די טערקען האבען שוין ווידער גע־בעטען אז מ'זאל זיי פארלענגערן די צייט פון אונטערשרייבען דעם פ...רען.

ווייזט אויס, אז די טערקען זענען גארנישט פארליעבט אין דעם שלום, אז זיי קענען נישט שלום מאכען מיט'ן גע־

זאגט איהם אונטערצושרייבען און זוכען איהם שטענדיג אפשטופען.

* * *

## א אידישע טבע

די אלייעס זענען זעהר באאומרוהיגט וועגען דער נאציאנאלער אומרוהיגקייט אין מזרח און איינגיכען וועט אפגעהאל־טען ווערען א ספעציעלע אלייעס' קאנ־פערענץ וועגען מזרח.

די גוים לערנען זיך ביסלעכווייז אפ פון אידען. — זיך צו רייסען צו דער מזרח' וואנד...

## איינע איז אמת ווי די אנדערע

עס ווערט געמעלדעט, אז לענין האט געלאזט ארעסטירען ברוסילאוו'ן צוליעב דער מפלה, וואס דער לעצטער האט גע־באפט פון די פאליאקען.

נאר אזוי ווי ברוסילאוו האט קיין מאל נישט געכאפט קיין מפלה פון די פאליאקען, נאר פארקעהרט — מעגען מיר זיכער זיין; אז די מעשה מיט זיין ארעסט איז פונקט אזוי אמת ווי די מעשה מיט זיין מפלה...

לעזט דאס „וועג".





מרס. פוקס האט זיך אמאל בערידמט אז זי קינדעלט צופיעל.

„וויפיעל קינדער ברענגסט דו אויף דער וועלט אויף אמאל? האט זי געפרעגט די לייביכע."

„בלויז איינס", האט די לייביכע געענטפערט — „אבער ס'איז א לייב!"

מוראדס קאסטען 20 סענט א באקס פון 10 — אבער זיי זיינען מוראדס!

מוראדס וואלטען געקאסט ביליגער ווען זיי זאלען נים ענטהאל־טען קיין פולע 100% טערקישען טאבאק פון דעם ריינסטען און בעס־טען וואס וואקסט — אדער ווען מיר זאלען געבען פראסטערען טער־קישען טאבאק.

אבער זיי וואלטען נים געווען קיין מוראדס, זיי וואלטען בלויז געווען פוקסען!

„אורטהיילט אליין — !"

מיר מאכען אויסמערקזאם צו די 20 מוראדס אין בלעך באקסעס

S. Anargyros — מאנופעקטשורערס פון העכסטען סארט טערקישע און עגיפטישע סיגארעטס אין דער וועלט.

## געלט קיין אייראפא

דער זיכערסטער און בעסטער וועג צו שיקען געלד צו אייערע קרובים קיין יוראפ איז דורך דער

## פיפעלס רעליעף

וועלכע איז א ברענטש פון דער דזשוינט דיסט. קאמיטע.

די געלד ווערט געשיקט אין דאלארס.

פיפעלס רעליעף קאמיטע

490 הייסטינגס סטריט

טעדילאק 2061.

## ראזענפעלד'ס רוסישע טערקישע באד

פאר אלע וועלכע זוכען רייגליכקייט און גוטע באהאנדלונג.

30 מארבעל וואנעס שאור בעטהס

2 כשרה מקוואות פרייע קאטס אויף צום רוהען

16 פריוואט רומס פאר יעניגע וועלכע ווילען נעכטיגען.

א פראכטפולער לאנטש קאנטער מיט פרישע עסענווארג און געטראנקען צו יעדער צייט.

שוויץ פאר פרויען יעדען מיטוואך. מיט דער מיטווירקונג ... און עקספערט מאסאזשיסטען.

...אוי־ער סטריט, עגטיין, טעלעפאן טשערי 6190 ...

## פאר רענטען, קויפען אדער ליסען צו נעגערס

אויב איהר ווילט אז אייער פראפערטי זאל געהענדעלט ווערען ביי א ריליעבעל קאמפאניע, זאלט איהר ליסטען מיט

דהי דעטראיט סעלף־העלפ ריעל עסטייט אינוועסטמענט קאמפאני (אינק.)

398 סט. ענטוויין סטריט.

טעלעפאן מעין 7876

וויליאם ראבינסאן, פרעזידענט

The only Jewish Paper Printed in Michigan

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

# דער וועג

The Detroit Jewish Daily

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

347-49 HASTINGS STREET
Telephone Main 3716

Published and distributed under permit No. 739 authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General.

PRICE 3c. DETROIT, MICH., Tuesday, June 29th 1920 Vol. 2, No 116

דינסטאג, דזשון 29, 1920

# מישיגאנ׳ר דעלעגאציע פאר „טרוקענעם" געזעץ

סאן פראנציסקא, יוני 28 — אויף א „קאקוס" פון דער מישיגענ׳ער דעלעגאציע צו דער דעמאקראטישער נאציאנאלער קאנווענשאן איז היינט אנגענומען א רעזאלוציע, און וועלכער עס ווערט זיך ארויסגעזאגט צום גינסטען פון דעם שטרענגען דורכפיהרען דעם „וואלסטעד פראהיבישאן ענפארסמענט עקט". אן עהנליכע ערקלעהרונג האט ארויסגעגעבען די דעלעגאציע פון אידעהא. וויליאם פ. קאנאלי, פון דעטראיט, איז ערוועהלט געווארען, אלס פארזיצענדער פון דער מישיגענ׳ער דעלעגאציע און עדמונד שיעלדס איז ערוועהלט געווארען אלס מיטגליעדער פון דער רעזאלוציאנס־ קאמיטע.

## פרעזידענט באקומט פופצעהן מינוטען־לאנגע אוואציע

סאן פראנציסקא, יוני 28. — 2 מינוט נאכדעם, ווי די קאנווענשאן פון דער דעמאקראטישער פארטיי האט זיך פארמעל ערעפענט, איז דאס בילד פון פרעזידענט ווילסאן ארונטערגעפאלען פון דער הויך און דאס איז געווען א סיגנאל צו א שטורמדיגער אוואציע פאר׳ן פרעזידענט. דעלעגאטען האבען זיך געשטעלט אויף די שטולען און האבען אפלאדירט. דער פארזיצענדער האט ניט געקענט באוואהיגען דעם עולם און ברענגען צו אָרדנונג. די אוואציע האט געדויערט 15 מינוט.

## דורכפאל פון שלום אפמאך איז א פארברעכען — ערקלעהרט קאמינגס

סאן פראנציסקא יוני 28 — האמער קאמינגס, צייטווייליגער פארזיצענדער פון דער דעמאקראטישער נאציאנאלער קאנווענשאן, האט אין זיין „קינאוט" אדרעס ערקלעהרט, אז די נאציאנען ליגע איז די „מאגנאו קארטין פון דער וועלט". וועגען דעם דורכפאל פון דעם שלום אפמאך אין סענאט האט ער געזאגט, דאס „קיין גרעסער פארברעכען געגען דער ציוויליזאציע...

ואציע האט קיינמאל ניט פארשמוצט די בלעטער פון אונזער געשיכטע". ער האט אטאקירט די פלאטפארם פון דער רעפובליקאנער פארטיי אלס א „רעאקציאנערע און פראווינציעלע". „די אונטערהדיקטע פעלקער האבען פון איהר גאר נישט צו ערווארטען", האט מר. קאמינגס ערקלעהרט וועגען דער רעפובליקאנער פלאטפארם, „זי ענטהאלט ניט אין זיך קיין שום האפנונג פאר אייערלאנד; קיין רחמנות ווארט פאר ארמעניען און האט פארבארגען א שווערד פאר מעקסיקא". זי איז די אביים פון מענשען וועלכע זענען באזארגט וועגען מאטעריעלע זאכען, אבער ניט וועגען מענשליכע רעכט".

ער האט ווייטער אנגעוויזען, אז ניט די רעפובליקאנער, וועלכע האבען אנגעפיהרט דעם שפאניש אמעריקאנעם קריעג האבען א רעכט צו קריטיקירען די שטעלונג פון פרעזידענט ווילסאן צו דער דייטשער מלחמה.

ער האט זיך דערנאך אפגעשטעלט אויף די אטאקעס, וואס די רעפובליקאנער פיהרער האבען געמאכט פערזענליך אויף פרעזידענט ווילסאן. ער האט געזאגט, זייער האנדלונג בנוגע דעם פרעזידענט איז געווען „קריצונג", זיי האבען פאראורזאכט זיין פיזישע שלאפקייט און וואס נאך ערגער איז, וואס דער פרעזידענט איז גייסטיג ביטערגעשלאגען געווארען דורך זיין איבערצייגונג, אז זיינע פאליטישע געגנער פארניכטען אויף א ווילדען אופן ניט נור די מענשליכע ארבייט, נאר דער וועלט׳ס האפנונג פון שלום. דא האט ער דערצעהלט, אז ווען פרעזידענט ווילסאן האט צוזאמען געשטעלט דעם טעקסט פון דער נאציאנען ליגע האט ער פארלאנגט אויסצוהערען אייגוועגדונגען צו איהם. מר. טעפט, מר. היוז און אנדערע פיהרער פון דער רעפובליקאנער פארטיי האבען צוגעשיקט פארשלאגען, וועלכע זענען פון פרעזידענט אנגענומען געווארען און זיינען „ווירקליך פארקערפערט געווארען אין דער רעווידירטער פארם פון דער ליגע".

## די יו. אר. פארלירט ווידער פראצעס געגען שטאט

געכטען האט די „די יו אר" פארלוירען נאך א פראצעס, וואס זי האט אנגעפיהרט געגען דער שטאדט, ווען ריכטער הערי דיש. דינגרושמאן, פון ווען סורקיט קאורט, האט ענטזאגט איהר פארלאנג בטל צו מאכען דעם „אוסטער סיום". וואס די שטאדט האט אנגעגעבען אין געריכט אין 1918, אז די קאמפאניע זאל ארונטערגעטריבען ווערען פון יענע גאסען, אויף וועלכע זי האט ניט מעהר קיין באזיץ־רעכט.

דעם 30טען יולי, 1918, האט דער קאונסיל אנגענומען א רעזאלוציע, באאויפטראגענדיג דעם שטאדט־לאיער וויליאמס, צו נעהמען די נויטיגע לעגאלע שריט ארונטערצוטרייבען די קאמפאניע פון די גאסען. דעם 9טען אויגוסט, 1918, האט דער קאונסיל אנגענומען נאך א רעזאלוציע פון זעלבען כאראקטער, נאר מיט מעהר אייגצעלהייטען. באלד נאך דעם האט דער קאונסיל אנגענומען דעם קראנקיפאר ארדנונג, אשסטימענדיג פינף סענט אלס א מאקסימום פעיר אויף ראוט ליניעס. די „די יו אר" האט דאמאלט ווארט אנגעפאנגען א פראצעס געגען דער גילטיגקייט פון דיעזען אקט אין יונייטעד סטייטס דיסטריקט קאורט, פאר ריכטער טאטעל.

ביים פארהער האט ריכטער טאטעל צוריקגעוויזען דער קאמפאניע׳ס פארלאנג פאר אן אינדזשאנקשאן און האט בטל געמאכט די קלאגע. די קאמפאניע האט דאן אפעלירט צום יונייטעד סטייטס סופרים קאורט, וועלכער האט געגעבען א באפעהל צום דיסטריקט קאורט, ער זאל באוויליגען א פארהער פאר א פארלויפיגען אינדזשאנקשאן און אויך א פארהער, וואו די קיים זאל ענטשיעדען ווערען, לויט די באווייזע און ארגומענטען פון ביידע צדדים. די „די יו אר" האט אבער קיין איבעריגען חשק ניט געהאט ווייטער צו פיהרען דעם פראצעס און דער צושטאנד איז געבליבען אומגעענדערט.

אין דער זעלבער צייט האט דער שטאדט־לאיער, אויספאלגענדיג די אינסטרוקציעס פון דעם סיטי קאונסיל, אנגעפאנגען א פראצעס אין סוירקיט קאורט פאר דער גילטיגקייט פון דעם קאונסיל׳ס רעזאלוציע.

די זאך האט זיך געצויגען ביז לעצטען מאנאט, ווען דער קאמפאניע׳ס לאיערס האבען פארלאנגט פון ריכטער דינגרושמאן, ער זאל בטל מאכען דעם געריכטס־אנטראג פון דער שטאדט.

ריכטער דינגרושמאן האט צוריקגעוויזען דער קאמפאניעס פארלאנג אויף דעם גרונד, וואס די סטייט קאנסטיטושאן און דער נייער שטאדט־טשארטער גיבען דעם קאונסיל די פאלשטענדיגע קאנטראל איבער פרזאגען און קארפארייששאנס, וואס באנוצען זיך מיט די גאסען פון דער שטאדט, און ממילא שליסט דאס שוין אויך איין דאס רעכט פון דעם קאונסיל איבער די גאסען פון דעטראיט.

## קינד פארלוירען אויף א שיף און געפונען דורך׳ן דראט־לאזען טעלעגראף

וואנעטא הייזעל פון טאלידא איז בלויז 7 יאהר אלט, אבער אן „ארוועגטשור" האט זי שוין דורכגעמאכט ווי א העלדין אין די מואווים.

וואנעטא איז לעצטען זונטאג געווען מיט איהרע עלטערען אין פוט אין בעי און אין מיטען דרינען האט זיך איהר פארגלוסט צו שליסען באקאנטשאפט מיט די קינדער פון דעם אינדזשניר אויף דער שיף „פוט אין בעי". איהרע עלטערען האבען דערפון קיין אהנונג ניט געהאט דערווייל האט זיך די שיף אוועקגערוקט אויף איהר וועג קיין דעטראיט און ווען די עלטערען האבען זיך געכאפט איז שוין געווען צו שפעט.

האט מען באלד געגעבען א „ווייערלעס" צו דער שיף און עס איז געקומען צוריק אן ענטפער, אז וואנעטא איז אויפ׳ן שיף און וויינט מיט ביטערע טרעהרען נאך פאפא און מאמא.

געכטען אין דער פריה איז דער פאטער געקומען קיין דעטראיט און געפונען זיין טאכטער אין א גאנץ אויפגעלעגטען צושטאנד, אונטער דער אויפזיכט פון א היגען געשעפטסמאן, מר. ד...ן, וועלכער איז געפאהרען אויף יענער שיף.

## מאריס שווארץ׳ס גרויסער ערפאלג

די פאלשע קלאנגען וואס מ׳האט פארשפרייט אין שטאדט וועגען מאריס שווארץ, אז ער וועט ניט קומען, האט געהאלפען: א קליינער עולם האט ביינעוואהנט די ערשטע פארשטעלונג פון „טוביה דעם מילכיגען" געשפיעלט פון מאריס שווארץ אין שובערטס טעאטער, זונטאג בייטאג. אבער דיזער קליינער עולם האט די שוישפיעלער געגעבען אזא אויפנאהמע, וואס קיין שום טרופע האט אזא אויפנאהמע נישט געהאט אין דעטראיט.

די ארטיסטען האבען זיך אויסגעצייכענט אין זייערע ראלען און ביים סוף צווייטען אקט האט מען געמאכט אזא אוואציע אז מר. שווארץ איז געווען געצוואונגען צו זאגען א פאר ווערטער צום עולם.

צווישען אנדערעס האט מר. שווארץ דערצעהלט די צושויער, אז ער האט זיך נישט געוואלט אונטערוואַרפען דער טעאטער פארוואלטונג פון דער פראווינץ און פאהרט אליין אויף זיין אייגענער אחריות. דאס האט געפיהרט דערצו, אז די מערערושערס באקעמפען איהם דורך כל ערליי עהרליכע און ניט עהרליכע אופנים. אזוי האט מען אויך אין דעטראיט איהם געשטערט און פירגעזאגט דעם עולם אז ער וועט נישט קומען שפיעלען; אז ער איז קראנק געווארען וכדומה אזעלכע קלאנגען. אויסגעפיהרט האט ער מיט א בקשה אז די באזוכער זאלען מודיע זיין זייערע פריינד פון דעם אלעמען און אגב זאגען זיי ווי עס געפעלט זיי די פארשטעלונג.

א גוואלדיגער אפלויז האט באגלייט דעם ליעבלינג „סטאר" און אין אווענד איז שוין דאס טעאטער געווען געפאקט. אזא עולם האט שוין דאס טעאטער נישט געזעהן.

מען האט די שוישפיעלער פרעזענטירט מיט בלומען און די פאטראנייזער פון אמת׳ער קונסט האבען געבעטען מר. שווארץ אז ער זאל דא פארבלייבען נאך א וואך צייט.

זיי האבען איהם פארזיכערט אנצעפילען דאס טעאטער, זיי וועלען מודיע זיין אלעמען א.א.וו. מר. שווארץ איז מרוצה געווארען צו קומען אהער אויף נעקסטען פרייטאג, שבת און זונטאג מיט הדריי קונסט פארשטעלונגען: „טוביה דעם מילכיגען", „גנבים" און „דעם שמיערס טעכטער".

פארשפארט צו זאגען, אז דער אויסוואהל פון די הדריי פיעסען איז א זעהר פארזיכטיגער און געלונגענער, און אז זיי וועלען באזוכט ווערען פון היגען פובליקום וואס גארט נאך קונסט פארשטעלונגען פון אזא געקליבענער קינסטלער געזעלשאפט, ווי שווארץ׳ס טרופע איז.

נאך דער פארשטעלונג האבען די היגע שנארערס געמאכט א כרמל באנקעט פאר די קינסטלער געסט, וואו מען האט אויף אן עכט היימיש חסיד׳ישען אופן מיט דער תיקון פון די לעבעדיגע חברה שנארער פארבראכט ביז ארום 2 פאר־טאג.

## רעאקציאנערער פרעמיער אין אונגארן

וויען, יוני 28. — דאס אונגארישע מיניסטעריום האט רעזיגנירט, לויט א דעפעשע פון בודאפעסט. עס ווערט באריכטעט, אז געוועזענער פרעמיער אפאני איז דער הויפט פון דער נייער קאאליציאנס רעגירונג.

אין דער לאנדאנער ארבייטער צייטונג „הערא[ל]ד" פון לעצטען פרייטאג איז געווען געמאלדען, אז דער באוואוסטער פאגראמטשיק לייטענאנט העדזשעס האט זיך ערקלעהרט אלס דיקטאטאר. גלייך ווי דאס אונגארישע מיניסטעריום איז געפאלען צוליעב דעם באיקאט פון דער אינטערנאציאנאלער ארבייטערשאפט געגען אונגארן פאר איהר רשעות געגען ארבייטער און אידען.

די זעלבע צייטונג ברענגט דארט א געשפרעך מיט גראף אפאני, וועגען וועלכען די דעפעשע פון וויען מעלדעט. אז ער איז געווארען אונגארישער פרעמיער, וואס גיט קיין האפנונג ניט, אז די אידישע לאגע זאל זיך פארבעסערען. גראף אפאני, ווי דער „הערא[ל]ד" גיט איבער, האט זיך אויסגעדריקט, אז דער באיקאט געגען אונגארן וועט איצט באשאפען א נאציאנאלע אנטיסעמיטישע באוועגונג, אין דער צייט, וואס דער ביז איצטיגער „ווייסער" טעראר איז אויסגעפיהרט געווארען, נאר פון אייגצעלנע אפיצירען. גראף אפאני איז א באוואוסטער רעאקציאנער און, ווי עס זעקט אוים, אן אויסגעשפראכענער אנטיסעמיט.

## פריוואטע בריעף פון ווילסאנ׳ס קאבינעט צענזורירט אין צייט פון מלחמה

שיקאגא, יוני 28. — פראפעסאר סטענלי א. רייפינס, פון דער מינעסאטא אוניווערזיטעט, א פיהרער פון דער „48" פארטיי, האט דא ארויסגעגעבען א סטייטמענט, דאס די פריוואטע בריעף פון פרעזידענט ווילסאנ׳ס קאבינעט זענען געעפענט געווארען פון צענזארס אין דער צייט פון דער מלחמה. מיליטערישער שפיאנאזש איז געווען אזוי פארשפרייט, האט ער ערקלעהרט, דאס די פאסט פון יעדען רעגירונגס באאמטען איז איבערגעקוקט געווארען דורך א סאלדאט אין דער ארמיע אינטעלידזשענטס ביורא, וואו ער איז אליין געווען אנגעשטעלט. דער פראפעסאר האט געזאגט, אז צווישען די בריעף, וואס זענען געעפענט געווארען, זענען געווען בריעף פון ברעקענרידזש לאנג, דריטער אסיסטענט פון סעקרעטערי אוו סטייטס. „איך האב זיי געעפענט — האט דער פראפעסאר געזאגט — ווייל די, וואס האבען מיר באפוילען עס צו טאן, האבען אונטער זיך געהאט באאמטען".

## שטורמדיגע דעבאטען אין איטאליענישען פארלאמענט

רוים, יוני 28. — די זיצונג אין איטאליענישען פארלאמענט איז לעצטען שבת צוויי מאל איבערגעריסען געווארען, צוליעב די היציגע דעבאטען, וואס זענען אויף איהר פארגעקומען וועגען די אומרוהען אין לאנד, ווי אויך וועגען דער מיליטערישער לאגע אין אוולאנא. קריעגס מיניסטער באנאמי האט ארויסגערופען א גרויסען פראטעסט ביי די סאציאליסטישע דעפוטאטען ווען ער האט ערקלעהרט, דאס א דאנק די ענערגישע שריט פון דעם מיליטער איז דער אנארכיסטישער אויפשטאנד אין אנקאנא געקומען צו אן ענדע. די סאציאליסטען האבען געפאדערט, דאס מען זאל ערקלעהרען, וואוהין עס זענען געשיקט געווארען די טרופען פון אנקאנא. דער קריעגס מיניסטער האט זיך ענטזאגט צו ענטפערען אויף דיזער פראגע און אין זאל איז געווארען א גרויסער טומעל, דאס די זיצונג אין איבערגעריסען געווארען.

ווען די זיצונג איז צוריק געעפענט געווארען, האט מען אויפגעפאדערט דעם פרעמיער, ער זאל ערקלעהרען די לאגע אין אוולאנא. דזשיאליטי האט געענטפערט, אז די איטאליענישע טרופען זענען דארט פריהער אטאקירט געווארען פון דעם שונא און זיי זענען געצוואונגען געווארען צו פארטיידיגען זיך.

דיזער ענטפער האט ארויסגערופען א צווייטען טומעל און די זיצונג איז ווידער איבערגעריסען געווארען.

## באלשעוויסטישע שיף מיט צוריקגעקערטע קריגס־געפאנגענע געזונקען

לאנדאן, יוני 28. — צוויי טויזענד ענגלישע, אויסטראלישע און דייטש־פינישע קריעגס־געפאנגענע זענען דערטרונקען געווארען, ווען זיי זענען געפאהרען אויף א באלשעוויסטישער שיף, וואס איז געזונקען געווארען דעם 6טען יוני אויף דעם ניעווא טייך. דיעזע ידיעה ווערט געמאלדען פון העלסינגפארס צו חער סענטראל ניוס.

א הייטער דעפעשע פון סטאקהאלם באשטעטיגט די ידיעה פון דער געזונקענער באלשעוויסטישער שיף מיט 2 טויזענד צוריקגעקעהרטע קריעגס־געפאנגענע, אבער זי דערמאנט ניט וועגען די מענשליכע פארלוסטען.

## באלשעוויקעס ברענגען אראפ גרויסע צאהל טרופען אויף פוילישען פראנט

ווארשא, יוני 28. — א טעלעגראמע פון דעם פוילישען קריעגס־מיניסטעריום גיט איבער, דאס א העפטיגער שלאכט געהט אן אויף דער גאנצער לענג פון פראנט.

די באלשעוויקעס, אראפברענגענדיג א גרויסע צאהל טרופען און קאוואלעריע, פאזוכען צו געבען אן ענטשיידענדע שלאכט, ניט קוקענדיג אויף די פארלוסטען. דער גרויסער שלאכט, וועלכער איז אנגעהאנגען פאר איניגע טעג אין דעם געגענד פון מעסוזאל אזערא, האט זיך געענדיגט מיט א ניעדערלאגע פאר דער סאוויעטען ארמעע.

## רויבער קריגט פופצעהן יאהר

רזשאהן מוראנסקי איז נעכטען פון ריכטער העסטאן פאר׳משפט געווארען אויף 15 יאהר אין מישיגאן סטייט פריזאן.

די קלאגע געגען מאראנסקי׳ן איז געווען, אז ער האט באוואפענטערהייט בארויבט נ. פרעסטאן און צוגענומען פון איהם 2 דאלאר און א זייגער מיט א קייטעל.

## טעאדאר הערצל׳ס לעבען

אום יוצא צו זיין פאר אלעמען, סיי פאר די וואס האבען ליעב צו לייענען א. אינטערעסאנטע און שפאנענדע ערצעהלונג, פון וועלכער זיי זאלען זיך נישט קענען אפרייסען; סיי פאר די לעזער, וואס קענען זיך פאראינטערעסיען נאר מיט ערנסטען לעזע שטאף און זוכען אין יעדער געדרוקטער שורה דעם תכלית און די נוץ; סיי פאר אזעלכע לעזער, וואס זוכען באלעהרענדע ערצעהלונגען וואס זאלען אין דער זעלבער צייט זיין שפאנענד — אום יוצא צו לכל הדעות, וועלען מיר פון נעקסטען זונטאג אן אנהויבען צו דרוקען אדאלף פריעדמאנ׳ס בארימטעס ווערק „טעאדאר הערצל׳ס לעבען". איבערזעצט פון דעם בארימטען שריפטשטעלער לעאן זאאמקאף.

דאס איז א ווערק אן ערנסטעס, און דערזעלבער צייט וועט יעדע פארטזעצונג צו קלינגען זיין פאר׳ן לעזער. ווייל דאס ווערק לעזט זיך ווי א שפאנענדער ראמאן.

פארפעהלט נישט נעקסטען זונטאג אין „וועג" אנצוהויבען לייענען דר. הערצל׳ס לעבען.

## גענעראל באלס פאהרט היינט אפ פון פאלעסטינא

דער ניו יארקער „מארגען זשורנאל" ברענגט פאלגענדען קייבעל פון זיין לאנדאנער קארעספאנדענט:

לאנדאן. — גענעראל באלס, דער הויפט פון דער מיליטערישער אדמיניסטראציע פון ארץ ישראל, וועט דעם 29טען פון דיעזען מאנאט צוריק פאהרען נאך ענגלאנד, וואס מיינט ווארשיינליך, אז מיט זיין צוריק פאהרען פון ארץ ישראל ענדיגט זיך די מיליטערישע פארוואלטונג פון ארץ ישראל. גענעראל באלס האט אליין באקאנט געמאכט זיין צוריקקעהרען נאך ענגלאנד. ער האט געגעבען א „ווי געזונד רעסעפשאן" אויפ׳ן הר הזיתים, צו וועלכען ער האט איינגעלאדען די פארשטעהער פון די אידען, קריסטען און מחמד׳אנער פון ירושלים. ביי דיעזען „רעסעפשאן" האט ער געלאזט וויסען, אז ער פארלאזט איין ניבען ארץ ישראל.

## ענגלישע ארבייטער פארטיי פאר פרייער אידישע אימיגראציע אין ארץ ישראל

די קאנפערענץ פון דער ענגלישער ארבייטער פארטיי, וואס ווערט איצט געהאלטען אין סקארבארא, ענגלאנד, האט איינשטימיג אנגענומען די רעזאלוציע פון די פועלי ציון בנוגע די איינוואנדערונג אין ארץ ישראל.

די רעזאלוציע פאדערט, אז די טויערן פון ארץ ישראל זאלען זאפארט געעפענט ווערען פאר א ברייטער אידישער איינוואנדערונג פון מזרח־אייראפא.

## געשלעג אויף א היגען פוילישען מאסמיטינג

אויף א מאס־מיטינג פון היגע פאליאקען לעצטען זונטאג אין פעריען פארק, וואו עס איז געמאכט געווארען אן אפיעל פאר געלד שטיצע צו פוילען אין איהר מלחמה געגען סאוועט־רוסלאנד, זיינען דריי פאליאקען אזוי צו׳הרג׳עט געווארען, אז מען האט זיי געדארפט שנעל אפפיהרען אין רעסיוווינג האספיטאל.

ארויסגעקומען איז דאס געשלעג דערפון, וואס די דריי יונגע לייט, האבען ווי אנוועזענד־ע פאליסליים דערצעהלען, געפרואווט צו שטערען דעם מיטינג, ווען די רעדנער האבען אטאקירט סאוועט רוסלאנד.

## אראבער ארויסגעשיקט פון ירושלים פאר פארשפרייטען פראקלאמאציעס געגען אידען

די „לאנדאן טיימס" מעלדעט, אז 6 אראבער זענען ארויסגעשיקט געווארען פון ירושלים נאך מאלטא און 40 נאך עכו פאר אויסקלעפען פראקלאמאציעס אין וועלכע עס איז געהעצט געווארען געגען די אידען.

דיזע טהאט האט געמאכט א גוטען איינדרוק אויף די אידען פון ירושלים ווי אויך אויף די אידען פון גאנץ ארץ ישראל.

# CLASSIFIED

### פארלאנגט א גוטע סיילסלידי

פאר שבת נאכמיטאג און אווענט. גוט באצאהלט. זיך מעלדען: פעשאן שאפ, 215 גרעשיאט עווענו.

### הויז-פרוי פארלאנגט

צו פיהרען א כשר'ע קיך, און אויפפאסען. שעהנע בעל־הבתי'שע, פיינע באהאנדלונג און גוטע וווידזשעס גאראנטירט. קליינע פאמיליע. פרעגען צווישען 10 און 12 אוהר טעגליך, אין 148 פארנסווארטה.

### צו פארדינגען

א סטאר אויף 249 טעאדאר סטריט. פרעגען מר. ב. קראקאווסקי, 251 טעאדאר סטריט.

### אריה ליב רוטמאן

ש"ץ דקאנ. בית יעקב
682 בראש סטריט
טעלעפאן מעלראוו 863—דזשיי

### באקאנטמאכונג
### די סילווער לעדער קא.

678 דזשאז. קעמפא, קויפט פארשידענע וארטען לעדער און אימיטיישאן לעדער, אויך אלטע לעדער און ראבער בעלטינג. ספעציעל זענען מיר פאראינטערעסירט אין נייע סעלאלאיד סקרעפ; מיר צאהלען 65 סענט א פונט. פארגעסט ניט אונזער טעלעפאן נומער: מעלראוז 4610.

### מר. ביזנעסמאן!

ווארום טוט איהר ניט ווי אלע פארשטענדיגע ביזנעס לייטע טהאן? אויב איהר־מוזט צוליעב וועלכע עס איז אורזאכע פארקויפען אייערע ביזנעס, ווארט נישט פיעל —

### מאכט אן אקשען

און איהר, וועט קריגען די געלד אין קעש דעם זעלבען טאג. רופט אפ דעם באקאנטען אקשעניער —

### בען פרידמאן

ער וועט זיכער אייך צופריעדענשטעלען. רעזידענץ 220 בענטאן סטרים. טעלעפאן קעדילאק 2580.

### דזשאז. ר. לימאן

דזש. אנד
אימארטימאר דזשיי ליסס
לאיערס

מאכען בעקאנט צום ווערטהען פובליקום, דאס זיי האבען געמופט זייערע אפיסעס פון 928־9 טשיימבער אוו קאמערס בילדינג

צו
204 הארשעס בילדינג
קארנער סטייט און גריסוואלד
טעלעפאן טשערי 3978

### קעש רעדזשיסטערס
### נעשאנאלס, אלערליי סטיילס.
— געקויפט און פארקויפט —

**DETROIT USEDCASH REGISTER CO.**
66 Broadway — Cadilac 5112

### מאושען-פיקטשור אפערייטארס

לערענט זיך פאר לייכטע און ריינע ארבייט, קורצע שטונדען, גוטע וויידזשעס קוואליפיקיישאן גאראנטירט.

**Movie Operator's School**
**33 Sproat St**

מאנטאג, מיטוואך און פרייטאג 7:30 אבענד.

### דער בעסטער מוהל און שטאט און מסדר קידושין
### חזן דוד גאלדען



אין 248 איסט האי סטריט
טעלעפאן, מעין 4420

### רעוו. ל. ד. רייכלין
### פון אהבת אחים שוהל
(אוקלאנד)

נעהמט אן סדור קדושין און אנדערע שמחות מיט די בעסטע צופרידענהייט.
511 קעמעראן קווענו
טעל. העמלאק 1130 ראבעליו

# פערלאנגט און געזוכט

צוויי אדער דריי ליינס אין „וועג" ברענגט אייך די בעסטע רעזולטאטען.

### צום פארקויפען

אא פרוכט סטאר אויף אוקלאנד עוו. לאנגער ליעס מיט רומס אפסטעירס. פריווילעדזש' פאר פיש, מוז פארקויפט ווערען, ווייל די פארטנערס שטימען נישט. פרעגען אין אפיס פון „וועג" באקס 73. (30

### צוויי הייזער

אין גוטען הייסטינגס סטריט ביזנעס האקיישאן צום פארקויפען. יעדע האט א סטאר און 2 ליווינג רומס. נאכפרעגען דער „וועג" באקס 40. (4

### א גוטער בארגעין

א פוירנישט רום הויז מיט 8 רומס מיט אלע אימפרואוומענטס. רענט 40 דאלאר א מאנאט. ווער וועט דאס אפקויפען וועט האבען א גוטען בארגעין, ווייל מיר גיבען דאס אוועק זעהר ביליג. פרעגען: 882 ענטוויין סטריט, מרס. ווייסמאן. (2

# Real Estate

### צו פארקויפען

א גוטע עטאבלירטע גראסערי אין א גוטען נעגענד. 5 רומס, ביליגע רענט, מיט א ליעס פאר צוויי יאהר. גאראנטירט צו מאכען א פיינעם לעבען. אורזאכע: עלטערע מענשען, איז ניט אימשטאנדע צו אטענדען. פרעגען אין „וועג" באקס 100. (29

### צום דעטראיטער פובליקום!

יעשער איינער דארף וויסען: אז אויגען זיינען די אידעלסטע ארגאנען אין דעם מענטשליכען קערפער. ווען איהר ליידעט פון אירגענד וועלכע קאפ־שמערצען אדער נערוועזיטעט, דאן געהט צו אן ערנסטען, ווערליכען אפטאמעטריסט, ער וועט אייך ארזיכטיג און וויסענשאפטליך צופאסען נויטיגע ברילען.



ריכטיג צוגעפאסטע ברילען וועט אייך ערלייזען פון אלע אייערע טראבעלס. נעדענקט צו אייער גוט באקאנטען

**Frosh O. D.**
אפטאמעטריסט

אין 204 קלינג"ס בילדינג וועלכע געפינט זיך אין 308 הייסטינגס סט. קעגענאיבער הירליך"ס דזשולערי סטאר.

### אייער זומער וואקיישאן
### וועט אייך בעסער באקומען

ווען איהר וועט טראגען די ריכטיגע אויגען גלעזער



אין אלגעמיין דארפט איהר אלע מאל עקזאמענירען אייערע אויגען ביי דעם

**LOU GOLDBERG**
**245 Griswold St.**

דעטראיטער אויגען ספעציאליסט רעדזשיסטירט אפטאמעטריסט און מאנופעקטשורינג אפטישען
אויגען עקזאמענירט ביי אפוינטמענט

אויך זונטאג

מיר שיקען צו אייך אהיים נאך די גלעזער און ריפיירען רעליוזוערי פריי.

# J. Lanskey Tailor

### אויב איהר ווילט קריגען

גוטע פראנטווארטליכע ארבייט דאן קומט צו 105 טיאדאר סטריט. מיר קלינען, פרעסען און רעמאדלען לייריעס און דזשענטס גארמענטס.

### מרס. ל. א. באזעל

דרעסמייקער

אלטערינג און ריפיירינג סוטס, דרעסעס און גאונס. מעסיגע פרייזען אויפריכטיגע באהאנדלונג. טשערי 8207.

### קלעין און לומנער

דזשיינינג פאלאס
25 בראדוויי — טשערי 599
ספעציעל היימישע קאכען.
קייטערער פאר חתונות. און פארטיעס.

### ס. ט. גאדאהד, מ. ד.

פיזישאן און סערדזשאן. בלויז אפים פראקטיס. נאך דער לעצטער טעכנייסענער מעטאדע. 106 בראדוויי.
אפיס שטונדען: 10 פריה ביז 8 אווענט

# אונזער אידישע ביזנעס דירעקטארי

ביזנעס איז גוט אויף הייסטינגס סטריט

בוסט הייסטינגס סטריט. ס'איז א סגולה צו פרנסה

### מאדערן דעליקאטעסען סטאר

473 הייסטינגס סטריט
טעלעפאן טשערי 6169 וו.
ה. האלפקין, פראפ.

### איך וועל אייך אנשרייבען אייערע ארווערטייזינג

וועט עס אייך ברענגען רעזולטאטען
י. ל. מאלאמוט — מעין 3715

### קויפט די בעסטע שרייב טינט

אין דער וועלט
פון בושעים אינק קא.
186 בענטאן סט. — דעטראיט, מיש.

### מאיעווסקי און קאהען'ס

דזשענטס פארנישינגס
באיס קלאדינג און העטס
528 הייסטינגס סטריט
טעלעפאן: טשערי 7867

### ליעבעראוויץ בראס.

פיטען
שיך
פאר דער גאנצער פאמיליע
524 הייסטינגס סטריט

### שיפמאן'ס

דזשענטס פוירנישינגס
605 הייסטינגס סטריט
צווישען בענטאן און עליאט
האט א שם צווישען מבינים

### דזשיקא וועקסלער

שרייבט
דזשענעראל אינשורענס
272 קוירבי. — נארטוועי 2554 דאבליו.

### פילאדעלפיא

דרעס און דריי גודס הויז
671 הייסטינגס סטריט
אמת'ע בארגעינס צו יעדער צייט
טעלעפאן: טשערי 6131

### Y. H. P. A.
### רעסטאראנט און לאנטש

האפמאן בראס. און זלאטניק
הייסטינגס קאר. ברייזי
אפען טאג און נאכט

### ט. בייטנער

טינגינג און רופינג
אלערליי רופינג און ריפעירינג
335 מאנטקאלם סטריט
טעלעפאן טשערי 6656

### מ. האכבערג'ס

דזשענטס פארנישינג סטאר
532 הייסטינגס סטריט
וועט אייך האלטען אין סטייל און שפארען געלד

### פיפלס סטאר פיקטשורס קא.

טאר־קייסעס, קאפטעדס, אייזבאקסעס, נייע און אלטע.
צו ביליגע פרייזען.
341 הייסטינגס סטריט

### האלט אייערע האר אין ארדנונג
### מילערס
### היגיענישע בארבער שאפ

579 הייסטינגס סטריט
וועט אייך צופריעדענשטעלען

### טשארלס לאזאווסקיס
### בארבער שאפ

519 הייסטינגס סטריט
א פלאץ פאר אלע קלאסען אידען

### בולעווארד רעסטאראנט

1223 הייסטינגס און העגרי, אונטער א נייעם מענעדזשמענט מיט די בעסטע שפייזען און מעסיגע פרייזען. קומט און איבערצייגט זיך. פראפ. האבערמאן און קירש.

### הרב ר' יוסף תאומים

רפאה
202 דיוויזיאן סטריט
טעלעפאן טשערי 6199 דזשבליו

### פיש מארקעט

דער בעסטער פלאץ צו קריגען די פרישסטע און געשמאקסטע פיש איז ביי
לייבעל דעם רומענישען
268 וויינדער סט. טעל. טשערי 5731

### די רייט העגד לאונדרי

וועלכע האט א שם פאר גוטע ארבייט און ערענטליכע באהאנדלונג, געפינט זיך אויף 1221 הייסטינגס סטריט, בימווין העגדריע און פאלמער. מיר פארריכטען און צירעווען אומזיסט. רופט אונז אפ: נארטוועי 2687 אר.

### אידען פון די ארומיגע שטעדט

קויפען פון די
וועסטערן טאקינג מאשין קא.
49 הייסטינגס, ניער אלפרעד. אידישע אויך רעקארדס אין אלע שפראכען

### ראזען'ס בעקערי

ברויט און פענסי קייקס
408 הייסטינגס סטריט
צו מיר קומט מען פון אלע טיילען שטאט

### דזש. ראטנער'ס

דזשענטס פארנישינג און קעפס
584 הייסטינגס סטריט
מיר שטעלען אייך צופריעדען מיט סטייל און פרייזען

### קויפט הערינג ביי דער
### מישיגאן הערינג סופליי קא.

ר. מילער, 435 הייסטינגס סטריט
פרובירט די נייע שמאלץ און מאטשעס הערינג

### באהעמיען רהיי בעקערי

נייטען קארן, פראפרייעטאר
515 הייסטינגס סטריט
א פולע ליין קייק, חלה און ברויט

### קאהן בראס. און מייערסאן

דער רעסטאראנט וואו מען עסט זיננענדיג א גאנצע וואך. דער עיקר שבת און זונטאג (שנארער למשל). 630 הייסטינגס

### ווארע ביליג פאר סטאר-קי-פערס און פעדלערס

ספעציעלע פרייזען פאר ריטיילערס
מאקס ראזינסקי
353-355 הייסטינגס, קאר. קאלומביא

### סיינס

ארטיסטיש און ניט טייער
ה. ראטהבערג
302 הענקאק

### טייכער'ס הארדוועיר

768 הייסטינגס סטריט
אפולע ליין בילדערס סופלאיס אלומינום, פיינטס א. ז. וו.
ארדערס דעליווערט איבעראל

### מאדערנע מענשען

קויפען זייערע שיך אין
מאדערן שוה סטאר
603 הייסטינגס סטריט

### דזשאז. ל. רובי

אטאירני
האט יעצט זיין אפיס אין
710 טשעמבער אוו קאמערץ
טעלעפאן מעין 7339

### ס. שענקער

מענער און פרויען שניידער, קלינינג פרעסינג, רעפעירינג. ארבייט גאראנטירט
910 אוקלאנד עוו.
צווישען בעלמאנט און טראובידוש.

### פינסקער כשר רעסטאראנט

549 הייסטינגס סטריט
פלאץ פאר 100 מענשען.
די פיינסטע מיעלס.
סאניטאריש און ביליג.

### קויפט ביי די אוקלאנד הארדוועהר און ספעיסט 10%. א פולע ליין פון הארדוועיר, פיינט און גלאזווארג.

### די אוקלאנד הארדוועיר

724 אוקלאנד. טעל. העמלאק 1358

### אפהאלסטערינג

מאכט אייער אלטע פוירניטשור שפאגעל נייי
א. וועסט
865 הסטינגס סטריט

### ליבערטי העט קלינינג

אויך שוה ריפעירינג
לייריעס און דזשענטעלמען
566 הייסטינגס סטריט
669 הייסטינגס סטריט.

### ספעשעל פרייזען אויף סוטס און דרעסעס געמאכט צו ארדער פאר די זומער מאנאטען

### נאנעטא שאפ

96 בראדוויי — טעל. טשערי 2367

### ווען עס האנדעלט זיך וועגען
### טראקינג און מואווינג

דאן רופט אפ
איזי'ס אוטא טראק
288 עליאט סט. — טעל. טשערי 6099

### פאר גוטע ארטיסטישע בילדער איז רעקאמענדירט

א. קעלערמאן, פאטאגראף
490 הייסטינגס סטריט

### ווילט איהר עסען פרישע שפייז

קויפט
דזשיי לאבאר'ס
פוטער און אייער
378½ הייסטינגס סטריט

### יוטאפיא האל (אפסטערז)
### יוטאפיא
### אייז קרים פארלאר

338 הייסטינגס סטריט
א. פאול, פראפ.

### מאקס ראזענבערג'ס פאר שאפ

האלסייל און ריטייל, ריפיירינג און רימאדלינג צו מעסיגע פרייזען
484 הייסטינגס סטריט
טשערי 7701

### גאלדבערגס כשר רעסטאראנט

391 הייסטינגס סטריט
פרישע שפייזען פאר געוועהנליכע פרייזען. קומט און איבערצייגט אייך

### ה. פלאטקין'ס בוך סטאר

(געוועזענער אוצעניקס)
אידישע ביכער, ספרים, טליתים פאר די מעסיגסטע פרייזען
455 הייסטינגס סטריט, קאר. ארעלייד.

### קרעמער'ס הארדוועיר

278 קענפילד
מעלראוו 1732 „עם"
ראיעלע באהאנדלונג. מעסיגע פרייזען

### McCAREY'S
### טייר ריפייר שאפ

667½ הייסטינגס סטריט
ווארפט ניט אוועק קיין אלטע טיירס

### פיינסטע סטייל דרעסעס

מילער בראס.
קלאוקס, סקוירטס, ווייסטס
רעדי טו וועהר
264 הייסטינגס סט. — מעלראוו 6108

### ווילט איהר סייפען געלד? — דאן קומט צו קליין און גאלדמאן, פאריערס

א גרויסען סטאק פון קוני ביז סייבעל. מיר מאכען אויך ריפיירינג און רימאדלינג. 398 גרעשיאט. טעל. מעין 3613

### הייזער און פלעטס צו פארדינגען

קומט פערזענליך. מיר האבען וואס איהר ווילט, אדער מיר וועלען עס געפינען.
**McQUAIDE REALTY CO.**
536 גרענד ריווער — גלענדייל 4572

### ווארדען ריעלטי קא.

588 הייסטינגס סטריט
וועט פארקויפען אייער ריעל עסטייט צו יעדער צייט

### לייאן שיך

שטעלען אלעמען צופריעדען
**Lion Shoe Co.**
594 הייסטינגס סטריט

### דזשאזעף ל. רובי

לאיער
האט זיין ברענטש אפיס פאר די אווענדען אין 588 הייסטינגס סטריט.
טעלעפאן מעין 7339

### גארדאנ'ס בוכהאנדלונג

541 הייסטינגס סטריט
ביכער און זשורנאלען אין אלע שפראכען

### חזן א. ל. רוטמאן

חזן בבית הכנסת „בית יעקב"
682 בראש סטריט
מעלראוו 863—דזשיי

### סטרענד דעליקאטעסען

און לאנטש רום כשר
44 בראדוויי — דעטראיט
דזשעק גראפפער, אייגענטימער.
טעל. טשערי 5176

### איגעל טעקסי-קעב קא.

קארס צו אלע צייטען
ביטאג און ביינאכט
טעל. מעין—7778
" מעין—7779

### די מעדבערי שוה קא.

הייסטינגס און העגדריע
וועט אייך זיכער צופריעדענשטעלען סיי מיט קוואליטי, סיי מיט'ן פרייז
קומט און איבערצייגט אייך
טעלעפאן נארטה 2973

# Mt. Clemens

### דאס שטארקסטע מינעראל וואסער אין דער וועלט איז די

### דער בעסטער האטעל איז דער



# פאונטעין בעטה הויז

אונטער א אידישער מענעדזשמענט. קומט און ווערט קורירט פון רומאטיזם, נערוועז-קראנקהייטען א. ז. וו. אונזער פאונטען בעטה הויז איז די ערשטע און אריגינעלסטע ווי אויך די איינציגע אידישע.
בעסטע באהאנדלונג גאראנטירט.
שרייבט צו די

**FOUNTAIN BATH HOUSE**
**Cor. Gratiot & Clinton,**
**Mt. Clemens, Mich,**

# פאונטעין האטעל

כשר

100 שעהנסטע רומס, פרעכטע דיינינג רום. נעבען דער פאונטעין בעטה הויז. פרייז $25 רום און בארד. די קאר פון דעטראיט ברענגט אייך צו אונזער טיר, ווען איהר זאגט צום קאנדוקטאר אז איהר ווילט סטאפען נעבען „פאונטעין". שיקט א פאסטעל קארד, ווען איהר ווילט וויסען איינצעלהייטען צו

**סעם מארינאוו, פראפ.**

### קליוולאנד כשר האטעל און רעסטוראנט

מרס. סערע זעמלאקאווסקי און לינא בעקערמאן
97 קלינטאן סטריט
מאונט קלעמענס

בעסטע סוירוויס, ביליגע פרייזען. נעבען בעסטען בארדינג פלאץ. אפען א גאנץ יאהר. שרייבט א פאסטעל קארד.

### אטלאנטיק כשר הויז
### מאונט קלעמענס

פאר $25 א וואך גיבען מיר אייך א פיינע רום מיט עסען. די פאונטען באד איז נעבען הויז. שרייבט א פאסטעל קארד צו דער אטלאנטיק.



ס'גיט נעדרונגען אז איהר מוזט האבען טויזענדער צו זיין אין מט. קלעמענס

# ניו ווילא האטעל

וועט אייך רעכענען $25 א וואך און איהר וועט הנאה האבען. אלע רומס קאנעקטעד מיט א פעסערדזש צו די פלאזא בעדער. שרייבט נאך איינצעלהייטען צום פראפרייעטאר ה. קראוו.

# זייט געזונט



און פארברענגט אייער זומער וואקיישאן אין מאונט קלעמענס, און אז שוין אין מאונט קלעמענס וועט איהר סטאפען אין

# Elkins Hotel

100 רומס. דיינינג רום פאר 300 לייט. א רפואה פאר קראנקע, א פארגעניגען פאר געזונטע.

# אייער פארלארענע געזונט



קריגט איהר צוריק, ווען איהר זענט אין מאונט קלעמענס און סטאפט אין

# גלענוואוד האטעל

קאנעקטעד מיט די בארימטע אלימפיא בעדער. שעהן, ליכטיג, לופטיג. פרישע שפייזען, מעסיגע פרייזען. א ספעשעל לאנטש און דעליקאטעסען סטאר, קאנעקטעד מיט די גלענוואוד. שרייבט נאך אויסקינפטע צו א. מאראוסקי.

### פיטסבורג כשר האטעל

אין מאונט קלעמענס
נעקסט דאר צו פלאזא בעטה הויז.
מיר באהאנדלען אייך ראיעל און רעכענען ניט טייער. וואטשט פאר אונזער פארטרעטער ביים סטיישאן.



# אלבאני האטעל

אין מט. קלעמענס, האט א נאמען פאר די לעצטע 20 יאהר אונטער דעם זעלבען מענעדזשמענט.
מיר בעטען אונזערע קאסטימער און פריינד צו קומען באצייטענס איידער דער סעזאן איז אין פולען גאנג, כדי מיר זאלען זיי קענען געבען בעסערע באהאנדלונג. שרייבט צו

**ב. מאסקאוויץ**

א נייעס אין מאנט קלעמענס

### צוויי כשר'ע דעליקאטעסען סטארס
אין מאנט קלעמענס

**B. & M. DELICATTESSEN**
**58 N. Gratiot**
**and 46 Cass Avenue**

אלערליי לאנטשעס און עטראנקען. באזוכט אונז ווען איהר זייט אין מאנט קלעמענס

# ריווערסייד האטעל

(געוועזענער פארק ענעקס)
מט. קלעמענס, אינגאנצען רעמאדעלירט, עפענט זיך 1טען מאי, 150 רומס, דיינינג רום פאר 300. דאס אידעלסטע פלאץ פאר געזונטע ווי פאר קראנקע. שרייבט נאך איינצעלהייטען.

**Riverside Hotel**
**Mt. Clemens, Mich.**

### באקאנטמאכונג
### רעוו. א. קאצער

וואס איז רעקאמענדירט פאר'ן בעסטען מוהל
זייט די לעצטע 20 יאהר
האט געמופט פון 263 פארנסווארט
אין
140 מידבורי, קאר. בראש
טעלעפאן: מארקעט 827

# ROBINSON-COHEN CO OUT OF THE READY-TO-WEAR BUSINESS!!

זענען נאך געווען אמאל אזעלכע בארגעינס? עס איז זיכער א זעלטענע געלעגענהייט וואס פאסירט איינמאל אין א סך יאהרען.
די הויכע רעפוטאציע וואס דער סטאר האט אימער געטראגען מאכט דעם סייל נאך מערקווירדיגער, וויס דער סטאק באטרעפט הונדערטער-טויזענדער דאלארס.
אלזא אלעס אין סטאר מוז פארניכטעט ווערן, מוז פארקויפט ווערן, ניט קוקענדיג אויף די פרייזען.



## $25 ספארט קאוטס

דער גאנצער סטאק וועט אויספארקויפט ווערען צו די דאזיגע פרייזען.

25.00 דאלאר סוירזש און וועליור קאוטס

זעלטען האט איהר געהאט אזא געלעגענהייט צו קויפען אזעלכע וועליור קאוטס רעגולאר $25 פאר בלויז $12.95

**$12.65**

## סוטס



דער קלאוזינג אוט סייל

35.00 דאלאר סוטס

**$19.75**

קיינמאל אין דער געשיכטע פון דיזען סטאר האבען מיר ניט געהאט אזא געלעגענהייט. אבער דאס איז דערפאר ווייל מיר גיהען ארויס פון די ביזנעס.

$50 און $60 סוטס

**$29.75**

א גאנצער לאט עמבראידערד לידיעס סוטס. מוזען גיהן!



## מיר פארקויפען אויס דעם גאנצען פון דרעסעס

7.50 דאלאר וואש דרעסעס

**$3.95**



## סילק פאפלין סקוירטס **$2.59**

גרויסע בארגעינס אין מענס פארנישינגס!



25 סענט קענוועס גלאווס **10c**

גוטע געמאכטע רעגולאר 25 סענט גלאווס בלויז 10 סענט. נאר דריי פאר פאר א קאסטימער.

25 סענט קאטענע זאקען **10c**

בלויז דריי פאר פאר א קאסטימער. רעגולאר 25 סענט שווארצע און ווייסע. בלויז 10 סענט.

2.00 דאלאר ביג יענק שוירטס **98c**

יעדער איינער וויס די ביג יענק שוירטס.

2.50 דאלאר סאטינענע שוירטס **$1.19**

5.00 דאלאר מאדראס שוירטס **$2.45**

דער מאן וואס וויס וואס עס איז א גוטע העמד וועט ניט פארפעהלען צו קומען.

1.00 דאלאר סילק האוז **29c**

מען זאגט „סעקאנדס" נאר עס ניט אמת. זיי זענען אזוי גוט ווי ניי.

19 סענט הענדקערטשיפס **7c**

איהר האט נאך קיינמאל ניט געהאט אזא געלעגענהייט צו קויפען אזעלכע הענדקערטשיעפס צו 7½ סענט.



אלל פאר קאוטס

½ ארונטער

אונזער גאנצער פאר סטאק ווי נוריאל, מארמאט, מוסקראט, נוטריא, סיווער און האדסאן סיעל גארמענטס ווארטען פאר אייער אויסקלויבען פאר האלבען פרייז.

## Robinson=Cohen Co.

### Corner High and Hastings Streets



אלל-פאר סקארפס

½ ארונטער

אונזער גאנצער סטאק פאר סקארפס טשאקער און מינק, אבסאלוט קיינע רעזערוויישאנס פאר דיזער גרויסען קלאוזינג אוט סייל.

## סייל פאנגט אן מיטוואך, דזשון 30, 9 אוהר פריה

# Our Furniture Department Survives!

# ROBINSON-COHEN CO OUT OF THE READY-TO-WEAR BUSINESS!!

זענען נאך געווען אמאל אזעלכע בארגעינס? עס איז זיכער א זעלטענע געלעגענהייט וואס פאסירט איינמאל אין א סך יאהרען.
די הויכע רעפוטאציע וואס דער סטאר האט אימער געטראגען מאכט דעם סייל נאך מערקווירדיגער, ווייל דער סטאק באטרעפט הונדערטער טויזענדער יאלארס.
אלזא אלעס אין סטאר חוץ פארניטשור, מוז פארקויפט ווערען, ניט קוקענדיג אויף די פרייזען.



## $25 ספארט קאוטס

דער גאנצער סטאק וועט אויספארקויפט ווערען צו די דאזיגע פרייזען.

25.00 דאלאר סירזש און וועליור קאוטס

זעלטען האט איהר געהאט אזא גע־לעגענהייט צו קויפען אזעלכע וועליור קאוטס רעגולאר $25 פאר בלויז $12.95.

**$12.65**

## סוטס



דער קלאוזינג אוט סייל

35.00 דאלאר סוטס

**$19.75**

קיינמאל אין דער געשיכטע פון די־זען סטאר האבען מיר ניט געהאט אזא געלעגענהייט. אבער דאס איז דערפאר ווייל מיר געהן ארויס פון די ביזנעס.

$50 און $60 סוטס

**$29.75**

א גאנצער לאט עמבראידערד לײדיעס סוטס. מוזען געהן!



## מיר פארקויפען אויס דעם גאנצען פון דרעססעס

7.50 דאלאר וואש דרעססעס

**$3.95**



## סילק פאפלין סקוירטס

**$2.59**

גרויסע בארגעינס אין מענס פארנישינגס!



25 סענט קענוועס גלאווס — **10c**

גוטע געמאכטע רעגולאר 25 סענט גלאווס בלויז 10 סענט. נאר דריי פאר פאר א קאסטימער.

25 סענט קאטענע זאקען — **10c**

בלויז דריי פאר פאר א קאסטימער. רעגולאר 25 סענט שווארצע און ווייסע. בלויז 10 סענט.

2.00 דאלאר ביג יענק שוירטס — **98c**

יעדער איינער ווייס די ביג יענק שוירטס.

2.50 דאלאר סאטינענע שוירטס — **$1.19**

5.00 דאלאר מאדראס שוירטס — **$2.45**

דער מאן וואס ווייס וואס עס איז א גוטע העמד וועט ניט פארפעהלען צו קומען.

1.00 דאלאר סילק האוז — **29c**

מען זאגט „סעקאנדס" נאר עס ניט אמת. זיי זענען אזוי גוט ווי „נײ".

19 סענט הענדקערטשיפס — **7c**

איהר האט נאך קיינמאל ניט געהאט אזא געלעגענהייט צו קויפען אזעלכע הענדקערטשיפס צו 7½ סענט.



אלל פאר קאוטס

½ ארונטער

אונזער גאנצער פאר סטאק ווי נוטרי־אל, מארמאט, מוסקראט, נוטריא, סי־וועל און הארסאן סיעל גארמענטס וואר־טען פאר אייער אויסקלויבען פאר האל־בען פרייז.

# Robinson=Cohen Co.

Corner High and Hastings Streets



אלל־פאר סקארפס

½ ארונטער

אונזער גאנצער סטאק פאר סקארפס משאקער און מינק, אבסאלוט קיינע רע־זערוויישאנס פאר דיזען גרויסען קלאו־זינג אוט סייל.

## סייל פאנגט אן מיטוואך, דזשון 30, 9 אוהר פריה

# Our Furniture Department Survives!

# ראבינסאן קאהען

## געהט ארויס פון די רעדי טו וועהר ביזנעס

זיי געהן אויספארקויפען אלע מענער און פרויען קלאהדינג, פארנישינגס און זא ווייטער אין די נעקסטע דרייס׳ג טעג. עס איז קיינמאל ניט געווען קיין בעסערע געלעגענהייט צו סייווען געלד ווי יעצט. עס איז ניט קיין פראגע צו קריגען וויפיעל מען קען פאר דער סחורה. עס איז א פראגע צו קריגען קונים וואס זאלען גלייך אוועקנעהמען די סחורה.

דיעזער אנאנסמענט איז וועגען דעם גרעסטען סייל וואס רעטראיט האט ווען געהאט אין די לעצטע צעהן יאהר. ראבינסאן און קאהען געהען ארויס פון די רעדי טו וועהר ביזנעס. נאך אזוי פיעל יאהרען פון פראפיטירענדע טעטיגקייט האבען זיי באשלאסען זיך צוריקצוציהען פון אלע ליינס חוץ פארנישער.

## דער גרעסטער סייל פון קלאדינג וואס איז געהאלטען געווארען אין פיעלע יאהרען

אין א סך סטארס האט מען איצט רעדוצירט די פרייזען פון מענער-קליידער. אלע יאהר אין דער צייט פארסירט דאס.

אבער —

די איצטיגע סענסיישאן וועגען ראבינסאן און קאהען׳ס סייל איז אן ערשיינונג וואס פאסירט איין מאל אין לעבען.

**דיעזער סטאר געהט ארויס פון די רעדי טו וועהר ביזנעס.**

עס איז אן אבסאלוטער קלירינג פון אלע מענער קליידער, צוזאמען מיט אלע רעדי טו וועהר ליינס. עס איז ניט קיין פראגע פון פרייזען. די סוטס און קאוטס מוזען פארקויפט ווערען. מיר קענען זיי ניט האלטען.

דאס איז די אורזאכע וואס מאכט דאס אלס דעם גרעסטען סייל זייט יאהרען וואס רעטראיט האט ווען געזעהן.

| | |
|---|---|
| 25 דאלאר סוטס **$10.95** | סוטס **$29.75** |
| 30 דאלאר סוטס **$19.75** | 55 דאלאר סוטס **$35.75** |
| 35 דאלאר 40 דאלאר סוטס **$24.75** | 35 דאלאר מאלסקין קאוטס **$19.75** |

און איהר האט דא אלע האי-גרייד סטיילס, פעשאנס און פאבריקס.

רב איד! עס איז אייער טשענס צו סייווען געלד!

### מענער $35.00 ספרינג טאפ קאוטס זענען יעצט

**$21.45**

קויפט איצט אייערע נעקסטע ווינטער קאוט!

$25 און $30 אווערקאוטס

**$14.95**

$35 און $40 אווערקאוטס

**$24.75**

אווערקאוטס ביז $100 געשניטען די פרייזען ביז א העלפט! א סייל אויף 2.50 סוט קייסעס

**$1.45**



## הויזען

בעסער באזארגט אייך מיט עטליכע פאר. אזוי ביליג וועט איהר שוין קיינמאל ניט קריגען!

$300 שווערע קהאקי פענטס **$1.69**

3.00 גוטע ארבייטס פענטס **$1.69**

5.00 סמארטע דרעס פענטס **$2.95**

$7.50 סמארטע דרעס פענטס **$4.45**

$9,50 סמארטע סירזש פענטס **$5.95**

$6.00 קארדעראי פענטס **$3.45**



דער גאנצער סטאק ווייכע העטס. אלע לייטעסט סטיילס. מוז אפגערייניגט ווערען פון די שעלווס.

$3.50 ווייכע פעלט העטס **$1.95**

$5.00 ווייכע פעלט העטס **$3.95**

## באיס $6 וואול סוטס $2.95

פאר די קליינע חברה פון 2½ ביז 7 יאהר. א גרויסע מציאה. מאמעס וועלען עס אויסכאפען. קומט פריה.

8.50 סוטס **5.95**

אל-וואול פאבריקאין א. ווארייעטי פון סמארטע דעזיינס וועלען אויסגעפארקויפט ווערען צו בלויז $5.95. געוועהנליך פארקויפט מען זיי צו $8.50.

$12.50 סוטס **7.95**

מאמעס פון קינדער פון 8 ביז 1, וועלען גאפען דיעזע סטיילישע סוטס פון אלל-וואול. רעגולאר $12.50. קנאוד אוט פרייז $7.95.



איינע פון די גרעסטע פיטשור אפערינגס אין באיס דעפארטמענט. אייער אויסוואהל.

באיס $15 און $18 סוטס **10.95**

באיס $10.00 אווערקאוטס **4.95**

יעצט איז די צייט צו באזארגען אייער באיטשיק מיט אן אווערקאוט. אויב אייער קינד איז אין עלטער פון 3 ביז 10 יאהר קענט איהר קויפען אן אווערקאוט פאר ווינציגער ווי א העלפט!



### $15 אווערקאוטס

**$8.95**

מיר מאכען א היבשען בראך אין די פרייזען פאר באיס אין עלטער פון 8 ביז 16. קנאון אוט פרייזען $8.95.

### מעקינאס $15.

**$7.95**

אוי באייער באי שפיעלט זיך ארער געהט ארום אין דרויסען, ווי עס איז די נאטור פון באיס, דארף ער אזא מעקינאו. רעגולאר $15 וועליו פאר בלויז $7.95.

$1.50 קניע פענטס

פאר׳ן זומער ווען מען דארף ניט קיין קאוט און די היוזען טראגען זיך אויס, בעסער קויפט איהם ניע־פענטס פאר׳ן זומער.

**95c**

39 סענט סטאקינגס

מאמעס, וועמענס קינדער רייסען א סך זאקען — און וועלכע קינדער רייסען ניט — קענען קויפען רעגולאר 39 סענט סטאקינגס פאר בלויז 19 סענט.

**19c**

שבת געשלאסען.

אפען שבת נאכטס 7 א זייגער

זונטאג אפען ביז 6 א זייגער.

אפען אווענטען ביז 9

14 טע סטריט קאר ברענגט צום טיר.

# Robinson - Cohen Co.

Corner High and Hastings Streets

עס פארבלייבט נאר דער פארנישור דעפארטמענט

דער סייל פאנגט זיך אן מיטוואך דעם 30 טען דושון

8 אין דער פריה.

# זוויהיל

פון א רייזע איבער דער אקופירטער אוקראינע.

פון ב. סמאלער

די שטאדט פון אומגליק און נויט אין דער אקופירטער אוקראינע — דאס איז זוויהיל (נאוואגראד וואלינסק).

נאך איצט, פינף חדשים נאכ'ן שרעקליכען פּאגראם, וואס זוויהיל האט איבערגעלעבט, איז נישט געלונגען פעסטצושטעלען די צאהל הרוגים בשעת דעם פּאגראם און אודאי נישט זייערע נעמען. די זוויהילער קהלה פיהרט אן אויספארשונגס־רעגיסטראציע פון די הרוגים דורך זייערע קרובים, אבער עד היום איז נאך גענוי ניט באוואוסט, ווער און וויפיעל זענען אומגעקומען בשעת'ן פּאגראם.

איהר לייענט איבער דעם צעטעל פון די הרוגים, וואס איז דאך שוין טייל־ווייז צונויפגעשטעלט, און א שוידער ליפט אייך דורך איבער'ן לייב. און צעטעל טרעפט איהר גאנץ אפט נעמען און פאמיליעס פון די געפונענע הרוגים, סתּם־טייל טרעפט איהר אבער אזעלכע שורות, ווי: „בבור זה נמצאו 19 הרוגים", „בבור זה נמצאו 12 הרוגים" א. ז. וו. די הרוגים זענען געפונען געווארען צעהנדליגערווייז אין די גריבער, נאכ'ן וואלגערען זיך דארט עטליכע וואכען. זיי זענען צעפוילט געווארען און עס איז דערפאר נישט מעגליך פעסטצושטעלען, ווער זיי זענען. מ'שאצט אפּ אז אין אלגעמיין זענען אין זוויהיל גע־הרג'עט געווארען ביז 800 מענשען. אבער צי איז אט די ציפער דער מאקסימום, קאן קיינער ניט זאגען.

די שטאדט אליין איז חרוב פון די קוילען, וואס מען האט נאכ'ן פּאגראם אין שטאדט אריינגעשאסען. קוקט מען אויף די חורבות פון דער שטאדט פון דער זייט פון „סאזשאלקע", זעהט מען פאר זיך בערג מיט שטיינער און וואו־ניט־וואו איינציגע הוילע ווענד, וואס קוקען פאר'יתום'ט ארויס פון צווישען די חורבות. אויף דער שוהל גאס ווארפען אן א מרה שחורה, אז לאנג געפינען זיך דארט איז אונמעגליך. צווישען א רייהע צעשאסענע הייזער אין שוהל־גאס שטעהט א וואנד פון זוויהילער שול. די שוהל אליין איז צעשאסען, נאר די וואנד איז געבליבען און אויף אט דער וואנד איז נאך געבליבען די אויפשריפט וואס זוויהילער אידען האבען אויף דער שוהל געמאכט, בעת מען האט זי געבוים: „מה נורא המקום הזה" — איז די אויפשריפט, וואס איז געבליבען אויף דער עלענדער שוהל־וואנד. און עס ווייזט זיך אויס, אז אט די ווערטער זענען ספּעציעל געבליבען, כדי צו פארטייטשען דעם שווידער פון אט דעם עמק הבכה. „מה נורא המקום הזה" — „ווי שרעקליך איז דאס דאזיגע ארט" — און ווירקליך, עס כאפּט ארום עפּעס אזא שרעק, קוקענדיג אויף דער טויטער גאס מיט די צעשאסענע ווענד און בערג שטיינער פון די צעשאסענע הייזער.

פון אלע איינוואוינער וואס זוויהיל האט ביז צום פּאגראם געצעהלט, געפינען זיך איצט דארט סך־הכל 775 משפחות, וועלכע ליגען אין די חורבות און פריהרען פון קעלט. די טיפוס עפּידעמיע נעהמט צו טאג־טעגליך אין זוויהיל ניט ווייניגער פון צעהן — צוועלף מענשען און לויט די לעצטע סטאטיסטישע ידיעות פון זוויהילער אמעריקאנער קאמיטעט שטארבען דארט פון טיפוס מאנאטליך שוין 300 פּערזאן. ס'טרעפט גאנץ אפט, ווען אין איין הויז שטארבען אין איין טאג צוויי־דריי מענשען און דאס איז שוין אזוי פּראסט און נאטירליך געווארען אין זוויהיל, אז מ'איז שוין דערמיט געוואוהנט. באזונדער איז גרויס די שטערבליכקייט צווישען די קינדער, וועלכע, אויס'ן באדען פון הונגער און קעלט, ווערען קראנק אויף טיפוס אין א גאנץ גרויסער צאהל.

אט שטעהט א חורבה. דער דאך איז צעשאסען, די ווענד האלב־צעפאלענע. דאך וואוינט דא א פאמיליע, סאבארברויט. די אומגליקליכע מוטער איז געבליבען נאכ'ן פּאגראם מיט 4 קליינע קינדער און וואלגערט זיך דעם גאנצען ווינטער אין דער חורבה. פריהער האט זי געקרענקט און איז פון דער קרענק ארויס; באלד אבער זענען אלע 4 קראנק געווארען און אלע פיער קינדער זענען אין איין טאג געשטארבען. זי ליגט איצט אין דער חורבה און געהט פון דארט ניט ארויס דעם גאנצען טאג.

אט זיצען דריי קינדערלאך, מאגערע ווי שטעקלעך, הויט און ביינער. דער פאטער איז אין אמעריקא, די מוטער — דערהרג'עט בעת'ן פּאגראם. איצט געפינען זיי זיך אין יתומים־הויז און זיי זענען נאך די גליקליכע, וואס זענען כאטש אהין אריינגעפאלען.

בכלל אי אויף יעדען טריט און שריט אין זוויהיל אויסגעגאסען די חתימה פון יאוש און אומגליק. דאס דערצעהלען די פּנים'ער פון די לעבעדיגע מענשען, וועלכע דו באגעגענסט. דאס דערצעהלען אפילו די טויטע, שטילע ווענט פון די חרוב־געווארענע הייזער.

---

אין זוויהיל עקזיסטירט איצט א קינדער־היים און יתומים הויז, געשטיצט דורך דעם „פאראייניגטען קאמיטעט און שול־פארבאנד אין אוקראינע". דאס איז אבער, בלי ספק, פאר זוויהיל זעהר ווייניג, ווייל די אויבענדערמאהנטע אנשטאלטען, אויב זיי פארגרינגערען דעם גורל פון א טייל אידישע קינדער, איז דאס נור פון א טייל. אין זוויהיל וואלט אבער באדארפט אוועקגעשטעלט ווערען אזא ארבייט אויפ'ן געביט פון קינדער־הילף, וואס זאל קאנען פארגרינגערען דעם גורל פון אלע ליידענדע זוויהילער קינדער.

דער זוויהילער קאמיטעט האט דורכגעפיהרט א קינדער־רעגיסטראציע ענדע פעברואר מאנאט. די רעזולטאטען פון דער רעגיסטראציע זיינען, אז ביז אנהויב פעברואר זענען אין זוויהיל פאראן נויטבאדערפטיגע קינדער אין א צאהל פון 2221, פון זיי מינדעריעהריגע, ביז 14 יאהר, פאראן 1288 קינדער. אין אמעריקא האבען קרובים 468 קינדער. יתומים זענען, לויט דער רעגיסטראציע, פאראן 949, פון די 891 האלבע יתומים און 58 יתומים קיילעכדיגע, אהן א פאטער און אהן א מוטער. געלערענט האבען זיך פון זיי „67 קינדער, איצט לערנען זיך נור 93 קינדער. פון די איבעריגע, וואס לערנען זיך, זענען 63 קינדער קראנק. 734 קינדער האבען קיין קליידונג און קיין שיך נישט און קאנען דערפאר ניט ארויסגעהן אין גאס.

פון אט דער ביסעל סטאטיסטיק איז גרינג זיך צו שאפען א קלאהר בילד וועגען דער אלגעמיינער לאגע פון די קינדער אין זוויהיל.

וועגען דער נויט און דחקות פון די גרויסע אין זוויהיל קאנען אויך עדות זאגען איינציגע ציפערן, וואס זענען צונויפגעקליבען געווארען אין זוויהיל צום 20טען יאנואר.

סך הכל געפינען זיך איצט אין זוויהיל 775 פאמיליעס, וואס צעהלען 3410 נפשות. 617 פאמיליעס פון 2681 פערזאן האבען לחלוטין קיין פארדיענסטען נישט און 158 פאמיליעס „פארדיענען" גראשענס, דערפון, וואס זיי פארקויפען די סאלדאטען פאפיראסען, בולקעס, א. ז. וו. פון די אנגעוויזענע פאמיליעס האבען 2773 מאן (כמעט 80 פראצענט) געקרענקט. 2192 פון די קראנקע זענען שוין אויפגעשטאנען פון זייער בעטלעך און 581 זענען נאך איצט אויך קראנק. די צאהל אלמנות צווישען די 775 משפחות איז 271 יתומים — 949, נעהרג'עטע, וועמעס נעמען עס איז שוין געלונגען פעסטצושטעלען, זענען פאראן 119.

דאס איז בקיצור א ביסעל סטאטיסטיק. לויט וועלכער, ווער ס'אינטערעסירט זיך וועט זיך קאנען צונויפשטעלען א באגריף וועגען דער אלגעמיינער לאגע אין זוויהיל, וועגען די עפּידעמישע קראנקהייטען אויף וועלכע 80 פראצענט פון דער באפעלקערונג קרענקען, וועגען דעם הונגער, דחקות, נויט און קעלט, וואס זוויהיל לעבט איצט איבער. וועגען דער צאהל אלמנות און יתומים, וואס געפינען זיך נור אין זוויהיל, איסער יענע וואס זענען צעווארפען אין די ארומיגע שטעדט און שטעדטלעך, און בכלל וועגען דעם אלגעמיינעם חורבן, וואס הערשט איצט אין זוויהיל.

„די שטאדט פון אומגליק און נויט" — אזוי רופט מען זוויהיל אין דער ארומיגער געגענד. ווי דער נאמען זאל נישט כאראקטעריזירען די לאגע פון זוויהיל, גיט ער דאך ניט קיין גענוג באגריף וועגען דעם לעבען אין זוויהיל גופא, וואו א גאנצער קבוץ אידען זענען געצוואונגען צו לעבען אויפ'ן חשבון פון צדקה און וואו מענשען לעבען און זענען מקנא די מתים אין בוכשטעבליכען זין פון ווארט.


## צוקער

האלסייל צו אלעמען

פון א זאק ביז הונדערט זעק

**$29.60**

קומט און נעהמט

דער סייל איז נאר פאר עטליכע טעג

## ראזענס בעקעריי

408 היסטינגס סטריט

---

צום דעטראיטער פובליקום

אין

## קאפּלאן'ס בארגען סטאר

געהט נאך אלץ אן דער

## קלאזינג אוט סייל

ווייל דאס איז ווירקליך א סייל בלויז דערפאר, ווייל די סטאר מופט דאון טאון.

איהר קענט אלזא יעדען טאג נאך נעמען צעהנדליגע ארטיקלען, וואס ווערען אויספארקויפט צו ביליגער ווי קאסט. און ווען איהר פארפעהלט צו קויפען אן ארטיקעל פארליערט איהר קעש געלד.

---

## א האטעל און באד הויז אין מט. קלעמענס

## צו פערקויפען

א גוטע מינעראל באטה־הויז און האטעל פון 23 רומס.

דער פרייז איז זעהר ריזאנייבל און די פעימענטס גרינגע. געפינט זיך באהעט נעבען דעם פאונטעין האטעל.

נאכפרעגען: פ. דויש. בראמס פאונטעין האטעל.

---

# MURAD

דער טערקישער סיגארעט





מרס. פוקס האט נאך אמאל בערימט אז זי קינדערלט צופיעל.

„וויפיעל קינדער ברענגסט דו אויף דער וועלט אויף אמאל? האט זי געפרעגט די לייביכע."

„בלויז איינס", האט די לייביכע געענטפערט — „אבער ס'איז א לייב!"

מוראדס קאסטען 20 סענט א באקס פון 10 — אבער זיי זיינען מוראדס!

מוראדס וואלטען געקאסט ביליגער ווען זיי וואלטען ניט ענטהאלטען קיין פולע 100% טערקישען טאבאק פון דעם ריינסטען און בעסטען וואס וואקסט — אדער ווען מיר וואלטען געגעבען פראסטערען טערקישען טאבאק.

אבער זיי וואלטען ניט געווען קיין מוראדס, זיי וואלטען בלויז געווען פוקסען!

„ווערסטהיילט אליין — !"

---



## דיא גרעסטע פראגע פיר יעדע מוטער.

ווען איהר אייגענע מילך שטעלט ניט צופריעדען, איז נור דעם פיר א שפייז זאל זי געבען איהר בייבי אום די בייבי זאל זיין געזונד און שטארק.

# Borden's EAGLE BRAND
(CONDENSED MILK)

האט געלעזט ריזע פראגע פיר טויזענדער און טויזענדע מוטערס זייט די לעצטע דריי דורות. און מעהר בייבים זיינען ערצויגען געווארען אויף איגעל בראנד ווי פון זאלע אנדערע פערפערטיגטע שפייזען צוזאמענגענומען.

אויב אייער מילך שטימט נים—אויב אייער בייבי געווינט נים געגונג אין וואג, אויב עס וויינט און איז אויפגערעגט, שיקט דעם קופאן צו אונז היינט און קריגט פריי שפייז אינסטרוקציאנען געדרוקט אין אידיש און אונזער בייבי בוך פון מיער און פופציג פיידזשעס.

ווארום זאלט איהר זיך זארגען וועגען גענוג מילך און צוקער פאר אייער טיש און פיר'ן געברויך פון קאכען און באקען? איגעל בראנד, איבער דעם וואס ס'איז הויכע קוואליטעט און אימער גלייך אין גוטסקייט, מאכט אייך פריי פון דער זארג פיר צוקער. אויסער דעם קאסט עס ביליגער און טהוט אויף מעהר. יוזט איגעל בראנד פיר יעדע זאך וואו איהר יוזט געוועהנליך מילך און צוקער. טרייעט עם פיר רייז פודינג.

דער לייבעל און נאמען איז אייער גאראנטי





עסטאבלירט 1857

צו בעקומען אין יעדען גוטען דראג סטאר גראסערי סטאר. קויפט א קען היינט און שמעלט זיך אליין צופריעדען.

The Borden Company
108 HUDSON STREET
NEW YORK

שניידט אויס דיזען קופאן, מארקט וועלכען ביכלעך איהר ווילט און מיילט היינט

Mrs. ........................
Street ........................
City ........................
State ........................

בייבי וועלפיער בוך.
רעסיפי בוך.
10

אנדערע בארדענ פראדוקטען:

בארדען'ס מאלטעד מילך — בארדען'ס מילך טשאקאלאד

בארדען'ס קאנדענסד קאפע — בארדען'ס איוואפארייטעד מילך

---

D&C LAKE LINES

## A Vacation Trip That Satisfies

THE summertime will soon be here and with it the joys of a vacation trip. Where are you going? The Great Lakes is the mecca for particular and experienced travelers on business and pleasure trips. The D. & C. Line Steamers embody all the qualities of speed, safety and comfort, the freedom of the decks, the cool refreshing lake breezes. D. & C. a Service Guarantee.

Daily Service May 1st between Detroit and Buffalo. Leave 6:00 P. M. Arrive destination 9:00 A. M.

Daily Service April 1st between Detroit and Cleveland. Leave 11:00 P. M. Arrive destination 6:15 A. M.

MACKINAC ISLAND

Service June 14th to Sept. 14th. 3 trips per week June 14th to July 1st. July 1st to Sept. 14th, 6 trips per week.

Between Detroit and Buffalo Use Y. Rail Tickets

Send 2c Stamp for Illustrated pamphlet and map of Great Lakes. Address L. G. LEWIS, G. P. A., Detroit, Mich.

DETROIT & CLEVELAND NAVIGATION CO.
A. A. SCHANTZ, President and General Manager.
J. T. McMILLAN, Vice-President.



---

# Mt. Clemens

דאס שטארקסטע מינעראל וואסער אין דער וועלט איז די

## פאונטעין בעטה הויז

אונטער א אידישער מענעדזשמענט. קומט און ווערט קורירט פון רומאטיזם, נערוועז־קראנקהייטען א. ז. וו. אונזער פאונטען בעטה הויז איז די ערשטע און אריגינעלסטע ווי אויך די איינציגע אידישע.

בעסטע באהאנדלונג גאראנטירט.

שרייבט צו די

FOUNTAIN BATH HOUSE
Cor. Gratiot & Clinton,
Mt. Clemens, Mich,

דער בעסטער האטעל איז דער



## פאונטעין האטעל

כשר

100 שעהנסטע רומס. גרעסטע דיינינג רום. נעבען דער פאונטעין בעטה הויז, פרייז $25 רום און באורד. די קאר פון דעטראיט ברענגט אייך צו אונזער טיר, ווען איהר זאגט צום קאנדוקטאר אז איהר ווילט סטאפּען נעבען „פאונטעין". שיקט א פּאסטעל קארד, ווען איהר ווילט וויסען איינצעלהייטען צו

סעם מארינאוו, פראפּ.

## קליוולאנד כשר האטעל און רעסטוראנט

מרס. סערע זעמלאקאווסקי און לינא בעקערמאן

97 קלינטאן סטריט

מאונט קלעמענס

בעסטע סערוויס, ביליגע פרייזען. נעבען בעסטען באדינג פלאץ. אפען א גאנץ יאהר. שרייבט א פּאסטעל קארד.

## אטלאנטיק כשר הויז

מאונט קלעמענס

פאר $25 א וואך גיבען מיר אייך א פיינע רום מיט עסען. די פאונטען באד איז נעבען הויז. שרייבט א פּאסטעל קארד צו דער אטלאנטיק.



ס'גוט געדרונגען אז איהר מוזט האבען טוזענדער צו זיין אין מט. קלעמענס

## ניו ווילא האטעל

וועט אייך רעכנען $25 א וואך און איהר וועט הנאה האבען. אלע רומס קאנעקטעד מיט א פעסערוש צו די פלאזא בעדער. שרייבט נאך איינצעלהייטען צום פראפּרייעטאר ה. קראוז.

## זייט געזונט



און פארברענגט אייער זומער וואקיישאן אין מאונט קלעמענס, און אז שוין אין מאונט קלעמענס וועט איהר סטאפּען אין

# Elkins Hotel

100 רומס, דיינינג רום פאר 300 לייט. א תנאה פאר קראנקע, א פארגעניגען פאר געזונטע.

## אייער פארלארענע געזונט



קריגט איהר צוריק, ווען איהר זענט אין מאונט קלעמענס און סטאפּט אין

## גלענוואוד האטעל

קאנעקטעד מיט די בארימטע אליטפיא בעדער. שעהן, ליכטיג, לופטיג. פרישע שפייזען, מעסיגע פרייזען. א ספּעשעל לאונטש און דעליקאטעסען סטאר, קאנעקטעד מיט די גלענוואוד. שרייבט נאך אויסקינפטע צו א. מארארסקי.

## פיטסבורג כשר האטעל

אין מאונט קלעמענס

נעקסט דאר צו פלאזא בעטה הויז. מיר באהאנדלען אייך ראיעל און רעכנען ניט טייער. וואטשט פאר אונזער פארטרעטער בים סטיישאן.



## אלבאני האטעל

אין מט. קלעמענס, האט א נאמען פאר די לעצטע 20 יאהר אונטער דעם זעלבען מענעדזשמענט.

מיר בעטען אונזערע קאסטומער און פריינד צו קומען באצייטענס איידער דער סעזאן איז אין פולען גאנג, כדי מיר זאלען זיי קענען געבען בעסערע באהאנדלונג. שרייבט צו

ב. מאסקאוויץ

## גרויסער בארגעין

אין ביזנעס אדער פעקטארי פראפּערטי

316 ביי 105 פוס אויף דעם סאוט־וועסט קארנער פון ראסעל און מאללעט סט. דאס איז שוין צוזאמען מיט א בריק פעקטארי בילדינג, 44 ביי 105 פוס, ווי אויך 2 גרויסע סטארעדזש אורדס און רעזידענס, אלעס בלויז אונגעפעהר א האלבען מייל פון סיטי האל. דער פרייז איז שפּאט ביליג, בלויז 6,000 דאלאר. און נאר 12,000 דאלאר איינצאהלען און גרינגע אפּצאהלונגען: 450 דאלאר א מאנאט.

נאכפרעגען

ליקן סידר רעלטי קא.
3120 איסט העמטערמאק סטריט
טעלעפאן היקארי 9804

## ריווערסייד האטעל

(געוועזענער פארק ענעקס)

מט. קלעמענס, איינגאנצען רעמאדעלירט, עפענט זיך 1־טען מאי.

150 רומס, דייטינג רום פאר 300. דאס איידעלסטע פלאץ פאר געזונטע ווי פאר קראנקע. שרייבט נאך איינצעלהייטען.

Riverside Hotel
Mt. Clemens, Mich.

# דער וועג
THE DETROIT JEWISH DAILY

Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY. INC.
947-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 8715.
J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.
B. I. GOLDSTEIN, Editor
(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)
Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.


# ארטור בריסביין און הענרי פארד

עס געהט איצט א סדרה „פארד".

פארד, דער אויטאָמאָביל־פאַבריקאַנט האָט אפשר געמאַכט נישט קיין שלעכט געשעפט מיט זיין אטאַקע אויף אידען. דערווייל ווערט דער נאָמען פארד, צעפויקט, אנאָנסירט; מען רעדט פון פארד'ן.

און דאָס איז נישט קיין קלייניגקייט פאַר א פאַבריקאַנט פון דעם שניט פון הענרי פארד.

דרוקט זיך אלע וואָך א נייע אטאַקע אין פארד'ס וואָכענבלאַט אויף דעם אידישען פאָלק און די אידישע בלעטער דרוקען דיזע אטאַקעס איבער, באַווייזען דערמיט אויף ווי ווייט עס גרייכט דאָס עזות פון „אונזער" פארד'ן, און עס קומען אנדערע, נישט־אידישע צייטונגען און נעהמען זיך אן אונזער קריוודע.

אָט דרוקען מיר איצט אן איבערזעצונג פון פארד'ס לעצטער אטאַקע אויף אידען, וועלכע איז אָהן שום ספק אן אומפאַרשעהמטע און פיעלע שטעלען זיינען פשוט נאַרישע און אומבעלומפּערטע השערות, וואָס פּאַסען זיך פאַר א רוסישען שוואַרץ מאה'ניק פון פיכנאַ'ס און קרושעוואַנ'ס חדר.

ווען דיזער אַרטיקעל וועט זיך ענדיגען וועלען מיר נאָכדעם געבען א פולע איבערזעצונג פון מר. ארטור בריסביין'ס אן ענטפער אויף פארד'ס אטאַקעס.

—

בוודאי איז ארטור בריסביין'ס תשובה זעהר א ליבעראַלער אויפטו; אָבער כפי דער „ניו־יאָרק אמעריקאַן" האָט א גוואַלדיגע צירקולאַציע וועט דער ענטפער פון זיין רעדאַקטאָר גרייכען א סך, א גרעסערען עולם. איידער דער „דירבאָרן אינדעפּענדענט" און — דאָס איז ווידער אן אדווערטייזמענט פאַר אזא יענער נאָך אדווערטייזמענטס ווי מר. הענרי פארד.

פון מר. בריסביין'ס ענטפער זעהט זיך אן זיין פיעלזייטיגע ידיעה פון דער אידישער אומה און אמונה; ער רעכנט אוים א צעטעל פון די אידישע גדולים, פון די אידישע גאונים און פון דער אידישער געניאַליטעט.

נאָך אונזער מיינונג דאַרף יעדער איד האַלטען ביי זיך אָט דיזע תשובה, וועלכע איז געשריבען אין א זעהר שעהנעם סטיל און פול מיט פּינקטליכע ידיעות און דיזע תשובה ווייזען זיינע קינדער, וועלכע לייענען נישט קיין אידיש. זאָלען זיי זעהן אז מיר דאַרפען זיך לחלוטין נישט שעמען קעגען אונזערע רודפים און קעגען אונזערע שונאים.

אָבער אין דערזעלבער צייט פרעגט זיך: און ווי אז מיר זאָלען זיך נישט קענען באַריהמען מיט דער בייבעל? און ווי אז מיר זאָלען נישט האָבען קיין שפּינאָזא'ן? און ווי אז מיר זאָלען ניט האָבען קיין קאַרל מאַרקס און אלע אנדערע גאונים און מעלות וועלכע מר. בריסביין רעכנט אוים און וועלכע אליין אונזערע שונאים ווייסען פון זיי זעהר גוט?

בעת מיר האָבען קולטור געשאַפען זיינען דאָך די מעהרסטע אנדערע פעל־ קער ווילדע שבטים געווען; ווען מיר האָבען געפּרעדיגט רחמנות אפילו צו שטומע בהמות, האָבען אנדערע פעלקער פאַרשמיסען צו טויט זייערע זקנים און, ווי מיר, דערטרונקען זייערע אלטע זיידעס און אומפעהיגע אָרימע לייט.

נו, דערפאַר לעבען זיי דען נישט רוהיג, אָט דיזע פעלקער?

מיר וועלען זאָגען, אז מיר אידען, זיינען א פאָלק פון בלויז נאַרים, אָדער פאַרקעהרט, מיר זיינען נישט קיין גאונים, מיר שטאַמען נישט פון די אבות, מיר מיר האָבען נישט געהאַט קיין נביאים און באַזיצען נישט קיין געניאַליטעט, דערפאַר דאַרף מען אונז פאַרניכטען און יעדער וואָהלהאָבענדער עם הארץ דאַרף אויף אונז זיין בייזען הונט אנרייצען?

צי דאַרף דען דער ציגיינער קיין לופט צום אטעמען און קיין פּלאַץ צום שלאָפען? צי דאַרף מען איהם דען נישט לאָזען זיינע פעהיגקייטען צו ענטוויקלען?

צי דאַרף דען דער ערשט קולטורווירטער נעגער נישט באַנאַכלעסיגט ווערען, צי דאַרף ער דען נישט זיין פאַרזיכערט מיט זיין לעבען?

מיר זיינען די שעהנסטע קוויטען פון דער מענשהייט — אפשר גלויבען אין דעם נישט אלע לעזער. א גרויסע מעהרהייט אידען גלויבט אין דעם און ווען מען קוקט זיך צו צו דעם לעבען און צו דער הנהגה פון אנדערע פעלקער אפילו היינט צו טאָג, קען מען אויך נתפּעל ווערען פון דעם אידענטום און ווערען א פאַרברענטער אתה בחרתנו'ניק — אָבער עס דאַכט זיך, אז טאַקע אָט דערפאַר האָט מען אונז פיינט.

נישט ווייל מיר האָבען צו ווייניג גאונים דערפאַר רייסט זיך די „דירבאָרן אינדעפּענדענט" אויף די גלייכע ווענט; נישט ווייל מיר האָבען חלילה מיט דער ביבעל נאָכגעמאַכט אימיצען, דערפאַר מאַכט מען אויף אונז פּאָגראָמען אין אוקראַינע און אין אונגאַרן; נישט ווייל מיר האָבען ווייניג אייזענבאַהן־מאַגנאַטען דערפאַר זיינען פעלקער גרייט אונז דורס צו זיין.

ניין, נישט דערפאַר!

דוקא ווייל מיר האָבען א ביבעל, דוקא ווייל מיר האָבען דער וועלט אזוי פיעל גאונים און גרויסע וויסענשאַפטס מענשען געגעבען, דוקא ווייל אלצדינג וואָס מר. בריסביין רעכנט אוים צו אונזער כבוד איז אמת, דוקא דערפאַר האַסט מען אונז, דוקא דערפון דערקלעהרט מר. פארד'ס וואָכענבלאַט זיינען די אידען די גרעסטע צרה פון דער מענשהייט.

„מען דאַרף טאַקע אויף אונז נישט מאַכען קיין פּאָגראָמען — דרינגט מר. פארד — אָבער עס זיינען פאַראַן א סך דערקלעהרונגען און א סך תירוצים פאַר די דאָזיגע פּאָגראָמען".

און דיזע תירוצים און דערקלעהרונגען זיינען בפירוש נישט די, וועלכע מר. פארד רעכנט אוים אין זיין וואָכענבלאַט, נישט קיין עקאָנאָמישע אורזאַכען וכדומה תירוצים.

ניין, די אורזאַכען און תירוצים פאַר די פּאָגראָמען זיינען נאָר יענע, וועלכע מר. בריסביין רעכנט אוים. אָט די צופיעל גאונים, צו גרויסע געניאַליטעט, — אָט די קנאה ברענגט די שנאה צו אונז.

# שפּריצען

## רוהיג, פּאַניע פּאַפּסט!

דער פּאַפּסט האָט שטאַרק מורא, אז אידען זאָלען אין ארץ ישראל נישט אונטערדריקען די אנדערע רעליגיעס.

דער פּאַפּסט מיינט, אז אידען האָבען זיך שוין אויסגעלערענט פון די קריסטליכע פעלקער צו פערפאָלגען אנדערשגלויביגע, אָבער ער מעג רוהיג זיין: די אידען זענען נאָך נישט קריסטליך געוואָרען!

* * *

## די פערטע און די ערשטע

א סטאַטיסטיק באַווייזט, אז „דעטראָיט איז די פערטע גרעסטע שטאָדט אין די יונייטעד סטייטס.

אָבער די סטאַטיסטיק איז געמאַכט געוואָרען איידער אין פאָרד'ס זשורנאַל זענען ערשיענען די באַריהמטע געוואָרענע אידענפרעסערישע אַרטיקלען. איצט איז דעטראָיט די ערשטע שטאָדט אין אמעריקא — אין ענין פון אנטיסעמיטיזם.

* * *

## עס קומט איהר א יישר־כח

די אַפגאַניסטאַנער זענען גרייט אריינצומאַרשירען קיין אינדיען און די ענגלענדער איילען זיך אהין צו שיקען מיליטער, כדי אָפּצושטעלען די אַפגאַניסטאַנער.

בראַוואָ ענגלאַנד! דאַכט זיך אינדיען, א פרעמד לאַנד, פונדעסטוועגען זאָרגט זיך בריטאַניען, אז קיין פרעמדע זאָלען דאָרט, חלילה, נישט אריינדרינגען.

אָט דאָס מיינט באַשיצען שוואַכע פעלקער!..

* * *

## יענעם איז גוט צו עצה'גען

אַניטאַ סטיוארט, די באַריהמטע מואַווי אַקטריסע, האָט אין א געשפּרעך מיט א קאָרעספּאָנדענט, געראַטען די פרויען אז זיי זאָלען זיך נישט פּודערען און נישט פאַרבען.

און דאָס, דערצעהלט דער רעפּאָרטער, האָט זי געזאָגט בעת זי האָט געהאַלטען אין מיטען דער ארבייט פון פאַרבען און פּודערען זיך..

* * *

## זיין אומזיסטע מורא

סעמיועל וועט קירצליך פאָהרען קיין רוים צו קומען צו א פאַרשטענדניס מיט דעם פּאַפּסט וועגען פאַלעסטינא; דער וואַטיקאַן איז ניט געגען א אידישער היים אין דעם הייליגען לאַנד, אָבער ער וועט קעמפען מיט זיין גאַנצען איינפלוס אז די אידישע היים זאָל ניט אונטערדריקען די אנדערע ראַסען און רעליגיאָנען.

דער פּאַפּסט וויל אויסקעמפען, אז דאָס אידענטום זאָל זיך ניט אזוי אויפפיהרען ווי דער קאַטאָליציזם האָט זיך אויפגעפיהרט ווייל ער קען זיך הפנים ניט פאָרשטעלען, אז אידענטום וועלכע רעליגיאָן זאָל ניט אונטערדריקען אנדערע.

* * *

## והחוט המשולש

אין מעקסיקאָ האָט זיך אריינגעכאַפּט די בּובּאָנישע מגפה און ז[illegible] האָט שוין געקוויבט צוויי און צוואַנציג לעבענס; און אין גאַלוועסטאָן, טעקסאַס, האָט זיך באַוויזען די כאָליערא.

אמעריקא איז איצט אויף גוטע צרות זי האָט אויף זיך אזעלכע צוויי מגפות און אויך א וואָהל קאַמפּיין און דאָס איז ניט קיין קלייניגקייט.

* * *

## וואָרום זאָל מען אונז ניט האַסען?

די פוילישע אָפּאָזיציע האָט צוזאַמען געבראַכען לויט ווי פּילסודסקי אליין מעלדעט, אז עס הערט זיך טאַקע אז יענע אוקראַינע וועלכע איז געווען אונטער פוילען און אָפּען פאַר דער ארבייט פון דער דזשאָינט דיסטריביושאַן, איז איצט צוריק פאַרמאַכט געוואָרען. ווייל די באָלשעוויקעס זענען דאָרטען ווידער די בעלי בתים.

די אוקראַינער אידען געבעך זענען פאַרמישפּט צו פליהען פון פייער אין פלאַם און צוריק, און צוליעב זיי מוזען די רוסען און פאַליאַקען אויסקוילענען איינע די אנדערע.

# הערצל

(פון בעל מחשבות'ס אן אַרטיקעל)

„נאָס צו דאַנקען, דאָס קינדער־צימער איז נאָך נישט לעדיג" — אזוי האָט געשריבען טהעאָדאָר הערצל, ווען ער איז אריין אין דעם צימער פון זיינע קינדער, און מיט א לייכטען טרויער געקוקט אויף די פארלאָזענע צאַצקעס, פארלאָזען פון זיינע קינדער, וואָס זענען אוועק מיט דער באָנע שפּאַצירען. אין דעם איינציגען יאָהר האָט ער נעפייערט דעם ערשטען געבורטס־טאָג פון נאָך א קינד, זיין „יודענשטאַט". אין דעם איינציגען יאָהר האָט ער צונויפגערופען דעם ערשטען ציוניסטען קאָנגרעס. דאַמאָלס האָט ער געהאַט דאָס גליקליכע געפיהל פון א פאָטער, וואָס זעהט ארום זיך וואַקסען, בליהען און ענטוויקלען זיך א נייע געשלעכט, א נייעם צווייג פון איינגעם זאַפטיגען בוים. פון דאַן זענען אוועק יאָהרען און יאָהרען. דאָס קינדער־צימער האָט זיך אויסגעלעדיגט. דאָס טעכטערל פּוילינא איז דשוי אליין כאַלד א מוטער. דער קליינער האַנס איז שוין א גרויסער פאַרענגלישטער בחור.

הערצל אליין, וואָס האָט זיך אזוי געפרעהט, וואָס דאָס קינדער־צימער איז נאָך נישט לעדיג, יז שוין אוועק פון דער וועלט. נאָר א מאַרמאָרנע מצבה שטעהט איצט מיט א שטיינערנעם פנים איבער דעם אש פון דעם געליעבטען הערצל, וועלכער איז געוועזן נישט נאָר אונזער פיהרער, נאָר אויך אונזער ק י נ ד. אלע די אידען מיט בערד, מיט די טיפע קנייטשען אויף די פנים'ער, האָבען זיך נישט נאָר געלאָזען פיהרען פון דעם יונגען הערצל, זיי האָבען איהם זיך ליעב געהאַט, ווי א בן־יחיד, א בן־זקונים'ל, פארצייהענדיג איהם פאראוים אלע די האַסטיגע קינדיש־חנ'עווידיגע נענג פון זיין שטאַרקען יונגען ווילען.

ביי פיעל, וואָס האָבען געקענט טהעאָדאָר הערצל פערזענליך, וואָס האָבען געטראָפען פון ערשטען קאָנגרעס דעם אַראָמאַטישען ווייַן פון זיין אונבאַגרייפליך הדרת'דיגער פערזענליכקייט, — איז דאָס קינדער־צימער אויך אויסגעלעדיגט געוואָרען. פון זיבעטען קאָנגרעס אָן האָבען די אלטע ציוניסטען געפיהלט, אז אויף איטליכען קאָנגרעס פעהלט זיך, אז מען זאָל אין אחר אריינשטעלען הערצל'ס לעבעדיגע געשטאַלט. און מיט קלעמעניש און א שטילען וועהטאָג געקוקט אויף די שוואַרצקייט, וואָס פליסט פון דער איינגעבילדעטער ראָהם, וועלכע פלעגט שוועבען אבער דעם גאַנצען זאַל ווי א שוואַרצער פלעק אין אן אויג.

דער יאָהר־צייט פון הערצל איז פאַר זיי געוואָרען נישט נאָר דער צוואַנציגסטער אין תמוז, נאָר א סך ניכער א טאָג פון א ציוניסטישען קאָנגרעס, ווען אין איינעם מיט די נייע, וועלכע פלעגען קומען אהין, קלויבט זיך צונויף די אלטע גוואַרדיע, די אלערליי טאַטעס פון דעם געניאלען אידישען קינד. און עס וואונדערט מיך נישט, ווען אין א קאָנגרעס טאָג פלעגט דאָס ערדינע רוגנם געפיהל אָן דעם ניכען טויט פון טהעאָדאָר הערצל זיין כמעט אזוי שטאַרק, ווי אין דעם טאָג, ווען זיין קראַנק הארץ האָט אויפגעהערט צו קלאַפּען.

א אידישע לעגענדע דערצעהלט, אז דער גרויסער רב, וואָס האָט דערלעבט א הויכע עלטער, צוליעב די געשענקטע יאָהרען פון א אידישער טאָכטער, וואָס איז אליין צוליעב דעם יונג אוועק פון דער וועלט — פלעגט אָרומגעהן גראָד די נעכט א שטאַרק צעטראָגענער, ווען ער האָט לויט זיין שכל אויסגערעכענט, אז אין די נעכט האָט געדאַרפט עפּעס וויכטיגעס געשעהן מיט דער אידישער טאָכטער, וואָס איז צוליעב איהם אזוי יונג אוועק פון דער וועלט. דאָס איינציגע וועט שוין, תמיד זיין מיט פיעל דעלעגאַטען אויף די קאָנגרעסען, וואָס זייער באַגרינדער האָט נישט דערלעבט, אפשר דערפאַר, ווייל ער האָט געשענקט דעם ציוניזם צופיעל יאָהרען פון זיין אייגענעם לעבען. „די האַנד, וואָס האָט אונז א שטוים געטאָן פאָרווערטס — פוילט שוין אין דער נאַסער ערד", וועלען פיעל טראַכטען, און א גלאַנציגע טרעהר וועט ביי מאַנכע זיך אראָפּקייקלען פון די ברעמען. די ריינסטע קריסטאַלענע טרעהר, וואָס עס פינקעלט אָפ די טיפע טראַגיק פון מענשליכען קורצען לעבען... אויך ווען דאָ מענשליכע לעבען איז געבענשט מיט א געטליך־גרויסער לעבענס־קראַפט.

# „טביה דער מילכיגער" אויף דער ביהנע

(אויסגעפיהרט פון מאָריס שוואַרץ מיט זיין טרופּע אין שוּבערט אָפּערא הויז).
פון י. ראַבינאָוויטש

ווי אלע דראַמאַטיזירונגען, אזוי איז אויך די דראַמאַטיזירונג פון „טביה דער מילכיגער" ווייט ניט דאָס, וואָס די פּאָעמא פאַר זיך אליין איז.

די רייכקייט פון „טביה דער מילכיגער" ווי דאָס ווערק איז אין בוך פאָרם ליעגט ניט אזוי אין אינהאַלט, ווי אין טביה'ס איינציגאַרטיגער אויסטייטשונג פון זיינע איבערלעבונגען. עס קען זיין אז שלום עליכם האָט טאַקע צוליעב דעם אויסגעקליבען די מאָנאָלאָג פאָרם, כדי אנצופילען דאָס גאַנצע ווערק מיט דער גלאָריע פון טביה'ס סימפּאַטישער פערזענליכקייט. טביה'ס פסוקים, דאָס זענען די הומאָריסטישע לייט־מאָטיווען, וואָס האַלטען זיך אין איין ווידערהאַלען ארום דער טראַגישער סיטואַציע און לאָזען אויף א מינוט ניט פאַרשווינדען יענעם ז'גען שמייכעל, וואָס ליגט אויסגעגאָסען איבער די טיעפע קנייטשען פון „פּאַני" שלום עליכם'ס פנים, בשעת ער „האָרכט" זיך צו צו טביה'ס דערצעהלונג...

אויף דער ביהנע אָבער ווערען די דאָזיגע הומאָריסטישע לייט־מאָטיווען פאַרוואָגלעט אין אנגעהאַלטענע סצענען — און עס קען אנדערש נישט זיין. די ביהנע פאָדערט פריהער פון אלעם — סיטואַציע, האַנדלונג און געשלאָסענקייט. ווייט „פאַרקריכען אין בויבעריק" צו אן אנדער ענין, ווי דאָס איז אזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר טביה'ן, וואָס אין בוך, קען ניט טביה אויף דער ביהנע. אין בוך, אז טביה „פאַרקריכט אין בויבעריק" איז דאָס „פאַרקריכען" פאַר זיך אליין אינטערעסאַנט. און נאָך אינטערעסאַנטער — זיין אומקעהרען זיך צוריק מיט זיין „איז וואו ושע, הייסט עס, האָבען מיר געהאַלטען...

אויף דער ביהנע קען זיך טביה דאָס ניט פאַרגינען, ווייל ער ערשיינט ניט פאַר אונז אלס דערצעהלער, נאָר אלס דראַמאַטישע פיגור, וואָס איז דירעקט פאַרוויקעלט אין א שטאַרקען לעבענס־קאָנפליקט, מוז דאַרום אלעס זיין געשלאָסען, און צוליעב אָט דער געשלאָסענקייט ווערט פאַרלוירען א סך, א סך פערעל, [illegible] מיר געפינען אין טביה דעם מילכיגענס מאָנאָלאָגען.

* * *

די דראַמאַטיזירונג פון „טביה דער מילכיגער" איז ניט דאָס גאַנצע ווערק, ווייל דאָס וואָלט געווען אן אוממעגליכקייט, נאָר איין קאַפּיטעל בלויז — תהו.

איבערצוגעבען דעם אינהאַלט פון דעם דאָזיגען קאַפּיטעל, איז איבעריג. ווער האָט עס ניט געלעזען „טביה דעם מילכיגען"? עס זענען בלויז דאָ און דאָרט געמאַכט געוואָרען איינינע ענדערונגען, אום צו צופּאַסען צו דער ביהנע. אָבער דער עיקר המעשה איז דערזעלבער.

* * *

ווי שוין געזאָגט: די דראַמאַטיזירונג פון „טביה דער מילכיגער" איז ניט דאָס וואָס אין בוך. דערפאַר אָבער איז די אויספיהרונג פון דער פּערטעל „ואך" אזוי גאַנץ, אזוי פאַלקאָם, אז ערטערווייז (איבערהויפּט אין יענע שטעלען, וואו דער טראַגיזם פון דער סיטואַציע דערגרייכט דעם העכסטען פּונקט) ער שיינט פאַר אייך די טראַגעדיע פיעל בולט'ער ווי אין בוך.

מאָריס שוואַרץ אלס טביה איז — גרוים. עס מאַכט ניט אוים, אויב איהר האָט לעזענדיג דאָס בוך זיך פאָרגעשטעלט אן אנדער טביה; פיליכט אויך אן אנדער אויסזעהן. מאָריס שוואַרץ גיט אונז זיין טביה, ווי ער האָט איהם פאַרשטאַנען, און זיין טביה איז ניט קיין אנדערער ווי — „טביה דער מילכיגער".

„טביה דער מילכיגער' איז ניט סתם א פאַרשוין, נאָר א טיפּ. און קוים געליינגט א שוישפּיעלער אריינצוקריכען אין דער נשמה פון א געוויסען טיפּ, דעמאָלט איז שוין ניט וויכטיג, צו ער טראָגט א באָרד פון א האָרעפּאַשנעם דאָרפס־אידען, אָדער פון א שטאָטישען בעל הבית. טביה'ס כאַראַקטער איז גענוג איידעל, אז ער זאָל זיך אויך לאָזען אָפּשטעמפּלען אויף זיין פנים, און אזוי האָט איהם, ווייזט אוים, שוואַרץ אויפגעפאַסט.

עס קענען אָבער קיין חלוקי דעות ניט זיין, אז שוואַרץ'ס טביה איז אויסגעהאַלטען פון אָנהויב ביז'ן סוף. עס מערקט זיך, אז שוואַרץ האָט אָנגעטאָפּט דעם סאַמע איידעלסטען אקאָרד פון טביה'ס נשמה מיט דעם וואָס ער האָט באַגריפען, אז דער הויפּט שטריכפּונקט אין טביה'ס כאַראַקטער איז פון איין זייט זיין טיעף מענשליך הארץ וואָס ווערט צוריסען פון רחמנות און ליידען און פון דער אנדערער זייט זיין ניט לאָזען דעם מאָגסביל ארונטערצוזינקען צו דער מדרגה פון א אידענע.. „טביה איז ניט קיין אידענע" — באַריהמט זיך טביה דער מילכיגער פאַר „פּאַני שלום עליכם" — און אז טביה איז ניט קיין אידענע, איבערצייגט אונז אויך מאָריס שוואַרץ אין דער ראָל פון טביה.

היינט ווער רעדט נאָך ווען מען זאָל זיך נעהמען אָפּשטעלען אויף באַזונדערע סצענקעס, דאַן איז קיין לויב ניט צו פיעל פאַר שוואַרץ'ס טאַלאַנט. זיין פאַרגעסען א קוש טאָן די מזוזה ביים קומען. צוריק פון קלויסטער איז געוועזן א שטריך פון א שילדקראָוט. אן עהנליכען מאָמענט האָט ער אויך געהאַט ביי'ם מאַכען די הבדלה. ווען די שטים האָט זיך פּלוצלונג ביי איהם פאַרענדערט. ניט ווייניגער גרוים איז ער אויך אין יענעם מאָמענט, ווען ער זעצט זיך אויף א שטוהל קומענדיג פון קלויסטער און הויבט אויף די פיס, גלייך ווי זיי וואָלטען איהם פאַרהלשט געוואָרען. ער מאַכט אייך ממש פיהלען זיין וועהטאָג אין יענעם מאָמענט..

מיס בערטע גערסטאַן אלס חוה איז געוועזן פול מיט חן — אָט פּונקט ווי טביה דעם מילכיגענ'ס א טאָכטער... איהר פאַרלויפען דעם ווענ בורעק'ן, איהר שעהנסטער מאָמענט איז געוועזן ווען ער וויל איהר פאַרזיכערען, אז ער וועט פאַר איהר „שפּרינגען אין פייער און אין וואַסער", האָט באַשטעטיגט טביה'ס באַהויפּטונג, אז ער האָט געראַטענע קינדער...

טענענבאָל אלס בּוֹערקע איז געוועזן פּונקט אָט דער שייגעץ, וואָס האָט די קראַפט צו פאַרפיהרען צום שמד טביה דעם מילכיגענ'ס א טאָכטער. זיין גרים איז געווען אויסגעצייכענט, א שעהנער בחור איז ער; טעמפּעראַמענט האָט ער א סך — קורץ, ער איז געוועזן דער בחור, וואָס האָט זיך געפאָדערט, אום אומגליקליך צו מאַכען טביה'ן און חוה'ן און צו פאַרטרייבען פון דער וועלט חוה'ס מוטער...

די ראָל פון'ם גלח האָט געשפּיעלט הער שאַכט. דער דאָזיגער טיפּ ווערט פאַרגעשטעלט אין זעהר אוממסימפּאַטישע פאַרבען. זאָל זיך אָבער קיינעם ניט אויסרעכענען, אז הער שאַכט האָט די דאָזיגע ראָל איבערגעטריבען. אויך אין בוך שילדערט טביה דעם גלח אלס העסליכע און קליינליכע בריאה. דער גאַנצער אונטערשיעד איז נאָר, וואָס דורך טביה'ס אַרט דערצעהלען, פאַרליערט אפילו דער גלח א חיבש ביסעל פון זיין העסליכקייט. דורך טביה'ס שילדערונג ערשיינט פאַר אונז דער גלח ניט אזוי אלס בייזוויליגער מענש, ווי אלס גייסטיגער קאַליק.

נעהמט איהר אָבער פון דער געשילדערטער פיגור אוועק יענע טביה'שע פליטערלאַך און שטעלט זי אוועק זעלבסשטענדיג, דאַן קענען מיר קיין אנדער גלח ווי שאַכט ניט אונז, ניט ערוואַרטען.

און זאָל דאָ געזאָגט ווערען, אז אלס טיפּ פאַר זיך אליין, ערשיינט דער גלח אויף דער ביהנע פיליכט פיעל בולט'ער ווי אין בוך. דאָ זעהט איהר די פאַרשוין אין איהר גאַנצער נאַקעטקייט, ווייל זי באַוועגט זיך זעלבסשטענדיג און האַנדעלט פאַר אייערע אויגען, זיך ניט האָבענדיג פריהער געטובל'ט אינ'ם ים פון טביה'ס איינגאַרטיגער סטיליסטיק.

אלזאָ האָבענדיג אין זינען, אז דער גלח, ווען איהר שיידט איהם אָפּ פון טביה'ס סטיליסטיק, איז אן אוממסימפּאַטישע פאַרשוין דורך און דורך, דאַן מוז מען קומען צום באַשלוס, אז שאַכט האָט די ראָל דורכגעפיהרט מייסטערהאַפט. ער האָט באַוויזען, אז מען קען אויף דער אידישער ביהנע שפּיעלען אן אוממסימפּאַטישען גלח, אָט אזוי ווי ער איז, נישט נעהמענדיג בשעת מעשה נקמה אן דער קריסטליכער קירכע דורך „איבערזאַלצען" אָדער דורך איבערבאַקען די מאָס.

מרס. מאַראַלסקי אלס גאָלדע איז, ווי אלעמאָל, געווען אן אמת'ע מאַמע פאַר מרס. מאַראַלסקי איז דאָס קיין נייעס ניט. זי איז איינע פון די ווייניגע מוטער־ראַליסטקעס אויף דער אידישער ביהנע. וועלכע איז מאַמע דורך און דורך. ווען זי שטעהט מיט טביה'ן ביים טיר פון קלויסטער.

מערקווירדיג שעהן איז געווען מר. דובינסקי, אלס דער סטאַרשינאַ. איך זיכער, אז ער האָט ערגעץ וואו פון אזא סטאַרשינאַ געזעהן. דאָס האָט זיך געמערקט אן דעם מאָדנעם אַרט אוים שפּייען אלע ווייליע. דאָס איז ניט קיין געוועהנליכער „חנד'על" פון א סך פּויערים נאָך ניכער אן איינגאַרטיגער שטריך פון א געוויסען טיפּ פּויער, אָדער נאָר פון איין פאַרשוין.

א טאַגין באַזונדערער לויב זאָל געגעבען ווערען צו מרס. בּאַראָווסקי פאַר איהר דורכפיהרען די ראָל פון צייטעל. זי האָט די געזונטע איינפאַכקייט פון טביה'ס עלטערער טאָכטער אָנגעהאַלטען פון אָנהויב ביז'ן ענדע. אַמשעהנסטען איז זי דאָ, ווען זי וויל נאָכפּסוק'ען דעם טאַטען איהרען, פון וועמען זי האָלט אן עולם ומלואו.

* * *

פיעל האָט געשטערט צו דער אילוזיע די זעהר ניט פּאַסיגע דעקאָראַציע פון טביה'ס הויז. די דעקאָראַציע איז געווען א צו רייכע. איהר קענט זיך פאַר קיין פאַל ניט פאַרשטעלען, אזא הויז אין מאַזעפּאָווקע. דאָס איז אפשר דאָס הויז, פון וועלכער טביה טרוימט צו האָבען אמאָל אין יעהופּעץ, נעהמענדיג א לאָטערי ביי מנחם מענדל'ען, אָבער פאַר קיין פאַל ניט דאָס הויז, אין וועלכער טביה וואוינט.

א שעהנעם איינדרוק האָט אוים'ן עולם געמאַכט טביה'ס אריינפאָהרען מיט פערד און וואָגען אויף דער ביהנע. דאָס האָט באַוויזען דער שטאַרקער אפּלאָדיסמענט בשעת מעשה.

* * *

אבוואַהל ה' שוואַרץ האָט אין ניו־יאָרק שוין לאַנג אָפּגעשאַפט די רעדעס פאַר'ן עולם, פונדעסטוועגען איז עס דאָס מאָל ניט אָפּגעגאַנגען אָהן א „ספּיטש". אָבער ווי ער האָט ערקלעהרט, איז עס ניט געווען זיין שולד. א געוויסע אורזאַך האָט איהם דערצו געצוואונגען. די אורזאַך, ווי ער האָט דערצעהלט, איז, וואָס געוויסע פּערזאָנען, וועלכע זענען פאַראינטערעסירט אין טעאַטער געשעפט דאָ אין שטאָדט, האָבען איהם געמאַכט שטערונגען, ווי ארויסגעלאָזען א פאַלשען קלאַנג, אז ער קומט ניט א. ז. וו.

אין זיין רעדע האָט ה' שוואַרץ אָנגעזאָגט, אז אוים'ן פאַרלאַנג פון מאַנכע פאַרהערער און קונסט־ליעבהאָבער האָט ער באַשלאָסען דאָ צו גאַסטראָלירען נאָך א מאָל קומענדען פרייטאָג, שבת און זונטאָג אין ניו רעטראָם אָפּערא הויז, אויפפיהרענדיג נאָך אמאָל „טביה דער מילכיגער", „דעם שמיער'ס טאָכטער" און „גנבים" פון פּ. בימקאָ, דער באַריהמטער געוואָרענער יונגער אידישער דראַמאַטיקער, פון פוילען, וועלכער איז נישט לאַנג צוריק געשטאָרבען.

